ביז וואנעט אז ער ווערט נתאחד מיט יסוד היסודות ועמוד החכמות, וואס ווי ער זאגט אין מפרשי הרמב"ם, אז דאס איז ר"ת הוי"ה, דעם שם הוי"ה, וואס הוי' האט דאך אויך דעם פירוש פון לשון מהווה און מחי' ומקיים, כמבואר אויך אין פי' המלות פון ברכות, ווי אויך אראפגעבראכט אין שו"ע לפסק הלכה, קומט דאס ביי אים ארויס כאמור אז ער איז אויך מה הקב"ה מהווה עולמות אזוי איז אויך אף יעקב מהווה עולמות, ביז וואנעט אז מ'זאגט אז דער ענין פון קיום העולמות איז דאס תלוי אין א אידן דורך זיין לימוד התורה וקיום מצוותי'.

און אט דאס גרייכט צו די גאנצע וועלט, כאמור לעיל, אז עס זאל זיין "ארץ חדשה" און "שמים חדשים", אז מ'איז מחדש אין וועלט דורך דערויף וואס מ'איז מחדש אין תורה ומצוותי', ע"פ כללי התורה, עס ווערט ווי ער זאגט אין זהר הקב"ה אסתכל באורייתא וברא עלמא ובר נש עסיק באורייתא ומקיים עלמא.

און דאס ווערט דורך זיינע חידושים אין תורה, מאכט ער דאך די "ארץ חדשה ושמים חדשים", וואס דאס איז ווי דער אלטער רבי טייטשט אפ אז דאס איז אין תורה גופא, דער חילוק פון תורה שבכתב און תורה שבע"פ, און ער איז מחדש אין דערויף, מחדש אויך א פירוש אין תושב"כ "שמים חדשים", מחדש ענינים אין תושבע"פ - "ארץ חדשה",

און אט דעמאלט ווערט "כן יעמוד לפני זרעכם ושמכם", אז די תלמידים וואס דורך דערויף ווערט אויך שמו הולך בכל העולם כולו, אז כן "יעמדו לפני זרעכם ושמיכם".

און אין אן אופן פון שמחה וטוב לבב, וואס אזוי דארף דאך זיין דער לימוד התורה וקיום המצוות, ווי דער רמב"ם זאגט אין סיום וחותם פון הלכות לולב, אז דאס איז אן עבודה גדולה, אבער יעדערער ווען ער טוט א מצוה, עאכו"כ ווען תלמוד תורה כנגד כולם, ער לערנט תורה.

וואס אין מצוות איז שוין אויך איצטער נכלל געווארן וויבאלד אז עס איז געווארן א דין אין משנה, ביז א דין אין שו"ע, אז "כל מעשיך יהיו לשם שמים ובכל דרכיך דעהו", אז אין "כל מעשיך" און אין "כל דרכיך", איז ער אין זיי מקיים א מצוה און טוט דאס מיט א חידוש און מיט א חיות, און מיט א שמחה גדולה, ביז ווי ער איז דארט מסיים אז דאס דארף זיין בדוגמא, ווי ס'איז געווען ביי דוד מלך ישראל, מלכא משיחא, אז "מפזז ומכרכר בכל עז", ער האט זיך ניט גערעכנט - אל יבוש מפני המלעיגים.

וואס דאס איז דאך דער יסוד און די התחלה פון אלע ד' חלקי שו"ע, אין דעם ערשטן חלק, אין דעם ערשטן סימן, און אין דעם ערשטן סעיף שבו, אז דורך דערויף וואס ער איז זיך מתבונן ווי ער זאגט דארטן: "שויתי ה' לנגדי תמיד", געבראכט פון מורה נבוכים, אבער אראפ געבראכט אלס א פס"ד "ובנ"י יוצאים ביד רמה", כמובן פון די אחרונים דער סימן אז דאס גייט ביד רמה פון דעם רמ"א, אז איננו דומה ווי ער געפינט זיך בביתו, אדער ווי ער געפינט זיך מיט ממ"ה הקב"ה, וואס דעמאלט איז ער עז כארי, מיט אלע פיר ענינים, ווי ער רעכנט אויס אין דער משנה.

און דאס קומט אויך בהמשך צו יהי רצון שיבנה ביהמ"ק במהרה בימינו ותן חלקנו בתורתיך, ובקרוב ממש בביאת משיח צדקנו, זאל מען דאס זען בעיני בשר.

ד. ס'איז דאך אויך נהוג, ווי געפירט זיך בכמה שנים האחרונים, צוזאמען מיט יום ההילולא מאכן אויך א סיום בדרך הנגלה, צוזאמען מיט דרך הדרוש, ווי עס פירט זיך בא אידן מסיים זיין מיט ובא לציון גואל ונאמר אמן.

עס איז דאך דא כמה וכמה ששים המה מלכות, וואס עס איז דא ששים מסכתות, ובפרט נאך בפרטיות איז דא נאך דריי, ס"ג מסכתות, כמבואר אין דעם ענין המסכתות בכ"מ,

איז דאך דא אבער א סיום וואס ער איז כולל אין זיך כמה סיומים, וואס דאס איז דער סיום פון מסכתא ברכות, און מ'געפינט דעם זעלבן סיום אין נאך דריי מסכתות, דער זעלבער סיום אין פיר מסכתות אין ש"ס, סיי אין מסכתא ברכות, אין מסכתא יבמות, אין מסכתא נזיר, און אין מסכתא כריתות.

און ווי עס ווערט אויך געבראכט דער סיום, איז דאך "וכל בניך לימודי ה' ורב שלום בניך", ברייננגט ער אין ערוך לנר און אין כמה מפרשים, אז דער סימן פון די מסכתות וואו ער איז דאס מסיים, איז דאס דער ווארט בניך פון דעם פסוק, בני"ך איז א ר"ת ברכות, נזיר, יבמות, כריתות, עס איז דא שינויים, עס איז דא ווי עס ווערט געבראכט דער סיום "אל תקרי בניך אלא בוניך", און אויך ווי אין מסכתא ברכות וואס ער איז מוסיף כו"כ פסוקים לאחר פסוק זה, ביז צו "ה' עוז לעמו יתן ה' יברך את עמו בשלום".

וואס דאס קען מען דאך זאגן בפשטות, אז אין די סיומים שלאחרי זה פארלאזט ער זיך אויף דערויף, וואס אין די מסכתות שלפני זה ווערט געבראכט דער ענין באריכות ובביאור, מיט דעם "אל תקרי" און מיט די פסוקים נוספים.

אבער דאס גופא דארף האבן א ביאור, מ'מוז דאך זאגן וויבאלד דער סיום איז דער זעלבער מיט דעם ענין השלום, כמדובר לעיל, און אעפ"כ איז ער דא אין פיר באזונדערע מסכתות, וואס זיי זיינען דאך באזונדער, ניט נאר אין לימוד בלימודם, נאר אויך בתוכנם ובעיקרם ובענין שלהם, ווי ער איז ארויסגעבראכט אין זייער נאמען, ביז וואנעט אז עס מוז דאך אויך זיין פארבונדן.

אף כי ידוע אז א סיום פון א מסכתא איז ניט נאר א סיום אויף כללות המסכתא, נאר דאס דארף אויך האבן א המשך שלפני סיום זה אין דער זעלבער סוגיא, וואס די סוגיות זיינען אויך נפרדים, ווי מ'זעט דאס אין די מסכתות, און אעפ"כ זאגט מען אז בא יעדערן איז מען מסיים לכאו' מיט דעם זעלבן סיום, מיטן זעלבן פסוק, מיטן זעלבן תוכן.

וואס דער ערוך לנר זאגט א פירוש, כמדובר כמה פעמים, אז בשעת דער פירוש לייגט זיך ניט, איז וואס איז דא דער סדר דערמאנען עס און אפפרעגן, דער וואס וויל וועט א קוק טאן אינעווייניק, און הבוחר יבחר, וויבאלד ער איז דאך געווען א גדול בישראל ולומד תורה וכו', האט דאך דאס זיכער אן ארט.

אבער דערנאך האט דאך יעדערער אין דעותיהם שוות, ביז אפילו א קטן וואס געפינט זיך לאחרי כמה דורות שלאחרי זה, איז צוזאמען מיט ניט שולל זיין ח"ו א פירוש שקדמו, זאגט מען אים אז מ'מאנט ער זאל זיך מתייגע זיין, און משתדל זיין בהורה עד כמה שידו מגעת, ואדרבה אז כל זמן עס לייגט זיך ניט בא אים אין שכל, איז אע"פ וואס ער איז מקיים דעם גזר דין, אדער דעם פירוש, פון א גדול הימנו, און נעמט אים אן, ער טאר אבער ניט זאגן א ענין וואס איז היפך פון דעם אמת, אז בא אים לייגט זיך אין שכל אזוי, וויבאלד בא אים לייגט זיך אין שכל ניט אזוי, ואדרבה בא אים לייגט זיך אין שכל באופן אחר לגמרי ואדרבה.

וכידוע די דוגמא אויף דערויף ווי די גמ' דערציילט אין ב"מ אז קא מיפלגי במתיבתא דרקיע, אז קודב"ה זאגט אז דער דין איז באופן כך וכך, און די מתיבתא דרקיע האט געזאגט באופן כך וכך, אע"פ וואס דאס איז דער רקיע, איז דאך פארשטאנדיק דער מעמד ומצב פון דער מתיבתא דרקיע, אעפ"כ קומען זיי ניט צו דעם ענין פון קודב"ה,

- דערציילט די גמ' - וואס כאמור, א סיפור אין גמ' איז אויך א הוראה און א הלכה - אז א תלמיד טאר ניט זיין קיין ביישן, צוזאמען דערמיט וואס כבוד רבו דארף בא אים זיין ווי כבוד השכינה איז כל זמן ער האט א קשיא, בא אים לייגט זיך אנדערש טאר ער דאס ניט מעלים זיין.

ביז וואנעט אז ער ווערט נתאחד מיט יסוד היסודות ועמוד החכמות, וואס ווי ער זאגט אין מפרשי הרמב"ם, אז דאס איז ר"ת הוי"ה, דעם שם הוי"ה, וואס הוי' האט דאך אויך דעם פירוש פון לשון מהווה און מחי' ומקיים, כמבואר אויך אין פי' המלות פון ברכות, ווי אויך אראפגעבראכט אין שו"ע לפסק הלכה, קומט דאס ביי אים ארויס כאמור אז ער איז אויך מה הקב"ה מהווה עולמות אזוי איז אויך אף יעקב מהווה עולמות, ביז וואנעט אז מ'זאגט אז דער ענין פון קיום העולמות איז דאס תלוי אין א אידן דורך זיין לימוד התורה וקיום מצוותי'.

און אט דאס גרייכט צו די גאנצע וועלט, כאמור לעיל, אז עס זאל זיין "ארץ חדשה" און "שמים חדשים", אז מ'איז מחדש אין וועלט דורך דערויף וואס מ'איז מחדש אין תורה ומצוותי', ע"פ כללי התורה, עס ווערט ווי ער זאגט אין זהר הקב"ה אסתכל באורייתא וברא עלמא ובר נש עסיק באורייתא ומקיים עלמא.

און דאס ווערט דורך זיינע חידושים אין תורה, מאכט ער דאך די "ארץ חדשה ושמים חדשים", וואס דאס איז ווי דער אלטער רבי טייטשט אפ אז דאס איז אין תורה גופא, דער חילוק פון תורה שבכתב און תורה שבע"פ, און ער איז מחדש אין דערויף, מחדש אויך א פירוש אין תושב"כ "שמים חדשים", מחדש ענינים אין תושבע"פ - "ארץ חדשה",

און אט דעמאלס ווערט "כן יעמוד לפני זרעכם ושמכם", אז די תלמידים וואס דורך דערויף ווערט אויך שמו הולך בכל העולם כולו, אז כן "יעמדו לפני זרעכם ושמיכם".

און אין אן אופן פון שמחה וטוב לבב, וואס אזוי דארף דאך זיין דער לימוד התורה וקיום המצוות, ווי דער רמב"ם זאגט אין סיום וחותם פון הלכות לולב, אז דאס איז אן עבודה גדולה, אבער יעדערער ווען ער טוט א מצוה, עאכו"כ ווען תלמוד תורה כנגד כולם, ער לערנט תורה.

וואס אין מצוות איז שוין אויך איצטער נכלל געווארן וויבאלד אז עס איז געווארן א דין אין משנה, ביז א דין אין שו"ע, אז "כל מעשיך יהיו לשם שמים ובכל דרכיך דעהו", אז אין "כל מעשיך" און אין "כל דרכיך", איז ער אין זיי מקיים א מצוה און טוט דאס מיט א חידוש און מיט א חיות, און מיט א שמחה גדולה, ביז ווי ער איז דארט מסיים אז דאס דארף זיין בדוגמא, ווי ס'איז געווען ביי דוד מלך ישראל, מלכא משיחא, אז "מפזז ומכרכר בכל עז", ער האט זיך ניט גערעכנט - אל יבוש מפני המלעיגים.

וואס דאס איז דאך דער יסוד און די התחלה פון אלע ד' חלקי שו"ע, אין דעם ערשטן חלק, אין דעם ערשטן סימן, און אין דעם ערשטן סעיף שבו, אז דורך דערויף וואס ער איז זיך מתבונן ווי ער זאגט דארטן: "שויתי ה' לנגדי תמיד", געבראכט פון מורה נבוכים, אבער אראפ געבראכט אלס א פס"ד "ובני" יוצאים ביד רמה", כמובן פון די אחרונים דער סימן אז דאס גייט ביד רמה פון דעם רמ"א, אז איבו דומה ווי ער געפינט זיך בביתו, אדער ווי ער געפינט זיך מיט ממ"ה הקב"ה, וואס דעמאלט איז ער עז כארי, מיט אלע פיר ענינים, ווי ער רעכנט אויס אין דער משנה.

און דאס קומט אויך בהמשך צו יהי רצון שיבנה ביהמ"ק במהרה בימינו ותן חלקנו בתורתיך, ובקרוב ממש בביאת משיח צדקנו, זאל מען דאס זען בעיני בשר.

ד. ס'איז דאך אויך נהוג, ווי געפירט זיך בכמה שנים האחרונים, צוזאמען מיט יום ההילולא מאכן אויך א סיום בדרך הנגלה, צוזאמען מיט דרך הדרוש, ווי עס פירט זיך בא אידן מסיים זיין מיט ובא לציון גואל ונאמר אמן.

עס איז דאך דא כמה וכמה ששים המה מלכות, וואס עס איז דא ששים מסכתות, ובפרט נאך בפרטיות איז דא נאך דריי, ס"ג מסכתות, כמבואר אין דעם ענין המסכתות בכ"מ,

איז דאך דא אבער א סיום וואס ער איז כולל אין זיך כמה סיומים, וואס דאס איז דער סיום פון מסכתא ברכות, און מ'געפינט דעם זעלבן סיום אין נאך דריי מסכתות, דער זעלבער סיום אין פיר מסכתות אין ש"ס, סיי אין מסכתא ברכות, אין מסכתא יבמות, אין מסכתא נזיר, און אין מסכתא כריתות.

און ווי עס ווערט אויך געבראכט דער סיום, איז דאך "וכל בניך לימודי ה' ורב שלום בניך", ברייננגט ער אין ערוך לנר און אין כמה מפרשים, אז דער סימן פון די מסכתות וואו ער איז דאס מסיים, איז דאס דער ווארט בניך פון דעם פסוק, בני"ך איז א ר"ת ברכות, נזיר, יבמות, כריתות, עס איז דא שינויים, עס איז דא ווי עס ווערט געבראכט דער סיום "אל תקרי בניך אלא בוניך", און אויך ווי אין מסכתא ברכות וואס ער איז מוסיף כו"כ פסוקים לאחר פסוק זה, ביז צו "ה' עוז לעמו יתן ה' יברך את עמו בשלום".

וואס דאס קען מען דאך זאגן בפשטות, אז אין די סיומים שלאחרי זה פארלאזט ער זיך אויף דערויף, וואס אין די מסכתות שלפני זה ווערט געבראכט דער ענין באריכות ובביאור, מיט דעם "אל תקרי" און מיט די פסוקים נוספים.

אבער דאס גופא דארף האבן א ביאור, מ'מוז דאך זאגן וויבאלד דער סיום איז דער זעלבער מיט דעם ענין השלום, כמדובר לעיל, און אעפ"כ איז ער דא אין פיר באזונדערע מסכתות, וואס זיי זיינען דאך באזונדער, ניט נאר אין לימוד בלימודם, נאר אויך בתוכנם ובעיקרם ובענין שלהם, ווי ער איז ארויסגעבראכט אין זייער נאמען, ביז וואנעט אז עס מוז דאך אויך זיין פארבונדן.

אף כי ידוע אז א סיום פון א מסכתא איז ניט נאר א סיום אויף כללות המסכתא, נאר דאס דארף אויך האבן א המשך שלפני סיום זה אין דער זעלבער סוגיא, וואס די סוגיות זיינען אויך נפרדים, ווי מ'זעט דאס אין די מסכתות, און אעפ"כ זאגט מען אז בא יעדערן איז מען מסיים לכאו' מיט דעם זעלבן סיום, מיטן זעלבן פסוק, מיטן זעלבן תוכן.

וואס דער ערוך לנר זאגט א פירוש, כמדובר כמה פעמים, אז בשעת דער פירוש לייגט זיך ניט, איז וואס איז דא דער סדר דערמאנען עס און אפפרעגן, דער וואס וויל וועט א קוק טאן אינעווייניק, און הבוחר יבחר, וויבאלד ער איז דאך געווען א גדול בישראל ולומד תורה וכו', האט דאך דאס זיכער אן ארט.

אבער דערנאך האט דאך יעדערער אין דעותיהם שוות, ביז אפילו א קטן וואס געפינט זיך לאחרי כמה דורות שלאחרי זה, איז צוזאמען מיט ניט שולל זיין ח"ו א פירוש שקדמו, זאגט מען אים אז מ'מאנט ער זאל זיך מתייגע זיין, און משתדל זיין בתורה עד כמה שידו מגעת, ואדרבה אז כל זמן עס לייגט זיך ניט בא אים אין שכל, איז אע"פ וואס ער איז מקיים דעם גזר דין, אדער דעם פירוש, פון א גדול הימנו, און נעמט אים אן, ער טאר אבער ניט זאגן א ענין וואס איז היפך פון דעם אמת, אז בא אים לייגט זיך אין שכל אזוי, וויבאלד בא אים לייגט זיך אין שכל ניט אזוי, ואדרבה בא אים לייגט זיך אין שכל באופן אחר לגמרי ואדרבה.

וכידוע די דוגמא אויף דערויף ווי די גמ' דערציילט אין ב"מ אז קא מיפלגי במתיבתא דרקיע, אז קודב"ה זאגט אז דער דין איז באופן כך וכך, און די מתיבתא דרקיע האט געזאגט באופן כך וכך, אע"פ וואס דאס איז דער רקיע, איז דאך פארשטאנדיק דער מעמד ומצב פון דער מתיבתא דרקיע, אעפ"כ קומען זיי ניט צו דעם ענין פון קודב"ה,

- דערציילט די גמ' - וואס כאמור, א סיפור אין גמ' איז אויך א הוראה און א הלכה - אז א תלמיד טאר ניט זיין קיין ביישן, צוזאמען דערמיט וואס כבוד רבו דארף בא אים זיין ווי כבוד השכינה איז כל זמן ער האט א קשיא, בא אים לייגט זיך אנדערש טאר ער דאס ניט מעלים זיין.

עאכו"כ אז ער טארניט זאגן א ענין וואס איז היפך האמת, בלשון הגמ׳ כיון שאמיתי הוא לא כזבו, ווי די גמ׳ זאגט אין יומא בהנוגע להקב"ה, וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו מאן מלכי רבנן, ז׳י זיינען דאך "בניך לימודי הוי׳", - תלמידים פון דעם אויבערשטן, במילא גייען זיי בדרכיו ולא כזבו לו.

ואדרבה מ׳זאגט ומתלמידי יותר מכולם אז דורך דערויף וואס דער תלמיד פרעגט בא אים א שאלה, און ניט נאר א שאלה, ער פרעגט אויף עם נאך א קשיא, דוקא דורך דערויף קומט בא אים צו, ווי ר׳ יוחנן האט געזאגט, אז בשעת מ׳ברייינגט אים ניט מער ווי ראיות איז אטו אנא לא ידעינא דשפיר קא אמינא, ווען איז בא אים געווען דער לימוד התורה מיט א חיות ובשלימותה - ווען עס איז געווען דוקא א ענין פון פרעגן א קשיא, אויף אפפרעגן זיינע סברות.

און ווי מ׳געפינט דאך אין שקו"ט שבתורה, אז אפי׳ ווען עס רעדט זיך וועגן א תלמיד און א רב, איז דא אמאל ווען "ומתלמידי יותר מכולם", ניט נאר אין דעם אופן וואס בא דעם רב קומט צו סברות חדשות און פארענטפערן און פארשטארקן זיין דיעה, נאר אויך מתוך שאמיתי הוא, דורך דערויף וואס איז א תלמיד הראוי לשמו, כוונתו לשם שמים ניט ח"ו אויף לקנטר, איז יעמאלט קומט צו אין אזא מין אופן וואס ער איז מחדש ברבו אז דער רב איז מודה לדברי התלמיד. ווי מ׳געפינט דאס אויך בכמה מקומות אין סיפורים פון לימוד התורה בש"ס ובמדרשים.

און דעמאלט ווערט דער שלום בין תלמידי חכמים, ווי די גמ׳ זאגט אין שבת סיי בנוגע צו ת"ח אין אה"ק, אין ארעא דישראל, סיי ת"ח שבבבל, וואס אע"פ וואס בא זיי איז געווען דער סדר הלימוד באופן שונה, צי עס איז געווען בניחותא אדער פארקערט ברוגזא, אבער בא ביידן איז געווען דער ענין פון ואת והב בסופה, אז פריער איז א מחלוקת און דערנאך ווערט א אהבה.

ביז וואנעט מ׳זאגט בא א ענין פון ב"ש און ב"ה איז מען מסיים "והאמת והשלום אהבו", לאחרי זה וואס מ׳זאגט אז עס איז דא די חילוקי דיעות מיט כמה פרסים, ווי די גמ׳ רעכנט אויס אין דעם סיפור המעשה.

וואס דאס איז דער אמת׳ער ענין השלום, וויבאלד אז יעדערער איז "אלו ואלו דברי אלקים חיים", שטייט ער דאך פעסט בדעתו, און בא אים איז קיין ספק ניט אז דאס איז אמיתית ענין התורה, און אדרבה תורה זאגט דאך אליין אז "אלו ואלו דא"ח".

און איז מסביר אז בשעת נתינת התורה פון נותן התורה איז תורה לא ניתנה חתוכה, מ׳האט לכתחלה געגעבן מ"ט פנים טהור און דערנאך מ"ט פנים וסברות אז עס זאל זיין פונקט דער היפך פון טהורה.

אבער דער שלימות אין דערויף איז כמדובר בארוכה אין דער התוועדות לפני זה - לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא, ווי די גמ׳ זאגט אין סנהדרין, אז דאס איז געווען דער אויפטו פון דוד מלכא משיחא - "והוי׳ עמו" אז "והלכה כמותו בכל מקום".

וואס ביז יעמאלט אז מ׳האט גערעדט אין מעלות לימוד התורה, האט מען געזאגט אז עס איז דא יונתן בני איז אויך אזוי, משא"כ אז מ׳האט געזאגט הלכה כמותו דא איז שייך הלכה - מוז זיין הלכה חתוכה, ווי דער רמב"ם איז מאריך בהקדמה לספרו הלכה יד החזקה משנה תורה.

וואס דערפאר איז דארטן נאך מער נויטיק דער שלום, וויבאלד דאס איז א מחלוקת לשם שמים, במילא איז זי דאך מיט כל התוקף ווי א איד קאכט זיך זאל זיין אלקים חיים, דברי אלקים חיים זאל זיין דורך געפירט, און דורכגעפירט ניט נאר בא אים, נאר אזוי זאל האלטן די גאנצע וועלט, וויבאלד אז דאס איז דא"ח.

די זעלבע זאך ווי דאס איז בא ב"ש, איז די זעלבע תוקף אויך בא ב"ה, און דערפאר בשעת מ'מאכט שלום צווישן מחלוקת לש"ש אבער א מחלוקת חזקה בזהר, דערפאר איז דאס בא עזין שבאומות, און אין א ענין וואס דאס איז זייער עוז - לימוד התורה, דערפאר איז דארט דער שלום נאך מער א גרעסערער אויפטו, און דערפאר דארף מען האבן די השתדלות הכי גדולה בהנוגע לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא.

וואס דאס איז דער ענין וואס כאמור לעיל דער רמב"ם ברייננגט אראפ התורה לא ניתנה אלא לעשות שלום בעולם, איז דאך די ערשטע זאך פון מציאות פון עולם איז דאס, ווי עולם שטייט אין תורה,

ווי ער זאגט אין מדרש בתחלתו - ווי דערמאנט פריער - אסתכל באורייתא וברא עלמא, אז פארוואס איז דא אור אין וועלט, דערפאר וואס פריער איז דא אור אין תורה, און אז אסתכל באורייתא - אז דער אויבערשטער כביכול האט געזען אין תורה, האט ער אנגעשריבן "ויאמר אלקים יהי אור ויהי אור", אזוי איז געווען - איז געווארן אור אין עולם.

ביז וואנעט אז דערנאך ווערט אזוי נמשך אויך אין לעו"ז, וואס דאס איז דאך איינע פון די ביאורים וואס די גמ' זאגט אין חולין אז כל מאן דאסר לן רחמנא שרי לן כוותי', אז ס'קאן ניט זיין קיין ענין אין עולם פון איסור און היפך הכשרות, דאס מוז זיך נעמען פון קדושה פון דעם בורא עולם, במילא מוז זיין שרי כוותי', אז ניט וואלט ניט געקאנט זיין א מציאות אין דעם היפך.

ווארום דער בורא איז דאך מערניט ווי א בורא אחד נאר ער האט געוואלט אז די בריאה זאל דערנאך אראפ פון עולם האחדות אין עלמא דפרודא - אין דעם עולם וואס ווערט אנגערופן רה"ר - און דארטן גופא אין למטה מטה שאין תחתון למטה הימנו, אז ניט נאר מ'זאגט אלקא דאלקיא, נאר נאך נידעריקער דערפון, ווי געבראכט אז עס איז אויך געווען דרגות אז אע"פ ווי די גמ' זאגט אין מנחות מוקטר מוקדש לשמי און "ממזרח שמש עד מבואו", איז קרו לו אלקא דאלקיא,

איז דאך געווען אויך די קליפה, בדוגמא ווי מ'זאגט אויף פרעה "לא ידעתי את הוי'", און נאך מער "לי יאורי ואני עשיתיני", אז עס איז ניטא אפי' קיין אלקא דאלקיא אויך ר"ל.

און דאס גילט אויך ארויין, ס'קאן דאך ניט זיין קיין מציאות, ווי געזאגט פריער, אז כל המציאות איז דאס מאמיתית המצאו, נאר עס איז דא די מציאות וואס זי איז באשאפן געווארן כדי מ'זאל מיט איר דינען דעם אויבערשטן אין א אופן פון מ"ע, און א מציאות וואס איז באשאפן געווארן מ'זאל דינען דעם אויבערשטן אין א אופן פון מל"ת.

און אין דערויף גופא - וואס דאס איז דאך עבודת הצדיקים - דערנאך איז דא אט דער וואס חטא ופשע ועבר את הדרך, איז אט דעמאלט זאגט מען, אז דער אויבערשטער איז מבטיח אז לא ידח ממנו נדח, ובודאי יעשה תשובה,

ווי דער אלטער רבי ברייננגט דאס אויך אראפ דעם ענין לפסק הלכה אין הל' ת"ת שלו, און בלשון הרמב"ם בהל' תשובה אז הבטיחה תורה אז ישראל איז עושין תשובה, אז דאס איז א הבטחה, אע"פ וואס עס איז דאך א בחירה חפשית, והרשות והיכולת נתונה לכ"א אז ער זאל טאן לויט זיין רצון און לויט זיין בחירה אן קיין הכרח, איז אעפ"כ איז דא א הבטחה אין תורת אמת און אין תורת חיים אז ישראל עושין תשובה.

וואס תשובה טוט אויף נאך א דרך אין די ענינים בלתי רצויים, אין די ענינים פון מל"ת אז זדונות נעשו לו כזכיות, אז ער איז מהפך - כאמור לעיל - אין דעם צווייטן סגנון אז דער חשך גופא איז "לילה כיום יאיר", ובלשון הגמ' אין מנחות מצעות שהציעה לו איז א אופן וואס טייג ניט, האט זי דערנאך אים מציע געווען -

אויסגעבעט - אין א אופן כשר און אין א ענין פון פו"ר, וואס דאס איז התחלת כל התורה כולה.

וואס לכאו' וואס איז דא דער דיוק, אז דוקא אט די מצעות וואס הציעה לו אין יענעם אופן האט מען געדארפט מציע זיין אין א אופן פון כשרות, לכאו' געפינט מען בכמה ענינים בתורה אז יענער ענינים בלתי רצויים איז מען מאבד מן העולם.

וואס דאס איז דאך די צוויי שיטות פון ר' יהודא און ר' שמעון אז "והשבתי חי' רעה מן הארץ", אז איין דיעה איז אז משבית מזיקין מן העולם, אז עס ווערט בטל זייער מציאות, און די צווייטע דיעה איז אז עס איז פארקערט, והשבתי חי' רעה מן הארץ", און זיי וועלן ווערן בדוגמא ווי עס איז געווען דער נחש הקדמוני, שמש גדול, וואס ער איז געווען בעולם, וואס דאס איז די צווייטע דיעה, די צווייטע אפסייטש אין "והשבתי חי' רעה מן הארץ", וואס דערפון איז אויך די צוויי ענינים בהנוגע צו ביעור חמץ, כמדובר בארוכה בכ"מ.

וואס דאס איז דאך כל זמן עס איז געווען דער ביהמ"ק קיים, איז דאך דעמאלט בכללות אידן זיינען געווען אין מעמד ומצב פון צדיקים, והראי' אז דער ביהמ"ק איז קיים, בשעת עס איז אבער געווארן חטאינו איז יעמאלט געווארן דער היפך פון קיום ביהמ"ק.

און אט דעמאלט כאמור לעיל נורא עלילות על בני אדם, ווי ער זאגט אין מדרש אז דאס גייט אויף דעם אויבערשטן ווען א איד טוט א דבר בלתי רצוי, איז דאס דערפאר וואס דער אויבערשטער האט באשאפן אים איינע פון די שלשה ענינים וואס הקב"ה מתחרט עליהם בכל יום, איז דאס דער ענין פון יצה"ר, ווארום רצוננו לעשות רצונך ומי מעכב שאור שבעיסה, וואס דאס איז באשאפן געווארן דורך דעם אויבערשטן, און ער איז מקיים שליחותו באמונה, כמבואר בארוכה אין ספרי מוסר.

און דערנאך סוס מען אויף אין דעם ענין, ניט נאר דער ענין פון "והשבתי" - בטל במציאות, וואס דאס איז דאך אויך א ענין אין עבודה, ווי די גמ' זאגט אין ירושלמי ברכות בנוגע צו דוד'ן, איז געווען דער ענין פון לבי חלל בקרבי שאין לו יצה"ר, חלל בקרבי, חלל מלשון חלל באדמה - ביטול במציאות, און עס איז דא דער העכערער אופן אין עבודה, וואס דערצו איז דוד צוגעקומען לאחרי זמן, ווען עס איז געווען דער ענין הקים עולה של תשובה.

ווי ער זאגט אין ירושלמי אין ברכות בנוגע צו אברהם'ן "ומצאת את לבבו נאמן לפניך", לבבו מיט צוויי בי"ת'ן, בדוגמא פון בכל לבבך בשני יצריך, אז ניט אז עס איז געווען חלל אז עס ניט געווען קיין מציאות, נאר ער האט די מציאות מהפך געווען, זדונות נעשו לו כזכיות, וואס דאס קומט דורך א מלחמה עצומה, כמובן בפשטות.

און ווי דער רמב"ם איז דאס אויך מסביר אין שמונה פרקים די מעלה פון א בעל תשובה, וואס דערפאר האט ער זיך אין כמה ענינים, דערפאר וואס ער איז געווען, ווי ער זאגט אין הל' תשובה, פריער איז ער געווען רחוק מיט אלע פרטים, ווי ער רעכענט אויס, און דערנאך איז ער געווארן חביב, ביז וואנעט "טרם יקראו ואני אענה", וואס די מציאות בא צדיקים דארף זיין דער יקראו ענין התפלה און דערנאך אענה, א בע"ת טוט אויף אויך דעם ענין.

און ווי דער אלטער רבי איז דאס מבאר אין תניא, אז וויבאלד ווי אזוי קאן ער קומען צו אהבה עזה ורבה ביותר, איז דאס דוקא דורך וואס ער געפינט זיך בארץ צי' ועייף בלי מים, וואס אט די מציאות איז ווי דער לשון אין שמונה פרקים און לשון התניא, אנדערע לשונות מיטן זעלבן תוכן, וויבאלד ער איז ר"ל דורך געפאלן און דערנאך איז ער געווען דער כובש ביצרו און מושל ביצור און מהפך יצרו, ביז וואנעט אז פון די זדונות איז בא אים געווארן זכיות, א נייע מציאות אז פון זדונות מאכט מען זכיות.

וואס דאס איז דאך אויך פון די ביאורים וואס נעשה שותף להקב"ה במעשה בראית, ווי דער אויבערשטער האט באשאפן די וועלט, איז געווען דער אופן הבריאה, אז דערנאך "ויבדל אלקים בין האור ובין החושך" - זדונות זיינען זדונות און זכיות זיינען זכיות.

אז עס קומט אבער דער הוכפל בו כי טוב, יום השלישי, וואס דאס איז דער ענין השלום, אט דעמאלט איז כאמור, ניט נאר מ'איז מבטל די התנגדות פון דעם חשך מיט די זכיות, נאר מ'טוט אויף א נייעס אין וועלט.

וואס מצד הבריאה איז ענינים פון לא תעשה, האבן ניט קיין תיקון ושבירתם זהו תקנתם, זייער דחי' - אין דערויף באשטייט זייער תכלית צוליב וואס זיי זיינען באשאפן געווארן.

איז א איד ע"י עבודתו, אמת טאקע האומר אחטא ואשוב איז אין מספיקין בידו לעשות תשובה, איז דאך אבער דא די כמה אופנים אין תשובה אז מ'דארף ניט אנקומען צו דעם דרך.

עאכו"כ אז מ'זאגט אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא, און אפי' די ד' וואס מתו בעטיו של נחש, ווארום זיי האבן ניט געהאט קיין חטא, איז דאך אויך אין דערויף דער ביאור, אויב זיי וואלטן ניט געהאט קיין שייכות צו דעם חטא פון נחש הקדמוני, וואלט דעמאלט ניט געקאנט בא זיי זיין דער ענין המיתה, ס'האט צו זיי קיין שייכות ניט.

איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז זיי האבן ניט געהאט קיינע חטאים, זיי האבן אבער געהאט א שייכות צו דעם נחש באיזה אופן שהוא, און דערפאר האט געקאנט בא זיי זיין דער בעטיו שלנחש ארויסרופן ענין המיתה,

דערפאר איז דאך איינער פון די ד' - ישי, אביו של דוד, זאגט אויף דערויף אין מדרש, אז דוד האט געזאגט הן בחטא יחמתני אמי, וכי ישי אבי איז געווען כו', מיט די גאנצע אריכות ווי ער איז דערנאך מסביר.

ובפשטות דער ענין וואס מ'זאגט אין קישוי אלא לדעת, במילא בשעת ער טראכט וועגן ענינים וועלכע האבן צו דעם קיין שייכות ניט, ובדוגמא וואס עס קאן ניט זיין דער ענין פון א הולדה, בדוגמא ווי די גמ' זאגט אז מ'האט מבטל געווען יצרא דעבו"ז, דערנאך האט מען געוואלט מבטל זיין יצרא דעריות, האט מען געזען אז מ'דארף האבן א ענין לחולה קאן מען דאס ניט געפינען, וואלט דאס געווען מערניט ווי א געזונטע וועלט, און געזונטע מענטשן, און רוח צפון וואלט אויך געווען מסובבת, בלשון הגמ' אין ב"ב, אט דעמאלט וואלט ניט געווען קיין חולה דארף מען ניט האבן קיין דג לחולה.

בשעת אבער דער אויבערשטער האט באשאפן די וועלט אז עס זאל זיין לעשות לתקן, האט מען מער ניט ווי מעבר געווען, און מהני לי' בקרובות, ווי די גמ' איז דארט מבאר ומספר ווי די ביאורים אין דעם איז, דערפאר וואס עס דארף זיין אט די מציאות, נאר וואס דען, דאס איז א ענין וואס ווערט געטאן שלא לרצונו, יצרו אנסו, און מערניט ווי לשעה קלה.

וואס דאס איז די מעלה פון בעלי תשובה, און דאס איז דער אויפטו פון גלות,

וכמדובר כמה פעמים וו מ'זאגט דאס בנוגע צו הורה, וואס זי ווערט אנגערופן הורת חסד, אעפ"כ געפינט מען דאך עונשים בתורה, זאגט מען אז דער עונש איז בדוגמא ווי דער אלטער רבי איז דאס מסביר, ווי א מלך וואס ער איז רוחץ בעצמו צואת בנו יהידו וואס האט זיך צוגעקלעפט צו אים מבחוץ, וואס דאס איז דער ענין העונש, "ברגע קטן עזבתיך" דערנאך זאל קענען זיין "וברחמים גדולים אקבצך",

וואס בכללות איז דאס געווען די התחלה בדבר און די ראש ועיקר צו די אלע ענינים, איז דאס געווען דער גלות מצרים און דערנאך די יציאת מצרים, וואס דאס איז דאך א ראש והתחלה לכל הגלויות, ווי ער זאגט אין מדרש, אז כל הגלויות נקראים ע"ש מצרים, ע"ש שהם מצירים לישראל, וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז אלע גאולות זיינען פארשטאנדיק מיט גאולת מצרים, די יציאת מצרים.

איז דעמאלט אויך געווען א ענין פון עבודת פרך, וואס לכאו' איז דאך "ועבדום וענו אותם", מאי טעמא האט דאס דער אויבערשטער געוואלט, כדי עס זאל זיין "ואח"כ יצאו ברכוש גדול", כמבואר במדרשים, אז דאס איז מערניט בדוגמא ווי געוועדט פריער בכללות בריאת העולמות, דער סותר ע"מ לבנות, כדי עס זאל זיין א בנין יפה ומפואר. דארף מען אנקומען - אזוי האט דער אויבערשטער איינגעשטעלט - עס זאל זיין סותר, נאר ווארען ניט אין א ענין פון אחטא ואשוב אפי' בשעת דער גלות האט געמאכט דעם עצם ענין.

בדוגמא ווי געוועדט פריער בנוגע ארבעה שמתו בעטיו של נחש, וואס זיי האבן דערצו א שייכות עפעס וואס, דערפאר קאן צו זיי דערגרייכן און פועל'ן דער עטיו של נחש.

איז דאס וועט זיין לע"ל "ומחה הוי' דמעה מעל כל פנים", עס ווערט בטל דער גאנצער ענין ההעדר, מערניט דער ענין פון חיים, און חיים נצחיים, כשיטת הרמב"ן אז עיקר קבלת השכר איז דאס ניט ווי שיטת הרמב"ם אין ג"ע און פאר דערויף איז עולם התחי' און נאך דערויף קומט מען צו א שלימות נעלית יותר וואס דאס איז חיים אין ג"ע א נשמה בלי גוף.

און עס ווערט אנגענומען דער פסק דין בזה כשיטת הרמב"ן, אז פריער איז דער ענין אין שלימות השכר איז פריער דער ענין פון ג"ע, און דערנאך קומט דער עולם התחי' נשמה בגוף אין חיים נצחיים.

ווי ס'איז משמע אויך אז דערנאך האט דער רמב"ם אנגענומען אויך די שיטה, ווי עס איז פארשטאנדיק פון אגרת תחה"מ שלו, און ווי ער שרייבט דארטן אויך אז ער האט געשריבן ענינים בספרו הרמב"ם אין אן אופן, דערפאר וואס ער האט ניט געהאט אין דערויף קיין הכרח, ביז וואנעט אז ער שרייבט אויך אין הל' מלכים, אז בדברים האלה איז ניטא קיין הכרח, און דאס וועט מען ערשט וויסן שפעטער, וואס אין דעם איז אויך דאך נכלל דעת כמה מפרשים, אס די מחלוקת, בהנוגע צו דעם חילוק פון ג"ע און תחה"מ מי נעלה ממי.

וואס דאס איז אויך וואס מ'זאגט בנוגע צו א אידן, אז אפי' בא אים איז דא דער ענין פון עבר רצונו של מקום, במילא פעלט דאך בא אים דער ענין פון וחי בהם, ווארום ער האט ניט מקיים געווען א מצוה וואס "הם חיינו ואורך ימינו", און ער האט געטאן דעם היפך פון א מצוה, וואס דאס איז דער היפך ענין החיים.

דארף ער וויסן אז דאס איז מערניט ווי א מצב עובר, און כל שינוי וואס ער איז חוזר לבריתו איז לכתחלה קיין שינוי ניט, ווי די גמ' פסק'נט אפ בנוגע לשכר אומן וכיו"ב בשעת מ'וויסט אז דאס איז א שינוי וואס ער איז חוזר לברייתו, איז מלכתחלה דער שינוי קיין שינוי ניט,

און דאס איז אויך בנוגע צו עבודת ה' נשמה בגוף במשך ימי חייו, איז דאך אויך דא די ענינים וואס בערכו איז דאס א ענין פון נפילה, היפך החיים מאן דנפל מדרגי' איקרי מית, אבער דאס איז מערניט ווי א ירידה צורך עלי', סותר ע"מ לבנות, כדי ער זאל צוקומען צו א דרגה גבוהה יותר.

ביז וואנעט ווי בלשון הגמ' במקום שבע"ת עומדים אין צדיקים גמורים עומדים שם, און ווי די צווייטע גירסא א ענין נעלה יותר, ביז וואנעט ווי בלשון הגמ' במקום שבע"ת עומדים נאר אז צדיקים שטייען דארטן ניט, נאר אין צדיקים גמורים

יכולים לעמוד שם, ניט נאר זיי שטייען ניט בפועל, נאר זיי האבן גאר די יכולת ניט, עד כדי כך איז דאס א שינוי און א עילוי, אין די עבודה פון תשובה.

וואס בכללות איז דאס די צוויי תשובות וואס ער זאגט אין סוף מסכתא יומא, צו תשובה מאהבה צי תשובה מיראה, וואס זדונות נעשו לו כזכיות איז דוקא דורך תשובה מאהבה, וואס דערפאר איז כל הענינים ווי געזאגט פריער.

ווי דאס איז אין דעם איצטיגן גלות ווי דאס איז געווען אין גלות מצרים, און אזוי אויך "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות", אין די גאולה העתידה לבוא ע"י משיח צדקנו, אנכי אעלך גם עלה.

וואס דאס זיינען די צוויי עליות, ווי דער אלטער רבי טייטשט אפ, אז "ירד ירדנו", אין מצרים איז דאס געווען א ירידה אין אלע גליות, און "אנכי אעלך גם עלה" עס דארף זיין צוויי עליות, איין עלי' איז די עלי' מארץ מצרים, ואילו זכינו וואלט דאס געווען די גאולה שלימה, וויבאלד אז לא זכינו וועט די צווייטע עלי' זיין "כימי צאתך מארמ"צ אראנו נפלאות".

וואס דאס איז אויך בהנוגע צו יצי"מ, ווי מ'לערנט אין דעם שיעור חומש פון דעם היינטיקן טאג, זאגט מען אויך אין ירושלמי אז פון דעם פסוק פון דעם שיעור, אז משה רבינו האט געענטפערט אידן מיט א גאנצע אריכות, אז עס וועט זיין תשועת ה' ביז אתם תחרישון,

איז די אריכות בזה ווייזט אז עס איז געווען פיר כתות בישראל, אז איין כתה האט געזאגט נפול לים, און א צווייטע כתה האט געזאגט נעשה מלחמה, און א דריטע כתה האט געזאגט נחזור למצרים, און א פערטע כתה האט געזאגט "נצווח" - מיר וועלן תפלה טאן.

און אויף דערויף האט משה רבינו געענטפערט יעדער כתה, די וואס האט געזאגט נפול לים האט ער געזאגט מ'וועט זען תשועת ה', אט די וואס האבן געזאגט נחזור למצרים האט ער געזאגט "כאשר ראיתם את מצרים היום לא תוסיפון לראותם עוד עד עולם", אט די וואס האבן געזאגט אז מ'וועט גיין מלחמה האבן האט ער געזאגט "ה' ילחם לכם", און די פערטע כתה וואס האט געזאגט "נצווח" - האט ער געזאגט "ואתם תחרישון" - איצטער וועט דער אויבערשטער טאן.

וואס דאס איז בדוגמא ווי געזאגט פריער בנוגע צו די ד' מסכתות, וואס בשעת מ'זאגט דער ענין פון דער סיום פון מס' ברכות, רעדט זיך דארטן פאר דער סיום "אראב"ח תלמידי חכמים מרבים שלום בעולם", וואס דאס קומט בהמשך להמאמרים שלפנ"ז, וואס דארטן רעדט זיך א ענין פון היפך החיים פון עוה"ז, דער חילוק צי מ'זאגט בשלום צי לשלום, און דערנאך אין צד הטוב, ילכו מחיל אל חיל, אז דאס איז דער ענין "ת"ח אין להם מנוחה לא בעוה"ז ולא בעוה"ב".

וואס דאס איז דאך איינע פון די פירושים וואס מ'האט געזאגט "נפול לים", ניט ווייסנדיק אז ס'וועט זיין תשועת ה', איז וואס איז דא דער ענין?

- איז דאס בדוגמא פון דער ענין וואס לאחרי מ"ת איז דא די ענינים וואס "יהרג ואל יעבור", וויבאלד אז משה רבינו האט זיי ארויסגעפירט פון ארמ"צ, און זיי האבן געזען נפלאות ה', און מ'האט זיי געזאגט אז דאס איז די גאולה "פקוד פקדתי", איז אט דעמאלט ע"פ הלכה בימים ההם, לויט אט דער כיתה איז אויסגעקומען אז מ'דארף גיין אויף מס"נ,

און וויבאלד אז ס'איז ניטא קיין אנדער וועג איז "נפול לים" - אט דאס איז זייער ענין פון מס"נ, וועט זיין ניט אין עוה"ז, פונקט אזוי ווי "יהרג ואל יעבור" אט דעמאלט צאלט מען דא דער שכר הכי נעלה "ילכו מחיל אל חיל", וויבאלד אז ער האט מקיים געווען ניט נאר בגופו ובנשמתו ובממונו ובכל חייו ממש "יהרג" -

מס"נ, איז אט דאס ווי ס'האט זיך אויגעדריקט און ארויסגעקומען אין דער כיתה, [אין די ד' אופני העבודה פון אידן איז דאס געווען די שיטה פון] "נפול לים".

דערנאך איז געווען די כיתה פון "נחזור למצרים" - וואס לכאו' וואס איז דא דער ביאור אין עבודת ה' און אויך בפשטות, וויבאלד אז ס'איז געווען אידן וואס האבן געזען די ניסים ונפלאות, און געזען ווי אזוי משה רבינו האט זיי געפירט מיט קיום כל ההבטחות, און דערנאך זאגט מען נחזור למצרים?

איז דאס איז בדוגמא. ווי מ'זאגט אין ספרי מוסר און ספרי חסידות, און אויך פארשטאנדיק בפשטות, אז וויבאלד מ'שיקט אויף א שליחות און מ'הייסט אוועקגיין, און דערנאך הייסט מען קומען צוריק, איז דאס איז א הוכחה אז מ'האט ניט מקיים געווען דאס וואס מ'האט געדארפט מקיים זיין, אין דעם ארט וואו ער איז געווען פריער - ער האט נאך עפעס ניט פארענדיקט.

אידן האבן דאך געהאט א ציווי בצאתם ממצרים אז ס'זאל זיין "ונצלתם את מצרים", און ווי די גמ' טייטשט דאס אפ אין ברכות, אז "עשוה כמצודה שאין בה דגים און כמצולה שאין בה דגן", אז ס'ווערט ניט בלייבן קיינע ענינים וואס האט עפעס א שוויות במצרים,

בשעת מ'האט דערזען אז מצרים נוסע אחריהם, און ס'איז ניטא קיין ברירה דערפאר וואס ס'איז געווען שש מאות רכב בחור, און בנוגע צו בנפול לים האבן זיי געטראכט אז דא איז א ענין פון מס"נ בא א ב"נ, איז דא אין דערויף א גאנצע שקו"ט צי ס'איז שייכות וואו א ב"נ איז מחוייב אויף שמירת גופו און שמירת חייו, און ס'איז א ספק צי בא עם איז דא דער ענין פון מס"נ, דער חיוב פון מס"נ, וויבאלד אז "וחי בהם - ולא שימות בהם" איז געזאגט געווארן לבנ"י בא מ"ת פאר אידן, וכמבואר די שיטות בזה באחרונים.

וואס האבן זיי געטראכט, וואס איז דא דער ביאור אז נחזור למצרים, ס'איז געווען דער ציווי "ונצלתם את מצרים" איז א סימן אז וויבאלד אז מ'זעט אז עפעס טוגל דא ניט, איז דאס איז א הוכחה אז "נחזור למצרים" - מ'דארף נאך עפעס דערטאן אין ציווי הקב"ה וואס מ'האט געדארפט אויפטאן אין גלות מצרים.

ווי אזוי טוט מען דאס אויף וויבאלד אז מ'איז שוין דארט געווען און ס'איז שוין געווען דער "דור רביעי" און ס'איז שוין געווען מער "ובנ"י יוצאים ביד רמה", איז לכאו' האט מען דאך אלץ געטאן כדבעי, ווי אזוי טוט מען ווייטער?

זאגט מען, אז ס'איז פארשטאנדיק אז דעמאלט דארף מען האבן א התבוננות יתירה יותר ובטוב יותר וכמה פעמים, וואס אין לשון ההלכה ווערט דאס אנגערופן "ודרשת וחקרת היטב", דער ענין פון דרישה וחקירה.

און אין דערויף גופא איז דא דער חילוק ווי דאס איז בא דיני ממונות, און ווי דאס איז בא דיני נפשות, און מיט די פלוגתא און די שיטות בזה, צי דאס איז דרישה וחקירה בא דיני ממונות וואס מ'דארף ניט האבן, צי דאס איז מה"ת צי דאס איז מערניט מדרבנן, אבער לכל הדיעות בא דיני נפשות דארף מען האבן דרישה וחקירה סיי מה"ת און סיי מדרבנן.

וואס דאס איז דער סיום פון מס' יבמות.

וואס דארטן רעדט זיך וועגן דער דרישה וחקירה בנוגע צו כתובה, וואס דאס איז פארבונדן מיט א גט - מיט התרת אשה לעולם, (א אשת איש לעולם), ווי די גמ' איז דארטן מסביר, אז ס'איז דא אין דערויף דער ענין פון דיני ממונות, און דער ענין פון דיני נפשות און אין דערויף דארף מען וויסן - ס'דארף זיין "ודרשת וחקרת".

וואס דאס איז בדוגמא פון דער כיתה וואס זיי האבן געהאלטן אז זיי האבן ניט מקיים געווען עניני ותפקידם פון "ונצלתם את מצרים", און ס'דארף זיין "ודרשת וחקרת", והראי' - זיי זעען אז דאס איז דער ענין פון דיני נפשות, ווארום א ניס איז די ברירה פון "נפול לים".

[אע"פ וואס אין דערויף איז אויך פארמישט דיני נפשות - "ונצלתם את מצרים", אט דא איז געווען דער ציווי - איז דאך דאס געווען פארבונדן מיט דיני ממונות כלי כסף וכלי זהב ושמלות].

וואס דאס איז דער סיום פון מס' יבמות.

און אויף דערויף זאגט מען אז אויך דער ביאור בזה איז דער ענין (דער זעלבער סיום) פארבונדן מיט א הוראה פון דעם אויבערשטן, פונקט ווי תורת משה וואס דאס איז געגעבן געווארן פון דער אויבערשטער, פונקט אזוי ווי ס'איז דא אין שיעור חומש פון יום זה, אז משה רבינו האט איבערגעגעבן אז דער אויבערשטער זאגט בנוגע צו "נפול לים" אז ס'וועט זיין "תשועת ה'", און מ'וועט בלייבן לעבן,

און עד"ז אויך בנוגע צו "נחזור למצרים" קומט צו אדרבה: א מצוה נוספת "לא תוסיפון לראותם עד עולם", און ווי געזאגט פריער, אז דאס איז א מצוה חדשה, ווי ער זאגט אויף דערויף אין הושבע"פ, אז דאס איז דער פעם הראשונה וואס מ'האט אנגעזאגט אידן דעם ציווי פון "לא תוסיפון לראותם".

און אין דערויף קומט אויך צו אט דער ענין וואס מ'האט געזאגט אז "זדונות נעשו לו כזכיות", וואס אט דאס איז וואס מ'זאגט אז "לא תוסיפון לראותם עוד עד עולם", פרעגט מען דא אויף דערויף די שאלה, אז דערנאך איז געווען "וירא ישראל את מצרים מת על שפת הים" - מ'האט זיי יע געזען?

וואס איינע פון די פירושים בזה איז: און מ'לערנט דערפון אויך די הלכה אז ער זאגט "לא תוסיפון לראותם עד עולם" איז דאס דוקא בחיין משא"כ לאחרי חיין, ברייגנט ער איינע פון די ראיות וואס דא איז געווען "לא תוסיפון לראותם", און דערנאך איז געווען "וירא ישראל את מצרים מת על שפת הים".

וואס אין דערויף איז געווען - וואס מ'זאגט אז ס'איז געווען "וירא ישראל את מצרים מת על שפת הים", זאגט מען אז בא אידן איז געווען א ספק אין דער גאולה צי מ'איז באפרייט געווארן פון מצרים און דערפאר איז געווען "וירא ישראל את מצרים מת" - ס'איז בא זיי בטל געווארן דער ספק, ס'איז ביי זיי צוגעקומען א התחזקות אין אמונה בה' ובמשה עבדו.

וואס דאס איז בדוגמא וואס דורך די זדונות קומט צו א ענין וואס ווערט אנגערופן בשם זכיות.

וואס דאס איז בכללות כאמור דער ענין פון ודרשת וחקרת - דער סיום פון יבמות,

און דארטן אויך "וכל בניך לימודי ה'", דורך דערויף וואס תורת משה גיט איבער דעם אויבערשטן'ס ענטפער - לימודי ה', איז בטל געווארן דער קס"ד אויך פון דער כיתה,

דערנאך איז דא די כיתה וואס זאגט אז מ'דארף מאכן מלחמה, וואס איז דאס?

אז אע"פ וואס אין סומכין על הנס, און ס'איז דאך געווען דער מעטים אנטקעגן רבים, און חלשים כנגד גבורים, וואס ס'איז געווען דער "שש מאות רכב בחור וכל רכב מצרים", מיטן גאנצן שטורעם, איז דאך לכאו' וואס איז דא דער ענין פון מלחמה?, ווילבאלד אבער אז ס'איז ניט געווען קיין אנדער ברירה אדער עובר זיין על

צוווי ה׳, ווי געדערדט פריער וכיו"ב, האט מען זיי געזאגט אז וויבאלד דאס גופא איז א הוראה אז מ'האט דאך א צוווי אויף לשמור על חייו וואס דערפאר קען ניט זיין נפול לים, ס'איז ניטא דער ענין פון "נחזור למצרים" דאס איז היפך פון דאס וואס משה רבינו האט געזאגט.

איז דאס גופא א הוכחה אז אפי' מ'איז מעטים כנגד רבים, איז אעפ"כ דארף מען ארויסגיין למלחמה.

וואס אין מלחמה איז דאך דא אויך די מלחמה בפרט, אז מעטים כנגד רבים דארף זיין דער סדר המלחמה מיט תכסיסי המלחמה, ווי דאס איז דער דין ע"פ הלכה בנוגע א איד וואס גייט למלחמה, איז דא א גאנצער סדר וואס מ'דארף זאגן ביז דעם ענין פון "ירא ורך הלבב ילך וישוב לביתו", און דערנאך דארף מען שטעלן שוטרים און מקלות של ברזל בידיהם און א חלוץ לפניהם מיט א גאנצער סדר פון תכסיסי מלחמה.

וואס דאס איז דער סיום פון מס' נזיר.

וואס דארטן זאגט ער אויך ווי אזוי גייט מען למלחמה, איז דא אט די וואס גייען ארויס און זיי זיינען מתהוללים במלחמה, און זיי גרייטן צו אז דערנאך זאלן ארויסגיין די גבורים גוליירים (נזיר בסופה) זיי זאלן מנצח זיין די מלחמה.

וואס דאס איז בדוגמא צו מברך און עונה אמן ווי ער איז דארט מסיים מס' נזיר.

דערנאך איז ער גלייך מסיים דער סיום, כאמור לעיל, "אראב"ח ת"ח מרבים שלום בעולם", בדוגמא ווי די דריטע כיתה וואס זי האט געזאגט אז נצא למלחמה, און משה האט זיי געזאגט "ה' ילחם לכם", דער אויבערשטער וועט אייך באווייזן דורך תורה ווי אזוי ארויסגיין אויך פון אט דעם מעמד ומצב, ווארום איר זייט די "בניך למודי ה'", מ'לערנט תורה און מ'פירט זיך ע"פ תורה וואס דאס איז דער ענין פון מרבים שלום בעולם, אע"פ וואס דאס איז א עולם וואס מ'זעט אז "מצרים נוסע אחריהם" מיט שש מאות רכב בחור, מיט די אלע פרטים ווי ער רעכנט אויס אין די סדרה.

און דערנאך איז דא די פערטע כיתה, וואס דא איז א פלא גדול ביותר:

די פערטע כיתה האט גע'טענה'ט אז מ'זאל מתפלל זיין פאר דעם אויבערשטן, און ניט סתם א תפלה נאר "נצווח", ויראו בקול גדול, - א ל' של צווחה.

איז לכאו' וואס איז דא די טענה צו זיי, משה האט זיי געדארפט זאגן "ואתם תחרישון", איר ווילט זיך שטעלן דאווענען און מתפלל זיין פארן אויבערשטן און ווילט מתפלל זיין בצווחה ובקול גדול, זאגט ער ניין! ואתם תחרישון!

איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז ס'איז דא א ענין וואס דאס איז נאכמערער ווי דער ענין התפלה.

וואס בכללות האט דאס א שייכות און וועגן דערויף רעדט זיך אין דער סיום פון דער פערטע מסכת - מס' כריתות.

וואס דארטן איז ער מסיים בנוגע צו ענין הקרבנות, אזוי ווי ס'איז דא כבשים און עיזים און בכ"מ איז ער מקדים איין זאך און אין איין ארט איז ער מקדים דעם צווייטן ללמדך אז זיי זיינען שקולים.

וואס וואס איז דער ענין פון כשב ועז תקריבו את קרבנכם, אט דאס איז דער ענין התפלה - תפלה במקום קרבנות תקנום, און דער ענין הקרבן איז דאך געווען כמבואר בכ"מ, ביז ווי דער רמב"ן איז מאריך, אז בשעת ער איז מקריב דעם קרבן

שטעלט ער זיך פאר אז די אלע ענינים סוס זיך מיט עס, חלבו ודמו, מצד די ענינים בלתי רצויים וואס ער האט געטאן, במילא איז ער מתפלל להקב"ה, ביז וואנעט אז יעיד עליו יודע תעלומות שלא ישוב לכם עוד, ווי דער רמב"ם זאגט אין סוף הל' תשובה.

וואס דאס איז די פערטע כיתה וואס זאגט נצווח, מקריב זיין א קרבן, און ניט סתם א קרבן נאר קרבן חשוב, וואס דערפאר דארף מען האבן דעם לימוד וואס איז בעסער צו אימרי יאי צו גדיא יאי, ווי די גמ' איז דארט מפלפל, און געזאגט אז מ'וועט א פרעג טאן בא א כהן וואס ער וועט דאס וויסן פון מעשה הקרבנות, וואס דאס ווייס מען פון תורת משה, ווי מ'ברייגגט די ראי' פון פסוק.

און אויף דערויף זאגט מען דערנאך דער מרבים שלום בעולם, אז אין דעם מעמד ומצב איז דא א העכערער ענין אפי' פון דעם ענין פון מעשה הקרבנות אפי' פון דעם ענין פון תפלות במקום קרבנות תקנום.

וואס איז דאס אט דער ענין?

זאגט דער פסוק גלייך אין דעם שיעור אין דעם יום שלישי שלאח"ז, אז דער אויבערשטער נאך דערויף ווי משה האט מסיים געווען דער "ואתם תחרישון", וואס דאס איז דער ענטפער צו דער פערטער כיתה, וואס לכאו' היתכן מ'לאזט ניט א אידן דאווענען, מבקש זיין צרכיו בכלל, ובפרט אז מ'שטייט אין אזא מין מעמד ומצב,

האט דער אויבערשטער געזאגט אז איצטער איז די צייט "מה תצעק אלי", איצטער איז די צייט "דבר אל בנ"י ויסעו"!

אמת סאקע ענין התפלה איז דאס איינע פון די ג' עמודים שעליהם העולם עומד, עאכו"כ ויזעקו בקול גדול - א צווחה שבתפלה, ווי מ'האט געזעען אין מצרים גופא, אז בשעת ויצעקו אל ה', איז דעמאלט געווען דער "וידע אלקים", און ס'האט זיך אנגעהויבן דער גאנצער מהלך פון דער גאולה,

דערנאך איז אבער דא ווי דער מעמד ומצב פארלאנגט אז א איד זאל צוזאמען לייגן זיין טו"ת און ארויסגיין אין גאס און שפאלטן א ים.

און ווי ס'שטייט אויף דערויף די דוגמא, אז דער ענין פון א ים איז ווי די גמ' זאגט אז הכל מה שיש ביבשה יש בים, נאר וואס איז דער חילוק, אין יבשה זעט מען די ענינים ווי זיי זיינען, בשעת דאס געפינט זיך אין ים איז "כמים לים מכסים", די ענינים שבים זיינען צוגעדעקט מ'זעט מערניט ווי די מים.

וואס אויף דערוף זאגט מען אז דאס איז א דוגמא בנוגע צו דעם מעמד ומצב אין זמן הגלות, וואס "אותותינו לא ראינו", זאגט די גמ' אין נידה אז ניט דער פשט אז דעמאלט איז ניטא קיין ניסים - ס'איז דא ניסים, ואדרבה: "לעושה נפלאות גדולות", נאר וואדען דאס איז מערניט ווי "לבדו" - אין בעל הנס מכיר בניסו.

פארוואס דערקענט ער ניט דעם נס, דערפאר וואס ס'איז דא דער העלם - כמים לים מכסים - דאס איז צוגעדעקט און עס ווייזט זיך אויס אז עולם כמנהגו נוהג - אט דאס איז דרכו של עולם,

וואס כדי צו שפאלטן דעם ים קען מען דאס ניט טאן בשעת מ'געפינט זיך אין יבשה, דאס דארף זיין דער "ויסעו", און אין א אופן אז ס'איז געווען די וואס האבן אנגעהויבן שפרינגען אין ים, און בשעת מ'שפרינגט אין ים איז דעמאלט איז דער "ויסעו" - דאס איז דער אמת'ער אוועקגיין פון זיין פריערדיקע מעמד ומצב, און אט דעמאלט זעט מען די תשועת ה' מיט ה' ילחם לכם מיט אלע ענינים, ווי מ'האט דאס דעמאלט געזען.

וואס דורך דערויף דוקא מאכט מען א שלום צווישן דעם ים און יבשה און צווישן דעם העלם והסתר וואס ער איז מכסה אויף אמיתית העולם, און אויף אמיתית הבריאה, ובל' הרמב"ם [ווי געזאגט פריער] אז יסוד היסודות ועמוד החכמות, ס'איז דא דער מצוי ראשון און מאמיתית המצאו נמצאו כל הנמצאים, ווערט דאך דא די שאלה: וויבאלד אז פון זיין מציאות איז נמצאו כל הנמצאים איז ווי קען זיין אז יצרו אנסו טאן א ענין וואס איז היפך פון דעם רצון פון דעם מצוי ראשון?

איז דאך דאס מערניט דערפאר וואס אין אדם עובר עבירה אא"כ נכנס בו רוח שטות, וואס דאס איז א היפך פון די "חכמות", במילא טוט ער א ענין מצד דערויף וואס דער רוח שטות איז בא עם מכסה און מעלים אויף די מציאות ווי זי איז לאמיתתו, וואס זי איז מאמיתת המצאו.

וואס דעמאלט ווייס ער [ווי ער איז דערנאך ממשיך] ואמת ה' לעולם, משא"כ בשעת יצרו אנסו ונכנס בו רוח שטות ווערט בא עם אט דער סדר.

און אט דעמאלט, איז פונקט אזוי ווי בא א בעל תשובה איז ענינו אויב ער וועט גיין במדידה והגבלה, איז אט דעמאלט שווער ארויסצוקריכן ממעמדו ומצבו, עאכו"כ ווי דער אלטער רבי ברייגנט אראפ, אז דער לשון איז אז אין מספיקין בידו לעשות תשובה, אבער אויב "דחק" איז אט דעמאלט "נכנס".

וואס דאס איז דאך אויך געווען די טענה פון אחר, אז אע"פ וואס ער האט געהערט דעם קול אז חוץ מאחר, האט ער דערפון ניט געדארפט נתפעל ווערן, און אז עס וואלט געווען "דחקי" איז אט דעמאלט וואלט געווען נכנס, ס'וואלט דעמאלט געווען דער ענין פון נכנס, ווי ס'איז טאקע געווען דער ענין פון נכנס,

וברמז ווי געבראכט אין ספרי מוסר, אז כל מה שיאמר לך בעה"ב עשה חוץ מצא, אז אלע זאכן דארף מען פאלגן ווי ס'שטייט אין שו"ע, אחוץ מצא - בשעת ס'שטייט אין שו"ע און דער רמב"ם איז מאריך בארוכה אין הל' תשובה, אז ס'איז דא כ"ד זאכן וואס זיי זיינען מעכב את התשובה.

- וועט ער דערפאר נתפעל ווערן וויסנדיק אז בא אים איז דא איינע פון די כ"ד זאכן אדער ר"ל מער ווי איין זאך, און וועט זאגן צא חוץ מאחר, איז ח"ו אט דאס זאגט ציווי התורה אז "חוץ מצא".

און אט דעמאלט פירט מען אויס דעם "דחק" אז ס'ווערט דער ענין פון "נכנס",

דורך וואס איז דאס אבער? בשעת ער פירט זיך אין א אופן פון מס"נ, בדוגמא ווי די הל' הידועה [אויך די פלוגתא פון דער רמב"ם מיט שאר פוסקים] אז דאס וואס מ'זאגט אז שלשה עבירות איז יהרג ואל יעבר, ווי איז אט דער וואס האט זיך איינגעשטעלט אין אן אנדער עבירה און אויך איז געזוען יהרג און ניט עובר געווען די עבירה, איז דאך דא די פלוגתא פון פוסקים און רמב"ם און אנדערע, צי ער מעג דאס טאן צי ער טאר דאס ניט טאן.

אפי' לדעת הרמב"ם אבער, איז א זיכערע זאך אז וויבאלד אז ער טוט דאס מצד אונס דא איז ניט א ענין פון היפך, עאכו"כ לדעת שאר הפוסקים, און דערנאך אויך לויט דעם פס"ד פון רמב"ם, וואס דארטן איז משמע אז א חסיד שבישראל איז דער וואס איז ניט סתם א איד, וואס דעמאלט איז ג' עבירות, משא"כ בשאר הענינים איז יעבור ואל יהרג, ווארום "ונשמרתם מאוד לנפשותיכם", בא אים איז אבער דא אדער מפני מעמדו ומצב הזמן אדער מצד מצבו ומעמדו, איז אט דעמאלט ווי ער זאגט אין מדרש המכות אשר הוכתי בבית מאהבי, ער פרעגט ביי אים אויף וואס איז די מכה - דערפאר וואס לא אכלתי מצה וכיו"ב, ניט די ענינים פון ג' ענינים (פון די ג' עבירות) איז אט דעמאלט איז אויך די מצוה -

[מ'קען ניט זאגן אז דאס איז א חיוב על כאו"א אבער] ס'איז א מצוה און א דרך חסידות אז מ'זאל אזוי טאן, בדוגמא ווי ער ברייגגט אראפ אין ירושלמי, אז אע"פ וואס די משנה זאגט כך וכך אבער ניט דאס איז משנת חסידים, (היפך פון די מצוה), היפך פון די משנה

דורך וואס פאר א סדר איז דאס - בשעת ער שפרינגט, אז ער איז אדם ישר הולך, און ער גייט אין א דרגא אחר דרגא, און האט קיין שייכות ניט צו ארויסשפרינגען פון זיך איבערשפרינגען דער סדר עבודתן הרגילה, איז אט דעמאלט וועט ער דעצרו ניט צוקומען.

בשעת ער שפרינגט אריבער ווי דער רמב"ם זאגט דאס, אז פריער איז ער געווען אין א דרגא פון א היפך פון א צדיק, און דערנאך איז עשה תשובה, וואס תשובה איז דאך יודע תעלומות יעיד עליו, און יודע תעלומות ווייס דאך במחשבתו, וואס דערפאר איז דאך געבוג אז הרהר תשובה, און דאס איז א זיכערע זאך אז הרהר תשובה איז אט דעמאלט פון א רשע גמור ווערט ער א צדיק גמור! נוסף אויף דער מעלה וואס ער האט פון בע"ת, ווארום ער האט דאך געטאן תשובה, ביז וואנעט ווי די הלכה איז בנוגע קידושין וכמה ענינים.

דורך וואס איז דאס? אז ניט ער גייט פון א רשע גמור ווערט ער א רשע שאינו גמור, און דערנאך ווערט ער א בינוני און דערנאך ווערט ער א צדיק שאינו גמור און דערנאך ווערט ער א צדיק גמור, ניט דאס איז אמיתית ענין התשובה, דאס איז אדלג שור בשעת אז נחשון בן עמינדב שפרינגט אין ים! ניט וויסנדיק אין וואס וועט באשטיין תשועת ה', וואס לכאו' האט ער ניט געפאלגט מ"ר, מ"ר האט געענטפערט צו די כיתה "נפול לים" אז דאס איז ניט קיין שיטה, אעפ"כ בשעת ער האט דערהערט אז משה רבינו גיט איבער אז "דבר אל בנ"י ויסעו", איז אט דעמאלט איז ער געגאנגען, ס'איז ניט געווען קיין נפק"מ צי דאס גייט ער אין יבשה צי דאס גייט ער אין ים - נאר ווייבאלד ס'איז א ענין אז מ'ווערט נעענטער צו מ"ת און ה"ס איז אט דעמאלט איז "ויסעו".

און דעמאלט שפאלט זיך דער ים פאר אלע אידן, און וואס נאכמערער: זאגט ער אין מדרש אז דעמאלט איז נבקעו כל מעינות שבעולם, וואס דערפאר איז בא יריחו אין כיבוש הארץ האט מען געזאגט אז "נמוגו" דערפאר וואס זיי האבן געהערט וואס דער אויבערשטער האט געזאגט בשעת קרי"ס, ווארום בשעת ס'האט זיך געשפאלטן דער ים פאר נחשון'ן האט זיך געשפאלטן דער נהר ארום יריחו.

וואס דאס איז אויך אין כריתות לאחרי מעשה הקרבנות, מעשה הקרבנות איז דאך אויך בדוגמא פון ענין התשובה "יביא קרבן ויתכפר לו", אבער אעפ"כ אין תשובה גופא איז דאך דא כו"כ אופנים ודרגות, ביז אין א תשובה פון שעתא חדא ורגעא חדא, וואס מעשה הקרבנות פארלייגנט א סדר מסודר, ס'דארף זיין דער "ביום צוותו - ולא בלילה", ס'דארף זיין דער ביקור הקרבן שאין בו מום, מ'דארף האבן כהנים בעבודתם ולויים בדוכנם וישראל במעמדם און ביהמ"ק על תילו, ובדוגמת זה אויך בנוגע צו תפלה מסודרת ווי ס'איז א תפלה אין זמן הרגיל.

דערנאך איז אבער דא דער ענין כאמור לעיל, אז ס'דארף זיין דער מעשה הוא העיקר, דבר אל בנ"י ויסעו.

וואס דאס איז אויך די הוראה ביז בימינו אלו,

ובפרט נאך ווי דער בעל ההילולא האט געבעטן און געגעבן כוחות און האט געבענטשט, אז מ'סאר זיך ניט מצמצם זיין אין זיינע אייגענע ד' אמות, אפי' אין ד' אמות של הלכה אדער ד' אמות של תפלה, און מ'געפינט דאך די ביידע ענינים פון ד' אמות אין הלכה און אין גמ' בארוכה אין מדרש.

און מ'מוז ארויסגיין אין דער חוצה אע"פ וואס אין דעם חוצה דארף ער שפאלטן א ים - דאס וואס איז מכסה אויף אמיתית המצאו שממנו נמצאו כל הנמצאים, אז זיי ווייסן גארניט פון דער גנאצער מציאות פון יסוד היסודות ועמוד החכמות, און מ'דארף זיי ערשט אנהויבן פון א' אן, און צוליב דערויף דארף מען אראפנעמען דער העלם והסתר וואס זיי האבן, און אראפנעמען דער העלם והסתר פון וועלט, האט מען דער ציווי ובקשת פון נשיא דורינו פון בעל ההילולא, אז מ'זאל זיך אפגעבען מיט אט דער עבודה.

און דאס וואס ער איז מצוה אחרים לעשות - איז צדיקים דומים לבוראם, ווי דער אויבערשטער איז מגיד דבריו ליעקב חוקיו ומשפטיו לישראל, אזוי אויך צדיקים, אז פריער טוען זיי דאס אליין, דורך דערויף מאכן לייכטער - סלל את הדרך לכל זרעו ולכל תלמידיו און די אלע וואס ווילן זיך דעצרו מצרף זיין.

אז מ'זאל ארויסגיין אין חוצה אע"פ וואס לפי שעה דארף ער דערפאר ארויסגיין פון ד"א של תורה און ד"א של הלכה.

און דארטן ווערט דורך זיין שפרונג וועט דער אויבערשטער שפאלטן דעם ים, און ס'וועט זיין נבקעו כל המעינות שבעולם, דורך זיין פעולה אין זיין חלק בעולם, וועט זיך דאס אפרופן און דאס מסייע זיין צו א אידן וואס געפינט זיך בקצוי תבל, אז ממנו יראו וכן יעשו.

און דערנאך איז אתם תלוקטו לאחד אחד, מ'קלייבט צוזאמען די פעולות און די מעשים של כל אחד ואחת מישראל - די מעשים טובים, און דערפון ווערט א הון יקר ועצום און מכריע עצמו וכל העולם כולו ומביא ישועה והצלה והצלחה.

ביז די ישועה הכללית והעיקרית די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

וואס דעמאלט איז נקריב שם כמצות רצונך, מ'וועט מקריב זיין קרבנות כפשוטם, און מ'וועט דאווענען אין ביהמ"ק כפשוטו - ביתי בית תפלה יקרא און אויך לכל העמים לעבדו כולם שכם אחד.

און דער עיקר - אז ס'זאל זיין - בל' הרמב"ם - הבטיחה תורה שישראל עושין תשובה, זאל דאס זיין מיד, או דערנאך איז ווי דער המשך ל' הרמב"ם ונגאלין מיד במהרה בימינו ממש.

ה. כאמור לעיל איז דאך יעדער ענין אין תורה איז דאך א הוראה, און ניט א הוראה פאר אימיצן אנדערש וואס ער וועט דאס יענעם איבערגעבן, נאר דאס מיינט מען אים אליין, וויבאלד אז כאמור לעיל יעדער איד האט באקומען די גאנצע תורה מתחילתה ועד סופה "מורשה קהלת יעקב", און ער געהערט דאך צו קהלת יעקב, וואס אויף דערויף איז אע"פ שחטא איז ישראל הוא, דאס בלייבט אויף אייביג דאס קען ער ניט משנה זיין,

איז דערפון אויך פארשטאנדיק בנוגע לענינים האמורים לעיל, אז זיי זיינען מערניס ווי איבערגעג'חזר'ט פון ענינים פון תושב"כ און אין תושבע"פ און די מפרשים פון תושבע"פ ביז רבותינו נשיאנו ביז נשיא דורינו - צו דעם בעל ההילולא.

וואס אין דערויף איז די נקודה העיקרית, ווי דערמאנט פריער, ובפרט אין דער התוועדות שלפנ"ז אז "המעשה הוא העיקר".

וואס דערפאר כאן המקום להזכיר, בפרט בנוגע צו די אלע מבצעים, וואס זיי זיינען דאך די ענינים כלליים, און זיי זיינען זיך מסתעף (טיילן זיך פאנאדער), און זיי האבן זייער המשך אין כל עניני התורה כולה.

אנהויבנדיק פון מבצע פון אהבת ישראל, וואס דאס איז דאך א כלל גדול בתורה, ובפרט ווי ער איז מבאר בארוכה אין תניא פרק לב,

און דערנאך די מבצעים וואס מ'דערמאנט לאח"ז, און וויבאלד אז כאו"א מהם איז קובע ברכה לעצמו, והצלחה לעצמו,-במילא דארף דאך אויך זיין דער יגעת בכאו"א מהם.

דער מבצע חינוך, און מבצע תורה, און מבצע תפילין, און מבצע מזוזה, און מבצע צדקה, בית מלא ספרים - יבנה וחכמי', און דער מבצע נרות שבת קודש, און מבצע פון כשרות האכו"ש, און דער מבצע טהרת המשפחה.

וכמדובר כמ"פ בארוכה די פרטים שבדבר, און דער עיקר איז כאמור המעשה הוא העיקר, אז מ'זאל זיך ארייננווארפן אין טאן אין דעם ביתר שאת וביתר עז, אעפ"י וואס עס ווייזט זיך אויס אז מ'האט נאך ניט איבערגעארבעט א תכנית מסודרת אין פרטי פרטים, אפילו אז ניט נאר עס ווייזט עס אזוי אויס, נאר אפילו אויב ס'איז טאקע אזוי.

איז אבער יעדער רגע, איז קען מען דורך א פעולה אין דער רגע מקרב זיין דעם קץ הגלות, וביאת משיח, ווארום ס'איז געבליבן מערניט ווי די פכים קנים, ובלשון פון דעם בעל ההילולא: מערניס ווי צופוצון די קנעפלאך כדי ער זאל שטייען ווי מ'דארף שטיין לפני ממ"ה הקב"ה.

וואס בקרוב ממש וועט זיין דער והשיב לב אבות על בנים, ווארום עס וועט זיין דער יום ה' הגדול והנורא, בביאת משיח צדקנו.

און טאן דאס בפועל, און אויך אין אן אופן פון סופח ע"מ להספיח, איינגווירקן א צווייטן אידן אז ממנו יראו וכן יעשו, און ניט נאר וכן יעשה - פאר זיך, נאר אויך וכן יעשה אין אן אופן פון סופח ע"מ להספיח, אז עס זאל זיין תלמיד ותלמיד תלמידיו וכו', ביז וואנעס אז דאס וועט איינעמען יעדער אידן און אלע אידן, און בדרך ממילא איינעמען די גאנצע וועלט, און עס וועט זיין דער לתקן עולם במלכות ש-ד-י.

וואס דאס איז כאמור, אז עס איז דא די פיר כתות בישראל, וואס יעדער פון זיי איז - כאמור אז ביי אידן דארף מען דאך יעדער ענין רדש'נען לשבח - האט א דרך אין עבודת ה', כמדובר לעיל.

אויך ווי אין פשטות הענינים קען מען מפרש זיין די חילוקי סברות פון די ד' כתות, ווי זיי אלע זיינען געווען אט די וואס בני ישראל יוצאים ביד רמה, דערפאר וואס זיי האבן געזען תשועת ה' כהרף עין, וואס לא עכבם אפילו כהרף עין, איז דאך ניט שייך זאגן אז מיטאמאל זאלן זיי וועלן טאן ח"ו אנטקעגן דעם אויבערשטן.

נאר זיי האבן דאס גופא, מצד אין דעותיהם שוות, האבן זיי געפונען א וועג אין עבודת ה', וואס אויף דערויף באווייזט דער שינוי המצב, און מ'האט געדארפט האבן דעם משה רבינו, דער המורם מעם, וואס מן המים משיתיהו, אז ער זאל זיי באלייכטן די וועג, אז איצטער איז דער זמן גרמא פון דער פעולה, אין אן אופן פון דוקא דבר אל בני ישראל ויסעו.

לאחרי דערויף אבער ווי דאס איז שוין נתגלה געווארן אין תושב"כ, און דערנאך מיט די מפרשים און ביאורים פון תושבע"פ, איז אט דעמאלט קומט דאך א מעמד ומצב אז מ'וועט פרעגן ביי א רב, אדער אפילו אז מ'וועט א קוקט טאן אין קיצוש"ע מעצמו, אדער אפילו ער וועט זיך מערניט ווי מתבונן זיין בעיני בשר, אבער דאס איז עיני בשר פון א אידן, און בן אברהם יצחק ויעקב, און בת שרה רבקה רחל ולאה.

וועט ער גלייך דערזען, אז דאס איז אזא מעמד ומצב וואס ער פארלייגט דעם עיקר העבודה איצטער, דארף זיין אין דער ויסעו, פועל זיין ביי זיך און אויף יעדער אידן וואס ער טרעפט, און א ויסעו אוועק גיין פון זיך, זוכן א צווייטן אידן און מאכן פון אים א נוסע, א מהלך אז ער גייט ארויס ממעמדו ומצבו ביז איצטער, און ער גייט מחיל אל חיל בכל ענייני תורה ומצותי', ווי דער סיום וחותם פון מס' ברכות.

און דעמאלט האט מען די הבטחה, אז בשעת א איד גייט מיט מס"נ, איז ער מצליח, ווי דער בעל ההילולא האט דאס באוויזן אליין, און ער האט דורכגעטראטן די וועג, און האט געשפאלטן דעם ים בימיו, אין אן אופן אז נבקעו כל מימות שבעולם, פון דעמאלט אן זעט מען אז עס איז געווארן א שינוי, א הזזה, אז מ'זאל אנהויבן טראכטן פון דעם וועג אין עבודת השם, ניט רעכענען זיך מיט מדידות והגבלות, נאר גיין מיט מס"נ.

און וואס דעמאלט ווערט מען ניט נתפעל ניט פאר קיין גוי קטן, אפילו ניט פאר קיין גוי גדול, ער רייצט זיך ניט מיט אים, ער גייט אבער אין זיין וועג, אויף ווערן נענטער צו מ"ת ווי ס'איז געווען דעמאלט בפשטות, און צו מ"ת תורתו של משיח ווי דאס איז איצטער.

און דעמאלט ווערט דאס אפגעטאן בשעתא חדא וברגעא חדא, בדוגמא ווי ס'איז דעמאלט געווען דער שפאלטונג פון דעם ים.

און ס'איז טאקע דא אין דערויף דער לגוזר ים סוף לגזרים, יעדערער טוט זיך אויף זיין וועג, אין דעם מבצע, אין א צווייטן מבצע וכו', לויט מעמדו ומצבו ושורש נשמתו, פונקט ווי ס'איז דעמאלט אויך געווען, אז יעדער שבט במסילתו יעלה.

אבער די אלע וועגן פירן צו הר סיני, צו מתן תורה, ווארום זיי ווערן אנגעפירט דורך דברי משה רבינו, וואס ער האט דאס דערנאך אריינגעשריבן אין תושב"כ, און איבערגעגעבן אין תושבע"פ דורך דעם תלמיד ותיק שעתיד לחדש, ביז נשיא דורנו בעל ההילולא, כדי מ'זאל גיין לבטח דרכו און אויספירן דעם אויבערשטנ'ס שליחות.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו ארץ הקודש יקרא לה, וואס אפילו בפי כל אומות העולם, ווערט זי דורך יעדער פאלק אין זיין לשון אנגערופן אז דאס איז ארץ הקודש, צי דאס איז אויף אידיש, צי אויף רוסיש, צי אויף אנדערע לשונות, איז דאס אלץ מיט דעם צוגאב אז דאס איז ניט א סתם ארץ, נאר ארץ הקודש, דורך דערויף אז דאס איז "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית השנה".

וואס "עיני ה' אלקיך בה" האט דאס אויך דעם אפטייטש אז דאס מיינט מען די השגחה פון דעם אויבערשטן, אז כאטש אפילו דער אויבערשטער איז דאך דער שומר ישראל לא ינום ולא יישן, ווארום בשעת עס איז ניטא קיין שינה דעמאלט איז די עינים פקוחות,

איז דאך נאכמערער ביתר שאת וביתר עז דער עיני ה' אלקיך, דער היפך פון יישן, און ינום, בהנוגע צו א"י.

נאר עס פארלייגט זיך אבער פון אידן אז עס זאל זיין דער ענין פון "ויסעו", וואס - וואס הייסט "ויסעו", אוועק גיין פון די אלע הנהגות שאינן מובנות כלל וכלל וואס עס איז געווען ביז איצטער, און גיין מיט אן אדער הנהגה וואס איז אנגעוויזן בתורתינו הקדושה, אין תורת אמת אין תורת חיים, וואס זי איז געגעבן געווארן און נקראת על שמו של משה.

און ווי אין איר איז די שלימות, דער "לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא", הלכה פסוקה אין שו"ע, ווי דערמאנט פריער.

און ווי דערמאנט פריער, די צחות אין אחרונים ובני ישראל יוצאים ביד רמה - וואס דאס ברייגנען פוסקים פון די אחרונים - אז בנוגע צו פסקי הלכות אז מ'פסק'נט ווי דער רמ"א, און ח"ו טאן אנטקעגן, עאכו"כ רח"ל זאגן אז ניט דאס האט ער געמיינט, און דערפאר טוט ער פארקערט פון דעם רמ"א, און זעט אז א צווייטער איד זאל אויך טאן רח"ל פארקערט פון דעם רמ"א.

און געמיינט כמדובר כמ"פ בשפטות, דעם פס"ד ברור ומוחלט, אין שו"ע או"ח, אין הל' שבת סי' שכ"ט, אז בשעת עכו"ם זיינען ממשמשין ובאין, אעפ"י אז זיי זיינען נאך ניט געקומען, איז אויב נאר עס איז דא א ספק, און א ספק ספיקא, און הונדערט ספיקות, און כמה ספיקות, ווי אין די דינים וואס איז אין פיקוח נפש, וואס דאס איז דאך דער סימן וואס רעדט וועגן פיקוח נפש אין הל' שבת, און מיט הל' שבת,

איז דעמאלט נעמט מען כלי זיין, אפילו בשבת, וויבאלד אז עס איז דא א ספק און ספק ספיקא, אז תפתח ותהא נוחה הארץ ליכבש לפניהם, אדער ווי דער לשון פון רמ"א דער לשון ברור.

און מ'פארשפארט זוכן פשט'לעך, און מאכן אסיפות, און מכריז זיין קעגן דעם רמ"א מיט אזוינע לשונות וואס לא הי' לעולמים, ווארום דאס איז אן ענין וואס דער רמ"א האט אליין מאל אפגע'פסק'נט און עס איז א הלכה פסוקה וחתוכה, און א הוראה נצחית, און מ'האט די הבטחה אז דבר אלקינו יקום לעד, אז דער אויבערשטער האט אזוי אפגעפסקנ'ט איז כן יהי'.

און מ'דארף באווארנען רח"ל, אעפ"י וואס פאר מ"ת איז קיין פלא ניט געווען, וואס מ'האט געדארפט באווארנען ד' כיתות, לאחר מ"ת, איז א פלא גדול, ובפרט נאך אז מ'האט געזען די תוצאות פון דער הנהגה פון יעדער כיתה צו וואס דאס האט געבראכט, אז ס'איז רח"ל היפך פון דעם ילכו מחיל אל חיל, איז דאך זה לעו"ז עשה אלקים, אז מ'גייט אין דער צווייטער ריכטונג, און מ'שלעפט מיט נאך א תלמיד און נאך א אידן, און מ'עקשן'ט זיך אין דעם וכו', וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

וואס אין דערויף איז אויך דא די שיטה וואס ניפול למצרים, דער אויבערשטער האט באוויזן א נס, און האט אפגעגעבן א שטח וואס איז געווארן שייכות צו אידן, און אידן האבן דא געלייגט תפילין, און אנגעטאן ציצית, און געלערנט תורה, און געטאן כמה ענינים פון תורה ומצוותי', אפילו אין די שטחים וואס זיינען געווען חו"ל, עאכו"כ וואס מ'האט שוין אפגעגעבן אויך שטיקלעך וואס געהערן צו א"י לגבולותי',

עאכו"כ רח"ל עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום, וואס מ'רעדט וועגן אפגעבן נאך שטחים, נאך שטיקער.

וואס קיינער קען ניט אפשאצן א טפח אין א"י, אן אמה אין א"י, אדער בלשון ווי מ'רופט דאס איצטער אן א "שעל" אין א"י, איז קרקע איז ניט שייך דארט קיין הונאה, עאכו"כ אין ארץ חפץ, אין ארץ חמדה, אין ארץ הקודש יקרא לה.

איז דא א כיתה וואס וויל איינרעדן אנדערע וואס דאס איז א שיטה וואס האט אן אנהאלט אין אידישקייט, אז עס זאל זיין "ניפול למצרים", ער נעמט מיט די הענט און גיט דאס אוועק למצרים, און ווייס אז מצרים זאגט ניט קש און ניט תבן, זיי ווילן א סאך מערער! און זיי זאגן מפורש וואס זיי ווילן, און זיי ווילן אכלתי ואוכל עוד, און ווילן דערבאך נאך און נאך.

די שאלה איז נאר אז דאס זאגט ער וויל ער פאר זיך, און דאס וויל ער פאר א ברודער, און דאס וויל ער פאר א קרוב, און דאס וויל ער פאר א ידיד וכו' וכו'.

און מ'איז דאך שוין געגאנגען, אט די כתה רח"ל האט שוין דורכגעפירט כמה ענינים, צוגענומען ענינים של פקו"נ ממש.

וואס פקו"נ ממש איז דאך ניט נאר געמיינט אט די ענינים וואס מ'דארף האבן ברייט אדער פלייש כפשוטס, נאר אויך כדי עס זאל זיין ברייט דארף מען האבן די "מאשינערי", מיט די אלע זאכן, וואס צוליב דערויף דארף מען האבן "אויל", וואס צוליב דערויף דארף מען האבן די כו"כ ענינים, ווי דער רמב"ם איז מאריך אין פיה"מ ווי אזוי דער כל העולם כולו איז בשבילי נברא, מ'דארף האבן כו"כ ענינים כדי א מענטש זאל האבן צרכיו, ווי די משנה רעכנט אויס סידורא דפת כמה מלאכות.

וואס דאס איז בנוגע צו לחם לאכול, עד"ז בנוגע צו בגד ללבוש, עד"ז להנצל מקור וצינה וואס דאס איז ווי אפגע'פסק'נט אין שו"ע הלכות שבת איז דאס אויך אן ענין נוגע צו בריאות הגוף, ביז צו פקו"נ, דערפאר האט מען דאך דעמאלט מתיר געווען אמירה לנכרי וכו' כמבואר אין הל' שבת (מצד דעם ענין פון קור וצינה).

וואס דאס ווערט געהיצט און געבאקט פון אויל, און מ'האט אפגעגעבן העכער פון ניינציק פראצענט פון די אויל וואס מ'האט געהאלטן ביי זיך אין האנט, און מ'האט דאס אפגעגעבן - ניפול למצרים, פארלאזן זיך אויף הבטחות, מיט די אלע ענינים, וואס אין כאן המקום להאריך אין דעם ענין, וואס דאס איז היפך פון דברים טובים פאר אידן.

דערנאך איז דא אזוינע וואס טענה'ן אז מ'דארף ארויסגיין למלחמה, מ'טענה'ט אז מ'דארף אויפשטעלן ענינים של הגנה, וואס זיי וועלן מפיל אימה זיין, און דעמאלט בשעת דער צד שכנגד וועט זען אז מ'מיינט דאס מיט אן אמת, והראי' מ'האט גענומען נשק, און מ'שרקט זיך ניט, און מ'פאלט ביי זיך ניט אראפ, און מ'שטייט בתוקף, איז א זיכערע זאך אז דעמאלט ווערט "תיפול עליהם אימתה ופחד בגדול זרועך ידמו כאבן",

וואָרום דאס איז ניט מצד כחי ועוצם ידי, דאס איז "בגדול זרועך" פון דעם אויבערשטן, וואס לויט זיין פס"ד אין זיין שו"ע דורך עבדיו דער רמ"א, האט ער דאס ארויסגעבראכט אין א קלארן לשון, אין אן אופן וואס חתוכה ניתנה, האט ער איבערגעגעבן אז דאס איז בגדל זרועך, מ'זאל שטייען מיט נש"ק, וועט מען ניט דארפן פירן קיין מלחמות.

און דארט וואו מ'דארף פירן מלחמות, דארף מען אויף דערויף ניט האבן קיין אידן ס'איז ה' ילחם לכם, איז דא דער וסכסכתי, בני עשיו מיט בני ישמעאל, בני ישמעאל מיט בני עשיו, ווי מ'האט דאס געזען אין די לעצטע חדשים בעיני בשר, אידן האבן אין דערויף זיך ניט געמישט האט דער אויבערשטער איז ילחם לכם דורך וסכסכתי, און ווי ער זאגט אין מדרש אז דעמאלט איז מלכיות מתגרות זו בזו, אידן נעמען אין דערויף גאר קיין איינטייל ניט.

אט דאס וואס אידן דארפן טאן איז זייער חלק ברוחניות, עד"ז אויף זייער חלק בעולם בגשמיות, עד"ז אויף די חלקים וואס ס'דא אויל, עאכו"כ פון די שטחים אין א"י, זאלן זיי שטייען אין אן אופן פון -מוכנים, און דעמאלט אז מ'שטייט מוכן, וואס דאס איז געווען דעמאלט אויך, ובני ישראל זיינען ארויס חמושים מארץ מצרים, טייטשן מפרשים בפשטות אז זיי זיינען ארויסגעגאנגען מיט ה' מיני כלי נשק.

עאכו"כ אז ס'דא נאך דער חושך כפול ומכופל פון גלות, דארף מען אנקומען צו נאך א לבוש, אין דרכי הטבע, אבער מ'האט זיך ניט וואס צו שפארן אז מ'וועט נלך למלחמה, צווישן בני עשיו מיט בני ישמעאל וועט מען זיך דארטן מישן, דאס איז ניט וועגען דערויף רעדט זיך און ניט דאס דארף מען האבן, און אפילו אז ס'איז א

זיכערע זאך אז דערפון וועט ארויס א תועלת, און ס'איז שוין ארויס א תועלת לבני ישראל ווערט דאס געטאן - ה' ילחם לכם, און הרבה שלוחים למקום.

און דערנאך איז דא אזוינע וואס ער טעהנ'ס, אז ער וועט זיך סומך זיין על הנס, אמת טאקע אז ס'שטייט אין שו"ע, אז מ'דארף נעמען כלי נשק, אבער ער איז ניט שייך דערצו, ער וויל ניט האבן קיין שייכות דערצו, און ער וועט זען אז אנדערע זאלן אויך ניט האבן קיין שייכות דערצו, פארוואס, ווייל ער וועט זיך סומך זיין על הנס, נאר וואדען ער וועט טאן א טובה ער וועט מתפלל זיין, דאס איז שוין גוט.

עס איז דא אזוינע וואס זיי זיינען אויך ניט עוסק אין תפלה, און ער זעט אז א צווייטער זאל אויך ניט האלטן בעבודת התפלה, און איז זיי מסביר אז עס איז אן ענין אז עס איז גענוג, איצטער פסוקי דזמרה קען ער איבערהיפרן, ווארום ס'דא דער און דער היתר ער וועט פארשפעטיקן דעם ענין און א צווייטן ענין, וועט ער יוצא זיין מיט זאגן אשרי מיט אלע היתרים.

וואס אפילו בדיעבד הינקען זיי, עאכו"כ אז דאס איז ניט אן ענין של לכתחלה, און רח"ל מ'האדעוועט תלמידים מיט אט דעם סדר, און דעם צוגאנג צו עבודת התפלה, אז ווייבאלד אז עס איז ניטא קיין קרעסערע זאך פון תורה, וואס וועגן דערויף זאגט ער אין דאווענען, גלייך די ערשטע ברכה פון די י"ב אמצעיות פון בקשת צרכיו איז "וחננו.. חכמה בינה ודעת", וואס דאס איז חכמה וואס תורה רופט אן חכמה, בינה ודעת וואס תורה רופט אן בינה ודעת, דאס מיינט מען דער ענין פון לימוד התורה.

אבער כדי זאל זיין דער לימוד התורה דארף זיין ברכו בתורה תחלה.

און ווי דער ר"ל און די מפרשים טייטשן אפ אז מ'האט געלערנט תורה, מ'האט אבער ניט געערדט, און נאכמער ניט געטראכט וועגן נותן התורה, און פון דערויף איז געווארן דער היפך פון די וואס פאלגן דעם רמ"א.

און זיי נעמען דעם נשק און דורך דערויף ווערט בטל די אימת המלחמה, ברייינגען זיי רח"ל צו דעם ענין וואס די גמ' זאגט, פארוואס איז דאס געווארן, דערפאר וואס לא ברכו בתורה תחלה, ואעפ"י וואס מ'איז גלייך דארטן מפרש די מפרשי הש"ס אז מ'האט געלערנט א סך תורה, עס איז אבער געווען אן ברכת התורה, במילא האט ער פארגעסן אשר נתן לנו את תורתו,

עאכו"כ אז ער האט ניט געדיינקט דעם אויבערשטן, ווארום ער איז געווארן בעה"ב, בעה"ב אויף תורה בעה"ב אויף דעם איד וואס וויל זיך צוהערן צו דעם וואס ער רעדט ביז, וואנעט א בעה"ב כביכול אויף דעם אויבערשטן, דער אויבערשטער זאגט אז מ'דארף נעמען כלי נשק, ווארום נוחה הארץ להכבש לפניהם, זאגט ער אז בא אים קומט דאס אויס אז דאס איז ניט אזוי, וואס אין כאן המקום להאריך בזה, בפרט נאך אז דאס איז אן ענין המצער און ס'איז כדאי אויסצונוצן די רגעים פון יום ההילולא אויף ענינים טובים און בזכותם של ישראל.

און דערפאר זאגט ער אז אפילו אז דער איד זאגט ואנחנו נצווח, צי דאס איז קול תורה, אדער קול תפלה, איז א זיכערע זאך אז עס מוז זיין לימוד התורה, א זיכערע זאך אז ס'מוז זיין עבודת התפלה, ביז וואנעט אז מ'זאגט אז דאס איז יקרה מפנינים און כה"ג שנכנס לפני ולפנים מיט די גאנצע הפלאה שבדבר.

דערנאך פסק'נט אפ דער שו"ע, אז מצוה שהזמן גרמא איז דאס דוחה דעם ענין של לימוד התורה, און ער דארף טאן די מצוה ווייבאלד אז דאס איז הזמן גרמא, אפילו די וואס לערנען ניט שו"ע ווארום ער איז יוצא מיט לימוד הש"ס - זאגט דאס די גמ' אין מו"ק אין ירושלמי און בבלי זכו'.

אבער לאנשים כערכינו, וואס קוקן אין שו"ע, עאכו"כ וואס לערנען דעם שו"ע, עאכו"כ אז מ'לערנט דאס אז עס זאל זיין ללמוד וללמד, ע"מ לשמור לעשות ולקיים, כאמור, איז דאס א פס"ד ברור אין שו"ע, אז מצוה שהזמן גרמא, אפילו סתם מצוה שהזמן גרמא, איז דאס דוחה חפציך ולא חפצי שמים בלשון הגמ', ביז ווי דער פס"ד וואס דברה תורה כלשון בנ"א אז דאס איז דוחה.

און דעמאלט ווערט דערנאך די כל ענינים טובים, און אויך הצלחה מרובה, אין דעם לימוד התורה שלאח"ז, נאך דערויף וואס ער האט מקיים געווען די מצוה שהזמן גרמא,

און דעמאלט ווער דער סדר פון "ויסעו", אז מ'גייט אוועק פון די הנחות וואס מ'האט געהאט ביז איצטער, ווארום אין לך דבר העומד בפני התשובה, און וואו איז געהאלטן מיט א רגע פאר דעם, האט ער דעם כח, און הקב"ה עוזרו, אז בשעתא חדא און ברגעא חדא, כאפט ער זיך און היילט זיך.

און זעט די אלע וואס ביז איצטער האט ער רח"ל אראפגעפירט פון וועג, זוכט ער זיי און ער איז זיי מסביר אז דבריכם שאמרתי לפניכם, ווי א גרויסער אמורא האט דאס געזאגט, און דערנאך האט דאס תורה ארייגעשטעלט אין תושבע"פ אלס א הוראה נצחית, אז אין וואס באשטייט די גרויסקייט, אז ער האט ביי זיך די גרויסקייט און זאגט דאס אפן, און זאגט דאס פארקערט, אט דאס איז זיין וועג אין לימוד התורה, אז דברים שאמרתי לפניכם טעות הוא בידי, ווארום ער האט דערזען דעם ענין אין שו"ע, איז ביים אים קיין ספק ניט, או ער הייסט אלעמען אז מכאן ולהבא דארף מען טאן אין אן אופן פון "ויסעו".

און מ'גייט דעמאלט בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו, ווארום מ'גייט צוזאמען מיט דער תורה וואס זי מאכט פון אלע אידן איין זאך, און מאכט איין זאך פון זיי צוזאמען מיט חלקם בעולם, כספם וזהבם איתם, ביז וואנעט ונצלתם את מצרים, מ'נעמט ארויס אלע ניצוצות קדושה גאנצערהייט, בכל מקום שהם.

און מ'גייט מקבל זיין פני משיח צדקנו, און אין אן אופן ווי מ'זאגט אין דעם סדרה פון דער וואך אין דעם שיעור וואס מ'האט געלערנט ערב יום ההילולא, ובני ישראל יוצאים ביד רמה.

מקבל זיין פני משיח צדקנו במהרה בימינו ממש.

ו. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה באתי לגני (הוגה ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א ויו"ל בקונטרס בפ"ע).

ז. עס איז דאך אויך, ווי ס'איז ידוע פון די תקנות פון בעל ההילולא, בנוגע צו די שיעורים בתורה הידועים והקרואים, וואס עס איז שוין אויך אפגעדרוקט, וואס ר"ת חת"ת, חומש תהלים און תניא, דער שיעור אין חומש בפרשת השבוע, ביום ראשון פון התחלת הסדרה ביז שני, ועד"ז ביום שני ביז שלישי, ועד"ז בשאר ימות השבוע.

עד"ז אין תהלים ווי ער איז נחלק לימי החודש, ועד"ז אויך אין תניא, ווי דער בעל ההילולא האט דאס פאנאנדער געטיילט אויף ימות השנה, אויף אנהויבן דאס בי"ט כסלו, און דערנאך פארענדיקן דאס בי"ח כסלו שלאח"ז, ווי שוין געדרוקט און גערעדט בכ"מ בארוכה וכל הפרטים שבדבר.

וואס דאס איז דאך בכל שנה ושנה אזוי, עאכו"כ ווען ס'איז דא דער "ויהי בשלשים שנה", בדוגמא ווי ער זאגט אין יחזקאל, אז בשעת עס האט זיך געענדיקט די שלשים שנה איז געווען א דבר נפלא שלא בערך ענינים שלפנ"ז, ובפרט נאך ווי דער צ"צ ברייננגט בדרושים שלו אין הערות צו תניא, און אין אוה"ת ובכ"מ, און אויך ביוסד און פארבונדן דערמיט וואס ער זאגט אין עבודה"ק און אין שערי אורה, אז

דאס איז שלשים שנה איז נאך דערויף הויבט זיך אן א תקופה חדשה שלא בערך למעליותא, און ס'איז מעלין בקדש.

פארבונדן אויך מיט שלשים שנה ווי דער אפטייטש פון דעם - שנה מלשון שינויים, וואס בכל שנה ושנה בפני עצמה איז דאך דא כל שינויים האפשריים במשך פון י"ב חדשי השנה, וואס יעדער שינוי פון די ששה ענינים וואס ער רעכנט אויס פון קור וחום און יום ולילה און זרע וקציר לא ישבותו, און ווי די גמ' זאגט אין ב"מ אז יעדער ענין פון זיי האט ב' חדשים, צוזאמען י"ב חדשים, וואס דאס איז כולל אלע שנויים האפשריים אין דעם לא ישבותו, אין הנהגת העולם.

און דערפאר אז ס'הויבט זיך אן א שנה חדשה נאך די י"ב חדשים, ווערט דאס אנגערופן שנה, דאס איז מערניט ווי איבער גע'חזר'ט נאכאמאל די פארשידענע ענדערונגען וואס עס איז שוין געווען אין די י"ב חדשים שלפנ"ז.

נאר וואדען מ'ווייס דאך ווי ער זאגט אין אגה"ק, אז מידי שנה בשנה איז דא אן עלי', איז דאס טאקע די זעלבע חילוקים פון זרע וקציר און קור וחום ויום ולילה, איז דאך פונדעסטוועגען שטייען זיי אלע אין א העכערן אופן.

וואס דאס איז מידי שנה בשנה, אעפ"י וואס חזר'ט זיך איבער איז דאס בכללות, אבער אין דעם איבערחזר'ן איז דאס אויף א העכערן אופן, דערנאך איז דא ווי דאס איז אין שלשים שנה, בשעת מ'גייט דורך א תקופה פון דרייסיק יאר, איז דעמאלט ווערט גאר א שינוי און אן עלי' אין אן אופן נפלא.

וואס ע"ד ווי דאס איז אזוי אין די שלשים שנה בחיים חיותו בעלמא דין, ווי געדערעדט בארוכה אין די דעמאלטדיקע פארברייינגען, וואס דעמאלט איז דאך בפשטות בשעת פטירתו, איז כל עמלו אשר עמל בכלל, ובפרט אין די שלשים שנות הנשיאות, שטייען זיי דעמאלט ווי זיי זיינען בשרשם ומקורם, און זיי קומען אראפ למטה, און איז פועל ישועות בקרב הארץ.

עד"ז ווי גערעדט כמה פעמים אז יש בגר בקבר, אז עס איז דא די עלי' בזמנים לאחרי ההסתלקות, און ווי פארשטאנדיק פון די סיפורים פון בעל ההילולא בנוגע צו קאפיטל פ"ד פון דעם רבי'ן נ"ע פון זיין פאטער, אז דעמאלט איז ער אויך געווארן עלטער מיט צוואנציק יאר, דערפאר האט מען געזאגט דעם קאפיטל תהלים המתאים, כאטש אפילו דאס איז געווען לאחרי ההסתלקות פון זיין פאטער, דערפאר וואס א יאר קומט צו אויך א יאר ווי די נשמה שטייט למעלה.

וואס דאס איז דאך אויך מבואר, אז דערפאר טוט מען די אלע ענינים פון יארצייט אעפ"י וואס עס איז שוין דורכגעגאנגען כמה זמן, ניט נאר דערפאר וואס דאס איז נוגע צו די וואס געפינען זיך למטה, א ענין של תשובה, נאר מ'זאגט אויך כמורגל בפי די בנ"י אז דאס איז אן עלי' פאר דער נשמה, און א זכות פאר דער נשמה וואס זי געפינט זיך בעולמות העליונים, איז ער אויך מידי יארצייט ביארצייט עולה מיט אן עלי' נוספת, וואס דאס איז כאמור מידי שנה בשנה.

דערפון איז אויך פארשטאנדיק בדוגמת זה אז עס גייט דורך שלשים שנה אין די עולמות העליונים ווערט אויך דעמאלט א שינוי שלא בערך, א שינוי נפלא לגבי די עליות און די יארצייט'ן מידי שנה בשנה.

יעדער ענין אין תורה און בפרט פארבונדן מיט נשיאים, וואס לא יעזוב את צאן מרעיתו, איז דאך פארשטאנדיק אז דאס דארף אראפקומען אין די הנהגה און אין דעם מעשה בפועל פון זרעו בחיים צאן מרעיתו, איז דערפון אויך פארשטאנדיק אז אין די אלע ענינים וואס זיי זיינען געווען עמלו אשר עמל בו במשך ימי חייו, דארף צוקומען ביי זרעו און ביי תלמידיו און ביי תלמידי תלמידיו, און די וואס וועלן ווערן מכאן ולהבא תלמידי תלמידיו, וויבאלד אז עס איז דורכגעגאנגען שלשים שנה, אלערליי שינויים וואס איז בשנה אחת, און דערנאך איז יעדער שינוי פון זיי קומט

צו די מעלה אז דאס איז דער שלשים שנה פון יעדער שינוי ד.ה. אז אין יעדער שינוי און פרט וואס איז דא אין יעדער שנה ושנה איז דא אן עלי' פון שלשים.

און ווי דער צ"צ פארבינדט דאס אז דאס איז כולל עשר אורות פנימיים און עשר אורות מקיפים, און עשר אורות וואס זיי זיינען למעלה ממקיף ופנימי, מיט נאך כמה פרטים ווי ער רעכנט דאס אויס, ביז אויך עס קומט ווי דאס איז למטה אין מחדו"מ.

איז דערפון אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דעם הידור און צו דעם קאכן זיך בנוגע צו חת"ת, דערפון אויך פארשטאנדיק בכל המוסדות וואס זיי זיינען נתייסד געווארן דורך בעל ההילולא, אדער נתייסד געווארן שפעטער, ע"י זרעו בחיים ומתנהלים ברוחו ע"פ תורתו וע"פ שיטתו.

כולל אויך אין דעם ענין וואס איז איינגעפירט אויך אין דעם יום ההילולא, מ'זאל מאכן א מגבית אויף קרן הורה, וואס פון איר גיט מען פאר די וואס זיי לערנען הורה לשמה, אן קיינע כוונות, אפילו ניט קיין כוונות של קדושה, אדער זייטיקע כוונות - ניט דער ענין פון תורה בפני עצמה, וכל המרבה ומוסיף מוסיפין לו.

און דער וואס וויל קען אנשרייבן אין א פתקה בפני עצמה שמו ושם אמו, כדי צו לייגן די פתקה, אדער לייענען די פתקה, אויפן ציון פונעם בעל ההילולא בעת רצון.

און ויהי רצון, אז בקרוב ממש זאל מען זוכה זיין אויסנוצן דעם גלות, וואס כל הגלויות - כאמור לעיל - איז דאך נקראו ע"ש מצרים, במילא איז דאס פארבונדן מיט פרעה, אז אזוי ווי דעמאלט איז געווען "כימי צאתך מארמ"צ איז געווען "בשלח פרעה" אז פרעה האט מיטגעשיקט, און בסתר געווען מוסר געווען, און מרבה געווען כמה וכמה כורים אויף יעדער ענין וואס מ'האט איינגעזייט במשך זמן הגלות, און דאס איז נאך געווען נאך זייענדיק אין גלות האט מען שוין באקומען די כלי כסף וכלי זהב, און די שמלות מיט כל הענינים, ביז אין אן אופן פון ונצלתם.

זאל דאס אזוי זיין אין די לעצטע טעג פון גלותינו עתה, ביי כאו"א בעבודתו, און מ'זאל מיטנעמען די אלע ענינים ווי זיי זיינען ברוחניות, ואין ענין יוצא מידי פשוטו די אלע ענינים ווי זיי זיינען בגשמיות וכספם וזהבם אתם.

און די וואס דאגה'נען זיך וועגן רווחים, און גרויסע רווחים, זאל זיי דער אויבערשטער אראפנעמען די דאגות דורך דעם וואס ער וועט זיי געבן רווחים ווי זיי ווילן.

איינער שרייבט מיר הונדערטער טויזענטער דאלארן, איז א איד האט א השגה אויף ריבי רבבות, וואס ע"פ פשטות ריבי רבבות זיינען נאר דער טייטש א רבבה, ניט נאר דער טייטש א צען טויזנט, נאר דאס איז א ריבוי גדול, אבער רבי רבבות אפילו בפשטות צען טויזנט מיליאן, וואס הונדערט מיליאן איז לכל הדעות מערער ווי הונדערטער טויזנטער.

אבער בכ"א ס'דארף דאך זיין די התחלה מן המועט אל המרובה, זאל זיי דער אויבערשטער געבן פריער הונדטערטער טויזנטער דאלארן, און דערנאך וועלן זיי זיך ארייננשרייבן אין די קטיגוריא פון די מיליאנערן, אפילו בגלוי, ווארום ווי דער סדר העולם איז, אז מ'פארשרייבט זיך אפיציעל אז מ'איז א מיליאנער איז א סימן אז מ'האט דאס בלשון רבים, ווארום א ניט וואלט ער דאך ניט מגלה געווען כל אשר יש לו, וואס ער האט אוצרות כל הון יקר וואס דאס וויל ער ניט מגלה זיין, כדי שלא תשלוט דער עין בלתי רצוי' פון דער "רעווענין סערוויס", במילא אז מ'זעט שוין אז ער מוז שוין מגלה זיין אז ער האט צוויי, צוויי מיט א האלבן, אדער ווי געדעדט פריער רבי רבבות - צען מיליאן, איז א סימן אז ער האט כמה פעמים ככה.

און דער עיקר פארנוצן דאס אויף געזונטע זאכן און פריילעכע זאכן, אויף עניינים של תורה ומצוותי', ביז וואנעט אז מ'וועט זוכה זיין, ווי דער רמב"ם איז מסיים ספרו, אז ס'וועט זיין א ריבוי מעדנים, ביז וואנעט אז די מעדנים וועלן נחשב ווערן כעפר, און אין וואס וועט מען ליגן און מ'וועט זיך קאכן, אין לידע דעת בוראם, און ברייננט אויף דערויף שנאמר ומלאה הארץ דעה את הוי' כמים לים מכסים ובמהרה בימינו ממש.

ציוה לנגן: עוצו עצה, הושיעה את עמך, פרזות תשב ירושלים, כ"ק אד"ש ניגן צמאה לך נפשי.

ח. איצטער, פון די אלע מבצעים און פון די אלע פארברייטערונגען און א גאנצן רעדן און החלטות טובות - זאל בקרוב ממש קומען דער "מבצע" האמיתי והכי גדול פון גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

וואס דער אויבערשטער אליין וועט מלקט זיין, כמאמר הכתוב, מקרא מלא דיבר הכתוב, "ואתם תלוקטו לאחד אחד בית ישראל".

און פירן, דער אויבערשטער אליין, יעדערן פון זיי, און זיך אליין, "ושב הוי' אליקך את שבותך וריחמך גו' והרבך מאבותיך".

בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה - וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן "כי בשמחה תצאו וגו'".

* * *

**(לאחרי שמסרו לכ״ק אדמו״ר שליט״א – באור לי״ג בשבט ה׳תש״מ – רשימות–הראשונות של המשתתפות תי׳ בכתיבת ספר התורה על שם כ״ק אדמו״ר שליט״א והרבנית שתליט״א,**

**לרגל מלאת חמשים שנה לחתונתם לאריכות ימים ושנים טובות ולרגל שנת השלשים לנשיאות כ״ק אדמו״ר שליט״א – אמר (באידית. ולהלן תירגומו בלה״ק)):**

„נכנסתן הרי בקשר לספר תורה[1], ויש להזדרז בכתיבת ספר התורה, ולהשתדל לסיימו לקראת ראש השנה לחסידות, י״ט כסלו, הבע״ל, שענינו קשור לתורה.

בודאי תבינו גם מעיל וכו׳ לספר תורה, ואבקשכן להתקין, כפי מנהג הדורות, גם „יד״ מכסף וכו׳״.

(מסר השתתפותו והשתתפות הרבנית שתליט״א בכתיבת ספר התורה).

„בכסף שייאסף תעשנה עוד[2] הרבה דברים טובים ומועילים.

ובאם ח״ו תתעכב ביאת משיח צדקנו עד אז,

יהי״ר אשר בספר תורה זה, ביחד עם עוד הרבה ספרי תורה, נלך לקבל פניו

אשר הוא ילמד תורה את כל עם ישראל[3] ואותנו בכלל.

ויתן השי״ת שנזכה בקרוב ממש לביאת משיח צדקנו״.

---

הוספה לאחר זמן:

1) ראה חנוך לנער בתחלתו „דו און דיין מאן זאלט שרייבן א ספר תורה״. וראה מנחת חינוך מצות תרי״ג. וש״נ. וראה ברכות (יז, סע״א): נשים במאי כו׳. שו״ע האדה״ז או״ח סו״ס מז.

2) ע״פ הנהוג ומפורסם (והמנדב — מלכתחילה ע״מ כן נותן) שמותר מגבית כזו ניתן לענייני תומ״צ, כפי ראות עיני מארגני המגבית.

3) ראה לקו״ת צו יז, א. שער האמונה פנ״ז ואילך.

בס"ד. שיחת ש"פ בשלח, ט"ו בשבט ה'תש"מ. הנחת הת' בלתי מוגה

א. ס'איז דאך דער שבת וואס קומט נאך יו"ד שבט, "העשירי יהי' קודש"[1], וואס אין דעם שבת ווערן נתעלה אלע ענינים פון יו"ד שבט.

און ע"ד ווי מ'האט גערעדט אין דעם שבת שלפנ"ז[2], אז אע"פ וואס יו"ד שבט איז "העשירי יהי' קודש", ביז אז אין איר ווערן נתאחד בײדע ענינים פון קדושה, סײ דער ענין פון "קדש מלה בגרמי'"[3], און סײ דער ענין פון "קדוש" וואס ווערט נמשך למטה[4] - פונדעסטוועגן איז דער שבת פאר יו"ד שבט מברך אויך דעם טאג פון יו"ד שבט, וואָרום שבת איז "מיני' מתברכין כולהו יומין"[5] - די ששת ימי השבוע וואס קומען נאך אים,

עד"ז איז בנוגע צו דעם שבת נאך יו"ד שבט, אז אלע ענינים פון "העשירי יהי' קודש" ווערן נתעלה אין דעם שבת.

ב. די בײדע ענינים פון קדושה וואס ווערן נתאחד אין דעם טאג פון "העשירי יהי' קודש", און וואס ווערן מתבדך פון דעם שבת שלפניו, און ווערן נתעלה אין דעם שבת שלאחריו - געפינט מען אויך אין דעם כללות הענין פון א נשיא:

פון איין זײט איז דער ענין פון א נשיא כשמו, מלשון "נשא את ראש"[6] - דער ענין פון התנשאות, אז ער איז אויפגעהויבן און העכער פון אלע ענינים,

ביז אז מ'פארגלײכט דעם ענין הנשיאות צו דעם ענין המלכות, און מ'זאגט ניט מלכות עצמית, נאר מ'זאגט אז בײ אים איז דא התנשאות עצמית[7].

און מ'זאגט אויף א נשיא אז "אין על גביו אלא ה' אלקיו"[8], אז דער נשיא איז מובדל מכל הענינים, אזוי ווי "ה' אלקיו" איז מובדל מכל הענינים.

ביז אז ניט נאר דער "ראש" פון דעם נשיא איז מובדל מכל העם, נאר "משכמו ומעלה גבוה מכל העם"[9], ד.ה.[10] אז אפילו "שכמו" וואס איז נאך נידעריקער פון דעם עיקר האדם, וואס

- דאס -

---

1) ל' הכתוב - בחוקותי כז, לב. וראה זח"ב רעא, א.
2) שיחת ש"פ בא ס"א. 3) זח"ג צד, ב. 4) ראה לקו"ת נצבים נ, ב. ובכ"מ. 5) ראה זח"ב סג, ב. פח, א. 6) ל' הכתוב - במדבר ד, ב. נשא ד, כב. 7) המשך תער"ב ח"א פקכ"ב. ד"ה תקעו עזר"ת בתחלתו. ד"ה אדון עולם תש"ג פ"ד. ובכ"מ.
8) הודיות יא, ריש ע"ב. 9) ש"א ט, ב. 10) ראה אוה"ת וירא (כרך ד) תשסד, ב. שה"ש (כרך ב) ע' תיד-חטו. ובכ"מ.

דאס איז דער ראש, און עאכו"כ אז דאס איז נידעריקער פון דעם פנימיות שבראש (וואס אין ראש גופא איז דאך דער עיקר ניט דער ראש, נאר די פנימיות שבראש), און דערצו איז שכם - בחי' אחוריים -

אעפ"כ איז אויך "משכמו ומעלה" איז ער "גבוה מכל העם", אז אויך "שכמו" איז אפגעטראגן פון דעם גאנצן עם, ועאכו"כ אז די פנימיות שבראשו איז אפגעטראגן פון דעם גאנצן עם.

וביחד עם זה זאגט מען אז א נשיא האט א שייכות צו דעם עם, וע"ד ווי דאס איז אין דעם ענין המלכות, אז "אין מלך בלא עם"[11], וואס "עם" איז דוקא דער מין האדם, ווארום אויף זבובים איז ניט שייך צו זיין א מלך (ווי דער לשון ברענגט זיך[12]).

ד.ה. אז אזוי ווי מלכות איז מושרשת אין רדל"א, רישא דלא אתיידע, וואס דאס איז העכער פאר דעם שרש פון ז"א[13], און ביחד עם זה איז מלכות יורדת אין בי"ע, ווארום "אין מלך בלא עם" -

עד"ז איז דער נשיא מובדל ומרומם ומנושא מכל העם, און ביחד עם זה איז "אין מלך בלא עם", וואס לגבי מדריגתו איז דאך יעדער מדריגה למטה ממנו - די מדריגה פון "עם", ביז אז דאס ווערט נשתלשל למטה אין אן עם כפשוטו, "עם מלשון עוממות"[14].

ג. עד"ז געפינט מען די ביידע ענינים ביחד אין דעם ענין השבת:

פון איין זייט איז שבת דער ענין פון שביתה וביטול, וואס דאס איז העכער פאר אלע ענינים פון מלאכה וכו',

און פון דער צווייטער זייט איז שבת דער ענין פון שביתה ומנוחה פון דעם ענין המלאכה, וואס פון דעם גופא וואס מ'זאגט אז דאס איז מנוחה פון מלאכה, איז פארשטאנדיק אז דאס האט עפעס א שייכות צו מלאכה, וואס דערפאר דארף מען דאס שולל זיין.

אין א נידעריקערע דרגא - געפינט מען די ביידע ענינים אין דעם ענין הזמן פון שבת:

פון איין זייט איז שבת למעלה מהזמן, וואס דערפאר

- זאגט -

---

11) עמה"מ שער שעשועי המלך רפ"א. בחיי עה"פ וישב לת, ל. שעהיוה"א רפ"ז. 12) רד"ה זה היום תר"ס. 13) ד"ה יו"ט של ר"ה תש"ג פ"ג. ובכ"מ. 14) שעהיוה"א שם.

זאגט מען בכל יום ראשון "היום יום ראשון בשבת", דערפאר וואס אין שבת איז דא די עלי' אין למעלה מהזמן, און ביום ראשון שלאח"ז הויבט מען אן פון-דאס-ניי "היום יום ראשון", כמבואר אין לקו"ת[15] ובכ"מ.

וביחד עם זה איז שבת דער יום השביעי, און שבת איז "מיני' מתברכין כולהו יומין", וואס דאס באווייזט אויף דער שייכות פון שבת מיט דעם ענין הזמן פון ימות השבוע.

ד. ע"ד די צוויי ענינים וואס מ'געפינט אין דעם ענין פון א נשיא ועד"ז אין דעם ענין פון שבת (אז פון איין זייט איז דאס מובדל פון כל הענינים, און פון צווייטן זייט האט דאס א שייכות מיט די ענינים) - איז בדוגמא לזה אין די צוויי ענינים האמורים לעיל (ס"א) אין דעם טאג פון "העשירי יהי' קודש", אז פון איין זייט איז דאס "קדש מלה בגרמי'", און פון דער צווייטער זייט איז דאס "קדוש" וואס ווערט נמשך למטה.

און וויבאלד אז "קדש" איז די בחינה פון חכמה[16] - דערפאר געפינט מען די ביידע ענינים אויך אין חכמה:

פון איין זייט זיינען אלע ענינים אין חכמה בהעלם וכו', און לאידך איז חכמה דער ראשית ומקור פון אלע גילויים און ספירות וואס וועלן דערנאך זיין, ווי עס שטייט אין תניא[17].

ה. און דער טאג פון יו"ד שבט, וואס ער איז כולל אין זיך די ביידע ענינים פון "קדש" (דער ענין פון "קדש מלה בגרמי'", און דער ענין פון "קדוש" וואס ווערט נמשך למטה) ווערט געבענטשט פון דעם שבת וואס קומט פאר יו"ד שבט,

ועד"ז ווען עס קומט דער שבת נאך יו"ד שבט, וואס דאס איז שבת זו, ווערן נתעלה אלע ענינים וואס מ'האט געטאן אין יו"ד שבט, ווארום אין שבת איז דער "ויכולו השמים והארץ וכל צבאם"[18] פון די ששה ימים שלפנ"ז.

ביז אז דער "ויכולו" איז אין אן אופן פון "ויכולו" מלשון "כלתה" און "חמד" און "רגינת" (ווי ער טייטשט אפ אין תרגום[19]) און מ'פארבינדט דאס[20] אויך מיט דעם וואס

- מ'זאגט -

---

15) שה"ש כה, סע"א. 16) תו"א משפטים עה, ב. לקו"ת צו מב, א. מסעי צג, א. ובכ"מ. 17) שעהיוה"א ספ"ח ורפ"ט. 18) בראשית ב, א. 19) ראה תרגום ירושלמי הובא בבעה"ט עה"פ (בראשית שם, ב) ויכל אלקים (וראה גם תיב"ע עה"פ ש"ב יג, לט): וחמד. תיב"ע עה"פ (תהלים קיט, פא) כלתה לתשועתך נפשי, ועה"פ (שם קמג, ז) כלתה רוחי: רגינת. 20) בעה"ט שם. ועוד.

הנחת הת' בלתי מוגה

מ׳זאגט "חמדת ימים אותו קראת", וואס לכאורה ווען איז געווען "קראת"? זאגט מען אז דאס איז דער "ויכולו" (מלשון "חמד") פון יום השביעי,

וואס דאס איז דער ענין פון תענוג, און ווי דער צ"צ איז דאס מבאר אין אוה"ת[21].

ד.ה. אז בשבת זו שטייען אלע ענינים וואס מ׳האט געטאן אין יו"ד שבט אין אן אופן פון תענוג.

ו. דער טעם אויף דעריף וואס דאס קומט ארויס (אין דעם שבת נאך יו"ד שבט) אין אן אופן פון תענוג - איז דערפאר וואס כל הענינים הויבן זיך אן פון דעם ענין התענוג, וואס דערפאר ברענגט דאס דערנאך ארויס אן ענין של תענוג.

און ווי מ׳זעט דאס בפשטות, אז אין אלע ענינים איז דא אן ענין של תענוג:

ס׳איז דא דער ענין פון תענוג וואס איז דא אין אכו"ש, דערנאך איז דא תענוג אין דעם ענין השכל, ביז אז ס׳איז דא נאך א העכערער תענוג אין חכמת התורה, ווי די גמרא[22] זאגט אז בשעת ר׳ אבהו האט געפונען "תוספתא עתיקתא" (אדער ווי די צווייטע גירסא[23] - "תוספתא חדתא") האט דאס געבראכט צו א תענוג הכי גדול,

און וויבאלד אז די אלע ענינים ברענגען ארויס דעם ענין התענוג - איז פארשטאנדיק אז בשרשם ובהתחלתם זיינען זיי געשטאנען אין תענוג, ווארום אויב זיי וואלטן לכתחלה ניט געשטאנען אין תענוג, וואלט שפעטער אויך ניט ארויס-געקומען אן ענין של תענוג.

די נפק"מ איז נאר, אז קודם ווי עס איז דא מעשה האדם וואס ברענגט צו א תענוג - שטייט דער תענוג בכח, משא"כ נאך דערויף וואס עס איז געווען מעשה האדם - איז דא דער תענוג בפועל,

ביז אז עס ווערט נתגלה דער תענוג ווי דאס איז בתכלית השלימות,

און דעמולט זיינען דא ביידע מעלות: סיי אז מ׳האט מעשה האדם בפועל, און סיי אז דאס שטייט אין אן אופן פון שלימות התענוג בגלוי.

- ז. -

------------

21) אוה"ת בראשית מב, ב ואילך. שם (כרך ג) תקה, ב ואילך. תקח, א ואילך. 22) ירושלמי שבת פ"ח ה"א. 23) תו"א ויקהל פח, ב. ובכ"מ.

ז. וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק די מעלה און דער עילוי בשבת זו:

אין דעם שבת וואס איז געווען פאר יו"ד שבט - זיינען אלע ענינים פון יו"ד שבט געשטאנען בכח,

דערנאך אז ס'איז געקומען דער טאג פון יו"ד שבט - איז ארויסגעקומען די עבודה ומעשה האדם בפועל.

דערנאך קומט צו נאך א מעלה בשבת זו:

פונקט אזוי ווי דער שבת שלפנ"ז איז "מיני' מתברכין" די שבעה ימים הבאים לאחריו, כולל אויך דער שבת שלאח"ז,

עד"ז איז די ענינים פון יו"ד שבט ווי זיי שטייען בכח אין דעם שבת שלפני יו"ד שבט - ווערן נתעלה אין דעם שבת נאך יו"ד שבט.

והביאור בזה:

וויבאלד אז דער "יאכל" פון דעם שבת קומט פון דעם "טרח"[24] אין די ששה ימים שלפנ"ז[25], וואס די עבודה פון די ששה ימים ווערט געבענטשט פון דעם שבת שלפנ"ז - קומט דאך אויס אז דער "ויכולו" אין דעם שבת (נאך יו"ד שבט) איז ניט נאר אין די ששה ימים שלפניו, נאר אויך אין דעם שבת וואס איז ממשיך די ברכה אין די ששה ימים.

ח. דער ביאור אין די דריי מעלות וואס זיינען דא אין דעם שבת (אז ס'איז דא דער מעשה בפועל פון יו"ד שבט, און אין אן אופן פון תענוג בשלימות, און אויך דער ענין פון יו"ד שבט ווי ער שטייט בכח בשבת שלפניו) - וועט מען פאר-שטיין ווי דאס איז בדוגמא לזה אין דעם ענין פון "נתאווה.. הקב"ה להיות לו דירה בתחתונים"[26]:

מצד דעם ענין פון "נתאווה הקב"ה להיות לו דירה בתחתונים" איז וויבאלד אז למעלה איז "אין כח חסר פועל"[27], דערפאר איז דער ענין פון "דירה בתחתונים" דארטן דא טאקע "בפועל", אבער דאס איז ניט קיין "פועל" פון עוה"ז הגשמי התחתון שאין תחתון למטה ממנו כמבואר בכמה דרושים[28], ביז אז למעלה איז גאר ניט שייך, כביכול, אזא מין "פועל".

- דוקא -

---

24) ע"ז ג, א. 25) ראה שיחת ש"פ ויצא, י"ח כסלו ש.ז. ס"ב. 26) ראה תנחומא נשא טז. בחוקותי ג. במדב"ר פי"ג, ו. תניא רפל"ו. 27) ע"ח שער ההקדמות הקדמה ג בהגה"ה. פרדס שער הצחצחות פ"ג - הובאו בהמשך תרס"ו ע' ה. ובכ"מ. 28) המשך הנ"ל ע' קלח ואילך. ד"ה ולקחתם לכם אעת"ד.

דוקא דורך דערויף וואס א איד טוט עבודתו בפועל אין עוה"ז הגשמי, ביז אין אן אופן פון מעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר"[29] - ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "דירה בתחתונים" "בפועל" ווי דאס איז אין עוה"ז הגשמי.

און נאך דערויף וואס ס'איז דא בפועל מעשה ועבודת האדם אין עוה"ז הגשמי - ווערט דאס נתעלה אין אן אופן פון שלימות התענוג.

ד.ה. אז ס'איז דא דריי דרגות:

פריער איז דא די אתעדל"ע וואס קומט קודם האתערל"ת[30], וואס דאס איז דער תענוג ("נתאווה הקב"ה כו'") וואס איז דא למעלה נאך קודם די עבודה בפועל, וואס דאס איז א תענוג וואס שטייט בגלוי, אבער די עבודה בפועל איז נאך ניטא.

דערנאך איז דא די מעשה ועבודת האדם <u>בפועל</u>, וואס אין דעם איז אויך דא דער ענין התענוג, אבער דער תענוג איז בהעלם, בשעת ס'איז אבער דא דער "ודרשת וחקרת ושאלת היטב"[31], קען מען זעהן אויך דעם ענין התענוג וואס איז דא באמצע העבודה נאך פאר דער גמר העבודה, כמבואר אין סידור אין שער התקיעות[32].

דערנאך קומט מען צו דער דריטער דרגא, וואס דאס איז דער תכלית השלימות, וואס אין איר זיינען דא ביידע מעלות, סיי דער ענין פון תענוג בגלוי, און סיי דער מעשה בפועל,

וואס דאס איז דער ענין פון עוה"ב, דער תכלית השכר וואס וועט זיין אין א נשמה בגוף (ווי שיטת הרמב"ן[33], וואס דער אלטער רבי איז מכריע לפי שיטה זו אין כמה פון זיינע דרושים[34]), און דעמולט וועט זיין סיי דער גילוי התענוג, און דער תענוג וועט אויך נתגלה ווערן אין דער עבודה בפועל וואס מ'האט געטאן אין עוה"ז הגשמי, אלס נשמה בגוף.

ט. וע"ד די דריי דרגות זיינען דא די דריי ענינים בנדו"ד:

דער שבת וואס קומט פאר יו"ד שבט, יו"ד שבט עצמו און דער שבת וואס קומט נאך יו"ד שבט:

דער שבת פאר יו"ד שבט איז "מיני' מתברך" דער טאג פון יו"ד שבט, וואס דעמולט שטייט בגלוי דער ענין התענוג

- וואס -

---

29) אבות פ"א מי"ז. 30) ראה לקו"ת ויקרא ג, א. ובכ"מ. 31) ל' הכתוב - ראה יג, טו. 32) רמב, ד. וראה גם שם קסט, א-ב. 33) בשער הגמול. 34) לקו"ת צו טז, ג. ש"ש סה, סע"ד. וראה אוה"ת חקת ע' תתט.

וואס קומט פאר דער עבודה וואס א איד וועט בפועל טאן אין יו"ד שבט, אבער די עבודה בפועל איז נאך ניטא, דאס שטייט נאר בכח,

וואס דאס איז בדוגמת הענין פון "נתאווה הקב"ה כו׳" וואס שטייט בכח למעלה, נאך פאר התהוות העולמות בפועל.

דערנאך איז דא דער טאג פון יו"ד שבט עצמו, וואס דעמולט טוען אידן זייער עבודה בפועל אין עוה"ז הגשמי, וואס דאס איז בדוגמת הענין פון "נתאווה הקב"ה כו׳", וואס שטייט בהעלם אין סדר ההשתלשלות, און אין דער עבודה און מעשה האדם.

דערנאך קומט דער שבת נאך יו"ד שבט וואס דעמולט זיינען דא אלע דריי ענינים פון "נתאווה הקב"ה כו׳": דער ערשטער ענין פון "נתאווה" וואס איז געווען אין דעם שבת פאר יו"ד שבט (ווי גערעדט פריער (ס"ז) אז אויך דער שבת פאר יו"ד שבט ווערט נתעלה אין דעם שבת נאך יו"ד שבט),

און דער צווייטער ענין פון "נתאווה", ווי דאס שטייט אין דעם ענין פון עבודה ומעשה בפועל (וואס אין דעם שבת זיינען עולה אלע ענינים פון די עבודה און מעשה וואס מ׳האט געטאן אין יו"ד שבט),

און דער דריטער ענין פון "נתאווה" - אז עס שטייט בגלוי דער ענין התענוג וגי דאס איז בתכלית השלימות, אז נאך דערויף וואס ס׳איז געווען די עבודה בפועל אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו, ווערן נתעלה אלע ענינים אין אן אופן פון תענוג, ובפרט אין דעם זמן פון דעוא דרעוין[35], וואס דאס איז לאחרי חצות היום פון שבת.

י. וויבאלד אז אין דעם שבת איז דער תכלית השלימות פון די ענינים פון יו"ד שבט - דערפאר איז כאן המקום והזמן צו משלים זיין די ענינים וואס מ׳האט ניט מסיים געווען אין דער התוועדות פון יו"ד שבט.

און דורך דערויף וואס מ׳וועט משלים זיין די ענינים (משלים זיין - אויך מלשון שלימות), וועט דאס פועל זיין אז מ׳זאל האבן נאכמער שלימות התענוג אין די ענינים וואס מ׳האט דעמולט גערעדט.

וואס דערפאר איז אפילו אויב מ׳וועט איצטער אויך בלייבן אינמיטן פון דער השלמה - וועט אבער אין דערויף זיין מער תענוג ווי דאס איז געווען אין יו"ד שבט עצמו.

- ועד"ז -

---

35) ראה המשך הנ"ל ע׳ תקמב ואילך.

ועד"ז בנוגע צו דער מעשה בפועל וואס דארף ארויסקומען פון די ענינים וואס מ'רעדט, וואס "המעשה הוא העיקר" - אז וויבאלד מ'האט מערער שלימות התענוג אין דער הבנה און די ידיעות וואס מ'האט - פועל'ט דאס אז די מעשה בפועל זאל אויך זיין מיט מער שלימות.

יא. מ'האט דעמולט גערעדט וועגן דעם פתגם און תורה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[36], דער בעל ההילולא פון יו"ד שבט, אז "א יחיד איז א רבים".

וואס דאס איז ווי דער ענין איז מצד הבריאה, ד.ה. אז דער אויבערשטער האט מטביע געווען אין יעדן מענטשן, אז אע"פ וואס "נבדא האדם יחידי"[37], אנטהאלט ער אבער אין זיך אויך דעם ענין פון "א רבים".

וויבאלד אבער אז "אשר ברא אלקים לעשות - לתקן"[38] - דערפאר דארף אויך אין דעם ענין וואס "א יחיד איז א רבים" זיין אן עבודה פון א מענטשן,

וואס דאס איז די עבודה - אז פון דעם "רבים" זאל ער מאכן א ציבור, וואס דורך דער עבודה ווערט א איד א "שותף להקב"ה במע"ב"[39].

[וואס דאס איז דער קשר פון די ענינים וואס מ'האט דעמולט גערעדט וועגן דעם וואס יעדער יחיד איז א רבים מיט דעם ענין אז פון דעם רבים דארף מען מאכן א ציבור, וואס אע"פ אז מ'האט דאס דעמולט ניט גערעדט בגלוי - איז דאס אבער געווען די כוונה].

והביאור בזה:

דער ענין פון א רבים איז - דער ענין פון התחלקות, ווארום בשעת עס קומען צוזאמען כמה מענטשן און עס ווערט א רבים, איז דאך דער כלל[40] אז "אין דעותיהן שוות",

און וויבאלד אז אלע ענינים פון דעם מענטשן ווערן אנגעפירט דורך שכלו, דערפאר איז אזוי ווי אין שכל איז "אין דעותיהן שוות", אזוי איז אויך כל ענייני און הנהגת האדם, ביז אין מחשבה דיבור ומעשה שלו, אין אן אופן וואס איז אנדערש פון די ענינים און הנהגות פון א צווייטן.

- וואס -

------------

36) שיחת סעודת יום אחש"פ תש"ט (סה"מ תש"י ע' 190).
37) סנהדרין לז, א במשנה. 38) בראשית שם, ג. וראה פרש"י לב"ר פי"א, ו. אוה"ת בראשית (כרך ג) תקח, ב. ועוד.
39) שבת קיט, ב. 40) ראה ברכות נח, א. סנהדרין לח, א. ובכ"מ.

וואס דערפאר איז בשעת עס איז דא מערניט ווי א רבים – קומט דערפון ארויס אן ענין פון בלבול, ווארום יעדער איינער האט זיין הנהגה וואס איז אנדערש פון דער הנהגה פון א צווייטן, און מ'ווייסט ניט אין וועלכן אופן מ'זאל זיך פירן בפועל.

וע"ד ווי מ'זעט עס אין דער הנהגה פון מדינה זו, וואס זי איז איינגעשטעלט אין אן אופן פון "דעמאקראסי", אז יעדער איינער האט די רעכט צו ארויסזאגן זיין מיינונג ווי מ'דארף זיך פירן – אז אויב עס וואלט ניט געווען קיין הכרעה (פון "אחרי רבים להטות"[41] וכיו"ב) – קען דערפון ארויסקומען דער גרעסטער בלבול וכו'.

יב. די סיבה פארוואס דאס איז אזוי אין וועלט, איז דער-פאר וואס אזוי איז דאס אין תורה, ווארום וויבאלד אז "אסתכל באורייתא וברא עלמא"[42], איז פארשטאנדיק אז יעדער ענין אין וועלט שטייט פריער אין תורה:

אין תורה איז דא דער ענין פון "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[43], "דברי" לשון רבים, און "אלקים" לשון רבים[44], ווארום מצד דעם ענין פון שקו"ט אין שכל התורה איז "אין דעותיהן שוות" און דערפאר איז דא "מ"ט פנים טהור ומ"ט פנים טמא"[45].

און דאס איז ניט נאר מצד דער ענין השכל אין תורה, נאר דאס קומט אויך אראפ אין א חילוק אין דעם אופן ווי די הנהגה בפועל דארף זיין,

וואס דאס איז בנוגע צו דער מחלוקת פון ב"ש און ב"ה, אז "אלו מתירין ואלו אוסרין", וואס דאס איז א חילוק מן הקצה אל הקצה וואס דריקט זיך אויס ביז אין מעשה בפועל, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא[46] אז א דבר האסור איז "קשור ואסור" אין אן אופן אז דאס קען קיינמאל ניט נכלל ווערן אין קדושה, משא"כ א דבר המותר איז דער טייטש אז דאס איז אפגעבונדן ("שאינו קשור ואסור בידי החיצונים"), אז דאס איז שייך צו נכלל ווערן אין קדושה,

ד.ה. אז ב"ש ("אוסרין") פועל'ן אויף א זאך אז דאס זאל ניט קענען נכלל ווערן אין קדושה, משא"כ ב"ה ("מתירין") פועל'ן אז די זאך זאל זיין מותר, ביז אז דאס

- קען -

------------

41) משפטים כג, ב. 42) זח"ב קסא, ב. 43) עירובין יג, ב. 44) ראה פרש"י עה"פ וישלח לה, ז. ובכ"מ. וראה הקדמת אדה"ז לתניא (ג, סע"ב). 45) ירושלמי סנהדרין פ"ד ה"ב. מדרש תהלים עה"פ יב, ו. 46) פ"ח (יב, א).

קען נכלל ווערן אין קדושה[47].

און מצד די דעות חלוקות קען מען ניט וויסן ווי מ'דארף זיך פירן אין מעשה בפועל, ווארום ס'איז דא א סברא לכאן און א סברא לכאן, און ס'איז ניטא קיין הכרעה ווי צו פירן זיך בפועל.

און וויבאלד אז אזוי איז אין תורה - ווערט אזוי אויך די הנהגה אין וועלט, כאמור לעיל אז מצד דער הנהגה פון "דעמאקראסי" ווערט א בלבול אין וועלכן אופן מ'זאל זיך פירן.

יג. וואס דערפאר דארף מען אנקומען צו דעם ענין פון א הכרעה, ווי מ'זאל זיך פירן אין איין אופן, און די הכרעה קומט פון אן ארט וואס איז העכער פאר דעם ענין השכל,

ווארום מצד שכל איז דא אן ארט צו האבן כמה סברות ביז אויך סברות הפכיות, ווי מ'זעט דאס בפשטות, אז מ'קען לערנען דעת ב"ש מיט די אלע סברות פון ב"ש, און דאס זאל זיך לייגן אין שכל, און דערנאך לערנען דעת ב"ה מיט זיינע סברות, און דאס זאל זיך אויך לייגן אין שכל.

בשעת עס קומט אבער צו דעם ענין ווי צו זיך פירן אין מעשה בפועל - קען מען ניט טאן א דבר והיפוכו, און דערפאר דארף מען האבן א הכרעה וואס זי נעמט זיך העכער פאר דעם ענין השכל והסברות, אז דאס זאל מכריע זיין ווי מ'זאל זיך פירן בפועל.

און דא איז ניט מספיק דער ענין פון דעת, וואס אין שכל גופא איז דאך דעת דער מכריע און דער מחליט - ווארום מצד דעת איז "אין דעותיהן שוות",

נאר מ'מוז האבן אן ענין וואס דערגרייכט העכער פאר דעת, וואס פון דארטן ווערט נמשך דער ענין פון הלכה,

ווי די גמרא[48] זאגט אז "וה' עמו[49] - שהלכה כמותו", אז דער אויבערשטער גיט אים כח אז די הלכה זאל זיין ווי ער.

און דעמולט, אז עס ווערט נפסק די הלכה אין איין אופן (ניט מצד דעם ענין פון שכל וסברא, נאר) מצד דעם ענין פון אמונה אין ה' - ווערט דאס דער ענין פון "אמת לאמיתו"[50], און תורה ווי זי איז אין אן אופן פון "תחוכה"[51],

- וואס -

---

47) דאה ג"כ אגה"ק סי"ג (קיט, א). 48) סנהדרין צג, ב. 49) ש"א טז, יח. 50) דאה אוה"ת יתרו ע' תתצד. ד"ה וידבר אלקים תרכ"ז. המשך תרס"ו ע' תלא ואילך. ועוד. 51) לשון הירושלמי ומדרש תהלים שבהע' 45.

וואס זי איז מאחד און משוה אלע אידן צוזאמען, וואָרום אלע מוזן זיך פירן ווי די הלכה איז אפגע׳פסק׳נט געווארן.

און ווי דאס איז אין דעם ענין פון "אחרי רבים להטות", וואס דער פירוש אין דעם איז (ניט אז נאך דעם וואס די רבים האבן אזוי געפסק׳נט, פירן זיך נאר די רבים אזוי, נאר) - אז אלע, אויך דער מיעוט וואס האלטן אנדערש, זיינען מודה צו דער הלכה, און פירן זיך אזוי בפועל.

ווי דאס איז בנוגע צו דער מחלוקת פון ב"ש מיט ב"ה, אז נאך דעם ווי ס׳איז נפסק געווארן די הלכה ווי ב"ה, איז "ב"ש במקום ב"ה אינה משנה"[52], און אויך ב"ש דארפן זיך פירן לויט דעת ב"ה,

ווי די גמרא[53] דערציילט בנוגע צו ר׳ טרפון, אז אע"פ וואס ער איז געווען פון תלמידי ב"ש - האט ער זיך אבער געדארפט פירן ווי דעת ב"ה, וויבאלד אז די הלכה איז כמותם, און בשעת ער האט זיך געפירט באופן אחר, האט מען אים געזאגט אז "כדאי היית לחוב בעצמך שעברת על דברי ב"ה".

יד. אזוי ווי דאס איז אין תורה - עד"ז איז דא אין וועלט:

מצד דעם ענין פון שכל והסברה קען מען ניט צוקומען צו א הכרעה בפועל ווי צו זיך פירן,

משא"כ ווען מ׳דערגרייכט העכער פאר שכל, וואס דאס איז דער ענין פון אמונה, פועל׳ט דאס אז מ׳זאל קענען מכריע זיין אין איין אופן.

און דעמולט ווערט "אחרי רבים להטות" - אז אויך די וואס האלטן אנדערש זיינען צו דעם מודה, און זיי פירן זיך אויך אזוי.

וואס דאס איז די עבודה פון מאכן פון א רבים א ציבור - אז דאס זאל ניט בלייבן אין אן אופן אז ס׳איז דא א רבים, ד.ה. אז אלע האבן זיך זייערע סברות, און סברות לכאן וסברות לכאן - נאר דורך דעם ענין פון אמונה פארבינדט מען און מ׳איז מאחד דעם גאנצן רבים צוזאמען, אז אלע פירן זיך אין איין אופן, און מיט איין ציל, וואס דעמולט איז פון דעם רבים געווארן א ציבור.

טו. דער ענין איז אויך איינער פון די "ענינים מופלאים" וואס מ׳געפינט אין פירוש רש"י[54]:

- אין -

---

52) ברכות לו, ריש ע"ב. וש"נ. 53) שם י, סע"ב ואילך.
54) ראה של"ה קפא, א.

איך פ׳ יתרו[55] בהקדמה צו מ"ת שטייט "ויחן שם ישראל נגד ההר" "ויחן" לשון יחיד, און רש"י זאגט "כאיש אחד בלב אחד".

ד.ה. אז ווי קען זיין אז בא אידן זאל זיין א מציאות פון "ויחן" לשון יחיד, "כאיש אחד", איז דאס ניט דורך דעם ענין השכל והדעת, ווארום דעמולט איז "אין דעותיהן שוות",

וואס דער פירוש אין דעם איז טאקע ניט אז אין יעדער ענין מוז איינער האלטן באופן אחד און א צווייטער באופן אחר, נאר דער פירוש אין דעם איז אז אין אלע ענינים - קען ניט זיין אז אלע זאלן האלטן די זעלבע זאך.

וואס דערפאר איז מצד דעם ענין השכל קען מען ניט זאגן "ויחן" לשון יחיד, "כאיש אחד".

משא"כ מצד דעם ענין הלב וואס איז דא בא יעדער אידן, וואס דאס איז יחידה שבנפש, דער פינטעלע איד[56], וואס זי איז שורה בלב כמבואר בכ"מ[57] - איז דאס מקשר אלע אידן צוזאמען,

ווארום מצד דער פינטעלע איד וואס דאס איז דער עצם הנשמה - זיינען אלע אידן מאמין בה׳, ובמילא ווערן אלע אידן פארבונדן מיט דעם אויבערשטן, ד.ה. אז וויבאלד בא זיי איז "בלב אחד", דערפאר זיינען זיי "כאיש אחד".

וואס דאס איז ע"ד ווי דער בעל ההילולא שרייבט אין זיין מכתב הידוע צו זיין חג הגאולה י"ב-י"ג תמוז[58], אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה בי"ב תמוז" נאר אפילו אזעלכע אידן וואס "בשם ישראל יכונה", וואס דאס איז דאך כולל יעדער איד, אפילו אזא וואס "חטא", ווארום "אע"פ שחטא ישראל הוא"[59],

און ביז אז די גאולה איז אויך כולל "מחבבי תורתנו הק׳" [וואס דאס איז ניט סתם לומדי תורה וכו׳, נאר "מחבבי תורתנו הקדושה", וכידוע אז חביבות איז א סאך העכער ווי דער ענין העשי׳ סתם], און "שומרי מצוה".

און די ביידע סוגים פון אידן, וואס דאס איז כולל אלע אידן אין וועלכן מעמד ומצב זיי זאלן זיך נאר געפינען, פון "בשם ישראל יכונה" ביז צו "מחבבי תורתנו כו׳" - זיינען אלע נכלל צוזאמען מיט "אותי" - מיט דעם בעל ההילולא -

------------

55) יט, ב. 56) ראה סה"ש תש"א ע׳ 73. 57) המשך תער"ב ח"א פל"ה. ובכ"מ. 58) נדפס בסה"מ תרפ"ח ע׳ קמו ואילך. תש"ח ע׳ 263. 59) סנהדרין מד, רע"א.

ההילולא אליין אין דער גאולה פון י"ב-י"ג תמוז, ווארום מצד דעם וואס ביי אלע אידן איז "בלב אחד", ווערט בא זיי "כאיש אחד", און דערפאר וועט דאס איין גאולה פאר אלע אידן.

און דערפאר איז אויך אין זמן הגלות, וואס דעמולט איז "אני ישנה[59] - בגלותא"[61], איז אבער "ולבי ער"[60], אז דער לב פון אלע אידן איז "ער", דער לב איז אלעמאל פארבונדן מיט דעם אויבערשטן און זיין תורה ומצותי'[62].

טז. אין די הוראה אז מ'דארף מאכן פון א רבים א ציבור, וואס מען טוט דאס אויף דורך דערויף וואס מ'איז מגלה דעם "לב", וואס דאס איז דער פינטעלע איד וואס איז דא בא יעדן איינעם - קומט צו נאך אן ענין:

דאס דארף מען פועל'ן ניט נאר ביי אידן, נאר אויך בא גויים.

וואס אע"פ אז בא זיי איז ניט שייך דער גאנצער ענין פון דער פינטעלע איד און יחידה שבנפש[63] און "לבי ער" - איז אבער בא זיי אויך דא (ווי בא יעדער נברא וואס איז באשאפן געווארן פון דעם אויבערשטן) דער חיות און כח אלקי וואס איז זיי אלעמאל מחי',

און דערפאר קען מען בא זיי אויך פועל'ן דעם ענין מאכן פון א רבים א ציבור, דורך דערויף וואס מ'איז בא זיי מגלה דעם חיות אלקי וואס איז דא בא זיי.

ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק פון דעם וואס דער רמב"ם[64] פסק'נט אז ב"נ דארפן מקיים זיין די שבע מצוות ב"נ ניט דערפאר וואס אדה"ר האט דאס מקיים געווען, ווי די גמרא זאגט אין סנהדרין[65], און ניט "מפני הכרעת הדעת", נאר "מפני שצוה בהן הקב"ה בתורה והודיענו ע"י משה רבינו" (בא מתן תורה).

ד.ה. אז אויך בא זיי האט זיך אויפגעטאן דער ענין פון מ"ת, וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ביטול הגזירה פון "עליונים לא ירדו לתחתונים ותחתונים לא יעלו לעליונים"[66].

און דערפאר דארף זיך א איד משתדל זיין צו פועל זיין

- אויף -

---

60) שה"ש ה, ב. 61) זח"ג צה, א. 62) ראה יל"ש עה"פ שה"ש שם (רמז תתקפח). וראה גם מכתב הנ"ל. 63) לקו"ת תצא לז, ג. 64) הל' מלכים ספ"ח. 65) נו, א ואילך. וראה רמב"ם שם דפ"ט. 66) שמו"ר פי"ב, ג. תנחומא וארא טו.

אויף זיי אז זיי זאלן מקיים זיין זייערע ז׳ מצוות וכל המסתעף מזה, ווי דער רמב"ם פסק׳נט דארטן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויך בנוגע לעניננו - אז מצד זה וואס בא זיי איז אויך דא דער אויפטו פון מ"ת און דער ביטול הגזירה, וואס דאס דערגרייכט העכער פאר דעם ענין השכל - דערפער קען מען אויף זיי פועל׳ן דעם ענין האחדות, אז בא זיי זאל אויך ווערן פון א רבים א ציבור.

וואס דאס טוט מען אויף בא זיי דורך דערויף וואס מ׳טוט דאס פריער אויף בא אידן, אז בא אידן זאל זיין דער "בלב אחד",

וואס דאס ווערט א נתינת כח אז אויך בא גויים זאל אזוי זיין, ביז אז זיי זיינען מקיים אלע ז׳ מצוות ב"נ וואס זיי דארפן מקיים זיין, ועאכו"כ אז זיי העלפן ארויס אידן אין מקיים זיין זייערע תורה ומצוות.

יז. די ענינים פון מ"ת הויבן זיך שוין אן פון יציאת מצרים, און נאך פריער - פון גלות מצרים, ווי עס שטייט[67] "בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויך בעניננו, אז דעם ענין פון דער ביטול הגזירה וואס האט זיך אויפגעטאן בא מ"ת, וואס דאס איז שייך אויך צו גויים - איז שוין דא מעין זה אין גלות מצרים,

אבער וויבאלד אז דאס איז נאך קודם מ"ת, איז מובן מעצמו אז דאס איז באי"ע צו דעם חידוש פון ביטול הגזירה וואס האט זיך אויפגעטאן בא מ"ת עצמו.

עפ"ז וועט מען פארשטיין א דבר פלא:

עס שטייט אין זהר[68] אויף[69] "וימררו את חייהם בעבודה קשה בחומר ובלבנים גו׳" אז "בחומר דא ק"ו, ובלבנים דא לבון הלכתא כו׳".

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק:

דער זהר איז אויך פארבונדן מיטן ענין פון "אין מקרא יוצא מידי פשוטו"[70] - איז ווי קען מען זאגן אז דער ענין פון לימוד התורה פון א אידן נאך מ"ת איז בדוגמא צו "וימררו את חייהם בעבודה קשה וגו׳" וואס איז געווען אין גלות מצרים, וואס בפשטות הכתובים איז דאס פארבונדן מיט עבודת פרך און קושי הגלות?!

- איז -

---

67) שמות ג, יב. 68) ח"ג קנג, א (ברע"מ). 69) שמות א, יד. 70) שבת סג, א. וש"נ.

איז דער ביאור אין דעם:

די ענינים עצמיים וואס זיינען נתגלה געווארן באך מ"ת האבן געקענט שטיין פאר מ"ת נאר אין אן אופן פון "תומד" און "לבנים" כפשוטם.

ובדוגמא ווי דאס איז בנוגע צו די חיות שבמרכבה, אז "פני ארי׳ אל הימין" און "פני שור אל השמאל"[71], אבער ווען זיי ווערן נשתלשל למטה איז א שור א בהמה טהורה, און אן ארי׳ איז א חי׳ טמאה,

און מ׳איז מבאר אין די דרושים פון רבותינו נשיאינו[72], אז היא הנותנת:

וויבאלד אז דער פני ארי׳ שבמרכבה איז מימין, ד.ה. אז דאס איז א גילוי נעלה ביותר - איז דערפאר, אויב עס וואלט נשתלשל געווארן אין א בהמה טהורה, וואלט די בהמה טהורה נתבטל געווארן ממציאותה, וואס דערפאר מוז דאס אראפ-קומען ביז אז דאס איז זיך מתלבש און מתעלם אין א בהמה טמאה.

איינע פון די דוגמאות לזה[73]:

בשעת אז עס איז דא א גילוי אור וואס אן עין בשר קען דאס ניט פארנעמען, גיט מען אים שפאקולן וואס זיינען פאר-טונקלט בכדי ער זאל קענען פארנעמען דעם אור, ווארום אויב ער קוקט אויף דערויף אן דער פארטונקעלטער גלאז - איז דאס מעוור זיינע עינים,

און אויב דער גילוי אור איז נאך גרעסער - גיט מען אים א זכוכית שחורה לגמרי, בכדי ער זאל קענען פארנעמען דעם אור.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו פני ארי׳ מימין וואס ווערט נשתלשל אין א בהמה טמאה:

אויב א בהמה טהורה וואלט מרגיש געווען שרשה ומקורה - וואלט זי נתבטל געווארן ממציאותה, וואס דערפאר דארף דער פני ארי׳ שבמרכבה אראפקומען דוקא אין א בהמה טמאה,

ובלשון הידוע וואס ברענגט זיך בכ"מ[74] אז "כל הגבוה גבוה ביותר יורד למטה מטה ביותר", מיט די כמה דוגמאות

- וואס -

---

71) יחזקאל א, י. 72) תו"א מג"א מג, סע"ג. ובכ"מ. 73) ד"ה וככה תרל"ז פע"ג. 74) תו"א משפטים עג, א. לקו"ת אמור לד, ג. ובכ"מ.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

וואס מ'גיט אין דעם[75], די דוגמא פון אור האבוקה וכו'.

יח. וויבאלד אז די ענינים הכי נעלים ווערן נשתלשל אין למטה מטה – דערפאר געפינט מען דעם ענין האמור לעיל (סס"ו-סז) אז לפני מ"ת איז בא אידן געווען "כאיש אחד בלב אחד" – אויך אין לעו"ז,

ווי רש"י שרייבט אין א צווייטן ארט דעם זעלבן לשון וואס ער שרייבט אין פ' יתרו:

אין פרשתנו[76] (אין דעם שיעור חומש פון יו"ד שבט) אויף דעם וואס עס שטייט "והנה מצרים נוסע אחריהם", זאגט רש"י אז דאס וואס עס שטייט "נוסע" לשון יחיד, איז עס דערפאר וואס דאס איז געווען "בלב אחד כאיש אחד".

וואס דאס איז א דבר פלא, ווארום דאס איז פונקט דער זעלבער לשון ווי עס שטייט אין פ' יתרו ווען אידן זיינען געשטאנען אין א מעמד ומצב הכי נעלה קודם מ"ת,

משא"כ בא "נוסע אחריהם" איז דאס אין דעם קצה ההפכי אין לעו"ז,

ביז אין לעו"ז ווי דאס איז בתכלית הירידה, ווארום דאס איז געווען פארבונדן מיט דעם ענין פון גלות מצרים וואס גלות בכלל איז דער ענין הירידה, און אין גלות מצרים גופא איז דאס געווען נאך די עשר מכות, ביז אז ס'איז שוין געווען נאך דעם ענין פון "כי גורשו ממצרים"[77], אז ניט נאר וואס די מצריים האבן ארויסגעלאזט די אידן פון מצרים, נאר מ'האט זיך גאר געבעטן בא זיי אז זיי זאלן שוין ארויס-גיין[78], און "ויהי בשלח פרעה"[79], אז פרעה האט זיי נאך בעהאלפן ארויסגיין פון מצרים, און מ'האט זיי מיטגעגעבן "כלי כסף וכלי זהב ושמלות"[80], וואס די חכמי מצרים האבן דאך געוואוסט אז דאס גיט מען אוועק די אידן די ניצוצות קדושה וואס זיינען געווען אין מצרים[81] –

און לאחרי כל זה איז נאך געווען דער ענין פון "נוסע אחריהם", "בלב אחד כאיש אחד", וואס דאס באווייזט אויף דעם גודל הירידה וואס איז דעמולט געווען.

איז דער ביאור אין דעם – אז "זה לעומת זה עשה האלקים" –

---

75) שערי אורה ד"ה יביאו לבוש מלכות פי"ב ואילך. פל"ג ואילך. ד"ה באתי לגני תשי"ט. וראה גם לקו"ת שה"ש ט, ד.
76) יד, י. 77) יב, לט. 78) שם, לא ואילך. 79) ריש פרשתנו. 80) בא שם, לה. 81) ראה תו"א וארא נו, סע"ד. בא ס, ג. ובכ"מ.

האלקים"[82], און דערפאר איז דער זעלבער ענין פון "כאיש אחד בלב אחד" וואס איז דא אין תכלית העילוי אין קדושה, איז אויך דא אין תכלית הירידה אין לעו"ז.

וואס דאס איז בכדי עס זאל קענען זיין דער ענין הבחירה ביי אידן, און זיי זאלן באווייזן אז זיי זיינען "ובחרת בחיים"[83].

וכמבואר אין המשך תרס"ו[84] אז דער אויבערשטער שיקט אוועק בנו יחידו אין א מקום מרוחק, בכדי אז ער זאל באווייזן אז אויך אין יענעם ארט פירט ער זיך ווי ער פירט זיך בשעת ער איז ביי אביו המלך.

ד.ה. אז לשלימות העבודה האט דער אויבערשטער אויפ-געפענט פאר א אידן די ביידע דרכים, סיי דעם דרך הקדושה און סיי דעם דרך ההפכי, בכדי אז א איד זאל באווייזן אז אויך דעמולט איז ער בוחר בחיים.

און נאך דעם וואס א איד באווייזט אז ער איז בוחר בחיים, ווערט נתבטל דער גאנצער ענין פון לעו"ז, און עס ווערט "וירא ישראל את מצרים מת על שפת הים"[85], "מת" לשון יחיד, ווארום אזוי ווי בשעת ס'איז געווען די מציאות הקליפה, דער ענין פון "נוסע אחריהם", איז דאס געווען אין אן אופן פון "בלב אחד כאיש אחד" - עד"ז איז בשעת ביטול הקליפה דארף אויך זיין דער "מת" לשון יחיד.

יט. מכל האמור לעיל האט מען די הוראה לכאו"א:

מ'דארף פועל זיין סיי אויף זיך און סיי אויף אלע אידן ארום זיך אז ס'זאל ווערן פון א רבים א ציבור, אז מ'זאל שטיין אין אן אופן פון אחדות, "כאיש אחד בלב אחד".

און דערנאך דארף מען דאס אויך פועל זיין אויף אוה"ע, און אויף דער גאנצער וועלט אז אויך בא זיי זאל זיין דער "כאיש אחד בלב אחד".

וואס דורך דערויף איז מען מכין די וועלט צו מקבל זיין דער אמיתית ענין האחדות, פון "אז אהפוך אל עמים שפה ברורה לקרוא כולם בשם ה' לעבדו שכם אחד"[86] (ווי דער רמב"ם שרייבט אין הלכות מלכים ומלחמותיהם[87]).

וואס דא איז אויך דער דיוק וואס עס שטייט אין פסוק - "שכם" -

---

82) קהלת ז, יד. 83) נצבים ל, יט. 84) ס"ע שפ ואילך. 85) פרשתנו יד, ל. 86) צפני' ג, ט. 87) ספי"א (ע"פ כת"י ודפוסים הקודמים).

"שכם אחד", וואס לכאורה אפילו אויב עס וואלט אלץ געשטאנען חוץ דעם ווארט "אחד", וואלט מען אויך פארשטאנען וועגן וועמען עס רעדט זיך דא, אז דאס רעדט זיך וועגן "לעבדו" צו ה׳ -

נאר אין דערויף איז אויך מרומז אז עס דארף אדוים-קומען ביז אין אן אופן פון אחדות אמיתית אין וועלט, אז די וועלט זאל ווערן א כלי צו "ה׳ אחד ושמו אחד"[88],

וואס דעמולט וועט זיין "כשם שאני נכתב כך אני נקרא"[89], וואס אין דעם איז אויך די מעלה אז אויך אוה"ע האבן דערצו א שייכות, ווארום אין זמן הגלות, איז וויבאלד אז דער "נכתב" איז אנדערש ווי דער "נקרא" - איז פאר-שטאנדיק אז דארטן האבן גויים קיין שייכות ניט, ווארום זיי הערן נאר דעם כינוי, פון שם הוי׳, וואס דאס איז שם אד׳, און צו דעם "נכתב" האבן זיי ניט קיין שייכות, -

ווי ס׳איז פארשטאנדיק פון דעם וואס דער "נכתב" דארף זיין געשריבן מיט כוונה[90], און אויב עס איז געשריבן געווארן דורך איינעם וואס איז ניט שייך דערצו - איז דער דין אז מ׳דארף דאס שורף זיין[91];

משא"כ לע"ל וועט עס וועט זיין דער "כשם שאני נכתב כך אני נקרא", איז דאך אין דעם "נקרא" ניט נוגע קיין כוונה, במילא הערן דאס אויך גוים, און זיי הערן ניט דעם כינוי, נאר דעם שם הוי׳, וואס ער איז "הי׳ הוה ויהי׳ באחד"[92], און ער איז דער "שם המפורש", "שם העצם" און "שם המיוחד"[93].

כ. ויה"ר אז אזוי ווי מ׳רעדט וועגן "כימי צאתך מארץ מצרים"[94] - זאל מקוים ווערן דער צווייטער האלבער פסוק - דער "אראנו נפלאות",

ביז אין אן אופן ווי ער זאגט אין זהר, ווי דער צ"צ ברענגט אראפ אין זיינע רשימות אויפן פסוק[95], אז דאס איז "נפלאות" אויך לגבי די "נפלאות" פון יציאת מצרים, ביז אז דאס איז "נ׳ פלאות", ביז אז דאס איז העכער פאר דעם גאנצן ענין פון "נפלאות",

בגאולה האמיתית והשלימה, ע"י משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

- כא. -

---

88) זכרי׳ יד, ט. 89) פסחים נ, א. 90) גיטין נד, ב. טושו"ע יו"ד סרע"ו ס"ב. 91) גיטין מה, ב. טושו"ע שם ד"ם רפא. 92) שעהיוה"א פ"ז (פב, א). וראה זח"ג רנז, ב. 93) נסמן בלקו"ש חט"ו ע׳ 234 הע׳ 36-38. 94) מיכה ז, טו. 95) אוה"ת נ"ך ע׳ תפו-תפז.

כא. די כוונה אין כל האמור לעיל איז - אז דאס זאל אראפ-קומען אין א מעשה בפועל.

אבער בהקדמה לזה דארף מען האבן א באווארעניש:

עס זיינען דא אזוינע וואס מיינען אז בשעת מ'רעדט וועגן אן ענין אין הנהגת ועניני עולם, און אין אן עולם שאין תחתון למטה ממנו און מ'פאכט דאס צו צו אן ענין אין תורה, און מ'נעמט דערפון ארויס א רמז ווי א איד דארף זיך פירן -

איז דאס סתם צוגעקלעפט א וואנט מיט א וואנט, וואס זיינען כרחוק מזרח ממערב, און כרחוק צפון מדרום, און דאס איז נאר אן ענין לחידודי, און דאס באווייזט אז דער וואס האט דאס געזאגט איז א בעל המצאה, און א חדוד בשכלו - אבער דאס איז ניט קיין ערנסטע זאך, און ניט ויסגעהאלטן וכו'.

דארף מען וויסן אז דאס איז היפך דעס כלל אז "איזהו חכם הלומד מכל אדם"[96], וואס דאס איז "מכל אדם", לאו דוקא אן "אדם" פון "אתם קרויין אדם"[97], און "אדם" ע"ש "אדמה לעליון"[98], נאר אפילו פון אן אדם פון אוה"ע דארף מען זיך אויך אפלערנען,

און ווי מ'געפינט כמה סיפורי חז"ל, אז תנאים ואמוראים האבן זיך אפגעלערנט פון די הנהגה פון אוה"ע.

ובפרט ע"פ תורת הבעש"ט[99] אז יעדער זאך וואס טרעפט אין וועלט איז בהשגחה פרטית, וואס דערפאר דארף מען פון יעדער זאך אין וועלט ארויסנעמען א הוראה בעבודת האדם[100].

און כמה פון די וואס פרעגן די שאלה האמורה, ווייסן פון דער תורת הבעש"ט, און אעפ"כ פרעגן זיי!

און אויך בנוגע צו אזוינע וואס ווייסן ניט דערפון - דארף מען זיי דאס מודיע זיין, וועלן זיי פארשטיין אז יעדער זאך וואס טרעפט אין וועלט איז ניט גלאט אזוי געטראפן, נאר דערפון דארף מען זיך אפלערנען.

כב. איינער פון די ענינים אין וועלט וואס איז בהשגחה פרטית, וואס במילא דארף מען דערפון ארויסנעמען א הוראה:

מ'זעט אז נאך דער מלחמה איז כ"ק מו"ח אדמו"ר, דער

- בעל -

---

96) אבות רפ"ד. 97) יבמות סא, רע"א. 98) של"ה כ, ב. שא, ב. ובכ"מ. 99) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קיט ואילך. וש"נ. 100) ראה שם אות קכז-קכט. וש"נ.

בעל ההילולא, געקומען און זיך באזעצט בהשגחה פרטית דוקא אין ארה"ב,

און מ׳קען זאגן אז ניט נאר ער האט זיך דארטן באזעצט - נאר אויך רוב מנין און בנין פון אידן האבן זיך בהשגחה פרטית באזעצט אין ארה"ב.

אפילו די אידן וואס האבן זיך באזעצט אין אנדערע ערטער אין דער וועלט - זעט מען אז בהשגחה פרטית באקומען רוב מדינות (וואו אידן געפינען זיך) עזר פון ארה"ב, ביז אז אויך ארץ הקודש, "ארץ אשר גו׳ עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[101], באקומט עזר פון ארה"ב.

וכידוע די הוראה פון גדולי ישראל (בדור שלפנ"ז) נאך דער מלחמה, אז די אידן וואס זיינען אנגעקומען בהשגחה פרטית אין ארה"ב דארפן וויסן אז ס׳איז "למחי׳ שלחני אלקים לפניכם"[102] - אז זיי דארפן העלפן אידן בכל מקום שהם.

און דער עזר וואס מ׳באקומט פון ארה"ב איז דאס בכללות עזר אין עניני כסף כפשוטו, און אפילו די ענינים פון עזר וואס מ׳באקומט אין שוה כסף - ווערט דאס אויך אנגערופן בשם כסף, ווארום יעדער ענין של עזר ווערט אנגערופן "כסף", וואס כסף איז כולל אלע ענינים פון דעם מענטשן, און ווי די גמרא[103] לערנט אפ אז וועך עס שטייט אין פסוק "כסף" קען מען אויך נוצן "שוה כסף".

ביז ווי די גמרא זאגט אין סנהדרין[104] עה"פ[105] "ואת כל היקום אשר ברגליהם", אז "ממונו של אדם" איז "מעמידו על רגליו".

כג. וויבאלד אז יעדער זאך איז בהשגחה פרטית, און דערפאר דארף מען דערפון אפלערנען א הוראה, איז דאך עאכו"כ בנוגע צו אן ענין וואס איז שייך צו א רבים, ובפרט אן ענין וואס איז פארבונדן מיט א דבר חשוב - אז אין דערויף איז זיכער דא א הוראה לכאו"א.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דעם כסף פון ארה"ב: וויבאלד אז דאס איז א זאך וואס איז שייך צו רוב מנין און בנין פון אידן, ביז אויך צו אידן בכל מקום שהם - דערפאר איז זיכער דא אין דערויף א הוראה וואס יעדערער קען זיך דערפון אפלערנען, ביז א הוראה אויך פאר אוה"ע:

- אויף -

---

101) עקב יא, יב. 102) ל׳ הכתוב - ויגש מה, ה.
103) ראה קידושין ח, א. 104) קי, א. 105) עקב שם, ו.

אויף די מטבעות הכסף פון ארה"ב געפינט מען צוויי ענינים וואס זיינען דארטן נחקק און נטבע געווארן: א) אז מ'גלויבט און מ'איז בוטח אין דעם אויבערשטן, ב) אז א רבים איז א יחיד.

און וויבאלד אז השגחה פרטית איז ניט נאר אין דעם ענין וואס איז געטראפן, נאר אויך אין דעם אופן ווי דאס האט געטראפן (כמבואר אין די שיחות), ווי די דוגמא בזה[106], אז די השגחה פרטית איז ניט נאר אז דער בלעטל זאל נתגלגל ווערן ממקום למקום, נאר אויך דער אופן ווי דאס זאל נתגלגל ווערן, צי דורך א ווינט, אדער באופן אחר -

איז עד"ז בנדו"ד: אויך דער אופן ווי דאס איז נחקק געווארן אויף די מטבעות - איז אויך בהשגחה פרטית, ובמילא דארף אין דעם אויך זיין א הוראה.

וואס מ'זעט אז די צוויי ענינים וואס זיינען נחקק געווארן אויף די מטבעות - איז דער ערשטער ענין, אז מ'גלויבט אין דעם אויבערשטן - שטייט בשפת המדינה, און דער צווייטער ענין, אז א רבים איז א יחיד - שטייט בשפת רומית, וואס דאס איז א שפה פון מלומדים,

איז אויך אין דעם איז דא א הוראה לכאו"א, כדלקמן.

כד. וואס אע"פ אז די וואס האבן מחליט געווען כמה שנים לפנ"ז אז מ'דארף די צוויי ענינים חוקק זיין אויף די מטבעות של כסף פון דער מדינה - האבן אפשר ניט געהאט בכוונה די ענינים וואס מ'וועט ארויסנעמען אלץ א הוראה פון די צוויי ענינים, און די שפה אין וועלכע זיי שטייען -

איז אבער וויבאלד אז רובם ככולם פון די וואס האבן דאס מחליט געווען זיינען ניט געווען קיין אידן - האבן זיי דאך ניט געהאט דעם ענין הבחירה[107] ווי צו מחליט זיין, ובמילא האבן זיי אזוי מחליט געווען צו טאן דערפאר וואס אזוי איז געווען די השגחה און די כוונה עליונה, און דער-פאר דארף מען זיך דערפון אפלערנען.

ובמכ"ש וק"ו פון א אידן:

ר' יונתן אייבשיץ, דער "אורים ותומים", שרייבט[108] וועגן דערויף וואס מ'איז מדייק אין יעדער ווארט וואס גדולי ישראל האבן געשריבן אין זייערע חיבורים - אז מ'קען

- ניט -

---

106) ראה סה"מ קונטרסים ח"ג ע' י. 107) ראה לקו"ש ח"ז ע' 299. שם ע' 366. 108) בהגהותיו ל"תקפו כהן" ס"ק קכד (מח, ד). הובא בשו"ת הצ"צ חיו"ד סקע"ו ח"ג בתחלתו.

ניט זאגן אז זיי האבן מכוון געווען צו די אלע דיוקים וואס מ'וועט מדייק זיין אין זייערע ספרים עד סוף כל הדורות, -

ווארום די גדולי ישראל זיינען דאך געווען בו"ד, און זייערע ימים זיינען געווען ספורים, און מ'ווייסט וויפל ספרים זיי האבן געשריבן, און וויפל זמן עס האט גענומען שרייבן איין ספר, ד.ה. אז זיי זיינען געווען מדודים ומוגבלים - וואס דערפאר איז ניט שייך זאגן אז זיי האבן מכוון געווען צו אלע דיוקים וואס א "תלמיד ותיק" וועט מחדש זיין עד סוף כל הדורות.

נאר וויבאלד אז דאס וואס די גדולי ישראל האבן געשריבן איז נתקבל געווארן און נתפשט געווארן בכל תפוצות ישראל, איז דערפון א ראי' אז דאס איז א דבר אמיתי, און במילא באקומט דאס דעם גאנצן תוקף פון א מ"ע און א מל"ת, און עס גייט אריין אין דעם "לא תסור"[109], ווי דער רמב"ם פסק'נט[110],

און דערפאר איז "רוח ה' דיבר בם ומלהו על לשונם"[111], וואס דערפאר איז אלץ וואס זיי האבן געשריבן איז בתכלית הדיוק, און אלע דיוקים וואס מ'וועט מדייק זיין עד סוף כל הדורות - ליגט אין דעם וואס זיי האבן געשריבן.

וואס אע"פ אז דאס וואס זיי האבן געשריבן איז זיכער געווען ע"פ ווי ס'איז אויסגעקומען בא זיי אין שכל, ווארום אזוי מוז דאך זיין אז מ'זאל לערנען ע"פ שכל וכו', וואס דערפאר האבן זיי לאו דוקא געוואוסט בגלוי אלע דיוקים וואס מ'וועט שפעטער מדייק זיין -

וויבאלד אבער אז כוונתם איז געווען לשם שמים, און דערפאר איז דאס וואס זיי האבן געשריבן געווארן א חלק פון תורה - איז אזוי אויסגעשטעלט געווארן אז אלע דיוקים וואס מ'וועט אין זיי מדייק זיין, ליגט אין דעם וואס זיי האבן געשריבן, בדוגמא ווי דאס איז בנוגע צו דעם רמב"ם און ב"י וכו' - ווי דער "אורים ותומים" איז דארטן מאריך.

איז מה-דאך אז ביי אן עניין אין תורה און ביי א אידן וואס ער איז א בעל בחירה - איז יעדער זאך בתכלית הדיוק, ביז אז דארטן ליגן ענינים וואס דער איד אליין ווייסט ניט בגלוי דערפון -

איז דאך עאכו"כ בנוגע צו אן עניין אין וועלט (ניט

- אין -

------------

109) שופטים יז, יא. רמב"ם הל' ממרים פ"א ה"ב.
110) ראה שם פ"ב ה"ב-ג. 111) ע"פ ש"ב כג, ב.

אין תורה), און אין וועלט גופא - ביי א גוי, וואס ער האט ניט קיין בחירה חפשית (אדער ער האט בכלל ניט קיין בחירה) - איז זיכער אז אין אלע עניבים וואס ער טוט איז דא א כוונה למעלה און דאס איז בהשגחה פרטית, און דערפאר איז אין דעם זיכער דא א הוראה.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנדו"ד - אז אע"פ אז עס קען זיין אז די וואס האבן מחליט געווען צו חוקק זיין אויף די מטבעות של כסף די צוויי ענינים, און אין באזונדערע לשונות האבן אליין ניט געוואוסט די כוונה בזה - איז דאס אבער זיכער בהשגחה פרטית, און מ'דארף דערפון ארויסלערנען א הוראה.

כה. די הוראה דערפון:

די ערשטע זאך וואס מ'דארף וויסן איז - אז ס'איז א דבר הפשוט אז עס דארף זיין אמונה בה', און דאס איז אזא דבר הפשוט - אז מ'שרייבט דאס בשפת המדינה וואס <u>אלע</u> רעדן, אנשים, נשים וטף, ווארום דער ענין האמונה בה' איז א דבר המוכרח בא יעדן איינעם, ווארום ס'איז "מאמינים בני מאמינים"[112].

דערנאך קומט צו די צווייטע הוראה - אז א רבים איז א יחיד -

אבער דאס איז ניט געשריבן געווארן בשפה וואס אלע רעדן, נאר בשפת רומית וואס עס פארשטייען נאר מלומדים,

ווארום דער ענין פון מאכן פון א רבים א יחיד - איז ניט אן עבודה וואס איז שייך צו קטנים, וואס ניט זיי פאר-שטייען וואס דאס איז און ניט זיי האבן דעם כח דאס צו אויפטאן,

נאר מ'דארף אויף דערויף האבן איינעם וואס איז א מלומד, וואס איז זיך מתבונן ("ודרשת וחקרת ושאלת היטב") אין דעם ענין וואס א רבים איז, אז בא זיי איז "אין דעותיהן שוות" וכו', און וואס דער ענין פון א יחיד איז, און דערנאך מאכן א חשבון ווי צו פועל'ן אז די רבים זאלן ווערן א יחיד וכו' -

וואס דערפאר איז דאס געשריבן געווארן אין א שפה וואס איז שייך דוקא צו מלומדים, בכדי מ'זאל וויסן אז די הוראה פון מאכן פון א רבים א יחיד - קען מען ניט טאן אין אן אופן פון "כאפ-לאפ", נאר מ'דארף אין דערויף האבן א התבוננות און א חשבון ע"פ טעם ודעת.

- כו. -

------------

112) שבת צז, א.

כו. וואס דערפון האט מען די הוראה פאר כאו"א:

בשעת עס קומט יום ראשון נאך דעם שבת [וואס במוצאי שבת זה וועט מען שוין אנשרייבן די רשימה פון וואס עס האט זיך דא גערעדט, און אנשרייבן באופן הדרוש, אבער דערנאך גייט מען אוועק שפאצירן, אדער טאן אן אנדער זאך] -

און מ'נעמט ארויס א האלבן דאלאר פון קעשענע (ניט אום שבת גערעדט), וואס אויף דעם האלבן דאלאר איז פון איין זייט אויסגעקריצט אז מ'גלויבט אין דעם אויבערשטן, און פון דער צווייטער זייט איז אויסגעקריצט אז א רבים דארף זיין א יחיד -

איז אע"פ וואס דאס איז אן ענין וואס מ'האט מחליט געווען מיט צענדליקער יארן פריער - איז אבער דער כסף וואס ער האלט ביום ראשון זה - די זאך וואס איז "מעמיד" דעם מענטשן "על רגליו", וואס דערפאר איז דאס נוגע צו אים בכל עניניו -

און דערפאר לערנט ער אפ די הוראה אז אין אלע ענינים וואס ער טוט, איז ביי אים א דבר הפשוט אז עס דארף זיין דער ענין פון אמונה בה',

און דערנאך די צווייטע הוראה אז ער דארף מאכן פון א רבים א יחיד.

און דאס טוט ער ניט נאר מיט זיך, נאר ער פועל'ט אז אזוי זאל אויך זיין ביי א צווייטן אידן, און אפילו ביי אזא אידן וואס פארשטייט ניט לע"ע קיין צווייטן לשון חוץ פון דער שפת המדינה - איז ער דאס אים מסביר אין דעם לשון, ווארום דער ענין שטייט אין שפת המדינה,

און ער איז דאס אים מסביר אין אן אופן פון "דברים היוצאים מן הלב" וואס דעמולט איז דאס "נכנסים אל הלב"[113].

און דערנאך פועל'ט ער אז אויך בא גויים זאל אזוי זיין, וואס בא זיי איז לכתחלה ניטא קיין צווייטע שפראך - גיט מען זיי דאס צו פארשטיין אויף זייער שפראך, דורך דערויף וואס מ'באווייזט זיי וואס עס שטייט אויף כסף המדינה.

ביז אז מ'באלייכט די גאנצע וועלט ארום זיך אז עס איז א דבר הפשוט אז מ'דארף האבן אמונה אין ה',

און דאס איז אמונה אין ה' ניט ווי ער שטייט אין א

- בינוני -

------------

113) ראה ס' הישר לר"ת שי"ג. הובא בשל"ה סט, א.

כינוי - נאר אין דעם שם ווי עס שטייט אויף דעם כסף, וואס דאס איז א שם וואס מ'טאר ניט מוחק זיין אדער זאגן לבטלה, ווי דער אלטער רבי פסק'נט אין שו"ע[114].

ועד"ז בנוגע צו די צווייטע הוראה - אז מ'פועל'ט אויף יעדן איינעם אז מ'זאל מאכן פון א רבים א יחיד.

כז. וואס כל זה סוס מען אויף דורך דערויף וואס מ'באווייזט א לעבעדיקן ביישפיל פון זיך,

אז ווען מ'איז זיך אליין משתמש מיט די געלט פון דער מדינה אין דברי רשות - נעמט מען ארויס די ביידע הוראות.

ביז אז אפילו אז מ'איז זיך משתמש מיט די געלט פאר א דבר מצוה - קויפן א פאר מהודר'דיקע תפילין, געבן צדקה וכיו"ב - קען מען דאך מיינען אז מ'האט שוין אלץ יוצא געווען -

לערנט מען אבער אפ פון דעם וואס איז אויסגעקריצט אויף די געלט מיט וואס מ'האט גענוצט פאר א דבר מצוה - אז ביחד עם זה וואס מ'טוט דעם דבר מצוה, דארף אויך זיין דער ענין פון אמונת ה' און דער ענין פון מאכן פון א רבים א יחיד,

ווארום וויבאלד אז תורה איז אין סוף ווארום ס'איז "ששים המה מלכות" ביז צו "עלמות אין מספר"[115], ועד"ז זיינען דא ענינים פון א"ס אין וועלט, ווארום וויבאלד אז די וועלט איז באשאפן געווארן פון א"ס, דערפאר מוזן זיין ענינים פון א"ס אין וועלט -

דערפאר איז אין וואס פאר א הויכע מדריגה מ'זאל נאר שטיין - קען מען אלעמאל נאכמער נתעלה ווערן, וואס דערפאר זיינען די ביידע הוראות שייך אויך צו איינעם וואס האט מקיים געווען מיט די געלט א דבר מצוה.

און דורך דערויף וואס מ'איז אליין א דוגמא חי' - באלייכט מען די גאנצע וועלט, ביז אז אויך בא גויים זאל דער ענין פון אמונה בה' זיין א דבר הפשוט, און אויך זיי זאלן מאכן פון א רבים א יחיד.

ביז אז דורך דערויף ווערט דער "ואתם תלוקטו לאחד אחד בנ"י"[116], וואס נוסף צו דעם פירוש הפשוט אז דאס גייט אויף די מענטשן פון דעם עם ישראל - גייט דאס אויך אויף

- די -

---

114) או"ח ספ"ה ס"ג. 115) שה"ש ו, ח. וראה שהש"ר עה"פ. 116) ישעי' כז, יב.

די ניצוצות קדושה[117] וואס געפינען זיך אין "ממונם של ישראל"[118] (ווי מ׳האט פריער גערעדט[119]),

ואדרבה, דער עיקר הפירוש אין "וֹאחם תלוקטו" איז בנוגע צו די ניצוצות קדושה, און עס האט אויך דער פירוש אז דאס גייט אויף אידן.

אז עס ווערט דער "ואתם תלוקטו" פון אלע ניצוצות וואס געפינען זיך אין "ממונם של ישראל", און עס ווערט דער "ואתם תלוקטו" פון אלע אידן כפשוטו,

ביז אז עס ווערט "ויהי בשלח פרעה", אז פרעה שיקט מיט אויך די ניצוצות קדושה, און דערנאך גייט מען צו פ׳ יתרו, צו מתן תורה,

בקרוב בימינו ממש.

*   *   *

כח. כל האמור למעלה האט מען לכאורה געדארפט רעדן אין דער התוועדות פון יו"ד שבט, מפני כמה טעמים מובנים ופשוטים, און אעפ"כ מצד איזה סיבה האט מען עס דעמולט ניט גערעדט.

עד"ז איז דא נאך אן ענין וואס מ׳האט לכאורה דעמולט געדארפט רעדן, וואס דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט "בין אדם לחבירו",

וכידוע אז מצוות טיילן זיך בכללות אין צוויי סוגים: מצוות וואס זיינען "בין אדם למקום" און מצוות וואס זיינען "בין אדם לחבירו".

ע"ד ווי מ׳געפינט דאס גלייך אין די עשה"ד: פריער האט דער אויבערשטער געזאגט די דברות וואס זיינען "בין אדם למקום" - "אנכי ה׳ אלקיך", און "לא יהי׳ לך גו׳"[120] וכו׳, ווי עס שטייט אין גמרא[121], אז "בשעה שאמר הקב"ה אנכי ולא יהי׳ לך אמרו אוה"ע לכבוד עצמו הוא דורש",

און דערנאך ווען דער אויבערשטער האט געזאגט "כבד את אביך גו׳"[122], וואס דאס איז איינע פון די דברות וואס זיינען "בין אדם לחבירו", איז "חזרו והודו למאמרות הראשונות".

- און -

---

117) ראה תו"א שמות מט, ג. תו"ח שם יח, ב. 118) ראה כש"ט סרי"ח. צוואת הריב"ש סק"ט. 119) בד"ה באתי לגני דיו"ד שבט ס"ח. 120) יתרו כ, ב-ג. 121) קידושין לא, א. 122) יתרו שם, יב.

און מ׳זאגט[123] אז אויך אין די מצוות וואס זיינען "בין אדם לחבירו" איז דא דער ענין פון "בין אדם למקום" [ועד"ז לאידך, אז אין "בין אדם למקום" איז אויך דא דער ענין פון "בין אדם לחבירו", ואין כאן המקום להאריך בזה].

ועד"ד ווי מ׳זעט דאס בא אברהם אבינו:

אברהם איז דער ענין פון "איש הטוב והחסד בעצם", און ווי עס ברענגט זיך דער לשון[124] אז ער איז געווען א "נדיב בגופו בממונו ובנשמתו" (ווי עס ברענגט זיך אויך אין די מאמרים פון דעם בעל ההילולא[125]),

וואס דערפאר איז ביי אים געווען די עבודה פון הכנסת אורחים, וואס דאס באווייזט אויף דעם ענין החסד.

אבער דער חסד וואס איז געווען ביי אברהם איז ניט געווען (נאר) מצד טבע נפשו, אז נאר זיין טבע האט זיך געצויגן צו דעם ענין החסד, נאר דאס איז געווען א חסד דערפאר וואס ער איז געווען פארבונדן מיט דעם אויבערשטן.

ווי מ׳ברענגט די ראי׳ אויף דערויף[126] פון דעם וואס אברהם האט טאקע מכניס אורח געווען יעדן איינעם, אבער בשעת אז יענער האט ניט געוואלט מברך זיין צו דעם אויבערשטן - האט אים אברהם מצער געווען ביז אז ער האט מברך געווען[127],

וואס אויב מ׳וועט זאגן אז דער חסד פון אברהם איז געווען נאר מצד טבעו - איז ווי איז שייך צו זאגן אז אברהם זאל יענעם מצער זיין?!

נאר דער ביאור אין דעם איז:

וויבאלד אז אברהם איז געווען א מרכבה צו חסד דאצילות, ביז נאכמער, אז ער אליין איז געווען דער ענין החסד דאצילות, ווי עס שטייט אין ספר הבהיר[128], געבראכט אין זהר[129], און נהבאר בכ"מ אין חסידות[130] -

דערפאר איז ביי אים געווען דער ענין החסד, און מצד דעם איז דא א חסד בל"ג, וואס ווערט נתפשט עד אין סוף אן צמצומי הגבורות.

- ד.ה. -

---

123) ראה גם לקו"ש ח"ו ע׳ 339. 124) ראה אורחות צדיקים שער יז. הובא בד"ה אשר ברא שבהע׳ הבאה. 125) ד"ה אשר ברא תרפ"ט פ"ד-ה (סה"מ קונטרסים ח"א כג, א ואילך). ובכ"מ. 126) קונטרס ומעין מ"א פ"ב. 127) ב"ר פמ"ט, ד. 128) סקצ"א. 129) בהשמטות לח"א - רסד, ריש ע"ב. 130) ד"ה כל הנהנה הרפ"ט פ"ט (סה"מ שם כו, א). ובכ"מ.

ד.ה. אז דער חסד פון אברהם איז טאקע אן ענין של חסד, אבער דאס איז א חסד מצד אלקות, וואס דערפאר האט ער מצער געווען די וואס האבן ניט געוואלט מברך זיין צו דעם אויבערשטן.

[און דערפאר זאגט מען אויך אז אברהם "יצא ממנו ישמעאל"[131], אז דאס איז דוקא אין אן אופן פון "יצא"[132] און ניט אין אן אופן פון "נולד" (ע"ד ווי יצחק "יצא ממנו עשו"[131]) - ווארום וויבאלד אז דער חסד פון אברהם איז (ניט חסד מצד הטבע, נאר) חסד מצד אלקות - דערפאר ווערט ניט נמשך פון זיין חסד דער ענין פון ישמעאל, דאס קומט נאר ארויס אין אן אופן פון "יצא"].

וואס דאס איז בדוגמא ווי דער ענין פון "בין אדם למקום" וואס איז דא אין "בין אדם לחבירו".

כט. דער ענין פון "בין אדם לחבירו" וואס מ'האט לכאורה געדארפט רעדן יו"ד שבט, איז - אויף צו אפדאנקען די אלע וואס האבן געשיקט ברכות ואיחולים וכו',

און בפרט אפדאנקען די וואס האבן זיך משתתף געווען בגופם, און א חלק - אויך בנשמתם, ובפרט אז דאס איז געווען א השתתפות צוזאמען מיט א רבים.

און הגם אז דער וואס בענטשט א אידן - איז "כבר מילתך אמורה", ווי ער זאגט אין ירושלמי[133], אז דער אויבערשטער וועט אים בענטשן[134],

ובמילא האט דאך ניט קיין ארט לכאורה אז א מענטש, א בו"ד, זאל קענען עפעס צוגעבן (דורך זיין ברכה) אויף ברכתו של הקב"ה,

ובפרט אז מ'האט שוין וועגן דערויף גערעדט כמ"פ, ביז שוין אויך אפגעדרוקט[135] און איבערגעדרוקט, וואס בשעת דאס קומט אראפ בדפוס איז דאס א דבר נצחי, ווי דער ווארט פון דעם צ"צ[136] -

פונדעסטוועגן איז דאס א זכות און א חוב נעים צו אפדאנקען און מברך זיין דעם מברך, מיט אלע לשונות פון ברכות ואיחולים וכו',

- אז -

---

131) פסחים נו, א. ובכ"מ. 132) לקו"ת ואתחנן ה, א. שה"ש ט, ד. ובכ"מ. 133) ברכות ספ"ח. הובא בחוד"ה ואברכה - חולין מט, א. 134) ראה סוטה לח, ב. 135) לקו"ש ח"ה ע' 422 ואילך. נדפס גם בקונטרס בפ"ע - ברוקלין, תשל"ט.
136) לקו"ש ח"ב ע' 522.

אז די ברכה פון דעם אויבערשטן זאל נמשך ווערן דורך גאנץ סדר השתלשלות, ביז אז דאס זאל דורכגיין גאנץ סדר השתלשלות פון יעדער איינעם, ביז אז דאס קומט אן אין רגלו, ביז אין "היקום אשר ברגליהם",

וואס בכללות טיילט זיך דאס[137] (ע"פ תורה) אין די דריי ענינים פון בני, חיי, ומזוני רויחי, ובכולם רויחי בפשטות.

ל. עד"ז איז דא נאך אן ענין וואס מ'האט לכאורה געדארפט רעדן אין דער התוועדות פון יו"ד שבט, וואס דאס איז בנוגע צו דעם סיום פון די ד' מסכתות וואס מ'האט גערעדט.

וואס אזוי ווי ס'איז דא דער ענין פון א סיום אויף א פרק, און א סיום אויף א מסכת (כולל אויך א מסכת וואס האט ניט קיין גמרא), ביז א סיום אויף א גאנצן סדר, ביז א סיום אויף גאנץ ש"ס - עד"ז איז דא א סיום אויף ד' מסכתות וואס זיינען מסיים מיטן זעלבן סיום.

וואס דאס זיינען די סיומים פון מס' ברכות, מס' נזיר, מס' יבמות און מס' כריתות, וואס זיי זיינען אלע מסיים מיטן מאמר "א"ר אלעזר א"ר חנינא תלמידי חכמים מרבים שלום בעולם שנאמר[138] וכל בניך למודי ה' ורב שלום בניך",

און ווי דער ערוך לנר[139] גיט דעם סימן אז דער ווארט "בניך" (וואס דערמיט ענדיקן זיך די פיר מסכתות) איז ר"ת "ברכות נזיר יבמות כריתות".

וואס אע"פ אז דאס זיינען לכאורה פיר סיומים וואס זיינען בשוה - איז אבער וויבאלד אז דאס זיינען פיר באזונדערע מסכתות, וואס רעדן וועגן פיר באזונדערע ענינים, איז דערפון פארשטאנדיק, אז אויך די סיומים פון די פיר באזונדערע מסכתות, זיינען פיר באזונדערע ענינים, נאר זיי האבן א צד השוה מיט דעם וואס זיי זיינען פיר ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן זעלבן מאמר.

האט מען דעמולט מקשר געווען די ד' סיומים מיט דעם וואס שטייט אין ירושלמי[140] אז בשעת די אידן זיינען געקומען צום ים סוף האבן זיי זיך צוטיילט אויף "ארבע כתות", "אחת אומרה נפול לים, ואחת אומרת נחזור למצרים, ואחת אומרת נעשה עמהן מלחמה, ואחת אומרת נצווח כנגדן",

- און -

------------

137) ביאוה"ז לאדהאמ"צ (וירא יא, ב ואילך) ולהצ"צ (שם ע' מד ואילך). 138) ישעי' נד, יג. 139) לסוף מס' יבמות. 140) תענית פ"ב ה"ה. וכ"ה גם במכילתא תיב"ע ופרש"י עה"פ פרשתנו יד, יג-יד.

<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

און אויף דערויף האט זיי משה געענטפערט (אין דעם שיעור חומש פון יו"ד שבט) פיר ענטפער'ס, איין ענטפער כנגד יעדער כתה:

צו די וואס האבן געזאגט "נפול לים" האט משה געענטפערט "התיצבו וראו את ישועת ה' וגו'"[141], צו די וואס האבן געזאגט "נחזור למצרים" האט משה געענטפערט "כי אשר ראיתם את מצרים היום לא תוסיפו לראותם עוד עד עולם"[141], צו די וואס האבן געזאגט "נעשה עמהן מלחמה" האט משה געענטפערט "ה' ילחם לכם"[142], און צו די וואס האבן געזאגט "נצווח כנגדן" האט משה געענטפערט "ואתם תחרישון"[142].

און מ'האט מבאר געווען ווי יעדער טענה פון די ארבע כתות מיט דעם ענטפער וואס משה האט געענטפערט - איז כנגד איינע פון די ד' מסכתות, מיט זייערע סיומים.

לא. לכאורה איז די צופאסעניש אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

די צופאסעניש פון די סיומים פון די ד' מסכתות מיט די שיטות פון די ד' כתות איז לכאורה אן ענין וואס איז נאר לחידודי, ביז אז דאס איז ניט סתם אן ענין פון לחידודי, נאר דאס איז לכאורה א לחידודי שאין למטה ממנו!

ווארום דאס זיינען צוויי באזונדערע ענינים וואס האבן לכאורה קיין שייכות ניט צווישן זיך, און בשעת מ'פאסט זיי צוזאמען איז דאס נאכמער ווי צוקלעפן א וואנט מיט א וואנט, ווארום ווען מ'קלעפט צו א וואנט מיט א וואנט זיינען זיי עכ"פ ביידע ווענט, משא"כ דא איז דאס א צוקלעפעניש פון צוויי ענינים וואס זיינען בכלל ניט אין דער זעלבער וועלט און ניט אין דעם זעלבן גדר וכו':

דער מעמד ומצב פון אידן בשעת זיי זיינען געשטאנען באם ים סוף, איז געווען בתכלית הירידה, ווארום דער גאנצער ענין פון די ארבע כתות איז געקומען מצד דעם חושך הגלות פון דעם וואס די מצריים זיינען זיי נאכגעלאפן, און די אידן האבן ניט געוואוסט וואס צו טאן, ובפרט אז דאס איז געווען פאר מ"ת -

איז וואס האט דאס פאר א שייכות מיט א סיום אין תושבע"פ, אין גמרא וואס קומט נאך דעם ענין פון משנה, ועאכו"כ אז דאס קומט נאך דעם ענין פון מ"ת?!

און וויבאלד אז מ'האט דאס געגערדט אין א ביהכ"נ און ביהמ"ד, און לפני כמה עשירות מישראל - האט מען דאס

- לכאורה -

-------------

141) פרשתנו שם, יג. 142) שם, יד.

לכאורה געדארפט באווארענען אין דער התוועדות פון יו"ד שבט.

ובפרט עפ"ז וואס דער של"ה[143] איז מזהיר בזהירות גדולה וועגן צופאסן ענינים ־ניט ע"פ כללי לימוד התורה.

וואס עס קען דאך זיין אז די קשיא איז ביי איינעם געווען בשעת דער התוועדות פון יו"ד שבט, און וויבאלד אז מ׳האט דאס ניט מבאר געווען, איז ער שפעטער אנטשלאפן געווארן מיט דער קשיא אן א תירוץ.

וע"ד ווי מ׳זאגט בנוגע צו דעם לימוד פון מורה נבוכים[144], אז דאס זאל ניט זיין אין אן אופן אז "כל הרוצה ליקח יבוא ויקח"[145], ווארום עס קען זיין אז מ׳וועט לערנען נאר די קשיא און ניט אוספייען לערנען דעם תירוץ, וועט מען אנטשלאפן ווערן מיט א קשיא[146], וואס דערפאר דארף מען האבן א זהירות מיוחדת אין דעם לימוד פון מורה נבוכים.

וואס דאס וואס מ׳זאגט אז עס קען זיין אז ער וועט אנטשלאפן ווערן מיט דער קשיא - מיינט ניט נאר אנטשלאפן ווערן בגשמיות, נאר עס קען אויך זיין אז מ׳וועט אנטשלאפן ווערן ברוחניות:

עס זיינען דא אזוינע וואס האבן א חיות אין דעם אז ווען איינער זאגט א סברא, פרעגן זיי גלייך א שאלה אויף דערויף, וואס אויף דעם דארף מען ניט זיין קיין גרויסער "קנאקער", און קיין גרויסער קונצן-מאכער, ווארום ס׳איז זייער גרינג זאגן אויף יעדער זאך איפכא מסתברא, ובפרט אז דעמולט איז ניט נאר הקב"ה עוזרו, נאר ער האט אויך אן עזר פון דעם צד השמאל.

דאס איז אבער אלץ בשעה ער פרעגט די שאלה, בשעה עס קומט אבער צו הערן דעם תירוץ - "שלאפט" ער, ווארום דאס איז ער ניט אינטערעסירט צו הערן, ער וויל נאר פרעגן קשיות!

וואס דערפאר דארף מען אויך בא אזא האבן א באווארעניש אז ער זאל ניט "אנטשלאפן" ווערן מיט א קשיא, נאר ער זאל אויך הערן דעם תירוץ.

וואס עפ"ז האט מען דאך לכאורה געדארפט מבאר זיין פארוואס דער קישור פון די ד׳ מסכתות מיט די שיטות פון די ארבע כתות האבן א שייכות זל"ז,

- אבער -

---

143) הובא בקונטרס עה"ח פל"א. 144) רמב"ם בפתיחתו למו"נ. וראה שיחת אור ליום ה׳, י"ג ניסן תשל"ח סי"ח ואילך. 145) ל׳ הש"ס - יומא עב, ב. וראה ברכות טז, ב במשנה. 146) ראה גם "התמים" חו׳ ה ע׳ 10 [רמה, ב]. שיחה הנ"ל סי"ח.

אבער ווי געדעדט אין התחלת שיחה זו - איז בצד איזה סיבה האט מען וועגן דעם ניט גערעדט, און דערפאר וועט מען דאס איצטער מבאר זיין.

לב. וויבאלד אז יעדער סיפור און ענין אין תורה איז בתכלית הדיוק, לא פחות ולא יותר - איז פארשטאנדיק אז ווען די תורה דערציילט אז די אידן האבן זיך צוטיילט אויף פיר כתות, און יעדער כתה האט געהאט א באזונדער שיטה ווי מ׳דארף זיך פירן - איז דאס געווען נאר אויף פיר כתות, ניט מער און ניט ווייניקער.

[ובפרט אז דאס ווערט דערציילט ניט נאר אין תושבע"פ (אין ירושלמי וכו׳), נאר אויך אין תושב"כ; ס׳איז מערניט וואס אין תושב"כ שטייט בלויז דער ענטפער וואס משה האט געזאגט צו די פיר כתות (און דערפון לערנט מען אפ וואס זיי האבן גע׳טענה׳ט)].

ווארום אויב עס זיינען געווען אזוינע וואס האבן געהאלטן באופן אחר (פון די פיר כתות), אפילו אויב דאס איז געווען מערניט ווי איינער, איז דאך דאס א פינפטע שיטה - האט די תורה וועגן דערויף געדארפט דערציילן.

אפילו אויב עס זיינען געווען אזוינע וואס האבן געשוויגן און זיך ניט כולל געווען מיט קיינע פון די כתות - איז דאך דער שווייגן אויך א מציאות, האט די תורה וועגן דערויף געדארפט דערציילן.

נאכמער: אפילו בנוגע צו משה רבינו מוז מען זאגן אז ער איז אריין אין איינע פון די פיר כתות, ווארום אויב ניט איז דאס א פינפטע שיטה, ובמילא האט די תורה וועגן דערויף געדארפט דערציילן.

ואדרבה, וויבאלד אז משה איז דאך געווען שקול "כנגד כל ישראל"[147], איז אויב ער האט געהאלטן אז מ׳דארף זיך פירן אין אן אנדער אופן ווי איינע פון די פיר כתות, און אפילו אויב ער האט געווארט אז דער אויבערשטער זאל זאגן וואס מ׳זאל טאן - איז פונקט ווי די תורה דערציילט וואס אלע אידן האבן געהאלטן, האט די תורה אויך געדארפט דערציילן וואס משה האט געהאלטן.

נאר מכל זה איז פארשטאנדיק, אז די תורה דערציילט דא אז בשעת עס קומט א מנגד צו אידן (מצרים) - צוטיילן זיך אלע אידן אויף פיר שיטות כלליות ווי מ׳דארף זיך פירן אין אזא מצב.

- לג. -

---

147) מכילתא ופרש"י ר"פ יתרו.

לג. און וויבאלד אז דאס זיינען פיר שיטות כלליות בא אלע אידן - איז א זיכערע זאך אז די פיר שיטות זיינען אויך געווען בא די אידן שפעטער ווען זיי זיינען געשטאנען בא מתן תורה.

עד"ז לייגט זיך צו זאגן אז די פיר שיטות זיינען ניט נתחדש געווארן בא די אידן בשעת זיי זיינען אנגעקומען צום ים סוף און זיי האבן דערזעהן די מצריים - נאר די פיר שיטות זיינען שוין געווען בא די אידן נאך זייענדיק אין מצרים.

ובפרט אז יצי"מ (וואס דעמולט דערציילט מען אז די אידן האבן זיך צוטיילט אויף פיר כתות) קומט בהמשך צו גלות מצרים, און אידן זיינען געווען די זעלבע מציאוה בא יצי"מ ווי זיי זיינען געווען אין גלות מצרים,

און אע"פ וואס בא יצי"מ איז געווען דער "נגלה עליהם ממה"מ הקב"ה בכבודו ובעצמו"[148], און ווי ער איז דאס מפרש אין המשך תער"ב[149], אז "בכבודו" איז מלכות דא"ס, און "ובעצמו" איז עצמות (תפארת) דא"ס - אבער בכללות זיינען אידן געבליבן די זעלבע מציאות ווי זיי זיינען געווען אין גלות מצרים.

ערשט בא מ"ת זיינען אידן געווארן א נייע מציאות[150], ווי די גמרא זאגט אין יבמות[151] אז בא מ"ת זיינען אידן געווארן גרים שנתגיירו, וואס "גר שנתגייר כקטן שנולד דמי"[152] און דערפון לערנט מען אפ[153] כמה דינים אין הל' גירות, אבער בא יצי"מ זיינען אידן נאך געווען די זעלבע מציאות ווי זיי זיינען געווען אין גלות מצרים -

וואס דערפאר לייגט זיך צו זאגן אז אזוי ווי בא יצי"מ האבן די אידן געהאט די פיר שיטות, עד"ז איז דאס בא זיי געווען שוין פריער אין ארץ מצרים.

לד. וויבאלד אז די פיר שיטות זיינען פיר שיטות כלליות בא אידן ווי מ'דארף זיך פירן בשעת עס איז דא א מנגד, און הורה דערציילט וועגן דעם - מוז מען זאגן אז די פיר שיטות זיינען פיר שיטות אין תורה גופא,

ווארום ס'איז דאך "אסתכל באורייתא וברא עלמא"[154], איז

- אזוי -

------------

148) הגש"פ. 149) ח"ב ע' תתקכד. 150) ראה לקו"ש חגה"פ תשל"ת ס"ב. 151) מו, א ואילך. וראה גם כריתות ט, א. 152) יבמות כב, א. וש"נ. 153) ביבמות וכריתות שבהע' 151. 154) זח"ב קסא, ב.

אזוי ווי עס זיינען דא פיר שיטות אין וועלט, ובפרט בא אידן, ובפרט אז תורה דערציילט וועגן דעם - זיינען די פיר שיטות זיכער דא פריער אין תורה, און דערפון קומט דאס ארויס אין פיר שיטות בא אידן אין וועלט.

וואס דאס איז דאך דער ענין פון תורת חסידות חב"ד, וואס איז מיוסד אויף תורת החסידות הכללית פון דעם בעש"ט, וואס איז מיוסד אויף תורה בכלל - אז "אסתכל באורייתא וברא עלמא".

און דאס שטייט ניט נאר אין זהר און אין ספרי קבלה - נאר עס שטייט בפשטות אין נגלה, אין בראשית רבה[155].

נאכמער: די תורה דערציילט וועגן די פיר שיטות בקשר מיט יצי"מ, וואס דער כללות הענין פון יצי"מ איז א הכנה צו מ"ת כמ"ש "בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה" - וואס דערפון איז נאכמער מודגש אז די פיר שיטות זיינען פיר שיטות אין תורה, ווארום דאס ווערט דערציילט בתור הכנה צו נתינת התורה.

און וויבאלד אז די תורה איז נצחית, איז פארשטאנדיק אז אויך די פיר שיטות אין תורה, וואס דערפון קומען ארויס די פיר שיטות כלליות בא אידן - זיינען נצחיים,

ד.ה. אז דאס זיינען פיר שיטות כלליות אין תורה וואס זיינען אלעמאל דא, און דערפון וזערן אויך פיר שיטות כלליות בא אידן אין אלע צייטן ווי מ'דארף זיך פירן בשעת עס איז דא א מנגד צו קדושה.

וואס אע"פ אז משה האט זיי דעמולט געענטפערט אויף אלע פיר שיטות, זיינען דאך דעמולט לכאורה נתבטל געווארן די שיטות -

אבער כמדובר כמ"פ אז אן ענין וואס שטייט אין תורה, איז אפילו אויב דאס איז שפעטער נשתנה געווארן, וויבאלד אבער אז די הוה אמינא איז געבליבן אין תורה - איז דאס א דבר נצחי[156],

און ווי גערעדט אין א פריערדיקע התוועדות[157] די דוגמא לזה פון "ויואל משה"[158], אז אויב איינער איז מתפיס א נדר אין דעם נדר פון משה רבינו (וואס איז שפעטער נתבטל געווארן[159]), איז דאס א נדר קיים[160], וויבאלד אז דאס שטייט אין תורה[161].

- לה. -

---

155) בתחלתו. 156) ראה גם לקו"ש ח"א ע' 116.
157) שיחת מוצאי ש"פ שמות, אור לכ"ד טבת. 158) שמות ב, כא. וראה נדרים סה, דע"א. שמו"ר פ"א, לג. פרש"י עה"פ.
159) נדרים שם. שמו"ר פ"ה, ד. 160) ירושלמי נדרים פ"א ה"ב. נדרים י, א-ב ובר"נ שם. 161) צפע"נ עה"פ שמות שם.

לה. וואו געפינט מען די פיר שיטות אין תורה - איז ע"פ האמור לעיל אז דאס זיינען פיר שיטות כלליות - איז פאר-שטאנדיק אז די פיר שיטות דריקן זיך אויס ניט אין הלכות פרטיות אין תורה (וואס הגם אז דאס איז אויך כולל אין זיך ענינים כלליים, איז דאס אבער אן ענין פרטי לפי"ע אן ענין כללי בתורה), נאר אין ענינים כלליים אין תורה, וואס דאס איז דער ענין פון מסכתות אין ש"ס.

וואס דערפאר האט מען מקשר געווען די פיר שיטות פון די פיר כתות מיט פיר מסכתות אין ש"ס.

לו. און אזוי ווי דעם מענה פון משה רבינו אויף די אלע פיר שיטות, איז די הורה כולל אין איין מענה (וואס האט כמה תיבות, און דאס צוטיילט זיך אויף צוויי פסוקים, אבער דאס איז איין מענה) -

עד"ז זיינען אויך די אלע פיר מסכתות מסיים [וואס דער סיום איז דער גמר און דער תכלית וכוונה פון דער גאנצער מסכת] מיטן זעלבן תוכן און מיט דער זעלבער תורה, "א"ר אלעזר א"ר חנינא תלמידי חכמים מרבים שלום בעולם שנאמר וכל בניך למודי ה' ורב שלום בניך".

און וויבאלד אז דער סיום (פון די פיר מסכתות) איז ע"ד דער מענה פון משה רבינו אויף די פיר שיטות - דערפאר איז אויך מרומז אין דעם מאמר ("ת"ח מרבים שלום בעולם כו'") דער כללות הענין אז מ'דארף מקבל זיין פון משה'ן אן ענטפער אויף די פיר שיטות (- מסכתות):

"תלמידי חכמים מרבים שלום בעולם" - אז מ'דארף זיין א תלמיד פון הכמה דקדושה, וואס דאס איז משה רבינו[162], וואס ער האט מקבל געווען די הורה פון דעם אויבערשטן,

און דורך דערויף וואס מ'איז "תלמידי חכמים" ווערט "מרבים שלום בעולם", ווארום דער ענין השלום ווערט אויפ-געטאן דורך דער תורה, ווי דער רמב"ם פסק'נט[163] אז די תורה איז געגעבן געווארן בכדי "לעשות שלום בעולם" (וואס דאס איז בשינוי לשון קצת פון דעם לשון "ת"ח מרבים שלום בעולם"[164]).

ביז אז מ'ווערט "למודי ה'", ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר, דער בעל ההילולא טייטשט דאס[165] - אז מ'איז רגיל בשם הוי', און רגיל בנסים.

- לז. -

---

162) לקו"ת נשא כז, א. תו"א יתרו סח, ג. ובכ"מ.
163) סוף הל' חנוכה. 164) ראה גם רד"ה וכל בניך תרפ"ט.
165) רד"ה אר"א אר"ח ת"ח כו' תש"א (סה"מ תש"א ע' 100).

לז. וויבאלד אז די פיר שיטות פון די ארבע כתות זיינען כנגד די פיר מסכתות - איז פארשטאנדיק אז זיי האבן א שייכות ניט נאר צו דעם סיום פון די פיר מסכתות (וואס וועגן דעם האט מען גערעדט אין דער התוועדות פון יו"ד שבט), נאר אויך צו דעם תוכן פון די גאנצע מסכתות.

ד.ה. אז די שיטה פון דער ערשטער כתה, "נפול לים", איז פארבונדן מיטן תוכן פון גאנץ מסכת ברכות, די שיטה פון דער צווייטער כתה, "נחזור למצרים", איז פארבונדן מיטן תוכן פון גאנץ מסכת נזיר, די שיטה פון דער דריטער כתה, "נעשה עמהן מלחמה", איז פארבונדן מיטן תוכן פון גאנץ מסכת יבמות און די שיטה פון דער פערטער שיטה, "נצווח כנגדן", איז פארבונדן מיטן תוכן פון גאנץ מסכת כריתות.

לח. די שייכות פון מסכת ברכות מיט דער שיטה פון "נפול לים":

דער ענין פון "ברכות" איז - "ברכה והמשכה" (ווי דאס איז בפשטות ע"פ נגלה, ובפרט ע"פ חסידות, ווי עס ווערט נתבאר אין די מאמרים פון דעם אלטן רבי'ן[166], פון דעם מיטעלן רבי'ן[167], פון דעם צ"צ[168], פון דעם רבי'ן מהר"ש[169] און פון די נשיאים שלאחריו).

וואס דאס איז דער פירוש פון "ברוך ה' מן העולם ועד העולם"[170], וואס דאס גייט אויף עלמא דאתכסיא און עלמא דאתגליא [באטש אז "מן העולם ועד העולם" איז כולל אלע עולמות - אבער בכללות טיילן זיך אלע עולמות אויף די צוויי עולמות פון עלמא דאתכסיא און עלמא דאתגליא].

אז עס ווערט נמשך א ברכה והמשכה "מן העולם" - פון עלמא דאתכסיא "ועד העולם" - אין עלמא דאתגליא[171].

דערנאך איז דא ווי די עלי' איז מלמטלמ"ע, פון עלמא דאתגליא אין עלמא דאתכסיא, וואס דאס איז דער סיום פון מס' ברכות, אז "תלמידי חכמים אין להם מנוחה לא בעולם הזה ולא בעולם הבא שנאמר[172] ילכו מחיל אל חיל גו'", וואס אין אותיות הנגלה איז עלדאת"כ - עוה"ב, און עלדאת"ג - עוה"ז.

ד.ה. אז פריער איז דא די עבודה אין עוה"ז אלס א

- נשמה -

---

166) תו"א בראשית ו, א ואילך. 167) פיה"מ מהדו"ב פצ"ח. 168) אוה"ת בראשית (כרך ג) תקנא, א ואילך. 169) בהגהותיו לאוה"ת שם. ד"ה חייב אדם לברך תרל"ח. 170) תהלים קו, מח. 171) אוה"ת שם. מזח"א קנח, ב. 172) תהלים פד, ח.

נשמה בגוף, וואס בכללות איז דאס די עבודה אין עלמא דאתגליא, און דערנאך איז דא די עלי׳ פון "ילכו מחיל אל חיל" אין עוה"ב, וואס "עולם הבא" איז דער עולם וואס קומט נאך [173] עלמא דאתגליא, וואס דאס איז עלמא דאתכסיא.

לס. בכדי עס זאל קענען זיין דער קשר פון די ביידע עולמות, סיי מלמעלמ"ט, וואס דאס איז די המשכה פון עלמא דאתכסיא אין עלמא דאתגליא ("ברוך הוי׳ מן העולם עד העולם"), און סיי מלמטלמ"ע, וואס דאס איז די עלי׳ פון עלמא דאתגליא אין עלמא דאתכסיא ("ילכו מחיל אל חיל") - דארף מען אנקומען צו מס"נ:

עס דארף זיין די מס"נ פון עלמא דאתכסיא אז עס זאל יורד זיין פון אירע ענינים און נמשך ווערן אין עלדאת"ג.

עד"ז דארף זיין די מס"נ מלמטלמ"ע, אז עלמא דאתגליא זאל עולה זיין און נכלל ווערן אין עלמא דאתכסיא, וואס אויך דערצו דארף מען אנקומען צו מס"נ, ווארום בשעת עלמא דאתגליא איז עולה און ווערט נכלל אין מקורו, ווערט ער בטל ממציאותו, אבער אעפ"כ וויל ער עולה זיין.

ועי"ד ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא [174] אז אור הנר איז "חפץ בטבע ליפרד מהפתילה ולידבק בשרשו למעלה כו׳", "ואף שע"י זה יכבה ולא יאיר כלום למטה, וגם למעלה בשרשו יתבטל אורו במציאות בשרשו, אעפ"כ בכך הוא חפץ בטבעו", ועד"ז איז דאס אין "נר ה׳ נשמת אדם" [175], ווי ער איז דארטן מבאר.

וואס די צוויי מס"נ, די מס"נ מלמעלמ"ט, און די מס"נ מלמטלמ"ע זיינען בכללות מתאים צו די צוויי ענינים פון "ע"כ אתה חי" [176], וואס דאס איז די מס"נ צו יורד זיין און נמשך ווערן למטה, און "ע"כ אתה מת" [176], וואס דאס איז דער מס"נ צו עולה זיין און נכלל ווערן למעלה.

וואס ע"פ המבואר לעיל איז פארשטאנדיק די שייכות פון מסכת ברכות צו דער שיטה פון "נפול לים": די וואס האבן גע׳טענה׳ט אז ס׳דארף זיין "נפול לים", האבן געהאלטן אז מ׳דארף זיך פירן אין אן אופן פון מס"נ,

וואס דאס איז כולל סיי די מס"נ פון יורד זיין מלמעלמ"ט, וואס דאס איז דער ענין פון מסכת ברכות - "ברוך הוי׳ מן העולם ועד העולם", און סיי די מס"נ פון עולה

- זיין -

------------

173) ראה רמב"ם הל׳ תשובה ספ"ח. 174) רפי"ט.
175) משלי כ, כז. 176) אבות ספ"ד.

זיין און נכלל ווערן למעלה, וואס וועגן דערויף רעדט זיך אין דעם סיום פון מסכת ברכות - "תלמידי חכמים אין להם מנוחה לא בעוה"ז ולא בעוה"ב שנאמר ילכו מחיל אל חיל כו'".

מ. די שייכות פון מסכת יבמות מיט דער שיטה פון "נחזור למצרים":

די כתה וואס האט געהאלטן אז ס'דארף זיין "נחזור למצרים", האבן גע'טענה'ט אז וויבאלד אז "מצרים נוסע אחריהם"[177] איז דאך אין דעם זיכער ניט שולדיק דער אויבערשטער אדער משה רבינו - נאר דאס איז מצד דעם וואס די אידן האבן נאך ניט משלים געווען זייער עבודה אין מברר זיין די ניצוצות פון מצרים, וואס דערפאר דארף זיין "נחזור למצרים".

וואס די עבודה - איז דער כללות הענין פון "יבמות":

חסידות איז מבאר (מיוסד אויף קבלה) דעם ענין היבום אין עבודת האדם און דער עולם וועט מסתמא צופאסן - ווי דער ענין איז ע"פ נגלה[178]:

דער ענין פון "כי ישבו אחים יחדיו ומת אחד מהם ובן אין לו"[179] איז דער ענין פון "הלא אח עשו ליעקב" און "ואוהב את יעקב ואת עשו שנאתי"[180], ווארום עשו איז דער ענין הקליפות, וואס קליפות "אל אחר אסתרס ולא עביד פירין"[181], ד.ה. אז מצ"ע איז קליפה אן ענין פון "מת", און "ובן אין לו".

אבער דערנאך דארף זיין אז "הבכור אשר תלד יקום על שם אחיו המת ולא ימחה שמו מישראל"[182],

ד.ה. אז אע"פ וואס לעו"ז מצ"ע איז "מת" און "בן אין לו", איז אבער תורת חסד גיט די מעגליכקייט אז אויך "ואת עשו שנאתי" זאל נתברר ווערן דורך דערויף וואס "יקום על שם אחיו המת", וואס דעמולט איז "לא ימחה שמו מישראל".

וואס בכללות איז דאס די עבודה פון תשובה, אז מ'איז מברר די דברים הכי תחתונים, דעם ענין פון "עשו שנאתי", און מ'מאכט דערפון אז "זדונות נעשו לו כזכיות"[183], און "מצוות שהציעה לו באיסור הציעה לו בהיתר"[184], וואס דאס איז דער ענין פון "אתהפכא חשוכא לנהורא".

- דער -

---

177) פרשתנו יד, י. 178) ראה "התמים" חו' ד ע' נד קצה, ב. חו' ו ע' סג רצט, א. 179) תצא כה, ה. 180) מלאכי א, ב-ג. 181) זח"ב קג, א. נתבאר בד"ה וישמע יתרו עת"ר. 182) תצא שם, ו. 183) יומא פו, ב. 184) מנחות מד, א.



הנחת הת' בלתי מוגה

דער ענין פון לעו"ז מצ"ע איז טאקע ניט שייך צו אן ענין של בירור, ווארום דאס איז "עשו שנאתי", און דאס איז "אחיו המת", אבער דורך דעם ענין היבום, אז יעקב וואס "אח עשו ליעקב", פועל'ט אז עשו זאל נתברר ווערן, קומט צו א תוספות עילוי, ווארום ער טוט אויף אז אויך "אחיו המת" זאל האבן א "שם בישראל"[185], וואס דאס איז דער עילוי פון "זדונות נעשו לו כזכיות".

ביז אז עס קומט אויך צו אן עילוי אין יעקב וכמבואר בכ"מ[186], אז יעקב איז בחי' תיקון, וואס אין תיקון זיינען אורות מועטים און כלים מרובים, און עשו איז בחי' תהו, וואס אין תהו איז אורות מרובים און כלים מועטים,

און דורך די עבודת הבירורים פון יעקב'ן, אז ער איז מברר "עשו שנאתי" - איז יעקב יורש די אורות מרובים דתהו, וואס זיי זיינען מרובים סיי בכמות און סיי באיכות, און ער איז זיי ממשיך אין די כלים רחבים פון תיקון, וואס דעמולט ווערן די כלים פון תיקון נתעלה,

און דער טעם פארוואס יעקב איז יורש די אורות דתהו פון עשו'ן, איז - דערפאר וואס סדרי הירושה ביי אוה"ע (עשו) איז ע"ד דכתיב[187] "ובן אין לו גו' ונתתם את נחלתו לאחיו", און וויבאלד אז "הלא אח עשיו ליעקב" - זיינען אידן (יעקב) יורש די אורות דתהו פון אוה"ע (עשו)[188].

וואס דאס איז בכללות די עבודה פון יבום, וואס ע"ש זה ווערט אנגערופן די גאנצע מסכת - מסכת יבמות.

און דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם סיום המסכת, אז עס דארף זיין דער ענין פון "ושאלת ודרשת וחקרת היטב" - ווארום די עבודה הנ"ל קומט דוקא דורך דעריף וואס ס'איז דא די התבוננות פרטית, און חקירה ודרישה ווי צו אויפטאן דעם בירור.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק די שייכות פון מסכת יבמות מיט דער שיטה פון "נחזור למצרים": די כחה וואס האט גע'טענה'ט "נחזור למצרים" האבן געוואלט אויפטאן דעם ענין פון "יבמות" אין עבודת האדם, וואס דאס איז - צו מברר זיין אויך די ניצוצות פון מצרים, וואס זיי זיינען ניצוצות וואס מצ"ע זיינען זיי ניט שייך צו נתברר ווערן, און זיי מהפך זיין מחשוכא לנהורא.

מא. ע"פ המבואר לעיל וועט מען אויך פארשטיין די שייכות

- פון -

---

185) תצא שם, ז. 186) תו"א ותו"ת ר"פ וישלח.
187) פינחס כז, ח-י. 188) סה"מ קונטרסים ח"ב שסב, ב.

פון מסכה נזיר מיט דער שיטה פון "נעשה עמהן מלחמה":

די עבודה פון יבום איז צו מברר זיין די ניצוצות קדושה וואס געפינען זיך אין "אחיו המת", וואס "ובן אין לו", און זיי מהפך זיין צו קדושה, "להקים לאחיו שם בישראל"[188], וואס דאס איז די עבודה פון אתהפכא.

ס'איז אבער דא א צווייטע עצה ווי צו צוגיין צו דעם ענין פון "כי ישבו אחים יחדיו ומת אחד מהם ובן אין לו", וואס דאס איז - דער ענין החליצה, אבער דעמולט איז "לא יבנה את בית אחיו"[189].

וואס בעבודה איז דאס - אז ער איז ניט מברר די ניצוצות פון לעו"ז, נאר ער איז זיי דוחה דורך דעם ענין החליצה, די עבודה פון אתכפיא, אז ער איז זיך פורש פון די עניני העולם, און ער איז עובד עבודתו ניט אין אן אופן פון בירור וזיכוך, ווארום ער האט ניט דעם כח צו מברר זיין, נאר זיין עבודה איז אין אן אופן פון מלחמה.

וואס דאס איז די עבודה פון א נזיר (וואס ע"ש זה ווערט אנגערופן די גאנצע מסכת - מסכת נזיר):

רש"י עה"ת זאגט[190] אז "הרואה סוטה בקלקולה יזיר עצמו מן היין".

וואס לכאורה בשעת אזא זאך איז געווען האט א איד געדארפט מברר זיין דעם יין, און זיך ניט פורש זיין דערפון?

ובפרט אז אויף דעם ענין היין מאכט מען א ברכה לפניו ולאחריו, וואס דאס באווייזט אז יין איז א דבר טוב, ביז אז בא קידוש והבדלה איז דער ענין היין א דבר המוכרח - איז פארוואס איז ער זיך פורש פון דעם?

און ווי דער ירושלמי[191] זאגט: "דייך מה שאסרה לך התורה", און מ'דארף ניט גיין זוכן נייע זאכן פון וואס זיך צו פורש זיין.

איז דער ביאור אין דעם:

א נזיר האט ניט דעם כח צו מברר זיין עניינים פון לעו"ז, דערפאר איז ער עובד עבודתו אין אן אופן פון מלחמה און פרישה פון עניני עוה"ז.

וואס דאס איז געווען די טענה פון דער דריטער כתה אז "נעשה עמהן מלחמה":

- ווייבאלד -

---

189) תצא שם, ט. 190) עה"פ נשא ו, ב. 191) נדרים פ"ט ה"א.

וויבאלד אז מ׳האט ניט דעם כח צו מברר זיין די ניצוצות וואס געפינען זיך אין מצרים, דערפאר קען ניט זיין "נחזור למצרים" (וואס דאס איז די עבודה פון אתהפכא, כנ"ל), נאר די איינציקע זאך וואס מ׳קען טאן איז "נעשה עמהן מלחמה", וואס דאס איז די עבודה פון אתכפיא.

און דערפאר איז מסכת נזיר (עבודת הנזיר) פארבונדן מיט דער שיטה פון "נעשה עמהן מלחמה" - ווארום די עבודה פון א נזיר איז אין אן אופן פון מלחמה.

און די שייכות דערפון צו דעם סיום פון מסכת נזיר:

א״פ וואס א נזיר איז עובד עבודתו בדרך דחי׳ ופרישה, איז אבער ביי אים אויך דא דער ענין פון "מי מעכב שאור שבעיסה"[192], און "אין בנו כח לעמוד כנגדו" (ווי מ׳זאגט אין מענה לשון[193] בשעת מ׳גייט אויפן ציון פון כ"ק מו"ח אדמו"ר וכיו"ב) - וואס דערפאר דארף א נזיר אנקומען צו א נתינת כח בעבודתו,

וואס דאס איז דער סיום פון מסכת נזיר - "גדול העונה אמן יותר מן המברך", אז ער באקומט סיי דעם ענין הברכה און סיי דער ענין פון עניית אמן, וואס דאס גיט אים א נתינת כח בעבודתו, ער זאל קענען מנצח זיין אין דער מלחמה (ווי די גמרא זאגט דאדטן).

מב. די כוונה פון די אלע דריי עבודות הנ"ל (די עבודה פון מס"נ - "נפול ליס", וואס איז פארבונדן מיט מסכת ברכות, די עבודה פון אתהפכא - "נחזור למצרים", וואס איז פארבונדן מיט מסכת יבמות און די עבודה פון אתכפיא - "נעשה עמהן מלחמה", וואס איז פארבונדן מיט מסכת נזיר) - איז - צו מאכן שלום און מקשר זיין וועלט מיט אלקות.

און אע"פ אז עבודת האתכפיא (מסכת נזיר) איז אין אן אופן פון מלחמה (ניט דער ענין השלום) - איז אבער פארשטאנדיק פון דעם פשוט׳ן פירוש אין "פדה בשלום נפשי מקרב לי"[194] אז פון דער מלחמה ("מקרב") ווערט דער ענין פון "פדה בשלום",

וואס דאס איז א נידעריקערע דרגא אין שלום ווי דער פירוש פון דעם מיטעלן רבי׳ן[195] אז "פדה בשלום גו׳" גייט אויף תכלית השלימות אין שלום וואס וועט זיין לע"ל.

וואס דאס איז בכללות דער תוכן פון ענין הקרבנות

- (וואס) -

---

192) ברכות יז, א. 193) ע׳ 34. 194) תהלים נה, יט.
195) בד"ה פדה בשלום פי"א (שערי תשובה נה, ג ואילך).



הנחת הת׳ בלתי מוגה

(וואס וועגן דערויף רעדט זיך אין דעם סיום פון מסכת כריתות, כדלקמן), ווארום דער ענין הקרבנות איז דער "קירוב הכחות והחושים" און כל עניני העולם צו אלקות, ביז אז דאס דערגרייכט אין "רזא דא"ס"[196], אין עצמות ומהות אליין (ווי דער בעל ההילולא איז מבאר אין דעם מאמר ההילולא[197]).

און וועגן דעם ענין הקרבנות, דער ענין פון מקשר זיין אלקות מיט וועלט – רעדט זיך אין דעם סיום פון מסכת כריתות, און אויך דער כללות ענין הכרת האט א שייכות מיט דעם ענין הקרבנות, ווי דער דין איז[198] אז "כל עבירה שחייבין על זדונה כרת חייבין על שגגתה חטאת".

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק אז אויך מסכת כריתות איז פארבונדן מיט דעם ענין פון מקשר זיין אלקות מיט וועלט.

מג. דער ביאור אין דעם וועט מען פארשטיין בהקדם א דבר פלא וואס מ'געפינט אין דעם ענין פון (עונש) כרת (וואס ע"ש זה ווערט אנגערופן די מסכת – מסכת כריתות):

בא אלע ד' מיתות, זעט מען אז זיי רירן אלע אן סיי די נשמה און סיי דעם גוף (די נשימה פון גוף, אדער דעם קיום הגוף וכו')‏;

משא"כ בא דער עונש פון כרת איז דאך עניננה – "ונכרתה הנפש ההיא מלפני"[199], און דאס רירט בכלל ניט אן דעם גוף.

עס רירט טאקע אן אין חיי הגוף, אבער אין דעם גוף אליין רירט דאס ניט אן.

און די ג' ענינים וואס דער רמב"ן[200] רעכנט אויס בנוגע צו כרת, זיינען נאר בנוגע צו "ונכרתה הנפש", און בנוגע צו חיי הגוף, אבער ניט צו דעם עצם גוף.

וואס לכאורה איז דאס אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

ווי קען מען זאגן אז נאך דערויף וואס די נשמה האט געטאן עבודתה אלס א נשמה בגוף דוקא, און דער גוף איז אויך געווען "מצווה ועושה"[201] – איז בשעת מ'גיט אן עונש פון כרת איז דאס נאר "ונכרתה הנפש ההיא מלפני" – און דעם גוף לאזט מען גיין וואלגערן זיך?!

– וואס –

---

196) ראה זח"ב רלט, א. ח"ג כו, ב. 197) ד"ה באתי לגני ה'שי"ת פ"ב. וראה גם ד"ה טעמה תש"ט פ"ב ואילך. 198) שבת סט, א. רמב"ם הל' שגגות ס"א ה"ב. 199) אמור כב, ג. 200) עה"פ אחרי יח, כט. 201) ראה קידושין לא, א. וש"נ.

וואס דאס איז לכאורה אן ענין שאין למטה ממנו - ווארום ביז איצט איז דער גוף געווען פארבונדן מיט דער נשמה, און מיטאמאל גייט די נשמה אוועק, און דער גוף בלייבט פאר זיך, אן קיין שום תיקון, ווארום מ'האט איר בכלל ניט אנגערירט!

נאכמער: די משנה[202] זאגט אז "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב" חוץ פון ד' סוגים, אבער חייבי כריתות גייען אויך אריין אין דעם כלל פון "כל ישראל".

און וויבאלד אז עוה"ב איז דער ענין פון תחה"מ, וואס דעמולט וועט דאך זיין אלס נשמה בגופים (כשיטת הרמב"ן) - איז ווי קען מען זאגן אז אויך דער גוף פון חייבי כריתות וועט אויפשטיין צו תחה"מ - דער גוף איז דאך געבליבן אן קיין שום תיקון, ווארום ס'איז געווען נאר "ונכרתה הנפש"?!

מד. איז דער ביאור אין דעם:

"ובנו בחרת", בחירה העצמות איז דוקא אין דעם גוף פון א אידן[203], וואס דערפאר קען אין א גוף פון א אידן גאר-ניט אנרירן, ווארום דער גוף איז איין זאך מיט עצמות, און דער גוף נעמט מער עצמות, כביכול, ווי די נשמה, ובמילא איז אזוי ווי עצמות איז נצחי אזוי איז אויך א גוף א נצחי.

און ווי די משנה זאגט אז "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב" דערפאר וואס זיי זיינען "נצר מטעי מעשה ידי להתפאר"[204], אז אזוי ווי דער אויבערשטער איז א נצחי, אזוי איז אויך דער גוף פון א אידן, וואס ער איז "נצר מטעי" און "מעשה ידי" ביז "להתפאר" - א נצחי.

און דער ענין אז דער גוף איז איין זאך מיט עצמות (מער פאר דער נשמה) - קומט ארויס בגלוי ווען א איד איז עובר אויף אן איסור כרת, ווארום דעמולט זעט מען אז אפילו אז ער האט עובר געווען אויף אן עבירה, ביז אויף אן איסור כרת, רירט דאס נאר אן אין דער נשמה, "ונכרתה הנפש ההיא מלפני" - אבער אין דעם גוף איז דאס ניט פוגם, ווארום אין דעם גוף זעט מען בגלוי אז דאס איז איין זאך מיט עצמות.

משא"כ בא די אנדערע ד' מיתות, זעט מען ניט בגלוי דאס וואס דער גוף איז איין זאך מיט עצמות, ווארום דארטן האט די עבירה פוגם געווען בגלוי אויך אין דעם גוף, וואס דערפאר רירן אן די ד' מיתות אויך אין דעם גוף,

- און -

202) סנהדרין צ, א. 203) תניא פמ"ט (סט, סע"ב ואילך). וראה בארוכה הו"ע ע' 120 ואילך. 204) ישעי' ס, כא.

און ווי די גמרא [205] זאגט דעם טעם לזה, אז די נשמה און דער גוף זיינען בדוגמא ווי א "חיגר" און א "סומא", וואס האבן ביידע צוזאמען עובר געווען אויף דער עבירה.

מה. אע"פ וואס דער ענין פון כרת ברענגט אדוים בגלוי די מעלה פון דעם גוף - איז דאס אבער ניט דער סדר הרגיל אין עבודה, ווארום עס טאר ניט זיין "אחטא ואשוב", וואס דעמולט איז "אין מספיקין בידו לעשות תשובה"[206], נאר דער סדר העבודה דארף זיין אז דער גוף זאל שטענדיק זיין מחובר מיט דער נשמה.

וואס אויף דערויף קומט גאנץ מסכת כריתות, צו באווארענען אז עס זאל לכתחלה ניט זיין דער ענין הכרת, נאר עס זאל זיין א גוף פארבונדן מיט א נשמה בגלוי[207].

אויב אבער א איד איז ח"ו דורכגעפאלן, און ער איז נכשל געווארן אין אן איסור כרה - איז דעמולט דורך עבודת התשובה קען ער צוקומען צו נאך א העכערע מעלה ווי ער איז געשטאנען פריער, וואס דאס איז דער ענין פון "זדונות נעשו לו כזכיות".

אבער אויך דעמולט איז ח"ו אז דער גוף זאל בלייבן א דבר נפרד פון דער נשמה, נאר די עבודה דארף זיין, אז נאך דערויף וואס ס'איז דא דער ענין הכרת, "ונכרתה הנפש ההיא מלפני", אז די נשמה שטייט באזונדער פון דעם גוף - איז מען זיי מחבר צוזאמען, און דעמולט קומט צו די מעלה וואס תשובה טוט אויף - "זדונות נעשו לו כזכיות".

וואס דאס איז דער סיום פון מסכת כריתות - דער ענין פון קרבנות, וואס דער ענין הקרבנות טוט אויף דעם חיבור פון וועלט מיט "רזא דא"ס", און עד"ז בשעת דער גוף שטייט באזונדער פון דער נשמה - איז דער ענין הקרבנות זיי מחבר צוזאמען, ביז אז דאס פארבינדט דעם גוף מיט "רזא דא"ס".

ד.ה. אז פריער קומט גאנץ מסכת כריתות צו באווארענען אז לכתחלה זאל די עבודה זיין תמידים כסדרם, עבודת הצדיקים, אז מ'זאל לכתחלה ניט עובר זיין אויף קיין איסור כרת,

און דערנאך אפילו אויב איינער האט עובר געווען אויף אן איסור כרת - קומט דער סיום פון מסכת כריתות, וואס דארפן דערט זיך וועגן דעם ענין הקרבנות, צו באווארענען וואס מ'דארף דעמולט טאן - אז עס דארף זיין עבודת התשובה צו מחבר זיין דעם גוף מיט די נשמה.

- מו. -

---

205) סנהדרין צא, סע"א ואילך. 206) יומא פה, ב במשנה.
207) ראה ערוך לנר ליבמות בסופו.

מו. די צוויי עבודות (עבודת הצדיקים, אז לכתחלה זאל ניט זיין דער ענין הכרת, און עבודת התשובה, אז אפילו אויב מ׳האט עובר געווען אויף דערויף איז מען דערנאך מחבר דעם גוף מיט דער נשמה) - זיינען אויך דא אין דעם סיום פון מסכת כריתות:

"מלכא ומלכתא הוו יתבין, מלכא אמר גדיא יאי ומלכתא אמרה אימרא יאי, אמרו נשיילי׳ לישׂשכר איש כפר ברקאי דכהן גדול הוא וקים לי׳ קדירה, שיילוהו, א"ל אי גדיא יאי ייסק לתמידא", און די גמרא איז מסיק (ניט ווי דער כה"ג) "דתנן כבשים קודמין לעזים בכל מקום, יכול מפני שמובחרין ת"ל[208] ואם כבש, מלמד ששניהן שקולין כאחת".

וואס דער ענין פון "אימרא" און "גדיא" זיינען צדיקים און בע"ת[209], און דער סדר הרגיל אין עבודה דארף זיין אז "אימרא יאי" - די עבודה פון צדיקים, וואס דערפאר האט דוקא דער כה"ג אזוי גע׳פסק׳נט, ווארום דער כה"ג געפינט זיך אין ביהמ"ק, וואס דאס גופא איז אין אה"ק, וואס דארט איז די עבודה תמידים כסדרם, ע"פ דעם סדר ווי עס דארף זיין - עבודת הצדיקים.

דערנאך אבער אין חוץ לארץ, וואס דאס איז "חוץ" פון דער "ארץ - שרצתה לעשות רצון קונה"[210] - איז דארטן "גדיא יאי", ווארום דארטן פעלט אין דעם תכלית השלימות אין עבודה פון תמידים כסדרם, ובמילא דארף מען אנקומען צו עבודת התשובה, וואס דאס איז דער ענין פון "גדיא יאי".

און דאס איז ע"ד די צוויי ענינים הנ"ל - גאנץ מסכת כריתות, און דער ענין הקרבנות (אין דעם סיום פון מסכת כריתות):

פריער דארף מען באווארענען אז עס זאל זיין "אימרא יאי", אז מ׳זאל לכתחלה ניט עובר זיין אויף אן איסור כרת, וואס דאס איז די כוונה פון גאנץ מסכת כריתות,

און דערנאך, אפילו אז מ׳האט עובר געווען אויף דעם, ווערט "גדיא יאי" - אז מ׳איז מחבר דעם גוף מיט דער נשמה דורך דעם ענין הקרבנות, די עבודה פון תשובה.

און דער תכלית השלימות איז בשעת עס זיינען דאביידע מעלות ביחד, ווי די גמרא איז מסיק אז "אימרא", עבודת הצדיקים, און "גדיא", עבודת הבע"ת, זיינען "שניהן שקולין כאחת",

- ווארום -.

---

208) ויקרא ד, לב. 209) אוה"ת וישלח תכו, א-ב. ד"ה מלכא ומלכתא הרצ"ז. 210) ב"ר פ"ה, ח.

וואדום עס מוז זיין דער "לאתבא צדיקייא בתיובתא"[211], וואס וויבאלד אז דאס וועט אזוי זיין אין ימות המשיח, דארף מען שוין איצטער האבן די הכנה דערצו, און דערפאר דארפן זיין ביידע אופני עבודה (פון "צדיקייא" און "תיובתא") אויך איצטער.

מז. עפ"ז וועט מען פארשטיין די שייכות פון מסכת כריתות מיט דער שיטה פון דער פערטער כתה - "נצווח כנגדן":

"נצווח כנגדן" איז דער ענין התפלה, און וויבאלד אז "תפלות כנגד תמידין תקנום"[212], דערפאר טוט אויף דער ענין התפלה דעם חיבור פון דער נשמה וואס איז נכרת געווארן מיט דעם גוף, ע"ד ווי קרבנות טוען דאס אויף:

תפלה איז מלשון "התופל[213] כלי חרס"[214], אז דאס איז "תופל" דעם "כלי חרס", וואס דאס איז דער גוף, "עפר מן האדמה"[215], מיט דער נשמה, ביז מיט עצמות ומהות.

וואס דאס איז געוועק די שיטה פון דער פערטער כתה - אז ס'דארף זיין "נצווח כנגדן", וואס דורך דערויף איז מען מתקן דעם ענין פון כרה ("כריתות") - אז דער גוף זאל זיין מחובר צו דער נשמה, ועד"ז אז וועלט זאל זיין פארבונדן מיט אלקות.

מח. דעדמיט איז פארשטאנדיק דעם קשר פון אלע פיר מסכתות מיט די פיר שיטות אין עבודה פון די פיר כתות:

מסכת ברכות איז די עבודה פון מס"נ - "נפול לים".
מסכת יבמות איז די עבודה פון יבום - "נחזור למצרים".
מסכת נזיר איז די עבודה פון א נזיר - "נעשה עמהן מלחמה".
און מסכת כריתות איז די עבודה פון תפלה - "נצווח כנגדן".

און אזוי ווי משה האט געזאגט אי ן מענה צו אלע פיר כתות, אז די עבודה וואס זיי האלטן אז מ'דארף איצטער טאן איז ניט קיין עבודה וואס איז בתכלית השלימות, ווארום איצטער דארף זיין "ויסעו"[216] (ווי גערעדט אין דער התוועדות פון יו"ד שבט),

עד"ז זיינען די אלע פיר מסכתות (וואס זיינען כנגד די פיר אופני עבודה) מסיים מיט איין ענין, אז עס דארף

- זיין -

---

211) הובא בלקו"ת שמע"צ צב, ב. שה"ש נ, סע"ב. ובכ"מ. וראה זח"ג קנג, ב. 212) ברכות כו, ב. 213) כלים פ"ג מ"ה. 214) תו"א תרומה עס, סע"ד. סה"מ תש"ט ע' 79. וראה הע' בסה"מ שם. 215) בראשית ב, ז. 216) פרשתנו שם, טו.

זייך "ת"ח מרבים שלום בעולם שנאמר וכל בניך למודי ה׳ ורב שלום בניך", ווארום די פיר שיטות אין עבודה זיינען ניט מספיק, און עס דארף זייך א העכערע עבודה - די עבודה פון "ת"ח מרבים שלום בעולם" און "וכל בניך למודי ה׳"*.

מט. עפ"ז אז יעדער איינער פון די פיר אופני עבודה איז ניט מספיק, כולל אויך די עבודה פון "נצווח כנגדן", וועט מען פארשטיין פארוואס משה האט שולל געווען אויך דעם ענין פון "נצווח כנגדן".

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק:

דער ענין פון "נצווח כנגדן" איז דאך דער ענין התפלה[217] - איז פארוואס האט דאס משה שולל געווען: אין אזא מעמד ומצב וואס אידן זיינען דעמולט געשטאנען איז לכאורה א דבר טוב ונכון צו מתפלל זיין צו דעם אויבערשטן?!

נאכמער: משה אליין איז דערנאך געגאנגען מתפלל זיין צו דעם אויבערשטן, וואס דערפאר האט דער אויבערשטער אים געזאגט "מה תצעק אלי"[218] - איז ווי האט זיי משה געקענט זאגן אז "נצווח כנגדן" דארף מען איצט ניט טאן?!

עס זיינען דא מפרשים[219] וואס לערנען אז דער ענין פון "נצווח כנגדן" איז ניט תפלה, נאר דאס וואס רש"י עה"ת[220] זאגט אז בשעת מ׳גייט ארויס למלחמה איז איינער פון די תכסיסי מלחמה צו שרייען ("צווחין בקולם"), וואס דורך דערויף איז מען מבלבל דעם צד שכנגד.

וואס עפ"ז וועט זיין פארשטאנדיק פארוואס משה האט דאס שולל געווען - ווארום דאס איז ניט דער ענין התפלה.

אבער ס׳איז א דוחק אזוי צו לערנען אין "נצווח כנגדן" (וואס דערפאר לערנען דוב המפרשים אז דער ענין פון "נצווח כנגדן" איז דער ענין התפלה) - ווארום דעמולט איז די כתה וואס האלט אז "נצווח כנגדן" ניט א פערטע כתה, נאר א חלק פון די כתה וואס האבן געזאגט "נעשה עמהן מלחמה", ווארום דער ענין פון שרייען צו מבלבל זיין דעם צד שכנגד איז איינע פון תכסיסי <u>מלחמה</u>, ווי רש"י זאגט.

אבער לפ"ז איז הדרא קושיא לדוכתא: פארוואס האט משה שולל געווען דעם ענין התפלה?

- איז -

---

*) הביאור בעבודה זו (בהד׳ מסכתות) - ראה שיחת ש"פ יתרו.

---

217) קה"ע לירושלמי שם. 218) פרשהב"ו שם. 219) ראה חו"ש עה"פ שם, יד אוה פא. 220) וארא ח, יז. שופטים כ, ג.

איז דער ביאור אין דעם פארשטאנדיק ע"פ הנ"ל: משה האט זיי געזאגט אז איצטער איז ניט דער תכלית השלימות אין עבודה צו מתפלל זיין צום אויבערשטן, ווארום איצטער דארף זיין "כל בניך למודי ה'" - און דער ענין פון "ויסעו", גיין צו מ"ת, ווי גערעדט אין דער התוועדות פון יו"ד שבט.

נ. מ'דארף נאך אבער וויסן אין וועלכע פון די פיר כתות איז משה געווען, ווי גערעדט פריער (סל"ב) אז מ'מוז זאגן אז אויך משה איז אריין אין איינע פון די פיר כתות, ווארום אויב ניט איז דאס א פינפטע כתה, און די תורה האט וועגן דערויף געדארפט דערציילן.

לכאורה וואלט מען געקענט זאגן אז אזוי ווי תורה דערציילט נאר ענינים וואס מ'קען פון זיי ארויסנעמען א הוראה, איז וויבאלד אז ס'איז ניט קיין נפק"מ בנוגע צו א הוראה בפועל אין וועלכע כתה משה איז געווען - דערפאר דערציילט דאס ניט די תורה.

דאס איז אבער א דוחק צו זאגן, ווארום עס לייגט זיך ניט אז ס'איז ניטא קיין הוראה פון א הנהגה פון משה רבינו, וואס ער איז אן איש כללי.

וואס דערפאר איז דא א צווייטער ביאור אין דעם:

וויבאלד אז משה איז געווען א "רועה נאמן", האט ער זיך אראפגעלאזט צו יעדער יחיד לפי ענינו[221] - איז בשעת ס'איז געקומען צו איס איין כתה האט ער זיך אראפגעלאזט צו זיי און געהאלטן ווי זייער שיטה, ועד"ז בנוגע צו דער צווייטער כתה, און די דריטע כתה און די פערטע כתה.

און ווי מ'געפינט בדוגמא לזה בא דעם מיטעלן רבי'ן[222]:

אמאל אינמיטן יחידות האט דער מיטעלער רבי מפסיק געווען אויף כמה ימים די יחידות, און ער האט שפעטער מסביר געווען פארוואס ער האט מפסיק געווען - אז וויבאלד דער ענין פון יחידות איז א התלבשות לפי ערך די ענינים און בקשות וואס יעדערער פרעגט, דערפאר דארף מען געפינען אלע ענינים וואס מ'פרעגט בא יחידות בא זיך אליין,

איז בשעת איינער איז אריין אויף יחידות און האט געפרעגט א דבר מבהיל, האט דער מיטעלער רבי געדארפט דאס געפינען בדקות ערגעץ בא זיך, און וויבאלד אז ער האט דאס ניט געפונען, האט ער מפסיק געווען די יחידות (אע"פ וואס דאס איז געווען אן ענין פון טרחא דצבורא), און שלשה ימים

- האט -

---

221) ראה שמו"ר פ"ב, ב. 222) סה"מ קונטרסים ח"ב שנו, ב ואילך.

האט ער זיך נוהג געווען מיט כמה הנהגות ותפלות, ביז ער האט געפונען דעם ענין בדקות בא זיך, און ער האט דאס מתקן געווען.

און דעמולט האט ער געקענט ממשיך זיין די יחידות, וואס דאס איז דער ענין וואס יחידה שבנפש פון איין אידן פארבינדט זיך מיט יחידה שבנפש פון א צווייטן אידן[223].

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו משה רבינו:

וויבאלד אז ער איז געווען א "רועה נאמן", האט ער זיך אראפגעלאזט צו יעדער איינע פון זיינע "שעפעלעך" לפי ענינו, און ניט נאר אראפגעלאזט זיך בגופו, נאר אויך בנשמתו [בדוגמא ווי מ'זאגט ביי אברהם'ן אז ער איז געווען "נדיב בנפשו"[224]], ביז אין אן אופן פון מס"נ.

און דערפאר אז עס איז געקומען צו אים די כחה וואס האט געזאגט אז דער סדר העבודה דארף זיין "נפול לים" - האט זיך משה אראפגעלאזט לויט דער שיטה, און ער האט אזוי אויך געהאלטן.

דערנאך אז עס איז געקומען צו אים די כחה וואס האט געזאגט אז דער סדר העבודה דארף זיין "נחזור למצרים" - האט זיך משה אראפגעלאזט לויט דער שיטה, און ער האט אזוי אויך געהאלטן, ועד"ז בא די אנדערע כחות.

נא. די הוראה וואס יעדער איינער קען דערפון ארויסנעמען:

יעדער איד (ניט נאר יחידי סגולה און "ראשיכם שבטיכם") האט דעם כח צו מקשר זיין זיין יחידה שבנפש מיט יחידה שבנפש פון א צווייטן אידן, אזוי ווי די רביים טוען דאס בשעת יחידות, און אזוי ווי משה האט דאס געטאן.

און אפילו אז מ'קען דאס ניט טאן בגלוי מיט אלע אידן - קען מען דאס טאן מיט די אידן אין חלקו שבעולם, און דורך דערויף פארבינדט ער די גאנצע וועלט מיט "יחידו של עולם"[225],

ווארום א איד דארף קוקן אז "בשבילי נברא העולם"[226], און דורך איין מעשה זיינער קען ער מכריע זיין "את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות", און ער איז גורם "לו ולהם תשועה והצלה"[227].

- און -

---

223) ראה ד"ה פדה בשלום די"ט כסלו חשכ"ב. 224) דאה כש"ט הוספות אות ק. וש"נ. 225) ראה לקו"ת ראה כה, א. 226) סנהדרין לז, סע"א במשנה. 227) רמב"ם הל' תשובה פ"ג ה"ד.

און דורך דערויף וואס יעדער איינער מאכט-אויף דעם ענין פון "דירה בתחתונים" אין זיין חלק שבעולם, דורך דעם וואס ער איז מקשר זיין יחידה מיט די יחידה פון אלע אידן, ביז מיט "יחידו של עולם" - שפאלטן זיך פאר אים אלע ימים, אזוי ווי ס'איז געווען בשעת קריעת ים סוף[228],

וואס אין דערויף זיינען דא די צוויי שיטות[229], שיטת הזהר און שיטת האריז"ל, צי דאס איז געווען מלמעלמ"ט אדער מלמטלמ"ע -

איז אדער עס שפאלט זיך אהער אדער אהין - אבי עס זאל זיך שפאלטן, ביז עס וועט זיין "והחרים ה' את לשון ים מצרים והניף ידו על הנהר בעים רוחו והכהו לשבעה נחלים גו'"[230].

און ס'זאל נתגלה ווערן דער "חוטר מגזע ישי ונצר משרשיו יפרה"[231], און עס זאל זיין "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים"[232], במהרה בימינו ממש.

* * *

נב. בקביעות שנה זו קומט צו נאך א זאך אין דעם שבת וואס קומט נאך דעם טאג פון "העשירי יהי' קודש" - אז דאס איז ט"ו בשבט, דער ר"ה לאילנות (ווי די הלכה איז כב"ה אז דאס איז "בחמשה עשר בו"[233]).

וואס דער יום ט"ו בחודש האט אויך די מעלה וואס דעמולט איז "קיימא סיהרא באשלמותא"[234] - דאס איז די שלימות פון כל ימי החודש, וואס זיי ווערן אלע נתעלה אין דעם יום ט"ו בחודש.

און וויבאלד אז "ישראל דומין ללבנה"[235], און "מונין ללבנה"[236] - דערפאר איז אין דעם יום ט"ו בחודש - אויך די שלימות פון אלע אידן.

ד.ה. אז אין דעם יום ט"ו פון חודש שבט ווערט א שלימות אין אלע ענינים פון דעם טאג פון יו"ד שבט.

וואס דערפון קומט אוים, אז סיי די שלימות וואס שבת טוט אויף אין יו"ד שבט (אלם איינער פון ימות השבוע), וואס דאס איז דער "ויכולו" אין אן אופן פון תענוג פון

- אלע -

------------

228) מכילתא ופרש"י עה"פ בשלח שם, כא. ועוד.
229) שער האמונה פמ"ג (פא, ב ואילך). תו"ח שמות רנט, א.
230) ישעי' יא, טו. 231) שם יא, א. 232) שם, ט.
233) ר"ה בתחלתה. 234) ראה זח"א קנ, א. ח"ב פה, א. ועוד.
235) ראה ב"ר פ"ו, ג. 236) סוכה כט, א.



הנחת הת' בלתי מוגה

אלע ענינים פון יו"ד שבט, און סיי די שלימות וואס דער יום ט"ו בחודש טוט אויף אין יו"ד שבט (אלס איינער פון די ימי החודש) - קומען צוזאמען בקביעות שנה זו.

וואס אע"פ אז בנוגע צו א יארצייט איז דער עיקר דער יום בחודש און ניט דער יום בשבוע - איז אבער וויבאלד אז יעדער זאך איז בהשגחה פרטית, איז במילא אויך דער ענין אז דער יום ט"ו בחודש קומט אוים בשבת בהשגחה פרטית.

ונוסף לזה:

אויך די ימי החודש ווערן מושפע פון דעם יום השבת, ווי געדעדט כמ"פ [237] די דוגמא לזה פון "יו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת", אז אע"פ וואס ר"ה איז "בחודש השביעי באחד לחודש"[238], ד.ה. אז דאס ווערט נקבע לויט די ימי החודש (און ניט לויט די ימות השבוע) - איז אבער בשעת "בחודש השביעי באחד לחודש" פאלט אוים ביום השבת, איז מען ניט תוקע[239], דערפאר וואס שבת טוט אויף די ענינים וואס תקיעות טוען אויף מצ"ע[240], ועד"ז בנוגע צו נטילת לולב בסוכות, און מקרא מגילה בפורים[241].

וואס עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק בעניננו, אז אין דעם טאג וואס איז סיי שבת און סיי ט"ו בחודש - שטייען צוזאמען ביידע שלימות'ן פון יו"ד שבט, סיי די שלימות וואס שבת גיט צו אין יו"ד שבט (אלס איינער פון ימות השבוע), און סיי די שלימות וואס דער יום ט"ו בחודש טוט אויף אין יו"ד שבט (אלס איינער פון ימי החודש).

און וויבאלד אז ביידע שלימות'ן קומען צוזאמען, איז דאס ע"ד ווי די גמרא זאגט אין סוטה[242], אז צוויי וואס הויבן אויף א משא צוזאמען, איז דאס מערער ווי צוויי מאל וויפל איינער פון זיי קען אליין טראגן.

נג. דער חילוק פון (יו"ד שבט אלס איינער פון) ימי החודש מיט (יו"ד שבט אלס איינער פון) ימות השבוע - איז:

דער ענין פון ימי החודש, וואס דאס איז פארבונדן מיט דער לבנה, איז - עליות וירידות, ד.ה. שינויים, משא"כ דער ענין פון ימות השבוע, וואס דאס איז פארבונדן מיטן שמש, איז פונקט פארקערט - דער ענין פון העדר השינוי[243].

- ובעבודה -

---

237) לקו"ש חי"ב ע' 101 הע' 44. 238) אמור כג, כד. 239) ר"ה כט, ב (במשנה). 240) ראה לקו"ת ר"ה נו, א ואילך. ובכ"מ. 241) ר"ה שם. וש"נ. וראה לקו"ת שם. 242) לד, א. וראה פרש"י שם. 243) ראה ד"ה החודש הזה גו' דש"פ בא ש.ז. ובכ"מ.

ובעבודת האדם:

עס זיינען דא די ענינים אין תומ"צ וואס מ'טוט אן שינויים - דער ענין התפלה וואס מוז זיין דריי מאל א טאג, נתינת הצדקה בסכום מסוים וכיו"ב, וואס דאס זיינען ענינים וואס מ'מוז אלעמאל טאן, און אין דערויף איז ניטא קיין חידוש בשעת מ'טוט דאס, ווארום מאי קמ"ל אז מ'פירט זיך ווי מ'דארף זיך פירן.

דערנאך זיינען דא די ענינים וואס ער טוט מערער פאר רגילות שלו, אן ענין פון הידור בתפלה, און התבוננות ואריכות אין תפלה, ועד"ז אז ער גיט צדקה יותר מכפי רגילותו, ועד"ז אין אלע ענינים פון תומ"צ - וואס אין אזא עבודה איז לא כל העתים שוות, און ס'איז כסדר דא אין דערויף שינויים, און עליות וירידות.

נד. און דער בעל ההילולא פון דעם טאג פון "העשירי יהי' קודש" האט געמאנט אז מ'זאל טאן אין די ביידע עבודות.

וואס אין יעדער איינע פון זיי איז דא א מעלה לגבי דער צווייטער:

די עבודה פון א אידן וואס איז פארבונדן מיט שינויים און עליות וירידות, איז בדוגמא ווי די לבנה, ווארום "ישראל דומין ללבנה" - אז כשם ווי די לבנה ווערט קלענער און קלענער, עד"ז זיינען אידן "ממעטים עצמם"[244], וואס דערפאר ווערט יעקב אנגערופן "יעקב הקטן", און עד"ז דוד - "דוד הקטן"[245],

און דורך דערויף וואס "ממעטים עצמם", איז דאס א ירידה צורך עלי', אז נאך דער ירידה ווערט מען נתעלה בתכלית העילוי.

וואס דאס איז די מעלה וואס איז דא אין דער עבודה וואס איז פארבונדן מיט שינויים און עליות וירידות.

די מעלה וואס איז דא אין דער עבודה בתמידות, אן שינויים, איז - אז דורך דערויף נעמט מען דעם ענין פון "אני הוי' לא שניתי"[246],

וכמבואר אין המשך תרס"ו[247] די מעלה וואס איז דא דוקא אין הנהגת הטבע וואס איז אין אן אופן פון "לא שניתי", אז דאס איז דער ענין פון "אני הוי' לא שניתי".

- און -

------------

244) ראה חולין פט, א. וראה חדא"ג מהרש"א לחולין ס, ב. 245) חולין שם (ס, ב). 246) מלאכי ג, ו. 247) ד"ה החודש הזה גו'.

און לאידך איז די מעלה פון דער עבודה וואס איז פאר-בונדן מיט שינויים, ע"ד די מעלה וואס איז דא אין הנהגה נסית, וואס דאס איז דער ענין החידוש, ווי ער איז דארטן מבאר.

און די כוונה איז אז ס'זאל זיין דער חיבור פון די ביידע עבודות, וואס דעמולט האט מען ביידע מעלות - אז אויך אין דער עבודה וואס איז בתמידות זאל זיך אנהערן דער ענין החידוש, וואס דאס איז דער ענין פון "כל יום יהיו בעיניך חדשים"[248].

נה. אין דעם עצם ענין פון ט"ו בשבט, וואס דאס איז דער ר"ה לאילנות - איז דא א דבר פלא:

בשעת מ'זאגט אן א אידן וועגן דעם ר"ה לאילנות, איז דאס זיכער דערפאר אז ער זאל זיך עפעס דערפון אפלערנען - וואס לכאורה ווי קען מען זאגן אז א "מדבר" וואס איז העכער פאר "חי" ועאכו"כ העכער פאר "צומח", און אין מדבר גופא - איינער וואס איז פון עם הנבחר - זאל זיך אפלערנען פון דעם סוג הצומח (ר"ה לאילנות)?!

ביז ווי די גמרא[249] זאגט אז א ת"ח איז צוגעגליכן צו דעם סוג הצומח, און ער דארף זיך אפלערנען פון דעם סוג הצומח - וואס לכאורה וואס איז די צוגלייכעניש פון א ת"ח פון עם הנבחר צו דעם ענין הצומח, ביז אז ער דארף זיך דערפון אפלערנען?!

וכפי שיתבאר לקמן.

נו. וויבאלד אז ס'איז ט"ו בשבט, ר"ה לאילנות - האט מען דאך לכאורה געדארפט אוועקלייגן אויף די טישן פירות[250] - אבער אעפ"כ האט מען דאס ניט געטאן, ביז אז אפילו איין פייג האט מען ניט אוועקגעלייגט, אפילו נאר צו א קוק טאן אויף דערויף!

וואס אויף דעם דארף מען ניט האבן קיין מס"נ, נאר שימת לב.

און מ'האט שוין וועגן דעם אמאל גערעדט[251] און גע'טומל'ט, ביז אז מ'האט דאס פארשריבן [און דעמולט געמאנט אז מ'זאל דאס מגי' זיין, און מ'איז דאס מגי', און

- מ'דרוקט -

---

248) פרש"י עה"פ תבוא כו, טז. 249) תענית ז, א. 250) ראה מג"א או"ח סקל"א סקט"ז. פר"ח שם סק"ו - הובא בהשלמה לשו"ע אדה"ז שם ס"ח. 251) שיחת ליל ט"ו בשבט תשל"ט סל"ח.

מ׳דרוקט דאס אפ און ס׳איז ניט שייך צו זאגן וואס עס קומט צו דורך דערויף אין הפצת המעיינות] -

אבער אעפ"כ איז דאס ניט אראפגעקומען פון מחשבה און דיבור אין מעשה, און אז ס׳קומט צו דעם אייגענעם טיש, און אייגענע ד׳ אמות - געפינט מען ניט קיינע פירות.

וויבאלד אבער אז מ׳רעדט וועגן דערויף איצטער, ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "ונשלמה פרים שפתינו"[252], און "כל העוסק בתורת כו׳ כאילו הקריב כו׳"[253],

וואס אפילו אז מ׳רעדט וועגן דער שלילה פון דער זאך איז דאס אויך "כאילו הקריב כו׳"[254] -

זאל מען דערמיט יוצא זיין אלע ענינים.

ואדרבה: אויב מ׳וואלט דערלאנגט פירות - וואלט מען דערלאנגט איין פרי, אדער צוויי פירות, אדער לכל היותר - דריי פירות, משא"כ ווען ס׳איז דא דער "כל העוסק בתורת כו׳", אז מ׳רעדט וועגן די פירות - דערמאנט מען בפירוש אז ס׳איז "(ארץ חטה ושעורה ו)גפן ותאנה ורימון ארץ זית שמן ודבש"[255] - איז מען דורך דערויף יוצא מיט אלע שבעה מינים שנשתבחה בהם ארץ ישראל,

וואס זיי זיינען געשמאקע פירות, און פרישע פירות, וואדום זיי זיינען פירות ווי זיי שטייען אין תורה, און דאס איז "על המחי׳ ועל הכלכלה, על הגפן ועל פרי הגפן (ביז אין אן אופן פון "כוסי רוי׳"[256] - "רכ"א לוגין"[257]) על העץ ועל פרי העץ", און אין אן אופן פון "לשבוע מטובה" (מיט די אלע לשונות וואס ער זאגט אין על המחי׳),

ביז אז דורך דערויף איז מען זוכה צו עסן כפשוטו די אלע שבעה מינים פון "ארץ אשר גו׳ עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[258].

נז. דער ביאור אין מעלת הצומח, וואס אויך א מדבר פון עם הנבחר קען זיך דערפון אפלערנען:

ס׳איז מבואר אין ספרי מוסר און אין ספרי חסידות אז די מעלה פון דעם סוג הצומח איז - אז דאס איז אלעמאל מחובר צו שרשו ומקורו:

- דעם -

------------

252) הושע ד, יג. וראה שו"ע אדה"ז או"ח מהדו"ב ס"א ס"ט. 253) מנחות קי, א. וראה שו"ע אדה"ז שם. מהדו"ק ס"א סי"א. וש"נ. 254) ראה לקו"ש עקב תשל"ו ס"ז ובהע׳ 53 שם. 255) עקב ח, ח. 256) תהלים כג, ה. 257) יומא עו, א. 258) עקב יא, יב.

דער סוג פון חי קען אוועקגיין פון דעם מקום וואו ער איז געבארן געווארן, ער דארף טאקע אנקומען צו מזון, אבער דער מזון זיינער איז ניט פארבונדן מיט דעם מקום וואו ער איז געבארן געווארן[259].

און דער טעם אויף דערויף איז - דערפאר וואס מקור חיותו פון א חי איז ניט ממקורו ושרשו פון וואנעט ער איז געבארן געווארן.

עד"ז בא דעם סוג פון מדבר, און נאכמער: וויבאלד אז א מדבר האט אויך שכל - פארשטייט ער אז ער דארף אוועקגיין פון מקורו ושרשו וואו ער איז געבארן געווארן.

[בנוגע צו דעם סוג פון דומם - קען ער קיינמאל ניט אוועקגיין פון דעם ארט וואו ער געפינט זיך, סיידן אויב א צווייטער איז משנה מקומו].

משא"כ דער סוג פון צומח - איז אלעמאל מחובר מיט שרשו ומקורו, ווארום דוקא דורך דערויף וואס ער איז יונק משרשו וואקסט ער, ביז אז דורך דעם וואקסט דער גאנצער אילן, מיט די ענפים און די עלים, און פון זיי ווערט די פירות האילן[260].

נח. און דאס איז די הוראה וואס א איד האט פון דעם סוג הצומח:

בשעת א איד איז עובד עבודתו דארף ער אלעמאל זיין פארבונדן מיט שרשו ומקורו,

ד.ה. אז ביי אים דארף זיין דער הרגש, ניט אז ער איז אמאל געווען בא מ"ת, און אז ער האט אמאל געלערנט אין א חדר און אין א ישיבה, און אז ער האט אמאל געלייגט תפילין - נאר אויך איצטער איז ער פארבונדן מיט דעם, ביז אז אין דעם באשטייט כל חיותו, און דאס מאכט-אויף זיין גאנצע מציאות,

בדוגמא ווי דאס איז בא צומח, אז דער גאנצער אילן מיט די ענפים מיט די עלים באקומען זייער חיוה פון דעם וואס זיי זיינען יונק משרש האילן, ביז אז דערפון קומען ארוים פירות, וואס דאס איז די כוונה און דער תכלית פון דעם גאנצן אילן,

[ווי ס'איז פארשטאנדיק אויך פון דעם וואס קודם החטא

- איז -

---

259) ראה לקו"ש ח"י ס"ע 110 ואילך. 260) ראה לקו"ש ח"ד ס"ע 1117. וש"נ.

איז אפילו אילני סרק "עשו פירות"[261], ועד"ז וועט זיין לעתיד לבוא[262].

וואס אע"פ אז אויך דגים זיינען מחובר צו מקורם בים, ביז אז דערפון באקומען זיי זייער חיות -

איז אבער דערפון קיין הוראה ניט פאר א אידן, ווארום דגים זיינען פון עלמא דאתכסיא, משא"כ א איד געפינט זיך אין עלמא דאתגליא, אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו, און ער דארף באווייזן אז אויך אין דער וועלט וואס אין איר דערהערט זיך ניט שרשה ומקורה - דארף דארטן אויך זיין נרגש שרשה ומקורה -

וואס דאס לערנט מען אפ דוקא פון סוג הצומח וואס געפינט זיך אין עלמא דאתגליא, און אעפ"כ איז ער מחובר לשרשו ומקורו.

נט. לכאורה דארף מען נאך האבן ביאור:

בכ"מ[263] געפינט מען אז עבודת האדם דארף דוקא זיין אין אן אופן פון "דומם", ווי דוד המלך האט געזאגט[264] "אם לא שויתי ודוממתי" - איז אין וואס באשטייט די מעלה פון עבודת האדם בדוגמא ווי דער סוג הצומח, לגבי עבודת האדם בדוגמא ווי דער סוג הדומם?

וועט מען דאס פארשטיין בהקדם נאך א שאלה:

דעם ענין פון ר"ה געפינט מען אין אלע סוגים, חוץ פון סוג הדומם: די משנה[233] זאגט אז ס'איז דא א ר"ה "למלכים ולרגלים", א ר"ה "למעשר בהמה", א ר"ה "לשנים" כו' און א ר"ה "לאילן" - אבער בנוגע צו דומם געפינט מען ניט דעם ענין פון א ר"ה?

איז דער ביאור אין דעם בפשטות:

אין דעם סוג הדומם זיינען ניטא קיינע שינויים, ס'איז ניטא קיין ראש השנה און אן אמצע השנה און א סוף השנה, וואס דערפאר איז ניטא קיין ר"ה פאר דעם סוג הדומם.

און דער טעם אויף דעדויף איז: דער סוג הדומם איז פארבונדן מיט השגחה תמידית, דער ענין פון "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה", וואס דאס איז בדוגמא ווי דער ענין פון הנהגת הטבע וואס איז - בתמידות -

------------

261) ב"ר ספ"ה. 262) תו"כ עה"פ בחוקותי כו, ד. 263) אוה"ת דרושים לפסח ע' תמד. 264) תהלים קלא, ב.

בחמידות, ווי ער איז מבאר אין עקידה[265], און דערפאר זיינען אין דערויף ניטא קיינע שינויים.

משא"כ פון דער "ארץ אשר גו׳ תמיד עיני ה׳ אלקיך בה גו׳" וואקסט ארויס אן אילן, וואס אין אים זיינען דא שינויים פון תחלת השנה ביז אמצע השנה ביז סוף השנה, ד.ה. אז עס גייט-דורך א גאנצער יאר, וואס א יאר איז כולל אין זיך אלע שינויים[266] - און אעפ"כ איז דער אילן <u>כסדר</u> מחובר מיט שרשו ומקורו.

[עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו תבואה וואס וואקסט מחדש בכל שנה, וואס דערפאר מאכט מען אויף דערויף די ברכה "בורא פרי האדמה"[267], וואס לכאורה איז דאך דאס אויך מחובר לשרשו -

וויבאלד אבער אז די תבואה בלייבט ניט בקיומה נאך דעם וואס ס׳איז דורכגעגאנגען א גאנצער יאר פון שינויים - מאכט מען אויף איר ניט קיין ברכה "בורא פרי העץ", ווארום זי האט ניט די מעלה פון צומח, וואס ער גייט-דורך אלע שינויים פון א גאנצן יאר, און אעפ"כ בלייבט ער אלעמאל מחובר מיט שרשו ומקורו, און נאך דעם יאר ווערט ניט נפסק קיומו].

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק די מעלה פון עבודת האדם בדוגמא ווי דער סוג הצומח (לגבי עבודת האדם בדוגמא ווי דער סוג הדומם) - אז אע"פ וואס מ׳גייט-דורך אלע שינויים, בלייבט מען כסדר פארבונדן מיט שרשו ומקורו.

ויה"ד אז אזוי ווי באלד איז שקיעת החמה, און מ׳דארף נאך דעדן א פרש"י און אויך א הערה אין זהר - זאל דאס וואס מ׳האט גערעדט - זיין אין אן אופן פון מועט המחזיק את המרובה.

ס. בנוגע צו א פרש"י אין פרשתנו - וועט מען זיך אפשטעלן אויף צוויי ענינים, אויף אן ענין חיובי - אן ענין וואס רש"י שטעלט זיך יע, און אויף אן ענין שלילי - אן ענין וואס רש"י האט זיך לכאורה געדארפט שטעלן אויף דעם און אעפ"כ שטעלט ער זיך ניט.

אן ענין אויף וועלכן רש"י שטעלט זיך יע:

- אויפן -

------------

265) שער לח. הובא ונתבאר באוה"ת בראשית יה, ב ואילך. רד"ה החודש הרנ"ד. תרס"ו. תרע"ח (פ׳ החודש). ועוד.
266) ראה לקו"ש ח"ד ע׳ 1323. 267) ראה סדר ברכה"נ לאדה"ז פ"ו ה"ו ובהנסמן ב"מ"מ וציונים" שם.

אויפן פסוק[268] "נוסע אחריהם" זאגט רש"י (ווי מ'האט פריער גערעדט (סי"ח)): "בלב אחד כאיש אחד". דערנאך זאגט רש"י א צווייטן פירוש: "ד"א והנה מצרים נוסע אחריהם ראו שר של מצרים נוסע מן השמים לעזור למצרים", און רש"י צייכנט אן דעם מקור - "תנחומא".

דארף מען פארשטיין:

א) פארוואס ברענגט רש"י צוויי פירושים?

ב) וואס איז דער דיוק (אין דעם צווייטן פירוש) אז דער שר איז געקומען "מן השמים"?

ג) פארוואס צייכנט אן רש"י אז דער מקור פון זיין פירוש איז "תנחומא"?

מיט נאך כמה דיוקים.

סא. אן עניין אויף וועלכן רש"י שטעלט זיך ניט:

בשעת מ'לערנט אין דעם פסוק הנ"ל אז "וישאו בני ישראל את עיניהם והנה מצרים נוסע אחריהם וייראו מאד ויצעקו בני ישראל אל ה'" [ביז אז זיי האבן זיך צוטיילט אויף "ארבע כתות" ווי דער ירושלמי דערציילט] - ווערט א שטורעם'דיקע קשיא, וואס דאס איז א "קלאץ קשיא":

מיט עטליכע פסוקים פריער[269] האט מען דאך געלערנט ווי דער אויבערשטער האט געזאגט משה'ן אז ער זאל ווארענען די אידן אז עס וועט זיין "וחזקתי את לב פרעה ורדף אחריהם גו'" - איז וואס איז מיטאמאל נתחדש געווארן בא די אידן אין אונזער פסוק אז ווען זיי האבן דערזעהן אז "מצרים נוסע אחריהם" איז געווארן "וייראו מאד ויצעקו גו'"?!

און רש"י שטעלט זיך בכלל ניט אויף דער שאלה, אע"פ וואס דאס איז א "קלאץ קשיא" וואס וועט גלייך נתעורר ווערן בא דעם בן חמש למקרא בשעת ער וועט לערנען די פסוקים.

לכאורה וואלט מען געקענט זאגן אז רש"י באווארענט דאס דערמיט וואס ער שרייבט רא דעם צווייטן פירוש, אז "ראו שר של מצרים נוסע מן השמים לעזור למצרים", וואס וועגן דעם שר האבן זיי פריער ניט געוואוסט - איז ווען זיי האבן דערזעהן דעם שר איז געווארן "וייראו מאד ויצעקו גו'".

דערנאך האב איך געזעהן אז אזוי פארענטפערט טאקע דער

- אוה"ח -

------------

268) פרשתנו יד, י. 269) שם, ד.

אוה"ח הקדוש, אבער אין פשש"מ קען מען אזוי ניט זאגן - ווארום:

דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט[270] אז בשעת "שרו. של עשו" איז געקומען קעגן יעקב'ן - איז יעקב ניט נתפעל געווארן, און "ויאבק איש עמו" און ער האט זיך מיט אים געשלאגן, ביז אז ער האט אים מנצח געווען.

איז מה-דאך אז יעקב, וואס ער האט ניט געהאט קיין הבטחה פון דעם אויבערשטן אז ער וועט דעם מלאך מנצח זיין, פונדעסטוועגן איז ער ניט נהפעל געווארן פון דעם שר - איז עאכו"כ בנוגע צו די אידן, וואס זיי האבן געהאט די הבטחה פון דעם אויבערשטן אז זיי וועלן מנצח זיין - האבן זיי דאך זיכער ניט געדארפט נהפעל ווערן ווען זיי האבן דערזעהן "שר של מצרים"!

ובפרט אז דער פסוק רופט דא אן די אידן מיטן שם "ישראל" ("וישאו בני ישראל גו' ויצעקו בני ישראל"), וואס דער נאמען "ישראל" איז דאך ע"ש זה וואס יעקב האט מנצח געווען דעם שר, "כי שריה עם אלקים ["אלקים" לשון רבים] ועם אנשים ותוכל"[271] - האט דאך ניט קיין ארט צו זאגן אז די "בני ישראל" אין אונזער פסוק האבן זיך דערשראקן פאר שרו של מצרים.

ונוסף לזה:

אפילו אז מ'וועט זאגן אז בא די אידן איז נתחדש געווארן אז שרו של מצרים העלפט די מצריים, וואס דערפאר האבן זיי זיך דערשראקן - איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק לויטן ערשטן פירוש אין רש"י, פארוואס האבן זיך די אידן מיטאמאל דערשראקן - מ'האט זיי דאך שוין פריער געזאגט אז די מצריים וועלן זיי נאכלויפן?

סב. אין די הערוה אויפן זהר פון פרשה זו[272] זאגט ער אז שבת איז די בחינה פון ספירה הבינה, און אויך די בהינה פון ספירת המלכות.

ער איז אבער ניט מבאר ווי דער ענין איז אין עבודת האדם - פארלאזנדיק זיך אויף דעם וואס איז מבואר בגלוי אדער ברמז במקום אחר.

דער ענין אז שבת איז ספירת הבינה און אויך ספירת המלכות שטייט אויך אין תקו"ז היקון יט.

- און -

---

270) ויִשלח לב, כה ובפרש"י. מב"ר פע"ז, ג. 271) וישלח שם, כט. 272) לקוטי לוי"צ לזח"ב ס"ע עג ואילך.

און מ'קען דאס אויך מקשר זיין דערמיט וואס ער זאגט אין לקו"ת פון פרשה זו ד"ה ראו[273] כי ה' נתן לכם השבת וגו'[274], אויפן מארז"ל[275] "אלמלא משמרין ישראל שתי שבתות כהלכתן מיד נגאלים", אז "ב' שבתות" מיינט די צוויי דרגות וואס זיינען דא אין יעדן שבת,

[וואס דערפאר איז דער מארז"ל קיין סתירה ניט מיט דעם צווייטן מארז"ל[276] אז "אילו היו ישראל משמרין שבת אחת כתיקונה מיד הי' בן דוד בא" - ווארום אין יעדן שבת זיינען דא צוויי דרגות].

ויה"ר אז צי עס וועט זיין דער "משמרין ישראל" צי עס וועט ניט זיין - זאל זיין דער "מיד נגאלים".

ובפרט אז מ'קומט פון דער התעוררות פון "העשירי יהי' קודש", און מ'שטייט שוין אין דעם שבת וואס אלע ענינים פון "העשירי יהי' קודש" שטייען אין אים אין אן אופן פון "ויכולו", ובפרט אז מ'שטייט שוין אין זמן פון דעוא דרעוין, און ס'איז אויך ט"ו בשבט, "קיימא סיהרא באשלמותא" -

זאל זיין בקרוב ממש דער "ובני ישראל יוצאים ביד רמה"[277], אין אן אופן פון "ושמחת עולם על ראשם"[278],

וואס דער "ושמחת עולם גו'" איז פארבונדן מיט דעם וואס ער איז מסיים אין דער שירה (אין היינטיקער פרשה[279]) - "ה' ימלוך לעולם ועד", און ווי ער טייטשט אין תרגום (וואס עס דארף דאך זיין דער "שנים מקרא ואחד תרגום"[280]) - "ה' מלכותה קאם לעלם ולעלמי עלמיא",

ביז צו "והיתה לה' המלוכה"[281], און "והי' ה' למלך על כל הארץ ביום ההוא יהי' ה' אחד ושמו אחד"[282],

בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

צוה לנגן "בני היכלא".

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

— * —

---

273) פרשתנו טז, כט. 274) ב, ג. 275) שבת קיח, ב. 276) ירושלמי תענית פ"א סוף ה"א. וראה גם לקו"ת בהר ד"ה את שבתותי (מ, א ואילך). 277) פרשתנו יד, ח. 278) ישעי' לה, י. נא, יא. 279) טו, יח. 280) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח ר"ס רפה (וש"נ). 281) עובדי' א, כא. 282) זכרי' יד, ט.

בס"ד. שיחת ש"פ יתרו ה'תש"מ. <u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. ס'איז דאך שבת פ' יתרו, וואס דאס איז די פרשת השבוע אין וועלכע מ'לייענט די פרשה פון מתן תורה.

וכידוע די תורה פון דעם אלטן רבי'ן[1] אז מ'דארף לעבן מיט דער צייט, ווי מ'האט דערנאך מפרש געווען - אז דאס מיינט אז מ'דארף לעבן מיט פרשת השבוע.

ובנדו"ד - אז מ'דארף לעבן מיט דער פרשה פון מ"ת (וואס דאס איז דער עיקר פון פ' יתרו).

וואס אע"פ אז בכל יום פון ימות השבוע איז דא דער שיעור חומש וואס מ'לערנט אין דעם טאג, ובמילא דארף מען דערמיט לעבן, ועד"ז בנוגע צו דער פרשה פון מ"ת וואס מ'האט געלערנט און דערמיט געלעבט אין יום ששי - איז דאס אבער נאר איין חלק פון דער גאנצער סדרה, משא"כ בשבת קומט צו אז מ'לייענט די <u>גאנצע</u> סדרה, וואס דאס איז אויך כולל דאס וואס מ'האט געלערנט אין די ששה ימים שלפנ"ז.

וכידוע אז אין שבת איז "ויכולו השמים והארץ וכל צבאם"[2] פון די אלע ששה ימים שלפניו, אז אלע ענינים פון די ששת ימי השבוע, סיי ענינים גשמיים און סיי ענינים רוחניים ווערן נתעלה אין דעם שבת וואס קומט נאך זיי, ביז אין אן אופן פון "ויכולו", מיט די ביידע פירושים שבזה[3], "ויכולו" מלשון כליון, און מלשון תענוג ושלימות.

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דער תורה וואס מ'לערנט בימות השבוע, אז אע"פ וואס ביום ראשון בשבוע האט מען געלערנט און געלעבט מיט דעם שיעור חומש פון יום ראשון, ועד"ז ביום שני בשבוע, ועד"ז בשאר הימים, ביז אז ביום ששי האט מען געלערנט און געלעבט מיט דער פרשה פון מ"ת - איז אבער בשעה עס קומט שבת ווערן די אלע ענינים נתעלה, און אין זיי ווערט נמשך תענוג.

וואס אע"פ אז שבת איז אויך איינער פון די שבעת ימי הבנין, ווי רז"ל[4] זאגן - "מה הי' העולם חסר מנוחה" אז אין די ששת ימי השבוע האט געפעלט דער ענין המנוחה, און "בא שבת בא מנוחה";

אבער נוסף דערצו איז דא א צווייטע דרגא אין שבת,

- וואס -

------------

1) היום יום ע' קא. סה"ש תש"ב ע' 29 ואילך.
2) בראשית ב, א. 3) אוה"ת בראשית מ, ב ואילך. 4) ראה פרש"י ד"ה ויכל - מגילה ט, א. תוד"ה חצבה - סנהדרין לח, א. פרש"י עה"פ בראשית שם, ב.

וואס איז העכער פאר אלע ימות השבוע, און מצד דער דרגא איז "ויכולו" מלשון כליון ותענוג פון די ששת ימי השבוע [און ווי דער צ"צ[5] איז מבאר די צוויי דרגות אין שבת, און ער פארבינדט דאס[6] מיט די צוויי בחינות אין כלה וכו'].

ב. נוסף לזה וואס בשבת לייענט מען די גאנצע סדרה (און בימות השבוע נאר א חלק פון דער סדרה), און אין שבת איז "ויכולו" פון דער תורה וואס מ'האט געלערנט בימות השבוע - קומט צו נאך א זאך:

ווען מ'האט געלערנט די פרשה פון מ"ת אין די ימות השבוע האט מען ניט געמאכט קיין ברכה לפני' ולאחרי' אויף דער תורה וואס מ'האט געלערנט, משא"כ בשבת לייענט מען די גאנצע סדרה מיט א ברכה לפני' ולאחרי'.

ביז אז לכמה דעות[7] איז די ברכה מדאורייתא, ווי מ'לערנט דאס אפ[8] פון דעם פסוק[9] "כי שם ה' אקרא הבו גודל לאלקינו".

וואס אע"פ אז אויך ביום שני בשבוע לייענט מען די תורה מיט א ברכה לפני' ולאחרי' - אבער דעמולט לייענט מען ניט די פרשה פון מ"ת, משא"כ אין שבת לייענט מען אויך די פרשה פון מ"ת.

נאכמער: ברוב הפעמים איז די קריאה פון יום שני ניט אין דעם שיעור חומש פון יענעם טאג, נאר אין דעם שיעור חומש פון יום ראשון.

ועאכו"כ בנוגע צו דער קריאה פון יום חמישי, וואס דעמולט איז קיינמאל ניט די קריאה בתורה אין דעם שיעור חומש פון יענעם טאג.

ג. ע"פ האמור לעיל איז פארשטאנדיק אז דאס וואס מ'דארף לעבן מיט דער צייט, ד.ה. מיט פרשת השבוע, וואס דער עיקר פון פרשת שבוע זו, פ' יתרו, איז די פ' פון מ"ת - איז דאס ביתר שאת וביתר עז אין דעם שבת וואס מ'לייענט די גאנצע פרשה מיט א ברכה לפני' ולאחרי'.

ובפרט אז אויך אין דער הפטורה פון דער פרשה[10] איז מודגש דער ענין פון מ"ת:

אין דער הפטורה רעדט זיך וועגן מעשה המרכבה, וואס

- דאס -

------------

5) אוה"ת שם. 6) שם מא, סע"א. 7) ראה אנציקלופדי' תלמודית ערך ברכה"ת בתחלתו. וש"נ. 8) ברכות כא, א. 9) האזינו לב, ג. 10) מישעי' ו, א ואילך.

דאס האט א שייכות צו דעם ענין פון מ"ת, ווארום בשעת מ"ת איז געווען "וירד ה' על הר סיני"[11] מיט דער גאנצער מרכבה[12], און דאס איז בפשטות דער טעם פארוואס מ'זאגט די הפטורה אין דעם שבת.

ד.ה. אז אע"פ וואס בכלל איז די הפטורה מעין כל הפרשה[13], און בפרט מעין סיום הפרשה[14] – אעפ"כ גייט די הפטורה בהמשך צו דעם ענין פון מ"ת וואס איז נאר אין חלק הששי פון דער פרשה.

וואס עפ"ז איז נאכמער מודגש אז דער עיקר פון דער פרשה איז – דער ענין פון מ"ת.

און וויבאלד אז מ'דארף לעבן מיט דער פ' השבוע – איז ווען מ'לייענט אין תורה אין דעם שבת דעם ענין פון מ"ת מיט א ברכה לפני' ולאחרי' – דארף מען דאס לערנען און זיך מתבונן זיין אין דעם, און הערן דאס אין אן אופן אז מען דערהערט[15] דאס,

ביז אז מ'נעמט דערפון ארויס א הוראה בנוגע למעשה, ווארום וויבאלד אז מ'האט דאס געלייענט וכו' אין תורה, איז דאך הורה מלשון הוראה[16], און "תורה אור"[17], זי באלייכט די וועג ווי מ'דארף זיך פירן בפועל.

ד. דעם ענין פון מ"ת לייענט מען דריי מאל א יאר: אין פרשת יתרו, אין תגה"ש, זמן מתן תורתנו און אין' פ' ואתחנן.

וואס וויבאלד אז מ'לייענט דאס דריי מאל, איז פאר־שטאנדיק אז נוסף צו דער הוראה וואס איז דא אין דעם צד השוה פון די אלע דריי מאל (אז מ'לייענט אלע דריי מאל דעם ענין פון מ"ת), איז אויך דא א הוראה פון דעם <u>חילוק</u> צווישן די דריי מאל וואס מ'לייענט פרשת מתן תורה.

וואס אע"פ אז בפשטות איז דער חילוק פון מ"ת ווי מ'לייענט דאס אין פ' ואתחנן און מ"ת ווי מ'לייענט דאס אין פ' יתרו – אז אין פ' ואתחנן רעדט זיך וועגן די לוחות שניות (וואס דערפאר איז דאס אין משנה תורה), משא"כ אין פ' יתרו רעדט זיך וועגן די לוחות ראשונות –

איז אבער אין פשטות הכתובים, וואס "אין מקרא יוצא

- מידי -

---

11) פרשתנו יט, כ. 12) ראה שמו"ר פכ"ט, ב. תנחומא באבער פרשתנו יד. מדרש תהלים באבער עה"פ סח, יח. וש"נ.
13) ראה שו"ע אדה"ז או"ח סרפ"ד ס"א. 14) ראה שם סי"ג.
15) ראה סה"מ תש"ח ע' 251 ואילך. 16) זח"ג נג, ב.
17) משלי ו, כג.

מידי פשוטו"[18], רעדט זיך אין פ' ואתחנן וועגן די עשה"ד וואס זיינען געגעבן געווארן בששה בסיון בא מ"ת (און ניט וועגן די ענינים וואס האבן געטראפן אין פ' כי תשא), וואס וועגן דעם רעדט זיך אין פ' יתרו.

בנוגע לעניננו איז אבער נוגע די הוראה וואס מ'נעמט ארויס פון דעם חילוק צווישן דעם ענין פון מ"ת ווי דאס איז אין פ' יתרו און ווי דאס איז אין זמן מתן תורתנו און אין פ' ואתחנן.

און דער חילוק ביניהם דארף ניט נאר בלייבן אין מחשבה ועיון און אין הבנה והשגה, נאר דאס דארף אראפקומען אין דיבור און אין מעשה,

וואס אין דיבור אליין איז אויך ניט מספיק, ווארום דיבור איז מוגבל נאר צו די וואס פארשטייען דעם לשון אין וועלכן דער דיבור ווערט גערעדט,

משא"כ ווען עס קומט אראפ אין מעשה, וואס דאס איז אן ענין פון חיצוניות, ביז אין עשי' שבעשי' - איז דאס אן ענין וואס מ'פארשטייט אויף אלע שפראכן, ווארום דאס איז גלוי לעין כל לעיני בשר.

און וויבאלד אז דאס איז א הוראה וואס מ'דארף ארויס-נעמען פון דעם ענין פון מ"ת ווי דאס שטייט אין תורה, אין פ' יתרו - דערפאר דארף דאס ארויסקומען אין אן אופן פון תורה <u>אור</u>, וואס באלייכט דעם גאנצן ארום, ביז אז אויך גוים זעהן דאס, ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות ע"פ הלכה, אז דער ענין פון "אור" דארף באלייכטן כפשוטו אז אלע זאלן דאס קענען זעהן בעיני בשר (ווי די הלכה איז בנוגע צו ברכת "יוצר אור"[19], ועוד[20]).

ה. דער חילוק צווישן מ"ת אין פ' יתרו און מ"ה אין "זמן מתן תורתנו" און אין פ' ואתחנן - איז ניט אין דעם עצם ענין וואס מ'לייענט, נאר אין דעם חילוק הזמנים <u>ווען</u> מ'לייענט דאס.

וואס אע"פ אז עס זיינען דא כמה שינויים אין די עשרת הדברות פון ווי זיי שטייען אין פ' ואתחנן לגבי דעם ווי זיי שטייען אין פ' יתרו (אין דעם ענין פון "זכור ושמור" מיט כמה פרטים בזה, און אנדערע שינויים) -

איז דאס אבער נאר שינויים פרטיים; בכללות, ואדרבה

- ברוב -

---

18) שבת סג, א. וש"נ. 19) ראה אנציקלופדי' תלמודית ערך ברכות ק"ש ע' שפו. וש"נ. 20) ראה שם ע' אור. וש"נ.

ברוב הפרטים זיינען די עשה"ד אין פ׳ ואתחנן בדומה צו די עשה"ד אין פ׳ יתרו,

וואס דערפאר איז מוכרח צו זאגן אז דער חילוק ביניהם איז ניט אין דער עצם קריאה וואס מ׳לייענט, נאר אין דעם זמן ווען מ׳לייענט דאס.

והביאור בזה:

די פרשה פון מ"ת וואס מ׳לייענט אין "זמן מתן תורתנו", איז אין א זמן וואס איז א יום טוב, וואס דער עצם ענין פון יום טוב באווייזט אויף אן עילוי גדול, וואס דערפאר הייסט דאס "יום טוב" - אז דער "טוב" ווערט נמשך אין דעם "יום", ובפרט אז דאס איז א יום טוב וואס איז יום אחד, כמבואר אין תו"א אין די הוספות[21].

און דער "יום טוב" דריקט זיך אויס סיי בשלילה - אז דעמולט איז מען אסור במלאכה, און סיי בחיוב - אז דעמולט איז דא קרבנות און תפלות און הנהגות מיוחדות.

און דאס קומט אויך אראפ לעיני בשר, ווארום ס׳איז "מועדים לשמחה", און "אין שמחה אלא בבשר" און "אין שמחה אלא ביין"[22], ד.ה. אז דאס קומט אראפ לעיני בשר אין עוה"ז הגשמי.

משא"כ די פרשה פון מ"ת וואס מ׳לייענט אין פ׳ יתרו און אין פ׳ ואתחנן איז אין א "וואכעדיקן" זמן.

און אפילו ווען מ׳לייענט דאס בשבת, איז אבער דער שבת קומט בהמשך צו "מי שטרח בערב שבת"[23], וואס דאס גייט אויף די ששת ימי החול וואס קומען פאר שבת, און דערפון איז "יאכל בשבת".

ובפרט לויט תקנת כ"ק מו"ה אדמו"ר אז ס׳איז דא דער שיעור אין תורה בכל יום פון ימות החול, במילא לערנט מען די פרשה פון מ"ת אויך אין די ימות החול פון פ׳ יתרו און פון פ׳ ואתחנן.

ו. דער חילוק צווישן (די פ׳ פון מ"ת אין) פ׳ ואתחנן און (די פ׳ פון מ"ת אין) פ׳ יתרו:

פ׳ ואתחנן איז פארבונדן מיט די מאורעות וואס רעדן זיך אין פ׳ ואתחנן - בכללות ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט עבודת הבעלי תשובה[24];

- משא"כ -

---

21) קס, סע"ד ואילך. 22) פסחים קט, א. ע"ז ג, א. 23) ע"ז ג, א. 24) ראה גם לקו"ש ח"ט ע׳ 69.

משא"כ פ׳ יתרו איז פארבונדן מיט די מאורעות וואס רעדן זיך אין פ׳ יתרו - בכללות ווי אידן זיינען געשטאנען גלייך פאר מ"ת, וואס דאס איז ווי זיי זיינען געווען בבחי׳ צדיקים.

וואס דעם חילוק זעט מען אויך אין דעם חילוק הזמנים ווען מ׳לייענט פ׳ ואתחנן און ווען מ׳לייענט פ׳ יתרו:

פ׳ ואתחנן לייענט מען נאך די דריי וואכן פון "בין המצרים", וואס דעמולט שטייט מען אין א מעמד ומצב פון א בעל תשובה;

משא"כ פ׳ יתרו לייענט מען אין א זמן פון "תמידין כסדרן", ווי מ׳שטייט אין א מעמד ומצב פון צדיקים.

און אין דעם באשטייט אויך דער חילוק צווישן פ׳ מ"ת אין פ׳ יתרו און פ׳ מ"ת אין פ׳ ואתחנן: אין פ׳ יתרו רעדט מען וועגן מ"ת ווי דאס איז געווען בפעם הראשונה, נאך איידער ס׳איז געווען אן ענין פון א חטא; משא"כ אין פ׳ ואתחנן רעדט מען וועגן מ"ת נאך דערויף וואס ס׳איז געווען דער חטא העגל.

ז. איינער פון די ענינים אין וועלכע עס טיילט זיך אויס דער ענין פון מ"ת ווי דאס איז געווען בפעם הראשונה (וואס דעמולט זיינען אידן געשטאנען אין א מעמד ומצב פון צדיקים), איז - אז דאס איז געווען מיט "קולות וברקים"[25] און מיט א רעש.

וואס אע"פ אז דערנאך איז ארויס א דבר בלתי רצוי פון דעם "רעש" וואס איז געווען בשעת מ"ת[26] - איז אבער נאך דערויף וואס ס׳איז געווען די לוחות שניות האט דאס מתקן געווען דעם ענין בלתי רצוי, ווערט דאס א סדר אין הורה אז עס דארף זיין ברעש.

ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תו"א[27] אויפן מארז"ל[28] "מה להלן באימה וביראה וברתת ובזיע אף כאן באימה וביראה וברתת ובזיע", אז "לכאורה אינו מובן דמיון זה מה להלן אף כאן כו׳ שהרי במעמד הר סיני וכל העם רואים את הקולות"[29]?

און ער איז מבאר אז "גם עסק התורה שבכ"מ ובכל זמן הוא דבר ה׳ ממש שנאמר למשה מסיני ועי"ז תפול עליו אימה ויראה כאילו קבלה היום מהר סיני", ד.ה. אז אויך דער

- לימוד -

---

25) פרשתנו שם, טז. 26) ראה תנחומא תשא לא. פרש"י עה"פ תשא לד, ג. 27) פרשתנו סז, ב. 28) ברכות כב, א. 29) פרשתנו כ, טו.

לימוד התורה פון א אידן בזמן הזה דארף זיין פארבונדן מיט דעם, ווארום אויך איצטער איז זיין לימוד התורה אין אן אופן ווי דאס איז געווען בשעת מ"ת.

[וכמבואר בכ"מ אז דורך דעם לימוד התורה פון א אידן בזמן הזה פארבינדט ער זיך מיט עצמות א"ס, ביז אז ער ווערט איין זאך מיטן אויבערשטן,

ועפ"ד המבואר בנוגע צו משה רבינו, אז ער האט געזאגט "ונתתי עשב גו׳"[30], אע"פ וואס דאס איז פון "אלה הדברים אשר דבר משה"[31] – ווארום "שכינה מדברת מתוך גרונו"[32], כמבואר אין לקו"ת[33],

ועד"ז איז פארשטאנדיק בא יעדער אידן אז דורך זיין לימוד התורה, וואס דאס לערנט ער בשליחותו של הקב"ה, ווערט ער איין זאך מיטן "דבר ה׳" וואס ער לערנט].

און ווי דאס קומט אויך ארויס אין א פס"ד[34] (וואס ברענגט זיך אויך אין ספר תניא קדישא[35]), אז לימוד התורה דארף זיין אין אן אופן פון "ערוכה ברמ"ח אברים",

וואס לכאורה: בשעת מ׳לערנט תורה איז וויבאלד אז דאס איז אן ענין פון שכל און הבנה והשגה, דארף מען זיין פאר זיך און האבן מנוחת הנפש און מנוחת הגוף[36] בכדי אז מ׳זאל זיך קענען מהבונן זיין אין דעם וואס מ׳לערנט – איז ווי קען מען אים זאגן אז עס דארף זיין "ערוכה ברמ"ח אברים", וואס דורך דערויף וועט דאך לכאורה ווערן א גרויסן בלבול, ווארום די רמ"ח אברים זיינען אים מבלבל?!

אעפ"כ זאגט מען אז עס דארף זיין "ערוכה ברמ"ח אברים", ביז "כל עצמותי תאמרנה"[37], ווארום דאס באווייזט אז די תורה האט אים אינגאנצן דורכגענומען, ביז אז דאס האט דורכגענומען זיינע "רמ"ח אברים" און "כל עצמותי".

ביז ווי די גמרא[38] דערציילט אז בשעת רבא האט געלערנט תורה איז "יתבה אצבעתא דידי׳ תותי כרעא וקא מייץ בהן (הי׳ ממעכן ברגליו ואינו מבין מתוך טרדא[39]) וקא מבעו דמא מביני טופרי׳"[40].

וואס לכאורה למאי נפק"מ אז תורה זאל דאס דערציילן?

- ובפרט -

---

30) עקב יא, טו. 31) דברים א, א. וראה מגילה לא, ב. זח"ג רסא, א. 32) נסמן בלקו"ש ח"ד ע׳ 1087 הע׳ 5. 33) בחוקותי נ, א. 34) עירובין נד, רע"א. הל׳ ת"ת לאדה"ז פ"ד ס"י. 35) פל"ז (מז, א). 36) ראה עירובין סה, א. מגילה יב, ב. 37) תהלים לה, י. וראה תניא שם. 38) שבת פח, סע"א. 39) פרש"י ד"ה וקא מייץ. 40) ראה דק"ס לשבת שם.

ובפרט אז דער ענין פון נעגל פון די פינגער זיינען א טפל שבטפל פון גוף - איז וואס האט דער ענין פון לערנען תורה בשכל צו טאן מיט נעגל?!

אבער אעפ"כ דערציילט דאס די תורה, ווארום דאס באווייזט אויף וויפל לימוד התורה דארף דערנעמען, אז אפי' רבא וואס זיין אופן הלימוד איז תורה איז געווען אין אן אופן פון "בשו"א שמינא בי רבא"[41] - איז בשעת ער האט געלערנט תורה האט עס אים דורכגענומען ביז צו די נעגל פון די פינגער, וואס זיינען א טפל שבטפל פון דעם גוף, ביז אז דאס האט געבראכט אז עס זאל פון זיי ארויסגיין בלוט, וואס דאס איז זייער חיות,

ביז אז א צדוקי האט דאס דערזעהן, און דאס האט געבראכט אז ער זאל קומען מיט שאלות וכו'.

וע"ד ווי דאס איז געווען בא מ"ת גופא[42], אז בשעת די גוים האבן דערזעהן אז די וועלט שטורעמט - זיינען זיי געקומען צו לויפן צו בלעם'ן פרעגן וואס איז געשען, און ער האט זיי געזאגט אז "ה' עוז לעמו יתן גו'"[43].

וואס לכאורה וואס פאר א שייכות האט נתינת התורה צו אידן - מיט גוים?

נאר דער ביאור בזה איז: בשעת אידן פירן זיך ווי מ'דארף, און מ'רעכנט זיך ניט מיט קיינע ענינים, ניט פון גוף ונה"ב און ניט פון חלקו בעולם - פועל'ט דאס אויף דער גאנצער וועלט, ביז אז אויך גוים קומען צו לויפן צו וויסן וואס איז דער רעש וכו'.

און דער טעם אויף דערויף איז - וויבאלד אז די גאנצע וועלט איז באשאפן געווארן צוליב אידן, און די וועלט איז "לגנוני - לגנוני" פון דעם אויבערשטן, דער "מקום שהי' עיקרי בתחלה, דעיקר שכינה בתחתונים היתה"[44] - דערפאר קען ניט זיין אז דאס וואס אידן טוען זאל ניט פועל'ן אין וועלט.

ח. די הוראה דערפון:

מ'דארף טאן אין הפצת התורה בכלל און הפצת המעיינות בפרט אין אן אופן פון רעש און טומל, כהוראת רבותינו נשיאינו.

טענה'ט ער: עס דארף דאך זיין "דברי חכמים בנחת - נשמעים" -

------------

41) ב"ב כב, א. 42) זבחים קטז, א. 43) תהלים כט, יא. 44) שה"ש ה, א. ובשהש"ר שם.

נשמעים"[45], און מ'דארף זיך ערשט מיישב זיין און מתבונן זיין ווי צו טאן און וואס צו טאן, און מ'דארף מאכן אן אסיפה און זיך בארעכענען מיט ע"א זקנים.

און דערנאך אז מ'גייט שוין אויף הפצת התורה דארף מען גיין שטילינקערהייד, און טריט נאך טריט, צעד אחר צעד, וואס דאס איז דאך דער סדר ווי א ת"ח גייט - "גודל בצד עקב ועקב בצד גודל"[46].

ובפרט אז דא רעדט זיך וועגן הפצת התורה, וואס תורה איז תכמתו של הקב"ה[47] - פאסט גאר ניט אז מ'זאל שטורעמען און רעש'ן, ס'איז איננו לפי כבוד התורה און איננו לפי כבודו.

ובפרט אז מ'דארף זיך אויך רעכענען מיט דעם כבוד פון דעם צו וועמען ער גייט, וואָרום בשעת ער וועט גיין מיט א שטורעם וועט דאס פועל'ן אויף יענעם א קלות אין דעם ענין.

און דער עיקר (כאמור): ער דארף זיך דאך אויך רעכענען מיט זיין אייגענעם כבוד!

איז וואס זאגט מען אים אז ער זאל גיין אויף הפצת התורה און הפצת המעיינות מיט א שטורעם און א רעש - וואס איז דא דער טומעל מיט דעם "ליאַרם"?!

זאגט אים כ"ק מו"ח אדמו"ר: איפכא מסתברא! וויבאלד אז אט אט קומט משיח צדקנו, און עס איז נאך געבליבן בלויז רגעים ספודים - דאַרף זיין "חטוף ואכול חטוף ושתי"[48], מ'דארף לויפן און ארייננכאפן יעדער ענין וואס מ'קען טאן, און טאן דאס מיט א רעש און א טומעל!

ט. קען מען דאך מיינען אז דער סדר פון גיין מיט א רעש איז ניט קיין סדר בשעת מ'שטייט אין ימות החול, אין סתם א וואכעדיקן טאג - זאגט מען אז דער ענין פון מ"ת ווי דאס איז אין פ' יתרו איז (ניט ווי דאס איז אין זמן מתן תורתנו, אין א יו"ט וכו', נאר ווי דאס איז) אין ימות החול.

ד.ה. אז דער רעש וואס איז געווען בשעת מ"ת איז אויך פארבונדן מיט ימות החול, וואס דערפאר איז די הוראה וואס מ'נעמט דערפון ארויס, אז דעם ענין פון לימוד התורה און הפצת התורה און הפצת המעיינות דארף מען טאן ברעש - איז דאס אויך בשעת מ'שטייט אין ימות החול.

- און -

---

45) קהלת ט, יז. 46) ראה ירושלמי ברכות פ"א ה"א (ד, א). מכילתא עה"פ פרשתנו שם, כג. שמו"ר פ"ל, ב. 47) תניא פ"ד. 48) עירובין שם.

און ווי ס׳איז פארשטאנדיק פון דעם וואס מ׳זאגט[49] אז די "אופנים וחיות הקודש" שטייען "ברעש גדול"[50], וואס די אופנים און חיות הקודש זיינען אין עולם העשי׳ און עולם היצירה, וואס דארטן איז אלקות בהעלם (בדוגמת דעם ענין פון ימות החול),

און מצד דעם העלם והסתר וואס איז דא בא זיי, איז בשעת זיי זיינען מרגיש אן ענין פון אלקות - ברענגט דאס בא זיי ארוים א רעש, ביז א רעש גדול.

ובדוגמא ווי א בן כפר שראה את המלך[51], וואס מצד זיין דרגא איז בשעת ער דערזעט דעם מלך, ברענגט דאס ביי אים ארוים א רעש גדול.

וואס אע"פ אז ס׳איז דא דער ענין פון "שרפים עומדים ממעל לו"[52], וואס בא זיי איז ניטא קיין רעש (וואס דאס האט ישעי׳ געזעהן בנבואתו, ווי מ׳זאגט אין היינטיקער הפטורה) - איז דאס אבער אין עולם המחשבה, אין עולם הבריאה, וואס דארטן איז די עבודה אין אן אופן אז די תשוקה איז צו גיין העכער פאר עולם הבריאה, און זיין "עומדים <u>ממעל לו</u>".

וואס אין דער עבודה פון א אידן איז דאס - אז וויבאלד ער איז א איד טענה׳ט ער אז ער איז זיך ניט מסתפק מיט עולם הבריאה, ער שרייט און מאנט און פילט אז ער וויל האבן נאך העכער, "<u>ממעל לו</u>", און דורך דערויף דערגרייכט ער טאקע אין "ממעל לו" כפשוטו, כתורת הבעש"ט[53] אז "במקום שמחשבתו של אדם שם הוא נמצא", און וויבאלד אז "מחשבתו" איז "ממעל לו" - איז "שם הוא נמצא".

דאס איז אבער נאר די עבודה אין עולם המחשבה - עס דארף דאך אבער אויך זיין די עבודה מיט דיבור ומעשה שלו, ווארום דאס וואס מ׳זאגט אז די עבודה איז במחשבה, "במקום <u>שמחשבתו</u> של אדם שם הוא נמצא", איז דאס ניט די דרגא אין מחשבה וואס איז א מחשבה עיונית ביז אז אלע אנדערע ענינים פון דעם מענטשן ווערן בטל במציאות,

ווארום אויף דעם ענין פון "במקום שמחשבתו של אדם שם הוא נמצא" איז מספיק א דרגא אין מחשבה וואס איז ניט שולל אלע אנדערע כחות פון א מענטשן.

- ווי -

---

49) בהבא לקמן ראה לקו"ת ברכה צז, ב. אוה"ת הוספות למג"א ע׳ מג ואילך. סה"מ תרכ"ט ע׳ עה ואילך. 50) נוסח התפלה דברכת יוצר. 51) ראה חגיגה יג, ב. מקומות שבהע׳ 49. 52) ישעי׳ ו, ב. וראה מקומות שבהע׳ הנ"ל. 53) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות לח. וש"נ.

ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק פון דער דוגמא אין נגלה וואס מ'גיט אויף דעם ענין פון "במקום שמחשבתו של אדם כו'"[54], אז דער דין בא עירוב תחומין איז[55] אז וויבאלד "דעתו" איז "במקום מזונותיו", "ה"ז כאילו הוא עצמו שבת שם",

וואס דא איז בפשטות אז נאר "דעתו" איז "במקום מזונותיו", משא"כ דער דיבור און מעשה האדם קענען זיין במקום אחר, ווי מ'זעט אז בשעת מעשה וואס "דעתו" איז "במקום מזונותיו" קען דער מענטש רעדן און טאן אנדערע מעשים.

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק אז די עבודה פון "שרפים עומדים ממעל לו", די עבודה פון עולם המחשבה, איז ניט שולל דעם דיבור און מעשה האדם, וואס דיבור און מעשה איז די עבודה פון אופנים וחיות הקודש.

און דערפאר איז אע"פ וואס זיין עבודה אין מחשבה איז ניט ברעש, איז אבער די עבודה פון דיבור ומעשה שלו, וואס דאס געפינט זיך אין א העלם והסתר - דארף דארטן זיין די עבודה ברעש, ביז ברעש גדול.

וואס אויב עס וואלט בא זיי ניט געווען אן ענין פון רעש גדול, איז א ראי' אז זיי האבן ניט מרגיש געווען דעם ענין פון אלקות, דאס איז דא בא זיי אין שכל, און אין הבנה והשגה וכו', אבער דאס האט זיי ניט דורכגענומען;

בשעת אבער אז דאס קומט ארויס ברעש גדול, איז פאר-שטאנדיק אז דאס האט זיי אזוי דערנומען ביז אז זיי שטורעמען ברעש גדול,

און דוקא דורך דערויף ברעכן זיי דעם העלם והסתר פון וועלט.

י. אין דערויף קען נאך אבער זיין א שאלה:

ווי קען מען טאן אין הפצת התורה והפצת המעיינות אין אן אופן פון רעש - ווען דער ענין הרעש וואס איז געווען בא מ"ה האט געבראכט צו אן ענין בלתי רצוי?!

איז דער ביאור בזה - ע"ד ווי מ'געפינט בא דעם ערשטן חטא, דער חטא עה"ד, וואס ער איז דער שרש ומקור פון אלע ענינים בלתי רצויים וואס זיינען דערנאך דא אין וועלט[56]:

- עס -

------------

54) לקו"ש ח"ח ע' 348 בהערה. 55) ראה שו"ע אדה"ז או"ח סת"ח. וש"נ. 56) ראה לקו"ש ח"ז ס"ע 167 ואילך ובהנסמן שם בהע' 39.

עס שטייט אין מדרש[57] אז חטא עה"ד איז באשטאנען אין דעם וואס אדה"ר האט געגעסן פון דעם עה"ד שלש שעה איידער די צייט וואס ער האט דאס געמעגט עסן, אבער אויב ער וואלט געווארט דריי שעות ביז שבת, וואלט ער אויף דערויף געמאכט קידוש על היין[58] און געזאגט די ברכה פון בורא פרי הגפן [וואס דער מדרש גייט לויט דער שיטה אז דער עה"ד "גפן הי' "[59]].

ר.ה. אז דער עצם ענין פון חטא עה"ד האט גאר געקענט ארויסקומען אין אן אופן טוב, דער חסרון איז נאר געווען אז דאס איז געווען קודם זמנו.

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו אלע חטאים (כולל אויך א חטא מלשון "חסרון"[60]), ובהקדם:

לכאורה איז ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז "עולם על מילואו נברא"[61] - איז ווי קען בכלל ווערן דער ענין פון א חטא (וואס חטא מלשון "חסרון" איז היפך דעם ענין פון "עולם על מילואו")?!

איז דער ביאור אין דעם (ע"ד הנ"ל בנוגע צו דעם חטא עה"ד):

דער גאנצער ענין החטא איז נאר לפי שעה, "ברגע קטן עזבתיך"[62], ווארום ס'איז א זיכערע זאך אז "בל ידח ממנו נדח"[63], און אז "ירידה צורך עלי' ",

די נפק"מ איז נאר, צי דאס וועט מצ"ע ווערן אזוי, אדער אז א איד וועט דאס אויפטאן ע"י עבודתו, דורך דערויף וואס ער איז מגלה די כוונה וואס איז דא בהעלם אין דער זאך,

און ווי ער זאגט אין תניא[64] אויפן פסוק[65] "וגם רשע ליום רעה", אז אויך דער "רשע" דארף מאכן פון דעם רע זיינעם "יום ואור".

יא. וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דער עבודה פון הפצת התורה און הפצת המעיינות וואס דארף זיין מיט א רעש - אז אע"פ וואס פון דעם ענין הרעש וואס איז געווען בא מ"ח איז דערנאך ארויסגעקומען אן ענין בלתי רצוי, איז דאס

- אבער -

------------

57) ב"ר פכ"א, ז. וראה לקו"ח ר"פ קדושים. 58) ראה ב"ר פי"ט, ה. 59) סנהדרין ע, סע"א. 60) ראה פרש"י עה"פ מ"א א, כא. לקו"ח מטות פב, א. ועוד. 61) ראה ב"ר פי"ד, ז. פי"ג, ג. 62) ישעי' נד, ז. 63) ע"פ ש"ב יד, יד. וראה תניא ספל"ט. הל' ח"ח לאדה"ז פ"ד סוס"ג. 64) פכ"ז (לד, ב). 65) משלי טז, ד.

אבער געווען נאר דערפאר וואס דער ענין איז ארויסגעקומען פאר דעם זמן ווען דאס האט געדארפט ארויסקומען (ע"ד ווי דאס איז געווען באם חטא עה"ד),

אבער דערנאך ווען דער ענין הרעש איז ארויסגעקומען בפועל, און מ'האט דאס מהפך געווען צו אן ענין אין קדושה (כנ"ל ס"ז) - ווערט דאס א סדר אין עבודה אז מ'דארף לערנען תורה מיט א רעש און א טומל און א שטורעם.

ועד"ז בשעת מ'גייט ארויס אין וועלט מפיץ זיין תורה בכלל, און מעיינות בפרט - דארף מען דאס טאן מיטן גרעסטן שטורעם.

ביז ווי כ'געפינט בא דוד המלך, אז ער איז געווען "מפזז ומכרכר לפני ה'"[66], ווי דער רמב"ם[67] פסק'נט אפ אז אזוי דארף זיין די עבודה פון אלע מצווה.

וואס אזוי האט זיך דוד געפירט אפילו פאר מיכל בת שאול, וואס זי האט געלייגט הפילין[68], און זי האט דאס אויס-געטייטשט ניט אויף דעם ריכטיקן אופן,

איז עאכו"כ נאך דערויף וואס ס'איז נפסק געווארן די הלכה אז מ'דארף זיך אזוי פירן, וואס דעמולט איז ניטא קיין הוה אמינא אז מ'זאל דאס אויסטייטשן אויף אן אנדער אופן - דארף מען זיך זיכער אזוי פירן.

און דעמולט מאַכט מען פון דעם שטורעם אין עבודה אן ענין הכי גדול.

ביז אז עס שטייט בכ"מ אז לע"ל וועט די עבודה זיין ברעש, אע"פ וואס "לא בחפזון הצאו ובמנוסה לא תלכון גו'"[69], נאר "בשובה ונחה הושעון"[70], ווי דער ביאור אין דעם זאל נאר זיין.

יב. דערנאך זיינען דא אזוינע וואס טענה'ן: די עבודה פון הפצת התורה ברעש איז נאר שייך צו צדיקים, בשעת עס קומט אבער צו א בע"ת, וואס ער דארף האבן א זהירות יתירה - קען ניט זיין די עבודה אין אן אופן פון רעש.

זאגט מען אים אז פ' יתרו איז עבודת הצדיקים - "ועמך כולם צדיקים"[71]!

זאל ער גיין צום ציון פון כ"ק מו"ח אדמו"ר און פרעגן ביי אים ווי ער דארף זיך פירן,

- אדער -

---

66) ש"ב ו, טז. 67) סוף הל' לולב. 68) עירובין צו, א. 69) ישעי' נב, יב. 70) שם ל, טו. 71) ישעי' ס, כא.

אדער ער זאל גיין צו א מורה הוראה און פרעגן ביי אים ווי ער זאל זיך פירן.

וועט מען אים זיכער זאגן אז וויבאלד אז "ועמך כולם צדיקים", און אזוי האט כ"ק מו"ח אדמו"ה געוואלט - במילא גייט ער בשליחות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, און דערפאר דארף ער ניט מורא האבן פאר די אלע זהירות'ן.

יג. וואס מכל האמור לעיל איז פארשטאנדיק די הוראה בפועל וואס מ'נעמט ארויס פון דער פ' פון מ"ת וואס שטייט אין פ' יתרו:

אזוי ווי מ"ת איז געווען מיט א רעש און א טומל, אזוי דארף זיך יעדער איד עוסק זיין אין "מבצע תורה" בכלל און אין הפצת המעיינות בפרט מיט א רעש און א טומל, און דערפון קומט מען צו אלע מבצעים.

און ניט נאר אליין טאן, נאר פועל'ן אז אויך בא דעם זולת זאל די עבודה זיין מיט א רעש.

און ניט נאר פועל'ן אויף א זולת וואס האט בגלוי א שייכות צו דעם, נאר אויך אויף א זולת וואס בגלוי ווייזט אויס אז ער האט דערצו קיין שייכות ניט.

ווי מ'לערנט דאס אפ פון היינטיקער הפטורה, אז ישעי' האט גע'טענה'ט אז "איש טמא שפתים אנכי ובתוך עם טמא שפתים אנכי יושב"[72]: ער האט גע'טענה'ט אז בשעת א טהור האט א שייכות מיט א דבר טמא, איז ניט אז דער דבר טמא ווערט טהור, נאר פארקערט אז דער רבר טהור ווערט טמא - איז דער־פאר וויל ער ניט האבן קיין שייכות מיט דעם דבר טמא.

און אויף דערויף האט ישעי' באקומען אן עונש וואס איז געווען פארבונדן מיט "שפתים" שלו[73].

און אע"פ אז דער אויבערשטער האט דערנאך מסכים געווען מיט ישעי'ן, כמ"ש[74] "השמן לב העם הזה ואזניו הכבד ועיניו השע גו'" - פונדעסטוועגן האט דער אויבערשטער אים ווייטער געשיקט צו די אידן מיט דער שליחות פון איבערגעבן דעם דבר ה'!

וואם דער טעם אויף דערויף וואס די תורה דערציילט דאס, אע"פ וואס דעת ישעי' איז געווען א דעת יחיד, איז ווי די משנה זאגט אין עדיות[75] אז "למה מזכירין דברי היחיד

- שאם -

---

72) שם ו, ה. 73) שם ו, ז. פרש"י עה"פ שם, ז.
74) שם, י. 75) פ"א מ"ו.

שאם יאמר האדם כך אני מקובל יאמרו לו כדברי איש פלוני שמעת": סאמער וועט איינער אמאל קומען און טענה'ן די זעלבע טענה וואס ישעי' האט גע'טענה'ט - וועט מען אים זאגן אז "כבר הי' לעולמים", ס'איז שוין געווען איינער וואס האט אזוי גע'טענה'ט, און מ'האט שולל געווען די טענה מעיקרא.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בעניננו - אז מ'דארף מפיץ זיין תורה און יהדות בכל מקום שהוא, ביז אין אן אופן פון אן הגבלות,

ווארום דאס איז הוראת רבותינו נשיאינו, אז מ'זאל איבערגעבן דעם דבר ה' אפילו אין א מקום רחוק, און אז מ'זאל דאס טאן אין אן אופן פון טומל ורעש.

יד. דערביי דארף מען אבער האבן א באווארעניש, אז ס'איז ניט "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה"[76],

ווי דאס ווערט באווארענט אין דעם סיום פון פרשתנו[77], "ולא תעלה במעלות על מזבחי", ווי ספרי מוסר טייטשן דאס אפ, אז וויבאלד איינער האט צוטאן מיט דעם מזבח, ביז אז ער האט געבויט דעם ביהמ"ק, ביז אז ער איז א כהן וואס איז מקריב קרבנות אויף דעם מזבח - קען ער דאך מיינען אז וויבאלד ער האט געבויט דעם מזבח און געבראכט אידן צו דעם מזבח, און ער האט אויפגעטאן אזוי פיל גוטע זאכן - איז וואס איז אז ער וועט דערפון זיין צופרידן און האלטן זיך פאר א מציאות השובה?!

זאגט מען אים: "ולא תעלה במעלות על מזבחי", אז ער זאל ניט נתעלה ווערן בא זיך בשעה ער טוט אין ענינים פון קדושה.

וואס אזא הנהגה האבן רבותינו נשיאינו שולל געווען בהכלית, וכמבואר אין קונטרס החלצו[78], אז בשעה איינער וויל ניט צולאזן אז א צווייטער זאל עפעס טאן, מיט דער טענה אז יענער קען דאס ניט טאן אזוי גוט - דארף מען וויסן זיין אז דאס שטאמט פשוט פון גאוה און ישות!

ביז אז עס דארף זיין "החלצו מאתכם גו'"[79], און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת ד"ה זה[80], אז "החלצו משמע כולכם", אז דאס גייט אויף יעדער אידן, און דערנאך איז אין דעם גופא דער סדר "מאתכם" וואס דאס מיינט "מקצהם", די "אלף למטה"[81].

- און -

---

76) עקב ח, יז. 77) כ, כג. 78) פ"ת ואילך.
79) מטות לא, ג. 80) מטות פה, ד. וראה גם שם פז, א.
81) מטות שם, ד.



הנחת הת' בלתי מוגה

און דורך דערויף ווערט דער אמיתית ענין האחדות צווישן אידן, "כאיש אחד בלב אחד"[82].

און עס ווערט אויפגעבויט דער ביהמ"ק השלישי דורך דעם אויבערשטן אליין, "מקדש אד' כוננו ידיך"[83],

בביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש ובעגלא דידן.

* * *

טו. כל האמור לעיל איז שייך צו דער פרשה פון מ"ת וואס מ'לייענט אין פ' יתרו בכל שנה ושנה, בכל הדורות,

דערנאך קומט אבער צו א הוראה מיוחדת פון די ענינים ווי זיי זיינען לאחרי זה וואס עס איז געווען יו"ד שבט תש"י, וואס פ' יתרו קומט אלעמאל אויס בשבועות הקרובות צו יו"ד שבט.

וואס די שייכות פון מ"ת צו דעם יום ההילולא פון יו"ד שבט איז פארשטאנדיק בפשטות:

וויבאלד אז דער בעל ההילולא פון יו"ד שבט האט זיך מוסר נפש געווען אויף די ענינים המדוברים לעיל, אויף. הפצת התורה און הפצת המעיינות - דערפאר איז דאס ע"ד ווי עס שטייט בנוגע צו משה רבינו[84] אז וויבאלד "נתן נפשו על התורה" איז "נקראת על שמו שנאמר[85] זכרו תורת משה עבדי".

און דערפאר ווערן אלע ענינים פון תומ"צ (וואס זיינען געגעבן געווארן בא מ"ת) אנגערופן על שם פון דעם בעל ההילולא פון יו"ד שבט.

און ער האט מוסר נפש געווען ניט נאר זיין גוף ונה"ב, נאר אויך זיין נה"א, וואס דאס איז א סאך א גרעסערע מס"נ, ביז אז ער האט אויך געשיקט אנדערע זיך מוסר נפש זיין, וואס דאס איז נאך מער מס"נ[86] פון זיין זייט.

און די מס"נ זיינע איז געווען אין אן אופן וואס איז אינגאנצן ניט געווען מוכרח, אפילו במדינה ההיא בזמן ההוא, ווארום דאס איז ניט געווען. אויף די ג' ענינים וואס אויף זיי זאגט מען "יהרג ואל יעבור", וואס דערפאר האבן טאקע כמה רבנים אין יענע צייט גע'טענה'ט אז מ'דארף זיך ניט מוסר נפש זיין - און אעפ"כ האט ער זיך מוסר נפש געווען,

- וואס -

------------

82) מכילתא ופרש"י עה"פ פרשתנו יט, ב. 83) בשלח טו, יז. וראה בהנסמן בלקו"ש ח"א ע' 185 הע' 39. 84) שמו"ר פ"ל, ד. תנחומא בשלח י. שופטים ה. ועוד. 85) מלאכי ג, כב. 86) ראה לקו"ש ח"א ע' 136.

וואס וויבאלד אז דאס איז ניט געווען קיין דבר המוכרח, דערפאר איז דאס מס"נ בתכלית העילוי.

ובדוגמא ווי דער סיפור מיטן בעש"ט אז ווען מען האט פון איס צוגענומען עוה"ב, האט ער געזאגט אז יעצט קען ער עובד זיין ה' שלא על מנת לקבל פרס.

און די מס"נ פון כ"ק מו"ח אדמו"ר איז געווען אזוי גרויס - אז ער האט זיך מוסר נפש געווען וויסנדיק אז צוליב די ענינים וועט מען איס ארייננעצן אין מאסר, וואס דארטן וועט ער ניט קענען מקיים זיין כו"כ מצוות [ע"ד המבואר אין לקו"ת[87] בנוגע צו רשב"י אין דער מערה].

וואס אע"פ אז במאסר איז ער געווען אן אנוס, און "אונס רחמנא פטרי'"[88] - איז אבער דער אונס בא כ"ק מו"ח אדמו"ר געווען אין אן אופן פון "תחילתו ברצון וסופו באונס"[88], און זיין רצון האט גורם געווען אז ער זאל ניט קענען מקיים זיין כמה מצוות.

און פונדעסטוועגן האט ער זיך מוסר נפש געווען אויף די ענינים פון הפצת התורה והפצת המעיינות, אן קיין שום הגבלות.

טז. וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז בשעת מ'שטייט נאך יו"ד שבט תש"י - קומען צו כמה ענינים אין די הוראות פון מ"ת, אז מ'דארף מפיץ זיין תורה און מפיץ זיין מעיינות וכו', כמדובר לעיל.

וואס בכלל איז דאך "כל יומא ויומא עביד עבידתי'"[89], אז בכל יום קומען צו נייע ענינים, ביז אז עס קומען צו נייע אורות והמשכות,

וואס דער ענין פון "יום" איז פארבונדן מיט דעם ענין פון אור כמ"ש[90] "ויקרא אלקים לאור יום"[91], און דערפאר בשעת ס'איז "כל יומא ויומא עביד עבידתי'" איז דאס אויך כולל נייע אורות והמשכות.

ובפרט ווי ער זאגט אין אגה"ק[92] אז יעדער ר"ה איז "יורד אור חדש עליון יותר שלא הי' מאיר עדיין מימי עולם אור עליון כזה", וואס אע"פ אז דערפון איז פארשטאנדיק אז נאר בר"ה איז דא א גילוי אור חדש, משא"כ אין כל ימי השנה - וויבאלד אבער אז יעדער טאג פון דעם יאר איז א יום פרטי

- פון -

---

87) ר"פ שמיני. 88) ב"ק כח, ב. 89) זח"ג צד, ב.
90) בראשית א, ה. 91) תו"א וירא יד, סע"א. ועוד.
92) סוף סי"ד.

פון דעם ראש השנה, דערפאר איז אין יעדן טאג דא א פרט פון דעם אור חדש וואס איז נמשך געווארן בר"ה.

ועאכו"כ ווען עס איז ניט נאר דורך איין טאג, נאר ס'איז שוין "ויהי בשלשים שנה"[93] פון יו"ד שבט תש"י, וואס דעמולט קומען צו נייע ענינים לגמרי, ווי דער צ"צ איז מבאר[94] אז "ויהי בשלשים שנה" "זהו עשר אורות פנימיים ועשר כלים ועשר אורות מקיפים", מיט נאך כו"כ ענינים וואס טוען זיך אויף נאך שלשים שנה.

און דאס איז אויך בפשטות: אפילו איין שנה איז מלשון שינוי[95], ד.ה. אז דאס איז כולל אין זיך אלע שינויים, איז דאך עאכו"כ פארשטאנדיק בנוגע צו שלשים שנה, אז דאס איז בכלל א תקופה חדשה.

וואס דערפאר איז אע"פ וואס מ'האט אלעמאל געלייענט פ' יתרו מיט דער פ' פון מ"ת, איז אבער נאך דערויף וואס ס'איז געווען יו"ד שבט תש"י, און מ'האט דערנאך געלייענט פ' יתרו ט"ו יום נאך יו"ד שבט (אין יענעם יאר) - זיינען צוגעקומען נייע ענינים און הוראות וואס מ'לערנט אפ פון פ' יתרו, אז עס דארף זיין א תידוש אין הפצת התורה און הפצת המעיינות.

ועאכו"כ ווען עס קומט שלשים שנה נאך יו"ד שבט בפעם הראשונה, איז דעמולט דארף זיכער זיין די הפצת התורה און הפצת המעיינות גאר אין אן אופן חדש לגמרי, אפילו לגבי ווי דאס איז געווען בפעם הראשונה אין תש"י.

יז. די הוראה דערפון בנוגע לפועל וועט מען פארשטיין פון דעם וואס דער בעל ההילולא אליין שרייבט, ובהקדם:

ס'איז ידוע תורת הבעש"ט[96] אויף דער משנה אין אבות[97] "לפני מי אתה עתיד ליתן דין וחשבון", אז לכאורה איז ניט פארשטאנדיק:

בשעת מ'איז דן א מענטשן מאכט מען פריער א חשבון, און דערנאך פסק'נט מען דעם דין - איז פארוואס שטייט דא אין משנה פריער "דין" און דערנאך "חשבון"?

איז דער ביאור בזה: וויבאלד אז דא רעדט זיך וועגן דן זיין א אידן, וואס ער איז פון "ועמך כולם צדיקים", און ווי דער איד פסק'נט דעם דין אזוי בלייבט דאס, ווארום

- "נצחוני -

---

93) ל' הכתוב - יחזקאל א, א. 94) בקצוה"ע לתניא ע' עו. 95) ראב"ע עה"פ בא יב, ב. ועוד. 96) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1207 ואילך. וראה כש"ט הוספות אות פח-פט. וש"נ. 97) רפ"ג.

"נצחוני בני נצחוני"[98] - דערפאר איז איידער מ'איז דן דעם אידן פרעגט מען ביי אים וואס איז דער דין ווען א צווייטער טוט אזוי און אזוי - די זעלבע זאך וואס ער אליין האט געטאן,

און נאך דעם וואס ער זאגט ווי דער דין איז, מאכט מען דעם חשבון מיט אים לפי זה וואס ער אליין האט אפגעפסק'נט אז אזוי דארף מען טאן.

און דערפאר שטייט פריער "דין" און דערנאך "חשבון", ווארום פריער פסק'נט אפ דער איד דעם דין ווי מ'דארף טאן אין אזא מעמד ומצב, און דערנאך מאכט מען דעם חשבון מיט אים אליין.

יח. וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנדו"ד:

כ"ק מו"ח אדמו"ר שרייבט במכתבו הידוע[99] בקשר מיט דער גאולה פון י"ב-י"ג תמוז, וואס דאס איז דער חג הגאולה שלו, וואס דעמולט איז "ראה עולם חדש"[100], "השמים החדשים והארץ החדשה"[101], וכידוע דער גאנצער סדר ההשתלשלות ווי די גאולה איז פארגעקומען, אז פריער האט מען אים דן געווען צו אן עונש פון היפך החיים, און דערנאך איז דער מעמד ומצב נתהפך געווארן און ס'איז געווארן די גאולה פון אלע ענינים בלתי רצויים -

אז די גאולה איז געווען אין אן אופן אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה בי"ב תמוז", נאר אלע אידן ווי ער רעכנט דארטן אויס די סוגים, ביז צו אזא וואס "בשם ישראל יכונה".

און עד"ז שרייבט ער אין א צווייטן מכתב לפנ"ז[102] בנוגע צו זיין פאטער (וואס ער איז דאך געווען ממלא מקומו, מיט אלע דיוקים ופירושים שבזה[103]) - אז אע"פ וואס ס'איז דאך נאך די הסתלקות פון אביו, איז אבער רועי ישראל "לא יפרדו מעל צאן מרעיתם".

וואס וויבאלד אז ער אליין פסק'נט אפ אזוי, און זאגט אז אזוי איז דער "דין", איז עד"ז מאכט מען דעם "חשבון" מיט אים אליין, אז ביי אים איז אויך אזוי,

אז אע"פ וואס מ'שטייט שוין שלשים שנה נאך זיין

- הסתלקות -

---

98) ב"מ נט, ב. 99) נדפס בסה"מ תרפ"ח ע' קמו ואילך. תש"ח ע' 263 ואילך. 100) ראה ב"ר פ"ל, ח. וש"נ. 101) ישעי' סו, כב. 102) במכתבו ליום היאצ"ט הראשון של אביו כ"ק אדנ"ע - נדפס בס' חכמי ישראל (נ.י. תרפ"ד) לג, א. 103) ראה כהובות קג, ב. רמב"ם הל' מלכים פ"א ה"ז. ועוד.

הנחה הה' בלתי מוגה

הסתלקות - איז אבער רועי ישראל "לא יפרדו מעל צאן מרעיתם".

וואס דאס זאגט מען אפילו בנוגע צו משה רבינו, וואס ער איז געווען מיט הונדערט מאל שלשים שנה לפנ"ז, און אעפ"כ זאגט מען אז "מה להלן עומד ומשמש אף כאן עומד ומשמש"[104],

איז עד"ז פארשטאנדיק בנוגע צו כ"ק מו"ח אדמו"ר אז אזוי ווי ער שרייבט וועגן זיין פאטער אז "רועי ישראל לא יפרדו מעל צאן מרעיתם", וואס "התורה היא נצחית"[105] - איז עד"ז פארשטאנדיק בנוגע צו אים אליין אז ער האט קיינמאל ניט אפגעלאזן צאן מרעיתו.

יט. וואס דערפאר איז אע"פ וואס ס'איז שוין שלשים שנה זינט די הסתלקות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, און מ'קען מיינען אז וויבאלד מ'איז שוין דרייסיק יאר אלט, א "בן שלשים לכח"[106], און מ'איז אויסגעוואקסן - קען מען שוין שטיין אויף די אייגענע פיס -

זאגט מען אז "רועי ישראל לא יפרדו מעל צאן מרעיתם", און מ'איז פארבונדן מיט אים איצט פונקט אזוי ווי דאס איז געווען אין דער ערשטער רגע און אין דעם ערשטן טאג נאך די הסתלקות!

און דערפאר דארף מען זיך אנהאלטן אן דער "קלאַמקע", ביז אנהאלטן זיך אין אן אפענער טיר, און גיין אויפן ציון מיט שאלות ובקשות, שרייבן פדיונות, און בעטן רחמים און ברכות, ביז אז מ'בעט אויך עס זאל זיין "והוא יכלכלך"[107] - אז ער זאל אויך מאכן די כלים מיט וואס אויפצונעמען די ברכות.

און מ'זאגט אז די אלע וואס האבן זיך געהאלטן אן דער "קלאַמקע", און וואס האלטן זיך איצט אן דער "קלאַמקע", און וואס וועלן זיך האלטן אן דער "קלאַמקע", אדער אזעלכע וואס האבן בהשגחה פרטית געהערט תורתו, אדער אן אנדער ענין זיינעם - זיינען זיי זיך דורך דערויף אליין גואל, ווארום ס'איז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה וכו'",

ס'איז מערניט וואס די גאולה פרטית שטייט בכח, און מ'דארף דאס ארויסברענגען מן הכח אל הפועל.

און דורך דערויף ווערט ניט נאר די גאולה פרטית, נאר

- עס -

---

104) סוטה יג, סע"ב. 105) תניא רפי"ז. 106) אבות ספ"ה. 107) ל' הכתוב - תהלים נה, כג. וראה סד"ה ולא זכר עזר"ת ותרפ"ח.

עס וועדט אויך די גאולה כללית פאר אלע אידן, ביז אויך פאר אזא וואס "בשם ישראל יכונה", ואדרבה, וויבאלד אז דאס איז איין גאולה פאר אלע אידן - דערפאר איז די גאולה פון יעדן אידן תלוי אין דער גאולה פון אזא וואס "בשם ישראל יכונה".

כ. דערנאך איז כ"ק מו"ח אדמו"ר מסיים דעם מכתב (צו דעם חג הגאולה פון י"ב-י"ג תמוז) אז "מצורף לזה הנני שולח לכללות אנ"ש שי' המאמר עשרה שיושבים ועוסקים בתורה שכינה שרוי' ביניהם"[108].

וואס לכאורה: וואס איז דער קשר פון דעם מאמר "עשרה שיושבים ועוסקים בתורה כו'" מיט דעם וואס רעדט זיך פריער אין מכתב וועגן דער גאולה?

איז דער ביאור בזה - אז דער ענין פון "עשרה שיושבים ועוסקים בתורה" איז די הוראה בפועל וואס מ'דארף ארויס-נעמען פון דער גאולה פון י"ב-י"ג תמוז - אז מ'דארף זעהן צוזאמענקלייבן צען אידן וואס זאלן זיך אוועקזעצן לערנען תורה.

און דאס דארף מען טאן מיט א מנין אידן בפשטות, וואס דאס איז נוסף צו דעם וואס דער לימוד התורה דארף זיין אין אן אופן וואס מ'קלייבט צוזאמען דעם אייגענעם מנין, ד.ה. די אייגענע עשר כחות,

וכידוע דער סיפור[109] פון דעם זיידן פון כ"ק מו"ח אדמו"ר (וואס בפשטות איז כ"ק מו"ח אדמו"ר א נאמען נאך אים), אז ער האט צוגעזאגט אז ער וועט דאווענען בצבור.

האט מען אים אמאל געפונען דאווענען ביחידות, האט מען אים געפרעגט היתכן, ער האט דאך צוגעזאגט אז ער וועט דאווענען מיט א מנין?

האט ער געענטפערט אז ער האט געדאווענט מיט זיין אייגענעם מנין, מיט די עשר כחות שלו.

און וויבאלד אז ער האט געדארפט מקבץ זיין די עשר כחות שלו בכדי ער זאל קענען דאווענען, האט דאס גענומען א משך זמן, איז וואס איז ער שולדיק אז דערווייל האט דער מנין (כפשוטו) שוין אפגעדאווענט!

וואס ע"ד ווי דאס איז אין דעם ענין התפלה, עד"ז איז דאס אין "עשרה שיושבים ועוסקים בתורה", אז דאס דארף זיין

- מיט -

------------

108) ל' המשנה - אבות פ"ג מ"ו. 109) לקו"ש ח"ב ע' 477 ואילך.

מיט אלע כחות הנפש, כמובן פון דעס וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק[110], וע"ד ווי גערעדט פריער (ס"ז) אז לימוד התורה דארף זיין אין אן אופן פון "ערוכה ברמ"ח אברים", ד.ה. אז ער איז מקבץ אלע זיינע כחות ביחד און ער לערנט תורה.

ס'איז דאך אבער "אין מארז"ל יוצא מידי פשוטו" - אז "עשרה שיושבים ועוסקים בתורה" מיינט אז מ'דארף צוזאמענ-קלייבן צען אידן בפשטות און זיי זאלן זיך אוועקזעצן און עוסק זיין בתורה.

און דאס איז קיין סתירה ניט צו דער עבודה פון צוזאמענקלייבן די אייגענע עשר כחות - ווארום וויבאלד אז תורת אמת מאנט אז ס'זאל זיין ביידע זאכן איז א זיכערע זאך אז מ'קען טאן ביידע זאכן.

וואס דערפאר גלייך ווען עס קומט א מעגליכקייט צו צוזאמענקלייבן נאך ניין אידן - זאגט דער רבי (מהורש"ב) נ"ע[111] אז "חטוף ואכול חטוף ושתי", מ'דארף אויף גארניט ווארטן, מ'דארף ניט ווארטן ביז מ'וועט צוזאמענקלייבן די אייגענע עשר כחות, נאר מ'דארף זיך גלייך אוועקזעצן מיט די ניין אידן און לערנען אן ענין אין תורה!

כא. קען ער דאך טענה'ן:

מ'געפינט זיך דאך אינמיטן פון ימות החול, וואס יעדער איינער איז זיך עוסק אין "משאו ומתנו באמונה"[112], און ער טענה'ט אז בכדי "משאו ומתנו" זאל קענען זיין "באמונה" מוז דאך זיין דער עוסק אין משאו ומתנו, און ס'איז דאך "וברכך ה' אלקיך בכל אשר תעשה"[113] דוקא - איז וואס וועט ער מיטאמאל קומען און זאגן אז מ'דארף זיך אוועקזעצן לערנען תורה - ס'איז ניט טבע העולם און ניט טבע המדינה, וואס עולם כמנהגו נוהג?!

זאגט מען אים וויבאלד אז כ"ק מו"ח אדמו"ר, וואס ער איז נשיא דורנו, מאנט אז ער זאל אזוי טאן - איז א זיכערע זאך אז ער קען דאס טאן.

און מה-דאך אז כ"ק מו"ח אדמו"ר האט אזוי געמאנט אין א מדינה קשה מיט גזירות קשות און דארטן האט מען דאס געקענט טאן, איז עאכו"כ אין מדינה זו, וואו מ'האט ניט די אלע שוועריקייטן - קען מען דאס זיכער טאן.

- און -

---

110) סכ"ג. 111) במכתבו - נדפס במבוא לקונטרס ומעין ע' 22. 112) ראה שבת לא, סע"א. 113) ראה טו, יח. ובספרי עה"פ.

און דאס דארף מען טאן ניט נאר מיט צען אידן, נאר מיט אלע אידן וואו נאר זיי געפינען זיך, ביז אז אלע אידן פון דער גאנצער וועלט זאלן זיין "יושבים ועוסקים בתורה",

און אין אן אופן פון "כאיש אחד בלב אחד", וואס אין אלע אידן איז אפילו אויב "אני ישנה" איז אבער "ולבי ער"[114].

וואס דאס וועט ברענגען צו דעם "קהל גדול ישובו הנה"[115] בפשוטו.

ויה"ר אז בקרוב ממש זאל זיין דער "והקיצו ורננו שוכני עפר"[116] והוא בתוכם,

בביאת משיח צדקנו, בגאולה האמיתית והשלימה, ובעגלא דידן.

* * *

כב. בהמשך להאמור לעיל, איז כאן המקום צו ממשיך זיין דעם הדרן וואס מ'האט אנגעהויבן רעדן אין דער התוועדות פון יו"ד שבט.

וואס דאס איז דער סיום פון די פיר מסכתות, מסכת ברכות, מסכת נזיר, מסכת יבמות און מסכת כריתות, וואס ר"ת שלהם איז "בניך"[117].

וואס וויבאלד אז סדר אין תורה איז אויך תורה[118] - דארף מען פארשטיין פארוואס אין דעם ר"ת "בניך" קומט מסכת נזיר פאר מסכת יבמות, בשעת ע"פ דעם סדר אין ש"ס ווי רבינו הקדוש האט מסדר געווען קומט מסכת נזיר נאך מסכת יבמות (אין סדר נשים גופא)?

איז דער ביאור אין דעם - אז ס'איז דא א חילוק צי מ'רעדט ווי תורה קוקט אויף א זאך, וואס דעמולט איז דער סדר אז מ'גייט מלמעלמ"ט (ברכות, יבמות, נזיר און כריתות), אדער מ'רעדט ווי דער ענין איז אין עבודת האדם בפועל, וואס דאס איז ווי די עבודה פון אידן איז ווען זיי שטייען אין דער דרגא פון "וכל בניך למודי ה'"[119], וואס דעמולט איז דער סדר אז מ'גייט מלמטלמ"ע (ברכות, נזיר, יבמות און כריתות).

כג. והביאור בזה:

וויבאלד אז תורה איז "הלא כה דברי כאש"[120], און "מן

- השמים -

---

114) שה"ש ה, ב. 115) ירמי' לא, ח. 116) ישעי' כו, יט. 117) עדוך לנר ליבמות בסופה. 118) ראה לקו"ש ח"ב ע' 551. 119) ישעי' נד, יג. 120) ירמי' כג, כט.

השמים השמיעך את קולו"[121] - דערפאר קוקט תורה אויף יעדער זאך מלמעלמ"ט.

וואס דערפאר איז ע"פ דעם סדר פון תורה הויבט מען אן מיט מסכת ברכות:

דער ענין פון ברכות איז - ברכה והמשכה מלמעלמ"ט, וואס בעבודת האדם איז דאס דער "הקב"ה עוזרו" וואס מ׳גיט דער נשמה איידער זי איז יורד אין א גוף, וואס די ירידה איז דער ענין פון "ברוך הוי׳ מן העולם ועד העולם"[122], פון עלמא דאתכסיא אין עלמא דאתגליא[123], ובאותיות הנגלה איז דאס די דרגא ווי די נשמה איז "חצובה מתחת כסא הכבוד"[124], און דערנאך איז זי יורד מלמעלמ"ט ביז זי קומט אראפ אין א גוף,

און ווי מ׳זאגט דאס בפשטות יעדער פרי-מארגן, אז "נשמה שנתת בי טהורה היא", און דערנאך איז "אתה בראתה, אתה יצרתה, אתה נפחתה בי".

כד. נאך דערויף וואס מ׳האט ממשיך געווען די ברכה אין דער נשמה ("ברכות") און די נשמה איז יורד מלמעלמ"ט אין גוף - הויבט זיך אן עבודת האדם,

און וויבאלד אז דא רעדט מען ע"פ׳ סדר התורה, מלמעלמ"ט - איז דער סדר אין עבודת האדם אז פריער הויבט מען אן פון דער עבודה פון אתהפכא, וואדום מצד דעם סדר פון מלמעלמ"ט האט א איד זיכער דעם כח צו טאן די עבודה פון אתהפכא.

וואס די עבודה פון אתהפכא - איז דער ענין פון מסכת יבמות:

בפשטות ע"פ נגלה איז דער ענין פון "יבמות" - אז "כי ישבו אחיו יחדיו ומת אחד מהם ובן אין לו", איז דער ברודער זיינער "יקום על שם אחיו המת ולא ימחה שמו מישראל"[125], און דורך דערויף וואס ער האט קינדער שטעלט ער אויף "לאחיו שם בישראל"[126].

דער ענין אין עבודת ה׳ איז - אז בשעת ס׳איז דא א דבר מת, וואס אין אים איז דער חיות אלקי ניט בגלוי, איז וויבאלד אז א איד קומט פון מסכת ברכות, ד.ה. אז ער האט די ברכה און עזר פון דעם אויבערשטן - האט ער זיכער דעם כח צו מהפך זיין דעם דבר מת,

וואס דאס איז דער ענין פון יבום אז ער איז "יקום על

- שם -

---

121) ואתחנן ד, לו. 122) תהלים קו, מח. 123) אוה"ת בראשית (כרך ג) תקנא, א. מזח"א קנח, ב. 124) ראה שבת קנב, סע"ב. ועוד. 125) תצא כה, ה-ו. 126) שם, ז.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

שם אחיו המת", דורך דערויף וואס "והקם זרע לאחיך"[127], אז ער איז זיך מתלבש בפנימיות אין דעם "דבר מת" און ער טוט אויף דעם ענין פון "וזרעתי' לי בארץ"[128] - מאכט ער פון דעם א לעבעדיקע זאך און א וואקסענדיקע זאך, וואס "מאי פירות מצוות"[129], און "תולדותיהם של צדיקים - מעשים טובים" (ווי ראס שטייט ביי "אלה תולדות נח"[130]).

כה. דערנאך גייט דער סדר מלמעלמ"ט - אז בשעת מ'קען ניט טאן די עבודה פון אתהפכא, איז תורה יורד מלמעלמ"ט אפילו צו אזא וואס טוט די עבודה אין אן אופן פון אתכפיא.

וואס דאס איז דער ענין פון מסכת נזיר:

דער ענין פון נזיר, בפשטות ע"פ נגלה איז - דער ענין פון פרישה, וכמ"ש [131] "נזיר אחיו".

וואס בעבודה איז דאס, אז בשעת איינער זעט א איד "בקלקולו" - איז ער דאס מתקן דורך דערויף וואס "יזיר עצמו מן היין"[132], וואס דאס איז די עבודה פון דחי' און אתכפיא.

כו. דערנאך איז תורה יורד מלמעלמ"ט צו נאך א נידעריקערע דרגא - אז קיינע ענינים פון עבודה זיינען ניט שייך, ווארום ער איז נכשל געווארן אין דעם ענין הכרת, דער פירוד הנשמה מהגוף, וואס דאס איז דער ענין פון מס' כריתות.

און די איינציקע זאך וואס תורה זאגט אויף דערויף איז - אז אויך אזא איז "בל ידח ממנו נדח", וואס דערפאר קען מען דאס אויך מתקן זיין, ביז אז דער וואס איז נכשל געווארן אין דעם האט אויך א חלק לעוה"ב, וואס דאס איז דער ענין פון תחה"מ, א נשמה אין א גוף (כשיטת הרמב"ן[133]).

וואס בכללות איז דאס די עבודה פון תשובה, אז פון א זאך וואס איז "נכרת" געווארן לגמרי מאכט מען אז עס זאל ווערן א מציאות חדשה פון קדושה.

[וואס אע"פ אז אין לקו"ת [134] איז ער מבאר אז דער ענין פון תשובה איז שלא כדעת הטועים, אז דאס איז נאר אויף א חטא כפשוטו[135], נאר דאס איז אויך דער ענין פון "והרוח תשוב

- אל -

---

127) וישב לח, ח. 128) הושע ב, כה. 129) פרש"י ר"פ נח. 130) סוטה מו, סע"א. 131) ויחי מט, כו. וראה ת"א עה"פ. 132) פרש"י עה"פ נשא ו, ב. מריש מס' נזיר. ועוד. 133) בשער הגמול. וראה לקו"ת צו טז, ג. ש"ש סה, סע"ד. וראה אוה"ת חקת ע' תתס. 134) ר"פ האזינו. 135) ראה לקו"ת ראה כד, ד. ובכ"מ.



הנחת הת' בלתי מוגה

אל האלקים אשר נתנה" 136 - איז דאס אבער ניט שולל דעם פשוט'ן פירוש אין תשובה, וואס איז אויף תטאים בפשטות].

וואס אע"פ אז אויך דער ענין פון "יבמות" איז דער ענין התשובה, אז מ'איז מהפך א דבר בלתי רצוי - אבער דארטן איז די עבודה מיטן זולת, "אחיו המת", משא"כ די עבודה פון "כריתות" איז אן עבודה מיט זיך אליין, אז מ'זאל מהפך זיין בא זיך אן ענין אין וועלכע די נשמה איז נפרד געווארן פון דעם גוף, וואס דאס איז נאך א נידעריקערע דרגא ווי די עבודה מיט א זולת (דער ענין פון "יבמות").

כז. וואס דאס איז דער סדר ע"פ תורה, אז מ'גייט מלמעלמ"ט: פריער מסכה ברכות - די ברכה און דער עזר דהקב"ה, דערנאך מסכת יבמות - די עבודה פון אתהפכא, דערנאך מסכת נזיר - די עבודה פון אתכפיא, און דערנאך מסכת כריתות - אז אויך א מעמד ומצב ירוד מאכט מען איבער.

און וויבאלד אז אזוי איז דער סדר אין עבודה ווי תורה קוקט אויף דעם - דערפאר קומט ארויס דער סדר אין לימוד התורה אויך אזוי, אז מ'האט איינגעשטעלט דעם סדר אין ש"ס אז פריער לערנט מען מסכת ברכות, דערנאך מסכת יבמות, דערנאך מסכת נזיר און דערנאך מסכת כריתות.

און בשעת מ'לערנט יעדער מסכת, ווערט אויפגעטאן דער "כל העוסק בתורת ע"ו כאילו כו'" 137.

ד.ה. אז בשעת מ'לערנט מסכת ברכות טוט מען אויף די עבודה וואס איז שייך צו ברכות, ועד"ז בא די אנדערע מסכתות.

ס'איז אבער דא א נפק"מ צווישן דעם לימוד התורה און די עבודה פון די ערשטע דריי מסכתות, מיט דעם לימוד התורה און די עבודה פון מסכת כריתות:

די ערשטע דריי מסכתות דריקן זיך אויס אין דריי עבודות וואס זיינען אין אופן חיובי: מסכת ברכות באווייזט אויף דעם ענין פון די ברכה והמשכה וואס די נשמה באקומט בכדי צו קענען עובד זיין עבודתה;

מסכת יבמות איז די עבודה פון "יקום על שם אחיו המת", און מסכת נזיר איז די עבודה פון זיך אפשיידן פון עניני העולם.

בשעת עס קומט אבער צו מסכת כריתות איז די עבודה ניט

- אז -

---

136) קהלת יב, ז. 137) מנחות קי, א. שו"ע אדה"ז או"ח ס"א סי"א. מהדו"ב שם ס"ט.

אז מ׳זאל טאן אן ענין פון כריתות ח"ו, נאר די עבודה דריקט זיך אוים אין אן ענין שלילי: דורך דערויף וואס מ׳ווייסט וועגן דעם ענין הכריתות דורך דעם וואס מ׳לערנט מסכת כריתות - באווארענט דאס אז מ׳זאל זיך אפהיטן פון דעם ענין הכריתות.

כח. וואס כל האמור לעיל איז ווי די פיר מסכתות (עבודות) זיינען אין דעם סדר ע"פ תורה - מלמעלמ"ט.

עד"ז איז דא ווי די פיר מסכתות (עבודות) זיינען דא אין עבודת האדם למטה, וואס דעמולט איז דאס אין א סדר פון מלמטלמ"ע:

פריער קומט מסכת ברכות, ווארום ע"ד ווי גערעדט פריער אז מסכת ברכות מלמעלמ"ט איז די המשכה פון "הקב"ה עוזרו" וואס קומט פאר עבודת האדם - עד"ז איז דא דער ענין פון המשכה און "הקב"ה עוזרו" וואס קומט מצד אתעדל"ת, מלמטלמ"ע, וואס דאס דארף זיין פאר דערויף וואס עס הויבט זיך אן עבודת האדם,

וואס דאס איז בפשטות, אז קודם אלע ענינים פון עבודה מיט עוה"ז דארף מען מברך זיין דעם אויבערשטן, בכדי אז מ׳זאל בכלל קענען האבן א שייכות מיט עוה"ז (כדלקמן ס"ל).

און ווי דאס איז אויך אין דעם ענין פון "ברוך הוי׳ מן העולם ועד העולם", אז אין דערויף איז אויך דא דער פירוש מלמטלמ"ע - די ברכה והמשכה "מן העולם" - פון עלמא דאתגליא, "עד העולם" - אין עלמא דאתכסיא (און וויבאלד אז עס זיינען דא די צוויי פירושים אין "מן העולם ועד העולם", מלמעלמ"ט און מלמטלמ"ע - דערפאר שטייט ניט בפירוש וועלכער עולם איז "מן העולם" און וועלכער עולם איז "עד העולם").

דערנאך הויבט זיך אן עבודת האדם, אבער וויבאלד אז דא גייט מען אין א סדר מלמטלמ"ע ווי דאס איז אין דער עבודה פון א מענטשן (ניט ווי דאס איז ע"פ סדר התורה), איז דאך "מדת הבינוני היא מדת כל אדם"[138], וואס דערפאר איז ער ניט שייך אנהויבן עבודתו מיט דער עבודה פון אתהפכא, ווארום במציאות איז ניטא קיין מענטש וואס קען אנהויבן עבודתו פון אתהפכא, וואס דערפאר איז פריער דא די עבודה פון אתכפיא, וואס דאס איז דער ענין פון מסכת נזיר, "ידיר עצמו מן היין".

און ערשט דערנאך קומט ער צו דער עבודה פון אתהפכא, - כמבואר -

---

138) תניא רפי"ד.

כמבואר אין תניא[139] אז פריער דארף זיין די התבוננות אין דער עבודה פון אתכפיא, און דערנאך די התבוננות אין דער עבודה פון אתהפכא.

וואס די עבודה פון אתהפכא - איז דער ענין פון מסכת יבמות.

און ערשט דערנאך קומט א איד צו נאך א העכערע דרגא אין עבודה, וואס דאס איז די עבודה פון מהפך זיין אן ענין פון "כרת" עס זאל ווערן אן ענין שבקדושה.

אבער וויבאלד אז "מדת הבינוני היא מדת כל אדם" - דערפאר קומט די עבודה פון מסכת כריתות אלס די לעצטע עבודה, ווארום א איד מצ"ע האט קיין שייכות ניט צו דעם ענין פון "כריתות", איז דאך די עבודה ניט שייך ביי אים אליין,

נאר די עבודה פון "כריתות" וואס איז דא ביי אים באשטייט אין דעם וואס ער גייט ארויס אין גאס און בשעת ער זעט אן ענין פון "כריתות" פועל'ט ער אז דארטן זאל ווערן דער ענין התשובה.

כט. וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס דער ר"ת פון די פיר מסכתות אין דעם ווארט "בניך", ברכות, נזיר, יבמות, כריתות - איז דוקא אין דעם סדר, ווארום דא רעדט מען ווי דער ענין איז אין עבודת האדם, וואס דאס איז מלמטלמ"ע, אז פריער קומט מסכת ברכות, דערנאך מסכת נזיר, דערנאך מסכת יבמות, און דערנאך מסכת כריתות.

און מסכת כריתות איז מרומז אין דעם "ך" (פון "בניך"), וואס דאס איז א לאנגער כ"ף, וואס דאס איז ע"ד המבואר[140] בנוגע צו דער נו"ן פשוטה פון "ובו תדבקון"[141], אז דאס ווערט נמשך פון למעלה מעלה, און דאס קומט אראפ אין למטה מטה, ווי דאס איז כפשוטו אז דער נו"ן פשוטה קומט אראפ למטה מן השורה, וואס דאס באווייזט[142] אז דאס דער־גרייכט למטה פון דעם ענין פון ק"נ, אין גקה"ט,

וואס בכללות איז דאס די עבודה פון "כריתות", אז אויך א מצב וואס יענער איז "נכרת" געווארן איז מען מהפך צו קדושה.

- ל. -

---

139) פכ"ז. 140) לקו"ת ראה כ, סע"ב. וראה גם ספר הערכים-חב"ד ערך אותיות התורה - כ"ף ס"ג סק"א-ב. וש"נ. 141) ראה יג, ה. 142) ראה ספר הערכים הנ"ל אות קו"ף ס"ב סק"א ח"א. וש"נ.

ל. די כוונה פון די אלע פיר מסכתות (עבודות) איז דאך צו מאכן שלום צווישן דעם אויבערשטן מיט וועלט, ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק פון דעם וואס "כל התורה ניתנה לעשות שלום בעולם"[143], וואס דאס איז אויך כולל די פיר מסכתות.

דערנאך קומט מען אבער צו דעם סיום פון די פיר מסכתות, וואס זיי אלע ענדיקן זיך מיט דעם מאמר "א"ר אלעזר א"ר חנינא תלמידי חכמים מרבים שלום בעולם שנאמר[119] וכל בניך למודי ה' ורב שלום בניך".

וואס דערפון וואס מ'זאגט אז "ת"ח מרבים שלום בעולם", איז פארשטאנדיק אז בלאו הכי איז אויך דא דער ענין השלום אין עולם, און ת"ח דורך דערויף וואס זיי זיינען "למודי ה'" טוען זיי אויף אז עס זאל זיין א ריבוי שלום אין וועלט.

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו די פיר מסכתות וסיומם - אז אלע פיר מסכתות, וואס זיי זיינען כנגד די פיר עבודות הנ"ל, טוען אויף דעם ענין השלום צווישן וועלט מיט דעם אויבערשטן,

און דערנאך קומט מען צו דעם סיום המסכת, אז עס קען נאך זיין א העכערער ענין פון שלום ("מרבים שלום"), וואס דאס טוט אויף דוקא א ת"ח.

און די שייכות (און אויפטו) פון דעם סיום המסכת מיט דער גאנצער מסכת, איז ניט ווי די וואס פירן זיך אז בשעת מ'מאכט א הדרן אויף א מסכת, איז מען מקשר דעם סיום המסכת נאר מיט די לעצטע סוגיא אין דער מסכת,

וואס דאס איז טאקע אמת אז דאס האט א שייכות, ווארום דאס קומט בסמיכות זל"ז - אבער נוסף דערצו האט דער סיום המסכת אויך א שייכות מיט דער גאנצער מסכת, ווי ס'איז פאר-שטאנדיק בפשטות, ווארום דערווארט "סיום" מיינט בלה"ק אז דאס איז א סיום פון דער גאנצער מסכת.

וואס עד"ז איז בעניננו - אז דער סיום פון אלע פיר מסכתות, אז "ת"ח מרבים שלום בעולם", איז ניט נאר "מרבים שלום" לגבי דער לעצטער סוגיא אין דער מסכת, נאר דאס איז "מרבים שלום" אויך אין דעם ענין השלום וואס די גאנצע מסכת טוט אויף.

לא. והביאור בזה - אין מסכה ברכות:

דער עצם ענין פון ברכות איז דער ענין פון שלום צווישן דעם אויבערשטן מיט וועלט. והביאור בזה:

- די -

---

143) רמב"ם סוף הל' חנוכה.

די גמרא זאגט אין ברכות[144] (בנוגע צו ברכת הנהנין) אז "כל הנהנה מן העוה"ז בלא ברכה כאילו נהנה מקדשי שמים שנאמר[145] לה׳ הארץ ומלואה",

און דערנאך זאגט די גמרא אז אע"פ וואס עס שטייט[146] "השמים שמים לה׳ והארץ נתן לבני אדם", איז דאס קיין סתירה ניט צו דעם וואס עס שטייט "לה׳ הארץ ומלואה" - ווארום "כאן קודם ברכה כאן לאחר ברכה".

ד.ה. אז דורך דערויף וואס א איד מאכט א ברכה קען ער עסן "קדשי שמים", ווארום נאך דערויף וואס ער מאכט די ברכה ווערט "והארץ נתן לבני אדם".

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק:

וויבאלד אז דאס איז "קדשי שמים" איז ווי קען א מענטש, א נשמה בגוף, הנאה האבן דערפון, אפילו אז ער מאכט א ברכה?

איז בפשטות קען מען זאגן, אז אזוי ווי דער אויבערשטער האט געוואלט אז דאס זאל זיין "קדשי שמים", ווארום "לה׳ הארץ ומלואה" - עד"ז האט ער אויך געוואלט אז נאך דערויף וואס א איד וועט אויף דערויף מאכן א ברכה, זאל ווערן "והארץ נתן לבני אדם", און ער זאל קענען דערפון הנאה האבן.

דאס איז אבער אן הסברה בשכל; ס׳איז קיין הכרח ניט צו זאגן אז דאס איז אן ענין פון א חוקה, "חוקה חקקתי גזירה גזרתי"[147], אז כך עלה ברצונו אז א איד זאל דערפון קענען הנאה האבן - נאר ע"ד ווי מ׳געפינט בא כו"כ מצוות אז זיי האבן אויך א הסברה אין שכל, עד"ז איז בענין זה אויך דא א הסברה אין שכל. והביאור בזה:

די גאנצע וועלט באלאנגט צו דעם אויבערשטן, "לה׳ הארץ ומלואה", וואס דערפאר איז יעדער זאך "קדשי שמים", און מ׳טאר דערפון קיין הנאה ניט האבן,

בשעת אבער א איד קומט און מאכט א ברכה אויף דער זאך, באווייזט ער אז ער איז מכיר און מודה אז דער אויבערשטער איז דער בעה"ב אויף אלץ, כולל אויך אז ער איז א בעה"ב אויף דעם אידן, וואס דערפאר ווערט דער איד אן עבד צו דעם אויבערשטן, און וויבאלד אז "אלקיכם כהן הוא", ווי די גמרא אין סנהדרין[148] זאגט בפשטות - איז דער דין[149] אז

- "המורם -

---

144) לה, סע"א. 145) תהלים כד, א. 146) שם קטו, טז.
147) במדב"ר פי"ט, א. שם, ח. תנחומא חקת ג. שם, ח.
148) לט, א. 149) זבחים פ"ה מ"ו-ז.

"המורם נאכל לכהנים כו׳ ולעבדיהם" - און דערפאר מעג ער עסן פון "קדשי שמים".

וואס דא איז ניט דער פירוש אז דורך דערויף וואס ער מאכט די ברכה ווערט די זאך אויס "קדשי שמים", נאר אדרבה, דאס בלייבט "קדשי שמים", נאר וויבאלד אז דער איד איז בטל צו דעם אויבערשטן ווי אן עבד, דערפאר קען ער הנאה האבן פון "קדשי שמים".

ד.ה. אז דער ענין הברכות טוט אויף דעם ענין השלום צווישן וועלט מיט דעם אויבערשטן, ווארום דורך דערויף וואס א איד מאכט א ברכה באווייזט ער אז ווי ער שטייט אין וועלט איז ער בטל צו דעם אויבערשטן,

און דערפאר ווערט א חיבור און א שלום צווישן "הארץ נתן לבני אדם" מיט "לה׳ הארץ ומלואה", אז אויך אין "ארץ" קען מען הנאה האבן פון "קדשי שמים".

לב. און דער כללות הענין פון מסכת ברכות, אז מ׳ווערט אן עבד לה׳ און דורך דעם מאכט-מען שלום צווישן דעם אויבערשטן מיט וועלט - איז אויך מודגש אין דער התחלה פון מס׳ ברכות:

"מאימתי קורין את שמע בערבין" איז אויך דער ענין פון א ברכה - ברכת ק"ש, וואס דאס איז דער כללות הענין פון קבלת עול מלכות שמים און קבלת עול מצוות[150], אז מ׳ווערט אן עבד לה׳.

וואס דאס איז ווי מ׳ווערט בכללות אן עבד לה׳, דערנאך קומען אלע ברכות פרטיות, וואס וועגן דערויף רעדט זיך בעיקר אין מסכת ברכות (וועגן ברכות הנהנין און שאר הברכות), און דורך זיי איז א איד מקבל אויף זיך אז ער איז אן עבד לה׳ באופן פרטי, יעדער ברכה לפי ענינה.

און דורך דערויף איז ער מחבר "הארץ נתן לבני אדם" מיט "לה׳ הארץ ומלואה", אז אין וועלט גופא קען מען הנאה האבן פון "קדשי שמים", כנ"ל.

לג. דאס איז אלץ דער ענין השלום וואס ווערט אויפגעטאן אין מסכת ברכות עצמו.

דערנאך קומט מען צו דעם סיום המסכת, "ת"ח מרבים שלום בעולם", אז אין דעם שלום הנ"ל קומט צו א הוספה, ביז אין אן אופן פון "מרבים שלום".

והביאור בזה:

- אע"פ -

---

150) ראה ברכות יג, א במשנה.

אע"פ אז דורך דעם וואס מ'מאכט א ברכה, און מ'נעמט אן די בעה"ב'שקייט פון דעם אויבערשטן אויף זיך און אויף דער וועלט, און דערפאר קען מען נהנה זיין פון עוה"ז, טוט מען אויף דעם ענין השלום צווישן וועלט מיט דעם אויבערשטן קען אבער זיין אז די הנאה וואס מ'האט נוצט מען אויס נאר אין א דבר של רשות, לדוגמא אז ער עסט א מאכל מיט א ברכה, און דאס איז אן אכילה סתם וואס ווערט ניט גענוצט פאר א דבר מצוה.

[וואס אע"פ אז אין תניא[151] שטייט אז מ'דארף יעדער מאכל עסן מיט דער כוונה לשם שמים - קען אבער זיין אז ער ווייסט ניט פון דעם תניא].

דערנאך קומט אבער צו א ת"ת וואס לערנט תורה, און ניט נאר וואס ער מאכט א ברכה און עסט דעם מאכל, וואס דורך דערויף ווערט א שלום צווישן וועלט מיט דעם אויבערשטן, נאר וויבאלד אז ער איז א לומד תורה ווערט דער מאכל בתעלה דורך זיין לימוד התורה.

ובפרט אז ער ווייסט אז עס דארף זיין "כל מעשיך יהיו לשם שמים"[152], במילא נוצט ער דעם מאכל אויף אן ענין "לשם שמים" -

ווערט דער מאכל נתעלה אין קדושה.

וואס דערפאר ווערט דורך דערויף "מרבים שלום בעולם", אז דער שלום צווישן וועלט מיט אלקות ווערט אין אן אופן פון ריבוי שלום.

וואס דער טעם אויף דערויף וואס א ת"ח קען דאס אויפ-טאן, איז דערפאר וואס ער איז פארבונדן מיט תורה. והביאור בזה:

פאר מ"ת האט מען געקענט אויפטאן אן ענין פון שלום אין וועלט בדוגמא ווי דער שלום וואס ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס מ'מאכט א ברכה, מ'האט אבער ניט געקענט מעלה זיין ענינים פון וועלט אין קדושה;

בשעת מ"ת האט מען מקבל געווען די תורה פון דעם אויבערשטן, איז מען געווארן "למודי ה'", און דערפאר האט זיך דעמולט אויפגעטאן דער ענין פון "ת"ח מרבים שלום בעולם", אז מ'קען מעלה זיין ענינים פון וועלט אין קדושה.

און עד"ז זיינען דא די צוויי דרגות אין שלום נאך מ"ת גופא:

- פאר -

---

151) פ"ז. 152) אבות פ"ה מי"ב. וראה רמב"ם הל' דעות ספ"ג. טושו"ע או"ח סרל"א.

פאר דערויף וואס מ׳פארבינדט זיך מיט דעם ענין התורה, טוט מען אויך אויף דעם ענין השלום, דאס איז אבער א שלום מיט א הגבלה, ווארום מ׳איז ניט מעלה די עניני העולם אין קדושה;

בשעת עס קומט אבער צו א ת"ח, וואס ער איז פארבונדן מיט דעם אויבערשטן, "למודי ה׳" - איז ער מעלה אויך עניני העולם אין קדושה,

און דורך דערויף איז "ת"ח מרבים שלום בעולם שנאמר וכל בניך למודי ה׳ ורב שלום בניך".

לד. עד"ז זיינען דא די צוויי דרגות אין שלום (שלום (סתם) און "מרבים שלום") אין מסכת נזיר:

אין דער לעצטער סוגיא פאר דעם סיום פון מסכת נזיר רעדט זיך וועגן דעם ענין פון ברכות און אמירת אמן, וואס ברכות איז בכללות דער ענין השלום, כנ"ל.

דערנאך קומט צו דער סיום המסכת, אז "ת"ח <u>מרבים</u> שלום בעולם" - אין דעם שלום וואס ברכות טוען אויף זיינען ת"ח "מרבים שלום", ווי גערעדט פריער אין מסכת ברכות.

דאס איז אבער נאר א קישור פון סיום המסכת מיט דער לעצטער סוגיא אין דער מסכת,

עס דארף דאך אויך זיין א קישור פון דער גאנצער מסכת מיטן סיום המסכת, ד.ה. אז אויך גאנץ מסכת נזיר רעדט זיך וועגן דעם ענין השלום, און דער סיום המסכת גיט צו אז דער שלום זאל זיין אין אן אופן פון "<u>מרבים</u> שלום".

לה. והביאור בזה:

דער ענין פון א נזיר איז - אז ער שיידט זיך אפ פון עניני העולם בכדי אז די עניני העולם זאלן אים ניט אראפ-פירן פון וועג.

און ווי רש"י [132] זאגט אז "הרואה סוטה בקלקולה יזיר עצמו מן היין" דערפאר וואס ראס קען ברענגען צו אן ענין בלתי רצוי.

ד.ה. אז ביז ער האט זיך אפגעשיידט פון טרינקען יין, איז דער יין געווען א מנגד צו דעם מענטשן, ווארום דאס האט אים געקענט אראפפירן פון וועג;

בשעת ער איז אבער געווארן א נזיר האט דאס גע׳פועל׳ט אז עס זאל ווערן א שלום צווישן אים מיט דעם יין, ביז א שלום צווישן אים מיט חלקו בעולם.

וואס דאס איז דער ענין פון א נזיר דקדושה, אז ניט

ער שיידט זיך אפ פון עניני עולם סתם אזוי, נאר אז דער אפשיידן זיך איז אן ענין אין קדושה.

ווי די גמרא זאגט אין נזיר[153] אז "אמר שמעון הצדיק מימי לא אכלתי אשם נזיר טמא חוץ מאדם אחד שבא אלי מן הדרום כו׳", וואס ער איז געווען א נזיר דקדושה, ווי עד האט אים דערנאך געזאגט "כמותך ירבו נזירים בישראל, עליך הכתוב אומר[154] איש כי יפליא לנדור נדר נזיר להזיר לה׳ (דמשמע שנודר לשם שמים[155])".

וואס דאס איז דער ענין פון א נזיר דקדושה, אז דורך זיין נזירות איז ער ממשיך קדושה אין וועלט, ביז אז ער פועל׳ט א שלום צווישן אים מיט וועלט.

וואס דאס איז ווי דער ענין פון א נזיר איז אן ענין פון שלום בפשטות ע"פ נגלה.

דערנאך קומט צו נאכמער ווי דער ענין איז ע"פ פנימיות הענינים:

דער ענין פון נזירות טוט אויף ניט נאר אז עס זאל ווערן א שלום צווישן אים מיט דעם יין, דערפאר וואס דער יין איז ניט מנגד צו אים - נאר דורך דערויף וואס ער שיידט זיך אפ פון דעם יין ווערט אן <u>עלי׳</u> אין דעם יין.

וע"ד דעם משל וואס ער ברענגט אין תניא[156] פון "פיתויי הזונה לבן המלך", אז בפנימיות איז איר כוונה צו טאן כרצון המלך, און ניט אראפפירן דעם בן המלך פון וועג, און דורך דערויף וואס דער בן המלך שטייט ביי דעם נסיון, באקומט זי <u>שכר</u> פאר דורכפירן די כוונה אויף וועלכע מ׳האט איר געשיקט.

[וע"ד ווי ער איז מבאר אין המשך תרס"ו[157] אז מ׳שיקט אוועק דעם בן המלך במקום רחוק, וואס די כוונה בזה איז ניט אז ער זאל זיין במקום רחוק, נאר בכדי אז ער זאל באווייזן אז אויך במקום רחוק פירט ער זיך אין דעם זעלבן אופן ווי ער האט זיך געפירט זייענדיק בא דעם מלך].

ועד"ז בנוגע צו דעם יין וואס א נזיר שיידט זיך אפ דערפון, אז די כוונה אין דעם יין איז - אז דער נזיר זאל זיך דערפון אפשיידן, און דורך דעם וואס ער שיידט זיך דערפון אפ ווערט אן עלי׳ אין דעם יין.

וואס דאס איז נאך א טיפערער ענין פון שלום צווישן

- דעם -

---

153) ד, ב. 154) נשא ו, ב. 155) פרש"י נזיר שם ד"ה עליך. וראה גם תוס׳ שם ד"ה זה. 156) ספכ"ט. 157) ס"ע שפ ואילך.

דעם נזיר מיט דעם יין, ווארום ניט נאר וואס דער יין איז ניט מנגד צו אים (דורך דערויף וואס ער טרינקט אים ניט) - נאר דאס גופא וואס ער טרינקט אים ניט פועל'ט אן עלי' אין דעם יין.

לו. דאס איז אבער אלץ א שלום וואס טוט זיך אויף דורך דערויף וואס דער נזיר טרינקט ניט דעם יין, ד.ה. באופן שלילי, אז ער שיידט זיך אפ דערפון,

וואס דאס איז בכללות דער תוכן פון גאנץ מסכת נזיר.

דערנאך קומט מען צו דעם סיום המסכת אז "ת"ח מרבים שלום בעולם":

א ת"ח האט דעם כח צו מתיר זיין דעם נדר וואס דער נזיר האט געמאכט[158], אדער זאגן אז "סתם נזירות לשלשים יום"[159], און דערנאך ווערט דאס נתבטל, מיט נאך כמה אופנים בזה.

וואס דורך דערויף ווערט נאך א טיפערע ענין פון שלום צווישן דעם אידן מיט דעם יין, ווארום ביז איצט איז דער שלום צווישן אים מיט דעם יין, און די עלי' וואס איז געווען אין דעם יין, נאר דורך דערויף וואס דער איד האט ניט געטרונקען דעם יין,

משא"כ נאך דערויף וואס דער ת"ח איז מתיר זיין נדר, פועל'ט דאס אז ער זאל קענען טרינקען פון דעם יין, וואס דעמולט ווערט דאס "דם ובשר כבשרו" [160] פון דעם אדם וואס איז "אדמה לעליון"[161].

[בנוגע צו נוצן דעם יין אויף מאכן קידוש, וואס דאס איז פון דעם מובחר שביין[162], ובפרט אז מ'איז זיך משתמש מיט דעם יין אין ביהמ"ק - איז ניט נוגע לעניננו].

וואס דאס איז נאך א העכערע עלי' אין דעם יין ווי בשעת ער האט דערפון ניט געטרונקען.

און דאס איז "ת"ח מרבים שלום בעולם" פון סוף מסכת נזיר, אז אין דעם ענין השלום וואס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין הנזירות, קומט א ה"ח און ער איז "מרבים שלום", דורך דערויף וואס ער איז מתיר דעם נדר, וואס דעם כח לזה האט ער פון דער תורה, וואס ער איז פון "למודי ה'".

- לז. -

---

158) נזיר לא, ב במשנה. 159) ה, א. 160) ראה תניא פ"ה (ט, סע"ב). 161) של"ה כ, ב. שא, ב. ובב"מ. 162) ראה שו"ע אדה"ז או"ח סער"ב ס"ב-ג. וש"נ.

לז. עד"ז זיינען דא די צוויי דרגות אין שלום (שלום און "מרבים שלום") אין מסכת יבמות.

ווען מען דאס פארשטייין בהקדם וואס מ'געפינט א דבר פלא אין דעם עצם ענין פון מצות יבום:

פון איין זייט זאגט מען אז מצות יבום דארף זיין "לשם מצוה"[163].

און לאידך זאגט מען אז מצות יבום איז דער ענין פון "והקם זרע לאחיך", וואס דאס איז דוקא אין אן אופן פון דעת האדם, ווארום "אין קישוי אלא לדעת"[164],

ביז אז אין דערויף דארף זיין אריינגעמישט דער יצר האדם, ווי די' גמרא[165] זאגט אז אויב מ'וואלט מבטל געווען "יצרא דעבירה (של עריוה[166])" וואלט געווען "כליא עלמא (יכלה העולם שלא תהא פרי' ורבי'[167])".

וואס דערפון קומט אויס אז דער ענין פון יבום איז א סתירה מיני' ובי': פון איין זייט דארף דאס זיין לשם שמים, און לאידך דארף אין דערויף זיין אריינגעמישט דעת ורצון האדם,

וואס דערפאר איז דאס א גרויסע מס"נ פאר דעם יבם צו מייבם זיין אשת אחיו, ווארום ער דארף דאס טאן לשם שמים.

ובפרט אז דאס איז "והקם זרע לאחיך", וואס דער ענין הזרע איז דאך דער "מאור העינים" פון דעם מענטשן, ווי דער רמב"ם[168] זאגט (ע"פ נגלה), ד.ה. אז דורך דעם ענין היבום גיט דער יבם אוועק ניט עפעס א דבר של ממון, אדער אפילו א חלק טפל פון זיין גוף - נאר ער גיט אוועק זיין נפש, און ער גיט דאס אוועק לשם שמים, כנ"ל -

וואס דאס איז דער גרעסטער ענין פון מס"נ וואס קען נאר זיין.

וואס דאס איז אויך איינער פון די טעמים פארוואס א חלק גדול פון מסכת יבמות רעדט זיך וועגן דעם ענין פון חליצה - ווארום בכדי צו מקיים זיין מצות יבום כדבעי, דארף מען האבן א גרויסע מס"נ, וואס ניט יעדער איינער איז שייך לזה, און דערפאר גיט מען די ברירה פון חליצה, און מ'שטעלט דאס אריין אלץ א חלק גדול פון מסכת יבמות.

- און -

------------

163) יבמות לט, ב. 164) שם נג, סע"ב. 165) יומא סט, ב. סנהדרין סד, א. 166) פרש"י ד"ה דעבירה - סנהדרין שם. 167) פרש"י ד"ה כליא עלמא - יומא שם. 168) הל' דעות פ"ד הי"ט.

און דאס איז אויך איינע פון די טעמים פארוואס מסכת יבמות איז מסיים מיט דעם ענין פון "ודרשת וחקרת ושאלת היטב"[169] (נוסף להמדובר אין די פריערדיקע התוועדויות[170]) - ווארום וויבאלד אז אין מצוה יבום דארף מען האבן מס"נ, דערפאר דארף זיין א חקירה ודרישה צו וויסן צי ער טוט דאס טאקע לשם שמים.

לה. עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס דער ענין פון יבום טוט אויף דעם ענין השלום:

ווען איינער איז מייבם אשת אחיו, איז דאס "והקם זרע לאחיך" - ער גיט אוועק זיין נפש, "מאור העינים", צו "אחיו המת" בכדי עס זאלן געבארן ווערן קינדער "על שם אחיו המת", וואס דאס איז דער ענין השלום, כמ"ש[171] "וראה בנים לבניך שלום על ישראל".

וואס מעין דעם ענין השלום ווערט אויך אויפגעטאן דורך דעם ענין פון חליצה, וכמבואר אין פוסקים[172] אז אפילו אויב עס קען ניט זיין דער ענין פון יבום, מצד דעם וואס ער קען מיט איר ניט חתונה האבן, אדער אז זי וויל ניט - פונדעסטוועגן דארף זיין חליצה, ווארום דאס איז א טובה און א כבוד פאר "אחיו המת".

אבער אעפ"כ איז דער שלום וואס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון חליצה ניט בדומה צו דעם שלום וואס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון יבום, וואס דעמולט איז דער ברודער זיך מוסר נפש אז עס זאלן געבארן ווערן קינדער "על שם אחיו המת", כנ"ל.

לס. וואס דאס איז דער ענין השלום וואס ווערט אויפגעטאן אין גאנץ מסכת יבמות.

דאס איז אבער ניט דער תכלית השלימות פון שלום, ווארום ס'איז נאר געווען דער ענין פון "והקם זרע לאחיך", ס'איז אבער נאך ניט געבארן געווארן קינדער בפועל, וואס דוקא נאך דערויף וואס עס ווערן געבארן קינדער ווערט אויפגעטאן דער אמיתית הענין פון "להקים לאחיו שם בישראל"[173].

און אויף דערויף קומט דער סיום המסכת, אז "ת"ח מרבים שלום בעולם":

- ח"ח -

---

169) ראה יג, טו. 170) שיחת יו"ד שבט וש"פ בשלח. 171) תהלים קכח, ו. וראה אסח"ר בסופה. 172) ראה אנציקלופדי' תלמודית ערך חליצה ס"א (ע' תריז). ב"ש אה"ע סקס"ה סק"ט בשם הזהר - הובא שם בהע' 38. 173) תצא כה, ז.

הנחה הה' בלתי מוגה

ת"ח טוען אויף דעם ענין פון "כל המלמד את בן חבירו מעלה עליו הכתוב כאילו ילדו" (ווי מ´לערנט דאס אפ[174] פון פסוק[175] "ואלה תולדות אהרן ומשה", אז אויך בני אהרן, נדב ואביהוא אלעזר ואיתמר, ווערן אנגערופן "תולדות משה").

וואס דערפאר טוען אויף ת"ח דעם "מרבים שלום" לגבי דעם שלום וואס ווערט אויפגעטאן אין גאנץ מסכת יבמות, ווארום ת"ח מאכן אויך אויף אז עס זאלן זיין קינדער בפועל, דורך דעם וואס זיי זיינען "מלמד את בן חבירו".

און אפילו נאך דערויף וואס עס ווערן געבארן קינדער כפשוטו בא דעם יבם - לערנט ער מיט זיי תורה, וואס דעמולט האט ער ביידע מעלות, סיי דעם ענין פון שלום וואס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין היבום, "והקם זרע לאחיך", וואס דאס איז א שלום מצד דעם גוף, און אויך דעם "מרבים שלום" וואס ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס ער לערנט מיט זיי תורה, און עס ווערט "וכל בניך למודי ה´", וואס דאס איז א שלום מצד דער נשמה.

מ. עד"ז זיינען דא די צוויי דרגות אין שלום אין מסכת כריתות:

וועט מען דאס פארשטיין בהקדם וואס לכאורה איז די עבודה און דער שלום פון מסכת כריתות אנדערש ווי די עבודה און דער שלום פון די אנדערע דריי מסכתות (ווי גערעדט פריער (סב"ד)):

ווען מ´לערנט מסכת ברכות איז דאס דער "כל העוסק בתורת כו´ כאילו כו´" פון דער עבודה פון ברכות, און דעם שלום וואס דאס טוט אויף;

עד"ז ווען מ´לערנט מסכת נזיר, און ווען מ´לערנט מסכת יבמות;

משא"כ ווען מ´לערנט מסכת כריתות איז דער "כל העוסק בתורת כו´ כאילו כו´" ניט אין דעם ענין חיובי פון כריתות, נאר אז דורך דעם וואס מ´לערנט דאס ווייסט מען וואס ניט צו טאן.

וואס עפ"ז קומט אויס אז דער "כל העוסק כו´" פון מסכת כריתות איז אנדערש לגמרי פון דעם "כל העוסק כו´" פון די אנדערע דריי מסכתות.

איז אבער אין דעם לימוד פון מסכת כריתות אויך דא אן ענין חיובי. והביאור בזה:

- אין -

---

174) סנהדרין יט, ב. פרש"י עה"פ במדבר ג, א.
175) במדבר שם.

אין סוף מסכת מכות[176] אויפן פסוק[177] "ונקלה אחיך לעיניך", זאגט די משנה אז "כשלקה הרי הוא כאחיך".

ד.ה. וויבאלד אז תורה איז דאך תורת חסד, דערפאר קען ניט זיין אז ווען תורה הייסט מ'זאל געבן א אידן מלקות איז דאס סתם צוליב שמייסן א אידן,

נאר דאס איז דער איינציקער וועג וואס תורה האט געפונען צו מתקן זיין דעם מענטשן, ד.ה. אז דורך אן עונש ע"פ תורה קומט צו אן עילוי אין דעם וועמען מ'איז מעניש - "כשלקה הרי הוא כאחיך".

ועי"ד ווי די גמרא[178] זאגט אז "היום הזה אתה עכור ואי אתה עכור לעולם הבא", אז דורך דערויף וואס "עכור אתה" אין עוה"ז, טוט דאס אויף אז "אי אתה עכור לעוה"ב".

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דעם לימוד פון מסכת כריתות: דורך דערויף וואס מ'לערנט דעם ענין חיובי פון כריתות, וועגן דעם עונש פון כרת וכו' - ברענגט דאס צו אן עילוי בא דעם אדם הלומד,

ווארום דערפון וואס ער ווייסט וואס דער ענין פון כרת איז, ווערט ביי אים אן ענין פון יראת העונש, און דערפון קומט ער צו יראת החטא, און דערפון צו יראת אלקים, און דערפון צו יראת הכבוד, ביז אז ער קומט צו יראה עילאה, וואס דאס איז דער תכלית העילוי אין עבודת ה'.

וואס דאס איז דער ענין חיובי אין דעם לימוד פון מסכת כריתות, וואס פועל'ט אז עס זאל זיין שלום צווישן דעם אידן מיט דעם אויבערשטן.

ביז אז דער לימוד אין דעם ענין פון כריתות פועל'ט אז עס זאל נהבטל ווערן לגמרי דער ענין הכרת.

מא. דאס איז ווי דער ענין השלום איז אין מסכת כריתות.

דערנאך איז דא ווי דער ענין פון שלום ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין הקרבנות, וואס זיי זיינען מבטל און מכפר אויף די ענינים בלתי רצויים אין וועלט.

וואס וועגן דערויף רעדט זיך אין דער לעצטער סוגיא פאר דעם סיום פון מסכת כריתות: "מלכא ומלכתא הוו יתבין, מלכא אמר גדיא יאי ומלכתא אמרה אימרא יאי",

און דערנאך איז מען געגאנגען צו דעם כה"ג ער זאל

- מוכיח -

---

176) כג, סע"א. 177) תצא שם, ג. 178) סנהדרין מד, ב.

הנחה הה' בלתי מוגה

מוכיח זיין, האט ער מוכיח געווען פון דעם קרבן תמיד.

וואס דער ענין פון קרבן תמיד, וואס דאס איז א קרבן עולה, איז - צו מכפר זיין אויף ענינים בלתי רצויים, ווי רש"י [179] זאגט,

ביז אז א קרבן עולה קומט ניט נאר אויף דעם ענין הכפרה על החטא, נאר אויך אז אלע ענינים זאלן זיין בתכלית השלימות, ווי די גמרא זאגט אין זבחים [180] אז "דורון הוא", און ווי דער אלטער רבי איז דאס מבאר אין אגה"ת [181] אז דאס טוט אויף "שיהי' לרצון לפני ה' ומרוצה וחביב לפניו ית' כקודם החטא כו'".

ד.ה. אז דער ענין פון קרבן תמיד טוט אויף אז עס זאל זיין שלום צווישן א אידן מיטן אויבערשטן

און די הוכחה פון דעם קרבן תמיד האט דוקא דער כה"ג געקענט אויפטאן - ווארום דער ענין פון א כהן איז דער ענין החסד [182], ער איז ממשיך און משפיע דעם ענין הכפרה אין די ענינים בלתי רצויים אין וועלט, וואס דערפאר איז ער ממשיך דעם ענין פון שלום.

וואס דאס איז אויך דער טעם אויף דעם וואס דער כה"ג דוקא איז דער וואס איז מכריע צווישן "מלכא ומלכתא".

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס ברענגט די גמרא אז "מלכא ומלכתא הוו יתבין" און זיי האבן זיך געקריגט צי "אימרא יאי" אדער "גדיא יאי" - די גמרא האט נאר געדארפט זאגן וואס די מסקנא איז?

נאר דער ביאור אין דעם איז - אז די גמרא וויל מדגיש זיין דעם ענין פון שלום, אז עס זיינען דא צוויי דעות אין דעם ענין, און "אלו ואלו דברי אלקים חיים" [183], און ס'איז דא א מעלה בזה מה שאין בזה, וואס דערפאר איז אמאל איין דעה גובר און אמאל איז די צווייטע גובר,

און דערנאך קומט דער כה"ג, וואס ער איז דער ענין החסד, און איז מכריע און מאכט שלום צווישן די ביידע דעות.

מב. האמור לעיל איז אלץ דער ענין השלום וואס איז דא אין מסכת כדיתות - סיי אין דער גאנצער מסכת, דורך דערויף וואס מ'לערנט די מסכת (כנ"ל ס"מ), און סיי אין דעם סיום המסכת, דורך דעם ענין הקרבנות וואס זיינען מכפר אויף

- ענינים -

------------

179) עה"פ ויקרא א, ד. 180) ז, ב. 181) פ"ב.
182) זח"ג קמה, ב. ובכ"מ. 183) עירובין יג, ב.

ענינים בלתי רצויים, וואס דאס ווערט נמשך דורך דעם כה"ג.

דערנאך קומט מען צו דעם סיום המסכת, אז "ת"ח מרבים שלום בעולם", ד.ה. אז זיי טועז אויף דורך דעם ענין התורה אז דער שלום פון מסכת כריתות זאל זיין אין אן אופן פון "מרבים שלום".

והביאור בזה:

דער ענין השלום וואס דער כה"ג טוט אויף מצד דעם ענין החסד, איז טאקע ממשיך דעם ענין הכפרה אויף אלע ענינים בלתי רצויים, ביז אויך אויף אן ענין פון "כריתות" - דאס איז אבער נאר מתקן דעם עבר; בשעת עס קומט אויף מארגן ווייסט מען ניט ווי דער איד וועט זיך פירן.

וואס דערפאר דארף מען האבן נוסף צו דעם ענין פון חסד - אויך דעם ענין פון אמת, וואס דאס איז תורה[184]: אז דער איד זאל ווערן א תורה איד, וואס דעמולט איז ער אויך באווארענט אויף מארגן, אז ער זאל ניט עובר זיין אויף קיינע ענינים.

און דאס איז דער "מרבים שלום בעולם" וואס ת"ח טוען אויף - אז דער שלום וואס חסד איז ממשיך זאל דורכנעמען דעם אידן, ביז אז אויך מארגן און איבערמארגן וכו' איז ער אפגעהיט פון אלע ענינים בלתי רצויים, ווארום ער איז געווארן א תורה-איד.

מג. קלערער פארשטייך דאס:

דער ענין פון דעם כה"ג, בחי' חסד, אין עבודת האדם - איז דער ענין וואס אהרן (כה"ג) איז "אוהב שלום ורודף שלום, אוהב את הבריות ומקרבן לתורה"[185].

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק:

פארוואס שטייט דער ענין פון "ומקרבן לתורה" אין דער זעלבער משנה מיט דעם ענין פון "אוהב שלום" און "אוהב את הבריות" - דאס זיינען לכאורה צוויי באזונדערע ענינים?

ובפרט ע"פ המבואר אין תניא פרק לב (און בארוכה אין סהמ"צ להצ"צ[186]), אז דער ענין פון אהבת ישראל איז מצד דעם וואס "כולן מתאימות ואב א' לכולנה", ביז אז עס קען גאר זיין אז דעם צווייטן'ס נשמה איז מושרש נאך העכער ווי זיינע, ווארום "מי יודע גדולתן ומעלתן בשרשן ומקורן באלקים חיים",

- וואס -

---

184) ירושלמי ר"ה פ"ג ה"ח. ועוד. 185) אבות פ"א מי"ב. 186) מצות אהבה ישראל.

וואס די אלע ענינים אין "אוהב את הבריות" זיינען לכאורה ניט פארבונדן מיט דעם ענין פון "ומקרבן לתורה", איז פארוואס זאגט דאס די משנה?

[און אע"פ אז דא איז נוגע דער דיוק "ומקרבן לתורה", און ניט אז מ'זאל אראפנידערן תורה צו זיי[187] - איז אבער דאס גופא באלאנגט ניט אין דער משנה].

איז דער ביאור אין דעם:

דער אמיתית ענין פון "אוהב שלום" און "אוהב את הבריות" דריקט זיך אויס דוקא ווען דאס קומט אראפ אין "ומקדבן לתורה", ווארום עס קען זיין דער ענין פון "אוהב שלום" און "אוהב את הבריות" אין אן אופן אז מ'באווארענט ניט וואס וועט זיין מיט דעם אידן מארגן און איבערמארגן,

בשעת עס קומט אבער ארויס אין דעם וואס ער איז יענעם מקרב צו תורה, "ומקרבן לתורה" - דעמולט ווערט יענער א תורה-איד, וואס דעמולט איז מען פארזיכערט אז אויך מארגן ועט ער אזוי בלייבן.

און דערפאר קומט דער ענין פון "ומקרבן לתורה" בהמשך אחד אין די משנה צו "אוהב שלום" און "אוהב את הבריות".

מד. דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנדו"ד:

אע"פ וואס די מדת החסד פון דעם כה"ג טוט אויף דעם ענין פון שלום אין וועלט - דארף אבער זיין "חסד ואמת נפגשו"[188], אז דער חסד פון אהרן[189], "אוהב את הבריות", דארף צוקומען צו דעם אמת פון משה[189], "ומקרבן לתודה", און דוקא דעמולט דריקט זיך אויס די טיפקייט פון דעם שלום וואס חסד טוט אויף.

פדיער דארף טאקע זיין דער ענין פון חסד, "אוהב את הבריות", ווארום דוקא דורך מדת החסד ווערט די וועלט באשאפן, "חסד אמר יברא"[190], און דעמולט איז שייך דער ענין פון עבודת האדם, משא"כ מצד מדת האמת איז "אמת אמר אל יברא[190] (שכולו מלא שקרים)",

און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין דער רשימה "נפש השפלה"[191], אז מצד מדת האמת וואלט די וועלט ניט באשאפן געווארן, ווארום זי איז "מלא שקרים", אן "עלמא דשיקרא" -

- דערפאר -

---

187) לקו"ש ח"ב ע' 316. 188) תהלים פה, יא.
189) ראה שמו"ר פ"ה, י. 190) ב"ר פ"ח, ה. 191) נדפסה במאה שערים ה, סע"א ואילך. לקו"ד כרך ד תקצז, א.

דערפאר מוז דארטן זיין די עבודה אין אן אופן פון חסד.

אבער נאך דערויף וואס ס'איז דא דער ענין פון חסד, און ס'איז דא א וועלט אין וועלכע א איד קען עובד זיין עבודתו - מוז דעמולט אויך זיין דער ענין פון מדת האמת,

ווארום מצד מדת החסד אליין איז מען טאקע משפיע און ממשיך דעם ענין פון שלום אין וועלט, אבער דאס איז אין א וועלט וואס איז "מלא שקרים", ווארום מצד מדת החסד איז דא א וועלט כאטש אז דאס איז אן "עלמא דשיקרא", און דערפאר ווייסט מען ניט וואס וועט זיין אויף מארגן, נאך דערויף וואס מ'האט ממשיך געווען דעם ענין החסד;

משא"כ אז עס ווערט "חסד ואמת נפגשו", אז נאך דערויף וואס ער טוט דעם ענין פון חסד, און ער איז "אוהב את הבריות" - איז ער זיי מקרב צו דעם ענין התורה, "ומקרבן לתורה" - דעמולט איז ער מהפך דעם "עלמא דשיקרא", און ער מאכט אים פאר א מציאות אמיתי, און דערפאר איז ער פארזיכערט אז אויך מארגן וועט דאס אזוי בלייבן.

מה. דערפון איז פארשטאנדיק, אז די עבודה פון א אידן דארף זיין אין אן אופן אז מ'איז יורד אין "עלמא דשיקרא" צו אזא אידן וואס מצ"ע איז ער שייך צו דעם ענין פון "כרנחות", וואס אויך מיט אזא אידן דארף מען האבן צוטאן,

בידוע דער ווארט פון רבותינו נשיאינו אז דאס וואס די גמרא[192] זאגט אז א "שוטה אסור לרחם עליו", ווארום ער איז "מאבד כל מה שנותנים לו"[193] - איז אויף דערויף גופא וואס "אסור לרחם עליו" דארף זיין די גרעסטע רחמנות,

און ניט נאר וואס מ'איז משפיע אויף אים דעם ענין פון חסד, דורך דעם וואס מ'איז מכפר אויף עונותיו, וואס דעמולט איז מען נאך ניט באווארענט וואס וועט זיין אויף מארגן -

נאר מ'לערנט מיט אים אויך תורה, וואס דאס איז, אז מ'לערנט מיט אים בפשטות שו"ע און קיצור שו"ע, וואס מ'מעג טאן און וואס מ'טאר ניט טאן,

ביז אז מ'פועל'ט אויף אים אז ער זאל אליין ניט וועלן טאן אן עבירה, און אפילו ניט אן עבירה קלה, ווארום ער ווייסט אז יעדער פון די "רמ"ח פיקודין" איז פארבונדן מיט "רמ"ח אברין דמלכא"[194],

- ועאכו"כ -

---

192) ראה ברכות לג, א. סנהדרין צב, א. 193) חגיגה ג, ב. ועוד. 194) תניא רפכ"ג מהיקונים. וראה תקו"ז ה"ל (עד, סע"א).

ועאכו"כ אז ער זאל ניט וועלן טאן אן עבירה פון כרת רח"ל, וואס שניידט אים אפ לגמרי פון דעם אויבערשטן.

וכידוע דער ווארט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר אז דער עיקר חסרון פון דורנו זה איז - דער ענין פון עם הארצות, אז מ'פארשטייט ניט דעם חומר הדברים פון די ענינים וואס מ'טוט, אבער אויב מ'וואלט געוואוסט וואלט מען דאס קיינמאל ניט געטאן.

וואס דאס איז דער ענין פון "ת"ח מרבים שלום בעולם" - אז מצד דעם ענין פון "ומקרבן לתורה" ווערט א ריבוי שלום אין וועלט.

מו. לפ"ז ווערט אבער די שאלה בנוגע צו מסכת מכות:

וויבאלד אז אין מסכת מכות דארף מען האבן די באווארעניש אז א איד זאל לכתחלה דערצו ניט קומען, ע"ד ווי אין מסכת כריתות, ביז ווי די גמרא זאגט[195] "מה לי קטלה כולה מה לי קטלה פלגא", וואס דערפאר דארף זיין דער ענין פון לימוד התורה - האט דאך דער סיום פון מסכת מכות אויך געדארפט זיין מיט דעם מאמר "ת"ח מרבים שלום בעולם כו'"?

מ'קען ניט זאגן אז דאס וואס מסכת מכות איז ניט מסיים מיט דעם מאמר, איז דערפאר וואס דער "מ" פון "מכות" איז ניט נכלל אין דעם ר"ת פון דעם ווארט "בניך" -

ווארום ערשטן'ס וואלט מען מסתמא געקענט געפינען א צווייטן ר"ת וואס זאל אויך כולל זיין דעם "מ" פון מכות, און צווייטן'ס - צי דען צוליב א ר"ת וועט פעלן אזא ענין עיקרי אין א מסכת?!

איז דער ביאור אין דעם: וויבאלד אז דער ענין ווערט שוין באווארנט אין מסכת כריתות - דארף מען דאס ניט שרייבן נאכאמאל אין מסכת מכות.

מז. ע"פ המבואר לעיל באדוכה איז פארשטאנדיק ווי די אלע פיר מסכתות זיינען פארבונדן מיט דעם ענין השלום בעולם, וואס דער ענין השלום איז דאך שייך צו כללות ענין התורה (כנ"ל ס"ל),

און די סיומים פון די פיר מסכתות [ווי ס'איז שייך מאכן א סיום אויף אן ענין אין תורה, וואס תורה איז דאך "ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים"[196], ובפרט אז מ'האט דאס

- אויך -

---

195) ב"ק סה, א. ועוד. 196) איוב יא, ט.

אויך פארבונדן מיט פנימיות התורה] סוען אויף דעם ענין פון "מרבים שלום בעולם".

און ווי גערעדט אין די פריערדיקע התוועדויות - זיינען די פיר מסכתות אויך פארבונדן מיט די פיר כתות פון אידן וואס זיינען געווען בא קריעת ים סוף[197].

און די פיר מסכתות זיינען אויך בדוגמא ווי די פיר אותיות פון שם הוי' [וכמבואר אין אגה"ת[198] די ד' אותיות פון שם הוי' אין עבודת האדם], און דער סיום פון די אלע פיר מסכתות, "ת"ח מרבים שלום בעולם", איז בדוגמא ווי דער קוצו של יו"ד,

וואס אזוי ווי אלע פיר מסכתות האבן איין סיום; וואס דער סיום איז ניט קיין פינפטע מסכת - עד"ז איז דער קוצו של יו"ד, ניט קיין פינפטער אות, נאר דאס איז דער קוץ פון אלע פיר אותיות.

וואס דער טעם אויף דערויף וואס דאס איז ניט קיין פינפטער אות איז דערפאר וואס דאס איז קוצו של יו"ד וואס איז העכער פון דעם ענין האותיות, ביז אז דאס איז א הכנה צו דעם ענין פון "אנכי ה' אלקיך גו'"[199], וואס "אנכי" "בחי' דלא אתפס בשם ולא אתרמיז בשום אות וקוצא כלל"[200].

מח. וואס עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק די שייכות פון דעם קוצו של יו"ד צו דעם סיום פון די פיר מסכתות, "מרבים שלום בעולם":

אזוי ווי דער קוצו של יו"ד איז למעלה פון אלע אותיות און דערפאר איז ער ניט קיין באזונדער אות,

עד"ז איז דער ענין פון "<u>מרבים</u> שלום" למעלה פון אלע הגבלוה, ווארום בשעת מ'זאגט "מרבים", איז אויב דאס גייט אויף א מספר מוגבל, איז ניט שייך צו זאגן דער ענין פון "מרבים", דערפאר וואס מ'קען אלעמאל צוגעבן נאך א מספר, וואס דעמולט ווערט דאס א גרעסערער ריבוי;

דער איינציקער ארט וואו מ'קען זאגן דעם אמיתית ענין פון ריבוי - איז דוקא אין בל"ג, ווארום דארטן איז ניט שייך צוגעבן נאך א מספר, ווארום אז מ'וועט צוגעבן א מספר אחד, אדער א ריבוא, אדער ריבוא רבבות - איז דאס אלץ בשוה לגבי בל"ג, ווי דער צ"צ איז מבאר בארוכה אין ספר החקירה.

- און -

---

197) ירושלמי תענית פ"ב ה"ה. מכילתא, תיב"ע וה"י עה"פ בשלח יד, יג-יד. 198) פ"ד. 199) פרשתנו כ, ב. 200) לקו"ת פינחס פ, סע"ב. וראה זח"ג רנז, ב.

און פון דעם "מרבים שלום" קומט מען צו דעם ריבוי פון די אלע ענינים וואס ער רעכנט אויס אין אסתר רבה בסופו, ביז צו "לסרבה המשרה"[201], וואס דאס גייט אויף דעם ענין פון מלוכה,

ביז אז עס ווערט א ריבוי פון דעת אלקי אין דער וועלט, "ומלאה הארץ דעה את הוי' כמים לים מכסים"[202].

[וואס דער ענין פון "כמים לים מכסים" איז אויך פארבונדן מיט קריעת ים סוף, וואס דארטן זיינען געווען די פיר כחות וואס זיי קומען ארויס פון די ד' מסכתות (שיטות) אין תורה].

מט. די הוראה בפועל פון כל האמור לעיל:

מ'דארף מרבה זיין אין אלע מבצעים, אנהויבנדיק פון "מבצע תורה" - פועל'ן אויף יעדער איד אז ער זאל ווערן פון "כל בניך למודי ה'".

און דאס קען מען זיכער אויפטאן, ווארום יעדער איד איז פון "בנים אתם לה' אלקיכם"[203], ניט קוקנדיק ווי ער זעט אויס בחיצוניות, "אל תבט אל מראהו"[204].

מ'דארף אים נאר מסביר זיין אז די תורה איז אפגעגעבן געווארן צו אים אלס א יחיד, "אנכי הוי' אלקיך אשר הוצאתיך גו'", לשון יחיד[205] (בחיוב), און "לא יהי' לך"[206], לשון יחיד[205] (בשלילה), וואס דאס איז געזאגט געווארן סיי אלס ציווי און סיי אלס הבטחה,

און אז "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב"[207], אז צו יעדער אידן איז אפגעגעבן געווארן די גאנצע תורה אלס א ירושה.

און מ'זאגט אז יעדער איד האט אויך א שייכות פרטי צו תורה, ווארום יעדער איד האט זיין אות אין תורה, וכידוע אז דער ר"ת פון "ישראל" איז "יש ששים ריבוא אותיות לתורה", ווארום יעדערער פון די ששים ריבוא מישראל איז כנגד איין אות פון תורה.

וואס דער ר"ת ברענגט זיך אויך אין כתר שם טוב[208], און דארטן ברענגט ער נאך א ר"ת אין "ישראל" - "יש ששים ריבוא אדם לישראל".

- [לע"ע -

------------

201) ישעי' ט, ו. 202) שם יא, ט. 203) ראה יד, א. 204) ש"א טז, ז. 205) ראה יל"ש עה"פ פרשתנו שם (רמז רפו). 206) פרשתנו שם, ג. 207) ברכה לג, ד. 208) סש"כ - מג, ד (בהוצאת קה"ת).

לע"ע האב איך נים געפונען אז אין מאמרי חסידות זאל זיך ברענגען דער צווייטער ר"ת (און איך ווייסט נים דעם טעם אויף דערויף), אע"פ וואס מ'ברענגט[209] דעם ערשטן ר"ת - "יש ששים ריבוא אותיות לתורה", וואס דאס איז גענומען פון מגלה עמוקות[210].

ויש לקשר בדרך אפשר די ביידע ר"ת: בכדי אז די תורה מיט אירע ששים ריבוא אותיות זאל געגעבן ווערן בא מ"ת, האבן דארפן געדארפט זיין אלע ששים ריבוא אדם מישראל[211], וואס יעדער איינער פון די ששים ריבוא אדם לישראל זיינען כנגד איין אות פון די ששים ריבוא אותיות לתורה.

נ. ועד"ז דארף מען אויך פועל'ן אויף אוה"ע אז זיי זאלן לערנען די תורה וואס איז שייך צו זיי.

ווי די גמרא[212] זאגט: "נכרי (אין אונזערע דפוסים שטייט "עכו"ם", אבער דאס איז א שינוי מצד דעם צענזאר, און ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אז דא קען נים זיין אז מ'רעדט וועגן עכו"ם, וואס דערפאר דארף דא שטיין "נכרי" אדער "גוי"[213]) ועוסק בתורה ("בשבע מצוות דידהו"[214]) הרי הוא ככהן גדול"

און ווי תוספות[215] זאגט אז "להכי נקט כה"ג משום דכתיב[216] יקרה היא מפנינים ודרשי' מכה"ג הנכנס לפני ולפנים".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער גודל העילוי פון דעם לימוד התורה פון א נכרי אין "שבע מצוות דידהו", וואס דערפאר דארף מען זיך משתדל זיין אז אויך זיי זאלן לערנען תורה וואס איז פארבונדן מיטן קיום פון די ז' מצוות דב"נ[217].

נא. ויה"ר אז עס זאל נתגלה ווערן די כוונה פון דעם גלות, אז דאס איז בכדי עס זאל ארויסקומען די גאולה, דער "אודך ה' כי אנפת בי"[218], בדוגמא ווי גערעדט פריער (ס"מ), בנוגע צו "ונקלה אחיך" - אז "כשלקה הרי הוא כאחיך",

אז עס זאל זיין בלשון פון דער מדינה וואו רבותינו נשיאינו האבן זיך אויפגעהאלטן - "דאלאי גלות", "קץ שם לחושך"[219],

- און -

---

209) בד"ה ויבוא עמלק תש"ט פ"ו. ובכ"מ. 210) אופן קמו. 211) מכילתא עה"פ פרשתנו יט, יא. ועוד. 212) ב"ק לח, א. סנהדרין נט, א. ע"ז ג, א. 213) ראה ס' חסרונות הש"ס. לקו"ש חי"ד ע' 38 הע' 13. 214) סנהדרין שם. 215) ד"ה ה"ה ככה"ג - ב"ק וע"ז שם. 216) משלי ג, טו. 217) ראה רמב"ם הל' מלכים פ"ח ה"י. 218) ישעי' יב, א. 219) איוב כח, ג.

און דאס זאל אראפקומען בפועל ממש, אין אן אופן פון "סאפארו דא פלאחו"[220].

ביז אז עס וועט זיין "ואשובה אליכם" און ערשט דער־נאך "שובה אלי"[221], ווארום וויבאלד אז אידן זיינען אין גלות דארף די חשובה זיין דוקא מלמעלמ"ט – אז פריער איז "ואשובה אליכם", און דער אויבערשטער נעמט ארויס אידן פון גלות,

בגאולה האמיתיה והשלימה, וואס דעמולט וועט זיין "ומלאה הארץ דעה את ה׳ כמים לים מכסים", במהרה בימינו ממש.

* * *

נב. ס׳איז דאך רגיל אפלערנען אן ענין אין פירוש רש"י אויף פרשת השבוע, און אויך אן ענין אין די הערות אויפן זהר פון פרשה זו.

וועט מען זיך שטעלן אויף א רש"י וועלכע מ׳האט גערעדט אין די פריערדיקע התוועדויות[222], וואס דאס איז אויפן פסוק[223] "ויחן שם ישראל נגד ההר".

שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער "ויחן שם ישראל" און זאגט: "כאיש אחד בלב אחד, אבל שאר כל החניות בתערומות ובמחלוקת".

בפשטות לערנען מלמדים (און אזוי אויך מפרשי רש"י[224]) אז דערפון וואס עס שטייט אין פסוק "ויחן" לשון יחיד (אע"פ אז דאס רעדט זיך וועגן אלע בנ"י) איז רש"י מוכיח אז דאס איז געווען "כאיש אחד בלב אחד".

און דערפון וואס עס שטייט אין פסוק "ויחן <u>שם</u>" – איז רש"י מוכיח אז דער "כאיש אחד בלב אחד" איז געווען נאר בא <u>דער</u> חני׳, "אבל שאר כל החניות בתערומות ובמחלוקת".

לפ"ז דארף מען פארשטיין: פארוואס איז רש"י מעתיק אויך דעם ווארט "ישראל"?

דערנאך קומט צו א "קלאץ־קשיא":

וויבאלד אז עס שטייט אין פסוק "ויחן שם <u>ישראל</u>", איז פארשטאנדיק פאדוואס דער פסוק זאגט "ויחן" לשון יחיד, ווארום[225] "ישראל" מיינט דער עם ישראל (און ניט די מענטשן

– פון –

---

220) ראה ספר התולדות אדמו"ר מהר"ש (לכ"ק אדמו"ר שליט"א) ע׳ 69. 221) מלאכי ג, ז. וראה איכ"ר פ"ה, כא.
222) שיחת יו"ד שבט. ש"פ בשלח, ט"ו בשבט תשט"ו.
223) פרשתנו שם, ב. 224) ראה באר רחובות, באר יצחק עה"פ. ועוד. 225) ראה מירא דכיא עה"פ בשלח יד, י.

פון דעם עם), וואס "עם" איז לשון יחיד (פון "עמים"), ובמילא איז ע"פ דקדוק דארף מען דעמולט שרייבן "ויחן" לשון יחיד (ווי מ'געפינט בכ"מ אז בשעת עס שטייט "עם" נוצט מען לשון יחיד) - איז וואס איז דער הכרח פון רש"י אז "ויחן" מיינט אן ענין מיוחד, אז דאס איז געווען "כאיש אחד בלב אחד"?

לכאורה וואלט מען געקענט ענטפערן אז דער הכרח פון רש"י אז "ויחן" לשון יחיד מיינט אן ענין מיוחד, איז דער-פון וואס אין דעם פסוק גופא שטייט "ויחנו במדבר" לשון רבים, און בהמשך לזה שטייט "ויחן שם ישראל" לשון יחיד, וואס וויבאלד אז דער פסוק שרייבט פריער "ויחנו", און דער-נאך איז ער משנה און שרייבט "ויחן", איז מוכח אז אין דערויף איז דא א הדגשה,

און דערפאר איז רש"י מפרש אז "ויחן" מיינט "כאיש אחד בלב אחד".

מ'קען אבער אזוי ניט זאגן, ווארום (נוסף לזה וואס מ'קען זאגן בדוחק אז אויב דער דיוק איז פון דעם שינוי פון "ויחנו" מיט "ויחן", האט זיך רש"י געדארפט שטעלן אויף דעם ווארט "ויחנו", איז נוסף לזה):

מ'געפינט ווייטער בפרשתנו (ועד"ז בכ"מ) אז עס שטייט אין איין פסוק איין מאל לשון יחיד און דערנאך לשון רבים - "וירא העם וינועו"[226], און רש"י שטעלט זיך ניט אויף דערויף, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אין פשש"מ איז דאס ניט קיין דיוק.

אויף דערויף וואס רש"י שטעלט זיך ניט אויף "וירא העם וינועו" - קען מען נאך זאגן בדוחק, אז ער פארלאזט זיך אויף דעם וואס ער שרייבט אין אונזער פסוק -

העלפט אבער דער אויבערשטער אז מ'געפינט א פסוק פריער אין פ' בשלח, וואס דארטן שטייט אויך א לשון יחיד און א לשון רבים אין איין פסוק, און רש"י שטעלט זיך ניט אויף דעם, וואס דאס איז - דער פסוק[227] "וירא ישראל גו' וייראו העם את ה' ויאמינו בה'", און דא קען מען ניט זאגן אז רש"י פארלאזט זיך אויף דעם וואס ער שרייבט שפעטער בפרשתנו.

נג. ע"ד ווי רש"י איז מפרש אויף "ויחן שם ישראל", איז ער מפרש אין פ' בשלח אויפן פסוק[228] "והנה מצרים נוסע אחריהם".

- וואס -

-------------

226) פרשתנו כ, טו. 227) בשלח שם, לא. 228) שם, י.

וואס רש"י איז מעתיק די ווערטער "נוסע אחריהם" און זאגט: "בלב אחד כאיש אחד".

וואס דא איז לכאורה אויך דער זעלבער דיוק[229]: וויבאלד עס שטייט אין פסוק "נוסע" לשון יחיד אע"פ וואס עס רעדט זיך וועגן גאנץ מצרים - איז רש"י דערפון מכריח אז "נוסע" מיינט "בלב אחד כאיש אחד".

וואס עפ"ז ווערן די זעלבע שאלות ווי גערעדט פריער אין "ויחן שם ישראל":

א) פארוואס איז רש"י אויך מעתיק דעםווארט "אחריהם", ווען דא איז נאר נוגע דעם דיוק פון "נוסע" לשון יחיד?

ב) וויבאלד עס שטייט דא אין פסוק "והנה מצרים נוסע אחריהם", איז דאך "מצרים" לשון יחיד, וואס דערפאר שטייט "נוסע" לשון יחיד - איז וואס איז דער הכרח פון רש"י אז "נוסע" מיינט אן ענין מיוחד, אז דאס איז געווען "בלב אחד כאיש אחד"?

און דערנאך ווערט דערפון נאך א דיוק אין רש"י בפרשתנו אויף "ויחן שם ישראל":

דערפון' וואס רש"י איז מפרש סיי אויף "נוסע אחריהם" אז דאס מיינט "בלב אחד כאיש אחד" און סיי בפרשתנו אויף "ויחן שם ישראל" אז דאס מיינט "כאיש אחד בלב אחד", און ער פארלאזט זיך ניט בפרשתנו אויף דעם וואס ער האט געזאגט אין פרשת בשלח - איז פארשטאנדיק אז דא איז דער דיוק ניט (נאר) אין דעם וואס עס שטייט "ויחן" לשון יחיד, ווארום דעמולט קען ער זיך פארלאזן אויף דעם וואס ער האט מפרש געווען אויף "נוסע" לשון יחיד - נאר דא איז אן אנדער דיוק, וואס מצד דעם מוז רש"י מפרש זיין פירושו אין ביידע ערטער.

[בדוחק קען מען זאגן אז רש"י חזר'ט איבער דעם זעלבן פירוש אויך בא "ויחן שם ישראל", דערפאר וואס דא קומט צו דער דיוק אין "ויחן שם", אז דוקא "שם" איז געווען "ויחן" לשון יחיד, "אבל שאר כל החניות בתערומות ובמחלוקת"].

וכפי שיתבאר לקמן.

נד. בנוגע צו די הערות אויפן זהר פון פרשה זו, איז דא אן ענין וואס איז פארבונדן מיט דעם סיום המסכתות וואס מ'האט פריער גערעדט, וועגן דעם ענין השלום.

- אין -

---

229) ראה באר יצחק עה"פ.

איך זהר בסוף פרשתנו [230] רעדט ער וועגן דעם אויפטו פון מ"ת אויף בריאת העולם, אז בשעת מ"ת איז "פסקא זוהמא מגופא", און מ"ת האט אויפגעטאן א קיום אין וועלט, "כיון דקבילו ישראל אורייתא על טורא דסיני כדין אתבסם עלמא ואתקיימו שמיא וארעא כו'",

און דערנאך איז ער מסיים: "ועל ההוא יומא (פון מ"ת) כתיב [231] ה' מלך גאות לבש לבש ה' עוז התאזר, ואין עוז אלא תורה שנאמר [232] ה' עוז לעמו יתן ה' יברך את עמו בשלום".

און מ'קען טייטשן אז די צוויי מאל "לבש" און די צוויי מאל "ה'" וואס שטייען אין פסוק ("ה' מלך גאות לבש לבש ה' גו'"), זיינען כנגד בריה"ע און מ"ת: איין "לבש" און "ה'" איז כנגד דעם וואס האט זיך אויפגעטאן בא בריה"ע, און דער צווייטער "לבש" און "ה'" איז כנגד דעם וואס מ"ת האט אויפגעטאן אז "אתבסם עלמא".

שטעלט זיך דער טאטע [233] אויף דעם וואס אין פסוק שטייט אויך "התאזר", און זאגט אז "התאזר גי' תרי"ג פקודין דאורייתא".

ד.ה. אז ער וויל מקשר זיין אויך דעם ווארט "התאזר" וואס שטייט אין פסוק "ה' מלך גו'" מיט דעם אויפטו פון מ"ת וואס עס רעדט זיך אין זהר - אז "התאזר" איז בגימטריא "תרי"ג פקודין <u>דאורייתא</u>".

נה. מ'דארף אבער פארשטיין - ובהקדים א הערה כללית וועגן דעם ענין פון גימטריאות:

דער מנהג העולם איז אז ווען איינער זאגט א גימטריא, גיט מען א חשבון-אפ צי דער חשבון שטימט, און אויב דאס שטימט - איז דאס א גוטע גימטריא.

מ'דארף אבער וויסן אז ניט נאר אין דעם באשטייט דער ענין פון א גימטריא, נאר א גימטריא דארף זיין פארבונדן מיט דעם תוכן פון די ווערטער אין וועלכע די גימטריא שטעלט זיך אויס, ווארום די גימטריא וואלט זיך געקענט אויסשטעלן אין אן אנדער צירוף, ווי מ'געפינט אז אמאל האבן עטליכע ווערטער וואס שטייען אין באזונדערע צירופים די זעלבע גימטריא,

און וויבאלד אז די גימטריא האט זיך אויסגעשטעלט אין דעם צירוף דוקא, איז פארשטאנדיק אז עס איז פארבונדן מיט דעם תוכן פון דעם ווארט דוקא.

- ולדוגמא: -

---

230) זח"ב צד, א. 231) תהלים צג, א. 232) תהלים כט, יא. 233) לקוטי לוי"צ לזח"ב ע' פח.



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

ולדוגמא: דער אלטער רבי ברענגט איין שעהיוה"א [234] אז שם "אבן" איז "מורה כי שרשה משם העולה ב"ן במספרו, ועוד אלף נוספת משם אחר לטעם הידוע ליוצרה" [אין אנדערע דרושים [235] איז מען מפרש אז דער אל"ף פון "אבן" איז דער אל"ף פון "אלופו של עולם"].

ד.ה. אז "אבן" איז בגימטריא ב"ן מיט נאך אן אל"ף.

וואס וויבאלד אז די גימטריא פון "אבן" שטעלט זיך אוים דוקא אין דעם צירוף "בן" (און ניט אין אן אנדער צירוף וואס איז אויך בגימטריא נב) - איז פארשטאנדיק אז "אבן" איז פארבונדן מיט דעם תוכן פון דעםווארט "בן".

והביאור בזה[236]:

דער שורש פון דעם ווארט "בנין" איז "בן", ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק פון דעם וואס די גמרא זאגט [237] אויפן פסוק "וכל בניך למודי ה' ורב שלום בניך - א"ת בניך אלא בוניך", ד.ה. אז דער ווארט "בן" ("בניך") איז פארבונדן מיט דעם ווארט "בנין" ("בוניך") -

און א בנין ע"פ תורה איז דוקא פון אבנים, עצים און עפר [238] (ובפרט א בנין פון א חומה, לדוגמא, וואס איז דוקא פון אבנים).

עד"ז ברענגט מען [239] פון ספר יצירה [240] אז "שתי אבנים בונות שתי בתים וכו'".

וואס דערפון זעט מען ווי דער ווארט "אבן" וואס זיין גימטריא שטעלט זיך אוים דוקא אין דעם צירוף "בן" - איז פארבונדן מיט דעם תוכן פון "בן" - "בנין".

נו. ועד"ז בנדו"ד:

די גימטריא פון תרי"ג וואס איז כנגד די תרי"ג מצוות קען זיך אויסשטעלן אין כמה צירופים:

עס איז דא די גימטריא פון תרי"ג (מצוות) ווי דאס איז אין דעם צירוף פון דעם ווארט "התאזר" (כבנדו"ד); ס'איז דא די גימטריא פון תרי"ג (מצוות) אין "עם לבן

- גרתי" -

---

234) ספ"ז (פד, ב). 235) לקו"ת ראה כז, ג. ובכ"מ. 236) ראה גם שיחת ש"פ האזינו ש.ז. סכ"ט. 237) ברכות בסופה. 238) ראה מצורע יד, מה. נגעים פי"ב מ"ב. 239) ראה ד"ה והי' הנשאר בציון תרצ"א פ"ב (סה"מ קונטרסים ח"א קמ, א). ד"ה אור לי"ד ה'ש"ת פ"ג (סה"מ ה'ש"ת ע' 39). לקו"ש ח"ו ע' 15 הע' 20. 240) ספ"ד.

גרתי"[241]; און ס'איז דא די גימטריא פון תרי"ג (מצוות) ווי דאס שטעלט זיך אויס אין ציצית, "מנין גימטריא של ציצית שש מאות ושמונה חוטים וחמשה קשרים הרי תרי"ג"[242].

וואס פון איין זייט האבן די אלע דריי ענינים א נקודה משותפת, וואס זיי זיינען אלע בגימטריא תרי"ג מצוות דוקא, און ניט ווי די מצוות זיינען במספר פון תר"ך מצוות (וואס דאס איז כולל אויך מצוות דרבנן וכו'[243]), אדער ווי מצוות טיילן זיך אין דעם מספר פון רמ"ח מ"ע און שס"ה מל"ת;

אבער לאידך גיסא שטעלט זיך אויס די גימטריא פון תרי"ג אין די דריי ענינים אין דריי באזונדערע צירופים.

דארף מען פארשטיין פארוואס אין דעם זהר פון פרשתנו איז נוגע די גימטריא פון תרי"ג מצוות ווי דאס שטעלט זיך אויס אין דעם צירוף פון דעםווארט "התאזר" דוקא, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דא איז נוגע ווי דער ענין פון תרי"ג מצוות זיינען פארבונדן מיטן תוכן פון "התאזר".

וכפי שיתבאר לקמן.

נז. כאן המקום צו מבאר זיין דעם פרש"י אויף "בטנים"[244] וואס מ'האט גערעדט אין דער התוועדות פון שבת פ' מקץ[245].

און וויבאלד אז עס זיינען דא נאך געבליבן אורחים חשובים וואס זיינען געקומען פאר יו"ד שבט, ובפרט פון אה"ק, וואס זיי האבן זיך מטריח געווען בגופם ובנשמתם ובממונם, און זיי געפינען זיך דא בגלות לפנים מגלות (וואס דאס איז אויך דער טעם אויף דער התוועדות נוספת) -

איז וויבאלד אז זיי מאטערן זיך שוין, וועלן זיי זיך אויך מאטערן מיט דעם וואס מ'וועט מבאר זיין א פרש"י פון פ' מקץ.

וואס דש"י שטעלט זיך אויף "בטנים" און זאגט: "לא ידעתי מה הם, ובפי' א' ב' של ר' מכיר ראיתי פושטציא"ס, ודומה לי שהם אפרסקין".

האט מען אויף דעדויף געפרעגט כמה שאלות, און מ'האט דאס דעמולט ניט מבאר געווען (און לע"ע איז דאס געבליבן אן א ביאור).

- נח. -

---

241) וישלח לב, ה ובפרש"י. 242) פרש"י עה"פ שלח טו, לט. 243) ראה אגה"ק סכ"ט (קמט, סע"ב ואילך). ד"ה באתי לגני ה'שי"ת רפ"ט. וראה בהנסמן בחו"ש מילואים לכרך טז (יתרו) אות א. 244) מקץ מג, יא. 245) שיחת ש"פ מקץ סמ"ד-מה.

נח. עד"ז אין דעם פרש"י וואס מ'האט גערעדט אין פ' בא[246], אויפן פסוק "כחצות הלילה"[247] – האט מען נאך ניט מבאר געווען פארוואס רש"י זאגט דארטן "אבל הקב"ה יודע עתיו ורגעיו אמר בחצות".

וואס דעם לשון געפינט מען צוויי מאל אין פרש"י עה"ת: איין מאל אין פ' בא, כנ"ל, און נאך פריער אין פ' בראשית אויפן פסוק[248] "ויכל אלקים ביום השביעי", וואס דארטן זאגט רש"י: "ר"ש אומר בשר ודם שאינו יודע עתיו ורגעיו צריך להוסיף מחול על הקודש, אבל הקב"ה שיודע עתיו ורגעיו נכנס בו כחוט השערה".

און אויך אין דעם פסוק (אין פ' בראשיה) איז ניט פאר-שטאנדיק פארוואס רש"י זאגט אז "הקב"ה שיודע עתיו ורגעיו נכנס בו כחוט השערה"?

דערנאך קומט צו א דבר פלא וואס איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק אין דער רש"י (און איך האב ניט געזעהן אז מ'זאל זיך שטעלן אויף דעם.):

ווי קען רש"י זאגן אין פשש"מ אז דער אויבערשטער האט געטאן מלאכה "כחוט השערה" אין יום השבת?!

אין מדרש[249] קען מען דאס מפרש זיין ע"ד הדרוש וכו' – אבער בשעת רש"י זאגט דאס בפירושו עה"ת, איז דאך דאס פשש"מ – איז ווי קען זיין אזא זאך אז דער אויבערשטער זאל טאן מלאכה ביום השבת?!

נט. דער ביאור אין פירוש רש"י אויף "בטנים" – ובהקדם:

רש"י האט ניט געשריבן קיינע כללים ווי צו לערנען פירושו עה"ת, ווי מ'געפינט ביי אנדערע מחברים, בדוגמא ווי דער רמב"ם, וואס ער שרייבט א הקדמה צו זיין חיבור און ער זאגט דארטן די כללים פון זיין חיבור (לדוגמא ווי ער טייטשט דארטן וואס "איש" איז, און וואס "ביטול" איז און וואס "פסול" איז וכו'),

משא"כ רש"י האט ניט געשריבן קיין הקדמה מיט כללים, ס'איז מערניט וואס די כללים הכי מוכרחים האט רש"י כולל געווען בפירושו, ע"ד דער כלל פון רש"י אז "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא"[250].

וואס דערפאר דארף מען אליין אויסלערנען פון די

- פירושים -

------------

246) שיחת ש"פ בא סי"ד ואילך. 247) בא יא, ד.
248) ב, ב. 249) ב"ר פ"י, ט. 250) בפירושו עה"פ בראשית ג, ח.

פירושים פון רש"י בכמה מקומות, וואס זיינע כללים זיינען.

איז דער ערשטער כלל וואס מ'ווייסט אין פרש"י איז - אז ער האט געשריבן זיין פירוש פאר א בן חמש למקרא, ווארום ער שרייבט אז "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא" (כנ"ל), וואס פשש"מ איז שייך צו א בן חמש למקרא.

דערנאך ווייסט מען אז דער בן חמש למקרא מיט ווען רש"י לערנט פארשטייט לה"ק, ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות פון דעם וואס רש"י טייטשט ניט אפ יעדער ווארט אין תורה בלע"ז, ווארום דער בן חמש למקרא מיט וועמען ער לערנט פאר- שטייט לה"ק, ובמילא פארשטייט ער וואס עס שטייט אין תורה אָן אַן איבערזעצונג,

[לדוגמא ווען עס שטייט אין פסוק "בראשית" - דארף דאס רש"י ניט מפרש זיין, ווארום דער בן חמש למקרא פאר- שטייט דאס אליין (רש"י איז נאר מפרש אנדערע פרטים אין "בראשית", אבער ניט דעם פירוש פון דעם ווארט), ועד"ז בנוגע צו "ברא", "השמים" און "הארץ"].

נאר אמאל ווען אין פסוק איז דא א ווארט אויף לה"ק וואס עס קען זיין אז דער בן חמש למקרא וועט דאס ניט פאר- שטיין - טייטשט דאס אפ רש"י מיט א פשוט'ן ווארט אויף לה"ק, און אויב רש"י האט ניט קיין ווארט אויף לה"ק מיט וואס דאס צו מפרש זיין, איז ער דאס דעמולט מפרש בלע"ז פון הער מדינה וואו רש"י האט געלעבט, בלשון צרפת.

דערפון איז פארשטאנדיק אז דער בן חמש למקרא מיט וועמען רש"י לערנט פארשטייט צוויי שפראכן - די שפראך פון לה"ק און די שפראך פון צרפת, און דערפאר קען מיט אים רש"י לערנען סיי אויף לה"ק און סיי אויף לע"ז.

וואס דאס איז אלץ גערעדט געווארן בנוגע צו ווערטער וואס רש"י האט מקבל געווען זייער פירוש פון זיין מלמד, און זיין מלמד פון מלמדו, ביז צו משה רבינו;

אמאל קומט אבער צו א ווארט אין תורה וואס דער בן חמש למקרא פארשטייט דאס ניט, און רש"י האט אויף דערויף ניט קיין צווייטן ווארט אויף לה"ק, אדער א ווארט בלע"ז מיט וואס ער קען דאס מפרש זיין, און דער טעם אויף דערויף איז דערפאר וואס רש"י האט ניט מקבל געווען פון זיין מלמד דעם טייטש פון דעם ווארט, ועד"ז האט דאס זיין מלמד ניט געהערט פון מלמדו וכו' -

איז דעמולט זאגט רש"י "לא ידעתי": דאס איז א ווארט וואס דארף האבן א פירוש, אבער רש"י האט ניט מקבל געווען דער פירוש אין דעם איז.

ס. ועד"ז בנדו"ד:

רש"י האט ניט מקבל געווען פון זיין מלמד וואס "בטנים" זיינען, והטעם, ווייל זיין מלמד האט דאס ניט מקבל געווען פון מלמדו וכו' –

דערפאר שרייבט רש"י אויף "בטנים" אז "לא ידעתי מה הם",

ווארום דש"י שרייבט דאך ניט בפירושו (ע"ד הס' שו"ת מן השמים, הראב"ד שעל הרמב"ם[251]. ועוד) אז ברוה"ק איז הפי' כו', חאטש בפרש"י איז דאך דא נפלאות שבתורה[252].

און ס'איז קיין שאלה ניט פארוואס רש"י און זיין מלמד וכו' האבן ניט געוואוסט וואס "בטנים" זיינען – ווארום "בטנים" זיינען פירות וואס זיינען ניט געווען מצוי אין דער מדינה וואו רש"י האט געלעבט וואס דערפאר איז במשך דער צייט פון צרות און טרדות הגלות אין דער מדינה (שאף שמדברים בלה"ק לא ראו פירות אלו) – האט דאס גורם געווען אז מ'זאל פארגעסן וואס "בטנים" זיינען.

ובמכ"ש פון דעם וואס די גמרא[253] דערציילט בנוגע צו די אותיות מנצפ"ך, אז "צופים (נביאי הדורות[254]) אמרום", און די גמרא פרעגט "והכתיב[255] אלה המצות, שאין הנביא רשאי לחדש דבר", און ענטפערט אז "שכחום וחזרו ויסדום".

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז מ'האט מקבל געווען פון משה רבינו ווי מ'דארף שרייבן מנצפ"ך, און דאס איז געווען געשריבן אין די ס"ת – איז ווי האט מען געקענט פארגעסן ("שכחום") ווי מ'דארף דאס שרייבן*?!

איז דער ביאור אין דעם:

– ווען –

---

*) בצפע"נ[256] מבאר שהס"ת שכתב משה שממנה הי' נכתב ס"ת של המלכים, הי' נכתב בכתב אשורי, ובכתב זה שייך החילוק דמנצפ"ך, ובזמן אמון שרפו את הס"ת של המלך ו"לא הי' לישראל רק כל הס"ת הנכתבים מאת הס"ת שנתן משה לכל שבט ושבט והם הי' כתובים . . בכתב עברי, ובכתב זה לא שייך מנצפ"ך וזה ר"ל הגמ' דמגילה ד"ב ע"ב ששכחום כו'" –

אבל צע"ג בזה – שהרי ישנם תפילין ומזוזות. וצ"ל דג"ז שרף אמון, או שנכתבו בכתב עברי.

---

251) ראה (לדוגמא) בהשגתו לרמב"ם הל' ביהב"ח פ"ו הי"ד.
252) של"ה קפא, א. 253) מגילה ב, סע"ב ואילך. שבת קד, א.
254) פרש"י ד"ה צופים – מגילה שם. 255) בחוקותי כז, לד.
256) לרמב"ם הל' יסוה"ת פ"ו ה"ב (מהדו"ת ס, ב ואילך).

ווען אידן זיינען געווען אלע צוזאמען אין מדבר, האבן זיי דאך ניט געשריבן בריוו איינער צום אנדערן, ווארום אלץ וואס מ'האט געוואלט איבערגעבן, האט מען געקענט איבערגעבן בדיבור - האט מען במילא ניט געהאט בכתב די אותיות פון מנצפ"ך, און בדיבור איז דאך ניטא קיין נפק"מ ווי מ'זאגט דאס,

איז בשעת ס'איז געווען אן "עת צרה ליעקב" - מיתת משה וכו', ביז אז "שלשת אלפים הלכות נשתכחו בימי אבלו של משה"[257], און קיינער האט זיך ניט דערמאנט אפילו איינע פון זיי, נאר החזירום בפלפול - איז אויך פארגעסן געווארן ("שכחום")* אז עס איז דא א חילוק דמנצפ"ך (כי הי' נוגע לסת"ם בלבד ולא למכ' הנ"ל) ובמילא איז מען ניט געגאנגען קוקן בסת"ם וכו'**.

סא. וואס דערפון איז פארשטאנדיק במכ"ש וק"ו בנדו"ד:

וויבאלד אז ס'איז אדורך אזוי פיל צייט פון צרות און טרדות הגלות, ובפרט אין די ימי הביניים, איז וויבאלד אז "בטנים" זיינען ניט געווען מצוי אין דער מדינה - האט מען פארגעסן וואס דאס איז.

[משא"כ בנוגע צו אתרוג (וכיו"ב) איז "ראינו בלא ספק מיהושע עד עתה שהאתרוג היו לוקחים עם הלולב בכל שנה ואין בז מחלוקת", און דערפאר ווייסט מען וועלכע פרי דאס איז (אע"פ אז אין תורה שטייט[260] נאר "פדי עץ הדר"), ווי דער רמב"ם שרייבט[261].]

און דערפאר זאגט רש"י "לא ידעתי מה הם" - ער ווייסט ניט וואס דאס איז, משא"כ בנוגע צו "שקדים" (לדוגמא) וואס שטייט דא אין פסוק איז וויבאלד אז דאס איז א זאך וואס איז געווען מצוי במדינה ההיא, דארף רש"י ניט זאגן וואס דאס איז, ווארום דער בן חמש למקרא זעט דאס אויף זיין טיש.

עפ"ז פאלט אויך אראפ די קשיא וואס מ'האט געפרעגט: פארוואס זאגט רש"י "לא ידעתי מה הם" - בשעת עס ברענגט

- זיך -

---

*) אבל בתוס'[258] מפרש ששכחום בימי אמון.

**) ושייך להשקו"ט אם נתחייבו בתפילין (ומזוזות) במדבר[259].

---

257) תמורה טו, ב ואילך. 258) ר"ה ועוד - מגילה שם.
259) ראה בהנסמן בתו"ש חי"ב ע' רמט. 260) אמור כג, מ.
261) בהקדמתו לספרו.

דיך אין א בפירוש׳ע משנה אין שביעית 262 "לולבי הבטנה" -

ווארום וויבאלד אז רש"י ווייסט ניט וואס "בטנים" זיינען, איז בשעת ער לערנט די משנה אין שביעית און עס שטייט "לולבי הבטנה" - ווייסט ער דארטן אויך ניט וואס "בטנה" איז.

און פון תרגום אונקלוס עה"פ קען מען אויך ניט וויסן וואס "בטנים" זיינען ווארום ער טייטשט דאס אפ "בטנין". ועד"ז אין מדרש 263 שטייט "משח דבטנים", אבער ער טייטשט ניט וואס "בטנים" זיינען.

סב. דערנאך זאגט רש"י: "ובפי׳ א׳ ב׳ של ר׳ מכיר ראיתי פושטציא"ס":

וויבאלד אז רש"י איז אן איש אמיתי, איז מתוך שאמיתי הוא 264 קען ער ניט בלייבן בא דעם אז "לא ידעתי מה הם", בשעת עס ברענגט זיך "בפי׳ א׳ ב׳ של ר׳ מכיר" וואס דאס איז - דערפאר זאגט רש"י וואס ר׳ מכיר איז מפרש אויף "בטנים",

אבער וויבאלד אז בא רש"י׳ן איז ניט נתקבל פירושו, דערפאר ברענגט ער אים נאך דעם וואס ער זאגט "לא ידעתי מה הם".

משא"כ אין אנדערע ערטער ווען א פירוש פון א צווייטן לייגט זיך בא רש"י - ברענגט ער דעם פירוש אן הקדמות, בלויז מיט דער הקדמה ווער עס האט דאס געזאגט, לדוגמא ווי רש"י ברענגט אויפן פסוק 265 "נפתולי אלקים", אז "מנחם בן סרוק פירשו כו׳", ועד"ז בא דער פרשה פון נשיאים זאגט רש"י 266 "וביסודו של ר׳ משה הדרשן מצאתי כו׳".

סג. דערנאך זאגט רש"י: "ודומה לי שהם אפרסקין":

רש"י איז טאקע ניט מקבל דעם פירוש פון ר׳ מכיר אין "בטנים" (ער ברענגט אים מערניט דערפאר וואס אמיתי הוא), אבער נאך דערויף וואס ער ברענגט שוין זיין פירוש, זאגט רש"י (מתוך שאמיתי הוא) אז אפילו לשיטתו און לויט די כללים פון ר׳ מכיר איז "דומה לי" אז "פושטציא"ם" זיינען ניט "בטנים", נאר "אפרסקין".

און דער טעם פארוואס רש"י איז דא ניט מפרש וואס "אפרסקין" איז בלע"ז, אע"פ וואס ער איז דאס מפרש אין - גמרא -

---

262) פ"ז מ"ה. 263) ב"ר פצ"א, יא. 264) ראה יומא סט, ב. 265) וישב ל, ח. 266) נשא ז, יח.

גמרא (אין שבת [267] און אין ביצה[268]) פאר א "בן חמש עשרה לגמרא" - קען מען מבאר זיין אויף צוויי אופנים:

א) וויבאלד אז רש"י איז ניט מקבל דעם פירוש פון ר' מכיר, און דאס וואס ער זאגט "ודומה לי שהם אפרסקין" איז נאר בדא"ג בהמשך צו דעם וואס ער ברענגט דעם פירוש פון ר' מכיר - דערפאר איז רש"י דא ניט מפרש קיינע פרטים וואס "אפרסקין" זיינען.

ב) רש"י האט דא טאקע ניט געשריבן "אפרסקין", נאר ער האט געשריבן דעם לע"ז פון דעם, ווי ער שרייבט דאס אין גמרא דארטן - "פריסק"י",

אבער אזוי ווי דער בחור-הזעצער, אדער דער מעתיק האבן ניט געוואוסט וואס דאס איז (וואס כמה פון תלמידי דש"י זיינען ניט געווען אין צרפת, במילא האבן זיי ניט אלעמאל פארשטאנען אווארט בלע"ז), האבן זיי געמיינט אז דא איז אדער געווען א פליטת הקולמוס, אדער ס'איז אריינ-געפאלן א טעות, און דא דארף שטיין ווי עס שטייט אין גמרא - דערפאר האבן זיי צוגעגעבן אן אל"ף און אראפגענומען די צוויי פאסיקלעך (צווישן דעם קו"ף מיט דעם יו"ד) - איז געווארן פון "פריסק"י" - "אפרסקין".

והבוחר יבחר וועלכער פון די צוויי ביאורים איט געפעלט.

וואס ע"פ דעם גאנצן ביאור הנ"ל זעט מען ווי א תמי' גדולה (וואס איז געווען אין דער רש"י פון "בטנים") ווערט פארענטפערט מיט א תירוץ הכי פשוט דוקא.

סד. דער ביאור אין דעם וואס רש"י זאגט אז "הקב"ה יודע עתיו ורגעיו" נאר אין פ' בראשית בא "ויכל אלקים ביום השביעי", און אין פ' בא - בא "כחצות הלילה":

דער ענין פון "יודע עתיו ורגעיו" קען נאר זיין בא דעם אויבערשטן, משא"כ א בשר ודם קען ניט מדייק זיין אזוי פונקטלעך, ווי דער ראב"ע [269] זאגט אז "אין יכולת בחכם לידע רגע חצי היום", און "עד"ז חצי הלילה שהוא יותר קשה", "כי אם בטורח גדול בכלים גדולים של נחושת".

אבער דער חילוק צווישן דעם אויבערשטן מיט מענטשן (אז דער אויבערשטער איז "יודע עתיו ורגעיו" משא"כ א בשר ודם) איז רוב מאל ניט נוגע צו זאגן, ווארום רוב מאל איז

- ניט -

---

267) מה, א ד"ה אפרסקין. 268) כו, ב ד"ה הנ"ל.
269) עה"פ בא יא, ד.

ניט נוגע בדיוק דער זמן ווען די זאך איז געשראפן;

משא"כ אין דיביידע ערטער הנ"ל (אין פ׳ בראשית און אין פ׳ בא) איז נוגע בדיוק דער זמן.

והביאור בזה:

ביז א רגע לפני "חצות" האבן די מצריים געהאט די ברירה צו ארויסלאזן די אידן, און אויב זיי וואלטן מחליט געווען אזוי צו טאן - וואלט דעמולט ניט געווען מכת בכורות,

און דערפאר איז געווען נוגע אז דאס זאל זיין בדיוק בחצות, און ניט א רגע לפנ"ז,

ועד"ז אויב עס קומט חצות און די מצריים האבן ניט מחליט געווען צו ארויסלאזן די אידן, קען מען ניט ווארטן נאך א רגע, ווארום "לא עכבן המקום כהרף עין"[270], און מ׳דארף אויך גלייך מעניש זיין די מצריים פאר ניט פאלגן.

וואס דערפאר איז דוקא אין דעם פסוק נוגע צו זאגן אז "הקב"ה יודע עתיו ורגעיו" און דערפאר האט ער געזאגט "בחצות" - דער זמן מדויק ווען עס וועט זיין מכת בכורות.

סה. ועד"ז אין פסוק "ויכל אלקים ביום השביעי" איז נוגע דער זמן בדיוק:

ווען א בו"ד וועט זעהן אז עס שטייט אין פסוק "ויכל אלקים ביום השביעי", וועט ער מאכן א היתר פאר זיך אז אויך ער קען אריינציען זיין ארבעט אין "יום השביעי".

און דערפאר זאגט מען אים אז דוקא "הקב"ה שיודע עתיו ורגעיו נכנס בו כחוט השערה", אבער א "בשר ודם שאינו יודע עתיו ורגעיו צריך להוסיף מחול על הקודש" [ווי מ׳לערנט דאס אפ אין הלכה[271] פון פסוק[272] "מערב עד ערב תשבתו שבתכם"].

און אפילו מיט די כלים וואס דער ראב"ע זאגט, קען א בו"ד אויך ניט מדייק זיין "כחוט השערה" ווי דער אויבערשטער קען דאס טאן.

א בו"ד קען טאקע מדייק זיין אין א רגע, ביז אין א רגע קלה, ביז אין א רגע כמימרא - שטעלט זיך אבער פארט אויס דער ווארט "רגע" אין דריי אותיות ווי די גמרא[273] זאגט, משא"כ דער "כחוט השערה" פון דעם אויבערשטן איז נאך ווייניקער פאר דעם.

- ועד"ז -

------------

270) מכילתא הובא בפרש"י עה"פ בא יב, מא. 271) שו"ע אדה"ז או"ח סרס"א ס"ד. סתר"ח ס"א. וש"נ. וראה גם לקו"ש ח"ה ע׳ 31 ובהערות שם. 272) אמור שם, לב. 273) ברכות ז, א.

ועד"ז די ששים רגעים (איך א מינוט) וואס מיר האבן היינט קומען ניט צו דעם "חוט השערה" פון דעם אויבערשטן.

סו. דער ביאור אין פרש"י בפרשתנו (אויף "ויחן שם ישראל"):

מ'האט גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[274] אז בשעה עס קומען צוזאמען א רבים איז ניט בהכרח צו זאגן אז אין אלע ענינים האלטן זיי אנדערש איינער פון דעם צווייטן.

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק אין די פסוקים "וירא ישראל גו'" וואס שטייט אין פ' בשלח בא קריעת ים סוף, און "וירא העם גו'" וואס שטייט בפרשתנו בא מ"ת - אז וויבאלד דאס איז אן ענין פון ראי', קען דאך זיין אז א ריבוי מענטשן זאלן זעהן די זעלבע זאך (פרטים פון דער זאך, אדער די גאנצע זאך), און דערפאר קען שטיין "וירא ישראל" און "וירא העם" לשון יחיד.

משא"כ ווען עס קומט צו דעם פסוק "ויחן שם ישראל נגד ההר", וואס דאס רעדט זיך וועגן א חני' בא הר סיני בכדי צו מקבל זיין די תורה, וואס דעמולט האבן אידן געדארפט אנעמען אויף זיך צו ווערן עבדים צו דעם אויבערשטן - איז דאך ניט שייך אז אלע אידן האבן דאס אנגענומען בשוה.

און ווי מ'געפינט בא די אידן חילוקים מן הקצה אל הקצה: עס זיינען געווען אידן וואס האבן גע'טענה'ט "היש ה' בקרבנו"[275], און אידן וואס האבן ניט גע'טענה'ט אזוי, עד"ז זיינען געווען אידן וואס האבן געדינט צו פסל מיכה[276], און אידן וואס האבן דאס ניט געטאן, עד"ז זיינען געווען אידן וואס זיינען ארויסגעגאנגען שבת קלייבן מן[277], און אידן וואס האבן דאס ניט געטאן, און נאך כו"כ חילוקים צווישן אידן ווי דער בן חמש האט שוין געלערנט, און וועט לערנען -

האט דאך לכאורה דא (בהכנה צו מ"ת) געמוזט שטיין (ניט "ויחן שם ישראל נגד ההר", לשון יחיד, נאר) "ויחנו שם ישראל גו'", לשון רבים, וויבאלד אז מ'קען ניט זאגן אז אלע אידן זיינען געווען בשוה ("ויחן" לשון יחיד) בשעת זיי האבן מקבל געווען די תורה,

און אעפ"כ שטייט אין פסוק "ויחן שם ישראל", לשון יחיד - איז רש"י דערפון מכריח אז דא זיינען אידן געשטאנען אלע בשוה, "כאיש אחד".

- און -

---

274) שיחת ש"פ בשלח, ט"ו בשבט שם. 275) בשלח יז, ז. 276) ראה סנהדרין קג, סע"ב ובפרש"י שם ד"ה זה פסלו של מיכה. וראה פרש"י עה"פ חשא לב, ד. 277) בשלח טז, כז.

און אע"פ אז זיי זיינען צוטיילט אין כמה סוגים – איז אבער וויבאלד אז זיי זיינען געווען "בלב אחד" דערפאר זיינען זיי "כאיש אחד".

וואס דערפאר איז רש"י אויך מעתיק דעם ווארט "ישראל", ווארום רש"י וויל מדגיש זיין אז דער "ויחן" לשון יחיד איז בנוגע צו "ישראל", וואס כאטש "ישראל" זיינען צוטיילט אויף כמה סוגים, כנ"ל, זיינען זיי אבער בא מ"ת געווען "כאיש אחד".

און דאס איז "ויחן שם ישראל" דוקא, משא"כ "שאר כל החניות" זיינען טאקע געווען "בתערומות ובמחלוקת".

סז. עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו "והנה מצרים נוסע אחריהם":

בשעת די מצריים האבן נאכגעלאפן די אידן ("מצרים נוסע אחריהם") זיינען זיי געווען צוטיילט אויף כמה סוגים מן הקצה אל הקצה:

עס זיינען געווען מצריים וואס זיינען געווען "הירא את דבר ה'"[278], און מצריים וואס זיינען געווען ניט אזוי ("אשר לא שם לבו אל דבר ה'"[279]), עד"ז זיינען געווען מצריים וואס האבן געליען כלים צו די אידן[280], און מצריים וואס האבן ניט געליען כלים, עד"ז זיינען געווען מצריים וואס האבן נאכגעלאפן די אידן צו באקומען צוריק די כלים וואס זיי האבן געליען[281], און מצריים וואס האבן סתם נאכגעלאפן די אידן,

ועד"ז זיינען נאכגעלאפן די אידן סתם מצריים, און חרטומי מצרים, און אצטגניני פרעה, ביז אויך פרעה, וואס ער איז נאכגעלאפן די אידן דערפאר וואס "ויחזק ה' את לב פרעה" [282] –

האט דאך דא אויך לכאורה געדארפט שטיין אין פסוק "והנה מצרים נוסעים אחריהם", לשון רבים, וויבאלד אז מ'קען ניט זאגן אז אלע מצריים זיינען נאכגעלאפן די אידן אין דעם זעלבן אופן, און מיט דער זעלבער כוונה.

און אעפ"כ שטייט אין פסוק "והנה מצרים נוסע אחריהם" – איז רש"י דערפון מכריח אז אלע מצריים זיינען נאכגעלאפן די אידן מיטן זעלבן תוקף, "כאיש אחד", דערפאר וואס דאס איז געווען "בלב אחד".

– און –

---

278) וארא ט, כ. 279) שם, כא. 280) בא יב, לה.
281) ראה פרש"י עה"פ בשלח יד, ה. 282) בשלח שם, ח.



הנחת הת' בלתי מוגה

און דערפאר איז רש"י מעתיק אויך דעם ווארט "אחריהם" - ווארום דערמיט גיט רש"י צו פארשטיין אז אע"פ וואס עס זיינען געווען צווישן די מצריים חילוקים מן הקצה אל הקצה, איז אבער ווען ס'איז געקומען צו "אחריהם", צו נאכיאגן אידן - איז בא זיי געווארן "נוסע אחריהם", "בלב אחד כאיש אחד".

וואס די רש"י קומט אויך בהמשך צו דעם וואס רש"י האט געזאגט פריער[283] אז "כשר שבמצרים הרוג", אז ווען ס'איז געקומען צו נאכלויפן אידן איז אפילו "כשר שבמצרים" זיינען נאכגעלאפן מיטן זעלבן תוקף ווי די אנדערע מצריים.

סח. עס* ווערט איצט עשרים שנה וואס מ'לערנט חניא אויפן רדיא - איז כאן הזמן והמקום צו אפגעבן א יישר-כח צו די אלע מתעסקים בזה,

וואס אשרי חלקם און גדול זכותם וואס זיי טוען אין הפצת המעיינות חוצה אין אן אופן וואס דערגרייכט בכל קצוי תבל, ביז אין חוצה שאין חוצה ממנו,

כולל אויך - אז פון א מכשיר חדש אין וועלט (רדיא), וואס איז ניט געווען בפועל[284] בזמן משה רבינו, און ניט בזמן המשנה והגמרא, און ניט בזמן פון דעם בעש"ט און דעם אלטן רבי'ן (בחיים חיותם בעלמא דין) -

מאכט מען א צינור אויף הפצת המעיינות חוצה,

וואס דערגרייכט לכאו"א, ביז צו א רבים וציבור, ביז צו אזוינע וואס מ'קען צו זיי ניט אנקומען באופן אחר (ווארום די טירן פון זייערע הייזער זיינען "פארמאכט" פאר עניינים ביו"ב).

און דערפאר איז אשרי חלקם וגדול זכותם פון די אלע וואס טוען אין דעם: די מדברים, די שומעים, און די וואס העלפן מיט געלט, "תמכין דאורייתא"[285], און עד"ז - אלע וואס ווען העלפן און טאן מכאן ולהבא.

און וויבאלד אז עס ווערט איצט עשרים שנה[286] וואס - מ'לערנט -

---

*) סעיף זה הוגה ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א.

---

283) שם, ז. 284) ראה מדחז"ל עה"פ קהלת א, ט-יוד (נסמנו בתולדות אהרן, ברשימות הצ"צ לקהלת שם). 285) ע"פ משלי ג, יח. וראה זח"ג נג, ב. שו"ע יו"ד סרנ"א ס"ט. ובב"מ. אגה"ק סוף ס"ה. 286) ראה לקו"ת במדבר ב, א.

מ׳לערנט תניא אויפן רדיא - זאל דאס נמשך ווערן אין אן אופן פון מוסיף והולך ואור ביתר שאת וביתר עוז,

מ׳זאל לערנען סיי נגלה דתורה און סיי פנימיות התורה, און אין אן אופן פון "לימוד שמביא לידי מעשה"[287].

און דאס זאל פועל׳ן סיי בא די מדברים און סיי בא די שומעים - ווי דער לשון פון רבותינו נשיאינו (אין כמה פדיונות) - "שיפעלו הדברים בי ובהשומעים" - סיי בא די תמכין,

ביז אין אן אופן פון "כי כאשר השמים החדשים והארץ החדשה גו׳ כן יעמד זרעכם ושמכם"[288].

און די אלע מתעסקים בזה זאלן האבן אריכות ימים ושנים טובות,

כולל אויך - אז בביאת משיח צדקנו[289] וועלן זיי דאן נוטל זיין חלק בראש אין מקבל זיין פני משיח צדקנו, בקרוב ממש.

סט. דער ביאור אין דער שייכות פון "התאזר" (וואס איז בגימטריא תרי"ג פקודין דאורייתא) מיט דעם וואס רעדט זיך אין זהר:

וויבאלד אז עס רעדט זיך אין זהר וועגן דעם וואס מ"ת האט אויפגעטאן אין עולם, אז עס זאל זיין "אתבסם עלמא" - דערפאר איז דא נוגע ווי די גימטריא פון "תרי"ג פקודין דאורייתא" שטעלן זיך אויס דוקא אין דעם צירוף פון "התאזר", ווארום "פקודין דאורייתא" דוקא אין אן אופן פון "התאזר" טוען אויף דעם ענין פון "אתבסם עלמא".

והביאור בזה:

"התאזר" איז מלשון "אוזר ישראל בגבורה"[290], וואס "אוזר" מיינט - פארגארטלען, און מלשון "עוז", וואס דאס איז דער ענין פון הלכות, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק[291] אויפן פסוק[292] "חגרה בעוז מתני׳", אז "מתני׳" איז דער ענין האמונה וואס איז דער "דבר המעמיד ומקיים את

- הראש -

---

287) ראה קידושין מ, ב. שו"ע אדה"ז הל׳ ת"ת פ"ג ס"ג-ד.
288) ישעי׳ סו, כב. תו"א בראשית ב, ג ואילך. לקו"ת שה"ש מח, ד ואילך. 289) דקאתי כאשר יפוצו מעינותיך חוצה (אגה"ק דהבעש"ט - נדפסה גם בריש ספר כש"ט (הוצאת קה"ת)).
290) נוסח ברכות השחר. וראה שו"ע אדה"ז או"ח סמ"ו ס"ב. וש"נ. 291) ס"א. 292) משלי לא, יז.

בס"ד. שיחת ש"פ משפטים, מבה"ח אדר, פ' שקלים ה'תש"מ. הנחה פרטית בלתי מוגה

**א.** אין דעם שבת זיינען דא פיר ענינים:

ע"פ דער סדר הפרשיות אין תורה בכל השנה כולה, פאר דעם שבת ולאחרי' - איז דער שבת, שבת פרשת משפטים.

וואס דאס איז ווי דער ענין שטייט בכללות אין תורה, דערנאך קומט דאס אויך ארויס אין די הנהגה פון חיי האדם, ע"פ די תורה הידועה פון דעם אלטן רבי'ן אז מ'דארף לעבן מיט דער צייט, ד.ה. מיט די פרשת השבוע וועלכע מ'לייענט און מ'לערנט אין יענעם זמן בשנה וואס ער לעבט.

דער צווייטער ענין אין דעם שבת איז - ע"פ סדר החדשים - שבת מברכים החודש אדר.

וואס דאס איז ווי דער שבת איז פארבונדן מיט ימי החודש; ד.ה. ווי דאס איז פארבונדן מיט די לבנה אבער אין וועלכן טאג אין וואך דער חודש הויבט זיך אן קען דאך זיין בכמה ימים אין ימות השבוע, וואס ימות השבוע זיינען פארבונדן מיט דעם שמש -

איז בקביעות שנה זו איז דא דער חיבור פון שמש און לבנה - אז דער שבת איז סיי שבת מבה"ח, און סיי שבת מחר חודש.

וואס דאס איז דער דריטער ענין אין דעם שבת - שבת מחר חודש.

דערנאך זיינען דא ענינים מיוחדים וואס טרעפן נאר פעם אחת בשנה, און דערפון קומען ארויס תוצאות בכל השנה כולה, וואס דאס זיינען אויך אלע ד' פרשיות,

און במיוחד איז דאס בנוגע צו שבת פ' שקלים, ווארום פון די שקלים האט מען גענומען פאר אלע קרבנות ציבור בכל השנה כולה, ובמיוחד פאר דעם קרבן תמיד.

וואס דאס איז דער פערטער ענין אין דעם שבת - שבת פרשת שקלים.

**ב.** ע"פ תורת הבעש"ט אז פון יעדער זאך וואס א מענטש זעט אדער הערט דארף ער ארויסנעמען א הוראה **בעבודתו** - איז פארשטאנדיק אז נוסף לזה וואס די פיר ענינים אין דעם שבת זיינען פיר ענינים כלליים אין תורה, און אין מנהג ישראל וואס "תורה הוא" וואס דאס זיינען דברים השווים לכל נפש דארף אבער דערפון אויך זיין א הוראה פאר כאו"א בפרט אין זיין עבודה פרטית.

ואדרבה, וויבאלד אז "עניי עירך קודמים", או בשעת ס'איז דא אבידתו און אבידת אביו און אבידת רבו - איז אבידתו קודמת.

איז פארשטאנדיק אז לכל לראש דארף מען ארויסנעמען די הוראה פרטית וואס איז שייך צו אים בעבודתו, און אויב ער איז אן ענין זאל ער עכ"פ ארויסנעמען די הוראה פרטית צוזאמען מיט די הוראה כללית.

**ג.** דער ענין אז מ'דארף ארויסנעמען פון די פיר ענינים אין דעם שבת א הוראה פרטית אע"פ וואס זיי זיינען פיר ענינים כלליים אין תומ"צ -

איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס מ'זאגט "ותן חלקנו בתורתך", ד.ה. אז אע"פ וואס דאס איז "תורתך", די תורה פון דעם אויבערשטן, וואס ער האט אפגעגעבן

צו אלע אידן, "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב", איז ביחד עם זה איז דאס "חלקנו", ווי גערעדט כמ"פ דער דיוק בזה - אז יעדער איד זאגט אז דאס איז אונזער חלק אין תורה.

און מצד דער חלק פרטי אין תורה וואס יעדער איד האט, איז "כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש ניתן למשה מסיני", - דאס איז א חידוש אין תורה, האט דוקא די נשמה פון דעם "תלמיד ותיק" געדארפט יורד זיין למטה.

וע"ד תורת הבעש"ט, וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר ברענגט (און שוין אויך אפגעדורקט אז א נשמה קומט אראפ למטה און לעבט אפ זיבעציק אכציק יאר בכדי טאן א אידן א טובה איין מאל.

ד.ה. אז אע"פ וואס די נשמה איז געווען "חצובה מתחת כסא הכבוד", און נאך העכער - "טהורה היא", וואס בכללות איז דאס אין "אגרא רמה" - זאגט מען אבער אז צוליב טאן א אידן א טובה איז זי יורד מאיגרא רמה לבירא עמיקתא למטה אין א גוף און לעבט זיבעציק אכציק יאר!

וואס דערפון איז פארשטאנדיק וואס פאר א ענין עיקרי וגדול דאס איז אז דער איד זאל טאן דעם צווייטן אידן א טובה, וואס דערפאר שיקט מען אראפ זיין נשמה למטה.

וואס לכאו' בכדי טאן יענעם אידן א טובה האט דאך א צווייטער געקענט דאס טאן - צוליב וואס דארף מען האבן אז דער נשמה זאל יורד זיין למטה און זיך מאטערן אין א גוף זיבעציק אכציק יאר, בלויז צו טאן די טובה יענעם אידן?

וואס אע"פ אז דערפון וועט דערנאך צוקומען אן עלי' אין די נשמה, אבער אעפ"כ איז דאס "ע"כ אתה חי" - די ירידה פון דער נשמה איז היפך טבעו ווי זי איז געווען אין דער דרגא פון "טהורה היא", ועאכו"כ ווי זי איז געווען "חצובה מתחת כסא הכבוד" - איז צוליב וואס האט מען געדארפט אראפשיקן די נשמה למטה בשעת א צווייטער האט געקענט טאן די טובה יענעם אידן?

און אעפ"כ איז מטעם הידוע ליוצרו האט מען אראפגעשיקט דוקא די נשמה צו טאן די טובה איז דערפון מוכרח אויף ווי ווייט דאס איז אן ענין גדול ועיקרי אז דוקא די נשמה זאל יענעם טאן די טובה.

ד. וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו "כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש ניתן למשה מסיני", וואס לכאו' זיינען דאך אדורך כו"כ דורות פון שקו"ט אין לימוד התורה צווישן משה רבינו מיט דעם "תלמיד ותיק", און אעפ"כ האט קיינער ניט מחדש געווען דער חידוש ביז דער "תלמיד ותיק" האט דאס מחדש געווען.

איז דערפון מוכרח אז דער חידוש האט נאר געקענט נתחדש ווערן דורך דעם "תלמיד ותיק", און צוליב דעם איז ירד נשמתו.

וואס דאס איז אויך דער ענין פון "ותן חלקנו בתורתך", אז יעדער איד האט זיין חלק אין תורה וואס א צווייטער איד האט ניט, און דערפאר זיינען די חידושים וואס זיינען פארבונדן מיט דעם חלק בתורה - שייך דוקא צו דעם אידן.

נאכמער: דער חלק אין תורה וואס איז פארבונדן מיט דעם אידן דוקא איז ניט נאר נוגע צו אים אליין, נאר דאס איז נוגע צו אלע אידן און צו גאנץ תורה, והביאור בזה:

ה. מ'האט גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות (שיחות ש"פ יתרו סמ"ט), אז אין כתר שם טוב ברענגט זיך די צווי ר"ת אין "ישראל", "יש ששים ריבוא אותיות לתורה" (וואס דאס שטייט אין מגלה עמוקות און ברענגט זיך אין כמה מאמרי

חסידות), און "יש ששים ריבוא אדם לתורה", וואס יעדער אות איז פון די ששים ריבוא אותיות אין תורה איז כנגד איין איד פון די ששים ריבוא מישראל.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס וואס יעדער איד האט זיין חלק און אות בתורה איז ניט נאר נוגע צו אים אליין, נאר דאס איז נוגע צו אלע אידן, ווארום וויבאלד אז דער איד איז כנגד איין אות אין תורה, איז אע"פ וואס לכאו' במה נחשב איין אות בתורה לגבי ששים ריבוא אותיות אין תורה - זאגט מען אבער אז דער שלימות ביז דער כשרות פון דעם גאנצן ס"ת איז תלוי אין דעם אות.

וואס אע"פ אז ע"פ דין אין הל' ס"ת איז ניט נוגע אז יעדער אות זאל זיין בתורה, ווי מ'זאגט אז אע"פ וואס "אין אנו בקיאין בחסרות ויתירות", קען מען אבער שרייבן א ס"ת, און דערנאך ליינען אין איר מיט א ברכה לפני' ולאחרי'.

איז אבער אין זהר שטייט (ח"ג עא, א) (וואס מ'זאגט אויך אין מענה לשון (ע' 36) בשעת מ'גייט אויפן ציון פון צדיקים, ובפרט אויפן ציון פון דעם בעל ההילולא פון "העשירי יהי' קודש" אז בשעת עס איז צוגעקומען איין וא"ו אין "ושסעת שסע" האט דאס גורם געווען אז מ'זאל ניט קענען מבטל זיין א גזירה אויף אידן.

וואס אין ענין זה יוצא מידי פשוטו, און דערפון זעט מען א "מעשה רב" אויף וויפיל ס'איז נוגע אפילו איין אות אין תורה, ובפרט ווי דאס איז ע"פ פנימיות הענינים.

ו. וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנדו"ד, אז אע"פ וואס די פיר ענינים אין דעם שבת זיינען פיר ענינים כלליים אין תומ"צ וואס זיינען שייך צו אלע אידן אלס א כלל -

איז אבער זיכער דא אין דערויף א הוראה מיוחדת לכאו"א אלס א פרט, און ניט נאר אלס א פרט פון כלל ישראל, נאר אלס א פרט בפ"ע, און אויך אין דעם פרט בפ"ע איז תלוי גאנץ כלל ישראל.

ז. וויבאלד אז מ'געפינט זיך נאך אין חודש שבט - איז אן ענין פרטי וואס איז שייך צו אלע וואס האבן זיך דא צוזאמענגעקליבן, איז דער נקודה הפנימית פון דעם חודש, דער טאג פון יו"ד שבט, "העשירי יהי' קודש".

וואס דאס איז אן ענין פרטי צו אלע וואס געפינען זיך דא בערך ווי דער ענין איז ביי אנדערע, וואס בא זיי איז דאס אן ענין כללי, ווארום לע"ע האבן זיי ניט קיין שייכות פרטית דערצו (זיי האבן וועגן דעם נאך ניט געהערט וכיו"ב).

אבער ס'איז א זיכערע זאך אז די פעולות פון יו"ד שבט האבן אויך צו זיי א שייכות.

ווי דאס איז בכמה ענינים תורה ומצוותי' אז א פעולה וואס ווערט אפגעטאן - האט א שייכות אויך צו די וואס האבן דערצו קיין שייכות ניט געהאט בשעת די פעולה איז געטאן געווארן.

א דוגמא לדבר:

פון דעם פסוק "והנלווים עליהם", לערנט מען אפ אז אויך "גר אשר בשעריך" איז מחוייב אין מקרא מגילה.

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק:

גרים זיינען דאך ניט געווען בשעת דעם נס פורים - איז פארוואס זאלן זיי זיין מחוייב אין הערן די מגילה?

דאס וואס גרים האבן א שייכות צו קבלת התורה והמצוות איז פארשטאנדיק, ווארום מ'זאגט בפירוש אז אויך די נשמות פון גרים זיינען געווען בא מ"ת,

משא"כ אבער בנוגע צו פורים - געפינט מען ניט אז עס זאל ערגעץ וואו שטיין אז די נשמות פון גרים זיינען געווען אין שושן הבירה.

נאכמער: המן האט דאך גע'טענה'ט צו אחשורוש אז אידן זיינען אן "עם מפוזר ומפורד", און דערפאר דארף זיין "להשמיד להרוג ולאבד את כל היהודים" וואס דאס איז געווען א גזירה אויף די גופים פון אידן.

און ס'איז היפך השכל צו זאגן אז המן האט אויך געהאט א שליטה אויף די נשמות פון אידן, ובמילא האט ער אויך ניט געהאט קיין שליטה אויף די נשמות פון גרים - איז פארוואס זיינען זיי מחוייב אין מקרא מגילה בשעת גזירת המן האט צו זיי ניט געהאט קיין שייכות?

איז דער ביאור אין דעם:

גזירת המן האט ארויסגעבראכט דער ענין פון מס"נ בא אידן [בדוגמא ווי מ'זאגט אויף "ויהי בשלח פרעה", אז פרעה הקריב לבן של ישראל לאביהם שבשמים"].

און די פעולה פון מס"נ וואס איז געווארן בא אידן איז נמשך געווארן בכל הדורות, אז דאס פועל'ט בא אידן אויך אין דורות שלאח"ז בלשון הידוע אז דאס איז א "פעולה נמשכת", און דערפאר איז דאס אויך שייך צו גרים בדורות שלאח"ז.

**ח.** ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו יו"ד שבט:

דער ענין וואס האט זיך אויפגעטאן יו"ד שבט בפעם הראשונה איז שייך צו אלע אידן, אפילו צו אזעלכע אידן וואס האבן בשעת מעשה דערפון ניט געוואוסט, אדער זיי וויסן יעצט אויך ניט - ווארום דאס איז דער סדר אין תורה אז אן ענין וואס טוט זיך אפ ע"פ תורה איז א "פעולה נמשכת", ובמילא פועל'ט דאס אויך אויף אידן וואס וועלן זיך ערשט שפעטער דערוויסן דערפון, און בשעת זיי דערוויסן זיך דערפון, ווערן אלע פעולות וואס האבן זיך אויפגעטאן יו"ד שבט, שייך צו זיי באופן פרטי.

ד.ה. אז בכללות זיינען אלע אידן שייך צו דעם בעל ההילולא פון יו"ד שבט, ווי ער שרייבט אין זיינע בריוו (ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות),

אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה", נאר אלע אידן פון יענעם דור זיינען בכלל אין דער גאולה, צי זיי ווייסען דערפון צי ניט, ווארום אלע אידן גייען אריין עכ"פ אין דעם סוג פון "בשם ישראל יכונה".

ועד"ז נאך דעם ענין פון יו"ד שבט בפעם הראשונה - איז "לא יעזוב צאן מרעיתו", ובמילא זיינען אלע אידן נאך אלץ שייך צו אים, אפילו אידן וואס זיינען ניט געווען במדינה ההיא.

דאס קען אבער זיין אין אופן אז דאס איז בהעלם, ד.ה. אז ס'איז דא אידן וואס ווייסן ניט וועגן דעם ענין פון יו"ד שבט, ובפרט אז איצטער איז געווארן "ויהי בשלשים שנה" זינט יו"ד שבט בפעם הראשונה - איז דא אידן וואס האבן וועגן דערפון ניט געוואוסט אין דעם ערשטן טאג פון די אלע שלשים שנה, ועד"ז ווייסן זיי ניט וועגן דעם יאר וואס איז שלשים שנה, אויך פאר דערויף וואס ס'איז געווארן "ויהי בשלשים שנה" בפועל, ועד"ז ווייסן זיי ניט וועגן דעם נאך דערויף וואס ס'איז בפועל געווארן "ויהי בשלשים שנה" -

די כוונה איז אבער אז דאס זאל ניט בלייבן בהעלם, נאר דאס זאל ארויסקומען בגילוי, ווארום עס דארף דאך זיין תורה אור, אז דאס זאל באלייכטן אז אלע זאלן דאס קענען זען בעיני בשר.

דערפאר איז די כוונה אז מ'דארף פועל'ן אויך בא די אידן וואס לע"ע ווייסן זיי דערפון ניט, און דעמאלט באקומען זיי א שייכות צו דעם באופן פרטי.

ט. כאמור לעיל אז ביי די וואס געפינען זיך דא איז דער ענין פון יו"ד שבט אן ענין פרטי, וואס דערפאר דארף די הוראה (וואס מ'וועט שפעטער רעדן) פון די פיר ענינים אין דעם שבת, זיין פארבונדן מיט יו"ד שבט.

ווי גערעדט פריער אז פון די פיר ענינים דארפן ארויסקומען אין א הוראה פרטית צו יעדער איינעם, און זיינען ענינים התלוים, און וויבאלד אז יו"ד שבט איז א ענין פרטי בא די וואס געפינען זיך דא, דערפאר דארף די הוראה זיין פארבונדן מיט יו"ד שבט.

און דערפון איז פארשטאנדיק אז יו"ד שבט איז ניט קיין פינפטער ענין אין דעם שבת, און במילא דארף מען דערפון ארויסנעמען א פינפטער' הוראה, נאר אלע פיר ענינים אין דעם שבת דארפן ארויסקומען אין א הוראה וואס איז פארבונדן מיט יו"ד שבט.

און וויבאלד אז דאס זיינען פיר ענינים וואס טרעפן זיך אלע צוזאמען אין דעם זעלבן שבת (אין חודש שבט) - איז פארשטאנדיק אז די הוראה וואס מ'נעמט פון זיי ארויס איז ניט נאר פיר באזונדערע הוראות, נאר בדוגמא ווי די גמ' זאגט אין סוטה (ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות) אז בשעת צוויי הויבן אויף די זעלבע משא, איז דאס מערער פאר צוויי מאל וויפל איינער פון זיי קען אויפהויבן,

ועד"ז און נאכמערער בשעת פיר הויבן דאס אויף, איז דאס מערער פאר פיר מאל איינער פון זיי.

וואס עד"ז איז בנדו"ד, אז בשעת די פיר ענינים אין דעם שבת קומען צוזאמען, איז די הוראות וואס מ'נעמט דערפון ארויס אסאך מערער ווי פיר מאל איינער פון די ענינים אליין.

י. און אזוי ווי דער בעל ההילולא פון יו"ד שבט האט געבעטן אז אלע ענינים פון זיין נשיאות זאלן זיין בחסד -

זאל אזוי אויך זיין איצטער, און אין אן אופן פון חסד בטוב הנראה והנגלה, ווארום בשעת מ'זאגט אז אלע ענינים זאלן זיין בחסד איז דאך דא זיכער בחסד הגלוי, ווארום אויב ניט איז מאי קמ"ל - אלע ענינים פון תורת חסד זיינען בפנימיותם חסד.

נאר דאס דארף ארויסקומען בטוב הנראה והנגלה, אז מ'האט הלצחה אין אלע ענינים.

ביז אז עס ווערט "ואלה המשפטים אשר תשים לפניהם", וואס דאס גייט אויף די סנהדרין וואס זיצען "אצל המזבח" וואס דאס קומט בהמשך צו דעם וואס עס רעדט זיך אין סוף פרשה שלפנ"ז.

און דערנאך קומט מען צו "ויקחו לי תרומה גו'", און "ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם", ווי מ'וועט ליינען אין רעוא דרעוין פון דעם שבת.

ביז צו "ושכנתי בתוכם", אין דעם ביהמ"ק השלישי כפשוטו, בגאולה האמיתית והשלימה, ובקרוב ממש.

**יא.** וויבאלד אז מ'רעדט וועגן פיר ענינים אין דעם שבת - פאלט גלייך איין דער ערשטער רעיון אז דאס האט א קשר מיט די פיר מסכתות וועלכע מ'האט גערעדט אין דעם הדרן פון יו"ד שבט.

וואס די פיר מסכתות זיינען דאך ניט נאר פיר מסכתות פרטיות פון די ששים מסכתות (אדער ששים ושלש מסכתות), נאר פיר ענינים כלליים אין תורה (ווי גערעדט אין די פריערדיקע התוועדויות),

ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק פון די סיומים פון די מסכתות, אז "ת"ח מרבים שלום בעולם שנאמר כל בניך למודי ה' ורב שלום בניך", וואס בשעת מ'זאגט אז איינער איז א ת"ח מיינט דאך דאס ניט אז ער איז א ת"ח נאר אין מס' ברכות און מס' פאה וכיו"ב, נאר אז ער איז א ת"ח אין אלע "ששים המה מלכות ושמו פלגשים ועלמות אין מספר",

וואס דערפאר זיינען די פיר סיומים אן ענין כללי אין גאנץ תורה.

און וויבאלד אז דאס זיינען פיר ענינים כלליים אין תורה, דערפאר שפיגעלט זיך דאס אפ אין די פיר כתות וואס זיינען געווען בא קרי"ס, וואס דער כללות ענין פון יצי"מ און קרי"ס איז געווען א הכנה צו מ"ת, כמבואר אין תו"א בארוכה,

און אזוי ווי דאס איז געווען בא יצי"מ און קרי"ס בפעם הראשונה, עד"ז וועט אויך זיין בגלות זה, אז עס וועט זיין די יציאה פון דעם לע"ל וועט זיין דער "והחרים ה' את לשון מצרים והניף ידו על הנהר בעים רוחו והכהו לשבעה נחלים גו'", און דאס איז א הכנה צו מ"ת פון פנימיות התורה, כמובאר בכ"מ (ראה לקוטי לוי"צ אגרות).

וואס מכ"ז איז פארשטאנדיק אז די פיר מסכתות זיינען ענינים כלליים.

און דערפאר האבן זיי אויך א שייכות מיט דער ענין פון יו"ד שבט, ווארום דער ענין פון א נשיא איז אויך אן ענין כללי.

**יב.** די שייכות פון דעם סיום פון די ד' מסכתות מיט דער ענין פון יו"ד שבט, דער יום ההילולא פון כ"ק מו"ח אדמו"ר - איז אויך בתוכן הענין פון דעם וואס עס רעדט זיך דעם סיום, "ת"ח מרבים שלום בעולם", מיט די ענינים אויף וועלכע דער בעל ההילולא האט זיך מוסר נפש,

וואס דאס איז געווען אויף דעם ענין פון הפצת התורה והמצוות בכלל, און הפצת המעינות במיוחד, און וויבאלד אז ער האט זיך אויף דערויף מוסר נפש געווען, דערפאר ווערט דאס אנגערופן על שמו.

עד"ז זיינען אויך די פיר ענינים אין דעם שבת - ענינים כללים, כנ"ל,

און זיי האבן אויך א שייכות צו יו"ד שבט, ווארום עס קען דאך זיין אז ניט אלע פיר ענינים זאלן זיין אין דעם זעלבן שבת, לדוגמא אז פ' שקלים קען זיין אין ר"ח אדר, בשעת ר"ח אדר פאלט אויס בשבת. קועמן אויס אלע פיר ענינים אין דעם זעלבן שבת, וואס דאס איז א שבת אין חודש שבט, וואס די נקודה התיכונה פון חודש שבט איז דער טאג פון "העשירי יהי' קודש" יו"ד שבט.

וואס דערפאר דארפן די אלע פיר הוראות פון די פיר ענינים אין דעם שבת זיין דורכגענומען מיט דער ענין פון יו"ד שבט, ווי גערעדט פריער.

וואס עפ"ז אז סיי די פיר ענינים אין דעם שבת זיינען ענינים כלליים, און זיינען פארבונדן מיט יו"ד שבט, און סיי די פיר מסכתות זיינען ענינים כלליים, און זיינען פארבונדן מיט יו"ד שבט - האט דאך דאס אן ארט צו צוגלייכן, וואס אע"פ אז דאס איז לכאו' סתם אן ענין לחידודי, און אן ענין פון "קונצן", און פשט'לעך, וואס דא זיינען פיר ענינים און דא זיינען פיר ענינים און מ'קלעפט זיי צוזאמען.

איז אבער דער ענין ניט אזוי, און ס'איז ניט סתם א גימטריא פון ארבע ארבע - נאר וויבאלד אז דאס איז א ענין אין תורה, וואס דאס איז תורה אור - דארף די שייכות ביניהם זיין אין אן אופן וואס איז באלויכטן, ד.ה. אז דאס איז בגלוי אין די הבנה פון כל אחד, און דערפאר דארף דערנאך דערפון ארויסקומען א בכן און ה הוראה בפועל.

וואס בכללות איז דער ענין פון הפצת התורה והמצוות און הפצת המעינות - איז דער ענין פון "ת"ח מרבים שלום בעולם".

ביז נאכמער: דער ענין פון דעם בעל ההילולא איז געווען דער ענין החסד, צו ממשיך זיין חסד בכל העולם כולו, ביז אז ער האט זיך משתדל געווען צו מפיץ זיין די ענינים פון תומ"צ אז דאס זאל אראפקומען אין שבעים לשון, ביז אז דאס זאל אויך דערגרייכן צו או"ה כפשוטו.

וואס דאס איז דער ענין פון "מרבים שלום בעולם", אז אויך בעולם כפשוטו, בא או"ה זאל מען פועל'ן אז זיי זאלן לערנען תורה אין וואס איז פארבונדן מיט זייערע ז' מצוות, ווארום דאס איז נוגע צו די תומ"צ פון אידן.

וואס אע"פ אז ס'איז "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב", אז די תורה איז אפגעגעבן געווארן דוקא צו אידן, און מ'זאגט אז ס'איז "מורשה" און "מאורסה", וואס דאס איז שולל עכו"ם וואס זיינען שייך צו גזל און צו ג"ע (ווי דאס איז אויך ע"פ נגלה) -

פונדעסטוועגען זעט מען אז דער בעל ההילולא האט זיך משתדל געווען אז מ'זאל פועל'ן אויך אויף גוים אז זיי זאלן מקיים זיין זייערע ז' מצוות דב"נ דערפאר וואס תורה הייסט אז מ'דארף דאס מקיים זיין, וואס דאס איז מיוסד אויפן פס"ד הרמב"ם, אז א איד דארף פועל'ן אויך אויף גוים אז זיי זאלן מקיים זיין זייערע ז' מצוות.

און אין דערויף האט זיך דער בעל ההילולא משתדל געווען במיוחד, ווארום די נקודת העבודה פון דעם בעל ההילולא איז געווען צו ממשיך זיין אלקות בכל מקום, ביז צו "לתקן העולם במלכות שד"י", וואס דאס איז דער ענין פון "ת"ח מרבים שלום בעולם".

יג. דאס איז די שייכות בכללות פון אלע פיר סיומים (וואס זיינען אלע מסיים מיטן זעלבן מאמר) מיט דער ענין פון יו"ד שבט.

ונוסף לזה זעט מען די שייכות הנ"ל אויך אין מס' ברכות במיוחד: מ'האט גערעדט אז דער ענין פון ברכות איז דער ענין פון "ברוך ה' מן העולם ועד העולם", וואס בפשטות מיינט דאס, אז מ'איז ממשיך א ברכה אין עוה"ז הגשמי, וואס אין דעם עולם זיינען רוב מענטשן או"ה.

וואס אע"פ אז די כוונה איז צו איבערמאכן וועלט, אבער אעפ"כ איז מען ממשיך די ברכה אין עולם אויך פאר דערויף וואס מ'האט מסיים געווען די עבודה פון איבערמאכן וועלט.

און די ברכה איז מען ממשיך כאמור אין א וועלט וואס איז רובו או"ה, און אידן זיינען "אתם המעט מכל העמים".

וואס דאס איז ע"ד האמור לעיל בנוגע צו דער ענין פון "ת"ח מרבים שלום בעולם", וואס דאס איז די עבודה פון דעם בעל ההילולא צו ממשיך זיין אלקות אין עוה"ז הגשמי, און אויך אין או"ה, כנ"ל, ביז אז עס ווערט "לאור גויים".

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו מס' יבמות וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דער ענין השלום, כמ"ש (תהלים קכח, ו) "וראה בנים לבניך שלום על ישראל", וואס דאס טוט זיך אויף דורך דער ענין היבום, אז דער ברודער איז מוליד בנים "על שם אחיו המת".

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו די אנדערע מסכתות, ווי גערעדט בארוכה אין די פריערדיקע התוועדויות.

**יד.** ע"פ האמור לעיל איז פארשטאנדיק אז די פיר מסכתות זיינען סיי ענינים כלליים, און סיי פארבונדן מיט דעם ענין פון יו"ד שבט, דער יום ההילולא פון כ"ק מו"ח אדמו"ר.

וואס עד"ז זיינען אויך די פיר ענינים אין דעם שבת - ענינים כלליים, כנ"ל.

און זיי האבן אויך א שייכות צו יו"ד שבט, ווארום אלע פיר ענינים קומען אויס אין דעם זעלבן שבת, וואס דאס איז א שבת אין חודש שבט וואס די נקודה התיכונה פון חודש שבט איז דער טאג פון "העשירי יהי' קודש", יו"ד שבט.

עס קען דאך זיין אז ניט אלע פיר ענינים זאלן זיין אין דעם זעלבן שבת, לדוגמא אז פ' שקלים קען זיין אין ר"ח אדר, בשעת ר"ח אדר פאלט אויס בשבת,

און בקביעות שנה זו.

וואס דערפאר דארפן די אלע פיר הוראות פון די פיר ענינים אין דעם שבת זיין דורכגענומען מיט דער ענין פון יו"ד שבט, ווי גערעדט פריער.

וואס עפ"ז אז סיי די פיר ענינים אין דעם שבת זיינען ענינים כלליים, און זיינען פארבונדן מיט יו"ד שבט, און סיי די פיר מסכתות זיינען ענינים כלליים, און זיינען פארבונדן מיט יו"ד שבט - האט דאך דאס אן ארט צו צוגלייכן, וואס אע"פ אז דאס איז לכאו' סתם אן ענין לחידודי, און אן ענין פון "קובצן", און פשט'לעך, וואס דא זיינען פיר ענינים און דא זיינען פיר ענינים און מ'קלעפט זיי צוזאמען -

איז אבער דער ענין ניט אזוי, און ס'איז ניט סתם א גימטריא פון ארבע ארבע - נאר וויבאלד אז דאס איז א ענין אין תורה, וואס דאס איז תורה אור - דארף די שייכות ביניהם זיין אין אן אופן וואס איז באלויכטן, ד.ה. אז דאס איז בגלוי אין די הבנה פון כל אחד, און דערפאר דארף דערנאך דערפון ארויסקומען א בכן און א הוראה בפועל.

**טו.** איז די שייכות ביניהם זעט מען בפשטות ממש, און בשעת יעדערער וועט זיך נאר א ביסל א טראכט טאן וועט ער זען אז די פיר ענינים אין דעם שבת זיינען היינו הך מיט די פיר מסכתות.

בשעת מ'גיט זיך א טראכט וואס דער ענין פון ברכות איז גיט מען זיך א כאפ אז דאס איז דער זעלבער ענין פון שבת **מברכים** החודש אז עס ווערט נמשך א ברכה.

און אזוי ווי מ'זאגט בנוגע צו ברכת הנהנין (וואס דאס איז דער עיקר פון מס' ברכות) אז אע"פ וואס בדיעבד קען מען זאגן "שהכל נהי' בדברו" אויף אלע זאכן, אבער לכתחלה דארף מען זאגן א ברכה מיוחדת פאר יעדער ענין פרטי -

עד"ז איז בנוגע צו שבת מברכים, אז אע"פ וואס מ'זאגט די אלע זעקס לשונות בכל חודש וחודש, איז אבער בכל חודש איז די ברכה לפי ענינו פון דעם חודש.

וואס עד"ז איז בנוגע צו שבת מבה"ח אדר, אז די ברכה וואס ווערט נמשך פון דעם שבת איז במיוחד שייך צו חודש אדר.

**טז.** עד"ז בנוגע צו דער ענין פון פ' שקלים, וואס מיט די שקלים האט מען געקויפט אלע ענינים פון בדק הבית, אבער בעיקר איז דאס געווען צוליב די קרבנות, וואס דער ענין פון די קרבנות איז "לכפר על נפשותיכם".

און "לכפר על נפשותיכם" איז בפשטות דער תוכן פון גאנץ מס' כריתות.

די שייכות צווישן שקלים מיט מס' כריתות איז נאכמער בהדגשה אין דעם סיום פון מס' כריתות, וואס דארטן רעדט זיך בפירוש וועגן דער ענין הקרבנות, אז "מלכא ומלכתא הוו יתבין, מלכא אמר גדיא יאי ומלכתא אמרה אימרא יאי" און דער כה"ג האט מכריע געווען פון דעם קרבן תמיד אז "אימרא יאי".

וואס דער קרבן תמיד נעמט מען פון די שקלים, און די שקלים קומען דערפון וואס מ'לייענט בתורה פרשת שקלים.

**יז.** עד"ז בנוגע צו דער ענין פון פ' משפטים:

דער ענין פון "ואלה המשפטים אשר תשים לפניהם", איז בפשטות דער ענין פון "ושאלת ודרשת וחקרת היטב" וואס רעדט זיך אין סיום פון מס' יבמות, אז עס דארף זיין א חקירה ודרישה סיי אין דיני ממונות און סיי אין דיני נפשות, מיט די שקו"ט צי דאס איז מדאורייתא, אדער מדרבנן, און אז אין דיני ממונות דארף ניט זיין שבע בדיקות, משא"כ אין דיני נפשות.

וואס דאס אלץ איז דער ענין פון "משפטים".

און אזוי ווי מ'זאגט בנוגע צו די חקירות ודרישות, אז מ'בלייבט ניט ביי אן ענין פון חקירה ודרישה און שקו"ט, נאר עס ווערט אפגע'פסק'נט די הלכה בפועל, וואס דאס איז דער ענין פון שלום וואס טוט זיך אויף צווישן די אלע דיעות אין דער שקו"ט, "וראה בנים לבניך שלום על ישראל" -

עד"ז בנוגע צו "משפטים" אז דערנאך ווערט "ואלה המשפטים אשר תשים לפניהם ערוכה לפניהם כשולחן ערוך".

**יח.** וויבאלד אז עס בלייבט נאר איין ענין אין דעם שבת, דער ענין פון מחר חודש, און איין מסכתא, מס' נזיר - איז שוין ניטא קיין ברירה און מ'דארף דאס שוין אויך מקשר זיין.

אבער בלאו הכי איז די שייכות ביניהם אויך פארשטאנדיק בפשטות:

דער ענין פון מחר חודש איז ווי מ'זאגט אין די הפטורה - "מחר חודש ונפקדת כי יפקד מושבך".

וואס דער פירוש אין דעם איז אז דאס איז דער טאג פאר ר"ח, פאר דעם וואס די לבנה ווערט נתחדש פון דאס נײַ, און זי שטייט נאך בהעלם והסתר, וואס דאס איז דער "ונפקדת כי יפקד מושבך".

וואס עד"ז איז אויך ביי א נזיר:

א נזיר שיידט זיך אפ פון עניני עולם, אז אע"פ וואס ס'איז דא א מציאות פון יין אין דער וועלט וואס מ'דארף מברר זיין - פראוועט א נזיר אתכפי' און ער איז זיך פורש פון די יין.

וואס דאס מיינט אז ער איז זיך מעלים און מסתיר פון וועלט, ע"ד ווי די לבנה שטייט אין דעם טאג פון ערב ר"ח - "ונפקדת כי יפקד מושבך".

**יט.** אויף די עבודה פון א נזיר ווערט א גרויסע קשיא:

די כוונה און דער תכלית וואס מ'האט אראפגעשיקט א אידן דא למטה איז - אז ער זאל איינעמען די וועלט, וואס דאס איז דער ערשטער מצוה אין די תורה, "פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה" - איז ווי קען קומען א נזיר און זאגן אז בשעת ס'איז דא אן ענין פון יין אין וועלט ווערט ער זיך דערפון אפשיידן, און ניט מעלה זיין אין קדושה?

און ווי דער ירושלמי זאגט: "דייך במה שאסרה לך התורה", איז וואס גייט ער זוכן נייע ענינים פון וואס צו זיך פורש זיין.

ובפרט אז "חייב אדם לומר בשבילי נברא העולם", וואס דערפאר בשעת דער נזיר זעט אן ענין פון יין אין וועלט - דארף ער דאס מברר זיין.

וואס דאס איז אפילו בנוגע צו זיין וואס איז א דבר רשות, ועאכו"כ ווען עס קומט צו מאכן קידוש און הבדלה, וואס דעמאלט ווערט דאס א דבר מצוה, ובפרט ווען עס רעדט זיך וועגן יין וואס קען ברייננגען צו תקלה אין וועלט, וואס דאס איז בשעת "הרואה סוטה בקלקולה כו'" - איז ווי קען ער זיך מזיר זיין מן היין, ער דארף דאך דאס מברר זיין און מעלה און מהפך זיין צו קדושה.

ובפרט אז דאס איז יין וואס איז געווארן ממונו של ישראל, ווארום אויב דאס איז ניט זיין וויין טאר ער דאס מלכתחלה ניט טרינקען.

וואס עד"ז איז די זעלבע שאלה אויף די לבנה וואס איז זיך מסתתר ומתעלם אין דעם טאג פון מחר חודש:

די כוונה פון דער לבנה איז דאך "להאיר על העולם" - איז וואס הייסט אז די לבנה זאל פראווען אתכפיא און זיך מתעלם ומסתתר פון וועלט?

און ווי די גמ' דערציילט אין סנהדרין די פסק וואס דער שמש מיט די לבנה האבן באקומען אויף דערויף וואס זיי האבן ניט משמש געווען צוליב משה רבינו.

**כ.** איז דער ביאור אין דעם:

דאס וואס א נזיר איז זיך פורש פון עניני עולם, ועד"ז וואס די לבנה איז זיך מתעלם ער"ח - איז ניט סתם אן ענין פון אפשיידן זיך פון וועלט, נאר דאס איז א סדר אין עבודה ע"פ תורה, ביז אז דאס ווערט א מצוה "להזיר לה'".

און ווי מ'זעט דאס בפשטות בא די לבנה:

בשעת די לבנה איז בהעלם ובהסתר ערב ר"ח - זעט מען אן בגלוי ווי די לבנה איז "לית לה מגרמי' כלום", וואס בכל ימי החודש איז אע"פ וואס דאס איז אויך אזוי, אבער וויבאלד אז דעמאלט לייכט די לבנה איז דאס ניט ניכר, והרוצה יטעה קען מאכן א טעות אז די לבנה איז ניט "לית לה מגרמי' כלום".

משא"כ ווען עס קומט ערב ר"ח וואס דעמאלט איז די לבנה אינגאנצן בהעלם, דארף מען ניט האבן קיין הוכחה אז דאס איז "לית לה מגרמי' כלום", דאס איז נראה לעיני בשר.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס וואס די לבנה פראווועט אתכפיא און איז ניט מאיר ערב ר"ח, איז א סדר אין עבודה בקדושה, וואס די עבודה באשטייט אין דער ענין הביטול.

וכמבואר בכ"מ די עבודה פון ערב ר"ח, וואס ווערט אנגערופן יום כפור קטן, אז דאס איז די עבודה פון אתכפי' און תשובה, וואס דערפאר ווערט די לבנה נתבטל בערב ר"ח.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו די עבודה פון א נזיר, אז דאס איז א סדר אין עבודה ע"פ תורה, אן עבודה פון אתכפי'.

און דאס איז ניט דער ענין פון סור מרע, וואס דארטן איז די עבודה אין אן אופן ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר איז מבאר בכמה פון זיינע מאמרים (נסמן לקמן), אז בשעת עס דארף זיין סור מרע איז ניטא קיין נפק"מ ווי מ'אנטלויפט פון די רע, אבי אנטלאפן.

משא"כ די עבודה פון א נזיר, איז א סדר העבודה פון אתכפי', וואס טוט אויף אירע המשכות אין וועלט.

און ווי עס שטייט אין זהר אז "כד התכפי' סט"א אסתלק יקרא דקוב"ה בכולהו עלמין", זיינען מפרשי הזהר מבאר אז די "כד אתכפי'" טוט אויף דער כליון פון סט"א.

**כא.** עפ"ז וועט מען פארשטיין די שייכות פון נזיר מיט דער ענין פון מחר חודש:

בשעת מ'זאגט מחר חודש, מיינט דאס ניט די זעלבע זאך ווי ערב ראש חודש, ווארום ערב ר"ח איז ע"ד דער ענין פון ערב שבת, וואס "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת", ועד"ז מי שטרח אין ערב ר"ח איז "יאכל", פון די ענינים פון ר"ח, וואס דאס איז דער ענין ווי דער טאג פון ערב ראש חודש איז אן "ערב", א הכנה צו ר"ח.

משא"כ דער ענין פון מחר חודש מיינט (ניט אז דאס איז א הכנה צו ר"ח, נאר) אז אין דעם טאג וואס קומט פאר ר"ח ווייסט מען אז מארגן איז ר"ח.

וואס בעבודת האדם איז דאס:

וויבאלד אז די עבודה פון דעם טאג פאר ר"ח איז א סדר העבודה ע"פ תורה, וואס דאס איז די עבודה פון ביטול און אתכפי' - קען מען דאך ניט זאגן אז בא די עבודה בלייבט מען, ווארום ווי מ'האט פריער גערעדט איז די כוונה צו איינעמען די וועלט, און ניט זיך פורש זיין פון וועלט.

וואס דערפאר איז מוכרח זאגן אז די עבודה ע"פ תורה פון ביטול און אתכפי' איז א הכנה צו די עבודה וואס וועט דערנאך זיין ביום ר"ח עצמו, וואס דאס איז די עבודה פון אתהפכא.

וכמובן אויך בפשטות: אין דעם טאג פאר ר"ח איז די לבנה מתעלם ומסתתר פון וועלט, וואס דאס איז די עבודה פון ביטול און אתכפי', אבער דערנאך אז עס קומט ר"ח איז דעמאלט די לבנה מאיר דעם חושך הלילה, וואס דאס איז די עבודה פון אתהפכא.

און דאס איז וואס מ'זאגט "מחר חודש": דער סדר אין קדושה איז אז בשעת מ'האלט בא די עבודה פון ביטול און אתכפי' (מאיזה סיבה שתהי') ווייסט מען אבער אז דער תכלית פון די עבודה איז ניט בלייבן בא דעם ביטול און אויס מציאות, ווארום דעמאלט קען ארויסקומען אז ער זאל ווערן ווי א "אסקופה הנדרסת", וואס דעמאלט קען יעדער איינער, אויך ענינים בלתי רצויים, טרעטן אויף אים.

נאר ער ווייסט היינט אז די כוונה איז אז "מחר חודש", מארגן וועט ער צוקומען צו די עבודה פון אויפטאן א חידוש אין וועלט דורך דערויף וואס ער וועט מהפך דעם חושך און ענינים בלתי רצויים אין וועלט.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו א נזיר:

וויבאלד אז זיין עבודה איז ע"פ תורה וקדושה, ווייס ער אז דאס וואס ער פראוועט היינט אתכפי' און ער ווערט אויס מציאות איז ניטא אין דערויף א כוונה בפ"ע, ווארום מצד די ביטול זיינער קען ארויסקומען אן ענין אין היפך הקדושה, נאר ער ווייסט אז דאס וואס ער טוט אין די עבודה פון אתכפי' איז נאר דערפאר וואס ער האלט ניט בא די מדריגה צו גלייך אנהויבן מיט די עבודה פון אתהפכא, אבער די כוונה און דער תכלית פון זיין היינטיקער עבודה איז - אז עס זאל זיין "מחר חודש", אז אויף מארגן ווערט ער א מציאות, און איז עובד עבודתו אין איינעמען די וועלט.

כב. וואס דערפון האט מען גלייך א הוראה:

איינער קען טענה'ן אז ער וועט זיך אוועקזעצן אין זיין ווינקעל און לערנען תורה בהתמדה ושקידה, און ווען עס קומט צו טאן מיט ענינים עולם, טענה'ט ער מי אני ומה אני, און וואס קען ער שוין אויפטאן, און ער ווערט א גאנצער עניו און שפל.

איל דו זעסט אז אידישקייט ווערט חרוב! זאגט ער אז ער קען סיי ווי סיי גארניט אויפטאן, במילא וועט ער זיך זעצן טאן מיט עצמו, לערנען תורה וויבאלד אז ער איז אין דערויף איינגעוואוינט.

זאגט מען אים אז מצד דעם ביטול וואס ער מאכט זיך פאר אויס מציאות ווערט ער א "אסקופה הנדרסת", אז אלע וועלן זיך אויף אים טרעטן, וואס דערפאר דארף ער זיך אויפשטעלן מיטן גאנצן תוקף און שרייען אז אידישקייט ווערט חרוב,

און מ'זאגט אים אז דאס איז אן ענין וואס איז נוגע צו פקו"נ ממש, ווי עס ווערט אפ'געפסק'נט אין שו"ע או"ח הל' שבת סימן שכ"ט אלס א פס"ד ברור ומוחלט.

טענה'ט ער אז ער איז א רב און ער לערנט חושן משפט און יורה דעה, וואס דארטן ברייננט זיך דער ענין פון "יהרג ואל יעבור", אבער עס ווערט ניט דערמאנט דער דין פון הל' שבת.

זאגט מען אז ביי אידן קומט אורח חיים פאר יורה דעה און חושן משפט, און וויבאלד אז ער איז א רב אויף אידן דארף ער לכל לראש וויסן וואס עס שטייט אין הל' שבת, און עפי"ז פסק'נען.

טענה'ט ער ווייטער אז די מענטשן מיט וועלכע ער דארף רעדן וועלן אים סיי ווי ניט פאלגן, און זיי וועלן צו אים טענה'ן: וואס קומסטו צו אונז און טענה'סט: "טול קיסם מבין שיניך", בשעת מ'דארף טענה'ן וועגן "טול קורה מבין עיניך".

איז וואס וועט העלפן אז ער וועט צו זיי גיין טענה'ן, ואדרבה דורך דערויף וואס ער וועט צו זיי גיין וועלן זיי פוגע זיין בכבודו, און מיט די אלע טענות

הידועות פון עניוות און ביטול און שפלות וכו', וואס דאס אלץ ברייגגט אז פון אים זאל ווערן א "אסקופה הנדרסת".

ביז אז ווען עס קומט נעמען שוחד פון זיי איז ער דא, וואס וויבאלד אז ער לערנט חושן משפט, וואס רעדט זיך וועגן דיני ממונות - דארף ער האבן נאכמער באווארעניש אין דעם ענין פון שוחד, ווי איינער וואס לערנט יו"ד וכיו"ב.

ווארום ער קען זיך איינרעדן אז וואס איז אזוי די געפערליכע זאך אז ער וועט נעמען פון יענעם געלט, און דערנאך אפשיקן דאס אים צוריק בחשאי, וואס דעמאלט וועט זיין "זה נהנה וזה לא חסר".

און וויבאלד אז יענער האט די כח צו אים אראפזעצן פון ביינקעל, לאזט ער יענעם שרייבן דברים בשמו וואס לא הי' מעולם, און ער חתמ'ט אויף דערויף, און דערנאך דרוקט מען דאס אפ אז אלע זאלן וויסן דערפון.

און דאס טוט ער אלץ בכדי אז יענער זאל אויף אים ניט שרייען און פוגע זיין בכבודו, און צו די וועלט ענטפערט ער אז מי אני און מה אני, און צוליב וואס דארף מען שרייען וכו'.

אבער דאס טענה'ט ער נאר ווען עס קומט צו די ענינים, בשעת עס קומט אבער צו אן ענין וואס איז אים נוגע אין זיינע ענינים הפרטיים - שטעלט ער זיך מיטן גאנצן תוקף, און ס'איז "יקוב הדין את ההר", און אפילו אויב די גאנצע וועלט זאגט פארקערט, בלייבט ער בא זיינס!

וואס מעין זה איז שייך בא כאו"א בעבודתו.

כג. דערפון איז פארשטאנדיק אז דער ענין פון ביטול און שפלות אליין און מאכן זיך פאר אויס מציאות איז ניט קיין סדר עבודה, ווארום דאס ברייגגט אז ער זאל ווערן א "אסקופה הנדרסת", ביז נאך ערגער.

נאר די עבודה פון ביטול און אתכפיא מוז זיין אין אן אופן אז דער אדם העובד ווייסט אז "מחר חודש" - די תכלית איז צוקומען צו "מחר" וואס דעמאלט וועט זיין "חודש", אן עבודה פון אתהפכא און איבערמאכן וועלט.

וואס אע"פ אז ביטול איז לכאו' א מעלה אין עבודה, וכידוע אז דער ענין פון גאוה און גיאות איז "ראשית גוים עמלק", דער מקור פאר אלע ז' מדות הרעות, וואס דערפאר איז וואס פאר א ביטול ער זאל נאר האבן איז לכאו' א מעלה?

זאגט מען אבער אז די באווארעניש פון גאוה דארף זיין קודם העבודה, אבער באמצע העבודה טאר ניט זיין דער ענין פון ביטול און אתכפי' אליין, נאר מ'מוז וויסן אז מחר חודש - די כוונה פון דעם ביטול איז בכדי צוקומען צו די עבודה פון אתהפכא.

כד. וואס בכלל אזא סדר אין עבודה אז מ'דארף שוין היינט טראכטן אז "מחר חודש" - מאכט נאר א בלבול, ווארום די עבודה פון א מענטש דארף זיין אין אן אופן פון "כל יומא ויומא עביד עבידתי", און וויבאלד אז ער שטייט היינט אין ערב ר"ח - דארף מען אים ניט אריינמישען אז ער דארף שוין טראכטן וועגן די עבודה פון מארגן.

ובפרט ע"פ דעם ווארט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר וועגן דעם רשב"א:

דער רשב"א האט זיך בכלל מתעסק געווען מיט דריי ענינים יעדן טאג: ער איז געווען א רופא, ער האט געשריבן שו"ת, און ער פלעגט געבן שיעורים בכל יום ויום, און אין מיטן טאג פלעגט ער אויך גיין שפאצירן.

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק?

אין די אלע דריי ענינים האט ער זיך געדארפט אינגאנצן ארייגלייגן, מיט א שימת לב מיוחד: בשעת ער האט געטאן אין רפואה האט ער זיך געדארפט אינגאנצן איבערגעבן צו דעם חולה און זיינע הצטרכיות וכו' בכדי אז די רפואה זאל זיין בהצלחה, ועאכו"כ (אדער עכ"פ אויף אזויפיל) ווען ער האט געשריבן שו"ת האט ער זיך געדארפט אינגאנצן ארייגלייגן אין דעם, ובפרט אז די שו"ת פון דעם רשב"א זיינען געווארן פסקי דינים לכל הדורות,

ועד"ז ווען ער האט געגעבן א שיעור בכל יום ויום איז דאך דאס געווען א שיעור כדבעי - האט ער זיך געדארפט אויך אין דעם אינגאנצן ארייגלייגן -

און אעפ"כ האט זיך דער רשב"א געפירט צו גיין שפאצירן בכל יום ויום, וואס דער ענין פון טיול איז ווי ער זאגט אין זהר - אן ענין פון שעשוע און תענוג, וואס דאס איז פונקט פארקערט ווי דער ענין פון פיזור הנפש פון די אנדערע ענינים וואס דער רשב"א האט געטאן - איז בשעת דער רשב"א איז געווען אזוי פארנומען מיט די אנדערע דריי ענינים כל יום - וואו האט ער געפונען די רואיקייט צו גיין שפאצירן בכל יום (צוליב עניני הבריאות וכיו"ב)?

האט אויף דערויף כ"ק מו"ח אדמו"ר געענטפערט - אז ווען דער רשב"א האט געטאן איין זאך איז ער אין דערויף אינגאנצען געלעגן.

**כה.** וואס דאס האט כ"ק מו"ח אדמו"ר דערציילט בקשר מיט זיך אליין אין א מעמד ומצב פון פקו"נ:

כ"ק מו"ח אדמו"ר איז דעמאלט געווען אין לענינגראד, און ער האט געדארפט פארן צו מאסקווא (איצטער קען מען דאס שוין מגלה זיין) צו טרעפן זיך מיט א גביר א "קאפיטליסט" פון חו"ל בנוגע באקומען געלט פאר ענינים ציבוריים.

וואס דערפון פארשטייט מען שוין וואס פאר א פקו"נ דאס איז געווען, ווארום דאס איז ער געפארן צו טרעפן זיך מיט א גביר פון חו"ל, פון אמעריקא, און דערצו נאך א "קאפיטליסט", און דערצו נאך צו באקומען געלט פאר חדרים און מקוואות מיט די אלע ענינים וואס די מדינה איז געווען בניגוד צו זיי, און דערצו נאך אז די געלט האט געדארפט אנקומען אין אן אומליגאלן אופן.

וואס יענער נאכט איז אויך געווען א נאכט פון יחידות, וואס אויף דערויף איז פארשטאנדיק בפשטות וואס פאר א שימת לב כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געדארפט האבן, ווארום יחידות איז אן ענין וואס מ'דארף ענטפערן צו יעדער יחיד לפי ענינו אין עניני הנפש און עניני הגוף וכו', און דערפאר טאר ניט זיין קיין אנדערע ענינים המבלבלים בשעת מעשה.

איז נאך יחידות, א שעה צי א האלבע שעה פאר דערויף וואס ער האט געדארפט פארן צום וואגזאל פארן קיין מאסקווא - איז מען אריין צו אים, און מ'האט געזען ווי ער איז מסדר זיינע ניירות כאילו ווי ס'איז ניטא קיין אנדער זאך וואס מ'דארף טאן.

וואס דאס איז געווען א שעה פאר דערויף וואס ער וועט פארן צום ווא זאל פארן קיין מאסקווא צו טרעפן זיך מיט יענעם גביר, און מען האט געוואוסט אז אויפן וועג איז דא א מרגל וואס קוקט זיך נאך וואו מ'גייט וכו', און דערצו האט מען אויך חושד געווען אז מ'האט אונטערגעשטעלט א טרייבעל, מיט אלע "גוטע" זאכן -

און אעפ"כ האט ער מסדר געווען זיינע ניירות וואס האבן ניט געהאט קיין שייכות מיט די אלע ענינים.

אזוי ווי ס'איז דעמאלט געווען בא כ"ק מו"ח אדמו"ר אין חדר נאר ער מיט נאך איינער - האט מען געקענט רעדן בגלוי, האט מען ביי אים געפרעגט: ס'איז פאקע "מוח שליט על הלב" און מ'ווייסט וואס פאר א חינוך ער האט באקומען, און אין וואס פאר א מעמד ומצב ער שטייט - אבער ווי קען ער אין אזא מעמד ומצב פון פקו"נ מסדר זיין זיינע בירורות מיט די גנאצע רואיקייט כאילו קיין צווייטער זאך איז ניטא?

אויף דערויף האט כ"ק מו"ח אדמו"ר דערציילט דעם סיפור מיטן רשב"א.

וואס אע"פ אז דאס רעדט זיך וועגן דער רשב"א און כ"ק מו"ח אדמו"ר, איז אבער וויבאלד אז כ"ק מו"ח אדמו"ר האט דאס דערציילט און ער האט מסתמא, אדער זיכער געוואוסט אז דאס וועט נתפרסם ווערן - איז דאס זיכער א הוראה אז יעדערער קען זיך אזוי פירן נאך דעם וואס ס'איז געווען דער "פתח" את הדרך פון כ"ק מו"ח אדמו"ר.

**כו.** וואס אע"פ אז ע"פ הנ"ל שטימט דאך לכאו' ניט אז מ'זאל זאגן איינעם היינט אז זיין עבודה דארף זיין אין אופן פון "מחר חודש" -

איז אבער פארשטאנדיק מהמבואר לעיל אז בכדי די עבודה פו אתכפי' און ביטול זאל זיין אן עבודה ע"פ תורה, דארף אין דערויף זיין דער הרגש פון אתהפכא, ד.ה. אז דער אדם העובד דארף פילן אז דאס וואס ער טוט נאך עבודתו אין אן אופן פון אתכפי' איז דערפאר וואס ער האלט נאך ניט בא די דרגא פון אתהפכא, אבער דער תכלית זיינער איז צוקומען צו עבודת אתהפכא.

וואס דער הרגש איז - אז בשעת ער שטייט אין ערב ראש חודש, און די לבנה איז בהעלם והסתר, אז ס'איז "מחר חודש", אז אט באלד קומט די נייער חודש, און ניט "מחר" לאחר זמן, נאר עס קומט "מחר" כפשוטו,

און ער גיט א קוק אויפן זייגער זעט ער אז ס'איז שוין באלד "מחר", ווייסט ער וואס דער בעל ההילולא שרייבט אין דעם מאמר ההילולא אז "מי הוא היודע עתו וזמנו" - כאפט ער גלייך אריין און שוין אין די עבודה פון ערב ר"ח, אין די עבודה פון אתכפי' - האט ער אויך די עבודה פון אתהפכא.

און דוקא דעמאלט איז זיין עבודה פון אתכפיא אן עבודה ע"פ תורה, און ער ווערט ניט "אסקופה הנדרסת" מצד זיין ביטול.

און דאס איז אויך ניט ווי דער ענין פון סור מרע, וואס דארטן איז די עבודה ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר זאגט אין דעם מאמר ד"ה ויחלום, אז בשעת מ'אנטלויפט פון רע, איז ניט קיין נפק"מ צי דאס איז שלא לשמה אדער לקנטר וכיו"ב - אבי אנטלאפן (ווי גערעדט פריער).

משא"כ די עבודה פון אתכפיא וואס ער ווייסט אז "מחר חודש", איז אן עבודה מסודרת ע"פ תורה, ביז אז ער ווערט א מציאות דקדושה, וואס דאס איז אז ער ווערט א נזיר, וואס דאס איז א מצוה אין תורה.

**כז.** וואס דערפון האט מען די הוראה - אז אפילו אויב ער איז ניט סתם איינער וואס רעדט זיך איין אז ער איז א עניו און א שפל, און דערפאר וויל ער ניט אריינשטעקן א קאלטע קאפ אין היימע וואסער.

נאר ער איז טאקע אן עניו און א שפל באמת לאמיתו, וואס אזוי האט מען אים באשאפן בטבעו, און אזוי איז געווען זיין חינוך, אז לא עברה יום פון אלע זיינע ימים וואס ער האט ניט געלערנט תורה, און ער ווייסט ניט פון דער גאנצער ענין פון עסקנות ציבוריה -

זאגט מען אים אז אויב ער וועט זיך מבטל זיין און זיך מאכן פאר אויס מציאות קען דערפון ארויסקומען אז ער זאל ווערן "אסקופה אנדרסת", אדער עכ"פ אז פון זיין ביטול וועט ארויסקומען א יניקה לחיצונים.

און ס'איז א זיכערע זאך אז ער קען אויפטאן אין וועלט, ווארום דער אויבערשטער ווייסט דאך זיין טבע, און אעפ"כ האט ער אראפגעשיקט זיין נשמה דא למטה אין א גוף אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו, בכדי אז ער זאל איבערמאכן די וועלט.

און מ'זאגט אים אז די גאנצע וועלט "לא נברא אלא לשמשני" וואס דערפאר האט ער זיך ניט וואס צו זיך דערשרעקן פון וועלט, ווארום ער איז דער בעה"ב אויף איבערמאכן אלע ענינים אין וועלט, וואס דאס טוט ער אויף דורך דעם וואס ער פירט זיך אין אן אופן (ווי דער משנה זאגט דערנאך) פון "אני לא נבראתי אלא לשמש את קוני".

און דערפאר בשעת ער זעט א זאך אין וועלט וואס מ'קען מתקן זיין, מאכט ער ניט דער חשבון אז דאס איז שייך צו א צווייטן - נאר ער איז "חטוף ואכול חטוף ושתי", ער כאפט גלייך ארײן און איז דאס מתקן און מעלה ביז אז דאס ווערט א דבר שבקדושה, וואס דורך דעריף ווערט ער א "ת"ח" וואס "מרבים שלום בעולם".

**כח.** און וויבאלד אז מ'קומט פון יו"ד שבט האט מען אויך דעם כח פון דעם בעל ההילולא, וואס ער שרייבט אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה וכו'", נאר אלע אידן בכל מקום שהם, און אויך איצטער איז "לא יעזוב את צאן מרעיתו".

און דערנאך דארף מען פועל'ן אויף יעדער איינעם, ווי ער שרייבט ווייטער אין בריוו, אז ער שיקט מיט דעם "עשרה שיושבין ועוסקים בתורה", וואס דאס מיינט (ראה שיחת ש"פ יתרו) אז מ'דארף פועל'ן אויך אויף אנדערע אז זיי זאלן אויך זיין "יושבים ועוסקים בתורה", ביז אין אלע ענינים פון הפצת התורה און הפצת המעינות בכל העולם כולו.

וואס דעמאלט ווערט ווי דער בעש"ט זאגט אז "כשיפוצו מעינותיך חוצה קאתי מר דא מלכא משיחא", אז עס ווערט דער שלימות העולם, "אלה תולדות פרץ", מלא כתיב, ביז צו "ומלאה הארץ דעה את הוי' כמים לים מכסים".

**כט.** ויה"ר אז בקרוב ממש זאל זיין "והקיצו ורננו שוכני עפר" והוא בתוכם.

וואס דעמאלט וועט זיין (ווי דערמאנט פריער) דער "ואלה המשפטים אשר תשים לפניהם" דורך די סנהדרין וואס וועלן זיצן אין לשכת הגזית.

און ווי מ'לייענט דערנאך אין פ' תרומה - "ועשו לי משכן ושכנתי בתוכם", וואס נוסף צו דער פירוש "ושכנתי בתוך כל אחד ואחד", זאל דאס זיין כפשוטו אין דער ביהמ"ק השלישי, וואס וועט זיין א נצחי.

אנהויבנדיק פון דעם ארון אין קדה"ק, ווי דער רמב"ן זאגט אז דער טעם פארוואס עס שטייט וועגן דעם ארון גלייך נאך "ושכנתי בתוכם" איז דערפאר וואס דער ארון וואס איז מפנים פון קדה"ק און קדש און די יריעות און די קלעים וכו' - איז דער "עיקר החפץ במשכן".

און עס זאל זיין "והקיצו ורננו שוכני עפר" והוא בתוכם, בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו, ובעגלא דידן.

**ל.** בהמשך להאמור לעיל וועגן "ויהי בשלשים שנה" - איז דא א מאמר פון לפני שלשים שנה (ב' פעמים שלשים), אין שנת תר"פ, וואס דעמאלט איז אויך געווען פ' שקלים אין ש"פ משפטים כבקביעות ש.ז.

אזוי ווי דער מאמר איז שוין געדרוקט אין סה"מ פר"ת, תר"פ, וועט מען נאר רעדן די נקודות פון דעם מאמר, און אויך א הוראה דערפון בעבודת האדם בהמשך להמדובר לעיל.

מאמר (כעין שיחה) ד"ה זה יתנו וגו'.

לא. ס'איז דאך רגיל אפלערנען אן ענין אין פירוש רש"י אויף פרשת השבוע.

אויף "חודש האביב" (פרשתנו כג, טו) איז רש"י מפרש דער טעם פארוואס דאס ווערט אנגערופן "אביב": "שהתבואה מתמלאת בו באביה", דאס מיינט אז דאס איז דער זמן וואס דעמאלט פילן זיך אן די שבולות תבואה ("אביה") מיט די גרעינים און דערפאר ווערט דער זמן אנגערופן "חודש האביב".

דערנאך זאגט רש"י א צווייטע זאך (אין אנדערע גירסאות שטייט אז דאס איז "לשון אחר): "אביב לשון אב בכור וראשון לבשל פירות". וואס דאס איז אדער א תוספות ביאור אויף דעם וואס רש"י זאגט פריער, אדער דאס איז א צווייטער פירוש אין רש"י.

דארף מען פארשטיין:

א) פריער אין סוף פ' בא (יג, ד) שטייט אויך "חודש האביב" און רש"י איז דארטן גארניט מפרש פארוואס דאס ווערט אנגערופן "חודש האביב" - איז ממ"נ: אויב דארט פארשטייט דער בן חמש למקרא אליין פארוואס דאס הייסט "אביב" - איז פארוואס דארף דאס רש"י מפרש זיין דא, און אויב ער פארשטייט דאס ניט, האט דאס רש"י דארטן געדארפט מפרש זיין?

ב) פארוואס זאגט רש"י צוויי פירושים אויף "אביב"? און אויב דאס איז ניט צוויי פירושים, נאר דער צווייטער ענין וואס רש"י זאגט איז א תוספות ביאור אויפן ערשטן ענין - איז פארוואס דארף מען האבן א תוספות ביאור.

ג) רש"י אין סוף פרשת בא (שם) איז מפרש פארוואס איז דער פסוק מודיע אז די אידן זיינען ארויס פון מצרים "בחודש האביב", "וכי לא היינו יודעין באיזה חודש יצאו, אלא כך אמר להם ראו חסד שגמלכם שהוציא אתכם בחודש שהוא כשר לצאת לא חמה ולא צנה ולא גשמים, וכן הוא אומר (תהלים) מוציא אסירים בכושרות, חודש שהוא כשר לצאת.

וואס דאס איז פונקט פארקערט ווי רש"י טייטשט דא אין "חודש האביב":

אין פ' בא וויל דער פסוק מודיע זיין מיט "בחודש האביב" דער חידוש וואס איז געווען בשעת די אידן זיינען ארויס פון מצרים, "שהוציא אתכם בחודש שהוא כשר לצאת.

ד.ה. אז דאס איז נוגע נאר אן איין און איינציקער מאל - ווען די אידן זיינען בפועל ארויס פון מצרים.

משא"כ אין פרשתנו איז דער פירוש פון "חודש האביב" נוגע צו יעדן יאר אין דער צייט "שהתבואה מתמלאת בו באביה כו'", און ניט נאר אין דעם זמן ווען אידן זיינען ארויס פון מצרים, נאר אין אלע זמנים אין דער תקופה פון יאר.

ואדרבה:

דאס איז ניט געווען נוגע צו די אידן בשעת זיי זיינען ארויס פון מצרים, און אויך ניט כל זמן זיי זיינען ניט אנקומען אין א"י, ווארום די אידן זיינען דאך ארומגעפארן און זיי האבן ניט געהאט קיינע שדות.

אפילו אז מ'וועט זאגן אז זיי האבן געהאט שדות אין מצרים, אין די זמנים הפנוילים וואס זיי האבן ניט געדארפט ארבעטן פאר מצרים, אדער אז שבט לוי האט געהאט שדות - איז אבער א זיכערע זאך אז זיי האבן דאס ניט ארויסגענומען פון מצרים, כמ"ש (בא יב, לט) "וגם צידה לא עשו להם - בדרך", ווי רש"י טייטשט דאס.

ד.ה. אז אין פ' בא איז דער פירוש פון "בחודש האביב" נאר נוגע איין מאל - בשעת די אידן זיינען ארויס פון מצרים דעם ערשטן מאל.

משא"כ אין פרשתנו איז דער פירוש אין "חודש האביב" בכלל ניט נוגע ווען די אידן זיינען ארויס פו מצרים, נאר דאס וועט זיין נוגע 54 יאר שפעטער (נאך דעם וואס זיי וועלן אנקומען אין א"י, און נאך "שבע שכבשו ושבע שחלקו"?

און די אלע דיוקים דארפן זיין פארשטאנדיק צו א בן חמש למקרא בפשטות, אן ביאורים נוספים פון אנדערע ערטער, ובפרט אז אויף די שאלות שטעלן זיך ניט מפרשי רש"י.

לב. בנוגע צו די הערות אויפן זהר פון פרשה זו, שטעלט ער זיך (לקוטי לוי"צ ע' פס-צ) אויף דעם וואס רעדט זיך אין זהר בסוף פרשתנו (ח"ב קכה, ב) וועגן דעם ענין פון כשרות האכו"ש.

דער זהר שטעלט זיך אויף דעם סיפור וועגן דניאל און חנני' מישאל ועזרי' (דניאל א') וואס זיי האבן ניט געגעסן פון "פת בג המלך", ד.ה. פון די טריפה מאכלים וואס זיינען געווען בא נבוכדנצר'ן אויפן טיש, ווי דער זהר זאגט: "מיכלא דההוא רשע בשרא בחלבא הוה וגבינא עם בשרא בר מיכלן אחרנין ודא סליק לי' בפתורי' בכל יומא".

און וויבאלד אז זיי האבן דאס ניט געגעסן איז אע"פ וואס זיי האבן זיך געמאטערט איז אבער "נראה מראיהם טוב ובריאי בשר מן כל הילדים האוכלים את פת בג המלך" (שם, טו), און דער זהר זאגט דער טעם לזה: "מא גרם האי בגין דלא אתגעלו בגיעולי מיכליהון זכאה חולקהון דישראל דכתיב (פרשתנו כב, ל) ואנשי קודש תהיון לי".

משא"כ נבוכדנצר וואס האט געגעסן בכל יום "בשרא בחלבא" און "גבינא עם בשרא", איז "אעדי צולמא דאנפוי' מני' ומההוא יומא לא אתחזי צולמי' צולמא דבר נש", ווי ער דערציילט אז זיין פרצוף איז געווארן ווי א פרצוף פון א בהמה וחי'.

שטעלט ער זיך אין די הערות אויף דעם וואס דער זהר זאגט אז "מיכלא דההוא רשע בשרא בחלבא הוה וגבינא עם בשרא", אז חלב און גבינה זיינען בחי' חסדים, וואס דערפאר האט דאס א מראה לבן, און בשר איז בחי' גבורות, וואס דערפאר האט דאס א מראה אדום, און וויבאלד אז ס'איז אסור צו מערב זיין חסדים גבורות, דערפאר איז אסור צו עסן בשר מיט חלב.

און ווי ער טייטשט דאס אפ ווי דאס איז אין מולין, אז "בשרא בחלבא הוא מה שהגבורות דאבא נעשה חסדים באימא, וגבינה עם בשרא הוא מה שמחסדים דאימא גבינה נעשה גבורות באבא בשרא".

דערנאך זאגט ער אין סוף פון דער הערה אז דער עירוב פון חסדים מיט גבורות וואס נבוכדנצר האט געסאן דורך דערויף וואס ער האט געגעסן "בשרא בחלבא" און "גבינא עם בשרא" - איז "זה לעומת זה" פון דער ענין פון "אחליפו דוכתייהו" וואס איז דא אין קדושה, "שאור הגבורה בכלי החסד בפרשה ראשונה דק"ש [כמבואר אין לקו"ת ואתחנן ובכ"מ] לעומת זה אכל הרשע ההוא בשרא אור הגבורה בחלבא כלי החסד, ואור החסד בכלי הגבורה [אמאל שטילט דאס בלשון אחר] בפ"ש שק"ש לעומת זה אכל הוא גבינה אור החסד עם בשרא כלי הגבורה".

לג. דארף מען פארשטיין:

וואס איז דער טעם צו מחלק זיין און זאגן אז אין קרי"ש מעג זיין די התערבות פון חסד און גבורה, משא"כ אין בשר וחלב איז דאס א איסור?

מ'קען ניט זאגן אז נאר בא נבוכדנצר איז געווען אסור צו מערב זיין חסד מיט גבורה, דערפאר וואס רע האט געהאט א כוונה אין לעו"ז -

ווארום דעמאלט האט געדארפט זיין מותר בא א אידן צו עסן בשר וחלב מיט א כוונה אין קדושה, ע"ד ווי ער האט א כוונה אין קדושה ווען ער איז מערב חסד מיט גבורה אין קרי"ש.

נאכמערער:

ניט נאר וואס אין קרי"ש געפינט מען אז מ'זאל מערב זיין חסד מיט גבורה, נאר מ'געפינט דאס אז דאס איז אן ענין אין קדושה בשעת מ'איז מערב חסד מיט גבורה, ביז אז דאס גאר א שלימות, אין קדושה, ווי מ'זאגט בנוגע צו ספירת התפארת אז דוקא זי האט די כח צו מערב זיין חסד מיט גבורה.

ועד"ז זאגט ער אין מדרש אז דוקא דער אויבערשטער איז "עושה שלום במרומיו", צווישן "מיכאל שר של מים" מיט "גבריאל שר של אש", וואס "מים" און "אש" איז דער ענין פון חסד און גבורה, און מ'זאגט אז דאס איז א שלימות בשעת מ'מאכט שלום צווישן חסד מיט גבורה.

ביז אז "כל התורה כולה ניתנה לעשות שלום בעולם", וואס שלום איז שייך דוקא ווען עס זיינען דא צוויי ענינים וואס האבן מצ"ע קיין שייכות ניט צווישן זיך, און בשעת מ'איז זיי מחבר ווערט אן ענין פון שלום.

איז עפי"ז דארף מען פארשטיין פארוואס ווען עס קומט צו בשר מיט חלב, וואס זיי זיינען אויך דער ענין פון חסד מיט גבורה - איז דאס אן איסור צו זיי מחבר זיין?

לד. עד"ז דארף מען פארשטיין נאך א זאך:

ע"ד דער איסור פון עסן בשר וחלב צוזאמען וויבאלד אז מ'טאר ניט מערב זיין חסד מיט גבורה, געפינט מען אויך בא שעטנז, ווי ער איז דאס מקשר אין דער הערה, אז דאס וואס "לא תלבש שעטנז צמר ופשתים יחדיו", איז דערפאר וואס צמר איז בחי' חסד, און פשתים איז בחי' גבורה, און ס'איז אסור צו מערב זיין חסד מיט גבורה.

[אין אוה"ת (תצא) ועד"ז אין תרע"ח (ע' תח) פרעגט מען (ע"ד די שאלה הנ"ל בנוגע צו בשר וחלב) פארוואס איז אסור צו מערב זיין די חסדים מיט די גבורות פון צמר און פשתים, בשעת ס'איז דא א כלל אז עס דארף זיין "לאכללא שמאלא בימינא".

ס'איז אבער דא א נפק"מ צווישן שעטנז מיט בשר וחלב:

בא שעטנז לערנט מען אפ פון די סמיכות פון "לא תלבש שעטנז גו'" מיט דאס וואס שטייט דערנאך "גדילים תעשה לך", אז בא בגדי כהנים בשעת זיי טוען זייערע עבודה אין ביהמ"ק איז מותר צמר און פשתים ביחד.

ועד"ז אין בגדי חול בא ציצית איז דאס אויך מותר, ביז אז דאס ווערט א מצוה אין תורה.

משא"כ בא דער ענין פון עסן בשר וחלב צוזאמען געפינט מען קיינמאל ניט קיין אויסנאם אז מ'זאל דאס מעגן טאן.

דארף מען האבן א ביאור אין דער חילוק צווישן שעטנז און בשר וחלב.

**לה.** אין מכילתא עה"פ "לא תבשל גדי בחלב אמו" איז טאקע דא א הו"א אז נאר בחולין זאל זיין אסור "לא תבשל גדי בחלב אמו", משא"כ בא מוקדשין זאל דאס זיין מותר.

וואס מפרשים פרעגן וואס איז דא די הו"א פון דער מכילתא.

וע"פ הנ"ל איז פארשטאנדיק די הו"א, ווארום וויבאלד אז בשר וחלב און שעטנז האבן א שייכות (אין פנימיות הענינים) צווישן זיך, איז אזוי ווי מ'לערנט אפ בא שעטנז פון די סמיכות פון "לא תלבש שעטנז גו'" מיט "גדילים תעשה לך" אז בא ציצית איז מותר צמר מיט פשתים ביחד, עד"ז איז דא א הו"א אז מצד די סמיכות פון "לא תבשל גדי גו'" מיט דעם וואס שטייט גלייך פאר דערויף "בית ה' אלקיך" זאל מען אויך אפלערנען אז בא מוקדשין. איז ניטא דער איסור פון "לא תבשל גו'".

דאס איז אבער נאר די הו"א פון דער מכילתא, לפי די מסקנא לערנט מען אפ פון די סמיכות פון "בית ה' אלקיך" מיט "לא תבשל גדי גו'" אז אויך בא מקודשין איז דא דער איסור פון "לא תבשל גו'".

וואס עפי"ז איז הא גופא קשיא:

פארוואס בא שעטנז לערנט מען אפ פון דער סמיכות אז בגדי כהונה און ציצית מעגן האבן צמר און פשתים ביחד, משא"כ בא בשר וחלב לערנט מען אפ פונקט פארקערט, אז פון די סמיכות לערנט מען אפ אז אויך בא מוקדשין איז אסור בשר וחלב.

און ניט נאר וואס מ'געפינט ניט קיין היתר בא דעם איסור פון בשר בחלב, נאר אדרבה: פוסקים זאגן אז דער טעם פארוואס די תורה האט געמאכט אן איסור (ניט נאר פון אכילת בשר בחלב, נאר אויך) פון בישול בשר בחלב, איז דערפאר וואס דער איסור פון אכילת בשר בחלב איז אזא איסור חמור אז מ'וויל באווארענען אז א איד זאל קיינמאל ניט צוקומען דערצו, און דערפאר מאכט מען אויך אן איסור אויף דער בישול.

**לו.** ע"ד ווי דער איסור פון בשר בחלב און שעטנז מצד דער ענין פון עירוב חסד מיט גבורה, געפינט מען אויך בא כלאים (בשדה),

ווי דער בחיי זאגט (און דאס ברייננגט זיך אויך אין אוה"ת (שם. נ"ך ע' אז בשעת מ'איז זורע כלאים איז מען מבלבל די כחות עליונים וואס דער אויבערשטער האט מטביע געווען אין יעדער מין בפ"ע.

וואס אויך דא געפינט מען קיינמאל ניט קיין היתר אז מ'זאל מעגן זורע זיין כלאים, ע"ד ווי גערעדט פריער בנוגע צו בשר בחלב.

און דאס איז נאכמער ווי בא בשר בחלב, ווארום בא בשר בחלב איז דא עכ"פ א הו"א אז מ'זאל דאס קענען טאן, משא"כ בא כלאים איז קיין הו"א אויך ניטא.

דארף מען האבן הביאור אין דעם חילוק צווישן בשר בחלב מיט שעטנז מיט כלאים.

ונוסף צו דער כללות הביאור וואס מ'דארף האבן פארוואס מ'געפינט אין כמה ענינים אז דאס איז גאר א שלימות אין קדושה צו מערב זיין חסד מיט גבורה, כנ"ל.

וואס די אלע זאכן האט ער ניט מבאר געווען אין די הערות, פארלאזנדיק זיך אז מ'וועט דאס אליין פארשטיין ע"פ המבואר במ"א אין חסידות.

וכמו שיתבאר לקמן.

**לז.** כאן המקום צו מבאר זיין אז ענין וואס מ'האט נאך ניט מבאר געווען אין פ' בשלח (שיחת ש"פ בשלח, ט"ו בשבט סס"א).

וואס מ'האט דעמאלט געפרעגט אויפן פסוק (בשלח יד, י) "וישאו בני ישראל את עיניהם והנה מצרים נוסע אחריהם וייראו מאד ויצעקו בני ישראל אל ה'" - וואס איז מיט אמאל נתחדש געווארן בא די אידן אז זאלן זיך דערשרעקן פון די מצריים, בשעת מ'האט ערשט געלערנט עטליכע פסוקים פריער (שם, ז) אז דער אויבערשטער האט געזאגט משה'ן אז ער זאל זאגן די אידן אז עס וועט זיין "וחזקתי את לב פרעה ורדף אחריהם ואכבדה בפרעה ובכל חילו גו'"?!

מ'קען ניט ענטפערן (ווי דער אוה"ח ענטפערט) אין פשש"מ אז די אידן האבן דערזען דעם שר של מצרים (ווי רש"י ברייגגט (עה"פ)) האבן זיי זיך דערפון דערשראקן -

ווארום מ'האט שוין געלערנט (וישלח לב, כה ובפרש"י) ביי יעקב'ן אז בשעת "שרו של עשו", איז געקומען קעגן יעקב'ן, איז יעקב ניט נתפעל געווארן און ער האט זיך יעקב געשלאגן מיט אים און אים מנצח געווען.

איז מה-דאך אז יעקב, וואס ער האט ניט געהאט קיין הבטחה אז ער וועט דעם מלאך מנצח זיין [ער האט נאר געהאט א כללות'דיקע הבטחה, אבער ער האט ניט געוואוסט צי די הבטחה וועט מקויים ווערן אויף אלע מחנות], פונדעסטוועגן איז ער ניט נתפעל געווארן.

איז עאכו"כ בנוגע צו די אידן וואס זיי האבן געהאט א הבטחה פון דעם אויבערשטן אז ס'וועט זיין "בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה", און די הבטחה איז געווען בפרטיות אויף יעדער אידן, ביז אז זיי האבן שוין געזען ווי די הבטחה ווערט מקויים - האבן זיי דאך זיכער ניט געדארפט נתפעל ווערן ווען זיי האבן דערזען "שר של מצרים"!

ובפרט אז מ'זעט אז די אידן האבן געגלויבט דעם אויבערשטן, ביז אז זיי האבן זיך צוריגעקערט צו "פי החירות", דערפאר וואס דער אויבערשטער האט זיי געהייסן דאס טאן, וואס דאס איז דאך א זאך וואס איז אינגאנצען היפך השכל, אז בשעת שונאים לויפן נאך זאל מען זיך אומקערן אויף די וועג פון וואנעט די שונאים קומען!

און אעפ"כ האבן דאס די אידן געטאן, וואס דערפון זעט מען די אמונה וואס זיי האבן געהאט אין דעם וואס דער אויבערשטער האט געזאגט -

וואס דערפאר האבן זיי דאך זיכער געגלויבט וואס דער אויבערשטער האט געזאגט אז די מצריים וועלן זיי נאכלויפן - איז פארוואס האבן זיי זיך דערשראקן בשעת זיי האבן דערזען די מצריים?

מ'קען אויך ניט ענטפערן אז ווען זיי האבן דערזען די מצריים איז בא זיי נתחדש געווארן אז די מצריים לויפן זיי נאך "בלב אחד כאיש אחד" (ווי רש"י זאגט) - ווארום די אידן האבן דאס ניט געקענט וויסן פון קוקן אויף די מצריים!

**לח.** [און דאס וואס רש"י וויסט דאס - איז דאס דערפון וואס אין פסוק האט געדארפט שטיין "נוסעים אחריהם" (לשון רבים), און עס שטייט "נוסע אחריהם (לשון יחיד), ווי געגרעדט אין דער פריערדיקער התוועדות (שיחת ש"פ יתרו)] און וויבאלד אז דאס איז א קשיא וואס וועט זיך גלייך שטעלן בא דעם בן חמש למקרא ווען ער וועט לערנען די פסוקים - האט דאך דאס רש"י געדארפט ערגעץ וואו מרמז זיין.

וואס דערפון וואס רש"י איז דאס ניט מרמז - איז פארשטאנדיק אז דאס איז מעצמו מובן אין פשש"מ.

והביאור בזה:

דער פסוק אליין ענטפערט די שאלה מיט דעם וואס ער שרייבט "וישאו בני ישראל את עיניהם":

כל זמן די אידן האבן נאר געהערט פון דעם איבערשטן אז די מצריים וועלן זיי נאכלויפן איז דאס טאקע געווען מיט די גאנצע תוקף בא זיי, אבער דאס איז פארט געווען נאר אין שמיעה,

ווען זיי האבן אבער דערזען די מצריים, "וישאו בני ישראל את עיניהם והנה מצרים נוסע אחריהם גו'" - איז צוגעקומען דער תוקף וואס ראי' גיט, וואס מצד די תוקף איז "איננו דומה שמיעה לראי'", און דערפאר איז דעמאלט געווארן וייראו מאד ויצעקו בני ישראל אל ה'".

וואס דאס פארשטייט דער בן חמש למקרא פון זיך אליין אז בשעת ער הערט א זאך, קומט דאס ניט צו דעם ווען ער זעט דאס בעיני בשר.

ובפרט אז דער פירוש פון "וישאו בני ישראל את עיניהם", איז ניט סתם א ראי', נאר ווי דער תרגום טייטשט "וישאו" - "וזקפו", וואס דאס באווייזט אויף א ראי' חזקה.

ועד"ז האט דער בן חמש למקרא שוין געלערנט בא אברהם'ן, אז ווען ער איז געגאנגען צו דער עקידה איז "וישא אברהם את עיניו וירא את המקום מרחוק" (וירא כב, ד),

וואס ווילבאלד עס האט זיך גערעדט וועגן די עקידה פון "בנך את יחידך אשר אהבת את יצחק" (שם, ב), איז פארשטאנדיק אז אברהם האט ניט סתם אזוי געקוקט ווי דער הר זעט אויס, נאר ער האט זיך שטארק איינגעקוקט צי דאס איז א גרויסע הר, צי א מיטעלמעסיקע הר, צי א קליינער הר.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו "וישא בני ישראל את עיניהם", אין אונזער פסוק, אז דאס איז געווען א ראי' חזקה, און דערפאר איז נאכמער פארשטאנדיק פארוואס זיי האבן זיך דערשראקן בשעת זיי האבן דערזען די מצריים, כאטש אז זיי האבן שוין פריער וועגן דעם געהערט.

לס. די תורה דארף דאך שטימען פון איין ארט צו א צווייטער ארט - איז ע"פ הנ"ל ווערט א שאלה אויף דערויף וואס בכ"מ לערנט מען

די מכילתא אין פ' יתרו לערנט אפ דערפון וואס יתרו האט געזאגט (יתרו יח, יא) "עתה ידעתי כי גדול ה' מכל האלקים", אע"פ אז פריער שטייט (שם, א) "וישמע יתרו גו' אשר עשה אלקים למשה ולישראל עמו גו'" - אז "איננו דומה שמיעה לראי'".

וואס ע"פ הנ"ל אז דאס וואס בא די אידן איז געווען "וייראו ויצעקו" בשעת זיי האבן דערזען די מצריים, אע"פ וואס זיי האבן פריער געהערט וועגן דערויף - איז דערפאר וואס "איננו דומה שמיעה לראי'" -

האט מען דאס געדארפט אפלערנען פון פסוק "וישאו בני ישראל את עיניהם" וואס איז אין פ' בשלח וואס קומט פאר דעם פסוק "עתה ידעתי וגו'" אין פ' יתרו?

דער ענין פון "איננו דומה שמיעה לראי'" זעט מען אויך אין א פסוק ווייטער אין פ' בשלח:

נאך קרי"ס פאר דעם וואס די אידן האבן געזאגט די שירה שטייט (יד, ל-לא) "וירא ישראל את מצרים מת על שפת הים", און דוקא ווען "וירא ישראל את היד הגדולה אשר עשה ה' במצרים" איז דאן געווען "וייראו העם את ה' ויאמינו בה' ובמשה עבדו".

וואס אע"פ אז די אידן האבן שוין פריער געהערט וועגן דעם (?), אבער דוקא נאך דערויף וואס ס'איז געווען "וירא" איז געווארן "וייראו העם וגו'" - ווארום "איננו דומה שמיעה לראי'".

און וויבאלד אז דער פסוק שטייט אויך פאר דעם פסוק "עתה ידעתי גו'" אין פ' יתרו - דארף מען פארשטיין פארוואס מ'לערנט דאס ניט אפ פון דעם פסוק.

אבער דער פסוק שטייט נאך דעם פסוק "וישאו בני ישראל את עיניהם", איז דאך דער עיקר שאלה פון דעם פריערדיקן פסוק הנ"ל.

מ'געפינט אבער א פסוק אויך פאר פ' בשלח וואס פון דארטן קען מען דאס אויך אפלערנען.

ווען די שבטים האבן דערציילט יעקב'ן אז יוסף לעבט, זאגט דער פסוק (ויגש מה, כז) אז "ותחי רוח יעקב אביהם".

און אעפ"כ בשעת יעקב האט דערזען יוסף'ן, "וירא אליו" (שם, מו, כט) האט יעקב געזאגט (שם, ל ) "אמותה הפעם אחרי ראותי את פניך כי עודך חי".

וואס לכאו' האט ער שוין געהערט פריער אז יוסף לעבט, איז וואס איז ביי אים נתחדש געווארן ווען ער האט אים געזען - נאר דער ביאור איז - אז "איננו דומה שמיעה לראי'".

וואס דא דארף מען אויך האבן א ביאור פארוואס מ'לערנט דאס ניט אפ פון דעם פסוק.

**מ.** והביאור בזה:

ס'איז דא א גרויסע נפק"מ צווישן די התפעלות וואס סתם מענטשן באקומען פון זייערע חושים לגבי די התפעלות וואס די חושים פועל'ן ביי א בר שכל.

וויבאלד אז דער עיקר בא סתם מענטשן איז ניט דער ענין השכל (ער האט שכל, אבער דאס איז ניט דער עיקר), דערפאר בשעת איינער פון זיינע חושים זיינען תופס א זאך, אדער דורך הערן, שמעקן, פילן, אדער זעען - פועל'ט דאס אויף אים, און ער ווערט דערפון נתפעל, ווארום דאס איז ביי אים תופס מקום.

וואס דערפאר בשעת ער הערט א זאך און דערנאך זעט ער דאס ווערט ביי אים א התאמתות אין דער זאך.

ווען עס קומט אבער צו א בר שכל, און א בר שכל אמיתי וואס אין דעם לעבט ער - איז ביי אים דער התאמתות פון א זאך תלוי אין דעם ענין השכל, און ער דארף ניט אנקומען צו דעם וואס זיינע חושים זאגן, ער נוצט טאקע אויס זיינע חושים צו אים העלפן וויסען וואס די מציאות איז, אבער דער עיקר ביי אים איז זיין שכל.

און בשעת ער פארשטייט עפעס בשכלו איז ביי אים קיין נפק"מ ניט צי ער הערט אדער שמעקט אדער פילט אדער זעט אזוי צי ניט.

ואדרבה, אויב זיין שכל וועט אים זאגן אז אזוי איז די מציאות, איז אפילו אויב איינער אדער אלע פון זיינע חושים וועלן זאגן אנדערש - וועט ער דערפון ניט נתפעל ווערן, ווארום ביי אים איז דער עיקר דער שכל.

וואס דערפאר ווען אזא מענטש הערט עפעס און דאס לייגט זיך ביי אים אפ בשכלו - ווערט גארניט נשתנה בשעת ער וועט זען דער זאך, ווארום די חושים גיבן ניט צו א התאמתות אין דער זאך בשעת ער פארשטייט דאס בשכלו.

**מא.** דערמיט וועט מען פארשטיין פארוואס מ'לערנט ניט אפ דער ענין פון "אינו דומה שמיעה לראי'" פון די ביידע פסוקים אין פ' בשלח:

ווען די אידן זיינען געשטאנען באך קרי"ס זיינען זיי דאך געווען צוטיילט אויף כמה סוגים, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך ושואב מימיך", און אפילו אויב מ'וועט זאגן אז ס'איז נאך געווען פאר דערויף וואס משה האט צוטיילט אידן אויף "נתינים נתינים", זיינען דאך אבער בא די אידן פארט געווען כמה סוגים, ובפרט אז ס'איז דאך אויך געווען דער ערב רב, וואס זיי זיינען געווען א ריבוי מענטשן -

איז בשעת עס זיינען דא די אלע מענטשן, איז פארשטאנדיק אז דער ענין הראי' האט געפועל'ט אויף זיי מערער פאר שמיעה, און דערפאר איז געווען "ויירא ישראל גו' ויאמינו בה'", ווארום צווישן די אלע אידן זיינען געווען א ריבוי פון אנשים וואס זייער עיקר מציאות איז ניט געווען דער ענין השכל.

עד"ז אין דער פסוק "וישאו בני ישראל את עיניהם", זיינען דאך געווען אלע סארט אידן, און במילא איז פארשטאנדיק אז צווישן די אלע אידן זיינען געווען א חלק חשוב וואס זיינען נתפעל געווארן בשעת זיי האבן דערזען די מצריים, און די אידן האבן געמאכט דעם טומל, "וייראו מאד ויצעקו".

ס'איז טאקע ניט קיין הכרח צו זאגן אז אלע אידן זיינען נתפעל געווארן ווען זיי האבן געזען די מצריים, ווארום עס זיינען זיכער געווען יחידי סגולה וואס בא זיי איז געווען דער עיקר דער ענין השכל, איז במילא בשעת זיי האבן געהערט אז די מצריים וועלן נאכלויפן די אידן האט זיך דאס בא זיי געלייגט בשכל, און ווען זיי האבן דאס געזען האט דאס ניט געבראכט צו א התפעלות.

משא"כ בא די אנדערע אידן האט די ראי' געפועל'ט אז "וייראו מאד ויצעקו".

און ווי מ'געפינט דאס בא כמה ענינים וואס הקב"ה נסה אבותינו, אז ניט אלע האבן זיך משתתף געווען אין אלע חטאים, און אעפ"כ איז דערפון געווארן א טומל, לדוגמא ווי בא דער חטא העגל, איז געווארן א גאנצער טומל צוליב די "שלשת אלפים איש".

ועד"ז איז פארשטאנדיק בעניננו, אז די טומל פון "ויצעקו" איז געווען פון די אידן וואס זיינען נתפעל געווארן פון דעם וואס זיי האבן דערזען די מצריים, משא"כ יחידי סגולה זיינען טאקע ניט נתפעל געווארן, און ווי דער בן חמש למקרא פארשטייט בפשטות אז משה רבינו האט ניט געטענה'ט אז מ'זאל צוריק גיין אין מצרים.

[בנוגע צו דאס וואס שטייט אין ירושלמי אז אידן האבן זיך דעמאלט צוטיילט אויף ד' כתות, ווייסט ניט דער בן חמש למקרא].

**מב.** וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק אז דערפון וואס בא די אידן איז צוגעקומען אהתאמתות דורך דער ענין הראי' לגבי דער ענין השמיעה, סיי אין דעם פסוק "וירא ישראל", און סיי אין דעם, איז קיין ראי' ניט צו יעדער מענטשן, ווארום מ'קען זאגן אז בא זיי איז צוגעקומען א התפעלות פון דער ענין הראי' דערפאר וואס זיי

זיינען ניט קיין אנשים שכליים, ובמילא ווערן זיי נתפעל פון אייגענע חושים אבער בא אזעלכע מענטשן וואס בא זיי איז דער עיקר דער שכל, וואלט בא זיי ניט צוגעקומען א התפעלות פון דעם ענין הראי'.

וואס דערפאר לערנט מען ניט אפ פון די צוויי פסוקים דער ענין פון "איננו דומה ראי' לשמיעה".

משא"כ ווען עס קומט צו דעם פסוק וואס רעדט זיך וועגן יתרו, איז דאך יתרו געווען א חכם גדול, ווי דער מדרש דערציילט אז ער האט געוואוסט אלע שיטות אין ע"ז, און די חכמות פון מצרים, און פון בני קדם וכו'.

ווי ער זאגט אויך אין זהר אז ביי אים איז געווען שלימות החכמה פון לעו"ז, וואס דערפאר האט געדארפט זיין הודאת יתרו פאר דעם וואס די תורה איז געגעבן, ווארום דאס איז דער ענין פון "יתרון החכמה מתוך הסכלות".

איז דערפון וואס דער פסוק זאגט אז אויך בא יתרו'ן איז צוגעקומען א התאמתות אין דער זאך וואס אין איר איז געווען "וישמע יתרו", וואס דער שמיעה איז דאך זיכער געווען בשלימות ווי עס דארף זיין ביי א איש שכלי, ובפרט אז יתרו האט זיכער געהערט פון משה'ן וואס דאס איז.

און אעפ"כ זאגט מען אז נאך דעם וואס ער האט דאס געזען האט ער געזאגט "עתה ידעתי גו'"

איז דערפון א ראי' אז אויך ביי א איש שכלי וואס ביי אים איז ניטא קיין התפעלות פון זיינע חושים - איז אויך "איננו דומה שמיעה לראי'".

און דערפאר ברייגגט מען די ראי' צו דער ענין פון "איננו דומה שמיעה לראי'" דוקא פון יתרו.

**מג.** [דאס וואס רש"י איז דאס ניט מפרש אין פ' יתרו איז ווייל עניננו פון רש"י איז ניט זאגן דינים אין הל' דיינות, און לבד סיבה זה אי זניטא קיין ענין אין מפרש זיין דאס, ווארום דער בן חמש למקרא פארשטייט דעם חילוק אז "איננו דומה שמיעה לראי' אליין].

א נפק"מ להלכה פון דעם וואס מ'לערנט אפ "איננו דומה שמיעה לראי'" דוקא פון יתרו:

וואס דער דין איז בנוגע צו א בי"ד אז "אין עד נעשה דיין", וואס איינער פון די טעמים לזה איז וויבאלד אז דער עד האט געזען די זאך פועל'ט דאס אויף אים אז ער זאל ניט קענען דן זיין אן א נטי' בדבר.

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק, דא רעדט זיך וועגן א ב"ד וואס זיינען אנשים שכליים מיט דער אמת'ער ענין פון שכל, איז בשעת זיי הערן די עדות פון די עדים האט דאס געדארפט בא זיי נתאמת ווערן אין אן אופן פונקט ווי זיי וואלטן דאס אליין געזען - איז ווי קענען זיי בלייבן א ב"ד, זיי ווערן דאך פונקט ווי די עדות וואס האבן דאס געזען.

ע"פ הנ"ל איז דאס פארשטאנדיק: דערפון וואס מ'זעט אז בא יתרו איז צוגעקומען א התאמתות דורך דער ענין הראי' אע"פ וואס ער האט דאס געהערט און ער איז געווען א איש שכלי בעצם - איז פארשטאנדיק אז ביי אלע מענטשן, כולל אויך אנשים שכליים איז "איננו דומה שמיעה לראי'".

און דערפאר איז איננו דומה שמיעה פון דעם ב"ד צו די ראי' פון דעם עד, און דערפאר איז מצד די ראי' וואס דער עד האט איז "אין עד נעשה דיין".

**מד.** עס בלייבט אבער ניט פארשטאנדיק פארוואס לערנט מען ניט אפ דער ענין פון "איננו דומה שמיעה לראי'" פון יעקב'ן, ווען ער האט דערזען יוסף'ן וואס ער איז דאך געווען אן איש שכלי, ער האט געלערנט אין ישיבת שם ועבר י"ד שנה, און ער איז געווען "בחיר שבאבות" וכו'?

איז דער ביאור אין דעם:

דער פארבונד פון יעקב מיט (זיין "בן זקונים") יוסף איז געווען אין אן אופן פון "נפשו קשורה בנפשו" (ויגש מד, ל).

און וויבאלד אז עס רעדט זיך וועגן "נפשו" פון יעקב האט דער התאמתות אז יוסף לעבט נאך געדארפט חודר זיין כל מציאותו פון יעקב, וואס דערפאר איז ניט געווען גענוג אז דאס נעמט דורך דער כח השמיעה שבנפש, נאר עס האט אויך געדארפט דורכנעמען כח הראי' שבנפש.

דערמיט איז פארשטאנדיק אז פון דעם וואס בא יעקב איז צוגעקומען א התאמתות דורך ראי' איז קיין ראי' ניט פאר אנדערע מענטשן.

נאך א ביאור אין דעם:

אין ההגלות הנפש אין גוף זיינען דא כמה דרגות: ס'איז דא ווי דער נפש איז דא אין גוף בשעת דער מענטש שלאפט, דערנאך איז דא די התגלות הנפש אין גוף בשעת דער מענטש איז אויף, אבער אין אופן אז מ'זעט ניט די התגלות, און דערנאך איז דא א התגלות עצום פון דעם נפש אין גוף, אז דאס קומט אויך ארויס בגלוי אז מ'זאל דאס קענען זען.

וואס עד"ז איז בנוגע צו "נפש קשורה בנפשו" פון יוסף מיט יעקב:

ווען יעקב האט נאר געהערט אז יוסף לעבט איז דאס געווען נאר די התגלות פון דער נפש ווי דאס איז בשעת א מענטש איז אויף, אבער ניט אין אופן וואס מ'קען דאס זען, ווארום "נפשו" פון יעקב איז געווען אין א"י, און "נפשו" פון יוסף איז געווען אין מצרים.

משא"כ ווען יעקב האט געזען יוסף'ן איז געווארן דער תכלית השלימות פון דער גילוי פון "נפשו קשורה בנפשו", וואס קומט אויך ארויס בפשוטו, (ביאור זה איננו ברור).

וואס עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק פארוואס מ'לערנט ניט אפ פון יעקב'ן אז "איננו דומה שמיעה לראי'".

**מה.** ע"ד דעם ביאור הנ"ל אז מ'קען ניט אפלערנען פון יעקב דער ענין פון "איננו דומה שמיעה לראי'" דערפאר וואס ביי אים איז דאס געווען נוגע בנפשו - קען מען אויך זאגן בנוגע צו דעם פסוק "וישאו בני ישראל את עיניהם".

די אידן האבן געטראכט אז דאס וואס די מצריים לויפן זיי נאך איז אן ענין פון פקו"נ, במילא איז צוגעקומען אן ענין בשעת דאס האט אויך דורכגענומען דער כח הראי' שבנפש, ווארום ווען עס רעדט זיך וועגן פקוח נפש איז נוגע יעדער כח שבנפש.

וואס דער ביאור אין דעם פסוק קען אויך א בן חמש למקרא פארשטיין אז דערפון קען מען ניט אפלערנען א כלל פאר אלע מענטשן אז "איננו דומה שמיעה לראי'".

משא"כ דער ביאור וואס מ'האט פריער גערעדט אז ס'איז דא א חילוק צווישן די התאמתות וואס ווערט בא סתם א מענטשן - פארשטייט נאך ניט א בן חמש למקרא, ווען

ער וועט אויסוואקסען און ווערן א בן עשר למשנה און א בן חמש עשרה לגמ', וועט ער דאס אויך פארשטיין.

**מו.** דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

**מז.** דער שליסעל צו פארשטיין די אלע חילוקים ווען מ'זאגט אז חסד און גבורה קען מען מערב זיין, און ווען מ'זאגט אז דאס איז אסור - איז פארשטאנדיק ע"פ המבואר אין תרע"ח בארוכה און אין אוה"ת בקיצור (וכנראה אז דער מאמר אין תרע"ח איז מיוסד (עכ"פ כמה פרטים) אויף דעם מאמר אין אוה"ת).

וואס דארטן גיט ער ארויס צוויי כללים ווען מ'קען מערב זיין הו"ג: א) דאס דארף זיין אין אן ענין וואס מ'קען מברר זיין, ב) דאס דארף זיין אין אן אופן פון "לאכללא שמאלא בימינא", אז דער קו השמאל, גבורה, זאל בכלל ווערן אין קו הימין, חסד, און ניט פארקערט, אז חסד זאל בכלל ווערן אין גבורה, און אפילו אז גבורה ווערט נכלל אין חסד, דארף דאס זיין אין אן אופן אז דאס זאל ניט האבן א יניקה פון חסד.

וואס דערפאר איז מען מתיר דער ענין פון צמר און פשתים ביחד אין ביהמ"ק, ווארום דער ביהמ"ק האט בכח אויך בזמן הזה צו אויפטאן א בירור אין קו השמאל, ביז אז דערפון זאל ניט זיין קיין יניקה אין קו השמאל.

משא"כ אין אן ארט וואו ס'איז דא א חשש אז עס וועט זיין א יניקה, איז אסור צו מערב זיין חסד מיט גבורה.

וואס אזוי איז דאס בא "לא תבשל גדי בחלב אמו", ווי ער איז מבאר אין זהר, אז "גדי" גייט אויף עשו, וואס ער איז רובו שערות, און דערפאר קען דערפון זיין א יניקה צו דעם קו השמאל, ביז אז עס וועט ארויסקומען א התגברות פון דער קו השמאל - דערפאר האט מען דאס געאסר'ט.

משא"כ בא ציצית האט דאס די כח צו מהפך זיין די גבורה צו קדושה, ביז אז דערפון זאל ווערן א מצוה, וואס דעמאלט איז דאס א מציאות דקדושה ממש.

**מח.** וואס די אלע חילוקים זיינען בזמן הזה, אבער לע"ל וועט דאך זיין בכח צו מברר זיין הכל, משא"כ איצטער איז דער כח דא נאר אין עניני קדושה.

וע"ד ווי דאס איז אין דער ענין פון פקו"נ בזמן הזה, ווי דער אלטער רבי זאגט אין אגה"ק (סכ"ו) אז איינער וואס עסט "לפקו"נ שהתירו רז"ל ונעשה היתר [גמור]", וואס לכמה דיעות איז דאס טאקע נאר "דחוי'", ד.ה. אז פקו"נ איז נאר דוחה דעם איסור, אבער ווי דער אלטער רבי שרייבט, ועד"ז לויט כמה דיעות איז דאס "הותרה" ביז ווי דער אלטער רבי זאגט אין דער חצאי ריבוע - דאס ווערט א "היתר גמור".

[עד"ז זיינען אויך די צוויי דיעות בנוגע צו טומאה, אויב דאס איז "דחוי'" אדער "הותרה"].

ועד"ז בנוגע צו די בגדי כהונה אין ביהמ"ק, אז וויבאלד דאס האט די כח צו מברר זיין דער קו השמאל, דערפאר האט מען דאס מתיר געווען, ביז אז דאס ווערט א ענין פון "לכבוד ולתפארת" ד.ה. א דבר שבקדושה.

ביז אז פקו"נ ווערט א מצוה, ביז אז דאס ווערט א מצוה גדולה, ווי איינע פון די פירושים אין דעם וואס מ'זאגט אז פקו"נ איז א "מצוה בגדול", אז דאס מיינט אז דאס איז א מצוה גדולה.

ביז מ'זאגט אז דורך דער ענין פון פקו"נ איז מען מציל אן "עולם מלא", ווארום אפילו א נפש אחת מישראל איז אן עולם מלא, וואס דערפאר איז "חייב אדם לומר בשבילי נברא העולם".

און יעדער איד איז ניט נאר סתם אן עולם מלא, נאר ווי די גמ' לערנט דאס דארטן אפ דערפון וואס אדה"ר "נברא יחידי" איז עד"ז כל אדם איז "נברא יחידי".

וואס דער צוגלייכעניש פון יעדער מענטשן צו אדה"ר, איז ווי אדה"ר איז געשטאנען קודם חטא עה"ד, און פאר דעם ענין פון "ויקח אחת מצלעותיו" - איז דערפון פארשטאנדיק אז עד"ז איז בא יעדער איינער, אז ער איז אן "עולם מלא", אזוי ווי עולם איז נאך געווען פארן חטא עה"ד.

און דערפון איז נאכמער מודגש דער גרויסער עילוי אין דעם ענין פון פקו"נ בשעת מ'איז מציל אזא "עולם מלא".

און עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דעם וואס די בגדי כהנים טוען אויף אין דעם צמר ופשתים ביחד, אז דערפון זאל ווערן אן ענין פון "לכבוד ולתפארת".

ועד"ז אין אלע ענינים בזמן הזה וואס ווערן נתברר און נתעלה אין קדושה.

און בנוגע צו שאר הענינים וועט לע"ל נתברר ווערן הכל, ווארום דעמאלט וועט מען אויף דעם האבן דעם כח.

מס. ויה"ר אז מ'זאל ניט דארפן רעדן וועגן דעם ענין פון פקו"נ, דערפאר וואס דאס וועט אינגאנצן נתבטל ווערן לע"ל.

און עס וועט זיין דער "וינצלו את מצרים", ווי חז"ל טייטשן "עשאוה כמצודה שאין בה דגן כו' כמצולה שאין בה דגים".

און מ'וועט גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, "בנערינו בזקנינו בבנינו ובבנותינו", במהרה בימינו ממש.

ב. דער ביאור אין פרש"י:

"היום אתם יוצאים בחודש האביב" וואס ווערט דערציילט אין פ' בא קומט בקשר מיט דער מצוה פון תפילין (ווי ער זאגט עטליכע פסוקים ווייטער) "והיו לך לאות על ידיך ולזכרון בין עיניך למען תהי' תורת ה' בפיך כי ביד חזקה הוציאך ה' ממצרים".

ד.ה. אז עס דארף זיין א שטענדיקע זכרון פון דער ענין פון יצי"מ.

און ווי דער בן חמש למקרא זעט דאס בפשטות, אז מצוות תפילין איז א שטענדיקע מצוה בכל יום ויום, און בכל הזמנים - סיי אין זמן הבית, סיי אין די צייטן פון רש"י ותלמידיו, ביז אין די צייטן פון דעם בן חמש למקרא.

ד.ה. אז אין דעם זכרון פון יצי"מ וואס איז דא אין תפילין דארפן זיין צוויי פרטים: דאס דארף זיין א זכרון און דער חידוש פון יצי"מ ווי דאס איז געווען בפעם הראשונה, און דאס דארף זיין א זכרון בכל יום ויום בכל הדורות.

וואס דערפאר איז רש"י מפרש אז "בחודש האביב" וואס שטייט דא מיינט צו זאגן "ראו חסד שגמלכם שהוציא אתכם בחודש שהוא כשר לצאת לא חמה ולא צנה ולא גשמים", וואס דאס איז א סימן וואס איז פארבונדן מיט דער חידוש פון יצי"מ ווי דאס איז געווען בפעם הראשונה, און דאס איז שייך געדיינקען בכל יום ויום.

משא"כ דאס וואס "חודש האביב" איז דער זמן בשנה "שהתבואה מתמלאת באביה" און דאס איז דער זמן וואס איז "ראשון לבשל פירות" (ווי רש"י זאגט אין פרשתנו) איז ניט נוגע צו יצי"מ בפעם הראשונה, ווארום זיי האבן דעמאלט ניט געהאט קיינע שדות, דאס וועט ערשט זיין נוגע צו די אידן אין 54 יאר (כנ"ל), און דאס איז אויך ניט שייך געדיינקען בכל יום ויום בכל השנה, ווארום דאס איז א זמן בשנה וואס קומט נאר איין מאל א יאר, ווען "התבואה מתמלאת באביה".

בא. משא"כ אין פרשתנו איז ניט נוגע ווי דער ענין פון יצי"מ דארף בלייבן א זכרון בכל יום ויום בא אידן, נאר דא איז נוגע ווי יצי"מ דריקט זיך אויס אין דעם וואס אידן פראוועןן חג הפסח פעם אחת בשנה, ט"ו בניסן, ווי ער זאגט אין דעם פסוק "את חג המצוה תשמור שבעת ימים תאכל מצות כאשר צויתיך למועד חודש האביב כי בו יצאת ממצרים ולא יראו פני ריקם".

און אזוי ווי דער פסוק זאגט בא די אנדערע צוויי רגלים אז דאס דארף זיין אין "חג הקציר" און אין "חג האסיף".

איז רש"י דערפון מכריח אז דער זמן בשנה וואס ער זאגט בא חג המצות ("חודש האביב") איז אויך פארבונדן מיט דער ענין התבואה בשדה, און דערפאר איז ער מפרש אז "חודש האביב" וואס שטייט בא חג המצות מיינט דער זמן "שהתבואה מתמלאת באביה" אביה לשון אב בכור וראשון לבשל פירות".

משא"כ דאס וואס "חודש האביב" איז דער "חודש שהוא כשר לצאת" (ווי רש"י זאגט אין פ' בא) איז אדער נוגע נאר בפעם הראשונה ווען די אידן זיינען בפועל ארויס פון מצרים, אדער דאס איז נוגע בכל יום ויום בשנה בשעת מ'געדיינקט ווי דאס איז געווען בפעם הראשונה.

בנוגע אבער צו פראוועןן חג המצות פעם אחת בשנה אין ט"ו ניסן - איז נוגע דער ענין פון "חודש האביב" ווי דאס איז פארבונדן מיט א זמן וואס קומט פעם אחת בשנה מדי שנה בשנה.

נב. מ'דארף נאך אבער פארשטיין פארוואס איז רש"י ניט מפרש וואס דער טייטש פון "(חודש ה) אביב" איז אין פ' בא, כאסש ער איז דאס מפרש אין פרשתנו.

איז דער ביאור אין דעם: ווען דער בן חמש למקרא זעט דעם ווארט "אביב" (און מ'זאגט אים ניט וואס דאס מיינט) פארשטייט ער אליין אז דאס איז פון דער שרש "אב", (א פאטער), ובדוגמא ווי מ'זאגט "אביך", "אבינו" וכיו"ב, עד"ז זאגט מען "אביב".

און ער גיט א קוק בא זיין "אב" אז ער טיילט זיך אויס פון דער גאנצער משפחה.

און וואס דער ענין פון אן "אב" איז פארשטייט ער אויך - אז דאס איז דער התחלה און ראשית פון א זאך, ווי ער זעט בא זיין אייגענעם פאטער אז ער איז דער ראש המשפחה, און ער האט קינדער און איניקלעך, וואס זיינען אלע פון "בתי אבות".

במילא פארשטייט ער אז עד"ז איז בנוגע צו "חודש האביב", אז דאס איז א חודש וואס איז אן "אב" צו די אנדערע חדשים, און ער געדיינקט וואס ער האט ערשט געלערנט אין דער פרשה אז "החודש הזה לכם ראש חדשים ראשון הוא לכם לחדשי השנה" - פארשטייט ער אז דאס איז דער "חודש האביב" וואס איז אן "אב" און א "ראש" צו אלע "חדשי השנה", אזוי ווי זיין פאטער איז אן "אב" און א "ראש" צו זיין גאנצע משפחה.

וואס דערפאר דארף רש"י גארניט מפרש זיין וואס "אביב" מיינט, ווארום דער בן חמש וועט דאס אליין פארשטיין, און ער וועט אויך פארשטיין פארוואס זאגט מען דא אז דאס איז "חודש האביב", דער חודש וואס איז "ראשון הוא לכם לחדשי השנה" - ווארום דאס איז א חלק פון דעם זכרון וואס מ'דארף האבן בכל יום ויום, אז אידן זיינען ארויס פון מצרים "בחדש שהוא כשר לצאת", וואס דאס איז דער חודש "ראש חדשים ראשון הוא לכם לחדשי השנה".

**נג.** דער ביאור איז אבער ניט אינגאנצען גלאטיק - ווארום:

ס'איז קצת קשה צו זאגן אז אין פ' בא איז דער פירוש "אביב" מלשון "אב" אזוי פשוט ביז אז רש"י דארף דאס ניט דערמאנען, משא"כ אין פ' משפטים קומט דער פירוש "אביב" מלשון "אב" ערשט אלס א צווייטער ענין?

וואס דערפאר קען מען זאגן אז דער טעם פארוואס רש"י איז ניט מפרש אין פ' בא וואס "אביב" מיינט - אז בפשטות דערפאר וואס ער פארלאזט זיך אויף דעם וואס ער האט מפרש געווען לפנ"ז אין פ' וארא (ט, לא), "השעורה אביב - עמדה באביה, לשון באבי הנחל (שה"ש ו, יא)".

אבער אין דעם פירוש (אז רש"י פארלאזט זיך אויף דעם וואס ער האט געזאגט אין פ' וארא) איז דא א "קלאץ קשיא" (וואס דערפאר קומט דאס אלס א צווייטער פירוש אויף דעם וואס רש"י איז ניט מפרש וואס "אביב" מיינט אין פ' בא):

נאך דערויף וואס עס שטייט "השעורה אביב" זיינען נאך געווען כמה מכות און יעדער מכה "משמשת רביע חודש ושלשה חלקים הי' מעיד ומתרה בהם" (פרש"י וארא ז' כ"ה) איז עפ"ז ווי קען מען זאגן אז אידן זיינען ארויס פון מצרים "בחודש האביב" - בשעת ס'איז א דורך אזויפיל צייט פון "השעורה אביב", ביז די אידן זיינען ארויס פון מצרים (אפילו את"ל אז מכת בכורות האט ניט משמש געווען קיין חודש און אפשר אויך מכת חושך האט ניט משמש געווען קיין חודש.

ובפרט לויט דעם פירוש אין רש"י (וארא שם, לב) אז דעמאלט איז אויך בא די "חטה" געווען "אביב" (און דאס וואס "והחטה גו' לא נכו כי אפילות הנה" - איז דערפאר וואס "פלאי פלאות נעשו להם שלא לקו").

וואס דערפאר איז גלאטער צו זאגן אז רש"י איז ניט מפרש אין פ' בא וואס "אביב" מיינט - דערפאר וואס ער פארלאזט זיך אז דער בן חמש למקרא וועט אליין פארשטייט אז דאס איז מלשון "אב" כנ"ל.

**נד.** וויבאלד אז מ'רעדט שוין וועגן דעם רש"י אויף "בחודש האביב" אין פ' בא - וועט מען שוין מבאר זיין פארוואס רש"י ברייננגט דארטן א ראי' פון א פסוק אין תהלים אז דער אויבערשטער איז "מוציא אסירים בכושרות"?

און בפרט אז דער ראי' פון דעם פסוק איז ניט אויף דער עיקר פירוש פון רש"י אז בחודש ניסן איז דער אויבערשטער "מוציא אסירים", און אויך ניט אראי' אז חודש ניסן איז א "חודש שהוא כשר לצאת".

איז דער ביאור אין דעם, אז דערמיט באווארענט רש"י א שאלה וואס קען ווערן, און כדרכו ניט ער פרעגט די שאלה און דערנאך ענטפערט דאס, נאר ער זאגט לכתחלה א פירוש וואס דערמיט וועט די שאלה בדרך ממילא אראפאלען.

ווען מ'זאגט אז "ראו חסד שגמלכם שהוציא אתכם בחודש שהוא כשר לצאת כו'" - ווערט גלייך א קלאץ קשיא:

אידן זיינען דאך געווען עבדים אין מצרים - איז וואס איז זיי א נפק"מ צי זיי וועלן ארויסגיין פון זייער עבדות אין זומער, אדער אין ווינטער, אדער ווען עס רעגנט וכו'.

צי דען וועט מען זיי האלטן נאך א ווינטער מאטערן זיך אלס עבדים אין מצרים - בכדי אז מ'זאל זיי קענען ארויסנעמען "בחודש שהוא כשר לצאת"?

און ווי מ'זעט בפשטות אז ווען מ'זאגט אן עבד אז ער קען ארויסגיין פריי - גייט ער ניט קוקן אויפן "טערמאמעטר" וואס דער טעמפעראטור איז, נאר ער הויבט זיך אויף און גייט ארויס פריי.

וואס דערפאר ברייננגט רש"י א ראי' פון א פסוק אז דער אויבערשטער איז "מוציא אסירים בכושרות".

ד.ה. אז אזוי איז דער מציאות אז דער אויבערשטער נעמט ארויס־אסירים דוקא אין א זמן וואס איז "כשר לצאת", און דערפאר איז אויך אין מצרים, וואס די אידן זיינען דארטן געווען "אסירים" האט זיי דער אויבערשטער ארויסגענומען "בחודש שהוא כשר לצאת".

נה. וואס דערפון זעט מען ווי רש"י איז מדוייק, און ווי באווארענט אלע שאלות וואס קען ווערן ביי אינעם וואס לערנט פשטות הכתובים.

און מ'זעט אויך ווי אין רש"י איז דא דער "הפך בה והפך בה", אויב מ'איז נאר מדייק אין זיין פירוש.

וואס דערפאר איז מען זיך משתדל צו מבאר זיין פרש"י און פארשטיין די הירוצים אויף אלע שאלות וואס זיינען דא אין פרש"י, און דאס זאל זיין נוגע צו יעדערן צו פארשטיין.

וואס לכאו' וואס דארף מען פארענטפערן אלע שאלות - מ'קען דאך לאזן דעם עולם גיין עסן שלש סעודות, אדער גיין שלאפן, וואס "שינה בשבת תענוג" -

נאר ווי איך האב אמאל געהערט פון א ראש ישיבה, אז ער פילט אז זיין תפקיד איז - אז ער טאר ניט לאזן אז זיין תלמיד זאל גיין שלאפן ביז ער וועט פארשטיין פארוואס סומכוס קריגט זיך אויף די רבנן, און אויב ער קען דאס ניט פועל'ן אויף זיין תלמיד איז דאס ניט זיין תלמיד חביב.

וואס דערפאר מאנט מען אז מ'זאל ניט שלאפן ביז מ'פארשטייט אלע שוועריקייטן אין רש"י, ניט שלאפן כפשוטו - מאנט מען ניט ווארום דאס איז אי אפשר בלאה"כ, אבער מ'מאנט אז דאס זאל זיין נוגע, ביז אין אן אופן אז ווען ער הערט א שיעור זאל ער ניט קוקן אויפן זייגער, ווען דער ווייזער וועט ווייזן אז ער קען אוועקגיין צו טאן זיינע ענינים, וואס דאס זיינען זיכער ענינים טובים אין רשות, אדער אין "ופרצת" - נאר עס זאל זיין נוגע דער ענין אין תורה וואס ער האט געהערט.

און ניט ווי די וואס ווען זיי האבן שוין אלץ אפגעטאן, און מקיים געווען כל התורה כולה, האב זיי זמנים הפנויים צו קוקן אויף די ווענט, אדער אנקלינגען א צווייטן אויפן טלפון און פרעגן וואס איז נייעס.

וואס האסטו פאר א שייכות מיט די נייעס? דו ווילסט הערן נייעס - זעץ זיך אוועק לערנען תורה וואס זי איז "בכל יום חדשים".

נאר ער האט דאך גארניט וואס צו טאן און וויבאלד אז ס'איז דא אזא מציאות פון א טלפון, וואס אין איר קען מען רעדן און פון איר קען מען הערן וואס א

צוויטער רעדס - הויבט ער אויף דעם טלפון און קלינגט אן א צווייטן און וועקט אים אויף פון שלאף - צו הערן וואס טוט זיך.

נו. זאגט מען אז די כוונה איז אז מ'זאל ארויסגיין און זיך עוסק זיין אין הפצת התורה און הפצת היהדות, ובפרט אין הפצת המעינות.

ביז אין אלע מבצעים, אנהויבנדיק פון "מבצע אהבת ישראל", און אין אן אופן פון "אהבת חנם", ביז אז דער אויבערשטער האט אהבת חנם אויף די אידן, און דאס פועל'ט אז זיי זאלן האבן אהבת חנם, וואס דאס איז מבטל שנאת חנם, און דעמאלט זעט מען די פירות וואס קומען ארויס פון "מבצע אהבת ישראל".

ועד"ז די פירות פון "מבצע חינוך", די פירות פון "מבצע תורה", די פירות פון "מבצע תפילין", די פירות פון "מבצע מזוזה", די פירות פון "מבצע צדקה", די פירות פון "מבצע בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", די פירות פון "מבצע נרות שבת קודש", די פירות פון "מבצע כשרות האכו"ש", און די פירות פון "מבצע טהרת המשפחה".

ועד"ז דער ענין פון "מיהו יהודי" און החזרת השטחים, אז עס זאל זיין ארץ ישראל לגבולותי', ווי מ'זאגט אין היינטיקער פרשה (כג, לא) "ושתי את גבולך מים סוף ועד ים פלשתים וממדבר עד הנהר גו'".

בביאת משיח צדקנו, וואס ער וועט מבטל זיין דעם גלות, און דערנאך וועט זיין די אתחלתא דגאולה, און דערנאך די גאולה אליין, וואס דעמלאס וועט זיין אלע דריי שלימות'ן, שלימות התורה, שלימות העם און שלימות הארץ.

בגאולה כפשוטו, דער גאולה האמיתית והשלימה, במהרה בימינו ממש.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

* * *

בס"ד. קטע משיחת ש"פ משפטים, מבה"ח אדר, פ' שקלים, ה'תש"מ.

**הנחה פרטית בלתי מוגה**

א. מ'לעבט דאך אין א וועלט מיט ווילדע איינפאלן - איז לעצטענס געווארן א נייער איינפאל: אזוי ווי די תורה איז געגעבן געווארן אין מדבר איז א ראי' אז מ'דארף ניט האבן ארץ ישראל.

זאל מען ארייננקוקן אין חומש, און אין חומש גופא אין די עשה"ד, וואס זיי זיינען געגעבן געווארן בא מ"ת, און זיי זיינען בפשטות די יסודות פון אידישקייט - און מ'וועט זען אז נאך דערויף וואס מ'זאגט די ערשטע פיר דברות, קומט מען צו דעם דיבור "כבד את אביך ואת אמיך" [וואס בא דעם דיבור איז אפילו או"ה "נחה דעתם", ווארום ביז דעם דיבור האבן זיי גע'טענה'ט אז "כבוד עצמו הוא דורש"], און ער איז גלייך ממשיך "למען יאריכון ימיך על האדמה אשר ה' אלקיך נתן לך".

ד.ה. אז דער אויבערשטער זאגט אן אז בשעת עס וועט זיין "כבד את אביך ואת אמך" וועט מען ניט באקומען מער הצלחה אין לימוד התורה, און מ'וועט ניט באקומען עוה"ב "לחזות בנועם ה'" - נאר מ'וועט באקומען דעם שכר פון לעבן אויף ארץ ישראל הגשמי!

און ניט סתם לעבן אויף דעם, נאר "יאריכון ימיך על האדמה אשר ה' אלקיך נתן לך", אז מ'וועט לעבן ביז הונדערט און צוואנציק יאר און נאכמערער אין ארץ ישראל כפשוטו.

וואס מה-דאך אז איצטער אין א גלות חושך כפול ומכופל ווייסט מען אז דער נשמה איז א נצחי, און במילא אפילו ווען די נשמה גייט אוועק פון גוף באקומט זי שכר למעלה - איז דאך עאכו"כ אז די אידן דעמאלט האבן דאס געוואוסט, און אעפ"כ בכדי צו אננעמען דעם ציווי פון "כבד את אביך ואת אמך" האט מען זיי ניט געזאגט אז דורך דעם וואס זיי וועלן דאס מקיים זיין וועלן זיי באקומען א שכר רוחני, ג"ע, עוה"ב, ש"י עולמות, און אפשר ש"א עולמות, נאר "למען יאריכון ימיך על האדמה אשר ה' אלקיך נתן לך", אז זיי וועלן באקומען ארץ ישראל הגשמי.

און דערפאר אז איינער קומט און זאגט אז מ'דארף ניט האבן ארץ ישראל ר"ל - זאגט מען אים ער זאל גיין פרעגן בא דעם אויבערשטן צי מ'דארף עס האבן צי ניט!

און דער אויבערשטער זאגט קלאר אין די עשה"ד נאך איידער מ'קומט צו ויקרא און במדבר און דברים, און נאך איידער מ'לערנט תושבע"פ וועגן יעודים רוחניים - אז דער שכר אויף "כבד את אביך ואת אמך" איז "למען יאריכון ימיך על האדמה אשר ה' אלקיך נתן לך".

און דאס איז דער איינציגער שכר וואס דער אויבערשטער האט געפונען פארנויטיקט צו שרייבן.

ב. ועד"ז זאגט מען אז מ'זאל ארייננקוקן אין חומש ווען די אידן זיינען ארויס פון מצרים, זאגט דער אויבערשטער צו אידן (וארא ו, ו-ז) "והוצאתי אתכם מתחת סבלות מצרים, והצלתי אתכם מעבודתם, וגאלתי אתכם בזרוע נטוי' גו', ולקחתי אתכם לי לעם והייתי לכם לאלקים גו'", איז די אלע פיר לשונות נאך אלץ ניט גענוג, און ער איז ממשיך (שם, ח): "והבאתי אתכם אל הארץ אשר נשאתי את ידי לתת אותה לאברהם ליצחק וליעקב, ונתתי אותה לכם מורשה".

וואס לכאו' דער אויבערשטער האט שוין ארויסגענומען די אידן פון מצרים - וואס נאך פאר א שלימות דארף מען האבן?

זאגט מען אבער אז עס דארף זיין דער "והבאתי אל הארץ", וואס דאס איז דער "ארץ טובה ורחבה" - ארצנו הקודש.

און דערנאך איז דער ציווי בפשטות אז "בכל דור ודור חייב אדם לראות את עצמו כאילו הוא יצא היום ממצרים", אז די ענינים פון יצי"מ וואס האבן געטראפן דעם ערשטן מאל.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו "והבאתי אתכם אל הארץ" וואס קומט בהמשך צו יצי"מ, אז א איד דארף כסדר איבערלעבן דעם גייען אין ארץ ישראל.

ג. און דאס וואס יענער פרעגט אז די תורה איז דאך געגעבן געווארן אין מדבר און ניט אין ארץ ישראל - איז דאס א שאלה וואס איז שוין אלט צוויי טויזענט יאר!

דער מדרש פרעגט שוין די שאלה, און גיט אויך אן ענטפער, אז אויב מ'וואלט געגעבן די תורה אין ארץ ישראל, וואלטן די ארץ ישראל'דיגע אידן געזאגט אז די תורה איז נאר שייך צו זיי, וואס דערפאר האט מען געגעבן די תורה במקום הפקר, אין מדבר, צו באווייזן אז תורה איז שייך אויך צו די אידן אין חו"ל.

אבער ס'איז מופרך לגמרי צו זאגן אז וויבאלד די תורה איז געגעבן געווארן אין מדבר, איז א ראי' אז מ'דארף ניט האבן א"י, נאר אדרבה - דוקא אין א"י איז די תכלית השלימות וואס אידן קענען דערגרייכן, און אויך אין לימוד התורה שלהם, כמארז"ל "אין תורה כתורת א"י".

ד. און ווען א רב מוסמך שטעלט זיך אויף און זאגט אז מ'דארף ניט האבן ארץ ישראל. און ער זאגט דאס אע"פ וואס דאס איז פארבונדן מיט פקו"נ פון א ריבוי אידן און דער רמ"א פסק'נט אזוי אפ **בפירוש** אין שו"ע הל' שבת דארף מען מען ביי אים פרעגן "מאיזה טעם דנתובני", אז ער זאל אנווייזן אלע מקורות פון וואנעט ער נעמט זיין פס"ד.

און אויב ער וויל ניט זאגן וואס זיינען זיינע מקורות - דארפן אלע די וואס שטייען ארום אים וויסן אז ער טוט היפך ההלכה!

ווארום דער דין איז אז אפילו בא א דין פון א שוה פרוטה, איז אויב דעם וועלכן מ'האט דן געווען קומט און פרעגט בא דעם רב "מאיזה טעם דנתני", איז אפילו אויב דאס איז אן איש פשוט ביותר - דארף דער רב אויפעפענען און אים באווייזן אלע מקורות פון וואנעט ער האט גענומען זיין דין.

ועאכו"כ ווען עס קומט צו אן ענין אין פקו"נ, דארף ער זיכער באווייזן אלע מקורות זיינע אויף דעם וואס ער פסק'נט, און אויב ער טוט דאס ניט דארפן אלע וויסן אז ער טוט היפך ההלכה, כנ"ל.

ד. ע"ד ווי דער ענין הנ"ל וואס מ'רעדט שוין כמה זמן אז ס'איז דא דער פס"ד ברור אין שו"ע הלכות שבת סימן שכט, אז "בעיר הסמוכה לספר" איז אפילו אויב גויים קומען נאר "על עסקי תבן וקש" איז "יוצאין עליהם בכלי זיין" און "מחללין עליהם את השבת", "ואפילו לא באו עדיין אלא רוצים לבא" (רמ"א שם) -

איז בדומה לזה געווען מיט כמה שנים לפנ"ז, וואס מ'האט גערעדט אז ווען עס קומט צו אן ענין אין רפואה, דארף דער דוקטער לאו דוקא לייגן צוויי פאר תפילין, און אפילו אויב ער לייגט איין פאר אויך ניט, איז דער דין אז ווען ער זאגט ביום השבת אז מ'דארף מחלל זיין שבת צוליב אן ענין פון פקו"נ, ועד"ז אין "שבת שבתון", אין יוהכ"פ, אז מ'דארף מחלל זיין יוהכ"פ - איז דער דין ברור אז מ'דארף אים פאלגן.



הנחה פרטית בלתי מוגה.

ס'איז טאקע ניט דער פשט אז מ'איז מחלל שבת ויוהכ"פ דערפאר וואס ער הייסט, נאר דערפאר וואס אזוי זאגט תורה, אבער תורה זאגט אז מ'דארף דאס טאן בשעת א רופא מומחה באותו ענין הייסט דאס טאן.

און דעמאלט איז אויך געווארן א גאנצער טומעל, מיט פטפוטי דברים וכו' - וואס הייסט אז מ'דארף פאלגן דעם רופא, ער איז דאך ניט קיין שומר תומ"צ?!

האט מען דעמאלט געזאגט אז מ'זאל אליין גיין קוקן אין שו"ע און זען אז אזוי איז דער דין ברור אז מ'דארף פאלגן א רופא מומחה.

האט מען מיר דעמאלט געענטפערט אז מ'וויל ניט גיין קוקן, מ'איז פארנומען מיט אנדערע זאכן, און מ'האט ניט קיין צייט וכו'!

עד"ז איז איצטער בנוגע צו די שטחים אין ארץ ישראל - אז מ'זאגט אז מ'דארף פרעגן ביי א מומחה אין עניני צבא צי די שטחים זיינען אן "עיר הסמוכה לספר", און אויב מ'וועט אוועקגעבן די שטחים וועט דאס ווערן אן ענין פון פקו"נ, וואס דעמאלט איז דער פס"ד ברור אז מ'טאר דאס ניט טאן -

זאגט ער אז ער וויל ניט גיין פרעגן בא א מומחה אין די ענינים, און מארגן וועט ער אויך ניט גיין פרעגן! דער רמ"א פסקנ'ט איין וועג און ער האלט אנדערש.

ובנוסף לזה כאמור, אז מ'פרעגט ביי אים "מאיזה טעם דנתנבי" וויל ער ניט זאגן פון וואנעט ער נעמט זיין פס"ד.

איז וויבאלד אז דער אויבערשטער האט אים געגעבן בחירה - קען ער בוחר זיין ניט צו גיין פרעגן ביי א מומחה אין עניני צבא, ועד"ז ניט זאגט "מאיזה טעם דנתנבי" -

אבער די עומדים סביביו דארפן וויסן אז ער טוט היפך הדין!

ה. דערנאך איז געווארן א נייע טענה, אז דער דין אין הלכות שבת הנ"ל רעדט נאר אין א זמן פון מלחמה, אבער אין א זמן פון "שלום" איז ניטא דער דין אז "יוצאין עליהם בכלי זיין כו'".

ובפרט אז דאס איז א "שלום" וואס אויף איר זיינען דא עדים, און מ'האט אויך אן ערב, און ניט סתם אן ערב, נאר אן ערב וואס איז א "סופער - פאווער".

זאגט מען אבער אז בד"א ווען עס וואלט ניט געשטאנען א טעם פארוואס "יוצאין עליהם בכלי זיין" און "מחללים עליהם את השבת", איז דעמאלט וואלט מען זיך אפשר געקאנט דינגען צי דער פס"ד איז ניט אין א זמן פון אזוי גערופענע "שלום".

אבער וויבאלד אז עס שטייט בפירוש א טעם פארוואס ווען גוים קומען נאר "על עסקי תבן וקש" און אפילו "לא באו אלא רוצים לבוא" איז "יוצאין עליהם בכלי זיין", אז דאס איז דערפאר וואס "שמא ילכדו העיר ומשם תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם" (פרש"י ד"ה לספר - עירובין מה, א. שו"ע אדה"ז סשכ"ט סס"ו) - איז דעמאלט דער איינציקער אבן הבוחן צו וויסן ווען דער דין איז חל, איז צו פרעגן: צי דאס וועט ווערן "הארץ נוחה ליכבש לפניהם" אדער ניט, און אויב יע איז דער דין חל.

און עס העלפט ניט קיינע סברות אין שכל, ווארום ס'איז דא א בפירוש'ער טעם מיט וואס צו בוחן זיין צי די הלכה איז חל, און דאס איז אויב "הארץ נוחה ליכבש לפניהם".

און דאס זיינען אלע מודה אז די שטחים זיינען אין דעם גדר פון "עיר הסמוכה לספר", און אויב מ'וועט זיי אפגעבן וועט ווערן "הארץ נוחה ליכבש לפניהם".

ו. און ווי ס'האט זיך טאקע אויסגעוויזן בזמן האחרון ווי דער "שלום" איז געוואָרן געארבעט, וואס מ'קען שוין איצטער מגלה זיין אז מ'האט געמאכט א גיוס פון א האלב מיליאן מענטשן אין צבא, און מ'האט זיי אוועקגעשטעלט אויף איינע פון די גבולות בכדי מגין זיין אז גארניט זאל ווערן.

וואס דא איז נתגלה געווארן אז מ'דארף טאן ווי דער פס"ד רמ"א אז "יוצאין עליהם בכלי זיין".

ועד"ז האט מען געזען אז זינט דער "שלום" אפמאך צוויי יאר צוריק איז צוגעקומען א ריבוי מערער חבלנים ר"ל, ווי איידער דער "שלום", וואס א גרויסער חלק פון די מעשיות איז מען מעלים, אבער עפעס דערפון איז מען מגלה.

וואס דערפון זעט מען אויף וויפיל דער "שלום" איז ווערט.

וכמדובר כמ"פ אז דער טעם פארוואס עס איז אזוי געווארן איז דערפאר וואס דער טבע איז אז מ'גיט נאך איין לחץ איז דאס מזמין א צווייטן לחץ, ביז אז מ'דארף אלץ אפגעבן.

וואס עד"ז איז אין דעם ענין: לכתחלה האט מען נאכגעגעבן דעם לחץ און מ'האט אוועקגעגעבן די נפט, וואס דאס איז גורם צו א גרויסן הפסד אין ממון, און דערנאך גיט מען נאך די לחצים פון ארה"ב,

וואס ווען די אראבער זען דאס באקומען זיי א תוקף און זיי מאנען נאך, און דערפאר ווערן מערער חבלנים און די אלע תוצאות וואס קומען דערפון ארויס.

ז. וואס דערפאר דארף מען זיך פירן ווי דער רמ"א פסקנ'ט אז ווען עס קומט צו אן "עיר הסמוכה לספר" איז "יוצאים עליהם בכלי זיין", וואס אויף דערויף דארף מען פשוט האבן אנשי צבא וואס זאלן מגין זיין על הארץ.

און דאס איז א הגנה אויף ארץ ישראל הגשמי, ווי גערעדט פריער אז אידן מוזן האבן ארץ ישראל הגשמי, ווי עס שטייט בפירוש אין די עשה"ד.

און ווי דער רמב"ם זאגט אז א איד מוז האבן גשמיות, בני חיי מזוני ורויחי בפשטות.

ובפרט ארץ ישראל הגשמי, וואס דאס איז די תכלית השלימות וואס איז דא ביי אידן און וואס איז דא אין תורה, ד.ה. אז אפילו איינער האט תורה, זאל ער ניט זאגן אז אים איז גענוג א מדבר, נאר ער דארף אלעמאל וויסן אז זיין שטרעבונג איז צו זיין "על האדמה אשר ה' אלקיך נתן לך", און אויב ער האט דאס ניט פעלט דעמאלט אין זיין לימוד התורה.

און ווי דער מדרש גלייכט צו אלע ענינים צו ארץ ישראל, סיי תורה, און סיי מצוות, און סיי ישראל, אבער דער עיקר הפירוש איז אז מ'דארף פשוט האבן ארץ ישראל הגשמי.

און וויבאלד אז מ'געפינט זיך נאך אין זמה"ג, איז "אין סומכין על הנס" און מ'דארף אנקומען צו דרכי הטבע צו מגין זיין אויף ארץ ישראל, וואס דערפאר דארף מען האבן אז אנשי צבא וואס זיי וועלן דאס טאן.

אבער ח"ו צו זאגן אז מ'האט תורה און מער דארף מען ניט האבן, מ'מוז האבן ארץ ישראל!

און בשעת מ'גיט א אידן גשמיות און ער באקומט א טובה מלמעלה - מוז ער זאגן הודאה אויף דעם.

ווי די גמ' דערציילט וואס איז געשען ווען חזקי' האט ניט געזאגט שירה אויף דער נס וואס איז געטראפן מיט אים, וואס דא איז ניט דער פשט אז ער האט ניט מכיר געווען בנס, ער האט בפירוש מכיר געווען בנס - עס האט נאר געפעלט אז ער זאל דאס מכיר זיין בפה, מיט זאגן שירה!

און צוליב דעם וואס ער האט ניט געזאגט קיין שירה - ציט זיך דער גלות שוין 3000 יאר! און דערפאר געפינען מיר זיך אין שנת ה'תש"מ אין א חושך כפול ומכופל!

ווארום צוליב דעם וואס ער האט ניט געזאגט שירה, איז געווארן אויס "ביקש לעשות חזקי' משיח", און מ'איז אריין אין א גלות וואס איז א חושך כפול ומכופל, און דאס ציט זיך עד היום הזה!

וואס דערפון זעט מען וואס קומט ארויס ווען איינער איז נאר ניט מכיר אין א טובה וואס ער באקומט.

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו ארץ ישראל הגשמי, אז וויבאלד מ'האט דאס אפגעגעבן אידן, איז ניט נאר וואס ס'איז ח"ו צו זאגן אז מ'דארף דאס ניט האבן, נאר מ'דארף מכיר זיין בטובה וואס דער אויבערשטער האט געטאן פאר אידן!

ח. פארוואס רעדט מען ווענן דערויף? לכאו' וויבאלד אז מ'געפינט זיך אין שבת, איז דאך "וקראת לשבת ענג", מ'דארף נאר רעדן ענינים פון עונג, און ניט ענינים המצערים, ובפרט אז מ'געפינט זיך אין א מקום קדוש.

ובפרט אז מ'געפינט זיך אויך אין שבת מבה"ח אדר, וואס דאס באווייזט אז אפילו ווען אידן געפינען זיך אין א מעמד ומצב וואס "אכתי עבדי אחשורוש אנן", איז אבער "וקיימו וקבלו היהודים".

איז דער ביאור אין דעם וואס מ'רעדט דאס - אז עס זאל ניט בלייבן קיין רושם ניט למעלה און ניט למטה אז ס'איז דא א קס"ד ביי אידן אז מ'דארף ניט טאן ווי עס ווערט אפגע'פסק'נט אין שו"ע.

און ווי פועל'ט מען אז עס זאל ניט בלייבן אזא רושם למעלה און למטה - איז דאס דורך דערויף וואס מ'איז מפרסם גלוי לעין כל אז ער האט ניט געפרעגט בא א מומחה אין די ענינים, וואס דאס איז דא א דין מפורש אז ווען עס קומט צו אזא מעמד ומצב מוז מען פרעגן ביי א מומחה באותו ענין.

וע"ד ווי דאס איז ווען א סנהדרין האנדעלט וועגן אן ענין אין רפואה, איז דער דין אז זיי דארפן גיין פרעגן ביי א רופא מומחה.

ועד"ז ווען עס קומט צו אן ענין אין קידוש החודש, דארף מען פרעגן ביי א חכם בחכמת התכונה.

און אויב מ'פסק'נט אן פרעגן טוט מען היפך הדין!

וואס אע"פ אז בא קידוש החודש איז דער דין אז "אפילו מזידין" טוט מען ווי דער בי"ד האט גע'פסק'נט - אבער דאס איז דוקא נאר בא קידוה"ח, משא"כ ווען עס קומט צו אנדערע ענינים מוז מען גיין פרעגן ביי א מומחה באותו ענין.

און וויבאלד אז ער איז ניט געגאנגען פרעגן בא א מומחה באותו ענין בעמט ער זיך ארויס פון זיין א פוסק

וואס דאס איז וואס מ'וויל מכריז זיין לעין כל סיי למעלה און סיי למטה - אז מ'זאל וויסן אז וויבאלד דער רב וואס אע"פ וואס ער איז סמוך איש מפי איש, אבער וויבאלד אז ער אליין איז מודה אז ער האט ניט געפרעגט ביי א מומחה באותו ענין, און אז מ'פרעגט אים "מאיזה טעם דנתני" וויל ער ניט ענטפערן - נעמט ער זיך ארויס פון זיין א פוסק בישראל!

וואס דער טעם פארוואס ער ענטפערט ניט "מאיזה טעם דנתני" איז פשוט דערפאר וואס ער קען ניט ענטפערן, ווארום דאס איז היפך שו"ע, היפך א ירושלמי, און היפך די גמ' אין עירובין אין בבלי!

דער איינציקער טעם פארוואס ער זאגט אזוי איז דערפאר וואס ער האט אזוי מחליט געווען פאראויס, וואס דערפאר איז דאס ניט שייך משנה זיין, ס'איז פשוט דערפאר וואס כך החליט און גיי טו אים עפעס!

ט. און דער סיבה וואס ברייינגט צו די אלע ענינים - איז דער ענין פון שנאת חנם, און שנאת אחים אז מ'מאכט א שנאה און מחלוקת צווישן אידן, און אויף דעם בויט מען אלע ענינים, ברייינגט דאס צו אלע ענינים בלתי רצויים.

ווי די גמ' דערציילט אז צוליב שנאת חנם איז חרוב געווארן דער ביהמ"ק, ווארום שנאה און מחלוקת בא אידן איז דער היפך פון גאנץ אידישקייט און היפך פון גאנץ תורה.

תורה איז ענינו שלום, "כל התורה כולה ניתנה לעשות שלום בעולם", און דוקא אז ס'איז דא שלום צווישן אידן איז מען מצליח.

משא"כ ווען ס'איז דא אזוינע וואס גייען ארום און פארשפרייטן שנאת חנם און מחלוקת צווישן אידן ברייינגט דאס דערנאך ארויס אז מ'זאל טאן היפך א פס"ד ברור אין שו"ע, ביז אז מ'ברייינגט אידן צו פקו"נ ר"ל!

וואס וויבאלד אז ס'איז דא שנאת חנם, דארף מען דאס מבטל זיין מיט אהבת חנם, דורך דעם וואס מ'האט ליב א אידן אן קיין שום אנדער סיבה חוץ דעם וואס ער איז א איד, און ער איז "נער ישראל ואהבהו", ביז ווי דער מגיד זאגט אז יעדער איד איז א בן צו דעם אויבערשטן וואס איז חקוק במוחו, און אזוי ווי ער איז חקוק במוח האב, קומט ער אראפ למטה אין תחתונים.

י. ויהי"ר אז מ'זאל ניט דארפן מערער רעדן וועגן די ענינים, ווארום ס'וועט נתגלה ווערן אין וועלט ווי אלע ענינים פירן זיך ע"פ תורה.

און ס'וועט זיין "דבר אלקינו יקום לעולם".

און וויבאלד אז די גמ' פסק'נט אז ס'איז "כלו כל הקיצין" - זאל שוין קומען משיח צדקנו "וילמד את כל העם כולו", אויך מיט אנשים פשוטים, און ער וועט זיי אנווייזן אלע מקורות פון דעם וואס מ'לערנט, און ער וועט זיי ניט זאגן: דו ביסט אן איש פשוט און איך בין דיר ניט מחוייב ווייזן די מקורות!

ועד"ז וועט ער ניט מאנען אז מ'זאל זיך אויפשטעלן פאר אים, נאר ער וועט זיך אראפלאזן צו יעדער אידן און לערנען מיט אים כל התורה כולה,

און אפילו אויב ער דארף אנהויבן לערנען מיט אים פון אל"ף בי"ת, זעצט ער זיך אוועק און לערנט מיט אים קמץ אל"ף א, וואס דאס איז דער אל"ף פון "אנכי ה' אלקיך גו'".

יא. און עס וועט זיין ווי ער זאגט אין היינטיקער פרשה "ושמתי את גבולך מים סוף ועד ים פלשתים וממדבר עד הנהר גו'" ביז צו "כי ירחיב ה' את גבולך".



הנחה פרטית בלתי מוגה

בגאולה האמיתית והשלימה וואס וועט קומען דוקא דורך דער היפך פון שנאת חנם און אין אן אופן פון "אל תשא להם למענך" און דאס איז "כי תשא את ראש בנ"י" (יל"ש ישעי' רמז שצג). וראה סה"מ פר"ת ע' רסג. ס"ע רסז ואילך).

בקרוב ממש, ובעגלא דידן.

* * *

## שיחה להשלוחים שיחיו הנוסעים לאוסטרליא

### יום א׳ פ׳ תרומה — ל׳ שבט אדר״ח אדר, ה׳תש״מ —

זאל די שליחות זיין מיט גרויס הצלחה, אנהויבנדיק פון דעם פארן אהינצו[1], און דערנאך דער זיין דארטן און אין דורכפירן דארטן די שליחות.

ובפרט אז די שליחות הויבט זיך אן בזמן פון „ויהי בשלושים שנה"[2] בפעם השני׳ — איז דאס ביתר שאת וביתר עוז.

צו פארבינדן דאס מיט אן ענין של פועל — וועט מען געבן יעדערן פון די שלוחים:

אן ענין פון „ציון במשפט תפדה"[3] — דעם ספר לקו״ש (וואס האט זיך לעצטנ׳ס אפגעדרוקט), ובפרט אז עס רעדט זיך דארט וועגן „המעשה הוא העיקר"[4],

און אויך דעם לקו״ש פון דעם פאריגן שבת[5], פ׳ „ואלה המשפטים אשר תשים לפניהם"[6],

וואס דאס און אזוי דארף זיין אייער עבודה דארטן — געבן כל עניני יהדות בכלל, און די ענינים פון די מעינות במיוחד אין אן אופן פון „תשים לפניהם — כשולחן ערוך"[6].

און פארבינדן דאס אויך מיט „ושבי׳ בצדקה" — וועט מען געבן אייך שלשים לירות אויף געבן אויף צדקה אין ארה״ק, און שלשים דאלאר במעות המדינה פון אוסטרליא אויף געבן אויף צדקה אין אוסטרליא.

ויה״ר אז די אלע ענינים, אלעס וואס עס האט זיך גערעדט צו די פריערדיקע שלוחים שיחיו, וועלכע זיינען חל אויך איצטער, זייענדיג אין אן אופן פון פעולה נמשכת, זאלן זיין בהוספה —

וויבאלד אז ס׳איז א התחלה פון א נייעם „ויהי בשלשים שנה", „כפליים לתושי׳"[7] — איז דאס ביתר שאת וביתר עוז (כנ״ל).

• • •

1) מתאים להכוונה שגם במשך זמן הנסיעה מתעסקים בהפצת היהדות — באופן המתאים.

2) יחזקאל א, א. וראה קצוה״ע לתניא ע׳ עו. לקו״ש (ח״ב ע׳ 591 ואילך. ח״ד ע׳ 1323 ואילך). לקוטי לוי״צ אגרות ע׳ רעז.

3) ישעי׳ א, כז. וראה לקו״ת ר״פ דברים. אוה״ת שם.

4) אבות פ״א מי״ז.

5) דמיני׳ מתברכין כולי יומי (זח״ב סג, ב. פח, א) — כל ימי פ׳ תרומה.

6) מכילתא ופרש״י ר״פ משפטים. הל׳ ת״ת לאדה״ז פ״ד ס״ח.

7) איוב יא, ו. וראה שמו״ר רפמ״ו (דכפליים אינו מוגבל בשתי פעמים ככה. ומובן שאין סתירה מדחז״ל הובא באגה״ת ספ״ט).

8) ע״ד מחז״ל שלא יעשו הר הבית קפנדריא (ברכות נד, א. וראה שם סב, ב).

איר וועט זיכער אויסקלייבן איינעם, אדער פאנאנדערטיילן צווישן זיך זה אחר זה — אויף מודיע זיין בשו״ט פונעם משך פון דער נסיעה, ועד״ז וועגן דעם ביקור אין ארה״ק,

וואס דער ביקור אין ארה״ק, אין דער צייט וואס מ׳איז דארטן — דארף זיין (ווי יעדער ביקור אין ארה״ק) אין אן אופן של קביעות[9], ובפרט אז „ע״פ ה׳ יסעו וע״פ ה׳ יחנו״[10], און דערנאך „ע״פ ה׳ יסעו״ ווייטער.

און דערנאך אויך מודיע זיין בשו״ט פעם בחודש, מידי חודש בחדשו, פון דעם מקום השליחות אין אוסטרליא,

און מאכן אויך דארטן ארץ ישראל[11], „ארץ אשר גו׳ עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה״[12].

און טאן די אלע ענינים מתוך שמחה וטוב לבב.

• • •

[נתן לכאו״א מהשלוחים שיחיו: ספר לקו״ש כרך ט״ו (בראשית), לקו״ש פ׳ משפטים שנה זו, שלשה שטרות של עשר לירות ישראליות, ושלשה שטרות של עשר דאלאר דאוסטרליא.

אח״כ נתן לכאו״א מהם עוד שלשה דאלאר, ואמר: דאס איז אויף הוצאות און אויף צדקה — דא.

• • •

אח״כ אמר — לההורים שיחיו שהיו נוכחים: גדול זכותם ואשרי חלקם פון די עלטערן וואס האבן אויפגעהאדעוועט אזוינע קינדער.

ויהי״ר אז אע״פ וואס „בכל אדם מתקנא חוץ מבנו ותלמידו״[13] — זאלן די עלטערן זיך יע מתקנא (דקדושה[14]) זיין אין זייערע קינדער, און במילא טאן נאכמער דא במקומם,

וואס דאס איז דאך אויך א שליחות פון ממה״מ הקב״ה, די שליחות פון „לעשות לו ית׳ דירה בתחתונים״.

להסבים וסבתות שיחיו שנוכחו: איר זאלט פון זיי קלייבן נחת לאורך ימים ושנים טובות.

ונתן לכאו״א מכהנ״ל שלשה דאלאר].

---

9) להפיץ התומ״צ ולעשות לו ית׳ דירה בתחתונים.

10) בהעלותך ט, יח. ראה עירובין נה, ב: כיון דכתיב בהו ע״פ ה׳ יחנו וע״פ ה׳ יסעו כמאן דקביע להו דמי.

11) ע״פ פתגם אדמו״ר הצ״צ בלקו״ש ח״ב ע׳ 621.

12) עקב יא, יב.

13) סנהדרין קה, ב. ובכ״מ.

14) ע״ד קנאת סופרים תרבה חכמה (ב״ב כא, א. וראה משלי כג, יז. אוה״ת בראשית ד״ה ותקנא רחל (ריח, ב ואילך). ושי״נ).

ב"ה, שיחת יום א', ל' שבט ואדר"ח אדר ה'תש"מ.

הנחה פרטית בלתי מוגה

א. אזוי איז דאך ידוע דער מאמר חז"ל אל יפטר אדם מחברו אלא מתוך דבר הלכה שמתוך כך זוכרהו.

וואס נוסף אויף דעם ענין כפשוטו, איז דאך דא אין דערויף אויך וואס יעדער איד האט דאך אויף זיך א שליחות, וואס דאס איז זיין מציאות וואס צוליב דערויף איז ער באשאפן געווארן - אני נבראתי לשמש את קוני, ווערט די שליחות זיין מציאות.

וויבאלד אז יעדער טאג און יעדער חודש האט אין זיך א באזונדער שליחות מתאים צו די ענינים פון דעם זמן, בלשון הזהר כל יומא ויומא עביד עבידתי' - איז אז מ'גייט אריבער פון איין טאג צום צווייטן, אדער פון איין חודש צו א צווייטן - ווערט דאס א נייע שליחות און א נייע מציאות.

קומט דאך אויס אז ער זעגנט זיך, אל יפטר אדם מחברו אט דאס ווי ער איז געווען אין חודש שבט, און איצטער ווערט ער ווי ער דארף זיין אין חודש אדר, איז אט דער געזעגענען זיך פון זיין מציאות ווי ער איז געווען בחודש שבט צו דעם ווי ער גייט אריבער טרעפט זיך מיט זיין מציאות ווי ער איז אין חודש אדר, דארף דאס אויך זיין (לויט דער הוראה פון דעם מאמר חז"ל) אז עס דארף ניט זיין קיין פירוד און אן אוועקגיין נאר אין אן אופן שמתוך כך זוכרהו.

אז די ענינים וואס האבן זיך אויפגעטאן אין שבט האבן א פעולה נמשכת אויף דערנאך, אויף די ענינים וואס דארפן אויפגעטאן ווערן אין חודש אדר.

עד"ז ועאכו"כ אז ס'איז דא דער אוועקפארן פון איין אידן פון א צווייטן, פון איין מקום גשמי אין א צווייטן מקום גשמי.

וואס אע"פ וואס לכאורה וויבאלד אז ברוחניות בלייבט מען צוזאמען, איז וואס איז דא אזוי דער טומל וואס מ'גייט אוועק אין אן אנדער מקום גשמי -

איז נוסף אז דאס איז דאך לאו כל מוחא סביל דא, אז ביי אים זאל זיין דער רוחניות דער עיקר און די גשמיות א טפל, במשך כל היום כולו, כאטש אפילו ער ווייס אז אזוי איז דער אמת - איז אבער אויך מצד פנימיות הענינים, אז די שליחות פון א אידן איז דאך לשמש את קוני ווי דער אויבערשטער וויל, וואס דער אויבערשטער וויל אז עס זאל זיין א דירה בתחתונים, אין ענינים גשמיים, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער וואס געפינט זיך אין אן אנדער מקום גשמי - איז דאס ניט די זעלבע שליחות און ניט די זעלבע שליחות אויך ברוחניות, וויבאלד אז דער צווייטער האט א שליחות אין איין מקום גשמי, און דער האט א שליחות אין א צווייטן מקום גשמי.

וואס ע"פ תורה דארף דאס זיין מקומות נפרדים, עאכו"כ אז עס רעדט זיך וועגן פארן פון חו"ל אין ארה"ק, אדער פון ארה"ק אין חו"ל - איז דאך דאס נאך א שטארקערער חילוק אין די אופני עבודה, מתאים צו די דרגות זייערע.

וואס דערפאר דארף מען באווארענען אז דער יפטר אדם מחברו, וואס כמדובר כמ"פ, אז לכתחילה איז תורת אמת מכריז ומודיע, אז לעולם - עס קען גאר נישט זיין קיין מציאות אז יפטר אדם מחברו.

מ'דארף דאך אבער דורכפירן דעם אויבערשטן'ס שליחות, וואס דאס ברענגט צו יפטר אדם מחברו -

האט גלייך דער אויבערשטער אויך געגעבן און מקדים געווען די תקנה צו דעם ענין וואס יפטר - אז עס זאל זיין מתוך דבר הלכה שמתוך כך זוכרהו, אז דאס איז אן אמת'ער אופן של זכרון, ווי תורת אמת וויל.

וואס אט דעמאלט מאכט דער זכרון אז זיי זאלן זיין ביחד, ביז אין א מציאות אחת, אן איחוד אמיתי, דורך דער דבר הלכה, וואס דאס פארבינדט זיי.

אין דערויף איז אויך דער דיוק, אז דא איז ניט מספיק אן ענין פון תורה סתם, נאר ווייבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט א מקום גשמי, און דאס איז פארבונדן מיט אזא עבודה וואס המעשה הוא העיקר, וואס דארטן דארף מען דאך האבן, אע"פ וואס אלו ואלו דברי אלקים חיים, דארף מען דאך דארטן האבן א הלכה פסוקה, ער זאל וויסן וואס מ'דארף טאן און ווי אזוי מ'דארף טאן ואלה אשר לא תעשינה -

דארף מען דוקא האבן אן ענין של הלכה, בדוגמא ווי גערעדט בכללות ענין העולם, אז ווי אזוי ווערט הליכות עולם לו, אז ער ווערט בעה"ב אויף וועלט, און ער פירט אן מיט וועלט - איז דאס דורך דערויף וואס א"ת הליכות אלא הלכות - אן ענין אין תורה, וואס תורה איז אסתכל באורייתא וברא עלמא.

און וועלכן ענין אין תורה - א"ת כו' אלא הלכות וואס דאס איז א הלכה פסוקה ווי אזוי ער טוט בפועל אדורכפירן דעם רצון ה' אין אן אופן פון חתוכה, וואס דאס מאכט א דירה בתחתונים, ביז אין דעם תחתון שאין תחתון למטה ממנו.

וואס לכאורה עפ"ז האט דאך דאס געדארפט זיין בכל יום ויום - איז בכל יום ויום איז דער יפטר אדם מחברו נאך א שטארקערער ווי דאס איז בשעת מ'גייט אריבער מחודש לחודש.

ווארום בכל יום ויום ווערט ער דאך א ברי' חדשה, ניט נאר מצד עבודתו פון לשמש את קונו; א חידוש אין דער עבידתא - נאר ער דארף מאכן ברכות און דער ענין פון נט"י, ווי דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ בשולחנו אז דער טעם בזה איז - דערפאר וואס בכל יום שהחזרת בי נשמתי איז דאס אן ענין וואס דאס איז א ברי' חדשה -

וואס דעמאלט איז ניט מספיק דער ענין פון הלכה אליין, נאר עס דארף זיין אן ענין של תפלה און חשבון הנפש, און א תפלה איידער ער גייט שלאפן, דער ענין פון ק"ש שעהמ"ס, און דערנאך גלייך בקומו משינתו דארף זאין דער שויתי הוי' לנגדי תמיד.

ווי ער טייטשט דאס אפ אין רמ"א גלייך אין דעם ערשטן סעיף פון דעם ערשטן סימן פון דעם ערשטן חלק אין שו"ע.

און דערנאך די ענינים וואס זיי זיינען כללות ענינם דער ענין התפלה, והתקשרות מיטן מקור כל הנשמות ומקור כל הבריאה - מיטן אויבערשטן, דורך דעם זאגן פון מודה אני און דערנאך די ברכות השחר, און דערנאך תפלתי סמוכה למטתי און ערשט דערנאך דער ענין פון הלכה.

משא"כ חודש, וואס דער מולד הלבנה איז דאך ע"פ רוב באמצע היום (ברובא דרובא), ניט דעמאלט ווען עס הויבט זיך אן א מעל"ע חדש ע"פ תורה, נאר דאס איז באמצע היום, וואס דעמאלט איז ער דאך ניט אן ענין פון ברי' חדשה, ביז אויף צו זאגן די אלע ענינים - שהחזרת בי נשמתי וכו' -

אט דעמאלט איז דער ענין וואס דורך דערויף וואס מתוך דבר הלכה איז אט דעמאלט שמתוך כך זוכרהו, ווערט דאס א מציאות אחת.

וואס עד"ז אויך, בשעת מ'קלייבט זיך צוזאמען אין א טאג, וואס דעמאלט איז דא וואס מ'גייט אריבער פון איין חודש אין דעם צווייטן, וביחד ע"ז איז דאס אויך פארבונדן וואס מ'זעט בעיני בשר, אז די וואס זיינען געקומען אורחים מכו"כ מקומות, און בשעת זיי זיינען דא געווען איז דאך געווען זיכער בא זיי אין אן אופן של קביעות, במילא איז דאס בא זיי געווארן מקום דירתם אויף דעם זמן וואס זיי זיינען דא געווען.

עאכו"כ אז דאס איז דאך פארבונדן (די נסיעה) מיט נשיא דורנו מיטן רבי'ן דעם שווער, וואס גילה הוי' דבריו ע"י עבדיו הנביאים, זבדוגמת זה - דורך נשיא בכל דור ודור, ביז נשיא דורנו דעם רבי'ן דעם שווער -

איז דאך דעמאלט ע"פ הוי' יחנו וע"פ ה' יסעו, ווי די גמרא פסק'נט אפ אין עירובין, אז דעמאלט אפילו אז מ'קומט לשעה קלה איז דאס אויך א קביעות.

עאכו"כ אז ס'איז דאך געווען א משך זמן, וואס אין דערויף איז געווען כו"כ שבתות, וואס דעמאלט איז דאך אסורה נסיעה, איז דאך דאס א קביעות.

און דאס איז געווען כו"כ [שבתות], און דערצו נאך אן ענין פון ר"ח, און דערצו נאך אן ענין פון יום ההילולא, און דערצו נאך כו"כ שבועות ופרשיות בתורה -

עאכו"כ אז ס'איז נאך צוגעקומען דער שינוי און אריבערגיין פון ויהי בשלושים שנה פעם הראשונה אין ויהי בשלשים שנה כפלים לתושי' פון דעם יום הסתלקות און די הילולא פון נשיא דורנו -

איז נאך דעמאלט נאך ביתר שאת וביתר עוז דער ענין פון אל יפטר אדם מחברו אלא מתוך דבר הלכה.

וואס לכאורה (און ניט נאר לכאורה - נאר דאס איז דאך אזוי) אט דער ענין גופא, בשעת מ'זאגט אל יפטר אדם מחברו אלא מתוך דבר הלכה שמתוך כך זוכרהו - דאס גופא איז שוין א הלכה.

אעפ"כ איז דאך מנהג ישראל, ובפרט נאך ווי פארשטאנדיק אין דעם סיפור וואו די גמרא ברענגט אראפ דעם דין - איז נוסף אויף דערויף האט מען נאך געזאגט נאך א הלכה.

איז בנוגע צו יום זה פארשפארט מען זוכן וועלכע הלכה איז צוגעפאסט צו דעם טאג - ווארום ס'איז דאך אן ענין פון א דבר משנה, און א דבר משנה ע"פ הלכה איז א דבר המפורסם וידוע, וואס דערפאר איז ניט שייך קיין מציאות פון א טעות אמיתי אין א דבר משנה.

וואס די משנה זאגט אז בר"ח אדר איז משמיעין על השקלים ועל הכלאים.

וואס אע"פ וואס בפשטות גייט דאך דאס אויף ר"ח אדר בשעת ס'איז שני ימים, גייט דאך דאס אויף יום השני -

בשעת מ'שטייט אבער אין דעם יום הראשון, און מ'האלט שוין לאחרי חצות היום, וואס דעמאלט הויבט זיך שוין אן די שייכות פון יום השני, ווי פארשטאנדיק פון כמה דינים, בנוגע צו אמירת תחנון וועגן דאס איז ניט בר"ח, און ביום שלאח"ז איז ר"ח, איז דאך אט דעמאלט קומט דאך אויס אויך דער ענין אז פון מנחה הויבט זיך שוין אן די ענינים פון דעם יום שלאח"ז.

ובפרט נאך אז בנוגע צו תפלה דאוונט מען דאך דעם טאג וואס דאס איז יום ראשון פון ר"ח אדר די תפלת מוסף און דעם מעלה פון באחד באדר, ניט אן ענין פון שבט נאר באחד באדר.

לאידך גיסא, איז דאך אבער אויך דא אין דערויף דער ענין פון שבט, ביז וואנעט אז דער טאג ווערט דאך אנגערופן דער יום השלשים אין חודש שבט.

וואס דאס גיט צו נאך א געשמאק צו דעם ענין וואס עס האט זיך גערעדט, צו יפטר אדם מחברו אלא מתוך דבר הלכה, איז דאך ווי אין פשטות הענינים דארף מען

דאך האבן אז זיי זאלן ביידע (סיי דער אדם סיי חברו זאלן) זיין בב"א בא דער אמירה פון דער זעלבער הלכה.

בשעת די הלכה ווערט געזאגט ביום שני פון חודש אדר - דעמאלט איז דארט נישטא שבט.

בשעת מ'זאגט דאס ביום שלשים של שבט, וואס ביחד ע"ז איז ער ביום ראשון פון חודש אדר, וואס ביידע ענינים ווערן א דין און א הלכה אין תורה, (כידוע בנוגע צו שטרות די שקו"ט בזה ווי אזוי צו שרייבן און די דעות בזה וכו').

עאכו"כ ווי אין מנין בפשטות ע"פ תורה, האט דאך דער טאג ביידע ענינים, וואס ער איז שלשים בשבט, און ער איז יום ראשון פון ר"ח פון חודש אדר -

איז אט דעמאלט דער ענין של הלכה וואס ווערט געזאגט אין דעם טאג - געפינען זיך בפשטות (וע"פ הלכה) ביידע, סיי דער אדם און סיי דער חברו:

סיי דער איד ווי ער איז א איד וואס פירט דורך א שבט'דיקן ענין, סיי ווי ער איז א איד וואס פירט דורך אן אדר'דיקן ענין - געפינען זיי זיך בב"א ובזמן אחד ובמקום אחד.

און אין דערויף גופא איז דאך אויך דא כמדובר כמ"פ וואס ס'איז לכאורה נישט פארשטאנדיק: יעדער ענין אין תורה איז דאך בתכלית הדיוק, ווארום דאס איז דאך א תורת אמת, ביז אין אמת שאין אמת למעלה מזה.

וואס האט דא פאר א שייכות אז מ'זאגט אז מ'איז משמיע אין דעם זעלבן טאג, און די משנה דערציילט דערפון בחדא מחתא, נישט מ'מאכט דערפון צוויי באזונדערע דינים, נאר מ'זאגט אז בר"ח אדר משמיעין, לשון רבים, אז אין דעם משמיעין איז כלול צוויי ענינים - דער ענין פון שקלים און דער ענין פון כלאים.

וכמדובר בארוכה אז לכאורה איז דאס צוויי באזונדערע ענינים, ביז אז דאס איז גאר ענינים הפכיים.

און דערצו נאך קומט נאך צו וואס ס'איז נישט פארשטאנדיק אויך דער סדר, כמדובר בארוכה: אז כלאים איז נוגע אין זמן קודם ס'איז נוגע די נתינת מחצית השקל, האט דאך געדארפט שטיין אויך אין דעם משמיעין האט מען געדארפט אויך משמיע זיין (ובמילא האט אויך געדארפט שטיין אין דער משנה) פריער כלאים און דערנאך דער ענין פון שקלים,

נוסף אויף דעם דיוק וואס ס'האט געדארפט שטיין באזונדערע ענינים, אז באחד באדר משמיעין על הכלאים ומשמיעין על השקלים; צוויי באזונדערע הכרזות, ווי דאס איז בפועל, עס האט קיין ארט נישט משמיע זיין:

עס איז נוגע צו באזונדערע מענטשן: כלאים איז נוגע דער וואס ער איז א בעל שדה און א בעל כרם וכיו"ב, משא"כ שקלים.

דערנאך ווערט דאך די שאלה: צי דאס איז בן שלש עשרה צי בן עשרים, מיט די אלע חילוקי דינים וואס ס'איז דא צווישן שקלים און כלאים?

וואס דער ביאור בזה איז פארשטאנדיק פון די פנימיות הענינים, אז דער ענין פון שקלים איז, ווי מבואר אין ספרי מוסר, און נאכמער אין ספרי חסידות, אז די מצוה איז דוקא אז מ'זאל געבן מחצית השקל, נישט א דבר שלם נאר דוקא א חצי דבר.

וואס לכאורה איז דאס היפך פון דעם כללות ההלכה בנוגע צו כל דבר טוב וקדושה,

אז עס דארף זיין דוקא מן המובחר מן היפה ומן השמן - דוקא א דבר שלם.

ביז וואנעט אז מ'זאגט א כלל בנוגע צו כלי קודש, צו כלי שרת, צו כלים של קדושה, אז זיי זיינען מקדשים דוקא ווען זיי זיינען מלאים ושלמים.

און דא זאגט מען דעם דין אז ס'איז אוועקגעשטעלט געווארן אז עס דארף זיין דוקא א מחצית השקל, און דאס איז נישט דערפאר וואס ער איז נישט ביכולת, זאגט מען גלייך העשיר איז לא ירבה.

ביז וואנעט אז ס'איז גאר דא מוני המצוות וואס מאכן דערפון א לאו בתורה.

וואס עד"ז איז דאך אויך די פליאה וואס אין דעם שיעור פון חומש פון היינטיקן טאג, וואס דארטן רעדט זיך וועגן ועשית את הארון, איז אויך אן אויפטו אז די מדות הארון זיינען אלע אין חצאין, סיי דער אורך סיי דער גובה סיי דער רוחב איז נישט קיין אמות שלמות נאר עס האט אין זיך א חצי אמה.

בה בשעה אז מ'זאגט אז תורת ה' תמימה, און ווען איז א ס"ת כשרה ווען זי איז נישט נאר געשריבן געווארן בקדושה ובטהרה מיט אלע דינים ודיוקים - נאר זי דארף געשריבן ווערן ביז זי האט אלע אירע אותיות, תורת ה' תמימה, ובשלימות, ווי געוועדט בארוכה אויך אין דער התוועדות פון דעם שבת שלפנ"ז.

שטיט אויף דערויף דער ביאור, ביז אין די דרושים פון פ' שקלים פון רבותינו נשיאינו, אנהויבנדיק פון דעם אלטן רבי'ן אין תו"א, ביז נשיא דורנו (דער רבי דער שווער) דער בעל ההילולא בדרושיו שלו בנוגע לפ' שקלים.

אז איינע פון די רמזים איז - אז ס'איז דא א נה"ב און א נה"א, וואס יעדערע בפ"ע איז דאס א חצי דבר, און בשעת א איד גיט זיין חצי דבר באקומט ער מלמעלה דעם נה"א, דעם צווייטן חצי דבר.

ביז וואנעט נאך העכער, אז א איד מיט כביכול מיטן אויבערשטן איז תמתי, א"ת תמתי אלא תאומתי, אז יעדערער פאר זיך איז דאס א חצי צורה, כתורת הה"מ, ווי דערמאנט נעכטן בארוכה.

און ווען ווערט דאס א דבר שלם - דוקא דורך דערויף וואס א איד גיט א חצי און ער איז זיך מתחבר דורך דעם חצי מיטן צווייטן חצי - ווערן זיי ביידע בשלימות.

א איד פועל'ט אין דעם אויבערשטן כביכול אז דער אויבערשטער ווערט א תמים, און דער אויבערשטער פועל'ט ביי א אידן דער איד זאל ווערן תמתי בפשטות אין אן אופן פון תמים תהי', ווארום ער איז עם הוי' אלקיך.

ביז וואנעט אז ווי דאס קומט אראפ אין פועל ובמעשה בפועל, אז עס דארף דאך זיין (ווי ער זאגט אין פסוק) שקל הקודש, וכאמור לעיל אלע ענינים פון קדושה דארף דאך זיין דוקא אין אן אופן פון שלימות - איז דא איז א איד מדגיש, ביז אז ער איז דאס אויך מדגיש בממונו, וואס דאס איז דאך אן ענין וואס איז פארבונדן מיט רגליו, דאס איז אן ענין שמחוץ ממנו, היקום אשר ברגליהם ממונו של אדם.

אבער אעפ"כ איז דאך מיט א פרוטה איז ער קונה חיי נפשו, וואס דאס איז דאך דער קלענסטער שיעור אין ממון, און מ'זאגט אז דאס איז קונה חיי נפשו, זיין גאנצע מציאות.

באווייזט ער אין זיין ממון אז ער פאר זיך איז מערנישט ווי א חצי, ווי אזוי ווערט א דבר שלם, און מ'ברענגט קרבנות, און מ'בויט אויף די כל הענינים וואס זיינען פארבונדן מיט מחצית השקל - דורך דערויף אז זיין מחצית השקל פאראייניקט

זיך מיט א חצי שקל פון א צווייטן אידן, ווערט דאס א דבר שלם, א שקל הקודש, עשרים גרה השקל.

וואס דאס איז דער כללות ענין פון שקלים וואס מ'איז משמיע באחד באדר - אז אנהויבנדיק מלמטלמ"ע, אז צום אלעם ערשטן ווייס א איד, און באווייזט דאס גלוי לעיני בשר, אז זיין מציאות ווערט ערשט א מציאות ווען ער פאראייניקט זיך מיט א צווייטן אידן, נישט נאר ער ווערט צו אים בנגעטער, וואס דעמאלט איז דער חצי שקל בפ"ע און דער צווייטער חצי שקל בפ"ע, עס ווערט נישט פון זיי קיין שקל הקודש, נאר עס דארף ווערן פון זיי ביידע צוזאמען.

ביז אין אן אופן ווי גערעדט בארוכה אין דער התוועדות פון יו"ד שבט - אז מ'מאכט פון מיעוט רבים שנים מאכט מען אן איין און איינציקע מציאות, בדוגמא ווי מ'זאגט אז כ"מ שנאמר עד לשון יחיד איז אינם אלא שנים.

אט דאס וואס מ'זאגט כמבואר אין חסידות אז דער ענין פון עשה"ד איז דער דיבור ראשון איז ווי ער זאגט אין ירושלמי (און חסידות ברענגט דאס אראפ), אנטקעגן דעם פסוק שמע ישראל ה' אלקינו ה' אחד, וואס אין דערויף איז דאך דער עי"ן און דער דל"ת זיינען אותיות גדולות, און זיי מאכן עד, דערפאר וואס דאס איז וואס אידן זאגן עדות אויפן אויבערשטן און דער אויבערשטער זאגט עדות אויף אידן, איז דאס איז כ"מ שנאמר עד אינם אלא שנים - דאס איז ישראל צוזאמען מיט קוב"ה.

וואס ואהבת את ה' אלקיך איז דאך חד הוא מיט ואהבת לרעך כמוך, כתורה הידועה פון דעם אלטן רבי'ן (איבערגעגעבן כמ"פ ע"י נשיא דורנו) - מאכט מען פון די ביידע מחצית השקל, נישט צוויי מחצית וואס האבן נישט (ח"ו) מלחמה זב"ז, גייען אוועק אויף זאכן וואס זיינען בניגוד זל"ז.

ס'איז אויך נישט מספיק אז זיי גייען אוועק ביידע אויף ענינים של קדושה, אבער אויף צוויי באזונדערע ענינים -

נאר מ'גיט דאס אריין אין לשכת הקודש, וואס אט דארטן מישט מען צוזאמען אלע מחצית השקל, אז זיי ווערן איין מציאות פון וואנעט מ'קויפט אלע קרבנות ציבור, וכל הענינים וואס זיי זיינען שייך צו ציבור.

וואס דאס איז, ווי דאס קומט דערנאך אראפ, וויבאלד אז דאס איז ביי אים בעניני נשמתו, עבודתו לבוראו, וואס תפלות במקום קרבנות תקנום, ווייס ער אז זיין מחצית השקל דארף אוועקגיין אט דארט וואו עס גייט אוועק א מחצית השקל פון א צווייטן אידן.

און נאכמער - וויבאלד אז אן אדם, ועאכו"כ א איד איז דאס קבוע, וואס קבוע איז בשעת ס'איז דא איינער און ס'איז דא ששים ריבוא חסר אחד מצד השני, איז דאס דער זעלבער ענין דוארום קבוע לא בטל, איז דאס זיין מחצית השקל, און אלע איבעריקע איז דאס בדוגמא ווי נאך איין מחצית.

און דורך די התאחדות פון די ביידע, און דער דיוק בזה - נישט נאר קירוב, און נישט נאר קשר שביניהם, נאר ביז וואנעט דאס ווערט איין מציאות פון שקל הקודש - דורך דערויף ווערט אויפגעטאן די אלע ענינים.

וואס אט דא דארף מען גלייך באווארענען דעם צד השני, וכמדובר כמ"פ אז ס'איז דא דער ענין וואס אני נבראתי לשמש את קוני, וואס אין דערויף גלייכן זיך אויס אלע אידן בשוה, כל איש ישראל, כולכם לפני ה' אלקיכם.

ביחד ע"ז דארף מען אויך האבן אז עס זאלן זיין די חילוקי דרגות פון ראשיכם שבטיכם ביז חוטב עציך ושואב מימיך.



הנחה פרטית בלתי מוגה

ביז ווי מ'זאגט אז אין ביהמ"ק איז דער דין אז עס דארף זיין שוערים, די וואס האבן זיך פארנומען מיט עפענען די טויערן און שליסן די טויערן, און עס דארף זיין משוררים, וואס דאס איז דאך וילוו עליך וישרתוך.

און ווי דער רמב"ם זאגט אז לא שבט לוי בלבד נאר די ענינים פון די לוים גייט דאס אויף יעדער אידן וואס נדבה רוחו, ווי ער איז דארט מאריך די פרטים שבדבר.

איז א שוער טאר זיך נישט פארנעמען מיטן ענין השירה, ביז וואנעט אז דאס איז שולל זיין מציאות, וואס דערפאר איז דאך דאס אזא עונש חמור.

ועד"ז א משורר מיט עבודה פון שערים, טאר נישט זיין קיין שוער.

ועד"ז בכמה ענינים, ביז ווי דאס איז נוגע, אז ס'איז דא דער ענין פון מקבל און משפיע, דארף זיין דער זרוק מרה בתלמידים.

וואס לכאורה קען ער טענה'ן: ער וועט זיין בשוה אליהם, ווארום ער איז גאר א מקבל און מאיר עיני שניהם הוי', מיט די אלע הסברות שבדבר.

זאגט מען אז בשעת ער דארף מקיים זיין זיין תפקיד אלס א משפיע און אלס א רב וכיו"ב - אט דעמאלט דארף זיין' זרוק מרה בתלמידים און עס טאר נישט זיין דער קלות ראש לפניהם וכו' וכו'.

וואס בכללות איז דאס, אז פונקט אזוי ווי מ'זאגט אז עד שטייט אין חומש (אזן תורת אמת) בלשון יחיד; צוזאמען דערמיט טארן זיי נישט זיין צו נאענט צווישן זיך - בשעת זיי זיינען צוויי אחים איז דאס אן עדות פסולה, עס דארף זיין דוקא אידן וואס זיי זיינען אפגעטיילט, און נישט קוקענדיק אויף דער צוטיילונג, נישט קיין קורבה, צוזאמען דערמיט ווערן זיי א מציאות אחת בנוגע צו די הגדת עדות.

פארוואס איז דאס אזוי, וויבאלד אז דער אויבערשטער איז אחדות הפשוטה, און אעפ"כ האט ער געוואלט האבן אז עס זאל זיין א התחלקות, ביז א התחלקות נישט נאר אויף צוויי נאר ביז א התחלקות פון די עשרה דרגות, פון ראשיכם שבטיכם ביז חוטב עציך ושואב מימיך, ביז א התחלקות פון ששים ריבוא בישראל, ובאותיות התורה וכו'.

איז ווי דער ביאור זאל אין דערויף נאר זיין - דאס איז אבער אן ענין וואס דער אויבערשטער האט דאס ארייגעשטעלט אין א סדר דקדושה די שני ענינים וואס לכאורה זיינען זיי הפכים.

איין ענין אז עס מוז זיין אן אחדות, און אן אחדות אמיתית, ווי כל הענינים פון תורת אמת, וביחד ע"ז מוז אויך זיין א התחלקות, אז עס דארף זיין א ראש בפ"ע און א רגל בפ"ע, און דער ראש מוז טאן די עבודת הראש, און דער רגל מוז טאן עבודת הרגל, אע"פ וואס זיי דארפן זיין לאחדים, ביז כאחדים ממש, כמבואר בארוכה די ביידע הפכים אין די דרושים פון אתם נצבים היום כולכם לפני ה' אלקיכם פון ראשיכם שבטיכם ביז ווי ער רעכנט אויס - ביז שואב מימיך.

און דארטן זאגט ער אז מבלי אשר ימצא האדם ראש וסוף, ביז וואנעט אז ס'איז גאר דא אן ענין וואס דער רגל ווערט א ראש לגבי דעם ראש, אבער דורך וואס איז דאס - דורך דערויף וואס דער רגל טוט די עבודה וואס א רגל דארף טאן - דער ענין ההליכה, אדער הקזת דם ר"ל וכיו"ב.

אבער וואו געהערט דער ענין פון ראש ושכל והבנה - איז דאס דארף געטאן ווערן דוקא ע"י הראש.

וואס דערפאר איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ'איז משמיע על השקלים, וואס דא איז די הדגשה אז יעדער איד מיט אלע איבעריקע אידן (וואס דאס איז א קבוע) איז דאס צוויי מחצית השקל, מוז פון זיי ווערן איין שקל הקודש, נישט צוויי באזונדערע וואס ליגן אויף דעם זעלבן טיש, און מ'קויפט די זעלבע זאך וכיו"ב, נאר דאס ווערט איין מציאות -

מוז מען גלייך באווארענען כלאים.

אז אט דאס וואס דער אויבערשטער האט אריינגעשטעלט אין חוקים (וואס לא ישבותו) אז כהנים זיינען א מציאות בפ"ע, און לוים איז א מציאות בפ"ע, און ישראל זיינען א מציאות בפ"ע.

איז ביחד ע"ז וואס מ'זאגט אז בנוגע צו א קרבן דארף זיין כהנים בעבודתם ולוים בדוכנם וישראל במעמדם - איז דאס אבער א דיוק: דער כהן דארף זיין בעבודתו, דער לוי דארף זיין בדוכנו, און דער ישראל דארף זיין במעמדו.

אז ער וועט דא מאכן כלאים, צוזאמען מישן איין כח וואס דער אויבערשטער האט געמאכט אין טבע דקדושה מיט א צווייטן כח פון טבע דקדושה - ווערט דאס היפך רצון ה', היפך מציאות הקדושה, ואדרבה, דאס ווערט אן ענין נעלוז ונלוז.

ווי גערעדט בארוכה די מדרשי חז"ל, און נאכמער אין די דרושים פון רבותינו נשיאינו וואו זיי זיינען מבאר ענין הכלאים, מיט די פרטים שבדבר ווי דאס איז אין לבושים פון צמר ופשתים, ווי דאס איז אין אכו"ש, בשר בחלב, ווי דאס איז אין בית ושדה וכרם, אין די כלאים וואס זיינען פארבונדן מיט א זריעה שבשדה וכרם.

וואס דערפאר קומען די ביידע השמועות ביחד, אז אויב עס וועט זיין דער ענין פון שקלים אן קיינע הגבלות, איז אט דעמאלט בדוגמא ווי מ'זאגט אז בשעת ישמעאל האט געזאגט אז ער וועט נעמען די תורה, האט ער געוואלט אז עס זאל זיין חסד והשפעה בלי כל הגבלה.

אז ער האט דערהערט אז עס איז דא אין עשה"ד לא תנאף, א הגבלה בהשפעה, האט ער געזאגט אז עס איז נישט פאר אים.

עד"ז בנוגע צו קו השמאל, בנוגע צו עשו'ן, וואס ער האט נישט געקענט פארטראגן די הגבלה אין מדת הגבורה.

וואס דערפאר איז מען גלייך צוזאמען מיט דער השמעה, מיט דער הודעה, בנוגע צו שקלים איז אויך די הודעה בנוגע צו כלאים.

עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק דער סדר: אט דאס גופא וואס תורה פארנעמט זיך מיט א אידן, אט דאס גופא איז חסד, וכמבואר כמ"פ יומא דאזיל עם כולי יומי, וואס אין דערויף איז אויך כלול מדת הגבורה: אט דאס גופא וואס מ'האט זיך אראפגעלאזן אויף מאכן א צמצום און מאכן א מדת הגבורה - איז דאס דערפאר וואס דער אויבערשטער איז חפץ חסד הוא, ווארום אז נישט וואס האט דאס פאר אים א שייכות, און וואס האט דאס צו אים אן ערך.

אבער אין דער שייכות קען זיין ביידע אופנים.

וואס דערפאר איז דאך אויך כמדובר כמ"פ אע"פ וואס דער סדר אין גמרא שטייט פריער שמאל און דערנאך ימין מקרבת - איז דאס דערפאר וואס ימין מקרבת הויבט זיך נאך אן איידער ער קומט צו הערן א הלכה אין גמרא ווי אזוי עס דארף זיין דער חינוך; דאס איז מעצמו מובן אז תינוק שנשבה איז דא דער ענין הקירוב.

אז פריער איז דער כללות ענין און א נטי' פון א אידן דארף זיין אהבת ישראל,

און מ'זאגט ואהבת את ה' אלקיך איז דאס דער ענין פארבונדן ביז אז דאס ווערט איין זאך מיט ואהבת לרעך, מיט דער הדגשה כמוך.

מצד דערויף האט דאס ביידע הנהגות, די הנהגה וואס ער ווערט איין זאך, אבער דאס גופא מיט א הגבלה, אויף נישט מהרס זיין די חוקות שמים וארץ, אז יששכר איז בענינו און זבולון איז בענינו, תמכין דאורייתא, און עץ חיים היא למחזיקים בה.

און ביידע זאכן צוזאמען ווערט דערפון א משנה, אז באחד באדר משמיעין איז כולל אין זיך אין דעם זעלבן ווארט סיי דער ענין פון שקלים און סיי דער ענין פון כלאים.

און מיט דעם סדר דוקא, אז פריער איז ער מדגיש בא זיך און פסק'נט אויף זיך אפ אז דער ענין מוז זיין דער ענין וואס מ'לערנט ארויס פון מחצית השקל.

און דערנאך לאחרי זה באווארנט ער אויך אז עס זאל נישט ווערן קיין בלבול אין די סדרים - באווארנט ער אויך דעם ענין פון כלאים.

און דאס ברענגט אים גלייך, ווי דער המשך המשנה, אז בחמשה עשר בו קומט גלייך די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט ענין של פורים און מגילה וכו'.

וואס אפילו אין דער צייט וואס מ'דארף באווארענען כלאים, און מ'דארף אנזאגן אויף שקלים, ווארום עס קען זיין אז ער וועט פארגעסן וכיו"ב - איז שוין דעמאלט דא דער ענין פון קיימו וקבלו היהודים.

און אדרבה, דעמאלט איז די קבלה אויף דעם ענין ווי עס איז געווען בתכלית השלימות.

און דאס איז ממשיך אז עס זאל זיין בחמשה עשר בו דער קיימא סיהרא באשלמותא, אויך אין דעם מעמד ומצב פון אכתי עבדי אחשורוש אנן.

און דערנאך ווערט דער מיסמך גאולה לגאולה, אז פון גאולת פורים, וואס הויבט זיך שוין אן פון ר"ח אדר, כמדובר כמ"פ אז מ'זאגט החודש אשר נהפך להם - דער גאנצער חודש שטייט אין א מעמד ומצב וואס נהפך להם לששון ולשמחה מיט די אלע ענינים שבזה.

ביז ווי דאס קומט אויך אראפ אין דעם דין, אז כמה ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט פורים הויבן זיך שוין אן מיט ר"ח אדר - אז דער גאנצער חודש איז א חודש של הצלחה -

ווערט דער מיסמך גאולה לגאולה, צו גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, און נישט ח"ו אז מ'דארף ווארטן נאך כמה ימים, אדער באכמערער - כמה שבועות ביז מ'וועט אריין אין ניסן -

נאר וויבאלד אז עס וועט זיין די גאולה גלייך, ווי דער פס"ד פון רמב"ם אז נגאלין מיד, איז בדרך ממילא אז עס וועט קומען דער צווייטער טאג ר"ח אדר, עאכו"כ ר"ח ניסן, עאכו"כ זמן חירותינו, וועט מען דעמאלט שטיין אין א מעמד ומצב פון בני חורין, און א מעמד ומצב פון בארעא דישראל.

בביאת משיח צדקנו, ובמהרה בימינו ממש.

* * *

ב. מצד דעם ענין פון אל יפטר אדם מחברו אלא מתוך דבר הלכה איז (כאמור) האט

מען יוצא געווען מיט זאגן די הלכה גופא, עאכו"כ אז מ'איז נאך מוסיף אויך די הלכה שהזמ"ג פון באחד באדר משמיעין על השקלים ועל הכלאים.

נשיא דורנו, דער בעל ההילולא, וואס איצטער איז דאך ויהי בשלשים שנה, הויבט זיך אן דער כפלים לתושי', דעם צווייטן מאל, האט דאך אבער געוואלט אז עס זאל זיין סאפארו דא פלאחא, אז עס זאל זיין א מעשה בפועל:

אז מ'גייט אוועק פון א התוועדות און מ'וועט מיטנעמען מיט זיך דיביידע הלכות - זעט זיך נישט אן וואס וועט דערפון צוקומען אין די אלע ענינים וואס דער בעל ההילולא האט זיך געקאכט און האט געמאנט פון תלמידיו וההולכים באורחותיו שוין, און די וואס וועלן זיין הולך באורחותיו מחר ממש, אדער עכ"פ מחר לאחר זמן -

וואס וועט דערפון צוקומען דורך דערויף וואס זיי וועלן גיין און חזר'ן פאר זיך, און דערציילן א צווייטן אז אל יפטר אדם מחברו אלא מתוך דבר הלכה פון באחד באדר משמיעין על השקלים ועל הכלאים, לכאורה בפשטות וועט דערפון גארנישט צוקומען: ער האט מקיים געווען דעם ענין פון לימוד התורה, בשעת ער איז מפיץ די הלכה - איז ער מפיץ די דבר תורה.

בנוגע אבער צו למטה מעשרה טפחים, אין כח המעשה, און דאס זאל אראפקומען אז דערצו זאל זיין א טובה פאר א צווייטן אידן, און א טובה ברוחניות ובגשמיות, וברוחניות ובגשמיות גם יחד - איז זעט זיך נישט וואס מ'וועט דערפון ארויסנעמען און וואס דאס וועט מוסיף זיין.

וכאמור דאס איז ח"ו נישט ממעט, קיין כי-הוא-זה נישט דעם גודל הענין פון דבר הוי' זו הלכה, ביז וואנעט מ'זאגט אז כל חפצי שמים, אמת'ע חפצי שמים, מצוות, זיינען אינם שוות אפילו פאר דבר תורה אחד, עאכו"כ אז עס רעדט זיך וועגן שתי הלכות.

וויבאלד אבער אז דא רעדט זיך נישט וועגן גרויסקייט און קליינקייט, נאר דאס רעדט זיך וועגן מילוי פון דער שליחות פון נשיא דורנו, פון דעם רבי'ן דעם שווער, וואס ער האט אליין געעפנט די וועג, און דורכגעטראטן די וועג, און באוויזן די וועג, און האט געזאגט וואס מיינט ער בפועל -

אז מ'זאל זען אז דארט וואו מ'דארף האבן א מלמד הינוקות של בית רבן זאל נישט פעלן דער מלמד תשב"ר; אט דארט וואו מ'דארף האבן א מקוה טהרה זאל זיין א מקוה טהרה, ועד"ז בכל שאר עניני התורה ומצוותי'.

וואס בכללות ווערן זיי דאך איינגעטיילט אויף דעם ענין (ווי דערמאנט פריער) פון יששכר וזבולון, דער ענין התורה און ענין המצוות.

בפרט נאך ווי דער אלטער רבי איז דאס מבאר בארוכה אין תחלת ספרו תו"א, אז דאס איז דער ענין פון השמים כסאי והארץ הדום רגלי, און דערנאך איז ער דאס מבאר בכמה דרגות ובכמה ענינים, כולל אויך דער חילוק פון תורה ומצוותי'.

ביז וואנעט אז מ'זאגט אז וויבאלד אז עס דארף דאך זיין דאלאי-גלות, דארף זיין דער ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה - איז דאס דער ענין פון במשפט כהלכתא, דער ענין פון תורה, און דער ענין פון צדקה וגמ"ח וואס דאס איז כולל כל ענין המצוות.

וואס דערפאר איז אויך אפטייטשן די ביידע הלכות, ווי אזוי דאס קומט דערנאך אראפ אין פועל - איז מיינט מען בפשטות, אז מ'זאל מיטנעמען פון התחלת ויהי בשלשים שנה פון כפלים לתושי', אז עס זאל צוקומען בא יעדערן, און ער זאל זען אז דאס

זאל צוקומען בכל מקום שידו מגעת - סיי אין ענין פון לימוד התורה, סיי אין ענין פון קיום המצוות, וכללותם דער ענין פון צדקה וגמ"ח.

וואס דאס איז דאך אויך ווי ער איז מבאר בארוכה אין שער היחוד פון מיטעלן רבי'ן בנוגע צו התבוננות, אז עס דארף זיין א התבוננות אין אן אופן פרטי, ווי ער איז מבאר אין קונטרס העבודה.

אז מ'זאגט אים אין אותיות כלליות אז ער דארף גיין פארשפרייטן תורה און זאל מקיים זיין מצוות -ווערט ער בא זיך געהויבן אז מ'האט אים געמאכט פאר א שליח אויפטאן אין גאנץ תורה און אין גאנץ מצוות.

בשעת אבער עס דארף אראפקומען בפועל ממש, ביום ראשון בשבוע אין א מעשה מסוים, ווארום מען קען דאך נישט כאפן אלץ בב"א - איז ווערט ביי אים שאלות וואס צו טאן ווי אזוי צו טאן, און דערווייילע גייט אוועק דער טאג, און דערנאך גייט אוועק די נאכט וכו' וכו'.

וואס דערפאר איז מען גלייך מדגיש, כמדובר כמ"פ ווי עס איז געווארן (ובפרט נאך לעצטנס) דער מנהג אז מ'פארבינדט דאס אויך מיטן מספר -

אז מהטוב ונכון ביותר אז עס זאלן אויפגעשטעלט ווערן עכ"פ שלשים מוסדות חדשים, וואס זיי זיינען פארבונדן מיט לימוד התורה, אדער נגלה אדער חסידות, אדער שניהם יחד, אנהויבנדיק אפילו פון אל"ף בי"ת אין גן ילדים, אדער בלשון הגמרא והשו"ע - תשב"ר, ביז אין דעם אופן פון לימוד התורה פון יגדיל תורה ויאדיר.

און אויך בנוגע בפרטיות, בנוגע צו קרני גמ"ח - וואו עס איז נאך ביז איצטער נישטא - זאל מען דאס משלים זיין, אז דאס זאל ווערן, און דארט וואו עס איז שוין דא - זאל מען דאס מגדיל זיין.

מגדיל זיין סיי בכמות בפשטות, און סיי באיכות, אז עס זאל אנקומען אויך צו די וואס מאיזה טעם שיהי' האבן זיי ביז איצטער (אט דער סוג) נישט געקענט באנוצן זיך מיט די קרני גמ"ח.

ובמיוחד אט דאס וואס עס איז פארבונדן מיט די ד' אמות פון נשיא דורנו - האט מען דאך גערעדט כמ"פ אז די כוללים און די קבוצות און די תומכי תמימים - ישיבות וכו' דארפן צושטעלן עכ"פ פעמיים בשנה א קובץ פון חדו"ת.

און דאס זאל זיין געדרוקט, במילא איז אין דערויף אויך דא אן ענין של צדקה, ווארום בשעת מ'דרוקט דאס אפ האט דערנאך אויך דערפון א תועלת א צווייטער איד נישט ווי בשעת עס בלייבט ביי אים, אפילו ווען ער פארשרייבט דאס פאר זיך, אפילו ווען ער רעדט וועגן דערויף אין ד' כותלי הישיבה.

דא איז נישט אזוי געדרוקט נישט א סטענסיל - עס מאכט נישט אויס אפילו א סטענסיל אויב ער ווערט נתפשט -

מ'זעט אבער בפועל אז בדוגמא ווי מ'זאגט התנאה לפניו, קלף נאה דיו וכו' - אז א זאך וואס גייט ארויס מיט א סטענסיל האט דאס נישט אזא חשיבות בא דעם צו וועמען דאס קומט אן ווי בשעת ער זעט אז דאס איז אפגעדרוקט.

און דערנאך זעט מען דאך אויך בפועל, אז די אחריות וואס עס פילט בא זיך דער וואס פארשרייבט דעם חידוש תורה - איז איננו דומה ווי ער זאגט דאס מערנישט ווי בדיבור אדער ער גיט דאס אויך ארויס פאר א צווייטן בכתב.

נאכמערער פילט ער די אחריות, ובמילא לייגט ער זיך ארייין טיפער - ווען

דאס קומט ארויס אין א סטענסיל, און נאכמערער פילט ער די אחריות, ובמילא לייגט ער זיך אריין נאך טיפער און נאך טיפער - ווען ער ווייס אז דאס ווערט געדרוקט.

און ס'איז א שאד די צייט וואס מ'זוכט תירוצים און אמתלאות, אמת - אז מ'האט געדארפט צושטעלן צו דעם און דעם זמן - איז געווען א סיבה חשובה פארוואס מ'האט נישט געטאן, דערפאר וועט מען אבער משלים זיין צו א זמן שני וכו'.

אפילו אז מ'זאל זאגן אז די אלע תירוצים זייבען מתאים אל האמת לאמיתתו - איז דערפון קומט גארנישט ארויס פאר א צווייטן אידן.

דא איז מען דאך נישט אויסן צו ח"ו היפך הזכות אויף די וואס האבן געדארפט צושטעלן די קובצים - מ'מיינט דאך מערנישט דעם תועלת שבדבר פאר א צווייטן אידן, במילא קומט אויך ארויס דער תועלת שלהם.

ביז אז מאיר עיני שניהם הוי', ווי דער אלטער רבי איז דאס מדגיש בהקדמתו לספר תניא קדישא, אז דורך דערויף וועט צוקומען בא די גדולים, דורך דערויף וואס זיי וועלן זיך אפגעבן מיט די קטנים.

עאכו"כ אז מ'דארף דאך נישט מסביר זיין, אז בשעת דער צווייטער איז אויך אין זיין דרגא, אדער עכ"פ נישט באופן קטן - וועט דאך זיכער אויך צוקומען בתורתו אין זיין הבנה והשגה בתורה, דורך דערויף וואס ער וועט אפדרוקן זיין חידוש.

און די טענה הידועה - היתכן עס איז נישט געווען אזא הנהגה בא חסידים, און דאס קען פועל זיין ישות, און נאך ערגער פון ישות וכו', כדעת הטועים ומטעים - 'האט מען לאנג מבטל געווען אט די חששות.

און ידוע וואס חסידים דערציילן נאך פון דעם מיטעלן רבי'ן, וואס ער האט זיך דאך געקאכט און האט זיך אפגעגעבן אויף רחובות הנהר, אויף הפצה פון דברי חסידות אין אן אופן בלי כל מדוה"ג, און האט אנגעזאגט די וואס פלעגן קומען צו אים - אז גייענדיק צוריק זאלן זיי חזר'ן במקום וואו זיי גייען דורך אדער פארן דורך, עאכו"כ אין דעם ארט וואו זיי קומען צוריק למקומם, די דברי אלקים חיים, די דברי חסידות -

איז נתפרסם געווארן, וואס דאס גופא גיט צו פארשטיין אז דאס איז א הוראה לכל השומעים, אז דערנאך איז געקומען איינער פון די חסידים און האט זיך געקלאגט פאר אים (פאר דעם מיטעלן רבי'ן), אז ער האט מקיים געווען ציוויו מיט אלע כוונות מיט אלע בעסטע כוונות ומחשבות, אבער אעפ"כ האט דאס ביי אים גע'פועל'ט אן ענין של הרגש המציאות, אדער הרגש הישות, אדער נאכמערער (מ'ווייס נישט געגוי דעם לשון השאלה).

און חסידים דערציילן אז דער מיטעלער רבי האט אים געענטפערט: א ציבעלע זאל פון די ווערן אבער חסידות זאלסטו חזר'ן.

וואס וויבאלד אז חסידים דערציילן דאס, און מער ווי איינער, א סאך חסידים, איז אפילו את"ל אז דאס איז נישט מדוייק דער לשון הרב; וויבאלד אבער אז דאס איז נתפשט געווארן צווישן חסידים איז אט דאס גופא פארשטאנדיק אז אין דערויף איז אויך דא א הוראה.

ובמכ"ש וק"ו: אז מ'לערנט אפ ענינים פון נישט אידן, וכתורת הבעש"ט אז יעדער זאך וואס א איד הערט, אן קיינע הגבלות בדבר, איז וויבאלד אז ער האט דאס דערהערט איז דאס פאר אים א הוראה -

עאכו"כ א פתגם (א ווארט) וואס איז מתהלך צווישן כו"כ חסידים.

איז דער ענין פון א ציבעלע איז אז דאס איז נישט קיין מאכל וואס מ'עסט דאס בפ"ע: דרך בני אדם איז נישט צו עסן ציבעלע פאר זיך, נאר דאס איז אן ענין של תבלין, אז ס'איז דא א מאכל, און דער מאכל קען ווערן נאך געשמאקער, דורך וואס מאכט מען אים געשמאקער - אז מ'מישט אריין א ציבעלע.

ער איז מערנישט ווי א משמש, און דער עיקר הנאה האט מען פון א צווייטן מאכל.

עאכו"כ ווי חסידות ברענגט דאך די דוגמא און דעם משל פון איינגעמאכץ, אז דאס איז דבש צוזאמען מיט צנון.

די דוגמא וואס מ'ברענגט אויף דערויף פון דעם ענין פון אתהפכא.

וואס לכאורה האט ער צו טאן מיט דעם היפך הענין פון טוב וקדושה, ביז וואנעט אז מ'זאגט אז בשעת עס קומט א ציבעלע צו א מענטשן איז אט דאס איז נישט צוגעפאסט צו טבע האדם, במילא ווערט דער ענין הדמעות.

און אט דאס זאגט מען, אז ער זאל אויפהערן טראכטן וועגן זיך, אפילו אז ער האט א חשש, אפילו אז דער חשש איז טאקע יש לו יסוד, און ער <u>ווערט</u> א ציבעלע, אבער חסידות זאל ער חזר'ן.

און בשעת ער וועט חזר'ן חסידות, וועט דאס ווערן פון דער ציבעלע אזא ענין וואס לולי די ציבעלע וואלט נישט געקענט ארויסקומען דער מטעמים, דער מאכל ערב ביותר.

עאכו"כ בדורנו זה, וואס ווי ער זאגט אין אגה"ק ובכ"מ אז וואס מיט א דור נידעריקער בעענטער צו משיח ווערט דאס נעענטער צו עקבתא דמשיחא, איז דער אלטער רבי מדגיש אין אגה"ק אז דערפאר איז דארט די עבודה דוקא אין עשי', ביז אין עשי' דעשי', רגלים, ביז <u>עקבתא</u> דמשיחא.

איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז דער עיקר דארף ער ליגן אז עס זאל זיך אפטאן דער מעשה בפועל; וואס עס טוט זיך מיט זיין מעמד ומצב הרוחני - איז דאס א זיכערע זאך אז ער דארף דאס באווארענען, ס'איז א זיכערע זאך אז שומר מצוה לא ידע דבר רע.

אפילו אז ער האט א חשש און אים ווייזט זיך אויס [אז] לויט זיינע כחות איז כך וכך - זאגן אויף דערויף רבותינו נשיאינו בכלל, ביז נשיא דורנו במיוחד, אז מ'זאל גיין-אין זיין שליחות, און מ'זאל גיין מיט א תוקף המתאים צוזאמען מיט דרכי נועם ודרכי שלום.

און מ'זאל זיך עוסק זיין מיט די וואס מ'דארף זיי דערציילן אל"ף בי"ת פון אידישקייט, דערציילן זיי אל"ף בי"ת כפשוטו.

ועד"ז הולך ומוסיף ביז אין יגדיל תורה ויאדיר: דער וואס האלט בא דער דרגא און אים דארף מען מוסיף זיין (בדרכי נועם ובדרכי שלום) מצד גדלות שלו נאכמער ווי בא סתם אידן אין זיין יגדיל תורה ויאדיר, אין דעם ענין גופא דארף מען מיט אים אויך טאן.

כמדובר כמ"פ און אויך דערמאנט פון לקו"ת, אז דער רגל טוט אויף אין דעם ראש און דעמאלט ווערט ער געריפן ראש לגבי הראש.

וואס דאס איז אויך דער סה"כ כמדובר אז לכל לראש אט דאס פון הקרוב קרוב יותר, אז די וואס זיינען שולדיק שוין פאר כמה חצאי שנים וואס מ'האט נישט צוגעשטעלט די קובצי תורה, צי דאס איז פון כוללים, צי דאס איז פון קבוצות אין ישיבות וכיו"ב -

איז איצטער די צייט פון כפלים לתושי', און ע"מ ווי געזאגט אז עס רעדט זיך באחד באדר, אין דעם סיום פון חודש שבט, וואס העשירי יהי' קודש, ויהי' בשלשים שנה, איז דאך לא יעזוב צאן מרעיתו, און ער גיט כחות אויף דורכפירן די אלע ענינים

אז מ'זאל באצאלן די אלע חובות, מיט א תוס' בזה, עכ"פ נישט שפעטער ווי מסמיך גאולה לגאולה צו חודש ניסן, עכ"פ פאר פסח, מה טוב דער ענין פון פורים, בחמשה עשר בו, אבער עכ"פ פאר חמשה עשר בניסן וכיו"ב.

עד"ז בנוגע צו קרני גמ"ח, און עד"ז כאו"א וואס ידע איניש בנפשי'.

און נאכמער מפרט זיין דאס בנוגע (ווי מ'האט א נאמען געגעבן דאס) די מבצעים, אין די ענינים פון אהבת ישראל, וואס דאס איז דאך (כמדובר) פארבונדן מיט שקלים.

און דאס איז פארבונדן במיוחד מיט פורים (וואס ער זאגט גלייך נאך דערויף בחמשה עשר בו קורין את המגילה), וואס דעמאלט איז דאך דער ענין וואס א מגילה דארף זיין דוקא ברוב עם הדרת מלך, וואס מערער אידן צוזאמען.

און די מצוה שבו וואס איז פארבונדן מיט ענינים גשמיים איז דאך אויך משלוח מנות איש לרעהו ומתנות לאביונים, וואס דאס איז דאך די העכסטע ענינים, והעוסק בגמ"ח.

און דערפון קומט אויך ארויס אין דעם מבצע חינוך, און מבצע תורה, וואס דאס איז דאך אויך פארבונדן מיט פורים: קיימו וקבלו היהודים עליהם ועל זרעם, וואס על זרעם איז דאך דאס דער ענין פון חינוך, און קיימו וקבלו דער ענין פון תורה.

דערנאך איז דער מבצע תפילין, ויקר אלו תפילין.

און דער מבצע מזוזה, וואס דאס איז דאך געווען איינע פון די גזירות, ווי ער זאגט אין תרגום שני, און דער מבצע צדקה היפך פון מפוזר ומפורד בין העמים, אז מ'ווערט (פארקערט) פאראייניקט און מ'גיט אים כו"כ מנות.

וואס אפילו מיט איין פרוטה איז ער קונה חיי נפשו, ווי ער זאגט אין תניא, און דערנאך איז דער בית מלא ספרים, אורה זו תורה, און דער ענין פון נרות שבת קודש, וואס דאס מאכט דאך דעם ענין פון שלום, און דעם ענין פון שבת און דעם ענין פון אורה כפשוטה.

דער כשרות האכו"ש ניט ווי עס איז דעמאלט געווען דער נהנו מסעודתו של אותו הרשע, און דאס איז א סעודה כשרה בכל הפרטים ובכל המובנים.

דער ענין פון טהרת המשפחה, וואס דורך דערויף שטעלט מען אויף "זרעו" וואס לא יסופו נישט מפי זרעו, און דאס בלייבט אן ענין בקביעות, משפחה ומשפחה, כלשון המגילה - דורך טהרת המשפחה.

ביז אס דאס פועל'ט אויף דעם שלימות העם היפך פון מפוזר ומפורד, און דאס פועל'ט אויף דעם ענין פון שלימות הארץ, אז שטייענדיק אין אכתי עבדי אחשורוש אבן שרייט מען אפ די אלע עצות, בדוגמא ווי עס איז געווען דעמאלט די עצה פון המן'ען -

אז אויף די אלע עצות ווערט אויפגעטאן דער עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום, דערפאר וואס כי עמנו א-ל, מיר האבן דעם דבר הוי' זו הלכה וועגן שלימות הארץ.

צוזאמען מיט שלימות התורה, אורה זו תורה.

- שיחת ר״ח אדר ה׳תשי״מ - טו -

און די אלע דריי שלימות׳ן צוזאמען, החוט המשולש לא במהרה ינתק, און מ׳ברענגט אראפ רעם ביהמ״ק השלישי, בקרוב ממש, און אין אן אופן פון נצחיות, וואס דאס איז למעלה מכל מחלוקת פון שני קוים, ווארום דאס נעמט פון קו האמצעי וואס דערגרייכט ביז אין פנימיות הכתר, כמדובר בכ״מ -

און אין אן אופן פון מיד ובעגלא דידן.

* * *

און דא איז אויך כאן המקום להעיר, אז האפן האט מען געהאפט אז עס וועט אויך עכ״פ צו ר״ח אדר שוין קענען אנהויבן בויען דעם שיכון אין ירושלים עיר הקודש וועגן וועלכן עס האט זיך גערעדט יו״ד שבט.

געפינט מען זיך אבער אין אן עולם וואס מען ליגט אין דיפלאמטיע, מען ליגט אין פאפירן, און מ׳ליגט אין שרייבן פאפירן, און עס דארף דורכגיין דורך א גאנצן סדר השתלשלות -

איז בעוונותינו הרבים האט דאס גורם געווען א צער רב, אז די משרדים וואס זיי דארפן ארויסגעבן די רשיונות אז מען זאל צולאזן א אידן בויען א שיכון אין ירושלים - האט זיך אנגעהויבן פארשידענע דרישות שונות ומשונות: מ׳זאל צושטעלן אלע-ערליי פאפירן, מיט אלע-ערליי עדבות׳ן מיט אלע-ערליי ענינים,

און דערווייל גייט דורך נאך א טאג און נאך א טאג, און דער צד שכנגד רוט נישט, און איז מגדיל זיינע תביעות און זיינע דרישות, און מ׳דערשרעקט זיך פאר אים, היפך פון דער הוראה פון דער מגילה אז מרדכי לא יכרע ולא ישתחוה.

און דאס איז נישט געווען מערנישט ווי די הנהגה פון מרדכי, נאר הגידו לו את עם מרדכי, אז די אלע אידן, וואס יעדערער פון זיי איז דאך פארבונדן מיט מרדכי פון יענע צייטן איז דאך פעולה נמשכת ביז צו יעדער אידן בימינו אלו - האט ער פארשטאנען, אז בשעת מ׳האלט זיך אן דער קלאמקע פון מרדכי - איז יעדער איד בכחו וביכלתו,

ואדרבא, אין דערויף באשטייט זיין תוקף - אז לא יכרע ולא ישתחווה, ואדרבא, שמעו הולך בכל המדינות, אט דאס וועט מפיל זיין נפל פחד היהודים עליהם, אז מ׳וועט זיך נישט טשעפען ניט מיט חברון, נישט מיט יהודה, נישט מיט שומרון, עאכו״כ נישט מיט ירושלים עיה״ק וכיו״ב.

נאר אדרבה, וויבאלד אז נפל פחד היהודים עליהם, זיי זעהן אז די יהודים האלטן זיך בא אידישקייט, ניט מצד כוחי ועוצם ידי, וואס דאס איז אתם המעט מכל העמים, און מ׳דארף אנקומען צו עזר מפלוני און עזר פון א צווייטן פלוני.

אבער ביחד ע״ז ווייס ער אז ער איז מודה בתורה, וואס עש״ז נקרא יהודי, אז ער איז מודה בכל התורה כולה, וואס דאס איז פארבונדן וואס ער איז כופר בכל ע״ז כולה, עאכו״כ פון די איינרעדעניש אז גוי׳שקייט איז א בעה״ב אין דער וועלט דערפאר וואס דאס איז עוה״ז החומרי.

דער איינציקסטער בעה״ב אין וועלט איז דער אויבערשטער, וואס אידישקייט באשטייט אין זיין פארבונדן מיטן אויבערשטן - ווערט דוקא דורך דערויף א בעה״ב אויף וועלט, הליכות עולם לו.

וואס אין שו״ע שטייט אז דינא דמלכותא דינא, דערפאר טשעפעט ער זיך נישט און גיט נאך אין די ענינים וואס איז נישט פארבונדן מיט אידישקייט.

הנחה פרטית בלתי מוגה

בשעת אבער עס איז נוגע צו שמירה ובטחון עם ישראל, ס'איז נוגע צו שלימות התורה שלימות העם און שלימות הארץ - איז קיינער אויף אים קיין בעה"ב נישט, ואדרבה שמעו הולך בכל המדינות ער ווערט א בעה"ב אויף דער גאנצער וועלט.

און עד כדי כך איז מען נתפעל פאר דרכי העולם, ווי עס פירט זיך אין וועלט - אז בשעת מ'קומט צוגיין און מ'זאגט אז מ'בעט נישט קיין טובות מיוחדות, מ'בעט מערנישט ווי דער עזר הרגיל, און וואס וויל מען טאן - באוויזן פאר אידן (און אפילו פאר נישט אידן) אז אידן ווילן זיך באזעצן אין ירושלים עיה"ק.

געפינען זיך אידן, וואס זיינען אזוי איינגעוואוינט, ביז אז הרגל נעשה טבע שני, אז ער קען נישט זאגן קיין איין ווארט איידער מ'שטעלט אים ניט צו איין פאפיר, צוויי פאפירן, צען פאפירן, הונדערט פאפירן.

און דערנאך דארף מען מאכן אסיפות, דערנאך דארף מען מאכן א וועדה מיט א קאמיטעט, און דערנאך דארף מען באטראכטן און דערנאך דארף מען זאגן באופן כך ובאופן כך, און דערנאך לאחרי חודש וחדשים איז נישטא וואס צו היילן וועט מען דעמאלט ארויסגעבן א החלטה!!

בה בשעה וואס עס איז מוכן סיי די געלט און סיי דער רצון און סיי דער ענין וכו' - מ'ערווארט, דאס וואס זיי דארפן טאן בלאה"כ, לטובתם ולטובתנו ולטובת כלל ישראל, ולטובת די גאנצע וועלט, כולל אויך די שבעים אומות - אז מ'זאל מיטהעלפן בויען א שיכון חדש אין ירושלים עיר קדשנו, קרית מלך רב.

ויה"ר אזוי ווי מען גייט אריין אין חודש אדר, וואס אין חודש אדר איז גלייך החודש אשר נהפך להם, זאלן זיי איבערקערן די אלע סדרים: וואס זיינען געווען ביז איצטער, און מ'זאל גלייך ארויסגעבן א רשיון, און געבן דעם גאנצן עזר וואס מען דארף האבן, און מ'זאל קענען עכ"פ מכריז זיין אין די ימי סגולה, ימי הפורים האלו, אז מ'האט אנגעהויבן בפועל בונה זיין אט דעם שיכון אין ירושלים, במקום פלוני ברחוב פלוני וכו' - אוועקגעלייגט א לבנה וחומר ואבנים ועצים - אט די אלע ענינים וואס מ'דארף האבן צו דעם בויען.

ועד"ז כאו"א בעניניו, וואס יעדער איד (כמדובר כמ"פ) דארף דאך זיך בויען, מאכן פון זיינע ד' אמות, צי ער לעבט אין ארה"ק, צי ער לעבט אין חו"ל, אז דארט זאל ווערן רצתה לעשות רצון קונה, און דארט זאל זיין אז בשעת עס וועט אריינגיין אפילו נישט א איד וועט ער זען אז דאס איז א אידישע הויז ווארום אידישקייט שפראצט און זעט זיך אן אין יעדער ווינקל, דורך א צדקה פושקע און דורך א ספר, עאכו"כ דורך א מזוזה וכיו"ב.

און מ'זאל דאס נישט זען אין בית במובנו המצומצם, אין דער הויז, נאר ער זאל דאס זען בחלקו וועו ער גייט בחלקו בעולם, אז ער גייט אין גאס דארף ער נישט מכריז זיין און מודיע זיין אז ער איז א בן אברהם יצחק ויעקב - ווארום מ'דערקענט דאס אויף אים - כל רואיהם יכירום כי זרע ברך הוי' המה.

ויה"ר אז פון ווי די ענינים שטייען בדיבור, זאלן זיי אראפ אין מעשה, און אין אן אופן פון בעגלא דידן, תיכף ומיד.

* * *

וכמדובר לעיל - אזוי אז צו פורים און צו דער התוועדות פון פורים זאל מען שוין קענען מכריז זיין אז מ'האט אנגעהויבן בויען בפועל, ובכל הרשיונות, ובשיתוף פעולה מיט אלע ענינים טובים ווי דאס איז.

ועד"ז כאו"א וואס זיינען דא, און די וואס הערן דעם ענין - וועגן א הוספה

הנחה פרטית בלתי מוגה

ממשית אין לימוד התורה וקיום מצוותי', כאו"א בענינו, ובפרט אין די ענינים פון די עשרה מבצעים.

אנהויבנדיק אין אן ענין שהזמ"ג, וואס דאס איז דער מבצע פורים, וואס עס דארף דאך זיין מיט א הכנה מתאימה, וכמדובר כמ"פ בדבר, בנוגע צו די גרויסקייט פון פורים, פון קיימו וקבלו עליהם ועל זרעם, ביז אז ימי הפורים האלו וועלן זיין קיימים לעד, ווי דער רמב"ם ברענגט דאס אראפ בנוגע צו חנוכה און פורים וכיו"ב.

וואס צוליב דערויף דארף מען דאך מאכן אין אן אופן מסודר, בעוד מועד כדי צו קענען באזוכן די בתי רופאים און די בתי מאסר.

עאכו"כ די כל אנשי יוצאי צבא, וואס זיי זיינען מגין על ארה"ק והדרים עלי', און זיי ווילן נישט הערן און פארשטייען ניט דער גאנצער בלבול המוחין בנוגע צו אפגעבן ר"ל דעם שטח און דעם צווייטן שטח, און זיינען מוכן אויף שטיין להגן על השטחים ולהגן על עם ישראל, וואס א"י איז דאך א נחלת עולם לגבולותי' פאר עם ישראל, געגעבן געווארן פון אלקי עולם.

איז דאך זיכער אז דא דארף זיין ביתר שאת וביתר עוז ומכ"ש. וק"ו דער ענין פון מבצע פורים על כל פרטיו, אין אלע זיבן ענינים שבו, כמדובר כמ"פ.

און דורך די הכנה המתאימה איז אט דעמאלט איז דאך היד הוי' תקצר, ובפרט אז ס'איז דאך כלו כל הקיצין ואין הדבר תלוי אלא בתשובה, וואס דאס איז בשעתא חדא וברגעא חדא -

זאל קומען משיח צדקנו בעגלא דידן, וועט מען מיט אים צוזאמען הערן די מגילה, און מיט אים צוזאמען לערנען תורה (לפנ"ז) אין די הלכות מגילה, כולל אויך די הלכות החג בחג וואס הויבט זיך אן שלשים יום לפנ"ז, עד"ז פארשטאנדיק בנוגע צו פורים, אז עס האט אן ארט צו זאגן אז מ'האט שוין געדארפט אנהויבן לערנען אין חמשה עשר בשבט, אין ראש השנה לאילנות.

עאכו"כ אז מ'שטייט אין ר"ח אדר, וואס אפילו לדעת רשב"ג איז שוין אויך דער שבועיים (די צוויי וואכן) פאר פורים.

און מ'לייגט זיך אלע צוזאמען, און קהל גדול יבואו הנה.

כמדובר כמ"פ אז מ'וויל דאך פארבינדן יעדער זאך מיט אן ענין של פועל גלייך על אתר - וואס דערפאר, ווייבאלד אז מ'האלט ויהי בשלשים שנה, כפלים לתושי', התחלה בפעם השני', און נישט סתם שני' נאר כפלים לתושי' -

וועט מען בלי"נ געבן יעדער פון די וואס געפינען זיך דא אויך א מספר פון שלש מאות פעניס (ד.ה. דריי דאלער), און אויך דאס מצרף זיין צו די ענינים הלכות וואס מ'האט גערעדט פריער.

און אויך: אט די וואס זיינען פארבונדן מיט מוסדות, אויך פארבינדן דאס מיט חיוב איניש לבסומי בפוריא, אז יעדערער וואס איז א מנהל פון א מוסד, אדער פון א בית הכנסת, אדער א רב בעירו, א מדריך וכיו"ב - מיטנעמען פון דער התוועדות א בוטל משקה.

און מ'זאל זיך גרייטן צו פורים מתוך שמחה וטוב לבב.

און דער פורים זאל זיין אין אן אופן וואס ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר, און ווי מ'איז דערנאך מסיים - כן תהי' לנו,



הנחה פרטית בלתי מוגה

ביז אין אן אופן פון דעם קיום פון חייב איניש לבסומי בפוריא עד דלא ידע.

אזוי ווי עס זיינען דא אזוינע וואס דארפן אוועקפארן, וועט מען זיי לאזן צוגיין די ערשטע - כדי אויף ניט מבלבל זיין זייער סדרא וואס זיי האבן אין הכנות צו דער נסיעה.

און ארויפגיין מיט דעם צד (והראה בידו הקדושה על צד שמאלו) און ארויסגיין פון דער זייט (והראה בידו הקדושה על צד ימינו), כדי אויף נישט מבלבל זיין.

און דערנאך איז כל אחד, און לאחרי דערויף ווי מ'וועט מסיים זיין מיט כל אחד אויך צוגיין כל אחת כולל אויך דער טף.

ויה"ר אז דער ענין פון משפט זו הלכה, וצדקה וואס דאס איז פארבונדן וואס מ'וועט דערנאך געבן די דאלער'ס (די דריי הונדערט פענים עשר פעמים שלשים) אפגעבן אויף צדקה, אדער דעם חילוף שלהם.

זאל אראפברענגען ביאת משיח צדקנו למטה מעשרה טפחים בעגלא דידן.

כדי אויף נישט צו מבלבל זיין - וועט מען מסתמא פריער מאכן די ברכה אחרונה, וואס דאס איז ניט מבלבל אז דערנאך זאל מען קענען אויך זינגען א פרייליכן ניגון.

און דערנאך ארויפגיין (כאמור) מצד זה און ארויסגיין מצד השני, ובזריזות,

ויה"ר אז דאס זאל נאכמער מזרז זיין די הפצת התורה והפצת המעיינות און דער קיום המצוות כמדובר לעיל, כל אחד ואחת בענינו,

און דאס זאל נאכמער מזרז זיין דעם בעתה אחישנה פון ביאת משיח צדקנו וכפשוטו.

הרל"ג שאל: די משקה געבן יעצט צי שפעטער?

וענה אד"ש: די וואס זיינען מנהלי מוסדות.

אח"כ אמר: אט די וואס זיינען מנהלי מוסדות אדער בית הכנסת - זאלן אליין זאגן אז זיי זיינען דאס - וועט מען זיי געבן א פלעשל משקה, און ניט דערנאך קומען בטענה אז ער האט נישט געוואסט, און פארוואס האט מען אים נישט געגעבן און א צווייטער איז שולדיק!

חילק לכ"א מהאנשים, אח"כ להנשים והטף.

פון די אלע ענינים זאל מען נישט פארגעסן אויף מעשה בפועל,

און ווי גערעדט פריער בנוגע צו די עשרה מבצעים,

און ענין שהזמ"ג אין הכנה אין אן אופן מסודר בנוגע צו מבצע פורים, און גלייך פון ר"ח זאל מען שוין זען ווי אזוי החודש הזה איז נהפך לששון ולמחה.

און זאל זיין ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר <u>כפשוטם</u> של כתוב, מיט אלע פירושים, ובקרוב ממש כן תהי' לנו,

זאל זיין לכל בנ"י הי' אור במושבותם אין די לעצטע טעג פון גלות, ובקרוב ממש, מיסמך גאולה לגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו במהרה בימינו <u>ממש</u>.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן (בחוזק) ניעט ניעט ניקאווא.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן (באופן שונה) את הניגון עוצו עצה.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן הושיעה את עמך.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן (באופן שונה) פרזות תשב, ופרצת.

די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה וועלן מסתמא פון דעם גאנצן טומל - נישט פארגעסן מאכן א ברכה אחרונה, אחרי תפלת מעריב התחיל לנגן ניעט ניקאווא.

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

**א.** ס'איז דאך שבת פרשת תרומה.

דאס גופא קען דאך אבער אויסקומען בכל שנה ושנה אין אן אנדער יום בחודש - איז בקביעות שנה זו קומט דאס אויס ו' אדר.

ונוסף לזה קומט צו א דריטער ענין אין דעם שבת - אז דאס איז דער שבת וואס קומט צווישן פ' שקלים און פ' זכור, וואס דאס האט אויך א שם מיוחד ווי פוסקים רופן דאס אן שבת ההפסקה, ד.ה. די שבת וואס איז מפסיק צווישן די ד' פרשיות.

וואס צווישן פ' פרה און פ' החודש קען דאך ניט זיין א שבת הפסקה, איז דארטן דער שבת הפסקה מצד דעם שבת וואס קומט פאר פ' פרה.

און דאס גופא קען זיין אויף צוויי אופנים, אדער אז דער שבת הפסקה איז צווישן פ' זכור און פ' פרה, אדער צווישן פ' שקלים און פ' זכור, ווי דאס קומט אויס בקביעות שנה זו.

און וויבאלד אז די דריי ענינים אין דעם שבת זיינען מנהגי ישראל וואס "תורה הוא" - דארף מען ארויסנעמען א הוראה פון דעם רמז וואס איז דא אין פ' תרומה, און א הוראה פון דעם רמז וואס איז דא אין ו' אדר, און א הוראה פון דעם רמז וואס איז דא אין דער ענין פון שבת ההפסקה.

**ב.** כמדובר כמ"פ אז אין יעדער פרשה אין תורה זיינען דא א ריבוי ענינים, ועד"ז בנוגע צו פ' תרומה.

אבער אזוי ווי מ'האט געגעבן א נאמען צו די גאנצע פרשה - פ' תרומה, איז ע"פ תורת הבעש"ט, געבראכט אין שעהיוה"א (פ"א) אז דער שמו אשר יקרא לו בלה"ק פון א זאך גיט ארויס דער תוכן פון די גאנצע זאך - איז פארשטאנדיק אז דער נאמען "תרומה" גיט ארויס דער תוכן פון די גאנצע פרשה.

וואס אע"פ אז דער שם הפרשה גיט מען בפשטות בכדי צו מחלק זיין צווישן דער פרשה מיט א צווייטע פרשה, וואס דערפאר קלייבט מען אויס א ווארט וואס איז קרוב צו די התחלה פון די פרשה און אויך א ווארט וואס וועט אויסטיילן די פרשה פון א צווייטער פרשה, און דערפאר רופט מען ניט אן קיינע פרשיות "וידבר" אדער "ויאמר", ווארום כמה פרשיות אין תורה הויבן זיך אן מיט דער התחלה, במילא וואלט דאס ניט אויסגעטיילט איין פרשה פון א צווייטער -

איז דאס אבער נאר ע"פ פשטות הענינים, וויבאלד אבער אז די תורה איז בתכלית הדיוק, איז בשעת מ'גיט א נאמען צו א זאך ועאכו"כ א נאמען אין תורה גופא, גיט דאס ארויס דער תוכן פון די גאנצע זאך, כתורת הבעש"ט הנ"ל.

וואס דערפאר איז דער נאמען פון דער פרשה - "תרומה" גיט ארויס דער תוכן און דער צד השוה וואס איז דא אין אלע ענינים וואס רעדן זיך אין דער פרשה.

**ג.** וואס עפי"ז דארף מען האבן ביאור:

דער ענין התרומה וואס רעדט זיך אין אונזער פרשה איז נאר איינע פון כמה תרומות וואס זיינען דא: ס'איז דא תרומה פון חלה, "ראשית עריסותיכם חלה תרימו תרומה גו'" (שלח טו, כ), ועד"ז איז דא תרומת המעשר, ועד"ז איז דא תרומת המשכן וואס רעדט זיך בפרשתנו -

איז ווי קען מען זאגן אז "תרומה" גיט ארויס דער תוכן און דער צד השוה פון די פרשה דוקא בשעת "תרומה" איז א כללות'דיקער ענין אין כמה פרשיות, און דער תרומה פון די פרשה איז נאר איינע פון כמה תרומות?

דער צד השוה וואס מ'געפינט יע אין דער פרשה וואס טיילט איר אויס פון אנדערע פרשיות - איז דער ענין פון משכן און מקדש,

וואס אע"פ אז דער ענין המשכן געפינט מען אויך אין פ' ויקהל און פקודי - אבער דארטן רעדט זיך וועגן דער בנין הפועל, משא"כ בפרשתנו דוקא איז דא דער תחילת הציווי פון בנין המשכן, וואס דער התחלת הציווי איז עיקר וראשית פון דער גאנצער בנין, ווארום דאס גיט די נתינת כח אז מ'זאל קענען בויען א משכן לה'.

און ווי מ'זאגט "הנה השמים ושמי השמים לא יכלכלוך אף כי הבית הזה (בתמי')", וואס בכדי דאס אויפצוטאן מוז מען האבן א ציווי פון דעם אויבערשטן וואס דאס גיט אים א נתינת כח מלמעלה, אז מ'זאל קענען בויען "הבית הזה".

וואס עפ"ז איז ניט נאר וואס די פרשה האט ניט געדארפט הייסן "תרומה" דערפאר וואס "תרומה" גיט ניט ארויס דער תוכן און צד השוה פון די פרשה, נאר דא האט געדארפט הייסן מיט א נאמען וואס האט א שייכות מיט משכן און מקדש?

ד. די קשיא ווערט נאך גרעסער:

דער ענין פון משכן און מקדש, "הנה השמים ושמי השמים לא יכלכלוך אף כי הבית הזה (בתמי')", וואס דאס איז דער תוכן פון פרשתנו, איז פונקט פארקערט פון תוכן הענין פון "תרומה":

בכדי עס זאל קענען זיין "אף כי הבית הזה" מוז מען האבן א ציווי און נתינת כח מלמעלה כנ"ל, ווארום דאס איז "אף כי הבית הזה - בתמי'", און דוקא נאר דער אויבערשטער קען דאס אויפטאן, ווארום מי יאמר לו מה תעשה, און ער איז א כל יכול וכו'.

און ווי דאס איז מודגש אויך אין פסוק אז די אידן בויען טאקע דער מקדש, "ועשו לי מקדש", אבער דערנאך איז "ושכנתי בתוכם", דער אויבערשטער איז שוכן מצ"ע אין דעם מקדש.

משא"כ דער ענין התרומה איז פונקט פארקערט:

דער ווארט "תרומה" האט אין זיך צוויי אפטייטשן ווי ער זאגט אין זהר, און אויך געבראכט אין פשטני המקרא: "תרומה" מלשון "אפרשותא", דער ענין ההפרשה, און "תרומה" מלשון "הרמה".

וואס די ביידע ענינים אין תרומה זיינען פארבונדן דוקא מיט מעשה ועבודת האדם:

"תרומה" מלשון הפרשה איז פשוט דער טייטש אז מ'האט אפגעגעבן דער כח צו א מענטשן אז ער זאל מפריש זיין פון זיינע ענינים צו דעם משכן.

עד"ז דער ענין וואס תרומה איז הרמה - איז אויך דער פירוש אז א איד דארף אויפהויבן די זאך אז דאס זאל נתעלה ווערן למעלה.

וואס כאטש אז א נברא מצ"ע קען נאר דערגרייכן ביז שרש הנבראים, ובמילא קען זיין הרמה נאר דערגרייכן ביז שרש הנבראים - איז אבער מעצמו מובן וואס פאר א דרגא איז שרש הנבראים, און דער הרמה גדולה וואס איז דא בשעת מ'איז מעלה א זאך פון עשי' שבעשי' אין שרש הנבראים.



הנחה פרטית בלתי מוגה.

וואס די עבודה פון מעלה זיין א זאך ביז אין שרש הנבראים איז אויך שייך פאר מ"ת, ועד"ז איז דאס אויך שייך בא ב"נ אין זייערע ז' מצוות.

ביז ווי די גמ' זאגט אז א "נכרי ועוסק בתורה ("בשבע מצוות דידהו") הרי הוא ככהן גדול" (וואס איז ניט קיין ת"ח), וואס דער כה"ג איז "נכנס לפני ולפנים".

און דאס וואס א גוי קען דערגרייכן ביז אין שרש הנבראים איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס דער רמב"ם ברייננגט אראפ לפסק דין בהלכה אין הל' מלכים ומלחמותיהם אז אויך "אוה"ע יש להם חלק לעוה"ב", ווען זיי זיינען מקיים זייערע ז' מצוות.

[ולאידך אויב א נכרי איז עובר אויף איינע פון די ז' מצוות, באקומט דער עונש וואס איז היפך זיין מציאות].

ווי געערדט אמאל דער טעם לזה וואס בא אידן זיינען דא עונשים מן הקל אל החומר, משא"כ בא גויים איז דא נאר איין עונש, דער עונש פון היפך החיים].

און די ז' מצוות וואס די גוים זיינען מקיים, וואס דערמיט קענען זיי דערגרייכן אין שרש הנבראים, האבן זיי באקומען פון אדה"ר, און בא נח איז צוגעקומען דער מצוה פון אבר מן החי, און פון דעם האבן ב"נ בפשטות דעם כח דערגרייכן אין שרש הנבראים.

וואס מכ"ז איז פארשטאנדיק אז דער ענין פון "תרומה" מלשון הרמה - איז אן עבודה וואס איז דא בכח הנבראים, ביז אז מ'איז מרים א זאך אין שרש הנבראים.

אבער דאס איז אלץ אין דער גדר פון נבראים, ובדוגמא ווי מ'זאגט אז די עלי' איז פון "בירא עמיקתא" אין "איגרא רמה", וואס דאס גופא וואס מ'זאגט "איגרא רמה" און "בירא עמיקתא" איז פארשטאדניק אז מ'רעדט אין דעם בנין פון סדר ההשתלשלות, וואו ס'איז שייך זאגן אז ס'איז דא א "איגרא", א גג, און א "בירא" א בור.

אבער מ'רעדט ניט בנוגע צו די דרגא וואס איז למעלה פון "איגרא רמה", וואס דאס איז העכער פאר שרש הנבראים, און העכער פאר דעם גאנצן בנין פון סדר ההשתלשלות.

ה. וואס עפי"ז קומט אויס אז דער ענין פון "תרומה" וואס איז בכח הנברא וואס ער איז מפריש און מרים, איז פונקט פארקערט פון דער ענין פון "ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם", וואס איז דוקא מצד הכח מלמעלה -

דארף מען האבן ביאור פארוואס ווערט פרשתנו אנגערופן פ' תרומה, בשעת דער תוכן פון די פרשה איז דער ענין המשכן וואס איז פונקט פארקערט ווי דער ענין התרומה?

לכאו' וואלט מען געקאנט זאגן אז מ'האט קיין ברירה ניט, ווארום דוקא דער ווארט "תרומה" שטייט בסמיכות צו התחלת הפרשה, משא"כ דער ווארט "מקדש".

דאס איז אבער נאר א ביאור אין פשט"מ, און ווי דאס איז מצד כח הנברא, ווען מ'רעדט אבער ווי יעדער ענין אין תורה איז בתכלית הדיוק, ווערט די שאלה פארוואס דער אויבערשטער האט ניט געלייגט דער פסוק "ועשו לו מקדש" בסמיכות צו התחלת הפרשה, און דעמאלט וואלט די פרשה געהייסן "מקדש"?

ואדרבה, דאס האט אויך א קלעפ אין פשטות הענינים, אז פאר דערויף וואס מ'זאגט די פרטים ווי מ'דארף צוגיין בויען דעם ביהמ"ק, אז ס'דארף זיין "ויקחו

לי תרומה גו'", און דערמיט דארף מען קויפן די אלע פרטים פון דעם משכן - דארף זיין "ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם", און דערנאך וועט קומען די פרטים, "ויקחו לי תרומה גו'", און די ציווי צו בויען די משכן, אנהויבנדיק פון דעם ארון, און דערנאך די קרשים, און די יריעות וכו'.

ו. דער כללות הביאור אין דעם:

דער כללות הענין פון "ושכנתי בתוכם", האט זיך אנגעהויבן בא מ"ת, וואס דעמאלט איז געווען "וירד ה' על הר סיני", "ואל משה אמר עלה אל ה'", וואס דאס האט אויפגעטאן אז "עליונים ירדו לתחתונים" און "תחתונים יעלו לעליונים".

און דעמאלט איז אויך געווען דער ענין פון אמירת "נעשה ונשמע", ביז אז דאס איז אויך אראפגעקומען אין פרטים פון א "משכן" ווי ער איז דערנאך ממשיך אין פ' יתרו אז "מזבח אדמה תעשה לי גו'", און "מזבח אבנים תעשה לי גו'".

דאס איז אבער אלץ ווי דער ענין האט זיך אויפגעטאן מלמעלמ"ט, בכחו של הקב"ה.

דערנאך וויל אבער דער אויבערשטער אז עס זאל זיין עבודת האדם מלמטלמ"ע, וואס דאס איז אין אן אופן פון מקל אל הכבד דוקא, און "ילכו מחיל אל חיל", וואס דערפאר קומט מען דערנאך צו פ' תרומה, מלשון הפרשה והרמה, אז עס דארף זיין די הפרשה און הרמה בעבודת האדם.

והביאור בזה:

בא מ"ת האט זיך אויפגעטאן דער הרמה און העלאה פון די גאנצע וועלט, גאנץ "תחתונים" זיינען נתעלה געווארן "לעליונים", ביז אז דאס האט דורכגענומען ניט נאר דעם סוג המדבר, נאר אויך דעם סוג החי, אז "שור לא געה וצפור לא צפצף כו'".

וואס דער כח לכל זה איז געקומען פון "ואני המתחיל", א כח מלמעלמ"ט וואס האט געפועל'ט אין וועלט לפי שעה.

די כוונה איז אבער אז א איד זאל אויפהויבן די וועלט ע"י עבודתו, איז מצד עבודתו וואס איז מלמטלמ"ע קען ער ניט אויפהויבן די גאנצע וועלט מיט איין מאל, נאר ער מוז גיין מן הקל אל הכבד און "ילכו מחיל אל חיל" - פריער איז ער מפריש איין חלק אין וועלט וואס געהערט צו אים, און ער איז מרים און מעלה דער חלק, און דערנאך איז ער מפריש א צווייטער חלק און איז דאס מרים און מעלה וכו'.

וואס דאס איז די עבודה פון "תרומה", מלשון הפרשה און הרמה, אז פריער האט א איד צוטאן חלקו בעולם, מיט ממונו שלו, מיט די ניצוצות שלו, מיט אן ענין וואס איז א זמן גרמא, און ער איז דאס מפריש, און דערנאך מרים און מעלה צו אלקות.

און וועלכער חלק בעולם, און וועלכער ענין איז א זמן גרמא פאר אים - ווייזט אים אן תורה וואס זי באלייכט אלע ענינים פון וועלט, פון צייט צו צייט אז דער און דער ענין דארף ער פריער טאן און דערנאך טאן א צווייטער ענין.

און אזוי איז א איד עובד עבודתו בכל הענינים שלו, און ער גייט מן הקל אל הכבד, ביז אז ער איז מפריש אלע ענינים זיינע און ער איז זיי מעלה צו אלקות.

וזאס דוקא אין דער "ושכנתי בתוכם" וואס א איד סוט אויף מלמטלמ"ע מן הקל אל הכבד - איז די כוונה למעלה, ווארום מצד דער "ושכנתי בתוכם" וואס איז געווען בא מ"ת, איז דאס געווען בכחו שלמעלה, אז וויבאלד אז למעלה איז "אין כח חסר

פועל" - דערפאר האט דאס גע'פועל'ט אז אויך "תחתונים" זאלן עולה זיין "לעליונים".

די כוונה איז אבער אז א איד זאל אראפקומען אין עוה"ז הגשמי און דארטן פועל זיין ע"י עבודתו אז די וועלט זאל נתעלה ווערן צו אלקות, וואס דאס טוט ער דוקא דורך דעם וואס ער איז עובד עבודתו מן הקל אל הכבד, און צוביסלעך איז ער מעלה יעדער חלק בעולם.

וואס דוקא די עבודה האט די מעלה פון "אדם רוצה בקב שלו יותר מתשעה קבין של חבירו" ד.ה. אויך מערער פאר די "תשעה קבין" וואס האט זיך אויפגעטאן בא מ"ת.

און אז ער האט דער "קב שלו" בשלימות באקומט ער אין דעם "קב שלו" אויך די "תשעה קבין של חבירו".

**ז.** וואס עפי"ז איז פארשטאנדיק פארוואס פרשתנו ווערט אנגערופן פ' תרומה אע"פ וואס אין איר רעדט זיך בעיקר וועגן דעם משכן און מקדש - ווארום דוקא אין דער פרשה רעדט זיך ווי דער משכן ווערט אויפגעטאן ניט מצד א נתינת כח מלמעלה, וואס דאס איז בכללות ווי דאס איז געווען בא מ"ת, נאר ווי דער משכן און מקדש ווערט אויפגעטאן דורך דער ענין פון "תרומה", אן עבודה מלמטלמ"ע, וואס א איד איז מפריש און דערנאך מרים די ענינים אין וועלט צו אלקות.

וואס דאס איז דער תוכן פון גאנץ פ' תרומה, וואו ער רעכנט אויס די אלע פרטי הדברים, די י"ג דברים און ט"ו דברים וואס מ'האט געדארפט נוצן בכדי עס זאל זיין "ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם".

און די אלע פרטים וואס ער רעכנט אויס אין דער פרשה תרומה פון וואס מ'מאכט א משכן ומקדש להקב"ה - האט יעדער איד בעבודתו הפרטית, בכדי ער זאל קענען אויפמאכן א משכן און מקדש וואס דארטן זאל זיין "ושכנתי בתוכם".

**ח.** לכאו' איז אבער ניט פארשטאנדיק:

די ענינים פון דער משכן וואס ווערן דערציילט אין פ' תרומה זיינען לכאו' "מאי דהוה הוה" (ווי מפרשים פרעגן), ווארום זיי וועלן ניט זיין נוגע צו די שפעטערדיקע דורות, און ס'איז ניטא קיין נפק"מ לפועל נפק"מ לפועל צו אידן אין דורות לאח"ז וואס איז געווען אין משכן - איז וואס דערציילט מען דאס מיט אלע פרטים, ביז אז מ'זאגט אז דערפון דארף א איד ארויסנעמען א הוראה?

בנוגע צו דער ביהמ"ק וואס ווערט דערציילט אין יחזקאל, ועד"ז דער בית פון שלמה המלך - זאגט דאך דער רמב"ם (הל' ביהב"ח פ"א ה"ה) אז דאס וועט זיין נוגע לע"ל צו וויסן ווי צו בויען דער בית השלישי, אבער בנוגע צו דעם משכן זיינען דאך רוב הפרטים נאר געווען נוגע צו די אידן אין מדבר, און ווייטער איז דאס ניט נוגע?

בנוגע צו די בגדי כהונה, וועט דאס זיין נוגע צו וויסן - אבער וועגן די בגדי כהונה ווערט ניט דערציילט אין פ' תרומה, נאר ערשט אין פ' תצוה.

ועד"ז קען מען ניט ענטפערן אז די כלים וואס ווערן דערציילט אין פ' תרומה וועלן זיין נוגע צו וויסן - ווארום די כלים זיינען ניט דער עיקר המשכן, ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות, אז די כלים לייגט מען אריין אין דעם משכן, וואס דער משכן באשטייט פון די קרשים און די יריעות וכו', וואס די אלע זאכן וועלן ניט זיין נוגע לפועל.

ט. איז דער ביאור אין דעם:

די תורה איז נצחית, וואס דערפאר זיינען אלע ענינים וואס תורה דערציילט נצחיים.

וואס דאס איז דער טעם אויף דעם וואס מ'זאגט "תפילות כנגד קרבנות תקנום" ווארום כאטש אז נאך דעם חורבן ביהמ"ק זיינען נתבטל געווארן דער ענין הקרבנות – אבער וויבאלד אז תורה איז נצחית, קומט ארויס דער ענין פון קרבנות אין אן אנדער ענין, וואס דאס איז דער ענין התפלה.

וואס דער פירוש אין דעם איז – אז תפילות זיינען דער זעלבער ענין ווי קרבנות, נאר דאס איז דער ענין הקרבנות ווי דאס קומט אראפ אין א נידעריקער דרגא.

ועד"ז איז בנוגע צו דער כלל וואס די גמ' זאגט אז "כל העוסק בתורת עולה כאילו הקריב עולה", אז תורה האט געגעבן דעם כח אז כאטש עס וועט פעלן דער ענין פון עולה כפשוטו, זאל מען קענען אויפטאן די זעלבע ענינים דורך דעם וואס מ'וועט לערנען די דינים וכו' וואס זיינען פארבונדן מיט א קרבן עולה.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנדו"ד:

די תנחומא זאגט אז יחזקאל האט געפרעגט בא דעם אויבערשטן פארוואס ער הייסט אים זאגן די אידן "צורת הבית ותכונתו ומוצאיו ומובאיו וכל צורותיו" מ'געפינט זיך דאך אין גלות, און דאס וועט ערשט זיין נוגע צו וויסן ווען מ'וועט דארפן בויען דעם ביהמ"ק?

וואס די שאלה איז א שאלה וואס דארף זיין ע"פ תורה, בכדי צו ארויסרופן אן ענטפער פון דעם אויבערטשן.

האט אים דער אויבערשטער געענטפערט: דורך דעם וואס די אידן וועלן לערנען די ענינים פון ביהמ"ק בזמן הגלות, איז "אני מעלה עליהם כאילו הם עוסקין בבנין הבית".

י. וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו פ' תרומה:

אע"פ אז די ענינים פון דער משכן זיינען ניט נוגע בפועל, איז אבער דורך דערויף וואס מ'לערנט וועגן די י"ג דברים און די ט"ו דברים, און מ'לעבט מיט דעם וואס מ'לערנט כתורת אדה"ז – בויט מען אויף דעם משכן, און עס ווערט "ושכנתי בתוכם" אין די י"ג און ט"ו דברים.

וכמבואר אין תורה אור אז דער "ועשו לי מקדש" האט אין זיך ביידע פירושים, סיי מלשון ציווי, און סיי מלשון הבטחה, אז דער אויבערשטער זאגט צו אידן אז עס וועט זיכער אויפגעבויט ווערן דער משכן.

וואס דאס טוט אויף יעדער איד אפילו אין זמן הגלות דורך דעם וואס ער לערנט די ענינים, און ער לעבט מיט זיי.

וע"ד ווי דאס איז געווען בא יחזקאל, אז ניט ער האט געלערנט מיט די אידן וועגן דעם ביהמ"ק און ער האט זיי אנגעוויזן מיטן פינגער אז אט דא איז דער היכל, און אט דא איז דער מזבח וכו' (וואס דעמאלט איז דאך געווען דער ביהמ"ק קיים) – יחזקאל איז דאך אבער געווען אויף הר כבר, אין חו"ל, איז דער איינציקער וועג ווי ער האט געלערנט מיט די אידן "צורת הבית ותכונתו כו'" איז ווי דער ביהמ"ק שטייט אין תורה, און דורך דערויף האט זיך אויפגעטאן דער "אני מעלה עליהם כאילו הם עוסקין בבנין הבית".

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו יעדער אידן אויך בזמן הגלות הזה, אז דורך דעם וואס מ'לערנט די ענינים וואס רעדן זיך אין פ' תרומה, טוט מען אויף דער בנין המשכן.

**יא.** לפי"ז ווערט אבער א שאלה - פארוואס איז מען מדגיש דער לימוד פון משכן וואס וועט סיי ווי ניט אויפגעבויט ווערן, און ניט דער לימוד פון הלכות ביהמ"ק, וואס דארף אויפגעבויט ווערן בקרוב ממש?

איז דער ביאור אין דעם:

דער משכן איז אויפגעשטעלט געווארן אין מדבר, איידער אידן זיינען געקומען צו אן ארץ נושבת.

וואס אע"פ אז אין מדבר זיינען געווען צוויי זמנים, איין זמן פאר מ"ת און דער צווייטער זמן נאך מ"ת, וואס בפשטות איז דער ריבוי הזמן אין מדבר געווען נאך מ"ת - איז דאס אבער פארט געווען א מדבר "הגדול והנורא נחש שרף ועקרב וצמאון אשר אין מים" (עקב ח, טו), און אן "ארץ ציה ועיף". (תהלים סג, ב).

און אע"פ אז דארטן איז געווען מן און ענני הכבוד און דער באר, און אין יעדער ארט וואו אידן זיינען אנגעקומען האבן זיי געפועל'ט א בירור, ווי די גמ' לערנט אפ אין שבת צי די מקומות וואו די אידן זיינען געווען במדבר האבן א דין פון רה"ר, אדער רה"י, אדער א כרמלית וכו' - איז דאס אבער געווען א מדבר, און ניט אין אן ארץ הנושבת.

און פונדעסטוועגן האבן אידן געמאכט א משכן אין דעם מדבר, וואס איז טאקע געווען אין אן אופן פון "ואתהלכה באוהל", אבער דארטן איז געווען "ושכנתי בתוכם".

און ווען מ'וויל ארויסנעמען א הוראה ווי אידן דארפן זיך פירן אין דעם איצטיקן גלות וואס איז נאך איידער די אתחלתא דגאולה, און ס'איז א חושך כפול ומכופל, בדוגמא ווי די אלע לשונות וואס מ'האט פריער דערמאנט בנוגע צו דעם מדבר - לערנט מען ארויס די הוראה ניט פון א ביהמ"ק וואס מ'האט געבויט אין אן ארץ הנושבת, נאר מ'לערנט ארויס א הוראה פון א משכן וואס מ'האט אויפגעבויט אין א מדבר.

אז אויך אין אזא חושך כפול ומכופל קען מען אויפבויען א משכן "דאיקרי מקדש" און א מקדש "דאיקרי משכן" וואס אין איר זאל זיין "ושכנתי בתוכם", פונקט ווי די אידן האבן דאס געטאן אין דעם מדבר נאך איידער זיי זיינען אנגעקומען אין אן ארץ הנושבת.

**יב.** און דער "ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" וואס מ'טוט אויף אין דעם חושך כפול ומכופל פון גלות איז דורך דעם וואס ס'איז דא דער "ויקחו לי תרומה", אז מ'איז מפריש פון די אייגענע ענינים, און דערנאך איז ער דאס מהים און מעלה צו אלקות.

און דער כח אויף דערויף האט יעדער איינער, ווארום וויבאלד אז ס'איז שוין לאחר מ"ת און לאחר דער ענין פון "עולם על מילואו נברא" - שטייט שוין בכח דער ענין פון "ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" אין וועלט, א איד דארף דאס נאר ארויסברענגען מן הכח אל הפועל, דורך דעם וואס ער טוט אויף דער "ויקחו לי תרומה" אין חלקו בעולם.

און וויבאלד אז דער אויבערשטער האט אנגעזאגט דער ציווי פון "ויקחו לי תרומה" צו יעדער אידן במיוחד, "תרומה" ל' יחיד (און ניט "תרומות") - איז א זיכערע זאך אז יעדער איד האט דער כח לזה, ווארום "איני מבקש אלא לפי כחן".

און דערפאר זאל א איד ניט זאגן אז ער וועט זיך פארלאזן אויף די אידן ארום זיך, בדוגמא ווי מ'זאגט יעדער אינדערפרי "הריני מקבל עלי מצות עשה של ואהבת לרעך כמוך" (ווי דער אלטער רבי שרייבט בסידורו), קען דאך א איד מיינען אז ער וועט זיך כולל זיין מיט אלע אנדערע אידן, און ניט טאן עבודתו הפרטית - זאגט מען אים "ויקחו לי תרומה" לשון יחיד, אז מ'מיינט אים אליין, בדוגמא ווי מ'האט גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות אז די עשה"ד זיינען געזאגט געווארן לשון יחיד, אז מ'מיינט יעדער איינעם באזונדער.

יג. דערביי קומט צו נאך א נקודה:

די ביידע פירושים אין דעם ווארט "תרומה" מלשון הפרשה און מלשון הרמה - שטייען ביידע אין דעם זעלבן ווארט, און זיי שטייען דוקא אין דעם סדר - פריער מלשון הפרשה און דערנאך מלשון הרמה, והביאור בזה:

ס'איז דא א גרויסע נפק"מ אויב מ'גייט צו אויף צוגרייטן א זאך און מ'ווייסט אויף וואס מ'דארף דאס האבן, אדער מ'גייט צו דער זאך אן וויסן אויף וואס מ'דארף דאס האבן.

לדוגמא: אז מ'ווייסט אז מ'דארף האבן א זאך צוליב אכילה, איז די הכנה ווי צו גיין קריגן די זאך אין אן אופן אז מ'זוכט צי דאס איז "חיך אוכל יטעם".

בשעת מ'ווייסט אז מ'דארף האבן א זאך פאר א לבוש - זוכט מען עפעס וואס וועט פארהיטן פון קור וחום.

ווען מ'ווייסט אז מ'דארף דאס האבן פאר א בית - זוכט מען אנדערע ענינים, ועד"ז איז דאס אין עבודת האדם.

ווען מ'ווייסט אז מ'דארף געבן א עני צדקה - גרייט מען צו ענינים וואס דער עני דארף האבן, און אז דאס זאל זיין בסבר פנים יפות וכו'.

ווען מ'וויל האבן הצלחה אין לימוד התורה - גרייט מען צו ענינים וואס וועלן אויפעפענען חב"ד שבנפשו.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בעניננו:

ווען מ'ווייסט אז די הפרשה איז צוליב די הרמה און עלי' אין אלקות וואס דארף דערנאך ארויסקומען פון די הפרשה - איז די הפרשה באופן אחר לגמרי, בשעת מ'ווייסט דאס ניט.

וואס דערפאר גייט דער סדר אין עבודה אז פריער איז מען מפריש דער זאך, אבער מ'ווייסט אז די הפרשה איז צוליב דעם וואס דאס וועט דערנאך נתעלה ווערן אין אלקות, און דערנאך איז דא די הרמה אז מ'איז דאס מעלה אין אלקות בפועל.

וואס דאס איז ע"ד ווי רש"י זאגט גלייך אויף "ויקחו לי תרומה", "ויקחו לי - לשמי", די הפרשת התרומה איז "לשמי", בכדי אז דאס זאל נתעלה ווערן אין אלקות.

און דעמאלט ווערט דער "ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" אין די י"ג און ט"ו דברים באופן נעלה ביותר, ווארום גלייך מלכתחלה וואס מ'איז זיי מפריש ווייסט מען וואס די כוונה בזה איז.

יד. וויבאלד אז סדר אין תורה איז אויך תורה, איז אויך דער סדר פון די י"ג (ט"ו) דברים מדוייק, און דערפאר דארף מען דערפון אויך ארויסנעמען א הוראה.

גלייך אין דעם ערשטן פסוק וואס ער זאגט "וזאת התרומה אשר תקחו מאתם" איז דער פסוק ממשיך "זהב וכסף ונחושת", און ערשט אין די ווייטערדיקע פסוקים רעכנט מען אויס די אנדערע זאכן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער עיקר פון די אלע י"ג (ט"ו) דברים איז זהב, כסף און נחושת, און אין זיי זיינען נכלל די אלע אנדערע ענינים.

דער טעם פארוואס ער הויבט אן מיט "זהב" דוקא:

איינער קען טענה'ן אז ער איז גרייט אוועקגעבן תרומה אין אן אופן פון הפרשה והרמה פון "נחושת", אבער ער איז ניט גרייט אנהויבן פון מפריש זיין פון "כסף" און "זהב" שלו.

אז ער וועט ווערן עלטער און קליגער און פרומער, און דער עיקר - רייכער - וועט ער דעמאלט טראכטן וועגן מפריש זיין אויך פון זיין כסף וזהב.

זאגט מען אים אז דער דין אין שו"ע בכ"מ איז - אז מ'דארף געבן "מן המובחר" "מן היפה", דארף ער גלייך געבן פון זיין "זהב".

און דערנאך אז מ'לערנט מדרש און ער זאגט אז עס זיינען דא "עשר מיני זהב", זאגט מען אים אז דאס איז ניט מספיק א נידעריקערע סוג פון זהב, וואס דעמאלט איז דאס נחושת שבזהב וכיו"ב, נאר ער דארף גלייך געבן פון דעם העכסטן סוג אין זהב.

וואס אע"פ אז מ'האט פריער גערעדט אז די סדר העבודה פון "ועשו לי מקדש" און די הפרשה והרמה פון תרומה דארף זיין מן הקל אל הכבד - איז דאס אבער נאר בנוגע צו וועלט און בנוגע צו א זולת.

ווען עס רעדט זיך אבער מיט זיך אליין - דארף די עבודה גלייך אנהויבן פון דער העכסטע ענין, מפריש זיין פון זיין זהב.

און דערנאך ווען ער דערוויסט זיך אז ס'איז דא כסף און נחושת גיט ער אויך תרומה פון זיי.

**סו.** עד"ז קען איינער טענה'ן לאידך גיסא:

ער איז שייך נאר צו זהב, במילא וויל ער געבן תרומה נאר פון זהב, אבער מיט כסף און נחושת וויל ער ניט האבן צו טאן.

ער איז טאקע מודה אז כסף און נחושת זיינען דברי קדשים, אבער דאס קומט ניט צו זיין דרגא - ער איז "זהב", קדש הקדשים, וואס דארטן איז כרובים של זהב, בדים של זהב, די ווענט אנגעשמירט מיט זהב.

ווען עס קומט אבער צו דעם "היכל" - אה, דאס איז ניט פאר אים! ער איז שייך צו קדה"ק.

זאל זיך א צווייטער פארנעמען מיט כסף און נחושת, מיטן היכל און מיטן אולם וכו'.

זאגט מען אים אז אפילו אויב ער מיינט אז ער איז קדה"ק, און אפילו אויב דאס איז טאקע אזוי - דארף ער אבער וויסן אז די קדושה פון קדה"ק איז תלוי אז פריער זאל זיין א היכל מיט אן עזרה וכו'.

דערפאר דארף ער אויך האבן צו טאן מיט כסף, וואדום אין דערויף איז תלוי קדושתו!

**טז.** דערנאך טענה'ט ער אז ער וויל ניט האבן צו טאן מיט נחושת, ווארום נחושת איז א דרגא נמוכה, ביז אז אפילו משה רבינו וואס ער האט געהאט דעם ציווי "קחו מאתכם תרומה לה' כל נדיב לבו יביאה את תרומת ה' גו'", איז אבער ווען די נשים זיינען געקומען מיט די "מראות הצובאות" וואס זיינען געווען פון נחושת איז "משה מואס בהן מפני שעשויים ליצר הרע" (רש"י ויקהל לח, ח).

טענה'ט ער אז ער וויל ניט האבן צו טאן מיטן כיור, וואס פון איר וואשט מען די הענט - ער שטייט העכער פאר די ענינים.

זאגט מען אים אז. דער אויבערשטער האט געזאגט משה'ן אז ער זאל נעמען די מראות הצובאות" פון די נשים "כי אלו חביבין עלי מן הכל" ווארום דורך זיי האבן די נשים צדקניות אויפגעשטעלט "צבאות ישראל" אין מצרים וואס זיי האבן דערנאך געזאגט "זה א-לי ואנוהו" און דורך זיי האט משה רבינו אליין געקאנט ארויסגיין פון מצרים.

און דערפאר איז דערנאך מאכט מען פון די "מראות הצובאות" דעם כיור, וואס דורך דעם ווערט "שלום בין איש לאשתו", ווארום דאס איז מטהר אן אשה לבעלה (רש"י שם).

וואס דערפון איז אויך אן ענטפער צו דעם וואס טענה'ט אז ער וויל ניט האבן צו טאן מיט נחושת, ווארום דאס איז א נידעריקע מדריגה, ביז אז מ'זאגט אז "נחושת" איז פון לשון "נחש" (נסמן בלקו"ש ח"ו ע' 158), און ווי עס שטייט "נחש נחושת".

זאגט מען אים אז ער דארף יורד זיין אין דעם "בירא עמיקתא" אין "נחושת" און דארטן אויפטאן אז דארטן זאל אויך זיין "ושכנתי בתוכם".

**יז.** און דוקא אז מ'נעמט תרומה פון די דריי ענינים "זהב כסף ונחושת", וואס זיי זיינען כולל אלע י"ג (ט"ו) דברים - מאכט מען אויף דעם "מקדש" וואס דארטן איז "ושכנתי בתוכם".

ובקרוב ממש זאל זיין דער "ושכנתי בתוכם", "ושכנתי בתוך או"א, אז דער אויבערשטער איז שוכן און מתלבש אין די ענינים פון כל אחד ואחד.

ונוסף לזה זאל זיין דער "ושכנתי בתוכם" כפשוטו אין דעם ביהמ"ק השלישי, וואס איז א ביהמ"ק נצחי, בקרוב ממש ובעגלא דידן.

* * * *

**יח.** דערנאך קומט צו דער צווייטער זאך אין דעם שבת, וואס זי איז ו' אדר.

וואס בפשטות איז דער טאג פון ו' אדר ווי יעדער איינער פארשטייט אליין - ערב ז' אדר, דער יום הולדת און יום הסתלקות פון משה רבינו.

אבער וויבאלד אז "כל יומא ויומא עביד עבידתי'" מוז מען זאגן אז נוסף דערצו וואס ו' אדר איז א ערב און א הכנה צו ז' אדר, האט דאס אויך אן ענין בפ"ע.

וע"ד ווי דאס איז אין אלע ענינים פון "ערב", לדוגמא ערב שבת, ערב יו"ט, ערב ימות המשיח, ערב פסח - אז נוסף לזה וואס זיי זיינען אלע אן ערב און א הכנה צו א צווייטן טאג, - איז וויבאלד אז "אין הקב"ה מקפח שכר כל ברי'", כמבואר אין לקו"ת ועאכו"כ בנוגע צו א זאך וואס איז פארבונדן מיט אידן - איז זיכער אויך דא אן ענין מיוחד אין דעם טאג.

ועד"ז איז צו כללות "שית אלפי שני דהוו עלמי", וואס דאס איז בכלל דער ערב שבת און ערב הגאולה פון "יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים" - איז ע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו די ששת ימות החול און שבת כפשוטו אז "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת" עד"ז איז דאס בנוגע צו די כללות "שית אלפי שני" אז דורך "מעשינו ועבודתינו במשך שית אלפי שני" איז מען "יאכל" אין דעם "יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז נוסף לזה וואס די ששה ימים זיינען א הכנה צו שבת, האבן זיי אויך אן ענין בפ"ע.

און ווי דאס איז אויך בפשטות הכתובים, אז אע"פ וואס שבת איז דער "ויכולו" מלשון כליון ותענוג פון אלע ששת ימי בראשית, איז אבער מובן בפשטות אז אין יעדן טאג פון די ששת ימי בראשית האבן זיך אויפגעטאן געוואלדיקע ענינים.

ועד"ז (אז דער הכנה צו א זאך האט אין זיך אויך אן ענין מצ"ע) געפינט מען אויך אין הלכה: אפילו אן עבודה שאינה תמה וואס איז נאר א הכנה צו א צווייטער עבודה, ווערט אויך אנגערופן בשם עבודה.

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו ו' אדר, אז אע"פ וואס דאס איז א הכנה צו ז' אדר, האט דאס אבער אין זיך אויך אן ענין בפ"ע, וואס איז אין דער "יומא עבידתי'" פון דעם טאג מצ"ע.

**יט.** דער ענין וואס איז דא אין דעם טאג פון ו' אדר:

אין סדר עולם (פ"י) ועד"ז אין יל"ש (יהושע רמז א) שטייט אז אין ו' אדר האט דער אויבערשטער געזאגט משה'ן "הן קרבו ימיך למות קרא את יהושע והתיצבו באוהל מועד ואצונו גו'" (וילך לא, יד), "מה היתה צוואתו "חזק ואמץ כי אתה תביא את בנ"י אל הארץ גו'" (שם, כג).

און "בז' באדר וילך משה וידבר גו' ויאמר אליהם בן מאה ועשרים שנה אנכי היום גו'" (שם, א-ב) [וואס דערפון לערנט מען אויך אפ אז "היום מלאו ימי ושנותי" מלמד שבשבעה באדר נולד משה ובשבעה באדר מת משה"].

און דאס וואס פריער שטייט אין תורה "וילך משה גו' וידבר אליהם בן מאה ועשרים שנה אנכי היום" און דערנאך שטייט "חזק ואמץ גו'", אע"פ אז "חזק ואמץ גו'" איז געווען ו' אדר, א טאג פאר "וילך משה גו'" וואס איז געווען ז' אדר - איז דאס דערפאר וואס "אין מוקדם ומאוחר בתורה".

**כ.** דא"ג און בתור מאמר המוסגר:

ע"פ דעם סדר עולם (און יל"ש) קען מען פארענטפערן א שאלה וואס מפרשים מאטערן זיך מיט איר, און ווילן זאגן אז דאס זיינען מדרשות חלוקות וכו' (ראה לקו"ש ח"ו 361, וש"נ):

עס שטייט אין זהר און עס ברייננגט זיך אויך להלכה, אז צו מנחה ביום השבת זאגט מען "צדקתך צדק" און "וצדקתך לאלקים" און "צדקתך צדק לעולם" - דערפאר וואס משה און יוסף און דוד זיינען נסתלק געווארן צו מנחה בשבת.

אויף דערויף פרעגט מען אז אין מדרש (דב"ר פ"ט, ט) שטייט אז ביום הסתלקותו האט משה געשריבן י"ג ס"ת, איין ס"ת פאר יעדער שבט, און איינע צו אריינלייגן אין דעם ארון (ווי דער מב"ם ברייננגט להלכה - איז אויב ער איז נסתלק געווארן ביום השבת ווי האט ער געקענט שרייבן י"ג ס"ת?

מ'קען ניט ענטפערן אז ער האט זיך געשריבן ערב שבת (ו' אדר) און ביום הסתלקותו האט ער זיך נאר געגעבן צו די שבטים - ווארום פון פסוק (וילך שם, ט) "ויכתוב משה את התורה הזאת ויתנה גו'" איז משמע אז דער "ויכתוב" און דער "ויתנה" איז געווען בהמשך אחד.

ע"פ דער סדר עולם (און ילי"ש) אז "ויצו את יהושע בן נון ויאמר חזק ואמץ גו'" איז געווען ו' אדר, און די התחלת הפרשה איז געווען ז' אדר - קען מען זאגן אז דער סיום הכתיבה פון די ס"ת איז געווען ו' אדר און דער נתינה פון די ס"ת איז געווען ז' אדר, ביום השבת, והביאור בזה:

וועגן די ס"ת ווערט דערציילט סיי בהמשך צו "ויצו את יהושע גו'" (וואס לויט דעם סדר עולם איז דאס געווען ו' אדר) און סיי בהמשך צו די ענינים וואס זיינען געווען ז' אדר לויט דעם סדר עולם - איז דערפאר לייגט זיך צו זאגן אז סיי ו' אדר איז געווען א פעולה פארבונדן מיט די ס"ת, און סיי ז' אדר איז געווען א פעולה פארבונדן מיט די ס"ת.

איז עפ"ז קען מען זאגן אז ו' אדר איז געווען דער סיום הכתיבה פון די ס"ת, און ז' אדר האט ער זיך דאס איבערגעגעבן.

עפ"ז בלייבט נאך אבער דער דוחק, אז מ'וועט דארפן זאגן אז דאס וואס שטייט אין מדרש אז "ביום הסתלקותו האט ער געשריבן די ס"ת, מיינט די נתינה און ניט די כתיבה.

**כא.** דער עצם ענין וואס דער סדר עולם זאגט אז ו' אדר האט משה געזאגט יהושע'ן "חזק ואמץ גו'" - איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס האט דאס געדארפט זיין ו' אדר, א טאג פאר הסתלקות משה?

אז דאס זאל זיין ז' אדר - האט מען קיין ברירה ניט, ווארום דעמאלט איז משה נסתלק געווארן, האט מען געדארפט איבערגעבן די נשיאות צו יהושע'ן, און ווי די גמ' (סוטה יג, ב) זאגט אז יענעם שבת (פון הסתלקות משה) איז "אותה שבת של דיו זוגי היתה" ניטלה רשות מזה וניתנה לזה (דיו זוגי שני זוגות, שני חברים היו בהתחלת היום למשה וסופו ליהושע - רש"י)".

אבער א טאג לפנ"ז ווען משה איז נאך געשטאנען בכל תקפו, און יהושע איז נאר געווען א משמש למשה - פארוואס האט געדארפט זיין "ויצו את יהושע בן נון לאמר חזק ואמץ גו'?

**כב.** איז דער ביאור בזה:

בכדי אז יהושע זאל דערנאך האבן די כח צו ממלא זיין תפקידו, האט מען אים שוין געדארפט זאגן "חזק ואמץ" בשעת ער איז נאך געשטאנען בשרשו אין משה רבינו.

ווי חסידות איז מבאר אז בכדי עס זאל זיין מדות, דארף פריער זיין די מדות ווי זיי שטייען בשרשם אין מוחין.

וע"ד המבואר אין ד"ה "להבין ענין התקיעות" אז בכדי די אותיות הדיבור זאלן קענען ארויסקומען בדיבור, דארף פריער זיין אותיות ווי זיי זיינען כלולים במחשבה.

און וויבאלד אז ס'איז דא די אותיות במחשבה, ועד"ז די מדות שבמוחין - קען דאס דערנאך ארויסקומען אין מוחין שבמדות.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו יהושע און משה:

ז' אדר איז שוין משה ניט געווען בדרגתו הוא, ווי ער איז מצ"ע, ווארום דעמאלט איז שוין געווען א שבת "של דיו זוגי", וואס איז אויך שייך צו יהושע'ן.

וואס דער פירוש אין דעם אז דער שבת איז "דיו זוגי" איז ניט אז ביז א געוויסע צייט אין דעם שבת איז געווען שייך מערניט ווי צו משה'ן און פון די צייט ווען משה איז נסתלק געווארן געהערט צו יהושע'ן, נאר "אותה שבת דיו זוגי היתה" מיינט אז די גאנצע שבת געהערט צוביידע פון זיי, ווארום דאס וואס איז געווארן שפעטער אין דעם שבת, אז יהושע האט איבערגענומען די נשיאות פון משה'ן, האט גע'פועל'ט אויף דעם גאנצן שבת.

ובפרט ע"פ דעם ראגאטשאווער, וואס ער איז מבאר אז אין זמן זיינען דא צוויי ענינים: איין ענין אז יעדער רגע איז א מציאות בפ"ע, און דער צווייטער ענין אז דער גאנצער מעת לעת איז איין מציאות און איין שטח און איין נקודה פון זמן (ווי ער איז דאס מבאר בנוגע צו א נזיר אז דערפאר דארף ביי אים זיין גאנצע שלשים יום.

וואס אויב מ'רעדט ווי יעדער רגע בזמן איז א מציאות בפ"ע - איז דעמאלט די רגעים בזמן ביז הסתלקות משה געהערן נאר צו משה'ן, און די ווייטערדיקע רגעים געהערן צו יהושע'ן.

אבער אויב מ'רעדט וועגן שבת וואס איז למעלה מהזמן, איז דעמאלט דער גאנצער שבת איין שטח און איין נקודה פון זמן - קומט אויס אז דער גאנצער שבת געהערט סיי צו משה'ן און סיי צו יהשוע'ן, "אותה שבת דיו זוגי היתה".

דאס איז אבער אלץ אין דעם טאג פון ז' אדר, וואס דאס איז שוין א טאג וואס איז שייך אויך צו יהושע, ד.ה. ווי יהושע שטילט חוץ משרשו.

בכדי ער זאל אבער האבן די כח צו פירן די אידן נאך דעם וואס משה וועט ניט זיין - האט משה אים געדארפט זאגן "חזק ואמץ" נאך אין א טאג וואס איז שייך מערניט צו ווי צו משה'ן, וואס דאס איז דער טאג פון ו' אדר.

וואס דאס איז ~~ווי~~ יהושע איז נכלל אין משה, בדוגמא ווי די מדות וואס זיינען כלולים במוחין, וואס משה איז די בחי' פון חכמה און דארטן זיינען כלול די מדות (און ניט אין מוח הבינה) כמבואר אין ביאורי הזהר.

כג. די הוראה דערפון איז:

כ"ק מו"ח אדמו"ר זאגט אז דער ערשטער מצוה בא א חסיד דארף זיין דער מצוה פון "פרו ורבו", מאכן א צווייטער חסיד, דורך דערויף וואס ער לערנט מיט א צווייטן, וואס דעמאלט איז "כאילו ילדו", "ושננתם לבניך אלו התלמידים".

און ווי איינע פון די רביים האט געזאגט זיין חסיד ער זאל גיין מאכן נאך א תלמיד, ביז אז ער זאל אים מאכן פאר א מקושר, וואס דעמאלט ווערט ער איין זאך מיט רבי'ן.

איז בשעת מ'גייט ארויס טאן אין אן ענין פון השפעה, וואס דאס מוז דאך זיין ווארום עס קען ניט זיין א משפיע אן מושפעים - דארף דאס זיין אין אן אופן אז ער איז פארבונדן מיטן תלמיד און מיטן מושפע נאך איידער ער גייט ארויס רעדן מיט אים.

ד.ה. אז נאך איידער ער רעדט מיט אים בפועל איז ער זיך שוין מתבונן און מאכט די אלע חשבונות ווי צו רעדן מיט אים און וואס צו רעדן מיט אים, וואס דוקא דעמאלט איז דא דער "חזק ואמץ" בשעת ער רעדט מיט אים בפועל.

**כד.** וואס עד"ז איז פארשטאנדיק אז בשעת ער דארף אריבערגיין פון איין דרגא צו א צווייטער דרגא אין זיין השפעה, בדוגמא אז מ'איז מחליף א מלמד דרדקי ער זאל ווערן א מלמד פון "בן עשר למשנה", ביז א מלמד פון גמ', ביז א מלמד פון סודות התורה -

איז נאך איידער ער ווערט נתעלה צו זיין העכערן תפקיד אין השפעה, דארף ער זיך שוין פריער מתבונן זיין און מצייר זיין די העכערע אופן פון השפעה, און דוקא דורך דערויף ווערט ער נתעלה כדבעי.

בדוגמ' ווי דאס איז געווען בא משה'ן און יהושע: פאר דערויף וואס משה איז נסתלק געווארן, וואס דאס איז אן ענין פון עלי' - האט ער זיך געדארפט מצייר זיין וועגן יהושע'ן, און דוקא דורך דעם איז געווארן עלייתו.

וע"ד ווי דאס איז מלמטלמ"ע, איז דאס אויך מלמעלמ"ט:

איידער מ'גייט ארויס טאן אין וועלט, אין מבצעים וכיו"ב - דארף שוין זיין בשעת התפילה "עיניו למטה", ד.ה. אז ער איז זיך מתבונן און מצייר וועגן דעם זולת מיט וועלכע ער וועט דארפן האבן צו טאן.

ועד"ז ווען ער לערנט תורה, איז ער זיך שוין דעמאלט מתבונן און מצייר וואס ער וועט דאפרן טאן דערנאך ווען ער וועט בפועל האבן צו טאן מיטן זולת.

און דוקא דעמאלט ווערט דער "חזק ואמץ" אין די עבודה וואס וועט שפעטער זיין.

וואס דאס איז ע"ד וואס דער מגיד שרייבט בתחילה וראשית פון זיינע ביידע ספרים אור תורה און לקוטי אמרים (ווי גערעדט כמ"פ) אז מ'קען ניט זאגן דער תואר אב, אויב ס'איז ניטא קיין בן, און דער ציור הבן איז חקוק אין דעם מוח האב, אפילו ווען דער קינד איז ניט לפניו.

משא"כ למעלה בא דעם אויבערשטן איז "אף קודם שנבראו ישראל הי' נחקק צורתם במחשבה".

וואס דאס איז ע"ד המבואר לעיל אז נאך איידער מ'קומט צו, צו דער צווייטער מדריגה - איז שוין דעמאלט נחקק און מצוייר דער תפקיד און דער שליחות וואס ער וועט דערנאך האבן, וואס דעמאלט האט ער דעם כח, "חזק ואמת" צו אויספירן דאס ווען ער וועט דערצו צוקומען.

**כה.** נאך א הוראה פון ו' אדר:

דער ענין פון משה רבינו איז - תורה, "זכרו תורת משה עבדי", "משה אמת ותורתו אמת", וואס וויבאלד אז "מסר נפשו עלי'", וואס דאס מיינט אז ער האט אוועקגעגעבן כל עניניו שלו פאר תורה, דערפאר איז דאס "נקראת על שמו", ביז אז דאס ווערט איין זאך מיט אים.

וואס דערפאר איז דער מנהג העולם אז ווען עס קומט ז' אדר, דער יום ההילולא פון משה רבינו [אין די דרושים פון להבין ענין ההילולא דרשב"י איז מען מחלק אז די הסתלקות פון רשב"י אין ל"ג בעומר, ווערט אנגערופן בשם "הילולא", משא"כ די הסתלקות פון משה רבינו רופט מען ניט אן "הילולא", אבער א יארצייט איז דאך דאס יע], איז מען מוסיף אין לימוד התורה, תורתו של משה.

בשעת מ'גיט זיך אבער א טראכט אריין וואס ו' אדר איז, אז דאס איז ניט נאר אן ערב און א הכנה צו ז' אדר, נאר דאס האט אין זיך אויך ענינים מצ"ע.

ואדרבה, דאס האט נאך א מעלה לגבי ז' אדר, ווארום ז' אדר האט ניט נאר שייכות מיט משה'ן, נאר אויך מיט יהושע'ן, ביז אז מ'זאגט דעמאלט איז "נסתמו ממנו (פון משה'ן) מסורות ומעיינות החכמה", מיט אלע ענינים וואס זיינען דערפון ארויסגעקומען כמבואר בכ"מ, משא"כ ו' אדר שטייט משה ווי ער איז בעצמותו, און ווי ער האט די "מסורות ומעיינות החכמה", ובפרט אז דעמאלט איז אויך געווען דער סיום פון כתיבת ס"ת -

איז פארשטאנדיק אז די הוספה אין לימוד התורה דארף שוין זיין אין ו' אדר, וביתר שאת ויתר עוז.

און די הוספה בלימוד התורה דארף זיין אין אן אופן פון "זכרו תורת משה עבדי":

ניט ער לערנט תורה דערפאר וואס ער באקומט תענוג און געשמאג פון די הבנה והשגה שבזה, נאר ער לערנט דאס דערפאר וואס ער איז "זכרו תורת משה עבדי" - ער געדיינקט שטענדיק אז דאס איז תורה מלשון הוראה אז ער דארף דערפון ארויסנעמען א הוראה בחיים.

און ער געדיינקט אז דאס איז "תורת משה", "מן המים משיתיהו", און "תורת משה עבדי", אז ער איז אן "עבד נאמן".

כו. די כוונה פון די אלע רייד איז אז מ'זאל פשוט זיך אוועקזעצן לערנען תורה בפועל ממש.

ד.ה. פשוט מאכן א קביעות עתים לתורה, און מוסיף זיין אין די קביעות עתים לתורה וואס מ'האט ביז איצטער - און הארעווען בפשטות אין לימוד התורה אן פשט'לעך.

און קיינער זאל ניט זאגן אז מ'קען דאס ניט טאן דערפאר וואס מ'איז פארנומען וכו' - ווארום וויבאלד אז מ'מאנט דאס האט זיכער יעדער איינער די כח דאס צו טאן.

און אפילו אז מ'שרייט אז מ'גייט אויף מס"נ, אן מ'גייט אויף מבצעים, און מ'איז זיך עוסק בצרכי ציבור, וואס "העוסק במצוה פטור מן המצוה", איז מען פטור פון תורה און פון תפלה און פון קרי"ש מיט אלע זאכן - זאגט מען אז דאס איז אלץ גוטע זאכן, און אויף דעם וועט ער באקומען שכר וכו' - דאס קומט אבער ניט צו זיך פשוט אוועקזעצן לערנען תורה.

טענה'ט ער אז ער העלפט אנדערע לערנען תורה, ער איז פון "תומכי' מאושר", ווי ער טייטשט אין זהר "מאושר אותיות מראשו", אז ער באקומט ניט נאר דער שכר פון לימוד התורה, נאר אויך פון דעם "מראשו".

און ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר איז מבאר אין דעם מאמר אויף דעם פסוק "עץ חיים היא למחזיקים בה ותומכי' מאושר", דער גודל העילוי אין דער שכר וואס איינער באקומט אויף דעם וואס ער שטיצט מוסדות תורה.

ביז אז ער באקומט ניט נאר שכר, נאר אויך דער שכר פאר לימוד התורה, ווי אחרונים פסק'נען אז ווען "זבולון" רעדט אפ מיט "יששכר" אז ער וועט אים שטיצן, און די לימוד התורה פון "יששכר" זאל גיין אויך פאר אים - באקומט ער דעם פולן שכר פון לימוד התורה, ביז אז "לא מזכירין דבר ולא חצי דבר" -

איז דאס אלץ די גרעסטע זאכן, ביז אז ער באקומט שכר אין עוה"ז און אין עוה"ב, מיט ש"י עולמות, ביז די שכר פון לימוד התורה אויך - דאס קומט אבער ניט

צו לימוד התורה בפועל ממש, וואס אויף דעם דארף מען זיך פשוט אוועקזעצן און הארעווען אין לערנען.

און אויף דערויף וועט ניט העלפן קיינע כוונות, ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא אז מ'קען האבן די גרעסטע און די העכסטע און די טיפסטע כוונות, אויב עס פעלט אבער די מעשה בפועל פעלט דער עיקר פון אלץ.

וואס דערפאר דארף מען פשוט קובע זיין זמן אויף לערנען תורה, בנוגע צו א קביעות בנפש איז פשוט אז דאס דארף זיין, דא רעדט מען אבער וועגן א קביעות אין זמן.

און ניט נאר א קביעות לויט די שיעורים הקבועים לכאו"א בלימוד התורה בלשון פון דעם אלטן רבי'ן אין תניא, וואס אויף דערויף איז מספיק "פרק א' שחרית ופרק א' ערבית" - נאר ווי ער איז דארטן גלייך ממשיך (אין תניא) אז "כל המוסיף מוסיפין לו", ביז אז ווערט "אושפזיכין לגבורה".

כז. און דוקא דורך דעם וואס מ'וועט הארעווען אין תורה, וועט מען האבן א ריבוי הצלחה אין "בכל דרכיך דעהו" און אין "כל מעשיך לשם שמים", ביז אין זיינע עניני רשות כפשוטו,

און דורך דעם וואס ער וועט אפגעבן דער "יד א'" שלו וועט ער באקומען די "ארבע ידות" פון דעם אויבערשטן.

ביז אז די תורה זיינער ווערט די "כוס ישועות אשא", דער כוס וואס איז מקבל די "ישועות" אין אופן פון "אשא", און דאס ווערט דער כוס וואס איז מקבל אלע ברכות וואס ווערן נמשך פון דעם אויבערשטן דורך כ"ק מו"ח אדמו"ר צו אונז.

און "ועמדו הכן כולכם" צו מקבל זיין די ברכות אין בני חיי מזוני ורויחי ובכולם רויחי.

און וויבאלד אז דער כוס איז תורה, וואס תורה איז "ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים", ווערט די ברכה נמשך לפי ערך דער כוס וואס איז מקבל די ברכה.

און מ'איז זיך עוסק אין לימוד התורה, און אין אלע מבצעים, ובמיוחד אין דער "מבצע" שהזמן גרמא, "מבצע פורים".

ביז עס ווערט "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר", "אורה זו תורה", מיט די אלע אנדערע מארז"ל אין דעם פסוק.

בקרוב ממש, ובעגלא דידן.

* * *

כח. דערנאך איז דא דער דריטער ענין אין דעם שבת - וואס דאס איז דער שבת ההפסקה.

וואס דער פירוש בפשטות אין "הפסקה" איז לכאו' אן ענין שלילי וואס איז מפסיק צווישן צוויי ענינים, ובעניננו צווישן פ' שקלים און פ' זכור.

אבער וויבאלד אז דער שבת ההפסקה איז א שבת וואס אין איר לייענט מען א פרשה אין תורה - איז פארשטאנדיק אז דאס איז אן ענין חיובי, ביז אז דאס איז אן ענין אין תורה.

והביאור בזה:

בנוגע צו די הפסקות וואס זיינען דא אין א ס"ת צווישן יעדער פרשה זאגט דער ספרא אין ר"פ ויקרא אז "מה היו הפסקות משמשות ליתן ריוח למשה להתבונן בין פרשה לפרשה ובין ענין לענין".

ד.ה. אז די הפסקות אין תורה זיינען ניט קיין ענין שלילי וואס איז מפסיק צווישן אנדערע ענינים, נאר דאס איז אן ענין חיובי "ליתן ריוח למשה להתבונן בין פרשה לפרשה".

וואס דער ביאור אין דעם איז - אז וויבאלד משה האט געלערנט די פרשיות אין תורה מפי הגבורה, איז אזוי ווי יעדער ענין אין קדושה איז "מעלין בקודש", איז עד"ז פארשטאנדיק אז דער אויבערשטער האט זיך אויך געפירט אזוי, אז יעדער נייער פרשה וואס ער האט געלערנט מיט משה איז געווען באופן נעלה יותר ווי די פרשה שלפנ"ז.

און דערפאר האט מען מפסיק געווען צווישן יעדער פרשה, בכדי אז משה זאל זיך קענען צוגרייטן צו מקבל זיין די העכערע דרגא וואס ער וועט דערגרייכן אין דעם קומענדיקע פרשה.

און דא איז ניט דער פירוש אז משה האט ח"ו מפסיק געווען פון לערנען תורה, נאר דער פירוש אין דעם וואס מ'רופט דאס אן א הפסקה איז: בשעת די הפסקה האט משה געלערנט מיט זיך אליין ברוה"ק, וואס לגבי די דרגא פון לערנען מפי הגבורה ווערט דאס אנגערופן א הפסקה.

ד.ה. אז די הפסקות אין תורה האבן אין זיך צוויי נקודות:

א) זיי זיינען הפסקות נאר ביחס צו די מדריגה פון דעם הלומד ווי ער איז געשטאנען לפני די הפסקה.

ב) דאס איז א הקדמה און א הכנה צו א העכערע מדריגה.

כס. וואס דאס איז ע"ד ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין חינוך קטן, די הקדמה פון שעהיוה"א (און דא זעט מען אויך ווי נגלה און חסידות און קבלה זיינען אלץ איין זאך):

ער איז דארטן מבאר דעם פסוק "שבע יפול צדיק וקם", אז אזוי ווי א מענטש דארף זיין א מהלך "וצריך לילך ממדריגה למדריגה ולא לעמוד במדריגה אחת לעולם", איז "בין מדריגה למדריגה טרם שיגיע למדריגה עליונה ממנה הוא בבחי' נפילה ממדריגה הראשונה" "ולא יקרא נפילה אלא לגבי מדריגתו הראשונה ולא לגבי שאר כל אדם ח"ו שאעפ"כ הוא למעלה מכל אדם בעבודתו כי נשאר בה בחי' רשימו ממדרגיתו הראשונה".

וואו האט מען דער ענין אין נגלה דתורה - איז דאס ע"ד ווי די הפסקות אין תורה וואס זיינען "משמשות ליתן ריווח למשה בין פרשה לפרשה", וואס די הפסקות זיינען הפסקות נאר לגבי די מדריגה וואו משה האט געהאלטן לפנ"ז, און די הפסקה גיט אויך דעם כח צוצוקומען צו א העכערע דרגא, ע"ד דער נפילה וואס איז דא צווישן יעדער מדריגה וואס ער רעדט אין חינוך קטן.

ל. עפי"ז וועט מען פארשטין א גמ' תמוה:

די גמ' (ב"מ פה, א) זאגט וועגן ר' זירא: "כי סליק לארעא דישראל יתיב מאה (לויט א צווייטע גירסא - מ') תעניתא דלשתכח תלמודא בבלאה מיני' כי היכא דלא נטרדי'" און ער זאל קענען לערנען תלמוד ירושלמי.

די גמ' ברייגנגט זיך אין די מאמרים פון דעם מיטעלן רבי'ן (שערי אורה) און אין די מאמרים פון די נשיאים שלאחריו, און משכילים אין חסידות מאטערן זיך צו שפאלטן א הר, און צו פארשטיין די אלע פרטי הדיוקים בזה - אבער אויף א קלאץ קשיא וואס איז דא אין דעם וואס א בן חמש למקרא פרעגט, שטעלט זיך קיינער ניט:

ר' זירא איז געווען מחויב במצוות אזוי ווי יעדער איד, ובמילא איז ער אויך געווען מחוייב אין לימוד התורה בכל יום ויום, ווי אפגע'פסק'נט אין הל' ת"ת - איז ווי קען מען זאגן אז ר' זירא האט געפאסט מאה תעניתא (אדער מ' תעניתא) צו פארגעסן תלמוד בבלי, וואס בפשטות מיינט דא די אלע טעג וואס ער האט געפאסט האט ער ניט געלערנט תורה?

אפילו אויף סתם א אידן איז ח"ו אזוי צו זאגן, עאכו"כ בנוגע צו ר' זירא.

און דאס וואס מ'זאגט אז ער האט געפאסט מיינט דאס כפשוטו, ווארום דא רעדט מען ע"פ נגלה, און די גמ' זאגט בפירוש אז "יתיב מאה תעניתא".

ע"פ המבואר לעיל איז דאס פארשטאנדיק:

דאס וואס מ'זאגט אז ער האט פארגעסן תלמוד בבלי, איז ניט דער פירוש אז ער האט דאס פארגעסן כפשוטו, נאר לגבי די מדריגה פון לימוד התורה וואס איז געווען ביי אים ביז איצטער אין תלמוד בבלי ווערט די דרגא וואו ער האלט בשעת ער פאסט אנגערופן בשם "שכחה".

ע"ד ווי גערעדט פריער בנוגע צו משה רבינו, אז ס'איז ח"ו צו זאגן אז משה האט ניט געלערנט תורה בא די הפסקות צווישן פרשיות, נאר דער פירוש אין די הפסקה איז - בכדי "ליתן ריווח למשה להתבונן בין פרשה לפרשה", וואס לגבי די מדריגה פון לערנען תורה מפי הגבורה ווערט דאס אנגערופן א הפסקה.

און דוקא דורך דעם "לישתכח" בא ר' זירא אז ער האט יורד געווען לגבי די מדריגה וואו ער איז געשטאנען פאר דערויף - איז ער צוגעקומען צו א העכער דרגא, צו די דרגא פון תלמוד ירושלמי.

ע"ד ווי ס'איז געווען בא משה רבינו אז דוקא דורך די הפסקה לגבי מדריגתו איז ער צוגעקומען צו לערנען תורה מפי הגבורה אין נאך א העכערער אופן.

**לא.** מכל האמור לעיל איז פארשטאנדיק אז די הפסקות אין תורה ועד"ז די שכחה וואס יאז געווען בא ר' זירה - זיינען אויך א מציאות פון תורה, נאר לגבי א העכערער דרגא אין תורה ווערט די נידעריקער דרגא אין תורה אנגערופן א "הפסקה" און א "נפילה" און א ענין פון "שכחה".

א דוגמא לזה אין הלכה:

דער דין איז אז "מבטלין ת"ת למקרא מגילה".

וואס אויף דעם פרעגט מען: מקרא מגילה איז דאך אויך אן ענין פון ת"ת - איז פארוואס זאגט מען "מבטלין ת"ת למקרא מגילה"?

איז איינער פון די ביאורים אין דעם איז:

לגבי די דרגא פון ת"ת וואס דער איד איז געשטאנען לפנ"ז ווערט מקרא מגילה אנגערופן ביטול ת"ת.

אבער דער ביטול פון מקרא מגילה איז אויך אן ענין אין תורה, און תורה הייסט אז ווען עס קומט צו מקרא מגילה איז "מבטלין ת"ת".

וואס דאס איז ע"ד דער הפסק וואס איז דא בין פרשה לפרשה, וואס דאס איז אויך א מציאות אין תורה, ביז אז אין דערויף איז תלוי די כשרות פון דעם גאנצן ס"ת, ווארם עס מוז זיין דער הפסק און מקום חלל ופנוי אויף דער קלף אז דארטן זאל נאר זיין א קלף לבנונית אן אותיות.

עס איז דא דער ביאור אין דער מקום לבנונית אין א ס"ת, אז דאס באווייזט אויף די יר"ש און מס"נ, דער "ברכו בתורה תחילה" וואס דארף זיין פאר לימוד התורה, אבער דא רעדט מען ווי דער מקום לבנונית איז אין תורה גופא [וואס יעדער זאך מוז דאך אויך זיין אין תורה], אז אין לימוד התורה איז דא די הפסקה און דער נפילה לגבי די דרגא העכער אין לימוד התורה.

וואס בעבודה איז דאס אז ס'איז ח"ו צו זאגן אז משה רבינו איז געגאנגען שפאצירן בא די הפסקות בין פרשה לפרשה, ועד"ז קען מען ניט זאגן בא ר' זירא, נאר זיי האבן זיכער דעמאלט אויך געלערנט תורה, נאר לגבי די מדריגה אין תורה וואס זיי האבן געלערנט לפנ"ז איז דאס א הפסקה.

לב. די הוראה דערפון בעבודת כאו"א:

עס זיינען דא אזוינע וואס טענה'ן אז אזוי ווי ס'איז דא א ציווי "ושמרתם על נפשותיכם" און בפרט אז דער דאקטער האט געזאגט אז מ'דארף זיך אפרוען, מוז מען דאך אים פאלגן, ווארום ס'איז א ציווי אין תורה "רפא ירפא" - במילא טאר מען זיך ניט אנשטרייננגען, און מ'דארף גיין שפאצירן, און גיין שלאפן.

זאגט מען אים אז תורה האט שוין באווארענט אזא טענה מיט דעם וואס זי האט ארייננגעלייגט הפסקות בין פרשה לפרשה, בכדי צו באווארענען אז ס'איז ניטא אזא זאך ווי א הפסק כפשוטו פון לימוד התורה, און אפילו אז מ'דארף אמאל מפסיק זיין, איז דאס ניט אז מ'גייט ח"ו שפאצירן, דאס איז נאר א הפסקה לגבי די מדריגה וואו ער איז געשטאנען מיט א רגע לפנ"ז, און דאס איז א הכנה אז ער זאל צוקומען צו דרגא העכער מיט א רגע לאח"ז.

וואס דערפאר דארף ער הארעווען אין תורה, און מאטערן זיך לערנען חומש מיט רש"י ע"פ פשש"מ, און דאס געבן צו פארשטיין א בן חמש למקרא.

און לערנען מיט אים פשש"מ ווי ער פארשטייט דאס, ניט ווי די וואס ווילן איינזעצן און מתאים זיין די ענינים וואס זיי לערנען פון המשך ע"ב מיט דאס וואס רש"י שרייבט.

וואס דאס פארשטייט ניט א בן חמש למקרא, אין צען יאר פון יעצט וועט ער דאס אפשר פארשטיין, אבער איצטער פארשטייט ער ניט די ענינים פון המשך ע"ב.

וואס דערפאר דארף מען מיט אים לערנען לפי"ע ווי ער פארשטייט, און די כוונה איז אז מ'זאל נעמען די ענינים פון המשך ע"ב און. זיי ארייננלייגן אין די אותיות פון פשש"מ וואס א בן חמש למקרא קען פארשטיין, און דאס לערנען מיט אים.

לג. ע"פ המבואר לעיל בארוכה איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דעם שבת וואס איז שבת ההפסקה, אז דאס איז ניט סתם אן הפסקה צווישן פ' שקלים און פ' זכור, נאר דאס איז א הפסקה וואס איז א מציאות אין תורה.

וועט מען דאס פארשטיין בהקדם וואס אמאל איז די שבת ההפסקה צווישן פ' שקלים או פ' זכור (כבקביעות שנה זו), און אמאל איז דאס צווישן פ' זכור און פ' פרה, וואס דעמאלט קומט פ' זכור בהמשך אחד צו פ' שקלים.

וואס בעבודת האדם איז דאס:

פאר אלץ קומט די עבודה פון שקלים, וואס א איד גיט אויף זיי מחצית השקל, אז דאס זאל נתאחד ווערן מיטן מחצית השקל פון א צווייטן אידן, און עס ווערט א שקל הקודש וואס דאס איז דער ענין פון אהבה ישראל אז מ'איז זיך מאחד מיט אלע אידן, און וויבאלד אז "קבוע לא בטל" בלייבט בקיומו יעדער אידן'ס השתתפות אין דעם "שקל הקודש" (ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות (שיחת ר"ח אדר)).

א איד קען אבער דערנאך מיינען אז ער האט שוין אלץ אפגעטאן, ער האט אפגעגעבן זיין מחצית השקל, וואס דאס איז פעם א' בשנה, און מערער דארף ער ניט טאן, דער גזבר פון די שקלים וועט שוין מסדר זיין אלע ענינים.

קומט פ' זכור נאך פ' שקלים און זאגט דעם אידן אז עס דארף זיין "זכור את אשר עשה לך עמלק" - ער דארף אלעמאל געדיינקען בכל השנה כולה אז ער דארף באווארענען דעם עמלק וואס איז דא ביי אים.

וואס דער עמלק איז דער וואס האט געזען אלע מופתים פון דעם אויבערשטן, און ער זעט אז דאס איז אן אמבטיה רותחת, און אעפ"כ טאנצט ער אין דעם אריין, אפשר קען ער מאכן א אידן קאלט, און מאכן בא א אידן א ספק, עמלק בגימטריא ספק, וואס דאס איז דער "ראשית גויים עמלק", פון דעם שטאמען אלע ענינים פון גויים און גוי'שקייט וואס איז דא בא א אידן.

לד. די עבודה קען אבער זיין אין צוויי אופנים:

עס קען זיין אז די עבודה פון פ' שקלים איז בא דעם אידן מיט א קאך און א ברען, בדוגמא ווי דער אויבערשטער האט געוויזן משה'ן א "מטבע של אש", און פון דעם שבת פ' שקלים ווערט "מיני' מתברכין כולי יומין", אז עבודתו בכל השבוע און מיט די אלע שינויים וואס זיינען דא בשבוע, איז דורכגענומען מיט דער ענין פון "שקלים" -

איז דעמאלט דארף מען ניט אנקומען גלייך דעם שבת לאח"ז צו פ' זכור, ווארום דער איד דארף ניט האבן א דערמאנונג אין "את אשר עשה לך עמלק".

ער דארף נאר האבן דעם שבת ההפסקה, וואס זאגט אים אז דערנאך דארף מען מעלה זיין בקודש צו נאך א העכער עבודה אין קדושה.

עס קען אבער זיין אז די עבודה פון שקלים האט אים ניט דורכגענומען מיט א קאך און מיט א ברען - איז דעמאלט קומט פ' זכור גלייך אין דעם שבת נאך פ' שקלים צו באווארענען דעם אידן אז עס דארף זיין "זכור את אשר עשה לך עמלק".

לה. וויבאלד אז אין דעם שבת קומען צוזאמען די אלע דריי ענינים דער ענין פון פ' תרומה, דער ענין פון ו' אדר, און דער ענין פון שבת ההפסקה - דארף זיין א הוראה פון די אלע דריי ענינים צוזאמען.

און וויבאלד אז דאס זיינען דריי ענינים איז די הוראה פון זיי אלע צוזאמען איז מערער ווי דריי מאל איינער פון זיי, ע"ד ווי די גמ' זאגט אין סוטה בנוגע צו אויפהויבן א משא.

דער צד השוה פון די דריי ענינים - איז דער ענין התורה:

תרומה איז אותיות "תורה מ"", תורה וואס איז געגעבן געוואר במ' יום, ווי דער רבי מהר"ש איז מבאר אין זיינע מאמרים.

ו' אדר איז דער ענין פו "זכרו תורת משה עבדי", ווי גערעדט פריער.

שבת ההפסקה איז דער ענין פון הפסקה ווי דאס איז אין תורה גופא און אין לימוד התורה ווי געזעדט פריער.

**לו.** און די דריי ענינים אין תורה זיינען דריי דרגות אין תורה:

ס'איז דא ווי תורה איז בהתלבשות אין זמן, וואס דאס איז ווי תורה איז געגעבן געווארן אין ארבעים יום, וואס דאס איז כולל גאנץ אריכות הזמן כמבואר בכ"מ אז דאס איז וואס דער מבול איז געווען מ' יום, און די מ' יום ליצירת הולד און די מ' ימים ראשונים, די מ' ימים אמצעי און די מ' ימים אחרונים וואס די תורה איז געגעבן געווארן.

וואס אין ספירות איז מ' - ספירות הבינה.

ובעבודת האדם איז דאס ווי תורה איז בהתלבשות אין הבנה והשגה, וואס דאס איז א חיוב אין דער לימוד פון תושבע"פ, וואס בשעת מ'לערנט תורה מיט הבנה והשגה נעמט דאס צייט, און דערפאר איז דאס בהתלבשות אין זמן.

דערנאך איז דא ווי די תורה איז למעלה מהזמן, און העכער פאר שכל און הבנה והשגה, וואס דאס איז די דרג' פון תורה ווי דאס איז "זכרו תורת משה עבדי": "זכרו" איז דער מח הזכרון, וואס דאס איז מוח החכמה כמבואר בכ"מ (ראה לקו"ש ח"ב), אדער כתר, "משה" איז ספירת החכמה, און "עבדי" איז ספירת הכתר.

ובעבודת האדם איז דאס ווי תורה איז העכער פאר שכל און הבנה והשגה, וואס דאס איז ווי מ'לערנט תורה מיט א ביטול פון ספירת החכמה אדער ספירת הכתר, און דעמאלט איז דאס אין אן אופן פון "זכרו תורת משה עבדי", ווי די גמ' זאגט: "בתחלה הי' משה לומד תורה ומשכחה עד שניתנה לו במתנה" (וואס דאס איז דער "ככלותו לדבר אתו").

והביאור בזה: תורה ווי דאס איז מצד א נברא בהתלבשות אין הבנה והשגה איז אין אן אופן פון "ומשכחה", ווארום דאס איז פארבונדן מיט די מדידות והגבלות פון א נברא.

דוקא ווען די תורה איז פארבונדן מיטן נותן התורה, וואס דאס איז דער לימוד מיט ביטול, פון חכמה אדער פון כתר איז מען ממשיך דער ענין הזכרון וואס דאס איז דער מח החכמה.

און ווי דער אלטער רבי ברייננגט אין הל' ת"ת פ"ב ה"י (אין נגלה) אז "אין שכחה לפני כסא כבודך" (ברכות לב, ב).

דערנאך איז דא די דריטע דרגא אין תורה, ווי תורה קומט אראפ אין א מעשה בפועל, "גדול לימוד שמביא לידי מעשה", און "כל האומר אין לי אלא תורה אפילו תורה אין לו", און תורה אליין זאגט אן אז "מבטלין ת"ת מפני מצוה שא"א לעשות ע"י אחרים".

וואס בכללות איז דאס דער ענין ההפסקה וואס איז דא אין תורה, אז מ'איז מפסיק פון לימוד התורה דערפאר וואס תורה אליין הייסט אז מ'זאל מפסיק זיין.

**לז.** די הוראה דערפון אין עבודת האדם:

התחלת לימוד התורה דארף זיין מיט א ביטול פון "זכרו תורת משה עבדי" וואס דעמאלט איז מען פארזיכערט אז ווען ער וועט לערנען תורה בהבנה והשגה וועט ער ניט ארייננלייגן אין תורה וואס ער וויל, נאר ער וועט לערנען תורה צו הערן וואס די תורה וויל.

און נאך די הקדמה פון "עבדי" מוז דער לערנען אראפקומען אין הבנה והשגה, און ניט יוצא זיין דערמיט וואס ער איז קורא בהורה און "לא ידע מאי קאמר", בדוגמא ווי מ'לייענט אותיות הזהר אן פארשטיין וואס דאס מיינט, ועי"ד ווי דער של"ה זאגט אז מ'קען זאגן די שמות התנאים ואמוראים און די שמות המסכתות און דערמיט יוצא זיין לימוד התורה.

דערנאך זאגט מען אים "כל האומר אין לי אלא תורה גם תורה אין לו" - ער מוז מפסיק זיין פון זיין לימוד התורה און ארויסגיין אין וועלט און טאן א מעשה בפועל.

טרייט ער אז ער האט ערשט אפגעזעצט "ארבעים יום" לערנען תורה און "לא אכל ולא שתה" - איז וואס זאגט מען אים אז ער זאל מפסיק זיין פון לימוד התורה?

זאגט מען אים אז דוקא דורך דעם וואס ער וועט מפסיק זיין לפי שעה פון לימוד התורה פאר א "מצוה שא"א לעשות ע"י אחרים", וועט ער דערנאך צוקומען צו א העכערע דרגא אין לימוד בתורה, ווארום "גדול לימוד שמביא לידי מעשה", און דורך די מעשה (הצדקה) "נעשה מוחו ולבו זכים אלף פעמים ככה".

און ער דארף טאקע וויסן אז דאס איז נאר א הפסקה קלה, ווארום ס'איז א "מצוה שא"א לעשות ע"י אחרים", אבער די כוונה איז אז דערנאך זאל ער צוריקגיין לערנען תורה און דוקא דעמאלט וואס ער וועט לערנען וועט ער האבן די הצלחה "אלף פעמים ככה".

ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם גופא וואס מ'זאגט אז דורך די צדקה איז "נעשה מוחו ולבו זכים אלף פעמים ככה", וואס דער פירוש אין דעם איז ניט אז ווען ער טוט די מצוה האט ער מער הצלחה אין לימוד התורה, ווארום ס'איז טאקע ניט אזוי - בשעת ער טוט די מצוה לערנט ער בפירוש ניט, ווי מ'זאגט "מבטלין ת"ת מפני מצות שא"א לעשותה ע"י אחרים".

נאר דער פירוש אין דעם איז אז דערנאך ווען ער וועט זיך אוועקזעצן בפועל לערנען תורה וועט "מוחו ולבו" זיין "זכים אלף פעמים ככה", אז דאס וואס ער האט ביז איצט געדארפט האבן טויזענט שעה לערנען, וועט ער איצט דארפן נאר איין שעה צו לערנען, סיי בכמות און סיי באיכות,

און מיט די איבעריקע 999 שעה קען ער אויסנוצען אויף מקיים זיין נאך מצוות. און עס וועט נאך בלייבן א סאך צייט צו הארעווען אין לימוד התורה.

**לח.** דערנאך איז דא דער פירוש אין הפסקה ווי דאס איז אין תורה גופא:

מ'האט פריער גערעדט אז די הפסקה בין פרשה לפרשה איז דער ענין פון לבנונית וואס איז פנוי פון אותיות.

וואס די לבנונית איז דער ענין פון "אש לבונה", און דערנאך אז מ'שרייבט די אותיות התורה איז דאס "אש שחורה ע"ג אש לבונה" (אדער ווי די צווייטע גירסא בזה "אש לבונה ע"ג אש שחורה").

וואס למעלה אין השתלשלות איז דאס:

די "אש לבונה", וואס האט נאך ניט קיין אותיות ("אש שחורה") און איז מפסיק בין פרשה לפרשה איז בדוגמא דער הפסק הצמצום, וואס דאס איז א חלל ומקום פנוי.

און אע"פ וואס דער צמצום איז אן ענין נעלה, און דאס האט מעלות שלו איז דאס אבער א העלם, און דערפאר איז די כוונה פון דעם צמצום בשביל הגילוי (ראה

המשך תער"ב ח"ב. סה"מ תש"ד) אז דערנאך זאל ווערן "תורה אור" וואס באלייכט די וועלט.

און דוקא דורך דעם וואס די צמצום איז בשביל הגילוי, דערגרייכט עס אין א דרגא וואס איז נאך העכער פון לפנה"צ.

ועד"ז דער הפסק בין פרשה לפרשה, די "אש לבונה" איז כוונתה בשביל הגילוי, אז ז'ערנאך זאל זיין "אש שחורה ע"ג אש לבונה".

און עד"ז קומט דאס ארויס אין עבודת האדם, אז דוקא דורך דעם הפסק צווישן איין מדריגה אין לימוד התורה ביז דער העכערע מדריגה - קומט מען צו די העכערע מדריגה, ווי גערעדט פריער בארוכה.

**לט.** כאמור לעיל איז די כוונה פון די גאנצע דיבור אז מ'זאל פשוט מוסיף זיין אין לימוד התורה און פשט'לעך.

און דאס איז די כוונה פון די אלע התוועדויות בכל השנה, ובמיוחד די התוועדויות הסמוכות צו דעם זמן - אז מ'זאל מוסיף זיין און מאכן נייע קביעות עתים לתורה, און אליין הארעווען אין תורה, ועד"ז פועל'ן אויף אנדערע.

און אפילו אין די זמנים הפנויים, ווען לכאו' דוכט זיך אויס אז מ'דארף גיין שפאצירן אדער גיין שלאפן, זעצט מען זיך אוועק לערנען.

און ווי גערעדט פריער אז ער קען האבן אלע כוונות, און אויך באקומען די גרעסטע שכר פאר העלפן אנדערע לערנען תורה - איז דאס אבער אלץ אין דעם גדר פון שכר און ניט שכר.

דאס קומט אבער ניט צו דער עילוי פון זיצן און לערנען תורה, וואס אין למעלה מזה.

ויה"ר אז ע"ד ווי די הפסקות וואס זיינען דא אין תורה, זאל ווערן א הפסק אין דעם גלות, "קץ שם לחושך".

ובקרוב ממש זאל משיח צדקנו קומען און ברייננגען די גאולה האמיתית והשלימה, "והוא ילמד את כל העם כולו".

* * *

**מ.** ס'איז דאך רגיל אפלערנען אן ענין אין פירוש רש"י אויף פרשת השבוע.

ובהקדם:

פירוש רש"י איז געשריבן געווארן ברוה"ק, וואס דערפאר איז אין דעם ניטא לא חסר ולא יתיר.

ע"ד ווי אלע ספרים וואס זיינען געשריבן געווארן ברוה"ק, און וואס זיינען נתקבל געווארן בתפוצות ישראל - איז דארטן אויך לא חסר ולא יתיר.

[ווי ער זאגט אין המשך תער"ב אז ביז דעם זמן פון דעם מהרש"א זיינען אלע חיבורים וואס זיינען נתקבל געווארן בתפוצות ישראל געשריבן געווארן מיט רוה"ק].

ועאכו"כ בנוגע צו רש"י, ווי דער של"ה און דער חיד"א אין שם הגדולים זיינען מפליא די נפלאות וואס זיינען דא אין פרש"י, ביז ווי ער זאגט אין שה"ג די גודל הדיוק אין יעדער אות פון פרש"י.

**מא.** וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו א פרש"י בפרשתנו אין קאפיטל כה פסוק לט.

רש"י שטעלט זיך אויף די ווערטער "ככר זהב טהור" און זאגט: "שלא יהי' משקלה עם כל כלי' אלא ככר לא פחות ולא יותר, והככר של חול ששים מנה ושל קדש הי' כפול ק"כ מנה, והמנה הוא ליטרא ששוקלין בה כסף למשקל קולוני"א, והם ק' זהובים, כ"ה סלעים, והסלע ארבע זהובים".

דארף מען פארשטיין:

א) מלמדים לערנען דעם רש"י בפשטות, אז רש"י וויל מודיע זיין פונקט דער מאס פון א ככר, און דאס וואס רש"י זאגט "למשקל קולוני"א" מיינט ער דער משקל פון דעם שטאט קולון אין צרפת, וואס דער בן חמש למקרא ווייסט דערפון -

אבער לכאו' למאי נפק"מ אין פשש"מ די אלע פרטים וואס דער מאס פון א ככר איז?

און ווי מ'געפינט שוין בכ"מ פריער אז אין פסוק שטייט א משקל פון א זאך, און רש"י איז דארטן גארניט מפרש, און ס'איז פארשטאנדיק פארוואס, ווארום רש"י איז ניט קיין הלכה ספר וואס דארף מפרש זיין דער מאס בדיוק פון יעדער זאך:

אין פ' חיי שרה שטייט (כד, כב) "בקע משקלו ושני צמידים גו' עשרה זהב משקלם", און רש"י איז דאהטן ניט מפרש וואס דער מאס זייערער איז.

עד"ז בא פדיון הבן זאגט רש"י (בא יג, יג) אז "חמש סלעים פדיונו" און רש"י איז ניט מפרש וואס פאר א מאס איז "חמש סלעים".

די שאלה ווערט נאך גרעסער:

דארטן בא פדיון הבן קען דאס זיין נוגע צו דעם בן חמש למקרא צו וויסן וואס חמש סלעים זיינען, ווארום אדער ער אדער זיין ברודער זיינען א בכור - און פונדעסטוועגען איז רש"י ניט מפרש וואס דאס איז.

משא"כ דא בא די מנורה, וואס עס וועט קיינמאל ניט זיין נוגע צו דעם בן חמש למקרא ווי צו בויען די מנורה, ואדרבה, ס'איז גאר אן איסור צו בויען אפילו כתבנית המנורה.

און נאכמער: אפילו בא משה איז "נתקשה בה" ווי צו בויען די מנורה, (פרש"י פרשתנו כה, לא), איז דאך עכאו"כ בנוגע צו א בן חמש למקרא -

און אעפ"כ האט רש"י געפונען פארנויטיגט צו מפרש זיין פאר דעם בן חמש למקרא וואס דער משקל פון א ככר איז בדיוק!

ב) דאס וואס רש"י זאגט אז "שלא יהי' משקלה עם כל כלי' אלא ככר לא פחות ולא יותר" האט לכאו' געדארפט שטיין אין א באזונדער ד"ה פון דעם וואס רש"י זאגט דערנאך "והככר של חול ששים מנה כו'", ווארום דאס זיינען לכאו' צוויי באזונדערע ענינים.

ג) אויב רש"י האט די ביידע ענינים שוין אריינגעלייגט אין איין ד"ה - האט לכאו' פריער געדארפט שטיין וואס דער מאס פון א ככר איז בכלל, און ערשט דערנאך

זאגן אז מ'האט דאס געמאכט נאר פון דעם ככר "לא פחות ולא יותר", ווי דער סדר אין פסוק איז, אז פריער שטייט דער כלל אז מ'דארף דאס מאכן פון "ככר זהב טהור" און דערנאך די פרטים "ועשה אותה את כל הכלים האלה".

מיט נאך כמה דיוקים.

ואין פוצה פה ומצפצף - מ'געפינט ניט קיינע מפרשים (פון די וואס איך האב געזען) וואס זאלן זיך שטעלן אויף די שאלות.

**מב.** בנוגע צו די הערות אויפן זהר פון פרשה זו, שטעלט ער זיך (לקוטי לוי"צ לזח"ב ע' צד ואילך) אויף דעם וואס שטייט אין זהר (ח"ב קמ, א) אז דוד "אע"ג דבצערא הוה והוו רדפי אבתרי' הוה משתדל לומר שירין ותושבחן לקב"ה כו'", און ער איז מבאר אלע דיוקי הלשונות באופן נפלא, אז וויבאלד מלכות איז בנינה פון רובו גבורות דערפאר האט ער געהאט צער וכו' מיט א הסבר נפלא פאר יעדערן וואס וועט עס לערנען.

ער איז אבער ניט מבאר דער עצם ענין ווי קען בא דוד המלך, וואס ער איז "דוד מלכא משיחא" זיין דער ענין הצער, עס דארף דאך זיין "מלך ביופיו תחזינה עיניך", און א מלך איז אפילו אסור ממלאכה?

ובפרט ווי דער צ"צ איז מבאר אין מצות מינוי מלך אז דוד איז אמיתית ענין פון ספירת המלכות, משא"כ שלמה המלך, "וישב על כסא המלך" איז געווען חכמה שבמלכות, ניט דער עצם ספירת המלכות.

און עס איז דאך "מלכותא דארעא כעין מלכותא דרקיעא" - ווי דער ענין המלכות איז למעלה, וואס "באור פני מלך חיים", אזוי שטייט דאס למטה אין דוד המלך וואס ער איז דער עצם ספירת המלכות -

איז ווי האט געקענט זיין דער ענין הצער ביי אים?

וואס אפילו א פרנס על הציבור טאר ניט טאן קיין מלאכה, איז דאך עאכו"כ א מלך, ועאכו"כ א מלך מבית דוד, ועאכו"כ דוד אליין טאר ניט טאן קיין מלאכה - איז דאך צער זיכער ניט שייך ביי אים.

און ער איז דאס ניט מבאר אין די הערה, פארלאזנדיק זיך אז מ'וועט דאס אליין פארשטיין ע"פ המבואר במ"א.

**מג.** כאן המקום צו ממשיך זיין דעם ביאור אין פרש"י אויפן פסוק (משפטים כג, טו) "חודש האביב" וואס מ'האט גערעדט לעצטן שבת.

וואס רש"י שטעלט זיך אויף די ווערטער "חודש האביב" און זאגט: "שהתבואה מתמלאת באבי', אביב לשון אב בכור וראשון לבשל פירות".

האט מען אויף דערויף געפרעגט פארוואס פארלאזט זיך ניט רש"י אין פ' משפטים אויף דעם וואס ער האט מפרש געווען אין פ' וארא (ט, לא) "השעורה אביב - עמדה באבי', לשון "אבי הנחל (שה"ש ו, יא)"?

איז דער ביאור אין דעם:

צווישן פ' וארא און פ' משפטים זיינען דא כמה פרשיות, וואס דערפאר הזר'ט דאס רש"י איבער פאר דעם בן חמש למקרא אין פ' משפטים.

ועוד ועיקר:

אין פ' וארא איז דער לשון - "השעורה אביב", וואס בפשטות מיינט דאס ניט אז דעמאלט איז דער זמן האביב פון אלע תבואות, נאר מערניט "השעורה אביב".

אין פ' משפטים איז אבער דער לשון "חודש האביב", וואס דאס מיינט בפשטות דער חודש אין יאר וואס איז "אביב" פאר אלע תבואות (ניט נאר "שעורה אביב"), וואס דערפאר מוז רש"י נאכאמאל מפרש זיין אין פ' משפטים וואס "אביב" מיינט, "שהתבואה מתמלאת בו באבי'".

און דאס וואס רש"י איז דאס ניט מפרש אין פ' בא, כאטש אז דארטן שטייט אויך "חודש האביב" - איז דערפאר וואס דארטן קען מען זאגן אז דאס איז א מקרא קצר, און דאס מיינט ניט דער זמן האביב, נאר דער חודש וואס "השעורה אביב" ווי עס שטייט אין פ' וארא, און רש"י פארלאזט זיך אויף דעם וואס ער האט מפרש געווען אין פ' וארא.

משא"כ אין פ' משפטים וואס דא שטייט שוין א צווייטע מאל "חודש איז שווער זאגן אז דער פסוק איז נאכאמאל מקצר, נאר מ'מוז זאגן אז דער פסוק מיינט ניט דער זמן וואס "השעורה אביב" נאר דער "חודש האביב" פאר אלע תבואות.

**מד.** נאך א ביאור אין דעם וואס רש"י פארלאזט זיך ניט אין פ' משפטים אויף דעם וואס ער האט מפרש געווען אויף "השעורה אביב" (און דערמיט וועט מען אויך פארשטיין פארוואס רש"י איז מוסיף "אביב מלשון אב בכור וראשון לבשל פירות").

נוסף להאמור לעיל אז "השעורה אביב" מיינט ניט דער זעלבער זאך ווי "חודש האביב" (אין פ' משפטים) - איז דער ענין פון "השעורה אביב" אויך ניט געווען אין דעם זעלבן זמן ווי "חודש האביב":

"השעורה אביב" איז געווען בא מכת ברד, וואס נאך דערויף זיינען נאך געווען די מכות פון ארבה, חשך און בכורות, און רש"י זאגט (וארא ז, כה) אז יעדער מכה האט געדויערט א גאנצן חודש ("המכה משמשת רביע חודש ושלשה חלקים הי' מעיד ומתרה בהם").

וואס דערפון קומט אויס אז נאך "השעורה אביב" איז דורכגעגאנגען א חודש פון מכת ארבה, און דריי וואכן פון התראה אויף מכת חושך, און דריי טעג פון מכת חושך אליין (אדער מ'קען זאגן אז ווייבאלד די מכה איז געווען נאר דריי טעג (און ניט א וואך ווי אלע אנדערע מכות) - איז די התראה געווען אויך אין די איבעריקע (פיר) טעג פון דער וואך, וואס דעמאלט וועט אויסקומען אז מכת חושך האט אויך געדויערט א חודש).

און דריי וואכן פון התראה אויף מכת בכורות, און דערנאך איין טאג פון מכת בכורות אליין.

[אין דעם איז דא א "קלאץ קשיא" וואס קיינער שטעלט זיך ניט אויף דעם, און רש"י איז אויך ניט מרמז אויף דעם:

משה האט געזאגט פרעה'ן אז מכת בכורות וועט זיין "כחצות הלילה", (בא יא, ד) אן אויסטייטשן וועלכע לילה דאס וועט זיין.

איז מלמדים לערנען בפשטות אז מיט זאגן "כחצות הלילה" האט משה גמיינט יענער נאכט וואס ער האט דאס אים געזאגט.

אבער אז מ'גיט א קוק ארייז אין חומש זעט מען אז נאך דעם וואס משה האט געזאגט "כחצות הלילה" איז א דורך א משך זמן, ווי דער פסוק דערציילט אז דערנאך איז געווען דער פרשה פון "החודש הזה לכם גו'", מיט אלע פרטים שבדבר -

איז ניט פארשטאנדיק: ווי האט משה געזאגט פרעה'ן אז דאס וועט זיין "כחצות הלילה אן אויסטייטשן ווען לילה?!

עכ"פ דערפון זעט מען אז ס'איז א דורך לכה"פ צוויי וואכן פון די התראה אויף מכת בכורות ביז די מכה אליין].

קומט דאך אויס אז פון דער צייט פון "השעורה אביב" איז דורכגעגאנגען כמעט (אדער גאנצע) דריי חדשים ביז די אידן זיינען ארויס פון מצרים "בחודש האביב".

וואס דערפאר קען מען ניט זאגן אז "אביב" וואס שטייט בא "שעורה" "השעורה אביב", איז "חודש האביב" (ווען אידן זיינען ארויס פון מצרים) וואס שטייט אין פ' משפטים.

און דערפאר איז רש"י מפרש אין פ' משפטים "חודש האביב - שהתבואה מתמלאת באבי', אביב לשון אב בכר וראשון לבשל פירות".

ווארום דא רעדט מען ניט וועגן "השעורה אביב" וואס איז געווען מיט דריי חדשים פאר "חודש האביב", נאר מ'רעדט וועגן "חודש האביב" פון אלע תבואה (חוץ פון "שעורה") און פירות, ד.ה. דער חודש וואס איז "אב בכור וראשון לבשל פירות".

[ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו "חודש האביב" וואס שטייט אין פ' בא: וויבאלד אז "השעורה אביב" איז ניט די זעלבע צייט ווי "חודש האביב" - דערפאר קען מען ניט זאגן אז רש"י פארלאזט זיך בא "חודש האביב" אין פ' בא אויף דערויף וואס ער האט געשריבן אין פ' וארא בא "השעורה אביב".

און דער טעם פארוואס רש"י איז ניט מפרש "(חודש ה)אביב" אין פ' בא איז:

דער בן חמש למקרא פארשטייט אליין אז "אביב" איז מלשון "אב", און אזוי ווי אן "אב" איז די התחלה וראשית פון זיין משפחה, עד"ז איז "חודש האביב" א חודש וואס איז אן "אב" וראשית צו די אנדערע חדשים (ע"ד ווי "אב בכור וראשון לבשל פירות" אין פ' משפטים), ווי עס שטייט פריער אין דער פרשה, אז "החודש הזה לכם ראש חדשים ראשון הוא לכם לחדשי השנה".

ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות (שיחת ש"פ משפטים)].

**טו.** און דער טעם פארוואס "השעורה" איז "עמדה באבי'" ניט אין דער זעלבער זמן ווען די אנדערע תבואה און פירות ווערן פארטיק אין "חודש האביב" - איז רש"י מרמז דערמיט וואס ער זאגט "אביב לשון אב":

"אב" באדייט סיי ראשון והתחלה אין זמן, און סיי א ראשון והתחלה אין מעלה וחשיבות (ווי דאס איז ביי אן אב כפשוטו - ער איז (בכלל) דער עלטעסטער (אין זמן) פון די משפחה, און ער איז אויך דער ערשטער אין מעלה וחשיבות).

און וויבאלד אז "חודש האביב" איז "מלשון אב" - איז פארשטאנדיק אז אויך "חודש האביב" איז ניט נאר א ראשון בזמן צו די תבואה און פירות, נאר אויך א ראשון אין מעלה וחשיבות, ד.ה. אז אין דעם "חודש האביב" ווערן פארטיק די ערשטע חשוב'ע תבואה און פירות פון דעם גאנצן יאר.

וואס דערפאר איז דער זמן האביב פון שעורה "עמדה באבי'", ניט אין "חודש האביב" - ווארום שעורה איז ניט קיין תבואה חשובה, משא"כ חטה (לדוגמא) איז "עמדה באבי'" אין "חודש האביב", ווארום חטה איז א תבואה חשובה און "חודש האביב", איז דער חודש וואס דעמאלט ווערן פארטיק די ערשטע חשוב'ע תבואה.

לאידך גיסא איז "חודש האביב" נאר אן "אב בכור וראשון לבשל פירות", ד.ה. אז דאס איז נאר די התחלת הזמן פון בישול פירות.

וואס עפי"ז פארענטפערט רש"י נאך א שאלה:

אויב מ'זאגט אז אין "חודש האביב" איז "התבואה מתמלאת באבי'" - איז פארוואסווארט מען **פופציק** טעג ביז "חג **הקציר**"?!

[דאס וואס מ'ווארט א משך זמן צווישן "חג הקציר" מיט "חג האסיף" - איז פארשטאנדיק, ווארום נאך דעם וואס מ'שניידט אפ די תבואה, לאזט מען דאס בשדה אז די זון זאל דאס אויסטריקענען וכו'].

נאר ע"פ הנ"ל אז רש"י זאגט "אביב לשון אב בכור וראשון לבשל פירות" איז דאס פארשטאנדיק:

דער פירוש אין "חודש האביב" איז ניט אז אלע תבואות זיינען "מתמלאת באבי'" און ס'איז שוין גרייט אפשניידן נאר דער פירוש איז - אז דאס איז דער "אב בכור וראשון לבשל פירות": דאס איז די ההתחלת הזמן פון בישול פירות, און עס וועט נאך געדויערן זמן ביז אלע פירות וועלן נתבשל ווערן און מ'וועט זיין קענען אפשניידן.

דערפון זעט מען דער תכלית הדיוק אין פרש"י.

עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דער רש"י אין פרשתנו אויף "ככר זהב טהור", ווי גערעדט פריער די שאלה בדבר - אז דאס דארף אויך זיין בתכלית הדיוק.

ויה"ר אז אזוי ווי מ'איז זיך עוסק אין ענינים פון פ' תשומה, זאל מקויים ווערן דער "כל העוסק בצורת הבית ותכונתו ומוצאיו ומובאיו וכל צורותיו" איז "אני מעלה עליהם כאילו הם עוסקים בבנין הבית".

און עס זאל אויפגעבויט ווערן דעם משכן "דאיקרי מקדש" וואס די משכן איז א נצחי, ווארום "מעשה ידי משה" זיינען "נצחיים".

און מ'זאל גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו במנוחת ובמנוחת הגוף, ומתוך בריאת נכונה,

בגאולה האמיתית והשלימה, ובקרוב ממש.

*　　　*　　　*

**מז.** דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר:

דער שליסעל צו פארשטיין ווי איז שייך צער ביי א מלך - ליגט אין דעם וואס ער שרייבט אין די הערה גופא (ע' צד) אז דער טעם פארוואס דוד האט געהאט צער איז דערפאר וואס "דוד הוא מבחי' מל' ובבנין המל' הוא מהגבורות".

ד.ה. אז די הדגשה איז - אז דוקא אין בנין המלכות איז דא דער ענין הגבורות און צער, אבער נאך דערויף וואס מלכות איז שוין נבנה געווארן איז דארטן דער ענין הגבורות אין אן אופן פון "מלך במשפט יעמוד ארץ", וואס דאס איז ווי גבורות זיינען נכלל אין קו האמצעי, וואס איז נוטה לימין.

וואס דערפאר זיינען די רדיפות און די צער וואס דוד המלך האט געהאט געווען אידער ער איז געווארן א מלך, וואס דאס זיינען די רדיפות פון שאולה און אכיש מלך גת (ווי ער דערמאנט אין דער הערה (ע' צח ואילך)).



הנחה פרטית בלתי מוגה

און אפילו די רדיפות און דער צער וואס דוד האט געהאט פון אבשלום בנו, וואס דאס איז געווען בעת מלכותו - לערנט דאך אבער אפ די גמ' (סנהדרין קז, סע"א ואילך), פון דעם וואס איין מאל שטייט (מ"א ב, יא) "והימים אשר מלך דוד על ישראל ארבעים שנה בחברון מלך שבע שנים ובירושלים מלך שלשים ושלש שנים", און א צווייטער מאל שטייט (ש"ב ה, ה) "בחברון מלך על יהודה שבע שנים וששה חדשים גו'" - "והני ששה חדשים (וואס דעמאלט האט אבשלום נאכגעלאפן דוד'ן (מצו"ד עה"פ מ"א וש"ב שם)) לא קחשיב, ש"מ נצטרע" (לא הי' מלכותו שלימה שנצטרע אותן ו' חדשים (פרש"י שם - ד"ה בחברון))".

משא"כ בשעת דוד איז געווען א מלך בכל התוקף איז דעמאלט ניט געווען שייך דער ענין הגבורות און צער, ווארום דאס איז שוין ווי מלכות איז שוין נבנה געווארן.

**מח.** דער חילוק הנ"ל צווישן מלכות ווי דאס איז אילדער זי איז געווען בשעת בנינה און נאך דעם וואס זי איז שוין נבנה געווארן איז ע"ד המבואר אין די דרושים פון תק"ש בנוגע צו דעם מארז"ל (ר"ה טז, ב) "כל שנה שרשה בתחלתה מתעשרת בסופה", אז פאר תק"ש, בשעת ס'איז נאך דא דער בנין המלכות זיינען דא די ב' מיני גבורות, וואס דאס איז "שרשה בתחלתה", און נאך תק"ש וואס דעמאלט האט מען שוין אויפגעטאן דער בנין המלכות בשלימותה, איז דעמאלט "מתעשרת בסופה".

ובעבודת האדם איז דאס:

בכל בוקר זאגט מען מודה אני, וואס דעמאלט נעמט מען אן אויף זיך קבלת עומ"ש, וואס דאס איז דער ענין פון בנין המלכות, און דערפאר איז דעמאלט די עבודה אין אן אופן פון "רשה בתחלתה", תחנונים ותפלה (רש"י ר"ה שם שרשה), און מ'טאר דעמאלט ניט זאגן די ז' שמות שאינם נמחקים וכו'.

משא"כ נאך דעם וואס ער האט געהאט די הקדמה פון קבלת עומ"ש און מלכות איז שוין נבנה געווארן - דארף די עבודה זיין אין אופן פון "עבדו את ה' בשמחה".

ועי"ד ווי גערעדט אין דעם פריערדיקן מאמר (ד"ה זה יתנו - ש"פ משפטים) אז עס זיינען דא די צוויי פירושים אין "אין עומדין להתפלל אלא מתוך כובד ראש", איין פירוש אז "ראש" גייט אויף די שכינה, וואס דאס איז בחי' מלכות, און "אין עומדין להתפלל אלא מתוך כובד ראש" איז דער פירוש, אז ער איז מתפלל אויף דעם חסרון, דער "כובד ראש" איז דער פירוש, אז ער איז מתפלל אויף דעם חסרון, דער "כובד ראש", וואס איז דא למעלה, כמארז"ל "בזמן שהאדם מצטער השכינה מה לשון אומרת כבי' קלני מראשי קלני מזרועי".

און דער צווייטער פירוש אין "ראש" איז - אז דאס גייט אויף נשמות ישראל, און אויף דעם דארף אויך זיין דער "אין עומדין להתפלל אלא מתוך כובד ראש כמבואר אין דעם מאמר.

אבער דאס איז אלץ בשעת ער איז אין מיטן פון עבודת התפלה, וואס דאס איז דער "רשה בתחלתה", משא"כ נאך עבודת התפלה הויבט זיך אן די עבודה אין אן אופן פון "עבדו את ה' בשמחה".

**מט.** כל האמור לעיל, אז ר"ה נאך תק"ש ווערט דער "מתעשרת בסופה", ווארום דעמאלט איז שוין מלכות נבנה געווארן - איז נאכמער מודגש ווען "יו"ט של ר"ה" איז "חל להיות בשבת", ווארום דעמאלט איז מען ניט תוקע דערפאר וואס די ענינים טוען זיך אויף מצ"ע דורך דעם אויבערשטן.

און וויבאלד אז ס'איז ניטא וואס צוווארטן ביז א איד וועט בלאזן שופר, איז גלייך ווען עס ווערט עלות השחר, אדער עכ"פ בא נץ החמה ווערן נמשך די

המשכות פון תק"ש וואס שבת טוט אויף מצ"ע, און דערפאר איז גלייך בבקר דא דער "מתעשרת בסופה".

ובפרט אז שבת טוט דאס אויף, ווארום שבת איז דער ענין התענוג, "וקראת לשבת עונג", און ס'איז "כל מלאכתך עשוי'", און "אין עצב בה" - איז דאך דאס זיכער אין אן אופן פון "מתעשרת".

ב. וואס דאס האט א שייכות מיוחדת צו קביעות שנה זו, וואס דער ר"ה פון היינטיקן יאר - איז געווען יו"ט של ר"ה שחל להיות און וויבאלד אז דאס איז דער "ראש" פון דעם גאנצן יאר, ד.ה. אז דאס פירט אן מיט כל ימות השנה, פועל'ט דאס אז אלע ענינים פון דעם גנאצן יאר זאל זיין אין אופן פון "אין עצב בה", און "וקראת לשבת עונג", ביז אין אן אופן פון "וביום שמחתכם - אלו השבתות".

ובפרט אז דער גאנצער יאר איז א שנת השמיטה, "שבת לה'", און אויך דער ר"ה לאילנות איז געווען ביום השבת, וואס דאס האט אויך א שייכות צו עבודת האדם, כמ"ש כי האדם עץ השדה", ועד"ז נאך כמה ענינים פון דעם יאר וואס זיינען פארבונדן מיט דער ענין השבת, ובמילא מיט דער ענין התענוג.

בא. אזוי ווי מ'שטיילט אויך אין יוס השבת, וואס "מיני' מתברכין כולי יומין" כולל אויך דעם טאג פון תענית אסתר ביום ה' (וויבאלד אז מ'איז דאס דוחה פון שבת) - איז דער שבת ממשיך דער ענין התענוג אין תענית אסתר.

וואס אע"פ אז דאס איז אן ענין פון תענית וואס איז היפך פון תענוג און שמחה - האט אבער א איד א כח אויב ער איז נאר מחליט כדבעי צו אויפטאן דער ענין פון תענוג אויך אין דעם תענית אסתר.

ועי"ד ווי דאס איז אין דער איינציקער תענית וואס דערמאנט אין תושב"כ - אין יוהכ"פ:

דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת אז יוהכ"פ איז ניט סתס א תענית, וואס מ'עסט ניט וכו', נאר דאס איז אין אן אופן פון "להחיותם ברעב", אז פון דעם "רעב" פון דעם תענית, ווערט נמשך דער ענין החיות, ווארום פון מוח ווערט נמשך גלייך אין לב, און פון דארטן אין כלי העיכול שלו, ביז אז ער באקומט חיות און עונג כפשוטו.

ובדוגמא לזה איז בא תענית אסתר (וואס תענית אסתר איז בדוגמא די ד' תעניתים - אז אויב א איד טראכט נאר אז אט אט קומט משיח, און דערפאר איז ער עובד עבודתו· אין אן אופן פון תענוג - פועל'ט ער אז דער תענית אסתר זאל ניט זיין אן ענין פון "רעב" און העדר התענוג, נאר דאס ווערט "להחיותם ברעב", ער באקומט חיות און תענוג פון דעם תענית.

ביז אז ער פועל'ס דורך זיין רצון און החלטה, אז עס זאל ווערן "יהפכו ימים אלו לששון ולשמחה ולמועדים טובים" (בדוגמא ווי מ'זאגט בא די ד' תעניתים).

בב. כאן המקום צו דערמאנען נאכאמאל וועגן דער "מבצע" שהזמן גרמא - "מבצע פורים" אז די אלע הכנות לזה זאלן זיין אין אן אופן כדבעי, מיט די אלע פרטים שבזה.

וואס צווישן די אלע הכנות צו "מבצע פורים" האט מען געטאן א דבר תמוה, וואס מ'דארף דא באווארנען:

מ'האט מחליט געווען צוזאמענקלייבן די קינדער לכבוד פורים א וואך פאר פורים.

וואס לכאו' פארוואס דארף מען דאס טאן א וואך פריער ווען מ'קען דאס טאן אין דעם טאג פון פורים עצמו, און דעמאלט וועט מען ניט דארפן באווארנען די קינדער אז אין א וואך ארום וועלן זיי דארפן מקיים זיין משלוח מנות, און מתנות לאביונים, און הערן די מגילה מיט די אלע מצוות פורים, נאר וויבאלד אז דאס איז אין דעם טאג פון פורים, וועט מען זיי בשעת מעשה געבן משלוח מנות און מתנות לאביונים וכו', און זיי וועלן גלייך קענען מקיים זיין די מצוות.

איז ביז דעם יאר האט מען געהאט דער "אמתלא" - "אמת לא", אז אזוי ווי מ'וויל האבן די קינדער מיט די עלטערן אין א זמן ווען זיי וועלן קענען קומען, מצד חוק המדינה, דערפאר דארף מען מאכן די אסיפות אין יום ראשון בשבוע.

אבער בשנה זו האט דער אויבערשטער געהאלפן און פורים איז ביום ראשון - און אעפ"כ האט מען מחליט געווען מאכן די אסיפות א וואך פאר פורים אנשטאט מאכן דאס אין פורים עצמו.

דערנאך וועט מען פאלן אויף א נייע המצאה:

אזוי ווי מ'דארף באווארענען די קינדער וועגן הערן די מגילה און זאגן "על הנסים" בליל פורים וואס דאס איז נאך פאר די אסיפות וואס מ'וועט ערשט מאכן ביום ראשון - דערפאר דארף מען מאכן די אסיפות א וואך פריער.

איז דאס אבער נאר א טעם אויף מאכן נאך אן אסיפה א וואך פריער אבער ניט א טעם אויף מבטל זיין די אסיפות ביום הפורים.

און מ'זאל ניט מאכן אייגענע חשבונות, אז מ'וויל זיצן במנוחה פאר זיך ביום הפורים, און מקיים זיין אלע מצוות פורים בהידור וכו' - ווארום אין דרויסען איז דא א גאנצע וועלט פון אידן וואס מ'דארף זיי מודיע זיין וועגן פורים, און וועגן די מצוות פון פורים, ובמילא טאר מען ניט רוען ביז אז יעדער אידיש קינד, און יעדער איד בכלל וועט פראוועו פורים, און מקיים זיין מצוות פורים בתכלית השלימות.

נג. דער גאנצער הו"א צו מאכן די אסיפות לכבוד פורים א וואך פאר פורים - קומט פשוט מצד העדר ההתבוננות.

וואס עד"ז איז דא נאך אן ענין וואס קומט מצד העדר ההתבוננות:

יעדן יאר ווען עס קומט דרוקן א "בראשור" מיט די אלע פרטים וואס זיינען מיט פורים וכיו"ב - גייט מען און מ'נעמט ארויס א "בראשור" וואס מ'האט אוועקגלייגט פאר א יארן, און מ'איז פון דארטן מעתיק אות באות, און דאס דרוקט מען אפ.

וואס יענער "בראשור" וואס מ'האט געדרוקט מיט א יאר פאר דערויף איז אויך א העתקה אות באות פון דעם וואס מ'האט געדרוקט פאר צוויי יאר צוריק, און עד"ז איז יענער א העתקה פון דעם פריערדיקן, און אזוי גייט דאס ביז צו דעם זמן פון מ"ת, וואס דעמאלט האט מען קיין ברירה ניט געהאט, און מ'האט געדארפט זאגען א נייע זאך, אבער נאך דערויף וואס דארף מען הארעווען און יעדן יאר איבערטראכטן וואס מ'דארף דרוקן - מ'קען דאך ניצן דאס וואס מ'האט געדרוקט פאר א יארן?!

זאגט מען אים אז עס דארף דאך זיין "בכל יום ויום יהי' בעיניך כחדשים", ביז "חדשים ממש" (אן א כ"ף הדמיון), און בכל שנה ושנה קומען צו נייע ענינים מיוחדים, ווי בשנה זו, אז מ'דארף באווארנען צי מ'קען געבן שקלים ביום ו', ועד"ז בנוגע צו צוגרייטן די מגילה מוצש"ק, וואס ביז נאך שבת טאר מען דאך ניט אנרירן די מגילה, און נאך כמה ענינים.

וואס דערפאר דארף מען בכל שנה ושנה איבערטראכטן און איבערקוקן די אלע זאכן וואס מ'דרוקט, אז עס זאל זיין מתאים מיט דעם יאר וואס מ'דרוקט דאס, און דער - אז "בכל יום ויום" זאל דאס זיין "חדשים".

איי אז דעם יאר קומט אויס תענית אסתר ביום ה', און פאר א יארן איז דאס געווען אין אן אנדער טאג?

ועד"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו קריאת התורה, אז אע"פ וואס א בעל קורא לייענט די זעלבע קריאה בכל שנה ושנה - איז א גוטע זאך צו איבערקוקן די קריאה פאר דעם וואס מ'לייענט דאס.

ועד"ז בנוגע צו א סופר, אז אע"פ וואס ער שרייבט שוין א ריבוי זמן די זעלבע זאך, און ער ווייסט דאס שוין בע"פ - דארף ער ארייכקוקן אין א צווייטער ס"ת וכיו"ב בשעת ער שרייבט א נייע ס"ת.

וואס לכאו' וואס איז אזוי שלעכט אויב ער וועט דאס שרייבן בע"פ? זאגט מען אבער אז עס דארף זיין "בכל יום ויום חדשים".

און ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געמאנט אז מ'זאל אלעמאל זיך מתבונן זיין פאר דעם וואס מ'גייט טאן א זאך בעבודת עצמו ובעבודה מיט א זולת.

און ווי ער האט געזאגט אז דערפאר שטעלט מען ארייז אין די הגדה של פסח די אלע פרטים ווי מ'דארף זיך פירן: "ומגבי' הקערה" "מסלקין הקערה" וכיו"ב, אע"פ וואס מ'טוט דאס בכל שנה ושנה.

ועד"ז בנוגע לענינננו: אע"פ וואס יעדן יאר איז פורים, דארף מען זיך אבער מתבונן זיין אין דעם פון דאס ניי בכל שנה ושנה, אין אן אופן פון "חדשים".

ועד"ז דארף דאס זיין בעבודת כאו"א בכלל, אז מ'דארף אלעמאל טאן תומ"צ מיט א נייער חיות, אפילו ווען מ'טוט א זאך וואס מ'האט שוין געטאן כמ"פ, ביז א ריבוי פעמים.

נד. בנוגע צו פורים - איז אזוי ווי עס איז נאך געבליבן אכט טעג ביז דעמאלט, האפט מען אז מ'וועט מתקן זיין אלע ענינים.

ס'איז אבער דא נאך אן ענין וואס איז נוגע מארגן איבדערפרי, וואס אין איר פעלט אויך התבוננות המתאים:

בשעת מ'איז מכריז וועגן "מבצע תפילין" זאגט מען דאס יעדן מאל מיטן זעלבן נוסח, אן טראכטנדיק צי עס איז עפעס צוגעקומען א נייע זאך אין דעם:

צי דער זמן איז אן אנדערער, אדער דער מקום וואו מ'דארף פארן איז אן אנדערער, צי מ'פארט צו אנדערע מענטשן, וואס דעמאלט דארף מען אפשר האבן אנדערע שלוחים וכו'.

ועד"ז ווען מ'מאכט אסיפות מזמן לזמן, איז יעדער מאל זאגט מען איבער די זעלבע זאכן, און מ'מאכט די זעלבע החלטות, און דערנאך שיקט מען אריין דעם זעלבן פראטאקאל - אן טראכטנדיק צי ס'איז נשתנו העתים, וואס דערפאר דארף מען אפשר מאכן אנדערע החלטות.

און דאס טוט מען שוין 25 יאר, ביז אז מ'טוט דאס שוין "ויהי בשלשים שנה", און מ'קוקט ניט צי דאס איז דער זעלבער שטר, מיט די זעלבע עדים, מיט די זעלבע חתן און כלה -

און אפשר דארף מען האבן א נייע מענטש וואס וועט האבן נייע העצות, וואס וויבאלד אז דאס איז "פנים חדשות יש כאן", וועט דאס זיכער אריינברענגען נייע כחות און א נייע חיות אין דאס וואס מ'דארף אויפטאן.

און ווי מ'זעט אז ווען עס קומט צו די אייגענע דברי רשות סוט מען יעדער זאך מעגלעך, און מ'קערט איבער די גאנצע וועלט אבי עס זאל זיין א נייעס אין די ארבעס.

איז דאך עאכו"כ ווען עס קומט צו דברי קדושה - דארף מען זיך זיכער משתדל זיין אז אין דעם זאל אלעמאל זיין א חיות חדשה.

**נה.** מ'מיינט ניט ח"ו האבן טענות און מאכן אימעצן שוער אויפן הארצן, מ'וויל נאר באווארענען אז דער וואס איז מכריז וועגן "מבצע תפילין" ועד"ז די אלע וואס מאכן אסיפות פון צייט צו צייט, זאלן זיך פריער אוועקזעצן און זיך מתבונן זיין צי מ'דארף אפשר דער מאל רעדן עפעס א ביסל אנדערש ווי די פריערדיקע מאל.

ועד"ז בנוגע צו אלע ענינים פון תומ"צ, אז אפילו ווען עס רעדט זיך וועגן טאן די זעלבע מצוה וואס מ'האט שוין געטאן א ריבוי פעמים - זאל דאס זיין מיט א נייער חיות, "כל יום ויום יהי' בעיניך חדשים".

וכמבואר אין תניא (פט"ו) אז אפילו אויב איינער איז "שונה פרקו מאה פעמים" איז אויב דאס איז רגילות שלו, וואס "הרגל נעשה טבע שני" (און אמאל שטיים נאכמער, אז "הרגל נעשה טבע" (סתם)) - ווערט ער ניט אנגערופן אן "עובד אלקים", ווארום ער האט ניט געבראכן זיין טבע און רגילות.

און ע"ד ווי מ'וועט אים זאגן אז ער לערנט ניט תניא, וועט ער שרייען: וואס הייסט ער לערנט ניט תניא ברגילות, ער לערנט בפירוש באופן רגיל.

זאגט מען אים אז וויבאלד דאס איז זיין רגילות ווערט ער ניט אנגערופן אן "עובד אלקים".

דוקא ווען ער איז "שונה פרקו מאהי פעמים **ואחד**" איז וויבאלד ער האט צוגעגעבן "פעם אחד" אויף זיין רגילות - ווערט ער אן "עובד אלקים".

**נו.** און דורך דעם וואס עס וועט זיין "יגעתי" וועט דערנאך ווערן "ומצאתי", ביז צו "מצאתי" שלא בערך מערער וויפיל די "יגעתי" איז געווען.

ביז עס ווערן נמשך אלע ברכות אין אן אופן פון אין ערוך,און מ'איז דאס מקבל מיט א "כוסי רוי'", ווי דוד המלך וועט זאגן לע"ל אז נאה לי לברך", און ער וועט מברך זיין אויף א "כוסי רוי'".

ביז אז דאס ווערט נמשך אין אן אופן פון "עד דלא ידע", וויבאלד אז מ'פירט זיך אזוי אין די שמחה פון יום הפורים.

און עס ווערט "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר", "אורה זו תורה" ושמחה זו פורים", די שמחה פון "עד דלא ידע", "וששון זו מילה", אז מ'נוצט אויס דעם טאג פון פורים פאר טאן אין דעם ענין פון ברית מילה, פאר די וואס דארפן דערצו אנקומען כפשוטו, "ויקר אלו תפילין", וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"

ובנוסף צו דעם וואס מ'איז זיך עוסק אין דעם "מבצע פורים", וואס דאס איז אן ענין שהזמ"ג, איז מען אויך עוסק אין שאר המבצעים.

אין "מבצע אהבת ישראל", "מבצע חינוך", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", "מבצע טהרת המשפחה", און דער ענין צו מבטל זיין דעם חוק האומלל פון "מיהו יהודי", און דער ענין אז ס'זאל זיין כל ארץ ישראל לגבולותי', ביז צו "כי ירחיב ה' את גבולך".

בביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

**נז.** דער ביאור אין פרש"י אויף "ככר זהב טהור" - ובהקדם:

דער בן חמש למקרא מיט וועלכע רש"י לערנט פארשטייט להי"ק, און רש"י איז ניט קיין תרגום - דערפאר דארף רש"י ניט טייטשן יעדער ווארט אין חומש.

לדוגמ': רש"י טייטשט ניט וואס "בראשית" איז (ער זאגט מערניט אז דאס איז "בהתחלה). ועד"ז טייטשט ער ניט וואס "שמים" איז, ער זאגט נאר אז דער ווארט באשטייט פון די צוויי ווערטער "אש" און "מים", אבער דער פירוש אין "שמים" טייטשט ער ניט, עד"ז בנוגע צו דעם ווארט "הארץ" [אין מדרש שטייט אז דאס איז "ע"ש שרצת לעשות רצון קונה", אבער רש"י טייטשט דאס ניט].

וואס די אלע ווערטער טייטשט ניט רש"י דערפאר וואס א בן חמש למקרא וועט דאס אליין פארשטיין, וויבאלד אז ער פארשטייט להי"ק.

**נח.** ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דעם ווארט "ככר", אז דער בן חמש למקרא פארשטייט אליין וואס דאס מיינט.

אמאל האט מיר א מלמד געזאגט אז א בן חמש למקרא וועט פארשטיין וואס "ככר זהב טהור מיינט פון דעם וואס עס שטייט "ככר ירדן".

האב איך ביי אים געפרעגט: וואס איז די שייכות פון "ככר זהב טהור" מיט "ככר ירדן"?

האט ער געזאגט אז צו פארשטיין דאס דארף מען דאס לערנען ע"ד הדרוש, און ע"ד הרמז און ע"ד הסוד.

ס'איז אבער פארשטאנדיק אז פאר א בן חמש למקרא איז די צוגלייכעניש פון "ככר זהב טהור" מיט "ככר הירדן" קיין צוגלייכעניש ניט, ובפרט אז רש"י איז מפרש "ככר הירדן" - "מישור הירדן", ד.ה. א פלאכער ארט, וואס דאס האט קיין שייכות ניט מיט "ככר זהב טהור".

נאר וויבאלד אז "ככר" איז א ווארט אויף להי"ק, פארשטייט דאס א בן חמש למקרא אליין, און רש"י דארף אים דאס ניט אפטייטשן.

ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק פון דעם וואס אין פ' תצוה אויף די ווערטער "וככר הלחם" (כט, כג) איז רש"י גארניט מפרש, ווארום דער בן חמש למקרא פארשטייט אליין אז דאס מיינט א לעבל ברויט, ד.ה. א שטיק ברויט.

און אע"פ וואס תרגום אונקלוס טייטשט ער דאס "ופתא הלחם" - אבער דער בן חמש למקרא דארף דערצו ניט אנקומען, און וויבאלד אז רש"י איז ניט דער ענין פון תרגום אונקלוס, אדער תרגום יונתן, אדער דער ענין פון עברי טייטש - דערפאר טייטשט ער דאס ניט.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בפרשתנו - אז דער בן חמש למקרא פארשטייט אליין אז "ככר זהב טהור" מיינט א שטיק פון זהב.

**נט.** דערנאך זאגט רש"י צו דעת בן חמש למקרא אז די מנורה "לא יהי' משקלה עם כל כלי' אלא ככר לא פחות ולא יותר".

ווערט בא דעם בן חמש למקרא א שאלה:

מילא "וככר לחם" פארשטייט ער אז דאס איז א לעבל ברויט און ער ווייסט וויפיל א לעבל איז, אבער בנוגע צו "ככר זהב טהור" פארשטייט ער ניט ווי מ'קען מאכן א גאנצע מנורה מיט ירכה, קנה, גביעי', כפתורי' ופרחי'".

און אפילו אז דאס איז א "ככר של קודש" וואס איז "ק"כ מנה", איז אבער פארט ניט פארשטאנדיק ווי מ'קען מאכן אזא ריבוי גדול פון "ככר זהב טהור", "לא פחות ולא יותר"?

דערפאר מאכט רש"י א גאנצן חשבון צו באווייזן דעם בן חמש למקרא אז דער "ככר זהב טהור" איז א גרויסע משקל, וואס דערפאר קען מען דערפון מאכן די גאנצע מנורה "עם כל כלי'".

ביז אז רש"י איז דאס אים מפרש אויף זיין שפראך, און לפי זיין השגה, וואס דערפאר זאגט רש"י אז דאס איז "למשקל קולוני"א", בכדי ער זאל דאס קענען פארשטיין לפי דעם דער מקום וזמן וואו ער געפינט זיך.

**ס.** וואס עפי"ז זיינען פארשטאנדיק אלע דיוקים וואס מ'האט געפרעגט:

ס'איז פארשטאנדיק פארוואס רש"י דארף בכלל מפרש זיין די גאנצע אריכות וויפיל א "ככר זהב טהור" איז.

און ס'איז אויך פארשטאנדיק פארוואס רש"י איז דאס מפרש דוקא בהמשך צו דעם וואס ער זאגט "שלא יהי' משקלה עם כל כלי' אלא ככר לא פחות ולא יותר", ווארום דוקא דעמאלט ווערט נתעורר די שאלה בא דעם בן חמש למקרא ווי קען מען מאכן די גאנצע מנורה מיט אלע אירע כלים פון דעם ככר "לא פחות ולא יותר".

און דאס וואס רש"י זאגט בא פדיון הבן אז "חמש סלעים פדיונו" און טייטשט ניט וואס דער משקל פון סלעים זיינען - איז דערפאר וואס רש"י איז ניט קיין הלכה ספר.

און דער מאס פון סלעים איז פשוט א מציאות, דארף דאס רש"י ניט מפרש זיין, ווארום דער בן חמש למקרא פארשטייט דאס אליין, אדער ער קען צוגיין צו א כהן און ביי אים א פרעג טאן וואס דער מאס פון סלעים זיינען.

וע"ד ווי מ'דארף ניט זאגן דעם בן חמש למקרא ווען איז שבת, און ער דארף אויך דערויף ניט קיין לוח, איז עד"ז דארף מען אים ניט זאגן וואס דער מאס פון סלעים זיינען.

וואס מכ"ז איז פארשטאנדיק דער תכלית הדיוק וואס איז דא אין פרש"י, און ער איז מפרש יעדער זאך במקומו, ניט לפנ"ז און ניט לאח"ז.

**סא.** ויה"ר אז עס זאל מקויים ווערן די ביידע ענינים וואס זיינען דא אין "תרומה", דער ענין פון "הפרשה" - אז עס זאל זיין דער "המבדיל בין ישראל לעמים" און דער ענין פון "הרמה" - אז דער אויבערשטער הויבט אויף אונז, "אתה בחרתנו מכל העמים", ביז "ורוממתנו בכל הלשונות".

און עס זאל זיין (ווי מ'גייט באלד ליינען) דער "ואתה תצוה את בנ"י ויקחו אליך שמן זית זך כתית למאור להעלות נר תמיד", וואס איז געזאגט געווארן צו משה'ן, און "יערוך אותו אהרן ובניו מערב עד בוקר לפני ה' חוקת עולם לדורותם מאת בנ"י".

אז בקרוב ממש וועלן "משה ואהרן עמהם" אנצינדן די מנורה, "להעלות נר תמיד", און דאס וועט לייכטן "מערב ועד בוקר".

און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תורה אור אויף דעם פסוק (פב, א), אז דער ענין פון "להעלות נר תמיד" באווייזט אויף דער ענין התמידות וואס דאס איז א המשכה הכי נעלה, און דאס איז אויך פארבונדן מיט דער וא"ו פון "ואתה תצוה" (ראה אוה"ת שם ע' א' תקנא).

וואס דער ענין התמידות איז די דרגא פון "אני הוי' לא שניתי". וואס דאס איז שייך נאר אין עצמות ומהות.

און אידן ווערן איין זאך מיט עצמות ומהות, ובעגלא דידן.

צוה לנגן "בני היכלא".

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

וצוה לכמה לומר לחיים. ואמר:

און די וואס דארפן זאגן לחיים, וועלן זיכער זאגן לחיים.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

* * *

בס"ד. שיחת יום ה׳, י"א אדר, תענית אסתר מוקדם ה׳תש"מ.
- בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה -

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

א. שוין גערעדט כמ"פ[1] בנוגע צו דעם מנהג, וואס מיט יארן פריער איז ער געווען נפוץ, צו זאגן "דברי כבושין" אין א יום התענית (בזמן תפלת מנחה) - אז אויך בזמננו אלו, איז כדאי ונכון צו מחדש זיין דעם מנהג, צו זאגן "דברי כבושין" (ביום התענית) בקיצור עכ"פ.

וואס אויך בשעת מען זאגט בקיצור - קען עס דאך זיין א מועט המחזיק את המרובה.

ובפרט נאך אז מען זאגט עס (די "דברי כבושין") אין א מקום קדוש, אין א בית הכנסת - אן ארט וואו אידן קלייבן זיך צוזאמען (וואס דערפאר הייסט עס "בית הכנסת"). ובפרט נאך אז אויך בפועל זאגט מען עס ברוב עם,

וואס בשעה עס קלייבן זיך צוזאמען עשרה מישראל איז "שכינתא שריא"[2] - אפילו אייך מאל עשרה, ועאכו"כ ווען ס׳איז דא כו"כ פעמים עשרה, וואס דאן קומט נאך צו א תוספת אין דעם [במובן פון דעם וואס לפי דעה אחת[3] זיינען דא כמה חילוקים אין ברכת הזימון צווישן עשרה מאה אלף און ריבוא

וואס אע"פ אז דער פס"ד להלכה בלייבט ניט אזוי בנוגע לברכת הזימון - איז אבער "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[4]],

איז דאך אודאי אז דורך דעם (די השראת השכינה) ווערט נתוסף נאך מער אין דעם (מועט המחזיק את ה)מרובה, אז ער איז מרובה נאך מערער.

און עאכו"כ אז די אמירת "דברי כבושין" איז אין א יום התענית וואס איז פארבונדן מיט ימי הפורים, וואס דעמולט איז געווען דער קיום וחיזוק פון קבלת התורה - "קיימו מה שקבלו כבר"[5] - וואס יעדער ווארט פון תורה איז דאך א מועט (בכמות) המחזיק את המרובה, ביז צו בלי גבול.

ב. ס׳איז דאך המעשה הוא העיקר[6], וואס דערפאר דארף דער דיבור פון א אידן זיין באופן כזה וואס ברענגט א תועלת אין מעשה בפועל - איז עאכו"כ בנוגע צו אמירת "דברי כבושין", אז די כוונה אין דעם איז דער מעשה בפועל, וואס המעשה הוא העיקר.

- און -

---

1) ראה בארוכה שיחת אור ליום ג׳, עשרה בטבת תשל"ת בתחלתה. 2) סנהדרין לט, א. ודאה אגה"ק סכ"ג. 3) ברכות מט, ב במשנה. 4) עירובין יג, ב. 5) שבת פח, א. 6) אבות פ"א מי"ז.

און וויבאלד אז די "דברי כבושין" זיינען פארבונדן מיט א יום התענית, וואס עיקר ענינו פון א תענית איז תשובה[7] - וואס דער עניין פון תשובה איז דאך צו ווערן נאך בעסער, נאך מער ווי מען איז געווען פריער (לפני החטא)[8] -

איז דעריבער מובן, אז דער המעשה הוא העיקר וואס דארף ארויסקומען פון די "דברי כבושין" איז לכל לראש בנוגע תשובה,

אז די תשובה זאל דורכנעמען ביז אין מעשה בפועל, וואס המעשה הוא העיקר.

ג. אע"פ אז די נקודה העיקרית (והכללית) פון יעדער תענית איז עניין התשובה - איז מובן, אז אין יעדער צום איז דא אויך אן עניין מיוחד, ע"ד ווי די משנה[9] זאגט בנוגע צום מין המדבר, אז אע"פ אז אלע מענטשן זיינען "בחותם אחד" (חותמו של אדה"ר), פונדעסטוועגן איז "אין אחד מהם דומה לחבירו", אין דעותיהם שוות[10]. ועד"ז איז בנוגע צו אלע ענינים, אז עס קען ניט זיין קיין צוויי זאכן וואס זאלן זיין בשוה ממש - בדוגמת "אי אפשר לצמצם", אז אי אפשר אז צוויי זאכן זאלן פאסירן בבת אחת ממש[11].

ונוסף לזה: וויבאלד אז די צומות (וענין התשובה שבהם) זיינען דאך ענינים פון קדושה - איז דאך ידוע, אז אפילו ווען עס חזר'ט זיך איבער נאכאמאל דער זעלבער עניין (דקדושה), איז יעדער מאל איז ער אין אן אנדער (העכערן) אופן[12], ווארום ס'איז דאך "מעלין בקודש"[13].

ועאכו"כ בעניננו, אז יעדער צום איז אויסגעטיילט פון די אנדערע צומות בכו"כ ענינים:

אין זמני השנה; אין די סליחות המיוחדות צו יעדער צום; ביז אז יעדער צום האט אן אנדער נאמען - וואס דאס ווייזט נאכמער אויף דעם תוכן המיוחד פון יעדער צום, ווארום זה שמו אשר יקראו לו בלה"ק (איז מהוה מחי' און מקיים די זאך[14], וואס דערפון איז מובן, אז דער נאמען) גיט ארויס דעם תוכן הדבר הנקרא בשם זה.

ד. אין דעם טעם פון תענית אסתר - זיינען דא צוויי דעות:

א. היות ווי בי"ג באדר "נקהלו לעמוד על נפשם"[15] והיו

- צריכין -

---

7) ראה רמב"ם הל' תעניות פ"א ה"ב (וה"ד). שם רפ"ה. 8) ראה רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ד. ה"ו-ז. 9) סנהדרין לז, סע"א (במשנה). שם לח, א. 10) שם לח, א. 11) בכורות יז, סע"א במשנה ובפרש"י שם. רמב"ם הל' בכורות רפ"ה. 12) ראה גם אגה"ק סי"ד. 13) ברכות כח, א. וש"נ. 14) שעהיוה"א פ"א. 15) אסתר ח, יא. ט, ב.

צריכין רחמים", האבן זיי דעריבער דעם טאג געפאסט[16] [ווי מען געפינט בא משה רבינו "שעשה תענית כשנלחם בעמלק"[17]].

ולפי טעם זה איז צריך ביאור: (א) פארוואס הייסט דער תענית על שם אסתר ("תענית אסתר")? (ב) ס'איז א בפירוש'ער דין[18], אז בשעת א מלחמה "אינם רשאים להתענות שלא לשבר כוחם",

[וו]ארום אע"פ אז דער נצחון המלחמה הענגט אפ אין ה' אלקי הצבאות, "ה' איש מלחמה"[19], פונדעסטוועגן איז א חיוב ע"פ תורה צו משתדל זיין זיך ככל האפשרי אז דער נצחון זאל זיין וואס מער פארזיכערט אויך בדרכי הטבע,

און דערפאר זיינען די יוצאים למלחמה אסור בתענית (בשעת המלחמה), אפילו ווען דער תענית איז בתור תפלה (נאר "יקבלו עליהם להתענות" נאך דעם נצחון המלחמה, וואס דאס טוט אויף דעם זעלבן ענין ווי א תענית בזמנו)],

איז דאך ניט מובן: ווי קען מען זאגן, אז די אידן האבן געפאסט אין דעם טאג פון י"ג באדר (גופא)?

ב. אז תענית אסתר איז א זכר צו די צומות וואס אסתר האט געזאגט[20] "וצומו עלי גו'"[21].

אבער אויך אויף דעם טעם פרעגט מען[22]: דער "צומו עלי" איז געווען (א) "שלשת ימים"[20] און (ב) בחודש ניסן, און תענית אסתר איז (א) איין טאג און (ב) בחודש אדר?

וכמבואר אין אחרונים די שקו"ט בכל הנ"ל.

ה. פון די חילוקים צווישן די ביידע תעניתים הנ"ל - "צומו עלי גו'", און דער תענית בשעה "נקהלו לעמוד על נפשם":

דער ענין וואס האט זיך אויפגעטאן דורך דעם תענית ווען "נקהלו לעמוד על נפשם", דאס וואס אידן האבן מנצח געווען די מלחמה (ביז אין אן אופן פון "איש לא עמד בפניהם כי נפל פחדם על כל העמים"[23]), איז געווען אן ענין וואס איז מלובש בטבע. ווארום ס'איז שוין געווען נאך דעם ווי אחשורוש האט מבטל געווען די גזירה, ואדרבה, "נתן המלך ליהודים גו' להקהל ולעמוד על נפשם גו'"[24]. ס'איז מערניט וואס אעפ"כ וויבאלד ס'איז געווען א מלחמה, האט מען געדארפט אנקומען צו א תענית.

משא"כ דער תענית פון "כנוס את כל היהודים גו' וצומו

- עלי -

---

16) טור או"ח סתרפ"ו. ובכ"מ. 17) ב"י שם. 18) או"ח סו"ס תקעא. 19) בשלח טו, ג. 20) אסתר ד, טז. 21) הובא באבודרהם סדר תפלות התעניות ופירושן 22) אבודרהם שם. 23) אסתר ט, ב. 24) שם ח, יא.

עלי גו׳ שלשה ימים"[20] האט אויפגעטאן אן ענין נסי שלמעלה מהטבע, אז ס׳זאל זיין "אבוא אל המלך אשר לא כדת"[20] (וואס דאס אליין איז למעלה מהטבע), און נאך פועל׳ן ביי אים צו מבטל זיין די גזירה,

ביז אז דער ענין וואס האט זיך אויפגעטאן (בעיקר) דורך די צומות, איז - דאס וואס למעלה איז בטל געווארן די גזירה, כמסופר בארוכה במדרשי חז"ל[25].

ו. וויבאלד אז אין תורה ווערן געבראכט ביידע טעמים אויף תענית אסתר, וואס "אלו ואלו דברי אלקים חיים" - ובפרט נאך אז וויבאלד אז יעדער טעם (כשלעצמו) איז ניט גלאטיק, דארף מען דאך אנקומען צו ביידע טעמים -

איז דערפון פארשטאנדיק, אז די הוראה און לימוד וואס מען דארף אפלערנען פון תענית אסתר, איז פון ביידע ענינים: פון דעם תענית וואס מען האט געפאסט בשעה "נקהלו לעמוד על נפשם", און פון "צומו עלי גו׳".

וואס נקודת ההוראה פון די ביידע ענינים איז - דער ענין פון "וברכך ה׳ אלקיך בכל אשר תעשה"[26], וואס אין דעם זיינען מודגש צוויי ענינים:

א) דער ציווי "תעשה", אז בכדי עס זאל זיין דער "וברכך ה׳ אלקיך" דארף זיין "אשר תעשה", אן עשי׳ בדרך הטבע, וואס דאס (דוקא) איז די כלי צו ברכת ה׳[27].

ב) די הבטחה "וברכך ה׳ אלקיך", אז בשעת ס׳איז דא דער "תעשה" האט מען די ברכה פון אויבערשטן, וואס זי טוט אויף שלא לפי ערך העשי׳,

ביז אז "ברכת ה׳ היא תעשיר"[28], אז ניט נאר וואס מען האט "די מחסורו אשר יחסר לו"[29], נאר מען האט אויך עשירות[30],

ביז צו עשירות אמיתית (וואס ווערט אנגערופן בשם עשירות ("תעשיר") אין תורת אמת), וואס דאס איז עשירות למעלה ממדידה והגבלה,

ובפרט נאך אז די עשירות קומט פון ברכת ה׳.

ז. וויבאלד אז עיקר ענינו פון יעדער תענית (כולל תענית אסתר) איז תשובה (כנ"ל ס"ב) - איז פארשטאנדיק, אז אויך די

- הוראה -

---

25) אסת"ר פ"ט, יח. 26) ראה טו, יח. 27) ר"ח בהקדמה. דרמ"צ קז, א. קונטרס ומעין מכ"ה פ"א. 28) משלי י, כב. 29) ל׳ הכתוב - ראה שם, ח. 30) ראה כתובות סז, ב.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

הוראה הנ"ל וואס מען דארף אפלערנען פון תענית אסתר, דארף זיין לכל לראש בנוגע צו ענין התשובה.

אז עס דארף זיין דער "תעשה", די עשיית התשובה (של האדם), חרטה גמורה על העבר און קבלה טובה על להבא,

כולל אויך אז די עשיית התשובה (קבלה על להבא) זאל ארויסקומען אין מעשה בפועל,

ביז אז זיין עשי׳ זאל זיין אין אן אופן פון כפלים לתושי׳[31], ווי עס שטייט אין תניא[32] בנוגע צו עסק התורה, וואס דערפון איז מובן אז עד"ז דארף עס זיין אויך בנוגע צו קיום המצוות.

ח. די הוראה הנ"ל פון תענית אסתר [אז עס דארף צוקומען אין עשי׳ בפועל בעסק התורה וקיום המצוות], איז פארבונדן אויך דערמיט וואס תענית אסתר איז שייך און א הכנה צו פורים.

בימי הפורים דארף זיין דער קיום וחיזוק פון תורה ("קיימו מה שקבלו כבר"), וואס די ענינים פון תורה טיילן זיך בכלל אין די דריי עמודים[33]: תורה, עבודה (תפלה), און גמילות חסדים (כללות כל המצוות[34]).

וואס דערפאר געפינט מען אויך אין ימי הפורים א הוספה אין די אלע דריי עמודים:

אין עמוד התורה - מקרא מגילה, נוסף אויף דער קריאת התורה דפורים.

אין עמוד העבודה (תפלה) - אמירת ועל הנסים און שירות ותשבחות, ביז אז "קרייתא (קריאת המגילה) זו הלילא"[35].

אין עמוד הגמ"ח (צדקה) - מתנות לאביונים.

און דאס איז אויך וואס בתענית אסתר דארף צוקומען א הוספה (ביז צו כפלים לתושי׳) אין לימוד התורה וקיום המצוות (כנ"ל ס"ח), ווארום בכדי אז בימי הפורים זאלן זיין די ענינים בשלימותם, דארף זיין אויף דעם א הכנה מיוחדת בערב פורים.

* * *

ט. נוסף צו די הוראות הנ"ל פון תענית אסתר שבכל שנה - איז דא אויך א הוראה מיוחדת פון דער קביעות פון תענית

- אסתר -

---

31) ראה שמו"ר רפמ"ו. 32) אגה"ת ספ"ח. 33) אבות פ"א מ"ב. 34) ראה לקו"ת ראה כג, ג. תניא פל"ז (מח, ב). ובכ"מ. 35) מגילה יד, א.

אסתר ווי ס'איז בשנה זו, וואס בשעת אז "חל פורים באחד בשבת, מקדימין להתענות ביום חמישי"[36]:

דער יום החמישי (בשבוע) שלפני פורים, בשעת פורים איז חל באחד בשבת - איז (בכל שנה) י"א באדר.

וואס דער אויפטו פון י"א באדר איז (ווי די משנה זאגט גלייך אין דער. התחלה פון מסכת מגילה), אז י"א באדר איז דער ערשטער טאג וואס "מגילה נקראת", אז אין דעם טאג ווערט שוין די מגילה געלייענט און אויסגערופן און איז פועל פעולתה.

וואס דער ענין איז בכל שנה. און עאכו"כ ווען פורים איז "חל להיות אחד השבת", וואס דאן איז "כפרים מקדימין ליום הכניסה" און זיי ליינען די מגילה (אויך בפועל) בי"א באדר[37].

י. וואס איז עס נוגע צו אונז בזמן הזה, וואס "אין קורין אותה אלא בזמנה"[38] (בי"ד און בט"ו)?

איז דער ביאור אין דעם: דאס וואס מגילה נקראת פאר י"ד און ט"ו באדר איז עס א תקנה פאר די בני הכפרים, פאר א אידן וואס איז פארוואגלט און פארוואָרפן אין א דארף, צו באזארגן אויך אים מיט מקרא מגילה.

און דעריבער איז אויך בזמן הזה, בשעת עס קומט דער טאג פון י"א באדר און מען דערמאנט זיך אויף דער תקנה

[און עאכו"כ ווען די קביעות פון פורים איז (כבשנה זו) באחד בשבת, וואס דאן האט מען געלייענט (בפועל) די מגילה פאר די בני הכפר בי"א באדר],

איז עס א הוראה, אז מען דארף באווארענען יעדער אידן, יהי' מי שיהי', מיט מקרא מגילה, ועד"ז מיט אלע מצוות.

יא. די הוראה הנ"ל פון י"א באדר איז מודגש נאכמער ווען אין דעם טאג איז תענית אסתר:

א תענית איז פארבונדן מיט תפלה, ביז אז ביום התענית זיינען דא תפלות מיוחדות (סליחות, וכיו"ב).

בנוגע צו תפלה זאגט דער אלטער רבי בסידורו אז "נכון לומר קודם התפלה הריני מקבל עלי מצות עשה של ואהבת לרעך כמוך".

- וואס -

---

36) שו"ע או"ח סתרפ"ו ס"ב. 37) משנה ריש מס' מגילה.
38) מגילה ב, סע"א.

וואס פון די טעמים אויף דעם איז[39]: אז דורך דעם וואס ער איז זיך כולל מיט יעדער אידן און מיט אלע אידן, ווערט זיין תפלה א תפלת רבים, וואס אויף דעם שטייט "הן א-ל כביר ולא ימאס"[40],

און דעריבער איז דורך דעם וואס קודם התפלה איז ער מקבל אויף זיך "ואהבת לרעך כמוך", פועל'ט ער, אז זיינע בקשות (תפלות) זאלן נתמלא ווערן, און נתמלא ווערן בשלימותם.

און דאס איז אויך די שייכות פון די אלע דריי ענינים שביום זה - יום תענית, תענית אסתר וואס איז (אויך) א הכנה צו פורים, אין י"א באדר - אז בכדי זיין תענית (תשובה און תפלה) זאל זיין כדבעי, דארף ער זיך מכין זיין צו מבצע פורים, צו באווארענען אלע אידן מיט די מצוות און ענינים פון פורים, כולל אויך די אידן וואס זיינען אין א מצב פון בני הכפר.

יב. נאך א הוראה פון דער קביעות פון תענית אסתר בשנה זו:

תעניה אסתר איז דאך (כנ"ל) א הכנה צו פורים - איז בשעת אז די קביעות פון תענית אסתר איז (בי"א באדר) דריי טעג פאר פורים, איז די הכנה און צוגרייטונג צו פורים ביתר שאת וביתר עז.

וואס דאס איז מדגיש נאכמער אויף וויפל מען דארף מהדר זיין אין דער הכנה צו מבצע פורים,

און וויבאלד אז בימי הפורים איז "קיימו מה שקבלו כבר" כל התורה ומצוותי' - לערנט מען אפ דערפון אויך בנוגע צו כל המצוות, אויף וויפל מען דארף מהדר זיין אין דער הכנה צו אלע מבצעים.

יג. נאך אן ענין אין דער קביעות פון תענית אסתר בשנה זו:

פון די טעמים אויף דעם וואס "מקדימין התענית ביום ה' שלפניו", און ניט ביום ו' (וואס איז בסמיכות יותר צו י"ג אדר) איז, "מפני כבוד השבת"[41], אז ביום ו', ערב שבת, זאל מען קענען "להכין צרכי שבת"[42].

אין דעם איז מודגש די מעלה פון שבת, און פון דער הכנה צו שבת, אז די הכנה צו שבת זאל זיין בשלימות.

וואס דער ענין פון שבת איז מודגש בכל הימים דשנה זו,

- ווארום -

---

39) שעה"כ בתחלתו. פע"ח ש"ג ספ"ב. 40) איוב לו, ה. ברכות ח, דע"א. 41) מגיד משנה הל' תעניות פ"ה ה"ה. 42) טור או"ח שם.

ווארום כל השנה כולה איז דאך שנת השמיטה שבת לה׳. און אויך דער ראש השנה, דער קאפ פון דעם יאר, איז געווען בשבת. ועד"ז כו"כ מועדים שלאחרי ר"ה.

און ענין הנ"ל (אז תענית אסתר איז נדחה ליום ה׳ און ניט ליום ו׳) איז מוסיף נאך מער הדגשה אין דעם יוקר הענין דשבת, און אז כל העניינים דשנה זו דארפן זיין אין א שבת׳דיקן אופן.

יד. ווי גערעדט פריער (ס"ב) אז די כוונה פון די רייד איז אז עס זאל ארויסקומען דערפון אין המעשה הוא העיקר - איז דער המעשה הוא העיקר וואס מען דארף ארויסנעמען פון די אלע רייד לכל לראש איז בנוגע צו ענין שהזמן גרמא, דער ענין פון מבצע פורים.

ואע"פ אז מען האט שוין גערעדט וועגן דערויף כמה פעמים - איז דאך "מזרזין את האדם קודם מעשה וחוזרין ומזרזין אותו בשעת מעשה"[43].

ובנוגע לפועל:

א) אז בימי הפורים (גופא) זאל מען טאן אין מבצע פורים ביתר שאת וביתר עז, אז יעדער איד זאל מקיים זיין די מצוות דפורים.

ב) בכדי אז דער מבצע פורים זאל זיין כדבעי איז דאך נויטיק אז די אלע הכנות הדרושות זאלן זיין צוגעגרייט פאר פורים - איז די אלע הכנות זאל מען מאכן ביום זה (י"א באדר) און ניט פארלאזן זיך אויף די ימים שלאחרי זה,

ווארום נוסף אויף דעם אז וואס די הכנות זיינען מער בשלימות איז עס מער מוסיף אין דעם שלימות המבצע (כנ"ל סי"ב),

איז דאך דא כמה ענינים של הכנות וואס בשבת טאר מען זיי ניט טאן, און בערב שבת איז מען דאך פארנומען מיט הכנות לשבת, ובמילא דארף מען אפטאן די אלע הכנות ביום זה.

טו. כל האמור לעיל - סיי בנוגע צו מבצע דימי הפורים עצמם, סיי בנוגע צו די הכנות פאר פורים - איז עס נוגע בכל מקום, "משפחה ומשפחה מדינה ומדינה ועיר ועיר"[44],

ועאכו"כ אין דער מדינה וואס ווערט אנגערופן אין משנה[45]

- בשם -

---

43) פרש"י עה"פ יתרו יט, כד. 44) אסתר ט, כח.
45) ר"ה דפ"ד.

בשם "מדינה" סתם, וואס דאס איז ארץ ישראל, "ארץ אשר גו׳ תמיד עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[46].

ובכל מקומות אלו – סיי אין ארץ ישראל, סיי אין חו"ל – משתדל זיין זיך ביתר שאת וביתר עז בנוגע צו די וואס געפינען זיך אין בתי רופאים (שפיטעלער), מושב זקנים, בתי יתומים, בתי אסורים וכיו"ב

צו ארויסהעלפן זיי אין קיום כל המצוות דפורים, ובפרט אין ענין השמחה,

וואס אין דעם (משמח זיין זיי) איז דאך דא א מעלה מיוחדת, "שאין שם שמחה גדולה ומפוארה אלא לשמח לב עניים כו׳"[47].

אויך דארף מען זיך משתדל זיין ביתר שאת וביתר עז בנוגע צו די וואס זיינען מגין אויף בני ישראל און אויף אלע בני אדם פון אלע ענינים בלתי רצויים, בכל מקום שהם.

ועאכו"כ בנוגע צו די אנשי צבא וואס זיינען מגין אויף ארץ הקודש און עם הדרים עלי׳.

און דאס (דער מבצע פורים ביתר שאת בא די וואס זיינען מגין אויף ארץ הקודש) וועט פועל׳ן אז עס זאל זיין "נפל פחד היהודים עליהם"[48] (אויף די עמי הארץ), ווארום מצד דעם וואס זיי זיינען "יהודים" – מודים בכל התורה כולה[49] און כופרים בע"ז[50] – איז דער זכות אליין איז שוין מספיק עס זאל זיין נפל פחדם על כל העמים שמסביב להם און אפילו אויף די וואס געפינען זיך מרחוק,

ובמילא וועט מען ניט דארפן אנקומען צו קיינע אנדערע ענינים, ווארום אדרבה – "ורבים מעמי הארץ מתיהדים"[51] (דורך גיור כהלכה),

און עס וועט זיין "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר"[52], נאך זייענדיק בזמן הגלות – אורה ושמחה וששון ויקר כפשוטם, נוסף אויף אורה ושמחה וששון ויקר ווי זיי ווערן נתבאר אין מדרשי חז"ל[53].

טז. דער סיכום פון כל האמור לעיל:

צום אלעם ערשטן דארף מען וויסן אז דער עיקר ענין פון א תענית (כולל תענית אסתר) איז תשובה, חרטה גמורה על העבר און קבלה טובה על להבא.

– דערצו –

---

46) עקב יא, יב. 47) רמב"ם הל׳ מגילה פ"ב הי"ז. 48) אסתר ח, יז. 49) ראה קידושין מ, א. 50) מגילה יג, רע"א. 51) אסתר ח, יז. 52) שם, טז. 53) מגילה טז, ב.

דערצו קומט צו א הדגשה מיוחדה אין תענית אסתר: היות ווי תענית אסתר איז פארבונדן מיט ימי הפורים, וואס דעמולט איז "קיימו מה שקבלו כבר", אז מען האט מקבל געווען תורה און כל עניני התורה ברצון ובחפץ - דארף די תשובה (דתענית אסתר), די קבלה טובה על להבא, זיין מתוך רצון ושמחה.

און וויבאלד אז המעשה הוא העיקר - דארף די תשובה באופן הנ"ל (מתוך רצון ושמחה) ארויסקומען אין מעשה בפועל בנוגע צו כל מצוות התורה, אנהויבנדיק פון מבצע פורים, און אויך די אלע אנדערע מבצעים

מבצע אהבת ישראל, מבצע חינוך, מבצע תורה, מבצע תפילין, מבצע מזוזה, מבצע צדקה, בית מלא ספרים - יבנה וחכמי', מבצע נרות שבה קודש ויו"ט, מבצע כשרות האכילה ושתי', און מבצע טהרת המשפחה,

אז דאס אלץ זאל מען טאן ברצון ובחפץ ובשמחה וטוב לבב.

יז. ויהי רצון, אז הנ"ל זאל זיין בהצלחה, און אז דאס זאל ברענגען צום "ושמעו הולך בכל המדינות"[54],

אז נאך זייענדיק אין זמן הגלות וואס "אכתי עבדי אחשורוש אנן"[55], זאלן אידן [וואס יעדער איד געהערט צו עם מרדכי] זיין די בעלי דעה און פוסקים אויף דער גאנצער וועלט,

ווארום וויבאלד אז עניינו פון מרדכי איז תורה [ווארום מרדכי איז דאך געווען פון די ראשי סנהדרין[56], ועד"ז יעדער איד וואס האלט זיך אַן אין תורת מרדכי], איז ער דער פוסק אויף כל עניני העולם,

ביז אז אידן ווערן בעלי בתים אויף דער גאנצער וועלט, אזוי ווי מרדכי איז געווען משנה למלך וואס עניינו (פון א משנה למלך) איז אז "ובלעדיך לא ירים איש את ידו ואת רגלו"[57], אע"פ וואס מען געפינט זיך נאך אין גלות, וואס "אכתי עבדי אחשורוש אנן".

און "מסמך גאולה לגאולה"[58], אז פון מבצע פורים (און גאולה דפורים), און די אנדערע מבצעים, זאל מען קומען גלייך צו דעם מבצע העיקרי וואס דער אויבערשטער וועט טאן, "ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל"[59],

אז בקרוב ממש זאל זיין דער "מיד הן נגאלין"[60], אין דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, און בעגלא דידן.

—— * ——

54) אסתר ט, ד. 55) מגילה יד, א. 56) ראה מגילה טז, ב. לקו"ש פורים תשל"ח הע' 25. וש"נ. 57) מקץ מא, מד. 58) מגילה ו, סע"ב. 59) ישעי' כז, יב. 60) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה.



הנחת הת' בלתי מוגה

בס"ד. שיחת ש"פ תצוה, פ' זכור, י"ג אדר ה'תש"מ.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. ס'איז דאך שבת פרשת זכור, וואס לכמה דעות אין פוסקים[1] איז דאס א קריאה מן התורה.

וואס דערמיט טיילט זיך אויס פ' זכור פון שאר פרשיות התורה, וואס זייער קריאה איז ניט מן התורה.

און אפילו בנוגע צו פ' פרה, וואס לכמה דעות[2] איז איר קריאה מה"ת - זיינען אבער אויך דא דעות[3] אז איר קריאה איז מדרבנן,

משא"כ בנוגע צו פ' זכור - איז די דעה הנפוצה, און די דעה פון פוסקים העיקריים, אז איר קריאה איז מה"ת [אין דערויף גופא זיינען אויך דא כמה דעות, ווי לדוגמא אויב מ'האט ניט געהערט די קריאה פון פ' זכור - צי מ'איז יוצא מיט דער קריאה פון יום הפורים[4], ועוד].

ב. אפילו אויב די הלכה וואלט געווען אז קריאת פ' זכור איז ניט מה"ת - איז אויך דא אין דערויף אן ענין, ווארום "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[5].

און ווי גערעדט כמ"פ אז אע"פ וואס ס'איז דא דער ענין פון "הלכה כמותן" לויט דעת ב"ה[6], ביז מ'זאגט[7] אז "ב"ש במקום ב"ה אינה משנה", וואס דאס באווייזט אויף דעם תוקף הענין פון הלכה - פונדעסטוועגן איז "אלו ואלו דברי אלקים חיים", און אויך פון דעת ב"ש נעמט מען ארויס הוראות אין עבודת ה'.

און ווי מ'געפינט אין לקו"ת[8] ובכ"מ אין חסידות, אז אע"פ וואס די הלכה איז ניט ווי ב"ש - איז מען אבער מבאר דעת ב"ש, און מ'נעמט דערפון ארויס ענינים אין עבודת ה' ברוחניות הענינים.

איינער פון די ביאורים בזה:

עס שטייט אין כתבי האריז"ל[9] אז לע"ל וועט די הלכה

- זיין -

------------

1) ראה בהנסמן באנציקלופדי' תלמודית ערך ארבע פרשיות (כרך ב ע' קסו) הע' 59. ערך זכירת מעשה עמלק ס"ב (כרך יב ע' ריט) הע' 30. 2) ראה בהנסמן שם ערך ארבע פרשיות הע' 82. 3) ראה בהנסמן שם הע' 83. 4) ראה בהנסמן שם הע' 69-68 ערך זכירת מעשה עמלק שם (ס"ע רכ ואילך). הע' 41-40. 5) עירובין יג, ב. 6) עירובין שם. 7) ברכות לו, ריש ע"ב. וש"נ. 8) שה"ש מח, סע"ב ואילך. 9) מק"מ לזח"א יז, ב. הובא בלקו"ת קרח נד, רע"ג.

זיין כב"ש, ועאכו"כ איידער די הלכה איז אפגע׳פסק׳נט געווארן ווי ב"ה האבן-זיך ב"ש געפירט בפועל לויט דעתם, ואדרבה - ב"ש האבן זיך געמוזט פירן אזוי, ווי די גמרא[10] זאגט אז "באחרי׳ דרבי" פירט מען זיך ווי רב.

וואס עד"ז איז שייך בא יחידי סגולה, און אויך בא כאו"א בזמנים ידועים - אז בעבודתם הרוחנית זאלן זיי האלטן בא דער דרגא פון לע"ל, ווי די גמרא[11] זאגט אז "עולמך תראה בחייך", וואס "עולמך" גייט אויף עוה"ב, און "בחייך" גייט אויף עוה"ז - ד.ה. אז ווי ער געפינט זיך, "בחייך", אין עוה"ז, איז ביי אים שייך דער "עולמך תראה" - די עבודה פון עוה"ב.

און וויבאלד אז ער האלט בעבודתו הרוחנית בא דער דרגא פון לע"ל, דערפאר האלט ער בעבודתו בא דעת ב"ש - ווארום לע"ל וועט די הלכה זיין כב"ש.

ד.ה. אז ע"פ הלכה אין עוה"ז הגשמי דארף מען זיך פירן במעשה בפועל אין איין אופן, לויט דעת ב"ה, ווארום "תורה אחת לכולנה" און "אחרי רבים להטות"[12], און אזוי איז אויסגעשטעלט עוה"ז הגשמי אז מ׳דארף זיך פירן לויט די הלכה.

משא"כ אין עבודה הרוחנית וואס די איז ניט פארבונדן מיט גשם העולם - קען ער האלטן בא דעת ב"ש.

וואס דערפאר געפינט מען אז מ׳איז מסביר דעת ב"ש אין עבודת האדם אויך בזמן הזה (נאך דעם וואס מ׳האט אפגע׳פסק׳נט אז די הלכה איז כב"ה).

ג. א דוגמא לזה בהלכה:

בנוגע צו קיום המצוות בפועל איז דאך דאס זיכער יעדער איינער מקיים אן שינויים, ביז מיט א הידור "עד שליש", ווי דער חיוב איז[13];

משא"כ אבער ווען עס קומט צו הידורים אין מצוות - איז ידע אינש בנפשי׳ אז אמאל איז ער דאס מקיים, און אמאל ניט, ווארום דאס איז תלוי אין וועלכע דרגא ער האלט בעבודתו.

ובדוגמא לזה וועט מען פארשטיין בנוגע צו קריאת פרשת זכור:

- אפילו -

---

10) שבת יט, ב. 11) ברכות יז, סע"א. וראה תניא פי"ד (כ, דע"א). 12) משפטים כג, ב. 13) ב"ק ט, ריש ע"ב. טושו"ע או"ח ר"ס תרנו.

אפילו אז מ'וועט זאגן אז קריאת פ' זכור איז ניט מן התורה - איז אבער זיכער דא אין דערויף אן ענין אין עבודת האדם ברוחניות, ע"ד ווי דעת ב"ש בזמן הזה, און הידורי מצוות וכיו"ב.

ד. אין דעם קומט צו נאך א נקודה:

מ'זעט אז כמה הידורים אין מצוות וואס זיינען פריער געוועו שייך נאר צו א געוויסע דרגא אין עבודה - זיינען מיט דער צייט געווארן מנהגים וואס אלע אידן פירן זיך אזוי בפשטות.

וע"ד דער סיפור פון דעם רבי'ן נ"ע וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט דערציילט[14], אז אמאל האט דער רבי נ"ע געזעהן ווי איינער וואשט נט"י (לסעודה) ג' פעמים, און ער האט א שמייכל געטאן וויסנדיק אז יענער האלט ניט בא דעם הידור.

אבער דערנאך זעט מען בפועל אז דער הידור פון נט"י ג' פעמים איז געווארן א מנהג בא די אלע ההולכים באורחותיו[15], ביז מ'קען זאגן אז דאס איז געווארן בא זיי א מנהג פשוט.

וואס דאס (אז אן ענין וואס איז געוועו א הידור בא יחידים איז דערנאך געווארן א מנהג פשוט פאר אלעמען) איז ניט קיין חידוש וואס מ'דארף דערפון מאכן א גוואלד און א טומל - ווארום מ'געפינט עד"ז בא כו"כ ענינים, אנהויבנדיק ווי דאס איז בא נרות חנוכה:

די גמרא[16] זאגט בפירוש אז צוגעבן יעדער נאכט פון חנוכה א נייע ליכט - איז אן ענין פון "מהדרין מן המהדרין";

דערנאך קומט אבער דער רמ"א[17] און זאגט אז בדורו איז געווארן א "מנהג פשוט" בא יעדער איינעם צו מוסיף זיין יעדער נאכט פון חנוכה נאך א ליכט.

וואס ע"ד ווי דער ענין וואס איז געוועו א "מהדרין מן המהדרין" אין זמן הגמרא, איז דערנאך געווארן א "מנהג פשוט" אין זמן הרמ"א - עד"ז איז בנוגע צו נט"י, אז א הנהגה וואס האט ארויסגעבראכט א שמייכל מיט צוויי דורות לפנ"ז, איז דערנאך געווארן א מנהג פשוט בא יעדער איינעם.

ועד"ז איז דאס בנוגע צו כו"כ ענינים.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנדו"ד:

- וויבאלד -

---

14) לקו"ד כרך א עא, ב. 15) ראה גם היום יום ע' כא.
16) שבת כא, ב. 17) או"ח סתרע"א ס"ב.

וויבאלד אז בדורות האחרונים איז דער ענין פון קריאת התורה געווארן נפוץ צווישן אידן, ועד"ז בנוגע צו דער קריאה בתורה פון פ' זכור - איז דאס נאכמער מחזק די דעה אז די קריאה פון פ' זכור איז מן התורה.

ה. א מאמר המוסגר בענין הנ"ל:

די הידורים וואס זיינען געווארן א מנהג פשוט בדורות האחרונים, זיינען ניט ח"ו אן ענין לגריעותא, נאר דאס איז למעליותא, און דערמיט ווערט אויך פארענטפערט די טענה פון "אכשור דרא (בתמי')"[18]. והביאור בזה:

וויבאלד אז מדור לדור קומט צו א ריבוי אין תומ"צ, ביז א ריבוי הכי גדול, ביז אין אן אופן פון למעלה ממדידה והגבלה לגמרי - איז דאס מכשיר די וועלט אז די זאל זיין ראוי אויף מקבל זיין א נייעם הידור.

וואס דאס איז ניט דערפאר וואס אחרונים זיינען העכער פאר ראשונים, ה"ו - נאר דאס איז ווי דער משל פון ננס על גבי ענק וואס מ'גיט אויף דעם[19]:

וויבאלד דער "ענק" האט אוועקגעשטעלט דעם "ננס" אויף זיינע פלייצעס אדער אויף זיין קאפ - דערפאר איז דער "ננס" רואה און משיג און ער איז שייך צו ענינים וואס דער "ענק" האט דערצו קיין שייכות ניט, ווארום דער "ננס" האט סיי די כחות פון דעם "ענק" און נוסף לזה האט ער קב שלו.

וואס דערפאר זיינען דא כמה ענינים וואס בדורות שלפנ"ז זיינען זיי געווען הידורים, און "מהדרין מן המהדרין", און בדורות האחרונים דוקא זיינען זיי געווארן א מנהג פשוט.

ע"כ המאמר המוסגר בנוגע צו כללות התומ"צ.

ו. אין דעם כללות הענין אז פ' זכור האט מען קובע געווען אלס א קריאה בתורה, ביז אז (לכמה דעות) איז דאס א קריאה מה"ת - איז דא א דבר פלא:

דער חיוב פון א זכרון אין א זאך, געפינט מען בכמה ענינים, ומהם - דער ענין פון זכירת עמלק - "זכור את אשר עשה לך עמלק"[20], און דער ענין פון זכירת יצי"מ - "למען תזכור את יום צאתך מארץ מצרים כל ימי חייך"[21], ווי מ'זאגט די ביידע זכירות אין די שש זכירות בכל יום.

- און -

---

18) יבמות לט, ב ובפרש"י שם. 19) שבה"ל בתחלתו. הקדמת החוו"ד לפירושו לחיו"ד. ועוד. 20) תצא כה, יז. 21) ראה טז, ג.

און ווי דער אלטער רבי[22] פסק׳נט אויך להלכה אז "מ"ע מה"ת להזכיר יצי"מ" איז ברכת "אמת ויציב" (נאך ק"ש), און עד"ז זאגט ער[23] אז אין ברכת אהבת עולם (פאר ק"ש) בא די ווערטער "לשמך הגדול", דארף מען מכוין זיין דעם ענין פון מעשה עמלק, "שאין השם שלם עד שימחו זרעו".

און אע"פ אז דער ענין פון זכירה דארף זיין סיי אין מעשה עמלק און סיי אין יצי"מ - געפינט מען אבער אז נאר בנוגע צו זכירת עמלק האט מען מתקן געווען א קריאה בתורה, ביז אז דאס איז א קריאה מדאורייתא.

וואס לכאורה איז דאס אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

דער חיוב פון זכירת יצי"מ איז א סאך חשוב׳ער און מער עיקריות׳דיק ווי דער חיוב פון זכירת עמלק, ווי מ׳זעט דאס בפועל, אז דער "למען תזכור את יום צאתך מארץ מצרים" דארף זיין "כל ימי חייך", "ימי חייך הימים, כל ימי חייך הלילות", און אויך "להביא לימות המשיח"[24], ד.ה. אז דאס איז א חיוב תמידי;

משא"כ דער חיוב פון זכירת עמלק איז ניט קיין חיוב תמידי, ביום ובלילה, און לכמה דעות[25] איז דאס א חיוב נאר פעם אחת בשנה, ועאכו"כ ניט לימות המשיח, ווארום משיח וועט דאך לוחם זיין "מלחמת ה׳", און "יבנה ביהמ"ק במקומו ויקבץ נדחי ישראל"[26], וואס דאס איז אויך כולל מחיית זרעו של עמלק - וועט מען במילא ניט דארפן האבן דעם "זכור את אשר עשה לך עמלק".

און ווי מ׳טייטשט אויך אפ דעם פסוק[27] "מלחמה לה׳ בעמלק מדור דור" - אז דאס גייט אויך אויף דרא דעקבתא דמשיחא, אבער ניט אויף דעם דור שלאח"ז, ווארום דעמולט וועט שוין זיין לאחרי מחיית עמלק.

קומט דאך אויס אז דער חיוב פון זכירת יצי"מ איז א חיוב תמידי, ביום ובלילה, און אויך נאך ביאת משיח, משא"כ דער חיוב פון זכירת עמלק איז ניט קיין חיוב תמידי, ניט בלילה, און אויך ניט נאך ביאת משיח -

איז פארוואס האט מען מתקן געווען א קריאה בתורה נאר פאר זכירת עמלק און ניט פאר זכירת יציאת מצרים?

- ז. -

---

22) בשו"ע או"ח סס"ו סי"ב. סס"ז ס"א. 23) בשו"ע שם ס"ס ס"ד. 24) ברכות יב, ב במשנה. 25) ראה בהנסמן באנציקלופדי׳ תלמודית ערך זכירת מעשה עמלק שם (ע׳ דכא-דכב). 26) רמב"ם הל׳ מלכים ספי"א. 27) בשלח טז, יז ובתיב"ע עה"פ.

ז. האמור לעיל אז זכירת עמלק וועט נתבטל ווערן נאך ביאת המשיח - איז ווי דער ענין איז בפשטות.

ס'איז דאך אבער דא דער כלל פון "זאת התורה לא תהא מוחלפת"[28], אז כל עניני התורה ומצוותי' זיינען נצחיים, איז וויבאלד אז די מצוה פון זכירת עמלק איז א מצוה פון די תרי"ג מצוות אין תורה - וועט דאס קיינמאל ניט נתבטל ווערן, אויך לאחר ביאת המשיח.

וואס אע"פ אז נאך ביאת משיח וועט ניט זיין דער מציאות פון עמלק אין וועלט - איז דאס אבער נאר בנוגע צו די מציאות פון עמלק, משא"כ די מצוה פון זכירת עמלק איז אלעמאל קיים,

ווי דער רמב"ם איז דאס מבאר אין ספהמ"צ[29] בנוגע צו דעם כללות הענין אז מצוות זיינען נצחיים אויך לע"ל וועט עס וועט נתבטל ווערן כמה ענינים אין וועלט מיט וועלכע מ'דארף מקיים זיין די מצוות -

אז ס'איז מערניט וואס עס קען זיין אז די מציאות העולם זאל נשתנה ווערן, וואס דעמולט קען מען בפועל ניט מקיים זיין די מצוה אין וועלט; אבער דאס איז ניט משנה די נצחיות פון דער מצוה, ווארום דער ציווי איז אלעמאל חל, און אילו יצוייר אז ס'זאל זיין אזא מציאות אין וועלט - דארף מען מקיים זיין די מצוה, און בשעת ס'איז ניטא די מציאות אין וועלט'איז דאס א שינוי אין מציאות העולם, און ניט אין דער מציאות המצוה.

ועד"ז איז דער רמב"ם דארטן מסביר בנוגע צו מצות מחיית עמלק:

לאחר ביאת המשיח וועט עמלק ווערן אוים מציאות אין וועלט, וואס דערפאר וועט מען בפועל ניט קענען מקיים זיין די מצוה פון מחיית עמלק, אבער די מצוה וועט זיין קיימת אויך דעמולט, אז אילו יצוייר עס וועט זיין א מציאות פון עמלק אין וועלט דארף מען דאס מוחה זיין.

[וואס פון דעם רמב"ם יש סמוכין צו דעם וואס דער אלטער רבי שרייבט אין קו"א[30] אז עס זיינען דא "פרטי ההלכות" וואס "יוכל להיות שלא היו ולא יהיו לעולם במציאות כו'".

וואס אזוי ווי יעדער ענין אין חסידות איז דא בגלוי אדער ברמז אין נגלה - עד"ז געפינט מען אויך דעם ענין

- הנ"ל -

---

28) עיקר הט' מי"ג העיקרים. 29) מ"ע קפז. 30) קנט, ב ואילך.

הנ"ל אין נגלה אין דעם רמב"ם הנ"ל, און אויך אין גמרא אין סנהדרין[31], וואס דארטן רעכנט מען אזיס כמה דינים וואס לא היו ולא עתידים להיות, בדוגמא ווי דער ענין פון עיר הנדחת, און בן סורר ומורה.

והביאור אין דעם ווי עס קען זיין מצוות וואס זאלן קיינמאל ניט זיין אין וועלט, איז דער אלטער רבי דארטן מבאר - אז די מצוות געפינען זיך ניט אין גשמיות העולם, אבער בשרשם אין רוחניות זיינען זיי דא.

וואס דאס גופא איז דורש ביאור:

די כוונה איז דאך ניט אז תורה זאל בלייבן למעלה, נאר זי דארף אראפקומען למטה, און עס זאל זיין "תורה אור"[32] - די תורה זאל באלייכטן מציאות העולם,

ובפרט אז די כוונה איז דוקא אז עס זאל זיין א "דירה בתחתונים", אין דברים גשמיים דא למטה -

איז וואס טוט דאס אויף בשעת מ׳זאגט אז די מצוות זיינען ברוחניות, און זיי קומען ניט אראפ בגשמיות?!

איז דער ביאור אין דעם ע"ד המבואר לעיל (ס"ב):

א איד, אין עוה"ז הגשמי האט בכח צו שטיין אין א דרגא ווי די ענינים זיינען למעלה, אז "בחייך" זאל ער האבן "עולמך", ווי ער וועט שטיין לאחרי מאה ועשרים שנה, אפגעטראגן פון עניני העולם,

וואס דערפאר האט ער אין זיין עבודה רוחנית אויך די מצוות וואס זיינען דא נאר ברוחניות, און קומען ניט אראפ בגשמיות העולם.

דאס איז אבער נאר מצד עבודתו הרוחנית; משא"כ דער מצב העולם און דער מצב פון אנשי דורו איז ניט ראוי אז דער ענין ווי דאס שטייט ברוחניות זאל אראפקומען בגשמיות, וואס דערפאר קומען די מצוות ניט אראפ בגשמיות.

ח. און אע"פ אז מצות זכירת עמלק איז נצחי, און וועט אויך זיין לע"ל, כנ"ל -

קומט דאס אבער ניט צו מצות זכירת יצי"מ, וואס די איז א מצוה תמידית בכל השנה כולה, אז בכל יום ולילה דארף מען געדיינקען דעם ענין פון יציאת מצרים -

און אעפ"כ געפינט מען ניט, כנ"ל, אז מ׳זאל מתקן

- זיין -

------------

31) עא, א. 32) משלי ו, כג.

זיין א קריאה בתורה פאר זכירה יצי"מ, און ניט נאר ניט קיין קריאה מדאורייתא, נאר אפילו ניט קיין קריאה מדרבנן.

משא"כ בנוגע צו דער מצוה פון זכירת עמלק, איז אע"פ וואס זי איז ניט קיין חיוב תמידי [און כאטש אז מ׳דערמאנט מעשה עמלק בכל יום אין די שש זכירות - קומט דאס אבער ניט צו דעם חיוב פון זכירת יצי"מ, פעמיים ביום, כנ"ל], וואס מצד זה איז זי׳ בפשטות ניט מיטן זעלבן תוקף ווי זכירת יצי"מ - מאכט מען אבער דערפון א קריאה בתורה, און א קריאה וואס איז מדאורייתא!

ט. לכאורה וואלט מען געקענט ענטפערן, אז דערפאר גופא וואס זכירת יצי"מ איז אן עיקריות׳דיקע און פנימיות׳דיקע מצוה, וואס חיובה איז באופן תמידי - דערפאר מאכט מען פאר איר ניט קיין קריאה בתורה.

משא"כ בנוגע צו זכירת עמלק, איז וויבאלד אז דאס איז א חיוב נאר איין מאל אין יאר - דערפאר ווען עס קומט דער איין מאל אין יאר, מאכט מען די זכירה מיטן גאנצן תוקף - אז מ׳זאל קורא זיין פ׳ זכור בתורה מיטן גאנצן שטורעם.

וואס דורך דעם וואס מ׳וועט דאס טאן מיט א תוקף דעם איין מאל אין יאר וועט דאס פועל׳ן אז מ׳זאל דאס ניט פארגעסן א גאנצן יאר,

וכמבואר[33] דער טעם אויף דעם וואס חיוב זכירת עמלק איז פעם אחת בשנה - ווארום במשך פון י"ב חודש פארגעסט א מענטש ניט אויף א זאך [ווי די גמרא[34] זאגט "אין המת משתכח מן הלב אלא לאחר שנים עשר חודש"], ובמילא אז מ׳וועט אים דערמאנען דעם ענין פון עמלק פעם אחת בשנה, וועט ער דאס זיכער געדענקען.

דאס איז אבער א טעם קלוש און א ביאור קלוש.

י. והביאור בזה בדרך אפשר, ובהקדם:

דער ענין מיוחד מיט וואס זכירת עמלק איז אויסגעטיילט פון זכירת יצי"מ באשטייט אין דעם וואס מ׳לייענט <u>בתורה</u> פ׳ זכור, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער ענין פון זכירת עמלק האט א שייכות מיוחדת מיט דעם ענין התורה, משא"כ דער ענין פון זכירת יצי"מ איז ניט פארבונדן דוקא מיט דעם ענין התורה.

- והביאור -

---

33) שו"ת תורת חסד סל"ז ס"ג (מספר מיני תרגימא להגאון ר"י (פיק) בערלין, בסופו). 34) ברכות נח, ב. וראה פרש"י שם ד"ה ככלי אובד.

והביאור בזה:

דער ענין פון יצי"מ בפשטות איז אז "עבדים היינו לפרעה במצרים ויוציאנו ה' אלקינו משם"[35] - דער ארויסגיין פון עבדות, "מתחת סבלות מצרים"[36] ("ערות הארץ"[37]) לחירות.

ועד"ז יצי"מ ע"פ פנימיות הענינים איז - דער ארויסגיין פון מיצרים וגבולים[38], כולל אויך פון די מדוה"ג דקדושה, און גיין "אל ארץ טובה ורחבה"[39], די עבודה פון "ואתהלכה ברחבה"[40] - אז מ'שטייט למעלה ממדוה"ג לגמרי.

וואס דער ענין פון יצי"מ איז א כללות'דיקער ענין אין אלע ענינים פון מענטשן, אנהויבנדיק אין כללות תומ"צ, ביז אין "בכל דרכיך דעהו"[41], און ביז אין "כל מעשיך יהיו לשם שמים"[42].

ד.ה. אז דאס איז ניט פארבונדן מיט דעם ענין התורה דוקא.

משא"כ זכירת עמלק איז פארבונדן דוקא מיט דעם ענין התורה. והביאור בזה:

דער ענין פון זכירת עמלק בפשטות איז - "זכור את אשר עשה לך עמלק בדרך בצאתכם ממצרים"[20], וואס "בדרך" גייט בפשטות אויף דעם דרך צו וואו די אידן זיינען געגאנגען ארויסגייענדיק פון מצרים, וואס דאס איז צו מ"ת, ווי עס שטייט[43] "בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה",

וואס "ההר הזה" איז "הר סיני", וואס דארטן איז געווען "משה קבל תורה מסיני כו'"[44], וכידוע דער דיוק בזה[45], אז דא האט געדארפט שטיין אז משה האט מקבל געווען די תורה פון דעם אויבערשטן, פארוואס שטייט "משה קבל תורה <u>מסיני</u>"?

נאר דערפון זעט מען אז די הדגשה דא איז ווי קבלת התורה איז דוקא פון "הר סיני", "משה קבל תורה <u>מסיני</u>", ועד"ז "תעבדון את האלקים על <u>ההר</u> הזה", און ווי עד זאגט דערנאך[46] "בחודש השלישי לצאת בני ישראל מארץ מצרים ביום הזה באו מדבר סיני גו' ויחן שם ישראל נגד <u>ההר</u>".

- וואס -

---

35) הגש"פ. ע"פ ואתחנן ו, כא. 36) וארא ו, ו-ז. 37) מקץ מב, יב. 38) תו"א יתרו עא, ג ואילך. ובכ"מ. 39) שמות ג, ח. 40) תהלים קיט, מה. 41) משלי ג, ו. 42) אבות פ"ב מי"ב. 43) שמות ג, יב. 44) אבות רפ"א. 45) ראה לקו"ש ח"א ע' 279. ועוד. 46) יתרו יט, א-ב. וראה רשב"ם עה"פ שם, ב.

וואס דא איז אלץ מודגש אז דער "בדרך בצאתכם ממצרים" איז דער "דרך" צו הר סיני און מתן תורה.

און "בדרך בצאתכם ממצרים" איז געקומען עמלק: עמלק האט ניט געוואלט צולאזן אז אידן זאלן גיין אין דעם "דרך" צו מקבל זיין די תורה, ד.ה. אז ער האט מנגד געווען צו דעם ענין התורה -

און דערפאר דארף די מלחמה און דער "זכור את אשר עשה לך עמלק בדרך בצאתכם ממצרים" אויך זיין אין אן ענין פון תורה.

יא. עפ"ז וועט מען פארשטיין פארוואס זכירת עמלק דריקט זיך אויס דוקא אין קריאת התורה, משא"כ זכירת יצי"מ:

וויבאלד אז יצי"מ איז אן ענין כללי, וואס איז פארבונדן ניט נאר מיט תורה נאר מיט אלע ענינים פון דעם מענטשן - דערפאר דארף די זכירה אין דעם זיין בתמידות, בכל זמן און בכל מצב:

סיי ווען דער איד לערנט תורה און איז מקיים מצוות, וואס דאס איז "ימי חייך הימים", און סיי ווען דער איד איז פארנומען מיט "בכל דרכיך דעהו" און "כל מעשיך יהיו לשם שמים".

און דערפאר איז דער חיוב פון זכירת יצי"מ אויך "בלילות", ווארום רעמולט שטייט דער איד נאך כל עבודתו אין תומ"צ במשך היום, און עס איז נאר געבליבן די עבודה פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים" - וואס דערפאר דארף מען אויך דעמולט מזכיר זיין יציאת מצרים.

משא"כ בנוגע צו זכירת עמלק, איז וויבאלד אז די התנגדות פון עמלק איז געווען דוקא צו דעם ענין התורה - דערפאר דארף דער "זכור את אשר עשה לך עמלק" זיין דורך אן ענין אין תורה.

יב. און די מצוה פון זכירת עמלק דורך דעם ענין התורה איז ניט דורך סתם אן ענין אין תורה - נאר אין אן אופן אז מ'איז קורא בתורה גאנץ פ' זכור ברבים ובפרהסיא.

והביאור בזה:

די התנגדות פון עמלק צו תורה איז ניט געווען קעגן סתם אן ענין פון תורה, נאר דאס איז געווען קעגן דעם ענין פון מתן תורה, "בדרך בצאתכם ממצרים", וואס דאס איז דער "דרך" צו מתן תורה, כנ"ל:

פאר מתן תורה איז אויך געווען דער ענין התורה, ווי

- רז"ל -

רז"ל[47] זאגן אז "מימיהן של אבותינו לא פסקה ישיבה מהם", "אברהם אבינו זקן ויושב בישיבה הי'", ועד"ז בנוגע צו יצחק, ועד"ז בנוגע צו יעקב, וואס ער האט געשיקט יהודה'ן "להורות לפניו גושנה"[48], צו מאכן א ישיבה[49].

אבער דער ענין התורה ווי דאס איז געווען בא די אבות איז געווען אין אן אופן אז זיי האבן תורה פאר זיך אין ישיבה, אבער די תורה איז ניט אין וועלט.

דער אויפטו פון תורה וואס איז געווארן בשעת מ"ת איז - אז תורה זאל זיין פארבונדן מיט וועלט, וואס בא מ"ת איז געווען די הכרזה פון "אנכי ה' אלקיך גו'"[50] בכל העולם כולו, אין אלע ד' רוחות העולם[51], ביז אז דאס האט אויך דער-נומען דעם סוג החי, "צפור לא צווח, עוף לא פרח, שור לא געה"[52].

און וויבאלד אז עמלק האט מנגד געווען צו דעם ענין פון תורה וואס איז געגעבן געווארן אויף הר סיני, וואס דאס איז ווי תורה איז פארבונדן מיט וועלט - דערפאר דארף דער "זכור את אשר עשה לך עמלק" ארויסקומען דוקא אין אן ענין פון תורה וואס איז פארבונדן מיט וועלט און אין אן אופן פון פרסום ובפרהסיא.

וואס דערפאר האט מען מתקן געווען אז מ'זאל לייענען פ' זכור אין א ס"ת וואס איז דיו ע"ג קלף, וואס די ס"ת נעמט זיך פון די י"ג ס"ת וואס משה רבינו האט געשריבן לאחרי די ארבעים שנה אין מדבר[53],

און א קריאה בתורה וואס איז דוקא ברבים ובפרהסיא.

יג. די הוראה דערפון אין עבודת האדם:

בשעת מ'גייט ארויס צו א מלחמה איז דער סדר אז לפי די ענינים פון דעם מנגד אזוי גרייט מען צו די תכסיסי מלחמה:

ס'איז אינו בדומה די תכסיסי מלחמה וואס מ'דארף האבן בשעת מ'איז לוחם קעגן אן ענין פון קרירות, לגבי די תכסיסי מלחמה וואס מ'דארף האבן בשעת מ'איז לוחם קעגן אן ענין פון חמימות.

- וע"ד -

------------

47) יומא כח, ב. 48) ויגש מו, כח. 49) ראה ב"ר פצ"ה, ג. תנחומא ויגש יא. יל"ש שם רמז קנב. 50) יתרו כ, ב. 51) תקו"ז תכ"ב (סד, ב) - הובא בתניא פל"ו (מו, א). וראה גם שמו"ר פ"ה, ט. 52) שמו"ר ספכ"ט. 53) דב"ר פ"ט, ט. מדרש תהלים עה"פ צ, א. הקדמת הרמב"ם לספרו יד החזקה.

הנחת הח' בלתי מוגה

ועפ"ד ווי דאס איז אין דעם ענין פון מלחמה כפשוטו:

ס'איז אינו בדומה די תכסיסי מלחמה און די הכנות וואס מ'האט געדארפט האבן בשעת מ'איז געגאנגען מלחמה האבן מיט עמלק, לגבי די תכסיסי מלחמה און די הכנות וואס מ'האט געדארפט האבן בשעת מ'איז געגאנגען מלחמה האבן מיט די אלע אנדערע ז' אומות,

ווי עס ווערט דערציילט די סיפורים אין תורה, אז בשעת מ'איז געגאנגען מלחמה האבן מיט מדין ועד"ז מיט סיחון און עוג איז דאס געווען אין אן אנדער אופן ווי בשעת מ'איז געגאנגען מלחמה האבן מיט עמלק[54].

און אפילו אז מ'איז געגאנגען מלחמה האבן מיט הכנעני מלך ערד, וואס לויט כמה דעות[55] איז ער געווען עמלק - איז דאס אבער געווען אין אן אנדער מצב, און דאס איז געווען נאך מ"ת, משא"כ די מלחמה וואס מ'האט געהאט מיט עמלק פאר מ"ת האט געמאנט אן אנדער אופן פון מלחמה.

יד. ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דעם מלחמת היצר, וואס דאס איז עיקר עבודת האדם במשך כל היום, כמ"ש[56] "ולחם לבב אנוש יסעד", וידוע הפירוש בזה[57] אז ילחם איז לשון מלחמה, ווי עס שטייט אין זהר[58] "נהמא על פום חרבא ייכול", און ווי עס שטייט אויך[59] "לכו לחמו בלחמי", וכמבואר אין חסידות אז עס דארף זיין די מלחמה מיט די בירורים כדי זיי צו מברר זיין.

וואס ע"ד ווי דאס איז אין א מלחמה כפשוטו אז ס'איז דא כמה סוגים פון מנגדים, און מ'דארף זיך צוגרייטן צו יעדער סוג לפי ענינו - אזוי איז אויך אין דעם מלחמת היצר, אז דער יצר איז מתנכל אליו מיט אלע מיני תחבולות צו אים אראפפירן פון וועג, וואס דערפאר דארף ער וויסן אלע פרטים און פרטי פרטים ווי דער יצה"ר ארבעט בכדי ער זאל וויסן מיט וועלכע תכסיסי מלחמה ער זאל זיך נוצן אין דער מלחמה, ווי דער אלטער רבי זאגט אין ספר תניא קדישא[60].

טו. ועד"ז איז בנוגע לנדו"ד - אז בכדי צו וויסן ווי צו

- מלחמה -

---

54) ראה פרש"י עה"פ מטות לא, ו. חקת כא, לה (מברכות נד, ב). ד"ה כס, א במשנה. ועוד. 55) במדב"ר פי"ט, כ. תנחומא חקת יח. יל"ש ופרש"י עה"פ חקת שם, א. 56) תהלים קד, טו. 57) לקו"ת נשא כו, ב. ובכ"מ. 58) זח"ג קפח, ב. וראה לקו"ת שם. 59) משלי ט, ה. וראה אוה"ת שבועות ע' קד ואילך. ובכ"מ. 60) ראה תניא פכ"ו ואילך.

מלחמה האלטן מיט עמלק׳ן, דארף מען וויסן אלע פרטים און דרכים ווי עמלק גייט צו צו מלחמה האבן מיט א אידן:

עמלק איז געקומען מלחמה האבן מיט אידן "בדרך בצאתכם ממצרים": עמלק קומט ניט צוגיין סתם אזוי, און ווען ער טרעפט א אידן אין גאס האט ער מלחמה מיט אים, נאר עמלק איז געקומען "בדרך בצאתכם ממצרים": ער האט געוואוסט ווער אידן זיינען, און פון וואנעט זיי קומען, און ווי מ׳האט זיך געפירט מיט זיי, און וואוהין זיי גייען.

ווארום עמלק האט געזעהן אז בא יצי"מ זיינען געווען די אלע נסים, מיט די עשר מכות וכו׳, און דערנאך זעט ער אז נאך דעדויף וואס אידן זיינען ארויס פון מצרים גייען זיי זיך ניט אפרוהען, נאר ס׳איז "בדרך בצאתכם ממצרים" - ער זעט אז זיי גייען ווייטער, ווארום "אני נבראתי לשמש את קוני"[61], במילא דארף מען ווייטער גיין "בדרך" אין עבודת ה׳.

וכמרז"ל [62] "היום אומר לו עשה כך" - עפעס וואס וועט נתקבל ווערן בא דעם מענטשן[63], "ולמחר אומר לו עשה כך וכו׳".

וע"ד ווי מ׳זאגט אין צד הקדושה אז עס דארף זיין "חנוך לנער ע"פ דרכו" בכדי אז "גם כי יזקין לא יסור ממנה"[64] - עד"ז איז זה לעו"ז אין צד ההפכי, אז דער יצר מוז קומען "ע"פ דרכו" פון דעם מיט וועמען ער רעדט בכדי אז ער זאל קענען פועל זיין פעולתו.

וואס דערפאר קען עמלק ניט קומען צו אידן מיט דער טענה אז ס׳איז ניטא די מציאות פון נסים אין וועלט - ווארום זיי וועלן דאס ניט מקבל זיין, דערפאר וואס זיי האבן ערשט געזעהן נסים גלויים, און ס׳איז געווען "ויאמינו בה׳ ובמשה עבדו"[65].

און אויב ער וועט זיי זאגן אז דאס זיינען נסים מלובשים בטבע - וועלן זיי גלייך זאגן אז מ׳האט אליין געזעהן נסים למעלה מהטבע, און וויבאלד אז מ׳האט דאס געזעהן בעיני בשר, קען דאס קיין זאך ניט מכחיש זיין,

ווי רש"י זאגט אויפן פסוק[66] "אתם ראיתם", "לא מסורת היא בידכם ולא בדברים אני משגר לכם לא בעדים אני מעיד עליכם, אלא אתם ראיתם אשר עשיתי למצרים" [וואס דאס איז אויך א ביאור פארוואס רש"י דארף ניט זאגן אז "אינו דומה שמיעה לראי׳", ווארום ער זאגט דאס דא].

- ועד"ז -

---

61) קידושין בסופה. 62) שבת קה, ב. 63) ראה סה"מ תרפ"ח ע׳ קפב. סה"מ קונטרסים ח"א לז, א. פה, ב. ועוד. 64) משלי כב, ו. 65) בשלח יד, לא. 66) יתרו יט, ד.

ועד"ז קען עמלק ניט טענה'ן אז מ'דארף זיך לייגן שלאפן, ווארום ער זעט אז אידן זיינען "בדרך בצאתכם ממצרים", וואס דאס איז "בדרך", אין דעם דרך הידוע, "דרך ה'"[67], און דרך התומ"צ, ווי דאס איז געווען בפשטות, אז דער "בדרך בצאתכם ממצרים" איז דער דרך צו מ"ת, וואו אידן האבן מקבל געווען אויף זיך תומ"צ.

און וויבאלד אז אידן גייען "בדרך" - האלטן זיי אין איין גיין, ווארום "אני נבראתי לשמש את קוני", קען מען זיך דאך ניט אפשטעלן אפילו אויף איין רגע, ווארום דעמולט איז יענער רגע ניט "לשמש את קוני".

און דערפאר קען עמלק ניט קומען מיט דער טענה אז מ'זאל זיך אפשטעלן און אפרוהען.

טז. איז וואס טוט עמלק בכדי צו אריינווארפן אין א אידן אן ענין פון גוי'שקייט, וואס עמלק איז דער "ראשית גוים"[68]?

פאלט איין דעם "קלוגינקן" אן עצה ווי צו אריינכאפן אידן:

ער וועט מאכן "קרך בדרך"[69], ווי די צוויי טייטשן אין "קרך" - דער ענין הקרירות[70], און כפשוטו - "לשון מקרה"[71] (בדלקמן):

ער איז מודה אז הכל אמת: ס'איז בפירוש דא נסים, און מ'דארף בפירוש גיי'ן "בדרך" צו מתן תורה -

אבער וואס איז דער יאגן זיך, וואס איז די ווארעמקייט מיט די התרגשות און התפעלות און התלהבות?!

זאל מען טאקע גיין צו מ"ת - אבער מיט א קאלטקייט:

טענה'ט דער איד: ס'טייטש: מ'איז ערשט ארויס פון מצרים, און דאס האט געמוזט זיין "כהרף עין"[72], ווייל אויב ניט וואלט מען ניט ארויס פון דארטן[73] - איז וואס הייסט אז ער וועט איצטער ניט גיין בזריזות?!

- ובפרט -

---

67) ל' הכתוב - וירא יח, יט. וראה רד"ה זכור וסד"ה והי' כאשר ירים תרצ"ד (סה"מ קונטרסים ח"ב רפה, ב. רצ, א). 68) בלק כד, כ. 69) תצא שם, יח. 70) תנחומא תצא ט. פרש"י עה"פ. וראה ר"ה והי' כאשר ירים תר"פ פ"ג-ד (סה"מ פר"ת ע' רצג ואילך). ד"ה זכור וד"ה הנ"ל תרצ"ד (סה"מ קונטרסים ח"ב רפה, ב ואילך). 71) פרש"י עה"פ. 72) מכילתא ופרש"י עה"פ בא יב, מא. 73) ראה הגש"פ עם לקוטי טעמים וביאורים פיסקא מצה זו כו'. וש"נ.

ובפרט אז עבודה מוז זיין מתוך זריזות, ווי ס'איז געווען גלייך ביים ערשטן אידן, "וישכם אברהם בבוקר"[74].

ענטפערט אים עמלק:

אה"נ: מ'דארף טאקע גיין בזריזות, אבער לאמיר זיך זעצן באם טיש און זיך באטראכטן בהתיישבות ווי מ'זאל גיין בזריזות!

ואדרבה: וויבאלד אז דו ביסט א בר שכל - דארפסטו זיך אריינטראכטן אין דעם מיט דיינע מוחין, וואס דער ענין פון מוחין טראכט דורך יעדער זאך מכל צדדיו, און מיט א התיישבות.

און דורך דערויף פועל'ט עמלק אז דערווייל זאל זיין "קרך בדרך" - אז דער איד זאל ניט גיין "בדרך" צו מ"ת מיט א התרגשות און מיט א ווארעמקייט, נאר ער זאל גיין מיט דער קאלטקייט און התיישבות בכלים וואס מוחין פועל'ט, אז ער זאל גיין מיט א סדר מסודר, "צעד אחר צעד", "לאט לאט אגרשנו", און גיין "לבטח דרכו"[75] אין אן אופן פון "קרך בדרך", מיט א קרירות.

יז. זאגט מען דעם אידן אז עס דארף זיין "זכור את אשר עשה לך עמלק בדרך בצאתכם ממצרים גו' לא תשכח"[76], וואס "לא תשכח" איז "בלב"[77] - אז מ'דארף טאן די עבודה פון גיין "בדרך" צו מ"ת מיטן לב און ניט מיטן מוח, וואהוס דוקא דעמולט האלט ער אין איין זייך א מהלך און גיין ווייטער מיט א ווארעמקייט און א התפעלות.

והביאור בזה:

מצד דעם ענין פון מוחין, "לאסוקי שמעתתא אליבא דהילכתא"[78] - דארף מען האבן מנוחת הנפש ומנוחת הגוף צו זיך קענען מתבונן זיין אין דעם דבר שכלי[79],

וואס דערפאר איז דער ענין פון טלטול הדרך א סתירה צו דעם ענין פון התבוננות און מוחין.

און דערפאר, אז מ'גייט "בדרך בצאתכם ממצרים" און מ'איז זיך מיישב ווי מ'דארף גיין און וואו מ'דארף גיין מיט אלע פרטים שבדבר - פועל'ט דאס א קאלטקייט אין דער גאנצער הליכה.

- משא"כ -

---

74) וירא כב, ג. וראה פסחים ד, א. וש"נ. וראה אגה"ק סכ"א. 75) ע"פ משלי ג, כג. 76) תצא שם, יז-יט. 77) ספרי עה"פ תצא שם, יט. מגילה יח, א. ועוד. 78) יומא כו, א. 79) ראה להלן ס"ל. וש"נ.

משא"כ מצד דעם לב - איז ער בהתרגשות און בהתפעלות, און ער האלט אין איין גיין באופן תמידי,

ווי רופאים און מומחים און חכמים זיינען בהתפעלות דערפון וואס צווישן די "תלת שליטין" וואס זיינען דא אין א מענטשן, "מוחא לבא וכבדא"[80], איז דער איינציקער וואס שטייט כסדר אין א תנועה תמידית איז דאס דער לב.

וואס סיי דער מוח און סיי דער כבד אין דעם זעלבן אדם האבן בכלל ניט קיין תנועה, משא"כ דער לב שטייט אין א תנועה תמידית, און דורך דעם ווערט באלעבט דער גוף.

וואס דערפאר אז מ׳גייט "בדרך בצאתכם ממצרים" מיטן לב - פועל׳ט דאס אז מ׳זאל כסדר האלטן אין איין גיין צו מ"ת, "כאיש אחד בלב אחד"[81].

יח. נאך דערויף וואס עמלק פועל׳ט דעם ענין פון "קרך בדרך", אז די הליכה זאל זיין מיט א קרירות, קומט מען צו דעם צווייטן פירוש אין "קרך" - מלשון "מקרה":

בתחלת מלחמתו, איז ער מודה אז אלץ (אפילו די הנהגה שבטבע) קומט פון אויבערשטן, ס׳איז מערניט וואס "קרך" מלשון קרירות. אבער לאחרי זה קומט דער "קרך" "מלשון מקרה", אז ער טענה׳ט גאר אז הן אמת אז עס זיינען דא נסים שלמעלה מהטבע (וואס זיי קומען זיכער פון אויבערשטן), איז אבער ניט קיין הכרח צו זאגן אז אויך די ענינים שבטבע זיינען בהשגחה פרטית, ועכ"פ די ענינים קטנים - טענה׳ט ער - זיינען ניט בהשגחה פרטית נאר א מקרה.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט היינטיקן טאג, י"ג אדר, וואס דאס איז תענית אסתר (נאר ווייבאלד אז דאס איז שבת איז מען דוחה דעם תענית צו יום ה׳ שלפנ"ז):

בנוגע צו דעם ענין התענית שרייבט דער רמב"ם[82] אז בשעת מען פראוועט א תענית באווייזט מען אז די ענינים וואס זיינען געשען אין יענעם טאג זיינען ניט "נקרה נקרית".

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו תענית אסתר:

דער רמב"ם זאגט[83] אז תענית אסתר איז געווען דערפאר וואס יענעם טאג זיינען אידן געגאנגען מלחמה האלטן מיט המן און זיינע מענטשן, "להקהל ולעמוד על נפשם"[84].

- וואס -

---

80) זח"ב קנג, א. 81) מכילתא ופרש"י עה"פ יתרו יט, ב. 82) הל׳ תעניות פ"א ה"ג. 83) ראה רמב"ם שם פ"ה ה"ה ובמ"מ שם. וראה טור או"ח סתרפ"ו. ובכ"מ. 84) אסתר ח, יא.

וואס מלחמת המן איז פארבונדן מיט מלחמת עמלק, ווארום המן איז מזרעו של עמלק[85], וואס עמלק איז "קרך בדרך" - ער טענה׳ט אז ס׳איז "נקרה נקרית",

און דורך דערויף וואס מ׳פאסט אין דעם טאג, איז מען מבטל די טענה פון "נקרה נקרית".

יט. די טענה פון עמלק אז ס׳איז "נקרה נקרית" איז ניט אז יעדער זאך אין וועלט איז ניט בהשגחה פרטית, ווארום דאס וועלן די אידן ניט וועלן מקבל זיין, נאר ער טענה׳ט אז אויף דברים קטנים איז ניטא קיין השגחה פרטית.

זאגט מען דעם אידן, אז ס׳איז א דבר מוכרח אין עבודת ה׳ אז ער זאל האבן אמונה אז ס׳איז דא השגחה פרטית אין יעדער פרט און פרטי פרטים, ביז אין די עניינים הכי תחתונים, כתורת הבעש"ט[86], ביז אז די השגחה פרטית איז ניט נאר אז דער בלעטל זאל זיך רוקן פון איין ארט אין א צווייטן ארט, נאר אויך אין וועלכן אופן דאס זאל זיך רוקן, צי דורך א רוח, אדער באופן אחר[87].

ועניין זה (אז השגחה פרטית איז אויך אויף דברים קטנים) איז עס ניט קיין ענין פון מהיכי תיתי וכיו"ב, נאר ס׳איז א ענין עיקרי, ביז אז דאס איז פארבונדן און א תוצאה פון אמונה פשוטה. והביאור בזה:

ביחד עם זה וואס מ׳זאגט אז דער אויבערשטער איז "בעה"ב לבירה זו"[88], זאגט מען אויך אז ער איז מרומם פון וועלט, "רם על כל גוים ה׳"[89], און ער איז "שוה ומשוה קטן וגדול"[90].

וואס וויבאלד אז ער איז "שוה ומשוה קטן וגדול" איז פארשטאנדיק אז פונקט ווי מ׳זאגט בפשטות אז ס׳איז דא השגה"פ אויף א דבר גדול, איז עד"ז מוז מען זאגן אז ס׳איז דא השגח"פ אויף א דבר קטן, ווארום בא דעם אויבערשטן איז דאך דער דבר גדול און דער דבר קטן בשוה ממש, איז אויב מ׳וועט זאגן אז ס׳איז ניטא קיין השגח"פ אויף א דבר קטן איז דאס מכריח צו זאגן אז ס׳איז אויך ניטא קיין השגח"פ, ח"ו, אויף א דבר גדול.

וואס דערפאר איז פונקט ווי ס׳איז א נפק"מ צו דעם

- אויבערשטן -

------------

85) תיב"ע ותרגום שני לאסתר ג, א. ועוד. 86) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קיט ואילך. וש"נ. 87) ראה סה"מ קונטרסים ח"ג ע׳ י. 88) ראה ב"ר רפל"ט. 89) תהלים קיג, ד. 90) פיוט וכל מאמינים - תפלת מוסף דר"ה ויוהכ"פ.

אויבערשטן די ענינים גדולים וואס טרעפן זיך אין וועלט, איז עד"ז ביי אים א נפק"מ די דבדים קטנים וואס טרעפן זיך אין וועלט, ביז אז ביי אים איז א נפק"מ דער אופן ווי דער בלעטל וועט זיך מתנענע זיין, וואס דאס איז א דבר קטן שאין קטן למטה ממנו, און אעפ"כ איז דאס נוגע צו דעם אויבערשטן פונקט ווי די גרעסטע זאך אין וועלט, ווארום ער איז "שוה ומשוה קטן וגדול".

כ. מכל האמור לעיל איז פארשטאנדיק דער אופן ווי עמלק קומט מלחמה האבן מיט אידן, וכמדובר לעיל אז בשעת א איד ווייסט ווי עמלק האט מלחמה מיט אים - קען ער דעמולט צוגרייטן די ריכטיקע און פאסיקע תכסיסי מלחמה מיט וואס צו שלאגן זיך קעגן עמלק'ן.

און דערפאר זאגט מען "זכור את אשר עשה לך עמלק בדרך בצאתכם ממצרים גו' לא תשכח", וואס אויף דעם זאגן רז"ל אז "זכור" איז "בפה", און "לא תשכח" איז "בלבב":

א איד קען דאך טענה'ן, אז אים איז גענוג דער "לא תשכח - בלב", ווארום "רחמנא לבא בעי"[91], און ער האט זיך זיין פינטעלע איד, און מערער דארף ער ניט האבן אויף מלחמה האבן מיט עמלק'ן,

זאגט מען אים אז עס דארף זיין דער "זכור את אשר עשה לך עמלק" - "בפה": דאס דארף ארויסקומען אויך בחיצוניות האדם, אין לבושי הנפש, ביז אין די אברים גשמיים, ביז אין א מעשה בפועל, וואס "בפה" איז דער ענין המעשה - "עקימת שפתיו הוי מעשה"[92].

לאידך גיסא קען איינער טענה'ן: אים איז גענוג דער "זכור - בפה", די מעשה בפועל אפילו אויב ס'איז באופן פון "מצות אנשים מלומדה"[93], און מערער דארף ער ניט האבן,

זאגט מען אויך אים, אז עס דארף דורכנעמען זיין גאנצע מציאות, ניט נאר זיין מוח, נאר אויך "לא תשכח - בלב", אז אויך זיין לב זאל שטיין בהתפעלות.

כא. און דאס ווערט אלץ אויפגעטאן דורך דעם וואס מ'לייענט בתורה פ' זכור ברבים ובפרהסיא, ווארום וויבאלד ווי די התנגדות פון עמלק איז געווען "בדרך בצאתכם ממצרים", דעם דרך צו "תעבדון את האלקים על ההר הזה", וואס דאס איז דער

- ענין -

------------

91) הובא בכ"מ, והוא ע"פ (גירסת רש"י ב)סנהדרין קו, ב. 92) ב"מ צ, סע"ב. סנהדרין סה, א. 93) ישעי' כט, יג. וראה סה"מ קונטרסים ח"א לז, א.

עניין פון קבלת התורה - דערפאר איז מען קורא בתורה "זכור את אשר עשה לך עמלק", ווי געוועדס פריער.

[וואס דאס האט אויך א שייכות צו פורים, ווארום אין פורים איז "קיימו מה שקבלו כבר"[94], וואס דאס גייט אויף כללות עניין התורה ווי זי איז געגעבן געווארן בא מ"ת].

און דערפון האט מען אויך די הוראה בנוגע לפועל:

עס זאל זיין א הוספה און א התחזקות און א הידור אין די קביעות עתים לתורה, און אין "מבצע תורה", סיי בכמות און סיי באיכות,

און אין אן אופן פון ת"ת ברבים ובפרהסיא, אזוי ווי די קריאה בתורה פון פ׳ זכור איז דוקא ברבים ובפרהסיא.

און דורך דערויף וואס א איד טוט כל התלוי בו אין דעם "תמחה את זכר עמלק"[95], ווערט דאס א הכנה צו דעם "מחה אמחה את זכר עמלק"[96], וואס דער אויבערשטער מאכט[97],

בביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

כב. האמור לעיל איז שייך צו שבת פ׳ זכור בכל שנה ושנה אין וועלכן יום בחודש דאס זאל נאר אויסקומען.

דערנאך קומט צו א הוראה מיוחדת וואס מ׳לערנט אפ דער-פון וואס שבת פ׳ זכור קומט אויס בקביעות שנה זו אין י"ג אדר.

וכמדובר כמ"פ, אז אע"פ וואס דאס איז א הוראה פון דער קביעות מיוחדת פון שנה זו - איז דאס אבער אויך א הוראה נצחית פאר כל השנים כולם.

כג. האמור לעיל אז מ׳דארף ארויסנעמען א הוראה מיוחדת פון קביעות שנה זו - איז נאכמער מודגש דערפון וואס מ׳געפינט כמה דינים חדשים אין קביעות שנה זו, וואס זיינען ניטא אין אנדערע יארן.

אנהויבנדיק פון דעם דין אז ווען י"ג אדר, וואס דאס איז תענית אסתר, קומט אויס בשבת - איז "מקדימין להתענות ביום חמישי"[98].

וואס אין דערויף איז אויך דא א נפק"מ להלכה:

- ס׳איז -

---

94) שבת פח, א. 95) תצא שם. 96) בשלח יז, יד.
97) ראה ד"ה זכור תד"פ. 98) שו"ע או"ח סתרפ"ו ס"ב.

ס׳איז דא א שקו"ט אין אחרונים[99] [דאס איז שייך אויך צו ראשונים, אבער בעיקר געפינט מען דאס אין אחרונים] בנוגע צו א קטן שהגדיל בי"ג אדר אין א יאר וואס י"ג אדר קומט אויס ביום השבת, וואס דעמולט איז מען דוחה דעם תענית צו יום ה׳ שלפנ"ז - צי ער דארף פאסטן ביום ה׳, אדער ניט:

פון איין זייט קען מען זאגן, אז וויבאלד בי"ג אדר וועט ער זיין א גדול, און דעמולט וועט ער דארפן האבן דעם ענין התענית מצד דערויף וואס י"ג באדר איז דער "זמן קהלה"[100], ווען ס׳איז געווען דער "להקהל ולעמוד על נפשם",

און היות אז בי"ג באדר וועט ער ניט קענען פאסטן מצד דערויף וואס ס׳איז שבת, דארף ער דעריבער פאסטן ביום ה׳ שלפניו [וואדום תענית אסתר איז אנדערש פון אלע תעניתים, וואס ביי אלע תעניתים ווי תשעה באב איז "מאחרין ולא מקדימין"[101], משא"כ בא תענית אסתר איז "מקדימין ליום ה׳ שלפניו"], בכדי אז בשעת עס וועט קומען י"ג באדר, דער זמן פון "להקהל ולעמוד על נפשם", וואס דאן וועט ער זיין א גדול, זאל ער האבן א תענית, דורך דעם וואס ער האט געפאסט ביום ה׳ שלפניו.

אבער לאידך גיסא איז דא א סברא צו זאגן, אז וויבאלד ביום ה׳ איז ער א קטן, איז אפילו אז ער וועט יע פאסטן ביום ה׳, וועט עס סיי-ווי ניט העלפן אויף י"ג אדר ווען ער וועט זיין א גדול. ובמילא זאל ער ניט פאסטן.

איי איז די שאלה: וועמען ארט עס אז ער וועט פאסטן? איז דער ביאור אין דעם גאר בפשטות:

דער אלטער רבי פסק׳נט אין שו"ע הל׳ נזקי גוף ונפש[102] אז "אין לאדם רשות על גופו כלל . . ולא לצערו בשום צער" ("לפי שאין נפשו של אדם קנינו אלא קנין הקב"ה"[103]).

און דערפאר איז אויב דער איד וואס איז נאך ניט קיין גדול דארף ניט פאסטן ע"פ תורה - טאר ער ניט פאסטן, ווארום ער טאר ניט מצער זיין דעם אייגענעם גוף.

וואס אע"פ אז דער אלטער רבי שרייבט דארטן אז "להתענות לתשובה" מעג מען, און פאסטן בימי הצומות איז אן

- ענין -

---

99) ראה לקו"ש ערב פסח תשל"ז ס"ה. ושם לפנ"ז.
100) מגילה ב, א. 101) שם ה, א (במשנה). 102) ס"ד.
103) רדב"ז לרמב"ם הל׳ סנהדרין פי"ח סוף ה"ו. וראה גם רמב"ם הל׳ רוצח ושמירת נפש פ"א ה"ד.

ענין של תשובה[104] - איז פארוואס זאל ער ניט טארן פאסטן ביום ה'?

איז דער ביאור בזה - אז ס'איז אינו בדומה די תשובה וואס א גדול דארף טאן, לגבי די תשובה וואס א קטן דארף טאן,

און וויבאלד אז ביום ה' איז ער נאך א קטן, וועט די תשובה פון זיין פאסטן ביום זה ניט העלפן פאר דער תשובה וואס ער וועט דארפן האבן ווען ער וועט ווערן א גדול ביום השבת.

עד"ז איז אויך דא די שקו"ט[105] אויב ער ווערט בר-מצוה ביום ו' אין א קביעות כבשנה זו - צי ער דארף פאסטן ביום ו' אלס א גדול אדער ניט.

וואס אויב ער דארף ניט פאסטן טאר ער ניט פאסטן, און ווי דער אלטער רבי זאגט אין אגה"ת[106], אז "בדורותינו אלה" וואס א תענית איז "מזיק לבריאות גופו" איז אסור "להרבות בתעניות", און דעמולט דארף מען פודה זיין דעם תענית מיט ממון.

ועד"ז זיינען דא נאך כו"כ נפק"מ להלכה וואס קומען ארויס פון קביעות ש.ז. ווען י"ג אדר קומט אויס בשבת.

און וויבאלד אז פון דער קביעות קומען ארויס דינים חדשים - איז פארשטאנדיק אז אין דעם זיינען אויך דא הוראות חדשות וואס זיינען ניט שייך ארויסנעמען פון דער קביעות פון א שנה אחרת.

כד. איינע פון די הוראות וואס מ'קען ארויסנעמען דערפון וואס שבת פ' זכור קומט אויס בי"ג אדר:

דער טעם אויף דעם וואס מ'לייענט פ' זכור אין דעם שבת וואס קומט פאר פורים איז - ווייל עס דארף זיין דער "והימים האלה נזכרים ונעשים"[107] - "שתהא הזכרתן קודם לעשייתן"[108].

וואס דערפאר דארף פריער קומען פ' זכור וואס דאס איז די זכירה פון מעשה עמלק, דער "זכור בפה" און "לא תשכח בלב", און דערנאך קומט מען צו יום הפורים עצמו, וואס דעמולט איז די עשי' בפועל פון מחיית עמלק, דורך דעם וואס מ'לייענט אין דער מגילה וועגן די מלחמה קעגן המן מיט

- זיינע -

---

104) ראה גם רמב"ם הל' תעניות פ"א ה"ב (וה"ד). שם רפ"ה. 105) ראה ס' הלכות והליכות בר-מצוה (ירושלים, תשל"ד) פ"ח סמ"ג. 106) פ"ג. 107) אסתר ט, כח. 108) ירושלמי מגילה פ"ג ה"ד.

זיינע מענטשן, וואס המן איז פון משפחת אגג, און אגג איז פון די אור-אייניקלעך פון עמלק [ועד"ז אין דער הפטורה פון פ' זכור דערט מען אויך וועגן מלחמת עמלק].

ובקביעות שנה זו וואס שבת פ' זכור קומט אוים בי"ג אדר, גייט מען גלייך אריין פון שבת פ' זכור אין יום הפורים.

וואס דערפאר איז די מחיית עמלק בתוקף יותר וביתר שאת וביתר עוז, ווארום גלייך נאך דעם וואס מ'האט די זכירה פון מעשה עמלק וואס פ' זכור טוט אויף, ווארט מען ניט, און גלייך במוצאי שבת לייענט מען די מגילה, און מ'טוט אויף מחיית עמלק בפועל,

וכל הזריז הרי זה משובח.

כה. נוסף למעלה הנ"ל בקביעות שנה זו (אז פון פ' זכור גייט מען גלייך אריין אין פורים), איז דא אין דעם נאך א מעלה, וואס י"ג אדר איז בשבת.

אין י"ג אדר איז דא צוויי ענינים:

א) וואס י"ג אדר איז ערב פורים. וואס דער ענין פון ערב פורים בפשטות איז - דער טאג אין וועלכן מען גרייט זיך צו פורים, וואס מצד דערויף אליין וואס איז ערב פורים (דער יום ההכנה צו פורים) - ועאכו"כ בערב פורים לאחרי חצות היום - טוט זיך שוין דעמולט אויף מעין ענין הפורים.

איז בשעת אז י"ג באדר איז חל בשבת, קומט צו אין דעם דער כח פון שבת, אז די הכנה צו פורים און די המשכה פון מעין ענין הפורים איז ביתר שאת,

ביז אז די המשכה (פון מעין ענין הפורים) איז בכל התוקף, אויף וויפל ס'איז שייך צו אויפטאן דאס אין א טאג וואס איז ניט דער "יום זכאי"[109] און דער "יומא דקא גרים"[110] פון יום הפורים.

ב) דער ענין פון י"ג אדר מצד עצמו. ווארום וויבאלד אז "כל יומא ויומא עביד עבידתי'"[111], איז דאך זיכער אז נוסף צו דעם וואס ער איז דער "ערב" און הכנה צום יום הפורים, איז אין אים דא אויך א ענין מצד עצמו.

וואס דער ענין פון י"ג אדר איז - וואס דאס איז דער טאג פון "להקהל ולעמוד על נפשם", וואס דער ענין חזר'ט

- זיך -

---

109) ראה תענית כט, א. 110) ראה פסחים סח, ב.
111) זח"ג צד, ב.

זיך איבער בכל שנה, וואס דערפאר דארף מען אנקומען בכל שנה צו תענית אסתר, כנ"ל (סי"ח) אז תענית אסתר איז פאר-בונדן מיט "להקהל ולעמוד על נפשם".

און אין דעם איז דא א מעלה בשעת די קביעות פון י"ג אדר איז בשבת, אז דעם תענית וואס מען דארף האבן צוליב דעם האט מען שוין פון פריער (פון דעם וואס מען האט געפאסט ביום ה' שלפניו), און דער "להקהל ולעמוד על נפשם" בי"ג אדר איז ניט מתוך תענית, נאר אדרבה מתוך מנוחה ועונג - "וקראת לשבת עונג"[112].

און נאכמער: וויבאלד אז בשבת איז "כל מלאכתו עשוי'"[113] (ועאכו"כ בנוגע צו מלחמה, וואס בשבת טאר מען ניט אנהויבן קיין מלחמה), איז די מלחמה מיט עמלק [וואס דאס איז דער ענין פון "להקהל ולעמוד על נפשם", כנ"ל סי"ח] אין אן אופן אז עד האט עס מן המוכן (וויבאלד אז בשבת איז "כל מלאכתו עשוי'") - "ה' ילחם לכם ואתם תחרישון"[114].

כו. און דאס (די ידיעה אז די מלחמה קעגן עמלק איז ניט בכח עצמו, נאר "ה' ילחם לכם") גיט דעם כח צו מנצח זיין די מלחמה. והביאור בזה:

מלחמת עמלק איז א מלחמה קשה ביותר, ווארום בשעת אימעצער טענה'ט אז מען זאל ניט גיין ב"דרך ה'", ווייס א איד אז מען דארף זיך ניט רעכענען מיט זיינע טענות. וויבאלד אבער אז עמלק טענה'ט אז מען זאל יע גיין ב"דרך ה'" נאר אז מען זאל עס טאן בקרירות - איז שווער צו שטעלן זיך קעגן אים.

ובפרט נאך אז זיין טענה אז עס דארף זיין בקרירות, איז ער גאר מסביר ע"פ חסידות[115]:

ער טענה'ט, אז וויבאלד אז עצמות אליין האט אדויס-גענומען אידן פון מצרים - איז וואס איז די התפעלות אין דעם?!

אויב שמות און גילויים וואלטן ארויסגענומען די אידן פון מצרים - איז דא וואס נתפעל צו ווערן דערפון, ווארום לגבי שם אלקים, אדער עכ"פ שם הוי', וואס זיי זיינען

- מדוה"ג -

---

112) ישעי' נח, יג. 113) שו"ע אדה"ז או"ח סש"ו סכ"א. ממכילתא (הובא בפרש"י) עה"פ יתרו כ, ט. טושו"ע או"ח שם ס"ח. 114) בשלח יד, יד. 115) בהבא לקמן - ראה ד"ה זכור תרס"ו (קה"ת, תשי"ח) ס"ד.

מדוה"ג בקדושה, איז דער ענין פון מצרים און פרעה תופס מקום, און וויבאלד אז מצד דער דרגא זיינען די אידן ארוים פון מצרים - איז דאס א דבר גדול מאד וואס מ'קען דערפון נתפעל ווערן.

וויבאלד אבער אז ניט שמות און גלויים האבן ארוים-גענומען די אידן פון מצרים, נאר דער אויבערשטער אליין "בכבודו ובעצמו"[116] האט ארויסגענומען די אידן פון מצרים, וואס "בכבודו ובעצמו" איז מלכות דא"ס שלפני הצמצום און עצמות (תפארת) דא"ס שלפני הצמצום[117] - איז דאך לגבי עצמות שלפני הצמצום קיין נפק"מ ניט צי דאס איז פרעה און מצרים, "מושל בכיפה"[118], צי דאס איז כתר דלעו"ז, אדער עתיק דלעו"ז, אדער אריך דלעו"ז, ווארום זיי זיינען אלע בשוה ממש לגבי עצמות -

איז, טענה'ט עמלק, וואס איז די התפעלות דערפון וואס עצמות האט ארויסגענומען די אידן פון מצרים?!

און וויבאלד אז זיין טענה "אשר קרך" איז ער נאך מסביר ע"פ חסידות - איז עס דאך א מלחמה קשה ביותר.

וואס מצד דערויף קען זיך שטעלן ביי א אידן די שאלה: ווי האט ער בכח צו מנצח זיין אזא מלחמה קשה?

לערנט מען אפ פון דער קביעות פון י"ג אדר בשנה זו - אז ס'איז ניט "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה"[119], נאר וויבאלד אז ס'איז שבת איז "כל מלאכתו עשוי'", ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ להלכה[113] - דערפאר איז "ה' ילחם לכם ואתם תחרישון".

כז. קען ער דאך מיינען אז וויבאלד דער אויבערשטער האלט מלחמה מיט עמלק'ן - קען ער גיין שלאפן א גאנצן שבת.

זאגט מען אים, אז דער "ואתם תחרישון" דארף זיין פאר-בונדן מיט דעם "ה' ילחם לכם":

וויבאלד אז ס'איז יום השבת און דער אויבערשטער טוט אפ "כל מלאכתו" און איז "ילחם לכם" - נוצט ער אויס דעם טאג אויף עובד זיין עבודתו אין א העכערן אופן.

ואדרבה:

וויבאלד אז ס'איז שבת, וואס דעמולט ווערט נשתנה און נתעלה די גאנצע וועלט כפשוטו, ביז אז אויך ק"נ ווערט

- נתעלה -

---

116) הגש"פ. 117) המשך תער"ב ח"ב ע' תתקכד. 118) מכילתא בשלח יד, ה. 119) עקב ח, יז.

נתעלה, "פרש חגיכם קאמר ולא פרש שבתכם"[120], ווי דער צ"צ זאגט אין ספהמ"צ שלו[121], און ווי ער ברענגט דארטן דעם סיפור הקשור בזה -

איז אין אזא זמן - ווי קען א איד בכלל שלאפן אפילו א רגע אחד ווען ער קען אויסנוצן יעדער רגע פון דעם טאג אויף ענינים פון תומ"צ?!

נאר דער איינציקער טעם פארוואס דער איד שלאפט בשבת איז - דערפאר וואס ער ווייסט אז "שינה בשבת תענוג"[122], און ער ווייסט אז ס'איז א מצוה צו מענג זיין את השבת, "וקראת לשבת עונג" - האט ער קיין ברירה ניט און ער שלאפט (ניט צוליב סתם שלאפן נאר בכדי מקיים זיין מצות עונג שבת)!

און אין דערויף באשטייט די עבודה פון "ואתם תחרישון" - אז וויבאלד "כל מלאכתו עשוי'", נוצט ער אויס יעדער רגע פון דעם שבת צו עובד זיין עבודתו אין אן אופן פון תענוג, ביז אז ער איז אזוי דורכגענומען מיט תענוג, אז נוסף צו דעם עונג פון שבת מצ"ע - איז "וקראת לשבת עונג", ער איז מענג את השבת.

און דוקא בשעת ער איז עובד עבודתו ביום השבת אין אן אופן אז אלע דאגות פון "מלאכהו" זיינען ניטא, און אלץ איז נאר מתוך עונג - דעמולט איז דא דער "ה' ילחם לכם".

כח. וואס דאס איז די הוראה פון דעם וואס י"ג אדר קומט אויס ביום השבת:

ווען י"ג אדר קומט אויס בימות השבוע דארף דער "להקהל ולעמוד על נפשם" זיין אין אן אופן פון מלחמה מיט עמלק'ן כפשוטו, וואס דעמולט איז די עבודה א שווערע;

משא"כ ווען י"ג אדר קומט אויס ביום השבת, איז דער "להקהל ולעמוד על נפשם" אין אן אופן אז ער שטעלט זיך העכער פאר דעם גאנצן ענין פון עמלק, און ער איז עובד עבודתו מתוך עונג - וואס דאס גופא פועל'ט אז עמלק זאל מצ"ע נתבטל ווערן ממציאותו.

וכידוע אז עס זיינען דא צוויי אופנים אין בירורים[123]: איין אופן אז דער מברר איז זיך מתלבש אין דעם מתברר, וואס דאס איז א בירור באופן של מלחמה, וואס דעמולט קען זיין "המתאבק עם מנוול וכו'"[124];

- און -

---

120) זח"ב פח, ב. 121) מצות לא תבערו אש (צ, א).
122) ראה בהנסמן בלקו"ש חי"ב ע' 254 הע' 50-51.
123) ראה תו"א בראשית ה, ד ואילך. לקו"ת במדבר ג, ד ואילך. 125) הובא בתניא ספכ"ח.

און דער צווייטער און העכערער אופן הבירור, וואס עס איז א בירור מתוך מנוחה - אז דער מברר איז זיך ניט מתלבש אין דעם מתברר, נאר ער איז אים מברר דורך דעם וואס ער שטייט העכער פאר אים, וואס דאס גופא איז מבטל מציאותו.

וכנראה במוחש אז ווען א מנגד און א שונא זעט אז מ'קוקט בכלל ניט אויף זיין זייט און מ'רעכנט זיך כלל וכלל ניט מיט אים - פועל'ט דאס אז זיין גאנצע מציאות זאל נתבטל ווערן.

און ע"ד דער העכערער אופן הבירור - איז די עבודה פון מלחמה עמלק ביום השבת, אז וויבאלד א איד איז עובד עבודתו אין אן אופן פון תענוג, ניט דרעכענענדיק זיך מיט די גאנצע מציאות פון עמלק, און פארלאזט זיך אז "ה' ילחם לכם" - איז דאס גופא מבטל די גאנצע מציאות פון עמלק.

כט. ע"פ האמור לעיל (סי"ב. סכ"א) אז מחיית עמלק איז פאר-בונדן מיט דעם ענין פון קריאה בתורה ברבים ובפרהסיא, און מיט דעם ענין פון לימוד התורה ברבים ובפרהסיא - איז ע"ד ווי מלחמת עמלק ביום השבת איז אין אן אופן וואס מ'שטייט העכער פאר דעם גאנצן ענין פון עמלק -

עד"ז איז אויך אין לימוד התורה דא דער אופן הלימוד וואס איז פארבונדן מיט יום השבת וואס "לכולי עלמא בשבת ניתנה תורה לישראל"[125], וואס דער אופן הלימוד איז העכער פאר אלע ענינים המבלבלים:

מ'קען לערנען תורה אין א בעה"ב'שן אופן, מיט אלע פירושים אין בעה"ב'שקייט וואס זיינען דא אין חסידות, וואס דאס איז א לימוד אין אן אופן אז די עניני העולם זיינען אים מבלבל.

ע"ד ווי די גמרא[126] זאגט אז "מיום שחרב ביהמ"ק וגלינו מארצנו ניטלה עצה ממנו כו'", וואדום די בלבולי הגלות זיינען מבלבל צו לימוד התורה כדבעי.

און ווי אביי האט געזאגט[127] "אי אמרה לי אם קריב כותחא לא תנאי (אפי' ציורי עבודה קלה היתה מבטלת אותי[128])".

וואס ע"פ שו"ע דארף א איד לערנען תורה אויך אין אזא מעמד ומצב וואס ער האט טרדות און ענינים המבלבלים.

דערנאך איז אבער דא א העכערער אופן אין לימוד התורה,

- וואס -

---

125) שבת פו, ב.  126) מגילה יב, ב.  127) עירובין סה, א.  128) פרש"י שם ד"ה כותחא.

וואס דאס איז דער לימוד התורה וואס איז פארבונדן מיט יום השבת -

אז א איד ווי ער שטייט אין זמן הגלות שטייט ער אין א דרגא פון "בחד קטירא אתקטרנא בי' בקוב"ה . . בי' אחידא בי' להיטא בי' אתדבקת"[129], ובמילא זאגט ער זיך אפ פון כל עניני העולם, און זעצט זיך אוועק לערנען תורה אין אן אופן וואס ער שטייט העכער פאר אלע ענינים המבלבלים, און אין אן אופן פון תענוג.

וואס אזוי דארף זיין די הוספה און קביעות עתים לתורה וואס מ'האט פריער גערעדט (סכ"א) - אז מ'דארף לערנען מיט א הוספה בכמות ובאיכות, בהתמדה ובשקידה והעמקה ויגיעה וכו', און דער עיקר - אוועקשטעלן זיך העכער פאר אלע דברים המבלבלים פון וועלט.

ל. טענה'ס דער איד:

"לא ניתנה התורה כו' אלא לאוכלי המן"[130]: דער אופן הלימוד פון שטיין העכער פאר אלע ענינים המבלבלים איז ניט שייך צו אים - ס'איז שייך נאר צו "אוכלי המן", ווארום זיי האבן ניט קיינע ענינים המטרידים?

זאגט מען אים אז דורך דעם ענין ההתבוננות אין יוקר התורה און אין יוקר פון נותן התורה קען ער צוקומען צו דער זעלבער דרגא ווי "אוכלי המן", אז די וועלט זאל אים ניט מבלבל זיין.

וואס בפשטות איז דאס, אז ער איז זיך מתבונן אין דעם וואס לימוד התורה איז "יקרה היא מפנינים"[131], דאס איז העכער "מכה"ג הנכנס לפני ולפנים"[132].

וואס אפילו אז מ'וועט געבן צו פארשטיין א פשוט'ן אידן וואס האט קיינמאל ניט געזעהן קיין כה"ג, וואס א כה"ג איז, און וואס קה"ק איז, און וואס יוהכ"פ איז, און וואס אלע דריי ענינים ביחד זיינען - וועט ער אויך פארשטיין וואס פאר א דבר מופלא עס איז דער "כה"ג הנכנס לפני ולפנים".

און דערנאך זאגט מען אים אז דער לימוד התורה פון דעם פשוט'ן אידן דערגרייכט העכער פאר דעם כה"ג וואס גייט אריין אין קה"ק ביוהכ"פ!

און דעמולט (דורך דעם וואס מען איז מסביר א אידן

- דעם -

---

129) זח"ג רפח, א. רצב, א. 130) מכילתא ר"פ בשלח. שם טז, ד. 131) משלי ג, טו. 132) הוריות יג, א.

דעם יוקר פון תורה), איז "לא בשמים היא" און "לא רחוקה היא" און "לא נפלאת היא" און "לא מעבר לים היא" - נאר "כי קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו"[133] - אז יעדער איד קען זיך אוועקזעצן לערנען תורה אין אן אופן וואס ער שטייט העכער פאר כל עניני העולם, אז עס זיינען לכתחלה ניטא קיינע ענינים המבלבלים.

ובפרט בשעת מ'איז אים דאס מסביר מיט "דברים היוצאים מן הלב"[134] - אז ער איז דאס מסביר ניט נאר צו א צווייטן, נאר אויך צו זיך אליין, ווארום ער גלויבט מיט אן אמת אין דעם וואס ער זאגט - איז "דברים היוצאים מן הלב נכנסים אל הלב", און עס דערנעמט דעם מיט וועמען ער רעדט, אז ער זאל אויך מרגיש זיין דער געשמאק פון תורה.

ווי דוד המלך האט אנגערופן די תורה בשם "זמירות"[135] ("זמירות קרית להו"[136]), וואס דוד איז "נעים זמירות ישראל"[137] - ער זאגט דאס בשם כאו"א מישראל וואס לערנט תורה.

לא. און דוקא דורך לימוד התורה אין אזא אופן איז די תורה "מגנא ומצלא"[138] פון אלע ענינים בלתי רצויים, און די גאנצע מציאות פון עמלק ווערט נתבטל לגמרי.

ובפרט לימוד התורה אין אן אופן פון "לאסוקי שמעתתא אליבא דהילכתא", וואס דעמולט ווערט "הליכות עולם לו"[139] - ער ווערט א בעה"ב אויף גאנץ וועלט.

און ער ווערט א שליח פון דוד מלכא משיחא אויף איבער-מאכן די וועלט, ביז אז עס ווערט "ושמעו הולך בכל המדינות"[140], ווארום ער איז פון "עם מרדכי"[141].

און "נפל פחד היהודים עליהם"[142], ביז אז "רבים מעמי הארץ מתיהדים"[142] (דורך גיור כהלכה).

און "ימי הפורים האלה לא יעברו מתוך היהודים וזכרם לא יסוף מזרעם"[143], ווארום "ויכתוב מרדכי את הדברים האלה וישלח ספרים גו'"[144], און דערנאך "ותכתוב אסתר המלכה גו' ומרדכי היהודי את כל תוקף לקיים את אגרת הפורים הזאת השנית"[145].

- און -

-------------

133) נצבים ל, יב-יד. 134) ראה ספר הישר לר"ת שי"ג. הובא בשל"ה סט, א. 135) תהלים קיט, נד. 136) קו"א קס, א. 137) ש"ב כג, א. וראה שהש"ר פ"ד, ד (בתחלתו). 138) סוטה כא, א. 139) חבקוק ג, ו. וראה מס' נדה בסופה. של"ה תג, ב. 140) אסתר ט, ד. 141) שם ג, ו. 142) שם ח, יז. 143) שם ט, כח. 144) שם, כ. 145) שם, כט.

און עס ווערט דער "מסמך גאולה לגאולה"[146] - פון דער גאולה פון ימי הפורים האלו, צו דער גאולה האמיתית והשלימה, בקרוב ממש.

* * *

לב. ס'איז דאך אויך שבת פ' תצוה, וואס אין דערויף דארף אויך זיין א הוראה לכאו"א.

ונוסף לזה איז דאס אויך יום השבת, וואס דאס האט א שייכות מיט כל השנה כולה, ווארום זי איז א שנת השמיטה, "שבת לה'"[147].

אין פ' תצוה געפינט מען א ענין נפלא, וואס דערפון האט מען א הוראה נפלאה:

פ' תצוה איז די איינציקע פרשה אין גאנץ תורה (נאך לידת משה) וואו עס ווערט ניט דערמאנט אין א גאנצער פרשה דער נאמען פון משה, אע"פ וואס דאס איז תורת משה, כמ"ש[148] "זכרו תורה משה עבדי"[149], און "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב"[150].

דער בעל הטורים[151] זאגט אז דער טעם אויף דעם איז, ווייל משה האט געזאגט "מחני נא מספרך אשר כתבת"[152], און וויבאלד אז יעדער ווארט פון א חכם, אפילו א קללה פון א חכם און אפילו ווען זי איז על תנאי, האט א פעולה אין וועלט, דערפאר האט משה גע'פועל'ט דערמיט וואס ער האט געזאגט "מחני נא מספרך אשר כתבת" אז זיין נאמען זאל ניט ווערן דערמאנט אין גאנץ פ' תצוה.

וואס בפשטות איז דאס ניט קיין ענין למעליותא.

מען קען דאך אבער ניט ריידען וועגן א סדרה בתורה א ענין שלא למעליותא - ועאכו"כ בשעת מען געפינט זיך אין דעם זמן פון דער סדרה - איז בשעת מ'טראכט זיך אריין אין דעם, זעט מען אז ס'איז דא אין דערויף אן ענין נפלא.

לג. והביאור בזה:

דערמיט וואס משה האט געזאגט "מחני נא מספרך אשר כתבת" האט משה געוואלט פועל'ן א כפרה און א סליחה און א מחילה אויפן חטא העגל, ווי ער האט געזאגט[152] "ועתה אם תשא

- חטאתם" -

---

146) מגילה ו, סע"ב. 147) בהר כה, ב-ד. 148) מלאכי ג, כב. 149) ראה שמו"ר פ"ל, ד. תנחומא בשלח י. שופטים ה. ועוד. 150) ברכה לג, ד. 151) ריש פרשתנו. וראה זח"ג רמו, א. 152) תשא לב, לב.

חטאתם" וועט זיין גוט, "ואם אין מחני נא מספרך אשר כתבת".

וואס פאר דעם וואס משה האט דאס געזאגט, האט ער זיך משתדל געווען בכל האופנים אז דער אויבערשטער זאל פארגעבן די אידן אויפן חטא העגל, און ער האט איינגעשטעלט אלע זיינע ענינים אויף דעם;

בשעת ער האט אבער געזעהן אז קיין זאך העלפט ניט, און אז ס׳איז ניטא קיין אנדער ברירה - האט ער דעמולט אוועקגעגעבן פאר די אידן זיין אייגענע מציאות, און ער האט געזאגט "ואם אין מחני נא מספרך אשר כתבת".

וואס דערפון זעט מען די גרויסע מס"נ פון משה רבינו פאר אידן:

משה האט געוואוסט וואס דער חטא העגל איז, אז דאס איז א חטא הכי חמור, און אז דאס איז דער שרש פון אלע חטאים וואס וועלן דערנאך זיין, כמ"ש [153] "וביום פקדי ופקדתי עליהם חטאתם" (און ווי מ׳גייט ליינען צו מנחה פון פ׳ הצוה, די פרשה וואס אין איר זיינען דא די אלע פרטים פון דעם חטא העגל),

און אעפ"כ זאגט משה, אז אויב דער אויבערשטער וועט ניט מכפר זיין אויף די עושי העגל, איז וויבאלד אז עס פעלט אין די אידן פעלט אין אים - "מחני נא מספרך אשר כתבת",

און ניט נאר אז מ׳זאל לכתחלה ניט שרייבן זיין נאמען, נאר אפילו אז דאס איז שוין געשריבן געווארן אין תורה - איז "מחני נא", ווארום משה אן אידן קען ניט זיין!

לד. וואס דאס איז דאך די גרעסטע מס"נ וואס קען נאר זיין, ווארום ער גיט אוועק פאר אידן זיין מציאות ווי זי איז אין תורה.

וע"ד דאס וואס שטייט אין מגיד משרים [154] (פון דעם ב"י) בנוגע צו דעם ב"י, אז לכתחלה האט מען אים געזאגט אז ער וועט זוכה זיין "לאיתוקדא על קדושת שמי׳", און דערנאך מצד א געוויסן ענין האט מען אים מעניש געווען אז ער זאל ניט זוכה זיין דערצו.

און צוליב דעם עונש האט ער דערנאך מאריך ימים

- געווען -

------------

153) שם, לד. וראה סנהדרין קב, סע"ב. הובא בפרש"י עה"פ. 154) ר"פ בראשית סד"ה הא לך למנדע. פ׳ אמור ד"ה אח"כ פי׳ לי. פ׳ בחוקותי ד"ה ביום הנזכר. ובכ"מ.

געוועז, און דעמולט מסיים געוועז שרייבן דעם ב"י און דעם שו"ע, וואס לאורם נלך עד סוף ימי עולם.

ד.ה. אע"פ אז דער ב"י האט געהאט דעם גאר גרויסן זכות אז דוקא ער זאל שרייבן דעם שו"ע וואס אידן פירן זיך לויט אים בכל הדורות - פונדעסטוועגן זאגט מען אז דאס איז געוועז אן עונש, ווארום ער האט ניט זוכה געוועז צו גיין אויף קידוש השם, וואס דעמולט וואלט א צווייטער געשריבן דעם שו"ע, ניט ער.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע צו משה רבינו:

משה האט זיך מוסר נפש געוועז אויף תורה וואס דערפאר איז זי "נקראת על שמו שנאמר זכרו תורת משה עבדי"[149];

אבער אעפ"כ, בשעת ס׳איז געקומען צו אן ענין וואס רירט אן אידן, און אפילו עושי העגל, איז משה מתפלל פאר די אידן,

און ניט מתפלל אין אן ארט וואס דארפן איז דער חטא העגל ניט תופס מקום - נאר ער איז מתפלל אין אן ארט וואו דאס איז תופס מקום, ביז אז דאס רירט אן משה׳ן אליין, ווארום ער איז יורד ממקום גדולתו, "לך רד כי שחת עמך"[155], און ער איז מתפלל אז אין דער דרגא זאל נמשך ווערן א כפרה פון א העכערע דרגא.

און בשעת משה זעט אז אלע ענינים העלפן ניט, איז ער זיך אליין מוסר נפש פאר אידן - "מחני נא מספרך אשר כתבת", אז דער אויבערשטער זאל ארויסנעמען זיין נאמען פון דער תורה וואס משה "נתן נפשו" אויף איר -

ווארום משה מיט אידן זיינען איין מציאות ממש, און אויב עס פעלט אין אידן, פעלט בדרך ממילא אין משה׳ן.

און ווי חסידות ברענגט בכ"מ[156] דאס וואס עס שטייט אין תדבא"ר[157], אז צווישן די "שבעה דברים" וואס "קדמו לעולם", איז "שני דברים קדמו לעולם תורה וישראל, ואיני יודע איזה מהם קודם, כשהוא אומר צו את בנ"י דבר אל בנ"י אומר אני ישראל קדמו".

וואס עד"ז איז די מס"נ פון משה רבינו פאר אידן העכער כביכול פאר זיין מס"נ אויף תורה.

- לה. -

---

155) תשא שם, ז. וראה ברכות לב, א. הובא בפרש"י עה"פ. 156) סה"מ ה׳ש"ת ע׳ 61. ובכ"מ. 157) כ"ה בסה"מ שם. ובכ"מ. וראה תדבא"ר פי"ד ופל"א. וראה גם ב"ר פ"א, ד.

לה. דערפון איז פארשטאנדיק די הוראה נפלאה וואס מ'נעמט ארויס פון פ' תצוה - ווי גרויס עס דארף זיין דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך"[158]:

בשעת מ'וועט א פרעג-טאן ביי א בר שכל, און אפילו ביי א בן חמש למקרא, צי משה וואלט מוותר געווען אז זיין נאמען זאל ניט שטיין אין תורה, צוליב די ענינים הכי נעלים שלו - וועט ער זיכער ענטפערן אז ניט!

און דא זאגט מען אז צוליב אידן האט משה ניט נאר מוותר געווען אז מ'זאל ניט שרייבן זיין נאמען אין תורה, נאר ער האט געזאגט "מחני נא מספרך אשר כתבת"!

וואס דאס באווייזט אויף גודל האהבת ישראל פון "ואהבת לרעך כמוך" וואס משה האט געהאט.

ביז אז דאס איז נאכמער פאר "ואהבת לרעך כמוך" - ווארום די מציאות פון משה ("כמוך") איז ווי ער שטייט אין תורה, ווארום די תורה איז "נקראת על שמו" - און צוליב די אידן האט משה געזאגט "מחני נא מספרך אשר כתבת",

וואס דערפון קומט דאך אויס אז משה האט ליב אידן ניט נאר ווי זיך אליין, "כמוך", נאר ער האט זיי ליב נאך מערער פאר זיך אליין.

לו. און די הוראה האט מען דוקא פון פרשת תצוה:

בשעת מ'וויל ארויסלערנען דעם ענין פון אהבת ישראל אין פ' תרומה - דארף מען דאס געפינען ברמז אין דער סדרה, ועד"ז בנוגע צו שאר הסדרות אין תורה,

און אפילו אין פ' קדושים, וואס דארטן שטייט בפירוש "ואהבת לרעך כמוך", איז אבער דא נאך כו"כ ענינים אין דער סדרה. ונוסף לזה: דער שם הסדרה איז ניט "ואהבת", נאר "קדושים";

משא"כ אין פ' תצוה איז דער ענין פון אהבת ישראל בולט אין דער גאנצער סדרה - ווארום יעדער ווארט פון דער סדרה האט געקענט זיין דער נאמען פון משה, ביז אז אויך די ערשטע ווערטער פון דער סדרה ("ואתה תצוה") האבן געקענט זיין דער נאמען פון משה, ובפרט אז "ואתה" מיינט משה, ועד"ז "תצוה" גייט אויף משה'ן -

איז אבער מצד דעם וואס משה האט געזאגט "מחני נא מספרך אשר כתבת", וואס דאס איז צוליב דעם גודל אהבת

- ישראל -

------------

158) קדושים יט, יח.

ישראל וואס משה האט געהאט - דערפאר ווערט זיין נאמען ניט דערמאנט אין גאנץ פ׳ תצוה.

וואס דערפאר איז די הוראה פון "ואהבת לרעך כמוך" בולט אין פ׳ תצוה דוקא.

לז. ובנוגע לפועל:

יעדער איד דארף זיך אפלערנען פון משה רבינו ווי מ׳דארף ליב האבן א צווייטן אידן.

און ניט אוועקגיין פון דער התוועדות, און פארשרייבן דאס וואס מ׳האט דא גערעדט, און ניט נאר איבערזאגן דאס מגברא לגברא, אדער צווישן איין "מיל" מיט דעם צווייטן "מיל" (ניט סעודה, נאר "מיל") -

נאר מ׳זאל פשוט טאן אין דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" כפשוטו, ווי דאס איז געווען בא משה רבינו.

און אע"פ אז דער רמב"ן[159] פרעגט אויף דעם וואס עס שטייט "ואהבת לרעך כמוך", אז ווי קען מען פארלאנגען אז א בן אדם זאל ליב האבן א צווייטן אזוי ווי זיך "כמוך", ס׳איז דאך היפך טבע האדם ווי דער אויבערשטער האט אים באשאפן, אז "אדם קרוב אצל עצמו"[160]? וואס דערפאר לערנט ער דעם פירוש אין "ואהבת לרעך כמוך" באופן אחר[161] -

איז אבער ע"פ פשש"מ, ועד"ז ווי רבותינו נשיאינו[162] לערנען דאס, און ווי דער רמב"ם[163] לערנט דאס - מיינט דאס "ואהבת לרעך כמוך" כפשוטו, "כמוך" ממש.

און דערפאר איז יעדער איד שייך צו דעם ענין, ער דארף זיך נאר אריינטראכטן אין דעם אז דער צווייטער איז איז א חלק פון אים אליין[164] - וועט דאס פועל׳ן אז ביי אים זאל זיין "ואהבת לרעך כמוך", ביז - ווי דאס איז געווען בא משה רבינו - "ואהבת לרעך" נאך מער ווי "כמוך".

לח. די הוראה אז עס דארף זיין "ואהבת לרעך כמוך" - איז נאכמער בהדגשה בימים אלו, בסמיכות ליום הפורים:

אין פורים זיינען דא די מצוות פון "משלוח מנות איש לרעהו" און "מתנות לאביונים"[165], וואס אין די ביידע מצוות

- איז -

---

159) עה"פ שם, יז. 160) סנהדרין ט, סע"ב. וש"נ. 161) ודאה גם ראב"ע עה"פ שם, יח. 162) ראה קונטרס אהבת ישראל. וש"נ. 163) הל׳ דעות פ"ו ה"ג. 164) ראה ירושלמי נדרים פ"ט ה"ד. דרמ"צ מצות אהבת ישראל. ובכ"מ. 165) אסתר ט, כב.

איז מודגש דער ענין פון אהבת ישראל[166].

ועד"ז אין דער מצוה פון מקרא מגילה איז אויך מודגש דער ענין פון אהבת ישראל - ווארום דער דין איז[167] אז מקרא מגילה דארף זיין "ברוב עם הדרת מלך"[168], וואס דערפאר דארף מען זיך משתדל זיין צו ארייננציען וואס מער אידן צו הערן די מגילה, ביז אז מ'ציט אריין גאנץ כלל ישראל צו מקרא מגילה, וואס דאס איז בפשטות דער ענין פון אהבת ישראל.

לט. דער ענין הנ"ל (די אהבת ישראל וואס איז דא אין דעם "ברוב עם הדרת מלך" פון מקרא מגילה) איז נאכמער בהדגשה ע"פ דעם פירוש פון דעם אלטן רבי'ן אין "ברוב עם הדרת מלך", כדלקמן.

והביאור בזה:

דער פירוש אין "ברוב עם הדרת מלך" קען מען לערנען אויף צוויי אופנים, ובהקדם: מ'האט-גערעדט אין דער התוועדות פון יו"ד שבט אז "א יחיד איז א רבים"[169], און די כוונה איז - צו מאכן פון דעם "רבים" א "ציבור", וואס דער ענין פון א ציבור איז אז פון א ריבוי יחידים ווערט א מציאות אחת.

וואס נאך דעם וואס מ'האט די מציאות אחת פון א ציבור, און עס קומען צו נייע יחידים, וואס דאס איז דער ענין פון "ברוב עם הדרת מלך" - קען מען לערנען אויף צוויי אופנים אין וועלכער גדר די יחידים גייען אריין, וואס דאס איז תלוי אין צוויי אופנים ווי מ'קען לערנען וואס דער פירוש אין "ברוב עם הדרת מלך":

א) די הדגשה איז אויף דעם "ברוב". ד.ה. אז יעדער איינער פון דעם "רוב עם" איז א מציאות לעצמו - א ריבוי פון יחידים. ס'איז מערניס, וואס מצד דערויף וואס ס'איז דא א רוב עם (א ריבוי יחידים) פועל'ט דאס "הדרת מלך", און וואס דער ריבוי איז גרעסער, ווערט מער נתוסף אין דעם "הדרת מלך".

ד.ה. אז בשעת ס'איז שוין דא א ציבור פון צען אידן, וואס זיי זיינען א מציאות אחת (מציאות דציבור), און צו דעם ציבור ווערט נתוסף נאך א איד (אדער נאך עטליכע אידן), ווערט ניט דורך דעם א שינוי אין דעם עצם מציאות פון

- ציבור -

---

166) ראה מנות הלוי למג"א שם, כז. שם, כ (ואילך). 167) ראה מג"א או"ח סתר"צ סקכ"ג. 168) ל' הכתוב - משלי יד, כח. 169) שיחת סעודת יום אחש"פ תש"ט (סה"מ תש"י ע' 190).

ציבור (אז ס'איז געווארן א מציאות דציבור פון עלף אידן), נאר עס בלייבט דער זעלבער מציאות דציבור ווי פריער, א ציבור פון צען מענטשן. און די הוספה וואס איז צוגעקומען דורך דעם וואס עס זיינען דא מער ווי צען אידן, איז עס נאר בנוגע צום ענין פון "ברוב עם", אז עס זיינען דא א ריבוי יחידים.

ב) די הדגשה אין "ברוב עם" איז אין דעם "עם". אז דורך דעם וואס דער עם איז א גרעסערער, ווערט עס אן אנדער מציאות [וכלשון הראגאטשאווער[170]: הרכבה מזגיית], אז דער עצם "ציבור" איז א גרעסערער און א שענערער.

וע"ד החילוק צווישן ניין מענטשן ביז צען מענטשן, אז צען מענטשן איז אן אנדער מציאות, מציאות ד"ציבור" - עד"ז איז אויך בנוגע צו דעם שינוי וואס עס ווערט נתוסף אויף צען אידן, אז דורך יעדער איינעם וואס ווערט נתוסף, ווערט דער "ציבור" אן אנדער מציאות.

מ. וואס די נפק"מ פון די-צוויי אופנים איז:

לויטן ערשטן אופן, איז די מעלה פון תפלה (וכיו"ב) "ברוב עם" (מער פון עשרה) - איז נאר בנוגע צו די פעולה פון תפלה, אז וויבאלד "ברוב עם הדרת מלך" פועל'ט די תפלה למעלה מערער ווי זי וואלט געווען ניט "ברוב עם". ס'איז אבער ניט קיין הוספה אין די תפלה גופא.

משא"כ לויטן צווייטן אופן, איז די מעלה פון תפלה (וכיו"ב) "ברוב עם" - אז די תפלה גופא איז אן אנדער תפלה, ווארום וויבאלד אז דורכן "רוב עם" איז געווארן א שינוי אין דעם "עם" (און ציבור) גופא - איז דאך מובן, אז די תפלה פון א גרעסערן ציבור איז (די עצם תפלה) העכער ווי די תפלה פון א קלענערן ציבור (בדוגמת החילוק צווישן תפלת הציבור און תפלת היחיד, אז די עצם תפלה איז אנדערש).

מא. אין די צוויי פירושים הנ"ל אין "ברוב עם הדרת מלך" - זיינען דא ראיות לכאן וראיות לכאן, אבער פון דעם אלטן רבי'נס שו"ע איז מוכח ווי דער צווייטער אופן:

דער אלטער רבי פסק'נט אין שו"ע[171] אז ווען כמה אנשים זיינען זיך קובע אלע צוזאמען בנוגע צו ברכת הנהנין, ועד"ז בנוגע צו ברכת המצוות "כשכולם מקיימי' המצוה ביחד", איז דעמולט "נחשבים כגוף א'" "ומצוה שאחד מברך לכולם"

- צו -

---

170) צפע"נ מהדו"ת ה, ג. 171) או"ח סרי"ג ס"ו.

צו מקיים זיין דעם ענין פון "ברוב עם הדרת מלך".

וואס פון דעם לשון "נחשבים כגוף אחד" איז מוכח אז "ברוב עם" איז א נייער מציאות.

וואס דערפון קומט ארויס בנוגע צו מקרא מגילה וואס דארף זיין "ברוב עם" (כמובא גם בשו"ע אדמו"ר הזקן שם), אז דורך דעם וואס מען ציט אריין נאך א אידן און נאך א אידן אין מקרא מגילה, איז דורך יעדער אידן ווערט נתוסף ניט נאר אין די פעולה פון מקרא מגילה (וואס זי טוט אויף למעלה), נאר אז עס קומט אויך צו אין דעם (עצם) מקרא מגילה פון יעדער יחיד, אז דער מקרא מגילה פון יעדער יחיד איז באופן נעלה יותר, מצד דעריוף וואס ער איז א מקרא מגילה פון א העכערן און שענערן ציבור.

מג. וואס עפ"ז איז נאכמער מודגש די נקודה האמורה לעיל, אז אלע אידן זיינען איין זאך, און אויב עס פעלט אין איין איד עפעס א זאך, פועל'ט דאס אז עס זאל פעלן אין אלע אידן, ווי משה רבינו האט געזאגט "מחני נא מספרך אשר כתבת" בשעת ער האט געזעהן אז עס וועט פעלן אין אידן.

וואס דערפאר דארף זיין דער ענין פון אהבת ישראל און "ואהבת לרעך כמוך" צווישן אלע אידן, און עס דארף זיין די השתדלות בא יעדערן אזיף אריינציען וואס מערער אידן צו הערן די מגילה, ווארום ער ווייסט אז זיין שלימות איז תלוי אין דעם צווייטן אידן.

וואס דא איז ניט נוגע אז דער צווייטער איד זאל זיין דוקא א צדיק, ווארום אפילו א איד וואס איז פון די "עושי העגל" - איז ער אויך מוסיף אין דעם "ברוב עם הדרת מלך" פון אלע יחידים וואס געפינען זיך בא קריאת המגילה.

און ווי גערעדט פריער אז דאס וואס משה רבינו האט געזאגט "מחני נא מספרך אשר כתבת", איז געווען צוליב זיין אהבת ישראל צו אידן וואס האבן עובר געווען אויפן חטא העגל -

אבער וויבאלד אז זיי זיינען אידן, זיינען זיי במילא איין מציאות מיט משה רבינו, וואס דערפאר אז עס פעלט עפעס אין אידן, פועל'ט דאס א גרעון אין משה רבינו, אז "מחני נא מספרך אשר כתבת", וואס "מחני" איז מער ווי ניט שרייבן מלכתחלה (כנ"ל), ביז אז דורך מחיקה ווערן די אלע חסרונות פון א נייר מחוק וכו'[172].

- מג. -

---

172) ראה גיטין כא, ב במשנה.



הנחת הת' בלתי מוגה

מד. די נקודה אז א ריבוי יחידים (אידן) זיינען איין זאך, אי"ז אויך פארבונדן מיט דעם ענין השבת, וואס נוסף לזה וואס היינט האט מען געלייענט פ' תצוה, איז דאס אויך יום השבת, כנ"ל (סל"ב):

עס שטייט אין מדרש[173] אז א מין האט געפרעגט בא ר' עקיבא: "אם כדבריך שהקב"ה מכבד את השבת, אל ישב בה רוחות, אל יוריד בה גשמים, אל יצמח בה עשב"? און עד האט אים געענטפערט אז וויבאלד "כל העולם כולו שלו" איז דאס ווי א רשות היחיד, וואס דארטן מעג מען טאן מלאכה, כמבואר אין לקו"ת[174] ובכמה מקומות אין חסידות.

וואס עפ"ז איז אויך אין יום השבת מודגש ווי א גאנצע וועלט פון ריבוי התחלקות - איז נאר א רשות היחיד.

וואס דאס איז ע"ד ווי גערעדט פריער אז דער ריבוי פון אידן בכל מקום שהם, זיינען בעצם איין זאך.

און דערפאר אז עס קומט שבת פ' תצוה, וואס דער ענין פון שבת איז מדגיש דעם ענין פון אחדות, און פ' תצוה איז מדגיש דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" ווי דאס איז געווען בא משה רבינו -

האט מען די הוראה ברורה אז מ'דארף זיך עוסק זיין אין "ואהבת לרעך כמוך", מיט מס"נ, ווי דאס איז געווען בא משה רבינו, ביז אז מ'מאכט פון אלע אידן איין מציאות בגלוי.

און מ'איז זיכער אז מ'האט דעם כח לזה, ווארום יעדער איד האט אין זיך דעם ענין פון משה רבינו, ווי ער זאגט אין תניא[175].

און דורך דערויף ווערט "זכרו תורת משה עבדי", און ווי ער איז דערנאך ממשיך אין פסוק[176] "הנה אנכי שולח לכם את אלי' הנביא לפני בוא יום ה' הגדול והנורא, והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם",

בביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש ובעגלא דידן.

* * *

מה. מאמר (כעין שיחה) ד"ה זכור את אשר עשה לך עמלק גו'.

* * *

מו. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען א פסוק פון פרשת השבוע - מיט -

---

173) ב"ר פי"א, ה. 174) תזריע כא, ג. וראה תו"א צט, ד. 175) רפמ"ב. 176) מלאכי שם, כג-כד.

מיט פירוש רש"י, און אויך אן ענין אין די הערה אויפן זהר פון פרשה זו.

אין דעם שיעור חומש פון היינטיקן טאג, קאפיטל כט פסוק מג, שטייט "ונועדתי שמה לבני ישראל", וואס דאס קומט בהמשך צו דעם וואס שטייט אין דעם פסוק שלפנ"ז "אשר אועד לכם שמה (אין אוהל מועד) לדבר אליך שם".

שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער "ונועדתי שמה" און זאגט: "אתועד עמם בדיבור, כמלך הקובע מקום מועד לדבר עם עבדיו שם".

דארף מען פארשטיין:

וואס איז שווער אין פסוק וואס רש"י דארף בכלל מפרש זיין א פירוש?

מפרשי רש"י[177] זאגן אז רש"י׳ן איז שווער וואס פריער שטייט "אשר אועד לכם שמה לדבר אליך שם", אז די מטרה פון דעם "אועד לכם שמה" איז צו רעדן מיט משה׳ן, משא"כ אין דעם פסוק שטייט ניט וואס איז די מטרה פון דעם "ונועדתי שמה",

וואס דערפאר זאגט רש"י אז דא איז אויך די מטרה "אתועד עמם בדיבור", נאר וויבאלד אז דאס איז א מקרא קצר, דערפאר זאגט עס ניט דער פסוק בפירוש.

אבער וויבאלד אז דאס איז א ביסל א דוחק צו זאגן אז ס׳איז א מקרא קצר - דערפאר ברענגט רש"י דעם משל פון דעם מלך, וואס בשעת עס רעדט זיך וועגן א מלך איז פארשטאנדיק בפשטות אז די מטרה פון דעם וואס דער מלך זאגט "ונועדתי שמה" איז צוליב "לדבר עם עבדיו שם"[178].

ע"כ וואס מפרשי רש"י זאגן.

דאס איז אבער א מאדנער פירוש, שוואך גערעדט - ווארום עדשטן ס איז דאס ניט קיין דוחק אז עס זאל זיין א מקרא קצר, ווי מ׳געפינט דאס בכ"מ פריער אין חומש, ביז ווי רש"י זאגט דאס אליין אין פ׳ בראשית[179] אויף "לכן כל הורג קין", אז "זה א׳ מן המקראות שקצרו דבריהם כו׳".

ועוד ועיקר:

עס שטימט זייער אין פשש"מ אז פריער ווען דער פסוק זאגט דעם ערשטן מאל אז "אועד לכם שמה" דארף דער פסוק אויסטייטשן אויף וואס דער "אועד" איז, און דערפאר שטייט - "לדבר" -

---

177) רא"ם ושפ"ח עה"פ. 178) רא"ם שם. 179) ד, טו.

"לדבר אליך שם", משא"כ דערנאך ווען דער פסוק גיט נאר צו אז דער אויבערשטער זאגט "ונועדתי שמה" אויך "לבני ישראל" - דארף מען ניט איבער'חזר'ן נאכאמאל וואס די מטרה פון דעם איז, ווארום דאס קומט בהמשך אחד צו דעם פסוק שלפנ"ז.

ואדרבה, אויב ער וואלט נאכאמאל געזאגט אין דעם פסוק "ונועדתי שמה" אז דאס איז צוליב רעדן מיט די אידן - וואלט ערשט געווארן א שאלה פארוואס דער פסוק דארף דאס איבער'חזר'ן.

מז. אויך דארף מען פארשטיין אין דעם פירוש רש"י:

פארוואס ברענגט רש"י א דוגמא דוקא פון א מלך עם עבדיו, און ניט פון א ראש ישיבה מיט זיינע תלמידים, אדער פון א רב מיט זיינע בעה"ב, אדער פון א פרנס ציבור מיט די ז' טובי העיר, וכיו"ב?

ואדרבה, דער בן חמש למקרא זעט בא זיך וואו ער לעבט - דוקא א ראש ישיבה, אדער א רב, אדער א פרנס, משא"כ א מלך מיט עבדיו זעט ער בכלל ניט.

לכאורה וואלט מען געקענט ענטפערן פארוואס רש"י ברענגט דוקא די דוגמא פון א מלך מיט עבדיו - ווארום דער-מיט באווארענט רש"י א שאלה אין דעם פסוק, און אויך אין דעם פריערדיקן פסוק:

וויבאלד אז דער אויבערשטער איז "מלא כל הארץ כבודו"[180], ווי דער בן חמש למקרא פארשטייין בפשטות [ובפרט פון דעם וואס רש"י זאגט אויפן פסוק[181] "ולא יהי' לך אלקים אחרים על פני", אז "על פני" מיינט "בכל מקום אשר אני שם, וזהו כל העולם"] -

איז וואס דארף ער האבן א מקום מיוחד וואס דארטן איז "אועד לכם שמה", און "ונועדתי שמה": ווען דער אויבערשטער וויל רעדן מיט משה'ן אדער מיט די אידן - ווען ער קומען צו זיי וואו זיי זאלן זיך נאר געפינען אין מחנה ישראל [וואס איז "חלחא פרסי"[182]], און רעדן מיט זיי?

און דאס פארענטפערט רש"י דערמיט וואס ער זאגט אז דאס איז "כמלך הקובע מקום מועד לדבר עם עבדיו שם":

אזוי ווי א מלך קומט ניט רעדן מיט זיינע עבדים וואו זיי געפינען זיך, אע"פ וואס ער קען דאס טאן, ווארום דאס איז ניט לפי כבודו - עד"ז קומט ניט דער אויבערשטער רעדן

- מיט -

---

180) ישעי' ו, ג. 181) ואתחנן ה, ז. 182) ברכות נד, ב. ובב"מ.

מיט משה'ן אין זיין אוהל, דערפאר וואס דאס איז העדר הכבוד פאר דעם אויבערשטן.

מ'קען אבער אזוי ניט ענטפערן – ווארום אויב דאס איז רש"י'ס כוונה מיט דעם וואס ער ברענגט די דוגמא פון דעם מלך מיט עבדיו – האט ער דאס שוין געדארפט זאגן פריער אין פ' תרומה[183], וואו עס שטייט דעם ערשטן מאל אז "ונועדתי לך שם ודברתי אתך גו'".

און די אלע דיוקים אין פרש"י (מיט נאך כמה דיוקים) דארפן זיין פארשטאנדיק צו א בן חמש למקרא אין פשש"מ,

וכפי שיתבאר לקמן.

מח. בנוגע צו די הערות אויפן זהר פון פרשה זו, שטעלט ער זיך[184] אויף דעם וואס עס שטייט אין זהר[185] אויפן פסוק[186] "לכהנו לי", אז "לי דא אות ה' לאעלא ולשמשא ו' בה' למהוי כולא חד, זכאין אינון ישראל דאעלו ונפקו וידעי ברזא דארחוי דאורייתא".

און ער איז מבאר אין דער הערה, אז "לכהנו לי שהוא התחברות ו' בה'" מיינט "התחברות ו' ת"ת בה' מל'", ד.ה. יחוד ז"א ומלכות,

און די התחברות פון תפארת מיט מלכות איז "ע"י נה"י שבאמצע ביניהם", וואס כנגד נה"י זיינען די דריי לשונות וואס ער זאגט אין זהר – "דעאלו", "ונפקו" און "וידעי", ווי ער איז דאס מבאר אין אותיות הקבלה.

און דערנאך זאגט ער אין דער הערה אז דער לשון "(ברזא דארחוי) דאורייתא", וואס שטייט אין זהר גייט אויף תפארת.

דארף מען פארשטיין:

א) וויבאלד אז דא רעדט מען וועגן דער התחברות פון ת"ת מיט מלכות, וואס דאס איז "ע"י נה"י שבאמצע ביניהם" – איז וואס איז דא נוגע דער ספירת הת"ת גופא, אז "אורייתא" איז בחי' ת"ת?

ב) אפילו אז מ'וועט זאגן אז דא איז נוגע ספירת הת"ת – וואס איז אבער נוגע ווי ת"ת איז דוקא דער ענין התורה ("אורייתא"):

ווי גערעדט כמ"פ אז תורה האט כמה שמות, און אין

- יעדער -

------------

183) כה, כב. 184) לקוטי לוי"צ לזח"ב ס"ע קלא ואילך. 185) ח"ב קפא, סע"א ואילך. 186) פרשתנו כח, ג.

יעדער ארט נוצט מען דעם שם וואס איז מתאים לפי דעם ענין [לדוגמא ווי תודה ווערט אנגערופן בשם "עוז"[187], "ה' עוז לעמו יתן"[188], ווי גערעדט אין א פריערדיקער התוועדות[189] דעם דיוק פארוואס מ'נוצט דוקא דעם נאמען "עוז"],

ועד"ז ספירת התפארת האט אין זיך כמה ענינים: דאס איז דער קו האמצעי, דאס איז מחבר חסד מיט גבורה, דאס איז א ספירה בפ"ע, דאס איז עולה אין פנימיות הכתר, און דאס איז אויך כשמה - הפארת -

איז פארוואס איז דא נוגע דוקא דער ענין פון תורה וואס איז דא אין ספירת התפארת?

וכפי שיתבאר לקמן.

מח. וויבאלד אז מ'שטייט שוין נאך ד"ח אדר, וואס דעמולט מעג מען שוין קורא זיין די מגילה, אויב מ'ווייסט אז מ'וועט דאס שפעטער ניט קענען טאן[190] [בנוגע צו קורא זיין די מגילה אין חודש שבט - האט קיין ארט ניט - וואדום דאס האט קיין שייכות ניט צו פורים, משא"כ פון ד"ח אדר און ווייטער],

ועאכו"כ אז מ'האלט שוין נאך י"א אדר, וואס "מגילה נקראת בי"א וכו'"[191],

ועאכו"כ אז מ'האלט שוין אין י"ג אדר, ערב פורים, און אין דעם גופא - לאחר חצות היום, וואס דאס האט שוין א שייכות מיוחדת מיט פורים -

איז כאן המקום צו מעורר זיין נאכאמאל וועגן "מבצע פורים",

אז אזוי ווי "מפקחין על צרכי ציבור בשבת"[192] - זאל מען טאן די אלע הכנות צו פורים וואס מ'קען טאן ביום השבת.

און די ענינים וואס מ'קען ערשט טאן אין יום הפורים עצמו - זאל מען דעמולט טאן.

און "מצוה גוררת מצוה"[193] - פון דעם "מבצע פורים" זאל מען צוקומען צו "אורה זו תורה"[194] - "מבצע תורה", און "ויקר אלו תפילין"[194] - "מבצע תפילין",

- און -

---

187) זח"ב צד, א. 188) תהלים כט, יא. 189) שיחת ש"פ יתרו סנ"ד ואילך. 190) סס"ט. 190) שו"ע או"ח סו"ס תרפח וברמ"א שם. 191) משנה ריש מס' מגילה. 192) ראה שבת קנ, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סש"ו ס"ו (סי"ב). 193) אבות פ"ד מ"ב. 194) מגילה טז, ב.

און אזוי ווי "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[195] - זאל מען קומען פון דעם "מבצע תפילין" צו "מבצע אהבת ישראל", "מבצע חינוך", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", "מבצע טהרת המשפחה", און דער ענין פון "מיהו יהודי".

און דער מבצע העיקרי - אז מ׳זאל זיך גרייטן צו דער גאולה האמיתית והשלימה וואס דער אויבערשטער וועט טאן,

וואס "מסמך גאולה לגאולה" - פון דער גאולה פון ימי הפורים האלה, צו דער גאולה פון דער גלות, וואס "אכתי עבדי אחשורוש אנן"[196],

ע"י משיח צדקנו, ובקרוב ממש.

* * *

מט. דער ביאור אין פירוש רש"י:

רש"י קומט באווארענען א "קלאץ קשיא" וואס איז דא אין דעם פסוק, וואס אויף דער "קלאץ קשיא" שטעלן זיך ניט מפרשים און אויך ניט מלמדים, און ווי עס ווייזט אויס - מצד רוב הפשיטות:

דערפון וואס דא שטייט "ונועדתי שמה", און גלייך אין א פסוק לפנ"ז שטייט "אשר אועד לכם שמה לדבר גו׳", ועד"ז אין פ׳ תרומה שטייט "ונועדתי לך שם ודברתי אתך גו׳", ועד"ז יעדער מאל וואו עס שטייט דער לשון "ונועדתי" וכיו"ב, מיינט דאס אן ענין פון דיבור - פארשטייט דער בן חמש למקרא אז אויך אין דעם פסוק איז דער "ונועדתי שמה לבני ישראל" פארבונדן מיט אן ענין פון דיבור פון דעם אויבערשטן צו אידן.

ווערט בא דעם בן חמש למקרא א שטורעם׳דיקע שאלה:

מ׳געפינט קיינמאל ניט אין חומש אז דער אויבערשטער זאל רעדן צו אידן אליין, ניט דורך משה רבינו,

בנוגע צו אהרן וועט דער בן חמש למקרא ערשט לערנען אין פ׳ ויקרא[197] אז צו אים האט דער אויבערשטער אויך ניט גערעדט; אבער דערווייל לערנט דער בן חמש למקרא אז דער אויבערשטער האט גערעדט צו משה ואהרן,

משא"כ בנוגע צו די אידן ווייסט דער בן חמש למקרא

- אויך -

---

195) קידושין לה, א. 196) מגילה יד, א. 197) פרש"י ר"פ ויקרא.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

אויך איצטער אז דער אויבערשטער רעדט ניט מיט זיי] -

איז ווי קען מען דא זאגן אז "ונועדתי שמה לבני ישראל" מיינט אז דער אויבערשטער וועט רעדן מיט די אידן, אזוי ווי "ונועדתי" מיינט בשאר המקומות?!

וואס דערפאר וועט דא דער בן חמש למקרא מיינען: אדער אז דער אויבערשטער האט מיטאמאל אנגעהויבן רעדן מיט אידן, אדער ער וועט לערנען אז דער "ונועדתי שמה" מיינט ניט בכדי אז דער אויבערשטער זאל רעדן מיט די אידן - נאר אז אין דעם ארט וואו "ונועדתי שמה" איז ניכר השראת השכינה מערער פאר אנדערע ערטער, דורך דעם וואס דארטן זיינען געשען כמה נסים וכו׳.

[במובן פון פרש"י בכ"מ לפנ"ז, אז דוקא אין משכן זיינען געווען גילויים וואס זיינען ניט געווען אין אנדערע ערטער, און שפעטער[198] וועט דער בן חמש למקרא לערנען וועגן דעם "ענן" וואס "ויכס הענן את אוהל מועד"].

נ. וואס צוליב דער "קלאץ קשיא" און ספק וואס וועט ווערן בא דעם בן חמש למקרא - איז רש"י מפרש פירושו, אז אויך דא מיינט "ונועדתי שמה" - "אתועד עמם בדיבור", אזוי ווי "ונועדתי" אין אלע ערטער.

דא ווערט דאך אבער די שאלה הנ"ל: מ׳געפינט דאך ניט אז דער אויבערשטער זאל רעדן מיט אידן - איז ווי זאגט מען דא אז "ונועדתי שמה לבני ישראל" מיינט "אתועד עמם בדיבור"?

און אויך צו פארענטפערן דאס איז רש"י ממשיך: "כמלך הקובע מקום מועד לדבר עם עבדיו שם".

וואס דאס קען מען לערנען אויף צוויי אופנים:

א) דער "ונועדתי שמה לבני ישראל" איז ניט געווען בכדי דער אויבערשטער זאל רעדן מיט די אידן (עניני תורה וכיו"ב), נאר דאס איז אן ענין פון תפלה, וואס אידן גייען צו דעם "מקום מועד" צו מהפלל זיין און רעדן מיט דעם אויבערשטן.

ווי מ׳געפינט בכ"מ אז משה איז געגאנגען מתפלל זיין צו דעם אויבערשטן אין אוהל מועד[199], און ווען אידן האבן עפעס געדארפט האבן פלעגן זיי גיין צו משה׳ן אז ער זאל מתפלל זיין צו דעם אויבערשטן פאר זיי[200].

- עד"ז -

---

198) פקודי מ, לד. 199) ראה שמיני ט, כג ובפרש"י.
200) ראה חקת כא, ז.

עד"ז קען מען זאגן אז אין געוויסע זמנים זיינען אידן אליין געגאנגען מתפלל זיין צו דעם אויבערשטן.

און אזוי ווי דער בן חמש למקרא זעט בפשטות אז בשעת אידן ווילן מתפלל זיין צו דעם אויבערשטן גייען זיי אין א ביהכ"נ, וואס דאס איז אן ארט וואס דארטן איז דא אן ארון קודש, און אן ארט וואס דארטן געפינען זיך גדולי העיר -

איז עד"ז לייגט זיך ביי אים צו זאגן אז בשעת אידן זיינען געווען אין מדבר און זיי האבן געוואלט דאווענען צו דעם אויבערשטן, זיינען זיי געגאנגען צו דעם "ביהכ"נ" וואס איז דעמולט געווען, וואס דאס איז דער משכן, וואס דארטן איז דא דער ארון מיט דער ס"ת שבו, און דארטן געפינען זיך גדולי הדור (ווי מ'געפינט אז משה פלעגט זיך געפינען אין אוהל מועד וכו'[201]).

און דאס איז דער פירוש אין "ונועדתי שמה - אתועד עמם בדיבור, כמלך הקובע מקום מועד לדבר עם עבדיו שם": דער אויבערשטער האט קובע געווען א מקום אין משכן וואס בשעת אידן ווילן מתפלל זיין צו אים וועלן זיי דארטן קומען.

וואס עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק דער דיוק אין רש"י - "לדבר עם עבדיו שם", און ניט "אל עבדיו", ווי עס שטייט אין דעם פסוק שלפנ"ז, "לדבר אליך":

וויבאלד אז דא רעדט מען ניט וועגן א דיבור פון דעם אויבערשטן צו אידן, וואס דעמולט וואלט געדארפט שטיין "אל", נאר דא רעדט מען ווי אידן רעדן צו דעם אויבערשטן, דער ענין התפלה, און דער אויבערשטער ענטפערט זיי אויף זייערע בקשות - דערפאר שטייט "לדבר עם עבדיו שם", ווארום ביידע צדדים רעדן.

משא"כ אין דעם פסוק שלפנ"ז רעדט זיך וועגן משה רבינו, וואס ס'איז שייך אז דער אויבערשטער זאל צו אים רעדן, כנ"ל - דערפאר שטייט דארטן "לדבר אליך".

און עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק פארוואס רש"י זאגט "אתועד עמם בדיבור" סתם, אן אויסטייטשן וואס פאר א דיבור דאס איז - ווארום דא רעדט מען ניט וועגן א דיבור פרטי נאר וועגן דעם דיבור פון תפלה.

נא. אפילו אז מ'וועט וועלן זאגן אז המבואר לעיל איז א דוחק, ווארום רש"י איז ערגעץ ניט מרמז אז אידן זיינען

- געגאנגען -

------------

201) ראה פרש"י עה"פ בהעלותך ט, ו. פינחס כז, ב.

געגאנגען מתפלל זיין צו דעם אויבערשטן אין משכן, און דער בן חמש למקרא וועט דאס אליין ניט פארשטיין, האט אים רש"י דאס געדארפט זאגן וכו׳ -

איז דא א צווייטער אופן ווי מ׳קען לערנען דעם פרש"י, און דאס איז בפשטות יותר, און אויך מערער מדויק אין די אותיות פון רש"י:

ב) דערמיט וואס רש"י ברענגט די דוגמא דוקא פון א מלך און עבדיו, "כמלך הקובע מקום מועד לדבר עם עבדיו", פארענטפערט ער ווי דער אויבערשטער האט גערעדט מיט אידן, וואס לכאורה געפינט מען ניט אז ער זאל רעדן מיט זיי:

ס׳איז פארשטאנדיק בפשטות אז ווען א מלך איז קובע א "מקום מועד" אויף רעדן מיט זיינע עבדים - איז ניט דער פשט אז ווען מ׳קלייבט זיך צוזאמען אין דעם "מקום מועד" רעדט דער מלך מיט יעדער איינעם פון די עבדים באזונדער,

נאר דער פשט איז - אז דער מלך זאגט וואס ער וויל זאגן צו איינעם, א שר אדער א מתורגמן וכיו"ב, און יענער גיט איבער די עבדים וואס דער מלך האט געזאגט.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו "ונועדתי שמה - אתועד עמם בדיבור" וואס דער אויבערשטער זאגט:

ס׳איז ניט דער פשט אז דער אויבערשטער אליין וועט רעדן מיט די אידן, נאר דער פשט איז - אז נאך דערויף וואס די אידן האבן זיך צוזאמענגעקליבן אין דעם "מקום מועד" האט דער אויבערשטער געזאגט משה׳ן וואס ער וויל זיי זאגן און משה האט דאס זיי איבערגעזאגט.

ווי מ׳געפינט אז בכמה זמנים מיוחדים (און ניט נאר בא ענינים בלהי רצויים) האט דער אויבערשטער געהייסן אז די אידן זאלן זיך צוזאמענקלייבן אין אוהל מזעד, אדער אין פתח אוהל מועד, און דער אויבערשטער האט מיט זיי דארטן גערעדט "כמלך כו׳ עם עבדיו", דורך משה רבינו, ווי לדוגמא בא יום השמיני למילואים[202], ועוד.

[וע"ד ווי רש"י[203] איז מפרש בנוגע צו סדר אין לימוד התורה - אז "כיצד הי׳ סדר המשנה, משה הי׳ לומד מפי הגבורה . . נכנסו כל העם שנה להם משה פרקם כו׳"].

ועפ"ז וועט מען אויך פארשטיין דעם המשך הכתובים דא: פריער זאגט דער אויבערשטער צו משה׳ן "אועד לכם שמה לדבר אליך שם", און דערנאך "ונועדתי שמה לבני ישראל":

- אין -

---

202) שמיני ט, ה. 203) עה"פ תשא לד, לב.

אין די זמנים מיוחדים ווען דער אויבערשטער וויל רעדן מיט אידן וועט זיין "אועד לכם שמה לדבר אליך שם", און דערנאך וועט משה דאס איבערגעבן צו בנ"י, "ונועדתי שמה לבני ישראל".

נב. וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק אז דערמיט וואס רש"י שרייבט אז דער "ונועדתי שמה - אתועד עמם בדיבור" איז "כמלך הקובע מקום מועד לדבר עם עבדיו שם" - פארענטפערט ער די שאלה ווי דער אויבערשטער האט גערעדט מיט אידן, ווארום דער סדר ווי א מלך רעדט, איז דורך א ממוצע כנ"ל.

און דערפאר ברענגט רש"י די דוגמא דוקא פון א מלך מיט עבדיו, און ניט פון א ראש ישיבה מיט תלמידיו, אדער פון אן אב מיט בניו ובנותיו - ווארום ווען א ראש ישיבה ועד"ז אן אב וכיו"ב קלייבן זיך צוזאמען מיט זייערע תלמידים ארער קינדער - רעדן זיי מיט יעדער איינעם בפרטיות; משא"כ א מלך רעדט דורך א מתורגמן וכיו"ב.

און וויבאלד אז דאס איז מובן מעצמו (אז דער מלך רעדט ניט אליין צו אלע עבדים) - דערפאר דארף דאס רש"י ניט שרייבן בפירוש.

נג. וע"פ המבואר לעיל זיינען פארשטאנדיק אלע דיוקים וואס מ'האט געפרעגט:

רש"י מוז מפרש זיין פירושו - ווארום אויב ניט וועט דער בן חמש למקרא מיינען אז דער אויבערשטער האט בכלל ניט גערעדט מיט אידן (און דער "ונועדתי שמה לבנ"י" איז צוליב אן אנדער מטרה), אדער ער וועט מיינען אז דער אויבערשטער האט גערעדט מיט זיי אן א ממוצע, וואס דאס געפינט מען קיינמאל ניט אין חומש.

ועד"ז איז פארשטאנדיק פארוואס רש"י ברענגט די דוגמא פון א מלך און עבדיו - ווארום דאס איז מסביר ווי דער אויבערשטער האט גערעדט מיט אידן.

און עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס ער ברענגט ניט די דוגמא אין פ' תרומה - ווארום דארטן רעדט זיך ווי דער אויבערשטער רעדט מיט משה'ן, וואס צו משה'ן רעדט דער אויבערשטער אן ממוצעים.

און דערפון זעט מען ווי רש"י איז בתכלית הדיוק, און ווי רש"י פארענטפערט כמה שאלות כדרכו - ניט רורך פרעגן פריער א שאלה, און דערנאך געבן א תירוץ, נאר לכתחלה מפרש זיין פירושו אין פשש"מ, און דערמיט פאלן אפ אלע שאלות.

נד. דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר:

- דער -

דער יחוד פון תפארת און מלכות, וואס דאס איז דער ענין השלום צווישן ת"ת און מלכות - ווערט נמשך בעיקר פון דעם ענין התורה, ווי דער רמב"ם אין סוף הל' מגילה וחנוכה ברענגט פון ספרי[204] אז "כל התורה ניתנה לעשות שלום בעולם".

און פון תורה ווערט דאס דערנאך נמשך אין די ספירות נה"י וואס קומען צווישן ת"ת און מלכות, ובעיקר ווערט דער ענין פון שלום פון תורה נמשך אין ספירת היסוד, ווי די גמרא[205] זאגט אז דער ענין השלום איז "שלום בין איש לאשתו", און דערפאר ווערט דער יחוד פון ת"ת מיט מלכות "ע"י נה"י (ובעיקר יסוד) שבאמצע ביניהם".

ויש לקשר זה מיטן מארז"ל[206] "כל העוסק בתורה לשמה משים שלום בפמליא של מעלה ובפמליא של מטה", ווי דער אלטער רבי איז דאס מבאר אין לקו"ת[207] אז שלום בפמליא של מטה איז דער שלום צווישן דעם נה"א און נה"ב, און צווישן דעם מענטשן מיט וועלט, און שלום בפמליא של מעלה איז דער יחוד פון ת"ת און מלכות,

וואס דאס איז ע"ד דער "לכהנו לי", וואס ער רעדט אין זהר, וואס דאס איז אויך דער יחוד פון תפארת און מלכות.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס ער רעדט דא אין זהר דוקא וועגן דעם ענין התורה, ווארום פון תורה ווערט נמשך דער כח צו מייחד זיין תפארת און מלכות.

וכמדובר כמ"פ אז די ענינים וואס ער איז ניט מבאר בפירוש אין די הערות, פארלאזט ער זיך אז מ'וועט זיי אליין פארשטיין ע"פ המבואר במ"א.

נה. ויש לקשר כל הנ"ל מיטן שיעור חומש פון יום זה, "ועשית מזבח מקטר קטורת"[208], וואס דאס גייט אויף דעם מזבח הפנימי וואס ווערט אנגערופן "מזבח מקטר קטורת" בפשטות - דערפאר וואס אויף אים האט מען נאר מקטיר געווען קטורת, משא"כ אויף דעם מזבח החיצון האט מען מקריב געווען קרבנות.

וואס דער ענין פון קטורת איז דער ענין פון התקשרות[209], און בדרגות העליונות איז דאס דער ענין פון "בחד קטירא אתקטרנא"[210] -

אז מ'איז מקשר די ענינים הכי תחתונים, וואס דאס

- זיינען -

---

204) עה"פ נשא ו, כו. וראה לקו"ש ח"ו ע' 349 ואילך. וש"נ. 205) שבת קטז, א. וראה גם רמב"ם שם. 206) סנה' ל, א. 207) מטות פו, ב ואילך. 208) פרשתנו ל, א. 209) אוה"ת פרשתנו ע' א'תשס. 210) ראה לקו"ש ח"ד ע' 186.

זיינען די י"א סממני הקטורת, ביז צו "חלבנה", מיט די ענינים הכי עליונים, וואס דאס איז די התקשרות פון מטה מטה מיט מעלה מעלה.

און דאס איז פארבונדן דוקא מיטן מזבח הפנימי, כמבואר אין חסידות[211] אז דער מזבח הפנימי איז כנגד פנימיות הלב, אז מ׳דערגרייכט אין מעלה מעלה, משא"כ דער מזבח החיצון איז כנגד חיצוניות הלב.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון תענית אסתר, ווארום דער ענין התענית דארף זיין פארבונדן מיט דעם ענין פון "חלבנה", ווי די גמרא[212] זאגט אז "כל תענית שאין בה מפושעי ישראל אינה תענית, שהרי חלבנה ריחה רע ומנאה הכתוב עם סממני הקטורת".

נו. ויש לקשר זה מיט התחלה פ׳ תצוה, "ואתה תצוה", ווי דער אלטער רבי טייטשט[213] אז "תצוה" איז מלשון צוותא וחיבור, וואס דאס איז ע"ד דער ענין פון "מזבח מקטר קטורת" וואס שטייט בסיום הפרשה, וואס "הכל הולך אחר החיתום"[214] - ווארום דער ענין פון קטורה איז התקשרות און צוותא וחיבור פון מטה מטה מיט מעלה מעלה.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין וואס מ׳האט פריער גערעדט אין "ואתה תצוה", אז דא ווערט משה אנגערופן דוקא מיט "ואתה", דערפאר וואס צוליב די אידן וואס האבן עובר געווען אויפן חטא העגל האט משה רבינו געזאגט "מחני נא מספרך אשר כתבת".

וואס דאס איז אויך ע"ד דער ענין הנ"ל, די ההקשרות און צוותא וחיבור פון מטה מטה מיט מעלה מעלה:

נאך דעם חטא העגל זיינען אידן געשטאנען אין א מעמד ומצב הכי תחתון, כמובן בפשטות, און אעפ"כ האט משה מעלה געוועז דעם ענין פון מטה מטה, ווי אידן שטייען אין א מעמד ומצב פון עושי העגל, אז דערפון איז ארויסגעקומען די העכסטע דרגא אין מס"נ, וואס דאס איז די מס"נ פון משה אויף אידן, וואס איז נאך העכער פון זיין מס"נ אויף תורה, כמדובר לעיל בארוכה.

וואס דאס איז אויך ע"ד דער ענין פון "תצוה" - דער צוותא וחיבור פון מטה מטה מיט מעלה מעלה,

- וואס -

---

211) לקו"ת סוכות עח, ריש ע"ד. תו"ח תרומה תמג, א ואילך. דרמ"צ פו, ב ואילך. אוה"ת שם ע׳ א׳תשנט. ועוד.
212) כריתות ו, ב. וראה גם פרש"י עה"פ תשא ל, לד.
213) תו"א פרשתנו פב, א. 214) ברכות יב, א.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם "וא"ו" פון "ואתה", כמבואר אין די דרושים אין תו"א, און אין די הגהות אויף דעם אין די הוספות צום ספר המצוות (פירוש המילות) להצ"צ[215].

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם לשון "ואתה" דוקא וואס שטייט דא אויף משה׳ן:

"אתה" איז שייך צו רופן נאר דער עצם הנשמה, ווארום ס׳איז דאך "חמשה שמות נקראו לה"[216], וואס דאס זיינען אלע שמות וואס "נקראו לה", אבער ניט דער "לה" אליין, וואס דער "לה" גייט אויף דער עצם הנשמה וואס האט ניט קיין שם, און דערפאר איז "אתה" לשון נוכח, שייך צו זאגן נאר-אויף דער עצם הנשמה.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו "ואתה" וואס משה ווערט אנגערופן:

משה איז די דרגא פון חי׳ שבנשמה[217], און מצד דעם וואס ער איז "גואל ראשון הוא גואל אחרון"[218], האט ער אין זיך אויך די דרגא פון יחידה שבנשמה[219] – דאס זיינען אבער אלץ "שמות שנקראו לה" און ניט דער עצם הנשמה –

בשעת ער איז אבער געגאנגען אויף מס"נ פאר אידן, און ער האט געזאגט "מחני נא מספרך אשר כתבת", וואס דאס איז א מס"נ וואס דערגרייכט העכער פאר זיין אייגענער מציאות וואס דאס איז תורה; "זכרו תורת משה עבדי" – איז דעמולט ווערט ביי אים נתגלה דער עצם הנשמה, דער "לה", וואס דאס איז דער "ואתה".

און די דרגא פון "אתה" אין דער נשמה, עצם הנשמה, פארבינדט זיך מיט דעם "אתה" וואס איז דא אין דעם אויבערשטן, וואס דאס גייט דוקא אויף עצמות ומהות,

וכמבואר אין תו"א[220] אז דער "שם שמים שגור בפי כל", אפילו "בפי נשים ותינוקות", גייט דאס אויף עצמות ומהות, ווארום זיי ווייסן ניט פון קיינע ענינים פון ספירות וכו׳, און ווי מ׳זאגט אויך[221] "אני מתפלל לדעת זה התינוק", וואס דער אויבערשטער וואס דער תינוק ווייסט דערפון איז דוקא

- עצמות -

---

215) ד"ה ואתה תצוה – נדפס גם באוה"ת שם ע׳ א׳תקמא ואילך. 216) ב"ר פי"ד, ט. ובכ"מ. 217) אוה"ת משפטים ע׳ א׳קיג. 218) ראה שמו"ר פ"ב, ד. זח"ג רנג, א. ועוד. 219) סה"מ תרצ"ט ע׳ 207 בשם הרמ"ז. 220) וירא יד, ריש ע"ב. וראה סה"מ קונטרסים ח"ב רצו, א. 221) הובא בדרמ"צ קיח, א. ובכ"מ.

עצמות ומהות, וואס דוקא אויף עצמות איז שייך זאגן "אתה", לשון נוכח, ווארום ער איז אמיתית המציאות, משא"כ אויף שאר המציאות קען מען ניט זאגן "אתה", ווארום וואס פאר א מציאות עס זאל נאר זיין, איז דאס ניט קיין מציאות אמיתית, דערפאר וואס "כל הנמצאים כו' לא נמצאו אלא מאמיתת המצאו"[222], ווי גערעדט כמה פעמים.

און דערפאר איז "אתה" לשון נוכח שייך צו זאגן נאר אויף עצמות ומהות, און מצד דעם וואס דער עצם הנשמה איז פארבונדן מיט עצמות ומהות - דערפאר איז שייך צו זאגן אויך אויף דער עצם הנשמה "אתה", וואס דאס איז העכער פאר אלע "חמשה שמות" וואס "נקראו לה", אפילו העכער פאר יחידה שבנשמה.

ויש לקשר זה אויך מיט פורים, וואס ענינו איז דאך "חייב איניש לבסומי בפוריא עד דלא ידע"[223], ער דארף זיך פארלירן אינגאנצן פון אלע גילויים פון דער נשמה, סיי פארלירן זיך פון נר"ן שלו, און אויך פון חי', ווארום אויב ער פארלירט זיך ניט פון חי' שבנשמה איז דאך דאס נאך אלץ דער ענין פון "ידע" לגבי חי' שבנשמה,

און אפילו אויב ער פארלירט זיך פון אלץ חוץ פון יחידה שבנשמה, איז דאך דאס נאך אלץ ניט דער שלימות פון "לא ידע";

דוקא ווען ער פארלירט זיך פון אלע דרגות און שמות שבנשמה - איז דאס דער תכלית השלימות פון "לא ידע".

נז. און דורך דעם וואס משה האט אויפגעטאן אז עס זאל ווערן "ואתה תצוה" - ווערט דערנאך "ויקחו אליך שמן זית גו' להעלות נר תמיד", וואס תמידות באווייזט אויף אן ענין הכי נעלה וואס דערגרייכט אין עצם ממש,

און דאס איז שייך דוקא בא משה רבינו, דערפאר וואס ער האט דעם "אתה" פון דער נשמה, וואס דאס איז דער עצם הנשמה, משא"כ דאס וואס שטייט דערנאך בא אהרן "יערוך אותו אהרן ובניו מערב עד בוקר", וואס דאס איז דאך אויך דער ענין פון "נר תמיד" - קומט דאס אבער ניט צו דעם "נר תמיד" וואס משה טוט אויף.

און משה טוט אויך אויף דעם "ויקחו אליך שמן זית":

זית מצ"ע פועל'ט דעם ענין פון שכחה, משא"כ אז מ'מאכט פון דעם זית שמן זית - פועל'ט דאס דעם ענין פון - זכרון -

------------

222) רמב"ם ריש הל' יסוה"ת. 223) מגילה ז, ב.

זכרון[224], וואס זכרון איז אין מות החכמה[225],

וואס דאס איז דער "זכור את אשר עשה לך עמלק", און דערפון ווערט דער "נזכרים ונעשים", וואס דער תכלית השלימות פון דעם "זכור" און דעם "נזכרים" איז - אז דאס זאל אראפקומען אין "ונעשים"[226].

און פון דעם "נזכרים ונעשים" אין ימי הפורים האלה, ווערט "מסמך גאולה לגאולה", פון גאולת פורים צו גאולת מצרים,

ביז אז די גאולה האמיתית והשלימה קומט נאך אין חודש אדר, וואס דעמולט וועט בדרך ממילא זיין דער "לשנה הבאה בירושלים"[227], און מ׳וועט פראוועו חג המצות אין דעם ביהמ"ק השלישי, אין ירושלים, וואס "פרזות תשב ירושלים"[228].

און נאך פאר דערויף וועט זיין "לכל בני ישראל הי׳ אור במושבותם"[229], און מ׳גייט ארויס פון גלות "ביד רמה"[230],

און עס ווערט דער "ואתה תצוה את בני ישראל ויקחו אליך שמן זית גו׳ להעלות נר תמיד" כפשוטו, ביז צו "כי תשא את ראש בני ישראל לפקודיהם"[231], ווי ער טייטשט אין תרגום "ארי תקבל ית חושבן בני ישראל" - דער מנין העשירי וואס וועט זיין לע"ל[232],

בבית המקדש השלישי, בגאולה האמיתית והשלימה, במהרה בימינו ממש.

צוה לנגן "שושנת יעקב".

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

— * —

---

224) הוריות יג, ב. 225) אוה"ת שם ע׳ א׳תקמו ואילך. 226) ראה רמ"ז בספר תיקון שובבים. הובא ונתבאר בספר לב דוד (להחיד"א) פכ"ט. 227) ראה לקו"ש ח"ב ע׳ 543. 228) זכרי׳ ב, ח. 229) בא י, כג. 230) בשלח יד, ח. 231) ר"פ תשא. 232) יל"ש ר"פ תשא.

א. פורים ווערט דאך אנגערופן אין מגילת אסתר בשם "יו"ט",

אע"פ וואס "למלאכה לא קבלום עליהם" - ס'איז מותר במלאכה, אבער אעפ"כ איז אבער אין מג"א, וואס זי דערציילט דאך די פרטי הענינים ביז אין א אופן אז "אגרת הפורים הזאת" און "אגרת הפורים השנית" זאל דאס בלייבן אין א אופן וואס לא יסוף מזרעם - אז דאס זאל דערמאנט ווערן - נזכרים ונעשים בכל שנה ושנה.

- איז דארט איבערגע'חזר'ט אז דאס ווערט אנגערופן בשם יו"ט.

דערפאר איז דאך אויכעט דא דער ענין חיוב השמחה בפורים, אזוי ווי ס'איז דער ענין פון יו"ט איז דאך אויכעט - מועדים לשמחה.

אזוי זיינען דאך יו"ט מחולקים זה מזה, וואס דערפאר ווערן זיי אויך אנגערופן מיט פארשידענע שמות: חג המצות, חג הקציר, הביכורים, און חג האסיף, וואס דאס באווייזט אויף זייער תוכן סיי דער גשמיות'דיקער, וואס דער חילוק אין דער תוכן גשמי נעמט זיך מצד דער חילוק ("שנשתלשלו מהם") אין רוחניות הענינים,

ביז וואנעט אויכעט אין דער נוסח התפלה, וואס אכנה"ג האבן מתקן געווען, זאגט מען דאך אויך ארויס אין דער חילוק ווי דאס איז פארבונדן מיט יעדער אידן, אז דאס איז זמן חירותינו, און דערנאך איז זמן מתן תורתינו און דערנאך איז זמן שמחתינו, צוזאמען דערמיט איז אויכעט דא א צד השוה ביניהם וואס זיי זיינען מועדים לשמחה.

עד"ז איז אויכעט אז פורים ווערט אנגערופן מצד אחד בשם "יו"ט", וואס דאס אונטערשטרייכט דער צד השוה שביניהם, דאס האט אבער אויכעט א באזונדער נאמען וואס דאס איז "ימי הפורים", און יו"ט של פורים, וואס דאס אונטערשטרייכט און ברייננגט ארויס דער חילוק שביניהם וואס יש בזה מה שאין בזה.

עד"ז אויכעט אע"פ וואס דער ענין השמחה, איז דאך לכאו' ביי אלעמען בשוה, סיי אין זמן חירותינו און סיי אין זמן מתן תורתינו און סיי אין זמן שמחתינו, זאגט מען דאך אויף אלעמען "ושמחת בחגיך" און מועדים לשמחה -

אעפ"כ זאגט ער דאך אין ילקוט אז ס'איז דא א חילוק אין דער שמחה, ביז וואנעט אז דער חילוק איז אויכעט פארשטאנדיק פון דעם פסוק, אז אין זמן חירותינו אין חג המצות, איז אין תושב"כ ווערט ניט דערמאנט דער ענין השמחה.

אין זמן מתן תורתינו - חג הביכורים חג הקציר ווערט דערמאנט איין מאל.

משא"כ אין חג האסיף ווערט דערמאנט מערערע מאל - דריי מאל דער ענין השמחה.

וואס דאס באווייזט דאך אויכעט אז אע"פ וואס כולם זיינען שוה אז ס'איז דא שמחה, איז אבער אין שמחה גופא איז גאר דא כו"כ דרגות, און אין די דרגא של שמחה, איז חג המצוות, און דערנאך נאך מערער אין זמן מתן תורתינו, און נאך מערער אין זמן שמחתינו.

וואס דערפאר איז דאך אויכעט אין נוסח, אין זמן שמחתינו זאגט מען מערניט ווי אין חגה"ס און ביום השמיני עצרת, אע"פ וואס ס'איז אויך דא א דיעה אז מ'זאל זאגן אין אלע דריי ימים טובים - זמן שמחתינו, דער דין אבער בלייבט מיט דער חילוק אז זמן שמחתינו זאגן מען מערניט ווי ביי חג האסיף.

עד"ז געפינט מען אויכעט - ס'איז דאך דא דער ענין השמחה בימי הפורים, ווי איבערגעח'זר'ט אויכעט אין מג"א אז דאס איז א יו"ט אויכעט א משתה ושמחה.

איז דאך דא אבער דער דין אין די שמחה פון ימי הפורים, אז די שמחה דעמאלט איז מחייב (אדער די צווייטע גירסא מחיבב) איניש לבסומי בפוריא עד דלא ידע.

וואס דערפאר איז דאך אויכעט ווי דער דין בפועל אז די שמחה בפורים איז נאך מערער ווי מועדים לשמחה אע"פ וואס דאס איז מה"ת און דאס איז מד"ס, אין מועדים לשמחה עצמם איז די גרעסטע שמחה איז דאך אין זמן שמחתינו און די שמחה פון ימי הפורים איז נאך גרעסער אפי' פון די שמחה פון מועדים לשמחה פון זמן שמחתינו שבהם.

ביז אין א אופן אז עד דלא ידע.

וואס עד דלא ידע נעמט דאס ארויס פון דעם גאנצן גדר פון מעסטן:

בשעת אז מ'זאגט אז ס'איז גרעסער, קען דאס זיין גרעסער בדוגמא ווי ס'איז דא מערער אין זמן שמחתינו ווי אין זמן מתן תורתינו אדער אין זמן חירותינו,

אבער אעפ"כ איז דאס אויך מיט א מדידה והגבלה, במילא איז דאס אלץ א שמחה גבולית, ביז ווי ס'ווערט אפגע'פסק'נט דער דין אין שו"ע, און דער אלטער רבי ברייננגט דאס אויכעט אראפ אין שו"ע שלו אין הל' יו"ט, אז ביי"ד פלעגט שיקן שלוחים זען (און) מעסטן די שמחה אז ס'זאל דערפון ניט ארויסקומען קיינע ענינים בלתי רצויים.

בשעת מ'זאגט אז דאס איז א שמחה עד דלא ידע, איז דאך דאס ביז ווי ס'קען זיין דער ענין הבל"ג ביי א נברא וואס ער איז א גבולי.

וואס לכאו' קען דאך ניט זיין קיין מציאות פון בל"ג וויבאלד אז יעדער מענטש איז דאך א גבולי, איז וויפיל ער זאל ניט זיין קיין שמח איז דאס אלץ מיט א הגבלה, ווארום כל עניניו איז דאך בהגבלה.

איז דאס בדוגמא ווי מ'זאגט אז "ואהבת את ה"א (איז דא) בכל לבבך" מיט א הגבלה, און דערנאך איז דא "בכל נפשך" - א גרעסערער אופן, אבער אויך מיט הגבלה, און דערנאך איז דא "בכל מאודך" - וואס "מאד" באווייזט אז בכל מידה ומידה שהוא מודד לך איז גאר קיין נפק"מ ניט - דאס מאכט ניט קיין שינוי אין דער ואהבת, דערפאר וואס דאס איז ניט פארבונדן מיט קיין מידה (מיט קיין אפמעסטונג), איז דאס וויבאלד אז דאס איז מערער ווי זיין מדידה והגבלה איז דאס איז **זיין** בל"ג, און דאס איז א מעין און דאס דערמאנט און דאס ווערט א כלי, און דאס איז ממשיך מלמעלה דער בל"ג האמיתי.

און ווי גערעדט כמ"פ, אז דערפאר קען זיין א מציאות אז ביי איינעם זאל זיין א ענין במדידה והגבלה און פאר א צווייטן זאל זיין למע' ממדידה והגבלה, און ווי ס'שטייט אויף דערויף אויך די דוגמא אין א ענין וואס איז פארבונדן מיט שמחה, וואס שמחה איז דאך פארבונדן מיט יין (וואס דערפאר אין אומרים שירה אלא על היין), איז דא א ענין אז ס'דארף זיין א סימן ברכה, אז ס'זאל זיך אריבערגיסן מערער וויפל דער כוס פארנעמט, און אין דערויף קען זיין אז ביי איינעם זאל זיין א קלענערער כוס, איז אויף די מידה של יין וואס ביי אים איז דאס א סימן ברכה, און א סימן ברכה אמיתית - ווארום ע"פ שו"ע פון תורת אמת זאגט דאס, אז וויבאלד ס'האט זיך אריבערגעגאסן זיין כוס איז דאס א סימן אז דער אויבערשטער גיט אים ברכה בלי הגבלה, ביז אין א אופן בלי הגבלה אמיתית -

משא"כ ביי א צווייטן וואס האט א גרעסערן כוס איז בא אים ווען דאס ניט נאר ניט אריבערגיסן, נאר ס'וועט אבי' ניט זיין קיין כוס שלם, ער דארף האבן מערער יין כדי אז ביי אים זאל אויכעט זיין א סימן של ברכה.

עד"ז אויכעט אז וויבאלד בא אים גיסט זיך דאס אריבער, דאס איז מער פון זיין מדידה והגבלה דערפאר איז דאס א ענין פון בל"ג בא אים, און וויבאלד אז איני מבקש אלא לפי כחו, און לפי כוחו איז מערער פון דאס וואס ער קאן פארנעמען, ווערט דאס א כלי, און במידה שאדם מודד בה מודדים לו, וויבאלד אז ער פירט זיך אין א אופן פון "לא ידע" - דאס איז העכער פון זיין דעת און זיין השגה זהבנה וואס זאגט אים אז ער דארף זיין פריילעך בימי הפורים, און ער איז שמח נאך מערער ווי זיין דעת הבנה והשגה זאגט אים, איז אט דעמאלט ווערט דאס א כלי, און דאס איז ממשיך דעם למע' ממדידה והגבלה מלמע'.

און דאס ווערט דערנאך נמשך ביז למטה, אז ס'גיסט זיך אריבער זיינע כלים - זיין הבנה והשגה וויפיל ער ווינטשט זיך אז דער אויבערשטער זאל אים געבן ענינים של שמחה, און אין די אלע פרטים פון אורה ושמחה וששון ויקר, אויף וועלכע מ'איז מסיים, און מ'האט מסיים געווען - בקביעות ש.ז. - אין התחלה פון ימי הפורים, אז כן תהי' לנו בנוסח ברכת ההבדלה.

אז אזוי ווערט דערנאך נמשך אין יעדערער פון זיי, אין אן אופן פון למעלה ממדידה והגבלה שלו, און נאך מערער; דאס נעמט זיך למע' ממדידה והגבלה אמיתית שלמעלה.

און דאס קומט אראפ אין א אופן אז דאס ווערט א טוב הנראה והנגלה, און אורה וואס מ'זעט דאס אויכעט בעיני בשר, ועד"ז בנוגע צו שמחה וששון ויקר, אז דאס איז למטה מעשרה טפחים, און דאס קומט אראפ ביז אין ענינים גשמיים.

און פון ימי הפורים, וויבאלד אז זיי זיינען איין מאל א יאר ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת אין פ' ברכה אז דאס באוויייזט אז דאס האט אין זיך אזויפיל כח און המשכה והשפעה, אז דאס ווירקט און דאס האלט אן א גאנצן יאר ביז מ'קומט לימי הפורים הבאים עלינו ועכ"ל לטובה פון שנה הבאה.

וואס דעמאלט וועט דאך זיין נאך מערער, בדוגמא ווי גערעדט פריער, אז לכאו' ווי קען מען זאגן נאך מערער אין בל"ג בשעת ס'איז דאך א כלל, און דער צ"צ איז מאריך בזה אין ספר החקירה, אז אין בל"ג איז ניט שייך זאגן מערער און וויניקער, דאס איז מערנלט שייך זאגן א ענין פון מדידה והגבלה, ס'קען זיין א מידה גדולה און א מידה וואס איז נאך גרעסער, ווארום ביידע זיינען מיט א מידה.

איז דאך אבער פארשטאנדיק פון דער דוגמא - ווי גערעדט פריער - בנוגע צו כוסי רוי', אז יעדערער האט זיך זיין כוס, און מ'דארף האבן אז ביי אים זאל זיין זיין כוס אין א אופן פון רוי', ביז וואנעט אז דאס גיסט זיך אריבער וואס דאס איז א סימן ברכה.

עד"ז איז אויכעט במשך השנה וועט מען דאך זיכער טאן לויט די ענינים ונתינת כח פון פורים, סיי אין אורה זו תורה און סיי אין שמחה וששון, ביז ויקר אלו תפילין וואס הוקשה כל התורה כולה לתפילין.

וואס דאס וועט דאך אלץ נאך מער מוסיף זיין אין די כלים און אין די המשכות פון דעם אויבערשטנס ברכות מלמעלה למטה.

וועט דאס ארויסקומען אין ימי הפורים הבאים עלינו נאך מערער אין דעם עד דלא ידע וואס איז געווען בשנה זו, אע"פ וואס אויך בש.ז. וועט זיכער זיין אין אן אופן ווי תורה אמת וויל, ווארום דאס איז דאך תורת חיים - הוראה בחיים.

און זיכער איז דאך - אקוה לו בכל יום שיבא, אז אט אט קומט משיח צדקנו, זאגט ער דאך אבער אין מדרש, און דער רמב"ם ברייגנגט דאס אלס א פס"ד להלכה בספרו יד החזקה, אז אפי' לע"ל לאחר ביאת מ"צ איז "ימי הפורים האלו לא יעברו וזכרם לא יסוף" מיט אלע פרטים שבהם.

עאכו"כ א ענין עיקרי און א שמחה עד דלא ידע למע' ממדוה"ג,

און דאס איז אויכעט נוגע איצטער, אז מ'גרייט זיך דאך יעדער טאג צו ביאת מ"צ, וואס דערפאר איז דאך דא א מנהג בכמה קהלות אז מ'זאגן דער אני מאמין בכל יום שיבא - בדיבור, אפי' די וואס זאגן דאס ניט בדיבור שטליט מען דאך אבער מיטן רצון ובמחשבה אין א תשוקה נפלאה לביאת מ"צ, און אין א אופן ווי דער רמב"ם זאגט מיד הן נגאלין,

איז גרייט מען זיך, און מען דארף זיך גרייטן אויכעט צו דעם ענין, אז ווי גרויס איז דער עד דלא ידע פון ימי הפורים האלו, איז גלייך אין מוצאי יום הפורים הויבט ער זיך שוין אן גרייטן אין אופן המתאים בעבודתו ובפעולותיו און אין א אופן אז דאס זאל אנקומען לרעהו, ביז אויכעט לאביונים - פון זיינע ענינים פון זיין הבנה והשגה און זיינע נכסים וכו'.

און דאס איז נאך מער מזרז און ממהר די ביאת מ"צ, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

ב. ביי אידן בכלל, און ע"פ תורה בפרט איז דאך א ענין פון "לבסומי" - דער ענין פון שכרות, וואס אין דערויף גופא איז דאך דא כמה שיעורים, ווי דער חילוק איז בנוגע צו בהמ"ז און תפלה אדער פסק'נען א דין וכיו"ב ווער רעדט נאך וועגן א ענין פון לבסומי עד דלא ידע, איז במשך כל השנה כולה אינגאנצן אפגעפרעגט.

וכידוע דברי רבותינו נשיאינו וואס האבן מזהיר געווען כמ"פ, אז אפי' אט די וואס רעכענען אז כדי ס'זאל זיין א פארברייגנגען - כדי ס'זאל זיין דברים היוצאים מן הלב דארף ער נעמען אביסל מערער מן המידה - האט מען דאס אויכעט שולל געווען, עאכו"כ אז ס'איז א ספק בדבר.

אעפ"כ געפינט מען [אפי' בא מועדים לשמחה וואס כאמור - דאס איז א מ"ע מה"ת] א גאנצע אריכות אין רמב"ם און אין שו"ע און דער אלטער רבי ברייגנגט דאס בשו"ע שלו, אויף וויפל ס'איז אפגעפרעגט דער ענין פון שכרות און זאגט דארטן שארפע ווערטער בתכלית.

אעפ"כ געפינט מען [ווי געזאגט פריער] דוקא בפורים אז דארט איז ניט נאר דער חיוב לבסומי נאר אין לבסומי גופא - וואס כאמור קען דאס זיין אין פארשידענע דרגות - איז דאס אין א אופן פון עד דלא ידע.

און ווי מ'איז מסביר דער טעם בנוגע צו יו"ט, אז דעמאלט אויב ס'איז א ענין ניט פון שמחה של מצוה, במילא אויך ניט מיט מדידה והגבלה, איז אט דעמאלט ווערט דאס אנגערופן ניט א שמחה של מצוה נאר שמחת כריסו,

און ברייגנגט אויף דערויף אראפ א שארפן פסוק, און שטעלט דאס אלץ ארייך אין שו"ע.

און אעפ"כ זעט מען אז בנוגע צו פורים, איז אראפגענומען די מדידה והגבלה, וואס זי איז דא אפי' ביי מועדים לשמחה, און ניט נאר אראפגענומען די מדידה והגבלה, נאר ס'ווערט נאך דערפון א ענין של חיוב - **חייב** איניש און מיחייב איניש (ווי די ביידע גירסות האמורים).

וואס דערפון ווייס מען, וויבאלד מ'האט א הבטחה אז שומר מצוה לא ידע דבר רע, אז ס'איז א זיכערע זאך אז אפי' ווען מ'שטעלט ביי יו"ט דארף מען דאס באווארענען, ווארום ס'קען דערפון ארויסקומען א דבר בלתי רצוי, ביז וואנעט אז מ'איז דאס שולל אז מצד הספק שבדבר - ס'איז דאך ניט א וודאי - קען זיין אזוי.

איז שוין מצד א ספק איז מען דאס שולל אפי' ביו"ט, און שולל מיט דער גאנצער שארפקייט, ווי דערמאנט דארט דער לשון.

איז דערפון פארשטאנדיק אז דא באווארנט תורה - [דער אויבערשטער דורך תורתו] וואס זי איז תורת חיים - הוראה בחיים, אז ער פארזיכערט אז אויב ער טוט דאס מצד דערויף - ניט דערפאר וואס ער איז רודף אחרי היין ח"ו, און ניט דערפאר וואס ער איז רגיל בזה במשך השנה במילא איז ער ממשיך ברגילותו אדער מוסיף אביסעלע מערער -

נאר ער טוט דאס דערפאר וואס תורה האט אים געזאגט אז חייב איניש לבסומי עד דלא ידע, איז א זיכערע זאך אז שומר מצוה לא ידע דבר רע - ס'איז א זיכערע זאך אז ס'וועט ניט זיין קיין דברים בלתי רצויים.

ואדרבה: דורך דערויף וועט ער מקיים זיין א מצוה פון דעם אויבערשטן, און אזא מין מצוה וואס זי איז א מצוה בלי מדידה והגבלה, וואס דערפאר דריקט זי זיך אויס אויכעט אין דער ציווי שלה - אין איר אנזאג, אז א איד מוז שטיין למעלה ממדידה והגבלה שלו.

וואס אט דא קומט צו נאך א דבר נוסף: און ווי גערעדט אמאל בארוכה וואס ס'איז דא דער דין אין תורה, אז ע"פ תורה אז מ'האט א שטר א גע'חתמ'עטן, איז ע"פ תורה איז א חזקה אז דאס איז א שטר כשר.

בשעת ס'האט זיך געפונען איינער וואס האט מערער געווען על השטר און דערנאך האט מען דער שטר מקיים געווען בבי"ד, איז אט דעמאלט איז די כשרות זיינער אין א אופן אז ס'קען גארניט זיין קיין מציאות אז מ'זאל קענען אויף אים מערער זיין.

דורך וואס קומט אט די כשרות, און דער תוקף החזקה פון דער כשרות שלו? דערפאר וואס דאס איז ניט א גלאטע כשרות, נאר זי איז געקומען ע"י ערעור, און נאך דעם ערעור האט מען דאס באשטעטיקט אין בי"ד, האט דאס מעיד געווען מעיקרו אז ס'איז מעיקרו געווען א שטר קיים וחזק וכשר אין תכלית השלימות, אז ס'איז גאר ניט שייכות אין דערויף קיין ערעור.

וואס עד"ז איז בנוגע צום ענין פון שמחת פורים:

אז ס'וואלט געווען א זאך אן א שמחה, אן א ערעור, איז וויבאלד אז ס'שטייט אזוי אין שו"ע, איז דאס אויכעט א זיכערע זאך אז דאס איז א דבר כשר און א דבר ראוי און א דבר מצוה;

בשעת אבער דאס איז אזא מין שמחה וואס אין שו"ע עצמו געפינט מען אויף דערויף א ערעור, און א ערעור אין דעם שארפסטן אופן און דעם שארפסטן אויסדרוק אין הל' יו"ט - אין מועדים לשמחה,

און נאך דערויף קומט צוגיין דער שו"ע און באשטעטיקט און איז מקיים אז ס'קומט ימי הפורים, איז אט דעמאלט ווערט דער ערעור בטל, ואדרבה: ס'ווערט גאר דערפון א מצוה, איז אין דערויף איז לא ידע נאך מערער ווי ס'וואלט געווען ווען ס'וואלט ניט געווען דער ערעור בדבר.

וואס דאס איז אויכעט איינע פון די דוגמאות וביאורים וואס מ'פרעגט א שאלה בנוגע דעם ענין פון גלות:

וואס דער ענין פון גלות איז כדי ארויסצובאווייזן און ארויסברענגען אז אידן קענעןביישטיין פארשידענע נסיונות, און קענען דורכגיין א מעמד ומצב פון "עבודה קשה", און "בחומר ובלבנים ובכל עבודתם אשר עבדו בהם בפרך", וואס אזוי איז געווען אין דעם ערשטן גלות - אין גלות מצרים, און דוגמתו איז אויכעט אזוי דערנאך אין די גלויות שלאחריו ביז אין דעם גלות זה האחרון.

ביז אפי' - אז מ'געפינט זיך אין א מעמד ומצב אז דער אויבערשטער האט געבענטשט אידן, און זיי געפינען זיך אין א מדינה וואס דארטן איז ניטא די אלע ענינים בפשטות: מ'לעבט אין מעמד של חירות, עכ"פ חירות ווי ס'איז שייך אין א מצב פון גלות.

וואס ס'איז טאקע "התפללו אל שלום העיר" איז "בשלומה לכם שלום" - אבער בשעת די עיר און די מלוכה איז אין אזא מין אופן אז זי גיט א חירות לכל משפחה ומשפחה ולכל עם ועם, אז זיי זאלן זיך פירן כפי דתיהם אע"פ וואס "דתיהם שונות מכל עם" ניט ווי ס'איז דא אין די מדינות מאחורי מסך הברזל, אז מ'האט אויף דערויף רדיפות און נסיונות און שוועריקייטן וכו'.

איז אעפ"כ איז דאך דא די עבודה קשה, און דער חומר ובלבנים און כל עבודתם אשר עבדו בהם בפרך בנוגע צו אידישקייט אז מ'זאל זיך ניט פארלירן צווישן די פעלקער וואס זיינען ארום זיך, אע"פ וואס "אתם המעט", און ס'קומט צוגיין דער יצר און הויבט אן טענה'ן אז אחרי רבים - מ'זאל נאך מאכן דעם גוי, און אפי' ער פארשטייט אליין אז ביי זיך אין דער הייס - עאכו"כ אין ביהכ"נ און ביהמ"ד און בתי ספר של חינוך - איז ביי אים א זיכערע זאך אז ס'דארף זיין א חינוך הכשר און נאך מערער: א חינוך על טהרת הקודש פון דער קדושת התורה -

בשעת אבער ער גייט ארויס אין גאס, און מ'זאגט אז דארטן דארף זיין ש"ש שגור בפיו, און דארטן דארף ער געדיינקען און וויסן אז ניט "כוחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה", ס'איז מערניט וואס "ברכת ה' היא תעשיר".

און ער דארף דאס וויסן, ניט נאר במחשבה און אין חקירה און אין שכל, נאר דאס דארף אזוי ווירקן און דורך נעמען זיין הנהגה בפועל.

און וויבאלד ער ווייס אז "ברכת ה' היא תעשיר" און ס'הייננגט אפ אין דעם אויבערשטן, איז דאך פארשטאנדיק אז ס'קומט פרייטיק פארנאכט, איז וואו ער זאל ניט האלטן אין מיטן א מסחר, און וואו ס'ווייזט זיך אויס אז ער קען דערביי פארדינען א גרויסער סכום של כסף וזהב, און ער קען מבטיח זיין דערפון א חומש לצדקה אדער נאך מער לצדקה, איז ביי אים א זיכערע זאך אז ניט דאס איז זיין פארדינסט, און ניט דאס איז זיין דרך.

זיין פרנסה קומט פון ברכת ה', און דער אויבערשטער האט אנגעזאגט אז ס'קומט פרייטיק פארנאכט דארף ער אזוי פארענדיקן זיינע געשעפטן, אז ער זאל קענען קומען צוגיין צו זיך אהיים בעוד מועד, און זאל זיך קענען צוגרייטן באצייטנס צו שבת, ער זאל ארייננגיין אין שבת ניט א פארמאטערטער, נאר אן אולסגערוטער וכו'.

וואס דאס איז דאך א נסיון בפרט דוקא אין מדינות של חירות.

און דערצו קומט נאך צו נאך א שווערער נסיון:

אזוי ווי זיין געשעפט איז דאך מעסיק - (באשעפטיגט) נאך כו"כ מענטשן, וואס צווישן זיי איז דא אויכעט אידן, טראכט ער ביי זיך, אז מילא זיך דארף ער באווארענען אז ער זאל מקיים זיין אלע ענינים פון שו"ע ווי ס'דארף צו זיין, במילא דארף ער פארענדיקן דער געשעפט אין אזא מין אופן אז ער זאל קענען באוויזן קומען אהיים און ס'זאל זיין שמירת שבת ויו"ט כהלכתו.

ער דארף אבער ניט באווארענען אט דעם אידן וואס בלייבט נאך אים אין געשעפט, און דארף דארטן צוקלייבן און פארשליסן און אנשטעלן די אלע ענינים של שמירה, וואס דאס נעמט אויכעט א משך זמן.

- צוליב אים זאל ער אנווערן דעם ריוח גדול וואס ער קען האבן דערפון וואס ער וועט בלייבן נאך איינציקע רגעים אין געשעפט, צוליב א צווייטן אידן איז ער ניט מחוייב זיך מוסר נפש זיין זיך [וואס ביי אים גייט דאס אריין אין א גדר פון מס"נ].

און דערנאך איז דא נאך א שווערער נסיון:

אז אפי' אז ס'בלייבן דארטן מערניט ווי ניט אידן, וואס זיי זיינען דאך ניט מחוייב אין שמירת שבת ויו"ט, דער געשעפט גייט דאך אבער על שמו, איז דאך דא דער דין אין שו"ע, אז וויבאלד דער געשעפט פון פב"פ וואס ער איז א איד, און שמו נקרא עליו, דארף דער געשעפט זיין געשלאסן בשבת ויו"ט [ווי אנגעצייכנט אין שו"ע].

איז אט דא טראכט ער ביי זיך: ס'איז דאך מערניט "מה יאמרו הבריות" אז עסקו דער מסחר פון פב"פ איז אפן בשבת, אבער ער ווייסט דאך און דער אויבערשטער ווייס און תורה ווייס, אז דארט זיינען געבליבן מערניט ווי אינם יהודים.

איז מילא אז ס'האנדלט זיך ניט וועגן קיין גרויסע סכומים - שטייט ער ביי דער נסיון.

אז ס'האנדלט זיך מערניט ווי הכנסה בשביל עצמו [פאר זיך אליין] - קען ער אויכעט מוותר זיין אויף דעם.

וויבאלד אז ער וויל אפגעבן א חומש אדער נאך מערער, אויף אן ענין של צדקה פון א ישיבה אדער א ביהכ"נ וכיו"ב, זאל ער דאס מוותר זיין, און די ישיבה וועט ניט האבן זיינע געלט מצד דערויף כדי ס'זאל ניט זיין קיין "קלא דלא פסקא", וואס דאס איז היפך פון קדושת שבת און שמירת שבת, אז דער געשעפט זיינע איז געשלאסן בשבת - איז עד כדי כך קען ער [און ער האלט אז ער דארף] דאס ניט טאן.

במה דברים אמורים - ווען ער רעכנט אז דער געשעפט ווערט אנגעפירט דורך כוחו ועוצם ידו, במילא איז צום אלעם ערשטן דארף ער וויסן ווי ס'קומט ביי אים אויס דורך זיין כוחו ועוצם ידו - דורך זיין שכל.

און ערשט דערנאך וועט ער קוקן אין שו"ע, ווי ער דארף זיך פירן נאך כוחו ועוצם ידו וואס ס'זאגט אים.

בשעת אבער ער ווייס אז "ברכת ה' היא תעשיר" - איז צום אלעם ערשטן אז ער מאכט א געשעפט, איז צום אלעם ערשטן קוקט ער וואס האט דער אויבערשטער געזאגט אין זיין שו"ע, אויף וואס פאר א אופן וועט ער געבן די עשירות און די ברכה.

און אויב ער גיט דארט א קוק אז ס'שטייט אין שו"ע אז מ'דארף שליסן די געשעפט וויבאלד אז דאס איז נקרא על שמו אפי' אז דארט בלייבן מערניט ווי ניט אידן, אבער ס'איז דאך ניטא קיין שטר מכירה במילא איז נקראת על שמו וכיו"ב.

אט דעמאלט פארשפארט ער שוין טראכטן ווי קומט אויס צו כוחו ועוצם ידו, ווארום ס'איז א זיכערע זאך אז דער אויבערשטער וועט דארטן ניט שיקן ברכתו.

און וויבאלד אז דאס איז ביי אים ברור - האט ער ניט ווייטער וואס צו טראכטן, און ער פירט זיך ווי ס'דארף צו זיין.

וואס כאמור דאס איז עבודה הקשה אשר עבדו בהם בפרך - אויף אויס'טענה'ן זיך מיט זיין יצר און מיט זיינע יועצים, וואס מיט וועלכע ער איז זיך מיישב וועגן דער געשעפס, צי ער דארף זיך פירן מיט אזא מין הידור, בשעת דער געשעפט פירט זיך אין א מדינה וואס דארט איז איינגעשטעלט דער מנהג פון "תגרי לודי" - דער מנהג הסוחרים, וואס מיט זיי רעכנט מען זיך ע"פ שו"ע און ע"פ תורה אין די אלע פרטים וואס רירן ניט אן תורה און אידישקייט.

דאס איז אבער א הוכחה אז דאס איז א דבר שכלי און א דבר וואס דאס האט אן ארט אין תורה אע"פ וואס דאס איז א מנהג פון "תגרי לודי" - מנהג הסוחרים פון אינם יהודים, איז דאס אן עבודה קשה.

און דערנאך קומט צו נאך א שווערע עבודה אין דעם ענין; ווען ס'קומט צו חינוך הבנים והבנות.

וואס אט דא הויבט ער אן מאכן פשרות, אז וויבאלד אז מ'דארף זיין א מענטש צווישן מענטשן, און דערנאך איז דער בן אדער דער בת וועט דארפן זיין אין א אופן אז זי זאל קענען האבן פרנסתו, אדער אליין אדער חתונה האבן מיט אזא מין [אויב דאס איז די טאכטער] וואס ער וועט זיך פירן ווי ס'דארף צו זיין.

מתאים צו די מנהגי המדינה דורך וועלכע מ'קען האבן פרנסה.

און דא הויבט ער אן טראכטן: ווי אזוי קען מען האבן פרנסה, דארף מען דאך אנקומען צו כחי ועוצם ידי.

און דערנאך אז ער באווארנט דער כחי ועוצם ידי איז מסכים, אס דעמאלט הויבט ער אן קוקן אין שו"ע וואס איז אסור מה"ת אין חינוך, און וואס איז א בדיעבד און וואס איז מותר אפי' לכתחילה.

און ווי מ'זעט דאך בפועל בנוגע צו עלטערן, אז אפי' בנוגע צו זיך אליין באווארענען זיי ביז א מידה מסוימת, אז ס'רעדט זיך וועגן קינדער ווילן זיי באווארענען ביתר שאת וביתר עז.

און אט דא ווערט מען א משוחד פון אהבת הבנים אדער פון אהבת הבנות, און מ'הויבט זיי אן מחנך זיין אין אזא מין אופן אז ווען ער וועט ארויסגיין אין גאס, זאל מען פון אים ניט מאכן "פאך" (ווי מ'רופט דאס דא אן), ניט מאכן פון אים קיין געלעכטער, במילא דארף זיין ככל הגוים בית ישראל - אז ס'דארף ניט זיין ניכר אז דא גייט א אידיש קינד, ווארום ער זעט אז ער גייט אלעמאל בכיסוי הראש, ועד"ז די מיידעלע גייט אין א אופן פון צניעות, ניט קוקנדיק וואס די מאדע זאגט און וואס די צייטונגען שרייבן וכו'.

איז זי ווייס ווי ס'שטייט אין דעם אויבערשטן'ס תורה בנוגע ווי א אידישע טאכטער דארף זיך פירן, און דאס איז פאר איר דער איינציקער וועג-ווייזער בנוגע צו איר אנטאן זיך, און צו איר גרייטן זיך ווי זי זאל ארויסגיין אין גאס בין בני אדם.

און ס'איז אינגאנצן ניט תופס מקום די ענינים פון מה יאמרו הבריות, אט די וואס זייער איינציקע מעלה וואס זיי האבן איז - ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא אז דער אפטייטש פון בריות איז אז די איינציקע מעלה וואס זיי האבן איז אז זיי זיינען באשאפן געווארן פון דעם אויבערשטן.

במילא איז מען מיט זיי מחוייב מיט פקו"נ און צדקה וכו', אבער רעכענען זיך מיט זיי, אז א אייגענע טאכטער זאל זיך אנטאן ניט אין א אידישע אופן, כדי מ'זאל קענען א טעות האבן און זאגן אז דאס גייט ניט א אידישן מיידעלע, נאר דאס גייט א

מיידעלע וואס זי איז א טאכטער פון א עם לא זה, ניט פון דעם אידישן פאלק נאר פון די אנדערע פעלקער וכיוצא.

איז אט דא הויבט זיך אן די ערוואנגלעניש און די עבודת פרך וואס די מוטער דארף האבן אין זיך, און לפעמים קרובות וואס דער פאטער דארף האבן מיט דער מוטער אז זי זאל מותר זיין, אז די אויסוויינקסטע ענינים וואס ס'ווייזט זיך אויס אז אפשר וועט דורך דערויף עפעס צוקומען צו דער טאכטער, און צוליב דערויף איז מען מותר אויף די ירושה פון דורי דורות וואס אידן האבן באקומען "מורשה קהלת יעקב" ביי מעמד ה"ס, און מ'האט זיך מוסר נפש געווען און מ'האט געטראגן, און געבראכט גאנצערהייט ביז אין שנת תש"ם בכל מדינה ומדינה ובכל עם ועם.

וואס דאס איז דער גלות גדול וואס ס'איז דא נאך מערער דוקא אין אט די לענדער וואס זיינען ארצות הרווחה, און ס'איז ניטא קיין מחיצות און הבדלות לכאו' לעיני בשר, צווישן איד און ניט אידן.

איז דאך דוקא דארטן די סכנה אז מ'וועט וועלן דורכפירן מיט קינדער אז ככל הגוים בית ישראל, נאך מערער ווי אין די לענדער וואס דארטן איז אויסגעשטעלט געווארן א מחיצה ע"י הממשלה בין ישראל לעמים אין ענינים פון רשות.

וואס דאס איז בדוגמא - און דא איז דער גלות נאך א גרעסערער, ווארום ביי יעדער בעל שכל, אז מ'וועט אים א פרעג טאן וואס איז וויכטיקער אין א מענטשן און וואס איז וויכטיקער אין א קינד, צי זיין בשר וגידים ועצמות אדער ס'איז וויכטיקער זיין נשמה מיט זיין רגש שבלב און מדות שבלב מיט זיין שכל שבמוח,

וועט יעדער נארמאלער מענטש ענטפערן אז ס'איז גאר קיין פארגלייך ניטא צווישן די וויכטיקייט פון שכל שבמוח און רגש שבלב און דער נשמה בכללותה, לגבי דער בשר גידים ועצמות.

וואס דערפון איז אויכעט פארשטאנדיק, אז א גלות וואס ס'איז די סכנה פאר דער שכל שבמוח און די מידות שבלב, איז דאס א שווערער גלות פון דער גלות וואס דארט איז געווען מערניט ווי אויף בשר גידים ועצמות.

וואס דערפאר דארף מען אין דערויף אויכעט האבן אט די ענינים אין דעם מעמד ומצב פון אכתי עבדי אחשורוש אנן, וואס דעמאלט איז דאך נאך דער נס פון פורים, איז דאס געווען אין א אופן אז מרדכי איז געווען משנה למלך, "ושמעו הולך בכל המדינות", און מ'האט דערלויבט אידן צו פירן זיך ווי זיי ווילן.

איז לכאו' דארף מען דעמאלט ניט קיין מחיצות און קיינע הגבלות, וככל הגוים בית ישראל -

באווארנט מען אז ס'קומט ימי הפורים, איז אט דעמאלט דארף מען ערשט געדיינקען אז ליהודים איז **כלשונם** אפי' ווען מ'געפינט זיך אין דעם מעמד ומצב,

און ס'דארף זיין אין א אופן אז "וזכרם לא יסוף מזרעם" - אז ניט נאר מיט זיך מוז ער דורכפירן די אלע ענינים ווי זיין זיידע און זיין פאטער האט אים מחנך געווען אין דער אלטער היים, נאר ער דארף אזוי מחנך זיין זרעו און זרע זרעו, אז אין זיי זאל זיין ניכר אז ניט נאר זיי שעמען זיך ניט מיטן עלטער זיידן, וואס איז געגאנגען מיט זיין לבוש און זיין מראה חיצוני און מיט זיין הנהגה, ניט שעמענדיק זיך און ניט דערשרעקן זיך און ניט זיין אראפגעפאלן ביי זיך לגבי אינם יהודים.

דארף ער אזוי אויפהאדעווען זיינע קינדער אין גוטן וועג.

און אויך דערויף זאגט מען "ברכת ה' היא תעשיר" - דאס איז די וועג וואס ברייגגט מיט זיך דעם אויבערשטן'ס ברכה, וואס אס דעמאלט האט מען "די מחסורו אשר יחסר לו" - מ'האט אלץ וואס מ'דארף האבן סיי בגשמיות און סיי ברוחניות.

און נאך מערער: "היא תעשיר" - מ'האט די אלע ענינים אין א אופן פון עשירות, ווי געדעדט פריער - ס'גיסט זיך אריבער נאך איבער דער מאס, א עשירות סיי ברוחניות און סיי בגשמיות.

ביז ווי דער ענין איז אויך כפשוטו - ווי דעמאלט איז געווען אז "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר", איז דאך דער פשוט'ער אפטייטש אין "ויקר" איז, אז די עמי הארץ שסביבם האבן זיי מייקר געווען און זיי אפגעגעבן כבוד, דערפאר וואס זיי האבן געזען אז ניט קוקנדיק אויף די גזירות וואס ס'איז געווען - זייגען דורכגעגאנגען, האבן זיי זיך אויפגעהאלטן אין א אופן פון "דתיהם שונות מכל עם", און האבן אזוי מחנך געווען זרעו, אויכעט אין א אופן וואס לא יסופו מפי זרעם.

און אז ס'קומט ימי הפורים זיצט מען צוזאמען די אבות ואמהות צוזאמען משפחה ומשפחה, די גאנצע משפחה באם זעלבן טיש, די באבע מיט דער זיידע מיט דער פאטער מיט די מוטער מיט דער זון מיט די טאכטער און מיט די איינקלאך.

און אלע ריידן איבער צוזאמען דער תוכן פון דער מגילה, און מיט פארענדיקן דעם אז לא יסופו מזרעם וזרע זרעם, ד.ה. אז די קינדער נעמען אויף זיך אז זיי וועלן אזוי אויפהאדעווען זייערע קינדער, ביז אין א אופן אז די קינדער וועלן זיין אזויפיל דורכגענומען מיט אידישקייט, אז זיי וועלן אויך זייערע קינדער מחנך זיין אין דעם אופן, וואס דער אופן איז דאך אז "הגידו לו עם מרדכי" - אז אפי' ניט אידן זעען אז ס'איז דער פאלק וואס ס'ווערט אנגעפירט פון מרדכי - [פון תורת מרדכי - פון דער גייסט פון מרדכי -] און אין א אופן וואס "לא יכרע ולא ישתחווה".

און בשעת אז ער ווייס אז ע"פ תורה דארף ער זיין א לבוש שק דערפאר וואס דאס איז ת"ב וכיו"ב, אדער ס'איז א זאך וואס מ'דארף עפעס אויסבעטן בא דעם אויבערשטן במילא איז דאס פארבונדן מיט א לבוש שק, און מ'גיט אים א ברירה: אדער ער זאל זיין אנגעטאן אין א לבוש שק ווארום אזוי שטייט אין שו"ע, ווארום ס'איז ת"ב, אדער ער זאל קענען ארייגגיין אין שער המלך בשעת ער איז א שר המלך,

איז בא אים גאר קיין ספיקות ניט און קיין שאלות ניט און ער דארף גארניט גיין פרעגן ביי א רב, און ער ווייס אז אין לבא בלבוש שק אל שער המלך - איז בפשטות בא אים אז ער פירט זיך ווי ס'שטייט אין שו"ע, און אז אין שו"ע שטייט אז שבת טאר מען ניט טאן אט די און די ענינים, און ת"ב דארף זיין אין א אופן פון לבוש שק.

- איי וואס דערפאר וועט ער ניט קענען גיין אין שער המלך - איז גאר בא אים ניט אין א גדר פון נסיון, ווארום אט דאס איז זיין מציאות.

און ווי די גמ' איז דאס מסביר, אז א פיש קען זיך פילן נארמאל ווען זי געפינט זיך אין וואסער, כאטש אפי' ס'קען זיין א מעמד ווען זי געפינט זיך אין וואסער - ווען זי געפינט זיך במנוחה אדער ווען זי שווימט ארום במנוחה, אדער ווען זי שווימט בחפזון - דאס קומט אבער ניט צו דעם מעמד ומצב ווען מ'נעמט איר ארויס פון דעם מים - פון די וואסער, א דג ביבשה.

וואס אזוי איז התורה, אין מים אלא תורה - אידישקייט, דאס איז די מים פון יעדער אידן, און אע"פ וואס דארטן איז אויך דא אמאל פילט ער זיך בעסער און א מאל בעט ער בא דעם אויבערשטן א ברכה ווארום אים דארף נאך צוקומען אדער אים ווייזט זיך אויס אז ס'דארף אים צוקומען.

אבער דאס איז גאר קיין ספק ניט אז וואו קען ער לעבן, און ווי אזוי קען ער האבן א קיום און ווי אזוי קען ער ארבעטן ווי ס'דארף צו זיין, בשכלו שבמוח און ברגש שבלב און מיט זיין מחדו"ם, איז דאס דוקא ווען ער געפינט זיך במים.

- איז וואס דערפאר וועט ער לפי שעה ניט קענען אריינגיין בשער המלך - איז דאס ביי אים ניט קיין גדר של ספק, ווארום אריינגיין אין שער המלך איז דאס א צוגעקומענע זאך, זיין מציאות וואס דאס איז זיין לעבן און דאס איז זיין עצם וואס אן דערויף איז זיין גאנצע מציאות קיין מציאות ניטא.

און דערנאך דערציילט די מגילה, אז דוקא דורך אט דער הנהגה, גייט מען דערנאך אריין אין שער המלך, און דוקא דורך אט דער הנהגה איז בית המן גיט דער מלך אפ צו מרדכי היהודי און אסתר המלכה, דורך דערויף וואס ס'איז געווען א צייט וואס ער איז ניט געגאנגען בשער המלך, ווארום ס'איז געווען בשבת האט ער ניט געטארט שרייבן וכיו"ב, ווי דערמאנט פריער בנוגע לבוש שק בח"ב וכיו"ב.

איז דאס איז אט די וועג אז ניט נאר דער המן און דער יצה"ר וואס האט אים געוואלט אראפפירן פון וועג, האט ער אים ניט געפאלגט.

באקומט ער דעמאלט דער גאנצער כח וואס איז געווען אין דער צד שכנגד - ווי דערציילט אין מגילה, אז דאס ווערט אפגעגעבן צו אסתר המלכה און מרדכי היהודי, און אונטערשטראכן דער ווארט היהודי.

און נאך מערער: וואס במקום זה וואס פריער איז ער נאר געווען איינער פון שרי המלכות, און האט געקענט אריינגיין אין שער המלך, איז קומט דאס ניט צו דער גדלות וואס ער האט דערנאך באקומען, וואס ער איז געווארן "משנה למלך אחשורוש", און מ'האט געשיקט אגרות "ונחתום בטבעת המלך" אז מ'זאל פאלגן ווי מרדכי היהודי וועט אנזאגן בכל מדינות המלך.

וואס דאס איז ווי תורת הבעש"ט אז "אין קורין את המגילה למפרע", ווי דער בעש"ט טייטשט דאס אפ, אז בשעת מ'לייענט די מגילה, און דערנאך טראכט מען זיך אריין אין דער תוכן פון דער מגילה, איז דאס ניט למפרע - דאס איז ניט נאר א זאך וואס האט פאסירט מיט אזוי פיל יארן צוריק, נאר דאס איז א חלק פון תורה - אנווייזונג פון תורה אור - וואס באלייכט די (לעבונגס) וועג פון יעדער אידן ווי אזוי ער זאל זיך פירן אין דעם יאר און דעם ארט וואס ער געפינט זיך איצטער.

און בשעת ער גייט מיט אט דעם וועג איז דעמאלט ילך לבטח דרכו,

און דאס איז ממשיך דעם אויבערשטן'ס ברכות סיי ברוחניות און סיי בגשמיות,

און דאס איז דערנאך ממשיך דער "מסמך גאולה לגאולה", אז פון די גאולה פון פארשידענע שוועריקייטן, און פארשידענע המן'ס נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות,

איז מיד הן נגאלין, ס'קומט בסמיכות גאר אין גיכן די גאולה האמיתית והשלימה ע"י מ"צ, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו במהרה בימינו ממש.

* * *

ג. וואס כל האמור - וואס מ'האט פריער גערעדט בנוגע צו שמחת פורים, איז דאס אין וואס פאר א טאג אין וואך פורים זאל ניט אויסקומען.

ס'איז דאך אבער אויכעט דא כמדובר כמ"פ א הוראה מיוחדת פון דער קביעות מיוחדת.

וואס בש.ז. קומט דאך אויס פורים ביום ראשון בשבוע.

וואס ס'איז זיכער דא אין דערויף הוראות מיוחדות, און בפרט אויכעט א הוראה מיוחדת בנוגע צו דעם ענין אין פורים אויף וועלכן מ'זאגט אז חייב איניש לבסומי בפוריא עד דלא ידע.

וואס בכל השנים כולם ווי מ'זעט בטבע האדם אז ער איז שמח בשעת ס'קומט בא אים צו א ענין חדש וואס קודם זמן השמחה איז דאס בא אים ניט געווען.

וואס אט דעמאלט אויב דאס איז א ענין וואס איז פארבונדן מיט שמחה איז אט דעמאלט שטייט ער בשמחה, בשעת ער איז פריער אויכעט געשטאנען אין א מעמד טוב, איז אט דעמאלט דארף מען האבן מערער ענינים וואס זאלן אים צוברייגנען לידי שמחה, וויבאלד אז ער קומט צו דער טאג של שמחה ניט פון א מעמד בלתי רצוי נאר פון א מעמד וואס ער איז געשטאנען במעמד טוב ורצוי.

עד"ז בשאר השנים ווען פורים קומט נאך תענית אסתר, איז דעמאלט אויכעט ס'דארף דאך זיין א שמחה וואס דערנעמט דעם גוף, וואס דערפאר זאגט מען דאך אז לבסומי בפוריא, איז דאס א ענין וואס דארף זיין ביין דוקא, וואס דאס ברייגגט צו שמחת הגוף, וואס דערפאר איז דאך דער דין ביי יו"ט - מועדים לשמחה - איז דא דער חיוב פון שתיית יין.

בשעת ס'קומט א קביעות השנה וואס פורים איז נאך דער טאג פון תענית אסתר, וואס אט דעמאלט איז דאך ניט נאר אז ער האט ניט קיין יין, נאר נאך מערער: ער שטייט אין א מעמד ומצב פון תענית, איז פארשטאנדיק אז כדי ער זאל צוקומען "לבסומי", דארף מען האבן ניט אויף אזויפיל יין ווי ס'וואלט געדארפט האבן ווי ס'קומט נאך א תענית, ווי מ'זעט דאס אויכעט בעיני בשר.

בשעת ער קומט אבער לימי הפורים ניט פון א טאג פון א תענית, ובפרט נאך אז ער קומט פון א טאג פון שבת, וואס שבת איז דאך דא דער קידוש על היין.

בפרט נאך ווי ס'איז דא כמה מנהגים וואס אויכעט דער ענין היין איז בשלש סעודות, ניט נאר די ערשטע צוויי סעודות, עאכו"כ לויטן פירוש הספרי וועגן וועלכע מ'האט שוין גערעדט כמ"פ, אז שבת בכלל ווערט אנגערופן וביום שמחתכם אלו השבתות, דערנאך קומט צו א יום חדש מיט א ציווי מחודש אז דעמאלט דארף זיין א ענין של שמחה, וואס ס'איז פארשטאנדיק אז ס'דארף זיין שמחה לגבי די שמחה וואס איז געווען ביום שלפנ"ז, בדוגמת הלשון הידוע אז תענוג תמידי איננו תענוג, עד"ז וויים מען דאך אויכעט בנוגע צו שמחה פון שבע ברכות דארף מען האבן א פנים חדשות דוקא.

איז דערפון אויכעט פארשטאנדיק אז אם בכל השנים כולם, איז מספיק א ענין וואס ברייגגט עם לבסומי כדי ער זאל זיין אין א אופן פון עד דלא ידע, אז ס'קומט א יאר וואס דעמאלט איז פורים לאחרי יום שמחתכם אלו השבתות, וואס בפשטות איז דא דער קידוש על היין און דערנאך הבדלה על היין, נוסף אויף דעם ענין פון שמחתכם ווי דאס איז מצד ציווי התורה שמחתכם.

איז דאך אט דעמאלט דארף מען האבן נאכמער כדי ס'זאל דורכגעפירט ווערן דער לבסומי, ביז אין א אופן פון עד דלא ידע.

און ווי דאס איז אזוי בגשמיות איז מכ"ש וק"ו אז ס'דארף אזוי זיין אין די רוחניות הענינים.

וואס דער ענין פון יין איז דאך דאס התבוננות אין ענינים פון תורה ומצוותי' ביז אין א התבוננות אין עבודת ה' אין עבודת התפלה, ביז אז ער ווערט

דעמאלט אינגאנצן פארלארן - עד דלא ידע, אמיתית ענין התפלה, ער ווערט אויס מציאוה, ס'איז מערניט ווי עבדא קמי מרי'.

איז אויב בכל השנים כולם איז אויך דערויף מספיק אז ער לערנט אזויפיל און אזויפיל מאמרי חסידות וועגן פורים, און אזויפיל ענינים אין נגלה דתורה פארבונדן מיט הלכות פורים, וכל ענינים השייכים לפורים ברוחניות -

איז דאס ניט מספיק אין א שנה וואס פורים קומט נאך יום שמחתכם אלו השבתות.

און מ'דארף האבן כמ"פ ככה, ביז אין א אופן אז דאס זאל זיין די פריערדיקע שמחה דארף אויכעט זיין א שמחה אמיתית ווארום דאס ווערט דאך פארלאנגט פון תורת אמת, איז דערפון פארשטאנדיק אז פריער איז ביי אים אויך געווען וביום שמחתכם אמיתיה, און אעפ"כ זאגט מען אים אז וויבאלד ער האט געמאכט הבדלה על היין הויבט זיך אן די ימי הפורים, הויבט זיך אן דער חיוב לבסומי עד דלא ידע ואיני מבקש אלא לפי כחם.

גיט מען אים די אלע ענינים הדרושים ער זאל קענען דורכפירן ברוחניות אז ער זאל זיין לבסומי בפוריא עד דלא ידע ברוחניות הענינים.

און דאס איז פארבונדן אויכעט מיט אין ענין יוצא מידי פשוטו, ובפרט א פס"ד וואס איז פארבונדן מיט מעשה בפועל, מיינט מען דאס מעשה בפועל ווי די ענינים זיינען בגשמיות.

און דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז אויב בכל השנים כולם - כמדובר לעיל - איז די המשכות פון ימי הפורים האלו זיינען פועל און אין א אופן פון פעולה נמשכת במשך כל השנה כולה, ביז אין ימי הפורים פון תשמ"א.

עאכו"כ וויבאלד אז ס'ווערט נתוסף - דארף נתוסף ווערן ניט נאר אין דער בשמחה בימי הפורים, נאר אויכעט אין די פעולה שלאח"ז במשך כל ימי השנה אנהויבנדיק פון שושן פורים, און דערנאך די ימים שלאח"ז.

עאכו"כ אז ער איז נאך מוסיף אין "פקודי ה' ישרים משמחי לב", וואס דאס איז דאך אויכעט א שמחה כפשוטה, וואס דערפאר קומט דאך ארויס דער דין אז אין די ימים וואס ס'דארף ניט זיין קיין שמחה כפשוטה איז דאס אויך נוגע צו "פקודי ה' ישרים משמחי לב".

בשעת ער איז אבער מוסיף אין דערויף, ווארום דאס איז א ענין וואס ער וויל דאס, און דערנאך וויל ער דאס דערפאר וואס דאס איז ציווי הקב"ה, ווערט דאך דאס א מילוי הציווי אין א אופן פון נעשה קודם לנשמע.

און ווי ער זאגט אין שאילתות אז ביום הפורים איז דאס כיום שניתנה בו תורה, איז דאך דאס נאך מער מדגיש דעם ענין פון די שייכות פון פורים מיט מ"ת, ניט נאר קיימו מה שקבלו כבר, און מ'טיילט פאנאנדער אז דאס איז "כבר" און דאס איז "קיימו" מה שקבלו כבר -

נאר ווי ער זאגט - כאמור - אין שאילתות אז דאס איז כיום שניתנה בו תורה, וואס דאס איז אויכעט דער יום עצמות ס'איז דא די מעלה וואס דעמאלט איז דאס געווען בפעם הראשונה מיט כל מעלמות התלויות בזה.

און ווי ס'איז אויכעט פארשטאנדיק וואס די גמ' זאגט דאס בחדא מחתא, אז הכל מודים ביום עצרת שניתנה בו תורה אז ס'דארף זיין "לכם", אזוי אויך איז ער גלייך ממשיך אז אויך בימי הפורים וואס דעמאלט דארף אויכעט זיין "לכם".

אז אזוי איז מען ממשיך במשך כל השנה כולה, אז ס'זאל זיין א שנה של שמחה בכל העניינים סיי הגשמיים און סיי הרוחניים, און אין עניינים הרוחניים והגשמיים והגשמיים והרוחניים גם יחד.

ביז אין א שמחה בל"ג באמת, וואס דאס קען זיין באמת וועו דאס קומט פון "שמחת עולם על ראשם", וואָרום דער אויבערשטער ברענגט די שמחה פון די גאולה השלימה והאמיתית ע"י מ"צ,

און אין א אופן של שמחה וואס שמחה ברענגט דאך אויכעט זריזות און א הקדם הכי זריז און הכי קדום,

אז נגאלין מיד, און מ'גייט מתוך שמחה וטוב לבב וביד רמה מקבל זיין פני מ"צ, נאך זייענדיק פון דעם מעמד ומצב פון "מפוזר ומפורד בין העמים", איז דער אויבערשטער מקיים דער "תלוקטו לאחד אחד בית ישראל", פון דעם "מפוזר ומפורד".

און מ'זעט דעמאלט בגלוי ווי אזוי מ'איז א עם אחד, ביז אז ס'ווערט א מציאות פון "קהל גדול" ל' יחיד, אלע אידן צוזאמען זיינען איין מציאות,

יבואו הנה, אין אה"ק "אשר גו' תמיד עיני ה"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה",

ובעגלא דידן.

* * *

ד. וואס אט דאס קומט אויך בהמשך וואס געזאגט פריער וואס קהל גדול ישובו הנה, איז מסמך גאולה לגאולה, די שייכות אויכעט צו פורים -

ווי גערעדט כמ"פ, און אויך געבראכט אין כמה ספרים בארוכה, אז דער ענין פון משלוח מנות איש לרעהו און מתנות לאביונים, איז דאס א ענין וואס איז מקרב לב בני ישראל לכל אחד ואחד.

אויך ווי ער זאגט אין שו"ע אז נשים שיקן משלוח מנות אשה לרעותה, איז אויכעט לב כל אחת ואחת,

נוסף אויכעט אין דעם ענין וואס ביי קריאת המגילה איז דאך אויכעט דער דין אז ס'זאל זיין ברוב עם הדרת מלך - אז מ'זאל ניט מותר זיין אויף קיין איין און איינציקן אידן - אויכעט אים אריינציען ער זאל זיין ביי דער קריאת המגילה, און צוזאמען אויכעט מיט די בנים ובנות ווי מודגש בכ"מ אין דער מגילה דער ענין פון "זרעם".

וואס דאס איז אויכעט אלץ מתאים, וואס דאס האט דאך מבטל געווען די גזירה שלפנ"ז, איז דאך אויכעט געווען פארבונדן מיט טף, אויכעט געווען פארבונדן מיט יעדער אידן און מיט אלע אידן אשר בכל מדינות המלך - מלכו של עולם.

און אין א אופן - וואס דאס איז אויכעט געווען די טענה, אז זיי זיינען דאך עם אחד, און מ'זעט אז בפועל איז דאס מפוזר ומפורד בין העמים.

בפרט נאך ווי ער טייטשט אפ אין מדרש, אז ס'איז געווען די טענה פון אחשורוש אז ס'וועט ווערן א לאך אין די מדינה זיינע - האט ער אים אויף דערויף געענטפערט אז דאס איז קיין טענה ניט אויף ניט דורכפירן די גזירה וואָרום ס'איז מפוזר ומפורד בין העמים, וועט ניט זיין ניכר אז מ'האט זיי צוגענומען.

איז דאך דערפון פארשטאנדיק בפרט נאך לויט פנימיות הענינים, אז דאס איז געווען די טענות פון המן לפני מלכו של עולם, ווי דער צ"צ ברענגט אראפ במאמריו, אז דאס איז מפוזר ומפורד בין העמים,

וואס דאס איז דאך אויכעט פארבונדן, אין אט דאס וואס כמדובר כמ"פ אז "חבור עצבים אפרים הנח לו" - בשעת אידן האלטן זיך צוזאמען, איז וואס פאר א מעמד ומצב זאל ניט זיין ברוחניות, איז יוצאים במלחמה ונוצחים, משא"כ מפוזר ומפורד איז פונקט דער היפך אין דעם קצה השני.

וואס דאס קומט דאך אויך בהמשך להמדובר אין די התוועדות פון ויהי בשלושים שנה - פון י' שבט, וואס דאס איז דאך אן ערך שלשים יום לפני ימי הפורים - ובפרט נאך וואס מגילה נקראת בי"א איז דאס שלשים יום ממש.

וואס דעמאלט האט זיך אויך גערעדט, וואס ס'האט געזאגט דער בעל ההילולא אז א יחיד איז א רבים, און דערנאך די הוספה וואס מ'האט גערעדט בארוכה, אז דער ארבעט פון א יחיד איז אז ער זאל פון זיין רבים מאכן א ציבור און א מציאות אחת,

ווי דער סיפור הידוע פון דעם זיידן פון בעל ההילולא וואס נקרא על שמו, וואס ער האט מבטיח געווען אז ביי אים וועט זיין תפלה בצבור, און מ'האט אים געפונען דאוונענדיק ביחיד, האט ער געענטפערט אז דער אמת'ער תפלה בצבור איז אז מ'קלייבט צוזאמען עשר כוחות נפשו, .

אעפ"כ איז דאס לכאו' מערניט ווי א צחות?!

איז דער ביאור בזה:

תפלה בצבור איז ניט דער פשט אז ס'דאווענען צען מענטשן - צען באזונדערע אידן, נאר ס'דאווענען איין מציאות פון א עדה קדושה.

צבור ל' יחיד.

און דאס איז ווי דאס שטעלט זיך אויס אויכעט אין א יחיד, ובפרט א יחיד שרבים צריכים לו, און ער שטייט אין א ציור לעיני בשר פון א מציאות אחת ל' יחיד, איז האט ער דעם תוקף וויבאלד אז רבים צריכים לו - פון א רבים, בנוגע לתפלתו, בנוגע להדרכתו מיט די אלע ענינים פארבונדן מיטן בעל ההילולא.

וואס ער האט אנגעזאגט לכל ההולכים בדרכיו, אז מ'זאל וויסן זיין אז יעדער יחיד איז א רבים, דאס איז אבער אין א מעמד ומצב פון רבים.

דערנאך דארף יעדערער טאן און אויפטאן אז פון זיין רבים זאל ער מאכן א צבור - א יחיד, ביז וואנעט "בכל לבבך - בשני יצריך", שטייען זיי ביידע אין א אופן פון "ואהבת", און זייער אהבה שטייט אין דעם זעלבן ווארט סיי די אהבה פון יצ"ט און סיי די אהבה פון דעם יצר השני - שטייט דאס אין דעם זעלבן ווארט "ואהבת", ווארום דאס ווערט א מציאות אחת.

און דאס גיט אים דערנאך מערער הצלחה אז ער זאל אויספירן אין דעם רבים שמסביבו, פון זיי אויכעט מאכן א ציבור, און ניט ארויסלאזן קיין אידן דערפון,

כמדובר כמ"פ אז ס'שטייט אין ספרים אז צבור איז א ר"ת צדיקים בינונים און רשעים - און ס'שטייט אבער נאך מיט א וא"ו המחבר פאר דעם רי"ש, אז זיי איז מען מחבר ביז וואנעט אז זיי ווערן פונקט ווי בינונים און די בינונים ווערט פונקט ווי די צדיקים, און פון זיי אלע צוזאמען ווערט א ציבור, א מציאות אחת.

וואס אין דערויף אויכעט אט די מעלה אז דאס איז ניט א מציאות אחת וואס האט אין זיך מערניט ווי א יחיד כפשוטו, נאר דאס איז א מציאות אחת וואס האט אין זיך עשרה אדער נאך מערער - מאה, אדער נאך מערער: אלף, אדער נאך מערער: רבוא, ביז ס'האט אין זיך א מציאות פון אוכלסא - נכנס באוכלסא ויצא באוכלסא, און אוכלסא איז דאס ששים רבוא וואס דערמאלט זאגט מען חכם הרזים.

וואס דאס איז א מציאות של צבור ווי דאס איז אין תכלית השלימות, ווארום זי שטעלט זיך צוזאמען פון ששים רבוא וואס דאס איז תכלית השלימות אין מספר נשמות בנ"י, כמבואר בכ"מ.

פארבונדן מיט תכלית השלימות אין ס"ת, וואס דארט איז דאך אויכעט די ששים רבוא אותיות לתורה.

וואס דאס איז יש ששים רבוא אותיות לישראל, און ששים רבוא אותיות לאדם ווי ער זאגט אין כש"ט - איז דאך דערפון אויכעט פארשטאנדיק אז דער למ"ד קען אויכעט הייסן לתורה - זאת התורה אדם.

וואס זי האט אויכעט ששים רבוא אותיות, ווי געבראכט אין לקו"ת, און ידוע די שקו"ט בזה ווי דאס שטימט מיט די מציאות בפועל, לויט דעם מספר האותיות וואס ס'איז דא פון ר' סעדי' גאון און בספרים שלאח"ז.

וואס דאס איז אויכעט כמדובר בארוכה אין די פריערדיקע התוועדות, די עבודתו של כאו"א, אז ער זאל זיין מקבץ נדחי ישראל - זיינע ניצוצות צוזאמענקלייבן, די ניצוצות פון זיינע מחשבות דיבורים און מעשים.

עאכו"כ אדער ביחד ע"ז - אויכעט צוזאמענקלייבן אידן צו וועלכע ער קען דערגרייכן און מאכן זיי - "ויעשו כולם אגודה אחת לעשות רצונך בלבב שלם", מ'מאכט פון זיי איין צבור,

און דער צבור האט מער ניט ווי איין און איינציקער החלטה און איין און איינציקער רצון, וואס דאס איז ניט דער אייגענער רצון, ניט מ'לערנס ארייז אין תורה וואס ביי זיך קומט אויס אפי' אין ענינים וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ.

נאר מ'לערנט פון דער תורה ארויס וואס די תורה וויל, ווארום דאס איז ניט ער וויל לעשות רצונו אדער אז אנדערע זאלן טאן ווי ביי אים קומט אויס, נאר ס'איז לעשות רצונך - דעם אויבערשטן'ס, און טוט דאס בלבב שלם מיט צוויי בית'ן, וואס כידוע אין ספרים אז ס'שטייט צוויי בית'ן, אז ניט נאר זיין יצ"ט זאגט אזוי נאר אויך דער צווייטער בית זאגט אויך אז ס'זאל זיין אין א אופן פון שלימות.

און בשעת ער טוט אזוי און טוט דאס לאמיתתו, איז הקב"ה עוזרו, וואס דער אויבערשטער האט לכתחילה געהייסן שרייבן אין תורה נעשה - ל' רבים, און משה רבינו האט גע'טענה'ט היתכן - מ'גיט דורך דערויף א נסיון מ'זאל דאס טייטשן קאפויר, האט דער אויבערשטער אויף דערויף געענטפערט: כתוב, והרוצה לטעות יטעה.

וואס איינער פון די פירושים אין דערויף איז דאך אז אפי' הרוצה לטעות אז ער וויל א טעות האבן, וועט ער זיך סוכ"ס כאפן אז "יטעה" - אז דאס איז א טעות.

און ווי ס'שטייט אויף דערויף די ראיות וואס מ'האט געענטפערט די יוונים, וואס דא רעדט זיך וועגן די חכמים שבהם, אז ס'שטייט אלקים ל' רבים, האט מען גלייך אויף דערויף געענטפערט אז ס'שטייט ברא ל' יחיד.

איז דאך לכאו' וואס איז דא דער חידוש, ס'האט דא געקענט אויכעט שטיין אלקים ל' יחיד -

דאס איז אבער דער אויפטו פון "אשר ברא אלקים לעשות - לתקן", אז א איד און א מענטש בכלל דארף אויפמאכן פון דעם רבים זאל ער מאכן א יחיד, דורך דערויף וואס ווי זיי זיינען א רבים איז ער אין זיי מעורר די נקודת היהדות - די געטליכקייט וואס איז דא ביי יעדערן פון זיי.

און דעמאלט ווערט דאס א שם קדוש, א דבר ברור אז ס'איז ברא ל' יחיד, ביז אין א אופן אז אפי' דער וואס האט אמאל געוואלט א טעות האבן, קומט ער לידי החלטה אז דאס איז ביי אים געווען מערניט ווי א טעות, און ער איז מודה און דיינקט אפ פארוואס מ'האט אים געהאלפן און אים אוועקגעשטעלט אין דרך האמת, אין דרך היחיד - יחידו של עולם.

וואס דאס איז דאך אויכעס די מעלה, און ווי גערעדט אמאל באריכה, ס'איז דא אמאל איז שווער ארויסצוקריגן דעת תורה, ווארום מ'ווייס ניט ווי אזוי איבערצוזעצן די עניני העולם אין מושגים און מונחים וואס זיי זיינען תורה מונחים.

אט דער גאנצער ענין פון רבים און יחיד, איז ניט נוגע ווי מ'רופט דאס אן צי "דעמאקראסי" וכו', בכל מדינה ומדינה כלשונה - האט דאס און וואס איז די מעלה וואס ס'איז דא באחד לגבי השני ווי גערעדט פריער, אז ס'איז דא די מעלה פון א צבור אז דאס איז א מציאות אחת, אעפ"כ איז דא א מעלה אין א צבור פון ששים רבוא לגבי א צבור פון רבוא, לגבי א צבור פון אלף, לגבי א צבור פון מאה און לגבי א צבור פון עשר און לגבי א צבור פון נאך ווייניקער, ווי ס'איז דא א בי"ד של שבעה, און א בי"ד של חמשה, און מיעוט רבים שנים - א בי"ד של שנים, ביז א צבור ווי א יחיד איז א צבור -

און די מעלה כאמור ווי ס'איז די מעלה פון א מציאות אחת,

וואס דאס איז די חקירה הידועה אין מונחים און מושגים פון תורה, בנוגע צו כמות און איכות און וואס וועגט אריבער.

די מעלה פון א ציבור איז ווי ער ווערט א מציאות אחת, איז דאס די מעלה פון **איכות** -

די מעלה ווי די צען אידן זיינען כ"א בפ"ע, און דוקא דעמאלט ווערט דאס אנגערופן בשם פרסומי און קדוש ש"ש ברבים ווילע ס'איז דא צען אידן, איז דאס איז אן אמת'ער פרסום - איז דא די מעלה פון **כמות**.

און אט דאס איז די חקירה מיט די דיעות מיט די תנאים וגדרים, וואס וועגט אריבער, און ווען וועגט אריבער איכות - כמות, אדער כמות איכות.

ווערט דאס דערנאך אויסגעטייטשט און דאס קומט אראפ "שנשתלשלו מהם", אין מנהגי המדינות בנוגע צו דאס פירט זיך אין א אופן פון "אחרי רבים להטות", אדער דאס פירט זיך אין א אופן פון א דעת יחיד, אדער ס'פירט זיך אין א אופן אז מ'מאכט פון דעם רבים א צבור.

וואס דאס איז כמדובר אין די התוועדות הקודמת, אז בשעת דער רבים בלייבט א רבים, איז אט דעמאלט קען זיין דער ענין פון יד איש ברעהו, ובל' המשנה "אלמלא מוראה של מלכות איש את רעהו חיים בלעו".

וואס מ'דארף האבן א מורא של מלכות, וואס מלכות איז דאך דא אויף פארשידענע אופנים, ביז אין א אופן פון מלכות אין כמה מדינות בדוגמא ווי דאס איז אין הלכה דער ענין פון ז' טובי העיר, וואס זיי ווערן אט די וואס פירן אן מיט די גאנצע שטאט, און זיי באקומען א תוקף פון תורה, ווארום דאס ווערט זייער החלטה די החלטת השו"ע - החלטת התורה, אע"פ וואס דאס איז מערניט ווי שבעה נבחרים.

און ווי דער אלטער רבי ברייננגט דאך אויכעט בכ"מ אין אגה"ק ע"פ ריצוי הקהל, ריצוי הקהל, בחירת הקהל. וואס אט דעמאלט ווערט ער דער שליח פון דער צבור.

ווי אזוי ווערט דאס א ציבור - דורך דערויף וואס זיי האבן זיך מתייחד געווען ניט יעדערער געפינט זיך אין א באזונדער רשות, איז דעמאלט ע"פ שו"ע איז דאס ניט קיין מנין.

ווען קען מען זאגן א דבר שבקדושה - דארף מען האבן עשרה מישראל און זיי זאלן זיך געפינען אין דעם זעלבן רשות. וכמבואר בנוגע להלכה כפשוטה.

וואס אט דעמאלט כדי דער רבים [ווי דער אלטער רבי איז דאס מדגיש] זאל זיין ע"פ ריצוי רוב הקהל, איז דער רבים קלייבט אויס דער שליח צבור בנוגע צו ענינים, סיי בנוגע ווי כפשוטו פאר דאווענען פארן עמוד וכיו"ב, אדער בנוגע ווי דערמאנט פריער - ז' טובי העיר, וואס זיי ווערן אויסגעקליבן אויף לנהל עניני הקהל - זיי באקומען א תוקף פון שו"ע.

ביז בנוגע צו א מדינה כולה, וואס דורך דערויף אז ס'איז דא דער "אחרי רבים להטות" קלייבט מען אויס אט די וואס זיי זיינען ע"פ ריצוי רוב הקהל, און זיי ווערן דערנאך די שליחי צבור - די באי כח אויף דורכפירן די ענינים והליכות המדינה והעיר והסביבה וכו'.

וואס דורך וואס ווערט דאס - איז לכתחילה [ווי געזאגט כמ"פ] מלכותא דארעא כעין מלכותא דרקיעא, איז דאך אויכעט דא "שנשתלשלו מהם" ווי דאס איז געווען בנוגע ביי אידן בנוגע די ז' טובי העיר, וכיו"ב ביז ווי געזאגט [ווי דער אלטער רבי ברייננגט אראפ בנוגע לימין] ע"פ ריצוי רוב הקהל.

וואס אט דעמאלט איז אין דעותיהם שוות, וואס דערפאר איז דאך ברוב המקומות איז דא כו"כ סברות וועמען מ'זאל אויסקלייבן, און מ'איז מחליט - ווי פארשטאנדיק פון דעם לשון גופא, ביז ווי מ'זאגט בנוגע צו מרדכי אין די מגילה "רצוי לרב אחיו" און ניט "לכל אחיו".

איז דאך פארשטאנדיק אז ס'איז דא נאך אזויגע וואס זיינען אויך בגדר זה, און ס'איז שייכות אז מ'זאל זיי קלייבן און זיי זאלן זיין רצוי און דורש שלום מיט כל הענינים, און די החלטה בלייבט ווי דאס איז רצוי לרב אחיו.

ביז ווי דאס איז אין תורה והלכה עצמה, אז "אחרי רבים להטות" אפי' אין הל' התורה פון איסור והיתר, ווי מ'געפינט מחלוקת ראשונה וואס איז געווען בין ב"ה וב"ש און דערנאך עמדו למנין און מ'האט מחליט געווען לפי דעת הרוב.

וואס דער מיעוט האט געוואלט אויסקלייבן אן אנדערן.

דערנאך אבער - לאחרי דערויף וואס ס'איז שוין דא דער פס"ד פון "אחרי רבים להטות", און דער רבים האט אויסגעקליבן פב"פ, איז דעמאלט בידע ענינים:

בדוגמא ווי דאס איז אין הלכה אז נאך דערויף וואס ס'איז "יצאי" - דער פס"ד ווי ב"ה, איז אט דעמאלט דארפן אויך ב"ש טאן כדעת ב"ה.

לאידך גיסא - איז ב"ה דארף אויכעט זיין "האמת והשלום אהבו" אויך בנוגע צו ב"ש, "ולא דים אלא שמקדימין דברי ב"ש לדבריהם" ווי די גמ' זאגט אין ערובין.

אט אזוי איז דאס אויכעט אראפגעקומען אין בחירות כפשוטם, אויך בהון עמי הארץ "שנשתלשלו מהם", אז לכתחילה איז סאקע דא כו"כ סברות וועמען מ'זאל קלייבן

און אין דעותיהם שוות - ס'איז דא אזוינע וואס ווילן דעם און אנדערע ווילן א צווייטן, און אנדערע וואס ווילן א דריטן.

בשעת ס'ווערט אבער דערנאך דער "אחרי רבים להטות", און מ'קלייבט אויס פב"פ, איז אט דעמאלט אלע דארפן דערנאך זיין נשמעים לקולו, און דעם וועמען מ'האט אויסגעקליבן איז אויכעט תפקידן, אז ניט נאר ער באטראכט זיך אז ער איז דער בא כח פאר די וואס האבן פאר אים געשטימט פון דעם רוב, נאר ער איז אויכעט דער מגין און דער בא כח פון די אלע וואס האבן זיך משתתף געווען אין דער צייטלונג, סיי דאס איז דער רוב און סיי דאס איז דער מיעוט, ווארום דאס איז "נשתלשלו מהם" - אזוי איז דאס איינגעשטעלט אין תורה בנוגע צו א פס"ד הלכה אין תורה.

ביז בנוגע צו פסקי דינים אין איסור והיתר, און ווי ס'איז דאך געווען בעיירות ישראל, אז ס'איז געווען כמה סברות ווער זאל זיין דער רב.

בשעת מ'האט אבער אויסגעקליבן דעם רב, איז ער געווארן דער רב פון דער גאנצער שטאט כולל אויכעט דעם מיעוט וואס האט לכתחילה געוואלט א צווייטן, ביז וואנעט אז באתרי' דר' יהודה אדער באתרי' דשמואל, אדער באתרי' דרב דארפן כל דרי פון דעם אתר - פון דעם ארט, דארפן זיי זיך פירן כפי רצונו ובהנהגתו.

ועד"ז לאידך גיסא דאס וואס ער דארף טאן, איז ער דער רב און דער מנהיג פון כל אנשי הקהילה, סיי דעם מיעוט און סיי דער רוב.

עד"ז "שנשתלשלו מהם", ווי דאס איז אין די בחירות בכל העיר און בכל המדינה כולה אפי' דארט וואו ס'האט א שייכות בשוה צו יהודים ואינם יהודים.

וואס אט דעמאלט ווערט דאס די שלימות אין דעם ענין פון דעם רבים, אז דאס ווערט א ציבור, ניט דורך דעריף וואס ס'ווערט דיעותיהם שוות, ווארום אזא מין מציאות איז ניסא - די מציאות איז אז אין דעותיהם שוות.

בשעת ס'קומט אבער למעשה בפועל, איז אט דעמאלט איז דער שלימות המדינה און דער שלום במדינה ועד"ז בעיר ובקהל וכו', איז דאס איז בשעת ס'קומט לידי מעשה איז תורה אחת לכולנו בנוגע צו איסור והיתר, תורה אחת לכולנה בנוגע צו שו"ע חו"מ, כאטש אפי' דאס איז דיני דממונא, און אין ממון איז דאך דא כמה ענינים וואס אין הולכים אחר הרוב; אבער אויך אין דיני ממונות פסק'נט מען אויכעט בשעת א פלוגתא פון תנאים ואמוראים כדעת הרוב.

און אין דיני ממונות נעמט מען אויכעט אין באטראכט דער מנהג הסוחרים, כולל אויכעט סוחרים וואס זיי זיינען אינם יהודים.

און דערנאך איז "נשתלשלו מהם", קומט דאס אזוי אראפ אויכעט אין הנהגת המדינה, ובפרט אין א מדינה וואס דארט איז ענינה [ווי דערמאנט פריער] אידן קענען זיך פירן בכל עניני יהדות, אויב נאר זיי זיינען מחליט אז זיי דארפן אזוי טאן, קענען זיי דאס דורכפירן אפי' אין די ענינים וואס ס'ווייזט זיך אויס אז דינא דמלכותא איז א מנגד לזה, איז בשעת מ'שטעלט זיך בתוקף און מ'איז מכריז ומודיע, אז דאס איז ניט אויסגעהאלטן ע"פ שו"ע פון אידן - "ודתיהם שונות מכל עם" -

איז אפי' אז ס'געפינט זיך א המן, פון ניט אידן, אפי' אז ס'געפינט זיך - ר"ל - א המן פון אידן, און ער לייגט זיך איין אז מ'זאל ניט העלפן ישיבות, און מ'זאל דוקא ארייננעמען פרויען אין מיליטער וכיו"ב.

איז סוכ"ס ווערט בטל מחשבתו הרעה אשר חשב על היהודים, דערפאר וואס דאס איז ניט ווי ער רעדט זיך איין אדער ער האט א טעות, טשוכעט ער זיך אויס און

ווייסט גלייך אז ער האט א טעות געהאט, און כאפט זיך אז דאס איז חשב על היהודים, איז דאס ר"ל לאבדם,

האט ער אליין אויכעט חרטה און איז מתקן, און זאגט דאס ברבים און איז מבטל כל השתדלות שלו, אויף מנע און מעכב זיין בזה, עאכו"כ בנוגע צו ניט אידן וואס ביי זיי איז ניטא דער ענין פון בחירה חפשית עד כדי כך ווי דאס איז דא ביי אידן.

און דוקא באופן כזה ווערט נתרבה דער ענין האחדות אפי' ביי ניט אידן, במילא קומט אן לייכטער ביי אידן אז ביי זיי זאל זיין דער אחדות מערער.

ביז וואנעט אז ס'ווערט אלץ מער מתקרב און מתאחד, במילא ווערט בטל די סיבה פון דער גלות, וואס ווי ער זאגט אין גמ' אז דער ענין פון גלות זה איז געקומען מצד דער היפך פון אהבת ישראל, און ס'איז געווען דער ענין הפכי, און דערפאר איז לא נתגלה קיצם.

און אז דער קירוב פון אידן צווישן זיך ווערט אלץ מערער און מערער, וכמדובר לעיל, אז אפי' ווען ער איז געווען אלס מיעוט האט ער געהאט אן אנדער דיעה, און די דיעה איז ביי אים נאך ניט נשתנה געווארן מאיזה סיבה שתהי',

בשעת ס'קומט אבער לגדי מעשה, פירט ער זיך ווי דער דעת הרוב - ווי דער רוב האמיתי, וואס דאס איז דער רוב וואס איז מתאים מיט תורה, ווארום בשעת ס'ווערט א רב פון היפך פון צדיקים, זאגט מען דעמאלט אז "אין שלום אמר ה'" צו היפך פון צדיקים, אז ס'ווייזט זיך אויס אז ביי זיי איז דא שלום ביניהם.

- איז כידוע דער דיוק המשנה "מחלוקת שאינה לש"ש" איז "מחלוקת קרח ועדתו", צווישן קרח מיט זיין עדה דארט איז געווען די מחלוקת, דאס איז ניט געווען איין זאך - דאס איז געווען ר"נ אנשים (צוזאמען) מקטירי הקטורת צוזאמען מיט קרח'ן, און צווישן זיי איז געווען די מחלוקת, כאטש כלפי חוץ - אז מ'האט געדארפט אפקריגן אויף משה אמת והורתו אמת, און אין אמת גופא אין תורת אמת - אמת לאמיתו, פנימיות התורה, סודות התורה,

פאראיינציקט מען זיך צוזאמען און מ'וויל זאגן אז ס'איז דא מערער ווי איינער וואס האלט ניט ר"ל - פון פנימיות התורה,

וכידוע דער ווארט פון דער חתם סופר, וואס מ'גיט דאס איבער בשמו, און געזאגט אז דער וואס איז מכחיש בנגלה אין נסתר דהורה איז ער מכחיש בנסתר אין נגלה דתורה!

וואס אמאליקע צייטן האט מען זיך נאך געדארפט דינגען אין אט די ענינים, אבער איצטער איז בטל געווארן די גאנצע חששות מיט די טעמים וואס מ'האט אמאל געטראכט און מורא געהאט פאר זיי,

וכמדובר כמ"פ אז מ'גייט ארויס אין גאס און מ'זעט א אידן מיט א בארד זאגט מען אז מסתם לערנט ער קבלה, במילא ע"פ קבלה טראגט ער א גרויסער בארד, אדער ער לערנט חסידות טראגט ער ע"פ חסידות א גרויסע בארד, ועד"ז בנוגע צו לייגן צוויי פאר תפילין, מהדר זיין בהידורי מצוה, וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

וויבאלד אז גם אהבתם און גם דער היפך פון דער אהבה איז גלייך בטלה מיט יארן און מיט דורות צוריק, און הכל מודים אין דעם אמת לאמיתו, אז דער תורת בעש"ט איז אמת, און תורת נשיאים ממלאי מקומו אמת.

און ס'וועט זיין דער יפוצו מעיינותיך חוצה, און מתוך דרכי נועם און דרכי שלום, און א אופן פון מוסיף והולך ואור, באך מערער ווי מ'שטעלט זיך פאר.

און די וואס ריידן זיך איין אז זיי קענען עפעס טאן אין דעם, און זיי וויסן אליין אז ס'איז מערניס ווי צו פאנאנדערפלאקערן א מחלוקת, און דאס מאריך את הגלות, וויבאלד אז כלו כל הקיצים, ס'איז געקומען דער זמן פון דער קץ, איז וועט בטל ווערן זייער מחשבה מיט זייערע כוונות בלתי טהורות וכו', און יערה עליהם רוח ממרום אז זיי זעען דער אמת לאמיתו פון תורה, אז תורה אחת לכולנה - נגלה ונסתר צוזאמען.

און ווי ער זאגט אין זהר אין פ' בהעלותך את הנרות, אז נגלה דתורה ווערט אנגערופן גופי תורה במשנה, און דערנאך איז דא נשמתא דאורייתא, און א גוף איז לעבעדיק ווען ער איז צוזאמען מיט דער נשמה - איז דאס א לעבעדיקע תורה, און מ'האט א גוף מיט א נשמה צוזאמען.

זי מאכט לעבעדיק דעם אידן "נעשית לו סם חיים" - דער וואס לערנט די תורה אין א אופן אז ער גלויבט אין נסתר דתורה, במילא סוכ"ס הויבט ער איר אן לערנען בפועל, ווי דער כלל אין תורה, אז תורה איז ניט מספיק אז מ'איז א מאמין אין תורת ה', תורה זאגט אז ס'איז א מ"ע מה"ת מ'זאל לערנען תורה.

ניט נאר גלויבן אז ס'איז תורה וואס דער אויבערשטער האט איר געגעבן און א צווייטער לערנט דאס!

דאס מיינט מען אים! אפי' זקן אפי' די אלע ענינים וואס דער רמב"ם רעכנט זיי אויס, און דער שו"ע פון דעם אלטן רבי'ן איז דאס דערנאך מעתיק.

וואס ווערט דורך דערויף וואס מ'איז מקרב איין אידן מיט א צווייטן אידן, ניט רעכענענדיק זיך דערמיט וואס אין דעותיהם שוות, וואס אזוי האט דער אויבערשטער מטביע געווען חותמו וטבעו של כל אדם, אז ס'זאל ניט זיין קיין צוויי מענטשן וואס שיידן זיך ניט אויסן, וואס צווישן זיי איז ניטא קיין שינוי בדיעה.

ד.ה. ניט אז זיי קריגן זיך בכל הענינים - ר"ל -, ווי מ'זעט דאס בפועל בא א נארמאלער מענטשן איז ברוב הענינים האבן זיי די זעלבע דיעה, אבער אין דעותיהם שוות, איז אויך דא ענינים אין וועלכע מ'איז מחולק.

איז אבער הכל מודים לדעת תורה אז "אחרי רבים להטות" אויב די רבים פירן זיך לויט די כללי התורה, לויט די דרכי התורה ועיקר: לויט די פסקי דינים וואס שטייט אין שו"ע.

און אין דערויף זיינען אלע אידן גלייך, ווארום דאס איז א פס"ד בתורה, ווערט דערפון דער תורה אחת לכולנו, וואס זי מאכט פון אלע אידן ווי זיי שטייען, אז איינער געהערט צו "ראשיכם" און דערנאך איז דא וואס געהערן צו די אנדערע סוגים, ביז דער סוג התחתון וואס ער געהערט צו "שואב מימיך".

איז "נצבים כולכם לפני ה"א", ווארום "לעברך בברית ה"א ובאלתו", וואס דאס איז דער ברית וואס האט באנייט "מה שקבלו כבר", דער ענין פון מ"ת ווי פשטות הכתובים ווי די גמ' איז דאס נאכמער מבאר.

און דאס שטעלט אויף דעם "קהל גדול" - קהל ל' יחיד, בטל געווארן די כל הענינים וואס זיי זיינען ניט מתאים צו אהבת ישראל, במילא ווערט בדרך ממילא אז ס'איז בטל די סיבה איז בטל דער גלינו מארצנו, און ס'ווערט דער "ישובו הנה".

וואס דאס איז אויך כאמור לעיל, אז כדי צו מאכן לייכטער די עבודה שטעלט דער אויבערשטער אוועק אין א מעמד ומצב פון א מדינה וואס דארטן פירט מען זיך אויכעט באופן כזה, -

אע"פ וואס מ'האט געגעבן די נבחרים א בחירה, דארפן זיי האבן א תפלה און א ברכה און א התעסקות אז זיי זאלן בשליחותם טאן ווי דאס איז לטובת הקהל און ניט לטובתם הפרטית, מיט כל הענינים והפרטים שאין כאן המקום להאריך בזה.

און אט דעמאלט ווערט פון אט דעם רבים א צבור, און אט דער צבור ווערט א געזונטער צבור, ווארום ער פירט זיך אין א אופן פון "לב מלכים ושרים ביד ה'", און זיי דינגען זיך און אמפערן זיך ניט מיט דער יד ה', נאר זיי טוען ווי ס'שטייט אין תורה,

און טוען ווי ס'שטייט אין דעם ביאור אין תושבע"פ, און אע"פ אז זיי זיינען ניט שייכות צו לערנען די הלכות, פרעגן זיי זיך נאך ביי די וואס לערנען די הלכות,

און בשעת אז מ'זאגט אז אזוי פסק'נט אפ תורה, ווייס ער אז ער דארף דאס זען דערנאך דורכפירן אן קיין אונטערשייד, צי ער איז א יהודי צי איננו יהודי, דארף ער זיין אויכעט "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מיניקותיך".

און אט דעמלאט גרייט מען צו די גאנצע וועלט צו דעם מעמד ומצב פון "לתקן עולם במלכות שד-י", וואס וועט זיין בקרוב ממש בשלימותו, בביאת מ"צ, וואס ער וועט דורפירן בשלימות "לעבדו כולם שכם אחד" אויף "כל העמים כולם",

און בעגלא דידן.

* * *

ה. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה בלילה ההוא נדדה שנת המלך וגו'.

* * *

ו. וואס האמור לעיל בנוגע וואס מ'דארף אפלערנען - וואס מ'קען אפלערנען במילא דארף מען אפלערנען, פון סדר הבחירות, וואס לכאו' איז דאך דאס א דבר הרשות, און איינגעפירט געווארן לאו דוקא דורך אידן.

- אפי' די אידן וואס האבן זיך משתתף געווען אין דורכפירן דאס, איז דאך דאס ניט געווען אלס אידן מיוסד אויף אידישקייט און שו"ע, נאר אלס אידן ווי זיי זיינען אנשי המדינה, און ווי ביי זיי קומט אויס ווי אזוי ס'איז גוט בנוגע צו הנהגת המדינה.

איז נוסף אויף תורת הבעש"ט הברורה והפסוקה - א קלארע הוראה פון דעם בעש"ט אז יעדער זאך וואס א איד הערט אדער זעט, איז אין דערזיך דא א הוראה וואס ער דארף אין, דערויף ארויסנעמען אין ווי אזוי צו דינען דעם אויבערשטן אין זיין עבודת הבורא - אין זיין נבראתי לשמש את קוני.

וואס דאס איז דאך פון יעדער ענין פרטי, עאכו"כ פון א ענין כללי, עאכו"כ וואס דאס איז אזא מין ענין וואס האט דערנאך א השפעה אויף חיי פון די כל אנשים פרטים פון דער מדינה, אויכעט אויף די חיים פון די אידן וואס במדינה, אויכעט אויף זייער חלק החיים וואס איז פארבונדן מיט אידישקייט און לימוד התורה און קיום מצותי', בכל דרכיך דעהו און כל מעשיך לש"ש.

איז דאך א זיכערע זאך אז דאס איז נוגע די אלע פרטים וואס זיינען דערמיט פארבונדן.

און די ראי' מוכחה און די ראי' חותכת בזה איז פון דער מגילה גופא:

וואס די גמ' אליין זאגט אז ס'איז תקפו של נס, דערנאך איז דא דיעות בזה, און דערנאך איז דא ניט תקפו של נס עכ"פ התחלת הנס, אעפ"כ זעט מען אז אין דער מגילה הויבט זיך אן ניט ווי אסתר המלכה איז שוין געווען א מלכה, וואס לכאו' למאי נפק"מ ווי זי איז געווארן א מלכה צו דעם גאנצן סיפור הענינים ווי ס'שטייט אין מגילה?

אפי' אז מ'זאל זאגן אז ס'איז נוגע אז פריער איז "לא הגידה אסתר", און דערנאך האט זי יע דערציילט, וואס דערפאר האט זיך המן פאר איר ניט געהיט, ווי מפרשים ווילן פארענטפערן - איז דאך דאס אלץ נוגע צו וויסן אז זי איז געקומען במקום ושתי.

און די מגילה איז מאריך א גאנצער קאפיטל און נאך מערער, אויף צו דערציילן ווי אזוי ס'איז געווען הנהגת אחשורוש, און ווי אזוי איז געווען אופן מלכותו, און וואס פאר א משתה ער האט געמאכט, מיט אלע פרטים.

און ערשט דערנאך ווערט דערציילט די תקלה וואס ס'איז ארויסגעקומען מיט ושתי, וואס דערפאר איז דערנאך געווארן אסתר וכו'.

וואס איינע פון די לימודים איז, אויך בנוגע לעניננו:

אז א איד דארף וויסן אז בשבילי נברא העולם, איז ניט דער פשט עולם קטן זה האדם - אז דאס מיינט מען זיינע איינענע ד' אמות, עכ"פ ניט נאר ער אליין נאר אויך זיינע עלטערן און זיינע קרובים, נאר דאס מיינט מען דעם עולם כפשוטו,

און ניט נאר מצד די הסברה וואס דער רמב"ם זאגט אין פיהמ"ש, ווי אזוי כדי ער זאל ניט זיין קיין בודד דארף מען האבן א גאנצע וועלט וואס זאל זיין במהלכה וועט ער דעמאלט האבן מנוחת הנפש, האבן צרכיו וכו',

וואס דאס איז דאך מציאות העולם בכללותה.

דערציילט די מגילה דורך דערויף וואס זי ברייגגט פרטים און פרטי פרטים בנוגע צו דער משתה פון מלך אחשורוש, אז מ'זאל וויסן זיין אז כדי ס'זאל זיין דער נס פון פורים, וואס פון דעם נס וועט ארויסקומען אז "ימי הפורים האלו לא יעברו", ס'וועט זיין דערנאך אויכעט ביי זרעם ולא יסופו מפיהם ומפי זרעם,

האט צוליב דערויף דער אויבערשטער געמאכט אז ס'זאל זיין א אחשורוש און ער זאל מאכן א משתה, און אין דער משתה זאלן זיין די אבנים און אן אנדער סארט אבנים, און דאס זאל זיין בחצר און דאס זאל זיין אין גינת און דאס זאל זיין ביתן המלך, ווי דער מדרש איז דאס מחלק אז הראוי לחצר לחצר לגינה לגינה לביתן לביתן,

און דארט האט מען געדארפט האבן מטות וכו' מיט די אלע פרטים.

און מ'זאגט אויף דערויף אז ווען איז דאס א מגילה כשרה, און דער שמיעת המגילה איז ווי ס'באדארף צו זיין - ווען ער פארפעלט ניט קיין ווארט פון דער מגילה,

אע"פ וואס דאס איז מגילת אסתר, דערפאר וואס זי האט געבעטן "כתבוני", איז זיכער איז זי ניט געווען פארקאכט אז מ'זאל באשרייבן דעם ענין צי ס'איז געווארן בהס ושש וסוחרת, מיט אלע פרטים אין דער משתה אחשורוש המלך, בפרט נאך לויט דער דיעה אז מלך טיפש הי'.

מוז מען דאך זאגן אז אעפ"כ האט זי געבעטן אז "כתבוני לדורות", און ניט מ'זאל אנהויבן שרייבן פון "כתבוני", ווי אזוי זי איז שוין א מלכה נאר אויכעס

מיט דער הקדמה פון "ויהי בימי אחשורוש" מיט כל הפסוקים שבינתיים, ווארום דאס איז אלץ נוגע צו דעם ענין ווי אזוי ס'קומט ארויס דער נס.

- איי איז דאך די שאלה: וואס האט דאס פאר א שייכות און ווי אזוי קען מען דאס מסביר זיין?

איז ידוע אויף דערויף דער משל: אז צי דערפאר וואס דער פערד מיינט די האבער, און דער בעל עגלה דארף האבן די פאר רובל צי די פאר קאפקעס פאר פרנסת ביתו, איז דאס וואס די צוויי חכמים זיצן אין דער בויד און ריידן צווישן זיך א ענין שכלי אדער א ענין אין חכמה אלקית - אין דא"ח, איז דאס איז דער עיקר.

און ס'איז קיין סתירה ניט: זיי ריידן דא"ח, דער בעל עגלה דארף האבן לפרנס ב"ב, און דער פערד דארף האבן זיין האבער כדי ער זאל קענען דורכפירן תפקידו אויף ברענגען א אידן בעתו ובזמנו צו דעם ארט וואו ער דארף דורכפירן דעם אויבערשטנ'ס א שליחות, אע"פ וואס דער בעל עגלה האט קיין השגה ניט אין די דא"ח וואס ווערט גערעדט צווישן אט די א וואס זיצן אין דער עגלה - אין דער בויד זיינער.

עד"ז: צי דערפאר וואס מיר פארשטייען ניט דער קשר פון "חור כרפס ותכלת" מיט דעם ענין וואס דערנאך איז "מרדכי יצא מלפני המלך" מיט א ענין של תכלת, אדער וואס "הור" איז א אות גדולה, ועד"ז "ותכתוב אסתר המלכה" איז א תל"ו גדולה, מיט כמה ענינים וואס ס'איז דא אין די ערשטע פסוקים אין דער מגילה, איז וואס האט דאס פאר א קשר מיט די אנדערע פסוקים

- איז דאס וואס דערווייילע פארשטייט מען דאס ניט, מינערט דאס ניט, און דאס איז לגמרי ניט מחליש, עאכו"כ ניט גורע, אין דער דבר הברור, אז דאס איז א מגילה אחת שלימה און ווען איז זי בשלימותה צוזאמען מיט דער הוצאה פון דער מגילה,

- ס'ווערט דערפון ימי משתה ושמחה, ביז חייב איניש לבסומי בפוריא עד דלא ידע -

ווען ס'הויבט זיך אן און ס'ווערט געשריבן בשלימות די אלע פרטים, אנהויבנדיק פון "ויהי בימי אחשורוש".

וואס א ענין פון תורה איז א הוראה און א הוראה נצחית, ניט נאר אין דעם ענין אין וועלכער ער רעדט בפירוש, נאר ווי ס'איז אויבעט פארשטאנדיק פון כמה דינים והלכות, וואס מ'לערנט אפ פון פסוקים וואס לכאו' האבן זיי דערצו קיין שייכות ניט, און אעפ"כ לערנט מען אפ - צי מיט א גז"ש צי מיט א ק"ו, ובכללות מיט די מידות שהתורה נדרשת בהם - כו"כ ענינים פון איין ענין אין תורה, צו א צווייטן ענין אין תורה, ביז אויבעט צו א ענין ביז אין אחרונים שבאחרונים, אט די וואס דבר ה' הי' בפיהם און זיי האבן געלערנט תורה ווי מ'דארף לערנען תורה.

וואס עד"ז איז דאס וואס מ'נעמט ארויס פון דער מגילה איז דאס ניט נאר אז דאס וואס ס'איז געווען אין משתה אחשורוש "חור", און דער "חור" דארף זיין דוקא מיט א חי"ת רבתי, איז דאס נוגע צו דעם גאנצן ענין פון דער מגילה,

נאר דערפון לערנט מען אפ מיט א גז"ש, אדער מיט א ק"ו, על כל הענינים שבעולם -

אז בשעת תורת אמת זאגט אז חייב אדם לומר בשבילי נברא העולם, דערנאך זאגט מען נאך מערער: אז למה נברא האדם יחידי [ווארום אזוי האט דאך געדארפט זיין אין אן אנדער אופן - נאר פארוואס נברא יחידי] - כדי אז א איד בסוף כל הדורות זאל וויסן אז ער איז אן עולם מלא, און אזא מין אופן עולם מלא פונקט ווי אדה"ר!

און עד כדי כך - אז דאס וואס ער זאל דאס וויסן, האט דאס געווירקט אז דערפאר איז אדה"ר נברא יחידי!

עאכו"כ ווי געררעדט בענינגו, אז דער ענין הבחירות איז צום אלעם ערשטן דארף א איד ארויסנעמען א מוסר השכל, אז אע"פ וואס ער טרעפט זיך מיט א צווייטן איד, און אין דעותיהם שוות, איז דאס אלץ בד"א, אין תחלת הפגישה - בשעת זיי טרעפן זיך.

די כוונה אבער איז, אז בשעת ער טרעפט זיך מיט א צווייטן אידן, איז דאס ניט אז ס'זאל ח"ו בלייבן פאנאנדערגעטיילט אין צוויי באזונדערע אידן.

נאר בדוגמא ווי מ'לערנט אפ פון דער שיעור חומש פון היינטיקן טאג, ווי דאס איז די קביעות אין ימי הפורים אין שנת תש"מ -

אז די מצוה איז אז מ'זאל געבן - "כי תשא את ראש בנ"י" - אז מ'זאל געבן דוקא א מחצית השקל.

וואס דאס איז לכאו' היפך פון כל הנהגה אין קדושה אז ס'דארף זיין דוקא א דבר שלם, און דוקא שמן ויפה ונאה - דאס דארף מען געבן צו קדושה.

און דא זאגט מען אז "העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט" - מ'דארף געבן דוקא א האלבע זאך?!

וואס כמבואר בכ"מ, סיי אין מוסר סיי אין קבלה און סיי אין חסידות, און אויכעט אינגלה, אז דאס איז מדגיש אז ווען איז א איד א גאנצער ווען ער קומט זיך צוזאמען מיט א צווייטן אידן, און ניט זיי בלייבן צוויי באזונדערע זאכן, איז דאס צוויי באזונדערע האלבע זאכן.

נאר ווען זיי לייגן זיך צוזאמען, ס'ווערט פון דער מחצית השקל ווערט א שקל שלם, און ווי ער זאגט אין פסוק ס'ווערט א "שקל הקודש", דאס ווערט א היילקע מציאות, דאס ווערט א היילקע זאך.

וואס אע"פ אז אפי' נאך דער פגישה און נאכן צוריידן זיך, איז אויכעט אין דעותיהם שוות, ווי מ'זעט דאס בפועל -

איז דאס אבער ניט נוגע - "האמת והשלום אהבו", בדוגמא ווי די גמ' זאגט דאס בהמשך אז אע"פ וואס ב"ש אוסרין און ב"ה מתירין, זיינען זיי געווען אין א אופן פון "האמת" - יעדערער האט זיך געהאלטן ביי זיין דיעה, במצבו ומעמדו וע"פ שכלו, אט דאס איז געווען דער אמת זיינער, אין לו לדיין אלא מה שעיניו רואות.

ביחד ע"ז איז דאס געווען אין א אופן - מיט דער אמת צוזאמען "והשלום", און ביידע זאכן זיינען געווען אין א אופן פון "אהבו", ניט דערפאר וואס איימיצער נוצט אים, אדער ער האט דערפון עפעס א תועלת צדדית.

דאס איז מצד דערויף וואס דאס איז א אהבה אמיתית וואס אן אהבה איז מאחד אויכעט הפכים.

ואדרבה: וואו זעט זיך אן אמיתית האהבה, ווען צווייען וואס זיינען פון די זעלבע השקפה און די זעלבע הנהגה און זעלבן חינוך, און זיי האבן ניט מלחמה צווישן זיך איז דאס נאך ניט קיין ראי' אז ביי זיי איז א תוקף של שלום און תוקף האהבה.

בשעת מ'זעט אז אע"פ אז איינער איז פון יששכר און דער צווייטער איז פון זבולון, און איינער איז פון "ראשיכם" און איינער איז פון "שואב מימיך", און אעפ"כ זיינען זיי אין א מעמד ומצב פון "אהבו" -

איז דעמאלט איז דאס א הוכחה אז דאס איז א אהבה אמיתית, און דאס איז פארבונדן מיט תורת אמת, און אמת איז ניט שייכות אין דערויף קיין שינויים, דאס איז א ענין של אהבה של קיימא.

בדוגמא ווי אויבעט נרמז אין דער ווארט "אמת", ווי ער זאגט אין ירושלמי, אז דאס איז תחלתן של אותיות, און דעו מיטן פון אותיות און ביז דעם לעצטן אות פון דעם גאנצן א"ב, און זיי אלע צוזאמען ווערן נתחבר, און ס'ווערט דערפון איין ווארט, אט דאס איז א הוכחה אז דאס איז א ענין של אמת, ניט שייכות אין דערויף קיין שינויים דערפאר וואס ס'האט זיך אויסגעקליבן און צוזאמענגעבראכט דעם ראש און דעם אמצע מיטן סיום וסוף וחותם.

וואס עד"ז ווי ס'איז דא אט דער לימוד פון דער מגילה, ווי כאמור לעיל, די תורה פון בעש"ט, אז ס'איז ניט הקורא את המגילה למפרע וואס דעמאלט איז לא יצא,

- נאר ער לייענט די מגילה, און דאס לייענט ער איצטער אין זמן הזה, און ער לעבט דאס איבער בזמה"ז, און לערנט אפ דערפון אין זמה"ז.

אויב דאס איז על כל הענינים שבמגילה, עאכו"כ אז דאס איז בנוגע צו די ענינים עיקריים שבמגילה.

וואס די ענינים עיקריים שבמגילה איז דאך אז ס'איז געווען דער תקפו, פארוואס איז געווען דער תקפו של נס - דערפאר וואס מ'האט געזאגט "לך כנוס את כל היהודים וצומו עלי", און דורך די תפלה להקב"ה האט מען גע'פועל'ט דער ביטול הגזירה און דעם נצחון גדול, ביז אין א אופן פון "ונהפוך הוא".

ווי אזוי האט מען געקענט פועל זיין "לך כנוס את כל היהודים", אז אלע אידן זאלן שטיין אין דעם זעלבן כינוס, אין דעם זעלבן מעמד ומצב, סיי די אידן וואס נהנו מסעודתו של אותו רשע, ביז אין די אידן אין תכלית השלימות - מרדכי אליין איז דאך אויך געווען אין דער כלל פון יהודים וואס "וצומו עלי", און "וגם אני ונערותי אצום כן" - אסתר המלכה אויבעט בתוכם.

- איז דאס דורך דערויף וואס "הגידו לו את עם מרדכי", מ'האט דאס געזאגט ביז וואנעט אז מ'האט דאס דערהערט אין גאס אויבעט ביי ניט אידן, אז "עם מרדכי" איז אין א אופן וואס "לא יכרע ולא ישתחוה".

בשעת ס'רעדט זיך וועגן "דעותיהם" אין אן אנדער ענין, קען זיין פארשידענע ערליי דיעות - ס'רעדט זיך וועגן אכילת סעודה איז קען אויף דערויף זיין פארשידענע הנהגות,

בשעת ס'רעדט זיך וועגן יכרע און ישתחוה - איז וויבאלד אז מ'געהערט צו "עם מרדכי" איז דעמאלט איז "לא יכרע ולא ישתחוה"!

וואס לכאו' ווי די מגילה אליין דערציילט אז דאס האט ערשט אויפגעקאכט המן'ען, אז ער האט דערפאר געמאכט כו"כ ענינים דורך דערויף וואס מרדכי האט אים אויפגערייצט, און האט אויפגעמאכט וויסנדיק אז ס'איז "עם מרדכי" וואס "לא יכרע ולא ישתחוה", איז געווען די גזירה על כל עם מרדכי. ווי די מגילה אליין דערציילט אין דערויף די פרטים.

עאכו"כ ווי ער זאגט אין מדרש אז מי גרם צו דעם גאנצן ענין פון גזירת המן - אט דאס וואס מרדכי האט זיך געשטעלט אין אזא מין תוקף וואס "לא יכרע ולא

ישתחוה" דערפאר וואס ס'איז גאר ניט געווען א ענין של ע"ז, מיט די אלע ביאורים ווי ס'שטילט אויף דערויף אין מפרשים.

מ'האט געקענט זוכן אויף דערויף א היתר - אויסגעהאלטן, ניט אויסגעהאלטן אבער ס'איז געווען א מקום לנוס,

און דא איז געווען די תנועה פון מס"נ בכל השנה כולה, ווי דער אלטער רבי איז מדגיש און די נשיאים שלאחריו זיינען דאס מעתיק כו"כ פעמים, וואס אין כל השנה איז דאך דא די אלערליי שינויים וואס ס'קען זיין אין חיי האדם,

וואס דערפאר ווערט דאס אנגערופן בשן "שנה", אז ס'ענדיקט זיך א יאר איז מען דורכגעגאנגען "קיץ וחורף קור וחום זרע וקציר ויום ולילה", אלע עניני שינויים וואס ס'קען זיין.

און בכל שינויים אלו, וואס ס'האט זיך געביטן כל הענינים האט זיך ניט געביטן דער מעמד ומצב פון מס"נ, דערפאר וואס ס'איז "לא יכרע ולא ישתחוה", אס דאס איז דער אמת'ער טבע און די עצמות פון יעדער אידן אנהויבנדיק פון "ראשיכם" ביז "שואב מימיך".

וואס דער חידוש דארף מען האבן אין ביידע קצוות:

ביי "שואב מימיך" איז דאך פארשטאנדיק פארוואס מ'דארף אנקומען צו מס"נ, ווארום ער איז מערניט ווי "שואב מימיך", איז ניט שייכות צו הבנה והשגה,

לאידך גיסא - דארף מען האבן ביי "ראשיכם" ער זאל שטייען מיט מס"נ, ווילבאלד אז ער איז רגיל יעדער ענין נעמען ע"פ הבנה והשגה, און האט אויף דערויף א יסוד מוסד און אזוי האט ער זיך איינגעוואוינט דורך זיין התמדה ושקידה בתורה, אז ער ווייס אז תורה דארף מען לערנען ביז וואנעט ער וועט דאס פארשטיין לאשורו ולאמיתתו, מיט זיין שכל, ווי געזאגט פריער אין לו לדיין אלא מה שעיניו רואות, וואס מ'מיינט דאך עיני שכלו רואות.

און דא מאנט מען ביי אים אז כל השנה כולה, סיי דאס רעדט זיך וועגן יוהכ"פ דער יום הכי קדוש, סיי ס'רעדט זיך וועגן א וואכעדיקן טאג, וואכעדיק ממש, זאל ער שטיין מיט'ן זעלבן מס"נ! ווארום דאס איז אזא מין תוקף אין דער מס"נ אז דאס איז נאך העכער אפי' פון עיצומו של יום, במילא איז ער ניט שייכות מחלק זיין, אז ווען ס'קומט עצומו של יום איז דאס א שטארקערער מס"נ ווארום דאס איז נאך העכער פון עצומו של יום.

וואס דערפאר איז דאס אויבעט ווי מ'זעט דאס בפועל, די ראי' וואס מ'ברייננגט אט די וואס אפי' זיי זיינען ניט אין די דרגא הכי פשוטה, איז אז ער ווייס אז דורך דערויף וועט ער זיין נפרד פון אלקות - שטייט ער אין א מס"נ שלא לעבור על רצון ה', וואס דער קל שבקלים איז דאך אויבעט שולל אזא מין וואס אפי' ביוה"כ פירט ער זיך אויבעט שלא כדבעי - עצומו של יום האט אים אויך ניט דערנומען.

און אעפ"כ איז דא ביי אים די מס"נ ובכל התוקף, ביז צו מס"נ בפועל, ווי ער זאגט אין תניא.

וואס דאס איז דער חידוש נאך מערער ביי "ראשיכם" ווילבאלד אז ער איז אמיתית ...ין הדרך, און אעפ"כ זאגט מען אים אז ס'איז דא א מעמד ומצב ווי מ"ר האט ... זיך אז "פתי יאמין לכל דבר", אע"פ וואס ער איז געווען דער משה קבל ... איז ער איז געווען [ווי חסידות און קבלה זיינען מבאר] דער עצם ענין פון ... הקדושה, און אעפ"כ איז געווען אזוינע ענינים וואס דארטן האט אויבעט חכ' ...ה אויבעט ניט געקענט נעמען, ער איז דארט געשטאנען אין א מעמד ומצב ווי ער ...גט אראפ אין מדרש אז "פתי יאמין לכל דבר - זה משה".

און איז דא מדגיש, וואס דאס איז דער דבר פלא:

לכאו' אז ס'רעדט זיך וועגן משה איז פארשטאנדיק פארוואס ער איז אין א מעלה פון "פתי יאמין", ווען ס'רעדט זיך וועגן דברים מסויימים.

אין פסוק זאגט ער אז דאס איז "לכל דבר"?!

ווארום בי מ"ר איז געווען די מס"נ, וואס אין דערויף גלייכט ער זיך אויס ניט מצד חכ' נאר אין א אופן ווי "פתי" כפשוטו איז דאס געווען ביי "לכל דבר" - א ענין וואס ער האט דאס פארשטאנען בחכ' דקדושה, ביי אים איז געווען בפשטות אפגעלייגט מצד השכל אז ס'מוז אזוי זיין און ס'קען ניט זיין אנדערש.

בשעת ס'איז אבער געקומען לידי עשי' בפועל, וואס פאר א ענין און מצד וואס האט ער דאס געטאן - מצד די אמונה בה' וואס ער האט דאס אנגעזאגט!

און ווי מ'זאגט אין ברכת המצוות, אפי' אזוינע מצוות וואס זיי זיינען מבואר ומוסבר ע"פ שכל, איז דער נוסח פון דער ברכה פון דער מצוה איז "אשר קדשנו במצוותיו וצונו" דערפאר גייט ער מקיים זיין אט די מצוה.

ס'טייטש - דאס איז דאך א ענין וואס איז פארבונדן מיט יצי"מ, און מ'טאר ניט זיין קיין כפוי טובה, וואס דאס איז מידת אנושיות, עאכו"כ ווי מ'איז מחוייב בזה מצד מידות דקדושה און חכ' דקדושה?!

איז דאס איז אלץ מצד לימוד התורה - מצד הבנה והשגה, און מצד דערויף וואס כל כוחות נפשו דארפן זיין דורכגענומען מיט אידישקייט מיט תורה ומצוותי'.

איז דערפאר וואס איז זיין כח החכ' והבינה והדעת, איז דאס דורכגענומען און איינגעטאן און די גאנצע מציאות זייערע - ער איז זיך מתאחד מיט דער שכל של תורה.

בשעת אבער ס'קומט צו א עשי' בפועל מיט וואס נעמט ער עצמות - צוותא וחיבור מיט עצמות - איז דאס נעמט ער ניט דורך חכ' און מיט חכ' און לפי מידת החכ',

נאר ער נעמט דאס מצד אמונה פשוטה, וואס דאס ווערט ניט דער ענין פון הבנה והשגה, במילא אזוי איז דאס געווען לכל דבר ביי מ"ר, ניט קוקנדיק וואס ער זאגט אין מדרש אז אלע ענינים שבתורה איז ביי מ"ר געווען אין א אופן של הבנה והשגה, ביז אפי' אט דאס וואס שלמה האט געזאגט "אמרתי אחכמה והיא רחוקה ממני" בנוגע צו מצות פרה, וואס מ'גייט דאס ליינען אין שבת הבאה,

זאגט מען אויכעט אז דאס איז פאר אלעמען, אבער "לך אני מגלה", האט מען דאס אויכעט מגלה געווען מ"ר,

זאגט מען דא אין דעם קצה השני אז "לכל דבר" איז געווען ביי אים די אמונה פשוטה אז אזוי דארף ער טאן, דערפאר וואס דער אויבערשטער האט אים געהייסן.

וואס דאס איז די נקודה וואס "לא יכרע ולא ישתחוה", ניט נאר אז מ'בוקט זיך ניט פאר גוי'שקייט, און עאכו"כ אז מ'בוקט זיך ניט פאר א גוי, עאכו"כ אז דאס דארף מען גארניט באווארענען, אז מ'בוקט זיך ניט פאר אן ע"ז - עבודה שהיא זרה לו, נאר ער בוקט זיך אפילו ניט פאר זיין אייגענעם שכל!

ער ווייס אז דאס איז א שכל, און א שכל פון א בו"ד, במילא איז ער א מדוד ומוגבל, און ס'קען גאר ניט זיין קיין מציאות אז ער זאל פארשטיין חכמתו ורצונו של הקב"ה - א מוגבל קען ניט נעמען א ענין וואס איז בל"ג!

ס'איז מערניט וואס דער אויבערשטער בחסדו איז "נתן לנו את תורתו", וכל הנותן בעין יפה נותן, איז דערפאר ווי ער זאגט אין אגה"ק איז דא אזוינע מצוות, וואס מקצת פון זייערע טעמים האט דער אויבערשטער מגלה געווען, דאס איז אבער מערניט ווי א מקצת פון די טעמים.

עאכו"כ אז "לא יכרע ולא ישתחוה" פאר זיין שכל וואס ער איז א שכל פון א בו"ד, ניט געווארן א יחוד נפלא מיט דעם שכל פון תורה, וואס דאס איז שכלו וחכמתו של הקב"ה.

וואס אויף דערויף דארף מען האבן די תנועה פון מס"נ - וואס די מגילה דערציילט אבער אז דאס איז ניט א זאך "בשמים", אדער "מעבר לים היא" אדער "רחוקה ונפלאת היא".

- דערציילט ער אין מגילה אז אידן זיינען געווען אין גלות, און זיי זיינען געווען אונטער מלכות אחשורוש, וואס צי ער איז געווען א מלך חכם אדער מלך טיפש - איז דא אין דערויף א מחלוקת, און האט געהאט אונטער זיך שרים, און דערנאך האט איבערגענומען די הנהגת המלכות א שר וואס האט אינגאנצן ניט געטויגט, און דאס איז לגבי אידישקייט און לגבי אידן,

אעפ"כ האט דאס ניט אנגערירט "עם מרדכי" - איז "לא יכרע ולא ישתחוה",

און ניט ווי המן האט דעמאלט געטייטשט, אז וויבאלד אז דאס איז "עם מרדכי", איז ניט נאר אז דערפאר וועט ער קענען אנרירן מרדכי און ער וועט אויכעט קענען אנרירן עמו וכל השייך לזה,

דערציילט די מגילה דברים פשוטים און אין א סיפור פשוט, אז בדרך הטבע - וואס דאס איז בשעת מ'לערנט די מגילה כפשוטה איז דאס א ענין פון השתלשלות הדברים אין דרך הטבע, ובל' החסידות אז דאס איז ניסים וואס זיי זיינען נסתרים ומלובשים בלבושי הטבע,

עד כדי כך אז ס'ווערט ניט דערמאנט קיין איין שם פון שמות הקדושים אין דער גאנצער מגילה, כאילו ח"ו אז מ'האט ניט געזען אז דער אויבערשטער האט זיך אריינגעמישט.

און אין דעם סדר המדינה, וואס אחשורוש האט גע'טענה'ט אז דאס איז זיין רצון עאכו"כ די שרים שלו וכו' ועבדי המלך,

איז ווי אזוי גייט די השתלשלות הדברים, ע"ד הטבע אע"פ וואס אין דערויף איז אויכעט דא ניסים גדולים ונסתרים ואדרבה גאר גרויסע ניסים,

אבער ס'טוט זיך א השתלשלות בדרך הטבע - גייט דאס אין איין און איינציקן וועג, אז מ'פירט אויס אלץ וואס אידן ווילן, אלץ וואס אידן דארפן, און ניט נאר אז אידן בלייבן בקיומם, נאר זיי בלייבן אויכעט מיט דעם תוקף ווי זיי זיינען געווען פריער, און נאך מערער: ערשט דעמאלט ווערט דער איד דער משנה למלך.

וואס א משנה למלך - זאגט ער אין חומש איז "בלעדו לא ירים איש את ידו ואת רגלו", מערניט וואס די "כסא אגדל ממך",

און דאס ווערט אין אן אופן אז "שמעו הולך בכל המדינות", דורך דערויף וואס ער איז געווען אין א מעמד ומצב **פאר דעם** וואס "לא יכרע ולא ישתחוה", און דאס האט געבראכט אז "נפל פחד היהודים עליהם" ביז אין אן אופן אז ס'איז דא "מנשאים את היהודים", ביז כאמור, אז דערנאך ווערט דער "בית המן נתתי לאסתר המלכה ולמרדכי היהודי", ווי גערעדט בארוכה אין די פריערדיקע התוועדות.

וואס כאמור - דאס איז ניט קורא את המגילה למפרע - דאס לייענט מען בזמן הזה!

דובר בארוכה אודות המצב בארץ הקודש.

* * *

ז. ס'איז דאך אויך רגיל אין דער התוועדות פון פורים - זאל מען אויך מאכן א "מגבית" ל"קופת רבינו", ווי ס'איז איינגעפירט געווארן פון רבינו נשיא דורנו, פון דעם רבי'ן דעם שווער, און פון רבי'ן נ"ע פאר אים, ווי ס'איז שוין אויך דא אין די שיחות און שוין אויך געדרוקט,

ויהי רצון אז יעדערער זאל געבן מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה פון אדם התחתון - וועט דאס ממשיך זיין "מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה" פון דעם אדם העליון שעל הכסא,

ואדרבה, דורך דערויף וואס "חמישית יהי' לפרעה" - וועט זיין "ארבע הידות יהי' לכם",

ומתוך שמחה וטוב לבב.

אח"כ אמר: מסתמא וועט מען אויך פאנאנדערטיילן צעטלעך, און די וואס ווילן וועלן אנשרייבן שמו ושם אמו כדי מיטצונעמען על "ציון" הקודש פון נשיא דורנו, פון דעם רבי'ן דעם שווער.

כ"ק אדמו"ר שליט"א צוה לנגן "שושנת יעקב".

(אחד מבין הנוכחים שהי' בגילופין השתולל קצת, ואמר לו כ"ק אדמו"ר שליט"א: "חסיד אוטשאק").

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית - פעם אחת). "ניע זשוריצי חלאפצי". "עוצו עצה ותופר". "הושיעה את עמך". "פרזות תשב ירושלים". "ופרצת".

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן "ניעט ניעט ניקאווא".

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה - זאלן מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן "כי בשמחה תצאו וגו'".

* * *

און מ'דארף דאך ניט מדגיש זיין אז ס'איז דא די הוראה און די שייכות מיוחדת צו אן ענין וואס איז נוגע בזמן הזה,

וכמדובר כמ"פ, אז מ'גיט א מענטשן, עאכו"כ א אידן, א כה אז בשעתא חדא וברגעא חדא איז ניט נאר ער קען משנה זיין הנהגהו אין אן אנדער הנהגה; ער קען אויך, ווי ער זאגט אין דער מגילה, "ונהפוך הוא" - מהפך זיין זיין הנהגה.

וכמדובר כמ"פ, אז ס'איז געווען נסים גלויים, גאר ניט מלובשים בדרך הטבע, אין דער אזוי-גערופענער "מלחמת ששת הימים", וואס "ראו כל אפסי ארץ" אז ס'איז געווען נסים גלויים,

האט דאך דאס געדארפט אויפהויבן דעם "ארים נס על ההרים", "נס" מלשון הגבהה - אויפהויבן אידן דורך דערויף וואס זיי הויבן-אויף זייער אידישקייט; אנערקענען אז דאס איז א נס מן השמים, און א מתנה מן השמים, מ"מלכו של עולם",

במילא דארף מען דארט גלייך אריינזעצן אידישקייט, דורך מאכן בתי כנסיות און בתי מדרשות, ולהבדיל מקוואות טהרה, עאכו"כ יישוב א"י -

איז המודת זה, בדוגמא ווי ס'איז דעמולט געווען דער "נהנו מסעודתו" - האט מען געשיקט גלייך שלוחים, תוך כדי דיבור פון דעם נס גלוי, אויף "נהנה" זיין "מסעודתו"!

עס האט אפגעגאלט און ס'איז געווען ניט קיין ענין פון א מענטשן וואס ער איז געווען ווי ס'איז געווען דעמולט, נאר ס'איז געווען - "מסעודתו" פון חסידי אומות העולם, וואס האט געטאן כמה טובות פאר אידן,

עד כדי כך, אז בשעת עס זיינען געקומען די אידן וואס זיינען געווארן אין א הנהגה פון "עבדים כנענים": געקומען צולויפן אין וואשינגטאן, בעטן זיך מ'זאל צונעמען צוריק אט דאס וואס דער אויבערשטער האט זיי געגעבן מיט א נס גלוי - איז דער ניט-איד, וואס איז געווען פון חסידי אומות העולם, און דורך אים איז געווען דער "לב מלכים ושרים ביד ה'" - האט ניט מסכים געווען אויף דאס צונעמען!

וואס פאר א טעם ער האט געזאגט איז קיין נפק"מ ניט; א נפק"מ איז דאך דער ענין פון "מעשה הוא העיקר". וואס דאס איז געווען דער "נס בתוך נס", אז די ניט-אידן האבן ניט געוואלט צונעמען די מתנה וואס מ'האט זיך רח"ל געווארפן מיט דער מתנה של הקב"ה!

און דערנאך איז דאך פונקט ווי "מצוה גוררת מצוה" אזוי איז אין דעם צווייטן קצה - האט זיך אנגעהויבן דער גיין מדחי אל דחי:

די גויים האבן ניט געוואלט צונעמען מיט אמאל איננאנצן,

וואס דעמולט האט מען מציע געווען: מ'וועט אפגעבן ירושלים העתיקה - אלץ וואס מ'האט דעמולט איינגענומען אין דער מלחמת ששת הימים.

דערנאך, כאמור, איז "מצוה גוררת מצוה", אבער מ'האט ניט געקענט פועל זיין בא די גויים זיי זאלן צונעמען - האט זיך אנגעהויבן דער סדר פון צעד אחר צעד: אפגעבן ביסלעכווייז!

האט מען אויפגעהויבן א ויצעקו אין דרך הטבע: וואס הייסט איר גיט-אפ נאפט, וואס הכל מודים אז אן דערויף קען זיך ניט דרייען קיין רעדער, קענען ניט גיין קיין פאבריקן, קענען ניט גיין אט די אלע ענינים וואס אין מעמד פון העלם והסתר פון עולם - איז דערמיט פארבונדן במחון

פון "לארץ ולדרים עלי׳", כן ירבו, פון מיליאנען מיט אידן!

האט מען געפונען טפשים וואס זיי האבן מסכים געווען אויף דער שליחות, אפדרוקן אין צייטונג, אז זיי זאגן, אז דאס וועט ניט אנרירן דעם בטחון, ווארום מ׳האט אנגעגרייט נאפט אויף כו"כ שנים -

ניט נאר "מילתא דעבידא לגלויי" בעתיד; דאס איז א דבר שאינו במציאות! דער וואס קלייבט זיך פאנאנדער וואס איז נאפט, און ווי אזוי מ׳קען האלטן נאפט, און וויפל מ׳קען האלטן נאפט,

אפילו ווען מ׳קען דאס טאן בגלוי, עאכו"כ ווען מ׳דארף דאס טאן בסתר -

איז א נארמאלער מענטש, וואס איז ניט משוחד מצד טעמים שונים ומשונים - וועט ניט לאזן מ׳זאל מפרסם זיין אין צייטונג, וואס דאס ווערט דערנאך געבליבן אין ארכיוו, און אין א חודש ארום און אין א יאר ארום און אין צוויי יאר ארום באווייזט מען אים, אז ביום פלוני במקום פלוני, האסטו געזאגט אז דא געפינט זיך נאפט אויף יארן נאכאנאנד!

און דערנאך האט מען אנגעהויבן ארייננעלן, אז וויבאלד אז איינער זאגט, און דערנאך איז געקומען א צייטונג און האט אפגעדרוקט זיינע ווערטער - איז דאך דאס געדרוקט "שחור על גבי לבן", אשר לכן, איז מסתם איז דא אין דערויף א קורטוב של אמה - אז ניט וואלט מען דאס ניט געדרוקט!

דערנאך האט געזען דער יצר-הרע האט אזויפיל "יכרע וישתחוה", ער האט אפגעגעבן האלב, מיט דער הסברה אז כן יקום, ווייטער וועט מען ניט געבן - איז גלייך געקומען, באותו מעמד, תורך כדי דיבור, פריער בחשאי, און דערנאך בקול דממה דקה, און דערנאך בקול רגיל, און דערנאך בקול הביעה, און דערנאך געקלאפט איבער׳ן טיש: אזוי ווי דו האסט שוין אפגעגעבן א דריטל, וואס אין דערויף איז אויך דא נאפט, און דו אליין האסט ארויסגעשיקט דיינעם א שליח ער זאל טענה׳ן אז ס׳איז דא גענוג נאפט, און מ׳האט הבטחה, און דער עיקר - ס׳איז גאר דא במזומן אנגעגרייט -

אשר לכן דארפסטו זיין א גוטער מענטש, און דאדפסט זיך ניט קריגן און דארפסט נאכגעבן, און דארפסט ניט פארגעסן אז "אתם המעט מכל העמים"! אשר לכן, גיב נאך א דריטל, נאך א ביסעלע!

דארף מען דאך פועל זיין אז כ׳וועט גיין און חתמ׳ענען וכו׳;

קודם החתימה (וואס מ׳האט דאס מעלים געווען, און איצטער מעג מען דאס מגלה זיין, מ׳האלט שוין בא דעם מעמד ומצב: נאך קודם החתימה) איז שוין געווען א הצעה פון אידן, פון אידן וואס האבן דארט א השפעה, און מ׳האט דאס געזאגט בפירוש, אז דער "גדה המערבית" איז פון "יהודה ושומרון", זאל זיין, און דאס איז דער ווארט וואס מ׳האט געזאגט בפירוש צו דעם נשיא המדינה אין וואשינגטאן, און דאס זאג איך מיטן גאנצן תוקף, ווארום מ׳ווייס ווער עס האט געזאגט, און דערביי זיינען געווען נאך עטלעכע מענטשן, און ער האט מציע געווען, אז דארטן זאל מען מאכן "כראסטמענשיפ"!

וואס "טראסטמענשיפ" מיינט, ניט אן עניין אז אידן זיינען דארט בעה"ב, נאר אידן זיינען מערניס ווי שלוחים פון אוה"ע, אז זיי שטעלן זיי דארט אוועק אלס באי-כח אז זיי זאלן אפהיטן דעם שטח ביז וואנענט מ׳וועט קומען לידי החלטה ווי עס זאל זיין דער סידור סופי!

דערנאך האט מען באווארנט מ'זאל דאס ניט דרוקן אין צייטונג, און אזוי אפגערעדט, און מ'האלט ווארט: מ'דרוקט ניט אין קיין צייטונג, בעוד יעדער טענה וואס מ'טענה'ט לפנים מן הפרגוד, ווארפט מען פאר: וואס מיט אמאל האט איר חרטה - בשעת איר אליין האט זיך אנגעשלאגן אין "טראסטבענשיפ"!

איז כאמור, די מגילה לערנט, אז עס קען זיין פריער "נהנו מסעודתו", עאכו"כ אז ס'איז געווען א סעודה פון א מלך, פון א שר, וואס ער וויל בטובתם של ישראל, מאיזו סיבה שתהי', און דער עיקר סיבה - דער-פאר וואס "לב מלכים ושרים ביד ה'",

- הלואי וואלט אידן ניט קאליע געמאכט ווי מ'וואלט ניט געשטאנען רח"ל בא דעם מצב איום ונורא בא וועלכן מ'געפינט זיך איצטער אין בטחון כפשוטו!

האט מען אונטערגעשטעלט שרי המלוכה -- לא הי' לעולמים אזא מעמד ומצב, און מ'דרוקט-אפ אפיציעל מיט דריי טעג צוריק, אז לויט זייער אפ-שאצונג, איז נאך קיינמאל ניט געווען דער מצב בינלאומי פון עם ישראל פון דעם שטח אזוי גוט ווי ער איז איצטער!

אמה, מ'האט ניט געקענט מאכן עד כדי כך זיך נאריש מאכן, לעכערליך מאכן, האט מען געמוזט מוסיף זיין, אז דאס איז ניט דעה כולם, דאס איז דעה אחדים מהם, און ס'איז דא אזוינע וואס טענה'ן, אז דאס איז מערניט וואס מ'וויל זיך אזוי איינרעדן, אבער דער מעמד ומצב איז ניט אין אזא אופן,

איינגערעדט זיך, אז מ'וועט איינשלעפערן דעם עולם, וועט מען קענען געבן און געבן, ביז, רח"ל, וואס "אל תפתח פה" צו וואס דאס וועט ברענגען!

יעדער איד האט דאך אבער אין זיך א נקודה, א "תוקפו של נס", און א זאך וואס לאזט אים ניט רוען, במילא סוכ"ס שפארט דאס דורך און דאס ברעכט-דורך, און ער כאפט זיך ארויס און זאגט אן ענין וואס דאס איז אמיתיה רצונו,

ווי דער רמב"ם פסק'נט אפ, אז יעדער איד וויל מקיים זיין דעם רצון פון דעם אויבערשטן, וואס דער רצון פון דעם אויבערשטן איז, אז ארץ ישראל לגבולותי' געהערט צו עם ישראל;

אפילו אז מ'געפינט זיך אין זמן הגלות, אפילו אז מ'געפינט זיך אין חו"ל, איז דער רצון פון דעם אויבערשטן, אז בשעת עס קומען צוגיין ניט-אידן און זאגן אז זיי ווילן צונעמען ביי א אידן "חבן וקש",

ביי אידן וואס לעבן אין חו"ל, און עס רעדט זיך וועגן א שטח אין חו"ל, און עס רעדט זיך וועגן "חבן וקש" -

איז די ברירה, דער "אבן הבוחן", כדי צו וויסן וואס מ'דארף טאן, שטייט אין שו"ע דברים ברורים, אז מ'דארף ניט אנקומען צו א חכמת בו"ד, און מ'דארף ניט אנקומען צו זיינע פשט'לאך, און מ'דארף ניט אנקומען צו זיינע סברות -

ווארום דער אויבערשטער האט איבערגעגעבן צו אנשים סמוכים איש מפי איש פון משה רבינו, וואס "מסרה ליהושע", און דערנאך דור אחר דור ביז צו דעם בית-יוסף און דעם רמ"א אין שו"ע, וואס "כל בני ישראל יוצאים ביד רמ"א", ווי אלע אידן האבן אנגענומען אין דערויף דעם רמז

בנוגע צו די אשכנזים, ובדורנו - אויך בנוגע צו ספרדים: "ביד רמה" - "ביד רמ"א",

עאכו"כ אז אין דערויף גלייכט זיך אויס דער רמ"א מיטן ב"י, וואס ער איז דאך דער "מרן דארעא קדישא" אויך בא די ספרדים,

און זיי האבן געזאגט, אז ס'איז קיין נפק"מ ניט ווי <u>אזוי</u> מ'בעט און <u>וואס</u> מ'בעט; אויב ס'איז א חשש אז "תפתח הארץ לפניהם" - דארף מען זיך שטעלן מיט נשק אפילו בשבת, און אפילו אז ס'איז מערניט ווי "ממשמשין ובאין".

וואס דערפאר, אז מ'קומט צוגיין און מ'וויל לערנען א פשט, אז במה דברים אמורים, אויב ס'איז "עכום <u>שצרו</u> על ישראל", אז זיי קומען צוגיין מיט א <u>צבא</u> און מ'שטעלט אוועק א <u>מצור</u>, און מ'זאגט אז מ'איז גע-קומען <u>למלחמה</u>, נאר די מלחמה איז אויף "תבן וקש",

משא"כ אבער, אז מ'זאגט אז מ'וועט זיך זעצן ביי א קיילעכדיקן טיש, און עס וועט זיצן א <u>דריטער</u> דערביי, און יענער וועט פאטשן איבער דער פלייצע, און ער וועט זאגן אז ער וועט העלפןביידן, און העלפן דעם כך וכך כך וכך - האט דאס קיין שייכות ניט צו דעם דין -

איז דאס היפך פון דעת בית-יוסף, און היפך פון דעם רמ"א,

און מ'דארף דאס ניט אפלערנען פון זייערע רמזים פון נושאי-כליהם - זיי שרייבן בפירוש, אז דער טעם פארוואס מ'דארף נעמען נשק, איז ניט דערפאר כדי צו באווארענען א <u>מלחמה</u>, און ניט דערפאר כדי צו באווארענען אז מ'זאל בלייבן פאטשן זיך אויף די פלייצעס און <u>ניט שלאגן</u> זיך איינער מיטן צווייטן;

דער טעם איז, אויף צו באווארענען "<u>שלא תפתח הארץ לפניהם</u>"!

ובפרט נאך, אז דא האט מען גארניט געדארפט אנקומען: מ'האט לכתחילה געזאגט, בשעת איינער האט געזאגט אז ער דארף האבן "תבן וקש", האט ער גלייך מוסיף געווען, אז ער איז דער ברודער און דער גוטער פריינט, און וועט זיך דעכענען מיט די דעת האחרים, פון אנדערע אומות, און יענע אומות האבן גלייך געזאגט, אז זיי ווילן ניט נאר "<u>הפתח</u> הארץ לפניהם", נאר זיי ווילן <u>כל הארץ</u>!

און די "מאדערייט" שבהם, ווי מ'האט זיי אנגערופן, די "<u>מתונים</u>" שבהם, האבן בפירוש געזאגט אז זיי ווילן גאנץ יהודה און גאנץ שומרון און גאנץ עשה און ירושלים העתיקה, און דערנאך וועט מען <u>טראכטן</u> צי מ'זאל מאכן שלום אמיתי, צי מ'זאל טראכטן וואס מ'זאל דעמולט טאן!

וואס כאמור, אזא מעמד ומצב וועט ער געפינט זיך אין <u>חו"ל</u>, זאגט דער ב"י און דער רמ"א, אז ס'איז קיין נפק"מ ניט צי מ'קומט צוגיין מיט א <u>חיל</u>, מיט אנשי צבא, אדער מ'קומט צוגיין מיט <u>דיפלאמאטן</u>, אדער מ'שיקט דאס דורך א שליח, דורך א ממוצע, אדער מ'זיצט ביי א קיילעכדיקן טיש, ניט ב"שדה", נאר אין א באזונדערן בנין, און מ'טרינקט דערביי טיי, און מ'עסט א סעודה, און מ'קלאפט זיך אויף די פלייצעס און מ'קושט זיך און מ'שאלגט [זיך אן] "אחים אנחנו" וכו' -

איז די איינציקע בחינה איז; דא איז אלע ענינים זיינען ניט תופס מקום צו ווימן דעם פסק-דין; די איינציקע בחינה איז - צי "<u>תפתח</u> הארץ לפניהם" צי ניט!

וכאמור - אפילו אז דאס רעדט זיך וועגן <u>חו"ל</u>.

עאכו"כ ווען דאס רעדט זיך וועגן ארץ הקודש, וואס דארט איז נאך מער נוגע דער "קש ותבן", נאכבער נוגע יעדער "שעל" - כצד דערויף וואס דארט זיינען אידן קיין-עין-הרע ניט צוזאמענגעקליבן אין א שטח קטן לפי ערך, און רח"ל עפעס שלא כדבעי - איז דאס ניט אז דאס רירט אן דעם "פזרן הקב"ה בין אוה"ע", "מפוזר ומפורד בין העמים", נאר דארט געפינען זיי זיך א ריבוי, כן ירבו, ביחד, און א סכנה פון "תפתח הארץ לפניהם", איז ניט דער פשט אז איינער געפינט זיך אין "סרמטיא" און דער צווייטער אין "ברבריא" (ווי די לשונות אין מדרש איז) - זיי געפינען זיך אלע אין דעם שטח מצומצם,

און אז מ'עפנט-אויף מערניט ווי "תפתח הארץ לפניהם", עאכו"כ אז יענע זאגן בפירוש, אז דאס איז ניט א "פתח" בעלמא, נאר דאס מיינט מען אויף אפגעבן דאס בפועל,

ווי דאס זאגט שוין אויך אט דער וואס האט גע'חהס'עט וכו' וכו', און וואס מ'פראוועט איצטער ימים-טובים, און מ'זאגט נאך, אז ס'איז נאך קיינמאל ניט געווען אזא מעמד ומצב, אז מ'זאל האבן א "שגרירות" אין ארץ ישראל וכו' פון אזא מדינה -

מ'איז לגמרי מעלים, אז דאס ווערט א "פתח פתוח" אויף מרגלים וואס זיי וועלן זיך געפינען אין דעם בנין און אין דעם בנין שמסביבתו, און די אלע שלוחים וואס וועלן ארויספארן פון דעם בנין וועט מען זיך מוזן מיט זיי היטן, און נוהג זיין מיט זיי בדרכי כבוד ובדרכי נועם ובדרכי שלום וכו',

און אויף דערויף דארף מען אויך ניט אנקומען צו השערות וואס ס'וועט זיין ווער ס'וועט זיין - כל אחד יודע (דער וואס וויל נאר וויסן), וואס עס טוט זיך אפ מיט דער שגרירות פון ארצות הברית וואס געפינט זיך אין ירושלים העתיקה - בנוגע צו עניני בטחון פון כל ארץ הקודש!

כאטש אפילו וואס מטעמים מובנים ומטעמים ידועים ומטעמים פשוטים שרייבט מען ניט וועגן דערויף אין די צייטונגען,

ותבוא עליהם ברכה, אז ניט ווי עס פירן זיך כמה, אז יעדער ענין בלתי-רצוי פויקט מען דאס פון אלע דאכן כדי עס זאל זיין געדרוקט אין צייטונג, אז פב"פ האט מגלה-סוד געווען,

עכ"פ בנוגע לזה - מערניט ווי עס האט זיך דורכגעכאפט זיך אין די צייטונגען מזמן לזמן,

אבער אט די וואס זיי זיינען אחראי על הבטחון ווייסן וואס דארטן טוט זיך,

וואס דארטן טוט זיך מיט א הגבלה, ווארום דאס איז א מדינה וואס דארף זיך רעכענען מיט ביידע צדדים, זיי קענען ניט קיין לשון-קודש, זיי רעדן ניט קיין עברית וכו', און בשעת מ'זעט זיי דערקענט מען אז ס'איז ניט קיין ישראלים;

דא רעדט זיך וואס מ'עפנט-אויף א בית, וואס דארט וועט דאס האבן "אימיוניטעט", ווי זיי רופן דאס אן: מ'וועט זיך ניט טארן דערצו צו-רירן, און עס וועט ניט טארן זיין קיין בקורת וכו' -

איז אמת טאקע מ'האט קיין ברירה ניט וכו', מ'דארף דאך אבער וויסן: צי דערפאר אז מ'האט קיין ברירה ניט פון אן ענין וואס דאס איז

א מקור, היל"ת, צו כל העניינים פון ארייינבריינגען עניינים פון "מהרסיך ומחריביך ממך יצאו" - פון דעם בנין!

און עס האט זיך ניט געפונען קיין איין און איינציקער וואס זאל דערמאנען; וואס נאך ערגער איז: עס האט זיך ניט געפונען ביז איצטער קיין איין און איינציקע פעולה וואס זאל דאס זען באווארענען!

און ווי ס'איז געווען די הנהגה רח"ל ביז איצטער, אז בשעת מ'האט דערזען א טעלער מיט וואסער - איז די ערשטע זאך האט מען ארייגעשפארט דעם פינגער, דערנאך, אז מ'האט דערזען אז מ'האט זיך אפגעבריט - האט מען ארויסגעשלעפט דעם פינגער, און מ'האט אנגעהויבן בלאזן אויפן טעלער און אנגעהויבן אפרוקן דעם טעלער,

וואס אזוי איז געווען ביז איצטער רח"ל: אפגעגעבן א שטח אין סיני, מיט "אבו-ראדעס" מיטן נעפט וכו', און מ'האט גלייך געזען די צרות-צרודות שבדבר,

האט מען אנגעהויבן "בלאזן", אנגעהויבן באווארענען, ארייינשיקן "משקיפים", ברענגען אז דערפאר זאל מען געבן פון וואשינגטאן נאך געלט, מיט נאך נשק וכל העניינים,

דערנאך איז דורכגעגאנגען עטלעכע חדשים, כטבע בני אדם אז מ'גיט-נאך א לחץ - קומט ער צוגיין און ברענגט, וויבאלד ער האט "מנה" - וויל ער "מאתים"!

וויבאלד אז דו האסט זיך שוין איינמאל "אפגעבריט" - האלט זיך איצטער פעסט! - האט מען ווייטער אפגעגעבן, נאר וואס דען, מ'האט באווארנט אויף א פאפיר, אז מ'וועט דארטן ניט טארן האלטן קיין צבא, און מ'וועט ניט טארן אדייינברענגען מיט די אלע באווארענישן,

וואס די עדשטע 24 שעה, גלוי לעין כל, האט מען אדייינגערענגט אהינצו אוירוניס צבאיים! נאר וואס דען, מ'האט באווארנט די צייטונגען זאלן וועגן דערויף ניט שרייבן;

- וואס איז נוגע דער פרסום אין די צייטונגען?! טוט עפעס אין בטחון המדינה!

דערנאך האט מען אפגעטאן א דבר וואס "שומו שמים" פון וועלכע מ'האט צרות עד היום הזה: מ'האט באוויזן א ביישפיל, אז ס'איז דא א מושב פון אידן, וואס מ'האט זיי מבטיח געווען אז זיי באזעצן זיך דארט לעד ולעולמי עולמים, און זיי האבן דערפאר אהינצו געבראכט, געפארן פון חו"ל, און זיך דארט באזעצט, און מ'האט געמאכט א קבלת-פנים, ווי זיי זיינען ווערט, און מ'האט זיי מסייע געווען, ארייינגעלייגט אהינצו סיי ממון און סיי גוף און נאכמערער - נשמה.

דערנאך האט מען באוויזן א ביישפיל, אז ניט קוקנדיק אויף די אלע הבטחות, און הבטחות וואס "נחתום בטבעת המלך" וואס "אין להשיב" - אזוי האט מען דעמולט מבטיח געווען, און דעמולט געזאגט אזוי,

האט מען געהייסן זיי, און מבריח געווען זיי, אז פון דעם מושב אויף וועלכן ס'איז געווען די הבטחה גלוי' לעין כל - באווייזט מען א ביישפיל, א מעשה בפועל און מ'האט זיי פון דארטן צוגענומען, מיט אלע-ערליי הבטחות,

און פון דעמולט אן, אז מ'טענה'ט וועגן א "סעטלמענט" - איז צי די צייטונגען דרוקן דאס צי ניט - זאגט מען גלייך: וואס דערציילט איר

אונז אז איר האט מבטיח געווען און איר האט געזאגט און איר האט געטאן כך וכך - איר אליין האט מכריח געווען אט די אידן וואס איר אליין האט זיי באזעצט אין "ימיה" מיט דעם גאנצן ארום, און האט זיי מבטיח געווען כל הון דעלמא - האט איר אליין זיי כפנה געווען פון דארטן!

מיט וואס פאר א טענה קומט איר איצטער צוגיין און זאגט אז פון א צווייטן ארט האט איר מבטיח געווען און איר קענט זיך פון דארטן ניט אפ-טראגן??!

און דערנאך איז געווארן, ווי געזאגט פריער "מי שיש לו מנה רוצה מאתים". דערנאך זאגט מען גלייך "מי שיש לו מאתים" איז ניט ער וויל נאך הונדערט - נאר ער וויל נאך צוויי הונדערט - "רוצה ד׳ מאות" -

האט מען אנגעהויבן לוחץ זיין, אז ניט ווי ס׳איז געווען ביז איצטער, אז פון איין וויתור ביזן צווייטן קען דורכגיין עטלעכע חדשים, נאר עס דארף זיין גלייך, און אז ניט זאלט איר וויסן זיין כך וכך!

זאגט די מגילה: אויב "לא יכרע ולא ישתחוה" - איז דאס לייכטער צו מאכן גלייך באם אנהויבם!

- אז פריער איז "יכרע" און "ישתחוה", און דערנאך א צווייטן מאל "יכרע וישתחוה", דערנאך קומט צוגיין צום דריטן מאל זאגט ער "לא יכרע ולא ישתחוה" -

מ׳האט צוטאן מיט בני-אדם, ס׳איז געדרוקט אין צייטונגען. פרעגט מען: וואס עפעס מיט אמאל ביסטו געווארן אזא "פרינציפ-מענטש"? האסט דאך ערשט-א גע׳טענה׳ט אז צוליב שלום קען מען אלץ אפגעבן, איז וואס עפעס דעם "סעטלמענט" האסטו מפנה געווען, און דארט האסטו מבטל געווען דיין הבטחה, און דארט האסטו געגעבן, נאר וואס דען, דו ווילסט דאס אפ-לייגן אויף פינף יאר - א גוטע זאך וואס דארף מען אפלייגן אויף פינף יאר?! זאל דאס זיין אין פינף טעג!

איז געווען א מעשה מיט שכם, קיינער האט ניט געצויגן פאר׳ן צונג: א מעשה מיטן ראש-העיר פון שכם, האט מען זיך אוועקגעשטעלט בכל התוקף - איז איינס פון די ביידע: אדער זאג ניט; אז דו האסט שוין געזאגט, א צווייטער האט געזאגט, היפך הידיעה שלך, איז עכ"פ - באווייז ניט קיין וועג, אז בשעת מ׳וועט אויף דיר לוחץ זיין - ביסטו גרייט אפצוגעבן כל הענינים, אבי עס זאל אויסגעפירט ווערן היפך פון דיין הבטחה פון דיין רצון, פון דיין ווילן - פון דיין אמת׳ן רצון!

האט מען פריער געזאגט בכל התוקף בנוגע צו דעם "מעיאר" (ראש-העיר) פון שכם כך וכך, דערנאך האט מען באוויזן מיטן פינגער: היתכן אז מ׳פאלגט ניט?! האט ניט געדויערט קיין עטלעכע טעג און מ׳האט דאס מבטל געווען, בפני כל עם ועדה!

און דערנאך האפט מען, אז מ׳וועט רעכענען, אז עס וועט קומען אן אנדער זאך וועט מען זיך שטעלן בתוקף און מ׳מיינט דאס מיט אן אמת - ערשט-א האט מען באוויזן פארקערט!

האט דאס אויך ניט געהאלפן! געווען א מעשה מיט חברון, א מעשה פון "שומו שמים": מ׳האט ביז איצטער ניט געכאפט וועך עס האט געשאטן!

הכל מודים און הכל יודעים, אז דער ש"ב מיט דער משטרה דארטן, אז מ׳וויל געפינען - געפינט מען! ביז וואנענט אז מ׳לערנט זיך פון זיי, און מ׳בעט זייער עזר, און מ׳ברענגט זיי למדינות אחרות, אז זיי זאלן



הנחה פרטית בלתי מוגה

געפינען, און זיי געפינען-אויס -

פארוואס געפינט מען ניט? ווארום מ'ווייס אז מ'וועט געפינען - וועט דאס אנרירן אין "חלונות הגבוהות"!

טראכט מען זיך: וואס דארף מען געפינען, דערנאך וועט מען זיך דארפן מיט אים פירן באופן כך וכך, וועט דאך דאס זיין א חרפה און א בושה בפני כל העולם כולו - זאל דאס הייסן אז מ'איז "בטלנים" און מ'קען ניט געפינען!

וואס אט די הסברה גייט-אן צווישן זיך.

וכמדובר כמ"פ, בשעת איינער האט א חוב - האט ער צוויי ברירות: דרך הישר איז אז ער באצאלט דעם חוב. דערנאך איז דער צווייטער דרך - מ'איז אים מוחל דעם חוב. דערנאך איז דא א דריטער דרך: אז דער וואס האט אים געליען די געלט וויל אים ניט מוחל זיין, און ער וויל ניט צאלן, איז דא א דריטער וועג - ער איז זיך אליין מוחל דעם חוב!

ער רעדט זיך אליין איין, אז בשעת ער וועט זיך פירן כך וכך, דערנאך וועט מען געפינען אן אמתלא און א הסברה, און מ'וועט פועל זיין ביי א צייטונג אז די צייטונג זאל דאס דרוקן - וועט דאס אנגענומען ווערן ביי אלע מענטשן אין דער וועלט, און כן יקום, אז דאס איז די אמת'ע הסברה, במילא וועט מען דערנאך ניט לוחץ זיין.

איז געווען די זעלבע זאך ווי ס'איז געווען אין שכם - איז די זעלבע זאך געווען אין חברון, וואס זיי האבן צווישן זיך, ביידע שטעט זיינען אפגעקויפט געווארן דורך אידן בכסף מלא, און ס'איז ארייגעשריבן ניט נאר אין תורה שבע"פ, דאס שטייט אין דער "ביבל", להבדיל, אין תורה שבכתב! סיי שכם און סיי חברון.

און אויף ביידע שטעט שטייט אין מדרשים, אז מ'דארף זיך היטן, ווארום דאס איז א מקום מוכן צו ענינים בלתי-טובים, איז פריער געווען די תקלה אין שכם, דערנאך איז געווארן א מעשה מיט חברון,

האט מען מכריז געווען בכל ההוקף, און מכריז געווען א דבר נכון וטוב, אז מה-דאך אז אראבער מעגן האבן א דירה אין ירושלים און אין תל-אביב ובכל מקום שהוא - איז א דבר המתקבל בכל העולם כולו אז א איד מעג זיך באזעצן אין חברון.

ניט נאר אין חברון - ער מעג זיך באזעצן אין "רבת-עמון", ער מעג זיך באזעצן אין מצרים, אין "אלכסנדריי' של מצרים", ער מעג זיך באזעצן אין באגדאד - אט דאס איז ע"פ דרך העולם,

מ'רעדט אבער בנוגע צו חברון - איז דאך קיין שייכות ניט: דארט איז די גאנצע שליטה געפינט זיך בידי בני ישראל; ס'האט פון אלעמאל-אן געהערט אידן,

כאמור, ווי עס שטייט אין חומש אז דאס איז א אידישע שטאט פון ימי אברהם אבינו אן, "ארבע מאות שקל כסף עובר לסוחר" וואס גייט-אן בכל המדינות,

און וואס האט מען גע'טענה'ט, אז די ערטער וואס ס'איז דא אויף זיי שטר-מכירה איצטער וואס געהערט צו אידן - מעגן זיך דארט אידן באזעצן.

וואס ווען מ'שטעלט זיך בהוקף - וואלט מען דאס ניט געקענט אפ-

שלאגן!

האט געדויערט עטלעכע טעג, איז גלייך ארויס די הכרזה, אז ניט דאס האט מען געמיינט. - פריער ארויס מיט א גאנצן הוקף, און דער עיקר - מיט א מילתא דמסתברא: א זאך מ'האט א שטר-מכירה אויף א הויז, וואס אט דער שטר-מכירה איז אנערקענט פון אלעמען, וואס די הויז האט יורשים פון דעם בעה"ב וואס האט אפגעקויפט דעם הויז, און ער וויל זיך דארט באזעצן,

און ע"פ החוק וואס א ממשלה דארף באשיצן אירע תושבים - איז מען מחוייב געבן אים די גאנצע הגנה און די באווארעניש ער זאל דארטן קענען לעבן במנוחה ובשמחה ובטוב לבב!

און אז די ערבים וואלטן געזען אז מ'מיינט דאס מיט אן אמת - וואלט דאס אזוי דורכגעגאנגען!

איז גלייך, ווי געזאגט פריער: אמאל פלעגט מען אפווארטן דריי חדשים, דערנאך האט מען געזען, די לוחצים, ניט פון וואשינגטאן - פון "קוואוויים". פון די ערבים, פון "בצפון הפהה הרעה", מכל הצדדים, מער-ניט וואס דאס איז א ממוצע: דורך זיי גייט דאס. - ניט וואשינגטאן איז פארקאכט אין אראבער, ניט וואשינגטאן איז פארקאכט אין חברון מיט אלע איבעריקע ענינים, אבער דורך זיי גייט דאס,

און דא גייט מען דאך ווי כאמור אז מ'גייט אויף א וועג איז וואס מערער "מצוה גוררת מצוה" און "מי שיש לו מאתים רוצה ד' מאות" -

איז דורכגעגאנגען רגע כמימרא, א טאג צוויי און דריי, האט מען אנגעהויבן גליטשן זיך אויף דרגא אחר דרגא:

פריער האט מען געזאגט אז מ'וועט דאס נאך באטראכטן, דאס איז מערניט ווי גערעדט, דערנאך האט מען געזאגט אז מ'האט שוין באטראכט, וואס איז מען געקומען לידי החלטה - אז דאס איז אן ענין וואס דאס איז א החלטה אין טעאריע, אין פרינציפ, בנוגע אבער לפועל - וועט מען זיך מיישב זיין, וועט און וואס און ווי אזוי!

דערנאך קומט מען אבער מאחורי הפרגוד און מ'טענה'ט: דו אליין האסט געזאגט, אז צוליב שלום וועסטו אלץ טאן, און דו אליין האסט גע-זאגט אז דער חוזה פון "קעמפ-דייוויד" איז גאר איין למעלה הימנו - ס'איז אזא גליק אז עס קען גאר קיין גרעסערער גליק ניט זיין! מ'דארף זיך פאטשן אויף די פלייצעס, זאגן מזל-טוב, מאכן א באנקעט, מאכן חגיגות, געבן מדאלן, מיט כל הענינים שבדבר -

איז וואס איז מיט אמאל געווארן דער שינוי, אז דוקא אויף דערויף שטעלסטו איין אין סכנה דעם גאנצן שלום צוליב חברון?!

און וואס האנדלט זיך דאס? - וועגן פינף הייזער, צי זעקס הייזער צי זיבן הייזער!

און עס האלט אט-אט; ס'איז ניט דער פשט וואס "לא יבדע ולא ישתחוה" - הלואי וואלט עס דערביי געהאלטן; מ'זוכט א הסברה פארוואס מ'וועט דאס אפלייגן, דערנאך אז מ'וועט דאס אפלייגן וועט מען זען וואס עס וועט זיין מארגן און איבער-מארגן און איבער-איבער-מארגן, און דער-נאך וועט מסתמא דער אויבערשטער העלפן און מ'וועט געפינען עפעס אן אנדער סארט תירוץ. אבער אין וואס פאר א כיוון, אין וואס פאר א ריכטונג - אין דער ריכטונג!

וואס לערנט די מגילה? די מגילה לערנט, כאמור, אז אפילו אט די אידן וואס ס'איז געווען פריער "נהנו מסעודתו",

ובפרט נאך אז ס'איז געווען א סעודה פון ניט קיין רשע, נאר, כאמור, איינער וואס ער איז געווען דער שליח אויף טאן טובות פאר אידן, אבער אעפ"כ זיינען זיי ניט געווען אין א מעמד ומצב פון פאסטן; "נהנו מסעודתו" - פונקט דער היפך פון דער נטי' פון פאסטן,

- ניט נאר ער וויל א סעודה, ער וויל הנאה-האבן פון דער סעודה! א סעודה איז געניג עס זאל זיין חיבור הנפש בגוף, עס זאל זיין לשמור על הבריאות, "ושמרתם לנפשותיכם"; ער וויל דאס זאל זיך טאקע אפטאן, דערנאך וויל ער טאקע האבן הנאה - וועט ער זיצן מיט שרי המלכות, דער-נאך וועט מען וועגן אים מכריז זיין עם כל הפרסום שבדבר, מיט כל העניינים וואס זיינען פארבונדן מיט אט דער סעודה.

לערנט די מגילה, אז בשעת מ'שטעלט זיך אוועק אין דעם מעמד ומצב פון "עם מרדכי", וואס דארט איז די נקודה עיקרית "לא יכרע ולא ישתחוה": אט דאס וואס אידן האלטן זיך במשך פון קארגע 2 טויזנט יאר פון גלות איז די איין און איינציקע זאך - דערפאר וואס "לא יכרע ולא ישתחוה", און זייענדיק "מפוזר ומפורד בין העמים", איז "דתיהם שונות מכל עם"!

און בשעת מ'קומט צוגיין און מ'זאגט אז מיין דת - איז דאס דיין דה, און דאס וואס דו ווילסט בא מיר - איז א זיכערע זאך אז איך וויל דיר אלץ נאכגעבן, איי וואס איך האב געזאגט נעכטן באופן כך, און תורת משה זאגט באופן הפכי, אז כאמור לעיל אפילו "קש והבן" קען מען ניט אפ-געבן, דערפאר וואס "הפתח הארץ לפניהם" -

לייג איך אוועק דעם שו"ע אויף דער פאליצע, און באם קיילעכדיקן טיש קען ער מיט אים רעדן (מיט א צווייטן) ווארום "ככל הגוים בית ישראל", און ס'איז א זיכערע זאך אז מ'וועט זיך צוזאמענקומען און צו-זאמענרעדן, ווארום אט די אלע עניינים וואס מ'האט גערעדט נעכטן - איז דאס געווען נעכטן, און היינט איז היינט, און מארגן איז מארגן, און מ'דארף אנקומען צו "חסד לאומים חטאה" בכילא איז דרך הטבע האט כען קיין ברירה ניט, אשר לכן, זאג איך דיר, אז זאלסט דאס ניט מפרסם זיין, "אל תגידו בגת", דרוק דאס ניט אין די צייטונגען, אבער צווישן זיך ווייסן מיר אז מ'וועט זיך צוזאמענרעדן און עס וועט זיין בשלום.

- הלואי וואלט געווען בשלום על ישראל; דאס איז פונקט, רח"ל, דער וועג וואס ברענגט פון איין וויתור - צו א צווייטן; פון "הפתח הארץ לפניהם" - צו כניסה אין ארץ פון זיי, און דערנאך איז מי יאמר להם מה תעשה!

וכאמור, ס'איז א כלל אין תורה אז "אין צועקין על העבר": אפגע-געבן "אבו-ראדאס" איז געווען דער "תחילת נפילה ניסה", אבער פארפאלן! דערנאך האט מען אפגעגעבן אלמא, דערנאך האט מען אפגעגעבן "ימית", דער-נאך האט מען אפגעגעבן דאס, א צווייטע זאך, א דריטע זאך, איצטער האלט מען ביי אפגעבן אט די זאכן אויך,

אבער עכ"פ, פונקט אזוי ווי מיט א האלבן יאר צוריק, ווען דעמולט וואלט מען זיך געשטעלט בחוקף אויף "לא יכרע ולא ישתחוה" - איז געווען דער כעכד וכצב שלא בערך בעסער אויף דינגען זיך, ווי ער איז איצטער!

כ'איז אן אך-און-וויי ווי דער מעמד ומצב איז געווען כיט א האלב יאר צוריק - לגבי ווי ער איז געווען מיט א יאר צוריק, אבער בערך ווי

דאס איז איצטער - איז געווען מיט עטלעכע חדשים צוריק, ווען מ'שטעלט זיך דעמולט "לא יכרע ולא ישתחוה" - וואלט געווען שלא בערך דורכפירן די זאך וואס מ'האט סיי-ווי קיין ברירה ניט: סוכ"ס וועט מען זיך מוזן שטעלן, נאר וואס דען, די נפק"מ איז: מ'קען זיך אפשטעלן אין א מעמד ומצב וואס איז עכ"פ ווי ער איז היינט אדער מארגן אינדערפרי, וואס כאמור קומט דאס ניט, און דערפאר איז דאס א סאך שווערער דורכצופירן ווי ס'איז געווען באם מעמד ומצב פון חדשים פריער -

אבער עכ"פ איז רח"ל איז דאס בעסער ווי עס וועט זיין רח"ל אויב מ'וועט איצטער אויך נאכגעבן, און דערנאך וועט מען זיך דארפן דינגען און קלאפן אויפן טיש אין דריי טעג שפעטער!

וכאמור כמ"פ: דא קען מען ניט יוצא זיין מיט דיבור, ווארום דיבור האט מען געזען אז מ'זאגט, און חוץ כדי דיבור, אדער אויף מארגן אינדערפרי טוט מען פונקט פארקערט!

די איינציקע זאך וואס קען פועל זיין: בשעה עס וועט זיין מעשה בפועל, אז דאס וואס מ'זאגט דארף מען באווייזן אז מ'מיינט דאס מיט אן אמת, והא ראי' - כבר נעשה מעשה!

וכאמור, ס'איז איצטער א סאך שווערער ווי מ'האט גערעדט מיט דריי יאר צוריק, אז מ'זאל באזעצן אידן אויפן גאנצן גבול,

און בפירוש מדגיש זיין, אז ניט מ'מיינט "סעטלמענט", און ניט מ'מיינט ישובים, און ניט מ'מיינט שטעט אדער מרכזים וכו' - נאר מ'מיינט אט דאס וואס שטייט אין שו"ע: "שלא תפתח הארץ לפניהם"!

וואס אט דעמולט האט מען דאס געקענט אפטאן במשך פון עטלעכע טעג, און עס וואלט געווען מעשה בפועל, און דאס וואלט געווען א מילתא בטעמא ניט מ'בויט א שטאט כדי אויפצודייצן אדער אימעצן אדויסטרייבן; מ'בויט א "קרעפאסט" (א מבצר) אויפן גבול, וואס דער גבול איז א פרוץ לגמרי, כדי צו באשיצן כל הארץ אז לא תפתח לפניהם.

וואס דאס איז די איינציקע וועג וואס מ'האט דאס לכה"פ איצטער. וכאמור - ס'איז שלא בערך שווערער ווי ס'איז געווען מיט אנדערהאלבן יאר צוריק; שווערער ווי ס'איז געווען מיט א יאר צוריק; שווערער ווי ס'איז געווען מיט א האלב יאר צוריק, אבער עכ"פ, אז מ'וועט זיך איצטער שטעלן בתוקף אויף דערויף - וועט דאס זיין לייכטער ווי עס וועט זיין אויב רח"ל מ'וועט איצטער אויך נאכגעבן און איצטער אויך ניט באשיצן דעם גבול,

און אויך מיט דער בפירוש'ער הדגשה: מ'וויל קיינעם ניט ארויס-טרייבן, מ'וויל ניט אויפשטעלן קיין נייע "סעטלמענטס", קיין נייע שטעט - מ'דארף באשיצן דעם גבול!

און פארוואס דארף מען אים באשיצן - דארף מען ניט האבן קיין הסברות; אלע ווייסן דאס, און רח"ל - מ'דארף ניט ברענגען קיין ראיות און אפשריות - מ'ווייס פון מעשה מחבלים, רח"ל, וואס מ'איז מעלים ומסתיר, מ'דערציילט ניט דערפון, כדי ניט פועל זיין קיין ירידת הרוח, "שבירת הכלים" וכו' - איז מען געפאלן אויף א המצאה: ניטא קיין אנדער עצה - וועט מען מעלים זיין דערפון,

וכאמור לעיל: אפדרוקן אין א צייטונג, אז ס'איז נאך קיינמאל ניט געווען אזא מצב טוב בינלאומי פון ישראל בין העמים ווי ס'איז געווארן איצטער! און מיט א הסברה: ווארום ס'איז געווען די מעשה אין פרס --

ניט די מעשה מיט המן'ען, כאטש ער הייסט אויך "האמייני", און ניט די מעשה פון "לא יכרע ולא ישתחוה",

נאר די מעשה וואס מ'האט אפגעשניטן אויל; מ'פארגעסט זיך: ער האט אפגעשניטן די אויל וואס ער צוגעשטעלט אין ארץ ישראל - זאגט מען אז דאס איז אויך א טובה (?); אפגעשניטן די אויל וואס ער איז מאיים אויף ארה"ב, במילא איז די לוחץ אויף ארץ ישראל, איז דאס אויך געווארן אן ענין של טובה,

ביז וואנענט אז ער זאגט בפירוש, און ער זאגט אז ער איז א פאר-שטייער פון "משרד החוץ", און איז מסביר, אז ס'איז נאך קיינמאל ניט געווען אזא מעמד ומצב טוב, והא ראי' - אין איראן איז געווארן נשתנה דער גאנצער משטר דארטן.

מ'רעדט שוין ניט די זאכן וואס עס האט דארטן געקאסט בנוגע צו אידן, וואס אין כאן המקום לדבר בזה, און דאס איז אן עניך וואס השתיקה טובה לו, און הלואי וואלט ער זיך פירן ווייטער באופן יותר טוב ווי איצטער, דער מושל דארטן, און ס'איז דא א האפענונג אז ער וועט משנה זיין הנהגתו בכיוון טוב - אויב מ'וועט אים ניט אויפרייצן!

- וואס דאס איז שוין אויך דא אזוינע וואס זיינען געפאלן אויף דער המצאה, בדוגמא ווי ס'איז געווען בכמה מדינות, געפאלן אויף דער המצאה: כדי מ'דארף זען עס זאל זיין א טומל, במילא וועלן אידן, רח"ל, לויפן, וועלן זיי דאך לויפן במקום... וועט קענען פארשרייבן אט דער "פקיד", וואס ער דארף באווייזן וואס ער האט אויפגעטאן - אז ער האט צוגעשטעלט אזויפיל אידן!

איז רעכט רח"ל איינשטעלן דארט אין סכנה צענדליקער טויזנטער אידן, כדי צו מאכן רח"ל א בהלה, אפשר וועט דורך דערויף אריינפאלן א טייל וואס וועט אנקומען אין ארץ הקודש!

און אויף דערויף איז אויך אין פוצה פה ומצפצף!

- וואס האט מען אויפגעטאן? מ'האט אנגערייצט אויף ליובאוויטש, אשר לכן, איך וויל מאכן א "שיכון חב"ד" אין ירושלים - טוט מען מיר אפ אזוי און מ'לאזט דאס ניט צו!

וואס וועט דאס העלפן צו דעם מצב בטחוני פון די אידן וואס גע-פינען זיך אין פרס?! דאס דארף מען דאך באווארענען, און איידער זיי וועלן פון דארט אוועקפארן - דארף מען דאך זען אז דארט זאל זיין א יחס צו די אידן, א יחס טוב!

וואס דאס איז א "פרשה" בפני עצמו, והלואי זאל זי בלייבן עכ"פ ווי דער מעמד ומצב איז איצטער, מ'זאל ניט צולאזן צו די פקידים תחתונים, אז זיי זאלן דארטן ניט קאליע מאכן דעם יחס. ס'איז גענוג ווי ער איז איצטער. אבער עכ"פ - ער זאל ניט ווערן ערגער.

אבער דאס איז דאך א "מאמר המוסגר" וועגן חו"ל;

דאס רעדט זיך וועגן ארץ ישראל, וכאמור לעיל - הלואי וואלט איך ניט צוגעטראפן ווי איך האב דוקא צוגעטראפן, און נאך מיט א "סכיכשיק" - נאך ערגער ווי מ'האט זיך דאס פארגעשטעלט,

וכאמור לעיל: הלואי וואלט מען זיך אפגעשטעלט ביי "אבו ראדעס", און דארטן וואלט מען זיך געדונגען, האבנדיק בא זיך די נאפט פון "אבו-ראדעס", און די נאפט פון "אלמא", מיט כל הענינים הקשורים עם זה,

נוסף אויף דעם "עומק איסטראטעגי", מיט די אלע ענינים וואס זיינען פאר-בונדן מיט טכסיסי מלחמה, וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

אבער עכ"פ, ווי דער רבי נשיא דורינו פלעגט זאגן: "צי אז גוט איז גוט - איז בעסער ניט בעסער"?! איז "את זה לעומה זה עשה האלקים" - איז דאס דא אין דעם צווייטן קצה:

ס'איז דא א מצב בלתי-רצוי וואס ער איז גלייך געווארן מיט א שארפקייט בלתי-רצוי: אז מ'האט אפגעגעבן "אבו-ראדעס", דערנאך איז גע-ווארן נאך ערגער - אז מ'האט אפגעגעבן "אלכא", דערנאך איז געווארן נאך ערגער - אז מ'האט באוויזן לעיני כל אז מ'טרייבט ארויס אידן פון "ימית" וסיבותי', דערנאך איז געווען נאך ערגער - ווען ס'איז געווען די מעשה מיט שכם, איצטער האט מען זיך פארריסן מיט דער כעשה פון חברון,

און מ'רעדט אן עניין פון ערים ומרכזים - ענינים וואס האט ניט קיין אנהאלט און מ'האט אויף דערויף מוותר געווען מאחורי הפרגוד יארן צוריק!

די איינציקע זאך וואס מ'קען ניט מוותר זיין, און מ'האט, געלויבט דעם אויבערשטן, ביז איצטער נאך ניט מוותר געווען - איז דאס איז אויף בטחון כפשוטו, עכ"פ אין דעם בולט'סטן אופן, אז קיינער קען ניט מכחיש זיין אז דאס איז נוגע אין בטחון ממש,

וואס דאס איז דער עניין כפשוטו: באזעצן דעם גאנצן גבול, סיי דעם גבול מזרחי, סיי דעם גבול צפוני, הלוואי זאל מען ניט דארפן טראכטן פון די אנדערע גבולים, און מיט דער טענה אמיתית, און מיוסד - וואס דאס איז דער עיקר לכל דבר - אז א איד האט א פסק-דין אין שו"ע - פארשפארט ער טראכטן צי ער דארף טאן אזוי צי באופן אחר; דער אויבערשטער, דורך די פוסקים, האט שוין אפגעטראכט, און האט אפגע'פסק'נט דעם דין,

און האט אפגע'פסק'נט דעם דין: א חשש פון "הפתח הארץ לפניהם" - דארף מען דאס באווארענען אפילו בשבת, אפילו מערניט ווען "ממשמשין ובאין", אפילו מערניט ווי "הבן וקש",

וכאמור: ס'איז קיין נפק"מ ניט צי דאס רעדט זיך ביי א קיילעכ-דיקן טיש, צי דאס רעדט זיך אויף א "חזית" אין א שטח בשדה,

און בפרט נאך אז איצטער רעדט מען שוין ניט ביי א קיילעכדיקן טיש; ס'איז בפירוש ניט "קיילעכדיק" און ניט גלאטיק, און מ'רעדט קלארע ווערטער און קלארע דיבורים, וואס אין המקום להאריך אין דבר המצער.

ויהי רצון, עכ"פ ווי גערעדט בנוגע א כח וואס דער אויבערשטער גיט א אידן, אז ניט נאר ער איז א בעה"ב מכאן ולהבא; ער איז אויך א בעה"ב אויפן עבר,

נאר וואס דען - אויף דערויף דארף מען האבן די עבודה פון תשובה, וואס תשובה איז מהפך אן עניין בעבר וואס איז געווען היפך רצון ה' - איז דאס מהפך און מאכט דערפון זכיות.

נאר וואס דען - דאס גייט מדרגא לדרגא: צום אלעם ערשטן באווארנט מען עכ"פ מכאן ולהבא, וואס דאס איז א תשובה שאינה שלימה, מערניט ווי מיראה, ווי די גמרא זאגט אין יומא, אבער עכ"פ מכאן ולהבא "לא יוסיף לכסלה עוד" - מ'וועט ווייטער ניט געבן,

במילא איז דאס מבריח, און מבריח מיט א טעם המובן ופשוט לכל אחד ואחת, ניט נאר פון אידן - אפילו פון ניט-אידן,

וכאמור, לײדער דארף מען ניט ברײנגען קײן ראיות אז דער מצב בטחוני איז מכריח אז עס זאל זײן א שמירה קפדנית על כל הגבול כולו - מ'האט אױף דערױף די ראי' פון מעשים בכל יום!

און אט דעמולט װעט דאס געבן, מ'װעט דארפן האפן, "יערה עליהם רוח ממרום"; ס'איז א זיכערע זאך אז מ'װעט זען אז מ'װעט זיך שטעלן בתוקף - װעט מען אױספירן און כן יקום, װארום מ'װעט זען אז "לא יכרע ולא ישתחוה",

און פון דיבור קומט דאס אראפ אין מעשה בפועל,

װעט דערנאך אױך זײן די תשובה שלימה, אז עס װעט אױך זײן די הפיכה, "ונהפוך הוא", אױך בנוגע צו די ענינים שעבר, אז מ'װעט צוריקבאקומען די אלע ענינים װאס געהערן צו אידישקײט, במילא װעט מען צוריק באקומען די אלע ענינים װאס געהערן צו אידן, כולל אױך די אלע שטחים פון ארץ ישראל לגבולותי',

און עס װעט זײן דוקא בדרכי שלום - װיבאלד אז מ'װעט שטײן מיט א חוקף, און מ'װעט זען אז מ'מײנט דאס באמת, והא ראי' - מ'טוט א מעשה בפועל,

במילא װעט דאס אױך זײן בדרכי נועם, ולא הפול שערה ארצה, דאס װעט ניט אנרירן קײן אידן; אדרבא - דאס װעט אפשטעלן די מחבלים, װאס דערװײלע טוען זײ רח"ל ענינים, און דאס װאס מ'איז דאס ניט מפרסם איז לײדער ניט משנה די מציאות!

און דער עיקר איז, אז די מחבלים װײסן װעגן זײער הצלחה, במילא איז דאס בא זײ מוסיף עידוד אז זײ קענען גײן װײטער און אױך רח"ל ממשיך זײן, ובאופן דמוסיף והולך!

און פון ימי הפורים, װאס זײ דערמאנען נאכאמאל אז "עס מרדכי" איז "לא יכרע ולא ישתחוה", און דאס איז אין אזא אופן, װי ער זאגט אין דער מגילה, אז דאס װערט איבערגעגעבן, "לא יסופו מפי זרעם", און װי חז"ל זאגן אז דאס איז עד סוף כל הדורות װערט נמשך אט די הכונה פון "לא יכרע ולא ישתחוה" -

מ'דארף דאס אבער אט די װאס בידם, און זײ זײנען די נבחרים, מאיזה טעם שיהי', אבער זײ קענען דאס דורכפירן במעשה - זאלן זײ דאס דורכפירן במעשה, ובמעשה כפשוטו,

ויפה ניט נאר יום אחד קודם, נאר שעה אחת קודם,

װעט מען גײן פון פורים - אין "שושן-פורים", װאס דאס איז מוסיף נאר א טאג פון א יו"ט,

ובפרט אין ירושלים העתיקה, װאס דאס איז די אמת'ע ירושלים, מוקפת חומה, און דער איבעריקער טײל פון ירושלים איז דאך דא די גאנצע שקו"ט װאס איז "סמוך" און װאס איז "נראית" וכו', אבער ירושלים העתיקה איז גאר קײן שאלה ניט אז דארט איז דער ענין פון שושן פורים קורין בחמשה עשר בו,

און דערפון זאל מען קומען בקרוב ממש צו דער דוגמא פון "קײמא כיהרא באשלמותא", אז אידן װאס זײ זײנען "מונין ללבנה", װארום זײ פירן זיך אין דעם אופן פון אידישקײט, װאס אידישקײט איז - אט דאס װאס מ'איז מקבל פון "שמש ומגן הוי' אלקים", פונקט אזױ װי דער אור הלבנה כפשוטה האט זי דאס פון דעם אור השמש, אט אזױ לײבט א איד, און

א איד איז הי וקיים און בהוה, דורך דערויף וואס ער איז מקבל און פירט זיך לויט "שבט ובגן הוי' אלקים".

און "מסמך גאולה לגאולה": אז מ'וועט באווייזן אז מ'שטייט בהוקף אויף שלימות ארצנו הקדושה, "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה".

עאכו"כ אין ימי הפורים האלו, וואס מרדכי איז "לא יכרע ולא ישתחוה" - האט זיך דעמולט ארויסגעוויזן, אז דוקא דאס איז געווען די וועג וואס ס'איז געווען א נצחון גמור, ביז וואנענט אז אחשורוש המלך האט אויך איבערגעגעבן וויפל אזוי עס זאל זיך פירן אין "מדינות המלך אחשורוש" - האט ער געפרעגט און איבערגעגעבן אז מרדכי היהודי זאל זאגן ווי אזוי מ'דארף זיך פירן - אזוי וועט מען פירן זיך בכל מדינות המלך אחשורוש!

און דאס זאל זיין דער "מסמך גאולה לגאולה", אזוי ווי דאס ווערט א גאולה פרטית, ווארום ער האט שלימות היהדות - שלימות התורה,

און ביז אין דערויף אדיין "משלוח מנות איש לרעהו" - אט די וואס זיי זיינען במעמד ומצב טוב ביהדות, ער האט אבער אזא עניין אין יהדות וואס דער צווייטער האט דאס נים,

בדוגמא ווי די גמרא זאגט אין כתובות, אז איין תינוק האט ער אויסגעלערנט סדר זרעים, און א צווייטן תינוק - סדר מועד, ועד"ז אלע ששה סדרים, און דערנאך האט ער געזאגט דעם תינוק וואס קען סדר זרעים - זאל זיין "משלוח מנות איש לרעהו" - ער זאל לערנען מיטן תינוק וואס קען סדר מועד, ועד"ז דער וואס קען סדר מועד - מיט דעם וואס קען סדר זרעים,

עאכו"כ אז עס וועט זיין "מתנות לאביונים": אט די אידן וואס דער-ווילע, מסיבות שונות ומשונות, ווייסן זיי נים פון אידישקייט, ער איז אבער בעצם נפשו איז ער "האב לכל דבר", וואס דאס איז דער אפטייטש פון "אביון", ווי רש"י ברענגט דאס אראפ: "האב לכל דבר" - ער וויל יעדער זאך פון אידישקייט, נים נאר עניינים פשוטים, ביז אין תכלית השלימות - קיום המצוות בהידור, לימוד התורה בשלימותה, ביז דעם לימוד פון רזין און רזין דרזין, פנימיות התורה, "יפוצו מעינותיך", ביז אין "חוצה",

און דאס ברענגט אלע אידן צוזאמען, וואס דעמולט ווערט דער עניין פון שלימות העם, צוזאמען מיט שלימות התורה, צוזאמען מיט שלימות הארץ,

און דאס ברענגט אראפ די גאולה האמיתית והשלימה על ידי משיח צדקנו, און אין אן אופן פון "מסמך גאולה לגאולה", מיד נאך דער גאולת פורים ושושן-פורים - די גאולה ע"י משיח צדקנו,

במילא וועט דעמולט זיין דער חג המצות אין "זמן חירותינו" אין ירושלים העתיקה, בבית המקדש הנצחי,

ווארום אין צווישן וועט זיין דער "ילחם מלחמת ה' וינצח" - משיח צדקנו, וואס ער וועט פארענדיקן דעם גלות, און וועט מאכן "קץ שם לחושך", און ער וועט ברענגען די "אתחלתא דגאולה", ותיכף לזה - די גאולה בשלימותה, בלשון הרמב"ם "נגאלין מיד", "ויבנה בית המקדש במקומו",

ובמהרה בימינו ממש.

* * *

בס"ד. שיחת ש"פ תשא, פ' פרה ה'תש"מ. הנחת הת' בלתי מוגה

א. ס'איז דאך דער שבת וואס קומט נאך ימי הפורים, און אויך שבת פרשת פרה.

וואס דאס זיינען צוויי באזונדערע ענינים - ווארום עס קען זיין אז דער שבת נאך ימי הפורים זאל קומען בסמיכות צו ימי הפורים, וואס דעמולט איז דער שבת נאך פורים א שבת הפסקה צווישן פ' זכור און פ' פרה; און עס קען זיין אז דער שבת נאך ימי הפורים זאל קומען ניט בסמיכות צו ימי הפורים, כבקביעות שנה זו, וואס דעמולט איז דער שבת, שבת פ' פרה[1].

דאס גופא אז דער שבת קומט ניט בסמיכות צו ימי הפורים קען אויך זיין בכמה אופנים, אין וועלכן טאג בחודש דאס קומט אוים - איז בקביעות שנה זו איז דער שבת כ' אדר.

און וויבאלד אז דאס זיינען דריי באזונדערע ענינים (דער שבת נאך ימי הפורים, שבת פ' פרה און כ' אדר) - דארף דערפון זיין דריי באזונדערע הוראות, וביחד עם זה - וויבאלד אז די דריי ענינים קומען אלע צוזאמען אין איין שבת, דארף אויך זיין א צד השוה ביניהם, און א הוראה דערפון.

וכמדובר כמ"פ, אז אע"פ אז דאס איז א הוראה פון דער קביעות מיוחדת דשנה זו - איז דאס אבער אויך א הוראה פאר כל השנים כולם.

ב. דער ענין אין דעם וואס דאס איז דער שבת נאך ימי הפורים:

רז"ל זאגן[2] אז "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת".

וואס ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אז ס'איז אינו דומה דער "טרח" פון סתם א טאג אין וואך, לגבי דעם "טרח" פון א "יום זכאי"[3] און יום מוצלח ווי יום הפורים - איז במילא פארשטאנדיק אז אויך דער "יאכל" אין דעם שבת נאך ימי הפורים איז אויף א העכערן אופן ווי דער "יאכל" אין א שבת וואס קומט נאך סתם ימי השבוע.

און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק פון דעם וואס דער רמב"ן זאגט אז אלע טעג פון וואך איז דא די מצוה פון "זכור את יום השבת לקדשו"[4].

- וואס -

------------

1) ראה אנציקלופדי' הלמודית ערך ארבע פרשיות (ע' קסז) ובהנסמן שם בהע' 110. 2) ע"ז ג, א. 3) ראה תענית כט, א. 4) עה"פ יתרו כ, ח. 5) יתרו שם.

וואס דערפאר, בשעה מ'האט געזאגט אין יום הפורים בשנה זו "היום יום ראשון בשבת", און ניט "היום יום ראשון בשבוע" (דערפאר וואס דאס איז איינער פון ימי השבוע) - האט מען דערמיט מקיים געווען דעם "זכור את יום השבת לקדשו",

און וויבאלד אז דאס איז א טאג ווי יום הפורים, איז פארשטאנדיק אז דער "זכור את יום השבת לקדשו" איז אויך א העכערן אופן ווי דער "זכור את יום השבת לקדשו" פון סתם א טאג אין וואך.

ג. ע"ד ווי די הקדמה והכנה פון ימי הפורים צו שבת איז אויך א העכערן אופן ווי די הקדמה והכנה צו שבת פון סתם ימי השבוע - עד"ז איז די עלי' פון ימי הפורים אין יום השבת אויך א העכערן אופן ווי די עלי' פון סתם ימי השבוע אין שבת:

ביום השבת איז דער "ויכולו", מלשון כליון ותענוג[6], פון אלע ענינים פון דער פאריקער וואך.

איז בשעת שבת קומט נאך דעם טאג פון פורים, וואס ענינו איז "קיימו מה שקבלו כבר"[7], אז דעמולט איז געווארן א קיום אין דער קבלת התורה פון אידן בשעת מ"ת - ווערט אין דעם שבת אן עלי' אין אן אופן פון שלימות און תענוג אין דעם ענין פון "קיימו מה שקבלו כבר".

וואס ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אז דאס איז א העכערער ענין ווי די עלי' און שלימות בשבת פון סתם ימי השבוע.

און די עלי' בשבת וואס ווערט אין דעם "קיימו מה שקבלו כבר" איז אן עלי' בהכלית השלימות, ד.ה. אז דאס ווערט נתעלה אין דעם העכסטן אופן ווי דאס קען נתעלה ווערן, ווארום דאס איז אן עלי' אין תענוג, "ויכולו" מלשון תענוג, וואס תענוג איז די העכסטע שלימות וואס קען זיין.

ס'איז טאקע דא די חקירה בנוגע צו רצון ותענוג מי קדם למי[8] - אבער וויבאלד אז מ'זאגט אז ביום השבת איז די שלימות פון אלע ענינים, און "וקראת לשבת עונג"[9] - איז פארשטאנדיק אז דא גייט מען לויט דער מסקנא און לויט דעם עיקר, אז תענוג איז העכער פון רצון, און אז תענוג פועל'ט - א שלימות -

---

6) ראה אוה"ת בראשית מב, ב ואילך. 7) שבת פח, א.
8) ראה המשך תרס"ו ס"ע סג ואילך. שם ע' עב ואילך. ובכ"מ.
9) ישעי' נח, יג.



הנחת הת' בלתי מוגה

א שלימות אין אלע ענינים, כולל אויך אין רצון.

און נאך דערויף וואס ס'איז דא אין דעם שבת די עלי' פון "קיימו מה שקבלו כבר" אין אן אופן פון תענוג בתכלית השלימות - ווערט דערנאך די המשכה מלמעלה למטה אויך אין אן אופן פון תענוג ושלימות.

און וויבאלד אז "כל הנותן בעין יפה נותן"[10], איז די המשכה זיכער ניט אין אן אופן פון "נהמא דכסופא"[11], נאר דער אויבערשטער גיט דאס אין אן אופן אז אין דערויף זאל אויך זיין דער "קב שלו"[12],

אז נוסף לזה וואס אין שבת איז דא דער "אז תתענג על ה'"[13], וואס דאס איז די המשכה פון תענוג אין יום השבת מלמעלמ"ט - איז אויך דא דער "וקראת לשבת עונג" - אז דער איד דורך עבודתו איז ממשיך נאכמער תענוג אין דעם תענוג וואס איז דא אין שבת מצ"ע[14].

ד. וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק אז אין דעם שבת איז מודגש דער ענין התורה - ווארום אין דעם שבה ווערט א שלימות אין דעם "קיימו מה שקבלו כבר" וואס איז געווען אין יום הפורים:

בא מ"ת איז געווען דער ענין פון "קבלו" - קבלת התורה אין אן אופן פון "כפה הקב"ה עליהם את ההר כגיגית"[15], און הקדמת נעשה לנשמע[16]; דערנאך איז אין יום הפורים געווארן דער "קיימו" פון קבלת התורה[17];

דערנאך קומט דער שבת נאך פורים און טוט אויף א שלימות אין דעם "קיימו" פון פורים, ביז אין אן אופן פון תכלית השלימות.

ה. עד"ז איז מודגש דער ענין התורה אין דעם צווייטן ענין אין דעם שבת - פ' פרה:

די התחלה פון פ' פרה איז - "זאת חקת התורה"[18], וואס אויף דערויף פרעגט מען אין די דרושים עה"פ[19] אז לכאורה האט דא געדארפט שטיין "זאת חקת הפרה", ווארום מצות פרה

- אדומה -

------------

10) ראה ב"ב נג, א. ועוד. 11) ראה ירושלמי ערלה פ"א ה"ג. לקו"ת צו ז, ריש ע' ד. 12) ראה ב"מ לח, א. וראה לקו"ש לך לך תשל"ז ס"ד. וש"נ. 13) ישעי' שם, יד. 14) ראה ביאוה"ז להצ"צ כרך ב ע' תשפח ואילך. 15) שבת שם. וראה תו"א מג"א צח, ד. 16) שבת שם. 17) ראה תו"א שם ואילך. 18) חקת יט, ב. 19) ראה רד"ה זאת חקה תרע"ה (המשך תער"ב ח"ב ע' א'מה). ועוד.

אדומה איז א מצוה פרטית אין תורה - איז פארוואס שטייט "זאת חקה התורה"?

און מ'איז מבאר[20] אז וויבאלד מצות פרה אדומה איז די חקה כללית פון גאנץ תורה, דערפאר רופט מען איר אן "זאת חקה התורה".

וואס עפ"ז קומט אויס אז אויך אין פ' פרה, וואס אין איר ווערט דערציילט דער סיפור און די מעשה ופעולה פון דעם פרה אדומה - איז מודגש דער כללות ענין התורה.

ו. נוסף צו דער הדגשה אויף כללות ענין התורה וואס איז דא סיי אין דעם וואס דאס איז דער שבת נאך פורים, און סיי אין דעם וואס דאס איז שבת פ' פרה - איז אויך דא די הדגשה אויף דעם ענין התורה פון כללות שנה זו, וואס זי איז א שנת השמיטה, "שבת לה'"[21]:

ווי גערעדט כמ"פ במשך השנה, אז שנה זו טיילט זיך אויס פון אלע אנדערע יארן מיט דעם וואס זי איז א שנת השמיטה, ובמילא איז דא מערער זמן פנוי פאר א אידן אויף קענען זיך אפגעבן מיט לימוד התורה, ווארום ער דארף זיך ניט עוסק זיין מיט חרישה וזריעה וכו'.

ד.ה. אז דער ענין השמיטה באשטייט ניט נאר אין אן ענין שלילי, אז "שדך לא תזרע" און "כרמך לא תזמור"[22] - נאר אויך אין אן ענין חיובי, אז דער איד איז ממלא דעם זמן הפנוי מיט לימוד התורה, כמבואר אין ספרים.

וואס בכל השנים איז היות אז ער איז פארנומען מיט עבודת השדה, און ער דארף זיין פארנומען מיט דעם, ווי די גמרא[23] זאגט אז "הרבה עשו כרבי ישמעאל ועלתה בידן", וואס דאס איז דער סדר פון זבולון, אז נוסף צו לימוד התורה דארף זיין דער ענין פון "הנהג בהן מנהג דרך ארץ"[24] ווי עס שטייט[25] "ואספת דגנך גו'" - האט ער ניט אזוי פיל צייט אויף לערנען תורה,

[ב]נוגע צו קיום המצוות - איז ניט שייך אז א איד זאל ניט האבן קיין צייט דאס צו מקיים זיין, ווארום א מ"ע שהזמ"ג מוז מען מקיים זיין ווען עס קומט די צייט ווען מ'דארף דאס מקיים זיין;

- משא"כ -

------------

20) לקו"ת ר"פ חקת. סד"ה הנ"ל (שם ע' א'נב ואילך). וראה לקו"ש חי"ג ע' 67 ובהנסמן שם הע' 12. 21) בהר כה, ב-ד. 22) בהר שם, ד. 23) ברכות לה, ב. 24) ברכות שם. 25) עקב יא, יד. ברכות שם.

משא"כ בנוגע צו לימוד התורה - איז שייך אז (ע"פ תורה) זאל עד לערנען נאר "פרק אחד שחרית ופרק אחד ערבית"[26], "כדת הניתנה לכל אחד ואחד בהלכות תלמוד תורה", ווי דער לשון אין תניא[27],

וואס דערפאר איז שייך אז אויף דערויף זאל מען ניט האבן אזוי פיל צייט (ע"פ תורה)],

בשעת עס קומט אבער שנת השמיטה וואס דעמולט ווערט א איד באפרייט פון עבודת האדמה במשך פון א גאנצן יאר - האט ער מער צייט צו לערנען תורה,

און ווי ער זאגט אין ספורנו[28] אז דער ענין פון שנת השמיטה איז "שתהי׳ כל השנה הבטלה מעבודת האדמה מוכנת לעבודתו . שגם עובדי האדמה כאשר ישבתו בשנה ההיא יתעוררו לדרוש את ה׳".

און דא איז אויך די הדגשה "לדרוש את ה׳", ד.ה. ניט סתם לערנען תורה, נאר לערנען תורה מיט דער כוונה "לה׳", וואס דערפאר רופט מען אן שנת השמיטה ניט "שבת לתורה", נאר "שבת לה׳",

און ווי עס שטייט[29] "ויצונו ה׳ לעשות את כל החקים האלה ליראה את ה׳ אלקינו", אז די כוונה פון "כל החקים האלה", וואס דאס איז כולל אויך די מצוה פון תלמוד תורה, ואדרבה, "ה"ת כנגד כולם"[30] - איז בכדי עס זאל זיין "ליראה את ה׳ אלקינו".

ז. די הוראה מיוחדת וואס מ׳נעמט ארויס פון דעם דריטן ענין אין דעם שבת, כ׳ אדר:

בנוגע צו כ׳ אדר ווערט דערציילט אין מגילת תענית[31] אז דעמולט איז געווען דער סיפור מיט חוני המעגל, אז ער האט מתפלל געווען צו דעם אויבערשטן פאר גשמים, מיט די אלע פרטים שבדבר, ביז אז די גשמים זאלן נתקבל ווערן אין וועלט וכו׳,

און ווי עס ווערט אויך דערציילט בארוכה אין ש"ס[32]

[אבער אין ש"ס שטייט ניט אז דאס איז געווען כ׳ אדר, עס שטייט נאר אז דאס איז געווען ווען "יצא רוב אדר", וואדום דארטן איז ניט נוגע בדיוק אין וועלכן טאג דאס איז

- געווען -

---

26) מנחות צט, ב. הל׳ ת"ת לאדה"ז פ"ג ס"ד. 27) פל"ד (מג, ריש ע"ב). 28) עה"פ בהר שם, ב-ד. 29) ואתחנן ו, כד. 30) פאה פ"א מ"א. 31) פי"ב. 32) תעניה יט, א במשנה. שם כג, א בגמרא.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

געוועז, משא"כ איז מגילת העניית איז נוגע בדיוק וועלכן טאג מ׳דארף מאכן פאר א יום שמחה, וואס דערפאר שטייט דארטן אז דאס איז געוועז כ׳ אדר.

ד.ה. אז אין כ׳ אדר איז מודגש דער ענין התפלה, וואס דערפאר איז די הוראה מיוחדת וואס מ׳דארף ארויסנעמען פון דעם ענין אז דער שבת איז כ׳ אדר - אז עס דארף זיין דער ענין פון עבודת התפלה.

וואס אע"פ אז "בטלה מגילת העניה"[33] - איז אבער וויבאלד אז דאס איז א חלק פון תורה, וואס "התורה היא נצחית"[34], איז אויך מגילת העניה נצחית (ברוחניות).

ובפרט אז מ׳שטייט איצטער אין יום השבה, וואס דעמולט איז אפילו אויב מגילה העניית וואלט ניט בטל געווארן - וואלט מען אויך ניט געטארט פאסטן די תעניות וואס ברענגען זיך אין מגילת תענית, ווארום בשבת איז "לא יוסיף עצב עמה"[35].

ובפרט אז דער סיפור מיט חוני המעגל האט געטראפן בפועל.

ובפרט אז דאס איז געוועז אין ארץ הקודש, ובפרט אין זמן פון בית ראשון, וואס דעמולט זיינען נאך געוועז די "חמשה דברים" וואס האבן געפעלט בבית שני[36] - און אעפ"כ האט חוני המעגל געדארפט מתפלל זיין,

איז דאך במכ"ש וק"ו אז בזמננו קען מען דערפון ארויסנעמען די הוראה אין דעם ענין התפלה.

ח. די שייכות פון דער הוראה פון כ׳ אדר, אז מ׳דארף זיך עוסק זיין אין דעם ענין התפלה, מיט די הוראה המדובר לעיל (פון דעם וואס דאס איז דער שבת נאך פורים, און אויך שבת פ׳ פרה), אז מ׳דארף זיך עוסק זיין אין דעם ענין התורה:

מ׳האט גערעדט פריער אז לימוד התורה דארף זיין אין אן אופן אז די כוונה פון דעם לימוד איז "ליראה את ה׳ אלקינו", וואס "ליראה את ה׳ אלקינו" איז דער ענין התפלה:

אמאל איז מען מבאר[37] ווי דער ענין התפלה איז א הקדמה צו לימוד התורה, אבער דא רעדט מען ווי תפלה קומט לאחר דעם ענין התורה, און איז די כוונה און תכלית השלימות פון תורה, דער "ליראה את ה׳ אלקינו".

- און -

---

33) ר"ה יח, ב. ובכ"מ. 34) תניא רפי"ז. 35) משלי י, כב. וראה תוד"ה מ"ד - מו"ק כג, ב. מירושלמי ברכות פ"ב ה"ז. 36) יומא כא, ב. 37) לקו"ת ברכה צו, ב. ובכ"מ.

אין ווי ס׳געפינט, אז אפילו ר׳ יהודה וואס ער איז "תורתו אומנתו"[38] – אעפ"כ "הי׳ מצלי מתלתין יומין לתלתין יומין"[39].

און אפילו רשב"י האט אויך מפסיק געווען מזמן לזמן פאר דעם ענין התפלה, ווי ער האט אליין מעיד געווען אויף זיך[40], אז "בחד קטירא אתקטרנא בי׳ בקוב"ה . . בי׳ אחידא בי׳ להיטא בי׳ אתדבקת", וואס דאס איז דער ענין התפלה, וואס זי איז די העכסטע התקשרות וואס קען נאר זיין, העכער אפילו פון "תורתו אומנתו" פון רשב"י,

ווי ס׳איז פארשטאנדיק דערפון גופא וואס רשב"י וואס ער איז "תורתו אומנתו"[41], האט מפסיק געווען להתפלל.

ועד"ז ברענגט דער אלטער רבי אין הל׳ ה"ת[42] (ובקיצור אין הל׳ תפלה[43]) בנוגע צו "חסידים הראשונים", אז זיי האבן געדאווענט "ט׳ שעות ביום, ולא היו חוששין לביטול תורה . . מפני שהיו מקשרים דעתם לאדון הכל ב"ה ביראה ואהבה עזה ודביקות אמיתית עד שהיו מגיעים להתפשטות הגשמיות, ומצות הדביקות האמיתית ביראה ואהבה היא גדולה ממצוה ת"ת כו׳",

וואס ס׳איז דאך מעצמו מובן אז די עבודת התפלה בא די חסידים הראשונים איז געקומען נאך דעם וואס זיי האבן געענדיקט לערנען גאנץ תושב"כ, און זיי האבן געהאט א שליטות הידיעה אין "המעשה אשר יעשון" און "אשר לא תעשינה"[44] – און ערשט דעמולט, איז אפילו אז זיי האבן געהאלטן בא א הויכע דרגא אין לימוד התורה, פונדעסטוועגן האבן זיי אוועקגענומען פון זייער צייט פון לימוד התורה, און געדאווענט "ט׳ שעות ביום".

וואס מכל זה איז פארשטאנדיק די הוראה נוגע וואס כ׳ אדר גיט צו אין די הוראות פון דעם שבת נאך פורים און פון שבת פ׳ פרה – אז פון לימוד התורה דארף מען צוקומען צו דעם "ליראה את ה׳", וואס דאס איז דער ענין התפלה, די שלימות פון לימוד התורה.

ט. דער ענין התפלה האט אויך א שייכות מיוחדת מיט שבת (וואס כ׳ אדר קומט דאך אוים בקביעות שנה זו ביום השבת):

ס׳איז מבואר בכ"מ[45] אז אלע תפלות פון ימות החול ווערן נתעלה אין די תפלות פון יום השבת.

- וואס -

---

38) ראה שבת יא, א. תו"א מקץ לח, ד. 39) ר"ה לא, א. 40) זח"ג רפח, א. רצב, א. 41) שבת שם. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס קו. הל׳ ת"ת לאדה"ז פ"ד ס"ד-ה. 42) שם ס"ה. 43) סצ"ג ס"א. 44) ל׳ הכתוב - יתרו יח, כ. ויקרא ד, ב. 45) ראה סידור ריא, ג. ובכ"מ.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז שבת איז פארבונדן מיט דעם ענין התפלה.

און ע"פ האמור לעיל אז דא רעדט מען וועגן דעם ענין התפלה וואס איז העכער און איז די שלימות פון תורה - קומט אויך אויס אז אע"פ וואס שבת איז פארבונדן מיט דעם ענין התורה (כמדובר לעיל די שייכות פון דעם שבת נאך פורים און פון שבת פ׳ פרה מיט דעם ענין התורה), ביז מ׳זאגט[46] אז "לכולי עלמא בשבת ניתנה תורה", וואס דאס באווייזט אז שבת מיט תורה האבן א צד השוה[47] -

איז אבער דער ענין התפלה וואס איז דא אין שבת נאך א העכערער ענין, ביז מ׳זאגט[48] אז "בקושי התירו לדבר דברי תורה בשבת", ווארום שבת איז בעיקר פארבונדן מיט דעם ענין התפלה.

ד. די הוראה בפועל מהאמור לעיל:

מ׳דארף מוסיף זיין אין לימוד התורה, און אין קביעות עתים לתורה, און אין עבודת התפלה.

און אפילו אז מ׳געפינט זיך אין א מעמד ומצב וואס "אבתי עבדי אחשורוש אנן"[49] (וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם שבת נאך פורים), און נאך דעם וואס "בטלה מגילה הענית" (וואס דאס איז פארבונדן מיט כ׳ אדר). און אין א מעמד ומצב וואס מ׳איז שייך דער ענין פון טומאת מת (וואס דאס איז פארבונדן מיט שבת פ׳ פרה) וואס דאס איז א טומאה הכי חמורה, דער ענין פון אבי אבות הטומאה - האט מען די הוראה פון די דריי ענינים אז עס קען און דארף זיין די הוספה אין לימוד התורה און אין עבודת התפלה.

[אין דעם ענין אז טומאת מת איז דער אבי אבות הטומאה, איז דא א דבר פלא[50], וואס איך האב ניט געפונען אז מ׳זאל זיך שטעלן אויף דעם:

טומאת מצורע איז מער חמור ווי טומאת מת, ווי ס׳איז פארשטאנדיק פון דעם וואס א מצורע דארף ארויסגיין מחוץ פון אלע שלש מחנות[51], משא"כ א טמא מת דארף ארויסגיין נאר מחוץ פון ב׳ מחנות, [די פרה אדומה, וואס איז מטהר פון

- טומאת -

------------

46) שבת פו, ב. 47) ראה תו"א ויקהל פח, א ואילך. 48) ראה ירושלמי שבת פט"ו ה"ג. הובא בספר היראה לרבינו יונה אות שיט. וראה תו"א הוספות קיג, א-ב. סידור רצז, ד. ובכ"מ. 49) מגילה יד, א. 50) ראה גם לקו"ש חקת תשל"ו ס"ו. וראה בהנסמן שם הע׳ 40-38. 51) פרש"י עה"פ מצורע יד, ב.

טומאת מת דארף מען טאקע מאכן מחוץ פון אלע שלש מחנות[52], אבער א טמא מת אליין דארף ארויסגיין נאר מחוץ פון ב' מחנות,

און אעפ"כ דופט מען אן דוקא טומאת מת - אבי אבות הטומאה, און מ'זאגט[53] אז דוקא אויף טומאת מת איז "נתכרכמו פניו של משה"?!.

וואס בנוגע צו טומאת מת אליין דארף מען איצטער ניט האבן קיין באווארעניש - ווארום ס'איז "ואתם הדבקים בה' אלקיכם חיים כולכם היום"[54], ובפרט אז מ'האלט זיך אן אין "אילנא דחיי"[55], ובלשון הידוע - אז מ'האלט זיך אן אין דער "קלאמקע", וואס דאס איז "אילנא דחיי",

ובפרט אז ניט נאר מ'האלט זיך אן אין דער "קלאמקע", נאר מ'לערנט אויך תורה כ"ק מו"ח אדמו"ר, ובפרט אז מ'איז זיך משתדל אין "יפוצו מעינותיך חוצה", וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ביטול פון טומאת מת, ווארום דאס איז דוקא דורך א "מעין"[56] וואס ער איז דער מקור פון מים חיים -

איז דאך זיכער ניט שייך בזמננו דער ענין פון טומאה מת; ס'איז נאר שייך דער חשש פון נוגע במת, און נוגע בנוגע במת, און נוגע בנוגע בנוגע במת.

און וויבאלד אז ס'איז דא דער חשש, קען מען דאך מיינען אז מ'קען זיך ניט עוסק זיין אין לימוד התורה און אין עבודה התפלה כדבעי -

זאגט מען אז דער שבת איז שבת נאך פורים, און ס'איז שבת פ' פרה, און ס'איז כ' אדר, וואס די אלע דריי ענינים זיינען מדגיש אז מ'דארף לערנען תורה בהתמדה ובשקידה עצומה, ביז אז מ'הארעוועט אז די תורה זאל אראפקומען אין הבנה והשגה, ביז אז ער ווערט נאהאד מיט דער תורה וואס ער לערנט, ביז אז דער שכל דנה"ב פארשטייט דאס, וואס דוקא דעמולט איז דאס לימוד התורה כהלכתו[57].

אבער וויבאלד אז דאס איז אראפגעקומען אין הבנה והשגה שלו - דארף ער האבן די באווארעניש פון "ברכו בתורה תחלה" -

---

52) יומא סח, א. ספרי ופרש"י עה"פ חקת יט, ג. רמב"ם הל' פרה אדומה רפ"ג. 53) בכדב"ר פי"ט, ד. תנחומא חקה ו (בסופו). 54) ואתחנן ד, ד. וראה אדר"נ ספל"ד. 55) ראה הקדמת כ"ק אדמו"ר הריי"ץ לקונטרס התפלה. 56) מקוואות ספ"א. וראה לקו"ש ח"ד ע' 1119-1120 ובהערות שם. 57) ראה מג"א או"ח ס"נ סק"ב. שו"ע אדה"ז שם ס"ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ב סי"ג.

תחלה"[58] - ער זאל מברך זיין דעם "נותן התורה" לשון הוה[59], ביז ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא[60] אז "בכל שעה ושעה" פון לימוד התורה דארף מען האבן די התבוננות אז דער לימוד התורה איז לשמה,

וואס דער ענין פון "ברכו בתורה תחלה", אז ער איז מכיר אין דעם לימוד התורה אז דאס איז די תורה פון דעם אויבערשטן - איז דער ענין התפלה, וואס דאס איז דער תכלית השלימות פון לימוד התורה, אז עס זאל זיין "ליראה את ה' אלקינו".

יא. און וויבאלד אז מ'האט געגעבן כחות אויף דערויף, ביז אז מ'האט מגלה געווען קבלה, און מגלה געווען תורת הבעש"ט, און מגלה געווען תורת החסידות חב"ד, ביז אין אן אופן פון "יהפרנסון"[61], אז דאס קומט אראפ אין הבנה והשגה, ווי ר' שלום בוזאגלו שרייבט[62], ביז אז דאס קומט אראפ און עס ווערט "דם ובשר כבשרו"[63] -

איז וויבאלד אז מ'האט געגעבן די אלע כחות און ענינים - קען דאס זיכער יעדער איינער מקיים זיין.

און לאידך, אויב מ'נוצט ניט אויס די כחות וואס מ'האט געגעבן אויף דערויף - איז ניט נאר וואס מ'האט ניט די זאך אויף וואס די כחות זיינען געגעבן געווארן, נאר מ'איז מבלבל אלע סדרי העולם, ווארום "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא ברא דבר אחד לבטלה"[64], און אויב דער איד נוצט ניט אויס אפילו איין זאך וואס דער אויבערשטער גיט - ווערט דאס ח"ו אן ענין פון "לבטלה"!

און בפרט אז מ'האט מבזבז געווען א הון יקר ועצום, ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר שרייבט אין דעם מאמר ההילולא[65], אז צוליב נצוח המלחמה איז דער מלך מבזבז אלע אוצרות, וואס דאס זיינען גנזי ורזי תורה, וואס צו אבותינו און אבות אבותינו בדורות שלפנ"ז האט מען דאס ניט נאר ניט געגעבן, נאר אפילו ניט באוויזן, ועאכו"כ רזין דרזין דתורה -

און איצטער האט מען אפגעגעבן יעדער איינעם דעם הון יקר ועצום, און מ'האט אויך אפגעגעבן די כחות ווי צו זיך משתמש זיין בזה.

- די -

---

58) נדרים פא, א. ב"מ פה, ריש ע"ב. וראה ד"י - הובא בר"ן לנדרים שם. שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס מז. ב"ח או"ח סמ"ז. 59) לקו"ת תזריע כג, א. 60) פמ"א (נח, ב). 61) ל' התקו"ז ח"ו בסופו. 62) בספרו כסא מלך לתקו"ז שם. ובהקדמת מקדש מלך לזהר. 63) ל' התניא ספ"ה. וראה לקו"ש ח"ז ע' 206. 64) שבת עז, ב. 65) ד"ה באתי לגני ה'שי"ת פי"א. ספי"ז.

די איינציקע זאך וואס מ'דארף טאן איז - אויסארבעטן די כחות, און זיי ארויסברענגען מן הכח אל הפועל.

וואס דעמולט איז מען פארזיכערט אז מ'וועט מנצח זיין די מלחמה, וואס אויף דערויף האט מען אויך געגעבן די כחות,

ביז צו "ילחם מלחמות ה' וינצח"[66], וואס דאס טוט אויך דער אויבערשטער, ווארום "ה' ילחם לכם ואתם תחרישון"[67] - דורך דעם וואס אידן לערנען תורה און זיינען מקיים מצוות, וואס דאס איז "תחרישון", ווערט "ה' ילחם לכם",

און עס ווערט "נפל פחד היהודים עליהם"[68], אין אן אופן פון "עד מהרה ירוץ דברו"[69], אז "מיד הן נגאלין"[70],

און עס ווערט "והיתה לה' המלוכה"[71], למטה מעשרה טפחים, בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, ובעגלא דידן.

* * *

יב. בהמשך להאמור לעיל וועגן דעם ענין פון טומאת מת, און אז דוקא די פרה אדומה איז דאס מטהר - איז דא אין דערויף א דבר פלא:

עס שטייט אין מדרש[72]: "אמר לו הקב"ה למשה לך אני מגלה טעם פרה אבל לאחר חקה", ביז אז אויך שלמה המלך, וואס אויף אים שטייט[73] "ויחכם מכל האדם" האט געזאגט[74] "על כל אלה עמדתי ופרשה של פרה אדומה חקרתי ושאלתי ופשפשתי אמרתי[75] אחכמה והיא רחוקה ממני".

איז איינגאנצן ניט פארשטאנדיק (און ווי גערעדט כמ"פ אז דוקא אויף א "קלאץ קשיא" שטעלט זיך קיינער ניט):

אין ספרי מוסר, און אין ספרי קבלה, ובפרט אין דרושי חסידות, ביז צו די דרושים פון כ"ק מו"ח אדמו"ר ווערט נתבאר בארוכה בטוב טעם דער גאנצער ענין פון פרה אדומה, מיט די אלע פרטים שבדבר, אז ס'איז דא די שריפת הפרה, וואס דאס איז די העלאה כלמכלכ"ע, און דערנאך איז דא דער "ונתן עליו מים חיים אל כלי"[76], די המשכה בלמעלמ"ט וכו'[77],

- און -

---

66) רמב"ם הל' מלכים ספי"א. 67) בשלח יד, יד. 68) אסתר ח, יז. 69) תהלים קמז, טו. וראה לקו"ת קרח נה, ג ואילך. 70) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה. 71) עובדי' א, כא. 72) במדב"ר שם, ו. תנחומא שם, ח (בתחלתו). 73) מ"א ה, יא. 74) במדב"ר שם, ג (בסופו). תנחומא שם ו. 75) קהלת ז, כג. 76) חקת יט, יז. 77) לקו"ת חקת נו, ג ואילך. אוה"ת חקת ע' תתיד. כרך ה' ע' א'תרטז. ועוד.

און פארוואס דאס איז מטהר פון אבי אבות הטומאה -

איז ווי קען מען זאגן אז פרה אדומה איז א חוקה, ביז אז שלמה המלך, וואס ער איז געווען דער חכם מכל אדם האט געזאגט אויף דעם "אחכמה והיא רחוקה ממני"?!

מ'קען ניט ענטפערן אז דאס וואס חסידות איז מבאר דעם טעם אויף דעם וואס פרה אדומה איז מטהר פון טומאת מת, איז ע"ד ווי דער אלטער רבי זאגט אין אגה"ק[78] בנוגע צו די טעמי המצוות וואס זיינען נתגלה געווארן, אז "איך זה הטעם המובן לנו לבדו תכלית הטעם וגבולו אלא בתוכו מלובש פנימיות והעלומות חכמה שלמעלה מהשכל וההבנה", וואס דערפאר איז פרה אדומה בעצם א חוקה, ביז אז שלמה המלך האט געזאגט אויף דעם "אחכמה והיא רחוקה ממני", אע"פ וואס אין חסידות ווערט נתבאר א טעם לזה -

ווארום לפ"ז איז מכנ"פ: דאס וואס דער אלטער רבי זאגט אין אגה"ק איז בנוגע צו אלע מצוות, סיי חוקים, סיי עדות און סיי משפטים - איז פארוואס איז דוקא פרה אדומה א חוקה, און פארוואס האט שלמה המלך געזאגט "אחכמה והיא רחוקה ממני" נאר בנוגע צו פרה אדומה און ניט בנוגע צו שאר המצוות;

און אויב כוונת שלמה המלך איז ניט בנוגע צו "פנימיות והעלומות חכמה שלמעלה מהשכל וההבנה" (ווי דער אלטער רבי זאגט אין אגה"ק) - ווערט צוריק די שאלה הנ"ל: חסידות איז דאך מבאר גאר בפשטות דעם טעם פארוואס פרה אדומה איז מטהר פון טומאת מת,

ביז אז חסידות איז דאס מבאר אין אן אופן פון חב"ד - וואס דאס איז אין הבנה והשגה, ביז אין אן אופן פון "יהפרנסון", ביז אז דאס קומט אראפ אין דעם שכל פון דעם נה"ב און אין שכל האנושי, ביז אז כ"ק מו"ח אדמו"ר האט דאס געהייסן איבערזעצן אויף לשון עם זו, וואס דעמולט קען דאס אפילו א גוי פארשטיין -

איז ווי זאגט מען אז שלמה המלך האט דאס ניט פארשטאנען?!

יג. דער כללות הביאור ע"פ שכל וואס חסידות גיט אויף דעם וואס די פרה אדומה איז מטהר און מכפר אויף טומאת מת:

פרה אדומה איז בכללות עבודת התשובה[79], וואס דאס באשטייט אין צוויי ענינים:

- פריער -

---

78) סי"ט (קכח, א). 79) אוה"ת שם ריש ע' חשסב. ועוד. וראה לקו"ת שם סא, ריש ע"ד.

פריער איז דא שריפת הפרה, וואס דאס איז די העלאה מלמטלמ"ע, און דערנאך נעמט מען דעם אפר פון דער פרה "ונתן עליו מים חיים אל כלי", וואס דאס איז די המשכה מלמעלמ"ט, ובפרט דורך די זריקה.

ובעבודת האדם:

פריער דארף זיין די שריפה פון דעם גוף ונה"ב, וואס דאס איז עבודת הביטול, ביז אז ער ווערט אויס מציאות לגמרי, און עס בלייבט מערניט ווי אפר[80], וואס דאס איז די עבודה אין אן אופן פון רצוא, העלאה מלמטלמ"ע.

און דורך דער העלאה דערגרייכט ער אין פנימיות הלב, ביז אין פנימיות שבפנימיות הלב, כמבואר אין די דרושים[81] אז אין פנימיות הלב איז דא פנימיות דפנימיות, און ער דער-גרייכט אין דער נה"א, וואס זי איז "חלק אלוקה ממעל ממש"[82], ביז ער דערגרייכט אין עצם הנשמה, וואס דאס איז די נקודת היהדות, און חלק היחידה און יחיד שבנשמה[83], וואס דאס איז ווי די נשמה פארבינדט זיך מיט דעם עצם שלמעלה,

און פון דארטן איז ער ממשיך מלמעלמ"ט, אין אן אופן פון שוב, אויף דעם אפר וואס איז איבערגעבליבן דורך עבודת הביטול והשריפה, וואס דאס איז "ולקחו לטמא מעפר שריפת החטאת ונתן עליו מים חיים אל כלי"[76] - אז ער איז ממשיך פון עצם הנשמה, וואס איז פארבונדן מיט דעם עצם שלמעלה, וואס דאס איז "מקוה מים חיים"[84], אין דעם אפר הגוף ונה"ב וואס איז געבליבן נאך עבודת הביטול.

און וויבאלד אז ער האט דערגרייכט אין דעם פנימיות שלו, ביז אין עצם הנשמה - פארבינדט זיך זיין פנימיות מיט פנימיות העולמות און מיט פנימיות שלמעלה, מיט עצמות, וואס וויבאלד אז דאס איז עצמוה, וואס ער איז למעלה פון אלע מדוה"ג פון חיים און פון העדר החיים, און "מי יאמר לו מה תעשה"[85] - דערפאר ווערט פון דארטן נמשך די טהרה און כפרה אויף טומאת מת.

וואס דאס איז אויך דער טעם אויף דעם וואס מ'מאכט די פרה אדומה דוקא מחוץ פון אלע ג' מחנוה - ווארום דאס באווייזט אז די המשכה פון פנימיות ועצמות דלמעלה וואס איז למעלה פון אלע מדוה"ג, ווערט נמשך אויך אין "חוץ"

- פון -

------------

80) לקו"ת שם נו, ג ואילך. ובכ"מ. 81) לקו"ת הצא לו, א. 82) תניא רפ"ב. 83) ראה לקו"ת ראה כה, א. 84) ל' הכתוב - ירמי' ב, יג. וראה לקו"ת שם נז, א. ועוד.
85) קהלת ח, ד.

פון די מחנות דקדושה[86], וואס דאס איז בדוגמא ווי דער ענין פון טומאת מת, וואס איז "חוץ" פון חיות און קדושה.

און דוקא אין דעם "חוץ" מאכט מען די פרה אדומה וואס איז מכפר אויף טומאת מת, וואס דאס איז דער ענין פון "מיני' ובי' אבא לידיל בי' נרגא"[87].

יד. וואס דאס איז בכללות די עבודה פון תשובה - אז אע"פ וואס א איד האט עובר געווען אויף א חטא, און עס ווערט א הפסק צווישן אים מיטן אויבערשטן - טוט ער תשובה וואס דאס דערגרייכט אין פנימיות שלמעלה, און דוקא פון דארטן ווערט נמשך א סליחה וכפרה, און דער איד ווערט צוריק נתחבר מיטן אויבערשטן.

וכידוע די דוגמא גשמיה לזה פון דער גמרא אין ב"ב[88], אז אע"פ וואס ס'איז געווען א מציאות וואס דער ראש איז נפסק געווארן פון דעם גוף, איז אבער דורך א געוויסן גראז האט מען דאס צוריק מחבר געווען.

ועד"ז בעבודת התשובה:

ס'איז דא אמאל די מציאות פון "אבי ואמי עזבוני"[89] - אז זיין מציאות ווערט נפסק פון זיין שרש, וואס דאס איז "אבי ואמי", וואס זיי זיינען די מולידים זיינע, בדוגמא ווי ראשו.

וואס אין רוחניות איז דאס - אז "עונותיכם הי' מבדילים ביניכם לבין ה' אלקיכם"[90].

און דורך עבודת התשובה דערגרייכט ער אין זיין עצם הנשמה וואס איז פארבונדן מיט דעם עצם שלמעלה, וואס דאס איז העכער פאר זיין מציאות ווי דאס איז ע"ד הרגיל, "אביו ואמו" -

און דערפאר איז אע"פ וואס מצד הטבע איז "אבי ואמי עזבוני"[89], אעפ"כ, מצד דעם וואס ער דערגרייכט העכער פאר שרשו, ווערט "וה' יאספני", און עס ווערט נמשך דער ענין פון סליחה וכפרה אויף "עונותיכם", וואס דאס איז צוריק מחבר דעם אידן מיט "ה' אלקיכם",

ביז אז דער קשר ביניהם ווערט נאכמערער ווי דאס איז געווען פריער, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ת[91] אז "במקום הקשר הוא כפול ומכופל".

- וואס -

---

86) לקו"ת שם נח, ג. אוה"ת שם ע' תשסא ואילך. תתיד. ובכ"מ. 87) סנהדרין לט, ב. 88) עד, ב. וראה לקו"ת במדבר א, ב. לקו"ת ח"ה ע' 136 שוה"ג הג' להע' 27. 89) תהלים כז, י. 90) ישעי' נט, ב. וראה אגה"ת פ"ה. לקו"ת שם. 91) ספ"ט.

וואס דאס איז דער ענין פון פרה אדומה אין עבודת האדם.

טו. ע"פ כל המבואר לעיל, פארוואס דער ענין פון פרה אדומה איז מטהר אויף טומאת המת ע"פ המבואר אין תורת חסידות חב"ד, בהבנה והשגה - ווערט די שאלה הנ"ל: ווי קען מען זאגן אז שלמה המלך האט געזאגט אויף דער פרה אדומה אז "אחכמה והיא רחוקה ממני"?!

און דער עיקר השאלה איז - פארוואס קיינער שטעלט זיך ניט אויף דער שאלה!

עכ"פ צי מ'פארשטייט יע דעם ביאור אין דעם צי מ'פארשטייט דאס ניט[92] - פועל'ט דאס ניט קיין גרעון אין דער אמת'קייט פון דעם ענין, און אין דער הוראה וואס מ'דארף דערפון ארויסנעמען בנוגע לפועל.

טז. די הוראה נצחית וואס איז שייך לכל אחד ואחת וואס מ'נעמט ארויס פון דעם ענין פון פרה אדומה איז - אז די הנהגה פון א אידן דארף זיין אין אן אופן פון "זאת חקת התורה":

ווען עס קומט צו אן ענין פון תומ"צ דארף מען ארויסגיין פון אלע מדוה"ג און חשבונות ע"פ שכל, און ארויסגיין אפילו פון חשבונות פון דעם נה"א, און טאן אין תומ"צ אין אן אופן פון זריזות.

קען מען דאך מיינען אז מ'דארף ארויסגיין פון אלע מדוה"ג נאר בנוגע צו כמה עניינים פון תומ"צ, און נאר אין געוויסע זמנים - זאגט מען אז ס'איז "זאת חקת <u>התורה</u>": די הנהגה אין אן אופן פון "חוקה" איז א סדר אין <u>גאנץ</u> תורה.

ובנוגע לפועל:

מ'דארף ארויסגיין אין גאס און זוכן א אידן וואס מ'דארף אים מטהר זיין, ביז מטהר זיין פון אן ענין פון טומאת מת, רח"ל, און לערנען מיט אים אל"ף בי"ת, אדער לערנען מיט אים אן ענין פון די עשה"ד, ווי "זכור את יום השבת" און "שמור את יום השבת"[93].

טענה'ט ער:

ער איז דאך א למדן, אדער א משכיל, אדער אן עובד - איז וואס דארף <u>ער</u> גיין לערנען מיט א צווייטן אל"ף בי"ת, ווען א בן חמש למקרא אדער אן איש פשוט קען דאס טאן, און

- דער -

---

92) ראה שיחת פורים קטן תשל"ח סוף סט"ז ובהע' 88 שם.
93) ואתחנן ה, יב.

דער איש פשוט קען דאס טאן מיט א התלהבות הכי גדולה, און רעדן "דברים היוצאים מן הלב"[94] וכו', און דאס וועט אים אויך ניט שטערן צו זיין לימוד התורה?!

בשעת מ'דארף גיין מסביר זיין יענעם אן ענין עמוק אין נגלה דתורה, אדער אן ענין עמוק אין חסידות - דעמולט וועט ער גיין אויף כס"נ און גיין מסביר זיין יענעם דעם ענין, ווארום ער איז א רשכבה"ג, און א גדול בישראל, ארן ער פארשטייט אז צו מסביר זיין אן ענין עמוק דארף מען אנקומען דוקא צו אים!

אבער בנוגע צו סתם גיין לערנען מיט יענעם אל"ף בי"ת - דארף מען דאך ניט אנקומען צו אים - איז במילא זאל אן איש פשוט וואס האט סיי-ווי ניט וואס צו טאן גיין לערנען מיט יענעם אל"ף בי"ת, און ער וועט זיצן און שטייגן אין תורה.

ובפרט אז זיין מלמד און זיין ראש ישיבה און זיין משפיע זאגן אים אז ער האט כשרונות, און אויב ער וועט זיצן און לערנען וועט ער שטייגן און שטייגן.

ביז (איך האב זיך ניט פארגעסטעלט אז ס'איז דערגאנגען אויף אזוי ווייט) אז איינער האט מיר דערציילט אז ס'איז דא א ראש ישיבה וואס האט געזאגט איינעם פון זיינע תלמידים אז אזוי ווי עס שטייט אין ספרים[95] אז משיח ווייסט אליין ניט אז ער איז משיח ביז עס וועט קומען די צייט אז ער דארף נתגלה ווערן, און וויבאלד אז דער רמב"ם[96] זאגט אז משיח וועט זיין "הוגה בתורה . . כדוד אביו" - איז אויב דער תלמיד וועט זיין "הוגה בתורה", קען מען גארניט וויסן, און עס קען גאר זיין אז ער איז משיח צדקנו!

יענער האט דאס מיר ניט דערציילט ע"ד הצחוה, נאר ס'איז געווען ניכרים דברי אמת, ביז אז מ'ווייסט אויך וועלכער תלמיד דאס איז און אין וועלכער ישיבה און אין וועלכער כתה ער לערנט.

בשעת יענער האט מיר דאס דערציילט האב איך דאס ניט מבטל געווען מצד צוויי טעמים: ערשטן ס: דאס וואלט סיי-ווי ניט העלפן, און צווייטן ס: ס'איז דאך דא דער כלל[97] אז "לעולם יעסוק אדם בתורה ומצוות אע"פ שלא לשמה שמתוך שלא לשמה בא לשמה", און וואס איז א בעסערער "שלא לשמה" ווי מיינען אז דורך דעם לערנען תורה וועט ער ווערן משיח צדקנו!

- ובפרט -

---

94) ראה ס' הישר לר"ת שי"ג. הובא בשל"ה סט, א.
95) שו"ת חת"ס ח"ו סצ"ח. 96) הל' מלכים ספי"א.
97) פסחים נ, ב.

ובפרט אז אויב דער תלמיד וועט ארייינקוקן אין רמב"ם וועט ער זעהן, אז גלייך נאך דעם וואס דער רמב"ם שרייבט אז משיח דארף זיין "הוגה בתורה . . כדוד אביו", שרייבט ער אז משיח דארף אויך טאן אין "יכוף כל ישראל לילך בה ולחזק בדקה",

והלואי אז דער ראש ישיבה זאל דאס אויך מדגיש זיין.

און ער דארף ניט מורא האבן אז טאמער דער תלמיד וועט הערן אז משיח דארף טאן אין "יכוף כל ישראל לילך בה ולחזק בדקה", וועט דער תלמיד גיין לויפן טאן אין דעם, און ניט לערנען תורה - ווארום דער סדר אין רמב"ם איז אויך מדויק, און פריער שטייט אז משיח דארף זיין "הוגה בתורה . . כדוד אביו", און ערשט דערנאך שטייט "יכוף כל ישראל לילך בה ולחזק בדקה".

יז. עכ"פ וויבאלד אז זיין ראש ישיבה זאגט אים אז ער האט כשרונות, און ער איז א משכיל און אן עובד, און אפשר גאר משיח צדקנו - גלויבט דער תלמיד וואס ער זאגט אים, ווארום "כל המהרהר אחר רבו כאילו מהרהר אחר שכינה"[98]- במילא קען דאס פועל'ן אז בשעת מ'דארף גיין לערנען מיט א אידן אל"ף בי"ת, וועט ער טענה'ן אז א צווייטער זאל גיין, ווארום ער דארף אויסנוצן זיינע כשרונות אויף שטייגן וכו'!

זאגט מען אים, אז ער דארף זיך פירן אין אן אופן פון "זאת חקת התורה":

ער זאל ניט מאכן קיינע חשבונות, און אפילו ניט קיין חשבונוה פון דעם נה"א - נאר בשעה עס קומט צוגיין לערנען מיט א אידן אל"ף בי"ת, אדער אים מסביר זיין דעם ענין פון "זכור את יום השבת", און דא איז ניט כספיק דער "זכור" אליין, נאר דאס דארף אראפקומען אין "שמור את יום השבת" בפועל ממש -

דארף ער ארויסגיין און זוכן אזא אידן, און דאס לערנען מיט אים, און דאס אים מסביר זיין לפי הבנתו וכו'.

וואס אע"פ אז ער איז א מציאות דבר, איז ווי קען ער זיך אראפלאזן צו אן איש פשוט?

זאגט מען אים אז עס דארף זיין דער שריפת הפרה - ער דארף זיך מבטל זיין ביז אז עס בלייבט מערניט ווי אפר.

דא איז אבער ניט דער פשט אז ביי אים איז ווי ס'איז - געוועז -

------------

98) שבת קי, א.

געוועז בא נדב ואביהוא, "אחרי מות שני בני אהרן בקרבתם לפני ה׳ וימותו"[99], וואס דאס איז בלויז די עבודה פון רצוא, אן דעם ענין פון שוב[100];

משא"כ עבודה כדבעי דארף זיין, אז ניט ער איז שורף זיין מציאות, און ער ווערט אויס מציאות - נאר מ׳מוז האבן אז די עבודה זאל זיין מיט א גוף בריא, און מיט א נשמה בריאה, וואס דאס איז, אז נאך דעם רצוא און דעם ביטול, קומט דער שוב, דער "ונחן עליו מים חיים אל כלי" - אז ער איז זיך עוסק בתורה ומצוות,

ביז אז ער גייט אויך ארויס אין גאס און זוכט אויס א אידן וואס דארף אנקומען צו דעם ענין הטהרה, און ער איז אים מטהר, ביז אז אויך אויב יענער שטייט מחוץ פון אלע ג׳ מחנות - איז ער אים דארטן מטהר, און דארטן שטייט ער אויך "נוכח פני אוהל מועד"[101].

יח. און מ׳איז זיך עוסק אין דער עבודה פון "תוציא יקר מזולל"[102], וואס דורך דערויף טוט מען אויף אז "אפילו הקב"ה גוזר גזירה מבטלה בשבילו"[103], ביז אז "צדיק גוזר והקב"ה מקיים"[104],

ובפרט אז די גזירה למעלה איז אויך אין אזא אופן אז עס דארף זיין דער "תוציא יקר מזולל" - ווארום דער אויבערשטער האט איינגעשטעלט אז צווישן פ׳ פרה מיט פ׳ ההודש (פסח) איז ניטא קיין הפסקה[105], אז גלייך פון פ׳ פרה, די פרשה וואס רעדט וועגן מטהר זיין איינעם וואס האלט בא די טומאה פון אבי אבות הטומאה - גייט מען אריין אין פ׳ החודש, וואס דאס איז די פרשת הגאולה.

און פון פ׳ פרה, וואס איז אלעמאל אין חודש אדר, וואס דעמולט שטייט מען אין א מעמד ומצב פון "אכתי עבדי אחשורוש אנן" - גייט מען גלייך אריין אין פ׳ החודש, פרשת הגאולה, אין חודש ניסן, דער חודש הגאולה[106], וואס "בניסן נגאלו בניסן עתידין ליגאל"[107],

און "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות"[108], און מ׳וועט זיין "שמחים בבנין עירך וששים בעבודתך ונאכל שם

- מן -

---

99) אחרי טז, א. 100) אוה"ת אחרי ע׳ תקלט ואילך. ד"ה אחרי מות תרמ"ט. ובכ"מ. 101) חקת שם, ד. וראה ספרי ופרש"י עה"פ. 102) ירמי׳ טו, יט. 103) ב"מ פה, א. 104) ראה איוב כח, כח. שבת נט, ב. 105) ירושלמי מגילה פ"ג ה"ה. 106) שמו"ר פט"ו, יא. 107) ר"ה יא, רע"א. שמו"ר שם. 108) מיכה ז, טו.

מן הזבחים ומן הפסחים אשר יגיע דמם על קיר מזבחך לרצון"[109],

אין דעם ביהמ"ק השלישי, במהרה בימינו ממש, ובשמחה וטוב לבב.

* * *

יט. אין דעם ענין פון כ׳ אדר, וואס דעמולט האט חוני המעגל מתפלל געווען אויף גשמים, כנ"ל (ס"ז) - איז אויך דא א דבר פלא:

אין חסידות אין די דרושים פון ל"ג בעומר[110] ווערט נתבאר בארוכה דער חילוק צווישן רשב"י מיט חוני המעגל, אז רשב"י האט גע׳פועל׳ט ירידת הגשמים דורך תורה, ווי דער זהר[111] דערציילט אז "זמנא חדא הוה צריכא עלמא למיטרא אתו לקמי׳ דר׳ שמעון כו׳ פתח ואמר שיר המעלות הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד כו׳"[112], און דורך דערויף איז "אתי מיטרא";

משא"כ חוני המעגל האט געדארפט אנקומען צו דעם ענין התפלה צו פועל׳ן אז עס זאל זיין ירידת גשמים, און דערפאר האט ער געדארפט אנקומען צו די אלע פרטים, ווי ער רעכנט אויס אין דער משנה, און נאכמער בארוכה אין דער גמרא[32] (און אין מגילת תענית[33]),

אז פריער איז "התפלל ולא ירדו גשמים", און דערנאך "מה עשה עג עוגה ועמד בתוכה ואמר לפניו רבש"ע בניך שמו פניהם עלי, שאני כבן בית לפניך, נשבע אני בשמך הגדול שאיני זז מכאן עד שתרחם על בניך", און דעמולט "התחילו גשמים מנטפין",

האט ער נאכאמאל געבעטן בא דעם אויבערשטן אז עס זאלן גיין גשמים ווי מ׳דארף האבן, איז "התחילו לירד בזעף" ("עד שכל טפה וטפה כמלוא פי חבית, ושיערו חכמים שאין טפה פחותה מלוג"),

האט ער נאכאמאל געבעטן אויף "גשמי רצון ברכה ונדבה" (ווארום אויב דער רעגן וואלט יורד געווען "בזעף", וואלט דאס חרוב געמאכט די וועלט),

און דערנאך האט ער זיי געזאגט "צאו וראו אם נמחית אבן הטועין" (דער אבן וואס אויף איר פלעגט מען מכריז

- זיין -

---

109) ברכת "אשר גאלנו" מפסחים קטז, ב במשנה. 110) ראה מאמרי אדה"ז - אתהלך לאזניא ע׳ די ואילך. סה"מ תרכ"ז ע׳ רסז ואילך. אוה"ת ויקרא ע׳ רנד ואילך. המשך תער"ב ח"א ע׳ תקעט. ח"ב ע׳ תשסז. ועוד. 111) ח"ג נט, ב. 112) תהלים קלג, א.

זיין "מי שאבדה לו אבידה"[113]), און ער האט געדארפט ברענגען א "פר הודאה כו׳", און ערשט דעמולט איז געגאנגען גשמי בדכה, ווי מ׳האט דאס געדארפט האבן.

חסידות איז אבער נאר מבאר דעם כללות הענין אז חוני המעגל האט געדארפט אנקומען צו תפלה [ביז אז דאס איז אזא ענין עיקרי אין זיין עבודה, אז מ׳האט אריינגעשטעלט בשמו אז ער הייסט חוני המעגל ע"ש זה וואס ער האט געמאכט אן "עוגה" בשעת ער האט מתפלל געווען[114]], משא"כ רשב"י האט דאס אויפגעטאן דורך תורה,

משא"כ די אלע פרטים אין דעם סיפור ווערן ניט נתבאר אין חסידות (עכ"פ אין די ערטער וואס איך האב געזעהן).

וואס וויבאלד אז דאס זיינען פרטים וואס ווערן דערציילט אין משנה און אין גמרא - זיינען זיי זיכער מדויק, און זיי זיינען זיכער נוגע צו דעם כללות הסיפור.

ובפרט ווי די גמרא (און אין משנה בקיצור) איז ממשיך אז ר׳ שמעון בן שטח האט דערנאך גע׳טענה׳ט צו חוני המעגל "מה אעשה לך שאתה מתחטא לפני המקום ועושה לך רצונך כבן שמתחטא על אביו ועושה לו רצונו", און דערנאך האט ר׳ שמעון בן שטח אויסגערעכנט ווי די ענינים וואס חוני המעגל האט געבעטן בא דעם אויבערשטן זיינען אין דעם משל פון א "בן שמתחטא על אביו ועושה לו רצונו", אז "אומר לו אבא הוליכני לרחצני בחמין, שטפני בצונן, תן לי אגוזים שקדים אפרסקים ורמונים ונותן לו".

וואס דערפון וואס ר׳ שמעון בן שטח האט אויסגערעכנט די פרטים פון דעם סיפור מיט חוני המעגל אין א משל, מיט פרטי המשל - איז נאכמער פארשטאנדיק אז די פרטים פון דעם סיפור זיינען נוגע צו דעם כללות הסיפור.

כ. וואס אע"פ אז דער סיפור מיט חוני המעגל ווערט דערציילט אין חלק האגדה שבתורה - איז אבער תורה אחת לכולנו, און אויך חלק האגדה שבתורה איז געגעבן געווארן פון דעם אויבערשטן אויף הר סיני צו משה רבינו [ואדרבה, "רוב סודות התורה" זיינען גנוז אין חלק האגדה שבתורה[115]], ד.ה. אז דער אויבערשטער האט דערציילט משה׳ן דעם גאנצן סיפור מיט חוני המעגל, און די אלע פרטים אין דעם סיפור, און דערנאך וואס ר׳ שמעון בן שטח האט אים געזאגט -

איז דאך פארשטאנדיק בפשטות אז דאס איז מדויק בתכלית הדיוק.

- ובפרט -

---

113) ב"מ כח, ב. הובא בפרש"י ד"ה אבן - תענית יט, א.
114) פרש"ה ד"ה דעגיל - מנחות צד, ב. 115) אגה"ק סכ"ג (קלז, רע"א).



הנחת הת׳ בלתי מוגה

ובפרט לויט דעם וואס דער רמב"ם[116] זאגט אז אויב איינער גלויבט ניט אין איין ווארט אין תורה איז ניט אז עס פעלט אים אמונה אין א חלק פון תורה, נאר ער איז א כ[illegible]ר בעיקר!

ובפרט אז דאס ווערט דערציילט אין א משנה, און אפילו ד[illegible]ס וואס ווערט דערציילט אין גמרא, איז אויך א ברייתא, ובפרט אז דאס ווערט אויך דערציילט אין מגילת תענית, וואס דאס איז אן ענין פון הלכות.

איז דאך מכל זה מובן אז אלע פרטים אין דעם סיפור זיינען זיכער בתכלית הדיוק, און זיינען נוגע צו דעם כללות הסיפור -

און אעפ"כ זעט מען א דבר פלא אז קיינער שטעלט זיך ניט אויף די אלע פרטים, און אויף מבאר זיין זייער שייכות צו דעם סיפור.

ובפרט דארף מען פארשטיין פארוואס האט ר' שמעון בן שטח אנגעכאפט דוקא די פיר סוגים פון "אגוזים שקדים אפרסקים ורמונים" - וואס האט דאס פאר א שייכות דוקא מיט דעם סיפור?

וואס ע"ד ווי עס ברענגט זיך דא די פיר פידות צוזאמען - געפינט מען אויך אין נאך איין ארט אין ש"ס:

די גמרא זאגט אין סוכה[117] (ועד"ז ברענגט זיך די גמרא אין שבת[118] און אין ביצה[119]) בנוגע צו נוי סוכה, אז מ'דארף האבן "עיטרה בקרמין ובסדינין המצויירין ותלה בה אגוזין שקדים אפרסקין ורמונים" [אין מס' שבת ברענגט זיך דאס אין אן אנדער סדר: "אגוזים אפרסקין שקדים ורמונים"].

וואס וויבאלד אז די פיר פירות ברענגען זיך נאר אין די ביידע ערטער (עכ"פ וואס איך האב געזעהן) - איז פארשטאנדיק אז זיי האבן א שייכות צווישן זיך -

און מ'געפינט ניט אז מ'זאל זיך שטעלן אויף דעם.

[דער איינציקער וואס איך האב געזעהן וואס זאל זיך שטעלן אויף דעם דיוק וואס ר' שמעון בן שטח האט געזאגט דוקא די פידות איז - דער ספר "דבר יום ביומו" [וואס דאס איז א ספר וואס איז מלקט אלע ענינים וואס האבן געטראפן בכל יום ויום, און דאס פארשפארט די אייגענע בקיאות (אויב מ'בוילט זיך זיין א בקי) צו וויסן וואס האט געטראפן בכל יום], - אבער -

------------

116) הל' תשובה פ"ג ה"ח. 117) י, סע"א. 118) כב, א. מה, א. 119) ל, ב.

אבער וויבאלד אז זיין ביאור איז ניט מתקבל על דעתי - בין איך ניט מחוייב איבער'חזר'ן וואס ער זאגט, און אים אפפרעגן, נאר יעדערער וואס וויל קען דארטן אריינקוקן אינעווייניק.

און וויבאלד אז די פרטים זיינען נוגע צו דעם כללות הסיפור, כנ"ל - דערפאר איז מוכרח לומר אז אויב ס'וועט נאר זיין דער "הפך בה והפך בה"[120] אין די דרושי חסידות וואס זיינען מבאר כללות הענין פון חוני המעגל, וועט מען דארטן געפינען אויך דעם ביאור אין די פרטי הדברים.

כא. עכ"פ ווי דער ביאור זאל נאר זיין אין דעם - האט מען אבער דערפון די הוראה אז עס דארף זיין דער ענין פון עבודת התפלה (וואס דאס קומט בנוסף צו די הוראות וואס מ'האט גערעדט פריער אין דעם ענין התורה און אין דעם ענין התשובה (עכ"פ ברמז)).

ולא כדעת הטועים וואס זאגן אז אזוי ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געמאנט אז מ'זאל לערנען תורה, און האט געמאנט הפצת המעיינות, און האט געמאנט אז מ'זאל טאן מיטן זולת, און אז מ'דארף האבן אהבת ישראל, וואס אהבת ישראל איז איין זאך מיט "ואהבת[121] את ה' אלקיך"[122] - דערפאר דארף מען טאן נאר אין די ענינים מיט מס"נ;

אבער בנוגע צו דעם ענין התפלה, און עבודת התפלה - איז דאס שייך צו דעם זמן ווען מ'האט געשריבן דעם קונטרס התפלה, און 9-10 יאר שפעטער דעם קונטרס העבודה, אדער עכ"פ אין דעם זמן פון יענעם נשיא; אבער בזמננו איז דער גאנצער ענין ניט שייך!

וואס די וואס זאגן אזוי מאכן זיך ניט ווי סנדיק אז דער וואס האט אפגעדרוקט דעם קונטרס התפלה און קונטרס העבודה מיט דער הקדמה און חילוק הפרקים און קיצורים, מיט די ריבוי מכתבים - איז געווען כ"ק מו"ח אדמו"ר!

און דעם ביאור אין דעם וואס מ'געפינט אז כו"כ זאלן רעדן בנוסח הנ"ל, אז מ'דארף איצטער טאן אין אנדערע ענינים פון תומ"צ און ניט אין עבודת התפלה - האט מען שוין אין תושב"כ, וואס אפילו הצדוקין מודין בה[123]:

"נרפים אתם נרפים על כן אתם אומרים נלכה נזבחה לה'"[124]:

אזוי ווי מ'איז פויל, ביז צוויי מאל "נרפים",

- "נרפים -

---

120) אבות פ"ה מכ"א. 121) ואתחנן ו, ה. 122) סה"ש ה'ש"ת ע' 2 ואילך. 123) סנהדרין לג, ב. 124) שמות ה, יז.

"נרפים אתם נרפים", און אים פאסט ניט און שטייט ניט אן (אויך פאר זיך) צו זאגן אז ער פוילט זיך דאווענען - כאפט זיך דער "קלוגינקער" אויף א המצאה: ער וועט זאגן אז אזוי ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר מאנט אז מ׳זאל גיין אויף מס"נ באד א צווייטן אידן - דארף מען דאס טאן, "נלכה נזבחה לה׳", ובמילא קען מען ניט טאן אין עבודת התפלה!

דארף מען אבער וויסן אז דאס שטאמט דערפון וואס "נרפים אתם נרפים", אז מ׳פוילט זיך פשוט צו טאן אין עבודת התפלה, און דערפאר שרייט מען אז מ׳דארף גיין אויף מסירת נפש: תפלה איז דער אויסגיין פון דעם נפש צו אלקות - און ער טענה׳ט אז מ׳דארף גיין אויף מסירת נפש, מ׳דארף אוועקגעבן דעם נפש אינגאנצן!

כב. וואס דאס איז די הוראה וואס מ׳נעמט ארוים דערפון וואס דער שבת איז כ׳ אדר:

אפילו אז ס׳איז "יצא רוב אדר", און מ׳שטייט שוין נאך דער עבודה פון פורים, און נאך דער עבודה פון "בני כדכים" פון שושן פורים, אז מ׳האט זיך עוסק געווען אין לימוד התורה און אין די מבצעים, ביז אין אן אופן פון "עד דלא ידע" 125 -

איז אבער נאך אלץ "לא ירדו גשמים", וואס גשמים זיינען בולל אלע דברים וואס א מענטש דארף האבן, ווי דער רמב"ן זאגט אויפן פסוק 126 "ונתתי גשמיכם בעתם", אז גשמים איז א ברכה והמשכה כללית פאר אלע עניני האדם, ביז אויך אז ער זאל האבן הצלחה אין לימוד התורה.

און דא זאגט מען אז אע"פ וואס ער האט זיך עוסק געווען אין תורה און אין די מבצעים, ער האט חורש וזורע געווען, און געארבעט און געהארעוועט וכו׳ - אעפ"כ איז נאך אלץ "לא ירדו גשמים", ובמילא וואקסן ניט קיינע פירות.

זאגט מען אים אז ער דארף גיין צו חוני המעגל שבנפשו, וואס ענינו ועבודתו איז דער עניך התפלה [וואס דערפאר ווערט ער אנגערופן חוני המעגל, ע"ש וואס ער האט מתפלל געווען צו דעם אויבערשטן ביז אין אן אופן פון "עג עוגה", כנ"ל (סי"ט)],

און בעודר זיין ביי אים אז ער זאל מתפלל זיין צו דעם אויבערשטן,

און דאס פועל׳ט אז עס זאלן גיין גשמים, און עס זאלן

- נמשך -

---

125) מגילה ז, ב. 126) בחוקותי כו, ג.



הנחת הר׳ בלתי מוגה

נמשך ווערן אלע ענינים, ביז אז ער באקומט דעם "רחצני בחמיך" און "שטפני בצונך", און די אלע פיר פירות "אגוזים שקדים אפרסקים ורמונים", וואס דאס זיינען פירות פון ארץ ישראל ["ארץ" - "שרצתה לעשות רצון קונה"[127], "ישראל" - "יש ששים ריבוא אותיות לתורה"[128]].

און אויב די תפלה גייט ניט און פועל׳ט ניט דעם ערשטן מאל - ווערט ער ניט נתפעל, און ער איז "עג עוגה", און זאגט אז ער וועט ניט אוועקגיין ביז אז דער אויבערשטער וועט אים נאכגעבן,

און וויבאלד אז ער איז "כבן שמתחטא על אביו" - פירט ער סוף כל סוף אוים אז דער אויבערשטער זאל אים אלץ נאכ- געבן, ביז - נאכגעבן אים אלע זיינע ווילדקייטן, ווארום זיי זיינען ניט סתם דערפאר וואס ער איז א "ווילדאק", נאר דערפאר וואס ער איז "כבן המתחטא על אביו".

ביז אז מ׳נעמט אים פון דעם זמן פון בית ראשון (וואס חוני המעגל איז געווען בזמן בית ראשון[129]), דורך דעם חורבן בית ראשון, און אריין אין דעם זמן פון בית שני, וואס דארטן האבן געפעלט די "חמשה דברים",

און אפילו בשעה חוני המעגל איז "בעי רחמי" אז ער זאל נסתלק ווערן,

ווי די גמרא[130] דערציילט דעם סיפור מיט חוני המעגל, אז ער האט געבעטן דעם אויבערשטן אז ער זאל אים אוועקנעמען פון עוה"ז דערפאר וואס "או חברותא או מיתותא" [וואס איינער פון די פירושים אין "חברותא" איז - די "חמשה דברים" וואס זיינען געווען בזמן בית ראשון און האבן געפעלט אין זמן בית שני, וואס דערפאר האט חוני המעגל געבעטן אז ער זאל נסתלק ווערן, ווארום ער איז געווען פון זמן בית ראשון, האט ער ניט געקענט פארטראגן אז עס פעלן די "חמשה דברים"] -

גיט אים דער אויבערשטער דאס אויך נאך, און חוני המעגל איז דעמולט נסתלק געווארן.

ביז אז דער אויבערשטער גיט נאך אז עס זאל זיין דער "הקיצו ורננו שוכני עפר"[131], און "ותעמוד לגורלך לקץ הימין"[132] וואס וועט זיין "באחרית הימים"[133], ווי ער ברענגט

- אין -

---

127) ב"ר פ"ה, ח. 128) מג"ע אופן קפו. 129) ראה ירושלמי תענית פ"ט ה"ג ובמראה הפנים שם. 130) תענית שם. 131) ישעי׳ כו, יט. 132) דניאל בסופו. 133) ל׳ הכתוב - ואתחנן ד, ל. ישעי׳ ב, ב.

אין זהר פון פרשה זו[134], און ווי דער טאטע איז דאס מבאר אין זיינע הערות[135] באופן נפלא.

ביז צו דעם בנין בית האחרון, וואס דאס איז דער ביהמ"ק השלישי, וואס "גדול יהי' כבוד הבית הזה האחרון מן הראשון"[136] – וואס נוסף צו דעם פירוש אין ב"ב[137] אז דאס גייט אויפן בית שני, איז אויך דא דער פירוש[138] אז דאס גייט אויף דעם בית שלישי[139], וואס דאס איז אויך בפשטות דער פירוש אין "הבית הזה האחרון".

כג. און דאס זאל זיך אלץ אפטאן "בשעתא חדא וברגעא חדא"[140], ווארום וויבאלד אז מ'טוט אין עבודת התפלה פועל'ט דאס אז אלע ענינים זאלן ווערן "בשעתא חדא וברגעא חדא", משא"כ דורך דעם ענין התורה. והביאור בזה:

דער ענין פון לימוד התורה איז פארבונדן מיט הבנה והשגה און התבוננות, און דוקא דורך "יגעתי" קומט מען צו "ומצאתי"[141] – וואס דאס נעמט א ריבוי זמן.

וואס דערפאר האט משה געדארפט זיין אויפן הר "ארבעים יום וארבעים לילה"[142], ווארום ער האט דארטן געלערנט תורה, וואס עס דארף נעמען א משך זמן ביז מ'פארשטייט דאס בהבנה והשגה וכו'.

און אע"פ וואס משה האט באקומען די תורה אין אן אופן פון מתנה, ווי עס שטייט[143] "ויתן אל משה ככלותו גו'"[144] – איז דאס אבער געקומען דוקא נאך דעדויף וואס משה האט געלערנט תורה ארבעים יום.

משא"כ דער ענין התפלה איז בדוגמא ווי דער ענין התשובה, וואס איז דוקא "בשעתא חדא וברגעא חדא",

ס'איז מערניט וואס אמאל נעמט א משך זמן ביז מ'קומט אן צו דעם "ברגעא חדא",

ע"ד ווי דאס איז געווען בא משה'ן אין די ארבעים יום האחרונים, וואס כוונתם איז געווען צוליב דעם ענין התפלה והתחנונים[145], און אעפ"כ האט דאס גענומען זמן, ווארום אמאל נעמט צייט ביז מ'קומט אן צו דעם "ברגעא חדא" וואס תפלה טוט אויף;

- אבער -

---

134) ח"ב קפט, ב. 135) לקוטי לוי"צ לזח"ב ע' קלו ואילך. 136) חגי ב, ט. 137) ב"ב ג, סע"א ואילך. 138) זח"א כח, א. 139) וראה לקו"ש ח"ט ע' 29 הע' 29. ועוד. 140) זח"א קכט, סע"א. 141) מגילה ו, ב. 142) משפטים כד, יח. ועוד. 143) פרשתנו לא, יח. 144) נדרים לח, א. שמו"ר פמ"א, ו. תנחומא תשא טז. פרש"י עה"פ. 145) ראה לקו"ש חי"ד ע' 312 ובהנסמן שם בהע' 20.

אבער נאך דערויף וואס מ'קומט דארטן אן - איז דאס פועל פעולתו "בשעתא חדא וברגעא חדא", בדוגמא ווי דער ענין התשובה, וואס איז אין אן אופן פון "לדלג שור"[146].

און ווי דער רמב"ם[147] זאגט אז אויף בע"ת שטייט "והי' טרם יקראו ואני אענה"[148] [ביז אז "מקום שבעלי תשובה עומדין אין צדיקים גמורין יכולין לעמוד בו"[149]].

און וויבאלד אז תורה מאנט אז עס דארף זיין ביידע ענינים, סיי דער ענין פון תורה, וואס איז פארבונדן מיט מוח, וואס דאס נעמט כמה זמן, און סיי דער ענין פון תפלה, וואס איז פארבונדן מיט לב, וואס דאס איז אין אן אופן פון "לדלג שור", "בשעתא חדא וברגעא חדא" - האט מען זיכער דעם כח צו טאן ביידע זאכן צוזאמען.

ועד"ז בשעת תורה מאנט אז עס דארף זיין סיי דער ענין פון עבודת המבצעים, אנהויבנדיק פון "מבצע תורה", און סיי דער ענין פון תפלה - האט מען אויך זיכער די כחות צו טאן ביידע זאכן.

כד. און דורך דערויף וואס מ'איז זיך עוסק אין עבודת התפלה, וואס איז "בשעתא חדא וברגעא חדא", איז די אתעדל"ת מעורר די אתעדל"ע, ובפרט אז דער אויבערשטער איז "מגיד דבריו ליעקב חקיו ומשפטיו לישראל"[150], איז אזוי ווי דער אויבערשטער הייסט אז עס דארף זיין תפלה אין אן אופן שלמעלה ממדוה"ג, "בשעתא חדא וברגעא חדא" - אזוי איז ער אויך ממשיך די גאולה אין אן אופן וואס איז למעלה ממדוה"ג, "בשעתא חדא וברגעא חדא", אז עס ווערט "מיד הן נגאלין",

ביז אין אן אופן פון חמש מאות פעמים ככה (ווי רש"י[151] זאגט) פון דעם ווי די עבודה איז געווען בא די אידן, און דאס איז חמש מאות אן א גוזמא.

ביז אז עס ווערט נתגלה דער ביהמ"ק השלישי "בשעתא חדא וברגעא חדא", ווארום ער איז "בנוי ומשוכלל" למעלה[152], "מקדש אד' כוננו ידיך"[153], און ער דארף נאר נתגלה ווערן,

- בקרוב -

---

146) לקו"ת ש"ש סה, א. וראה גם אוה"ת חקת ע' תשצא. לקו"ת חקת סא, ריש ע"ג. 147) הל' תשובה פ"ז ה"ז. 148) ישעי' סה, כד. 149) רמב"ם שם ה"ד. 150) תהלים קמז, יט. וראה שמו"ר פ"ל, ט. 151) עה"פ פרשתנו לד, ז. וראה גם תוד"ה מדים - סוטה יא, א (מתוספתא סוטה רפ"ד). תנחומא באבער בשלח כא. 152) ראה בהנסמן בלקו"ש חי"א ע' 185 הע' 39. 153) בשלח טו, יז.

בקרוב ממש, בגאולה האמיתית והשלימה, ובשמחה וטוב לבב.

* * *

כה. בהמשך להאמור לעיל (ס"ג) אז דאס איז דער שבת וואס קומט נאך פורים, וואס דערפאר פועל׳ט דער שבת א שלימות אין די ענינים פון פורים - איז כאן המקום צו משלים זיין די ענינים וואס מ׳האט גערעדט אין דער התוועדות פון פורים - אויב מ׳דארף זיי משלים זיין, און אויב מ׳קען ניט אלץ משלים זיין, וועט מען עכ"פ משלים זיין וויפל מ׳קען.

וואס ס׳איז דא אן ענין וואס מ׳האט דעמולט ניט גערעדט, רעכענענדיק אז מ׳דארף וועגן דערויף ניט רעדן, דערפאר וואס מ׳וועט עס אליין פארשטיין, אבער עס ווייסט אויס אז מצד דעם וואס מ׳שלאפט, און ניט א שינה נאך דעם "עד דלא ידע", נאר א שינה פאר דעם "עד דלא ידע", ביז אז דאס איז א תרדמה עמוקה פון דעם "אני ישנה בגלותא"[154] - דארף מען דאס אויך באווארענען.

וואס דער "אני ישנה בגלותא" איז אין אן אופן אז ער שרייט אז דאס איז אים געשמאק, ובלשון העולם אז ס׳איז ניטא קיין געשמאקערע זאך ווי געלט און עסק, און מ׳איז זיך אליין מסביר מיטן מאמר רז"ל[155], אז "צדיקים מדקדקין על פחות משוה פרוטה" - און דערפאר איז מען מקפיד און מ׳איז פארקאכט אפילו אויף א פחות משוה פרוטה מממונו!

דאס איז אבער ניט דער פירוש אמיתי אין דעם מאמר רז"ל, נאר דער פירוש איז ע"פ תורת הבעש"ט[156] אויפן מאמר רז"ל[157] "התורה חסה על ממונם של ישראל" (ווי גערעדט אין א פריערדיקע התוועדות[158]):

אין אלע ענינים וואס זיינען אין רשות פון א אידן, כולל אויך אין ממונו, געפינען זיך ניצוצי קדושה וואס זיינען שייך צו דעם בירור און די עבודה פון דעם אידן דוקא - און דערפאר איז "התורה חסה על ממונם של ישראל".

ביז ווי די משנה[159] זאגט אז די תורה איז חס אפילו אויף א כלי חרס פון א אידן וואס געפינט זיך אין א בית וואס אויף אים איז דא א חשש אז ס׳איז ניט קיין מקום טהור -

- ווארום -

---

154) שה"ש ה, ב. זח"ג צה, א. 155) הובא בחדא"ג מהרש"א ב"ב טו, ב ד"ה איוב וחרן בממונו הי׳. חולין צא, סע"א ד"ה על פכים. 156) כש"ט (הוצאת קה"ת) סרי"ח. צוואת הריב"ש סק"ט. 157) ר"ה כז, א. וש"נ. 158) ד"ה באתי לגני דיו"ד שבט ש.ז. פ"ח. 159) נגעים פי"ב מ"ה. וראה חדא"ג מהרש"א לחולין שם.



הנחה הה׳ בלתי מוגה

ווארום וויבאלד אז דאס איז דער רשות פון דעם
איז זיכער דא אין דערויף א ניצוץ קדושה וואס איז שייך צו אידן,
דער עבודה פון דעם אידן, ס׳איז מערניט וואס דער ניצוץ
האט זיך מחלבש געווען אין דעם ציור און אין דעם לבוש פון
א כלי חרס וואס געפינט זיך אין אזא בית - און דערפאר איז
"התורה חסה על כלי חרס וכו׳".

דאס איז אבער אלץ גערעדט געווארן בנוגע צו ממונו
ורשותו פון א אידן וואס איז ווערד א שוה פרוטה - אז די
תורה איז חסה אפילו אויף א דבר הכי תחתון וואס באלאנגט
צו א אידן, ווארום דאס איז נוגע צו עבודת הנפש פון דעם
אידן;

בשעת עס קומט אבער צו א זאך וואס איז פחוה משוה
פרוטה - איז ע"פ דין תורה האט דאס קיין ווערד ניט,
ווארום ע"פ די מרוה"ג פון תורה איז דער קלענסטער סכום
- א שוה פרוטה[160], און דערפאר קומט ראס אויך ארויס אין טבע
האדם אז אויף א פחות משוה פרוטה שלו איז ער מוחל און ער
זאגט מהיכי תיתי,

וואס דערפאר איז ע"פ דין תורה איז מען ניט חס אויף
א פחות משוה פרוטה פון א אידן, ווארום דאס איז ניט נוגע
צו עבודת הנפש שלו.

בשעת מ׳רעדט אבער וועגן א צדיק, וואס ער טוט "לפנים
משורת הדין"[161], און ער פירט זיך העכער פאר די מדוה"ג
דתורה, איז וויבאלד אז "ממונו של אדם חביב עליו מנפשו"[162]
- איז אע"פ וואס צו עבודת הנפש שלו וואס איז פארבונדן
מיט עולם התיקון איז ניט נוגע דער פחות משוה פרוטה,
וויבאלד אבער אז אין דעם פחות משוה פרוטה איז דא א ניצוץ
קרושה פון עולם דתהו, וואס דארטן זיינען אורות מרובים[163],
וואס דאס איז "ממונו" וואס איז העכער פאר "נפשו" אין
עולם התיקון -

בערפאר איז דער צדיק "מדקדק אפילו על פחות משוה
פרוטה", אויך אויף פכים קטנים[164], ביז אויף א זאך וואס האט
אין זיך נאר א חלק פון א ניצוץ קדושה.

כו. במה דברים אמורים - ווען עס רעדט זיך וועגן צדיקים
- אמיתיים; -

-------------

160) טושו"ע חו"מ ס"ו. 161) ראה ברכות מה, ב. כתובות
צז, א. ב"ק צט, סע"ב. ועוד. וראה ב"מ פג, א ובפרש"י שם
ד"ה בדרך טובים. פרש"י עה"פ ואתחנן ו, יח. 162) ראה
ירושלמי סנהדרין פ"ח ה"ח. ברכות סא, ב. 163) ראה תו"א
ותו"ח ר"פ וישלח. ובכ"מ. 164) ראה חולין שם.

אמיתיים; בשעת מ'רעדט אבער וועגן איינעם וואס נוצט דעם מארז"ל אויף צו מסביר זיין זיין הנהגה פארוואס ער איז אזוי פארקאכט און איז מהדר און גייט אויף מס"נ אפילו אויף א פחות משוה פרוטה פון ממונו - דארף מען וויסן אז דאס קומט פון דעם "קלוגינקן", און פון דעם וואס ביי אים איז "אני ישנה בגלותא".

און בשעת איינער פירט זיך אין אזא אופן, אז ער איז א קמצן און איז מקפיד אויף אן ענין וואס מצד טבע האדם איז מען אויף דעם מוחל - איז ער מגרה אויף זיך דעם יצה"ר, אז ער זאל טאן ענינים וואס ע"פ טבע שלו וואלט ער קיינמאל ניט געטאן.

וכידוע דער פירוש[165] אין דעם וואס מ'זאגט "על חטא שחטאנו לפניך ביצה"ר", וואס לכאורה קומט יעדער חטא פון דעם יצה"ר? נאר דער פירוש אין דעם איז - אז ער טוט א זאך וואס אפילו דעם יצה"ר וואלט ניט איינגעפאלן אזא זאך, און דורך דעדויף איז ער מגרה זיין יצה"ר!

ועד"ז בעניננו: וויבאלד אז ער האט מקפיד געווען אויף א שוה פרוטה, וואס מצד טבעו כצ"ע איז ער ניט מקפיד אויף דעם - איז דורך דערויף לאדם ער איין אז דער יצה"ר זאל אים הייסן טאן זאכן וואס ער וואלט זיי קיינמאל ניט געטאן.

כז. בנוגע לעניננו:

אין דער התוועדות פון פורים האט מען גערעדט כו"כ ענינים, און מ'האט ניט דערמאנט אז אזוי ווי ס'איז שלשים יום פאר פסח (ובפרט אז די התוועדות איז געווען מוצאי פורים, וואס דאס איז ט"ו אדר, שלשים יום ממש פאר פסח), איז דער דין[166] אז מ'דארף שוין אנהויבן לערנען "הלכות החג", און אויך צוגרייטן קמחא דפסחא, און "מעות חטים"[167], און אויך אנהויבן דעם "מבצע פסח".

וואס דער טעם אויף דעם וואס מ'האט דאס ניט דערמאנט איז - דערפאר וואס מ'האט גערעכנט אז מ'וועט דאס אליין פארשטיין, כנ"ל.

ווייסט אבער אויס אז עס זיינען דא אזוינע וואס ניט נאר וואס זיי האבן דאס אליין ניט פארשטאנען, נאר זיי זיינען מדייק, אז וויבאלד מ'האט וועגן דעם ניט דערמאנט

- בפירוש -

------------

165) של"ה סח, ריש ע"ב. 166) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח רסתכ"ט. 167) רמ"א שם. שו"ע אדה"ז שם ס"ה.

בפירוש, איז דערפון פארשטאנדיק כמה רמזים וסימנים כיט ראיוה און הוראות, אז מ'דארף ניט טאן אין דעם ה"ו!

איי - מ'האט דאך גערעדט כמה שעה אין דער ההוועדות פון פורים וועגן כו"כ ענינים - צי האסטו געטאן אין אלע זאכן וואס מ'האט יע גערעדט?!

און אויב ניט - איז וואס ביסטו מדייק און דו נעמסט ארויס הוראות פון דעם וואס מ'האט ניט גערעדט?!

וואס דאס איז ע"ד ווי גערעדט פריער בנוגע צו דעם ענין התפלה: עס זיינען דא אזוינע וואס זאגן אז וויבאלד מ'האט ניט געשריבן צענדליקער בריוו און ניט געשטורעם'ט בא פארברייינגענישן וועגן דעם ענין התפלה, אזוי ווי מ'טוט דאס בנוגע צו די מבצעים - איז א ראי' אז מ'דארף ניט טאן אין דעם ענין התפלה.

איי עס זיינען דאך דא צענדליקער בריוו און כמה פארברייינגענישן פון כ"ק מו"ח אדמו"ר וואו ער שטורעם'ט וועגן דעם ענין התפלה, ועד"ז בא דעם רבי'ן נ"ע - איז וואס איז דער תירוץ אויף דעם פארוואס דו טוסט ניט אין עבודת התפלה?!

וואס דא איז ניט דער ארט צו שולל זיין אזעלכע שטותים און טפשות, ובפרט אז מ'געפינט זיך אין א מקום קדוש, ובמכ"ש וק"ו פון דעם וואס וועגן אזעלכע ענינים דארף מען ניט רעדן אפילו אין רה"ר.

כח. ועד"ז בנוגע צו די הכנות-צו פסח:

וויבאלד אז מ'האט וועגן דעם ניט גערעדט אין דער התוועדות פון פורים - איז מען גלייך מדייק כמה רמזים אז מ'האט געמיינט אז מ'דארף ניט טאן אין דעם.

ד.ה. צו זאגן אז ס'איז כאילו ווי מ'האט ניט גענוג עגמת נפש - דארף מען נאך מוסיף זיין עגמ"נ, און לייגן אלע ענינים וואס מ'טוט ניט אויף מיינע פלייצעס, און אז איך בין שולדיק אויף דעם וואס ער האט גארניט געטאן - דער-פאר וואס איך האב אים ניט דערמאנט א בפירוש'ן דין אין שו"ע!

וואס דאס איז געווארן א סדר אז אויף יעדער זאך שרייבט מען צו מיר גלייך אדייך א צעטל ווי מ'דארף גענעצן, און ווי מ'דארף קרעכצן, אדער צי מ'דארף איצטער גייך אין וואסער, אדער געבן צדקה וכו'.

ועד"ז בשעת מ'גייט שוין טאן עפעס - פרעגט מען גלייך

- צי -

צי מ'דארף גיין "גודל בצד עקב ועקב בצד גודל"[168] אדער ניט וכו'.

און אויב עס גייען דורך פינף טעג און מ'באקומט ניט קיין ענטפער - שרייבט מען מיר גלייך ארייך אז איך זאל וויסן, אז וויבאלד איך האב אים ניט געענטפערט שווארץ אויף ווייס - האט ער גארניט געטאן די פינף טעג!

וואס ווארטסטו אויף אן ענטפער - דו ביסט דאך א "מושבע ועומד מהר סיני"[169]! וואס אויף הר סיני האט דער אויבערשטער געזאגט משה רבינו אז שלשים יום לפני החג דארף מען אנהויבן עוסק זיין אין הלכות החג, און משה האט דאס דיר איבערגעגעבן - איז וואס פרעגסטו שאלות?!

גיי קוק ארייך אין תושב"כ, און וואס עס שטייט ניט אין תושב"כ - קוק ארייך אין תושבע"פ, און דו וועסט וויסן וואס מ'דארף טאן.

פון וואנעט ווייס איך אז מ'האט ביז איצט גארניט געטאן? איז דאס דערפון וואס בהשגח"פ יעדן יאר בשושן פורים באקום איך די רשימה פון די ערשטע וואס האבן געגעבן אויף מעות חטים - און היי-יאר האב איך די רשימה ניט באקומען.

און גלייך אויף מארגן וועל איך שוין באקומען נאך א צעטל, אז מ'זאל קיין פאריבל ניט האבן, און ניט דאס האט מען געמיינט אז מ'האט גארניט געטאן במשך פון פינף טעג, און מ'איז געווען אויף גאנצע נעכט וכו'.

און דערנאך וועט מען ווארטן אויף אן ענטפער אויף דעם צעטל -

זאגט מען גלייך איצטער דעם ענטפער: ער זאל גיין אויפעפענען א שו"ע און זעהן וואס מ'דארף טאן אלס הכנה צו פסח, און טאן די אלע זאכן וואס ער רעכנט דארטן אויס, וואס דאס זיינען גענוג זאכן צו טאן ביז חגה"פ פון שנה זו.

און נאך דעם וואס ער האט שוין אלץ אפגעטאן, זאל ער דעמולט ארייינשרייבן א צעטל און פרעגן וואס מ'דארף ווייטער טאן - וועט ער דעמולט באקומען א מענה מפורט ובאריכות,

והלואי אז מ'וואלט שוין געהאלטן בא דעם.

און דא רעדט מען ניט וועגן ענינים פון חקירות אין - שכל -

---

168) ראה ירושלמי ברכות פ"א ה"א (ד, א). מכילתא עה"פ יתרו כ, כג. שכו"ר פ"ל, ב. 169) יומא עג, סע"ב. וש"נ.

שכל וכיו"ב, נאר מ׳רעדט וועגן אן ענין פון מעשה בפועל, אז פון שושן פורים אן זאל מען אנהויבן די הכנות צו חגה"פ,

סיי בנוגע צו דעם לימוד ההלכות פון פסח, סיי דער ענין פון מעות חטים, און סיי דער ענין פון קמחא דפסחא, ווי עס זיינען אויסגערעכנט די אלע פרטים אין דעם אלטן רבי׳נס שו"ע, אין טור, און אין שו"ע פון דעם ב"י.

ועד"ז טאן אין די אלע פרטים פון "מבצע פסח", סיי בנוגע צו זיך, און סיי כיטן זולת.

כט. און "מצוה גוררת מצוה"[170] - פון דעם "מבצע פסח" קומט מען צו די אנדערע מבצעים, וואס ס׳איז רגיל צו אויסרעכענען די אלע מבצעים בפרטיות, כל אחד בשמו, ווארום מ׳וויל דאס ממשיך זיין אין עולם הדיבור, און פון דארטן זאל דאס נמשך ווערן אין עולם המעשה:

די מבצעים פון: אהבה ישראל, חינוך, תורה, תפילין, מזוזה, צדקה, בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳, נרות שבת קודש ויו"ט, כשרות האכו"ש, טהרת המשפחה, און "מיהו יהודי", און דער ענין פון ניט אפגעבן די שטחים, נאר עס זאל זיין ארץ ישראל לגבולותי׳, וואס דאס איז אויך אן ענין שהזמ"ג, ווארום "שמא ילכדו העיר ומשם תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם"[171].

און עס זאל זיין "מסמך גאולה לגאולה", אז פון דער גאולה פון ימי הפורים, זאל מען קומען צו דער גאולה פון פ׳ החודש, "החודש הזה לכם ראש חדשים ראשון הוא לכם לחדשי השנה"[172], חודש ניסן, דער חודש הגאולה,

בביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

ל. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

* * *

לא. מאמר (כעין שיחה) ד"ה וידבר ה׳ וגו׳ זאת חקת התודה גו׳.

* * *

לב. ס׳איז דאך רגיל צו אפלערנען א פירוש רש"י פון פרשת השבוע, און אויך אן ענין אין די הערות אויפן זהר פון פרשה זו.

- בנוגע -

------------

170) אבות פ"ד מ"ב. 171) שו"ע אדה"ז או"ח סשכ"ט ס"ו. 172) בא יב, ב.

בנוגע צו פרש"י, איז דאך ידוע אז רש"י האט ניט געשריבן קיינע כללים צו זיין פירוש, און דער טעם לזה איז מובן בפשטות:

וויבאלד אז רש"י האט געשריבן פירושו פאר א בן חמש למקרא, ווי ער גיט אליין ארויס דעם כלל[173] אז "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא" - דארפן דאך די כללים פון רש"י זיין פארשטאנדיק צו א בן חמש למקרא פון לערנען פרש"י אליין.

דער איינציקער כלל וואס רש"י דארף יע ארויסגעבן איז דער כלל הנ"ל אז "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא" - ווארום וויבאלד עס זיינען דא כמה דרכים ווי צו לערנען אן ענין אין תורה, אדער ע"ד הפשט, אדער ע"ד הרמז, אדער ע"ד הדרוש, אדער ע"ד הסוד - דערפאר מוז רש"י זאגן דעם אופן הלימוד ווי ער וועט לערנען חומש, אז דאס איז ע"ד הפשט, און ניט אויך ע"ד הפשט, נאר "לא באתי אלא לפשוטו של מקרא".

אין פרש"י זיינען אויך דא "ענינים מופלאים"[174], און אויך ענינים פון הלכה, וואס דאס איז בכלל דער דרך הלימוד פון ר׳ אליהו מזרחי (דער ראֵ"ם) אין פרש"י, ועד"ז איז אויך דא דרוש און סוד אין פרש"י, וואס דאס איז בכלל דער דרך הלימוד פון דעם גו"א אין פרש"י, ועד"ז זיינען אויך דא אין רש"י רזי תורה, ווי רבותינו נשיאינו האבן אנגעוויזן בכמה מקומות[175].

אבער לכל לראש איז פרש"י - פשוטו של מקרא, ד.ה. אז מ׳דארף אים לערנען ע"ד הפשט, ווי א בן חמש למקרא פארשטייט דאס.

און פון דעם דרך הלימוד אין פרש"י ע"ד הפשט דארף מען ארויסנעמען די כללים פון רש"י.

לג. וואס איינער פון די כללים פון פרש"י גיט רש"י ארויס בפרשתנו:

בפרשתנו[176] חזר׳ט זיך איבער די פרשה פון שלש רגלים כמעט ווי דאס איז אין פ׳ משפטים[177], און רש"י[178] איז מפרש דעם טעם לזה, און דערמיט גיט ער ארויס א כלל אין גאנץ תורה: "הרבה מצוות בתורה נאמרו ונכפלו ויש מהם שלש פעמים וארבע לחייב ולענוש על מנין לאוין שבהם ועל מנין עשה שבהם".

- דאס -

---

173) בפירושו עה"פ בראשית ג, ח. 174) של"ה קפא, א. 175) ראה היום יום ע׳ כד. וראה לקו"ש ח"ה ע׳ 1 ובהע׳ 4 שם. 176) לד, יח ואילך. 177) כג, יד ואילך. 178) עה"פ פרשתנו שם, כג.

דאס איז אבער נאר א ביאור און א טעם פארוואס די הורה חזר'ט דאס איבער צוויי מאל; מ'דארף אבער פארשטיין פארוואס רש"י חזר'ט איבער בפרשתנו כמה ענינים וואס ער האט שוין מפרש געווען אין די פרשה פון שלש רגלים אין פ' משפטים?

איז דער ביאור אין דעם בפשטות: וויבאלד אז עס זיינען דורך כו"כ פרשיות צווישן פ' משפטים מיט פרשתנו - זעט רש"י אז לויט דעם מהלך ותכונת הנפש פון א בן חמש למקרא קען זיין אז ער וועט פארגעסן וואס רש"י האט געזאגט אין פ' משפטים, און דערפאר חזר'ט דאס רש"י איבער בפרשתנו.

לפ"ז ווערט אבער די שאלה לאידך גיסא: פארוואס חזר'ט רש"י ניט איבער בפרשתנו אלץ וואס ער האט מפרש געווען אין פ' משפטים?

וואס כל האמור איז בנוגע צו אן ענין וואס איז דא אין צוויי באזונדערע פרשיות, ובפרט אז זיי זיינען ניט בסמיכות זל"ז, וואס דעמולט קען זיין אז דער בן חמש למקרא זאל פארגעסן וואס רש"י האט געזאגט דעם ערשטן מאל;

בשעת עס רעדט זיך אבער וועגן צוויי ענינים אין דער זעלבער פרשה - דארף דאס רש"י זיכער ניט איבער'חזר'ן א צווייטן מאל, ווארום אין דער זעלבער פרשה וועט דער בן חמש למקרא זיכער געדיינקען וואס רש"י האט געזאגט דעם ערשטן מאל.

וואס דערפאר דארף מען האבן א ביאור פארוואס אין פ' משפטים חזר'ט רש"י איבער דעם כלל "דיבר הכתוב בהווה" עטליכע מאל[179], ווי גערעדט אמאל בארוכה אין דעם[180].

עד"ז דארף מען פארשטיין בכמה וכמה מקומות אין חומש - פארוואס אמאל חזר'ט רש"י איבער זיין פירוש צוויי מאל אדער מערער, און אמאל ניט, אע"פ וואס דאס רעדט זיך וועגן א הפסק פון כו"כ פרשיות, ביז א הפסק פון איין חומש מיט א צווייטן חומש?

וואס כל זה צ"ע עמוק צו וויסן פונקט וואס איז רש"י'ס כלל, ווען ער חזר'ט איבער א פירוש, און ווען ער חזר'ט ניט איבער א פירוש,

און אין יעדער ארט באזונדער דארף מען האבן אן עיון עמוק.

- דאס -

---

179) עה"פ כא, כח. כב, יז. שם, כא. שם, ל.
180) לקו"ש ח"ו ע' 130 ואילך.

דאס וועט אבער נעמען א ריבוי זמן צו מבאר זיין - דערפאר וועט מען איצטער מבאר זיין א פרש"י וואס דארף ניט האבן אזוי פיל עיון, ובמילא וועט מען איס קענען ענדיקן אין דעם שבת.

לד. בהמשך צו דעס וואס מ'האט גערעדט אין דער התוועדות פון שבת פ' תרומה אויף דעם פרש"י עה"פ [181] "ככר זהב טהור", וואס רש"י רעכנט דארטן אויס בפרטיות וואס דער משקל פון "ככר זהב" איז -

וועט מען זיך איצטער שטעלן אויף דעם וואס רש"י איז מפרש אויפן פסוק [182] "עשרים גרה השקל", און ער רעכנט אויס בפרטיות וויפל דאס איז: "שהשקל השלם ד' זוזים, והזוז מתחלהו חמש מעוה אלא באו והוסיפו עליו שתות והעלוהו לשש מעה כסף, ומחצית השקל הזה שאמרתי לך יהנו תרומה לה'".

דארף מען פארשטיין:

מ'האט דעמולט גערעדט אז רש"י איז ניט קיין ספר הלכות, וואס דערפאר דארף ער ניט אויסרעכענען בפרטיות וואס דער משקל פון יעדער זאך איז [ווי מ'געפינט שוין פריער אין פ' חיי שרה [183] אז עס שטייט "בקע משקלו גו'", און רש"י איז דארטן ניט מפרש וויפל דאס איז. ועד"ז אין פ' וישלח [184] אויף "מאה קשיטה" איז רש"י ניט מפרש וויפל דאס איז] -

איז פארוואס רעכנט ער דאס דא אויס?

בנוגע צו "ככר זהב טהור" האט מען דעמולט מבאר געווען אז רש"י רעכנט אויס בפרטיות וואס דער משקל פון "ככר זהב" איז, דערפאר וואס דארטן זאגט רש"י אז די גאנצע מנורה מיט אלע אירע כלים דארפן געמאכט ווערן פון דעם ככר, "לא פחות ולא יותר", ובמילא דארף מען האבן א ביאור ווי מ'קען מאכן פון א "ככר זהב" אזא גרויסע זאך ווי די מנורה מיט אלע אירע כלים;

אבער דא איז דאך דער "עשרים גרה השקל" די מאס פון א שקל, וואס א שקל איז ניט קיין גרויסע זאך - איז פארוואס דארף רש"י דא זאגן וואס די מאס פון א שקל איז?

אויך דארף מען פארשטיין: פארוואס דארף רש"י מודיע זיין דעם בן חמש למקדא אז פריער איז א זוז געווען "חמש מעות", און דערנאך "באו והוסיפו עליו שתות והעלוהו לשש מעה"?

- אין -

---

181) תרומה כה, לט. 182) פרשהנו ל, יג. 183) כד, כב. 184) לג, יט.

אין גמרא[185] איז פארשטאנדיק פארוואס מ'דארף דאס באווארענען - ווארום דארטן שטייט אז ס'איז געווארן כ"ד גרה לשקל, דארף מען מסביר זיין אז דער זוז האט זיך געביטן פון "חמש מעות" צו "שש מעה" - אבער וואס איז דאס נוגע צו א בן חמש למקרא אין פשוטו של מקרא?

להּ. עד"ז דארף מען פארשטיין בנוגע צו א פירוש רש"י אין פ' משפטים:

אויפן פסוק[186] "אם עבד יגח השור או אמה כסף שלשים שקלים יתן לאדוניו גו'", זאגט רש"י וואס דער משקל פון א שקל איז: "והשקל משקלו ד' זהובים שהם חצי אונקיא למשקל הישר של קלוני"א".

ע"פ האמור לעיל איז דא אויך ניט פארשטאנדיק פארוואס דארף רש"י זאגן פונקט וואס דער משקל פון א שקל איז?

מ'קען ניט זאגן אז רש"י וויל זאגן דעם בן חמש למקרא וויפל מ'דארף צאלן בשעת ער וועט האבן בחייו הפרטי א מעשה אז א שור וועט שטויסן אן עבד - ווארום דער דין איז[187] אז בזמן הזה איז ניטא דער גאנצער ענין פון קנסות.

וואס די אלע ענינים דארפן זיין פארשטאנדיק צו א בן חמש למקרא בפשטות,

וכפי שיתבאר לקמן.

לו. בנוגע צו די הערות אויפן זהר פון פרשה זו, שטעלט ער זיך[188] אויף דעם וואס עס שטייט אין זהר[189] אז ר' חייא האט געזאגט א געוויסן ענין, און מ'האט ביי אים געפרעגט "ממאן שמעת לה", און ער איז מבאר אין דער הערה[190] אן ענין וואס איז נוגע להלכה:

די משנה אין אבות[191] (ועד"ז די גמרא אין מס' חולין[192]) זאגט אז "כל האומר דבר בשם אומרו מביא גאולה לעולם שנאמר[193] ותאמר אסתר למלך בשם מרדכי" (וואס דאס האט דער-דערנאך געבראכט די גאולה פון פורים).

וואס עפ"ז פרעגט ער אין דער הערה ווי האט ר' חייא ניט געזאגט "דבר בשם אומרו", וואס דערפאר האט מען ביי אים געדארפט פרעגן "ממאן שמעת לה"?

- און -

---

185) ראה בכורות נ, א (ובפרש"י ד"ה ומשנינן). תוס' ד"ה והשקל - ב"ב צ, א; בכורות ה, א. רמב"ם הל' שקלים פ"א ה"ב-ג. 186) משפטים כא, לב. 187) טושו"ע חו"מ בתחלתו. 188) לקוטי לוי"צ לזח"ב ע' קלו ואילך. 189) ח"ב קצ, א. 190) ס"ע קלט ואילך. 191) פ"ו סוף מ"ו. 192) קד, ב. 193) אסתר ב, כב.

און ער פארענטפערט אז "אימתי צריכים לומר דבר בשם אומרו הוא כשהאומר הדבר אמר לו זה האומרו אז הוא צריך לומר בשם אומרו, וכמו במרדכי ואסתר שמשם נלמד זה אמר מרדכי לאסתר כמ"ש[193] ויגד לאסתר המלכה אז צריך השומע ממנו לאמרו בשם אומרו כמ"ש ותאמר אסתר למלך בשם מרדכי", משא"כ אין אונזער פאל האט מען דאס ניט געזאגט צו ר' חייא, נאר ער איז געשטאנען בשעת מעשה וועו צוויי אנדערע האבן גערעדט, איז "אז אינו מחוייב לומר בשם אומרו כי ע"ז אין ראי' ממרדכי ואסתר שהתם אמר מרדכי לאסתר",

[און ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דער משנה גופא אז מ'דארף האבן א ראי' פון א פסוק אויף דעם וואס "האומר דבר בשם אומרו מביא גאולה לעולם", ובמילא וויבאלד אז ס'איז ניטא קיין ראי' פון א פסוק אויף דעם אז איינער וואס האט געהערט א זאך בשעה צוויי אנדערע רעדן דארף ער דאס איבער־זאגן "בשם אומרו" - איז פארשטאנדיק אז ער דארף דאס טאקע ניט זאגן "בשם אומרו"].

ויש להאריך בזה ע"פ א מג"א[194], וואס מקורו איז פון מדרש תנחומא אין פ' במדבר[195] [וואס אע"פ אז דער מג"א צייכנט אן אז זיין מקור איז פון "נדרים פ"ק" - איז דאך ידוע די שקו"ט פון מפרשים אין דעם[196], אז לכאורה שטייט דאס ניט אין מס' נדרים, נאר אין מדרש תנחומא הנ"ל],

וכפי שיתבאר לקמן.

לז. ויה"ר אז אזוי ווי מ'רעדט און מ'לערנט וועגן דעם ענין פון מחצית השקל אין פ' כי תשא, ביז די פרטים שבזה, אז "העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט"[197] וכו', וואס פון דעם מחציה השקל האט מען געקויפט די קרבנות, וואס מ'האט פון־דאס־ניי אנגעהויבן ברענגען פון ר"ח ניסן, "חדש והבא קרבן מתרומה חדשה"[198] -

זאל מקוים ווערן דער "כל העוסק בתורת כו' כאילו הקריב"[199], וע"ד ווי עס שטייט אין תנחומא[200] אז דורך לערנען וועגן די ענינים פון בנין ביהמ"ק איז "אני מעלה עליהם כאילו הם עוסקין בבנין הבית".

און וויבאלד אז "באחד באדר" איז שוין געווען

- "משמיעין" -

---

194) או"ח סקנ"ו סק"ב. 195) כב. 196) ראה כף החיים או"ח שם סקי"ד. וראה גם הגהות רעק"א כאן. 197) פדשתנו ל, טו. 198) ר"ה ז, א. מגילה כט, ב. 199) מנחות קי, א. שו"ע אדה"ז או"ח מהדו"ק ס"א ס"א. מהדו"ב שם ס"ט. 200) צו יד.

"משכיעין על השקלים"[201], און ביז ר"ח ניסן האט מען נאך צייט צו ברענגען דעם מחצית השקל און קויפן די קרבנות - זאל מען דאס שוין משלים זיין ביז ר"ח ניסן, וואס דעמולט וועט זיין דער "בניסן נגאלו בניסן עתידין ליגאל",

און מ'וועט מקריב זיין דעם קרבן פסח בביהמ"ק השלישי, "ושם נעשה לפניך את קרבנות חובותינו כמצות רצונך"[202],

בקרוב ממש, בגאולה האמיתית והשלימה, ובמהרה בימינו ממש.

* * *

לח. דער ביאור אין פרש"י וועט מען פארשטיין דערפון וואס רש"י האט שוין מפרש געווען אין פ' בשלח:

רש"י שטעלט זיך אויפן פסוק[203] "והעומר עשירית האיפה הוא" און רעכנט אויס בפרטיות וואס די מאס פון אן "עשירית האיפה" איז, און דערנאך איז ער מסיים "והוא שיעור לחלה ולמנחות".

וואס דער טעם בפשטות פארוואס רש"י דארף מפרש זיין בפרטיות וואס די מאס פון "עשירית האיפה" איז:

וויבאלד אז דער בן חמש למקרא האט געלערנט אז בשעת דער מן איז אראפגעקומען איז "וימודו בעומר ולא העדיף המרבה והממעיט לא החסיר איש לפי אכלו לקטו"[204] - פארשטייט ער אז יעדערער האט באקומען א שיעור <u>חשוב</u> פון דעם מן,

און דערפאר זאגט אים רש"י וואס דער שיעור איז געווען בדיוק, בכדי ער זאל פארשטיין ווי דער שיעור פון "עשירית האיפה" איז א שיעור חשוב.

און דערנאך זאגט אים רש"י "והוא שיעור לחלה ולמנחות":

בכדי ער זאל בעסער פארשטיין ווי "עשירית האיפה" איז א שיעור חשוב - זאגט אים רש"י אז דאס איז א שיעור וואס ער זעט בחיי יום יום - אז דאס איז דער שיעור פון חלה וואס מ'איז מפריש פון אים חלה בכל הדורות, וואס דער בן חמש למקרא זעט בא זיך אין שטוב אז דער שיעור וואס מ'איז מפריש פון אים חלה איז א שיעור חשוב.

און דאס וואס רש"י זאגט אויך "למנחות", איז דערפאר וואס רש"י וויל מדגיש זיין אז דאס איז אויך א שיעור חשוב אין קדושה, אין דעם בית המקדש.

- אבער -

------------

201) ריש מס' שקלים. 202) תפלת מוסף דשבת ויו"ט.
203) בשלח טז, לו. 204) שם, יח.

אבער וויבאלד אז דער בן חמש למקרא איז ניט געווען אין זמן הבית – איז בכדי ער זאל פארשטיין אין זיינע ענינים ווי "עשירית האיפה" איז א שיעור חשוב זאגט מען אים אז דאס איז דער שיעור "לחלה".

לט. דערפון זעט מען אז דש"י רעכנט זיך מיט חיי יום יום פון דעם בן חמש למקרא, ביז אז ער רעכנט אויס בפרטיות דעם משקל פון א זאך בכדי דער בן חמש למקרא זאל דאס פארשטיין בחיי יום יום.

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנדו"ד:

פ׳ כי תשא, וואס אין איר רעדט זיך וועגן דעם מחצית השקל, לערנט דער בן חמש למקרא בערך אין דעם זמן פון פורים,

און בערב פורים האט דער בן חמש למקרא געגעבן א מחצית השקל – במילא ווען ער קומט צו דער פרשה פון מחצית השקל אין פ׳ כי תשא, גיט ער א פרעג צי דער מחצית השקל וואס ער האט ערשט געגעבן ערב פורים האט א שייכות מיט דעם מחצית השקל וואס שטייט אין פ׳ כי תשא?

זאגט מען אים אז דאס האט א שייכות.

פרעגט ער: צי דאס איז טאקע א מחצית השקל (אדער אויב ניט – פארוואס גיט ער ניט א מחצית השקל) ווי עס שטייט אין תורה*?

ענטפערט אים רש"י: "השקל השלם ד׳ זוזים, והזוז מתחלתו חמש מעות אלא באו והוסיפו עליו שתות והעלוהו לשש מעה כסף", און דאס גיט ער.

מ. ס׳איז דאך תורה אחת לכולנו – געפינט מען א חיזוק צו האמור לעיל (אז אויך א קטן, א בן חמש למקרא האט א שייכות צו דעם מחצית השקל וואס מ׳גיט ערב פורים) – פון מנהג כ"ק מו"ח אדמו"ר, וואס ברענגט זיך אין ספר המנהגים[205] אז ער פלעגט געבן מחצית השקל "בעד הרבנית ובנים ובנות הקטנים".

וואס עד"ז ברענגט אויך דער מג"א[206] אז "נשים וילדים חייבים" אין מחצית השקל,

און ס׳איז דאך ידוע די שאלה וואס דער מג"א (הנ"ל)

– פרעגט –

---

*) דאה רמ"א או"ח סתרצ"ד ס"א "שיש ליתן קודם פורים מחצית מן המטבע <u>באותו מקום ובאותו זמן</u> זכר למחצית השקל שהיו נוהגין באדר כו׳". אבל 1) צ"ע וחיפוש א) דעת רש"י בזה, ב) האם נשתנה המחצית בזמן רש"י מאשר הי׳ בזמן הש"ס. 2) הבן חמש עדיין לא לכד שו"ע.

---

205) הב"ד ע׳ 74. 206) או"ח סתרצ"ד סק"ב.

פרעגט אויף דעם: "ולא ידעתי מנ"ל האי", ווארום וויבאלד אז אין הורה שטייט [207] אז מחצית השקל דארף געגעבן ווערן "מבן עשרים שנה ומעלה" [און ווי דער רמ"א [208] פסק'נט להלכה] - איז ווי קען מען זאגן אז קטנים זיינען אויך מחוייב בזה, בשעה אפילו א בן י"ג שנה איז אויך ניט מחוייב בזה?

איז איינער פון די ביאורים אין דעם: די כחצית השקל וואס מ'גיט ערב פורים איז צוליב דעם וואס די גמרא [209] דערציילט אז "גלוי וידוע לפני מי שאמר והי' העולם שעתיד המן לשקול שקלים על ישראל לפיכך הקדים שקליהן לשקליו כו'".

און וויבאלד אז גזירת המן איז געווען אויך אויף "טף ונשים" [210] - דערפאר איז דא דער מנהג פון געבן מחצית השקל אויך בא נשים וטף.

וואס עפ"ז איז נאכמער מודגש די שייכות פון קטנים צו מחצית השקל וואס מ'גיט ערב פורים - ווארום לפ"ז קומט אויס אז קטנים אליין קענען געבן מחצית השקל, און ניט נאר אז אביו איז שוקל א מחצית השקל פאר אים.

ובנוסף לזה האט מען אויך דעם חיזוק פון "מעשה רב" פון הנהגת כ"ק מו"ח אדמו"ר בדורנו זה אז מ'דארף געבן מחצית השקל אויך פאר קטנים.

וואס ע"פ כל זה איז פארשטאנדיק בנוגע צו פרש"י בפרשתנו: וויבאלד ס'איז נוגע צו דעם בן חמש למקרא דער מחצית השקל וואס מ'גיט ערב פורים - וועט ביי אים נתעורר ווערן די שאלה צי דאס האט א שייכות צו דעם מחצית השקל וואס שטייט אין פ' כי תשא, וואס דערפאר דארף אים רש"י מבאר זיין דעם ענין, כנ"ל.

מא. דער ביאור אין דעם פרש"י אין פ' משפטים (אויף "שלשים שקלים יתן") [211]:

פאר דעם וואס רש"י רעכנט אויס דעם משקל פון א שקל, זאגט ער אז דאס וואס מ'דארף צאלן פאר דעם עבד "שלשים שקלים" איז "גזירת הכתוב הוא בין שהוא שוה אלף זוז בין שאינו שוה אלא דינר".

וואס וויבאלד מ'לערנט פשש"מ - קען מען ניט זאגן אז דאס וואס מ'דארף צאלן שלשים שקלים פאר אלע עבדים, "בין שהוא שוה אלף זוז בין שאינו שוה אלא דינר", איז סתם א גזירת הכתוב, אן קיין שום טעם אין שכל, נאר אין דערויף

- מוז -

207) פרשתנו שם, יד. 208) או"ח שם ס"א. 209) מגילה יג, סע"ב. 210) אסתר ג, יג. 211) וראה גם שיחת ש"פ משפטים השל"ז סי"ד. סכ"ב-כג.

מוז אויך זיין עפעס א הסברה אין שכל.

וואס דערפאר רעכנט דערנאך רש"י אוים וואס דער משקל פון א שקל איז, בכדי אז א בן חמש למקרא זאל דאס קענען פארשטיין אין די געלט וואס ער האט - אז "השקל משקלו ד׳ זהובים שהם חצי אונקיא למשקל הישר של קלוני"א",

וואס בשעת דער בן חמש למקרא וועט מאכן דעם חשבון וויפל זיינען "שלשים שקלים", וועט ער זעהן אז דאס איז דער מחיר המיצוע פאר אלע עבדים,

ווארום דער בן חמש למקרא זעט אויך בזמנו עבדים [וואס בזמן פון רש"י זיינען דאך געווען גוי׳שע עבדים בא גוים, און אפילו בא אידן - ווי עס ברענגט זיך אין שו"ת] - במילא זעט ער אז דער מחיר הרגיל פון אן עבד איז בערך "שלשים שקלים".

ער זעט אז עס זיינען טאקע דא עבדים וואס זיינען ווערד אלף זוז, ועד"ז עבדים וואס זיינען ווערד נאר א דינר - אבער דאס זיינען נאר א מיעוט פון די עבדים; דער מחיר המיצוע פון עבדים, ד.ה. דער מחיר פון רוב העבדים איז - "שלשים שקלים".

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס מ׳זאגט אז מ׳דארף צאלן "שלשים שקלים" פאר אלע עבדים איז ניט סתם א גזירת הכתוב אן קיין הסברה אין שכל, ווארום אויב דאס איז סתם א גזירת הכתוב האט דאך די תורה געקענט קובע זיין אז מ׳זאל צאלן אלף זוז פאר אלע עבדים, אדער א דינר אחד פאר אלע עבדים,

נאר דאס איז אויך מיט א הסברה, אז היות רוב העבדים זיינען ווערד בערך "שלשים שקלים", האט די תורה קובע געווען דעם סכום פאר אלע עבדים.

און דער טעם פארוואס די תורה האט קובע געווען א מחיר שוה פאר אלע עבדים, איז דערפאר וואס די תורה האט ניט געוואלט מטריח זיין אז בא יעדן עבד זאל מען דארפן גיין לויפן אין ב"ד אויף אפשאצן וויפל דער עבד איז ווערד.

וע"ד ווי מ׳געפינט דאס אין דער פרשה פון ערכין[212] אז די תורה האט קובע געווען א געוויסן סכום פאר אלע מענטשן, לדוגמא "והי׳ ערכך הזכר מבן עשרים שנה ועד בן ששים שנה והי׳ ערכך חמשים שקל כסף בשקל הקודש"[213]: ניט קוקנדיק ווי דער מצב הבריאות פון דעם בן עשרים ביז דעם בן ששים איז -

- האט -

---

212) בחוקותי כז, ב ואילך. 213) שם, ג.

האט בעך קובע געווען א סכום שוה וואס דאס איז דער סכום המיצוע פאר אלע מענטשן אין די יארן, ווארום די תורה וויל ניט מטריח זיין אז מ׳זאל דארפן גיין אין ב"ד צו אפשאצן וויפל יעדער יחיד איז ווערד.

ועד"ז איז פארשטאנדיק אין פ׳ בשפטים, וואס אע"פ אז דער בן חמש למקרא האט נאך ניט געלערנט פ׳ בחוקותי - פארשטייט ער דאס אבער אליין, כנ"ל.

מב. דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר:

פון דער משנה אין אבות קומט אויס אז אויב איינער האט געהערט דעם "דבר" ניט פון דעם "אומרו", נאר ער האט דאס געהערט שטייענדיק בא דער זייט - האט ער ניט דעם חיוב פון איבערזאגן דאס בשם אומרו, ווארום דאס איז ניט בדומה ווי דאס איז געווען בא אסתר ומרדכי, ווי ער איז מוכיח אין דער הערה;

ווען מ׳קומט אבער צו דעם דין ווי דער מג"א פסק׳נט אפ אין שו"ע או"ח סקנ"ו, אז "כל שאינו אומר דבר בשם אומרו עובר בלאו", וואס מקורו איז פון תנחומא פ׳ במדבר, וואס דארטן טייטשט ער אז דער לאו איז "לא תגזל דל כי דל הוא"[214] - איז פארשטאנדיק אז דא איז קיין נפק"מ ניט צי ער האט דאס געהערט פון דעם וואס האט דאס געזאגט, אדער ער האט דאס געהערט שטייענדיק (בהשגח"פ אדער סתם אזוי) ביי א זייט - ווארום אפילו אויב דער "אומרו" האט דאס ניט אים געזאגט, איז אבער דער "דבר" באלאנגט צו דעם "אומרו", און דער "אומרו" איז א "דל" - ובמילא אויב מ׳זאגט דאס איבער ניט "בשם אומרו" איז מען עובר אויף דעם לאו פון "לא תגזל דל".

דארף מען פארשטיין:

וויבאלד אז די משנה אין אבות קומט פאר מדרש תנחומא, און ניט פארקערט - האט דאך די משנה בעיקר געדארפט זאגן דעם עיקר הענין אז "כל שאינו אומר דבר בשם אומרו עובר בלאו" פון "לא תגזל דל", וואס דאס איז "בכלל מאתים מנה"[215] פון דעם ענין פון "מביא גאולה לעולם", און נאך דערויף וואס די משנה זאגט דעם לאו, וואלט זי געקענט מוסיף זיין אז דאס איז אויך "מביא גאולה לעולם"?

איז דער ביאור אין דעם פארשטאנדיק פון דעם מאי ביניהו וואס איז דא צווישן די משנה מיט דעם תנחומא:

- אויב -

---

214) משלי כב, כב. 215) ב"ק עד, א. ועוד.

אויב דער "אומרו" איז מוחל און זאגט אז מ'קען איבער-זאגן די זאך וואס ער האט געזאגט ניט בשמו - איז דעמולט ניטא דער לאו פון "לא תגזל דל", ווארום דאס איז כאילו ווי דער "דל" גיט אפ במתנה די זאך וואס באלאנגט צו אים;

אבער בנוגע צו "כל האומר דבר בשם אומרו מביא גאולה לעולם" איז קיין נפק"מ ניט צי יענער האט דאס מוחל געווען צי ניט, ווארום ווי נישט ווי אויב מ'זאגט דאס איבער בשם אומרו, זאגט די משנה אז דורך דעם איז "מביא גאולה לעולם".

וואס דערפאר זאגט ניט די משנה דאס וואס שטייט אין תנחומא, ווארום די משנה רעדט וועגן א צווייטע זאך בכלל: די משנה רעדט וועגן דעם ענין פון "מביא גאולה לעולם" וואס ווערט דורך דערויף וואס ער איז "אומר דבר בשם אומרו" (וואס דאס איז איינע פון די "ארבעים ושמונה דברים" וואס "התורה נקנית" בהם, ווי די משנה זאגט), וואס דאס איז אפילו אויב דער "אומרו" איז מוחל און זאגט אז מ'קען דאס איבערזאגן ניט בשמו.

במה דברים אמורים אז "האומר דבר בשם אומרו" איז "מביא גאולה לעולם" - ווען ער האט דאס געהערט פון דעם "אומרו", אבער אויב ער האט דאס געהערט שטייענדיק בא דער זייט - איז אויף אים ניטא דער חיוב, ווי ער איז מבאר אין דער הערה.

מג. וויבאלד אז מ'רעדט שוין וועגן דעם מג"א אין או"ח סקנ"ו - זיינען דא דרך אגב כמה פליאות אין דעם מג"א:

דער מג"א רעכנט דארטן אויס אין איין סעיף (פון שו"ע, כולל אויך דער רמ"א) א ריבוי דינים.

דארף מען פארשטיין: פארוואס ברענגט ער דוקא די דינים אלע צוזאמען אין דעם סעיף, און וואס איז די שייכות ביניהם?

עס זיינען דא מפרשים וואס זיינען מבאר פארוואס ער ברענגט כמה פון די דינים דוקא דא -

אבער לפי ביאורם דארף מען נאך אלץ פארשטיין פארוואס ברענגט ניט דער מג"א נאך כמה וכמה דינים, וואס ער האט אויך געקענט כולל זיין אין דעם סעיף.

די שאלה ווערט נאך שטארקער:

כמה פון די דינים וואס ער ברענגט אין דעם סעיף, ברענגען זיך שפעטער אין שו"ע במקומם במהאים - איז פארוואס דארף דאס דער מג"א דא זאגן?

עד"ז דארף מען אויך פארשטיין אין דעם אלטן דבי'נס

שו"ע סקנ"ו, וואס ער איז בעתיק (ניט אין איין סעיף, נאר אין כ"א סעיפים, און מיט א שינוי סדר) א חלק גדול פון די הלכות פון דעם מג"א - פארוואס ברענגט ער דוקא די הלכות אין דעם סימן?

אויך דארף מען פארשטיין אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע: ס'איז דאך ידוע דער גודל הדיוק פון דעם אלטן רבי'ן אין שו"ע שלו, ביז אז דארטן איז לא פחות ולא יותר - פונקט ווי מ'קען מדייק זיין אין דעם וואס ער האט געשריבן, קען מען אויך מדייק זיין פון דעם וואס ער האט ניט געשריבן -

איז וויבאלד אז ער האט בעתיק געווען אין דעם סימן כו"כ דינים פון דעם מג"א [וכידוע אז דעם אלטן רבי'נס שו"ע איז "מוסד עפ"י דעת כל הפוסקים ראשונים ואחרונים ובראשם הרב בעל מ"א", ווי עס שטייט אין "הקדמת הרבנים בני הגאון המחבר" צום שו"ע, און ווי תלמידי אדה"ז שרייבן בספרים שלהם, וואס זיינען שוין אויך אפגעדרוקט] -

איז פארוואס האט ער משמיט געווען די איבעריקע דינים וואס ברענגען זיך אין דעם סימן אין מג"א (ווי לדוגמא דער דין הנ"ל "כל שאינו אומר דבר בשם אומרו עובר בלאו")?

לכאורה וואלט מען געקענט ענטפערן, אז אזוי ווי דער סימן פון שו"ע האט לכתחלה געפעלט, און מ'האט דאס ערשט שפעטער געפונען (ווי עס שטייט אין שו"ע) - איז קען זיין אז מ'האט ניט אלץ געפונען, און אין דעם חלק וואס מ'האט ניט איז דארטן דא די איבעריקע הלכות פון דעם מג"א.

מ'קען אבער אזוי ניט זאגן - ווארום די הלכות וואס דער אלטער רבי ברענגט זיינען סיי פון דער התחלה און סיי פון דעם סוף פון די הלכות ווי זיי זיינען אין מג"א - איז לייגט זיך אינגאנצן ניט צו זאגן, אז די התחלה און דער סוף האט מען, און אינמיטן פעלט!

מד. אזוי ווי מ'קאכט זיך דאך אז ס'זאל זיין א הוספה אין קביעות עתים לתורה, ובפרט אין "לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא"[216] - זאלן לכל הפחות איינער, אדער צוויי, אדער דריי מענטשן זיך אויך מתבונן זיין אין דעם סימן פון אלטן רבי'נס שו"ע.

און דורך דערויף וואס מ'לערנט תורתו - וועט מען זוכה זיין צו לערנען תורתו מפיו, ווארום ס'וועט זיין "והקיצו ורננו שוכני עפר" און דער אלטער רבי און אלע - נשיאי -

---

216) יומא כו, א.

נשיאי חב"ד בתוכם, ועד"ז דער מגיד און דער בעש"ט און דוד מלכא משיחא בתוכם,

בגאולה האמיתית והשלימה, במהרה בימינו ובעגלא דידן ממש. -

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

— * —

בס"ד. קטע משיחת ש"פ תשא, פ' פרה ה'תש"מ.

<u>הנהה הת' בלתי מוגה</u>

א. מ'קומט דאך פון ימי הפורים, וואס דער יסוד פון דעם גאנצן נס פון פורים איז - אז ס'איז געווען דער "לא יכרע ולא ישתחוה" פון מרדכי'ן[1], ועד"ז פון אלע אידן, וואדום מ'איז פון "עם מרדכי"[2], און דוקא דורך דעם "לא יכרע ולא ישתחוה" איז געווארן "נפל פחד היהודים עליהם"[3], ביז אז "ושמעו הולך בכל המדינות"[4].

און וויבאלד אז "ימי הפורים האלה לא יעברו מתוך היהודים וזכרם לא יסוף מזרעם"[5] - איז עד"ז בכל הדורות, אז דורך דערויף וואס מ'איז "לא יכרע ולא ישתחוה" ווערט דער "נפל פחד היהודים עליהם".

אויף דערויף זיינען דאך אבער דא די טענות (ועד"ז זיינען געווען די טענות צו כ"ק מו"ח אדמו"ר): ס'איז אלץ גוט און פיין - מ'איז פון דעם "עם חכם ונבון"[6], ובמילא פארשטייט מען בשכל די אלע ענינים,

אבער ס'איז אינו דומה כלל ווי מ'פארשטייט דאס בשכל לגבי דעם אויב מ'וועט זעהן א נס בעיני בשר, ווי מ'זעט בפועל אז דוקא פון א נס ווערט מען נהפעל, און אויב מ'וועט זעהן א נס וועט דאס גרינגער און שנעלער און לייכטער פועל'ן אויף דעם מענטשן.

און הגם אז אין ליובאוויטש האט מען זיך ניט געקאכט אין מופתים, און ס'האט זיך געוואלגערט אונטערן באנק, און מ'האט ניט געהאט צייט אראפבייגן זיך אויפהויבן דאס[7], וואדום מ'איז געווען פארנומען מיט אנדערע זאכן -

איז אבער פארט, מצד דעם חושך הגלות, און מצד דעם וואס די נשמה געפינט זיך אין א גוף, ובלשון הידוע[8] "חכמה עילאה אין א זאק פון פלייש און ביינער מיט זודיגע בלוט" - דארף מען האבן א נס וואס זאל דערנעמען דעם מענטשן.

איז דער ביאור הפרטי צו יעדער איינעם אויף דעם איז - אז אויב מ'וועט זיך נאר מחבונן זיין, און מחבונן זיין אין אן אופן אז מ'וויל זעהן דעם אמת, וואס האט צו אים געטראפן נעכטן, און אייער-נעכטן און א שנה לפנ"ז - וועט ער זעהן אז מיט אים זיינען געשען נסים גלויים.

- און -

---

1) אסתר ג, ב. 2) ראה אסתר שם, ו. 3) שם ח, יז. 4) שם ט, ד. 5) שם, כח. 6) ואתחנן ד, ו. 7) ראה התמים חו' ב ע' סד. 8) לקו"ד כרך א קפה, א.

און אפילו במדינה זו, וואו מען דארף לכאורה ניט אנקומען צו ענינים חוץ מדרך הטבע אין עניני פרנסה וכיו"ב - אעפ"כ, אז ער וועט נאר א טראכט טאן וואס האט מיט אים געטראפן, וועט ער זעהן נסים גלויים, ואדרבה - אין דער מדינה מערער פאר אן אנדער ארט.

ב. דאס איז דער תירוץ צו יעדער יחיד בפרט - ווי עס זיינען דא נסים גלויים אין זיין טאג-טעגליכן לעבן.

דערנאך זיינען דא נסים גלויים וואס זיינען שייך צו א רבים, ווי לדוגמא דער נס פון פורים, מיט דעם גאנצן המשך הענינים, ביז אז ס׳איז געווארן "נפל פחד היהודים עליהם"

ועד"ז האט געטראפן א נס גלוי פון "נפל פחד היהודים עליהם" בימים אלו ממש, אין ימי הפורים,

אנהויבנדיק פון י"ג באדר, וואס דעמולט איז געווען דער "להקהל ולעמוד על נפשם"[9], וואס לולא זה וואס בשנה זו איז י"ג באדר אויסגעקומען ביום השבת, וואלט מען דעמולט געפאסט צוליב דעם "להקהל ולעמוד על נפשם", ווי דער רמב"ם זאגט[10],

און דערנאך איז געווען דער סיום הנס אין שושן פורים, בט"ו אדר (כדלקמן).

וואס דאס (דער נס וואס האט איצטער געטראפן בשושן פורים) האט א קשר במיוחד מיט ירושלים, וואס דארטן פראוועט מען פורים בט"ו באדר, שושן פורים (דערפאר וואס זי איז אן עיר מוקפת חומה) - וואורום פון דארטן איז געקומען די החלטה וואס איז היפך פון "לא יכרע ולא ישתחוה", וואס זיי האבן דארטן מחליט געווען פריער צו אפגעבן "אבו רודס", און דערנאך אפגעבן אויך "עלמה", וואס דארטן געפינט זיך א חלק גדול פון דעם נפט וואס ארץ ישראל דארף האבן צוליב איר קיום.

און עד"ז האט מען ארויסגעטריבן אידן פון ישובים וואס זיי האבן אויפגעבויט בממונם, בגופם ובנשמתם.

און דורך דעם וואס ס׳איז געווען דער היפך פון "לא יכרע ולא ישתחוה", און מ׳האט נאכגעגעבן דעם לחץ, און אפגעגעבן די אלע ערטער - האט מען אויפגעפענט הארץ לפניהם, וואס דאס איז פשוט סכנה נפשות ממש פאר דעם ריבוי גדול פון אידן וואס געפינען זיך דארטן.

- און -

---

9) אסתר ח, יא. וראה שם ט, ב. טז. 10) ראה רמב"ם הל׳ תעניות פ"ה ה"ה ובכ"מ שם. וראה טור או"ח סתרפ"ו. ובכ"מ.

און וויבאלד אז ירושלים איז געווען דער מקום הקלקלה, וואס פון דארטן איז געקומען דער "יכרעו וישתחוה" - דערפאר איז דער נס געשען שושן פורים, צו באווייזן אז פון ירושלים, וואס דארטן פראוועט מען שושן פורים, דארף ארויסקומען די הכרזה פון "לא יכרע ולא ישתחוה".

ג. דער נס גלוי לעין כל וואס איז געווען דעם י"ג אדר, און דערנאך דער המשך וואס איז געווען ט"ו באדר:

לעצטן שבת, י"ג אדר, האט די מדינה, וואס זי איז א "מושל בכיפה", ובלשון העולם - א "סופער פאוער", געשטימט פאר א גזירה קעגן ארץ ישראל,

וואס אויף דערויף זאגן אלע פה אחד אז דאס האט קיין ארט ניט אין שכל און אין דרך הטבע פארוואס די מדינה האט אזוי געשטימט, ווארום דער מושל המדינה האט געוואוסט אז אויב ער וועט שטימען אזוי, וועט ווערן א גאנצער טומל, און ער וועט דערנאך סיי-ווי דארפן חרטה האבן - און אעפ"כ האט ער אזוי געשטימט!

אפילו לויט די מפרשים וואס זאגן אז דאס וואס מ'האט געשטימט אין אזא אופן איז ניט געווען בכוונה, נאר דאס איז געווען צוליב א שיבוש אין דעם איבערגעבן דאס (דורכן טלפון, ניט-אום-שבת-גערעדט) - איז דאך דאס גופא דער גרעסטער למעלה מן הטבע, אדער למטה מן הטבע, וואס קען נאר זיין -

ווארום דער מושל המדינה האט דאך שבעה שרים (ע"ד די שבע שרי המלך אין דער מגילה[11]), און יעדערער פון זיי האט שבעה מזכירים, און יעדערער פון די מזכירים האט זיינע מזכירים - במילא האט קיין ארט ניט אין דרך הטבע אז עס זאל קענען ווערן אזא שיבוש פון ניט איבערגעבן א זאך ווי עס דארף צו זיין!

ועאכו"כ אויב דאס איז ניט געווען צוליב א שיבוש, נאר בכוונה - איז דאס זיכער למעלה מדרך הטבע, אדער למטה מדרך הטבע.

וואס דאס איז א נס גלוי לעין כל, ווי מ'זעט אז אלע, אויך גויים זאגן אז דאס האט קיין ארט ניט אין דרך הטבע, און מ'פארשטייט ניט פארוואס ער האט דאס געטאן וכו', ווי עס זיינען שוין געדרוקט די אלע פרטים אין די צייטונגען.

ד. וואס דאס איז געווען י"ג באדר, וואס דעמולט האט מען

- נאך -

---

11) ראה אסתר א, י. שם, יד.

נאך ניט געוואוסט וואס וועט דערנאך זיין, און ווי מ'וועט רעאגירן אויף דעם,

ע"ד ווי דאס איז געווען בי"ג באדר דעמולט (בזמן אחשורוש), אז מ'האט געהאלטן מלחמה, "נקהלו לעמוד על נפשם"[12], און מ'האט ניט געוואוסט ווי דאס וועט דערנאך ארויסקומען

דערנאך אבער, וויבאלד אז מ'האט ארויסגעוויזן א תנועה פון "לא יכרע ולא ישתחוה" – האט דאס אלץ משנה געווען, און ס'איז געווארן "נפל פחד היהודים עליהם", ביז אז אחשורוש האט געזאגט מרדכי ואסתר "כתבו על היהודים כטוב בעיניכם בשם המלך וחתמו בטבעת המלך"[13].

ועד"ז איז געווען איצטער:

נאך דעם וואס ס'איז געווען די אפשטימונג בי"ג באדר, איז וויבאלד אז בא אידן איז געווען דער "לא יכרע ולא ישתחוה" בי"ד באדר, פורים, און בט"ו אדר, שושן פורים, און נאך פאר דערויף איז געווען די ההעוררות און די עבודה פון אידן תענית אסתר און ש"פ זכור – האט דאס גע'פועל'ט אז עס זאל ווערן "נפל פחד היהודים עליהם", און ט"ו באדר האט דער מושל המדינה חרטה געהאט פון דעם וואס מ'האט פריער געשטימט, און חרטה געהאט גלוי לעין כל, ביז אז מ'ווייסט וועגן דעם אין אלע "שבע ועשרים ומאה מדינה"[14], און מ'האט וועגן דעם געשריבן אין אלע צייטונגען וכו'.

וואס דאס איז נאכמער חוץ מדרך הטבע ווי דער עצם זאך וואס מ'האט לכתחלה אזוי געשטימט, ווארום דא זעט מען בגלוי ווי ס'איז געווען "נפל פחד היהודים עליהם".

און ס'איז אויך בהשגח"פ, אז אין דער החלטה אויף וועלכע מ'האט געשטימט איז געבליבן זיבן מאל דער נאמען ירושלים, אפילו נאך דערויף וואס מ'האט משמיט געווען דעם סעיף הידוע.

וואס דא זעט מען לעיני כל בשר אלע ענינים וואס האבן געטראפן אין דער מגילה, און מ'דארף ניט אנקומען צו קוקן אין דער מגילה און פארשטיין די שפראך פון דער מגילה – ווארום אויב מ'עפענט אויף א צייטונג זעט מען דעם גאנצן סיפור פון דער מגילה אין לשון המדינה.

וע"ד דער ווארט פון חסידים הראשונים[15] אז ווען משיח

- וועט -

------------

12) ל' הכתוב שם. וראה מקומה שבהע' 9. 13) אסתר ה. ה. 14) ע"ד ל' הכתוב – אסתר א, א. ח, ט. ט, ל. 15) ראה תו"ש ע' 12.

וועס קומען וועס דאס שטיין אין די צייטונגען -

עד"ז בנדו"ד: וויבאלד אז מ'שטייט אין דרא דעקבתא דמשיחא, האט מען געמאכט אז די גאנצע מגילה זאל שטיין אין די צייטונגען אין א שפראך וואס יעדערער קען דאס פארשטיין, אז דורך דערויף וואס ס'איז געווען "נפל פחד היהודים עליהם" האט מען חרטה געהאט אויף דעם וואס מ'האט געשטימט מיט צוויי טעג פאר דערויף, פונקט ווי ס'איז געווען דעמולט.

ה. מסתמא וועלן גלייך זיין אזעלכע וואס וועלן זאגן אז ניט יד ה' עשתה זאת, נאר די גאנצע זאך וואס איז דא געשען איז ע"פ טבע - מיט דער הסברה און מיט א צווייטער הסברה וכו'.

וע"ד ווי עס זיינען געווען אין זמן פון דער מגילה אזעלכע וואס האבן געוואלט מסביר זיין אז אלע ענינים זיינען געווען ע"ד הטבע, אז אחשורוש איז געווארן אין-כעס אויף ושתי וכו' -

אבער אז מ'טראכט זיך נאר אריין אין אלע ענינים וואס האבן געטראפן אין זמן המגילה - זעט מען אז דאס איז למעלה מדרך הטבע.

ועד"ז בענינינו:

אז מ'טראכט זיך א ביסל אריין אין די אלע פרטים וואס זיינען דא געווען - זעט מען גלייך אז די גאנצע זאך האט ניט קיין הסברה ע"ד הטבע, סיי דאס וואס מ'האט לכתחלה אזוי געשטימט, און עאכו"כ דאס וואס מ'האט דערנאך חרטה געהאט און מבטל געווען די גזירה,

און ווי אלע צייטונגען שרייבן בגלוי אז דאס איז געווען דערפאר וואס "נפל פחד היהודים עליהם", ועד"ז וועט זיין "נפל פחד היהודים עליהם" עד סוף כל הדורות.

ו. און וויבאלד אז דער אויבערשטער האט געמאכט אזא נס גלוי בזמננו - איז ניט דער פשט אז דאס דארף בלייבן א נס און אן אתעדל"ע וואס איז געשען בימי הפורים האלה - נאר דאס דארף פועל'ן אויף ווייטער, אין דער אתעדל"ת פון א אידן,

אז מ'דארף זיך אנהויבן פירן אין אן אופן פון "לא יכרע ולא ישתחוה" בכל התוקף.

וואס דאס הייסט בפשטות, אז מ'זאל אויפהערן נתפעל ווערן פאר די גוים און פאר גוי'שקייט, און נאכגעבן די אלע להצים פון די גוים - נאר מ'זאל באזעצן אלע גבולות פון ארץ ישראל תיכף ומיד.

- און -

און ניט ווי דאס איז געווען ביז איצט, אנהויבנדיק ווי דאס איז געווען נאך דער אזוי-גערופענער זעקס טאגיקער מלחמה, וואס גלייך נאך דעם וואס מ'האט מנצח געווען די מלחמה, מיט נסים גלויים פון דעם אויבערשטן - איז מען געקומען צו-לויפן אז מ'וויל צוריק געבן דאס וואס מ'האט מנצח געווען!

און דערנאך זיינען געווען צוויי אידן וואס האבן זיך איינגאנצן פארלארן פאר די גוים און פאר גוי'שקייט, און מ'האט דעמולט געמאכט די רעזאלוציע "242", וואס פון איר ליידט מען צרות צרורות עד היום הזה, הי' לא תהי'!

וואס איינער פון די צוויי אידן איז א איד וואס קומט פון רוסלאנד, און ער האט געלעבט אין "טשערטא אָסעדלאָסטי" (תחום המושב), וואס דארטן האט זיך ביי אים איינגעווארצלט א פחד עצום פאר גוים, און ניט נאר פאר דעם קייסער וואס איז געווען אין פעטראגראד, נאר פאר יעדער גוי וואס האט געלעבט אין זיין שטאט,

און דערנאך איז ער געקומען אין ארה"ב, און ער האט עולה לגדולה געווען, און ער האט געטאן כמה טובות פאר אידן און פאר אידישקייט - אבער דער פחד עצום פאר גוים וואס איז ביי אים געווארן איינגעווארצלט אין יענער שטעטל, איז ביי אים געבליבן אויך זייענדיק דא אין דער מדינה.

וואס דערפאר האט ער זיך איינגאנצן פארלארן פאר די גוים, און ער האט אפגעטאן אזא זאך ווי דער רעזאלוציע "242".

און דער צווייטער איד איז געקומען פון דעם קצה ההפכי: ער איז א תינוק שנשבה בין העכו"ם - די סביבה וואו ער איז אויפגעוואקסן איז ניט געווען קיין אידישע סביבה, און ער איז געווען ארומגערינגעלט נאר מיט גוים און גוי'שקייט.

וואס דערפאר בשעת ער האט זיך ארומגעקוקט אין וועלט, האט ער געמאכט א חשבון אויף די פינגער אז ס'איז "אתם המעט מכל העמים"[16], און גוים זיינען בא"ע מערער פאר אידן,

און אז ער איז געזעסן דארטן וואו מען שטימט - האט ער געזעהן אז ווען מ'הויבט די הענט, איז די "ידים ידי עשו"[17] זיינען א ריבוי גדול, און יד יעקב איז נאר איינע, ווארום ער ווייסט ניט אז בא יעקב איז דער עיקר ניט די הענט נאר דער "הקול קול יעקב"[17], וואס דאס איז באין ערוך בערער פאר די אלע "ידי עשו"!

- און -

---

16) ואתחנן ז, ז. 17) ל' הכתוב - תולדות כז, כב.



הנחת הה' בלתי מוגה

און דערפאר האט ער זיך איינגאנצן פארלארן פאר די גוים און פאר גוי׳שקייט.

ז. עד"ז איז דערנאך געווען די מעשה מיט "מחנה דוד", אז מ׳האט זיך אויך דערשראקן פאר גוים, און נאכגעגעבן אויף כמה לחצים.

וואס דאס איז פונקט פארקערט ווי די הנהגה האט געדארפט זיין אין "מחנה דוד", והביאור בזה:

אז מ׳זאגט דעם נאמען "דוד", זיינען אלע, סיי אידן, און סיי גוים, דאס גלייך מייחס צו גלית, וואדום יעדערער ווייסט דעם סיפור פון דוד מיט גלית[18], אז גלית איז געווען גאר א גרויסער ("גבהו שש אמות וזרת"[19]), און אן איש מדות, און ער איז ניט געקומען סתם אזוי, נאר ער איז געקומען מיט כלים - "כובע נחושה על ראשו ושריון קשקשים הוא לבוש גו׳"[20], ווי עס ווערט אויסגערעכנט בפרטיות אין הנ"ך.

משא"כ דוד איז געווען א קליינער, און ער האט געהאט מעדנים ווי א פאר קליינע שטיינדעלעך[21], אבער וויבאלד אז ער וואדפט דאס מיט א אידישע הארץ - כאפט דאס גלית׳ן אין זיין מצח - "ותטבע האבן במצחו ויפול על פניו ארצה"[22].

וואס פונקט אזוי ווי ס׳איז געווען בא גלית מיט דוד, אז אע"פ וואס גלית איז געווען אן איש מדות, און דאס איז ניט קיין איינרעדעניש, נאר תורת אמת איז מעיד אז ער איז געווען אן איש מדות, אעפ"כ איז דוד ניט נתפעל געווארן, און ער איז געגאנגען קעגן גלית׳ן מיט זיין אידישע הארץ "בשם ה׳ צבאות אלקי מערכות ישראל"[23] -

איז עד"ז ווען מ׳איז געקומען צו "מחנה דוד", מיט עטליכע יאר צוריק, האט מען זיך זיכער געדארפט פירן אזוי, און ניט נתפעל ווערן פאר די גוים.

אבער אעפ"כ זעט מען, אז בשעת מ׳איז געקומען צו "מחנה דוד" איז די הנהגה געווען פונקט פארקערט פון הנהגת דוד מיט גלית: מ׳האט זיך איינגאנצן פארלארן פאר די גוים, און מ׳האט נאכגעגעבן דעם לחץ פון די גוים,

ביז אז מ׳האט זיך אליין געבעטן אז מ׳זאל צונעמען כמה ענינים, וואס א חלק פון די ענינים האט מען ניט מגלה געווען בשעת מעשה, אבער דערנאך איז דאס אויך נתגלה געווארן,

- און -

---

18) ש"א יז, ד ואילך. 19) ש"א שם. 20) שם, ה. 21) שם, מ. 22) שם, מט. 23) שם, מה.

און ביז אז היינט ווען מ׳זאגט אז מ׳וויל ניט טאן און מ׳וויל ניט נאכגעבן - זאגן די גוים: איר האט דאך דאס אליין מציע געווען - איז וואס הייסט אז איר ווילט דאס איצטער ניט טאן?!

ח. וואס דערפאר שטורעם׳ט מען שוין עטליכע יאר, ביז אז מ׳שטורעם׳ט שוין זינט דער יוהכ"פ מלחמה - אז מ׳זאל באזעצן דעם גאנצן גבול פון ארץ ישראל,

וואס דוקא דורך דעם וועט מען באווייזן די גוים אז מ׳מיינט מיט אן אמת אז גאנץ ארץ ישראל באלאנגט צו אידן, און אז מ׳דארף אפהיטן גאנץ ארץ ישראל צוליב פקו"נ.

אבער כל זמן מ׳באזעצט ניט דעם גאנצן גבול בפועל ממש, זעהן די גוים אז מ׳האט דאס מורא צו טאן, און אז מ׳רעדט נאר דיבורים וואס האבן קיין שייכות ניט מיט מעשה בפועל, וכידוע אז אין דיפלאמאטיא איז דער ענין הדיבור לא שוה כלום,

און דערפאר וועט דאס גורם זיין אז די גוים זאלן נאכ-מערער לוחץ זיין, ווארום זיי זעהן אז עס בייט זיי.

משא"כ אויב מ׳וועט באזעצן דעם גאנצן גבול בפועל ממש, וועט דאס ערשטן׳ס בינדן זיך אליין אז מ׳זאל דערנאך ניט קענען חרטה האבן דערפון, ווארום אין אחר מעשה כלום[24], ובעיקר וועט דאס באווייזן די גוים אז ס׳איז ניטא וואס צו רעדן וועגן דעם, ווארום דאס איז אינגאנצן באזעצט, ובמילא וועלן די גוים זעהן אז ס׳איז ניטא וואס צו לוחץ זיין, ווארום דאס וועט סיי-ווי ניט העלפן.

וואס אע"פ אז טאן דאס איצטער איז ניט אזוי גרינג ווי בשעת מ׳וואלט דאס געטאן גלייך נאך דער יוהכ"פ מלחמה, און אויך ניט אזוי גרינג ווי בשעה כ׳וואלט דאס געטאן פאר א יאר צוריק, אדער פאר א האלבן יאר צוריק - איז אבער "אין צועקין על העבר"[25], און איצטער איז אויך ניט צו שפעט דאס צו טאן, און איצטער איז דאס א סאך גרינגער צו טאן ווי עס וועט זיין מארגן, און איבערמארגן.

וואס דערפאר דארף מען גלייך ארייננכאפן, און תיכף ומיד באזעצן אלע גבולות.

ט. וואס דא רעדט מען ניט וועגן באזעצן חברון (אפילו אה"ל אז דאס איז א דבר בעתו וטוב ונכון ומוכרח) - ווארום דארטן רעדט זיך נאר וועגן באזעצן פינף צען הייזער, און

- דורך -

---

24) ראה ב"מ יז, סע"א. 25) ראה ברכות נד, א בבשנה.

דורך דעם וואס כ׳וועט זיך דארפן באזעצן וועט דאס ניט באווארענען די 50,000 אראבער וואס געפינען זיך דארטן;

משא"כ בנוגע צו באזעצן דעם גאנצן גבול פון ארץ ישראל - זיינען דאך ניטא קיינע מענטשן וואס לעבן אויפן גבול - קען מען דאס באזעצן מיט א ריבוי מענטשן, און אנשי צבא מיט נשק, און מיטן גאנצן הוקף.

און אין דערויף זיינען ניטא קיינע שוועריקייטן, ווארום דער צבא איז גרייט דאס טאן, און זיי וועלן זיך ניט מנגד זיין צו אזא הצעה, און וויבאלד אז דארטן געפינען זיך ניט קיינע אנדערע מענטשן, איז ניטא קיינער וואס זאל זיי אוועקטרייבן,

ונוסף לזה - זייבען די הוצאות צו באזעצן דעם גבול אין אזא אופן ניט קיין גרויסע.

און אפילו אויב עס זיינען דא עטליכע שטעטלעך אויפן גבול - קען מען זיך אבער באזעצן אויפן גאנצן גבול מצפון ומדרום פון די שטעטלעך.

וואס דערפאר דארף מען דאס גלייך טאן - און דוקא דורך דערויף וועט דאס באווארענען פון אלע זאכן, ווארום דאס וועט באווייזן קלארערהייד צו יעדער איינעם אז ס׳איז ניטא וואס צו רעדן וועגן די שטחים.

וכאמור, אויב מ׳וואלט דאס געטאן מיט כמה יארן לפנ"ז - וואלט מען איצטער בכלל ניט גערעדט וועגן די שטחים, אבער עכ"פ זאל מען טאן דאס איצטער, וועט מען פארשפארן וואס עס קען ווערן מארגן און איבערמארגן.

ואדרבה, די גוים אליין וואונדערן זיך פארוואס מ׳האט ניט באזעצט דעם גבול ביז איצטער.

י. און דא רעדט מען אויך ניט וועגן אויפבויען שטעט אין אן אופן אז דאס זאל נעמען א ריבוי זמן, ווי איינער האט שוין געזאגט אז דאס וועט נעמען דריי יאר, און א צווייטער האט געזאגט פינף יאר -

ווארום ביז מ׳וועט דאס טאן בפועל, קענען די גוים לייגן א שטארקן לחץ, און מ׳וועט זיך אונטערגעבן צו דעם לחץ, וועט דערפון גארניט ארויסקומען.

און ווי מ׳זעט דאס בפועל: כל זמן אז מ׳רעדט דיבורים, און עס קומט ניט אראפ במעשה בפועל - ווערן די גוים ניט נתפעל און זיי זיינען ווייטער לוחץ, ווארום זיי ווייסן אז היינט קען מען זאגן אזוי, און אויף מארגן קען מען זאגן פונקט פארקערט, ווי דאס איז שוין געווען כו"כ פעמים,

- אנהויבנדיק -



הנחת הת׳ בלתי מוגה

אנהויבנדיק פון די ענינים וואס מ׳האט אפגערעדט אין "מחנה דוד", אז גלייך אויף מארגן האט דער געזאגט אזוי און א צווייטער פונקט פארקערט.

בשעת מ׳וועט אבער אפטאן א מעשה בפועל, און באזעצן דעם גאנצן גבול, און ניט במשך כמה שנים, נאר במשך שעות ספורות, "בשעתא חדא וברגעא חדא", עכ"פ "ביומא חדא" (ווי דער דריטער לשון אין זהר[26], וואס ברענגט זיך ניט אלעמאל מיט די אנדערע צוויי לשונות, און ווי דער טאטע איז מבאר די אלע דריי לשונות אין זיינע הערות[27], כמדובר כמ"פ בזה) - וועט דעמולט זיין אין אחר מעשה כלום, און מ׳וועט גארניט קענען טאן צו דאס משנה זיין.

און דוקא דעמולט וועט זיין גלוי לעין כל אז מ׳רעדט ניט סתם דיבורים, נאר מ׳מיינט מיט אן אמת, אז צוליב דעם וואס עס קען זיין "תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם"[28] - דארף מען זיך באשיצן, און די איינציקע וועג דאס צו טאן איז - צו באזעצן דעם גאנצן גבול מיט א ריבוי מענטשן, און מיט אנשי צבא און נשק וכו׳.

יא. וואס דאס טוט מען אויף דורך דערויף וואס מ׳האקט ארויס די אראפגעפאלנקייט פאר גוים און פאר גוי׳שקייט, און מ׳ווערט ניט נתפעל פאר דעם "אל תתגרה בגוי קטן"[29] - ווארום מ׳ווייסט אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ, וואס דעמולט איז דער פס"ד ברור אין תורה אז אע"פ וואס מ׳געפינט זיך סיף אין א גלות חושך כפול ומכופל, און פאר די אתחלתא דגאולה - טאר מען ניט נתפעל ווערן פאר גוים, און אפילו ניט פאר א גוי גדול, און מ׳דארף געמען כלי נשק און שטייך צוגעגרייט צו זיך באשיצן פון אלע ענינים.

וואס דאס איז א פס"ד ניט נאר פאר אידן, נאר אויך פאר גוים - מ׳דארף זיי דאס נאר זאגן וועלן זיי אויך מסכים זיין צו דעם בכל ההוקף, ווארום זיי וועלן זעהן אז דאס איז דער אכה, און פארן אכה ווערן אלע נתפעל[30].

און ניט ווי די וואס ווען זיי זעהן נאר א גוי, ווערן זיי אינגאנצן בטל בכציאוהם, מצד דעם וואס זיי זיינען אראפגעפאלן פאר די גוי׳שקייט וואס איז דא בא זיי.

און אע"פ אז אין זמן קומט אט אט משיח צדקנו - אבער אין מצב נפשו האלט ער ווייט ווייט פון דער אתחלתא דגאולה,

- מצד -

---

26) ה"א קכט, סע"א. 27) לקוטי לוי"צ לזח"א ע׳ פא.
28) שו"ע אדה"ז או"ח סשכ"ט ס"ו. 29) ראה פסחים קיג, א.
30) ראה סה"מ אידיש ע׳ 7. השי"א ע׳ 193.

כצד דערויף וואס זייך נשמה געפינט זיך אין דער טיפעניש פון דעם חושך כפול וכפופל פון גלות!

וואס אע"פ אז כ"ק כו"ח אדמו"ר האט געזאגט[31] אז די נשמות זיינען ניט געגאנגען אין גלות - איז דאס ווי דער ענין איז מצ"ע, אבער וויבאלד אז א איד איז א בעל בחירה, האט ער די בחירה צו אריינציען און אריינשפארן אויך זיין נשמה אין גלות!

און דערפאר איז ער אינגאנצן אראפגעפאלן פאר גוים, און ער מיינט אז ער דארף נאכיאגן דעם גוי, און דוקא דורך דעם ווערט ער א מציאות.

זאגט מען אים - אז ער זאל וויסן זיין אז ער איז א איד, און "נצח ישראל לא ישקר ולא ינחם"[32], און אים האט מען געגעבן די שליחות צו איבערגעבן א פס"ד ברור אין שו"ע, פון דעם רמ"א[33] - אז אין א מעמד ומצב פון פקו"נ איז אפילו אז מ'שטייט אין זמן הגלות, און ניט נאר אין אה"ק, נאר אויך אין חו"ל - דארף מען נעמען כלי נשק און זיך אפהיטן פון אלע ענינים.

און דער עיקר איז - אז מ'זאל דאס אפטאן לפועל, און וואס שנעלער, און ניט ווארטן ביז מ'מאכט אסיפות און וועידות און קאמיטעטן.

ועד"ז זאל מען ניט נתפעל ווערן מה יאמרו הבריות אין "יו-ען", וואס זיי וועלן טענה'ן אז באזעצן דעם גבול איז ניט דער ריכטיקער אופן צוצוגיין צו דעם ענין, און דאס איז ניט די וועג פון דיפלאמאטיא וכו' -

ווארום מ'ווייסט אז "לי הכסף ולי הזהב אמר ה' צבאות"[34], און "לי השכל", וואס דערפאר איז די ריכטיקע וועג ע"פ שכל דוקא בשעת מ'פירט זיך ווי דער אויבערשטער וויל.

און מ'זאל אויפהערן געבן הירוצים אז מ'האט ניט געטאן דערפאר וואס דער האט צוגעזאגט אזוי און יענער האט צוגעזאגט אזוי וכו' - וואס ס'איז אן אך-און-וויי אויף די אלע הירוצים, און מ'זעט לפועל וואו די אלע הירוצים פירן - אז מ'זאל נאכגעבן נאכמער און נאכמער,

און בשעת דער גוי זעט אז מ'זאגט נאר הירוצים, און בפועל גיט מען נאך וואס ער זאגט - מאנט ער מערער, ווארום

- ער -

------------

31) לקו"ד כרך ד חרצב, א. 32) ש"א טו, כט. 33) או"ח שם. 34) חגי ב, ח.

ער האט גארניט צו פארלירן, ביז אז ער מאנט הכל, ווי זיי זאגן בפירוש!

וואס דערפאר איז די איינציקע וועג ווי צו פירן זיך איז - ווי דער רמ"א פסק'נט אפ אין שו"ע, אז ווען עס קומט צו אן "עיר הסמוכה לספר", דארף מען נעמען כלי נשק און זיך אוועקשטעלן אויפן גבול צו אפהיטן די אלע שטחים.

און דוקא אז מ'פירט זיך לויט ווי דער רמ"א זאגט אין שו"ע - פארבינדט מען זיך מיט דעם משה (ר' משה איסרליש) עד משה רבינו[35], וואס דעמולט איז מען פארזיכערט אז מ'וועט מצליח זיין.

און עס ווערט "ובני ישראל יוצאים ביד רמה"[36], כידוע דער רמז (ע"ד הצחות)[37] אין "ביד רמה", אז דאס גייט אויפן רמ"א - אז אידן האלטן זיך אן דעם רמ"א, איז דעמולט "יוצאים ביד רמה" פון דעם גלות צו דער גאולה האמיתית והשלימה.

יב. און בנוגע צו די וואס טענה'ן אז פאר אידן איז גענוג דער מדבר און תורה, און מ'דארף ניט האבן די אלע שטחים פון ארץ ישראל, רח"ל -

זאל מען וויסן אז דאס איז היפך פון די תפלות וואס אידן בעטן שוין דורי דורות בא דעם אויבערשטן דריי מאל א טאג - אז "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים", און "ולירושלים עירך ברחמים תשוב כו'"! און היפך פון תפלה יו"ט - "ומפני חטאינו גלינו מארצנו"!

וואס דאס זיינען תפלות וואס אנשי כנסת הגדולה האבן איינגעשטעלט אז אידן זאלן בעטן, און וואס אידן בעטן בפועל שוין טויזנטער יארן עד היום הזה!

איז דער וואס טענה'ט אז מ'דארף ניט האבן ארץ ישראל, און ער נוצט ביטויים שונים אויף דעם פס"ד הנ"ל פון דעם רמ"א - איז יהי לו אשר לו, און "אנחנו בשם ה' אלקינו נזכיר"[38],

און די וואס ווילן זיך מיט אים טענה'ן - זאלן אים זאגן אז ער זאל אדורכקוקן אין סידור אין שמו"ע פון ימי החול, און אין די תפלות פון שבת ויו"ט, און זעהן וואס אידן בעטן בכל יום!

- און -

---

35) ראה הגהת מנחם ציון לשוה"ב להחיד"א בערכו (אות נו). 36) בשלח יד, ח. 37) שו"ת שו"מ מהדורא חמישאה סח"י. 38) תהלים כ, ח.

און די אלע טענות זיינע מאכן נאר א בלבול, און ס׳איז ניט נוגע ניט צו תורה און ניט צו עבודה און ניט צו גמילות חסדים.

און מ׳דארף וויסן אז אין דעם פס"ד הרמ"א איז ניטא וואס צו דינגען זיך און איינזעצן פירושים און פשט׳לעך - ווארום דער פס"ד האט א טעם אז דאס איז "שמא ילכדו העיר ומשם תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם".

ויהי רצון אז ס׳זאל זיין דער "ובני ישראל יוצאים ביד רמה", ע"י משיח צדקנו, וואס ער וועט מבטל זיין אלע גוים און גאנץ גוי׳שקייט, און ער וועט ברענגען די אתחלתא דגאולה, און דערנאך די גאולה האמיתית והשלימה,

און עס וועט זיין "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות"[39], בקרוב ממש, ובשמחה וטוב לבב.

—— * ——

---

39) מיכה ז, טו.

בס"ד. שיחת ש"פ ויק"פ, מבה"ח ניסן, פ' החודש ה'תש"מ.

<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

א. דער ענין פון פרשת החודש, אזוי ווי אלע ענינים פון תומ"צ, גייט מן הקל אל הכבד, ד.ה. אז דער ענין הויבט זיך פריער אן ווי ער איז ע"ד הפשט, און דערנאך קומט מען צו דעם ענין ווי ער איז ע"ר הרמז, און ע"ד הדרוש, און ע"ד הסוד.

דאס איז נאכמער פארשטאנדיק עפ"ז וואס עס שטייט אין כתבי האריז"ל[1], אז די ד' אופני הלימוד, פשט, רמז, דרוש און סוד, זיינען כנגד די ד' עולמות, עשי', יצירה, בריאה און אצילות.

און אזוי ווי דער ענין שטייט אין עולם העשי', וואס דאס איז אין עולם הפשט און אין הלכה בפועל - אזוי ווערט ער אין די עולמות שלמעלה ממנו,

ווי מ'זאגט אז אפילו אין מחיבתא דקוב"ה אין עולם האצילות, איז "חברים מקשיבים לקולך השמיעני"[2] - זיי קומען הערן ווי דער פס"ד איז אפגעפסק'נט געווארן דא למטה, אין עולם העשי', און לפי זה ווייסן זיי ווי דאס דארף זיין למעלה, אין עולם האצילות.

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו פרשת החודש, אז פריער הויבט זיך אן ווי דאס איז ע"ד הפשט, אין עולם העשי', און דערפון ווערט דאס אין כל עולם ועולם לפי ענינו.

ב. דער ענין פון פרשת החודש איז, בפשטות - די פרשה אין וועלכע מ'לייענט וועגן ר"ח ניסן, "החודש הזה לכם וגו'"[3], און אין די ווייטערדיקע פסוקים - וועגן דעם קרבן פסח.

און דאס לייענט מען ווי די גמרא דערציילט אין סוף מסכת מגילה[4] (בנוגע צו אלע ד' פרשיות), אין דער "שבת רביעית", "שחל ר"ח ניסן להיות בתוכה", ד.ה. אין דעם שבת פאר ר"ח ניסן.

וואס דאס איז אויך מדגיש דעם ענין פון "מסמך גאולה לגאולה"[5] - ווארום מ'לייענט פרשה החודש, די פרשה פון ר"ח

- <u>ניסן</u> -

------------

1) ע"ח (הובא בנגיד ומצוה בתהלתו. נה"ש בהקדמה רחובות הנהר בסופה). מ"ח מס' היוב הנשכוה פ"א מ"ב. הובאו ונתבארו בלקו"ד כרך ד השעא, א. 2) שה"ש ח, יג. וראה שה"ר ופרש"י עה"פ. דב"ד פ"ב, יד. אגה"ק סכ"ו (קמד, ב ואילך). 3) בא יב, ב ואילך. 4) כט, סע"א במשנה. ל, ריש ע"ב בגמרא. 5) מגילה ו, סע"ב ובפרש"י

ניסן און קרבן פסח, נאך אין חודש אדר.

און דאס איז נאכמער מודגש אין דעם וואס אויך דעם ענין פון פ' החודש האט מען ארייינגעשטעלט אין מסכת מגילה, וואס האט במיוחד א שייכות מיט גאולת פורים,

ביז אז אויך פ' זכור, וואס קומט פאר גאולת פורים - האט מען אויך ארייינגעשטעלט אין מסכת מגילה.

און אע"פ אז "החודש הזה לכם" גייט בפשטות אויף ר"ח ניסן - לערנט מען אבער דערפון אויך אפ ווי צו מקדש זיין אלע חדשי השנה, ווי מ'טייטשט "החודש הזה לכם" - "כזה ראה וקדש"[6].

ועד"ז בנוגע צו שאר הפרשה וואס רעדט וועגן קרבן פסח, אז אע"פ וואס דאס איז בפשטות פארבונדן מיט י"ד בניסן - דארף אבער דער ענין פון זכירת יציאת מצרים זיין בכל השנה כולה בכל יום ויום, ביז צו פעמיים בכל יום[7].

ג. און לויט ווי דער ענין פון פרשת החודש איז בפשטות, אין עולם העשי', אזוי ווערט דאס בכל עולם ועולם לפי ענינו, ביז אין עולם האצילות לפי די ענינים ווי זיי זיינען אין עולם האצילות, עולם האחדות[8], וואס דארטן איז דא מערניט ווי אלקות.

און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת ד"ה קא מיפלגי במתיבתא דרקיע[9], אז אין עולם האצילות, וואס ער איז עולם האחדות, און דארטן איז דא מערניט ווי אלקות, איז ניט שייך א פלוגתא ווי דאס איז אין גשמיות העולם, נאר דארטן איז די פלוגתא אין די שמות און גימטריאות ווי זיי זיינען אין אלקות גופא

און די פלוגתא ווי זי איז אין עולם האצילות ווערט פון ווי די פלוגתא איז אין עולם העשי'.

ועד"ז בנוגע צו פרשת החודש, אז ווי דער ענין פון פ' החודש איז בפשטות, אזוי ווערט ער אין אלע ד' עולמות, ביז אין עולם האצילות, אין יעדן עולם לפי ענינו.

ד. ועד"ז קומט דאס דערנאך ארויס אין עבודת האדם, וואס דער אדם איז כלול פון אלע עולמות, ווי די גמרא[10] זאגט אז "כל אחד ואחד חייב לומר בשבילי נברא האדם", ווארום יעדער

- מענטש -

------------

6) ר"ה כ, א. פרש"י עה"פ. 7) רמב"ם הל' ק"ש פ"א ה"ג. שו"ע אדה"ז או"ח סס"ז ס"א. 8) תו"א בראשית ג, א. במדבר סז, א. 9) תזריע כב, סע"ב ואילך. 10) סנהדרין לז, סע"א במשנה.

מענטש איז אן "עולם מלא", ביז אז צוליב דעם וואס יעדער מענטש איז אן "עולם מלא" - ווערט דער מסובב אז אדה"ר איז באשאפן געווארן "יחידי" - "לפיכך נברא אדם יחידי".

וואס בשעת מ׳זאגט אז יעדער מענטש איז אן "עולם מלא", איז ניט מוכרח צו טייטשן "עולם" במובן המצומצם, אז דאס גייט נאר אויף עולם העשי׳,

נאר דאס מיינט אז ער איז כלול פון אלע ד׳ עולמות, ביז אז ער איז כלול פון גאנץ סדר ההשתלשלות, וואס בכללות טיילט זיך גאנץ סדר ההשתלשלות אין ד׳ דרגות, וואס זיי זיינען דא אין דעם מענטשן, ווארום "אתם קרויין אדם"[11], ע"ש אדמה לעליון[12] - ער איז בדומה צו דעם אדם העליון היושב על הכסא.

וכמבואר אין די הגה"ה אין תניא[13] ווי די ד׳ אותיות פון שם הוי׳ [מלשון מהווה[14]] זיינען דא אין דעם ציור גוף האדם: דער ראש איז כנגד דעם יו"ד פון שם הוי׳, וואס ער איז כנגד עולם האצילות, ביז צו דער ה׳ אחרונה כמבואר שם.

ביז אז אויך די נשמה פון דעם מענטשן [וואס די נשמה איז דער עיקר בא יעדער אידן און ביי אלע אידן, ווארום "עושים נשמתם עיקר"[15], און "ועמך כולם צדיקים"[16]] טיילט זיך אין פיר דרגות:

מוחין איז כנגד דעם יו"ד פון שם הוי׳, ווארום מוחין זיינען לעצמו, און דארפן איז ניט שייך קיין זולת, בדוגמא ווי דער יו"ד; דערנאך מוזן די מוחין אראפקומען אין א בכן, און פון דארטן אין די מדות שבלב, וואס דאס איז כנגד דער ה׳ ראשונה פון שם הוי׳, ביז אז דאס קומט אראפ אין די אנדערע כחות הנפש, וואס טיילן זיך אין נאך צוויי דרגות.

און דורך די פיר דרגות, און פיר עולמות וואס זיינען דא אין דעם מענטשן - איז ער עובד עבודתו פון "לשמש את קונו"[17], מאכן פון אלע דרגות אין וועלט א דירה לו יתברך בתחתונים.

ה. דער ענין פון "החודש הזה לכם" בפשטות איז - דער ענין פון מולד הלבנה, וואס דאס באשטייט אין דעם אז ביז א רגע פאר דעם מולד איז די לבנה געווען בהעלם והסתר לגמרי,

- און -

---

11) יבמות סא, רע"א. 12) של"ה כ, ב. שא, ב. ובכ"מ. 13) פ"מ הגה"ה הב׳. 14) ראה זח"ג רנז, ב. פרדס ש"א פ"ט. שעהיוה"א רפ"ד. 15) ראה תניא רפל"ב. 16) ישעי׳ ס, כא. 17) קידושין בסופה.

און דערנאך ווערט דער "החודש הזה לכם" - א חידוש, אז די לבנה ווערט נתחדש און איז מאיר פון-דאס-ניי.

ועפ"פ האמור לעיל איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד דער ענין פון "החודש הזה לכם" איז דער ענין פון א גילוי חדש וואס ווערט נאך דעם העלם והסהר אין דער לבנה הגשמית אין עולם העשי' - ווערט דערפון דער ענין פון "החודש הזה לכם" אין אלע עולמות, ביז אין עולם האצילות, ביז אין אלע דרגות וואו ס'איז שייך צו זאגן אז "חברים מקשיבים לקולך השמיעני", אז זיי קומען הערן ווי דער פס"ד איז אין ב"ד שלמטה, אין עולם העשי'.

וואס אין רוחניות און אין עולמות העליונים איז דער ענין פון "החודש הזה לכם" - אז פריער איז דא דער העלם והסתר אויף אלקות, און דערנאך ווערט דער מולד הלבנה, א גילוי אור חדש.

און אזוי ווי דאס איז אין גשמיות הלבנה, און אין עולמות רוחניים - עד"ז אגז דאס אויך אין דער עבודה רוחנית פון דעם מענטשן (וואס ער איז כלול פון די עולמות כנ"ל):

ס'איז דאך "ישראל דומין ללבנה"[18] און דערפאר ווערט יעקב אנגערופן "יעקב[19] הקטן", און עד"ז דוד - "דוד[20] הקטן"[21], וואס דערפאר איז פונקט ווי אין דער לבנה איז א רגע פאר דעם מולד דא א העלם והסתר, און דערנאך ווערט זי נתחדש פון-דאס-ניי - עד"ז איז דאס אין דער עבודה פון א אידן:

נאך דעם וואס א איד האט עובד געווען עבודתו במשך החודש, וואס זיכער האט ער דאס געטאן בשלימות, ווארום יעדער איד איז דאך בחזקת כשהות[22], וואס דער ענין פון חזקת כשרות איז א יסוד מוסר אין תורה, ביז אין הלכה בפועל[23] - האט ער דאך זיכער געטאן עבודתו באופן הכי כשר -

אעפ"כ זאגט מען אים אז עס דארף זיין "מעלין בקודש"[24]: ווען דער חודש ענדיקט זיך דארף ער אנהויבן אין דעם נייעם חודש אן עבודה <u>חדשה</u> לגמרי, ביז אז לגבי דער עבודה חדשה - איז די פריערדיקע עבודה וואס איז געווען בשלימות דעמולט - אין א דרגא פון העלם והסתר לגמרי ביז אז ס'איז ניטא אפילו א נקודה פון אור.

- און -

------------

18) ראה סוכה כט, א. ב"ר פ"ו, ג. 19) ראה עמוס ז, ב. ה. 20) ראה ש"א יז, יד. 21) חולין ס, ב. 22) רמב"ם הל' קדה"ח פ"ב ה"ב. 23) ראה אנציקלופדי' תלמודית ע' חזקת כשרות. וש"נ. 24) ברכות כח, א. וש"נ.

און דא איז ניט מספיק סתם "מעלין בקודש", וואס דאס קען דאך זיין אין אן אופן אז ער גיט צו א משהו לגבי דער עבודה וואו ער האט געהאלטן פריער, און ער איז מעלה בקודש אן א זריזות וכו׳ - נאר עס דארף זיין אין אן אופן פון "החודש הזה לכם" - אז עס ווערט א נייער חודש לגמרי, ד.ה. אן עבודה חדשה לגמרי לגבי דער עבודה אין דעם חודש שלפנ"ז.

ווארום אע"פ אז פריער האט ער עובד געווען עבודתו בשלימות, וויבאלד אבער אז ער האלט ביי א נייעם חודש - איז דאס מיט א נייעם פארנעם, און מיט א נייעם שטורעם, און דערפאר דארף זיין עבודה זיין באופן אחר לגמרי.

ו. די הדגשה בזה איז נאכמער פארשטאנדיק דערפון וואס יעדער חודש טיילט זיך בכללות אויף צוויי: דעם ערשטן האלבן חודש, ביז יום ט"ו שבו, איז די לבנה הולכת ומתגדלת, און דעם צווייטן האלבן חודש, איז די לבנה הולכת ומתמעטת:

וויבאלד אז דער איד האט זיכער עובד געווען עבודתו במשך החודש שלפנ"ז בשלימות, איז דאס זיכער געווען אין אן אופן פון "מעלין בקודש", אז בכל יום ויום פון דעם חודש איז ביי אים געווען א העכערער אופן אין עבודה,

ד.ה. אז סיי אין דעם ערשטן האלבן חודש ווען די לבנה איז מאיר, וואס אין רוחניות איז דאס - אז ס׳איז דא גילוי אלקות אין וועלט - איז בכל יום איז ער מעלה בקודש בעבודתו,

און אפילו אין דעם צווייטן האלבן חודש - ווען אידישקייט און ג-טלעכקייט זיינען ניט מאיר בגלוי אין וועלט, און יעדער טאג ווערט ווייניקער אור אין וועלט - אעפ"כ איז בא דעם אידן ניכר אין זיין עבודה נאר אור און ג-טלעכקייט, ביז אז ער איז מעלה בקודש בכל יום.

און לאחר כל זה זאגט מען, אז ווען עס ענדיקט זיך דער חודש - איז וויבאלד אז ער איז דומה ללבנה, דארף ער ערשט אנהויבן עבודתו אין אן אופן חדש לגמרי, ביז אז לגבי דער נייער עבודה איז די גאנצע עבודה וואס איז געווען אין דעם ערשטן און צווייטן האלבן חודש שלפנ"ז, ביז צו דעם לעצטן טאג אין חודש, וואס דעמולט איז געווען די עבודה אויף דעם העכסטן אופן - איז דאס אלץ אין אן אופן פון העלם והסתר.

ז. די הדגשה אין דער עבודה חדשה פון א נייעם חודש - איז נאכמער, עפ"ז וואס די עבודה אין חודש ניסן קומט נאך דער עבודה פון חודש אדר:

די גמרא[25] זאגט אז "בר ישראל דאיה לי׳ דינא בהדי נכרי" -

---

25) תענית כט, ריש ע"ב.

נכרי", זאל ער דאס אריינציען אין חודש אדר,

וואס "דינא בהדי נכרי" איז כולל אויך די מלחמה מיטן "א-ל זר אשר בקרבך"[26], וואס בכל החדשים איז דאך "ולאום מלאום יאמץ"[27], קען מען דאך ניט וויסן ווער וועט מנצח זיין, משא"כ אין חודש אדר איז מען פארזיכערט אז מ'וועט מנצח זיין דעם יצה"ר.

ביז אז גאנץ חודש אדר איז "החודש אשר נהפך להם"[28] – אז אלע ענינים בלתי רצויים זיינען נתהפך געווארן לטוב, וואס דאס איז, אין עבודה, ניט נאר עבודת האתכפיא, נאר עבודת אתהפכא.

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק וואס פאר א דרגא אין עבודה איז געווען אין חודש אדר –

און אעפ"כ זאגט מען אז ווען עס קומט דער חודש שלאח"ז, חודש ניסן – ווערט די עבודה אין א נייעם אופן לגמרי, ביז אין אן אופן פון באין ערוך, ביז אז די עבודה פון חודש אדר איז א העלם והסתר לגבי דער עבודה פון חודש ניסן.

וואס בכללות איז די נייע עבודה וואס דארף זיין אין דעם נייעם חודש – ע"ד ווי מ'זאגט אז אין לימוד התורה דארף זיין "בכל יום יהיו בעיניך חדשים"[29],

און וויבאלד אז תורה איז מלשון הוראה[30], און "תורה אור"[31], תורה דארף באלייכטן די גאנצע וועלט – איז אזוי ווי תורה דארף זיין אין אן אופן פון "חדשים", אזוי אויך דארפן אלע ענינים אין עבודה מיט וועלט זיין אין אן אופן פון "חדשים", און ניט נאר א הוספה לגבי ווי ס'איז געווען פריער.

ח. אין יעדער ענין וויל מען דאך האבן א גילוי (עכ"פ א רמז) פון נגלה דתורה:

מ'האט גערעדט אין א פריערדיקער התוועדות[32] וועגן א גמרא תמוה[33], אז ר' זירא "כי סליק לארעא דישראל יתיב מאה (מ'[34]) תעניתא דלשתכח גמרא בבלאה מיני' כי היכא דלא

– נטרדי'" –

---

26) ראה שבת קה, ב. 27) תולדות כה, כג. וראה פרש"י עה"פ. וראה תניא פ"ט (יג, סע"ב ואילך). ועוד. 28) אסתר ט, כב. וראה ירושלמי ריש מס' מגילה. רמ"א או"ח סו"ס תרפח. 29) פרש"י עה"פ תבוא כו, טז. וראה ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן ו, ו. שו"ע אדה"ז או"ח סס"א ס"ב. 30) זח"ג נג, ב. 31) משלי ו, כג. 32) שיחת ש"פ תרומה. 33) ב"מ פה, א. 34) גי' הרש"ל שם.

נטרדי'" און ער זאל קענען לערנען תלמוד ירושלמי.

איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק (און קיינער שטעלט זיך ניט אויף דעם אע"פ וואס דאס איז א גמרא, און דאס ברענגט זיך בכמה מקומות אין חסידות):

ס'איז א בפירוש'ער לאו אין תורה [35] "השמר לך ושמור נפשך מאד פן תשכח גו'", אז מ'טאר ניט פארגעסן אפילו איין זאך אין תורה, ווי דער אלטער רבי איז מאריך אין הלכות תלמוד תורה שלו[36],

ביז אז עס קען גאר זיין א הו"א אז איינער וואס איז א שכחן בטבעו, אדער ער פארגעסט "מחמת אונסו" זאל עב ניט לערנען תורה טאמער ער וועט דאס פארגעסן און ער וועט עובר זיין אויף דעם לאו, און דער אלטער רבי דארף אים דארטן מנחם זיין - אז ער איז ניט עובר אויפן לאו וכו' -

איז ווי קען מען זאגן אז ר' זירא האט ניט נאר געוואלט פארגעסן תלמוד בבלי, נאר ער האט זיך <u>משתדל</u> געווען און געמאכט א פעולה אז ער זאל פארגעסן תלמוד בבלי?!

ונוסף לזה:

דער אלטער רבי פסק'נט אין הלכות נזקי גוף ונפש [37] אז "אין לאדם רשות על גופו כלל . . ולא לצערו בשום צער" ("לפי שאין נפשו של אדם קניינו אלא קנין הקב"ה"[38]), און דערפאר טאר ער ניט פאסטן וכיו"ב, ועד"ז זאגט דער אלטער רבי אין אגה"ת[39].

דער איינציקער אויסנאם ווען מ'מעג פייניקן דעם גוף איז - ווען דורך דערויף וועט צוקומען א תועלת צו דעם גוף, ווארום דעמולט איז דער תועלת פון דעם צער - פאר דעם גוף אליין, ביז אז ס'איז כדאי דער צער פון דעם גוף צוליב דעם עילוי וואס וועט דערנאך צוקומען אין דעם גוף.

עפ"ז איז ניט פארשטאנדיק בנוגע צו ר' זירא:

ווי האט ר' זירא געמעגט פאסטן און מצער זיין גופו צוליב פארגעסן די תורה, וואס וויבאלד אז פארגעסן די תורה איז א דין ברור אז דאס איז א לאו מן התורה - איז דאך זיכער ניטא קיין תועלת אין דעם, איז ווי האט ער געמעגט פאסטן צוליב פארגעסן תלמוד בבלי?!

מ'קען ניט זאגן אז ר' זירא האט געפאסט צוליב דעם

- וואס -

---

35) ואתחנן ד, ט. 36) פ"ב ס"ד ואילך. 37) ס"ד. 38) רדב"ז לרמב"ם הל' סנהדרין פי"ח סוף ה"ו. וראה גם רמב"ם הל' רוצח ושמירת נפש פ"א ה"ד. 39) פ"ג.

וואס דורך דערויף וועט ביי אים צוקומען אן עילוי אין לימוד התורה, אז ער וועט לערנען תלמוד ירושלמי - ווארום:

אין יעדער ענין פון תורה, ובפרט אין לימוד התורה דארף מען האבן א סייעתא דשמיא, און תפלות מיוחדות וכו׳ - איז בשעת ר׳ זירא האט געפאסט אויף פארגעסן תלמוד בבלי, בכדי ער זאל קענען לערנען תלמוד ירושלמי, איז געווען א ספק צי ער וועט בכלל מצליח זיין, ובפרט מצליח זיין אין אן אופן אז דער לימוד התורה אין תלמוד ירושלמי וועט ביי אים זיין אויף א העכערן אופן ווי זיין לימוד ההורה אין תלמוד בבלי,

ובפרט בנוגע צו דעם לימוד התורה אין תלמוד בבלי פון ר׳ זירא, וואס ער איז דאך שוין געווען א גדול בתורה נאך איידער ער איז געקומען קיין ארץ ישראל, כמובן פון כמה מקומות אין ש"ס און מרחז"ל זיין גודל העילוי צווישן אמוראים, און ער איז געווען א "חריף"[40], און א ראש ישיבה - איז דאך א ספק גדול צי ער וועט צוקומען צו א העכערן אופן הלימוד אין תלמוד ירושלמי,

ר.ה. אז ס׳איז א ספק גדול צי ר׳ זירא וואלט בכלל געהאט א תועלת דערפון וואס ער האט געפאסט - איז ווי האט ער געקענט איינשטעלן אז ער זאל עובר זיין סיי אויף דעם וואס מ׳טאר ניט פייניקן דעם אייגענעם גוף, און סיי אויף דעם לאו פון "השמר לך גו׳ פן תשכח" - צוליב א ספק אפשר וועט ביי אים צוקומען אן עילוי אין לימוד התורה פון תלמוד ירושלמי?!

ט. איז דער ביאור אין דעם, ע"ד ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין דער הקדמה צו שעהיוה"א[41] אויפן פסוק[42] "שבע יפול צדיק וקם",

אז בשעת מ׳גייט פון איין מדריגה צו א העכערע מדריגה איז "טרם שיגיע למדריגה עליונה ממנה הוא בבחי׳ נפילה ממדריג׳ הראשונה", "ואינה נקראת נפילה אלא לגבי מדריגתו הראשונה ולא לגבי שאר כל אדם ח"ו".

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו ר׳ זירא:

וויבאלד אז ער האט געוואלט נתעלה ווערן אין לימוד התורה פון תלמוד בבלי צו תלמוד ירושלמי - האט ער געדארפט האבן דעם ענין הנפילה און שבחה צווישן די נידעריקע דרגא

- און -

---

40) הוריות בסופה. 41) עו, א. 42) משלי כד, טז.

און די העכערע דרגא, וואס דערפאר האט ער געפאסט, וואס דער ענין התענית בפשטות איז סותר צו לימוד התורה כדבעי, ביז אז דאס פועל׳ט אן ענין פון שכחה, אבער דאס איז נאר אן ענין פון שכחה און נפילה לגבי מדריגתו, משא"כ לגבי אנדערע מענטשן, און לגבי שאר העבודה שלו איז דאס ניט קיין ענין פון שכחה און נפילה.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו לימוד התורה פון כאו"א:

לימוד התורה מוז זיין אין אן אופן פון "בכל יום יהיו בעיניך חדשים", וואס דערפאר איז צווישן דעם לימוד התורה פון איין טאג מיטן לימוד התורה אין דעם קומענדיקן טאג דארף זיין אן ענין פון ביטול און נפילה לגבי דער דרגא וואו ער האט געהאלטן ביז איצטער, וואס דאס פועל׳ט אז דערנאך זאל ער קענען נתעלה ווערן אז זיין לימוד התורה זאל זיין אין אן אופן פון "חדשים" אין דעם קומענדיקן טאג.

י. ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דער עבודה וואס דארף זיין ווען עס קומט א נייער חודש:

וויבאלד אז ווען עס קומט א נייער חודש דארף די עבודה פון א אידן זיין אין אן אופן חדש לגמרי, כנ"ל באריכה - דערפאר איז דא דער ענין הביטול צווישן איין חודש מיטן צווייטן חודש,

ווי מ׳זעט דאס בא די לבנה בגשמיות, אז צווישן איין חודש מיטן צווייטן, ווערט די לבנה נתעלם לגמרי, ביז אז די לבנה ווערט אין אן אופן פון "לית לה כלום", וואס דאס איז נאך מער פאר "לית לה מגרמה כלום"[43], ווארום די לבנה איז "לית לה מגרמה כלום" במשך כל החודש, משא"כ דער ענין פון "לית לה כלום" איז בשעת די לבנה איז <u>בכלל</u> ניט מאיר בעולם.

און וויבאלד אז א איד איז "דומה ללבנה", ווערט ביי אים אויך בעבודתו א ביטול און א העלם והסתר פאר דערויף וואס ער הויבט אן עבודתו אין דעם נייעם חודש, ד.ה. אז זיין גאנצע עבודה פון דעם חודש שלפנ"ז (אע"פ וואס דאס איז געווען בשלימות) איז אזוי ווי א העלם והסתר לגבי די עבודה חדשה פון דעם נייעם חודש, כנ"ל.

און דוקא דורך דעם ביטול פון דער עבודה אין דעם חודש שלפנ"ז - קומט ער צו דער העכערער עבודה אין תומ"צ אין דעם נייעם חודש.

- ביז -

------------

43) ראה זח"א לג, ב. רמט, ב. ובכ"מ.

ביז אז ער קומט צו נאך א העכערער דרגא אין ביטול ווי ביי אים איז געווען פריער,

און ווי עס שטייט[44] "ויצונו ה' לעשות את כל החקים האלה ליראה את ה' אלקינו", ד.ה. אז ס'איז דא נאך א העכערע דרגא אין ביטול - ווי דער ביטול וואס קומט דורך לימוד התורה און קיום המצוות אליין, און די כוונה איז, אז פון דעם לימוד התורה און קיום המצוות זאל מען צוקומען צו דעם העכערן ביטול - "ליראה את ה' אלקינו".

[וואס ס'איז דאך דא די וואס תואנה הם מבקשים, און מ'פרעגט וואו איז דער מקור אין נגלה אויף אזא זאך אז יראה און ביטול זיינען העכער פאר לימוד התורה - איז דאס א בפירוש'ע גמרא:

די גמרא אין שבת[45] זאגט אז תורה איז "תרעא לדרתא", וואס "תרעא" איז דער טייטש א שער, ד.ה. ס'איז פאראן א דרגא אין יראה וואס לגבי איר איז תורה א שער, ווי עס ווערט נתבאר אין חסידות[46].

וואס דער ענין פון א שער בפשטות איז, אז ער איז ניט קיין חלק פון דעם בית אדער פון דעם חצר - ער באשיצט נאר פון ענינים מבחוץ פון דעם שער,

ועד"ז איז פארשטאנדיק אז די דירה (די "דרתא") אין וועלכע מ'לעבט, וואס געפינט זיך בפנים השער - איז ניט אין כותלי הבנין, נאר בתוך הכתלים.

וואס דערפון קומט אויס, אז דער שער איז אינגאנצן מחוץ פון דעם בנין אין וועלכן מ'לעבט, און אעפ"כ זאגט מען אז לגבי די דרגא גבוה אין יראה, ווערט די תורה אנגערופן "תרעא לדרתא"].

יא. כל האמור לעיל איז דער ענין פון קידוש החודש, און "החודש הזה לכם" וואס איז דא אין עבודת האדם בכל חודש וחודש.

דער צ"צ איז אבער מבאר[47] אז דער אמיתית הענין פון "החודש הזה לכם" איז פארבונדן מיט חודש ניסן דוקא, ווארום דאס איז דער חודש הגאולה[48], וואס די עבודה דעמולט איז אין אן אופן פון דילוג.

און וויבאלד אז חודש ניסן איז "החודש הזה לכם ראש

- חדשים -

------------

44) ואתחנן ו, כד. 45) לא, ריש ע"ב. וכ"ה ביומא עב, ב. וראה בפרש"י יומא שם. 46) תניא ספכ"ג. ובכ"מ. 47) באוה"ת בא ס"ע רנא ואילך. 48) שמו"ר פט"ו, יא.

חדשים ראשון הוא לכם לחדשי השנה" - איז פארשטאנדיק, אז דער נתינת כח צו דער עבודה אין כל חדשי השנה קומט פון חודש ניסן. והביאור בזה:

די עבודה פון חודש ניסן וואס איז אין אן אופן פון דילוג באווייזט אויף אמיתית ענין החידוש,

ווארום עס קען זיין אז אין עבודה זאל מען טאקע נתעלה ווערן, אבער אלץ אין אן אופן פון הליכה, אז די העכערע דרגא האט א שייכות מיט די נידעריקע דרגא, וואס דאס איז ניט אין אן אופן פון באין ערוך לגמרי; משא"כ ווען ער ווערט נתעלה בעבודתו אין אן אופן פון דילוג, איז דאס באין ערוך לגמרי, ביז אז די גאנצע עבודה שלפנ"ז ווערט נחשב ווי גארניט לגבי די דרגא אין עבודה.

וואס דערפאר גיט חודש ניסן א נתינת כח בכל חדשי השנה אז יעדער חודש זאל זיין אן עבודה אין אן אופן חדש לגמרי, ביז מ׳זאגט אז אע"פ וואס ער האט געמאכט א דירה בתחתונים אין דעם חודש שלפנ"ז, איז ווי קען לכאורה זיין א העכערע זאך פאר דעם - אעפ"כ זאגט מען, אז בשעת עס קומט א נייער חודש דארף ער עובד זיין עבודתו אין א נייעם אופן לגמרי!

יב. האמור לעיל איז בנוגע צו די ערשטע צוויי פסוקים אין פרשת החודש (וואס רעדן וועגן "החודש הזה לכם");

דערנאך קומט דאך אבער רוב הפרשה,

[וואס וויבאלד אז דאס איז רוב הפרשה איז פארשטאנדיק אז דאס איז עיקר הפרשה - ווי ס׳איז שייך זאגן עיקר אין תורה, ובפרט ע"פ פשס"מ איז דאך זיכער דער רוב פון א פרשה דער עיקר הפרשה],

וואס אין רוב פון פרשת החודש רעדט זיך וועגן דעם קרבן פסח, כנ"ל (ס"ב), און די ערשטע פסוקים זיינען (בפשטות) נאר א הקדמה והכנה צו דעם ענין פון קרבן פסח.

וואס דער ענין פון קרבן פסח איז אויך מדגיש דעם ענין הדילוג, כמובן בפשטות דערפון וואס פסח איז מלשון "ופסחתי" - "לשון דילוג וקפיצה"[49].

און וויבאלד אז בשעת מ׳ברענגט א קרבן אין אן אופן כדבעי דארף מען זיך מצייר זיין ווי אלע ענינים וואס מ׳טוט מיט דעם קרבן טרעפן מיט דעם מענטשן פאר וועמען דער

- קרבן -

---

49) בא יב, יג ובפרש"י. וראה גם פרש"י עה"פ שם, יא.

קרבן ווערט געבראכט[50], און ווי דער אלטער רבי טייטשט אין לקו"ת[51] אז "אדם כי יקריב"[52] איז "מכם" -

איז עד"ז פארשטאנדיק בנוגע צו דעם קרבן פסח, אז דורך דעם וואס מ'איז זיך מצייר אלע ענינים פון דעם קרבן פסח, וואס דאס איז דער ענין פון דילוג - איז דעמולט קומט ארויס אויך אין עבודת האדם דער ענין פון "ופסחתי" (דילוג).

וואס דאס איז נאכמער מדגיש ווי פרשת החודש גיט א נתינת כח צו אלע חדשי השנה, אז די עבודה זאל זיין אין אן אופן פון חידוש לגמרי לגבי דער עבודה פון דעם חודש שלפנ"ז.

יג. ע"פ כל האמור לעיל איז פארשטאנדיק די הוראה וואס מ'דארף ארויסנעמען פון פרשת החודש.

וואס אע"פ אז די פרשה לייענט מען פעם אחת בשנה, אזוי ווי די אלע אנדערע ג' פרשיות - איז אבער אזוי ווי פון פ' שקלים נעמט מען ארויס די קרבנות ציבור פון כל השנה, ועד"ז פון פ' זכור נעמט מען ארויס דעם ענין הזכירה על כל השנה, ועד"ז פון פ' פרה נעמט מען ארויס דעם ענין התשובה[53] על כל השנה - עד"ז נעמט מען ארויס פון פ' החודש דעם ענין אז די עבודה דארף זיין אין אן אופן פון חידוש על כל השנה.

די הוראה בפשטות איז:

בשעת איינער טענה'ט אז ער טוט אין תומ"צ, און ער טוט ווי מ'דארף טאן, ביז וואנעט אז ער האלט אז ער איז א תלמיד חכם, וואס אע"פ אז אין שו"ע[54] שטייט אז בזמן הזה איז ניט שייך דער אמיתית מציאות פון א ת"ח - האלט ער אבער אז ער איז א יוצא מן הכלל, און וויבאלד אז ער איז אויך פון דער כת הענוים, דערפאר זאגט ער ניט אין גאס אז ער איז א ת"ח, נאר ער טראכט דאס בא זיך אליין,

וידע אינש בנפשי' אז מזמן לזמן איז דא אזעלכע מחשבות בא יעדערן,

ובמילא טראכט ער אז וויבאלד ער איז א ת"ח - איז וואס דארף ער זיך היילן, ער קען גיין צעד אחר צעד, און צו ביסלעך וכו'.

זאגט מען אים, אז עס דארף זיין "החודש הזה לכם": די - עבודה -

---

50) רמב"ן עה"פ ויקרא א, ט. 51) ויקרא ב, ג ואילך. 52) ויקרא שם, ב. 53) ראה לקו"ת חקת סא, ריש ע"ד. אוה"ת חקת ריש ע' תשסב. ועוד. 54) ראה טושו"ע (ואדה"ז) סו"ס קו.

עבודה דארף זיין אין אן אופן פון "בכל יום יהיו בעיניך חדשים", ביז אז די עבודה היינט דארף זיין באי"ע לגמרי לגבי דער נעכטיקער עבודה, ועד"ז מארגן ועד"ז איבערמארגן.

און בשעת עס קומט צו חודש ניסן - דארף מען טאן אין דעם ענין שהזמ"ג, "מבצע פסח", באופן חדש לגמרי, ובפרט פון ר"ח ניסן, וואס דעמולט איז אויך לדעת רשב"ג[55] האט משה מזהיר געווען די אידן אז מ׳זאל לערנען הלכות החג.

און "מבצע פסח" איז כולל אין זיך אלע מבצעים, און אלע מבצעים זיינען כולל אין זיך גאנץ תומ"צ,

ועאכו"כ אז די מבצעים זיינען כולל אין זיך פנימיות התורה - וואס דאס איז אויך אן ענין שהזמ"ג, ווארום דער איצטיקער גלות איז בעיקר צוליב דעם ענין פון פנימיות התורה[56], משא"כ בנוגע צו נגלה דתורה איז בעיקר געווען דער גלות מצרים, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תו"א ר"פ שמות.

יד. און דורך דעם וואס אידן לייענען און לערנען פ׳ החודש אין תורה, נעמען זיי דערפון ארוים ווי צו זיך פירן אין וועלט, ווארום ס׳איז "אסתכל באורייתא וברא עלמא"[57], און וויבאלד אז "צדיקים דומין לבוראן"[58], "ועמך כולם צדיקים" - דערפאר זיינען זיי אויך עובד עבודתם אין אן אופן אז פריער קוקט מען אין תורה, און דערנאך טוט מען דאס אויף אין וועלט.

און דורך דערויף וואס אידן זיינען עובד עבודתם בשלימות, איז די אתעדל"ת מעורר די אתעדל"ע פון דעם אויבערשטן, און ער ברענגט די גאולה האמיתית והשלימה אין אן אופן פון זריזות,

וכמדובר כמ"פ, אז אע"פ וואס אויף לע"ל שטייט[59] "לא בחפזון תצאו ובמנוסה לא תלכון" - איז דאס נאך די גאולה האמיתית והשלימה, אבער פאר דערויף וועט זיין אין אן אופן פון זריזות, און "בעתה אחישנה"[60],

ביז אין אן אופן פון "חטוף ואכול חטוף ושתי"[61], ובפרט ע"פ תורת כ"ק אדמו"ר נ"ע אין דעם, ובפרט אז כ"ק

- מו"ח -

---

55) פסחים ו, סע"א. 56) ראה הקדמת הרח"ו לשער ההקדמות (נדפסה גם בקונטרס עה"ח ע׳ 61 ואילך). 57) זח"ב קסא, ריש ע"ב. 58) ב"ר פס"ז, ח. ועוד. 59) ישעי׳ נב, יב. 60) שם ס, כב. וראה סנהדרין צח, א. וראה שערי אורה ד"ה יביאו לבוש מלכות פצ"ד. 61) עירובין נד, א.

מו"ח אדמו"ר האט דאס אפגעדרוקט אין דעם מבוא צום קונטרס ומעין[62].

און "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות"[63], בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו,

בעגלא דידן, און אין אן אופן פון זריזות, בקרוב ממש.

* * *

טו. האמור לעיל איז שייך צו שבת פ' החודש בכל שנה ושנה.

דערנאך קומט צו א הוראה מיוחדת וואס מ'לערנט אפ פון דער קביעות מיוחדת פון שנה זו,

וואס דאס באשטייט פון צוויי ענינים: א) וואס איז די פ' השבוע פון שבת פ' החודש, און ב) אין וועלכן יום בחודש שבת פ' החודש קומט אויס.

וואס בקביעות שנה זו איז די פ' השבוע פון שבת פ' החודש – פ' ויקהל-פקודי, וואס בשעת מ'זאגט אז דאס איז פ' ויק"פ איז ניט דער פירוש אז אין דעם שבת לייענט מען צוויי באזונדערע סדרות, פ' ויקהל און פ' פקודי – נאר דאס איז ווי פ' ויקהל און פ' פקודי ווערן איין סדרה.

ובפרט אז בא אונז פירט מען זיך ניט ווי מנהג חימן ובכ"מ אז ווען צוויי פרשיות זיינען מחוברות, לייענט מען פיר קרואים אין פ' ויקהל, און דריי קרואים אין פ' פקודי – נאר מ'פירט זיך אז רביעי איז מחבר פ' ויקהל מיט פ' פקודי, און די ברכות לפני' ולאחרי' ווערן געמאכט אויף פסוקים פון ביידע סדרות צוזאמען[64].

וואס דאס איז נאכמער מדגיש ווי די צוויי פרשיות (ויקהל און פקודי) זיינען בשנה זו איין פרשה – כאטש אז בכמה שנים זיינען זיי צוויי באזונדערע פרשיות, יעדער איינע מיט אירע ענינים.

וואס דאס איז בדוגמא ווי ספירת התפארת, וואס האט אין זיך ענינים פון חסד און ענינים פון גבורה, און דערנאך איז ספירת התפארת אויך א ספירה בפ"ע – עד"ז בנוגע צו פ' ויק"פ, אז ס'איז דא דער ענין פון פ' ויקהל בפ"ע און פ' פקודי בפ"ע, און בקביעות שנה זו ווערן זיי איין פרשה – פרשת ויק"פ.

און דערפון דארף זיין א הוראה לכאו"א, וכדלקמן (סי"ח ואילך).

- טז. -

---

62) ע' 22. 63) מיכה ז, טו. 64) ראה לקו"ש מטו"מ תשל"ח ס"ג ובהנסמן שם בהע' 24-25.

טז. דער צווייטער ענין אין שבת פ׳ החודש בקביעות שנה זו איז - אז דאס איז כ"ז אדר.

וואס בכדי אז שבת פ׳ החודש זאל אויסקומען כ"ז אדר, דארף ר"ח ניסן זיין ביום ג׳ בשבוע, ווארום וויבאלד אז אדר (הסמוך לניסן) איז לעולם חסר, ווי דער אלטער רבי שרייבט בסידורו[65] - קומט דאך אוים אז ווען ר"ח ניסן איז חל ביום ג׳ איז יום ב׳ כ"ט אדר, און יום א׳ איז כ"ח (כח) אדר, און יום השבת איז כ"ז אדר.

מאמר המוסגר:

דאס וואס דער אלטער רבי האט אריינגעשטעלט בסידורו* אז אדר איז לעולם חסר, ועד"ז שאר קביעות החדשים - איז א דבר פלא, און קיינער שטעלט זיך ניט אויף דערויף:

דער סידור פון דעם אלטן רבי׳ן איז א "סדר תפלות מכל השנה", ווי עס שטייט אין שער-בלאט פון דעם סידור (און מסתמא אויך אין דעם סידור שנדפס בחיי כ"ק אדה"ז), וואס דער סידור איז א רבר השוה לכל נפש,

און ס׳איז דאך ידוע דער תכלית הדיוק פון דעם אלטן רבי׳ן ווען ער האט געשריבן סידורו[66], ווי מ׳זעט אז כו"כ ענינים וואס זיינען ניט ענינים פון תפלות מכל השנה ברענגט ער ניט -

איז ווי פאסט אריין אין דעם סידור דער ענין פון קביעות החדשים, וואס שטייט אין טור ושו"ע גאר אין הלכות קידוש החודש?!

די קשיא ווערט נאך שטארקער:

- דעם -

---

*) הסידורים שהדפיס כ"ק אדמו"ר הזקן (שקלאב תקס"ג, וב"פ בקאפוסט, כמ"ש בהקדמת שער הכולל) - אינם תח"י.

בסידור עס דא"ח (תקע"ו ואילך) אין קטע זה. הסידור שהדפיס הר"י יפה בשנת תקפ"ב, והוסיף בו כמה דברים (בנראה מהסכמת מהרי"ל שם. וראה בית רבי פד, ב) - גם הוא איננו תח"י; אבל הסידור תורה אור שהדפיס הרא"ד לאוואוט (תרמ"ז ואילך) הוא העתק סידור זה, ובו נדפס קטע זה. וא"כ נראה לכאורה, שגם קטע זה נוסף ע"י הר"י יפה.

אבל להעיר ועיקר: הקפיד כ"ק אדמו"ר (מוהרש"ב) נ"ע על השינויים בסי׳ תורה אור (דלב, סע"א. ובסידור עם דא"ח (קה"ה, תשכ"ה) שכ, ד) - ומנה כו"כ בהם וזה לא הזכיר כלל. ואין לומר שנכלל ב"וכדומה" - כי איננו דומה להנ"ל כלל.

---

65) לפני ברכת החודש. 66) ראה בית רבי ח"א פכ"ז (פד, א בשוה"ג).

דעם אלטן רבי׳נס סידור איז דאך געבונדן מיטן סידור האריז"ל[67], וכמובן אויך בפשטות דערפון וואס דעם אלטן רבי׳נס סידור איז מיוסד ע"פ נוסח האריז"ל,

און עס זיינען אויך דא אין דעם סידור פירושים פון דעם אריז"ל, און פון דעם בעש"ט מיטן מגיד, ביז פון דער נשמה חדשה, וואס דאס איז דער אלטער רבי[68] -

איז וויבאלד אז ער איז געבונדן מיטן סידור האריז"ל - ווערט די שאלה: פארוואס האט ער אריינגעשטעלט די קביעות החדשים אין דעם סידור התפלה שלו, בשעת עס איז ניטא אין סידור האריז"ל?

יז. די כוונה פון מעורר זיין דעם דבר פלא אין דעם אלטן רבי׳נס סידור, ועד"ז דאס וואס מ׳האט מעורר געווען אין דער פריערדיקער התוועדות[69] אין דעם אלטן רבי׳נס שו"ע סקנ"ו, ועד"ז די אלע ענינים הדודשים ביאור וואס מ׳איז מעורר אין די התוועדויות, און מ׳גיט ניט קיין ביאור אין דעם בשעת מעשה -

איז א) בפשטות - ווייל מ׳האט דערווייל אליין ניט קיין ביאור אין דעם, ב) ועיקר: בכדי צו מעורר זיין בא דעם רבים דעם דבר פלא, אז מ׳זאל זיך קאכן אין דעם, און מ׳זאל זיך מייגע זיין אין דעם ענין כל אחד לפי כחו,

וואס מערער פאר דערויף מאנט מען ניט, און נאך דעם וואס מ׳וועט דאס אפטאן - וועט מען ערשט דעמולט מתפלל זיין און בעטן אז מ׳זאל נאכמערער טאן.

און די כוונה איז ניט אז מ׳זאל מיר שרייבן בריוולעך מיט א ביאור וואס מ׳קען זאגן אין דעם ענין, און אז איך זאל זעהן צי דער ביאור איז מתאים צי ניט, און געבן מיין הסכמה אויף דעם וכו׳ -

נאר די כוונה איז - אז אזוי ווי עס זיינען דאך דא פארשידענע קובצים וואס קומען ארויס (אויף א "סטענסיל", אדער באותיות דפוס (ניט אום שבת גערעדט)), סיי פון דאנעט, סיי פון עיירות הסמוכות, און סיי פון מדינות אחרות, ביז פון אה"ק - זאל מען אריינשיקן די סברא וואס מ׳האט אין דעם ענין צו די קובצים, און נאך דעם וואס די מערכת וועט בוחן זיין צי דאס איז ראוי לדפוס - וועט מען דאס אפדרוקן, וועט דאס במילא זיין א תועלת און א שקו"ט ברבים,

ביז אז אזוינע וואס האבן ביז דעמולט ניט געהערט וועגן דעם ענין וועלן דאס אויך זעהן, און במילא וועלן זיי זיך אויך משתתף זיין אין דער שקו"ט.

- און -

---

67) ראה שער הכולל בהקדמה. 68) סה"ש תש"ה ע׳ 127 ואילך. ובכ"מ. 69) שיחת ש"פ תשא, פ׳ פרה סמ"ג.

און אויך די וואס ווייסן שוין פון פריער וועגן דעם ענין - איז וויבאלד אז דאס איז א שקו"ט וואס איז פארבונדן מיט נאך אנדערע - קומט צו אין דערויף די מעלה פון "דיבוק חברים", און "פלפול התלמידים"[70], וואס דעמולט איז מען מערער מצליח ווי בלימוד פון א יחיד.

ע"כ דער מאמר המוסגר.

יח. דער ענין אין פרשת ויקהל-פקודי:

מ׳האט פריער גערעדט (סט"ו) אז פ׳ ויקהל האט אין זיך אירע ענינים, און פ׳ פקודי האט אין זיך אירע ענינים - און בשנה זו קומעןביידע פרשיות צוזאמען, ביז אז זיי ווערן איין פרשה.

וואס לכאורה זיינען די ביידע פרשיות, ויקהל און פקודי, ניט נאר צוויי באזונדערע פרשיות, נאר זיי באדייטן צוויי הפכיות׳דיקע ענינים, ווי גערעדט שוין אמאל אין דעם, און מסתמא וועלן איצטער צוקומען כמה נקודות עיקריות:

"ויקהל" איז דער טייטש אז ער האט צוזאמענגעקליבן.

וואס מ׳געפינט כמה ווערטער וואס האבן דעם זעלבן פירוש לכאורה, ווי "ויאסוף", "ויקבץ", "וילקט" (כמ"ש[71] "ואתם תלוקטו גו׳"), און מסתמא זיינען דא נאך ווערטער וואס האבן דעם זעלבן הוכן,

ואדרבה, רוב מאל געפינט מען אז עס זאל שטיין איינער פון די לשונות הנ"ל, און ניט דער לשון "ויקהל", און ווי עס שטייט אין מדרש[72] אז עס שטייט צוויי מאל דער לשון הקהלה לטובה - איין מאל דא, "ויקהל משה", און איין מאל בא שלמה המלך, "אז יקהל שלמה"[73].

וואס דער חילוק בפשטות צווישן "ויקהל" מיט די אנדערע לשונות וואס מיינען צוזאמענקלייבן - איז:

"ויאסוף", "ויקבץ" און "וילקט" וכיו"ב מיינט אז מ׳האט טאקע צוזאמענגעקליבן א ריבוי מענטשן, אבער זיי בלייבן א ריבוי יחידים; משא"כ "ויקהל" מיינט אז נוסף לזה וואס מ׳האט צוזאמענגעקליבן דעם ריבוי מענטשן, האט מען פון זיי געמאכט א "קהל", ד.ה. א מציאות אחת.

און ווי די גמרא איז מאריך אין הוריות[74] אין דעם גדר פון א קהל בנוגע צו קרבנות, ובפרט ווי דאס איז בנוגע צו

- א שבט -

---

70) אבות פ"ו מ"ו. 71) ישעי׳ כז, יב. 72) מדרש תהלים עה"פ כו, ה. 73) כ"א ח, א. 74) ה, א-ב.



הנהה הה׳ בלתי מוגה

א שבט וואס קלייבט זיך צוזאמען אין אן אופן פון א קהל.

דער ענין פון "פקודי" איז פונקט פאַרקערט:

"פקודי" מיינט א ציילונג, א מנין, "אלה פקודי המשכן", "כל פקודי המחנות"[75], וואס דאס איז שייך דוקא ווען מ'ציילט יעדן יחיד, ווי ער שטייט אלס א דבר נפרד פון דעם צווייטן יחיד,

משא"כ אויב כמה יחידים געפינען זיך צוזאמען ניט נאר ווי א מציאות אחת פון א קהל, נאר אפילו אין אן אסיפה, וואס דעמולט זיינען זיי ניט קיין מציאות אחת - איז אבער וויבאלד אז זיי געפינען זיך צוזאמען איז דאס מבלבל צו דעם ענין פון "פקודי", וואס אויף דערויף דארף מען האבן יעדן יחיד אלס יחיד.

וואס לפ"ז איז דער ענין פון "ויקהל" מיטן ענין פון "פקודי" צוויי הפכים: "ויקהל" איז מדגיש דעם ענין פון קהל, ווי א רבים איז איין מציאות, און "פקודי" איז מדגיש דעם ענין פון א יחיד.

וואס אין אותיות פון נגלה איז דאס (ווי גערעדט אין א פריערדיקער התוועדות[76]) - דער ענין פון כמות און איכות: "ויקהל" איז די הדגשה אויף איכות, און "פקודי" איז די הדגשה אויף כמות.

און אעפ"כ בשנה זו קומען זיי צוזאמען, און זיי ווערן איין פרשה, ביז אז בשעת מ'פרעגט ביי איינעם: וועלכע רגע און וועלכער טאג אין דער וואך דאס איז - זאגט ער אז דאס איז א רגע און א טאג פון פ' ויקהל-פקודי.

וואס דאס ווערט נמשך אזוי אין וועלט, דערפאר וואס דאס איז אזוי אין תורה: בשעת מ'פרעגט ביי איינעם: וועלכער פסוק און וועלכן שיעור מ'לייענט און מ'לערנט אין דער וואך - איז אפילו אז עס רעדט זיך וועגן די פסוקים ביז שני (אין פ' ויקהל), זאגט ער אז דאס איז א פסוק און א שיעור פון פ' ויקהל-פקודי.

יט. דער ענין פון "ויקהל" און "פקודי" אין עבודת האדם:

דער ענין פון "ויקהל משה את כל עדת בני ישראל" איז, אז כאטש יעדער איד איז א מציאות בפ"ע, און ער האט זיין עבודה פרטית - איז אבער מצד דעם וואס בכאו"א איז דא דער משה שבו, ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא[77], וואס

- מצד -

---

75) במדבר ב, לב. 76) דפורים. 77) רפמ"ב.

מצד משה איז "ונחנו מה"[78] - דער ענין הביטול פון זיין מציאות פרטית - פועל'ט דאס אז דער איד זאל נכלל ווערן און ווערן איין מציאות פון א קהל מיט אנדערע אידן.

אבער מאקע לולא דעם ענין פון "(ויקהל) משה", "ונחנו מה", וואס איז דא אין יעדן אידן - וואלט ניט געקענט זיין "ויקהל את כל עדת בני ישראל".

וואס דער ביטול פון "ונחנו מה" וואס קומט פון משה רבינו איז א ביטול אמיתי,

ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם וואס אויף משה רבינו שטייט[79] "פתי יאמין לכל דבר", וואס דאס איז דער ענין הביטול וואס איז געווען בא משה רבינו, און דער פסוק "פתי יאמין לכל דבר" האט משה געשריבן אין תורת משה, כמ"ש[80] "זכרו תורת משה עבדי", וואס "תורת משה" איז כולל גאנץ תנ"ך, ובמכ"ש וק"ו: מה-דאך אז דאס איז כולל אין זיך "כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש"[81], איז דאך עאכו"כ אז דאס איז כולל אין זיך דעם פסוק "פתי יאמין לכל דבר" מיט אלע מדרשי חז"ל בזה - אויך דעם מארז"ל אז "פתי יאמין גו'" גייט אויף משה רבינו.

וואס דערפון קומט אויס אז "פתי יאמין לכל דבר" וואס איז געווען בא משה רבינו איז איין זאך מיט "משה אמת ותורתו אמת"[82], ד.ה. אז בשעת משה האט געשריבן אין תורת משה דעם פסוק "פתי יאמין לכל דבר" האט ער געהאלטן דערביי מיט אן אמת, אע"פ אז צוזאמען דערמיט האט משה געוואוסט און משה האט אזוי געוואוסט דערפאר וואס אזוי שטייט אין תורת אמת אז "משה קבל תורה מסיני ומסרה ליהושע"[83].

איז דער ביאור אין דעם - אז מצד דעם וואס ענינו פון משה איז ביטול, "ונחנו מה" - דערפאר איז שייך ביי אים באמת לאמיתו דער ענין פון "פתי יאמין לכל דבר".

ועד"ז פועל'ט דער משה וואס איז דא בכאו"א, אז עס זאל זיין די תנועה פון ביטול, און דורך דערויף ווערט "ויקהל משה את כל עדת בני ישראל", אז אלע אידן ווערן א מציאות אחת,

ביז אז משה איז מאחד "ראשיכם שבטיכם" צוזאמען מיט "חוטב עציך" און "שואב מימיך", אז זיי זאלן זיין "אתם

- נצבים -

---

78) ל' הכתוב - בשלח טז, ז-ח. 79) משלי יד, טו. שמו"ר פ"ג, א. 80) מלאכי ג, כב. וראה שמו"ר פ"ל, ד. 81) נסמן בלקו"ש ח"ד ע' 1088 הע' 11. 82) הנחומא קרח יא. וראה גם ב"ב עד, א. 83) אבות רפ"א.

נצבים היום כולכם"[84] - "לאחדים כאחד", ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת[85] - דערפאר וואס ס'איז "לפני הוי' אלקיכם".

כ. דער ענין פון "פקודי" איז מדגיש די טייערקייט און דעם יוקר פון יעדער איד בפ"ע, ווארום בכדי עס זאל קענען זיין "פקודי", ציילן - דארף מען ציילן יעדן יחיד באזונדער, ד.ה. בשעת עס געפינען זיך לדוגמא ניין מענטשן צוזאמען, איז ניט מספיק אז מ'זאל זאגן אז דא געפינען זיך מער ווי א יחיד, אדער ווייניקער ווי א מנין - נאר מ'מוז ציילן יעדער יחיד בפ"ע צו קענען ווימן וויפל מענטשן זיינען דא פאראן.

וואס דאס איז ווי די משנה זאגט אז "כל אחד ואחד חייב לומר __בשבילי__ נברא העולם",

וואס דאס איז א מבהיל'דיקער מאמר (און קיינער שטעלט זיך ניט אויף דעם) - ווארום בשעת מ'זאגט "כל או"א חייב לומר בשבילי נברא העולם", איז דאס ניט נאר ווי דער רמב"ם שרייבט[86] אז בכדי חכמים זאלן ניט זיין "שוממים" האט מען אויך באשאפן אנדערע מענטשן - ווארום דאס איז כולל נאר איינעם וואס נייט בגדים און איינעם וואס איז חורש וזורע וכיו"ב, ווי דער רמב"ם איז דארטן מאריך;

משא"כ "כאו"א חייב לומר בשבילי נברא העולם" - איז "העולם" כולל אויך אלע __חכמים__ וואס געפינען זיך בעולם, ביז אז דאס איז כולל אויך רבו און רבו דרבו פון דעם וואס זאגט "בשבילי נברא העולם"!

און מ'זאגט ניט אז יעדער איינער __קען__ דאס זאגן אויב ער __וויל__ - נאר מ'זאגט אז "כאו"א __חייב__ לומר בשבילי נברא העולם"!

כא. איז דער ביאור אין דעם, ע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו לימוד התורה "ותן חלקנו בתורתך"[87]:

יעדער איד האט זיין חלק ואות בתורה וואס איז שייך דוקא צו אים[88], און דוקא ער קען אין דערויף מחדש זיין.

- וואס -

---

84) נצבים כט, ט-י. 85) ר"פ נצבים. וראה לקו"ש ח"ד ע' 1141 ואילך. 86) בהקדמתו לפיהמ"ש ד"ה דע כי הקדמונים חקרו. 87) אבות פ"ה מ"כ. 88) ראה שער הגלגולים הקדמה יז. שער רוה"ק הקדמה ב (קח, ב). לקוטי מהרח"ו שבסוף שער מאמרי רז"ל. וראה מגלה עמוקות אופן קפו. וראה הל' ת"ת לאדה"ז פ"א סוס"ד.

וואס דער חידוש דארף טאקע זיין מיוסד אויף די כללים און די פרטים וואס זיינען דא אין תורת משה, וואס "משה קבל תורה מסיני", ווארום אויב ניט איז דאס ניט קיין חידוש אמיתי ע"פ תורה;

אבער נאך דעם וואס דאס איז מיוסד אויף תורת משה – איז דאס א חידוש וואס איז שייך דוקא צו דעם "תלמיד ותיק", און צוליב דעם חידוש דארפן אלע אנקומען צו דעם "תלמיד ותיק", אפילו רבו און רבו דרבו, און ווי מ'זאגט[89] "מקום הניחו לו אבותיו להתגדר בו", וואס בפנימיות איז דאס דערפאר וואס ענינו פון דעם תלמיד איז צו מחדש זיין דעם פרט אין תורה, און אין דעם דארפן אלע אנקומען צו אים, ביז אז "מתלמידי יותר מכולן"[90].

וואס דער טעם לזה איז – דערפאר וואס אין דער עבודה איז "בשבילי נברא העולם", אז דאס איז שייך דוקא צו דעם מענטשן, און אלע דארפן צו אים אנקומען.

וואס דא איז מודגש מעלת היחיד וואס איז דא בא יעדערן בעבודתו, וואס דוקא ער קען אויפטאן און ניט קיין צווייטער.

און דאס איז דער ענין פון "פקודי" – די הדגשה אין דער יקרות פון יעדער אידן באזונדער

און ע"ד ווי געדעדט פריער בנוגע צו "ויקהל" אז דאס ווערט אויפגעטאן דוקא דורך משה, "ויקהל משה" – עד"ז איז בנוגע צו "פקודי" אז "אלה פקודי גו'" איז דוקא "אשר פוקד ע"פ משה", ווארום דוקא משה רבינו איז מכיר דעם יוקר און חשיבות וואס איז דא אין יעדן אידן.

כב. המבואר לעיל איז דער ענין פון "ויקהל" און דער ענין פון "פקודי" ווי זיי זיינען ענינים נפרדים, ביז ענינים הפכים.

בקביעות שנה זו אבער קומען צוזאמען ביידע פרשיות און זיי ווערן איין פרשה.

וואס אע"פ אז זיי באדייטן צוויי הפכיות'דיקע ענינים – "ויקהל" איז די הדגשה אויף דער מציאות אחת פון א רבים, דער ענין פון איכות, און "פקודי" איז די הדגשה אויף מעלת היחיד, דער ענין פון כמות –

וויבאלד אבער אז ביידע ענינים ווערן אויפגעטאן דורך – משה –

------------

89) חולין ז, רע"א. 90) תענית ז, א.

משה רבינו, וואס "אנכי עומד בין ה' וביניכם"[91], וכידוע דער פירוש בזה[92] אז ער איז ניט קיין ממוצע המפסיק נאר א ממוצע המחבר - במילא פארבינדט ער דאס מיט "נמנע הנמנעות"[93], מיט די אלע פרטים שבדבר, וואס דערפאר ווערן נתחבר די ביידע ענינים הפכים פון "ויקהל" און "פקודי" און זיי ווערן איין פרשה.

כג. די הוראה דערפון:

וויבאלד אז כ'שטייט אין א וואך וואס יעדער טאג פון דער וואך און יעדער פסוק וואס מ'לייענט און מ'לערנט אין דער וואך איז א טאג און א פסוק פון פ' ויק"פ - דארף די הוראה זיין אין דעם ווי דער ענין פון ויקהל און דער ענין פון פקודי ווערן איין זאך:

אמאל איז די הדגשה אין דער מעלה וואס איז דא אין דעם ענין פון כמות, און אמאל איז די הדגשה אין דער מעלה אין דעם ענין פון איכות.

וואס דער חילוק איז מודגש במיוחד בא די וואס טוען אין הפצת היהדות ובפרט אין הפצת המעיינות - וואס לפי דעם זמן און דעם מצב וואס מ'האט צו טאן, איז אמאל דארף די הדגשה זיין אויפן ענין הכמות, און אמאל דארף די הדגשה זיין אויפן ענין האיכות.

בשעת פ' ויקהל און פ' פקודי קומען צוזאמען - איז די הוראה אז די הדגשה דארף זיין אויף ביידע ענינים צוזאמען.

כד. די הוראה דערפון וואס דער שבת איז כ"ז אדר:

עס זיינען דאך דא צוויי דעות אין גמרא[94] צי בכ"ה אלול איז די וועלט באשאפן געווארן (ווארום "בתשרי נברא העולם") אדער בכ"ה אדר (ווארום "בניסן נברא העולם").

וואס ביידע דעות זיינען "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[95],

ובפרט לויט דעם וואס תוספות[96] זאגט, ומבואר אין קבלה און אין חסידות[97], אז ביידע דעות זיינען אמת, דער חילוק איז נאר צי מ'רעדט וועגן בריה"ע במחשבה, צי מ'רעדט וועגן בריה"ע בדיבור.

- וואס -

------------

91) ואתחנן ה, ה. 92) ד"ה פנים בפנים תרנ"ט. וראה לקו"ש דברים תשל"ז ס"ג ואילך. וש"נ. 93) שו"ת הרשב"א ח"א סתי"ח. הובא בס' התקידה להצ"צ ע' 68. ועוד. 94) ר"ה י, סע"ב ואילך. 95) עירובין יג, ב. 96) ד"ה כמאן מצלינן - ר"ה כז, א. 97) שער הכוונות ענין ד"ה דרוש א'. פע"ח שער ר"ה פ"ד. וראה לקו"ש פ' החודש תשל"ט ס"ד ובהערות שם.

וואס עפ"ז איז נאכמער מודגש אז אויך בכ"ה אדר איז געווען דער ענין פון בריאת העולם.

און וויבאלד אז בכ"ה אדר איז געווען בריה"ע - קומט אויס אז כ"ז אדר איז דער יום שלישי פון מעשה בראשית, וואס אין יום שלישי פון מעשה בראשית שטייט אין תורה צוויי מאל "כי טוב", וואס דערפאר איז יום שלישי דער "יום שהוכפל בו כי טוב"[98].

און עפ"ז קומט אויך אויס, אז ר"ח ניסן (כ"ט אדר) איז יום ששי למעשה בראשית, וואס דעמולט איז נברא געווארן אדה"ר (למ"ד זה), וואס ער איז דער תכלית הבריאה.

ובקביעות שנה זו וואס כ"ז אדר, דער "יום השלישי שהוכפל בו כי טוב" פון מעשה בראשיה, קומט אויס ביום השבת - איז ר"ת ניסן ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב פון ימי השבוע,

וואדום וויבאלד אז דער שבת איז שבה פ' החודש, וואס שבת פ' החודש האט א שייכות מיוחדת מיט ר"ח ניסן - דערפאר קומט ארויס דער ענין פון יום השלישי שהוכפל בו כי טוב וואס איז דא אין דעם שבת - אין דעם טאג פון ר"ח ניסן וואס איז בגלוי יום השלישי שהוכפל בו כי טוב אין ימי השבוע.

כה דער ענין פון "יום השלישי שהוכפל בו כי טוב", איז דער צ"צ כבאר[99] אז דאס מיינט "טוב לשמים וטוב לבריות"[100].

וכמדובר כמ"פ[101] אז בשעת מ'זאגט אז יום השלישי איז "הוכפל בו כי טוב - טוב לשמים וטוב לבריות" - איז ניט דער פשט אז א חלק פון דעם טאג איז "טוב לשמים" און א חלק פון דעם טאג איז "טוב לבריות", נאר דאס מיינט אז יעדער רגע און משהו פון דעם טאג האט אין זיך סיי דעם ענין פון "טוב לשמים" און סיי דעם ענין פון "טוב לבריות", ביז אז מ'קען בכלל ניט מחלק זיין צווישן דעם "טוב לשמים" מיט "טוב לבריות".

וואס דאס איז ע"ד ווי גערעדט פריער (סט"ו) בנוגע צו פ' ויק"פ, אז אע"פ וואס זיי זיינען צוויי באזונדערע פרשיות, איז אבער בשנה זו, וואס זיי זיינען מחוברות -

- ווערן -

---

98) ראה פרש"י בראשית א, ז. 99) באוה"ת בראשית לג, ב. משפטים ע' א'קנז. ועוד. 100) קידושין מ, א. 101) ראה גם שיחה אור ליום ג', ב מרחשון ש.ז. ס"ה (קונטרס "ויעקב הלך לדרכו" ע' 4 ואילך).

ווערן זיי איין פרשה, און כ'קען ניט בחלק זיין צווישן זיי.

וואס דערפון האט מען די הוראה פון דעם ענין פון כ"ז אדר - אז אע"פ וואס אבאל איז מען מדגיש די מעלות וואס זיינען דא אין "טוב לשמים". און אבאל איז מען מדגיש די מעלוה וואס זיינען דא אין "טוב לבריוה" - איז אבער בקביעות שנה זו וואס דער שבת איז כ"ז אדר, דער יום השלישי למעשה בראשית, וואס אין יום השלישי איז "הוכפל בו כי טוב", "טוב לשמים וטוב לבריוה" - דארף מען טאן איןביידע ענינים פון "טוב לשמים" און "טוב לבריוה" צוזאמען, ווי זיי ווערן איין זאך, כמדובר כמ"פ בארוכה.

כו. וויבאלד אז "איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן"[102], און הורה גיט ארוים די איבנדערמאנטע הוראות - האט זיכער יעדערער דעם כח דאס צו דורכפירן בפועל, ביז צו דורכפירן דאס בתכלית השלימות.

און די אתעדל"ת שמלמטה ווערט די "טיפה" וואס דורך איר איז מען ממשיך די אתעדל"ע שמלמעלה, ביז צו די אתעדל"ע וואס איז העכער פאר דעם גאנצן ענין פון אתעדל"ת און אתעדל"ע, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ה שה"ש[103], אז אויך די אתעדל"ע ווערט נמשך דורך דער הכנה פון אתעדל"ת ואתעדל"ע שע"י אתעדל"ת, ווארום "לא שריא אלא באתר שלים"[104].

און דעמולט קומט מען פון דעם ענין פון פ' ויקהל-פקודי צו פ' "ויקרא אל משה וידבר ה' אליו באוהל מועד", וואס משה גייט אויף דעם משה וואס איז דא בכאו"א, און "מאוהל מועד" גייט אויף דעם ביהמ"ק וואס איז דא אין כאו"א,

ביז צו דעם ביהמ"ק בפשטות, דער ביהמ"ק השלישי, וואס "בנוי ומשוכלל הוא, יגלה ויבוא משמים שנא'[105] מקדש אד' כוננו ידיך"[106], וואס ער איז א בנין נצחי[107] - מ'וואדט נאר אז א איד זאל טאן א "מצוה אחת", במעשה, בדיבור ובמחשבה, וואס דאס וועט מכריע זיין "את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות"[108],

און דאס וועט אראפברענגען דעם ביהמ"ק כפשוטו, און נאך אין חודש אדר, ווארום וויבאלד אז "בניסן נגאלו בניסן עתידין ליגאל"[109] - דארף די גאולה שוין זיין אין חודש אדר,

- וואס -

---

102) במדב"ר פי"ב, ג. 103) כד, סע"א ואילך. 104) זח"ג צ, ב. 105) בשלח טו, יז. 106) פרש"י (ותוס') סוכה מא, סע"א. ד"ה ל, סע"א. ועוד. 107) זח"ג כח, א. 108) רמב"ם הל' תשובה פ"ג ה"ד. 109) ר"ה יא, רע"א.

וואס דעמולט וועט גלייך בהתחלה פון חודש ניסן זיין דער "בניסן נגאלו",

און עס וועט זיין "אהרן ומשה עמהם"[110], וועט מען בדרך ממילא שוין מקריב זיין כפשוטו בחגה"פ, זמן חרותינו, דעם קרבן פסח אין ביהמ"ק השלישי, "ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים אשר יגיע דמם על קיר מזבחך לרצון"[111],

און אין אן אופן וואס איז נגלה לעיני כל בשר.

*        *        *

כז. מאמר (כעין שיחה) ד"ה החודש הזה לכם גו׳.

*        *        *

כח. ס׳איז דאך רגיל צו אפלערנען א פירוש רש"י פון פרשת השבוע, און אויך אן ענין אין די הערות אויפן זהר פון פרשה זו.

בנוגע צו פרש"י איז גלייך אין ר"פ ויקהל[112] גיט רש"י ארויס איינעם פון זיינע כללים, זאגנדיק (בנוגע צו די עניינים וואס מ׳האט מנדב געווען פאר דעם משכן) אז "כבר פירשתי נדבת המשכן ומלאכתו במקום צוואתם".

וואס וויבאלד אז אין רש"י איז לא חסר ולא יתיר, כמדובר כמ"פ - איז פארשטאנדיק אז דערמיט וואס רש"י זאגט "כבר פירשתי כו׳" גיט ער ארויס דעם כלל, אז אפילו ווען עס גייען דורך כמה סדרות, וואס דעמולט קען דאך זיין אז במשך פון דער צייט זאל דער בן חמש למקרא פארגעסן וואס רש"י האט אים פריער געזאגט - אעפ"כ חזר׳ט רש"י ניט איבער וואס ער האט פריער געזאגט, נאר ער פארלאזט זיך אויף דעם (ס׳איז מערניט וואס ער דערמאנט דעם בן חמש למקרא אז ער האט דאס פריער מפרש געווען, "כבר פירשתי כו׳").

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, בםכ"ש וק"ו, אז אין איין סדרה גופא חזר׳ט רש"י זיכער ניט איבער א פירוש צוויי מאל, ווארום מה-ראך אז ווען ס׳איז דורכגעגאנגען דריי סדרות פון פ׳ הרומה ביז פ׳ ויקהל (אדער צוויי סדרות פון פ׳ הצוה ביז פ׳ ויקהל), חזר׳ט רש"י ניט איבער דאס וואס ער האט מפרש געווען דעם ערשטן מאל - איז דאך עאכו"כ אז ער חזר׳ט ניט איבער דעם זעלבן פירוש אין דער זעלבער סדרה.

וואס עפ"ז ווערט א קשיא אין פרשה חשא, וואס דארטן

- חזר׳ט -

---

110) יומא ה, ב. וראה הוד"ה אחד - פסחים קיד, ב.
111) ברכה "אשר גאלנו" מפסחים קטז, ב. 112) לה, ה.

הזר'ט רש"י איבער דעם זעלבן פירוש צוויי מאל:

אין קאפיטל לג פסוק ב שטייט "ושלחתי לפניך מלאך וגרשתי את הכנעני האמורי והחתי והפרזי החוי והיבוסי", און ער רעכנט ניט אויס די זיבעטע אומה - דער גרגשי.

שטעלט זיך רש"י אויף דעם און זאגט: "ששה אומות הן והגרגשי עמד ופנה מפניהם מאליו".

דערנאך אין דער זעלבער סדרה אין קאפיטל לד פסוק יא שטייט "הנני גורש מפניך את האמורי והכנעני והחתי והפרזי והחוי והיבוסי", און עס ווערט נאכאמאל ניט דערמאנט דער גרגשי.

שטעלט זיך רש"י נאכאמאל אויף דעם און חזר'ט איבער דעם זעלבן פירוש וואס ער האט פריער געזאגט: "ו' אומות יש כאן כי הגרגשי עמד ופנה מפניהם".

דארף מען פארשטיין: פארוואס חזר'ט רש"י איבער דעם זעלבן פירוש צוויי מאל: ווען דער בן חמש למקרא וועט קומען צו דעם צווייטן מאל וואו עס פעלט גרגשי, וועט ער געדענקען אז רש"י האט אים ערשט געזאגט אז "הגרגשי עמד ופנה מפניהם מאליו", און דערפאר רעכנט אים ניט דער פסוק אויך דא?

די קשיא ווערט נאך שטארקער:

אויב רש"י האט געפונען פארנויטיק צו מפרש זיין פארוואס עס פעלט גרגשי, ביז אז ער איז דאס מפרש צוויי מאל אין דער זעלבער סדרה - האט ער דאס געדארפט מפרש זיין דעם ערשטן מאל וואו עס ווערן אויסגערעכנט די אומות און גרגשי רעכנט מען ניט:

אין פ' משפטים, וואס איז כמה סדרות פאר פ' תשא, אין קאפיטל כג פסוק כג שטייט "כי ילך מלאכי לפניך והביאך אל האמורי והחתי והפרזי והכנעני החוי והיבוסי", און עס שטייט ניט גרגשי - און רש"י שטעלט זיך בכלל ניט אויף דעם?!

וואס דא האט מען לכאורה סיי דעם ענין פון חסר אין פרש"י - וואס אין פ' משפטים איז רש"י גארניט מפרש, און סיי דעם ענין פון יתיד - וואס אין פ' כי תשא חזר'ט רש"י איבער צוויי מאל דעם זעלבן פירוש.

כט. עד"ז דארף מען פארשטיין אן ענין וואס רש"י איז ניט מפרש אין פ' פקודי, אע"פ וואס ער האט דאס לכאורה געדארפט מפרש זיין:

אין קאפיטל מ פסוק ב שטייט "ביום החודש הראשון באחד לחודש תקים את משכן אוהל מועד".

שטעלן זיך אויף דעם אלע מפרשים, סיי דער ראב"ע, סיי דער רמב"ן, סיי דער אוה"ח הקדוש, ועוד, מיט א גאנצע שקלא וטריא ווען דאס איז געווען - צי דאס איז געווען אין יום ראשון למילואים, אדער אין יום שמיני למילואים;

משא"כ בשעת מ'גיט א קוק אין רש"י - זעט מען אז ער שטעלט זיך בכלל ניט אויף דעם.

איז איבגאנצן ניט פארשטאנדיק:

רש"י איז דאך מערער פשש"מ ווי דער ראב"ע און שאר המפרשים, ווי מ'זעט אז רש"י איז מפרש כו"כ ענינים וואס די אלע מפרשים זיינען ניט מפרש, און בשעת רש"י ווייסט ניט דעם פירוש פון א זאך זאגט ער "לא ידעתי"[113], וואס דערפון גופא איז א הוכחה אז דארטן וואו רש"י שרייבט דאס ניט - ווייסט ער יע וואס דער פירוש איז, נאר מצד דעם וואס ער פארלאזט זיך אז דער בן חמש למקרא וועט דאס אליין פארשטיין, אדער זיין מלמד וועט דאס אים מסביר זיין, דערפאר איז ער גארניט מפרש -

איז מה-דאך אז דער ראב"ע און דער רמב"ן און דער אור החיים הקדוש דארפן מפרש זיין ווען איז געווען הקמת המשכן - האט דאס זיכער רש"י געדארפט מפרש זיין פאר דעם בן חמש למקרא?!

בנוגע צו אנדערע מפרשי החומש וואס שטעלן זיך ניט אויף דעם, קען מען זאגן אז זיי פארלאזן זיך אויף דעם ראב"ע מיטן רמב"ן וכו' - אבער בנוגע צו רש"י קען מען אזוי ניט זאגן - ווארום:

א) רש"י איז געווען פאר דעם ראב"ע, ועאכו"כ פאר דעם רמב"ן, ועאכו"כ פאר דעם אור החיים הקדוש,

ב) ועיקר: רש"י פארלאזט זיך אפילו ניט אויף דעם וואס עס שטייט אין משנה און אין גמרא, ווארום ער איז מפרש פשש"מ פאר א בן חמש למקרא - פארלאזט ער זיך דאך זיכער ניט אויף מפרשי החומש!

לכאורה וואלט מען געקענט זאגן, אז רש"י איז גארניט מפרש דערפאר וואס ס'איז קיין נפק"מ ניט אין פשש"מ ווען דאס איז געווען: אויב מ'וויל קען מען לערנען אז דאס איז געווען ביום הראשון למילואים, און אויב מ'וויל קען מען לערנען אז דאס איז געווען ביום השמיני למילואים.

מ'קען אבער אזוי ניט זאגן - ווארום:

- אין -

---

113) ראה לקו"ש ח"ה ע' 1 שוה"ג הא' להע' 2.



הנחה הה' בלתי מוגה

איך ריש פ' שמיני[114] איז רש"י בפירוש כפרש אז הקמה המשכן איז געווען איך יום השמיני למילואים. ועד"ז איז פארשטאנדיק פון פרש"י איך פ' צו[115].

ביז אז אויך ווייטער בפרשהנו אויפן פסוק[116] "ויעל עליו את העולה", און עד"ז אויפן פסוק[117] "ורחצו ממנו גו'" זאגט רש"י אז הקמת המשכן איז געווען ביום השמיני למילואים.

קען מען דאך ניט זאגן אז ס'איז קיין נפק"מ ניט איך פשש"מ ווען הקמת המשכן איז געווען.

איז וויבאלד אז דער בן חמש למקרא וועט דאך שפעטער לערנען ווען הקמת המשכן איז געווען, און רש"י קען זיך ניט פארלאזן אויף דעם וואס ער וועט שפעטער מפרש זיין -

איז פארוואס רש"י ניט מפרש גלייך דעם ערשטן מאל ווען עס ווערט דערמאנט וועגן הקמת המשכן - ווען דאס איז געווען?

וכפי שיתבאר לקמן.

ל. בנוגע צו די הערוה אויפן זהר פון פרשה זו, שטעלט ער זיך[118] אויף דעם וואס ער פרעגט איך זהר[119] אויפן פסוק[120] "מן היום אשר הוצאתי את עמי את ישראל ממצרים לא בחרתי מכל שבטי ישראל לבנות בית להיות שמי שם ואבחר בדוד גו'" - אז לכאורה "האי קרא לאו רישי' סיפי' ולאו סיפי' רישי', דכתיב לא בחרתי בעיר ואבחר בדוד, מאי האי עם האי, ואבחר בירושלים מבעי לי'"?!

און דער זהר פארענטפערט, אז די בחירה איך ירושלים איז תלוי איך דער בחירה איך דוד המלך.

[מפרשי המקרא[121] לערנען אז דאס וואס שטייט "ואבחר בדוד" נאך דעם וואס ער רעדט וועגן דער בחירה איך ירושלים איז - דערפאר וואס דורך דוד'ן איז נתפרסם געווארן די בחירה איך ירושלים.

משא"כ לויטן זהר קומט אויס אז די בחירה איך ירושלים איז תלוי איך דער בחירה איך דוד].

און ער איז מבאר איך דער הערה אלע פרטים שבדבר איך אותיות הקבלה.

ער איז אבער ניט מבאר דעם עצם ענין פארוואס האט די

- בחירה -

---

114) ט, א. 115) ח, ב. 116) פקודי מ, כט. 117) שם, לא. 118) לקוטי לוי"צ לזח"ב ע' קנג ואילך. 119) ח"ב קצח, א. 120) מ"א ח, טז (הפטרת פ' פקודי). 121) רד"ק עה"פ.

בחירה געדארפט זיין פריער אין דוד און דערנאך אין ירושלים: הן אמה אז דוד איז ספירת המלכות (שבמלכים) און ירושלים איז ספירת המלכות (שבעיירות), וואס דערפאר זיינען זיי תלוי זה בזה - אבער פארוואס דארף די בחירה פריער זיין אין דוד און ערשט דערנאך אין ירושלים?

וואס דער טאטע איז דאס ניט מבאר, פארלאזנדיק זיך אז מ'וועט זיך אליין כאפן אויף דעם.

וכפי שיהבאר לקמן.

לא. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

* * *

לב. דער ביאור אין פירוש רש"י (אין פרשת כי תשא):

די נפק"מ צווישן דעם ערשטן מאל אין פ' כי תשא וואס עס שטייט ניט גרגשי (אין קאפיטל לג פסוק ב), מיט דעם צווייטן מאל וואס עס שטייט ניט גרגשי (אין קאפיטל לד פסוק יא), וואס דערפאר דארף רש"י מפרש זיין פירושו צוויי מאל - איז מודגש אין דעם וואס בכמה דפוסים געפינט מען אז דעם ערשטן מאל איז רש"י מעתיק פון פסוק "וגרשתי את הכנעני וגו'", און דעם צווייטן מאל איז רש"י מעתיק מערניט ווי "את האמורי וגו'".

והביאור בזה:

אין קאפיטל לג פסוק ב רעדט זיך וועגן דעם וואס דער אויבערשטער זאגט ווי זיין הנהגה וועט זיין בשעת ער וועט ארייינברענגען אידן אין ארץ ישראל - אז ס'וועט זיין "וגרשתי את הכנעני וגו'",

וואס במילא ווערט א שאלה פארוואס זאגט דער אויבערשטער "וגרשתי" צו "ששה אומות", און ניט בנוגע צו גרגשי.

אויף דערויף ענטפערט רש"י אז "הגרגשי עמד ופנה מפניהם מאליו": וויבאלד אז גרגשי זיינען אליין אוועק, פאר דעם וואס אידן זיינען געקומען אין ארץ ישראל, דארף דער אויבערשטער אים ניט אוועקטרייבן, און דערפאר שטייט ניט גרגשי דא אין פסוק, ווארום "וגרשתי" איז ניט שייך בנוגע צו גרגשי.

און עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק פארוואס רש"י גיט צו דעם ווארט "מאליו" בסוף פירושו - ווארום דאס איז מדגיש אז בנוגע צו גרגשי דארף ניט זיין דער ענין פון "וגרשתי", אוועקטרייבן, דערפאר וואס ער איז אליין אוועק, "מאליו".

משא"כ אין קאפיטל לד פסוק יא רעדט זיך ניט וועגן

- דער -



הנחה הה' בלתי כוגה

דער הנהגה פון דעם אויבערשטן בנוגע צו אוועקטרייבן די גוים, נאר דארטן איז דער גאנצער ענין פון "הנני גורש מפניך את האמורי וגו'" נאר א הכנה והקדמה צו דעם אז אידן זאלן מקיים זיין די מצוות פון "השמר לך פן תכרות ברית ליושב הארץ אשר אתה בא עלי' גו'", און "את מזבחותם תתוצון וגו'", ווי ער רעכנט אויס דערנאך[122],

און ווי עס שטייט אין דעם פסוק "שמר לך את אשר אנכי מצוך היום הנני גורש מפניך וגו'".

ד.ה. אז דא איז נוגע די תוצאה וואס קומט ארויס פון דעם "הנני גורש מפניך" און ניט די עצם פעולה פון "וגרשתי" ווי עס שטייט פריער.

וואס דערפאר קען מען לערנען אז אע"פ וואס בא "וגרשתי" זאגט רש"י אז "הגרגשי עמד ופנה מפניהם מאליו" - איז אבער "הנני גורש מפניך" שייך אויך בנוגע צו גרגשי -

ווארום דאס וואס בא "וגרשתי" שטייט ניט גרגשי איז דערפאר ווייל ער איז אליין אוועק פון פריער, איז ניט שייך צו זאגן אז דער אויבערשטער האט אים אוועקגעטריבן ("וגרשתי") - ווי רש"י זאגט דארטן, כנ"ל;

משא"כ בא "הנני גורש מפניך" איז ניט נוגע די פעולה פון "וגרשתי", נאר די מצוות וואס קומען ארויס דערפון - וואס דאס איז דאך אויך בנוגע צו גרגשי - האט דאך געדארפט שטיין אין פסוק אויך גרגשי?

און דאס וואס שטייט "הנני <u>גורש</u> מפניך", אע"פ וואס גרגשי איז אליין אוועק, איז קיין שאלה ניט - ווארום דאס גופא אז ער איז אליין אוועק קען אויך זיין נכלל אין "הנני גורש מפניך", ווי מ'געפינט אז דער אויבערשטער קען אוועקטרייבן אין כמה אופנים: אדער דורך מלחמה האבן מיט די וועמען ער וויל אוועקטרייבן, אדער דורך "הכו בסנורים" ווי דאס איז געווען בא לוט[123], אדער דורך אריינווארפן א פחד אין די מענטשן -

קען דאך זיין אז דא איז דער "הנני גורש מפניך" פון גרגשי געווען אין אן אופן אז דער אויבערשטער האט אין אים פריער אריינגעווארפן א פחד, במילא איז ער אליין אנטלאפן פון פריער ("עמד ופנה מפניהם מאליו").

וואס לפ"ז ווערט די שאלה פארוואס שטייט אין <u>דעם</u> פסוק נאר ו' אומות, און ניט גרגשי - בנוגע צו אים איז

- דאך -

---

122) בפסוק יב ויג. 123) וירא יט, יא.

דאך אויך נוגע די מצוות פון "השמר לך פן תכרות", און "את מזבחותם תתוצון וגו׳"?

פארענטפערט רש"י: "ו׳ אומה יש כאן כי הגרגשי עמד ופנה מפניהם": בנוגע צו גרגשי איז טאקע אויך שייך די אלע ענינים וואס שטייען אין פסוק - דער ענין פון "השמר לך פן תכרות בריה", און דער ענין פון "את מזבחותם תתוצון וגו׳", נאר וויבאלד אז "כאן" געפינען זיך נאר "ו׳ אומות", און ניט גרגשי, ד.ה. אז בפועל געפינען זיך איצטער אין ארץ ישראל נאר "ו׳ אומות", ווארום "הגרגשי עמד ופנה מפניהם" - דערפאר שטייט דא ניט גרגשי.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס רש"י זאגט אויך דא (דעם צווייטן מאל אין פ׳ כי תשא) דעם טעם פארוואס שטייט ניט אין פסוק גרגשי - ווארום דא איז בפירוש שייך דעם ענין פון "הנני גורש מפניך" אויך בנוגע צו גרגשי (דורך אן ענין פון פחד, כנ"ל), ווארום אויך בנוגע צו גרגשי זיינען שייך די מצוות וואס קומען אלס א תוצאה פון דעם "הנני גורש מפניך", ס׳איז מערניט וואס גרגשי געפינען זיך ניט דא ("כאן") בפועל.

און דערמיט איז אויך פארשטאנדיק פארוואס דעם צווייטן מאל שרייבט רש"י ניט "מאליו" - ווארום דעם צווייטן מאל איז לאו דוקא אז דאס איז געווען "מאליו", נאר עס קען זיין אז דער אויבערשטער האט אין אים פון פריער אריינגעווארפן א פחד, און דערפאר איז ער אוועק.

משא"כ פריער אין דער סדרה רעדט זיך וועגן דעם "וגרשתי" וואס איז געווען ווען אידן זיינען געקומען אין ארץ ישראל, וואס דעמולט איז ניט שייך "וגרשתי" בא גרגשי דערפאר וואס זיי זיינען פון זיך אליין אוועק פריער.

לג. פון די ענינים מופלאים[124] אין הלכה אין דעם פרש"י:

וויבאלד אז "הגרגשי עמד ופנה מפניהם" (און "הלך לו לאפריקי"[125]) נאך איידער אידן זיינען אנגעקומען אין ארץ ישראל - קען דאך ווערן א שאלה אין הלכה:

... צי די מצווה פון "השמר לך פן הכרות בריה ליושב הארץ אשר אתה בא עלי׳ וגו׳", און "את מזבחותם תתוצון ואת מצבותם תשברון ואת אשריו תכרותון" זיינען שייך אויך בנוגע צו גרגשי, אדער ניט:

- פון -

---

124) ראה של"ה קפא, א. 125) ירושלמי שביעית פ"ו ה"א. וראה גם ויק"ר פי"ז, ו.



הנחה הה׳ בלתי מוגה

און אז ער קומט טאקע ווייטער אין פ' כי תשא, בא דעם פסוק "כי לא אעלה בקרבך" - פארענטפערט אים רש"י די שאלה פארוואס עס שטייט ניט גרגשי.

וואס דאס איז מהאים ע"פ המדובר כמ"פ, אז דרכו של רש"י - אז ווען א בן חמש למקרא לערנט חומש, און אין פשש"מ איז אים נוגע א געוויסער ענין וואס וועט ערשט שפּיין שפעטער - ברענגט דאס רש"י אויך פריער;

אבער אויב ס'איז דא א שאלה אויף דעם (וואס וועט שטיין שפעטער), איז אע"פ וואס רש"י דערמאנט פריער וואס עס וועט שפעטער שטיין - ענטפערט ער אבער ניט די שאלה ביז אז עס קומט צו דעם ארט וואו עס ווערט די שאלה.

לו. עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין פארוואס רש"י שטעלט זיך ניט אויפן פסוק "ביום החודש הראשון באחד לחודש תקים את משכן אוהל מועד":

וויבאלד אז עס זיינען ניטא קיינע שאלות אין דעם פסוק - דערפאר איז רש"י דא גארניט מפרש. און וויבאלד אז דער פסוק פארבינדט ניט דעם יום הקמת המשכן מיט די ימי המילואים - איז דעריבער ניטא קיין הכרח פון דעם פסוק צי דאס איז געווען פאר די ימי המילואים אדער דערנאך, און מ'קען לערנען איןביידע אופנים.

בשעת מ'קומט אבער צו סוף פ' פקודי, וואס דארטן[135] שטייט אז משה האט מקריב געווען "את העולה ואת המנחה", און צוזאמען דערמיט האבן אויך אהרן ובניו משמש געווען אין יענעם טאג, ווי עס שטייט דערנאך[136] "ורחצו ממנו משה ואהרן ובניו גו'" - ווערט די שאלה:

ווי קומט עס אז סיי משה סיי אהרן ובניו האבן משמש געווען בכהונה אין דעם זעלבן טאג. דממנ"פ: אויב דאס איז געווען פאר אדער אפילו בתחלת ימי המילואים - זיינען דאך אהרן ובניו נאך ניט נתחנך געווארן[137], און אויב דאס איז געווען לאחרי ימי המילואים - איז ווי קומט עס אז משה האט דאן מקריב געווען?

דערפאר זאגט (דארטן) רש"י אז יום הקמת המשכן איז געווען ביום השמיני למילואים און "אף ביום השמיני למילואים . . שמש משה והקריב קרבנות צבור חוץ מאותן שנצטווה אהרן כו'", און ווי רש"י זאגט ווייטער[138] "יום השמיני למילואים הושוו כולם לכהונה . . בו ביום קדש משה עמהם".

- און -

------------

135) מ, כט. 136) שם, לא. 137) פרש"י עה"פ תצוה כט, כ. שם, כד. 138) עה"פ פקודי שם, לא.

און בשעת עס קומט צו פרשת צו וואו עס רעדט זיך (נאכאמאל) וועגן מילואים, דארף רש"י[139] באווארענען אז (אע"פ וואס דאס שטייט לאחרי דעם סיפור דהקמת המשכן שבפ' פקודי, אז) "פרשה זו נאמרה שבעה ימים קודם הקמת המשכן, שאין מוקדם ומאוחר בתורה".

לז. די נקודת הביאור אין דעם וואס די בחירה אין ירושלים דארף קומען דוקא נאך דער בחירה אין דוד המלך:

אין עיירות זיינען דא צוויי דרגות: אלע עיירות זיינען ניט קיין עיירות נצחיות; דערנאך נאך דערויף וואס מ'האט בוחר געווען אין ירושלים עיה"ק איז זי געווארן אן עיר נצחית, כמ"ש[140] "כי לא באתם עד עתה אל המנוחה ואל הנחלה", ווי די גמרא טייטשט אין מסכת זבחים[141] אז דאס גייט אויף ירושלים (כדלקמן).

ועד"ז זיינען דא צוויי דרגות אין מלכות:

ס'איז דא מלכות שאול ובניו ובן בנו ("איש בושת"[142]), וואס די איז ניט קיין מלכות נצחיה; דערנאך איז דא מלכות דוד ושלמה און בית דוד, וואס די איז א מלכות נצחית, "נצח ישראל לא ישקר ולא ינחם"[143], ווי דער רמב"ם פסק'נט אין הל' מלכים[144].

אין דעם ענין פון מלכות שאול און מלכות דוד - איז דא א דבר פלא, וואס מ'געפינט ניט אז מ'זאל זיך שטעלן אויף דעם:

מ'געפינט אז שמואל האט מושח געווען דוד'ן נאך בשעת שאול איז געווען א מלך[145] - איז ניט פארשטאנדיק:

דער ענין המלכות איז פארבונדן מיט משיחה, וואס ע"ד ווי בא משיחה פון די כלים אין ביהמ"ק, ווערן זיי הייליק גלייך בשעת המשיחה - עד"ז ווערט מען גלייך א מלך בשעת מ'איז אים מושח - איז:

א) אויב דוד איז געווען משוח אלס מלך - איז ווי האט דוד גערופן שאול'ן "משיח ה'"[146]?

ב) וויבאלד אז דוד איז געווען משוח אלס מלך - איז פארוואס האט ער זיך ניט געפירט (איידער שאול איז נסתלק געווארן) אין אן אופן פון "מלך ביפיו תחזינה עיניך"[147], וואס דאס איז א הנהגה מוכרחת ביי א מלך?

ג) ועיקר: די גמרא[148] זאגט אז "אין מלכות נוגעת - בחברתה"

---

139) עה"פ צו ח, ב. 140) ראה יב, ט. 141) קיט, א. 142) ש"ב א, ח ואילך. 143) ש"א טו, יט. 144) פ"א ה"ז. 145) ש"א קאפיטל טז. 146) שם כד, ז. ועוד. 147) ישעי' לג, יז. 148) ברכות מח, ב. וש"נ. תענית ה, ב.

בחברהה אפילו כמלוא נימא" - איז ווי קען זיין אז כ'זאל כושה זיין דוד'ן בשעת שאול איז נאך געווען א מלך, וואס דאס איז ניט נאר סתם "נוגעה", נאר דאס זיינען צוויי מלכים מיטן גאנצן תוקף אין דער זעלבער צייט?!

ובפרט אז דער ענין פון "אין מלכוה נוגעה בחברהה ברענגט די גמרא[149] בנוגע צו דוד ושאול!].

די צוויי דרגות אין מלכות - מלכות שאול ובניו וואס איז ניט קיין מלכות נצחית, און מלכות דוד ובניו וואס איז א מלכוה נצחית - איז בדוגמא ווי מלכות ישראל, און מלכות יהודה, וואס מלכות ישראל איז ניט קיין מלכות נצחית[150], אע"פ וואס זיי זיינען אויך געווען מלכים מיטן גאנצן תוקף, ווי מ'געפינט בא ירבעם וכו'; משא"כ מלכות יהודה איז א מלכות נצחית[150].

לח. דער חילוק פון מלכות שאול וואס איז ניט קיין מלכות נצחית מיט מלכות דוד איז אויך דא אין עבודת האדם:

ס'איז דא די עבודה וואס איז פארבונדן מיט ספירת הבינה, "רחובות הנהר"[151] - אז ער איז זיך מתבונן אין אלקות, און דערנאך קומט דאס אראפ אין מדות שבלב, און פון לב איז "לבא פליג לכל שייפין"[152], ביז אז דאס קומט אראפ אין מעשה בפועל, וואס דאס איז שלימות העבודה, וואס קען מקרב זיין דעם קץ, און ברענגען די גאולה שלימה;

אבער דאס איז ניט קיין עבודה נצחית, און דערפאר איז ניטא קיין הכרח אז דאס וועט ברענגען די גאולה; משא"כ די עבודה וואס איז פארבונדן מיט דוד המלך - איז אן עבודה נצחיה.

לט. וויבאלד אז דוקא מלכות דוד איז א מלכוה נצחית - איז בשעת מ'וויל בוחר זיין אין אן עיר פון צווישן אלע עיירות אין וועלט וואס זיינען ניט קיין נצחיים (כנ"ל), אז די עיר זאל זיין א נצחית, און היפך פון דעם ענין פון "ואהי' מתהלך באוהל"[153] - מוז די בחירה אין דעם קומען דוקא נאך דערויף וואס ס'איז געווען דער "ואבחר בדוד עבדי".

וואס דערפאר שטייט "לא בחרתי בעיר גו' ואבחר בדוד": וויבאלד אז דער "בחרתי בעיר" איז אין אן עיר וואס דארף זיין א נצחית (ירושלים) - מוז פריער זיין "ואבחר בדוד", וואס זיין מלכות איז א נצחית, און דערנאך אז מ'איז בוחר אין ירושלים עיה"ק - איז זי אן עיר נצחית.

ועפ"ז איז פארשטאנדיק נאך א זאך:

- די -

------------

149) תענית שם. 150) רמב"ם שם ה"ט. 151) ראה קה"י בערכו. לקו"ת שה"ש לט, ב. וראה קה"י ע' שאול המלך.
152) ראה זח"ג רכא, ב. 153) ש"ב ז, ו.

די ערשטע זיבן יאר פון מלכות דוד זיינען געווען אין חברון[154].

וואס אע"פ אז דאס איז געווען נאך דער בחירה אין מלכות דוד, און נאך דעם וואס שאול איז נפטר געווארן, און אויך בנו של שאול איז ניט געווען קיין מלך - איז נאך אלץ ניט געווען בא דוד'ן א מלכות שלימה, ווארום די ערשטע זיבן יאר האבן נאך אים ניט אנגענומען אלע שבטי ישראל אלס מלך.

ערשט נאך דעם וואס דוד איז געווארן א מלך בשלימות אויפן גאנצן עם ישראל איז ער בעקומען אין ירושלים.

וע"פ הנ"ל איז דאס פארשטאנדיק:

וויבאלד אז די בחירה אין ירושלים אלס אן עיר נצחית איז תלוי אין דער בחירה אין מלכות דוד אלס א מלכות נצחית, וואס דאס איז געווען דוקא ווען בא דוד'ן איז געווארן א מלכות שלימה - דערפאר איז כל זמן בא דוד'ן איז ניט געווען קיין מלכות שלימה איז ער ניט געקומען אין ירושלים עיר הקודש.

און דערנאך אז בא דוד'ן איז געווארן א מלכות שלימה, ד.ה. אז ביי אים איז ארויסגעקומען בגילוי דער ענין הנצחיות אין זיין מלכות - איז דוקא דעמולט געווארן די בחירה אין ירושלים צווישן אלע עיירות בעולם צו זיין די עיר הנצחית,

און דערפאר איז מלכות דוד, וואס איז א מלכות נצחית, דעמולט איבערגעגאנגען צו ירושלים עיה"ק, די עיר הנצחית.

מ. און נאך דעריוף וואס ס'איז געווען די בחירה אין ירושלים עיה"ק - איז די געווארן די עיר הנצחית לעולמי עד,

ביז אז די נצחיות פון ירושלים איז אויך פארבונדן דערמיט וואס דוקא אין ירושלים קען זיין א ביהמ"ק נצחי, ווי דער רמב"ם[155] פסק'נט אז "אין שם ביה לדורי דורות אלא בירושלים בלבד כו'", און ער ברענגט אויף דעריוף (אויך) דעם פסוק[156] "זאת מנוחתי עדי עד", וואס דער ענין המנוחה באווייזט אויף נצחיות,

משא"כ דעם משכן וואס מ'האט געמאכט אין שילה און אין שאר המקומות איז געווען "ואהי' מתהלך באוהל גו'"[157], ניט באופן קבוע ובאופן נצחי.

[וואס די נצחיות פון דעם ביהמ"ק אין ירושלים איז

- פארבונדן -

---

154) כ"א ב, יא. 155) הל' ביהב"ה פ"א ה"ג.
156) תהלים קלב, יד. 157) שהש"ר פ"א, טז [ג].



הנחה הת' בלתי מוגה

פארבונדן מיט דעם ארון וואס איז דארטן געווען, וואס פון משכן האט מען דעם ארון אוועקגענומען, משא"כ אין ביהמ"ק איז דער ארון באהאלטן געווארן אין דער מערה[158] אונטער דער אבן השתי'[159].

וואס דערפון וואס דער רמב"ם ברענגט די ראי' אז ירושלים איז נצחית פון דעם פסוק "זאת מנוחתי עדי עד" - איז פארשטאנדיק אז דער רמב"ם נעמט אן ווי די דעה אין מס' זבחים אז "מנוחה" (אין דעם פסוק "כי לא באתם עד עתה אל המנוחה ואל הנחלה") גייט אויף ירושלים (און ניט אויף שילה).

די נצחיות וואס איז דא אין ירושלים איז נאכמער מודגש לויט דעת רשב"י אין מסכת זבחים דארטן, וואס ער האלט אז סיי "מנוחה" גייט אויף ירושלים, און סיי "נחלה" גייט אויף ירושלים.

וואס דאס איז כהאים מיט דעם וואס מ'האט פריער גערעדט אין זהר אז די בחירה אין ירושלים איז פארבונדן מיט די נצחיות אירע - ווארום רשב"י וואס ער איז דער מרי דזהר האלט אין גמרא אז ירושלים האט אין זיך ביידע מעלות, סיי דעם ענין פון "מנוחה" און סיי דעם ענין פון "נחלה", וואס דאס איז נאכמער מדגיש די נצחיות פון ירושלים.

די איינציקע זאך וואס מאכט איינג איז - אז בשעת דער צ"צ אין אוה"ת ויצא[160] ברענגט די גמרא אין זבחים הנ"ל, ברענגט ער נאר די צוויי דעות אז "מנוחה זו שילה נחלה זו ירושלים", און "ר"ש אומר מנוחה זו ירושלים נחלה זו שילה", און ער ברענגט בכלל ניט דעת רשב"י אז "זו וזו ירושלים".

נאכמער:

מפרשי הש"ס[161] זיינען מפרש אז דאס וואס שטייט "ר"ש אומר מנוחה זו ירושלים נחלה זו שילה" איז א טעות סופר, ווארום סתם ר' שמעון איז רשב"י[162], און רשב"י זאגט גלייך ווייטער אין דער זעלבער סוגיא אז "זו וזו ירושלים" -

און אעפ"כ מאכט זיך דער צ"צ אינגאנצן ניט וויסנדיק פון דעם, און ברענגט נאר דעת ר' שמעון, און ניט דעת רשב"י!

און מ'האט שוין אמאל גערעדט וועגן דעם בשעת מ'האט מבאר געווען הל' ביהב"ח[163].

- מא. -

---

158) רמב"ם שם פ"ד ה"א. 159) יומא נג, סע"ב. רמב"ם שם. 160) קפו, א ואילך. 161) טורי אבן למגילה ט, סע"ב. הובא ברש"י כאן. 162) פרש"י ד"ה משמו - שבועות ב, א. פיהמ"ש להרמב"ם בהק' ד"ה הפרק הששי. 163) לקו"ש פקודי חשל"ז.

מא. עכ"פ - ע"ד ווי דער תורה חסד האט אמאל געזאגט[164] - בנוגע צו "מחה אמחה את זכר עמלק", און "תמחה את זכר עמלק"[165], צי מ'זאל לייענען "זכר" מיט א צירי, אדער "זכר" מיט א סגול - "זכר (בסגול) זכר (בצירי) אבי גוט אפמעקן" -

איז עד"ז בעניננו: "מנוחה" אהער, "נחלה" אהין - אבי עס זאל שוין קומען די גאולה האמיתית והשלימה, און עס זאלן זיין ביידע זאכן צוזאמען, "מנוחה" און "נחלה", און אין אן אופן פון "עדי עד",

בביאה משיח צדקנו "ובנה ביהמ"ק במקומו"[166] אין ירושלים, וואס "פרזות תשב ירושלים"[167].

ובעבודת האדם איז דאס - ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת[168] מיוסד אויף דעם תוספות[169], אז ירושלים איז "יראה שלם", שלימות היראה.

און פון דער שלימות פון כל אחד וכל אחת פון בנ"י בפשטות בגשמיות, אין בני חיי ומזוני רויחי ובכולם רויחי.

און מ'זאל גיין מקבל זיין משיח צדקנו מתוך הרחבה און מתוך הרווחה, "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו"[170],

און גיין מיט אלע ענינים, "וכספם וזהבם אתם"[171], ווארום "לא תשאר פרסה"[172].

און עס זאל זיין דער "ויקהל משה", "קהל גדול ישובו הנה"[173], און דער "אלה פקודי המשכן משכן העדות אשר פוקד ע"פ משה", ווי חז"ל[174] זאגן אז דאס וואס עס שטייט "משכן משכן שני פעמים" איז דאס מרמז אויפן "משכן שנתמשכן בשני חורבנין"[175],

וכמדובר כמ"פ אז דער גדר פון א משכון איז - אז דער וואס האלט דעם משכון האלט דאס בשלימותו, און איז ניט משנה די מציאות פון דער זאך, און דערנאך קערט ער דאס אום אויך בשלימותו.

און דערנאך גייט מען צו "ויקרא אל משה וידבר ה' אליו מאוהל מועד", וואס דאס גייט אויף דעם משה שבכאו"א,

- און -

-------------

164) הובא בקצות השולחן בהערה לסוף ח"ד (בסופן).
165) בשלח יז, יד. תצא כה, יט. 166) רמב"ם הל' מלכים ספי"א. 167) זכרי' ב, ח. 168) ר"ה ס, ב. 169) ד"ה הרי - תענית טז, א. 170) בא י, ט. 171) ישעי' ס, ט.
172) בא שם, כו. 173) ירמי' לא, ה. 174) תנחומא פקודי ב. שמו"ר פנ"א, ג. פרש"י עה"פ. 175) ל' רש"י שם.

כ - ש"פ ויק"פ, פ' החודש -

און "גואל ראשון הוא גואל אחרון"[176] - בביאה משיח צדקנו, וואס ער וועט מבטל זיין דעם גלות, און דערנאך ברענגען די אתחלתא דגאולה, און דערנאך די גאולה האמיתית והשלימה,

במהרה בימינו ובעגלא דידן ממש.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

---

176) ראה שמו"ר פ"ב, ד. זח"א רנג, א. ועוד.

בס"ד. קטע משיחת ש"פ ויק"פ, פ' החודש, מבה"ח ניסן ה'תש"מ.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. המדובר לעיל[1]: וועגן "לא בחרתי בעיר מכל שבטי ישראל"[2], נאר אין ירושלים, ועד"ז דאס וואס מ'האט גערעדט אין דעם מאמר[3] (וואס ער איז מיוסד אויף דעם צ"צ'ס א מאמר[4], און אויף די דרושים פון רבותינו נשיאינו שלאחריו) וועגן "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים"[5] - איז פארבונדן מיט אן ענין שהזמן גרמא.

וואס מ'געפינט זיך דאך אין א העלם והסתר פון א חושך כפול ומכופל, און ס'איז שוין "כלו כל הקיצין"[6], ביז אז אלע סימנים בלתי רצויים פון דרא דעקבתא דמשיחא וואס די גמרא[7] רעכנט אויס - געפינט מען אין אונזער דור (ניט נאר אין דעם דור שלפנ"ז) -

איז דער חושך כפול ומכופל געווארן אזוי גרויס, אז עס געפינט זיך א איד וואס נוצט אויס די בחירה וואס כ'האט אים אפגעגעבן, צו זיין "ובחרת בחיים"[8] - אויף בוחר זיין צו האבן א סברא אז די שטחים פון ארץ ישראל. ביז אויך ירושלים עיה"ק, וואס דער אויבערשטער האט אין איר בוחר געווען, און "כח מעשיו הגיד לעמו להת להם נחלת גוים" - זאל מען רח"ל אפגעבן צו גוים!

וואס דאס איז א איד מיט א בארד, און א איד וואס טענה'ט אז אזוי דארף זיין ע"פ תורה.

וואס דאס באווייזט נאכמער אויפן חושך כפול ומכופל - ווארום תמורה זה וואס די הורה איז געגעבן געווארן בכדי עס זאל זיין "אתהפכא חשוכא לנהורא", און בכדי אז די תורה זאל באלייכטן די וועלט - איז דא נעמט מען די הורה און מ'נוצט איר אויף מאכן נאך א טיפערן חושך כפול ומכופל!

וואס אזא זאך איז קיינמאל ניט געהערט געווארן!

ביז אז ער פארבינדט דאס אויך מיט א פשט'ל, אז וויבאלד אז די תורה איז געגעבן געווארן אין מדבר - איז א ראי' אז מ'דארף ניט האבן די שטחים פון ארץ ישראל.

זאל ער אויפעפענען א ספר וואס הייסט מכילהא, וואס

- דאס -

------------

1) בהשיחה ס"ל. - בהביאור בלקוטי לוי"צ לזה"ב קצח, א (ע' קנג ואילך). 2) כ"א ה, טז. 3) ד"ה החודש הזה לכם גו'. 4) נדפס באוה"ה בא ע' רנג ואילך. 5) תהלים קיא, ו. פרש"י ר"פ בראשית. 6) סנהדרין צז, ב. 7) סוף מס' סוטה. 8) נצבים ל, יט.

דאס איז א ספר וואס תנאים האבן געשריבן, און זעהן וואס שטייט דארט, פארוואס די תורה איז געגעבן געווארן אין מדבר, און ניט אין ארץ ישראל -

אז דאס איז בכדי די א"י'דיקע אידן זאלן ניט זאגן אז די תורה באלאנגט נאר צו ארץ ישראל, אדער אז לומדי תורה דארפן זיינען נאר שייך אין ארץ ישראל - נאר די תורה איז שייך צו אלע אידן, אויך אין חו"ל, ביז אפילו צו אידן וואס געפינען זיך אין א מדבר שממה.

ב. פרעגט מען ביי אים: פון וואנעט נעמט ער אזא זאך אין תורה אז מ'קען אפגעבן די שטחים?

ענטפערט ער ניט!

וואס אפילו ווען א קטן קומט ביי אים פרעגן וואס איז זיין מקור אין תורה אויף דעם וואס ער זאגט, און פארשטייט זיך אז ער פרעגט דאס ביי אים ווי יענער וויל - אז ער שטעלט זיך פאר אים אוועק, און ער רעדט מיטן גאנצן דרך ארץ און יראת הכבוד, ווארום ער איז א גדול בישראל -

איז ער אים מחוייב ענטפערן וואס זיין מקור איז!

און אויב ער זאגט אז ער האט קיין צייט ניט צו ענטפערן, און ס'איז אינו לפי כבודו וכו' - דארף ער וויסן אז דאס איז היפך הנהגה התורה, און היפך דעם ענין פון אהבת ישראל, וואס איז איין זאך מיט "ואהבת את ה' אלקיך"[9]. ביז אז ביי א גר איז דא דער ציווי פון אהבת הגר צוויי מאל, ווי דער רמב"ם זאגט[11]!

און דורך אזא הנהגה שטויסט ער אוועק אידן פון אידישקייט רח"ל, און זיכער וועט ער ניט מצליח זיין!

ווארום ע"פ תורה איז "לא הביישן למד"[12], און דער תלמיד מוז פרעגן בא רבו אן ענין וואס ער פארשטייט ניט, און דער עיקר איז - אז רבו מוז אים ענטפערן[13].

ביז אז ר' פרידא האט געלערנט מיט זיין תלמיד 400 מאל דעם זעלבן ענין בכדי ער זאל דאס פארשטיין[14], ד.ה. אז אע"פ וואס ער האט דאס מיט אים געלערנט 399 מאל, און דער תלמיד האט דאס ניט פארשטאנען - איז ר' פרידא ניט נתפעל געווארן, און ער האט דאס מיט אים געלערנט נאכאמאל!

- ועאכו"כ -

-------------

9) עה"פ יתרו יט, ב. וראה גם במדב"ר פי"ט, כו. תנחומא חקת כא. 10) סה"ש ה'ש"ת ע' 3. 11) הל' דעות פ"ו ה"ד.
12) אבות פ"ב מ"ה. 13) הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד סי"ח. וש"נ.
14) עירובין נד, ב.

ועאכו"כ בנדו"ד - וואס יענער וויל דאס דעם תלמיד ניט מסביר זיין אפילו איין מאל!

ג. ביי אומות העולם להבדיל, איז טאקע דא איינער וואס וואס ער זאגט נאר דארף מען מקבל זיין, אן פרעגן קיין שאלות;

אבער בא אידן איז צוזאמען דערמיט וואס "כל המהרהר אחר רבו כמהרהר אחר שכינה"[15], ווי דער מכילתא לערנט דאס אפ פון דעם פסוק[16] "ויאמינו בה' ובמשה עבדו" - אז די אמונה אין ה' איז פארבונדן מיט דער אמונה אין משה'ן -

דארף א תלמיד פרעגן א שאלה אפילו בא משה רבינו, און משה רבינו דארף אים ענטפערן, און אנווייזן זיין מקור וכו', און דאס איז דרך והנהגת התורה!

וואס דאס רעדט זיך ניט נאר אויב א תלמיד גדול, און א גאון גדול קומען ביי אים פרעגן וואו איז דער מקור אויף דעם וואס ער האט געזאגט - נאר אפילו אויב אן איש פשוט פון שוק פרעגט "מאיזה טעם דנתוני"[17] - איז ער איז אויך מחוייב צו ענטפערן.

און אויב ער ענטפערט אז דאס וואס ער זאגט איז הלכה למשה מסיני - איז "אם קבלה היא"[18] דארפסטו זאגן פונקט ווען דו ביסט געשטאנען אויף הר סיני, און אנווייזן פונקט דעם ארט וואו דו ביסט געשטאנען אויף הר סיני ווען דער אויבערשטער האט דאס דיר איבערגעגעבן!

"ואם לדין יש תשובה"[19]: אויב ער טענה'ט אז דאס איז סתם א הלכה, און מ'פרעגט אים וואס זיין מקור איז - דארף ער אנווייזן וואו דער מקור אויף דערויף איז, כנ"ל.

און דער תירוץ אז ער האט ניט קיין צייט און ס'איז אינו לפי כבודו - איז ניט קיין תירוץ ע"פ תורה, ווארום ע"פ תורה מוז ער אנווייזן זיין מקור, אויב דער תלמיד פרעגט דאס ביי אים.

ובפרט אז מ'ווייזט אים אן אז אין תורה שטייט פונקט פארקערט, אז ווען עס קומט צו א מעמד ומצב פון פקו"נ - זאגט הורה בפירוש אז אויב דאס איז אן "עיר הסמוכה לספר" דארף מען דאס אפהיטן מיט "כלי זיין", אפילו אויב די גוים זיינען געקומען נאר צוליב "התבן וקש".

- ד. -

---

15) סנהדרין קי, א. 16) בשלח יד, לא. 17) סנהדרין לא, ב. רמב"ם הל' סנהדרין פ"ו ה"ו. טושו"ע חו"מ סי"ד. 18) ראה יבמות עו, ב בכשנה. ועוד. 19) יבכוה שם. 20) שו"ע או"ח סשכ"ט ס"ו. שו"ע אדה"ז שם.

ד. דערביי קומט צו די הוראה וואס מ'דארף ארויסנעמען פון דעם וואס מ'לעבט מיט דער צייט, און מיט ענינים וואס טרעפן בהשגחה פרטית בכל יום ויום.

ווי גערעדט באריכה אין דער פריערדיקער ההתוועדות[21], אז אין ימי הפורים האלה האט געטראפן א נס וואס איז פונקט ווי דער נס וואס איז געווען פורים בפעם הראשונה.

וואס בי"ג באדר ש.ז. (ביום השבת) האט די מדינה געשטימט פאר א גזירה קעגן ארץ ישראל, און דערנאך, מצד דעם וואס ביי אידן איז געווען "לא יכרע ולא ישתחוה"[22] האט דאס גע'פועל'ט "נפל פחד היהודים עליהם"[23], און בי"ד באדר, פורים, און בט"ו אדר האט דער מושל המדינה חרטה געהאט פון דעם וואס מ'האט פריער געשטימט.

וואס דאס איז א דבר פלא ביותר, ווי אלע זאגן פה אחד - ווארום ס'איז קיינמאל ניט געהערט געווארן אז א "מושל בכיפה" זאל זאגן בפרסום הכי גדול אז "דברים שאמרתי לפניכם טעות הן בידי"[24], און אפילו א מלך קטן אדער אפילו א שר קטן האט דאס קיינמאל ניט געטאן, ועאכו"כ א "מושל בכיפה" -

און דא איז ער געקומען און האט געזאגט בפרסום, אז דאס וואס מ'האט פריער געטאן איז געווען א טעות, וואס לכאורה האט ער דאס געקענט טאן שטילערהייד, אן א טומל, און אעפ"כ האט ער דאס געטאן בפרסום הכי גדול.

וואס דער איינציקער טעם פארוואס ער האט דאס געטאן, ווי ס'איז כעצמו מובן, און אלע זאגן דאס - איז דערפאר וואס "נפל פחד היהודים עליהם".

און דאס גופא איז געווארן צוליב דעם וואס אידן האבן זיך געפירט אין אן אופן פון "לא יכרע ולא ישתחוה", וואס לכתחלה איז טאקע געווען אזוינע וואס "נהנו מסעודתו"[25] פון דער מלוכה, און צוליב אן ענין פון ממון און כבוד איז מען געווען בטל צו זיי, אבער דערנאך איז געווארן א תנועה פון "לא יכרע ולא ישתחוה" - האט דאס גלייך גע'פועל'ט אז "נפל פחד היהודים עליהם".

ה. וואס אע"פ אז דער מושל המדינה האט נאר חרטה געהאט לפנים, און באמת האלט ער ניט דערביי - איז דאס אבער אויך א דבר פלא אז ער זאל דאס טאן אפילו לפנים.

- אויך -

------------

21) קטע משיחה ש"פ תשא, פ' פרה. 22) ל' הכתוב - אסתר ג, ב. 23) ל' הכתוב - שם ח, יז. 24) ל' הש"ס - שבת סג, ב. וש"נ. 25) ראה מגילה יב, א. פרש"י עה"פ אסתר ד, א.

[איך אין די מגילה געפינט מען אן ענין לפנים, ווי די גמרא[26] זאגט אז דער אויבערשטער האט לכתחלה גוזר געווען די גזירה אויף אידן נאר "לפנים", אבער ער האט ניט געהאלטן בא דעם].

און אויב אידן וועלן ממשיך זיין זיך פירן, אויך נאך דער מעשה, אין אן אופן פון "לא יכרע ולא ישתחוה", און בתוקף - וועט דאס פועל׳ן אז דאס וואס ער האט געטאן לפנים, זאל ווערן א דבר אמיתי.

וואס דאס איז ע"ד ווי דאס איז געווען אין זמן פון מגילה:

אע"פ וואס המן האט מען אויפגעהאנגען ביום ב׳ דפסח [וואס דערפאר שטייט אין שו"ע[27] אז "טוב לעשות איזה דבר בסעודה ביום ב׳ לזכר לסעודת אסתר שהיתה ביום זה שבו ביום נתלה המן"] - איז אבער בא די גוים אין אלע "שבע ועשרים ומאה מדינה"[28] געווען א ספק צי אחשורוש האט טאקע חרטה געהאט פון דעם וואס ער האט געזאגט פריער "והעם לעשות בו כטוב בעיניך"[29], אדער ער האט ניט חרטה געהאט.

[ביז אז עס זיינען דא מפרשים[30] וואס לערנען אז אויך פון דער אגרת הראשונה (אגרה המן) האבן ניט אלע גוים געוואוסט];

ווען איז געקומען שלימות הנס - כמעט א יאר נאך דערויף וואס מ׳האט אויפגעהאנגען המן, וואס אין י"ג אדר בשנה הבאה זיינען אידן נאך געשטאנען אין אן אופן פון "לא יכרע ולא ישתחוה", און דעמולט איז "נקהלו לעמוד על נפשם"[31] - זיי האבן גענומען כלי נשק און געגאנגען מלחמה האבן מיט די שונאים,

און ערשט דעמולט איז ארויסגעקומען דער נס בשלימות.

ד.ה. אז וויבאלד אידן האבן זיך ניט מסתפק געווען מיט שטיין בתוקף "לא יכרע ולא ישתחוה" בשעה די גזירה, נאר זיי האבן ממשיך געווען אין דער "לא יכרע ולא ישתחוה" במשך פון א גאנצן יאר, ביז אז אין דעם קומענדיקן יאר זיינען זיי געגאנגען מלחמה האבן מיט די שונאים - האט דאס גע׳פועל׳ט אז דער נס זאל זיין בשלימות.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע לענייננו:

- כאטש -

---

26) מגילה שם. 27) אדה"ז או"ח סת"צ ס"ב. כמג"א שם סק"א. 28) ל׳ הכתוב - אסתר א, א. ח. ט. ט, ל. 29) אסתר ג, יא. 30) ראה מלבי"ם עה"פ שם, יד. 31) טור או"ח בהרפ"ו. וראה אסתר ה. יא. ט, ב. טז.

כאטש מ'קען זאגן אז מושל בדינה זו האט חרטה געהאט פון דעם וואס מ'האט געשטיצט פאר די גזירה קעגן ארץ ישראל נאר לפנים - איז אבער דאס גופא וואס ער האט דאס אפילו געטאן לפנים, איז אויך א דבר פלא.

און אבער אויב אידן וועלן זיך איצטער ווייטער האלטן בהוקף - וועט דאס זיכער פועל'ן אז פון דעם לפנים זאל ווערן א דבר אלוהי, און עס וועט זיין דער אכט'ער ענין פון "נפל פחד היהודים עליהם", פונקט ווי דאס איז געווען "בימים ההם".

ו. און דאס ווערט אויפגעטאן בזמן הזה דוקא דורך דעם וואס אידן וועלן זיך פירן ווי מרדכי האט זיך דעמולט געפירט -

אז ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס ער איז געווען א "יושב בשער המלך"[32], און דערנאך איז ער געווארן א משנה למלך[33],

וואס א משנה למלך "רק הכסא אגדל ממך", ווי עס שטייט בא יוסף[34] - ווארום שליבוה ענין המלכות איז ניט שייך ביז ביאת משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין "השם שלם והכסא שלם"[35], אבער כל זמן וואס "אכתי עבדי אחשורוש אנן"[36] איז נאר שייך זיין א משנה למלך -

איז אבער ווען עס איז געקומען צו אן ענין וואס איז נוגע צו אידן און אידישקייט - איז ער פון גארניט נתפעל געווארן, און ער איז אוועק פון "שער המלך"[37] און באוויזן אז ס'איז ניט "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה"[38], און "וילבש שק ואפר"[39], און ער האט געזאגט אידן אז מ'זאל פאסטן ("וצומו עלי")[40],

ביז אז ער האט צוזאמענגעקליבן אידישע קינדער און מיט זיי געלערנט הל' ביה הבחירה[41] וואס דורך דערויף איז "אני מעלה עליהם כאילו הם עוסקין בבנין הבית"[42],

און ביז אז ווען מ'האט געדארפט דערצו אנקומען איז - "נקהלו לעמוד על נפשם". און מ'איז געגאנגען מלחמה האבן מיט די שונאים, ווי דער שו"ע פארלאנגט מ'זאל דאס טאן.

ז. און ע"ד ווי מרדכי האט זיך געפירט אין זמן פון אחשורוש, און יוסף אין זמן פון פרעה -

- עד"ז -

------------

32) אסתר ב, כא. 33) שם ה. ב. י, ג. 34) מקץ מא, א. 35) תנחומא ס"פ תצא. פרש"י עה"פ בשלח יז, טז. 36) מגילה יד, א. 37) ראה אסתר ד, ב. 38) עקב ח, יז. 39) אסתר שם, א. 40) שם, טז. 41) מגילה טז, א. אסת"ר פ"י, ד. 42) תנחומא צו יד.

עד"ז פירן זיך "מאן מלכא רבנן"[43] בזמן הזה, אז מ׳ווערט פון גארניט נתפעל, און ווען מ׳קומט צו א רב א "בעלן", וואס זיצט בא זיך בחדרי חדרים, און מ׳פרעגט ביי איס א דין: צי ע"פ תורה דארף די מלוכה שטיצן ישיבות מיט געלט וכיו"ב - זאגט ער אז זיכער יע!

פרעגט מען איס צי מ׳קען דאס מפרסם זיין בשמו?

זאגט ער: מ׳דארף דאס ניט גיין מפרסם זיין, ווארום ער אליין וועט דאס גיין מפרסם זיין!

דערנאך פרעגט מען ביי איס: מעג מען אפגעבן שטחים וואס מ׳דארף האבן צוליב פקו"נ?

ענטפערט ער: איר האט פארשפעטיקט, ווארום איך האב שוין מפרסם געווען דעם דין, דערפאר וואס דער אויבערשטער האט שוין לאנג צוריק גע׳פסק׳נט אין זיין שו"ע אז דאס איז אסור,

און ער האט געזאגט אז דער שואל וואס פרעגט אזא שאלה איז "ה"ז שופך דמים", און "הנשאל ה"ז מגונה שהי׳ לו לדרוש ברבים שמותר"[44], ער האט געדארפט מפרסם זיין דעם דין, און פועל׳ן אז עס זאל ניט זיין קיין איין און איינציקער וואס זאל ניט וויסן פון דעם דין!

און דוקא ווען רבנים בזמננו פירן זיך אין אזא אופן, זיינען זיי ממלא תפקידם וואס זיי דארפן ממלא זיין.

וואס מ׳זעט טאקע אז דער טומל האט געהאלפן, און מ׳האט גע׳פועל׳ט אז מ׳זאל ניט שווייגן נאר זאגן א קלארן פסק דין, ביז אז כמה רבנים האבן געפונען דעם אומץ לב און געשיקט א בריוו צו מושל מדינה זו.

וואס דאס באווארענט די טענה, אז מ׳דארף שווייגן און גארניט זאגן, ווארום יענער וועט סיי-ווי ניט פאלגן, און דוקא אויב יענער וועט קומען פרעגן א שאלה וועט מען איס ענטפערן -

ווארום דא זעט מען אז מ׳האט געשיקט בריוו צו דעם מושל המדינה, וואס קרוב לודאי וועט דאס ניט פועל זיין, און ער וועט ניט פאלגן - און פונדעסטוועגן האט מען דאס געטאן - ווארום אלס רבנים מוז מען מוחה זיין און ניט נתפעל ווערן טאמער יענער וועט ניט פאלגן.

ח. ועד"ז בנוגע צו דעם ענין פון פקו"נ וואס איז איצטער

- דא -

---

43) ראה גיטין סב, סע"א. 44) שו"ע אדה"ז או"ח ססכ"ח ס"ב. וש"נ.

דא אין ארץ ישראל - וואס ס'איז דא דער בפירוש'ער פסק דין אין ב"י (און מיט נאכמער ביאור - אין רמ"א) הלכות שבת סימן שכ"ט, אז אין אן "עיר הסמוכה לספר" וואס קומען אהין צוגיין גוים "על עסקי תבן וקש", "אפילו לא באו אלא ממשכשים לבוא" - איז "יוצאים עליהם בכלי זיין ומחללין עליהם את השבת".

וואס איצטער איז געווארן א מעמד ומצב וואס איז נאך קיינמאל ניט געהערט געווארן - אז איינער קומט און זאגט אז צוליב פקו"נ דארף מען אפגעבן די שטחים!

און מ'פרעגט ניט בא מומחים באותו ענין צי דאס איז פקו"נ - וואס דאס איז אויך קיינמאל ניט געהערט געווארן, אז מ'זאל זאגן א פס"ד ע"פ תורה אן פרעגן די מומחים באותו ענין, ווי תורה זאגט מ'זאל טאן!

דערנאך, וויבאלד אז מ'האט טענות אז מ'פרעגט ניט בא מומחים - זאגט מען אז מ'האט געפרעגט בא מומחים.

פרעגט מען זיי: ווער זיינען די מומחים בא וועמען איר האט געפרעגט?

ענטפערן זיי ניט!

און אפילו אויב זיי האבן געפרעגט בא מומחים - פרעגט מען זיי צי זיי האבן ניט געזאגט קיין "באבע-מעשיות" צו די מומחים - אז דא רעדט זיך וועגן אן אנדער זאך: וועגן די ג' שבועות, און וועגן די אתחלתא דגאולה, מיט די אלע ענינים של שקר וואס האבן קיין שייכות ניט צו דעם ענין וועגן וועלכע עס האנדלט זיך דא, וואס דאס איז - דער ענין פון פקו"נ ממש פון דריי מיליאן אידן אין ארץ הקודש!

און דא איז ניט די הדגשה אויף ארץ הקודש - נאר דער פס"ד אין הלכות שבת איז בנוגע צו אן "עיר הסמוכה לספר" אויך אין חו"ל, ביז אפילו אין אן ארץ שממה, איז אויב דארטן איז נאר דא א ישוב פון אידן - איז דארטן נוגע דער פסק דין.

ט. און דער טעם פארוואס "יוצאים עליהם בכלי זיין ומחללין עליהם את השבת" בשעת גוים קומען "על עסקי תבן וקש" - שטייט אויך בפירוש, אז דאס איז דערפאר "שמא ילכדו העיר ומשם תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם",

וואס דעדפאר איז דאס דער איינציקער אבן הבוחן צי מ'מעג אפגעבן די שטחים צי ניט, מ'דארף א פרעג-טאן: אויב מ'וועט אפגעבן די שטחים צי עס קען ווערן "משם תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם" צי ניט!

און דאס איז ניט תלוי אין קיין אנדער זאך - ניט צי

- עס -

עס וועט צוקומען געלט אין ישיבות, אדער עס וועט צוקומען כבוד, אדער עס וועט צוקומען אין הפצת המעיינות, און אין די מבצעים - נאר די איינציקע שאלה איז - צי עס ווערט "הארץ נוחה ליכבש לפניהם"!

און אויב יע, ווי די מציאות איז בפועל, ווי אלע מומחים זאגן - טאר מען בשום אופן ניט אפגעבן קיין שטחים, נאר מ׳דארף זיך אוועקשטעלן מיט כלי נשק און באשיצן די אלע שטחים.

י. וואס וויבאלד אז דאס איז א קלארער פס"ד אין שו"ע - איז דערמיט ניט שייך זיך צו דינגען.

און אפילו אויב מ׳איז א גדול בישראל, וואס פארשטייט שוין גאנץ הורה וכו׳ - קען מען זיך אויך ניט דינגען מיט דעם.

ביז ווי דער מדרש[45] זאגט, אז אפילו שלמה המלך וואס אויף איס שטייט "ויחכם מכל אדם"[46], איז אבער ווען ער האט געוואלט לערנען דעם פסוק[47] "ולא ירבה לו נשים ולא יסור לבבו" מיט א טעם בדבר - "עמד שלמה המלך והחכים על גזירתו של הקב"ה, ואמר, למה אמר הקב"ה לא ירבה לו נשים לא בשביל שלא יסור לבבו אני ארבה ולבי לא יסור" [וואס דאס איז ווי די גמרא[48] זאגט אז ר׳ שמעון "הי׳ דריש טעמא דקרא", און ווען דער טעם איז ניט חל איז אויך די גזירת הכתוב ניט חל] -

האט אבער דער אויבערשטער געזאגט: "שלמה ואלף כיוצא בו יהיו בטלין וקוצה ממך איני מבטל"! ווארום אפילו אן "אות אחה"[49] בתורה קען קיינער ניט מבטל זיין!

איז דאך עאכו"כ בנדו"ד, וואס יענער וויל זאגן א זאך וואס איז נוגע צו שלימות התורה, שלימות ישראל, און שלימות הארץ!

וואס דא זעט מען ווי טיף דער חושך כפול ומכופל איז געווארן - אז ביז איצט האט מען נאר געדארפט באווארענען אז גוים זאלן ניט זאגן "לסטים אתם", ווארום "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים", און איצטער איז געווארן א מעמד ומצב אז אידן טענה׳ן אז "לסטים אתם"!

- אבער -

---

45) שמו"ר פ"ו, א. ילו"ש מלכים ריז קצה (בסופו). תנחומא וארא ה. וראה גם ירושלמי סנהדרין פ"ב ה"ו. ויק"ר פי"ט, ב. שהש"ר פ"ה, יא [ג]. ילו"ש שה"ש רמז תתקצ. 46) מ"א ה, יא. 47) שופטים יז, יז. 48) ב"מ קטו, א. וש"נ. וראה ילו"ש מלכים שם. 49) כ"ה בילו"ש (מלכים) ותנחומא שם.

אבער זיכער וועט דער אויבערשטער אויך דאס באווארענען, און עס וועט ווערן דער "פתח דברך יאיר"[50], פון "ויאמר אלקים יהי אור"[51], וואס שטייט גלייך נאך "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ"[52].

און סוף כל סוף וועט דאך יענער חרטה האבן און זאגן אז "דברים שאמרתי לפניהם טעוה הן בידי" - ווארום וויבאלד אז אין שו"ע שטייט בפירוש היפך פון וואס ער זאגט - איז ביטן שו"ע קען מען זיך דאך ניט שפארן, און עאכו"כ ניט זאגן היפך פון דעם שו"ע:

איז אויב ער וועט זוכה זיין, וועט ער אליין מודה זיין אז ער האט געמאכט א טעוה, און אויב ניט - וועלן סוף סוף זיינע תלמידים זיכער כאפן זיך אז ער האט געמאכט א טעות, און איינער פון זיי וועט דאס מפרסם זיין אז דאס וואס ער האט געזאגט איז ניט אמת, און דערפון וועט אויך ארויסקומען היפך דער ענין פון יראת שמים בא זיינע תלמידים.

יא. וואס אע"פ אז דערנאך האט יענער געזאגט אז ער האט קיינמאל ניט געזאגט אזא זאך וועגן די שטחים וכו׳ - איז אבער תלמידיו גייען ארום און זאגן דאס בשמו.

וואס די תלמידים זיינע זיינען אזוי ווי "דתן" אדער "אבירם", אדער - וויביידע פון זיי, וואס זיי גייען ארום און ווילן נאר שאפן מחלוקת צווישן אידן!

און מ׳ווייסט אויך זייערע נעמען, אבער כרגילתי דערמאן איך ניט קיינע נעמען, ווארום אין דערויף איז ניטא קיין תועלה, ובפרט אז די וואס דארפן וויסן ווער זיי זיינען ווייסן דאס,

און מ׳ווייסט אויך אז זיי זיינען לעצטן׳ס געווען דא אין ניו יארק.

איז וויבאלד אז זיי זאגן דאס בשמו און ער לייקנט דאס - דארף ער ארויסקומען און מוחה זיין אז דאס איז ניט אמת.

זאגט ער, אז אויב ער וועט דאס מפרסם זיין וועט ווערן א חילול השם!

פון וועמען וועט ווערן א חילול השם - עס וועט ווערן א חילול השם פון דתן ואבירם!

אבער אז דערפון ווערט א חילול פון שם שמים און פון שו"ע - איז דאס טראכט ער ניט!

- און -

---

50) תהלים קיט, קל. 51) בראשית א, ג. וראה ב"ר פ"ג, א. 52) בראשית שם, א.

און דער טעם אויף דעם וואס זיי גייען ארום און זאגן אזוי בשמו איז - דערפאר וואס זיי זיינען דחן ואבירם, און זיי פרואוון אפשר וועט זיך זיי איינגעבן צו גורם זיין א מחלוקת בא אידן!

וכמשל הידוע וואס ברענגט זיך אין שיחות אז א ליכטל איידער זי פארלעשט זיך - גיט זי א שפרונג; ועד"ז בסוף הלילה, איידער עס קומט דער עמוד השחר, ווערט א חושך גדול וואס איז פינסטערער פאר דעם חושך פון א גאנצע נאכט; ועד"ז גלייך פאר דעם וואס ער ווערט נגמר דער בישול פון א מאכל, הויבן זיך אן קאכן די שולי קדירה.

און דאס איז אלץ א משל אויף דעם - אז גלייך פאר ביאת משיח צדקנו הויבן זיך אן די שיריים פון דער קדירה צו וואַרפן זיך - טאמער וועט זיך עפעס איינגעבן צו אפהאלטן אידן און שכינתא בגלותא[53] נאך א רגע!

און דאס פרואוון זיי טאן מיט אריינוואַרפן מחלוקת צווישן אידן, ווארום לע"ל וועט דאך קיין מחלוקת שוין ניט זיין, ווי דער מיטעלער רבי איז מבאר[54] אז לע"ל וועט זיין דער שלימות פון "פדה בשלום נפשי"[55] - איז דערפאר פרואוון זיי אריינכאפן נאך אין די לעצטע טעג פון גלות צו אריינ-וואַרפן מחלוקת און שנאת חנם צווישן אידן.

וואס בפנימיות איז דער הוראה וואס מ'דארף דערפון ארויסנעמען - אז אין די לעצטע טעג פון גלות דארף מען נאכמער פארשטארקן דער ענין פון "אהבת ישראל", וואס איז איין זאך מיט "ואהבת את ה' אלקיך",

און דערפאר גופא דארף זיין א מנגד צו דער ענין פון אהבת ישראל בכדי עס זאל ארויסרופן דער ענין פון אהבת ישראל בא אידן.

און ס'איז א זיכערע זאך אז זיי וועלן ניט אויספירן דאס וואס זיי ווילן אויספירן, ואדרבה - אויך זיי וועלן תשובה טאן.

יב. ויה"ר אז פון דער נס וואס איז געווען בימי הפורים האלה, זאל מען ארויסנעמען די הוראה המתאימה - אז מ'דארף שטיין בתוקף בנוגע צו ירושלים עיר הקודש.

ועאכו"כ אז מ'דארף שטיין בתוקף בנוגע צו פקו"נ פון גאנץ ארץ ישראל, וואס דאס איז נאכמער חמור און מער רציני ווי דער ענין פון ירושלים.

- און -

---

(53) מגילה כט, א. (54) בשערי תשובה ד"ה פדה בשלום פי"א (נה, ג ואילך). (55) תהלים נה, יט.

און דורך דעם וואס אידן וועלן שטיין בתוקף אין אלע ענינים, כולל אויך אין אהבת ישראל - וועט דאס ברענגען משיח צדקנו, וואס ער איז א "מלך מבית דוד הוגה בתורה . . כדוד אביו, כפי תורה שבכתב ושבעל פה"[56] - אז ער וועט ניט אריינשטעלן אין תורה וואס ער וויל, נאר ער וועט לערנען אמיתיה של תורה, וואס תורה וויל, און דאס וועט אראפקומען ביי אים אין זיין מחשבה, דיבור, ביז אין מעשה,

און דערנאך וועט זיין "ילחם מלחמות ה'"[56] - ער וועט מלחמה האבן פאר דעם אויבערשטן אויף דעם וואס דער אויבערשטער וויל, און פארוואס דער אויבערשטער וויל, און ווי דער אויבערשטער וויל,

"ויבנה מקדש במקומו ויקבץ נדחי ישראל"[56], און דערנאך וועט ער ברענגען די אתחלתא דגאולה, און דערנאך די גאולה האמיתית והשלימה, "והיתה לה' המלוכה"[57],

בקרוב ממש, ובעגלא דידן.

---

56) רמב"ם הל' מלכים ספי"א. 57) עובדי' א, כא.

ב"ה. שיחת ר"ח ניסן ה'תש"מ.

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

א. אין דער קריאת התורה פון דעם שבת דאזליגן מינ', וואס דאס איז דאך געווען שבת פ' החודש, און אויך פ' ויקהל-פקודי, האט זיך דארט געליינט אפי' אין די פרשת השבוע, אז וידבר ה' אל משה לאמר, אז בחודש הראשון באחד לחודש איז תקים את המשכן, און דערנאך איבער גע'חזר'ט נאכאמאל אז בשעת ס'איז געווען ויהי בחודש הראשון בא' לחודש איז הוקם המשכן.

וואס די תורה איז דאך נצחית, איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז בכל שנה ושנה איז הימים האלו איז נזכרים ובדרך ממילא נעשים - איז הוקם המשכן.

און בפרט נאך ע"פ הידוע אז כאטש אפי' דער משכן ווערט אנגערופן "ואתהלכה באהל", ניט קיין בנין קבוע של אבנים, ווי ס'איז געווען דער מקדש, האט דאס אין זיך (דוקא דער משכן) מעין פון דעם ביהמ"ק השלישי, וואס ער איז דאך א בנין נצחי - מקדש אדנ-י כוננו ידיך - משא"כ דער ביהמ"ק ראשון עאכו"כ ביהמ"ק שני, איז דערנאך מיט זיי געווען דער ענין פון פקודי המשכן משכן העדות - שני פעמים - ע"ש המשכנות.

משא"כ דער משכן מעשה ידי משה - לאטש אפי' אז לכאורה איז דאס אויך בגדר מעשה ידי אדם, זאגט מען אבער אז וויבאלד אז וואס פאר א אדם איז דאס - איז דאס משה רבינו, וואס מעשיו זיינען נצחיים, און אויך דער משכן איז נגנז, און יתגלה לע"ל בשלימותו מיט אלע פרטים ווי דאס איז געמאכט געווארן ע"י משה רבינו.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו הוקם המשכן - די ענינים רוחניים שבזה.

וואס כאמור דאס איז פארבונדן מיט בחודש הראשון בא' לחודש - ר"ח ניסן.

עד"ז אויך זאגט מען דאך אויך אין דעם טאג, אז ביום הראשון איז געווען דער מקריב נחשון בן עמינדב למטה יהודה, וואס ענינו איז דאך געווען אז ער האט געשפאלטן דעם ים"ס איז געווארן דער ענין פון קרי"ס, וואס מ'איז מחוייב להזכירו בכל יום ע"ד ווי מ'איז מזכיר דער ענין פון יצי"מ - זכר ליצי"מ, און ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין תו"א דער חיוב צוזאמען וואס מ'האט צו מזכיר זיין יצי"מ און קרי"ס און ווי אזוי דאס איז פארבונדן מיט כל הענינים שלאח"ז און קרי"ס אויך.

וואס קרי"ס איז דאס איז געווען ענינו של נחשון בן עמינדב, און עד כדי כך, אז שמו אשר יקראו בלה"ק וואס ער איז אנגערופן - בשם נחשון כמבואר אין מדרשי רז"ל.

וואס די אלע ענינים קומען דאך בהוספה אויף דערויף וואס ס'איז ר"ח, און וואס פאר א ר"ח - פון אזא מין חודש וואס פון עם נעמען זיך אלע ראשי חדשים, און אלע חדשים, כאמור אין די קריאה פון דעם שבת דאזליגן מינ', החודש הזה לכם איז ראשון הוא לכם לכל חדשי השנה.

ביז וואנעט אז מ'זאגט אויך לע"ל אין דעם ביהמ"ק השלישי (ווי מ'זאגט אין דער הפטורה פון שבת פ' החודש) אז בראשון באחד לחודש איז דא די קרבנות המילואים וואס ס'ברייגנגט דער נשיא אין דער ביהמ"ק און בקשר מיטן חינוך פון ביהמ"ק השלישי.

ביז וואנעט אז מ'וויל וויסן די מעלות אותו היום, ברייגנען דאך חז"ל אין מס' שבת אין די סוגיא פון מ"ת, ביז וואנעט אז רש"י ברייגנגט דאס אויך אראפ בפירושו עה"ת, אז אותו היום וואס דאס גייט אויף בחודש הראשון בא' לחודש איז "נטל עשר עטרות".

**און ידוע אין דערויף דער ביאור אז אין דערויף איז געווען דער ענין של עשר וואס עשר באווייזט דאך אויף תכלית השלימות וואס בעשרה מאמרות נברא העולם,**

וואס די ענינים זיינען ווי די ענינים זיינען ע"פ הטבע בתחילת התורה איצטער - בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ.

און אויך עשרת הדברות איז געווען דער ענין פון מ"ת, וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט הי' ראוי להתחיל את התורה מיט א ענין של תורה ומצוותי'.

און אין דערויף גופא קען דאך זיין בכל אחד מהם א ענין בשלימות, אדער במילואו, אדער נאך וויניקער דערפון - זאגט מען אז די אלע עשר שטייען אין א מעמד ומצב פון "עטרות", און ווער נעמט דאס - "אותו היום".

- וואס דאס איז דאך אויך א לשון מדויק פון חכמינו ז"ל - אז ס'איז פארשטאנדיק אז "אותו היום" האט בכח, און דאס איז ענינו, אז ער איז נוטל "עשר", און נעמט די אלע עשר אין אן אופן פון עטרות.

ביז וואנעס אז דאס קומט אראפ בפועל, ביז אין ענינים וואס מ'זעט זיי אין עיני בשר למטה מעשרה טפחים, - איז בשעת די גמרא און אין סדר עולם און כמה מפרשים וואס מ'רעכנט אויס די עשר עטרות, איז דאס אלע ענינים וואס זיי זיינען דא למטה, ביז אין ענינים וואס זיינען שייכות צו מעשה בפועל - וואס המעשה הוא העיקר.

וואס דערפאר איז דאך פארשטאנדיק דער שטורעם פון דער טאג ר"ח ניסן, עאכו"כ אז מ'איז נאך מוסיף לזה אט דאס וואס מ'זאגט אז ר"ח ניסן איז ר"ה און ר"ה למלכים, און דערנאך לרגלים, מיט כמה ענינים ווי ער רעכנט זיי דערנאך אויס.

און אויף להדגיש דעם גודל הענין פון דעם ר"ה, איז מען גלייך מדגיש אז דאס רעדט זיך וועגן מלכי ישראל, איז דאס איז דער ר"ה למלכים, משא"כ מלכי אוה"ע, וואס אע"פ וואס מלכותא דארעא כעין מלכותא דרקיעא - איז דאך דאס געזאגט געווארן אויף כל עניני מלכות אפי' פון ניט אידן אויך.

און ווי מ'זעט דאס בפועל אין די דוגמאות און משלים וואס חז"ל ברייגגען "משל למלך", געפינט מען ניט ברובם ככולם אז ס'זאל שטיין די הדגשה "משל למלך ישראל".

ואדרבה: פון דעם תוכן המשל איז פארשטאנדיק אז דאס איז לאו דוקא מצד דעם ענין פון ישראל אדער אוה"ע נאר דאס איז מצד דעם ענין פון מלכות.

און דאס זאגט מען אז ס'קומט צו ר"ה איז דא איז מען מבדיל אז ס'איז דער ר"ה למלכים מלכי ישראל - איז דאס אויך אין ר"ח ניסן.

וואס דאס איז נאך מער מוסיף בהנוגע צו דעם ענין און דעם שטורעם פון אותו היום.

וואס ס'איז דאך פארשטאנדיק אז וויבאלד דאס איז ענינים וואס שטייען אין תורה און תורה איז מלשון הוראה, און די הוראה פון תורה איז - המעשה הוא העיקר.

אז דאס זאל אראפקומען - דער שטורעם אין "אותו היום" - זאל אראפקומען ביז אין מעשה בפועל, און אין מעשה בפועל, - וויבאלד דאס איז אזא מין טאג וואס ער איז אזוי הויך אז ער נעמט בפשטות, אז ער נעמט "עשר", און פון די אלע עשר נעמט ער אין אן אופן פון "עטרות".

איז דאך פארשטאנדיק די זכאיות אויף וויפל דאס איז יום זכאי, במילא אויף וויפל מ'קען עם אויסנוצן אין אלע עשר ענינים, סיי בנוגע צו כחות נפשו, וואס זיי טיילן זיך אין עשר, וואס דאס איז דא סיי אין נפה"א, במילא אויך אזוי אין נפשו הבהמית, און סיי בנוגע צו חלקו בעולם מיט וועלכן ער דארף (אין וועלכן

און מיט וועלכן) ממלא זיין שליחותו פון "אני נבראתי לשמש את קוני".

וואס ער ווערט דאך אויך געטיילט אין א אופן פון עשר, כאמור לעיל, בעשרה מאמרות נברא העולם, און סיי בנוגע צו גרייטן זיך וואס דאס איז דאך דער תקוה און דער מכוון, און דער האפענונג פון מעשינו ועבודתינו במשך שיתא אלפי שני דהוי עלמא, עאכו"כ פון זמן הגלות, וואס ניט קוקענדיק אויפן חושך כפול ומכופל מאנט מען בא א אידן אז ס'זאל זיין "עבדו את ה' בשמחה", און מ'זאגט עס אז עבודת ה' איז ניט נאר אין זמנים קבועים ביום, נאר וויבאלד אז "כל מעשיך לשם שמים", איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז יעדער רגע פון טאג דארף זיין לש"ש, במילא פירט ער אין עם דורך דער "בכל דרכיך דעהו", במילא איז אויך דערויף חל אין יעדער רגע פון דער יממה און פון דער מעת לעת שטייט ער אין אן אופן פון שמחה.

ביז וואנעט אז מ'זאגט עס אז אפי' ווען ער איז ישן, וואס לכאורה איז דעמולט איז ער ניט קיין בעה"ב אויף זיך - איז דאך ווי דער רמב"ם זאגט אין הל' דעות, אז החכם ניכר ניט נאר במשאו ומתנו ואכילתו ושתיתו, נאר אויך אין כל עניניו ווי ער גרייט זיך צום גיין שלאפן, וואס דערפון קומט דערנאך דער אופן ווי ער שלאפט.

וואס אין דערויף היינגט אויך אפ אין וואס פאר א אופן ער איז ניעור משנתו, און זאגט דערנאך תחילת עבודתו "מודה אני לפניך", מיט דעם גאנצן ענין ביז "רבה אמונתיך".

ווי אזוי קען ער גיין בשמחה בשעת מ'זאגט עם אז ער דארף ניט פארגעסן וועגן דער ענין פון גלות, ווארום דאס איז נוגע צו זיין עבודה, ווארום ער דארף וויסן זיין ווי אזוי ער דארף עובד עבודתו זיין - דארף דאס זיין אין אופן אויף מהפך זיין חשוכא לנהורא - ניט סתם א חושך נאר דעם חושך פון דעם גלות, און בפרט פון גלותינו זה, עד"ז מרירו למיתקא, די מרירות פון דעם גלות - דארף ער דאס געדענקען בבת אחת מיט דער עבודתו און צוזאמען דערמיט איז עבדו את ה' בשמחה?

איז דאס דערפאר וואס ער ווייס אז דאס איז א הכנה און א הקדמה און א כלי, צו דעם ענין פון לע"ל, ואדרבה: וויבאלד אז דאס איז די סיבה און דאס פועל'ט אויף דעם ענין, איז דאך פארשטאנדיק אז שעה א' פון תשובה ומע"ט בעוה"ז עאכו"כ אז ער איז עובד עבודתו כל שעות היום, איז דאס העכער פון כל חיי העוה"ב, וואס דאס איז דאך אויך כולל די ביידע פירושים אין עוה"ב, אויך ימוה"מ און עוה"ב לאחרי תחיית המתים וכו'.

איז דאס איז די סיבה און דער עיקר און דאס טוט אויף - נאר איצטער שטייט דאס בהעלם והסתר.

איז דאך אין דערויף די דוגמא - ווי דער רבי מהר"ש ברייגגט בכמה מדרושיו, אז דאס איז בדוגמא וואס איינער האט א תיבה אין וועלכע ס'געפינען זיך אבנים יקרות, נאר די תיבה איז א סגורה, אבער דעם שליסל האט מען עם אויך אפגעגעבן, דאס ליגט בא עם אין האנט.

וע"י מעשה א' און דיבור א', אדער מחשבה א', איז מכריע עצמו וכל העולם כולו ומביא ישועה והצלה.

ובפרט נאך ע"פ המבואר אין תיקונים און אראפגעבראכט אין די דרושים פון דעם אלטן רבי'ן וואס זיינען געדרוקט אין בונה ירושלים, אז איתא בתיקונים, אז ס'וועט זיין א צדיק א' וואס וועט עובד זיין עבודתו כדבעי, איז גלייך קומט משיח.

האט ער דעם שליסל אע"פ וואס דער תיבה איז לפי שעה סגורה, איז דאך דערפון פארשטאנדיק די שמחה גדולה וואס ער האט אפי' ווען ער וואלט ניט געקענט דאס עפענען

בכל רגע, וויבאלד אז ער ווייס אז דאס איז זיין תיבה, און זיינע אבנים טובות ומרגליות, וכל השייך לזה, עאכו"כ אז ער האט נאך די שליסל אויך בא זיך אין האנט.

וואס דער צוגרייטן זיך צו דעם בראשון בא' לחודש אין ביהמ"ק השלישי - צו כללות הענין פון לע"ל, איז דאס דאך אויך די צוגרייטונג צו די שמינית - וואס כנור דלע"ל איז שמונה נימין, נאר אויך עלי עשור - צו דער כינור של עשר נימין.

בדוגמא ווי מ'זאגט בנוגע צו דער שירה פון קרי"ס, אז ס'איז דא ט' שירות במשך כל עוה"ז, און די שירה העשירית איז דאס לע"ל בביאת משיח צדקנו, וואס די הכנה לזה איז דאך - וזרקתי עליכם מים טהורים וטהרתם.

וואס דאס איז אויך וואס מ'זאגט אז ס'איז דא ט' פרות אדומות, און די פרה העשירית איז דאס בביאת משיח צדקנו לע"ל.

און דער כללות הענין ביז ווי דאס קומט אראפ בפועל אז די שלימות איצטער איז דאך לכאורה אז מ'נעמט איין ארץ שבעה אומות - איז ירחיב ה' את גבולך און מ'וועט האבן דער קיני קניזי וקדמוני - אז ס'וועט זיין דער שלימות פון כיבוש ארץ עשר אומות.

ובקרוב ממש בביאת משיח צדקנו, ווארום מ'האט דאך דער פס"ד אז הבטיחה תורה אז בסוף גלותם איז ישראל עושים תשובה ומיד הם נגאלין, איז דאך אויך קומט אראפ דער "מיד" אין ירחיב ה' את גבולך קיני קניזי וקדמוני, דורך דער עבודה ווי דער מיטעלער רבי איז מבאר בארוכה אין די דרושים פון אל תצר את מואב ובכ"מ.

אז כן תהי' לנו - אז דורך די התעוררות נוספת, און בפרט מיט דער כח פון דעם יום זכאי, וואס דאס איז אזא מין טאג וואס דאס נעמט עשר עטרות, און מ'ברייננגט דאס ארויס מן הכח אל הפועל, און מן ההעלם וההסתר אל הגילוי בפועל, ביז צום גילוי בפועל למטה מעשרה טפחים.

איז נגאלין מיד, כמדובר לעיל, צוזאמען מיט דער אתחלתא דגאולה קומט די גאולה מליאה ושלימה, און אין שלימה קומט צו די שלימות אין "ירחיב ה' את גבולך", במהרה בימינו ממש בביאת משיח צדקנו.

יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצינו בעגלא דידן, און מ'וועט מקיים זיין דער בראשון באחד לחודש, און ביום הראשון וויבאלד אז ס'וועט נתגלה דער משכן פון משה רבינו אז המקריב איז נחשון בן עמינדב הקריב את קרבנו.

און ס'וועט דערנאך די אלע ענינים למטה מעשרה טפחים, און מתוך שמחה וטוב לבב הנראה והנגלה לעיני בשר, ווארום דאס איז למטה מעשרה טפחים, וכהבטחת חז"ל אז "בניסן נגאלו ובניסן עתידין להיגאל", איז דאך גלייך אז ס'הויבט זיך אן דער ערשטער רגע פון חודש ניסן, איז שוין חל דער גאנצער שטורעם פון בניסן עתידין להיגאל.

אז כן תהי' לנו ובפועל ובתכלית השלימות.

* * *

ב. וואס כל האמור איז דאך דאס בכל שנה ושנה, ווען ס'קומט החודש הראשון באחד לחודש - ר"ח ניסן, אין וואס פאר א קביעות בשבוע, אדער אין פ' השבוע דאס זאל ניט זיין.

ס'איז דאך אבער דא די הוראה מיוחדת אויך פון פרטי הקביעות בכל שנה ושנה, איר הוראה לויט איר קביעות, ע"מ אז דערפון זאל מען אפלערנען על כל השנים שלאח"ז.

וואס די קביעות פון שנה זו איז דאך אז ר"ח ניסן איז דאס ביום השלישי וואס הוכפל בו כי טוב, ווי דערמאנט אויך אין התוועדות שלפנ"ז, און אין וועלכע פ' השבוע איז דאס, וכתורה פון דעם אלטן רבי'ן אויף לעבן מיט דער צייט, איז דאס דער יום השלישי שהוכפל בו כי טוב פון פ' ויקרא.

וואס גלייך די שייכות פון פ' ויקרא ווארפט זיך און איז בולט אויך בגלוי, און פשוטם של כתובים איז ויקרא אל משה באהל מועד, קומט דאס בהמשך צו בראשון בא' לחודש הוקם המשכן, און דערנאך איז דער ענן מלא את כל המשכן, און דערנאך האט געדארפט זיין די קריאה צו משה, אז ניט קוקענדיק אויפן ענן זאל ער אריינגיין אין אוהל מועד, און דארטן וועט ער הערן דאס וואס דער אויבערשטער זאגט עם.

ד.ה. אז ויקרא איז דאס געווען בחודש הראשון בא' לחודש.

וכאמור לעיל - אין פשוטם של כתובים.

ביז וואנעט אז ער זאגט אזוי אויך אין לקח טוב בפירוש, אז ער רעכנט דארט אויס אז חמשה עשר פרשיות נאמרו באותו היום, אין אותו היום - וואס ווי געזאגט פריער איז "נטל עשר עטרות", און צווישן די פרשיות וואס ער רעכנט, רעכנט ער אויכעט די פרשה פון אדם כי יקריב מכם, וואס דאס איז די אמירה וואס קומט נאך דעם ויקרא, וואס דאס איז א קריאה שקדמה לדיבור, ווי רש"י ברייננגט אראפ פון תורת כהנים, אז דאס איז געווען באותו היום ווען ס'איז געווען "הוקם המשכן".

פרעגט זיך אויף דערויף די שאלה וואס די גמ' זאגט אין גיטין אז באותו היום איז געזאגט געווארן מערניט ווי שמונה פרשיות, וכידוע די שקו"ט בזה און די הסברה בדבר.

עד"ז איז דא אויך די שאלה הידועה פארוואס זאגט מען נטל עשר עטרות, בשעת ס'איז דא נאך כמה ענינים נעלים וואס זיינען געווען באותו היום, ווי תוס' שטעלט זיך גלייך, עאכו"כ "לקח טוב", וואס דאס איז גענומען פון מדרשי רז"ל, אז מ'זאגט אז באותו היום איז געזאגט געווארן חמשה עשר פרשיות, און התחלת ענין הקרבנות.

וואס דאס איז דאך אויך איינע פון די הסברות וואס דאס דערמאנט זיך אין די עשר עטרות, אז דאס איז ראשון לעבודה, איז דערפון פארשטאנדיק אז ס'ווערט נכלל דער דיבור על דבר העבודה - פ' הקרבנות, אדם כי יקריב - אין איינע פון די עשר עטרות וואס דאס איז ראשון לעבודה.

עכ"פ ווי מ'זאל ניט לערנען דעם תירוץ און ביאור הדברים, איז דאך אין מקרא יוצא מידי פשוטו - אז פארוואס האט מען געדארפט האבן די קריאה, ווארום קריאה קדמה לדיבור, און די איז דאס נאך געווען בהדגשה מיוחדת דערפאר וואס ענן ה' מלא את המשכן, וואס ווען איז דאס געווען, איז דאס געווען ביום השמיני, וואס דעמולט איז "ותרד אש וכו'", וואס דארטן ברייננגט דאך אויך רש"י אראפ אותו היום נטל עשר עטרות, דעם פירוש, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז אויך אין פשוש"מ, וואס אותו היום נטל עשר עטרות.

וואס איז די שייכות און די הוראה פון יום שהוכפל בו כי טוב? איז דאך כמדובר כמ"פ אז בדוגמא ווי מ'זאגט אז וויבאלד אז אותו היום נטל עשר עטרות, ווערט דאך די מעלה און דער זכות ויומין זכאין אין יעדער רגע פון דעם טאג.

וואס אע"פ וואס מ'רעכנט דארט לדוגמא דער ראשון לעבודה, איז עבודה דארף דאך זיין "ביום צוותו", משעלה עמוד השחר, און נאכמערער משתנץ החמה.

עד"ז ברכת כהנים, וואס ער רעכנט דארטן אויס, ראשון לברכה, איז דאך אויך ברכת כהנים פון די עבודות שבמשכן, און אינמיטן פון דער עבודה איז דאס זיכער ביום ולא בלילה.

איז דאך אבער אויך דא וואס ער איז ראשון למעשה בראשית, הויבט זיך אן "ויהי ערב ויהי בקר", פון דעם ערשטן רגע פון דעם ערשטן מעת לעת.

עד"ז איז כמדובר בארוכה כמ"פ אז מ'זאגט אז ס'איז א טאג וואס הוכפל בו כי טוב - טוב לשמים וטוב לבריות, איז דער פירוש בזה און דער שלימות העבודה בזה, אז אין יעדער רגע - וואס אין א רגע קען ער דאך טאן מערניט ווי איין עבודה, ואדרבה: העוסק במצוה פטור מכל המצוות.

- אמת טאקע, ס'איז דערפאר וואס דאס איז כולל כל המצוות, אבער אעפ"כ איז דאס דאך ניט מיט דער תוקף, און מיט דער שלימות ווי דאס איז אין די מצוה בפ"ע, און דערפאר האט ער דערקענט בריח דלבושייכו, אז ס'איז ניט געווען דער ענין פון ק"ש, אע"פ וואס זיי זיינען געווען פטור מזה דערפאר וואס זיי האבן זיך מתעסק געווען אין הכנסת כלה, כמבואר בארוכה אין זהר, און אין די דרושים וואס זיינען מבאר דעם ענין.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק אז אפי' אט די ענינים ווי ראשון לברכה, וואס די ברכה בגלוי קומט ארויס בשעת ברכת כהנים, וואס דאס איז בשעת באמצע היום, איז דאס שוין ראשון לברכה פון דעם ערשטן רגע פון דעם גאנצן מעת לעת, וואס דער מעת לעת איז דאס בחודש הראשון בא' לחודש.

עד"ז אויך הוקם המשכן - וואס בכלל איז דאך אין פשוטם של כתובים איז געווען הקמת המשכן בדוגמא ווי עבודת המשכן, און בדוגמא ווי הקרבת הקרבנות, און כל ענינים - היום.

איז דער גאנצער טאג - זאגט מען אז דאס איז א טאג וואס "נטל עשר עטרות", אנהויבנדיק - בפרט נאך ווי תוס' איז מבאר אז דאס איז נאך העכער פון די עשר עטרות - דער ענין אז דעמולט איז הוקם המשכן איז דאס בכל רגע ורגע.

וואס דערפון איז אויך די הוראה ביז אין מעשה בפועל, כמבואר בארוכה אין די התוועדות הקודמת אז בשעת ער טוט בכל רגע טוט ער דאך בעיקר איין עבודה איז אין דער עבודה עצמה זאגט מען אז ער טוט דאס אין א טאג זכאי, וואס ער איז טוב לשמים וטוב לבריות, איז אין דער עבודה וואס ער טוט טוב לשמים איז זי דורכגענומען בדוגמא ווי מ'זאגט בנוגע צו עבודת התפלה - וואס דאס איז דאך דער תכלית אין טוב לשמים - "סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה", וואס דאס איז דאך די עבודת התפלה.

און ווי דער רבי נשיא דורנו טייטשט אפ אז דאס איז נאך העכער פון שמים, דאס איז "השמימה" (השמים), - איז אין תפלה איז דא דער ענין וואס ער שטייט סיי למעלה, און סיי למטה, כדי אויך מיטצונעמען מיט זיך די גאנצע וועלט, ביז אויך די בריות, ווי ער איז מבאר אין תניא פרק לב אז דאס איז זייער אייבצוקער מעלה, ביז ווי דאס קומט אויך אראפ ווי דאס שטייט אין עבודת התפלה, אין כל עניני תורה ומצוות', ווי זיי זיינען מצד טוב לשמים.

עד"ז טוב לבריות - איז דאך אויך ווי געבראכט בארוכה אין א פריערדיקע התוועדות, אז די דוגמא אויף טוב לבריות, ברייגנט מען פון אברהם אבינו, ביז וואבעט ווי ער זאגט אין ספר הבהיר (אראפגעבראכט אין זהר, און אראפגעבראכט אין חסידות, ביז אין די שיחות פון רבותינו נשיאנו), אז "אמרה מדת החסד", אז משנברא אברהם איז אט דעמולט עומד ומשמש במקומו.

וואס פון דעם מאמר גופא, איז פארשטאנדיק אז ער האט דאך געטאן דעם ענין נאך בעסער ווי דאס טוט מדת החסד, כמובן פון דעם המשך הענין אין דעם מאמר.

און דערנאך איז מען מסביר (ווי אויך אראפגעבראכט אין דרושי חתונה פון



הנחה בלתי מוגה

נשיא דורנו דער רבי דער שווער), אַז ער איז געווען א נדיב בתכלית השלימות, בממונו, בגופו, ובנפשו, אדער ווי דער לשון בתורתו בעבודתו מים אלע נוסחאות וגירסאות שבדבר, ביחד עם זה אבער - איז טאמער האבן זיי דערנאך געפוילט זיך זאגן ברכו למי שאכלתם משלו - האט ער זיי מצער געווען היפך טבעו, דערפאר וואס דאס אלץ איז געווען דורכגענומען מיט טוב לשמים.

ביז ווי דער ביאור אויך כפשוטו אז בשעת ער וויל טאן א טוב לבריות, וויל ער דאס טאן בתכלית השלימות, אויב די בריות זיינען מקבל דעם טוב, און זיינען דערנאך ניט מברך למי שאכלתם משלו, האבן זיי ניט מקבל געווען דער טוב כדבעי, עאכו"כ אז זיי האבן עס ניט מקבל געווען בשלימותו.

וואס דערפון קומט אויך ארויס אז דאס איז חד הוא, און אין יעדער פרט און אין זמן קומט דאס ארויס אין יעדער רגע, האט ער דעם ענין, און דער פעולה וואס א צווייטער זעט אין דערויף דעם ענין פון לבריות, איז דאס אין תכלית השלימות אויך דער טוב לשמים.

ביז וואנעט אז איש לא יפריד ביניהם, אז מ'קען גאר ניט מפריד זיין, און מבחין זיי בא דעם אדם המשרת את קונו, והעובד עבודתו כדבעי, וואס איז דאס בא עם - צי דאס איז בא עם דעם טוב לשמים, צי דאס איז בא עם דער טוב לבריות, דערפאר וואס ס'ווערט פון זיי צוזאמען א אחד אמיתי.

וואס די הוראה דערפון במעשה בפועל, איז דאך פארשטאנדיק בפשטות, ובפרט אז מ'האט דאך שוין גערעדט בארוכה אין די התוועדות הקודמת, און אין דערויף קומט אויך צו די הוראה ווי דאס איז פארבונדן מיט פ' ויקרא.

וכידוע - ווי דער אלטער רבי שטעלט זיך אראפברייגענדיק די שאלה פון זהר, אז ס'שטייט ויקרא סתם, און ס'שטייט ניט ווער דאס האט גערופן, און אין דערויף איז דא די ביידע פירושים, וואס זיי זיינען פירושים הפכיים, און זיי שטייען ביידע אין דעם זעלבן ענין, ס'ווערט איין זאך, בדוגמא ווי גערעדט די אחדות ביז די התייחדות פון שמים און בריות.

- אז דאס איז אזא מין דרגא, וואס איז למטה מכל השמות, דערפאר שטייט ויקרא סתם, וואס דאס איז פארבונדן מיט אזא מין דרגא וואס דאס איז למעלה מכל השמות.

בדוגמא ווי מ'זאגט אויך בנוגע צו נקודה הפנימית פון חודש אדר דאזלינן מינ'י, וואס דאס איז דאך מיסמך גאולה לגאולה, די גאולה פון ימי הפורים, מיט דעם חודש הגאולה, און די ענינים פון פסח, וואס מ'לייענט זיי און מ'לערנט זיי אין פ' החודש, איז דעמולט איז אויך דאך געווען אין דער מגילה - איז בגלוי איז אויך ניטא קיין שם, ווי ער זאגט אין דער דרוש הידוע (ווי געדרוקט אין אוה"ת, ובכ"מ) אז להבין וואס אין דער מגילה איז ניטא קיין שמות.

און אין דערויף איז אויך די ביידע פירושים וואס זיי זיינען הפכיים מן הקצה אל הקצה, ביז צו דעם פירוש פון אבן עזרא, וואס ער זאגט אז דאס האט מען געדאַפט באווארענען אזוי ווי דער מגילה איז נעתק ללשון פרסי, במילא אז דא וואלט געשטאַנען א שם וואלט געשטאַנען אין דעם העתקת שם אלקים אחרים, וואס לא יזכר על פיך, ווי דער דין איז אז מ'טאר ניט גורם זיין אז א צווייטער זאל מזכיר זיין דעם שם, דערפאר האט מען אין דער מגילה ניט געשריבן קיין שם.

וואס דאס באווייזט דאך - וואס לכאו' איז דאך דער זעלבער ענין אין גאנץ תורה - ובפרט נאך אז גאנץ (תושב"כ) לערנט דאס אויך אן עכו"ם, ביז אן עכו"ם עובד ע"ז, עכ"פ בשיתוף, ובפרט נאך ווי מ'געפינט דעם גאנצן סיפור המעשה אז מ'האט מעתיק געווען לתלמי המלך, אין זיין לשון וואס תלמי המלך איז ניט געווען (א איד), א גר צדק, ער איז געווען מערנים פון אוה"ע.

איז דאך לכאו' וואס האט מען דא באווארנט מיט דער מגילה וואס דארט איז מערניט ווי עטלעכע קאפיטלען, בשעת מ'האט אפגעגעבן די אלע חמשה חומשי תורה מיט אלע שמות.

איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז דארטן - אפי' אז מ'איז דאס מעתיק ללשון אחר, במילא איז דער מעתיק איז פארבונדן מיט א.אמונה אחרת, עכ"פ בשיתוף, איז ער דאס מעתיק אויך אויף דעם ענין פון שיתוף, רירט דאס דעמולט ניט אן דעם ענין פון חמשה חומשי תורה.

דאס איז בדוגמא צו שממית בידים תתפש והיא בהיכלי מלך, ס'איז עד כדי כך קיין שייכות ניט אז ס'אנז.לגמרי קיין נפ"מ ניט וואס זיי וועלן שרייבן אין זייערע העתקות.

מ'דארף זיי באווארענען אין די שבע מצוות שנתחייבו בהם, במילא האט מען געדארפט מאכן אט די שינויים אנהויבנדיק פון בראשית ברא אלקים, וואס דאס וואלט אנגערירט די ערשטע פון זייערע שבע מצוות בני נח, עד"ז די שאר ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט קדושה וכיו"ב, אבער מ'דארף ניט באווארענען וואס מ'וועט מעתיק זיין ללשון אחר, דערפאר וואס דאס קלעפט זיך ניט צו, ס'האט לגמרי קיין שייכות ניט.

בשעת מ'זאגט אז אין דער מגילה דארף מען דאס יא באווארענען, איז דאס פארשטאנדיק אז דא מוז מען דאס באווארענען, ווארום אז ניט, קען דערפון ארויס א דבר בלתי רצוי, ווארום מ'געפינט זיך אין א מעמד ומצב אז ס'איז טאקע מגילת אסתר און לא יסופו מפיהם, ומפי זרעם, אבער דאס איז אין א מעמד ומצב פון עבדי אחשורוש אנן, אין א מעמד ומצב וואס מ'זאגט אז דאס איז סיום כל הניסים, ביז וואנעט אז מ'זאגט אז ע"פ תורה איז דאס א נס מוסתר בטבע, אסתר מן התורה מנלין - אז תורה זאגט אז דאס איז "אנכי הסתר אסתיר פני", אע"פ וואס דאס איז א געוואלדיקער נס, וואס כמדובר כמ"פ וואלט מען זיך דערנאך געכאפט לאחרי סיפור המגילה אז פון דעם אנהויבס - פון ויהי בימי אחשורוש האט זיך שוין אנגעהויבן גרייטן מפלת המן, און נצחון מרדכי, ביז "משנה למלך", ביז דעם ענין פון "שמעו הולך בכל המדינות".

וואס דאס איז דער קצה הכי תחתון וואס מ'מוז באווארענען, אין גאנץ כתבי קודש איז דא שמות דערפאר וואס ניט זיי זיינען דער סיום וחותם פון די נסים, משא"כ מגילת אסתר האט שוין א שייכות צו עבדי אחשורוש אנן, אע"פ וואס נבואת יחזקאל איז אויך געווען על נהר כבר, און ער איז אויך געווען אין א מעמד ומצב פון עבדא דנבוכדנצר, אדער דער מלך שלפני נ"נ, אבער די נבואה זיינען איז אויף דעם קיין שליטה ניט געווען, בדוגמא ווי נשיא דורנו זאגט אז די נשמה גייט ניט אין גלות, און דערצו קלעפט זיך גאר ניט צו אפי' בשעת החטא היתה באמנה אתו, מיט די אלע תוצאות וואס קומט דערפון ארויס, מיט דעם אויסנאם פון מג"א.

ביז וואנעט אין דעם קצה הכי עליון, אז מ'זאגט אז פארוואס שטייט דארט ניט קיין שם, און אעפ"כ איז דא - ווי ער זאגט אין פע"ח - כו"כ שמות נאר זיי שטייען בר"ת ובסופי תיבות וכו', דערפאר וואס דאס נעמט זיך פון אזא מין ארט למעלה וואס איז אזוי הויך וואס לא איתרמיז אין א שם בגלוי, ס'קען אראפקומען מערניט ווי בר"ת און בס"ת וכו', ווארום דאס איז העכער פון אלע שבע שמות שאינם נמחקים.

און מ'זאגט אז די תוצאה דערפון איז א מעשה אחת וואס שטייט ניט קיין שמות אין מגילה, ביז וואנעט אז דאס ווערט איין זאך, ער מאכט פון דעם מטה מטה יותר און גבוה גבוה יותר מאכט ער דערפון איין מעשה מיט איין הנהגה, וואס זי איז אין זיך כולל ביידע זאכן.

וואס עד"ז איז ארויכעט י"ל עכ"פ בדא"פ:



הוחה: פרטית בלתי מוגה

דער חיבור און די התאחדות פון די ביידע פירושים וואס מ'זאגט אויף ויקרא, וואס ס'שטייט סתם ויקרא אל משה, און מ'טייטשט דאך אפ אין די ביידע קצוות אז דאס איז למטה פון וועו ס'שטייט אלקים אל משה, אדער ה' אל משה, און ס'איז אויך למעלה ווי וועו ס'שטייט אלקים און ה', דא שטייען ביידע אין דעם זעלבן ויקרא, ויקרא - ל' סתם.

וואס דאס איז אויך די הוראה אין עבודת האדם, אז אפי' אז ער דארף טאן אין אן ענין וואס לכאו' געפינט זיך דאס ע"ד ווי דער אבן עזרא זאגט אז מ'האט געדארפט באווארענען אין מג"א, אז ער וועט רעדן דארט וועגן קדושה, און וועט רעדן וועגן דעם אויבערשטן, און וועט רעדן וועגן אלקות, און דערנאך ר"ל קען דאס יענער איבערטייטשן און דערפון קען ארויסקומען איך ווייס ניט וואס, ווי דער אבן עזרא זאגט.

זאגט מען אויף דערויף אז ער נעמט מיט מיט זיך פון אן ארט וואס דאס איז למעלה פון כל השמות, אפי' פון כל ז' שמות שאינם נמחקים, מ'רעדט דאך שוין ניט וועגן די אנדערע שמות, און פון דארטן גייט ער אין א מעמד ומצב פון עבדא דאחשורוש, ביז אין די קכ"ז מדינות וואס דאס איז דאך אויך כולל די מדינה הנמצאת בפינה נידחת.

און דארטן איז ער מסביר אז אע"פ וואס מ'זעט א גרויסער וועלט און ס'איז אחשורוש מולך מהודו ועד כוש, און אז ער מאכט א משתה, איז גאר ניט שייך צו זאגן די הפלאות שבדבר, ביז וואנעט אז תורת אמת איז דאס מפליא, און מ'זאגט כרצון איש ואיש, איז אמר הקב"ה, אז ער האט דאס כביכול ניט געקענט טאן, און אחשורוש מאכט כרצון איש ואיש.

און דארטן פירט ער דורך אז ניט נאר אז נפל פחד היהודים עלהם, נאר אדרבה: רבים מעמי הארץ מתיהדים, אז ער נעמט ארויס די אלע נצוצות קדושה, און וויבאלד אז ער טרעפט זיך מיט א אידן, מאכט ער פון דעם אידן אז דער איד זאל זיין ווי געווען פריער, אין א אופן אז ער איז כובש און מהפך זיין שכל, ווארום ברוחניות איז דאך דא די גאולה הפרטית, כמובן פון אגה"ק מיט אלע הפלאות שבדבר, אפי' אינמיטן פון אמצע זמן הגלות.

ביז וואנעט אז מ'זאגט אז בתפלתו איז ער זיך מתייחד מיט עצמות ומהות כידוע דער פתגם פון דעם רבי'ן נ"ע וואס נשיא דורנו האט עס איבערגעגעבן וואס ער האט געזאגט אז ער עפנט אויף א לקו"ת איז אט דעמולט ידעתיו הייתיו!!

און ער האט געוואוסט אז דאס וועט נתפרסם ווערן, און מ'וועט דאס חזר'ן, און דאס וועט דערגרייכן ביז קצה העולם, און האט דאס ניט געזאגט בשעת א פארברייניגען שמחי'ת, אדער פורים, נאר דאס איז געווען געזאגט מיט די גאנצע מדידה והגבלה אין כלים אויף וויפל מ'קען דאס מגביל זיין אין כלים, כדי דאס זאל צוקומען אין א ארט וואס דערוויילע קען מען דארט האבן מערניט ווי א רוב אור מדוד ומוגבל און זאל פועל זיין פעולתו.

וואס דאס איז אויך די הוראה בפועל אין דעם יום השלישי שהוכפל בו כי טוב - טוב לשמים וטוב לבריות, און וואס דאס קומט ארויס אין פ' ויקרא, כמדובר לעיל, אז די גאנצע פרשה ווערט אנגערופן ע"ש ויקרא, און אז מ'גיט א פרעג, ווער ויקרא, וואס ויקרא, זאגט מען ס'שטייט סתם! פרעגט ער פארוואס שטייט סתם, זאגט מען עס דערפאר וואס דאס איז מייחד אין זיך ביידע קצוות למטה מסה מבס דעם גבוה גבוה, און וואס נאך נידעריקער פון מטה און וואס איז נאך העכער פון גבוה.

און אט דאס גיט מען אפ א אידן, און מ'זאגט אז ער ווערט א בעה"ב אויף ויקרא, ווי ער זאגט אין מדרש אז דער אויבערשטער האט געזאגט אז ויקחו לי תרומה - משל וואס א מלך האט א בת יחידה, און ער האט איר תתונה געמאכט פאר א בן מלך און האט געזאגט אז וויבאלד אז אותי אתם לוקחים בעס ער מ'זאל עם מאכן א קיטון



הנחה פרטית בלתי מוגה

א נקודה אחת, אבער דאס איז א נקודה וואס זי איז בפנימיות ביז פנימיות הלב, און אט דארטן געפינט זיך עצמות ומהות, ביז וואנעט ס'ווערט אין אן אופן פון נצחוני בני, נצחוני.

און דורך וואס ווערט דאס - וויבאלד אז הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים, און בכדי צו דורכפירן דעם מבצע פסח וואס דאס איז דאך א ענין שהזמ"ג.

ועד"ז די כל המבצעים: די מבצע אהבת ישראל, און מבצע חינוך, און מבצע תורה, מבצע תפילין, און מבצע מזוזה, און מבצע צדקה, און מבצע בית מלא ספרים - יבנה וחכמי', און מבצע פון נרות שבת קודש, און דער מבצע פון כשרות האכילה ושתי', און דער מבצע פון טהרת המשפחה, און דער ביטול פון דעם חוק פון "מיהו יהודי", און דער ביטול פון דער קס"ד פון ר"ל - פון אומקערן אפי' שעל אחד וואס האט אין זיך די סכנה פון תפתח הארץ לפניהם, אז מ'זאל עוקר זיין אפי' די קס"ד בזה מעיקרו, ביז וואנעט אז ניט נאר לא יעשה רושם כלל, נאר אדרבה: ס'זאל זיין דער יתרון האור מתוך החושך, און וויבאלד אז דאס איז א חושך מאין כמוהו, ועד"ז יתרון החכמה מתוך הסכלות, און וויבאלד אז דאס איז סכלות מאין כמוהו במילא ווערט דער יתרון מאין כמוהו למעלה מעלה.

אז דאס ברייגנגט גלייך, כאמור לעיל, צוזאמען מיטן ביטול הגלות, און מיט די אתחלתא דגאולה, און מיט די גאולה שלימה, און כיבוש ארץ שבעה עממין, און צוזאמען מיט דעם ירחיב ה' את גבולך קיני קניזי וקדמוני.

ובעגלא דידן ובמהרה בימינו ממש.

* * *

ג. ע"פ האמור לעיל פון המעשה הוא העיקר, דארף מען דאך דאס אראפברייגנגען נאכמער בהדגשה און ניט א ענין וואס וועט זיין לאחרי כמה זמן נאר בקרוב ממש.

וואס דא איז דאך אויך א ענין וואס ס'קומט צו א הוספה אין די ענינים פון בחודש הראשון באחד לחודש לדעת רשב"ג, אז ער זאגט אז הלכות החג הויבט מען אן לערנען שבועיים - צוויי וואכן לפני החג, און דא קומט צו אויך די הדגשה פון דער ראי' וואס ער ברייגנגט וואס דאס איז נאכמער מדגיש בנוגע צו נזכרים ונעשים אז "קאי בר"ח" (אין פ' החודש), און ער איז מזהיר אויף ענין פון ק"פ, וואס דאס איז שבועיים - צוויי וואכן לאח"ז.

ביז וואנעט אז דערפון קומען אויך ארויס כמה לימודים - דינים:

עד"ז אויך בנוגע לענייננו, וואס נוסף לכל הדיעות דארף מען אנהויבן זיך מתעסק זיין אין הל' החג שלשים יום לפני החג.

וואס בשעת מ'זאגט דער ענין פון הל' החג, איז די הדגשה בזה איז דאס דער ענין פון הלכה, וואס א ענין פון הלכה דעכפאר וואס הלכה היא נקבלה, און ענין פון טוב לשמים, און דערנאך ברייגנגט מען גלייך די ערשטע דוגמא אין שולחן ערוך (-לפניהם), ביז וואנענט אז תשים לפניהם - לפנימיותם, - איז די ערשטע דוגמא פון הל' החג בנוגע לפועל, ברייגנגט מען אראפ בנוגע לקמחא דפיסחא, בנוגע צו מעות חיטים, וואס דאס איז דאך דער תכלית פון טוב לבריות, וואהום אין קמחא דפיסחא רעכנט מען זיך ניט אויס צי דאס איז ראשיכם שבטיכם, אדער חוטב עיציך, ושואב מימיך, - ווי ער איז אין כל דיכפין אדער כל דצריך, באווארנט מען עם מיט שלושים יום לפני החג.

דערנאך קומט צו נאך א תוספת בזה, ביז וואנעט אז מ'זאגט אז ס'איז א ענין אז אפי' צדוקים זיינען מודה אין דעם ענין און דאס שטילט אין תושב"כ, אז עומד

בר"ח און ער זאגט אן אויף די ענינים וואס זיי זיינען פארבונדן מיט פסח און קרבן פסח.

וואס דאס איז דעת רשב"ג, וואס אלו ואלו דברי אלקים חיים, עאכו"כ אז דאס רעדט זיך דאך וועגן א ענין פון מזון און פרנסה, און צרכי החג, איז דאך פארשטאנדיק אויף וויפל מ'דארף מוסיף זיין און מהדר זיין לכל הדיעות בשעת ס'קומט נאך ההוספה אז דאס איז אויך פון די ענינים וואס נטל אותו היום, נוסף אויף די ענינים וואס ווערן גערעכנט בפירוש.

און וואס מ'מוז זאגן אז דאס איז בכלל אין איינע פון די עשר עטרות, וויבאלד אז מ'ווייס אז "עשר" איז דאס א מספר הכולל, און דער פרסום הכי גדול, און עדה קדושה, ווי געזאגט פריער סיי בנוגע לבריות, בעשרה מאמרות נברא העולם, און סיי בנוגע "שמים" עשרת הדברות וואס זיי זיינען כולל אפי' מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש עד סוף כל הדורות - מזה ומזה הם כתובים.

וואס אנהויבנדיק אין דעם ענין פון מבצע תורה, וכמדובר כמ"פ אז ס'איז דאך דא אין לימוד התורה איז דא כו"כ דרגות, ווי ער רעכנט זיי אויס אין הל' ת"ת בפרט און במיוחד אין הל' ת"ת פון רבינו הזקן, פון לימוד אותיות הא-ב והנקודות, ביז העכער און נאך העכער, ביז דעם לימוד וואס לאחרי וואס ער איז יודע כל התורה כולה, איז אט דעמולט איז אויך דער ת"ת כנגד כולם, וואס ער איז לומד מצד דער חיוב, און דער זכות וואס איז דא אין לימוד התורה מצ"ע אפי' אז ער איז שוין יודע את כל התורה כולה, ווי דער אלטער רבי איז מאריך אין קו"א פון הל' ת"ת שלו.

וואס ווי דאס קומט ארויס בפועל איז דאס איז דער נקודה בכללות און דער חילוק צווישן דער לימוד הישיבות און דער לימוד אין כולל.

שלא כדעת העולם וואס רעכנט אז דער חילוק איז דאס איז לפני החתונה און דאס איז לאחרי הנישואין, דאס האט קיין טעם ניט פארוואס זאל מען אנרופן בשם "ישיבה", און דאס בשם "כולל", ובפרט נאך ווי דער אלטער רבי זאגט אין הל' ת"ת, אז וויבאלד אז בן עשרים לרדוף איז דערפאר בן שמונה עשרה לחופה, און דערנאך קען ער לערנען ב' או ג' שנים בלי טרדות.

וואס דאס זאגט ער בהמשך צו דער לימוד ביז י"ח שנה, ביז שמונה עשרה לחופה - גייט דאס בהמשך אחד.

וואס דערפאר איז אנגענומען אז די נקודת החילוק בזה איז, אז דארט לערנט מען אדער כדי צו מקיים זיין די מצוה פון ידיעת כל התורה כולה, וואס אין דערויף איז דאך מחוייב יעדערער, ווי ער איז מבאר בארוכה אין הל' ת"ת.

און דערנאך קומט דער לימוד פון דרוש וקבל שכר, אדער ווי דער אלטער רבי רופט דאס אן "והגית בו יומם ולילה", לאחרי וואס ער איז מקיים פון ידיעת התורה, וואס דאס איז די נקודה המפסיקה והמחלקת פון דעם לימוד אין א ישיבה, און דערנאך דער לימוד אין כולל וואס דארף זיין נאך דערויף וואס ער האט שוין משלים געווען ידיעת כל התורה כולה, איז אעפ"כ איז חשקה נפשו בתורה אויף א ריבוי זמן, עכ"פ אויף א משך זמן, עכ"פ אויף א קצת זמן, אבער אין דער זמן איז ער בדוגמא פון די אוכלי המן כמדובר כמ"פ וואס להם ניתנה התורה -

אן קליינע דאגות אפי' ווען ס'איז מערער פון ב' או ג' שנה לאחרי החתונה, נאך דערויף וואס ער איז אלט בן עשרים לרדוף.

מ'דארף דאך אבער מסייע זיין אויך בדרך הטבע אז אנשי הכולל זאלן ניט האבן קליינע ענינים המבלבלים, און ניט אז דאס זאל זיי אנקומען מיט צופיל השתדלות

ויגיעה, כדי זיי זאלן אריינלייגן זייער גאנצע השתדלות ויגיעה אין הבנת התורה, און אין לימוד התורה, וואס דערפאר איז דאך אויך אז דוקא אין א כולל איז מען זיך אויך משתתף אדער מ'נעמט אויף זיך די פרנסה פון די אנשי הכולל.

בשעת מ'רעדט וועגן א מבצע תורה בכלל, און ס'רעדט זיך וועגן וואס מ'דארף זיך עוסק זיין פון פורים אן אין הל' החג, וואס די הדגשה בזה איז קימחא דפיסחא - מעות חיטים, און וויבאלד אז ס'רעדט זיך נאך בר"ח ניסן, וואס דאס איז אותו היום נטל עשר עטרות, ווי חסידות איז מבאר אז ס'איז דא די מעלה ווי דאס איז מצד שבעת ימי המילואים, און דערנאך איז דא א גרעסערע מעלה ווי ויהי ביום השמיני, וואס דאס איז שומר ההיקף, און דערנאך איז דא נאך א גרעסערע שלימות, ווען ניט נאר נטל עשר עטרות, נאר עשר עטרות שטייען בשלימות, וואס דאס איז בהוספת פירוש האמור לעיל -

איז אט דעמולט איז דאך תורה קדמה לכל דבר - איז צום אלעם ערשטן איז דאס אויך א זמן אויף מעורר זיין אויף דעם מנהג הטוב וואס ס'איז דא בלאה"כ אין כמה כוללים, אז ס'קומט חודש ניסן איז ניט נאר מ'טראכט אויף מוסיף זיין אין החזקת אנשי הכולל, נאר מ'טוט דאס בפועל, און מ'איז דאס מוסיף ונותן בעין יפה, און ניט מ'טוט דאס ח"ו אין אן אופן פון קימחא דפיסחא, און מעות חיטים וכיו"ב, נאר מ'טוט דאס אין אן אופן אז דאס גייט אריין אין דעם שכר.

און דערביי קומט נאך צו דער הוספה אז זאלן וויסן זיין יעדערער פון זיי, בדוגמא ווי די גמ' זאגט אין ב"מ אפי' פאר א פשוט בישראל, אז אפי' מ'וועט עס געבן א סעודת שלמה בשעתו, איז מען נאך אויך ניט יוצא עאכו"כ אז ס'איז נאך ווייט דערפון, עאכו"כ אז ער שטייט העכער פון א פועל בטל, און א פועל שאינו בטל, און א פשוט, ווארום ער איז דער וואס האט זיך מקדיש געווען, און די פרוי און די ב"ב זיינען עם מחזק בזה, ווארום ער איז געווארן א טופח ע"מ להטפיח, אז זיי פארשטייען אויך דעם געשמאק ניט נאר אין די לאסוקי שמעתתא אליבא דהילכתא - אז ער האט קיין ברירה ניט, און מוז וויסן א דין - וואס דאס גייט אריין אין ידיעת התורה, נאר ער האט אויך דעם געשמאק אין דרוש וקבל שכר, אין דעם ענין פון לימוד התורה עד כדי כך, אז מ'זאגט זיך אפ פון כמה ענינים.

און מ'גיט זיי בעין יפה ווארום דאס איז כשר פארדינטע ענינים, עאכו"כ ווען ס'קומט דער חודש הגאולה, און אין עם גופא דער זמן חרותינו, דער יו"ט פון גאולה, ביז אז דאס איז כימי צאתך מארץ מצרים וואס דעמולט איז געווען די חמרי לוב וואס מ'האט אויף זיי געגומען כסף וזהב מיט די צענדליקע חמורים האבן דאס געדארפט טראגן מיט זיך.

ד.ה. אין אותיות פשוטות: אז די הנהלת הכוללים (אט די וואס האבן די ענינים בלאי"ה איז תבא עליהם ברכה, און וויבאלד אז אין מזרזין אלא למזורזין - זאלן זיי מוסיף זיין מער ווי זיי האבן גערעכנט מוסיף זיין בלאי"ה), די וואס מאיזה סיבה שתהי' און מצד טעם העיקרי, וואס ס'איז ניט אזוי בהרחבה אין דער קופת הכולל האט מען דאך וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט הוצאת שבת ויו"ט איז לוו עלי ואני פורע, וואס דאס שטייט אפי' בנוגע צו א יחיד, עאכו"כ ווען דאס רעדט זיך וועגן הנהלת פון א מוסד ציבורי, און די גמ' זאגט אז ציבור לא נענה, איז ניט שייך דער ענין פון עניות ווען ס'רעדט זיך וועגן א ציבור.

אי מ'זעט דאך אז ס'איז דא - באווייזט דאס אז די מנהלים און די ז' טובי העיר זיינען בטלנים און וויסן ניט וואס זיי דארפן טאן, אדער אז מ'טוט שוין יע טוט מען דאס בעצלתיים, און בשעה שאינה לא יום ולא לילה, און בשעת ס'פעלט אין דער יגעת פעלט בדרך ממילא אין דער מצאת.

ביז וואנעט אז ס'פעלט אפי' אין דעם ערך וויפל ס'דארף אריינברייגגען דער

יגעת, און דעם תיקון בזה איז ניט ח"ו דער אראפנעמען אדער ניט דערגעבן, אדער ניט מוסיף זיין אפי' אין די וואס דארפן אנקומען אין דער אופן של פרנסה - נאר דער תיקון בזה איז "קשוט עצמך" - זיי א עסקן ווי א עסקן דארף צו זיין במילא לאזט דאס עם ניט שלאפן ניט ביינאכט, און ניט בייטאג.

- ווי נשיא דורנו האט מסביר געווען דער לשון פון עוסק בתורה, עד"ז אין א הנהלת פון א כולל, אדער פון א ישיבה, אדער פון א ענין של תורה בכלל, און דער עיקר אז פון די גאנצע שקו"ט און רעדעניש און אויסרעדעניש וכו', זאל ארויס אין פועל, אז די וואס האבן בלאי"ה מוסיף געווען זאלן מוסיף זיין אויף דער הוספה.

און אט די וואס מאיזה סיבה שתהי' אפי' א סיבה אמיתית, איז דעמולט איז לוו עלי ואני פורע, איז אויב דאס שטייט בנוגע צו א יחיד, עאכו"כ בנוגע צו צבור לא נענה, ובפרט אז לב ישראל ער הוא און זיי זיינען נתבעים ונותנים צו דעם משכן עאכו"כ, זיי דארפן אבער זיין נתבעים ע"פ תורה, טאקע בדרכי נועם, ובדרכי שלום, און בא די וואס זיינען ביכולת צו ענטפערן אויף דער תביעה, און ס'דארף קומען א אדם בו"ד אע"פ וואס ער האלט פון זיך א עולם ומלואו, אדער ער איז טאקע אן עולם ומלואו, איז אעפ"כ איז ביטולה של תורה הרי"ז קיומה, דורך דערויף האלט זיך אויף די ישיבה, און דער כולל, און די חדרים מיט די ת"ת'ס, וכו' וכו'.

וואס בנוגע לענינינו, איז דער עיקר הדגשה אויף די וואס פרנסתם מוטלת על הנהלת הכולל.

וע"פ המדובר לעיל אז טוב לשמים דארף זיין פארבונדן מיט טוב לבריות, ולאידך גיסא טוב לבריות פארבונדן מיט טוב לשמים, קומט דא צו נאך א נקודה, ע"ד ווי מ'האט געמאכט מיט עטלעכע יאר צוריק, אז מ'האט געבעטן בא חברי הכולל אז יעדערער זאל מודיע זיין מעמדו ומצבו בנוגע צו לימוד התורה.

וואס דאס איז פארבונדן אויך מיט מעמדו ומצבו אין ענינים הגשמיים, וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט כללות מעמדו ומצבו, וכמובן פון שער ההתבוננות פון שער היחוד והאמונה פון דעם מיטעלן רבי'ן דארף זיין יעדער ענין בפרטיות, ענטפערן אויף די ענינים בפרטיות.

און ווי מ'זעט דאס בפועל אז בשעת מ'ווייס אז מ'דארף דאס דערציילן א צווייטן בו"ד אפי' באופן סודי, וויפל ער האט אפגעלערנט בפועל ממש, און וויפל שעה ער האט אפגעגעבן בפו"מ, איז אט דעמולט בדוגמא ווי ריב"ז האט געזאגט אז הלוואי יהא מ"ש עליכם כמורא בו"ד, די בושה פאר א בו"ד פועל'ט אמאל מערער פון די בושה וואס ער האט לשמים.

וואס דערפאר איז דאך זיכער אז ס'וועלן זיין אזוינע וואס וועלן זיין ברוגז - היתכן אז אנשי הכולל זיינען אנשים עומדים על דעתם, ועל רגליהם, און זיי זיינען זיך עוסק אין תורה, איז היתכן אז מ'מאכט פאר זיי בחינות, און שאלונים, און מ'פרעגט שאלות, וואס דאס איז שייך צו קליינע אינגלאך עכ"פ צו בחורים פון א ישיבה, וואס זיי דארפן ניט האבן דעם שוט ח"ו בפועל, אדער שוט וכפי' בדברים, אבער א יונגערמאן פון כולל איז ווי איז שייך פון עם זאגן אז ער זאל אפגעבן א דו"ח כאילו ווי ס'איז ח"ו שייכות ער זאל מועל זיין און ניט דערטאן אין שלימות לימודו בכולל.

האט דאס באווארנט - כאמור לעיל - ריב"ז, בנוגע אז בשעת דאס איז פארבונדן מיט א בו"ד, בפרט נאך אז ער קען דאס שיקן אין אן אופן סודי, ווי ס'איז אויך געווען מיט אפשר יאר צוריק.

און דער עיקר - וואס מ'זעט המעשה הוא העיקר - מעשה רב: אז די כוללים ווייסן אז מזמן לזמן דארפן זיי דורכגיין אדער א בחינה אדער מ'פרעגט בא זיי וויפל האט

מען אפגעלערנט בכמות, און וואס האט מען אויפגעטאן באיכות, און אין וואס באשטייט זיינע חידושי תורה וכו', איז אט דעמולט איז בא זיי דער לימוד בזריזות יותר, דערפאר וואס אפי' א צדיק גמור עובד ה' באהבה בתענוגים איז דאס "יש מי שאוהב" עאכו"כ דער וואס האלט נאך ניט בא דער דרגא, עאכו"כ כאמור לעיל, אז מ'זעט דאס בפועל און במעשה בפועל.

דארף מען זיך ניט רעכענען אז עמעצן וועט זיך אויסווייזן פון אנשי הכוללים אז מ'וויל עם עפעס אנרירן - ח"ו קיינער וויל דאס ניט, קיינער טראכט דאס ניט, מ'וויל עם ארויסהעלפן, אזוי ווי מ'לעבט אין א חושך כפול ומכופל פון גלות, און אזוי ווי דער קלוגינקער קען זיך אנטאן אין א איצטלא - און ווי דער ווארט פון רבותינו נשיאינו, אז וואס מיינסטו עשו איז געגאנגען ווי א פויער אונטערגעבונדן מיט א שטריק - ער איז געגאנגען אין א זיידענע זופיצע, צי א זיידענע בגד, (ווי געגנוי דער לשון איז געווען), עכ"פ אין א לבוש של שבת.

וואס דאס רעדט זיך אויך בנוגע צו א-ל זר אשר בקרבך, דער יצר קען זיך אנטאן היום אומר לך עשה כך און ווייזט אים ראיות אז ער איז פארמאטערט און אז ער וועט זיך אפרוען וועט ער דערנאך לערנען בעסער, מיט די אלע הסברות ופיתויים והסתות וואס ידע איניש בנפשי'.

בשעת ער ווייס אבער אז אחת או פעמיים בשנה אדער אחת לחודש אדער עכ"פ אחת לשנה, וועט ער דארפן רעדן מיט א בו"ד, איז א זיכערע זאך ווי מ'פילט דאס בא זיך אליין, און דער עיקר ווי מ'האט דאס געזען לפועל, דארט וואו מ'האט דאס איינגעפירט האט דאס מצליח געווען.

עאכו"כ אין די כוללים וואס מ'האט דאס געטאן מיט עטלעכע יאר צוריק, און דערנאך איז כמדובר לעיל, אז מ'הויבט זיך ניט אויף און מ'גיט ניט א קלאפ אין טיש, פארגעסט מען אויפן גאנצן ענין, און מ'דארף ווארטן ביז איך וועל דערמאנען וועגן שלושים יום קודם החג, עוסקים בהל' החג, האט מען אנגעהויבן קלייבן מעות חיטים, ועד"ז אין די שאר הענינים אויך אין דעם ענין.

מיינט מען דאס בפועל אז די כוללים הנשמעים לדיבורי, איז צו אלעם ערשטן אנהויבן פון דעם קו מוסיף זיין כאמור לעיל, בנוגע צו דער שכירות פון אנשי הכולל במשך כל השנה, עאכו"כ דער ענין המיוחד וואס איז פארבונדן מיט חודש ניסן, אדער ירחי כלה, סיי מיטן חודש ניסן, און סיי מיט חודש אלול, און חודש תשרי, כאטש ס'איז ניט קיין ירחי כלה, וואס דעמולט גיט מען א הוספה מיוחדת לחודש זה, וואס דאס איז פארבונדן מיט הנהלת הכולל.

און לאידך וואס איז פארבונדן מיט די אנשי הכולל, זאלן אריינשיקן און מה טוב אז ס'זאל נאך אנקומען במשך פון די שבועיים פון פאר זמן חרותינו, און יעדערער פון זיי א שאלון בדוגמא ווי ס'איז געווען מיט עטלעכע יאר צוריק, מיט די אלע פרטים וואס זיכער איז אין יעדער פון די הנהלת הכוללים געבליבן א העתק אדער עכ"פ קען מען פארלאנגען וועט מען ארויסשיקן פון מזכירות א העתק פון דעם שאלון.

און דער עיקר אז ס'זאל אראפקומען דערנאך אין א מעשה בפועל, וויסנדיק אז מ'דארף שרייבן אין דער פאפיר און ענטפערן, זיכער באמת לאמיתתו, וואס כל ישראל בחזקת כשרות הם, עאכו"כ אנשי הכולל.

און דאס זאל אויך פועל זיין כמדובר כמ"פ, אז יעדער איד איז דאך מחוייב אין קביעות עתים לתורה בכל יום, און ווי ער רעכנט אויס אלע סוגים אין הל' ת"ת פון דעם רמב"ם און דערנאך נעתק אויך אין הל' ת"ת פון דעם אלטן רבי'ן, און בהוספות ושינויים כדרכו בקודש.

איז דאך אין דעם זמן פון דעם קביעות עתים, דארף ער דאך זיין (במילא איז

ער) בדוגמא צו א יונגערמאן וואס זיצט אין כולל און לערנט.

כדי ער זאל אויסנוצן דער זמן בשלימותו איז אויך א גלייכע זאך אז בכל עיר ועיר אדער בכל ביהכ"נ אט דארט וואו ס'איז דא די שיעורים פאר בעה"ב'ים, אדער די בעה"ב'ים לערנען בפ"ע, זאלן זיי צווישן זיך צוזאמענריידען און אויסקלייבן איינעם וואס עם זאל מען דארפן ארייננשיקן אחת בשנה פעמיים בשנה, אדער אפטער - וואס האט אויפגעטאן אין די זמנים פון קביעות עתים לתורה, וועט דאס לייכטער מאכן ביז צו דעם נצחון גמור פון די ענינים המבלבלים פון לימוד התורה בהתמדה ושקידה בחיות ובשמחה ובטוב לבב, וואס די אלע זאכן ברייגגען צו הצלחה מופלגה.

און ויהי רצון אז דורך דערויף וואס מ'וועט פארפלייצן די וועלט מיט לימוד התורה, וואס אין מים אלא תורה, וועט דאס זיין די הכנה קרובה צו דעם קיום היעוד בקרוב ממש פון גאולתנו האמיתית והשלימה.

וואס דעמולט וועט זיין זמלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים; וואס דערמיט איז דער רמב"ם מסיים ספרו יד החזקה, וואס ער האט דאס אויך אנגערופן בשם "משנה תורה".

און ס'זאל זיין בעגלא דידן בביאת משיח צדקנו, וואס ילמד את כל העם כולו, אפי' אט די וואס זיינען יודעים את כל התורה כולה, ביז אפי' ווי דער מיטעלער רבי ברייגגט אפי' די אבות און משה רבנו, וואס משה קיבל תורה מסיני, און מסר נפשו על התורה - ס'איז דאך געווען בא עם בשלימות דער ענין פון ידיעת התורה, סיי דער ענין פון והגית בו, אעפ"כ וועט צוקומען נאך מערער און נאך מערער, ביז אין אן אופן פון אין ערוך, ביז ווי חסידות איז מבאר דער אי"ע דער חילוק פון יחידה לגבי די ד' חלקי הנשמה ווערן אנגערופן בשם חי', און נשמה ורוח ונפש.

אז כן תהי' לנו מצד יחידה שבנפש, וואס איז דאך דא בא יעדער אידן, וואס דאס איז דאך אויך דער ניצוץ משיח וואס איז דא אין יעדער אידן, וואס דאס ווערט אויך דער כלי לקבלה פון דער נשמה כללית פון משיח צדקנו.

יבוא ויגאלנו ויולכנו קוממיות לארצנו במהרה בימינו ממש.

* * *

ד. ע"ד ווי גערעדט פריער וועגן דער חיבור פון טוב לשמים וטוב לבריות, וואס דאס איז דאך אויך די נקודה פון דאס וואס ס'האט זיך גערעדט וועגן אנשי הכולל, אז מחד גיסא זאל מען מוסיף זיין אין שכירות אין כסף וזהב, און דערפאר זאלן זיי מוסיף זיין דורך פארשידענע ענינים של זריזות עצמו, און זריזות חבירו.

וואס איינע פון זיי איז די ענינים האמורים לעיל, וויסנדיק אז אין מזרזין אלא למזורזים, ס'איז ניט קיין פגיעה בכבוד נאר אדרבה: דאס באווייזט אז ער איז א מזורז, און אז מ'וועט עם מזרז זיין וועט דאס זיכער עושה פרי זיין, און ברייגגען תועלת ביז אין א פועל ממש.

וואס דאס איז בדקות אויך דער חיבור פון טוב לשמים און טוב לבריות, ע"ד ווי גערעדט פריער בנוגע צו קימחא דפיסחא, וואס דאס איז דאך כדי ס'זאל זיין א חג הפסח כשר ושמח, וואס דאס איז דאך אויך דער חיבור אז דער חג הפסח זאל זיין כל צרכיו, אפי' בא כל דצריך און כל דכפין זאל ער האבן כל הצרכים בפשטות, בנוגע לאכו"ש ולבושים וכיו"ב.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון חגה"פ, וואס דוקא דעמולט איז נגלה עליהם ממה"מ הקב"ה בכבודו ובעצמו וגאלם, ווי ער איז מבאר אין המשך פון ע"ב, אויף וואס ס'גייט כבודו ועצמו.



הנחה פרטית בלתי מוגה

און דאס איז אראפגעקומען אין ערות הארץ ווי דאס איז געשטאנען אין א מעמד ומצב פון מלוא גילולים, וואס דערפאר איז דאך פרשת החודש האט מען געדארפט ארויסגיין מחוץ לכרך, משא"כ דער נגלה עליהם איז דאס געווען אין דעם כרך, און דוקא דארטן וואו ס'איז געווען פרעה מיטן גאנצן תוקף וכל עבדיו וכו', כמובן אויך פון פשטות הענינים.

וואס דאס איז דאך אויך ווי אזוי מ'זעט דער חיבור ביז אז ס'ווערט איין זאך דער בכור בארמ"צ דער בכור השפחה, ניט להבדיל און אי"ע אין דער להבדיל פון כבודו ובעצמו, און דאס קומט אראפ אין די זעלבע נקודה אין מקום און אין די זעלבע נקודה אין זמן.

וואס דאס איז דאך דער אמת'ער ענין החירות וביטול כל המדידות והגבלות פסח ודילוג אין תכלית השלימות אין דערויף.

וואס דאס איז דאך אויך וואס די קביעות וואס איז מדגיש דעם ענין פון טוב לשמים וטוב לבריות בקביעות ימי הפסח, איז דאס ניט א ענין צדדי, וואס איז פארבונדן מיט דעם טאג מיט דעם יאר מיט דער קביעות, נאר דאס ברייינגט ארויס בהדגשה יותר א ענין עיקרי פון זמן חרותינו בכל השנים כולם, ביז ווי אין תכלית השלימות ווי דערמאנט פריער פון כבודו ובעצמו פון ממה"מ הקב"ה, קומט דאס אראפ און ס'שטייט בגילוי און בנוגע למעשה בפועל אין ערות הארץ, און דארט גופא אין דער תוקף הלעו"ז, אין בכור השפחה, און בכור פון אחרי הרחיים, און פרעה בתקפו וכו' וכו'.

וואס אט דא איז דא נאך א ענין וואס איז אויך א ענין אין יצי"מ, ובהקדמה:

אז ס'איז דא בשעת מ'וויל מבאר זיין א ענין וואס לכאורה איז דאס א ווילדקייט איז דא אין דערויף צוויי זוועגן:

א) מבאר זיין דאס מן הקל אל הכבד, במילא וועט דאס קיינעם ניט איבער'רעש'ן, און במילא וועט מען דאס לייכטער פארשטיין און צונעמען, און דערנאך טאן בפועל.

ב) דערנאך איז דא דער צווייטער וועג, אז צום אלעם ערשטן זאגן דעם מעשה הוא העיקר, וואס איז די מסקנא בנוגע למעשה בפועל, ווערט דאך דאס א ווילדע זאך, און דערנאך איז מען דאס מסביר אז דאס איז ניט ווילד, דאס האט א ארט אין משנה, און דערנאך שנוי בנביאים ונשלש בכתובים, און דאס שטייט אין תושבע"פ וכו'.

וואס איז די נפק"מ וועלכע וזעג מ'וועט אננעמען, בשעת די תלמידים, אדער עכ"פ די וואס געפינען זיך, די הערערס, שטייען אין א מעמד ומצב וואס מ'וויל הערן, במילא לייגט מען זיך אריין במילא וויל מען פארשטיין במילא ווארט מען ניט אז ס'זאל אריינגיין להבדיל א גוי וועט מען זיך דעמולט אלע אויפכאפן פון שלאף און מ'וועט אנהויבן קוקן וואס וועט דער גוי טאן -

א פאליסמאן, אנגעטאן מיט שיינע בגדי שרד, און דערנאך אז מ'דערציילט וואס איז געווען בא דעם פארברייינגען, איז דאך לכאו' געווען א מאמר, און ענינים וואס ס'האט זיך גערעדט אין נגלה, און וואס ס'האט זיך גערעדט בנוגע לפועל, זאגט מען און מ'שושקעט זיך אז מ'זאל וויסן זיין אז דער גוי פב"פ, ניט קוקענדיק וואס ער איז אזוי געווען, איז ער געקומען און געזעסן און דא האט ער געמאכט מיט דער רעכטער האנט, און דערנאך האט ער געמאכט מיט דער לינקער האנט, און דערנאך האט ער א שמייכל געטאן.

דערנאך פרעגט מען עם ס'האט זיך גערעדט עפעס א קשיא צי א ענטפער אין תורה, זאגט ער איך וזעל זאגן דעם אמת (-א איש אמת איז ער דאך) ער איז געווען אזויפיל פארנומען זען דול ס'וועט זיין דער ברוך תהי' מכל העמים [יעדער איד איז דאך אנגעטאן אין א פסוק און א פס"ד], ער האט זיך ניט צוגעטראגן וואס האט זיך גערעדט,

ניט אין חסידות, און ניט אין נגלה, און ניט אין מוסר, און ניט אין הנהגה בפועל.

וואס איז דערצו די עצה? איז די עצה דערצו בפשטות, איז א קלאפ-טאן אויפן טיש אדער ווי דער רבי נשיא דורנו: האט דערציילט פון דעם רבי'ן מהר"ש [וואס דאס גיט צו מוט ניט קוקענדיק וואס דער עולם שלאפט, אז אעפ"כ זאל מען פארברייגנען]. אז נאך אין דעם זמן פון רבי'ן מהר"ש איז געווען בא עם א סדר אז ס'איז געשטאנען א פושקע טאבאק, און דערנאך פלעגט ער מרמז זיין איינעם פון זיינע משרתים און ער פלעגט ארומגיין צווישן די טישן, און אונטערשטעלן דעם שארפן טאבאק אונטער דעם נאז פון שלאפענדיקן, במילא פארשטייט מען דאך (אז ס'איז געווארן מיט אמאל אונטערגערוקט א פושקע טאבאק מיט א שארפן ריח) איז געווארן א גאנצער טומל, און ארום עם וכו'.

די שאלה איז דאך אבער אויפן רבי'ן מהר"ש אויך, איז געפינט מען אזא מין ענין, ביז ס'ווערט געבראכט אין מדרש אז בשעת ר"ע האט גע'דרש'נט האט ער געזען אז דער עולם איז מתנמנם, וואס דאס רעדט זיך וועגן ר"ע'ס תלמידים, און אעפ"כ איז ר"ע ניט נתפעל געווארן און מלמד זכות געווען, און האט געזאגט ואהבת לרעך כמוך איז א כלל גדול בתורה - איז דאך דאס אמר ר"ע (- איך מיין מיט די אלע ענינים).

צוליב וואס דערציילט מען דאס אונז, אז ס'קען זיין א תלמיד פון ר"ע און זאל שלאפן, און מ'כאפט זיך, תש"מ און ס'איז ר"ח ניסן און מ'זאגט אז ס'איז בחודש הראשון בא' לחודש, און דאס איז אזא מין טאג וואס דאס איז נטל עשר עטרות.

וואס ווי חסידות טייטשט דאס אפ, איז דער נידעריקער פון די עשר עטרות ער איז מערניט ביום השמיני, און האט באקומען א הוספה וואס "נטל עשר עטרות", דער לשון אבער "נטל" איז מדגיש אז ער האט אין זיך א ענין וואס דאס גיט עם כח אז ער קען דאס נעמען.

- ס'שטייט ניט אז ער האט מקבל געווען, שטייט אז "נטל עשר עטרות".

איז לכאו' אבער אז דאס האט מען עם שוין געטומלט, און דאס האט עם מבלבל געווען פון מתנמנם זיין, אעפ"כ איז געהערט מען דאך צו עם קשה עורף, איז א טייל איז דא וואס זיי שלאפן בפועל, דערנאך איז דא א טייל וואס זיינען זיך מתנמנם, און דערנאך איז דא א טייל וואס זיינען בבחינת עצלות ר"ל, דערנאך איז דא א טייל וואס זיינען בבחינת עצבות, און דעמולט קען מען צו עם ניט בכלל ניט צוטרעטן, ער טענה'ט שכינתא בגלותא! קען ער ניט זיין שמח.

במילא איז ער פארטראכט ווי אזוי נעמט מען ארויס די שכינתא פון גלות, און דרך אגב האט געזאגט דער מגיד אז דעמולט וועט ער אויך ארויס פון גלות, וועט ער דערפון אויך נהנה זיין.

און דערנאך ער איז בכלל א בעל מוח, זאגן לחיים; זינגען א ניגון; פאטשן מיט די הענט, דאס איז אלץ גוט פאר קונצן פאר פיצלאך קינדער, ער מיט א ווייסער בארד מיטאמאל זאל ער זיך פארנעמען מיט אזעלכע זאכן, דאס איז דאך ניט קיין כבוד התורה! מיט נאך די אלע ענינים וואס ס'איז דא בזה.

און דערנאך דארף מען אפשאצן ווער איז דער רוב, צי דער רוב זיינען אט די וואס זיי ווילן דערהערן, און זיי איז ניט נוגע אז אע"פ אז ס'איז ניטא קיין אידן און איינציקער פאליצייסקי אין דער גאנצער התוועדות, איז וואס האט מען צו קוקן, וואס האט מען וואס צו זיין איבער'רעש'ט, ס'איז דא א קשיא אין תוס' - מהיכי תיתי! ער איז שוין געוואוינט געווארן אז תוס' איז געבויט געווארן אז ס'זאל זיין א קשיא מיט א תירוץ, א'ניט איז געענדיגט רש"י! וואס האט אויפגעטאן תוס', אז וא"ת און תימה איז י"ל, מיט א גאנצע שקו"ט און דערנאך בויען זיך מפרשים אויף דערויף.

א קשיא איז בא עם קיין חידוש ניט, דאס באדערט עם ניט (בלשון המדינה), ער קען זיך רואיק ילך לבטח דרכו און גייט עקב בצד אגודל, אדער אגודל בצד עקב, און ניט ער טאנצט, און ניט ער פאטשט מיט די הענט, ניט ער זאגט לחיים, און ניט ער זאגט א ניגון, ס'איז א זקן ואינו לפי כבודו!

איז לכל הפחות אז ברוך תהי' מכל העמים, אז ס'גייט ארייין א גוי להבדיל, און מ'זעצט אים אוועק אויבן אן, און ער איז נאך אנגעטאן בבגדי שרד, שושקעט מען איינער דעם צווייטן אויפן אויער, מ'איז יענעם אויך מבלבל פון הערן, און דערציילט עם - דו זעסט דער כבוד שמים איז געווארן אזוי גרויס אז אפי' דער וואס נעמט א מקום מיוחד אין משטרה איז ער אויך געקומען צום פארברייינגען, אט דאס האט אויפגעטאן חסידות!

- אז דאס האט אויפגעטאן חסידות מיטן גוי - פארוואס טוט דאס ניט אויף חסידות מיט דיר?!

האט ער נאך א קשיא - צו אלע קשיות וואס תוס' פרעגט, און דערנאך פרעגט דער מהרש"א, און דערנאך פרעגן דאס די מפרשים פון מהרש"א, ביז דעם תלמיד ותיק עתיד לחדש, נאך א קשיא איז בא עם צוגעקומען נאך א קשיא, זאגט ער קריאת שמע שעל המיטה, און דערנאך לייגט ער זיך שלאפן - ושכבת וערבה שנתיך!

און דעמולט שאצט מען אפ ווער איז מער בכמות [איכות איז דאך אין אדם יודע מה שבלבו של חבירו, אבער כמות זעט מען], ס'איז דערגאנגען אזא מין מעמד ומצב אז מ'זעט דאס אויפן פנים, אז מ'שלאפט און יענער מתנמנם, און א צווייטן איז דער גאנצער ענין ניט נוגע, און א פערטער איז עם מבלבל, און ער טראכט וויפל א שיעור, ס'איז דאך א יום העבודה, און ס'איז קרוב צו האלבע נאכט, און מ'האלט עם און מ'מאטערט עם, די פרוי איז איינע אליין אין הויז מיט די קינדער, ווער ווייס וואס ס'טוט זיך און (בא וואס? פארוואס?) זי טראכט איבער, און ווי אזוי זי וועט עם מקבל פנים זיין, ווען ער וועט קומען צוריק ... די פרוי זיצט אין עזרת נשים, זי איז מער פארקאכט אין דעם הערן פון דעם מאן וואס זיצט אונטן, און דערנאך אז זי וועט קומען וועט זי עם דערציילן וואס ס'האט זיך געדעדט, ווארום ער האט גאר געדרעמולט, אבער דער יצה"ר איז דאך א קלוגינקער, איז ער עם מסביר אז ס'איז דא דער גדול השלום, וואס איש ואשה זכו איז שכינה שרוי' ביניהם, במילא דארף ער באווארענען, דא מיטאמאל האלט מען עם אפ אין א מיטן טאג - אמת טאקע ס'איז ניט קיין יום המעשה ס'איז ר"ח, אבער מותר במלאכה איז ער דאך, עאכו"כ איז ער מותר בשינה, איי וואס ער שלאפט דא אויך - איז דא איז דער שלאפן ניט באקוועם, ער וועט איינשלאפן ווערן וועט ער אראפפאלן פון ביינקל.

ער שלאפט אויף א בעס איז ער בטוח אז דער שלאפן וועט זיין ושכבת, איז וערבה שנתיך! אז ס'איז ניט "ושכבת", ער שלאפט זיצנדיקערהייט, קען ניט זיין "וערבה שנתיך"! און דאס איז א תענוג פון א גוף פון א אידן, וואס דאס איז נכסיו של הקב"ה! וואס קען זיין נאך טייערער?!

וואס לאחרי מאמר המוסגר, וואס מסתמא וועט דאס ניט העלפן, און דערנאך וועל איך זיך דארפן אליין טרייסטן אז מה-דאך ר"ע איז דערפון ניט נתפעל געווארן, און דער רבי מהר"ש - וואס זיין הנהגה איז געווען א בעש"ט'סקער אופן, מלכתחילה אריבער - איז אויך ניט נתפעל געווארן, און די רביים נשיאים שלאחריו ביז נשיא דורנו דער רבי דער שווער, וואס זיין הנהגה איז אויך געווען בדוגמא צו דעם רבי'ן מהר"ש וואס האט זיך ניט געשעמט און האט דאס דערציילט ברבים, פארוואס האט מען דערציילט? אז טאמער טרעפט דאס מיט אנשים כערכנו, און מ'טענה'ט מיט אים אז אעפ"כ זאלסטו ניט מספק זיין, אדער עכ"פ אחת בשנה זאגן א ווארעמער ווארט, כאטש דו געפינסט זיך אין א פרידזשידער, זאל ווי וויסן זיין אז ער איז ניט קיין אויסנאם, און ס'איז ניט צוליב עם איז ער באשאפן געווארן די העלמות והסתרים, אט דאס איז די הנהגה וואס דער אויבערשטער האט געוואלט בעולמו!



הנחה פרטית בלתי מוגה

די שאלה איז [ווי דער אלטער רבי שרייבט אין אגה"ק], אמת טאקע דער זאגער דארף האבן אט דעם עונש ווי ער זאגט אין זהר אז ממלא על אודני שלא שמעי, די שאלה איז אבער, פארוואס איז ער דער קופץ בראש אז ער זאל זיין דער דורך וועמען דער עונש וועט זיך אויספירן!

וואסדאס איז דער אלטער רבי דערמיט מסביר, אז פארוואס איז כל הכועס איז דאס היפך פון אמונה, דערפאר וואס דאס איז בהשג"פ, איי פארוואס קומט דער עונש דעם מזיק? אדער דעם שלאפער ווער האט עם מכריח געווען אז ער זאל זיין דער דורך וועמען די שליחות וועט זיך אויספירן!

וואס דאס איז איינע פון די נקודות פון יצי"מ, מיט די גאנצע אריכות וואס איז דא אין רמב"ם:

וואס דער רמב"ם פרעגט די שאלה הידועה, אז וויבאלד ס'איז געווען ועבדום וענו אותם ארבע מאות שנה, און דאס איז געזאגט געווארן כמה דורות אילדער פרעה איז געבארן געווארן, איז וואס האט פרעה באקומען דעם גאנצן עונש, ס'איז דאך געווען א גזירה מן השמים?

וואס איינע פון די תירוצים בזה, אז דער עונש איז געווען אויף ארץ מצרים בכללותה, ווער האט געשפארט פרעה אז ער זאל זיין דער שלאפער?! און ער זאל זיין דער שלאגער! און ער זאל זיין דער מעניש! און עד"ז חרטומי פרעה, ועד"ז בבני פרעה, ועד"ז ההולכים בעקבותיו.

וואס דאס איז אבער חשבונו הפרטי פון דעם שלאפער, ס'האט אבער קיין שייכות ניט צו דער זאגער.

עם זאגט מען מערניט אז חבל, און אוי וויי, אז ס'איז א רחמנות אויף עם וואס ער איז ממלא על אודני דלא שמעי.

וויבאלד אבער אז מ'רעדט וועגן א מעשה בפועל, דערנאך זאגט מען אז מ'זאל ארייגשיקן אויף א פאפיר שחור ע"ג לבן וואס מ'האט אויפגעטאן, במילא האט מען דעמולט קיין ברירה ניט, ווארם אז ניט וועט מען מאנען וואו איז דער דו"ח, וואו איז דער חשבון, וועט סוכ"ס וועט דאס מוזן ארויס א מעשה בפועל.

- איי וואס ער האט דאס געהערט פון דער פרוי, אדער פון א אייניקל, אז דער אייניקל האט עם איבערגעגעבן אז בא דעם פארברייינגען האט זיך גערעדט דעם און דעם ענין, וואס דאס איז שייכות צו זיין זיידן, אדער צו זיין פאטער וכיו"ב, דאס איז ער קיינעם ניט מחוייב דערציילן, ער מאכט זייער אן ערנסטן פנים, און זאגט עם הו הו הו הו, ווארום מער קען ער ניט זאגן אחוץ פון א הום, דער פארברייינגען האט ער ניט געהערט, ער איז געווען אין עולמות עליונים, אדער אין עולמות בינונים.

וואס אט דעמולט איז די עצה אז ניט מ'זאל זאגן מן הקל אל הכבד - הויבן הויבט מען אן מן הקל אל הכבד, ווי ר"ע האט געזאגט א זאך וואס דאס איז א דבר פלא איז במילא האט זיך דער עולם אויפגעכאפט פון שלאף, און דערנאך האט ער געזאגט אויף דערויף א ביאור.

וואס דאס איז אלץ א מאמר המוסגר, ניט אין א מקום קדוש גערעדט, וואו מ'דארף רעדן מערניט ווי טובתם של ישראל.

בנוגע לפועל, און מ'דארף דאך האבן א דבר חדש כדי ס'זאל נתקבל ווערן, און מ'זאל דאס וועלן טאן בחיות, ווארום דאס איז א נייע זאך.

איז אין מבצע פסח, ועד"ז אין שאר המבצעים איז דא א נייער צוגאנג, וואס

ביז איצטער האט מען דאס ניט געניצט, און בשעת מ'וועט דאס טאן מיט א חיות, און מיט מרץ, וואס דעמולט איז א תקוה גדולה וחזקה אז דאס וועט אויפטאן כמה פעמים ככה, לגבי ווי מ'האט אויפגעטאן ביז איצטער.

און דאס איז, אז מ'זאל אנהויבן די מבצע פסח, ועד"ז די שאר המבצעים פון די קטנים.

ד.ה. אין פשוט'ע ווערטער, אז מ'זאל קומען צוגיין צו די קינדער, און זאגן זיי אז אזוי ווי ס'קומט צוגיין אין צוויי וואכן ארום זמן חרותינו, זמן הפסח, און זמן הפסח האט מנהגים מיוחדים, און דינים מיוחדים, און ענינים מיוחדים, און לאידך גיסא איז דאס א ענין עיקרי, ווארום דאס דערמאנט אויף יציאת מצרים.

אשר לכן איז מען עם מציע אז ער זאל אוועקגיין צו זיין פאטער, און דערנאך זאל ער אוועקגיין צו דעם באבען און זיידן, און זאגן אז אזוי ווי ער הערט אז פסח איז אן ענין נעלה ביותר, און דעמולט זיינען קינדער ברום המעלה אז דער גאנצער ענין הויבט זיך אן שלא ישנו התינוקות, און די קינדער מוזן פרעגן א שאלה, און מ'מאכט אלע שינויים אין סדר הפסח כדי אויף מעורר זיין די סקרנות, אז די קינדער זאלן פרעגן שאלות.

און צוליב דערויף טוט מען, און מ'איז משנה כו"כ ענינים.

במילא איז וואס איז דער קינד מציע דער פאטער און דער מוטער, אז ער וועט זיי ארויסהעלפן אין די הכנות צו פסח, און ער וויל אז דער פסח זאל זיין א שיינער, ביז וואנעט אז אלע זיינע חברים וועלן זיך וואונדערן וואס בא עם איז דער שענסטער סדר פסח, און דער שענסטער פסח, און דער כשר'סטער פסח וכו' וכו'.

און דערנאך גלייך מוסיף זיין - מיוסד אויפן פיה"מ להרמב"ם ווי אזוי מ'דארף זיך נוהג זיין מיט קינדער, מאכן דערנאך א התחרות, א קנאת סופרים צווישן איין קינד מיטן צווייטן, און זאגן אז דער וואס וועט דערנאך ברייינגען א צעטל, אדער א פתקא אדער כיו"ב, פון דער פאטער אדער דער מוטער אז ער האט זיי געהאלפן, און דערפאר איז געווען א הידור נוסף און א יופי נוסף, און א אורח נוסף, אין ענינים פון פסח, וועט ער באקומען א פרס, און מ'וועט מאכן א הגרלה, און מ'וועט עס געבן אלע-ערליי פרסים, ווי דער רמב"ם זאגט דארטן - מנעלים אדער ממון, אדער כבוד, מיט די אלע ענינים ווי ער רעכנט דארט אויס בפרטיות.

וואס זעלבסטפארשטענדליך אז אין דערויף איז דא חילוקים מכתה לכתה, ס'איז אינו דומה וואס מ'דארף רעדן פאר קינדער וואס זיינען אין גן (קינדער-גארטן), וואס אויך זיי קענען אויפטאן א ריבוי גדול סיי בכמות, און סיי באיכות, אז ס'זאל זיין פסח כדבעי, סיי אין כשרות, און סיי אין שמחה, און סיי אין הכנסת אורחים אין כל דצריך, און כל דיכפין.

און סיי די אלע הכנות צו פסח, וואס דאס איז אויך כולל דער שטר מכירת חמץ, און ביעור חמץ, און דער לעפל אין וועלכן מ'דארף דער חמץ ארייינלייגן, און דערנאך פארבינדן, און דערנאך פארברענען, און דערנאך גייט די גאנצע משפחה און שטייען באם פארברענען.

און זאגן דעם קינד אז ער קען זיין מראשי המתעסקים בזה.

פאר זיך דארף מען טראכטן אז א קינד אמאל העלפט ער אויפן בעסטן אופן וועט ער דרייט זיך ניט צווישן די פיס, אבער בשעת מ'וועט דאס זאגן דעם קינד איז דאס לא זו הדרך פון חנוך לנער.

בשעת מ'וועט עם זאגן אז ער קען העלפן, און ער קען טאקע העלפן, בשעת א

קינד קומט צוגיין, און ווער רעדט נאך ווען ס'קומט צוגיין-א פיצל קינד, וואס נער ישראל ואוהבהו, וואס איז דער קישור און דער שייכות און דער ביאור צו עניני פסח.

זכרתי לך חסד נעוריך, אט דאס וואס אידן זיינען געווען כקטן שנולד דמי, איז ער מבאר בארוכה אין נבואת יחזקאל אז דאס איז געווען דער ענין פון ימי הפסח, און גאולת מצרים, מיט די אלע פרטים שבדבר.

פארוואס מ'האט דאס ביז איצטער ניט געטאן איז למאי נפק"מ.

אבער עכ"פ מ'האט נאך צוויי וואכן, איז בשעת מחנכים און מדריכים, און מלמדים און מורים, וועלן זיך אין דערויף ארייננווארפן, און די עומדים על גביהם וועלן זיי ניט לאזן טאן אין דערויף בעצלתיים, עאכו"כ ניט מיט עצבות, ווארום ס'איז א דבר בטוח, וויסנדיק טבע פון קינדער, סיי אינגעלאך, און סיי מיידעלאך, אז זיי וועלן אויפטאן אן עולם ומלואו.

אע"פ אז מ'וואלט דאס אנגעהויבן שלושים יום לפני החג, וואלט דאס געהאט נאכמער הצלחה, אבער אין צועקים על העבר.

און בשעת מ'וועט טאן כדבעי, און נאכמער, וועט מען זיך אויספרואווען אין די שבועיים ווי רשב"ג אט דאס וואס לויטן תנא דארף מען האבן אויף דערויף שלושים יום.

און דער עיקר - אז מ'זאל ריידן מיט די קינדער דברים היוצאים מן הלב, און אין דעם אופן ע"פ דרכו, צו די קינדער אין קינדער-גארטן בלשונם ולפי הבנתם והשגתם, און די וואס געפינען זיך אין כיתה ראשונה באופן נעלה מזה, אבער אויך לפי הבנתם.

און אזוי אויך מיט יעדער קינד אפי' די וואס זיינען שוין נאך בר מצוה, זיי זיינען אבער סמוכין על שולחן אביהם, אפי' די וואס זיינען ניט סמוכים על שולחן אביהם, אבער זיי דארפן דאך האבן א קשר און כיבוד או"א, עד"ז אויך בנוגע צו א זיידן און א באבען.

איז בשעת מ'וועט זיך ארייגלייגן, און ניט ארייגלייגן ווי געזאגט פריער - עוסק סתם, נאר ארייננווארפן זיך אין דערויף, בדוגמא ווי ס'האט געטאן נחשון בן עמינדב למטה יהודה, וואס היינט איז זיין נשיא, וכאמור לעיל, הויבט זיך דאס אן פון דעם ערשטן רגע פון בחודש הראשון באחד לחודש.

און ס'איז דא אין דערויף כמה דרכים ואופנים, כאמור, ותן לחכם ויחכם עוד, אז מ'וועט זיך דורך ריידן מיט די מחנכים פון יעדער כתה בפרט, וועלן זיי זאגן די דרכים מיוחדים וואס זיינען מתאים צו דער און דער כתה, און דער עיקר איז אז דאס מיינט מען "טאפארו דא פלאכו", אז בפועל היינט ביינאכט, עכ"פ מארגן אינדערפרי, וועט יעדערער און די אלע וואס קענען טאן בשטח זה, עאכו"כ די מורים ומורות, און די מדריכים און מדריכות, וואס אויף זיי ליגט די אחריות באופן ישר, זאלן זיי וויסן זיין אז דאס איז ניט נאר די אחריות פאר דעם קינד, אלס א קינד בפ"ע, נאר אויך די אחריות פאר דעם קינד אלס א זון אדער א טאכטער פון פב"פ, און פון פלונית בת פלונית, און א איניקל פון דעם זיידן, מיט דעם באבען.

און ווי מ'זעט בטבע אז ס'קומט צוגיין א קינד פון קינדער-גארטן און בעס זיך אדער ער זאגט מיט א פשיטות אז ס'איז א זיכערע זאך אז די צוויי וואכן וועט מען אויסנוצן אז ס'זאל זיין דער ענין פון חמץ באווארנס, און מכירת חמץ באווארנט, און דער לעפל באווארנט.

- א קינד קען מען ניט מחלק זיין אז דאס איז א מנהג, און דאס א דרבנן, און דאס איז א דאורייתא, ווארום בא א קינד פארבינדט זיך גלייך מיטן בעל הרצון, און אין רצון - ווי חסידות איז מבאר באריכה - איז א פרט אחד ברצון - איז דאס פונקט ווי דער עיקר הרצון דאס איז ניט דער קיום הרצון.

- אין שכל הבנה והשגה מוז זיין חילוקים, אז דאס איז א כלל גדול, און דאס איז א כלל סתם, און דאס איז א פרט, און דאס איז א פרט, און א פרט דפרט, און וואס א תלמיד ותיק עתיד לחדש.

מצד בעל הרצון איז א דקדוק קל של דברי סופרים, א מנהג ישראל תורה היא, וכיו"ב, איז דאס נוגע צו דעם קיום פון רצון, עאכו"כ צו צוותא וחיבור מיטן בעל הרצון - מיטן זעלבן שטורעם.

א קינד גייט בתמימות, און מצד אחדות הפשוטה שלו פארבינדט ער זיך מיט אחדות הפשוטה למעלה "כי נער ישראל ואוהבהו" - מיט א אהבה עצמית, כמבואר באריכה בכמה דרושים מיוסד וואס ס'שטייט אין קבלה וכו'.

און דער עיקר ווי מ'זעט בפועל אין כמה פעולות וואס מ'האט געפרואווט אין דעם וועג, ס'איז דאך אבער נוגע דער ענין שהז"ג, דארף מען איבער'חזר'ן נאכאמאל, אז דאס וואס מ'קען טאן אין די הכנה לדבר, און די פלענער בדבר, און תכניות שבדבר, נאך היינט ביינאכט, כדי מ'זאל קענען מארגן אינדערפרי גלייך אנהויבן מיט א שטורעם, און מיט א אופן פון ופרצת ימה וקדמה וצפונה ונגבה, און אנזאגן די קינדער אז זיי זיינען מחוייב אין כבד את אביך ואת אמך, און דערנאך שטייט דאס מיט א ו', לרבות את אחיך הגדול, און דאס איז אויך כולל אבי אביו און אם אמו, און עד"ז באבעס און זיידעס בכל האופנים האפשריים, אבער ביחד עם זה, דארף מען עם זאגן אז זיי וועלן זיין צופרידן אויב ער וועט קומען צוגיין און זיי דערציילן וואס ער האט ערשט געהערט א דבר חדש.

אז ער קען זיין פון ראשי המשתתפים אויף צוגרייטן א פריילעכן כשר'ן פסח, פאר די גאנצע משפחה!

און דערנאך וועט קומען אליהו הנביא, און דערנאך וועט מען עם קויפן מתנות - ווי דער פיה"מ להרמב"ם זאגט, מיט די אלע ענינים פון חנוך לנער ע"פ דרכו.

וכאמור לעיל, ס'איז דאך דא אזוינע וואס שלאפן אויך בא אט דעם ווילדן איינפאל, איז אז זיי וועלן זיך אויפכאפן מארגן אינדערפרי פון דעם שלאף, וועט מען זיי דערציילן, איז א דבר השוה לכל נפש, אז די וואס וועלן ניט ארויינשיקן פאר פסח א דין וחשבון וואס זיי האבן ניט אפגעטאן בפועל דוקא בשטח זה, וועט דאס זיין א הוכחה גמורה אז דאס איז אזא מין אז ער האט גארנישט-ניט געטאן בזה.

די טענה איז אז ער איז אן עניו, און במה נחשב הוא, און וואס איז ער פאר א שרייבער, און מ'קען ניט מיטנעמען פון די צייט, וכו' וכו'.

איז איך בין ניט מחוייב ליינען וואס ער וועט שרייבן, במילא נעמט ער ניט צו מיין צייט, ער וועט אבער וויסן אז ער דארף שרייבן, און מכריז בגלוי אז די וואס וועלן ניט שרייבן איז דער איינציקסטער ביאור איז - אז דאס איז א הוכחה אז אין דעם שטח האבן זיי גארניט געטאן!

און דאס וואס ער וועט שרייבן לאחרי חג הפסח - אז ער איז געווען פארנומען אין הל' הפסח לפני החג, און פארנומען מיט מעות חיטים וכו', ווייס מען מלכתחילה - ס'איז דא נאך חכמים כמותו, און אויך בעלי המצאות כמותו, וואס קענען פאלן ניט נאר אויף א סברא, נאר אויך אויף א אמתלא וואס דאס איז אמת-לא, און מלכתחילה איז מען דאס מבטל, און מוסר מודעה אז די איינציקסטע הוכחה איז אז בשעת ס'וועט

זיין געשריבן שחור ע"ג לבן, און ער וועט קומען על החתום, און ער האט ברשות צו אנשרייבן אז דאס איז "סודי", און דאס איז "אישי", און דאס איז בתכלית הסודיות, און אז ער געהערט צו כת ענוים כת ראשונה, אדער שלמעלה הימנה, כידוע דער סיפור פון נשיא דורנו.

איז אויב ס'וועט ניט זיין אזא מין דו"ח, און דער עיקר ניט שרייבן מיט הפלאוה, אז ער האט געטאן אסאך, אדער געטאן ווייניק, וכו',

און המעשה הוא העיקר וכו', ווי געריעדט פריער בנוגע צו אלה פקודי המשכן, אז מ'דארף בויען א משכן ודירה לו ית' דארף מען האבן א חשבון, אזויפיל און אזויפיל זהב, און אזויפיל און אזויפיל כסף, און אזויפיל און אזויפיל נחושת, מיט די אלע י"ג וט"ו דברים וועגן וועלכע ס'רעדט זיך.

וואס דא קומט נאך צו א הוספה: ס'איז דאך דא אזוינע פון עם קשה עורף, וואס בשום אופן קען מען בא זיי ניט פועל'ן זיי זאלן מודיע זיין וואס זיי טוען,

זאל דאס אבער ניט מזיק זיין די קינדער וואס זיי קענען ארויסהעלפן און אוועקשטעלן זיי אין קו של אורה, אז די קינדער זאלן אריינברענגען א תוספת אורה, אדער אורה מתחילתו אין זייערע עלטערן'ס הייזער, און די הייזער וואס זיינען באלויכטן בלא"ה,

איז בדוגמא ווי מ'זאגט בנוגע צו נרות שבת קודש, אז מ'איז מוסיף נאך א ליכטעלע כאטש ס'איז א בית מלא אורה, קומט צו נאך אורה, קומט צו נאך שלום בית, קומט צו נאך אין ברכת ה' מיט די הפלגת הברכות וואס פארבונדן מיט נרות שבת קודש, ווי ער זאגט אין זהר כמדובר כמ"פ אין די התוועדויות במשך פון די שנים האחרונות.

וואס עד"ז און דערפון איז אויך מובן בנוגע צו כל עניני תורה אור, אז מ'גייט צו כל הענינים פון נר מצוה וואס דאס גייט אויף יעדער מצוה, עאכו"כ א מצוה כללית, ווי דער ענין פון חגה"פ זמן חרותינו זכר ליצ"מ, מיט אלע אירע פרטים, עאכו"כ פון לילה הראשונה, וואס דעמולט איז ווי ער זאגט אין סידור האריז"ל דארף מען זאגן די הגדה בקול רם.

וכאמור לעיל, מיט די גאנצע השתדלות - שלא ישנו התינוקות.

און איצטער איז געקומען די צייט ווי ער זאגט אין די נבואה בנוגע צו יום האחרון הגדול והנורא, וואס דעמולט איז - והשיב לב אבות על בנים, ס'איז דא אזוינע הייזער וואס די תינוקות דארפן באווארענען שלא ישנו האבות והאמהות והסבות והסבתות, די קינדער דארפן באווארענען אז די עלטערן זאלן ניט שלאפן.

ובפרט נאך אז ווי כאמור לעיל, ווי דער אלטער רבי שרייבט בנוגע צו נרות שבת קודש, אראפגעבראכט אין דעת הפוסקים, אז יעדער נר איז מוסיף, עד"ז אין דער פעולה אויך,

און מ'קען זיך גארניט פארשטעלן, ע"ד ווי מ'האט זיך ניט פארגעשטעלט אז א קליינע מיידעלע וואס האט אנגעצונדן א נר של שבת קודש, איז במשך זמן לא ארוך, האט דאס גע'פועל'ט און מהפך געווען די גאנצע הויז אז ניט נאר איר מוטער האט אנגעהויבן צינדן נרות שבת קודש, און דערנאך האט דער פאטער געזאגט אז ס'ברענט א שבת ליכטל קען מען ניט טאן קיין דברים האסורים בשבת,

דערנאך האט מען געזאגט וואס האט דאס פאר א קלעפ, אז דא ברענט א שבת ליכטל, און דער מאכל ומשקה איז א ספק צי דאס איז מתאים צו דער שבת ליכטל, אדער צי ס'איז ניט מתאים צו דער שבת ליכטל.

און דערנאך איז געגאנגען ווייטער, אז אויב דער אויבערשטער האט אן ארט בא עם אין הויז שבת, איז פארוואס האט ער דארט קיין ארט ניט מוצאי שבת, און במילא דארף מען האבן אן ארט זונטיק, און במילא דארף מען האבן אן ארט מאנטיק, און דינסטיק, און מיטוואך, און דאנערשטיק, און עאכו"כ ערב שבת - פרייטיק.

און במשך זמן לא ארוך, איז געווארן א הויז פון שמירת תורה ומצוותי',

פון איין-און-איינציקע ליכטעלע וואס האט אנגעצונדן א מיידעלע פון קינדער-גארטן,

וואס: א שבת איז דאס ניט אזוי יו"ט'דיק בנוגע צו קינדער און עלטערן, ווארום דאס איז יעדער זיבן טעג, און אי אפשר לשבעה ימים רצופים בלי שבת.

פסח איז דאס איין מאל א יאר, און צווישן אלע ימים טובים האט ער א באזונדער נשיאת חן בא קינדער, בדרך ממילא אויך בא עלטערן, נאכמערער ווי די שאר ימים טובים, ומועדים לשמחה.

מ'דארף נאר האבן אז ס'זאל זיך ארייגלייגן יעדערער און יעדערע וואס קען טאן אין דעם, ווי אזוי צוגיין צו קינדער, און ווי אזוי דורך ריידן זיך, און זען אז ס'זאל ניט אוועקגיין א רגע א' לבטלה, וואס פריער דער קינד וועט אנהויבן ריידן אלץ פריער וועט זיך אנהויבן די הכנות צו חגה"פ כשר ושמח - איז גאר ניטא קיין ספק, וספק ספיקא,

און דערנאך האט מען אז מצד כמה וכמה סיבות וואס מ'איז זיי מבאר בדרך הטבע, אבער דער עצם הביאור, און די נקודה הפנימית אין דעם ביאור איז אז פסח האט א. באזונדערע נשיאת חן, א באזונדערע שייכות והתקשרות אפי' בא די אידן וואס אנדערע ענינים זיינען אויף זיי ניט פועל, דערפאר וואס דער גאנצער ענין פון פסח איז געווען לקחת לו גוי מקרב גוי!

מ'איז געווען צווישן גויים, ס'איז געווען המעט מכל העמים, ביז וואנעט אז ס'איז געווען אזעלכע אז מה הללו עובדי ... אף הם עובדי, אין דערויף איז באשטאנען פסח, אז מ'האט דאס ארויסגענומען און מ'האט געמאכט איין זאך מיט ממה"מ הקב"ה בכבודו ובעצמו!

וואס דערפאר איז דערנאך אין די ימים ושנים שלאח"ז איז דער גרעסטער יו"ט און דער שטארקסטער יו"ט וואס קען פועל זיין ביז אין ערות הארץ וכו', אין א בכור השפחה וכיו"ב, איז דאס יו"ט של פסח, מער ווי אנדערע ימים טובים,

עאכו"כ אז כל ישראל בחזקת כשרות, אט די וואס בא זיי פעלט אין חזקת כשרות דערפאר וואס זיי זיינען תינוקות שנשבו לבין העכו"ם (העמים), כאטש זיי זיינען שוין מיט ווייסע האר אויפן קאפ,

בשעת ס'וועט קומען צוגיין זיינער אן איניקל, אדער זיינער א קינד פון קינדער-גארטן, און וועט עם דערציילן אז היינט האט ער געהערט א מעשה נפלא, אז ס'איז געווען א פאלק און דאס איז דער פאלק פון וואנעט ער שטאמט, וואס זיינען געווען הונדערטער יארן אין א "סופער- פאווער", און דערנאך איז געקומען צוגיין א איד וואס האט געהייסן משה רבנו, וואס דאס איז אלץ בא עם א חידוש גדול, ער האט ניט געוואוסט פון דעם גאנצן ענין, ער האט געוואוסט אז ס'איז דא א "מאוזעס", ער האט געוואוסט אז ס'איז דא א "ביבל", ער האט אבער ניט געוואוסט וואס האט דאס פאר א קשר מיט עם,

דאס איז א "סאבדזשעקט" וואס ער דארף לערנען, דערפאר וועט מען עם געבן די ציונים טובים, - אז דאס האט א שייכות מיט עם, מיט זיין גוף, מיט זיין נשמה,

און זיין טאג-טעגליכן אויפפירן, אט דאס האט מען עס פארגעסן דערציילן! אדער מ'האט ניט געוואוסט אז מ'דארף עס דאס דערציילן,

האט זייער ("טיטשער") גארניט געוואוסט אז ס'האט טאקע א קשר!

במילא אז מ'דערציילט דאס א קינד - א קינד פארשטייט ניט קיין שפיצלאך, און פארשטייט ניט קיין וויצן, ער נעמט ענינים כפשוטם, בפרט נאך אז די פשטות הענינים דאס איז די אמיתית הענינים.

און קומט דערנאך צוגיין אהיים און דערציילט מיט התפעלות אז היינט האט ער זיך דערוואוסט אז "מאוזעס" האט א שייכות צו עם, און אז דער "מאוזעס" וואס ער הייסט אויף לשון הקודש "משה", איז ער געווען צוזאמען מיט א גאנצע פאלק אין ארמ"צ, וואס דארט איז דער פאלק געווען א מיעוט, און ארום זיי זיינען געווען קינדער פון מצרים, און אעפ"כ האט עם דער אויבערשטער געמאכט פאר א "מעסענדזשער", און האט עם אריינגעשיקט פון "דעזערט" אין עיר הבירה - די גרעסטע שטאט, און האט עם דארט געהייסן גיין מיטן גאנצן שטארקייט און זאגן "שלח את עמי ויעבדוני"! גייט ארויס אין מדבר און דינט דעם אויבערשטן!

און זעלבסטפארשטענדליך אז דער "סופער-פאווער" איז ניט נתפעל געווארן, און אעפ"כ האט געטאן זיך די אלע סיפורים וואס מ'דערציילט עם שוין אין קינדער-גארטן, לפי הבנתו והשגתו.

און דערנאך זאגט מען אז דאס וואס וועט זיין אין פערצן טעג ארום, אין דרייצן טעג ארום, וועט זיין חמשה עשר בניסן, זאלסטו וויסן זיין אז די נאכט פאר דערויף בי.זטו אט דער וואס אויף דיר וועט זיך האלטן דער גאנצער סדר, ווארום דו וועסט דארפן פרעגן די פיר קשיות, און דער טאטע וועט זיך צוהערן, און דערנאך וועט ער דיר ענטפערן אויף די קשיות, און מ'וועט דיר געבן פון די ד' כוסות וכו', דו דארפסט נאר זען אז ס'זאל אלץ זיין צוגעגרייט ווי ס'דארף צו זיין, און אז קיינער זאל ניט אנשלאפן ווערן,

וועט דאס אויפטאן און מאכן א מהפכה לטובה אין צענדליקער טויזענטער אידישע הייזער,

און דערנאך האט מען די הבטחה ווי דער אלטער רבי זאגט אין אנהויבס ספרו תורה אור, אז נעשה מוחו ולבו זכים אלף פעמים ככה, און דער צ"צ טייטשט דאס אפ [ווי גערעדט כמ"פ אין זיינע הגהות], אז דאס איז ניט בל' של גוזמא, ווי מ'געפינט בכ"מ, אז דאס מיינט מען טאקע ניט נייען הונדערט נייען און ניינציק - דאס מיינט מען טויזנט מאל אזויפיל! אמת טאקע מערניט ווי "זכין", און דערנאך דארף מען לערנען בפועל, מ'קען אבער ניט יוצא זיין מיט א קלארע און גוטע קאפ, מ'דארף זיך טאקע זעצן לערנען, אבער דאס וואס ער אליין ער אליין אן אנדערער אדער וואלט געדארפט האבן טייזנט שעה אידער ער האט געטאן די עבודה וועט ער דאס אויפטאן אין איין שעה לערנען,

איז ניט דערנאך ח"ו וועט ער אוועקגיין שפאצירן, דערנאך די איבעריקע נייען הונדערט נייען און ניינציק שעה, פארשטייט מען דאך וואס ער וועט דעמולט קענען אויפטאן אין זיין לימוד התורה, און זיין קיום המצות וואס לימוד מביא לידי מעשה אין זיין עבודת התפלה,

וואס דאס איז כאמור - דער ווילדער איינפאל, וואס מסיבות שונות ומשונות האט מען דאס ביז איצטער ניט געטאן, מ'האט געהאלטן אין איין שטורעמען וועגן מבצע פסח, און מ'האט גערעדט אין דערויף אז מ'דארף זען שלא ישנו התינוקות, מיט אלע פרטי הדברים, דארף מען איצטער אנהויבן פון דעם צווייטן קצה - והשיב לב אבות על בנים - על ידי בנים,

אנהויבן גלייך פון קינדער-גארטן קינדער, סיי אינגלאך, און סיי מיידלאך, און געבן זיי בפיהם דער דבר ה', אבער אין זייער סגנון, און אין זייער הבנה והשגה, און דער עיקר מאכן פון זיי אז זיי זאלן זיין די וואס וועלן דאס טאן בפועל, סיי אין דעם רעדן, און סיי אין דער הכנה, עאכו"כ אין דער השתתפות אין ימי הפסח,

וכידוע דער פס"ד אז מחשבת קטן דינגט מען זיך ווי איז דער דין, דיבורו של קטן דינגט מען זיך ווי איז דער דין, א מעשה של קטן איז א זאך וואס פועל'ט אויף און מ'דארף ניט האבן קיין בעסערע ראיות, ווי מ'זעט דאס בפועל, און מעשה רב בחיי יום יום.

עאכו"כ אז דאס איז פארבונדן מיט חודש הגאולה, און די התחלה בזה איז אין דעם יום וואס נטל עשר עטרות, מיט די אלע מעלות וואס מ'האט גערעדט פריער, נוסף אויך אויף די מעלות וואס ביום הראשון המקריב קרבנו איז דאס נחשון בן עמינדב - שפרינגט אריין אין דער ארבעט, ניט רעכענדיק זיך, און פרעגן זיך, און מיישב זיין, און א קוק טאן אין שפיגל צי די בארד איז בא עם פארקעמט, צי די טיי איז בא עם במקומו, וואס אט דעמולט קען ער ארויסגיין בחוץ און ניט מבזה זיין זיך אליין, וואס ער איז א תלמיד חכם, בשעת ער שטייט אזוי אין רשות הרבים.

און בשעת ס'וועט זיין דער מעשה בפועל, און באופן כך, און בזריזות הכי גדולה, וכאמור לעיל, איז תן לחכם ויחכם עוד, וועט מען זיכער געפינען נאך כמה וכמה אופנים, און איינע פון די אופנים - מ'לעבט דאך אין עולם וואס מ'האט זיך איינגעגלויבט אז א זאך וואס איז געדרוקט אין צייטונג איז א סימן אז דאס איז א דבר חשוב, און מ'מוז זיך דערמיט רעכענען, און דער עיקר איז, מ'זעט דאך מעשה בפועל, אז מ'דרוקט דאס אפ אין צייטונג גייט דאס אן צו אזוינע מענטשן צו אזוינע מדריכים און מדריכות, און מורים ומורות, וואס אויף אן אנדער וועג וואלט צו זיי ניט געקענט אנקומען,

זאל מען אין דערויף אויך מוסיף זיין בפרסום כל הדברים האלה אין דעם סגנון מתאים בכל עתון ועתון לפי ענינו,

און דערנאך בשעת ס'לייגן זיך צוזאמען אלע אידן מיט א החלטה טובה, און בתוקף המתאים, און החלטה ע"מ לעשות בפועל, און דערנאך ווי ער זאגט בנוגע צו נבואה, עאכו"כ בנוגע צו דברים פשוטים, אז מ'דארף דאס מקשר זיין מיט א פעולה גשמית וועט דאס דעמולט פארזיכערט דאס אז דאס וועט אראפ בפועל, איז מען דאס מקשר מיט א פעולה בפועל, כאמור לעיל, נאך היינט ביינאכט די פלענער בדבר, עאכו"כ מארגן אינדערפבי בנוגע לפעולות בדבר,

און כמדובר לעיל - אין נקי, קיינער דארף זיך ניט זוכן אויף צו ארויסדרייען דערפון, ווארום אז ס'וועט צוקומען נאך א קינד, און נאך א קינד, נעמט מען עם ארויס פון גלות מצרים, און מ'נעמט אראפ איינע פון די מניעות כמדובר כמ"פ, אז די איצטערדיקע גאולה קען קומען דעמולט ווען מ'וועט ארויסנעמען אלע אידן און יעדער אידן קיין איינציקער וועט ניט בלייבן אין גלות,

מוז מען צוגרייטן יעדער אידן ווי קליין ער זאל ניט זיין, אדער ווי גרויס ער זאל ניט זיין, אז ער זאל זיין ראוי אויף ארויסגיין פון גלות, און ניט נאר ארויסגיין נאר ארויסשפרינגען פון גלות! ופסח - ודלג!

און אט דעמולט ברייגגט מען די גאולה פאר ימי הפסח, האט מען דעמולט אז מ'איז מקריב דער קרבן פסח אין ביהמ"ק השלישי, דאס איז אבער נאך ניט מתאים צו הבנה והשגה פון א קינד אין קינדער-גארטן, און דאס איז ניט נוגע לעבודתו בשטח זה, וואס דאס איז בא עם א חידוש,

וואס דערפאר אז דאס ווייס מען פאר זיך, גיט דאס צו מוט בנוגע לפעולתו ועבודתו, בדוגמא ווי געערעדט פריער אין די פריערדיקע התוועדות, אז מ'דארף וויסן אז ברצונו נתנה, דערפאר וואס דאס איז כח מעשיו הגיד לעמו, איז דאס מוסיף אין דער מרץ, און דער הצלחה אין נצחון המלחמה, אויף ארויסנעמען כל ניצוצי קדושה,

און דער עיקר כאמור - נוגע איז די ווילדקייט שבדבר, אז מען זאל ניט טראכטן אז די עלטערן זאלן פארזארגן אז די קינדער שמא ישנו התינוקות, דאס זאל מען אויך טראכטן - מהיכי תיתי, אט דאס וואס ס'איצטער הזמן גרמא - וואס דער זמן איז מדגיש - אז מ'זאל זיך פארלייגן אויף די קינדער, וכאמור, אנהויבנדיק מתחיל משהתינוק מתחיל לדבר, זאל מען עס גלייך זאגן אז תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב, און ער איז איינע פון די יורשים, און ער איז דער הויפט יורש, און אט דער משה איז אט דער וואס איז געקומען ר"ח ניסן האט ער אנגעזאגט אידן וועגן חגה"פ, און האט זיי אויך אנגעזאגט וועגן דער חידוש פון חגה"פ, דאס איז שה לבית כמדובר כמ"פ, א מצוה מה"ת ווערט מען אין זיי מחויב לאחר בר מצוה; אפי' מצות ת"ת איז דער חיוב על האב אז ער זאל לערנען מיטן קינד, ווי דער אלטער רבי זאגט אין הל' ת"ת.

און דערנאך איז דא דער אויסנאם בנוגע צו מצות הקהל, וואס דאס וועט זיין לשנה הבאה, בחגה"ס, און נאך פאר דערויף אין די מצוה פון שה לבית הנימנים על חגה"פ, אז ער איז ממנה ביז בתו ובנו הקטנים, און ניט נאר זיי מעגן עסן, נאר זיי דארפן עסן, און דאס איז ממצוות חגה"פ - אז ס'זאל זיין שה לבית און נאכל בחבורה אחת, די גאנצע משפחה צוזאמען, ביז וואנעט אז מ'זעט אז באם טיש זאלן זיצן די אלע ד' בנים, און מ'פרעגט די שאלה הידועה ס'איז דאך אזא מין זון וואס ער וויל גאר ניט הערן פון די גאנצע זאך - איז וועגן דערויף האט מען זיך מתעסק געווען קודם חגה"פ אז ער זאל קומען צו דער טיש, .

- דער סוג איז בטל געווארן ע"י ההשתדלות לפני חגה"פ, אעפ"כ קען נאך בלייבן דער חילוק הסוגים וואס אויף דערויף דארף מען האבן די הארות והשפעות פון פסח אליין, אבער דעם פינפטן סוג איז בטל געווארן, ווארום זיי זיינען אלע נכלל געווארן אין די קינדער וואס זיי אלע קומען צוזאמען מיט דער פאטער און מיט דער מוטער מיט דער באבע און דער זיידע כמדובר כמ"פ, אז ס'איז דא די נייע מכה שלא כתובה בתורה, וואס מ'רופט דאס אן א "גאפ אוו "דזשענערעישאן", א חילוק פון דער דור הצעיר, און דור המבוגר, האס מען אנגעזאגט אז דוקא באחרית הימים וועט זיין דער "והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם",

און כמדובר לעיל - והשיב לב אבות על בנים - על ידי בנים,

און אז מ'וועט טאן אין דעם, וועט זיין בהצלחה רבה ומופלגה.

און ובעיקר כמדובר - אז דאס מיינט מען דער ענין פון מעשה בפועל, מיט דעם פרסום הכי גדול, און כל ספק בדבר צי זאל מען מפרסם זיין, צי ניט - דארף מען מפרסם זיין, און כל ספק בדבר צי דארף מען ריידן מיט דעם און דעם קינד, און וואס וועט זאגן דער און וואס וועט זאגן יענער - איז אויך דארף מען ריידן מיטן קינד, ווארום דאס איז קינדער וואס זיי זיינען בני אברהם יצחק ויעקב, און בני שרה רבקה רחל ולאה,

און אז מ'רעדט מיט זיי, איז צי זיי וויסן דערפון בגלוי, אבער בנקודת נפשם פנימה וויסן זיי און פילן דאס אז דאס איז דער אברהם יצחק יעקב, שרה רבקה רחל ולאה וואס געפינען זיך אין עס, און טוט אויף אין עם, בדוגמא ווי געערעדט בנוגע צו משה רבנו, ווי ער איז דא בא יעדן אידן, ביז וואנעט אז דאס מאכט בא יעדן אידן אז יראה ווערט א מלתא זוטרתא היא, עאכו"כ אין אזא מין חגה"פ נעים, מיט די אלע מעלות וואס געזאגט פריער מצד דער חוב וואס פסח האט מצד חסד נעוריך און נער ישראל ואוהבהו, וואס דאס איז מושך סיי נערינו סיי בנינו, סיי נערינו, און סיי זקנינו, אויף צוציען זיי, מ'דארף נאר האבן עמעצן וואס זאל אנצינדן

דעם ערשטן ניצוץ, און די ערשטע נקודה, ווערט דאס דעמולט א גאנצע חבית פון א ענין וואס מאכט א גאנצע מהפכה לטובה,

און דאס בויט אויף די הכנה לימי הפסח, אז דאס ווערן טעג פון חודש הגאולה,

און דערנאך ווערט א חגה"פ כשר ושמח, מיט אלע פרטים שבדבר, ביז דעם כלל שבדבר, אז כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות.

* * *

ה. מ'האט דאך פריער גערעדט אז דאס האט אויך א ביאור מן הקל אל הכבד, הויבט זיך דאס אן אט דאס וואס ס'שטייט אין קבלה אז ס'איז דא דער חידוש אין פסח לגבי שאר כל הימים שבשנה, אז דעמולט גייען אריין די מוחין דקטנות פאר מוחין דגדלות שני,

וואס ניט סתם מוחין דגדלות, נאר אפי' גדלות שני, גייען פריער אריין מוחין דקטנות,

דערנאך איז מען מסביר די נבואה פון יחזקאל אז דעמולט איז געווען דער ענין פון לידת עם ישראל, אז דאס גייט אויף ימי הפסח, אז דעמולט איז מען געבארן געווארן, אע"פ וואס מעולם לא פסקה ישיבה מאבותינו אפי' במצרים, איז דער אויפטו וואס האט זיך אויפגעטאן בימי הפסח, איז דאס אזא מין אופן שלא בערך אז דער גאנצער מעמד ומצב שלפנ"ז איז דאס בדוגמא ווי אפס ואין לגבי דער ענין וואס האט זיך אויפגעטאן בלידת עם ישראל וכאו"א מישראל, ווארום הימים האלו נזכרים ונעשים בכל חמשה עשר בניסן שבכל שנה ושנה.

דערנאך קומט דאס אראפ אין די גאנצע אריכות וואס שטייט אין ספרי מוסר, און נאכמער אין ספרי חסידות, ווי אזוי דער ענין איז אז דוקא דער ענין הפסח איז אז "הבן שואל מה", וואס דאס איז ווי דער אפטייטש ע"פ קבלה וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם אפטייטש כפשוטו, אז הבן שואל מה נשתנה, וואו איז דא דער קשר, מ'זאגט דאך דער זעלבער אפטייטש אויף די זעלבע ווערטער?

וואס דורך דערויף וואס דער "בן שואל", איז דאס מעורר אז ס'זאל זיין דער שם הקדוש פון ב"ן זאל שואל זיין מ"ה, און מ'ווייס דאך דער ריחוק הערך, און דעם גודל פון דעם אויפטו צווישן ב"ן און מ"ה, כמבואר בארובה בכ"מ.

און אט דא איז ווער איז דער שואל, און ווער איז דער מתחיל, און אין עם היינגט אפ די אלע ענינים פון דער סדר ההגדה אז ס'זאל זיין בשלימותם - הויבט זיך אן מיט דער התחלה אז ס'קומט צוגיין דער "בן", און מ'זאגט ניט אז ער איז "מקשה", מ'זאגט אז ער איז "שואל" - ער בעט, און ער פרעגט, און דערנאך ווי דער שואל וואס שטייט בא יצי"מ, פרעגן דאך די מפרשים די שאלה היתכן, מ'האט געליען, פארוואס מ'האט ניט אפגעגעבן? און איינע פון די פירושים בזה, אז שאלה בלה"ק, האט אויך דער טייטש אז מ'בעט א מתנה,

און אזוי איז געווען דער ושאלה אשה משכנתה ומגרת ביתה - לויט די מפרשים איז ניט געווען אנטלייען, נאר "ושאלה" - א לשון פון מתנה,

ע"ד ווי בא ב"ן שואל מ"ה, איז א זיכערע זאך אז ער בעט א מתנה, ואדרבה - הנותן זאל זיין בעין יפה נותן,

ביז וואנעט וואס כאמור לעיל, אז דער גאנצער סדר איז איינגעשטעלט אין אזא מין אופן שלא ישנו התינוקות, וואס במילא פונקט אזוי ווי מ'גרייט זיך צו צו כל עניני הסדר ל' יום לפנ"ז עכ"פ שבועיים לפנ"ז לדעת רשב"ג, - פון ר"ח,

איז דאך מעצמו פשוט ומובן אז מ'דארף זיך אויך צוגרייטן שלא ישנו התינוקות, אויך פון ימי הפורים, עכ"פ פון ר"ח ניסן.

ווי אזוי איז מען מעורר א תינוק שלא ישנו, איז דורך א דבר שכל, איז אמאל איז מען מצליח, און אמאל ניט, א דיבור איז מען אמאל מצליח, און אמאל ניט, בשעת מ'רעדט מיט עם, און מ'מאכט פון עם אז ער זאל זיין דער עושה בפועל, און ער זאל זיין דער שליח, און ער זאל זיין דער עומד בראש, און ער זאל זיין דער מעורר, און מבקש ושואל ודורש, אט דאס איז דער וועג הכי מוצלח שלא ישנו התינוקות.

וואס דאס איז דער יסוד אויף אן ענין וואס ווייזט זיך אויס אז ער איז א ווילדער, ווי גערעדט פריער אז מ'זאל זיך ארייננוצרפן אין דעם אופן הפעולה אין מבצע פסח אנהויבנדיק דוקא פון תינוקות, פון תינוקות וואס גייען נאך אין גן-ילדים, אדער אין גן-ילדות, פון זיי מסביר זיין, און דורך זיי אויפטאן און דוקא בדרך כבוד, און בדרכי נועם, צוזאמען מיטן קיום פון כבד את אביך ואת אמך, זאלן זיי אוועקשטעלן די הכנות צו פסח, ופסח עצמו אין אן אופן אז ס'זאל זיין בתכלית ההידור.

און דאס וועט אויך מוסיף זיין אין דעם הידור פון יציאת מצרים, אז ס'קען דאך זיין בזמן חרותינו בחמשה עשר בניסן, וואס דעמולט האט זיך אנגעהויבן דער ויקחו להם איש שה, און ס'קען זיין נאך פריער, ווי ס'איז געווען אין פ' החודש, וואס דאס איז דאך געווען ביום זה וואס נטל עשר עטרות,

אז החודש הזה לכם ראש חדשים, ראשון הוא לכם לחדשי השנה, און דערפון ווערט גלייך א וועג אין בעשור לחודש, און חמשה עשר לחודש, ביז אז בנ"י יוצאים ביד רמה.

אז כן תהי' לנו בפועל, אז יעדערער און יעדערע וועט טאן בענין זה ככל הדרוש, און נאך מערער וויפל דרוש - כיד ה' הטובה עליו,

און מ'וועט אויפשטעלן די צבאות ישראל, והם הכירוהו תחלה, אט די תינוקות וואס זיי זיינען געבארן געווארן אין מצרים, און ניט קוקנדיק אויף דערויף האבן זיי זיך אויפגעהאדעוועט אויף חלב ודבש פון אידישקייט, און פון דעם אויבערשטן, וואס דאס גיט מען דורך אט די השתדלות, און דורך אט דער תעמולה, און דורך אט די רייד, נאכמערער ווי ס'האבן דאס פון פריער,

און מ'שטעלט אויף - כאמור - צבאות ה', וואס גייען ארויס ביד רמה, ולא עכבם אפי' כהרף עין, לקבל פני משיח צדקנו, בגאולה האמיתית והשלימה, שאין אחרי' גלות, וויבאלד אז דאס איז א גאולה לעולם,

אנחנו עמך וצאן מרעיתיך, נודה לך לעולם, לדור ודור נספר תהלתיך, ומתוך שמחה וטוב לבב.

* * *

צוה לנגן: ניגון הכנה, נגון אדה"ז (בבא הד' פעם א'), ניע זשוריצי, ופרצת.

* * *

ו. אזוי ווי ס'איז דאך חייב אדם לומר בלשון רבו, און בשעת איך האב געהערט פון שווער די מעשה מיטן רבי'ן מהר"ש, האט ער מיר געזאגט נאך א פרט בדבר, אז בשעת זיי פלעגן זאגן דער מאמר חסידות פלעגט מען פארשליסן די טירן, און דערנאך אז איינער האט אנגעהויבן מתנמנם זיין, אדער אנשלאפן געווארן, האט שוין געוואוסט דער משרת בשעת מ'האט עם געמאכט א סימן, ער זאל נעמען די קעסטל מיט טשענעריצע,

און צוטראגן איר צו יענעם, און אונטערשטעלן עם אונטערן נאז,

האב איך ניט געוואוסט וואס איז טשענעריצע - איך ווייס איצטער אויך ניט, האב איך געפרעגט באם שווער, וואס איז טשענעריצע, האט ער מיר געזאגט אז דאס איז א מין סארט שארפן טאבאק,

במילא איז דא פארשליסן די טירן, איז ניט שייך, ווייל מ'וועט פארשליסן די טירן, וועט מען מסתמא אויפברעכן, איז געזינטער מלכתחילה ניט פארשליסן,

די זאך פון טשענעריצע איז, הויבט זיך אן מיט א מעשה, מ'רעדט דאך וועגן אהבת ישראל, טאר מען דאך יענעם ניט מבזה זיין, און בפרט ער וועט זיכער אנהויבן טשיכען, און הוסטן, און דערנאך ווייס איך ניט - כאמור - וואס איז טשענעריצע איז און וואס איך זאל הייסן זוכן,

איז יהי רצון אז יעדערער זאל זיך אויסזוכן זיין טשענעריצע, און האלטן די פושקע מיט די טשענעריצע בא זיך אין קעשענע, אדער אונטערן נאז,

און דאס וועט עם זיכער העלפן, אז וויבאלד אז יש לו פת בסלו, אז ער וועט מלכתחילה ניט איינשלאפן, ובפרט נאך אז מ'וועט איצטער זינגען ממצרים גאלתנו, וועט דאס עם ארויסנעמען און אונז ארויסנעמען, און כלל ישראל ארויסנעמען פון מצרים, און ברייגגען אין גאולה האמיתית והשלימה.

התחיל לנגן ממצרים גאלתנו.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

ברך ברכה אחרונה, והתחיל לנגן והיא שעמדה, (צוה לנגן ו)התחיל לנגן על אחת.

*    *    *

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

## שיחה להתלמידים ולהתלמידות שיחיו
## – בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה –
## יום ג׳, ר״ח ניסן ה׳תש״מ

א. [צוה לנגן — התלמידים שיחיו — הושיעה את עמך.

אמרו את הי״ב פסוקים ומאמרי חז״ל[1].

ב. מ׳האט ערשט געזאגט (אין די י״ב פסוקים ומאמרי חז״ל[2]) אז „בכל דור ודור (וכל יום ויום[3]) חייב אדם לראות את עצמו כאילו הוא יצא (היום[3]) ממצרים״, ד.ה. אז יעדן טאג (פון דעם גאנצן יאר) דארף זיך א איד באטראכטן אז ער איז ערשט ארויס פון מצרים.

און וויבאלד אז מ׳שטייט אין חודש ניסן, וואס דאס איז דער חודש ווען אידן זיינען ארויס פון מצרים, „בניסן נגאלו״[4],

ובפרט אז עס איז דער ערשטער טאג פון חודש, וואס ער ווערט אנגערופן ראש חודש (דער קאפ פון חודש)[5]: אזוי ווי די קאפ פירט אן מיט אלע אברים פון גוף — אזוי איז ראש חודש ניסן דער טאג ווען מ׳נעמט אן די באשלוסן ווי אזוי מ׳זאל זיך אויפפירן אין אלע טעג פון דעם חודש (ווען אידן זיינען ארויס פון מצרים) —

איז דאך פארשטאנדיק אז איצט איז דער חיוב פון „לראות את עצמו כאילו הוא יצא (היום) ממצרים״ נאך אין א שטארקערן אופן.

ג. בשעת מ׳שטייט ר״ח ניסן און מ׳באטראכט זיך ווי מ׳איז ערשט ארויס פון מצרים — דערמאנט מען זיך וואס עס האט געטראפן ר״ח ניסן דעם יאר פון יציאת מצרים, וואס איז געווען צוויי וואכן איידער אידן זיינען ארויס פון מצרים:

דער אויבערשטער האט דעמולט גערעדט צו משה ואהרן[6], און ער האט זיי אנגעזאגט אז זיי זאלן איבערגעבן צו די אידן[7], אז דאס איז דער טאג פון ר״ח, און אז מ׳זאל זיך גרייטן צום ארויסגיין פון גלות מצרים,

און די צוגרייטונג באשטייט אין דעם וואס אידן נעמען אן אויף זיך, נאך זייענדיק אין גלות מצרים, צו מקיים זיין דעם אויבערשטן׳ס מצוות[8], און ספעציעל די מצוה פון קרבן פסח.

און גלייך אין יענעם טאג, ר״ח ניסן, האבן די אידן באשלאסן צו מקיים זיין די מצוות וואס דער אויבערשטער האט צו זיי איבערגעגעבן דורך משה ואהרן[9].

דערנאך, אין דער נאכט פון ט״ו ניסן, ווען די אידן האבן בפועל מקיים געווען

---

1) נדפסו בחוברת „י״ב פסוקים ומאמרי חז״ל״ (ברוקלין, ה׳תשל״ו).

2) מפסחים קטז, א במשנה.

3) הוספת כ״ק אדה״ז בתניא רפמ״ז.

4) ר״ה יא, רע״א.

5) ראה לקו״ת ר״ה נח, א. עט״ר בתחלתו. וראה לקו״ש ח״ב ע׳ 490 ואילך.

6) בא יב, א ואילך.

7) דגם האמירה לבנ״י היתה בר״ח ניסן, כבמכילתא (הובא בפרש״י) עה״פ בא שם, ג.

8) כמדרז״ל עה״פ משכו (וקחו) מע״ז (מכילתא עה״פ בא שם, כא) ונוסף אח״כ (בי״ד בניסן) איסור אכילת הפסח דכל שנתגברו מעשיו לאביו שבשמים (רש״י בא שם, מג — ממכילתא).

9) ראה מכילתא (הובא בפרש״י) עה״פ שם, כח: כיון שקבלו עליהם (מר״ח) מעלה עליהם הכתוב כאילו עשו.

די מצוה פון קרבן פסח — האט דאס געבראכט אז אין מיטן פון מקיים זיין די מצוה, „בחצי הלילה"[10], איז געקומען די גאולה פון גלות מצרים,

אז דער אויבערשטער האט אויסגעלייזט יעדער אידן און אלע אידן פון גלות מצרים, און האט זיי ארויסגעפירט צום בארג סיני, בכדי צו מקבל זיין די גאנצע תורה[11].

און דערנאך האט ער געבראכט די אידן „אל ארץ טובה ורחבה"[12], צו ארץ ישראל, וואס זי איז א גוטע לאנד און א ברייטע (גרויסע) לאנד,

א לאנד וואס „תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[13] — א לאנד וואס דער אויבערשטער איז אויף איר משגיח (גיט אויף איר אכטונג) יעדן טאג פון דעם גאנצן יאר.

ד. וויבאלד אז יעדן טאג איז „חייב אדם לראות את עצמו כאילו הוא יצא (היום) ממצרים" — איז פארשטאנדיק, אז מ'דארף זיך אריינטראכטן ווי אזוי יצי"מ איז געקומען, וואס די אידן האבן דעמולט געטאן אויף צוגרייטן זיך און פארדינען[14] אז זיי זאלן ארויסגיין פון מצרים,

און דערפון אפלערנען ווי אזוי מ'דארף זיך צוגרייטן און פארדינען צו ארויסגיין פון דעם איצטיקן גלות, און — בקרוב ממש דורך משיח צדקנו.

• • •

ה. אין די צוגרייטונגען צום ארויסגיין פון גלות מצרים — האבן זיך באטייליקט אלע אידן (כנ"ל): אבער ספעציעל זיינען דערביי געווען צוגעגרייט די אידישע קינדער:

חכמינו ז"ל[15] דערציילן אונז, אז בא קריעת ים סוף איז „הם הכירוהו תחלה": די קינדער וואס זיינען געבארן געווארן אין מצרים האבן דערקענט דעם אויבערשטן נאך פריער (און שטארקער) ווי עס האבן אים דערקענט די ערוואקסענע.

וויבאלד אז די קינדער „הכירוהו תחלה" בא קרי"ס — איז פארשטאנדיק, אז נאך זייענדיק אין מצרים איז בא די קינדער געווען א מעלה אין דעם אויפנעמען דעם אויבערשטנ'ס מצוות — די צוגרייטונגען צו יצי"מ — לגבי ווי דאס איז געווען בא די ערוואקסענע, און דערפאר איז דערנאך בא קרי"ס, וואס דאס איז געווען דעם זיבעטן (דעם לעצטן, אפשלוס) טאג פון דעם ערשטן חג הפסח[16] — איז דוקא די קינדער „הכירוהו תחלה".

דער „הם הכירוהו תחלה" וואס איז געווען בא קרי"ס באווייזט אז חאטש די קינדער זיינען געבארן געווארן און זיך אויפגעהאדעוועט אין מצרים — האבן זיי זיך אבער אויפגעהאדעוועט אין אן אופן אז זיי האבן אויף זיך אנגענומען צו פירן זיך ווי דער אויבערשטער וויל, דורך מקיים זיין זיינע מצוות און לערנען זיין תורה,

10) בא שם, כט.

11) כמ"ש (שמות ג, יב) בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה. וראה פרש"י עה"פ (משמו"ר פ"ג, ד): וששאלת מה זכות יש לישראל שיצאו ממצרים. דבר גדול יש לי על הוצאה זו, שהרי עתידים לקבל התורה על ההר הזה כו'. וראה לקוטי לוי"צ אגרות ס"ע רל ואילך.

12) שמות שם, ח.

13) עקב יא, יב.

14) ראה פרש"י עה"פ בא שם, ו (ממכילתא). — נתבאר בלקו"ש חט"ז ע' 114 ואילך.

15) סוטה יא, ב.

16) פרש"י עה"פ בשלח יד, ה.

און ספּעציעל דורך מקיים זיין די מצוות וואָס דער אויבערשטער האָט אָנגעזאָגט גלייך — נאָך פאַר דעם אַרויסגיין פון מצרים, וואָס דאָס זיינען די מצוות פאַרבונדן מיט פסח (כנ״ל ס״ג).

און מ׳געפינט טאַקע באַם קרבן פסח אַ ספּעציעלן אָנזאָג, אַז עס דאַרף זיין „שה לבית"[17], אַז[18] בשעת דער פאָטער באַשטעלט דעם קרבן פסח, דאַרף ער אין דעם אַריינגעמען יעדן פון זיינע קינדער — אויך די גאָר קליינע — סיי די אינגעלעך, און סיי די מיידעלעך.

און דערנאָך אַז עס עסן דעם קרבן פסח אַלע בני בית, כולל אויך די קינדער — איז מען מקיים די מצוה פון קרבן פסח ווי עס דאַרף צו זיין[19].

און דער קרבן פסח ברענגט דעם „ופסחתי"[20] („לשון דילוג וקפיצה"[21]) — אַז דער אויבערשטער שפּרינגט אַריבער אַלע חשבונות[22], צי אידן זיינען ווערט די גאולה תיכף — און ער ברענגט גלייך די גאולה.

ו. איינע פון די זאַכן וואָס אידן האָבן זיך געגרייט נאָך זייענדיק אין מצרים, איז געווען — צו בויען דעם משכן.

ווי רש״י ברענגט אַראָפּ אויפן פסוק[23] „ועשית את הקרשים גו׳", אַז דער טעם פאַרוואָס עס שטייט „הקרשים" מיט אַ ה״א הידיעה — די באַוואוסטע — איז דערפאַר וואָס די קרשים זיינען געווען „מאותן העומדין ומיוחדין לכך", וואָס „יעקב אבינו נטע ארזים במצרים, וכשמת צוה לבניו להעלותם עמהם כשיצאו ממצרים, ואמר להם שעתיד הקב״ה לצוות אותן לעשות משכן במדבר מעצי שטים, ראו שיהיו מזומנים בידכם".

וויבאַלד אַז די קינדער האָבן זיך באַטייליקט אין אַלע זאַכן פאַרבונדן מיטן אויבערשטן נאָך זייענדיק אין מצרים, ביז אַז „הם הכירוהו תחלה" — איז פאַרשטאַנדיק, אַז אויך אין דער צוגרייטונג צו דעם משכן וועלכע איז געווען אין מצרים האָבן די קינדער גענומען איינטייל, אַ וואַרעמען איינטייל, און אַ לעבעדיקן איינטייל.

ביז, ווי אונזערע חכמים[24] דערציילן, אַז בשעת מ׳האָט געבראַכט די נדבות אויף בויען דעם משכן — האָבן קינדער וואָס זיינען געווען פאַר בר־מצוה און פאַר בת־מצוה זיך באַטייליקט אין דעם.

• • •

ז. דאָס געזאָגטע, אַז נאָך זייענדיק אין מצרים האָבן אידן, אויך אידישע קינדער, זיך שוין געגרייט צו בויען דעם משכן — איז אויך פאַרבונדן ספּעציעל מיט היינטיקן טאָג, ר״ח ניסן,

ווי מ׳האָט געלייענט אין דער פרשה פון דעם לעצטן שבת, אַז „בחודש הראשון גו׳ באחד לחודש (ראש חודש ניסן) הוקם המשכן"[25].

ח. נאָך אַן ענין וואָס איז פאַרבונדן מיט ר״ח ניסן:

17) בא שם, ג.

18) פסחים פח, א. וידוע השקו״ט אם זהו דאורייתא (ובאיזה פרט) או דרבנן וכו׳. — ראה גם נדרים לו, א (ושט״מ שם). רמב״ם הל׳ ק״פ פ״ה ה״ז (ובנ״כ). אדה״ז בשו״ע או״ח סשמ״ג ס״ח ועוד. וראה לקו״ש חי״ז ע׳ 238. שיחות מוצאי ש״פ צו, אחש״פ ומוצאי ש״פ שמיני תשל״ס.

19) אין נותר, נאכל למנויו (למ״ד דמנים קסנ״ג — ראה בהמצויין בהערה הקודמת).

20) בא שם, יג.

21) פרש״י עה״פ. וראה גם פרש״י עה״פ שם, יא.

22) ראה שהש״ר פ״ב, ח. ועוד.

23) תרומה כו, טו.

24) אדר״נ רפי״א. וראה צפע״נ מהד״ת ג, ב.

25) פקודי מ, יז.

דער נשיא־ליום וואס האט מקריב געווען די ספעציעלע קרבנות וואס זיינען פארבונדן מיט „הוקם המשכן" [קרבנות וואס מ'האט נאכאמאל ניט מקריב געווען, ניט דעם יאר, און ניט אין די יארן נאך דעם] — איז בר"ח ניסן געווען „נחשון בן עמינדב למטה יהודה"[26].

וואס נחשון בן עמינדב איז דער וואס האט באוויזן די וועג אז ארויסגייענדיק פון מצרים זאל מען זיך ניט שרעקן פאר די פעלקער ארום,

און אפילו ווען די פעלקער רינגלען ארום די אידן, און פון פארנט איז דער ים סוף — וויבאלד אבער אז מ'הערט דורך משה רבינו פון דעם אויבערשטן אז „ויסעו", מ'זאל גיין צום בארג סיני, און דערנאך צו ארץ ישראל — איז ער געשפרונגען[27] אין ים[28].

ט. וויבאלד אז „חייב אדם לראות את עצמו כאילו הוא יצא (היום) ממצרים", ובפרט אז מ'שטייט אין ר"ח ניסן, וואס דעמולט איז דאס נאך אין א שטארקערן אופן, כנ"ל —

דארף זיך יעדער איד ארייננטראכטן אין די אלע פרטים וואס זיינען דא דערמאנט געווארן, וואס זיי זיינען אלע ספעציעל פארבונדן מיט יצי"מ.

און דער ארייננטראכטן זיך דארף זיין מיט א ספעציעלע ווארעמקייט און מיט א ספעציעלע שטארקייט בא אידישע קינדער, ביז אויך גאר קליינע קינדער, סיי אינגעלעך, און סיי מיידעלעך —

ווארום פונקט ווי בא „ימי צאתך מארץ מצרים" איז געווען „הם הכירוהו תחלה", אז די אידישע קינדער האבן דערקענט דעם אויבערשטן און ג־טלעכקייט נאך איידער זייערע עלטערן האבן דאס דערקענט —

אזוי וועט אויך זיין אין דער איצטיקער גאולה[29], אז „הם הכירוהו תחלה".

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם וואס יעדער אידיש קינד טראכט זיך אריין אין די פרטים וואס האבן געבראכט צו די גאולה פון גלות מצרים, בכדי צו וויסן ווי אזוי ער דארף זיך פירן „היום" איצט כדי צו ברענגען די גאולה פון דעם איצטיקן גלות.

און וויבאלד אז עס דארף זיין „ואהבת לרעך כמוך"[30] (ווי מ'האט ערשט גערעדט אין די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל) — ווירקט ער אויך אויף זיינע חברים, און מיידעלעך אויף זייערע חברטעס, אז אויך זיי זאלן זיך אין דעם ארייננטראכטן און טאן,

וואס דאס וועט ברענגען, און נאך צוהיילן[31] די גאולה פון דעם איצטיקן גלות דורך משיח צדקנו.

• • •

י. „המעשה הוא העיקר"[32] — וואס האפט מען אז יעדער אידיש קינד, סיי אינגעלעך און סיי מיידעלעך, זאל טאן אין מעשה בפועל אלס א צוגרייטונג צו פסח, אנהויבנדיק היינט, ר"ח ניסן, און דערנאך אין די טעג נאך דערויף?

---

26) נשא ז, יב.

27) סוטה לז, א. מכילתא עה"פ בשלח שם, כב. במדב"ר פי"ג, ז. ובבמדב"ר שם, שלכן זכה להקריב ראשון.

28) ראה במדב"ר שם: למה נקרא שמו נחשון על שם שירד תחלה לנחשול שבים כו'.

29) שהרי „כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות" (מיכה ז, טו).

30) קדושים יט, יח.

31) מבי"ז ש„אחישנה" תלוי ב„זכו" (סנהדרין צח, א).

32) אבות פ"א מי"ז.

איז דאָס פאַרשטאַנדיק פון דעם אויבנגעזאָגטע:

יעדער אידיש קינד, אַן אינגעלע אָדער אַ מיידעלע, דאַרף קומען צוגיין צו זיין פאָטער אָדער צו זיין מוטער גלייך — ר״ח ניסן, און אויך אין די טעג נאָך דערויף, און זאָגן:

אַזוי ווי ס'איז ראש חודש פון חודש ניסן, דער חודש הגאולה[33], און אַזוי ווי „בכל דור ודור חייב אדם לראות את עצמו כאילו הוא יצא ממצרים" — דאַרף מען זיך דאָך גרייטן אויף אַ פאַסענדן אופן צו חג הפסח און צו יציאת מצרים, אַזוי ווי מ'האָט זיך דעמולט געגרייט —

דערפאַר בעט ער (זי) זיין פאָטער און זיין מוטער, און בעט זיי אויך אַז זיי זאָלן ווירקן אויף אַלע זייערע פריינט, און בפרט גוטע פריינט, און אויף אַלע אידן אַרום זיי — צום אַלעם ערשטן אַז מ'זאָל נעמען אויף זיך צו מקיים זיין דעם אויבערשטן'ס מצוות, אַזוי ווי די אידן האָבן דאָס געטאָן דעם ערשטן ר״ח ניסן, וועגן וועלכן עס ווערט דערציילט אין חומש, ווי מ'האָט ערשט געלייענט אין תורה[34].

יא. נאָכדעם — ווייסנדיק אַז ער איז אַ אידיש קינד וואָס שטאַמט פון די קינדער וואָס זיינען אַרויס פון דעם ערשטן גלות, גלות מצרים, און תורה האָט אים אָנגעזאָגט און געלערנט אַז ער זאָל זיך פירן ווי יענע קינדער,

איז אַזוי ווי יענע קינדער „הכירוהו תחלה", נאָך איידער זייערע עלטערן, און יעדערער פון זיי האָט געזאָגט „זה א־לי ואנוהו"[35] — אָט דאָס איז מיין אויבערשטער און איך מאַך (פאַר) אים שיין, „אלקי אבי וארוממנהו"[35] — ער איז אויך דער אויבערשטער פון מיין פאָטער און איך מאַך אים נאָך העכער —

אַזוי אויך, צוזאַמען מיט'ן מקיים זיין „כבד את אביך ואת אמך"[36], ער גיט אָפּ און רעדט מיט'ן גרעסטן כבוד און דעם אמת'ן כבוד צו זיין פאָטער און מוטער — בעט ער (זי) זיי מיט דעם כח וואָס ער (זי) איז אַן אידיש קינד, און ער (זי) איז זייער זון (טאָכטער) — אַז זיי זאָלן שוין פון ר״ח ניסן נעמען זיך גרייטן צו חג הפסח, וואָס דאָס איז אויך פאַרבונדן מיט צוגרייטן זיך צו אויסראַמען דעם חמץ, פאַרקויפן אים א.ז.וו.

און דערנאָך — טאָן אַלעס אַז עס זאָל זיין אַ כשר'ער און אַ פריילעכער פסח, מיט אַלע פרטים פון פסח:

אָנהויבנדיק פון דעם סדר די ערשטע נאַכט פון פסח, וואָס איינע פון די הויפּט זאַכן[37] אין סדר פסח איז — דאָס וואָס דער קינד פרעגט „מה נשתנה"[38], און דערנאָך ענטפערט אים דער פאָטער „עבדים היינו לפרעה במצרים ויוציאנו ה' אלקינו משם"[39] — אַז מיר זיינען פריער געווען אין גלות, אָבער דער אויבערשטער האָט אונז אַרויסגענומען פון גלות.

וואָס דעם פאָטערס דערציילן — און מיט אַ לעבעדיקייט און יום־טוב'דיקייט[40]

---

33) שמו״ר פט״ו, יא.

34) בש״פ ויק״פ, פ' החודש.

35) בשלח טו, ב.

36) יתרו כ, יב.

37) ועד כדי כך שעושים כמה שינויים לפני ובעת הסדר בכדי להתמי' את התינוקות שישאלו — שו״ע אדה״ז הל' פסח סתע״ב סל״א. סתע״ג סי״ד־טו. סל״ח. ס״מ. ושי״ג.

38) פסחים קטז, א במשנה.

39) הגש״פ. ע״פ ואתחנן ו, כא.

40) כהמנהג בכ״מ לומר ההגדה בניגון כו', ובסי' האריז״ל (קודם מה נשתנה): אומרים ההגדה בקול רם ובשמחה רבה ובכוונה גדולה.

— וועגן ארויסגיין פון גלות קומט אלס אן ענטפער אויף דעם וואס די קינדער זיינען מעורר און ערמוטיקן די עלטערן, דורך זאגן „מה נשתנה הלילה הזה מכל הלילות״ — אז די נאכט פון פסח איז אנדערש פון אלע נעכט פון א גאנץ יאר.

יב. וואס בכדי אז דאס אלעס בנוגע צו חג הפסח זאל זיין מיט דער גאנצער לעבעדיקייט, מיט דער גאנצער כשרות, און מיט דער גאנצער פריילעכקייט — זאגט אונז די תורה, אז שוין פון ר״ח ניסן, וואס דאס איז היינטיקער טאג, הויבן אלע אן גרייטן זיך צו פסח.

און בפרט הויבן זיך אן גרייטן דערצו — די אידישע קינדער, דורך דעם וואס זיי לערנען די הלכות פון פסח, די קשיות וואס זיי דארפן פרעגן וכו׳.

ועד״ז דורך דעם וואס זיי זיינען מעורר די עלטערן זייערע אז מ׳דארף זיך גרייטן צו חג הפסח, כנ״ל.

ועוד וגם זה עיקר:

בשעת די קינדער קומען צוגיין ר״ח ניסן (און די טעג נאך דעם) צו די עלטערן און בעטן זיי אז זיי זאלן זיך גרייטן און זען אז דער חג הפסח זאל זיין נאכמער פריילעך, דורך דערויף וואס דער פסח וועט זיין נאכמער בהידור און כשרות —

זאגן זיי (די קינדער) אויך — אז דאס וואס זיי דארפן טאן בכדי צו ארויס־העלפן אז עס זאל זיין א כשר׳ער און א פריילעכער פסח — וועלן זיי טאן. ובפרט אז ווען עס וועלן קומען די ערשטע און די צווייטע נאכט פון פסח וועט ער (זי) פרעגן די פיר קשיות, דערנאך וועט ער זיך איינהערן ווען דער פאטער דערציילט אים אז „עבדים היינו לפרעה במצרים ויוציאנו ה׳ אלקינו משם״, אז חאטש מ׳געפינט זיך אין גלות, איז אבער א זיכערע זאך אז דער אויבערשטער נעמט אונז דערפון ארויס, א.ז.וו.

יג. און דורך דערויף וואס יעדערער פון אייך (די קינדער) וועט רעדן מיט אייערע עלטערן, און אויך זעהן אז אייערע חברים (אדער חבר׳טעס) זאלן רעדן מיט זייערע עלטערן,

און רעדן בכבוד, אבער הארציג[41] —

איז א זיכערע זאך אז איר וועט צוגעבן אין די צוגרייטונגען צו פסח, אז עס זאל זיין א נאכמער כשר׳ער און פריילעכער פסח,

און דערנאך — מיטנעמען דאס אויף א גאנץ יאר[42].

• • •

יד. נאך א נקודה וואס מ׳דארף צוגעבן:

פונקט אזוי ווי די אידן נאך זייענדיק אין מצרים, האבן זיך געגרייט צו בויען דעם משכן נאך דעם וואס זיי וועלן ארויסגיין פון מצרים, וואס דערפאר האבן זיי צוגעגרייט די קרשים (די ברעטער) פאר די ווענט פון דעם משכן, און אויך צוגעגרייט „זהב וכסף ונחושת ותכלת וגו׳״[43], די אלע זאכן וואס מ׳האט דערנאך געבראכט אלס נדבות צו דעם משכן,

און אין דערויף האבן אויך קליינע קינדער, פאר בר־מצוה און פאר בת־מצוה, גענומען איינטייל, ווי געדעדט פריער (ס״ו) —

---

41) ש„דברים היוצאים מן הלב נכנסים אל הלב״ (ס׳ הישר לר״ת שי״ג. הובא בשל״ה סס, א).

42) ראה שיחת תגה״פ תשי״ג (סה״ש תשי״ג ע׳ 75): חג הפסח ווערט נמשך שטענדיק.

43) תרומה כה, ג־ד.

אזוי דארף מען זיך גרייטן אין דעם איצטיקן גלות, ובפרט פון ר״ח ניסן אַז (וואָס דעמולט איז ״הוקם המשכן״ (כנ״ל ס״ז)), וואָס ער איז דער ר״ח פון דעם חודש הגאולה — צו דעם בנין ביהמ״ק השלישי, וואָס וועט געבויט ווערן אַרויס־גייענדיק פון דעם גלות.

וואָס וויבאַלד אַז דער ביהמ״ק השלישי וועט געבויט ווערן ענלעך צו דעם משכן, ווי עס שטייט[44] ״וכן תעשו״ — איז אַזוי ווי ס׳איז געווען דעמולט, אַז נאָך זייענדיק אין גלות מצרים האָט מען צוגעגרייט די קרשים און די אַלע זאַכן פון וועלכע מ׳האָט געבויט דעם ערשטן משכן, וואָס אין אים וועט זיין ״ושכנתי בתוכם״[45] —

עד״ז ווערט דער ביהמ״ק השלישי געבויט דורך דעם וואָס נאָך אין זמן הגלות וועלן די עלטערן און די קינדער מאַכן פון זייער הויז[46] — אַ הויז אויף וועלכער דער אויבערשטער זאָגט ״ושכנתי בתוכם״[47], ווארום דאָס איז אַ הויז וואָס פירט זיך ווי דער אויבערשטער וויל — אַן אמת אידישע הויז.

וואָס דאָס איז אָפּהענגיק פון דער אויפפירונג פון די קינדער און פון די עלטערן, און פון אַלע בני בית (פון דער גאַנצער משפחה):

אָבער ספּעציעל איז דאָס פאַרבונדן מיט קינדער — ווארום זיי זאָגן ״זה א־לי ואנוהו״[48] — זיי פילן אַז זיי זיינען פאַרבונדן מיטן אויבערשטן, און זיי ווילן מאַכן אַז דער ״ושכנתי בתוכם״ זאָל זיין שיין אין אַלע הינזיכטן — טוען זיי אַלץ וואָס הענגט אָפּ פון זיי אַז דאָס זאָל אַראָפּקומען בפועל.

און דעמולט — אַז די הנהגה פון די קינדער און פון דער גאַנצער משפחה איז אין אַן אופן אַז זיי מאַכן פון זייער הויז אַ משכן, אַז אויף דער הויז זאָגט דער אויבערשטער ״ושכנתי בתוכם״ — ווערט דאָס ״וכן תעשו״ — די צוגרייטונג צו דעם ביהמ״ק השלישי.

טו. דערצו קומט צו די הוראה דערפון וואָס ר״ח ניסן איז פאַרבונדן מיט נחשון בן עמינדב (וואָס ער האָט בשנה השנית דעמולט מקריב געווען זיין קרבן), כנ״ל (ס״ח):

פונקט אַזוי ווי נחשון בן עמינדב האָט זיך ניט גערעכנט מיט קיינע ענינים, און בשעת ער האָט געהערט ״ויסעו״[49] אַז מ׳דאַרף גיין צום באַרג סיני און דערנאָך צו ארץ ישראל — איז ער געשפּרונגען אין ים[50],

ועד״ז בשעת די אידן זיינען נאָך געווען אין גלות מצרים האָבן זיי זיך ניט גערעכנט מיט שטערונגען, און ניט קוקנדיק אויף דערויף וואָס מ׳האָט זיך נאָך געפונען אין גלות (ווי דאָס איז געווען באַ יענעם ר״ח ניסן) —

האָבן זיי זיך געגרייט צו דער גאולה פון מצרים, און צום בויען פון דעם משכן

---

44) שם, ט. וראה פרש״י עה״פ (מסנהדרין טז, ב).

45) תרומה שם, ח.

46) כי כל הענינים דלעת״ל נעשים ע״י ״מעשינו ועבודתינו כל זמן משך הגלות״ (תניא רפל״ז) ובזה גופא הרי במדה שאדם מודד בה מודדין לו (סוטה ח, ב), בית אדם התחתון כנגד, כביכול, בית אדם העליון.

47) כי ״בתוכו״ לא נאמר אלא ״בתוכם״ — בתוך כל אחד ואחד -- של״ה כט, א. רא, א. שכה, ב. שכו, ב. ובכ״מ.

48) לשון נוה (רש״י עה״פ). ובת״א (על ואנוהו) ואבני לי׳ מקדש.

49) בשלח יד, טו.

50) שגם בעמדם על הים עדיין הי׳ מורא מצרים עליהם. ואפילו לאחרי קרי״ס (רש״י לבשלח יד, ל — מהמכילתא. פסחים קיח, ב. ערכין טו, א).

אין יענע צייטן, דורך מיטנעמען מיט זיך פון מצרים אידישקייט, תורה ומצוות, און הייליקע ברעטער און הייליקע ״זהב וכסף ונחושת ותכלת גו״ אויף בויען דעם משכן —

אין אזוי ווי ס'איז געווען אין ״ימי צאתך מארץ מצרים״ — ווערט אויך איצטער, אז מ'רעכנט זיך ניט מיט שטערונגען, און ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס מ'געפינט זיך נאך אין גלות — דערמאנען זיך די קינדער פון אונזער דור (כולל — יעדערער פון אייך, סיי אינגעלעך, סיי מיידעלעך) אז ״תורה צוה לנו משה מורשה קהילת יעקב״[51] (ווי מ'האט ערשט געזאגט אין די י״ב פסוקים ומאמרי חז״ל) — אז משה רבינו האט אנגעזאגט און געגעבן יעדערן פון אייך די גאנצע תורה אלס א ירושה.

וואס אין דער תורה דערציילט אייך משה רבינו אז ר״ח ניסן הויבט מען זיך אז גרייטן צו דער גאולה — נאך מערער ווי א גאנצן יאר.

און מ'גרייט זיך — דורך דערויף וואס מ'גרייט זיך צו מאכן א קרבן פון די זאכן וואס דער אייבערשטער וויל אז מ'זאל זיי אפגעבן אויף הייליקייט.

און דורך דערויף האט מען דערנאך אויך דעם אבילת הקרבן, ד.ה. די זאכן וואס מ'דארף האבן אויף צו זיין געזונט.

טז. און דורך דערויף שטעלט מען אויף ״צבאות ה׳״[52] — מ'שטעלט אויף יעדער קינד און אלע קינדער אלס ״צבאות ה׳״, און זיי שטעלן אויף זייערע עלטערן, ״והשיב לב אבות על בנים — ע״י בנים״[53], אז די עלטערן זאלן טאן נאכמערער אין אלע ענינים פון תומ״צ.

וואס דאס היילט צו נאכמער די גאולה דורך משיח צדקנו, און היילט צו נאכמער דעם בנין ביהמ״ק השלישי.

און דאס קומט אלץ מתוך שמחה וטוב לבב, אין א גוטן אופן און אין א פריילעכן אופן, און דאס קומט בקרוב ממש.

אז מ'וועט גיין אינגיכן מקבל זיין פני משיח צדקנו, ״והם הכירוהו תחלה״ — די אידישע קינדער וועלן גיין בראש ובתחלה,

וואס ער וועט אונז ארויסנעמען, יע־דער אידן און אלע אידן, פון גלות — ״שלימות העם״, אז קיין איין איד וועט ניט בלייבן אין גלות[54],

און וועט אונז פירן אין ארצנו הקדושה, אין אונזער הייליקער לאנד, און ״שלימות הארץ״ — ארץ ישראל וועט זיין בשלימות, זי וועט אינגאנצן געהערן צו דעם אידישן פאלק,

וואס יעדערער פון אייך, און יעדער איד און אלע אידן, העלפן אין דעם — דורך דעם וואס עס איז ״שלימות התורה״, די גאנצקייט אין לערנען תורה און מקיים זיין אירע מצוות,

וואס דאס ברענגט די גאולה האמיתית והשלימה ע״י משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

• • •

יז. אזוי ווי מ'האט געדאווענט צוזאמען מנחה, וואס דאס איז דער עמוד און קו פון תפלה, און מ'האט אויך געזאגט די י״ב פסוקים ומאמרי חז״ל, וואס דאס איז דער

---

51) ברכה לג, ד.

52) ל׳ הכתוב — בא יב, מא. וראה ד״ה באתי לגני השי״ת פ״י.

53) מלאכי ג, כד ובפרש״י.

54) ראה לקו״ש ח״א בתחלתו. ועוד.

עמוד און דער קו פון תורה (תושב״כ און תושבע״פ) —

דארף מען דאך אויך האבן דעם דריטן עמוד און קו — דער ענין פון צדקה (גמ״ח).

און אזוי ווי געזעדט פריער אז „הם הכירוהו תחלה״ — זאל די צדקה געגעבן ווערן דורך די קינדער, סיי אינגעלעך און סיי מיידעלעך,

און אויב מ׳קען דאס אויספירן — זאל מען געבן די צדקה אין דעם „יום זכאי״[55] (אין דעם ספעציעלן טאג) פון ר״ח ניסן, „בחודש הראשון באחד לחודש״ —

וועט מען איצטער געבן יעדערן א מטבע (די אינגעלעך, און דערנאך, ווען מ׳וועט מאכן דעם ארט פריי — די מיידעלעך),

און איידער איר וועט ארויסגיין פון דעם מקום קודש[56], פון דעם בית הכנסת און בית המדרש[57] (פון דער שול) — וועט איר דאס אפגעבן אין א צדקה פושקע.

און די אלע דריי עמודים, תורה, עבודה און גמילות חסדים[58], וואס זיי ווערן נכלל אין „ציון במשפט תפדה ושבי׳ בצדקה״[59] — זאלן נאכמער צוהיילן די גאולה האמיתית והשלימה, ע״י משיח צדקנו.

[די ערוואקסענע וועלן לאזן אז ערשט פאר די קינדער, און יעדער קינד וועט צוגיין און באקומען א מטבע,

און באם ארויסגיין זיינען דא צדקה־פושקעס, אדער עס זיינען דא גלייך דא (וואו מען וועט באקומען די מטבעות) צדקה־פושקעס — וואס זיי וועלן דארטן קענען אריינגעבן די מטבעות אויף צדקה].

כ״ק אדמו״ר שליט״א חילק לכאו״א מטבע של עשר סענט.

---

55) ראה תענית כט, א.

56) „מקדש מעט״ (מגילה כט, א).

57) „בית גדולי״ (מ״ב כה, ט), „מקום שמגדלין בו תורה, מקום שמגדלין בו תפלה״ — מגילה כז, א.

58) אבות פ״א מ״ב.

59) ישעי׳ א, כז. וראה לקו״ת ד״ה זה (דברים א, סע״ב): במשפט היינו הלכות — תורה. ועיי״ש ביאור כ״ק אדמו״ר הצ״צ (אוה״ת דברים ע׳ לו — ע״פ ירושלמי תענית פ״ד סוף ה״ב. מגילה פ״ג סוף ה״ז) דמה שישראל נקראים בשם „ציון״ הוא ע״י עבודתם בכל ג׳ הקוין — מובן, שגם פדיית ציון („ושבי׳״) מהגלות היא ע״י העבודה בכל ג׳ הקוין [כמובן גם ממרז״ל (ברכות ח, א) עה״פ (תהלים נה, יט) פדה בשלום נפשי. ראה חדא״ג מהרש״א לברכות שם. אוה״ת (יהל אור) לתהלים עה״פ]. ומה שבפסוק נאמר רק „במשפט״ ו„בצדקה״ — נתבאר בד״ה ציון במשפט תשל״ה ס״ס.

א. מ'האלט דאך אינמיטן דעם שטורעם און דעם ברען אין די פעולות מיט קטנים און קטנות, בכדי צו אויפטאן דעם "והשיב לב אבות על בנים – ע"י בנים", ווי עס ווערט דערציילט בפשטות אין נבואת מלאכי בסופה[1] ווי דער מעמד ומצב וועט זיין אין אחרית הימים.

וואס הגם אז דא רעדט זיך וועגן "אבות" און "בנים", וואס דערפאר דארף טאקע זיין כבוד אב ואם בשלימות, און מיט די אלע מעלות וואס זיינען דא אין "אבות" [אנהויבנדיק פון דעם וואס דער מגיד[2] טייטשט, אז "אב" איז די אותיות פון אל"ף בי"ת כסדרן, ווי ער טייטשט דארטן בנוגע צו "חודש האביב"] –

דארפן אבער די אבות זוכה זיין בצדק ויושר צו זיין נקראים בשם אבות, און צו באקומען דעם כבוד פון זייערע בנים, וואס דאס טוען אויך די אבות דורך דעם וואס זיי זיינען מחנך זייערע קינדער כדבעי, און מיט א שטורעם, וואס דעמולט זיינען זיי מעורר בא די קינדער דעם "והשיב לב אבות על בנים – ע"י בנים", אז די קינדער זאלן נאכמער צוגעבן אין דעם שטורעם בא די אבות.

ובדוגמא ווי דאס איז בנוגע צו עבודת התשובה [וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דער גאולה, ווארום "משיח אתא לאתבא צדיקייא בתיובתא"[3]]:

תשובה איז העכער פאר תורה; אבער דאס גופא אז תשובה איז העכער פאר תורה ווערט נתגלה דורך תורה[4].

עד"ז זיינען די בנים העכער פאר די אבות, וואס דערפאר איז "והשיב לב אבות על בנים – ע"י בנים", אבער בכדי אז דאס גופא זאל ארויסקומען בגלוי, דארפן די אבות פריער מחנך זיין די קינדער כדבעי, און דאס רופט ארוים בא די קינדער דעם "והשיב לב אבות על בנים – ע"י בנים".

ב. אלע ענינים למטה זיינען דאך "נשתלשלו מהן"[5] ווי די ענינים זיינען למעלה, און ס'איז דאך "מגיד דבריו ליעקב חקיו ומשפטיו לישראל"[6], אז אלע ענינים פון תומ"צ וואס דער אויבערשטער הייסט אידן טאן טוט ער אויך – איז עד"ז בנדו"ד:

– דאס –

---

1) ג, כג-כד ובפרש"י. 2) באו"ת (הוצאת קה"ת) ל, א.
3) הובא בלקו"ת שמע"צ צב, ב. שה"ש נ, סע"ב. וראה זח"ג קנג, ב. 4) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1345. בהעלותך תשל"ו ס"ו.
5) תניא רפ"ג. 6) תהלים קמז, יט. שמו"ר פ"ל, ט.

דאס וואס למטה איז "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים", און אז דאס גופא ווערט דורך הקדמת החינוך וההתעוררות פון דעם אב צו דעם בן - איז דאס דערפאר וואס אזוי איז דאס למעלה, צווישן הקב"ה מיט כנס"י, וואס אידן זיינען "בנים אתם לה' אלקיכם"[7], און דער אויבערשטער איז "אבינו מלכנו":

פריער הויבן זיך אן אלע ענינים פון דער אתעדל"ע פון דעם "אב" למעלה, דער אויבערשטער;

און די אתעדל"ע איז מעורר די אתעדל"ת דלמטה[8], וואס די אתעדל"ת דערגרייכט נאך העכער פאר דער אתעדל"ע וואס האט איר מעורר געווען, ביז אז דאס איז ממשיך פון אן ארט וואס איז העכער פאר דעם גאנצן ענין פון אתעדל"ת און אתעדל"ע, כמבואר אין די דרושים[9].

ועד"ז איז פריער דא די ירידת הנשמה בגוף מלמעלמ"ט, ביז אז די ירידה איז א ירידה בתוך ירידה, ווארום נוסף לזה וואס די נשמה האט יורד געווען אין גוף - האט זי אויך יורד געווען אין זמן הגלות (ווי ס'איז פארשטאנדיק די צוויי פרטים פון אגה"ת[10]), ביז אז די ירידה אין זמן הגלות גופא איז אין דעם דרא דעקבתא דמשיחא, וואס דאס איז א חושך כפול ומכופל;

דערנאך אבער דורך דער עבודה פון דער נשמה בגוף אין דעם חושך כפול ומכופל פון גלות איז זי מוסיף כח "בגבורה של מעלה"[11], ביז אז די עבודה פועל'ט א חידוש למעלה, וואס "עבודה צורך גבוה", ווי חסידות[12] פסק'נט אפ לויט דעם עבודת הקודש[13].

[וואס בכלל איז דאך דער רמב"ם א געוואלד; אבער אעפ"כ געפינט מען אז בכמה ענינים פסק'נט חסידות ניט ווי דער רמב"ם, לדוגמא ווי חסידות[14] פסק'נט לויט דעם רמב"ן[15] אז עוה"ב גייט אויף תחה"מ, און ניט ווי דער רמב"ם[16] וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דער גאולה העתידה, מיט תחה"מ וואס וועט זיין לאחרי ימות המשיח],

ועד"ז בנדו"ד פסק'נט חסידות ווי דער עבודת הקודש און

- ניט -

------------

7) ראה יד, א. 8) ראה לקו"ת ויקרא ג, א. 9) לקו"ת שה"ש כד, א-ב. ובכ"מ. 10) פ"ו. 11) ראה איכ"ר פ"א, לג. 12) המשך תער"ב ח"ב ע' תתקיג. סה"מ עזר"ת ע' קצה ואילך. ובכ"מ. 13) חלק העבודה פ"ג. הובא בשל"ה ל, א ואילך. אוה"ת נ"ך ע' תרעס. ובהנסמן בהערה שלפנ"ז. 14) לקו"ת צו טו, ג. ובכ"מ. וראה אוה"ת חקת ע' תתס. כרך ה ע' א'תתרלז. 15) בשער הגמול שלו. 16) הל' תשובה ספ"ח.

ניט ווי דער רמב"ם[17].

און דאס איז אויך פארבונדן מיט דער גאולה העתידה, ווארום דורך דערויף וואס "עבודה צורך גבוה" פועל'ט דאס אז עס זאל זיין "ושב ה' אלקיך את שבותך"[18], אז אויך דער אויבערשטער זאל ארויסגיין פון גלות.

ג. וואס דאס איז ווי דער ענין פון "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים" איז למעלה, בא דעם אויבערשטן, "אבינו מלכנו", מיט אידן, "בנים אתם לה' אלקיכם":

כאטש אז די נשמה האט יורד געווען אין א גוף, און אין דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, וואס אויך שכינתא איז בגלותא[19], קען דאך זיין א קס"ד אז ס'איז היפך פון דעם ענין פון "לא ינום ולא יישן שומר ישראל"[20], ווארום ס'איז א מעמד ומצב פון חושך און לילה -

האט אבער א איד דעם כח אז דורך דעם וואס ער איז עובד עבודתו אין דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, וואס דורך דעם באווייזט דער איד, וואס ער איז א בן צו דעם אויבערשטן, אז "לא יישנו התינוקות"[21] אפילו אין חושך ולילה הגלות - איז דורך דערויף פועל'ט ער אז "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים", אז אויך למעלה זאל זיין "לא יישנו האבות", אז עס זאל זיין דער "הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל" בגלוי.

ד. דער ענין פון "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים" ווי דאס איז צווישן דעם אויבערשטן מיט אידן, האט אויך א שייכות מיט פורים, וואס איז געווען אין חודש אדר, דער חודש וואס "מסמך גאולה לגאולה"[22] צו חודש ניסן, דער חודש אין וועלכן מ'שטייט איצטער:

דער "תקפו של נס" פון פורים האט זיך אנגעהויבן פון "בלילה[23] ההוא נדדה שנת המלך"[24], וואס דאס איז דער "נדדה שנת מלכו של עולם"[25] - אז אע"פ וואס דאס איז "לילה", וואס מצד טבע פון זמן הלילה דארף זיין דער ענין פון שינה, און ברוחניות איז דאס - אז דעמולט איז ניט ניכר בגלוי די מעלה פון אידן -

איז אבער דורך דער עבודה וואס איז דעמולט דא בא אידן

- וואס -

---

17) ראה מו"נ ח"ג פכ"ז. 18) נצבים ל, ג. וראה לקו"ש ח"ט ע' 176 הע' 16. 19) ראה מגילה כט, א. פרש"י עה"פ נצבים שם. 20) תהלים קכא, ד. 21) ראה טושו"ע (ואדה"ז) או"ח ר"ס תעב. 22) מגילה ו, סע"ב ובפרש"י שם. 23) אסתר ו, א. 24) מגילה יט, א. 25) יל"ש אסתר רמז תתרנז.

וואס זיי זיינען "עושים רצונו"[25] - פועל'ט דאס אז עס זאל זיין "הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל", און "השקיפה ממעון קדשך מן השמים וברך את עמך את ישראל גו'"[26], וכמבואר אין די דרושים אויפן פסוק "בלילה ההוא", ביז אין דעם דרוש פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, פון "ויהי בארבעים שנה"[27].

ה. די עבודה פון "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים" צו פועל זיין "בלילה ההוא נדדה שנת המלך" - איז במיוחד פארבונדן מיט בנים כפשוטם:

ס'איז מבואר אין מדרשי חז"ל[28] אז ביטול גזירת המן (וואס דער ביטול הגזירה האט זיך אנגעהויבן פון "בלילה ההוא נדדה שנת המלך") איז געקומען דורך דערויף וואס למעלה האט מען געהערט דעם "קול גדיין"[29] פון די כ"ד אלף תשב"ר וואס מרדכי האט צוזאמענגעקליבן לערנען תורה.

וואס דאס איז אויך ע"ד האמור לעיל, אז פריער דארף זיין די אתעדל"ע מלמעלמ"ט פון דעם אב צו מחנך זיין און מעורר זיין דעם בן, וואס דאס איז וואס מרדכי האט מעורר געווען די קינדער און זיי צוזאמענגעקליבן;

אבער וואס האט גע'פועל'ט למעלה אז די גזירה זאל בטל ווערן - איז דאס געווען ניט קול מרדכי, נאר דער "קול גדיא" פון די כ"ד אלף תלמידים, וואס דאס איז דער "טיפיים"[30] מלמטלמ"ע[31], ביז אז די קינדער טוען אויף דעם "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים".

ביז אז דער "קול גדיא" האט גע'פועל'ט דעם גאנצן ביטול הגזירה, און עס איז געווארן "ונהפוך הוא"[32],

ביז אז אויך "רבים מעמי הארץ מתיהדים"[33], ד.ה. אז דער "קול גדיא" וואס איז דעמולט געווען האט גורם געווען אז דעמולט זאל זיין אן עת רצון, אז אויך די גוים וואס האבן געהאט א שייכות צו זיין גרים (ע"י גיור כהלכה), וויבאלד אז זייערע נשמות זיינען געווען בא הר סיני, ווי עס שטייט אין פרדר"א[34] - זאלן ווערן גרים.

ו. נוסף צו דעם פירוש הפשוט אין דעם אז דער קול פון די קינדער האט גע'פועל'ט אז די גוים וואס זיינען געווען שייך



---

26) תבוא כו, טו. 27) ד"ה בלילה ההוא ה'ש"ת (סה"מ ה'ש"ת ע' 5 ואילך). 28) אסת"ר פ"ט, ד. יל"ש שם. תרגום שני עה"פ. 29) תרגום שני שם. 30) ראה בהנסמן בלקוטי הגהות לתניא ע' קמה. 31) ראה לקמן ס"ז. 32) אסתר ט, א. 33) שם ח, יז. 34) פמ"א. וראה ס' מדבר קדמות להחיד"א מע' ג אות ג.

צו ווערן גרים זאלן זיך מגייר זיין - איז אויך דא דער פירוש אין גרים ווי מ'טייטשט אין חסידות:

אין ביאורי הזהר[35] שטעלט ער זיך אויף דעם מאמר רז"ל[36] "לא הגלה הקב"ה את ישראל לבין האומות אלא כדי שיתוספו עליהם גרים", און ער פרעגט:

היתכן, ווי קען מען זאגן אז מ'האלט אלע אידן צו זיך מאטערן אזוי פיל יארן אין גלות צוליב דעם מספר קטן פון גרים וואס זיינען צוגעקומען במשך דעם גלות?!

וואס אע"פ אז יעדער גר איז אן עולם ומלואו, ביז אז צווישן די גרים זיינען אויך געווען אזוינע ווי ר' עקיבא און ר' מאיר[37] און נאך -

בארעכטיקט דאס אבער ניט צו האלטן אלע אידן, ביז אויך שכינתא בגלותא, אין אזא גלות ארוך ומר - צוליב די איינציקע גרים?!

איז ער דארטן מבאר אז דער מאמר רז"ל מיינט אויך (אדער בעיקר) די ניצוצות קדושה וואס געפינען זיך "בין האומות", און צוליב דעם זיינען אידן אין גלות, "כדי שיתוספו עליהם גרים" - זיי זאלן ארויסנעמען די ניצוצות קדושה וואס געפינען זיך "בין האומות" און זיי מחזיר זיין למקומם.

וואס בכללות איז די עבודה פון בירור הניצוצות - דער ענין פון קיום המצוות, אנהויבנדיק פון מצות הצדקה[38], וואס זי איז שקולה כנגד כל המצוות[39], און זי איז "מקרבת את הגאולה"[40].

וע"פ האמור לעיל אז דורך די תינוקות איז געווארן אן עת רצון פאר דעם ענין פון "רבים מעמי הארץ מתיהדים", דער ענין הגיור - איז דאס אויך כולל די עבודה פון בירור ניצוצות הקדושה ("גדים") וואס געפינען זיך אין עוה"ז הגשמי, אז אין דער צייט איז גרינג'ער צו פועל זיין זייער בירור.

ד.ה. אז בשעת מ'שטייט אין ימי הפורים, איז דעמולט אן עת רצון צו מקיים זיין מצוות בכלל, ובפרט מצות הצדקה.

ובפרט בנוגע צו נתינת הצדקה פון תינוקות, סיי נתינת הצדקה בפשטות, און סיי במובן רוחני - אז זיי זאלן פועל'ן

- אויף -

------------

35) קלה, סע"ד ואילך. 36) פסחים פז, ב. 37) ראה תולדות תו"א (היימאן) בערכם. וש"נ. 38) ראה תניא פל"ז (מח, ב). 39) ב"ב ט, א. 40) שם י, א.

אויף זייערע חברים (און מיידעלעך אויף זייערע חבר'טעס) אז זיי זאלן אויך מקיים זיין תומ"צ,

און ווי מ'זעט במוחש אז קינדער קענען פועל'ן אויף אנדערע קינדער א סאך שנעלער ווי די עלטערן און די מחנכים ומחנכות קענען דאס טאן (אבער דאס פטר'ט זיי ניט פון טאן אין דעם).

און דער עת רצון איז אויך פאר גדולים, ווארום עס ווערט דער "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים", ביז אז עס ווערן ביידע ענינים - "והשיב לב אבות על בנים" און "ולב בנים על אבותם", וואס דאס וועט זיין אין דעם "יום ה' הגדול והנורא", ווי ער זאגט אין נבואת מלאכי בסופה.

ז. וויבאלד אז מען שטייט איצטער אין די ימים וואס קומען בסמיכות צו ימי הפורים, ובפרט אז מ'שטייט אין דעם חודש וואס איז "מסמך גאולה לגאולה" צו דער גאולה פון פורים -

איז דאך "הימים האלה נזכרים ונעשים"[41], און "הקורא את המגילה למפרע לא יצא"[42], ד.ה. אז מ'דארף לעבן מיט די מגילה בכל שנה ושנה אזוי ווי ס'האט איצטער געטראפן - דערפאר דארף מען ארויסנעמען א הוראה פון די ענינים וואס האבן געטראפן דעמולט בימי הפורים - אויף היינט.

וואס דאס איז דער ענטפער צו די טוענים מיט א "טי"ת" וואס קומט פון "הואנה הם מבקשים" ("תואנה" מיט א תי"ו) - אז וואס מאכט מען מיטאמאל א טומל און א שטורעם און נייע סדרים, און מ'גיט איבער די בעה"ב'שקייט צו די קינדער - ס'איז קיינמאל ניט געווען אזא מין זאך וכו'?!

וואס דאס איז דאך ענינו פון המן[43] - "אשר קרך בדרך"[44], צו אריינווארפן קרירות[45] און ספיקות[46] אין תומ"צ!

זאגט מען אז יעדער זאך וואס מ'מאנט ע"פ חסידות האט א רמז אין שאר חלקי התורה:

דער סדר בא גאולת פורים איז געווען, אז מרדכי אליין

- האט -

------------

41) אסתר ט, כח. וראה רמ"ז בס' תיקון שובבים. הובא ונתבאר בס' לב דוד להחיד"א פכ"ט. 42) מגילה רפ"ב. וראה כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות עח. 43) ראה תיב"ע ותרגום שני לאסתר ג, א. ועוד. 44) תצא כה, יח. 45) תנחומא תצא ט. פרש"י עה"פ. וראה ד"ה והי' כאשר ירים תר"פ פ"ג-ד (סה"מ פר"ת ע' רצג ואילך). ד"ה זכור וד"ה הנ"ל תרצ"ד (סה"מ קונטרסים ח"ב רפה, ב ואילך). 46) ראה סה"מ קונטרסים שם רפז, א. השי"ט ע' 65. ובכ"מ.

האט ניט געקענט מבטל זיין די גזירה - נאר ער האט געדארפט צוזאמענקלייבן כ"ד אלף תינוקות של בית רבן און זיי זאלן לערנען תורה, און דוקא דאס האט מבטל געווען די גזירה!

[וואס כ"ד אלף איז כפליים פון "שנים עשר אלף חלוצי צבא" וואס זיינען געגאנגען בא מלחמת מדין, וואס דארטן איז געווען "אלף למטה"[47], קומט דאך אויס אז עס זיינען געגאנגען י"ב אלף, משא"כ דא איז געווען כפליים פון דעם - כ"ד אלף תשב"ר, ע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו תשובה - "כפליים לתושי'"[48], און ווי עס שטייט אין אגה"ת[49] "אם הי' רגיל לקרות דף א' יקרא ב' דפים כו'"].

דערנאך זאגט מען אים אז אזוי דארף אויך זיין איצטער בדורנו זה, ווי דער רבי נ"ע האט געזאגט (און כ"ק מו"ח אדמו"ר האט דאס מגלה געווען[50]): "אט אזוי ווי הנחת תפילין בכל יום איז א מצוה דאורייתא . . אזוי איז א חוב גמור אויף יעדן אידן צו טראכטן יעדן טאג א האלבע שעה וועגן דעם חינוך פון קינדער".

ד.ה. אז פריער דארף זיך דאס טאקע אנהויבן פון דעם אב, אז דער אב איז מחנך זיינע קינדער, אבער דערנאך, דורך דערויף וואס דער אב איז מחנך זיינע קינדער, איז ער בא זיי מעורר די כחות וואס נאר זיי האבן, ביז די כחוה צו קענען מבטל זיין גזירת המן.

אזוי ווי דאס איז געווען דעמולט, אז דוקא דער "קול גדיא" פון די קינדער האט גע'פועל'ט למעלה אז די גזירה זאל בטל ווערן.

ועד"ז זעט מען איידער ביטול גזירת המן, אז המן איז ניט נתפעל געווארן דערפון וואס מרדכי לערנט תורה ווארום ביי אים איז דאס קיין חידוש ניט אז מרדכי לערנט תורה,

משא"כ אבער ווען תינוקות לערנען תורה, און לערנען דאס אין א זמן און אין א מקום וואו המן געפינט זיך, ביז אז ער געפינט זיך דארט מיט כל התוקף, וואס דער מלך האט אים געגעבן זיין טבעת[51] און די שליטה צו טאן וואס ער וויל -

און אעפ"כ קומען צוגיין תינוקות און זעצן זיך לערנען תורה, און וואס פאר א תורה - תורה וואס איז פארבונדן מיט בנין בית המקדש, און מיט קרבנות ("הלכות מצות העומר" און

- "הלכות -

---

47) מטות לא, ה. 48) ראה איוב יא, ו. שמו"ר רפמ"ו. 49) ספ"ט. וראה שיחת יום א' פ' תרומה (נדפסה בלקו"ש תרומה ש.ז. בסופו) הע' 7. 50) תו"ש ע' 54 (ממכתב כ"ק אדמו"ר הריי"ץ). היום יום ע' יג. 51) אסתר ג, י.



הנחת הת' בלתי מוגה

"הלכות קמיצה"[52] -

- איז דאס האט גע'פועל'ט אויף המן. ביז אז דאס האט דערנאך געבראכט צו ביטול גזירת המן.

ח. די צוגלייכעניש פון זמן מרדכי מיט אונזער דור (אז אזוי ווי מ'האט דעמולט זיך משתדל געווען מיט תינוקות, און דוקא דאס האט מבטל געווען די גזירה - עד"ז דארף אויך איצטער זיין) - איז נאכמער מודגש אין דעם זמן ווען ביטול גזירת המן איז געווען:

אזוי ווי דעמולט איז דער ביטול הגזירה (און גאולת פורים) דורך די תינוקות געקומען אין זמן הגלות, ווען מ'איז נאך געווען "עבדי אחשורוש",

ובפרט אז דער גאנצער נס פורים האט געטראפן אין דעם זמן פון גלות בבל, וואס דאס איז דער גלות וואס איז "רישא די דהב"[53], און אין גלות בבל גופא - אין דעם סיום פון גלות בבל, נאענט צו דעם זמן פון גלות פרס ומדי -

עד"ז געפינט מען זיך דאך איצטער אין זמן הגלות, און אין א גלות חושך כפול ומכופל.

וואס עפ"ז איז נאכמער מודגש די הוראה אז מ'דארף זיך משתדל זיין אין די פעולות מיט קינדער, "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים", אין גלות זה האחרון, בכדי צו ברענגען די גאולה האמיתית והשלימה.

לאידך איז אבער דא א נפק"מ פון ווי די תינוקות האבן דעמולט געבראכט גאולת פורים, ביז ווי די תינוקות בזמן הזה וועלן ברענגען די גאולה האמיתית והשלימה:

גאולת פורים איז געקומען אין אן אופן פון צעד אחר צעד, ווי מ'זעט אז אפילו נאך דעם וואס מרדכי האט צוזאמענ-געקליבן די כ"ד אלף תשב"ר און זיי האבן פועל געווען פעולתם למעלה - איז דאס אבער נאך ניט געווען ניכר למטה,

ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות דערפון וואס דאס איז נאך געווען איידער תליית המן, און המן איז נאך אלץ געבליבן בגדלותו, ווי עס ווערט דערציילט אין דער מגילה אז המן איז געווען דער "איש משרי המלך"[54] וואס האט געשריען "ככה יעשה לאיש אשר המלך חפץ ביקרו"[55], וואס דאס האט געקענט טאן נאר אן "איש משרי המלך".

- ואדרבה -

------------

52) מגילה טז, א. אסת"ר פ"י, ד. וראה יפה ענף לאסת"ר שם. 53) דניאל ב, לח. וראה ב"ר פס"ח, יד. ובב"מ. 54) אסתר ו, ט. 55) שם, יא.

ואדרבה, המן איז דערנאך גאר נתעלה געווארן בגדלותו, ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם וואס המן איז דערנאך געוועז איינגעלאדן מיט מלך אחשורוש צו דער משתה וואס אסתר המלכה האט געמאכט, וואס דאס באווייזט אויף אן עילוי במדריגה, ווארום נאר ער מיט דעם מלך און מלכת המדינה זיינען געוועז צוזאמען,

און ערשט נאך דעריף וואס ס'איז געוועז עליית המן - איז געקומען זיין חלי',

ווארום וויבאלד אז גאולת פורים איז געוועז אין אן אופן פון צעד אחר צעד, דערפאר האט פריער געדארפט זיין עליית המן בכדי אז דערנאך זאל זיין נפילת המן.

משא"כ די גאולה וואס וועט קומען לאחרי דעם איצטיקן גלות - וועט קומען תיכף ומיד,

און ניט ווי דער ירושלמי[56] זאגט אז ס'איז דא א גאולה וואס קומט אזוי ווי "אילת השחר", "קימאה קימאה", צו ביסלעך, וואס אויך גאולת פורים איז צוגעגליכן צו "אילת השחר", ווי ער זאגט דארטן אין ירושלמי, וואס "אילת השחר זו אסתר"[57];

משא"כ אבער די גאולה העתידה וועט זיין אין אן אופן פון "מיד הן נגאלין", ווי דער רמב"ם פסק'נט להלכה[58].

וואס דערפאר יאיז איצטער די הדגשה אויף דער השתדלות וואס דארף זיין מיט תינוקות - נאך א שטארקערע ווי דאס איז געוועז אין ימי הפורים דעמולט - ווארום דער "קול גדיא" פון קינדער בגלות זה האחרון וועט ברענגען די גאולה תיכף ומיד.

וואס די איצטיקע גאולה וועט זיין די גאולה האמיתית והשלימה, גאולה שאין אחרי' גלות[59],

וואס דאס מיינט ניט נאר אז נאך דער איצטיקער גאולה וועט ניט זיין קיין גלות - נאר נאכמער: נאך דעם וואס די גאולה האמיתית והשלימה וועט קומען וועט זי מבטל זיין דעם גאנצן ענין אז ס'איז אמאל געוועז א מציאות פון גלות.

ס. די הדגשה אויף די פעולות וואס דארפן זיין מיט תינוקות איז אויך מרומז אין פרשתנו, פרשת ויקרא:

דער ווארט "ויקרא" אין תחלת פרשתנו איז מיט אן אל"ף - זעירא -

------------

56) ברכות רפ"א (ד, ב). 57) מדרש תהלים עה"פ כב, א. 58) בהל' תשובה פ"ז ה"ה. 59) תוד"ה ה"ג ונאמר - פסחים קטז, ב.



הנחת הת' בלתי מוגה

זעירא, וואס "זעירא" איז גלייך מרמז אויף קטנים און קטנות.

והביאור בזה:

דער אות אל"ף באווייזט אויף "אלופו של עולם", ווי דער ב"י[60] זאגט בשם פון סמ"ק בנוגע צו דעם אל"ף פון "אחד",

וואס "אלופו של עולם" גייט (אויך) אויף יעדער איד, ווארום "כאו"א חייב לומר בשבילי נברא העולם"[61], וואס וויבאלד אז דאס איז "בשבילי" איז פארשטאנדיק אז ער איז דער בעה"ב ("אלופו") פון דעם "עולם".

און וויבאלד אז דא איז דאס אן אל"ף זעירא איז דאס מרמז, צווישן אידן גופא - אויף די קטנים וקטנות שבהם.

ובפרט אויף די קטנות - ווארום אותיות בכלל זיינען לשון נקבה, ובמילא איז אויך דער אות אל"ף לשון נקבה,

ובפרט אז אין אלע מדרז"ל אויף דעם פסוק (רובם הובאו בתו"ש כאן[62]), און אין ס' מסורה (וואס זיי זיינען אלע אויף לה"ק) איז מפורש אז דער אל"ף פון "ויקרא" איז אן "אל"ף קטנה" (ל' נקבה),

און אויך די מדחז"ל בלשון תרגום זאגן אז דאס איז אן אל"ף זעירא, וואס "זעירא" איז (אויך) לשון נקבה (ניט ווי "זעיר" וואס איז לשון זכר)*.

וואס דאס גיט נאכמער חיזוק אויף דעם אז מ'דארף טאן אין די פעולות מיט קטנים און קטנות,

ובפרט ע"פ המבואר אין לקו"ת[63] אז אע"פ וואס יו"ט זיינען נאר פעם אחת בשנה - דארף מען פון זיי מיטנעמען א חיות וכח אויף דער עבודה פון כל השנה כולה, עד"ז בנוגע צו

- דעם -

---

*) התרגום ד"קטנה" בכ"מ הוא - "זעירתא" (ו"קטן" - "זעירא"). ועפ"ז צ"ל לכאורה שדחז"ל כאן שבלשון תרגום שנאמר זעירא ולא זעירתא פליגי על מדחז"ל שבפנים.

אבל ע"פ מ"ש בפנים ש"זעירא" היא (גם) לשון נקבה, מתורץ זה.

ועפ"ז יתורץ דבבעה"ט עה"פ הביא ביחד: זעירא, גדולה. וראה בס' דקדוק ל' ארמי דא' סופית היא סימן ל' נקבה. ודאה אונקלוס וירושלמי ס"פ הצא (כה, יג, יד). ויש לחפש בס' גרסאות התרגומים.

---

60) או"ח סס"א. וראה לקו"ת תזריע כג, ג. 61) סנהדרין לז, סע"א במשנה. 62) סק"ו. 63) ברכה צח, ב.

דעם לימוד וואס מ׳נעמט ארויס פון פ׳ ויקרא וואס מ׳לייענט פעם אחת בשנה - אז עס דארף זיין א הוראה על כל השנה כולה.

אז מ׳זאל טאן מיט א ספעציעלע איבערגעגעבנקייט בנוגע צו קינדער, סיי אינגעלעך און סיי מיידעלעך, און זיי זאלן פועל׳ן אויף די ערוואקסענע אז ס׳זאל זיין "לא יישנו האבות", וואס דאס איז כולל סיי די אבות כפשוטם, זייערע עלטערן, און סיי אבינו שבשמים, כמדובר לעיל (ס"ב-ג)

און ווי גערעדט פריער אז דאס איז ח"ו ניט מבעט אין דעם ענין פון כיבוד אב ואם, נאר דאס גופא וואס עס וועט זיין "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים" וועט דאס נאכמער צוגעבן אין דעם כבוד אב ואם,

ביז אז פון כיבוד אב ואם כפשוטו וועט אויך צוקומען אין דעם כיבוד אב צו דעם אויבערשטן,

ווי ס׳איז פארשטאנדיק פון דעם וואס עס שטייט אין גמרא[64] אז ווען דער אויבערשטער האט געזאגט דעם דיבור פון "כבד את אביך ואת אמך"[65] האט דאס גע׳פועל׳ט אויף די גוים אז זיי זאלן האבן נאכמער כבוד פאר דעם אויבערשטן ווי ווען ער האט געזאגט "אנכי ה׳ אלקיך"[66] -

ווארום ביי "אנכי ה׳ אלקיך" האבן זיי גע׳טענה׳ט אז "לכבוד עצמו הוא דורש", און ווען ס׳איז געקומען צו דעם דיבור פון "כבד את אביך ואת אמך" איז "חזרו והודו למאמרות הראשונות".

י. די הדגשה צו טאן מיט קינדער איז נאכמער עפ"ז וואס מ׳האלט דאך אין די לעצטע טעג פון גלות, און ביאת משיח צדקנו איז דאך תלוי אין דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה"[67],

וואס דאס הויבט זיך דאך אן פון תורת הבעש"ט, און מ׳געפינט אז דער בעש"ט האט געטאן מיט קינדער נאך איידער ער איז נתגלה געווארן צו גדולים, ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר דערציילט אין כמה פון זיינע שיחות[68] וועגן דעם וואס דער בעש"ט איז געווען אין די ערשטע יארן א באהעלפער צו א מלמד וואס האט געלערנט מיט קינדער אל"ף בי"ה.

וואס דאס איז נאכמער מדגיש די השתדלות וואס דארף זיין מיט קינדער.

- און -

---

64) קידושין לא, א. 65) יתרו כ, יב. 66) שם, ב.
67) אגה"ק דהבעש"ט - נדפסה גם בכש"ט (הוצאת קה"ת) בתחלתו.
68) סה"ש תש"א ע׳ 32. שם ע׳ 156. סה"מ תש"ט ע׳ 87. ובכ"מ.

און דער עת רצון לזה איז נאכמער דעס יאר, וואס ער איז בכלל א שנת השמיטה, "שבת לה'"[69].

ובפרט אז מ'שטייט אויך אין יום השבת, וואס דעמולט ווערן נתעלה אלע טעג פון דער פאריקער וואך, וואס אין דער וואך איז אויך געווען דער טאג פון ר"ח ניסן, וואס ער איז אין זיך כולל כל ימי חודש ניסן[70], וואס אין ניסן זיינען דא "נוני"ן הרבה נסים הרבה"[71], און ער איז דער חודש הגאולה[72].

ונוסף לזה - איז בר"ח ניסן "הוקם המשכן"[73], וואס דאס איז אויך נוגע צו סוף, ווי מ'האט פריער גערעדט[74] אז אויך די האבן מנדב געווען צו דעם משכן[75].

אין דער פאריקער וואך איז אויך געווען דער טאג פון ב' ניסן, וואס דאס איז דער יום ההילולא פון כ"ק אדמו"ר (מוהרש"ב) נ"ע, וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געזאגט אויף אים[76] אז ער איז "דער רמב"ם פון חסידות",

וואס דער רמב"ם האט אנגעהויבן ספרו יד החזקה מיט "יסוד היסודות ועמוד החכמות לידע שיש שם מצוי ראשון, והוא ממציא כל נמצא, וכל הנמצאים משמים וארץ ומה שביניהם לא נמצאו אלא מאמיתת המצאו", און ער איז מסיים ספרו מיט "כי מלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים"[77],

וואס "הארץ" איז כולל אין זיך די ענינים הכי תחתונים אין וועלט,

וואס דאס באווייזט אז הפצת המעיינות וועט דערגרייכן בכל מקום אין וועלט.

יא. און די צוויי ענינים (ר"ח ניסן, און ב' ניסן) ווערן נתעלה אין דעם שבת פ' ויקרא, וואס ער האט אין זיך דעם אל"ף זעירא,

וואס דער אל"ף זעירא גייט אויף אלע אידן,

און וויבאלד אז דאס איז אן אל"ף זעירא איז דאס מדגיש צווישן אידן גופא - די קטנים וקטנות שבהם, כנ"ל (ס"י).

און דער אל"ף זעירא פארבינדט זיך מיט דעם אל"ף דבתי פון דעם ווארט "אדם" אין דברי הימים (בתחלתו), וואס דער

- איד -

---

69) בהר כה, ב-ד. 70) ראה של"ה שיג, ב. 71) פרש"י ד"ה תנינא - ברכות נז, רע"א. 72) שמו"ר פט"ו, יא. 73) פקודי מ, יז. 74) שיחת יום ג', ר"ח ניסן סוף ס"ו. 75) אדר"נ רפי"א. וראה צפע"נ מהדו"ת ג, ג. 76) לקו"ד כרך א רצו, א. וראה לקו"ש ח"ז ע' 209. 77) ישעי' יא, ט.

איד וואס איז "אלופו של עולם" איז "אתם קרויין אדם"[78] "ע"ש אדמה לעליון"[79], און וויבאלד אז יעדער איד. דארף זאגן "בשבילי נברא העולם", דערפאר איז "נברא אדם יחידי"[80],

וואס דער אל"ף רבתי באווייזט אויף ספירת הכתר[81], ביז צו פנימיות הכתר - אז דער אל"ף זעירא פארבינדט זיך מיט די העכסטע מדריגות.

און עס קומט די גאולה האמיתית והשלימה - דורך דעם וואס יעדער איינער טוט כל התלוי בו נאך אין די לעצטע טעג פון גלות -

בעגלא דידן, ובמהרה בימינו ממש.

* * *

יב. פרשת ויקרא האט א קישור מיוחד מיט דעם ענין פון חינוך פון קינדער, וכידוע דער סיפור וואס רבותינו נשיאינו האבן דערציילט און כ"ק מו"ח אדמו"ר האט דאס געהייסן אפדרוקן[82], און די וואך איז דאס נאכאמאל אפגעדרוקט געווארן[83]:

איינער פון די ענינים אין דעם סדר ווי דער אלטער רבי האט אריינגעפירט זיין אייניקל, כ"ק אדמו"ר הצ"צ, אין חדר איז געווען - אז דער אלטער רבי האט געהייסן דעם מלמד ער זאל לערנען מיטן קינד די ערשטע פרשה פון ויקרא.

נאך דעם ווי דער מלמד האט אפגעלערנט די פרשה מיטן קינד, האט דער קינד געפרעגט בא דעם אלטן רבי'ן: פארוואס איז דער ווארט ויקרא מיט אן אל"ף זעירא?

דער אלטער רבי האט זיך פאר'דבק'ט א היפשע צייט, און נאך דעם האט ער אים געענטפערט אויף זיין שאלה, ווי עס ווערט דערציילט בפרטיות אין דעם סיפור.

וואס דאס איז אויך ע"ד האמור לעיל (ס"א) אז פריער דארף זיין די התעוררות פון דעם אב, און דערנאך איז דאס מעורר בא דעם קינד זיינע כחות און עס ווערט "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים":

פריער איז געווען די התעוררות און דער חינוך פון דעם אלטן רבי'ן וואס ער האט געהייסן דעם מלמד לערנען מיטן קינד פרשת ויקרא;

- און -

---

78) יבמות סא, רע"א. 79) של"ה כ, ב. שא, ב. ובכ"מ. 80) סנהדרין שם. 81) לקו"ת ריש פרשתנו (א, סע"ב). ד"ה ויקרא חדע"ה (סה"מ חדע"ה ע' רלד ואילך), חש"ה (סה"מ תש"ה ע' 131). 82) סה"ש ה'ש"ת ע' 68. 83) בלקו"ש השבועי (פ' ויקרא).

און דערנאך האט דאס מעורר געווען בא דעם קינד די שאלה, וואס דאס האט ארויסגעבראכט אז דער אלטער רבי זאל זיך פאר׳דבק׳ן, ביז אז דאס האט געבראכט א המשכה מלמעלמ"ט פון א נייעם ענין אין תורה פון דעם אלטן רבי׳ן.

וואס אע"פ אז דאס רעדט זיך בנוגע צו דעם צ"צ, וואס "בוצין בוצין מקטפי׳ ידיע"[84] - איז אבער לפי ענינו פון דעם צ"צ איז דאס געווען די התחלה פון זיין ארייינגיין אין חדר ווען ער איז געווען דריי יאר אלט [חדר מיט אלע פירושים: ר"ת חסד דין רחמים[85]; מלשון הכתוב[86] "הביאני המלך חדריו"],

איז במילא פארשטאנדיק אז בא יעדן קינד איז שייך מעין זה לפי ענינו, ווען ער האלט בא די יארן וואס ער הויבט ערשט אן לערנען, וואס דעמולט הויבט מען מיט אים אן לערנען פ׳ ויקרא (כדלקמן סי"ד),

וואס התחלת הלימוד איז [ניט צו ה׳ און ו׳ שנה, ווי די גמרא זאגט אין כתובות[87], נאר] צו ג׳ שנים, ווי דער רמ"א[88] זאגט,

ובפרט אז מ׳האט דעם "מעשה רב"[89] פון דעם סיפור הנ"ל מיטן צ"צ, אז אזוי האט זיך געפירט דער אלטער רבי וואס ער איז א פוסק אין נגלה דתורה - ער האט געשריבן דעם שו"ע, און א פוסק אין פנימיות התורה - ער האט געשריבן דעם תניא, און מאמרי דא"ח,

ובפרט אז כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געהייסן אפדרוקן דעם סיפור בסה"ש ה׳ש"ת ובכו"כ מקומות.

יג. אין דערויף איז דא א קלאץ קשיא, וואס מ׳געפינט ניט אז מלמדים און משכילים און אפילו עובדים זאלן זיך שטעלן אויף דעם:

מ׳שטורעמט וועגן דעם פרש"י אין ריש פ׳ בראשית אז "אמר ר׳ יצחק לא הי׳ צריך להחיל את התורה אלא מהחודש הזה לכם[90] כו׳, ומה טעם פתח בבראשית, משום כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים[91] כו׳".

וואס דערפון קומט אויס אז עס זיינען דא צוויי אופנים ווי צו אנהויבן תורה: אדער מיט "בראשית ברא אלקים", אדער מיט "החודש הזה לכם",

- וואס -

---

84) ברכות מח, רע"א. 85) לקו"ת פרשהנו ב, סע"ד. ובכ"מ. 86) שה"ש א, ד. 87) נ, א. וראה לקו"ש ויקרא-כ׳ מ"ח ש.ז. ס"ד ובהערות שם. 88) יו"ד סרמ"ה ס"ח. 89) ראה שבה כא, א. וש"נ. 90) בא יב, ב. 91) תהלים קיא, ו.

וואס וויבאלד אז דאס זיינען צוויי אופנים ווי צו אנהויבן די תורה - איז פארשטאנדיק אז דאס זיינען צוויי אופנים פון וואנעט מ'דארף אנהויבן לערנען תורה - ווארום די כוונה פון תורה איז ניט אז מ'זאל איר קושן, און אז זי זאל ליגן אין ארון קודש און מ'זאל אויף איר קוקן - נאר אז מ'זאל אין איר לערנען -

איז אויב עס זיינען דא נאר די צוויי אופנים פון וואנעט צו אנהויבן לערנען תורה - ווי זאגט מען אז ס'איז דא א דריטער אופן פון וואנעט צו אנהויבן לערנען תורה - פון פ' ויקרא, ווי דער אלטער רבי האט געהייסן טאן מיטן צ"צ, און ווי אלע טוען בפשטות?!

און עיקר השאלה איז - אז קיינער שטעלט זיך ניט אויף דעם, אפילו ניט דער מלמד וואס הויבט אן לערנען מיט דעם קינד פ' ויקרא.

וואס אע"פ אז אין מדרש שטייט א טעם פארוואס מ'הויבט אן לערנען פון פ' ויקרא (כדלקמן) - איז אבער דער מלמד ווייסט ניט דערפון, נאר ער הויבט אן לערנען בפשטות מיטן קינד פון פ' ויקרא, און עס הארט אים אינגאנצן ניט פארוואס מ'הויבט אן פון דארטן - אע"פ וואס לכאורה זיינען דא נאר די צוויי אופנים, אדער פון "בראשית ברא", אדער פון התחלת המצוות - "החודש הזה לכם"?!

מ'לערנט טאקע ביידע פסוקים, "בראשית ברא" און "החודש הזה לכם", מיט די אלע מדרשי חז"ל אויף זיי, ביז מיט אלע דרושי חסידות אויף זיי - אבער ווען עס קומט אז ער דארף אריינפירן זיין קינד אין חדר - זאגט ער בפשטות אז מ'זאל מיט אים אנהויבן לערנען פון פ' ויקרא?!

יד. דער טעם אין מדרש אויף דעם וואס מ'הויבט אן לערנען מיט תינוקות ניט פון פ' בראשית נאר פון פ' ויקרא, איז[92]: "שהתינוקות טהורין (ואינם יודעים מהו טעם חטא ועון[93]) והקרבנות טהורין יבואו טהורין ויתעסקו בטהורים".

דארף מען פארשטיין:

קרבנות זיינען פארבונדן נאר מיט דעם ענין פון תמימות און מיט דעם ענין פון זכרות[94] - מ'געפינט אבער ניט אז קרבנות זאלן זיין פארבונדן מיט דעם וואס זיי זיינען "טהורים",

- און -

---

92) ויק"ר פ"ז, ג (בסופו). וראה בהנסמן בלקו"ש ויקרא ש.ז. הע' 2. 93) תנחומא צו יד. 94) פרשתנו א, ג.

און אויב מ'וואלט טאקע פארבונדן קרבנות מיט תמימות וואלט דאס ניט געווען קיין טעם אויף דעם וואס קטנים הויבן אן לערנען וועגן קרבנות, ווארום קטנים האבן קיין שייכות ניט מיט תמימות.

ואדרבה: קרבנות זיינען בכלל ניט שייך צו זיין טמאים, ווארום א קרבן מוז דאך זיין פון א בהמה אדער צאן, חי, און "חי אינו מקבל טומאה"[95].

איז וואס שטייט אין מדרש אז "הקרבנות טהורין" וואס דערפאר איז "יבואו טהורין ויתעסקו בטהורים"?

טו. דער ביאור אין דעם - ובהקדם: וואס מ'האט פריער-דערמאנט אז עס זיינען דא צוויי אופנים ווי צו אנהויבן די תורה, אדער פון "בראשית ברא", אדער פון "החודש הזה לכם".

וואס אזוי ווי אין אלע ענינים אין תורה איז אויך אין די צוויי ענינים יש בזה מה שאין בזה: ס'איז דא א מעלה וואס איז דא אין "בראשית ברא" וואס איז ניטא אין "החודש הזה לכם", ועד"ז איז דא א מעלה אין "החודש הזה לכם" וואס איז ניטא אין "בראשית ברא".

און אע"פ אז יעדער ענין האט א מעלה לגבי דעם צווייטן - איז אבער וויבאלד אז תורה איז איין זאך, דארף יעדער ענין אין תורה מיט זיין מעלה אנקומען צו דעם צווייטן ענין, כלשון הידוע[96] "דברי תורה עניים במקומן ועשירים במקום אחר",

און דוקא אז מ'האט אלע ענינים אין תורה, ביז צו דעם קלענסטן פרט - איז דאס א תורה שלימה.

און ווי דאס איז אין תושב"כ, אז אויב עס פעלט איין אות פון די ששים ריבוא אותיות אין תורה - פעלט אין דער שלימות פון דער גאנצער ס"ת[97].

ועד"ז אין הושבע"פ דארף מען האבן אמונה אז דער קלענסטער פרט אין תושבע"פ איז ניתן למשה מסיני[98] פונקט ווי דער עיקר (וואס ביי אים קומט אוים עיקר) פון גאנץ תושבע"פ,

און אויב עס פעלט אין דער אמונה אין איין פרט - איז דאס ניט אז אים פעלט אמונה אין איין זאך, נאר ער איז א כופר אין גאנץ תורה, ווי דער רמב"ם פסק'נט[99].

וואס דער טעם אויף דערויף איז כנ"ל: יעדער ענין אין

- תורה -

---

95) רמב"ם הל' טומאת מת פ"א הי"ג-יד. 96) ירושלמי ר"ה פ"ג ה"ג. 97) ראה זח"ג עא, א. תקו"ז תכ"ה בתחלתו. 98) ראה בהנסמן בלקו"ש ח"ד ע' 1088 הע' 11. 99) הל' תשובה פ"ג ה"ח.



הנחת הת' בלתי מוגה

תורה איז בשלים שאר כל התורה כולה, ביז אז דער "ב'" פון "בראשית" דארף אנקומען צו דעם "ל'" פון "ישראל" (אין סוף התורה), ביז אז די גאנצע תורה איז איין זאך "כבלי אבר לא ימצא האדם . . מראש ועד סוף"[100],

און דערפאר האט אין זיך יעדער ענין אין תורה א מעלה וואס איז ניטא אין שאר כל התורה, און לגבי די מעלה איז שאר כל התורה "עניים", וואס דאס איז דער פירוש אין "דברי תורה עניים במקומן ועשירים במקום אחר".

טז. ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו "בראשית ברא" און "החודש הזה לכם" – אז יעדער איינער פון זיי האט א מעלה וואס איז ניטא אין דעם צווייטן, און יעדערער פון זיי דארף אנקומען צו דעם צווייטן.

וואס דערפאר געפינט מען אז ווען עס קומט דער זמן ווען מ'לייענט "בראשית ברא", וואס דעמולט איז דער "עביד עבידתי'"[101] און "מזלו גובר"[102] פון "בראשית ברא" – איז מען מסביר די מעלה וואס איז לא אין "בראשית ברא",

און ווען עס קומט דער זמן וואס דעמולט איז דער "עביד עבידתי'" און "מזלו גובר" פון "החודש הזה לכם" – איז מען מבאר די מעלה פון "החודש הזה לכם".

יז. די צוויי אופני ביאורים (די מעלה אין "בראשית ברא" און די מעלה פון "החודש הזה לכם") געפינט מען אין אוה"ת בא אין דעם פירוש פון "לא הי' צריך להתחיל את התורה אלא מהחודש הזה לכם כו', ומה טעם פתח בבראשית, משום כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים כו'".

דער ערשטער ביאור[103]:

דער טעם וואס "פתח בבראשית" איז – דערפאר וואס פריער גיט מען די "מפתחות החיצוניים", "בראשית ברא", און ערשט דערנאך גיט מען די "מפתחות הפנימיים", "החודש הזה לכם":

פריער דארף זיין די התבוננות אין היצירה העולם, אין "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ", און דאס איז די הקדמה אז דערנאך זאל מען קומען צו דער התבוננות אין הנהגה נסית, ביז צו דעם ענין החידוש אין וועלט, "החודש הזה לכם".

וואס לפ"ז איז פארשטאנדיק אז די מעלה איז אין "החודש

- הזה -

---

100) קהלת ג, יא. 101) ראה זח"ג צד, ריש ע"ב. 102) ראה קה"ע לירושלמי ר"ה פ"ג ה"ח. 103) אוה"ת שם ע' רנו.

הזה לכם", און "בראשית ברא" איז נאר א הקדמה לזה.

יח. דער צווייטער ביאור[104]:

דער ענין פון "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים" איז דער ענין פון עבודת התשובה, וואס אין תשובה זיינען דא צוויי דרגות:

ס'איז דא די נידעריקע דרגא אין תשובה, וואס זי איז אין אן אופן פון "לסטים אהס", אז ער האלט נאך ניט בא די דרגא פון תשובה פון "והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה"[105], ניט ווי "העולם טועים לומר" אז תשובה איז אויף עבירות, ווי דער אלטער רבי זאגט אין לקו"ת[106], נאר ער האלט בא דער דרגא פון "טעות העולם", "עולם" מלשון העלם והסתר[107] - די דרגא פון תשובה כפשוטה וואס איז אויף עבירות, ביז אז ער האט א שייכות מיט נאך נידעריקער פון ק"נ.

וואס די דרגא פון תשובה איז אין אן אופן אז ער האט געהערט אז "רע ומר עזבך את ה' אלקיך"[108], ובמילא אנטלויפט ער פון דעם רע, וואס דאס איז אפילו אויב די תשובה איז שלא לשמה - וויבאלד אבער אז דאס איז רע, אנטלויפט ער פון דעם.

ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר איז מבאר אין זיינע מאמרים[109] אז ווען עס קומט צו "סור מרע" - מאכט מען ניט קיינע חשבונות און אבי אנטלויפן פון דעם רע, באיזה אופן שיהי',

ובדוגמא ווי ביי א שריפה, אז מ'קוקט ניט אויף קיינע זאכן - אבי אנטלאפן פון דער שריפה.

ועד"ז געפינט מען אין הלכה:

במקומות בלתי נקיים טאר מען ניט לערנען תורה[110], ביז אז אזוי איז מען מחנך אפילו א קטן שבקטנים;

ווען עס קומט אבער צו אן ענין פון "לאפרושי מאיסורא" איז דער דין[111] אז מ'כעג דאס באווארענען אויך אין א מקום בלתי נקי,

ואדרבה: כ'כוז דאס באווארענען אויך אין אזא מקום,

- ווארום -

------------

104) ראה אוה"ת שם ע' רסב. וראה ד"ה החודש הזה דש"פ ויק"פ, פ' החודש ש.ז. 105) קהלת יב, ז. 106) ד"ה ס, ד. וראה גם לקו"ת בלק עד, א. ראה כד, ד. ש"ש סו, ג. לקו"ת ר"פ האזינו. 107) לקו"ה שלח לז, ד. ובכ"מ. 108) ל' הכתוב - ירמי' ב. יט. 109) ד"ה כימי צאתך תש"ח פי"ג (סה"מ תש"ה ע' 167). ובכ"מ. 110) שבת מ, ב. שו"ע (ואדה"ז) או"ח ספ"ה ס"ב (כ"א). 111) שבת שם. שו"ע שם (כ"ד).

ווארום וויבאלד אז דאס איז "לאפרושי מאיסורא" - מאכט מען ניט קיינע חשבונות אין וואס פאר אן ארט מ'געפינט זיך, ביז אז אפילו אויב מ'געפינט זיך אין אן ארט וואס האט קיין שייכות ניט מיט תורה, און דאס איז ברשותו פון דעם צד ההפכי - איז "לאפרושי מאיסורא" דארף מען דאס דארטן אויך באווארענען.

ועד"ז בעניננו:

וויבאלד אז ער געפינט זיך אין א מעמד ומצב פון רע - מאכט ער ניט קיינע חשבונות און ער אנטלויפט פון דעם.

וואס דאס איז די נידעריקע דרגא אין תשובה, וואס די איז אין אן אופן פון גזילה - ווארום "עשה האלקים את האדם ישר"[112], און דורך דעם וואס ער האט עובר געווען אויף אן עבירה און דערנאך טוט ער תשובה - גזל'ט ער אוועק א זאך וואס דער אויבערשטער האט אריינגעלייגט אין רשות הקליפות.

יט. דערנאך זאגט מען אבער אז "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלה גוים":

דער פנימיות הכוונה פון דעם וואס אידן נעמען צו "נחלת גוים", איז - דערפאר וואס "כח מעשיו הגיד לעמו": די פשטות און עצמיות פון אידן איז איין זאך מיט די פשטות ועצמיות שלמעלה, ווי די רשימה הידועה ד"ה "אתם נצבים היום כולכם"[113], אז די פשטות פון אן איש פשוט פארבינדט זיך מיט דער פשטות פון עצמות ומהות.

און מצד דער דרגא דערגרייכט מען טיפער ווי דער ענין פון "החודש הזה לכם", ווארום "החודש הזה לכם" איז די דרגא פון לפני הצמצום, און "כח מעשיו הגיד לעמו" איז העכער פאר דעם צמצום און העכער פאר למעלה מן הצמצום - דאס דערגרייכט אין עצמות ומהות ממש.

וואס דאס איז די העכערע דרגא אין תשובה, די תשובה פון "גהרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה", אז ער ווערט איין זאך מיטן אויבערשטן, און ער ווערט א בעל הבית אויף תשובה, ווי דער אלטער רבי טייטשט אפ[114] "בעל תשובה" (אין דער העכערער דרגא פון תשובה).

כ. וואס לפי ביאור זה קומט אוים אז "בראשית ברא אלקים" איז העכער פאר "החודש הזה לכם".

- משא"כ -

---

112) קהלת ז, כט. 113) תש"ז - נדפסה בסה"מ תש"ז ע' 256 ואילך. וראה גם לקו"ד כרך ג תצא, ב. 114) לקו"ת בלק עה, א.

משא"כ לויטן ערשטן ביאור גייט מען אין דעם סדר ווי עבודת האדם און לימוד התורה דארף זיין מלמטלמ"ע - וואס דערפאר קומט פריער "בראשית ברא אלקים" און ערשט דערנאך די העכערע דרגא פון "החודש הזה לכם", כנ"ל (סי"ז).

אבער וויבאלד אז תורה איז בעיקר ענינה מלמעלמ"ט, כמ"ש[115] "כי מן השמים דברתי עמכם" - דערפאר דארף אין תורה גופא אויך זיין דער צווייטער אופן, מלמעלמ"ט - אז דאס וואס "בראשית ברא" קומט פאר "החודש הזה לכם" איז דערפאר וואס "בראשית ברא" איז א העכערע דרגא ווי "החודש הזה לכם",

וואס דאס איז דער ענין פון "כח מעשיו הגיד לעמו" - די דרגא אין תשובה וואס פארבינדט אידן מיט דעם עצם שלמעלה, וואס דאס איז העכער פאר דעם גאנצן ענין פון "החודש הזה לכם", כנ"ל.

און דערפאר פועל'ט די תשובה אז אויך ווי אידן געפינען זיך למטה אין עוה"ז הגשמי זאל זיין "להת להם נחלת גוים", וואס דאס איז נאך נידעריקער פון ק"נ.

די איינציקע זאך איז - אז וויבאלד דער איד געפינט זיך אין עוה"ז הגשמי, דערפאר הויבט ער ניט אן גלייך פון דער העכסטער דרגא אין תשובה, נאר פריער איז ביי אים דא הרהור תשובה, וואס מאכט אים פאר א "צדיק גמור"[116], און דערנאך וויבאלד אז ער איז א צדיק, איז דאך די שלימות פון א צדיק דער "לאתבא צדיקייא בתיובתא", דארף ער אויך האבן דעם ענין התשובה -

וואס דערפאר הויבט ער אן פון דעם ענין התשובה מיראה, און דערפון קומט ער צו תשובה מאהבה, ביז אז ער קומט צו תשובה מאהבה בשלימותה, ביז צו דער תשובה פון "והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה",

וואס די דרגא אין תשובה פארבינדט אים מיט "כח מעשיו הגיד לעמו", וואס איז העכער פאר "החודש הזה לכם", ובאותיות הקבלה: "החודש הזה לכם" איז די המשכה פון לפני הצמצום און "כח מעשיו הגיד לעמו" איז די דרגא וואס איז העכער פאר צמצום און העכער פאר לפני הצמצום, ביז אז עס ווערט נתגלה עצמות ומהות (אויף וויפל ס'איז שייך זאגן גילוי אין עצמות ומהות).

וואס דערנאך אין עבודת האדם דריקט זיך אויס דער גילוי פון עצמות ומהות אין דעם וואס א איד איז מקיים

- מצווה -

---

115) יתרו כ, יט. 116) קידושין מט, ב. וראה לקו"ת דברים א, ב.

מצוות, וואס דורך מצוות, מצוה מלשון צוותא והיבור117. ווערט דער איד פארבונדן מיט עצמות ומהות, ד.ה. אז בשעה א איד איז מקיים א מצוה איז דעמולט דא ער מיט דער מצוה מיט עצמות ומהות.

און בכדי אז א איד זאל מקיים זיין מצוות - דארף זיין דער "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ", און "את השמים לרבות תולדותיהם ואת הארץ לרבות תולדותי'"118.

כא. די צוויי ביאורים הנ"ל, דער ביאור אז די מעלה איז אין "החודש הזה לכם", און "בראשית ברא אלקים", איז נאר א הקדמה צו "החודש הזה לכם", און דער ביאור אז די מעלה איז אין "בראשית ברא", וואס איז העכער פאר "החודש הזה לכם" - זיינען תלוי אין וועלכן זמן מ'רעדט:

ווען עס קומט דער זמן פון חודש ניסן, און פ' החודש, וואס דעמולט לייענט מען "החודש הזה לכם" - איז מען מדגיש די מעלה פון "החודש הזה לכם", און אז "בראשית ברא" איז נאר א הקדמה לזה;

משא"כ ווען עס קומט דער זמן ווען מ'לייענט פ' בראשית, און בכללות דער זמן פאר מ"ת - איז מען מדגיש די מעלה פון "בראשית ברא", וואס דאס איז די מעלה פון "כח מעשיו הגיד לעמו", ווי אידן זיינען העכער פאר דעם גאנצן ענין פון "החודש הזה לכם".

און אע"פ וואס פ' בראשית, און בכללות דער זמן פאר מ"ת, איז ניט פארבונדן מיט תורה - ווערט אבער דאס גופא נתגלה דורך תורה, בדוגמא ווי גערעדט פריער (ס"א) בנוגע צו תשובה און תורה.

כב. ע"פ המבואר לעיל אז "כח מעשיו הגיד לעמו" איז העכער פאר דעם גאנצן ענין פון "החודש הזה לכם", ווארום דאס איז דער פארבונד פון אידן מיט עצמות ומהות, ועד"ז איז בכללות אין דעם זמן פאר מ"ת נאך איידער תומ"צ זיינען געגעבן געווארן - וועט מען פארשטיין דעם מדרש הנ"ל (סי"ד) פארוואס מ'הויבט אן לערנען מיט תינוקות פ' ויקרא, "שהתינוקות טהורין והקרבנות טהורין יבואו טהורין ויתעסקו בטהורים":

קטנים זיינען בדוגמא ווי לפני מ"ת, וואס אזוי ווי פאר מ"ת איז דא די מעלה ווי מ'איז פארבונדן מיט עצמות

- ומהות -

------------

117) לקו"ת בחוקותי מה, ג. ובכ"מ. 118) פרש"י עה"פ בראשית א, יד.

ומהות וואס איז העכער פאר אלע ענינים פון "החודש הזה לכם", וואס דאס איז בכללות דער ענין פון תומ"צ - עד"ז זיינען קטנים "טהורין", העכער פאר טומאה און טהרה (כדלקמן סכ"ד).

ועד"ז דאס וואס קרבנות זיינען "טהורין", אע"פ וואס קרבנות האבן לכאורה קיין שייכות ניט מיט טהרה, ווי געפרעגט פריער (סי"ד) - איז דאס אויך פארבונדן מיט קרבנות ווי זיי זיינען פאר מ"ת און דערפאר הייסן זיי "טהורין". והביאור בזה:

דער איינציקער ארט אין הושב"כ וואו מ'געפינט אז קרבנות זאלן זיין פארבונדן מיט דעם ענין הטהרה, איז - אין דעם זמן פון "כח מעשיו הגיד לעמו", פאר מ"ה, אין ההחלת ספר בראשית - אין פ' נח:

נאך דעם מבול שטייט[119] "ויבן נח מזבח לה' ויקח מכל הבהמה הטהורה ומכל העוף הטהור ויעל עולות במזבח", וואס דערפאר ווען נח איז ארייין אין היבה האט אים דער אויבערשטער אנגעזאגט[120] אז "מכל הבהמה הטהורה הקח לך שבעה שבעה"[121] (משא"כ "מן הבהמה אשר לא טהורה היא" נאר "שנים").

וואס וויבאלד אז דא ווערט דערמאנט נאר דער ענין הטהרה און ניט דער ענין התמימות און זכרות וואס זיינען פארבונדן מיט קרבנות - איז פארשטאנדיק, אז פאר מ"ת איז ניט געווען נוגע דער ענין פון תמימות און זכרות אין א קרבן, נאר ס'איז נוגע מערניט ווי דער ענין הטהרה,

ביז אז נח האט מקריב געווען פון אלע בהמות טהורות און אלע עופות טהורים.

משא"כ נאך מ"ת איז נתחדש געווארן דער ענין אז א קרבן דארף זיין א תמים און א זכר (און ניט פארבונדן מיט דעם ענין הטהרה), און אויך די הגבלה אז מ'קען מקריב זיין נאר "מן הבהמה מן הבקר ומן הצאן"[122], און פון עוף - "מן התורים או מן בני היונה"[123].

וואס אע"פ אז פאר מ"ה איז אויך ניט געווען דער גאנצער ענין פון טומאה וטהרה[124] - זעט מען אבער אז די קרבנות וואס נח האט געבראכט ווערן אנגערופן (נאר) בשם טהורות, וואס דאס איז ע"ש זה וואס "העתידה להיות טהורה לישראל"[125] (נאך מ"ת), משא"כ בנוגע צו אנדערע ענינים וואס

- ווערן -

---

119) נח ח, כ. 120) שם ז, ב. 121) פרש"י עה"פ שם. וראה גם ב"ר פכ"ו, א. פל"ד, ט. פרש"י עה"פ שם ח, כ. 122) פרשתנו א, ב. 123) שם, יד. 124) ראה לקו"ש שלח תשל"ו הע' 33, 35. 125) פרש"י עה"פ נח ז, ב.

הנחה בלתי מוגה

וועלן זיין נאך מ"ת אין א קרבן (המימות און זכרות) וועדט דארט ניט דערמאנט,

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז פאר מ"ת איז טאקע דער עניין פון טומאה וטהרה בכלל ניט געווען, אבער בנוגע צו די קרבנות פון נח'ן איז געווען נוגע צו האבן "מכל הבהמה הטהורה" וואס "העתידה להיות טהורה לישראל", משא"כ בהמות ועופות טמאות (ד.ה. וואס וועלן שפעטער זיין טמא) האט נח ניט מקריב געווען.

בא יעקב'ן געפינט מען[126] אז ער האט אויך געשיקט קרבנות פון גמלים און נאך בהמות טמאות - אין פשש"כ זיינען די מתנות וואס יעקב האט געשיקט ניט געווען צוליב קרבנות, אבער ע"פ חסידות איז דאס געווען צוליב קרבנות - ווי עס ווערט נתבאר דער טעם לזה אין די דרושי חסידות[127];

משא"כ אבער בנוגע צו נח זיינען די קרבנות געווען נאר פון בהמות טהורות.

כג. דערמיט איז פארשטאנדיק פארוואס אין מדרש שטייט "והקרבנות טהורין", ווארום דא רעדט מען וועגן קרבנות וואס זיינען פארבונדן מיט לפני מ"ה.

והביאור וואס איז דא נוגע ווי קרבנות זיינען לפני מ"ת - וועט מען פארשטיין דערמיט וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק וואס דער מדרש זאגט אז "התינוקות טהורין": פונקט ווי א גדול וואס איז נוגע אין א דבר טמא ווערט טמא, עד"ז איז א קטן וואס איז נוגע אין א דבר טמא ווערט טמא - איז וואס הייסט אז "התינוקות טהורין"?!

וואס אע"פ אז אין מדרש[128] טייטשט ער אז דער פירוש אין דעם וואס "התינוקות טהורין" איז - אז "אינם יודעים מהו טעם חטא ועון" - איז אבער הא גופא צריך ביאור, פארוואס איז דא נוגע דער עניין הטהרה פון חטא ועון, און ניט טהרה כפשוטו, וואס כנ"ל איז טומאה שייך אויך ביי א קטן?

כד. איז דער ביאור אין דעם:

א קטן איז בדוגמא ווי דער זמן פאר מ"ת, ווארום אזוי ווי אין זמן איז פאר מ"ת געווען איידער אידן האבן באקומען תומ"צ - עד"ז איז א קטן נאך ניט קיין מחוייב אין לימוד התורה און אין קיום המצוות[129] - אע"פ וואס "תורה צוה לנו משה -

---

126) וישלח לב, יד. 127) תו"א וישלח כה, סע"ד ואילך. תו"ח שם נ, ג ואילך. 128) תנחומא שבהע' 93. 129) ראה הל' ת"ת לאדה"ז רפ"א. וש"נ.

משה מורשה קהלת יעקב"[130] איז געזאגט געווארן אויך בנוגע צו קטנים[131].

און ע"ד ווי פאר מ"ת איז ניט געווען שייך דער ענין פון טומאה וטהרה (כנ"ל), ווארום אין אן ארט וואו ס'איז ניטא דער ענין פון קדושה וטהרה, וואס איז געווארן נאך מ"ת, איז אויך ניט שייך צו זאגן דער ענין פון טומאה -

עד"ז איז ביי א קטן (וואס איז בדוגמא ווי פאר מ"ת), אז דערפאר וואס ער האט נאך ניט די קדושה וטהרה וואס תומ"צ טוען אויף - איז ביי אים אויך ניט שייכות דער ענין פון טומאה.

ובדוגמא ווי דאס איז בנוגע צו אוה"ע, אז וויבאלד בא זיי איז ניט שייך דער ענין הטהרה - דערפאר איז בא זיי ניט שייך דער ענין הטומאה[132], און ווי עס שטייט[133] "רק אתכם ידעתי מכל משפחות האדמה על כן אפקוד עליכם את כל עונותיכם", ווי עס ווערט נתבאר אין די רשימות און תשובות פון דעם צ"צ[134].

וואס אע"פ אז מדרבנן איז דא דער ענין הטומאה אויך ביי אוה"ע[135] - איז דאס אבער ניט בדומה צו דעם ענין הטומאה מיט די אלע חומרות ווי דאס איז בא אידן.

ס'איז אבער דא א נפק"מ עיקרית צווישן ווי שלילת ענין הטהרה איז ביי אוה"ע, ביז ווי דאס איז בא קטנים:

אוה"ע זיינען בכלל ניט בגדר טומאה וטהרה; משא"כ בנוגע קטנים וואס זיי זיינען אידן - וועלן זיי דאך שפעטער ווערן גדולים וואס זיינען מחוייב אין תומ"צ, במילא וועט בא זיי אויך זיין שייך דער ענין הטהרה.

כה. וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק די מעלה פון קטנים לגבי גדולים:

אע"פ וואס א קטן וועט זיין שייך צו דעם ענין פון טומאה וטהרה ווען ער וועט ווערן א גדול - איז אבער כל זמן ער איז א קטן האט ער די מעלה פון "הבל שאין בו חטא"[136] (ובלשון המדרש "אינם יודעים מהו טעם חטא ועון"), ד.ה. אז ער איז בעצם א טהור, ער דארף דערצו ניט אנקומען דורך עבודתו.

- משא"כ -

---

130) ברכה לג, ד. 131) ראה סוכה מב, א. הל' ת"ת לאדה"ז שם. 132) נזיר סא, ב. רמב"ם הל' טומאת מת פ"א הי"ג. 133) עמוס ג, ב. 134) אוה"ת נ"ך ע' מד ואילך. כרך ב ע' א'סב. 135) ראה נדה לד, א. רמב"ם שם ריש הי"ד. 136) שבת קיט, סע"ב.

משא"כ גדולים אפילו די וואס זיינען צדיקים גדולים, איז אפילו אויב בא זיי איז אויך דא דער ענין הטהרה - איז דאס אבער געקומען דורך עבודתם.

ביז אז אפילו אביי האט געזאגט צו רב פפא אז זיין הבל קומט ניט צו דעם "הבל תשב"ר" וואס "אין בו חטא".

כו. דערמיט איז פארשטאנדיק דער מדרש "מפני מה מתחילין להינוקות בתו"כ (ויקרא) . . שהתינוקות טהורין והקרבנות טהורין, יבואו טהורין ויתעסקו בטהורים":

וויבאלד אז דוקא קטנים האבן די מעלה פון "הבל שאין בו חטא", ד.ה. אז זיי זיינען בעצם "טהורין", וואס דאס איז בדוגמא ווי דער מעמד ומצב ווי די וועלט איז געווען פאר מ"ת, וואס דעמולט איז געווען די מעלה פון "כח מעשיו הגיד לעמו" - אז מ'שטייט העכער פאר אלע ענינים פון תומ"צ, און העכער פאר דעם ענין פון טומאה וטהרה -

איז דערפאר, בשעת מ'דארף זיך עוסק זיין אין קרבנות, וואס זיי זיינען "טהורים", ווארום זיי זיינען די קרבנות וואס זיינען פארבונדן אויך מיט א מעמד ומצב פון פאר מ"ת, וואס דאס איז דער לימוד פון פ' ויקרא -

איז "יבואו טהורין", די קטנים, "ויתעסקו בטהורים" דורך לערנען וועגן די קרבנות אין פ' ויקרא, וואס דעמולט ווערט דער קטן נאך העכער בטהרתו.

און דורך דעריף ווערט אויפגעטאן דער "וירח ה' את ריח הניחוח גו'"[137], דער בדית וואס דער אויבערשטער האט געמאכט מיט נח'ן - אז עס ווערט דער קיום העולם[138], כולל אויך דער עולם אין דעם זמן לאחרי מ"ת, ביז צו ביאת משיח צדקנו.

כז. ע"פ המבואר לעיל וועט מען אויך פארשטיין פארוואס דער לימוד אנהויבנדיק פון פ' ויקרא איז במיוחד פארבונדן מיט א קטן גלייך בהתחלת הלימוד, ווי דאס איז געווען אין דעם סיפור פון דעם אלטן רבי'ן מיטן צמח צדק:

וויבאלד אז דער טעם פארוואס א קטן הויבט אן לערנען פון פ' ויקרא איז - דערפאר וואס ער איז בדוגמת דעם מעמד ומצב העולם פאר מ"ת - איז פארשטאנדיק, אז א קטן וואס איז בן ה' און בן ו', וואס ביי אים איז שוין דא דער חיוב פון - לימוד -

---

137) נח ח, כא. 138) ראה אוה"ת חשא ע' ב'ז ואילך. ד"ה הנה אנכי כורת ברית תרנ"ד. המשך תער"ב ח"א פרק רא (ע' תד ואילך).

לימוד התורה בהבנה והשגה (וואס דער חיוב איז אדער על אביו, אדער אויך אויף אים אליין[139]), איז מערער פארבונדן מיט מ"ח, וואס דערפאר איז ביי אים ניט אויף אזוי פיל מודגש דער לימוד אין "טהורין" (ויקרא);

משא"כ א קטן וואס איז אינגער פאר ה' שנים, וואס ביי אים איז ניט שייך לימוד התורה בהבנה והשגה - איז פארשטאנדיק אז ער איז מערער בדומה צו דעם מעמד ומצב פאר מ"ח,

דערפאר איז ביי אים מערער מודגש דער ענין פון "טהורין", ובמילא וועט מ'הויבט אים אן מחנך זיין, און מ'פירט אים אריין אין חדר

[וואס אויך ביי א בן ג' איז דא אן ענין פון חינוך און לימוד התורה, ווי דער רמ"א[88] זאגט: "מיד שיהי' בן ג' שנים שליכות מלמדין אותו אותיות התורה כדי שירגיל עצמו לקרוה בתורה",

וואס אין ביאור הגר"א[140] שרייבט ער אויף דעם: "איני מבין שיחתו (וואס דאס איז א מאדנער לשון, אבער עכ"פ אזוי שרייבט דער גר"א) דהא מיד שמתחיל לדבר חייב",

און דערנאך ברענגט ער דעם מקום אויף דערויף אז מ'דארף אנהויבן פון ג' שנים, פון מדרש תנחומא[141] אז דאס וואס שטייט[142] "וערלתם ערלתו את פריו שלש שנים יהי' לכם ערלים", איז "הכתוב מדבר בתינוק שלש שנים יהי' לכם ערלים, שאינו יכול לא להשיח ולא לדבר, ובשנה הרביעית יהי' כל פריו קודש[143], שאביו מקדישו לתורה".

ועד"ז שרייבט דער צ"צ אין פס"ד שלו[144] מיוסד אויף דעם וואס דער רמב"ם[145] שרייבט - אז "מי שלא למדו אביו חייב ללמד את עצמו כשיכיר", ווארום "שמא גם על הקטן יש חיוב (ת"ת) מדאורייתא"] -

איז "יהעסקו בטהורים", מ'הויבט מיט אים אן לערנען חומש ויקרא.

כה. מעין זה איז אויך שייך בא גדולים בשנים:

בכל יום איז די עבודה פון א אידן פריער אין ביהכ"נ, און פון ביהכ"נ גייט ער אין ביהמ"ד[146], און דערנאך גייט ער

- ארויס -

-------------

139) ראה הל' ת"ת לאדה"ז שם. רפ"ב. וש"נ. 140) יו"ד שם סקי"ט. 141) קדושים יד. 142) קדושים יט, כג.
143) שם, כד. 144) חידושים על הרמב"ם בהחלהן (ע' שלט).
145) הל' ת"ת פ"א ה"ג. 146) ברכות בסופה. וראה שו"ע אדה"ז או"ח כקנ"ה ס"א. וש"נ.

ארויס איך וועלט צו טאן די עבודה פון "הנהג בהן מנהג דרך ארץ"[147].

וואס לאחר סיום העבודה פון איין טאג איז ביז ער הויבט אן עבודתו אין דעם נייעם טאג לאח"ז - איז דאס בדוגמא ווי דער זכן פון פאר מ"ת, פאר דעם וואס ער איז מקבל אויף זיך לימוד התורה און קיום המצוות פון דעם נייעם טאג -

קומט דאך אויס אז אויך בא גדולים איז דא דער ענין פון לפני מ"ה בעבודתם, ובמילא איז אויך בא זיי שייך מעין פון דעם ענין פון "יבואו טהורין ויתעסקו בטהורים".

כט. אבער בעיקר איז דאס פארבונדן מיט קטנים, כנ"ל בארוכה, ווארום בא זיי איז שייך דער אמיתית הענין פון "טהורין" וואס איז למעלה פון אלע ענינים פון הומ"צ.

וואס דער טעם אויף דערויף איז פארשטאנדיק פון דעם וואס ער זאגט אין הניא[148] אז "הבן נמשך ממוח האב", וואס דערפאר איז בא דעם אב ניט נוגע אין וועלכע דרגא דער בן האלט, נאר וויבאלד אז ער איז פנימיות ועצמיות האב - איז ער אלעמאל פארבונדן מיטן אב.

ביז אז מ'זאגט אז "כי נער ישראל ואוהבהו"[149] - די אהבה פון דעם אב צו דעם נער איז ניט פארבונדן מיט דעם צי דער נער האלט בא תומ"צ אדער ניט. נאר די אהבה איז דערפאר וואס "נער ישראל"[150].

און דאס איז פארבונדן מיט דעם וואס דוקא בא קטנים איז דא דער ענין פון "הבל שאין בו חטא", און זיי זיינען אין די דרגא פון "טהורין" וואס זיינען זיך מתעסק "בטהורים" מיט לערנען חומש ויקרא,

אנהויבנדיק פון "אדם כי יקריב מכם"[151], ווי דער אלטער רבי טייטשט אפ[152], אז ער איז זיך אליין מקריב צו דעם אויבערשטן.

וואס אין פשוט'ע אותיות פאר קינדער איז דאס - אז דער קינד איז מקריב פון זמנו און מרצו און ממונו [וואס אויך בא קינדער איז שייך דער ענין פון קונה זיין און מקנה זיין] -

---

147) ברכות לה, ב. 148) רפ"ב. 149) הושע יא, א. 150) ראה בארוכה ד"ה כי נער ישראל תרס"ו (המשך תרס"ו ע' תקנ ואילך). 151) פרשתנו א, ב. 152) לקו"ת פרשתנו ד"ה אדם כי יקריב מכם (ב, ב ואילך). וראה גם קונטרס לימוד החסידות ריש ע' 20.

זיין[153] פאר ענינים פון תומ"צ, און אויף ארויסהעלפן א צווייטן אידן וכו'.

ל. דער ענין וואס מ'הויבט אן לערנען מיט קינדער חומש ויקרא, "יבואו טהורין ויתעסקו בטהורים" איז אויך פארבונדן מיט דעם אל"ף זעירא וואס איז דא אין דעם ווארט ויקרא,

ווי דאס איז געווען אין דעם סיפור מיטן צ"צ, אז דער אנהויבן לערנען חומש ויקרא האט ארויסגעבראכט די שאלה פון דעם צ"צ פארוואס איז דער אל"ף פון ויקרא אן אל"ף זעירא:

מ'האט גערעדט פריער (סי"א) אז דער אל"ף זעירא וואס פארבינדט זיך מיט דעם אל"ף רבתי פון אדם אין דברי הימים איז כנגד אלע אידן, ווארום דוקא אידן ווערן אנגערופן על שם אדם הראשון, "אתם קרויין אדם", ביז אז צוליב דעם וואס יעדער איד איז מחוייב צו זאגן "בשבילי נברא העולם" איז נשתנה געווארן בריאת אדם הראשון ("לפיכך נברא אדם יחידי").

וואס אע"פ אז אויך אוה"ע שטאמען פון אדה"ר - איז דאך אבער ידוע וואס עס שטייט אין כתבי האריז"ל[154], ווי גערעדט כמ"פ, אז לולא חטא עה"ד וואלט די גאנצע מציאות פון אוה"ע ניט ארויס פון אדה"ר, ווארום באמיתית הענינים זיינען נאר אידן נקראים על שם אדה"ר, "אתם קרויין אדם".

און וויבאלד אז דער אל"ף פון ויקרא איז אן אל"ף זעירא איז דאס פארבונדן (צווישן אלע אידן) במיוחד מיט קליינע קינדער.

לא. דערפון האט מען די הוראה בפועל:

אזוי ווי מ'שטייט אין די טעג נאך פורים, און אויך אין די טעג פון חודש ניסן, וואס איז במיוחד פארבונדן מיט חג הפסח -

דארף מען זיך ספעציעל משתדל זיין צו מעורר זיין קטנים און קטנות אז זיי זאלן פרעגן פארוואס דער אל"ף פון ויקרא איז אן אל"ף זעירא,

וואס דאס איז אויך כולל די שאלה "מה נשתנה" דער אות פון אלע אנדערע אותיות, ווארום ער ווייסט אז אין תורה זיינען דא אותיות רברבין, אותיות בינונין און אותיות זעירין, און בכללות איז די תורה געשריבן געווארן מיט אותיות בינונין, משא"כ תיבת ויקרא איז געשריבן מיט אן אל"ף זעירא.

- און -

---

153) ראה רמב"ם הל' מכירה פכ"ט ה"ו. טושו"ע חו"מ ר"ס רלה. 154) ל"ה וס' הליקוטים להאריז"ל לתהלים לב.

און די שאלה "מה נשתנה" אז ויקרא איז געשריבן מיט אן אל"ף זעירא - איז אויך כולל די כללות השאלה וואס דער קינד פרעגט בא גדולים:

וויבאלד אז מ׳וויל אז ער זאל לערנען תורה און מקיים זיין מצוות כדבעי, האט מען אים געדארפט באשאפן גלייך א גדול, בדוגמא ווי אדה"ר איז באשאפן געווארן א בן כ׳ שנה[155] - איז פארוואס האט מען אים באשאפן א קטן, "זעירא"?!

און די שאלה פועל׳ט אן התעוררות בא דעם גדול, און ער ענטפערט אים, אז "יבואו טהורין (דוקא) ויתעסקו בטהורים": דער קינד האט אין זיין לימוד התורה און קיום המצוות א מעלה וואס איז ניטא בא די גרעסטע גדולים - אז ביי אים איז א "הבל שאין בו חטא",

און דערפאר זאגט מען אים, אויב ער וועט נאר טאן אין ענינים פון הומ"צ ווי ער שטייט אלס א קטן - וועט ער דער-גרייכן צו א דרגא וואס קיין גדול קען דארטן ניט צוקומען!

וואס דערפאר געפינט מען אז דער בעש"ט האט זיך משתדל געווען בנוגע צו קטנים נאך איידער ער איז נתגלה געווארן צו די גדולים,

ועד"ז האט דער רבי נ"ע געזאגט: "אט אזוי ווי הנחת תפילין בכל יום איז א מצוה דאוריתא . . אזוי איז א חוב גמור אויף יעדן אידן צו טראכטן יעדן טאג א האלבע שעה וועגן דעם חינוך פון קינדער".

ביז אז דורך דעם וואס דער קטן פרעגט די שאלה פון "מה נשתנה" בא די גדולים - פועל׳ט דאס אן עילוי גדול בא די גדולים, ביז עס קומט ביי אים צו א פירוש עמוק יותר און א חידוש אין "עבדים היינו", און דערנאך - אין דער גאנצער הגדה, און אין דעם גאנצן סדר, ביז אין דעם גאנצן פסח, ביז אין דעם "לשנה הבאה בירושלים".

מען דארף אבער ניטווארטן ב׳יז חג הפסח שנה זו - ווארום וויבאלד אז "בניסן נגאלו בניסן עתידין ליגאל"[156], וועט דער "לשנה הבאה בירושלים" גלייך בהתחלת חודש ניסן זה,

און במילא[157] פראוועט מען דעמולט חג הפסח תש"מ אין דעם ביהמ"ק השלישי, און מ׳איז דארטן מקריב דעם קרבן פסח כפשוטו,

למטה מעשרה טפחים ובעגלא דידן.

* * *

- לב. -

---

155) ב"ר פי"ד, ז. 156) ר"ה יא, רע"א. 157) ראה גם סה"ש תש"ה ע׳ 83.

לב. מאמר (בעין שיחה) ד"ה ויקרא אל משה וגו׳.

* * *

לג. ס׳איז דאך רגיל צו אפלערנען א פירוש רש"י פון פרשת השבוע, און אויך אן ענין אין די הערות אויפן זהר פון פרשה זו.

אין דער פרשה וואס רעדט זיך וועגן דעם פר העלם דבר, שטעלט זיך רש"י אויפן פסוק "ואת כל חלבו ירים ממנו" (אין קאפיטל ד פסוק יט) און זאגט: "ואע"פ שלא פירש כאן יותרת ושתי כליות למדין הם מועשה לפר כאשר עשה וגו׳ [וואס שטייט אין דעם פסוק שלאח"ז[158]], ומפני מה לא נתפרשו בו, תנא דבי ר׳ ישמעאל משל למלך שזעם על אוהבו ומיעט בסרחונו מפני חיבתו".

דארף מען פארשטיין:

א) צוליב וואס דארף רש"י בכלל מפרש זיין פירושו ("ואע"פ שלא פירש כאן כו׳") - עס שטייט דאך בפירוש אין דעם פסוק לאח"ז אז "ועשה לפר כאשר עשה לפר החטאה וגו׳"?

און ווי מ׳געפינט עד"ז בכ"מ אז דער פסוק הזר׳ט ניט איבער א זאך צוויי מאל, נאר דער פסוק זאגט אז כ׳זאל טאן ווי עס שטייט פריער - און רש"י שטעלט זיך בכלל ניט אויף דעם, ווארום דער פסוק אליין באווארענט דאס.

ב) דער דיוק הידוע - פארוואס זאגט רש"י זיין פירוש בשם אומרו, "תנא דבי ר׳ ישמעאל", וואס דאס טוט רש"י נאר במיעוט המקומות, איז דערפון פארשטאנדיק אז אין דערויף איז דא א דיוק?

ג) וואס איז דער דיוק אז דאס איז "משל למלך שזעם על אוהבו" - אפילו אויב דאס איז ניט קיין מלך, נאר סתם א מענטש "שזעם על אוהבו", איז דאך אויך שייך דער משל אז "מיעט בסרחונו מפני חיבתו", ווארום ס׳איז דאך "כמים הפנים לפנים כן לב האדם לאדם"[159]?

אויב דער משל וואלט געווען בנוגע צו א מלך "שזעם על שרו" - איז פארשטאנדיק פארוואס עס שטייט מלך - וויבאלד אבער אז עס שטייט "שזעם על אוהבו" סתם איז דאך דאס אויך בא סתם א מענטש, ועד"ז בא א שר - לאו דוקא ביי א מלך.

לד. דאס זיינען שאלות אין פרש"י על אתר, וואס די שאלות ווערן נאך שטארקער עפ"ז וואס רש"י זאגט פריער:

אין דעם זעלבן קאפיטל פסוק יז שטעלט זיך רש"י אויף

- דעם -

------------

158) ד, כ. 159) משלי כז, יט.

דעם וואס דא בא דעם פר העלם דבר שטייט "את פני הפרוכת" און פריער[160] בא דעם פר כהן משיח שטייט "את פני פרוכת הקודש", און איז מפרש:

"משל למלך שסרחה עליו מדינה, אם מיעוטה סרחו פמליא שלו מתקיימת, ואם כולם סרחו אין פמליא שלו מתקיימת, אף כאן כשחטא כהן משיח עדיין שם קדושת המקום על המקדש, משחטאו כולם ח"ו נסתלקה הקדושה".

וואס דא איז פארשטאנדיק פארוואס ער זאגט "משל <u>למלך</u>", ווארום דא רעדט זיך אז "סרחה עליו <u>מדינה</u>", וואס א מדינה איז נאר שייך ביי א מלך;

אבער אין אונזער רש"י האט לכאורה געקענט שטיין סתם אן אדם, כנ"ל.

מ'קען ניט זאגן אז וויבאלד רש"י זאגט דעם ערשטן מאל "משל למלך", דערפאר זאגט ער אויך אין אונזער פסוק "משל למלך" – ווארום דרכו של רש"י איז צו מפרש זיין א פסוק לפי פשש"מ פון <u>דעם</u> פסוק, און ניט לפי פשש"מ וואס שטייט אין א פריערדיקן פסוק.

אויך:

די צוויי רש"י'ס (אין פסוק יז און אין פסוק כ) נעמען זיך פון דער זעלבער סוגיא אין זבחים[161], וואס דארטן שטייען זיי ביידע בשם "תנא דבי רבי ישמעאל",

און אעפ"כ איז רש"י מעתיק די ווערטער "תנא דבי רבי ישמעאל" נאר אין דעם צווייטן פסוק, וואס דערפון איז נאכמער מודגש דער דיוק אין דעם וואס רש"י ברענגט דעם פירוש בשם אומרו.

וואס אויב רש"י וואלט געשריבן "תנא דבי רבי ישמעאל" נאר אין דעם ערשטן פסוק, וואלט מען געקענט זאגן בדוחק אז אין דעם צווייטן פסוק פארלאזט ער זיך אויף דעם וואס ער האט געשריבן אין דעם ערשטן פסוק;

וויבאלד אבער אז רש"י שרייבט דאס נאר אין דעם צווייטן פסוק, איז פארשטאנדיק אז דאס איז נוגע נאר <u>דא</u>, און ניט פריער.

און מ'געפינט ניט קיינע מפרשי רש"י וואס זאלן זיך שטעלן אויף די אלע דיוקים (עכ"פ – די מפרשים וואס איך האב געזעהן לע"ע).

וכפי שיתבאר לקמן.

- לה. -

------------

160) פרשתנו שם, ו. 161) מא, ב.

לה. בנוגע צו די הערות אויפן זהר פון פרשה זו:

אין זהר בפרשהנו[162] שטייט: "ר' שמעון פתח הנצנים[163] נראו בארץ עת הזמיר הגיע וקול התור נשמע בארצנו", און ער פרעגט: "האי קרא איה בי' לאסתכלא, כיון דכתיב נראו בארץ מהו דכתיב נשמע בארצנו דהא בחד ארץ סגיא"?

און ער פארענטפערט, אז דער פירוש פון "הנצנים נראו בארץ" איז: "הנצנים אילין אינון נטיען דעקרן קוב"ה ושתיל לון באתרא אחרא ואתרביאו כנטיעתא כד אפיק פרחין, נראו בארץ, דהאי ארץ מהברכא מינייהו".

און ווי ער איז דאס מבאר אין די הערות[164], אז "הנצנים" "הוא ו"ק דז"א, דעקרן קוב"ה הוא מה שנשבר ז"א בעולם התהו, ושתיל לון באתרא אחרא, הוא התיקון דז"א בעולם התיקון", ד.ה. בירור הניצוצות דתהו, וואס בפשטוה איז דאס דער ענין פון קיום המצוות,

און דורך דערויף איז "נראו בארץ, דהאי ארץ מהברכא מינייהו", וואס ארץ גייט אויף ספירת המלכות.

משא"כ דאס וואס שטייט ווייטער אין פסוק "עת הזמיר הגיע" גייט (ווי ער איז דערנאך ממשיך אין זהר) אויף "שעתא דאתקם משכנא", און "וקול התור נשמע בארצנו, דא ארץ דלתתא דאחסנו ישראל על ידא דיהושע".

ד.ה. אז דער ערשטער "ארץ" וואס שטייט אין פסוק ("הנצנים נראו בארץ") גייט אויף דער ארץ וואס איז ספירת המלכות, און "נשמע בארצנו", גייט אויף "ארץ דלתתא", ד.ה. ארץ ישראל כפשוטה.

וואס דער טאטע איז דארטן מבאר די דריי לשונות וואס ברענגען זיך אין זהר בנוגע צו "הנצנים נראו בארץ" - "ארץ קדישא ארץ עילאה ארץ ודאי";

ער איז אבער ניט מבאר וואס איז די כללות השייכות פון דעם ענין פון "הנצנים נראו בארץ", דער ענין פון קיום המצוות (ובלשון פון די הערה אין אותיות הקבלה "דעקרן" פון דער שבירה אין עולם התהו "ושתלן" אין עולם התיקון), מיט דעם וואס שטייט ווייטער אין פסוק "עת הזמיר הגיע", וואס דאס גייט אויפן משכן, און "וקול התור נשמע בארצנו" וואס גייט אויף כיבוש יהושע בשעת אידן זיינען אריין אין ארץ ישראל.

וכפי שיתבאר לקמן.

- לו. -

---

162) זה"ג ד, ב. 163) שה"ש ב, יב. 164) לקוטי לוי"צ לזה"ג ס"ע קסט ואילך.

לו. פון דעם זהר האט מען אויך א רמז בנוגע צו דער השתדלות וואס דארף זיין אין די פעולות מיט די קינדער אין וועלכע מ'קאכט זיך:

דער ענין פון "הנצנים נראו בארץ" בפשטות איז - אז עס ווערט א נייע זאך וואס וואקסט,

וואס בפשטות איז דאס דער ענין פון קינדער.

און ברוחניות איז דאס דער ענין פון תומ"צ, ווי רש"י זאגט אין פ' נח בתחלתו אויף "אלה תולדות נח", אז "עיקר תולדותיהם של צדיקים מעשים טובים", וואס וויבאלד אז רש"י זאגט דאס אין חומש איז פארשטאנדיק אז דאס איז פשש"מ וואס איז שייך אויך צו א בן חמש למקרא.

דאס איז אבער ניט שולל דעם פירוש הפשוט פון "אלה תולדות נח", וואס דאס איז בפשטות די קינדער פון נח - שם, חם ויפת.

וואס וויבאלד אז מ'האט א רמז צו דעם ענין פון חינוך מיט קינדער אין תומ"צ אויך פון דעם זהר בפרשתנו (בנוסף צו דער רמז וואס איז דא אין פרשתנו, פ' ויקרא, ווי גערעדט פריער),

ביז אז ס'איז "ר' שמעון פתח הנצנים נראו בארץ", וואס דאס איז בדוגמא צו "פתח ר' שמעון", ווי עס ווערט נתבאר אין דעם דרוש פון תרע"ח[165] בנוגע צו "פתח ר' שמעון" וכיו"ב, אז ר' שמעון האט אויפגעעפענט א נייעם דרך. וואס עד"ז איז בענינינו אז "ר' שמעון פתח" א דרך חדשה אין "הנצנים נראו בארץ", אין מחנך זיין קינדער -

איז דאס דער ארט צו נאכאמאל דערמאנען, און מזרז זיין און מעודד זיין צו אויפטאן מיט די "נצנים נראו בארץ", מיט די אייגענע קינדער בפשטות,

און אויב מאיזה סיבה שונה ומשונה זיינען דא עלטערן וואס זיינען נאך ניט שייך צו מחנך זיין זייערע קינדער באופן כדבעי - דארף זיין דער "ואהבת לרעך כמוך"[166], און מ'דארף זיך משתדל זיין אויך מיט זיי, און מיט זייערע קינדער,

וואס אויך דאס איז נכלל אין חינוך פון בנים ובנות, כמארז"ל[167] "ושננתם לבניך - אלו התלמידים".

- און -

------------

165) ד"ה כי כאשר השמים החדשים (סה"מ תרע"ח ע' רפג).
166) קדושים יט, יח. 167) ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן ו, ז. רמב"ם הל' ת"ת פ"א ה"ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"א ס"ח.

און בעיקר ליגט די פליכט פון מחנך זיין די קינדער - אויף די מהנכים און מחנכות, און מורים און מורות,

און בכדי אז זיי זאלן וויסן בדיוק וואס און אין וואס פאר אן אופן מ'דארף טאן - ליגט די אחריות אויף די רבנים, און אויף דעם מרא דאתרא צו זיי אנזאגן ווי מ'דארף זיך פירן.

לז. בנוסף צו דעם רמז צו טאן מיט קינדער וואס איז דא אין פרשתנו, און אין זהר פון פרשהנו - העלפט דער אויבערשטער אז אויך אין דער הפטורה פון פרשהנו איז דא א רמז צו טאן מיט קינדער:

די הפטורה פון פרשהנו איז א חלק פון נבואת ישעי', וואו ער רעדט וועגן דעם מעמד ומצב אין גלות, און ווי עס וועט זיין דערנאך אין דער גאולה,

וואס ישעי' איז מלשון ישועה, ווארום ער איז מבשר די גאולה, ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר זאגט אין דער שיחה הידועה[168].

וואס פריער[169] איז ישעי' מנחם אידן, "נחמו נחמו עמי", און דערנאך קומט מען צו דער הפטורה פון פרשהנו[170], וואו ישעי' זאגט "אל הירא עבדי יעקב",

וואס דאס באווייזט גלייך אז מ'געפינט זיך אין זמן הגלות (ווארום אין א זמן פון גאולה איז דאך ניט שייך צו זאגן "אל תירא עבדי יעקב"), און אעפ"כ זאגט ישעי' (וואס ער ברענגט ישועה און גאולה צו אידן) אז "אל תירא עבדי יעקב", ווארום "אצוק רוחי על זרעך וברכתי על צאצאיך"[171],

וואס "זרעך" און "צאצאיך" גייט בפשטות אויף קינדער, ד.ה. אז וויבאלד "אצוק רוחי" און "ברכתי" אויף די קינדער, דערפאר האבן אידן ניט וואס צו מורא האבן פאר דעם גלות.

לח. דערנאך איז ער ממשיך אין דער הפטורה[172]: "זה יאמר לה' אני וזה יקרא בשם יעקב וזה יכתוב ידו לה' ובשם ישראל יכנה".

וואס דאס קלאפט אפ און דערמאנט גלייך אויף די לשונות אין דעם מכתב פון כ"ק מו"ח אדמו"ר לחגיגת י"ב תמוז הראשונה[173], וואס ער שרייבט דארטן: "לא אותי בלבד גאל הקב"ה בי"ב תמוז, כי אם גם את כל מחבבי תורתנו הק', שומרי מצוה, וגם את אשר בשם ישראל יכונה".

- וואס -

---

168) י"ג תמוז תש"ג (סה"ש תש"ג ריש ע' 140). וראה פרש"י ומצו"ד עה"פ ישעי' מט, א. אוה"ת נ"ך כרך ב ריש ע' א'נט. אגה"ק ס"ג. 169) ישעי' מ, א. 170) שם מד, ב. 171) שם, ג. 172) שם, ה. 173) נדפס בסה"מ הרפ"ח ע' קמו ואילך. הש"ה ע' 263 ואילך.

וואס די פיר סוגים זיינען בדוגמא צו די פיר לשונות אין דער הפטורה:

"זה יאמר לה' <u>אני</u>", איז ע"ד דער ענין פון "לא <u>אותי</u> בלבד כו'".

"זה יקרא בשם יעקב" באווייזט שוין אויף א דרגא וואס איז ניט ווי "זה יאמר לה' אני", וואס דאס איז ע"ד "כל מחבבי תורתנו הק'", וואס דאס באווייזט אויך אויף א דרגא וואס איז ניט "אותי בלבד", ווארום "אותי בלבד" איז תורה אליין[174], און "מחבבי תורתנו הק'" זיינען מחבב די תורה, ד.ה. אז זיי אליין זיינען ניט תורה,

אבער לאידך זיינען זיי "<u>מחבבי</u> תורתנו הק'", וואס דאס באווייזט אז בא זיי איז דא ניט נאר די תורה אליין, נאר די תורה אין אן אופן פון חביבות.

וואס דאס קען זיך אויסדריקן אויף צוויי אופנים: אז ער איז אויך פון די "תמכין דאורייתא"[175], וואס דאס איז נאך העכער ווי תורה אליין[176]; אדער אז ער לערנט תורה בערער וויפל ער איז מחוייב לערנען.

"זה יכתוב ידו לה'" איז ע"ד ווי "שומרי מצוה", דער ענין היד;

און "וזה יקרא בשם ישראל יכנה" איז ע"ד ווי "את אשר בשם ישראל יכונה".

לט. און די הקדמה צו די אלע ענינים איז - דער "אצוק רוחי על זרעך וברכתי על צאצאיך".

וואס דאס מיינט בפשטות, אז דורך קינדער כפשוטו, סיי אינגעלעך און סיי מיידעלעך, ווערן אויפגעטאן אלע ענינים,

ביז אז אויך לע"ל וועט זיין דער "אצוק רוחי על זרעך וברכתי על צאצאיך", וואס דאס איז ע"ד ווי ער זאגט אין נבואת יואל[177] "אשפוך רוחי על כל בשר ונבאו בניכם ובנותיכם גו'".

וואס וויבאלד אז אלע ענינים פון לע"ל זיינען תלוי במעשינו ועבודתנו כל זמן משך הגלות[178], און דורך דער אתעדל"ת ווערט די אתעדל"ע לע"ל,

ובפרט אז מ'האלט שוין אין ערב שבת לאחר חצות פון

- "שיתא -

---

174) ראה שמו"ר פל"ג, א. שם, ו. ויק"ר פ"ל, יג. תניא פמ"ז. ועוד. 175) ראה משלי ג, יח. אגה"ק סוף ס"ה. 176) ראה זח"ג נג, ב. 177) ג, א. 178) תניא רפל"ז.

"שיהא אלפי שני דהוה עלמא"[179], וואס בע"ש איז דער דין[180] אז מ'דארף טועם זיין "מכל תבשיל ותבשיל" פון יום השבת -

דערפאר איז שוין אויך איצטער דא מעין פון דעם "אצוק רוחי על זרעך וברכתי על צאצאיך", ווי עס שטייט אין זהר[181] אז "כד יהא קריב ליומי משיחא אפילו רביי דעלמא זמינין לאשכחא טמירין דחכמתא", און עס איז דא דער ענין פון הפצת המעיינות אויך בא קינדער בזמן הזה, ביז אז "נבקעו כל מעינות תהום רבה"[182], און עס איז דא דער מבול און "מים רבים" פון "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים"[183] אויך בא קינדער.

מ. וואס דערפאר איז נוסף צו די השתדלות וואס דארף זיין בכלל מיט קינדער, דארף מען אויך צוגרייטן די קינדער, נאך אין זמן הגלות, אויף מקבל זיין נאך איצטער די אלע ענינים, און אז זיי זאלן זיין גרייט אויך צו מקבל זיין דעם "אצוק רוחי על זרעך וברכתי על צאצאיך" וואס וועט זיין לע"ל.

וואס דאס טוט מען אויף דורך דעם וואס מ'איז מחנך די קינדער מיט א חינוך כדבעי,

און ווי דער אלטער רבי איז מאריך אין שו"ע שלו אין הלכות שבת[184], ביז ווי ער זאגט דארטן[185] אז "כל דבר שהוא משום חינוך מצוה מותר לספות לו איסור בידים",

ווי ער ברענגט דארטן די דוגמא פון קרבן פסח: "כגון להאכיל פסח לקטן שהגיע לחינוך, אע"פ שלא נמנה עליו ואין הפסח נאכל אלא למנוייו[186], אעפ"כ כיון שמתכיון לחנכו במצוות מותר".

[ווי געועדט אמאל בארוכה דעם דבר פלא בזה:

דעם אלטן רבי'נס שו"ע איז געבויט אויפן שו"ע פון ב"י, וואס דער ב"י ברענגט ניט קיינע דינים וואס זיינען ניט נוגע בזמן הזה - איז פארוואס ברענגט דער אלטער רבי די דוגמא פון קרבן פסח וואס איז ניטא בזמן הזה?

און מ'האט דעמולט געוואלט ענטפערן ע"פ זה וואס עס ווערט דערציילט[187] אז ר' יחיאל מפריש מיט כמה מאות רבנים האבן געוואלט עולה זיין צו ירושלים צו מקריב זיין דעם קרבן פסח.

- וואס -

---

179) ראה לקו"ש חט"ו ע' 282. 180) מג"א או"ח סר"נ סוסק"א. שו"ע אדה"ז שם ס"ח. 181) ח"א קיח, א. 182) נח ז, יא. וראה זהר שם קיז, א. לקו"ש שם ע' 42 ואילך.
183) ישעי' יא, ט. 184) סשמ"ג. 185) ס"ח. 186) זבחים נו, ב במשנה. 187) כפתור ופרח פ"ו.



הנחה הת' בלתי מוגה

וואס דערפון איז פארשטא
שייך דער ענין פון קרבן פסח,
וויסן דעם מקום המזבח, מיט
די גאנצע שקו"ט בזה אין דעם

און דערפאר איז קיין שא
ברענגט די דוגמא פון קרבן פס

אבער דאס איז א תירוץ
דער אלטער רבי די דוגמא פון

ובפרט אז עס זיינען דא
בכל יו"ט וואס זיינען דא בפ
האט געקענט ברענגען, ולדוגמא
וואס איז א נזיר אדער נדר
אז ער איז אסור בשתיית יין.

און ווי גערעדט אויך א
הלכה - צי דער קטן איז בגדר
זיין מינוי איז מדאורייתא א

מא. פון דעם אלטן רבי'נס ש
הדגשה און דער הכרח פון חינ

און דערפון האט מען די
גאנצן שטורעם אין דעם חינוך
"צאצאיך".

וואס דורך דעם פארזיכער
זיין "אל תירא עבדי יעקב":

אפילו ווען מ'געפינט די
פאר די ענינים פון וועלט,
און ער טענה'ט אז ער דארף ט
ברירה ניטא און קיין זמן ני

פועל'ט אבער דער קטן א
האבות", און דער קטן גיט צו
גדול בעבודתו,

ביז אז דער קטן גרייט
אלע גדולים, צו דער גאולה ה

בזמן הזה איז
יט וואס מ'דארף
וי עס ברענגט זיך
פרח[188].

וואס דער אלטער רבי
דאס איז שייך בזה"ז.

אז דערפאר ברענגט

פון עניני אכו"ש
וואס דער אלטער רבי
מחנך זיין א קינד
קידוש ביין - הגם

דערע פרטים אין דער
ניט, און אויב
וכו'.

אויף וויפל די
בנות דארף זיין.

, צו טאן מיטן
, פון "זרעך" און

ביא אז עס וועט

, און מ'האט מורא
המעט מכל העמים"[191],
ה, און ס'איז קיין
אנדערע ענינים -

יך "לא יישנו
א שטורעם אין דעם

, און דעם גדול און
ימה, וואס דעמולט

- וועט -

---

188) שם. וראה גם שו"ת ה
רמב"ם רפי"א מהל' נדרים. הל
סרל"ג. 190) שיחת ש"פ צו (
ואילך) וש"פ שמיני (ס"מ ואי
ג', ר"ח ניסן ש.ז. הע' 18.

ל"ו. 189) ראה
ב הי"ג. שו"ע יו"ד
, אחש"פ (סנ"ו
. וראה גם שיחת יום
ז, ד.

הנחת הת' בלתי מוגה

וועט זיין דער "ירחיב ה׳ אלקיך את גבולך"[192].

ובפרט אז מ׳שטייט אין חודש ניסן, דער חודש פון יצי"מ, וואס דעמולט זיינען אלע אידן געווארן "כקטן שנולד דמי"[193], ובפרט לויט דעם וואס ער זאגט אין יחזקאל[194] אז ווען אידן זיינען ארויס פון מצרים זיינען זיי דעמולט געבארן געווארן אלס אידישער פאלק.

וואס דאס איז נאכמער מדגיש דער שטורעם וואס דארף איצטער זיין מיט קטנים און קטנות כפשוטס.

ובפרט אז מ׳האט אויך די הדגשה בזה אין פרשתנו, פ׳ ויקרא, און אין דער הפטורה, און אין זהר פון פרשתנו, כנ"ל.

און וויבאלד אז מ׳שטייט שוין נאך שבת מבה"ח ניסן, און נאך ר"ח ניסן (וואס ר"ח ניסן איז אין זיך כולל כל ימי החודש, כולל יום הט"ו (חגה"פ), וואס "קיימא סיהרא באשלמותא"[195]).

האט מען די הוראה פון ר"ח ניסן, וואס דעמולט האבן אידן אנגעהויבן אויף זיך צו מקיים זיין די מצוה פון קרבן פסח, און "כיון שקבלו עליהם (מר"ח) מעלה עליהם הכתוב כאילו עשו"[196].

ועד"ז בנוגע צו דעם חינוך פון קינדער: אויב מ׳איז נאר איצטער מתחיל אז מארגן און איבערמארגן וכו׳ וועט מען טאן אין דעם חינוך פון קינדער - רעכנט זיך דאס ווי ער האט שוין געטאן דאס בפועל,

וואס דאס גיט מערער כח אז מ׳זאל דאס טאקע אראפברענגען אין די טעג פאר פסח בפועל ממש, און ווי ארמו"ר נ"ע האט געזאגט[197] אז עס דארף זיין "טאפארא דא פלאחא".

מב. און פון פרשתנו, פ׳ ויקרא קומט מען צו פ׳ צו, וואס מ׳גייט באלד ליינען צו מנחה, וואס דארטן איז אויך מודגש אז מיר געפינען זיך איצטער אין די לעצטע טעג פון גלות ממש:

אויפן פסוק[198] "היא העולה על מוקדה על המזבח כל הלילה עד הבוקר", זאגט דער אוה"ח הקדוש אז אין דעם פסוק איז

- מרומז -

---

192) ראה יב, כ ובספרי עה"פ. שופטים יט, ח ובספרי ופרש"י עה"פ. 193) ראה יבמות כב, א. וש"נ. וראה שם מו, א. כריתות ט, א. 194) קאפיטל טז. 195) ראה זח"א קנ, א. ועוד. 196) מכילתא (הובא בפרש"י) עה"פ בא יב, כח. 197) ראה ספר התולדות אדמו"ר מהר"ש (לכ"ק אדמו"ר שליט"א) ע׳ 96. 198) צו ו, ב.

מרומז אז אין שנת ח"ק לאלף השׁשׁי הויבט זיך אן דער ענין ה"בוקר" בתוך הגלות,

און זינט דעמולט זיינען שוין אדורך כמה קצין, ביז אז מ׳האט שוין א קץ בתוך הקץ.

וואס דאס איז נאכמער מדגיש אז מ׳האלט אט אט בא דער גאולה שלימה.

און דאס איז זיכער ניט געקומען אין אן אופן פון "נהמא דכסופא"[199], נאר אידן האבן אויף דערויף געהארעוועט און געמאטערט זיך אין אלע יארן פון דעם גלות חושך ומר,

און אפילו אויב עס פעלט בא אידן אין עבודה, מצד חוסר הדעת - זיינען אבער אין דערויף ניט שולדיק אידן, ווארום ס׳איז "נורא עלילה על בני אדם"[200], און נאר דער "שעור שבעיסה" איז "מעכב"[201],

ביז אז דער אויבערשטער איז מתחרט בכל יום אויף דעם וואס ער האט באשאפן דעם יצה"ר[202], און וויבאלד אז ער איז מתחרט אויף דעם - איז דאך דער עיקר אז די חרטה זאל אראפ-קומען בפועל,

וואס בגלוי וועט דאס זיין לע"ל, ואדרבה, דעמולט וועט דאס זיין אין אן אופן פון "כפליים לתושי׳", בדוגמא ווי די מעלה וואס איז דא בא בעלי תשובה.

מג. און "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות"[203]: אזוי ווי בא יצי"מ איז געווען "הם הכירוהו תחלה"[204], אז די קינדער, סיי די אינגעלעך און סיי די מיידעלעך, זיינען געווען די ערשטע צו דערקענען דעם אויבערשטן בא קריעת ים סוף -

עד"ז וועט דאס זיין אין דער גאולה העתידה, אז די קינדער, סיי די אינגעלעך און סיי די מיידעלעך, וועלן דערצו האבן א שייכות מערער ווי די גדולים.

און דאס פארענטפערט אויך די וואס האבן טענות און פרעגן שאלות: וואס איז דאס פאר א סדר אז מ׳זאל טאן ניט נאר מיט קטנים נאר אויך מיט קטנות - לכאורה האבן נאר קטנים א שייכות מיט חינוך און תלמוד תורה וכו׳?! מיט די אלע טענות הידועות.

- וואס -

---

199) ראה ירושלמי ערלה פ"א ה"ג. לקו"ת צו ז, ריש ע"ד. 200) תהלים סו, ה. וראה תנחומא וישב ד. תו"ח תולדות יג, א ואילך. 201) ברכות יז, א. 202) סוכה נב, ב. 203) מיכה ז, טו. 204) סוטה יא, ב.

וואס די טענות, אזוי ווי אלע טענות קומען פון העדר הידיעה, וואס ע"פ דין איז א ספק וואס קומט מצד העדר הידיעה קיין ספק ניט[205]:

דער "הם הכירוהו תחלה" איז געווען סיי בנוגע צו קטנים און סיי בנוגע צו קטנות.

ווי ס'איז פארשטאנדיק מהמבואר אין מדרש[206] אז דער טעם אויף דעם וואס ס'איז געווען "הם הכירוהו תחלה" איז געווען:

אזוי ווי פרעה האט גוזר געווען אין מצרים אז מ'זאל ניט האבן קיין קינדער, זיינען די מוטערס געגאנגען אין פעלד צו געבארן די קינדער, און דערנאך האבן זיי געלאזן דארטן די קינדער, סיי די זכרים און סיי די נקבות, איז כל זמן די קינדער זיינען געווען קליינע האבן זיי דאך ניט געקענט גיין אין גושן צו באקומען שפייז - האט זיי דער אויבערשטער געשפייזט אין פעלד, ווי עס שטייט[207] "ויניקהו דבש מסלע ושמן מחלמיש צור גו'", און אויך חלב און אלע שפייזן וואס זיי האבן געדארפט האבן.

וואס בפשטות איז דאס געווען א שפייז גשמי, פשוט דבש און שמן גשמי, ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו חלב וכו' - ווארום ס'איז ניט מוכרח צו זאגן אז דער אויבערשטער האט געמאכט א נס אז זיי זאלן זיין געשפייזט פון רוחניות.

וואס דערפאר האבן זיך די קינדער דארטן אין פעלד באקאנט מיט דעם אויבערשטן, ווארום זיי האבן געזעהן ווי ער איז דער וואס שפייזט זיי -

און במילא ווען מ'איז געקומען צום ים סוף, און דער אויבערשטער האט דארטן געפראוועט דעם נס פון קרי"ס - זיינען די אידן וואס זיינען געבארן געווארן אין מצרים געווען די ערשטע וואס האבן אים דערקענט, "הם הכירוהו תחלה", ווארום זיי זיינען געווען באקאנט מיט אים פון פריער.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק ווי אויך קטנות האבן א שייכות מיט דעם אויבערשטן פונקט אזוי ווי קטנים, ובמילא דארף זיין די השתדלות מיט זיי אזוי ווי דאס איז מיט די קטנים.

מד. וכאמור לעיל אז "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות": אויך אין דעם גלות דארף מען טאן מיט א שטורעם אז עס זאל זיין "הם הכירוהו תחלה", סיי בנוגע צו אינגעלעך און סיי בנוגע צו מיידעלעך.

- ד.ה. -

---

205) ש"ך יו"ד סנ"ה סק"ד. סצ"ח סק"ט. ט"ז שם (סצ"ח) סק"ו. 206) שמו"ר פ"א, יב. וראה גם סוטה שם. 207) האזינו לב, יג.

ד.ה. בפשטות, אז מ׳זאל צוגרייטן די קינדער פאר חג הפסח הבא עלינו, ביז אז זיי זאלן אנפירן מיטן סדר, און מעורר זיין די גדולים צו האבן מערעד חיות און מערער קאך אין אלע ענינים פון דעם סדר, ועד"ז אין גאנץ חג הפסח, און אין אלע תומ"צ.

וואס דודך דעם וועט מען פועל׳ן אז עס זאל שוין זיין די גאולה נאך איידער דעם חג הפסח,

און וויבאלד אז אויך די קטנים וקטנות איז מען כולל אין דעם מינוי פון דעם קרבן פסח[208], ביז אויך קטנים וקטנוה וואס זיינען נאך "בעריסתם", זיי דארפן נאר זיין שייך צו אכילה[209] -

דערפאר אז עס וועט קומען דער חג הפסח, וועלן זיי אויך עסן פון דעם קרבן פסח, "ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים"[210],

בביאת משיח צדקנו, ובקרוב ממש.

* * *

מה. דער ביאור אין פרש"י, ובהקדם נאך א שאלה אין דער רש"י:

דער דרך פון רש"י איז אז ער שטעלט זיך ניט אויף א קשיא וואס וועט ווערן ערשט שפעטער בא דעם בן חמש למקרא[211].

[משא"כ ע"פ דעם דרך הלימוד פון משנה מיט א בן עשר למשנה, און גמרא מיט א בן חמש עשרה לגמרא פרעגט מען א קשיא פון שפעטער, אפילו פאר דעם וואס מ׳האלט בא דעם ענין.

און דער חילוק איז פארשטאנדיק בפשטות:

א בן חמש למקרא וואס האלט נאר בא פשש"מ, לערנט חומש צום ערשטן מאל, ובמילא האט ער נאך ניט געלערנט וואס עס שטייט שפעטער - דערפאר קען רש"י ניט פרעגן א שאלה וואס וועט ערשט ווערן פון א פסוק וואס שטייט שפעטער;

משא"כ א בן עשר שנים למשנה און א בן חמש עשרה לגמרא האט דאך שוין געלערנט גאנץ חומש, ועד"ז גאנץ תנ"ך, ווי דער סדר איז געווען דעמולט, איז ער באקאנט מיט כללות ענין התורה - דערפאר קען מען פרעגן א שאלה וואס וועט ערשט ווערן שפעטער].

אפילו ווען די קשיא וואס וועט ווערן אין א פסוק

- שלאח"ז -

------------

208) ראה פסחים פח, א. ודאה שיחת יום ג׳ הנ"ל ס"ה ובהע׳ 18 שם. 209) דאה סוכה מב, ב. 210) ברכת "אשד גאלנו" בהגש"פ. מפסחים קטז, ב במשנה. 211) ראה לקו"ש ח"י ע׳ 122.

שלאח"ז איז נוגע על אחד, אין דעם פסוק וואס דער בן חמש למקרא לערנט איצטער - איז דער דרך פון רש"י ניט צו דער-מאנען על אחר דעם פסוק שלאח"ז, נאר ער איז מעתיק דעם ד"ה פון דעם פסוק שלאח"ז, און שטעלט דאס פריער אין דעם ארט וואו דאס איז נוגע.

וואס עפ"ז איז ניט פארשטאנדיק אין אונזער רש"י:

די קשיא פארוואס "לא פירש כאן יותרת ושתי כליות" וועט ערשט ווערן אין דעם פסוק שלאח"ז, וואו עס שטייט "ועשה לפר כאשר עשה לפר החטאת גו'" - איז פארוואס שטעלט זיך רש"י דא אויף דער קשיא וואס וועט ווערן אין דעם קומענדיקן פסוק, און ער דערמאנט וואס וועט שטיין אין דעם קומענדיקן פסוק?

מו. והביאור בזה - ובהקדם:

מ'האט דערמאנט פריער (סל"ד) אז מיט צוויי פסוקים פריער האט רש"י געזאגט אז דאס וואס עס שטייט בא דעם קרבן (פר העלם דבר) "את פני הפרוכת", און ניט "את פני פרוכת הקודש", ווי עס שטייט פריער בא דעם פר כהן משיח - איז "משל למלך שסרחה עליו מדינה, אם מיעוטה סרחו פמליא שלו מתקיימת, ואם כולם סרחו אין פמליא שלו מתקיימת, אף כאן כשחטא כהן משיח עדיין שם קדושת המקום על המקדש (און דערפאר שטייט "את פני פרוכת הקודש"), משחטאו כולם ח"ו נסתלקה הקדושה (און דערפאר שטייט נאר "את פני הפרוכת")".

דרך אגב דארף מען פארשטיין אין דעם רש"י:

וואס פאר א שייכות האט דער פרוכת מיט "פמליא שלו" - אז מ'זאגט אז ווען "אין פמליא שלו מתקיימת" (דערפאר וואס "כולם סרחו") שטייט ניט "פרוכת הקודש"?

אויך: וואס פאר א שייכות האט דער פרוכת מיט דעם ענין הקדושה, ביז אז מ'זאגט אז ווען "סרחו כולם" און במילא "נסתלקה השכינה" ווערט דער פרוכת ניט אנגערופן "פרוכת הקודש"?

איז דער ביאור אין דעם:

"פמליא" איז מלשון משפחה, וואס דערפון נעמט זיך אז אויף אידיש ווערט א משפחה אנגערופן "פאמיליע", ועד"ז אויף ענגליש - "פעמעלי".

וואס דער בן חמש למקרא פארשטייט בפשטות אז ווען איז די פאמיליע בשלימות - דוקא ווען עס זיינען דא די כותלי הביה וואס זיינען מפסיק צווישן דער משפחה מיט אנדערע מענטשן,

- אבער -

אבער בשעת עס ווערט בטל דער הפסק און כחיצה - ווערט נתבטל דער ענין פון דער משפחה.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דעם אויבערשטן מיט "פמליא שלו":

דער "בית" פון דעם אויבערשטן איז דער משכן, ווי עס שטייט [212] "ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם", און דארטן גופא - אין קדה"ק, ווי דער בן חמש למקרא פארשטייט בפשטות, ווארום אין קדה"ק איז געווען דער ארון[213], און דער אויבערשטער פלעגט רעדן צו משה'ן "מבין שני הכרובים"[214], און ער ווייסט אז דער כה"ג פלעג דארטן אריינגיין פעם אחת בשנה[215], במילא פארשטייט ער די קדושה פון דעם קדה"ק, וואו די שכינה האט גערוהט.

און בכדי אז דער אויבערשטער מיט "פמליא שלו" זאלן זיין בשלימות - דארף זיין א הפסק צווישן דעם ארט וואו דער אויבערשטער מיט פמליא שלו געפינט זיך אין קדה"ק, מיט שאר המשכן - וואס דאס איז דער ענין פון דעם פרוכת, וואס ער האט מפסיק געווען צווישן קודש מיט קדש הקדשים.

וואס דערפאר איז בשעה "כולם סרחו" און עס ווערט "אין פמליא שלו מתקיימה" - איז דאס פארבונדן דערביט וואס דער פרוכת ווערט אוים קודש, ווארום תפקידו פון דעם פרוכה איז צו מפסיק זיין צווישן דעם אויבערשטן מיט "פמליא שלו" אין קדה"ק מיט קודש.

מז. פון דעם פרש"י ווערט א שאלה בא דעם בן חמש למקרא ווען ער קומט צו אונזער פסוק (פסוק יט):

אין אונזער פסוק שטייט "ואת כל חלבו ירים ממנו והקטיר המזבחה", און עס ווערט ניט דערמאנט "יותרת ושתי הכליות", ווי בא דעם פר כהן משיח, פארשטייט דער בן חמש למקרא, אז אויב דא וואלט מען געדארפט מקריב זיין אויך "יותרת ושתי כליות" וואלט דער פסוק דאס געזאגט בפירוש, פונקט ווי דער פסוק זאגט דאס בפירוש בא פר כהן משיח - ווערט ביי אים א שטארקע שאלה:

רש"י האט אים ערשט געזאגט אז דער קרבן וואס רעדט זיך דא (דער פר העלם דבר) קומט אויף אן ענין וואס איז א סאך הארבער ווי אויף דעם וואס דער פר כהן משיח קומט - ווארום ס'איז געווען "כולם סרחו" וואס דעמולט איז "אין פמליא שלו מתקיימת" -

---

212) תרומה כה, ח. 213) ראה רמב"ן ר"פ הרומה.
214) תרומה שם, כב. נשא ז, פט. 215) תצוה ל, י. אחרי טז, ב ואילך (ובפרש"י שם, ג). ועוד.

מתקיימת", משא"כ בא דעם פר כהן משיח איז געווען "מיעוטה סרחו" וואס דעמולט "פמליא שלו מתקיימת" -

איז כה-דאך אז בא פר כהן משיח דארף מען האבן אויך "יותרת ושתי כליות", איז דאך עאכו"כ אז מ'דארף דאס האבן בא דעם פר העלם דבר, און אעפ"כ געפינט מען ניט אז דער פסוק דא זאל דאס שרייבן?!

דערפאר איז רש"י מפרש אין דעם פסוק אז אין הכי נמי, דא דארף מען אויך האבן "יותרת ושתי כליות", "ואע"פ שלא פירש כאן יותרת ושתי כליות למדין הם מועשה לפר כאשר עשה וגו'".

מח. פרעגט אבער דער בן חמש למקרא:

מילא אויב דא וואלט געדארפט שטיין א סאך ווערטער אין פסוק - איז פארשטאנדיק אז בכדי צו פארשפארן איבער'חזר'ן די אלע ווערטער, זאגט דער פסוק נאר "ועשה לפר כאשר עשה לפר החטאת";

אבער דא רעדט זיך דאך וועגן שרייבן דריי ווערטער "יותרת ושתי הכליות", און אנשטאט שרייבן דאס - האט דער פסוק געשריבן "ועשה לפר כאשר עשה לפר החטאת", וואס דאס זיינען 6 ווערטער, און דערנאך גיט נאך דער פסוק צו נאך דריי ווערטער "כן יעשה לו"?!

דערפאר איז רש"י ממשיך: "ומפני מה לא נתפרשו בו (אע"פ וואס דאס זיינען ווייניקער ווערטער), תנא דבי ר' ישמעאל משל למלך שזעם על אוהבו ומיעט בסרחונו מפני חיבתו".

מט. פרעגט דער בן חמש למקרא:

מילא אויב מ'רעדט וועגן א מענטש "שזעם על אוהבו" איז פארשטאנדיק פארוואס "מיעט בסרחונו מפני חיבתו", ווארום "כמים הפנים לפנים כן לב האדם לאדם" -

אבער דא רעדט מען אז די אידן האבן עובר געווען אויף דעם אויבערשטן'ס רצון - איז ווי קען מען זאגן אז "מיעט בסרחונו מפני חיבהו"?!

דערפאר זאגט רש"י אז דאס איז "משל למלך שזעם על אוהבו": דאס איז ניט ווי איינער וואס האט עובר געווען אויף דעם רצון פון סתם א מענטשן, אדער אפילו אויף דעם רצון פון א שר, נאר דאס איז ווי איינער האט עובר געווען אויף דעם רצון פון דעם מלך, און ניט נאר קעגן דעם ענין האהבה וואס דער מלך האט צו אים, נאר ער האט פשוט מורד געווען במלכות -

און אעפ"כ איז וויבאלד אז ער איז "אוהבו" איז דער

מלך ממעט בסרחונו "מפני חיבתו",

איז עד"ז פארשטאנדיק בנוגע צו דעם אויבערשטן מיט אידן, אז אע"פ וואס דאס איז דער אויבערשטער און ער איז באין ערוך פון די אידן, אבער מצד זיין אהבה צו אידן איז "מיעט בסרחונו";

מ׳דארף נאר האבן א קרבן צו מתקן זיין דעם קישור פון אידן מיטן אויבערשטן, אבער בנוגע צו "סרחונם" איז אין דעם דער אויבערשטער ממעט.

וואס עפ"ז זיינען פארשטאנדיק אלע דיוקים, און ס׳איז אויך פארשטאנדיק פארוואס רש"י דארף מאריך זיין, אע"פ וואס דרכו איז צו שרייבן בקיצור - ווארום דא איז אי אפשר צו ארויסגעבן דעם גאנצן פירוש אָן דער אריכות.

נ. דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר:

ס׳איז ידוע אז אלע גילויים פון לע"ל זיינען תלוי במעשינו ועבודתנו כל זמן משך הגלות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו דעם ביהמ"ק השלישי דלע"ל, וואס ער איז בדוגמא ווי דער משכן, "עת הזמיר הגיע", און די כניסה לארץ ישראל דורך משיח צדקנו, וואס דאס איז בדוגמא ווי די כניסה לארץ ישראל ע"י יהושע, "וקול התור נשמע בארצנו" - אז דיביידע ענינים זיינען תלוי אין דעם קיום המצוות בזמן הגלות, וואס דאס איז דער ענין פון "הנצנים נראו בארץ", דער בירור הניצוצות דההו, כנ"ל (סל"ה).

וע"ד ווי דאס איז אין דעם גלות און אין דער גאולה העתידה וואס וועט דערנאך זיין - עד"ז איז דאס אין אלע גליות, ווי מ׳געפינט אז אין מדרש [216] טייטשט ער דעם פסוק "הנצנים נראו בארץ גו׳" אויף גלות מצרים, וואס "הנצנים" "זה משה ואהרן", ועד"ז אויף דעם גלות בזמן פורים, און "הנצנים" זיינען "מרדכי וחבורתו".

און ע"ד ווי אין דעם איצטיקן גלות איז דורך "הנצנים נראו בארץ", קיום המצוות, איז אין דעם תלוי בנין ביהמ"ק השלישי און די כניסה לארץ ישראל דורך משיח צדקנו - עד"ז איז דאס אויך געווען אין גלות מצרים, אז דורך דער הכנה פון "הנצנים נראו בארץ", קיום המצוות אין ארץ מצרים, איז דאס געווען די הכנה צו הקמת המשכן, "עת הזמיר הגיע", און כניסת ארץ ישראל דורך יהושע, "וקול התור נשמע בארצנו".

- און -

------------

216) שהש"ר פ"ב, יב. שם, יג [ג].

און ווי עס שטייט אין מדרש [217] (געבראכט אין רש"י [218]) אז
ן מצרים "לא הי׳ בידם (פון אידן) מצוות להתעסק בהם כדי
גאלו שנאמר [219] ואת ערום ועריה", און דערפאר האט דער
יבערשטער זיי געגעבן "שתי מצוות דם פסח ודם מילה", און
מולט האבן זיי באקומען דעם זכות צו ארויסגיין פון מצרים,
ן דערנאך - בויען דעם משכן, און אריינגיין אין א"י.

א. איינע פון די מצוות בזמן הגלות הזה אין וועלכע ס׳איז
וי די גאולה העתידה, איז, ווי גערעדט פריער - דאס וואס
ער רבי נ"ע האט געזאגט אז "אט אזוי ווי הנחת תפילין בכל
ם איז א מצוה דאורייתא . אזוי איז א חוב גמור אויף
דן אידן צו טראכטן יעדן טאג א האלבע שעה וועגן דעם
נוך פון קינדער".

וואס דאס איז אויך דער ענין פון "הנצנים נראו בארץ",
י גערעדט פריער (סל"ו) אז "הנצנים נראו בארץ" גייט אויף
ינדער בפשטות.

און דערפון האט מען די הוראה המדוברת לעיל, צו טאן
יט א שטורעם אין מחנך זיין קינדער.

ב. וואס די הוראה איז דא בכל הזמנים;

דערנאך קומט צו, אז עס איז איצטער ארבעים שנה זינט
ק מו"ח אדמו"ר איז געקומען קיין אמעריקא, ניט באופן
ראי לביקור, נאר באופן קבוע,

און ווי ער האט דאן געזאגט [220], אז די כוונה פון זיין
ומען קיין אמעריקא איז - צו באווייזן אז "אמעריקא איז
יט אנדערש",

און ער האט עובד געווען עבודתו אין אמעריקא במשך פון
שר שנים רצופים, און איצטער נאך ארבעים שנה זעט מען אין
ואס איז באשטאנען עבודתו בשעת ער איז אהערצו געקומען.

וואס די מעלה וואס איז דא אין ארבעים שנה לערנט אפ
י גמרא [221] פון דעם פסוק [222] "ולא נתן ה׳ לכם לב לדעת ועינים
ראות ואזנים לשמוע עד היום הזה", וואס דאס איז געווען
אך די ארבעים שנה אין מדבר - אז "לא קאי אינש אדעתי׳
רבי׳ עד ארבעין שנין".

וואס דערפון האט מען די הוראה, אז יעדער איינער דארף

- טאן -

---

217) מכילתא עה"פ בא יב, ו. 218) עה"פ בא שם.
219) יחזקאל טז, ז. 220) ראה סה"ש תש"ג ע׳ 147. ובכ"מ.
קו"ש ח"ו ע׳ 364. ובכ"מ. 221) ע"ז ה, ב. 222) הבוא כט, ג.

טאן אין די אלע ענינים וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר מאנט, ווארום כ'איז שוין "קאי אדעהי' דרבי'".

ביז איצט האט מען געהאט א תירוץ אויף דעם וואס מ'טוט ניט, ווארום מ'איז נאך ניט געווען "קאי אדעתי' דרבי'", אבער איצטער איז דער תירוץ אויך ניטא!

וואס בעצם. איז דער הירוץ אויך קיין תירוץ ניט - ווארום דאס וואס מ'זאגט אז "לא קאי אינש אדעהי' דרבי' עד ארבעין שנין" איז ניט דער פשט אז ביז דער לעצטער רגע פון די "ארבעין שנין" האט ער גאר גארניט פארשטאנען - ווארום דעמולט איז ער בכלל ניט קיין תלמיד פון דעם רב, נאר ער איז ווי אן אבן דומם!

און דאס, טענה'ס יענער, קען מען ניט זאגן: וויבאלד אז כ"ק מו"ח אדמו"ר איז נשיא דורנו - איז וואס הייסט אז ער איז ניט קיין הלמיד זיינער!

נאר דער פירוש אין דעם מארז"ל איז - אז ביז די "ארבעין שנין" איז ער געווען א הלמיד פון דעם רב, און ער האט אים געזעהן און געהערט, און ביי אים געלערנט, און פאר-שטאנען וואס ער לערנט, ווארום עס דארף זיין "זרוק מרה בהלמידים"[223], ס'איז מערניט וואס ביי אים איז נאך ניטא די שלימות פון "דעתי' דרבי'".

וע"ד ווי דאס איז געווען בא משה רבינו, וואס ווען ער האט געזאגט "ולא נתן ה' לכם לב לדעת ועינים לראות ואזנים לשמוע עד היום הזה" - האט ער זיך אין דעם אויך כולל געווען -

אע"פ וואס משה האט דאך געלערנט תורה אלע ארבעים שנה, מיט דער גאנצער שלימות ווי משה רבינו האט געלערנט, און "בין פרשה לפרשה ובין ענין לענין" האט אים דער אויבערשטער געגעבן א ריוח, בכדי אז משה זאל זיך קענען מהבונן זיין אין דעתי' דרבי'[224].

אבער דאס איז נאך ניט געווען דער הכלית השלימות פון "קאי אדעהי' דרבי'", ביז אז ס'איז געקומען נאך די ארבעים שנה (אע"פ אז דער דור המדבר איז געווען א "דור דעה"[225]) - און דערפאר האט משה געזאגט "ולא נתן ה' לכם לב לדעת ועינים לראות ואזנים לשמוע עד היום הזה".

נג. וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ס'איז קיין תירוץ ניט צו זאגן אז מ'האט ביז איצטער ניט געטאן דערפאר וואס "לא

- קאי -

------------

223) כתובות קג, סע"ב. 224) ראה תו"כ ופרש"י ר"פ ויקרא. 225) ראה ויק"ר פ"ט, א. במדב"ר פי"ט, ג.



הנחת הה' בלתי מוגה

קאי אינש אדעתי' דרבי' עד ארבעין שנין" - ווארום אויך פריער האט ער א שייכות צום רב, כנ"ל, ובפרט אז כ"ק מו"ח אדמו"ר האט מגלה געווען דעתו וואס מ'דארף טאן.

איז דאס וואס דו טוסט ניט אין דעם נייעם דרך און נייעם צוגאנג צו טאן מיט קינדער - קענסטו אויף דעם ענטפערן אז דו האלטסט נאך ניט בא "דעתי' דרבי'" וואס ווערט ביי ארבעים שנה;

אבער פארוואס טוסט דו ניט מיט גדולים בשנים, וואס דאס איז ניט קיין חידוש פון תש"מ, נאר מ'שטורעמט שוין וועגן דעם כמה שנים?!

וואס וויבאלד אז ער איז א תלמיד פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, לערנט ער דאך זיכער זיינע שיחות און מאמרים, און ער דארף דאס לערנען בשלימות, וואס "תלמוד גדול" איז דוקא ווען דאס איז "מביא לידי מעשה"[226] -

זאגט מען אים אז ער זאל זיך אריינטראכטן וואס ער האט נעכטן געטאן פאר א צווייטן אידן, אן ערוואקסענעם?

און דערנאך, וויבאלד אז מ'מאנט ביי אים אז די תורה דארף זיין "יקרה היא מפנינים"[227] - זאגט ער אז דאס איז ביי אים טאקע אזוי:

ער האט שיחות און מאמרים און רשימות וביאורים, און ער האט זיי איינגעבונדן, און אוועקגעלייגט אין א גאלדענעם אלמער, און דער אלמער האט א שיינעם שלאס, און צו דעם שלאס האט ער א גילדענעם שליסל וואס ליגט ביי אים אלעמאל אין קעשענע, אבער ארויסנעמען דעם שליסל פון קעשענע און אויפ- עפענען דעם אלמער, און לייען א צווייטן אידן א מאמר א שיחה וכיו"ב - ח"ו, "יקרה היא מפנינים"!

במילא בלייבט דער אלמער פארשפארט אויך פאר אים, אבי ניט אויסלייען א ספר צו א צווייטן, ווארום דורך דעם וועט זיך דער מאמר אויסרייבן - ווי דער דין איז אין שו"ע[228] אז א ספר וואס מ'לייט אויס וועט זיך זיכער צורייבן - איז ווי קען ער אויסלייען א מאמר, ס'איז דאך בזיון התורה!

איי די תורה אליין וויל אז מ'זאל איר אויסרייבן?!

ביז אז דער אויבערשטער זאגט "ודיגלו עלי אהבה"[229] -

- אז -

---

226) ראה קידושין מ, ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד ס"ג.
227) משלי ג, טו. 228) רמ"א או"ח סי"ד ס"ד. שו"ע אדה"ז שם סי"ג. 229) שה"ש ב, ד.

אז "אפילו התינוק ...לג על האזכרה כמה פעמים", ד.ה. אז זיי טאנצן אויף די אזכ...ת פון דעם אויבערשטן, אעפ"כ זאגט דער אויבערשטער "ודיג... עלי אהבה" - "ודילוגו עלי אהבה"[230],

וואס די כוונ... איז טאקע ניט אז די קינדער זאלן טאנצן אויף די אזכרות - ...ר די כוונה איז, אז דורך דערויף וואס זיי וועלן טאנצן א...ף די אזכרות וועלן זיי דערנאך גיין טאנצן צו מקבל זי... פני משיח צדקנו!

נד. כל האמור לע... איז אפילו נאך אידער עס ווערט ארבעים שנה זינט כ"ק מו"... ...דמו"ר איז געקומען קיין אמעריקא;

איז דאך עאכ"... פארשטאנדיק ווי מ'דארף זיך פירן בשעה מ'האלט שוין נאך ...בעים שנה זינט ט' אדר ה'ש"ת,

[וואס מ'שט... איצטער אין חודש ניסן הש"מ, ובמילא איז דאס זיכער אר... שנה זינט דעמולט.

וואס דאס אי... ...ולל די אלע חקירות און פלפולים של הבל ושקר, און אמתלאו... בלשון "אמת לא", ווען די ארבעים שנה ענדיקן זיך - ווי... ...ד אז ט' אדר בשנה ההיא איז געווען אין אדר שני],

וואס דעמולט ...ומט צו די מעלה פון "קאי אינש אדעתי' דרבי'", און מ'האט דעם "לב לדעת ועינים לראות ואזנים לשמוע" -

איז ווייבאלד ...ז ס'איז דא דער "רבי'" און דער "אדעתי' דרבי'" בפועל - ד...פאר זיינען ניטא קיינע הירוצים אויף ניט טאן מיטן גרע... שטורעם אין אלע ענינים וואס מ'מאנט.

און בכדי צ... ...עבן א חיזוק אין טאן די אלע ענינים וואס מ'מאנט - אי... ...וט אז פון צייט צו צייט קלייבט מען זיך צוזאמען צו ...י דערמאנען זכרונות מימי קדם, ווי מ'האט דאס געטאן ט' אדר ...-יאר.

ועד"ז ווי מ'...ועט דאס טאן היינט ביינאכט, מוצאי שבת קודש - ווי מ'האט ...א פריער אויסגערופן נאך עבודת התפלה און נאך די עבודה ...ון קריאת התורה, וואס דאס איז א ביהכ"נ וואס געפינט זיך א... דעם חצר און אין די ד' אמות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, ובכ...א איז דאס זיין רשות היחיד,

וואס דערפאר ...יט דאס נאכמער כח, אז די אלע החלטות וואס מ'וועט אנעב... בא דער מלוה מלכה וועלן זיכער אראפ-קומען לידי מעשה בפועל.

- ובפרט -

------------

230) שהש"ר עה"פ.

ובפרט אז מ'שטייט נאך ב' ניסן, און אין דעם שבת וואס ב' ניסן ווערט נתעלה אין אן אופן פון "ויכולו"[231], וואס דאס איז אן עלי' בתכלית השלימות[232].

וואס ב' ניסן איז דער טאג ווען כ"ק מו"ח אדמו"ר איז געווארן דער ממלא מקום פון זיין פאטער כ"ק אדמו"ר (מוהרש"ב) נ"ע,

און ווי געפעדס כמ"פ (ע"פ נגלה) אז ווען בנו של המלך ווערט דער ממלא מקום פון זיין פאטער -- דארף ער ניט האבן קיין משיחה[233], וואס איינער פון די טעמים אויף דעם איז[234] - וויבאלד אז די משיחה פון אביו המלך גייט איבער אויך אויף אים.

און כ"ק מו"ח אדמו"ר האט אפגעפייערט מיט זיין פאטער בשנת תר"פ אז זיין נשיאות זאל זיין בחסד[235] - איז דאס זיכער געווען בחסד, און דאס איז נמשך געווארן ביז צו היינט, וואס איצטער איז ויהי בששים שנה זינט ער האט אנגענומען די נשיאות אין שנת תר"פ,

און אזוי וועט דאס נמשך ווערן ווייטער, ביז צו ביאת משיח צדקנו, ווארום ער איז נשיא דורנו ביז צו ביאת משיח צדקנו, און אויך דערנאך, ווארום ער איז די נשמה כללית,

ביז ווי עס שטייט[236] "ואנחנו עמך וצאן מרעיתך נודה לך לעולם לדור ודור נספר תהלתך", וואס "לדור ודור", זיינען צוויי דורות, און "נספר תהלתך" איז א דור ג', וואס די ג' דורות גייען אויף די ג' דורות וואס ווערן דערמאנט בא משיח צדקנו[237].

נה. ויה"ר אז כן תהי' לנו בקרוב ממש, דורך דערויף וואס מ'נעמט אן אויף זיך די אלע החלטות, כולל אויך וואס מ'וועט אנעמען בא דער מלוה מלכה דעם מוצאי שבת, ובפרט אז סעודת מלוה מלכה ווערט אנגערופן "סעודתא דדוד מלכא משיחא"[238].

און די החלטות זאלן דערנאך אראפקומען בפועל, וואס דעמולט איז דורך א "מצוה אחת", א מחשבה אחת, א דיבור אחד,

- אדער -

------------

231) ל' הכתוב - בראשית ב, א. 232) ראה אוה"ת בראשית מב, ב ואילך. 233) הוריות יא, ב. 234) ראה צפע"נ להוריות שם. 235) לקו"ש ח"ב ע' 502. 236) תהלים עט, יג. 237) סנהדרין צט, א. 238) סידור האריז"ל (להר"ש מרשקוב) במקומו. פע"ח סוף שער השבת.

אדער א מעשה אחד איז "הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות"[239].

און דאס ברענגט די גאולה האמיתית והשלימה, און מ'גייט מקבל זיין פני משיח צדקנו, "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו"[240], "קהל גדול ישובו הנה"[241], במהרה בימינו ממש.

* * *

נו. די נקודת הביאור אין דעם וואס רש"י איז מעתיק דער שם פון דעם בעל המאמר, "תנא דבי ר' ישמעאל":

וויבאלד אז דער פר העלם דבר קומט אויף דעם וואס "כולם סרחו", וואס דערפאר איז "נסתלקה הקדושה", משא"כ דער פר כהן משיח קומט אויף דעם וואס "מיעוטה סרחו" - איז פארט ניט פארשטאנדיק פארוואס בא דעם פר העלם דבר איז "מיעט בסרחונו מפני חיבתו", און ער חזר'ט ניט איבער "יותרה ושתי כליות", אע"פ וואס ער זאגט דאס בא דעם פר כהן משיח, וואס איז ניט אזא הארבן קרבן?

אויף צו דאס פארענטפערן איז רש"י מעתיק אז "תנא <u>דבי ר' ישמעאל</u> משל למלך שזעם על אוהבו ומיעט בסרחונו מפני חיבתו":

ר' ישמעאל האט געזאגט[242] אויף אידן וואס דארפן אנקומען צו א כפרה - אז "בנ"י אני כפרתן".

ד.ה. אז ר' ישמעאל האט געקוקט אויף א אידן, אז אע"פ וואס ער געפינט זיך אין א מעמד ומצב התהון, ביז אז דער צבע עורו איז ניט ווי עס דארף צו זיין[243] - אבער וויבאלד אז ער איז א איד האט ר' ישמעאל געזאגט "אני כפרתן".

ביז ווי די משנה ברענגט אז "בכה ר' ישמעאל ואמר בנות ישראל נאות הן, אלא שהעניות מנוולתן"[244].

ועפ"ז איז פארשטאנדיק אז תלמידי ר' ישמעאל, "דבי ר' ישמעאל", האבן פון אים מקבל געווען דעם דרך ווי צו פירן זיך, ביז אז זיי ווערן אנגערופן על שמו, "דבי ר' ישמעאל",

- וואס -

---

239) רמב"ם הל' תשובה פ"ג ה"ד. 240) בא י, ט.
241) ירמי' לא, ח. 242) נגעים רפ"ב. 243) שם.
244) נדרים סו, א.

וואס דערפאר איז אויך ווען עס קומט אין אונזער פסוק וואס אלע אידן האבן עובר געווען אויפן חטא, "כולם סרחו", וואס דאס איז א סאך הארבער ווי דער פר כהן משיח - זאגן אבער "דבי ר' ישמעאל", וואס זיי קוקן אויף אידן אין אן אופן פון "אני כפרתן" - "משל למלך שזעם על אוהבו ומיעט בסרחונו מפני חיבתו".

ווארום וויבאלד אז דאס איז א איד און ער איז "אוהבו" פון דעם אויבערשטן, איז יעדער זאך וואס רירט אן דעם איד רירט אן דעם אויבערשטן - איז בשעת דער איד האט עובר געווען אויף רצון ה' רירט דאס אן ניט נאר דעם אידן, נאר דאס רירט אויך אן דעם אויבערשטן.

איז בכדי צו מכפר זיין אויף דעם אידן, אז דער קישור צווישן אים מיטן אויבערשטן זאל זיין בשלימות - דארף ער טאקע ברענגען א קרבן;

אבער בנוגע צו דער "סרחון" פון דעם חטא, וואס דאס איז דער ענין פון ריח, אז דאס קומט אן אויך אין א מקום רחוק, ביז אויך צו גוים - איז וויבאלד אז דאס האט אנגערירט אין דעם אויבערשטן - רעדט ער ניט וועגן דעם אין גאס, וואס אין גאס הערן דאך וועגן דעם אויך גוים - ווארום דעמולט וועט דאך "שמי הגדול" ווערן "מחולל בגוים"[245], וואס דאס איז "לא למענכם כי אם לשם קדשי"[246] - דערפאר איז דער אויבערשטער "מיעט בסרחונו".

און דאס זיינען מגלה דוקא הלמידי ר' ישמעאל, דורך דעם וואס אפילו ווען עס רעדט זיך וועגן א איד וואס האט עובר געווען אויפן רצון העליון, ביז אז "כולם סרחו" - זיינען זיי אבער מלמד זכות אויף דעם אידן, און זיי זאגן אז אין דעם איז געווען שולדיק ניט דער איד נאר דאס איז געווען די שולד פון סנהדרין, וואס סנהדרין האט געמאכט א טעות וכיו"ב,

און די זיינען מסביר אז דאס איז געקומען צוליב דעם וואס "תקפו יצרו", ווי דער רמב"ם[247] זאגט, מיט די אלע פירושים שבזה[248].

וואס דאס איז אלץ בכדי צו באווייזן אז אידן זיינען "אוהבו" פון דעם אויבערשטן, און אפילו ווען זיי דארפן האבן א כפרה איז "אני כפרתן", בדוגמא ווי רשב"י האט געזאגט[249] "יכול אני לפטור את כל העולם כולו מן הדין".

- נז. -

------------

245) יחזקאל לו, כג. 246) שם, כב. 247) הל' גירושין ספ"ב. 248) ראה לקו"ש חט"ו ע' 122 ואילך. 249) סוכה מה, ב.

נז. די הוראה דערפון:

מ'דארף האבן אהבת ישראל צו יעדער-אידן, ביז אין אן אופן פון "ואהבה לרעך כמוך", ווארום יעדער איד איז "נער ישראל ואוהבהו", ער איז "אוהבו" פון דעם אויבערשטן,

וואס דאס איז אן אהבה עצמית, ווי די אהבה פון אן אב צו זיין בן, כמבואר אין חסידות, און דאס איז אויך פאר-שטאנדיק בפשטות צו א בן חמש למקרא ווי ער זעט די אהבה פון זיין פאטער צו אים - אז דאס איז ניט קיין אהבה צוליב די מעלות פון דעם קינד, נאר דאס איז אן אהבה עצמית וואס איז ניט תלוי אין קיין זאך,

און דערפאר איז בא דעם אב קיין נפק"מ ניט ווי דער קינד פירט זיך - אויב ער איז נאר זיין קינד האט ער אים ליב.

און אז מ'האט אזא אהבה צו יעדן אידן, איז ווען ער גייט טאן מיט א צווייטן אידן, טוט ער דאס מיט א גרויסן שטורעם, ווארום ער גייט ניט בכדי צו טאן א טובה דעם זולת, נאר ער ווייסט אז ווי קען ער אליין ארויסגיין פון גלות - איז דאס דוקא ווען ער נעמט ארויס דעם צווייטן פון גלות[250].

און מ'טוט דאס אין אן אופן פון "סאפארו דא פלאחו", וואס דאס איז בפשטות דער ענין פון א קרדום על העץ, אז מ'שניידט אפ עצים בכדי צו מאכן קרשים פאר דעם משכן, און דערנאך שטעלט מען אויף דעם משכן בר"ח ניסן,

און דערנאך ווערט "ויקרא אל משה וידבר ה' אליו מאוהל מועד", און משה פירט אריין אלע אידן אין דעם משכן, ביז אין אוהל מועד (ניט נאך "אל פתח אוהל מועד"), און דארטן הערט מען ווי דער אויבערשטער רעדט פון קדש הקדשים,

און אין אן אופן פון "צו", וואס "אין צו אלא לשון זירוז מיד ולדורות"[251],

ביז צו דער גאולה האמיתית והשלימה, א גאולה אן פסט'לעך, בקרוב ממש למטה מעשרה טפחים, ובעגלא דידן ממש.

צוה להכריז אודות המלוה מלכה של ישיבת תומכי תמימים ליובאוויטש, שתתקיים אי"ה במוצאי שבת קודש זה.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניגון הקפות לאביו רלוי"צ ז"ל.

נתן המזונות והיין (להרש"ג) עבור המלוה מלכה.

- אח"כ -

------------

250) ראה לקו"ש חי"א בתחלתו. 251) תו"כ ופרש"י ר"פ צו.

אח"כ אמר: רי וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן ניעט ניקאווא.

---- * ----

## תיקון טעות

לשיחת ש"פ תצוה, פ' זכור

| ע' | שו"ה | נדפס | וצ"ל: |
|---|---|---|---|
| יד | זאל | קאלטקייט: | קאלטקייט! |
| כה | ואילך | 125) | 124) |
| לח | מפרשי | 17 | 177 |

לשיחת ש"פ תשא, פ' פרה

| ע' | שו"ה | נדפס | וצ"ל: |
|---|---|---|---|
| יד | במדבר | לקו"ה | לקו"ש |
| כ | 114) | פרש"ה | פרש"י |

לשיחת ש"פ ויק"פ, פ' החודש

| ע' | שו"ה | נדפס | וצ"ל: |
|---|---|---|---|
| לב | "הגרגשי | ניט | ניטא |
| לג | בהתחלת העמוד, שתי שורות הראשונות מיותרות | | |

בס"ד. ברכת כ"ק אדמו"ר שליט"א לאנ"ש שיחיו שברכו אותו
- אור לי"א ניסן ה'תש"מ, אחרי תפלת ערביה.

הנחה הת' בלתי מוגה

עס זאל מקויים ווערן בא כל אחד ואחת צוזאמען מיט כל בני משפחתו, בתוככי כלל ישראל, דער כל המברך מתברך[1], בברכתו של הקב"ה, וואס "תוספתו מרובה על העיקר"[2].

און וויבאלד אז די ברכה קומט פון גבוה גבוה - קומט דאס אראפ[3] ביז למטה מטה מעשרה טפחים, בטוב הנראה והנגלה, בכל המצטרך לכל אחד ואחת.

און פון דעם טאג זאל די ברכה נמשך ווערן על כל השנה כולה, ועל כל השנים כולם, איך בני חיי ומזוני רויחי, ובכולם רויחי.

אנהויבנדיק פון די הכנות צו דעם חג הפסח כשר ושמח, און דערנאך אין דעם חג הפסח כשר ושמח.

און די ברכה העיקריה - וויבאלד אז "בניסן נגאלו בניסן עתידין ליגאל"[4] - זאל זיין די גאולה האמיתית והשלימה, בקרוב ממש ובעגלא דידן, ע"י משיח צדקנו.

און עס זאל זיין בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו[5] קהל גדול ישובו הנה[6],

במהרה בימינו ממש, ומתוך שמחה וטוב לבב.

---

1) ראה סוטה לח, ב. ירושלמי הובא בחוד"ה ואברכה - חולין מט, א. 2) ב"ר פס"א, ד. ועוד. 3) ראה לקו"ת שלח לז, א. לח, ב. מז, ב. ובכ"מ. 4) ר"ה יא, רע"א. 5) בא י, ט. 6) ירמי' לא, ח.

בס"ד. שיחת י"א ניסן תש"מ. הנחה בלתי מוגה

א. ס'איז דאך כרגיל, ווי געוויינטלעך, און ווי שוין דערמאנט מערערע ... אז צום
אלעם ערשטן האט מען דאך די הוראה פון תורה, וואס תורה ווערט אנגערופן ... חיים",
אן אנווייזונג אין טאג-טעגליכן לעבן, ווי אזוי א איד זאל זיך פירן, ... איז
אנווייזונג אין אלע פרטים ופרטי פרטים,

ווי געדעדט מערערע מאל אז תורה ווערט אנגערופן "היא חיינו",

וואס דאס איז דאך דער אונטערשייד פון להבדיל פון אנדערע פעלקער ... צו זייער
אמונה איז זי פארבונדן מיט באזונדערע פאסירונגען פון לעבן, און עס קען ... גיין
רגעים, אדער שעות, אדער נאך לייגנגערע צייטן וואס דאס איז ניט פארבונדן ... ספיצעלע
אנווייזונג אז מ'דארף זיך פירן דוקא באופן מיוחד, באופן מסויים;

בשעת מ'זאגט אז דאס ווערט אנגערופן "חיינו", אז דאס איז אונזער ... איז דאך
ניט שייך זאגן ביי א לעבעדיקע זאך אז דעס איז מערניט ווי באשטימטע צ... יאר,
און ס'איז דא אין דערויף א הפסק ח"ו און דערנאך הויבט זיך אן מחדש —

נאר א דבר חי, איז חיים אין אן ענין וואס איז נמשך, דאס ווערט ... צט,
אן קיין הפסק, אן קיין איבעררייסונג ח"ו,

און דוקא אין אזא אופן איז דאס לעבן הראויים לשמם.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק (ווילבאלד אז מ'זאגט אז דאס איז ... "),
אז ס'איז ניטא קיין איין פאסירונג, קיין איין ענין, צי דאס איז במעשה ... בדיבור
אדער במחשבה, פון א אידן וואס זאל ניט זיין פארבונדן מיט דער תורה, א... תורה
איז דאך אנגערופן "הוראה" (ראה זח"ג פג, ב) - ער זאל ניט האבן אין דע... אנווייזונג
פון תורה, אע"פ וואס די אנווייזונג קען זיין אין דריי אופנים: אדער א... גיט די
אנווייזונג "קום ועשה", (ראה עירובין ק, סע"א.) אז דו דארפסט אויסנוצ... עם רגע
אויף א באשטימטן אופן, אין "חיוב"; אין טאן א זאך, אדער אין דעם קצה ה... דו דארפסט
אויסנוצן דעם רגע אויף ניט טאן קיין זאך וואס ס'איז דא אין דער רגע, ... דאס
איז אפגעגעבן געווארן לרשותך; דאס איז דבר הרשות, וואס אין דערויף קענסט ... יסקלייבן
דעם וועג, טאן באופן כך אדער באופן כך.

וואס דאס איז דאך בכללות די דריי ענינים וואס תורה טיילט פאנאנד... דער
גאנצער וועלט,

אז ס'איז דא דער חלק הקדושה, און דערנאך איז "זה לעומת זה עשה הא... (קהלת
ז, יד.) - דער חלק ההפכי, און דערנאך דער חלק שבאמצע, דער חלק הרשות, ... אין
דערויף איז אויך דא די הוראה פון "קדש עצמך במותר לך",(יבמות כ, א. ס... ובא
בפרש"י) עה"פ ראה יד, כא.) די הוראה הפכית (ירושלמי נדרים פ"ט ה"א, ור... ש ח"ד
ע' 1076.) פון "לא דייך מה שאסרה לך תורה", מיט די פרטים, כפי המבואר ... י ענינים
בכ"מ.

וואס דאס איז דאך אויך, בכללות, וואס מ'זאגט אז "כל מעשיך יהיו ל... ים",
(אבות פ"ב מי"ב. וראה רמב"ם הל' דעות ספ"ג. טושו"ע או"ח סרל"א.) אז וו... ר א מעשה
עס זאל נאר זיין,

וואס דא מיינט דאך די משנה ניט דעם דיוק פון לשון מעשה למעוטי די... מחשבה,
נאר דאס מיינט מען אלע ענינים פון א מענטש, וואס ער איז דאך "אדמה לעל... (של"ה
ג, ב. כ, ב. שא, ב. ובכ"מ.) דארף ער דאך זיין אין א שלימות, בדוגמא ווי ... "אדמה
העליון" איז,

דארפן דאך זיין אלע מעשים, אן קיין אונטערשייד, אין אן אופן אז דאס זאל זיין "לשם שמים".

אפילו אין א זאך וואס ער האט א בחירה ע"פ שו"ע, און ווי ער וועט טאן וועט דאס מתאים זיין צו "לשם שמים" - איז טוט ער דאס ניט דערפאר וואס ער איז דאס בוחר ברצון עצמו, נאר ער איז דאס בוחר דערפאר וואס תורה (ווי ארויסגעבראכט אין שו"ע בנוגע צו א פסק הלכה) האט אים געגעבן אין דערויף די בחירה.

וואס דערפאר איז דאס מדוייק די דוגמא אז דאס איז אן ענין פון "חיים", נאך מערער ווי מ'זאגט (ברכות סא, ב.) אז דאס איז בדוגמא ווי דגים ־ בים,

וואס אין דערויף זעט מען דאך אז עס קען זיין אין דערויף א הפסק לזמן,

ביז וואנענט אז ס'איז דאך ידוע די פלוגתא פון ב"ה און ב"ש בנוגע צו דגים ווען זיינען זיי היפך החיים, וואס אט דעמאלט איז דאך אויך דא אין דערויף א משך זמן לשתי הדעות,

משא"כ אז מ'זאגט אז דאס איז "הם חיינו" איז אין חיים ניט שייך קיין הפסק.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק וואס מ'זאגט "שויתי הוי' לנגדי תמיד", (תהלים טז, ח.) וואס דא איז דאך דער פשט, דער אפטייטש, אין "תמיד" - ממש בכל רגע, ווי פארשטאנדיק אויך פון דעם רמ"א, וואס דער רמ"א האט דאס אוועקגעשטעלט אין דעם אנהויבס פון גאנץ שו"ע, אין דעם ערשטן חלק, אין דעם חלק גופא - אין דעם ערשטן סימן און אין דעם סימן גופא - אין דעם ערשטן סעיף, אז דער ענין אז דאס זאל זיין "תמיד" איז דאס אן ענין עיקרי אין דעם כללות הענין פון שו"ע.

אע"פ וואס מ'זאגט בנוגע צו פורים, אז "דתיהם שונות מכל עם", (אסתר ג, ח.) וואס אין דערויף קען מען אויך טייטשן אז זיי האבן א צד השוה, נאר וואס דען זיי זיינען אנדערש,

איז אבער דא דער חילוק עיקרי, וואס דאס נעמט דורך יעדער פרט - אז בא זיי איז דאס ניט מנהגים (אדער דינים אדער חומרות אדער הידורים) וואס זיינען פארבונדן מיט א טייל פון דעם משך פון דעם לעבן פון א אידן,

נאר יעדער רגע און יעדער מעשה און יעדער דיבור און יעדער מחשבה פון א אידן - האט ער אין דעם א הוראה ברורה אין תורת חיים, וואס האט אויך דעם אפטייטש הוראה בחיים - ווי ער דארף זיך פירן.

נאר אין דערויף גופא קען דאס זיין אין דריי אופנים האמורים: אז ער האט א קלארע אנווייזונג אז ער דארף דאס טאן, א קלארע אנווייזונג אז ער טאר דאס ניט טאן, און א דריטע אנווייזונג - אז דאס איז פון די ענינים וואס זיינען אפגעגעבן געווארן - "הבחירה והיכולת והרשות נתונה לכל אדם" (ל' אדה"ז בתניא רפי"ד. וראה רמב"ם הל' תשובה רפ"ה: רשות לכל אדם נתונה אם רצה להטות עצמו לדרך טובה הרשות בידו, ואם רצה להטות עצמו לדרך רעה ולהיות רשע הרשות בידו.),

עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן ענינים גדולים און ענינים נכבדים, און ענינים וואס נעמען ארום א מענטשן ניט אלס יחיד, נאר דאס פארבינדט אים מיט כו"כ, ביז אין תכלית השלימות ביי אידן, וואס דאס איז - אן "עדה קדושה "פון עשרה מישראל (ראה ברכות כא, ב.), עאכו"כ - כמה וכמה עשיריות מישראל,

איז אט דעמולט איז א זיכערע זאך אז ס'איז דא א הוראה אין "תורת אמת" און אין "תורת חיים" ווי אזוי מ'דארף זיך פירן.

וואס בנוגע לעניננו איז דאס דער ענין פון "פותחין בברכה" (אגה"ק רס"א),אפדאנקען און דערמאנען אז דער אויבערשטער האט מבטיח געווען (לך לך יב, ג. וראה סוטה לח, ב. ירושלמי הובא בתוד"ה ואברכה - חולין מט, א.) "ואברכה מברכיך", אז יעדערער וואס בענטש א אידן,

אין וואס פאר אן אופן זאל נאר ניט זיין, אדער בדיבור אדער בכתב, במעשה,אדער במחשבה, אדער דורך דערויף גופא וואס ער געפינט זיך אין א מקום מסויים און אין א זמן מסויים כדי צו אויסדריקן א ברכה מיט גוטע וואונטשטן לפלוני בן פלוני -

איז האט מען די הבטחה פון דעם אויבערשטן "ואברכה מברכיך",

האט דאך דער אויבערשטער געוואלט אז אידן זאלן דאס ארויסברענגען בדיבור ובקול, וואס דעמולט ווערט דאך דאס אן ענין וואס ווערט פארבונדן מיט מעשה בפועל, "עקימת שפתיו הוי מעשה" (סנהדרין סה, א("מעשה זוטא"). ב"מ צ,סע"ב ("עקימת פיו").),

איז דאס ע"ד ווי געזאגט אין דרשות' הר"ן (דרוש ב. וראה גם רמב"ן עה"ת לך לך שם, ו. לבוש על הרקנטי לך לך שם.) אז מ'געפינט בכמה ענינים וואס ס'איז געווען א הבטחה פון דעם אויבערשטן, און דער אויבערשטער האט אנגעזאגט אז מ'זאל גלייך אנהויבן טאן א מעשה בפועל, כדי דאס פארבינדן מיט עולם העשי', מיט עשי' דא למטה,

מאכט דאס נאך זיכערער און נאך פריער דער קיום כל ההבטחה במילואה ובשלימותה.

וואס דאס איז דאך איינע פון די סיבות ופרטים וואס מ'זאגט בנוגע אז מ'דארף אפדאנקען "ואברכה מברכיך", אע"פ וואס מ'האט שוין די ברכתו של הקב"ה, וואס "תוספתו מרובה על העיקר" (ב"ר פס"א, ד. ועוד.) - זאל א מענטש אויך אפדאנקען מצדו.

נוסף אויף דעם ענין ווי גערעדט כמ"פ אין דעם מאמר חז"ל אז "אמרת ה' צרופה" (ש"ב כב, לא. תהלים יח, לא.), זאגט ער אויף דערויף אין מד"ר אז די מצוות זיינען געגעבן געווארן "לא ניתנו המצוות אלא לצרף בהן את הבריות", אז דורך דערויף וואס מ'איז מקיים אן אנזאג אין שו"ע, וואס דאס איז אן אנזאג פון דעם אויבערשטן, איז דאס איז "מצרף", דאס מאכט איידעלער און ליכטיקער און בעסער דעם מענטשן,

אפילו דער וואס האט מערניט ווי דעם טיטול "בריות"; דאס איז זיין איינציקע מעלה וואס ער איז א נברא ע"י הקב"ה (ראה תניא פל"ב), העלפט דאס אים אויך: דורך דערויף וואס ער איז מקיים "אמרת ה'" - אז ער ווערט מער "צרוף" ווי ער איז געווען פריער, דורך דעם "אמרת ה'",

וואס דאס איז דאך א טובה פאר דעם וואס איז מקיים די מצוה (נוסף אויף די טובה וואס עס טוט זיך אויף אין כללות הענין פון "כל העולם כולו שקול", און א מעשה אחד אדער א דיבור אחד איז "הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות", כפסק דין הרמב"ם הידוע (הל' תשובה פ"ג ה"ד.)).

וואס דאס איז דער כללות הציווי ווי געבראכט בנוגע צו מצות ביכורים (ווי גערעדט כמ"פ), אז ער זאגט "הגדתי" (תבוא כו, ג.), און מ'זאגט "והגדת" בקול רם ובשמחה ("וענית ואמרת" - "וענית ל' הרמת קול") (שם, ה ובפרש"י. ובת"י עה"פ: אודינן/ (שם, ג)ושבחינן.), אז ער איז ניט ח"ו קיין כפוי טובה (ראה תיב"ע עה"פ שם, ג: אודינן יומא הדין.),

וואס עד"ז איז "מה הוא חנון אף אתה הי' חנון" (ספרי עה"פ עקב יא, כב. וראה גם פרש"י עה"פ. רמב"ם הל' דעות פ"א ה"ה-ו. שו"ע אדה"ז או"ח סקנ"ו ס"ג בתחלתו.), און "מגיד דבריו ליעקב חקיו ומשפטיו לישראל" (תהלים קמז, יט. שמו"ר פ"ל, ט),

דארף זיך א אידן פירן זיך בדרכיו ווי ער האט אנגעזאגט (דער אויבערשטער) בנוגע לעצמו,

אזוי אויך בנוגע צו אדם התחתון - בין אדם לחבירו, להביע ברכתו אויף די גוטע זאכן וואס מ'האט אים געזאגט אדער ארויסגעוויזן אדער געטאן, מיט די אלע פרטים האמורים לעיל.

וואס דאס איז דאך דער ענין וואס מ'האט געזאגט בכמה התוועדויות כיוצא להתוועדות זו, אז "פותחין בברכה", מיט אפדאנקען די אלע שנתאספו דא, אדער אט די וואס האבן זיך צוזאמענגעקליבן במקומות אחרים וואו מ'הערט דאס ע"י פעולות מסוימות, עד"ז אט די וואס זיינען במחשבתם וברצונם כאן - אויף אפדאנקען זיי, און דער גרעסטער דאנק איז, אז עס זאל מקויים ווערן בא יעדערען פון זיי עם כל בני ביתו, ברכתו של הקב"ה שתוספתו מרובה על העיקר.

וואס נקודה האמורה איז שייך בכל התוועדות כיוצא-בזה, אין איזה זמן ומקום דאס זאל נאר פאסירן;

מ'האט דאך גערעדט כמ"פ אז יעדער ענין, און יעדער פרט אין אן ענין, האט אין זיך א באזונדערע הוראה, ווי תורת הבעש"ט (כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז-קכט. וש"נ.) אז פון יעדער ענין וואס א איד זעט אדער הערט איז דאס בהשגחה פרטית, כדי ער זאל דערפון ארויסנעמען א הוראה בעבודתו,

איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז ס'איז דא אן ענין מיוחד וואס מ'לערנט אים ארויס פון דער התוועדות, און דערנאך ווערט דאס נמשך אט די הוראה, בהתוועדות כיוצא בזה.

וואס דאס איז דאך א התוועדות וואס קומט בהקדם ובסמיכות צו ימי הפסח, וואס ימי הפסח הויבט זיך דאך אן די הכנה לזה פון "שואלין ודורשין רהלכות הפסח קודם הפסח שלשים יום" לפני החג (פסחים ו, סע"א. שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס תכט.), און דערנאך נאך ביתר שאת וביתר עוז אנהויבנדיק פון ר"ח ניסן (שתי שבתות) (פסחים שם.), פון חודש הגאולה (שמו"ר פט"ו, יא. וראה אוה"ת בא ע' רסד ואילך. ד"ה החדש ה'ש"ת.), וואס דעמולט איז דאך געגעבן געווארן פרשת החודש (פסחים שם, ב. מכילתא (הזבא בפרש"י) עה"פ בא יב, ג.), וואס רובה ככולה רעדט זיך וועגן דעם קרבן פסח און די גאולה פון יצי"מ, פון "זמן חירותנו".

עאכו"כ אז מ'שטייט אויף מארגן נאך דעם "בעשור לחודש" (בא שם.), וואס דעמולט איז שוין געווען דער לקיחת הפסח וכו' -

איז דאך דא די שייכות און פארבונד מיט ימי הפסח ביתר שאת וביתר עוז, ווי ס'איז געווען בימי צאתך מארץ מצרים, אז ס'איז שוין געווען דער "משכו וקחו לכם" (בא שם, כא.), און ס'איז שוין געווען דער קומען פון לעו"ז און פרעגן שאלות, (בהבא להלן ראה שו"ע אדה"ז שם סת"ל ס"א. וראה לקו"ש חי"ב ע' 33. חי"ז ע'57.) וואס איז דאס און ווי אזוי טוט מען דאס, און אעפ"כ איז "לא יכרע ולא ישתחוה" (ל' הכתוב - אסתר ג, ב.), אידן האבן זיך ניט דערשראקן,

אע"פ וואס מ'זאגט דאך אז " הן נזבח את תועבת מצרים לעיניהם ולא יסקלונו" (וארא ח, כב. וראה מכילתא עה"פ בא שם, ג. שמו"ר פט"ז, ג.), בשעת מ'וועט עפעס טאן צו "תועבת מצרים", צו שה, וואס ער איז געווען ע"ז של מצרים (ראה מכילתא ושמו"ר שם.);

בשעת ער גייט בכחו בציווי של הקב"ה - איז דאס ביי אים בפשטות אז ער דארף אזוי טאן און אזוי פירן זיך.

איז דאך די הכנה לימי הפסח, וויבאלד ער האט שוין דעם שה קשור אין "בכרעי מטותיהם" (טור או"ח ר"ס ת"ל.), און דאס שוין אין די ד' ימים לביקור "שטעון ביקור מומים ארבעה ימים קודם שחיטה" (מכילתא ופרש"י עה"פ בא שם, ו.),

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

וואס ס'איז דאך דא אין דערויף דיעות אז דאס איז אויך שייך ניט נאר אין פסח מצרים, נאר אויך אין פסח דורות, עאכו"כ אז דאס איז שייך בנוגע צו רוחניות הענינים, וואס מ'זאגט (פסחים קטז, ב (במשנה).) אז "בכל דור ודור (וכל יום ויום (הוספת (ביאור) אדה"ז בתניא רפמ"ז. וראה הגש"פ עם ליקוטי טעמים וכו' (קה"ת תשל"ט) ע' תלד בשוה"ג.) חייב אדם לראות את עצמו כאילו הוא יצא היום ממצרים", ווי דער לשון פון אלטן רבי'ן - איז דאך דערפון פארשטאנדיק אויך בנוגע להכנות לזה,

געפינט מען, אז דער גאנצער ענין פון פסח, וואס ווערט דאך ארויסגעבראכט אין דער הגדה של פסח, וואס דאס איז דאך דער התחלה און דער קיום פון "מצוה עלינו לספר ביציאת מצרים" (מכילתא ס"פ בא. הגש"פ פיסקא "עבדים היינו".) "והיו מספרים ביציאת מצרים כל אותו הלילה" (הגש"פ פיסקא "מעשה בר"א". וראה הגש"פ הנ"ל בהערה.) - איז די הקדמה בזה, און דער סיום בזה, אז וויבאלד הקב"ה האט געטאן כך וכך - איז "לפיכך אנחנו חייבים להודות להלל", מיט די אלע 9 לשונות (ראה בהגש"פ הנ"ל בהערה בפיסקא "לפיכך".) פון אפדאנקען פאר דער טובה וואס דער אויבערשטער האט געטאן.

פארוואס דערציילט ער דאס ל"עם קרובו" (תהלים קמח, יד.), איז דאך ווי געזאגט פריער אט דאס וואס ער זאגט אין מדרש, אז דאס וואס ס'איז "דבריו" און וואס איז "חוקיו", ווי דער אויבערשטער פירט זיך - אזוי הייסט ער אויך לעמו,

און דאס ווערט דערנאך א מצוה אז מ'זאל זיין "מה הוא חנון " בנוגע צו א אידן אזוי דארף זיין "אף אתה חנון" בנוגע פון איין אידן צו א צווייטן אידן, ועד"ז בנוגע "רחום" ועד"ז צו כל המדות וואס זיינען פארבונדן מיט אויבערשטן,

איז די ימי הפסח, און די טעג שלפני הפסח, ובפרט נאך הסמוכים לימי הפסח - זיינען נאך מערער מדגיש דעם "לפיכך אנחנו חייבים להודות להלל", מיט אלע, ביז "ונאמר לפניו הללוי'",

וואס דאס איז א טובה פון דעם אויבערשטן, אבער דער אדם האט דאך א בחירה, (ווי דער צ"צ (בנראה כונתו למ"ש בדרמ"צ מצות מילה פ"ג (ו, ב). אוה"ת שבועות ע'קיב (?).) איז מבאר "חמרא למרי טיבותא לשקי'" (ב"ק צב, ב.)), ער האט דאך געהאט א בחירה און האט אויסגעקליבן און איז מברך ומאחל כל טוב -

אויף אויסדריקן דעם "פותחין בברכה", און עס זאל זיין א ברכה, כמדובר לעיל, אין אן אופן פון תוספתו מרובה על העיקר,

וואס דאס איז דאך כולל (ווי אלע דעם אויבערשטן'ס ברכות וואס זיינען בשלימות ) דער בני חיי ומזוני רויחי, ובכולם רויחי,

כולל אויך אן ענין שהזמן גרמא, אז די הכנות צו חג הפסח זאלן זיין אין אן אופן אז עס זאל זיין א חג הפסח כשר ושמח,

כולל אויך די ברכה אז דער מאמר חז"ל (ר"ה יא, א.) אז "בניסן נגאלו בניסן עתידין ליגאל", זאל דאס זיין אין ניסן פון תש"מ, "ובשנה השביעית" "שנת השמיטה שבת להוי'",

און נאך פאר ימי הפסח, וועט מען דערנאך מקיים זיין אז "ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים יגיענו למועדים ולרגלים אחרים הבאים לקראתנו לשלום שמחים בבנין עירך וששים בעבודתיך" (ברכת "אשר גאלנו", מפסחים שם.), און אין דערויף גופא, אין די טעג גופא - אין אן אופן פון יפה שעה אחת קודם, ובלשון פסק דין הרמב"ם (הל' תשובה פ"ז ה"ה.) - "מיד הן נגאלין", בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

ב. וואס אין די פריער געוועטע נקודה איז אויך דא א ספּיצעלע קשר און פארבונד מיט דעם ענין פון יצי"מ, וואס דא געפינט מען דאך אויך אז דאס איז פארבונדן מיט א קשר און א יחס (מיט א פארבונד) צווישן קינדער מיט עלטערן:

בשעת דער אויבערשטער האט געשיקט משה רבינו מאנען אז עס זאל זיין "שלח את בני ויעבדוני" (שמות ד, כג. שם ה, א: שלח את עמי ויחוגו לי במדבר.), איז די טענה איז געווען, אזוי ווי "בני בכורי ישראל" (שם, כב.) איז דערפאר זאל פרעה באפרייען, כדי זיי זאלן גיין צום פאטער און אים דינען במדבר.

וואס דאס איז דאך אן ענין ווי דאס איז דא למטה, "כבד את אביך ואת אמך" (יתרו כ, יב.), עד"ז אויך דער "ויעבדוני": וויבאלד אז "בנים אתם להוי' אלקיכם" (ראה יד, א.), און נאכמער, ניט סתם בנים, נאר דאס איז בדוגמא פון א בן בכור, "בני בכורי ישראל" - איז דער "ויעבדוני" איז אויך אן אויסדרוק פון אן אפדאנקען.

וואס דערפאר איז דאך די מצוה פון "כבד את אביך ואת אמך" אריינגעשטעלט אין די סוגים פון מצוות וואס ווערן אנגערופן מצוות שכליות, "משפטים".

וואס אע"פ וואס יעדער מצוה, אויך אט די מצוות, דארף מען מקיים זיין ווי מ'זאגט אין ברכת המצוות אין דעם נוסח הברכה, אז פארוואס טוט ער דאס דערפאר וואס "אשר קדשנו במצוותיו וצונו", דערפאר וואס דער אויבערשטער האט אזוי געהייסן,

איז דאך צוזמען דערמיט, ווי דערמאנט פריער, איז די מצוות זיינען מצרף את הבריות, מאכן דעם מקיים המצוה ריינער און איידעלער און ליכטיקער און העכער און הייליקער,

איז דאס אויך פון די מצוות וואס מ'זעט בפועל ווי אזוי זיי זיינען מצרף את מהות האדם, ווי מ'זעט דאס בנוגע צו דעם ענין בכלל, און בנוגע צו דעם "כבד את אביך ואת אמך" במיוחד.

וואס דאס איז נאך א הדגשה אין דעם ענין פון חג הפסח, "זמן חירותינו", וואס דאס איז פארבונדן מיט דער חירות פון מצרים - איז די טענה אויף יציאת מצרים איז געווען - אזוי ווי דאס איז א בן למקום, און אין אן אופן נאכמערער - "בני בכורי", איז דערפאר איז "שלח" און "ויעבדוני",

בדוגמא ווי דערנאך איז ארויס אין עשרת הדברות בגלוי - דער ציווי פון "כבד את אביך".

און ווי מ'זעט דאך אויך, ווי דערמאנט לעצט'ן ס'מערערע מאל, אז דער ענין פון יצי"מ, און "זכר ליצי"מ", וואס עס שטייט דאך בהדגשה (כוונתו - בחגה"פ (המעתיק)),

/איז/ אע"פ וואס מ'איז מחויב "כל ימי חייך" (שם טז, ג.), "להביא הלילות" (הגש"פ פיסקא "אמר ר"א", מברכות יב, ב (במשנה). ירושלמי ברכות פ"א ה"ו.) און אויך אפילו לע"ל, אין "להביא לימות המשיח" , איז בהדגשה מיוחדת שטייט דאס אין " זמן חירותינו", אויך פארשטאנדיק אז דאס דארף זיין ניכר אין די הכנות צו "זמן חירותינו",

איז דאס פארבונדן דערמיט וואס "והגדת לבנך" (בא יג, ח.), "כי ישאלך בנך" (שם, יד. וראה הגש"פ הנ"ל בהערה ד"ה "מצוה עלינו לספר ביצי"מ".), און "והי' כי ישאלך בנך", מיט די אלע פרטים, ווי מ'זאגט זיי גלייך אין אנהויב פון ימי הפסח, פון "זמן חירותינו" - גלייך אין דער ערשטער נאכט, אין הגדה של פסח.

וואס אין דערויף כאמור, איז מען מסיים דעם ערשטן טייל פון הגדה, און מסיים מיט א ברכה, אז דאס איז "לפיכך אנחנו חייבים" דערפאר וואס "גאלנו וגאל את אבותינו",

וואס דאס זאגט מען לאבינו שבשמים, פארבינדט מען דאס אויך מיט "כאן הבן שואל מה", וואס דאס איז די התחלה פון "מגיד", די התחלה פון דער הגדה, דער "כי ישאלך בנך", און "והי' כי ישאלך בנך", וואס "כ"מ שנאמר והי' אינו אלא שמחה" (ראה ב"ר פמ"ב, ג בסופו).), אז דאס איז א קינד האט מען אויפגעהאדעוועט אים, אז ער געפינט זיך באם "סדר"-טיש, און זיצט באם זעלבן טיש וואו עס געפינען זיך זיינע עלטערן, און ווייל און קוקט זיך צו וואס עס טוט זיך ארום אים, "ולא הביישן למד" (אבות פ"ב מ"ה.), ניט ער קוקט זיך צו פון דער זייט, ווי די זאך איז אים ח"ו ניט נוגע, נאר ער איז אויף אזויפיל פארקאכט און לעבט דערמיט - אז ער פרעגט זיך נאך אויף אלערליי פרטים וואס טיילן זיך איין אין די פיר סוגים פון די ד' קשיות, כמבואר בארוכה אין מפרשי ההגדה, און ווארט דערנאך וואס דער פאטער וועט אים ענטפערן, "שאל אביך ויגדך" (האזינו לב, ז.) אנהויבנדיק אויך, אז וויבאלד "עבדים היינו לפרעה במצרים" און דערנאך "ויוציאנו הוי' אלקינו משם" (הגש"פ, ע"פ ואתחנן ו, כא.) - איז "לפיכך אנחנו חייבים" דער ענין פון אפדאנקען פאר דערויף וואס דער אויבערשטער האט געטאן.

וכאמור, מיוסד אז סוכ"ס איז ער דאס מקיים דערפאר וואס "קדשנו במצוותיו וצונו"; דאס דארף אבער אויך "מצרף" זיין אים, ביז אין אן אופן אז דאס זאל אראפקומען בפועל ובפשטות, אז ווען ער האט א טובה פון א צווייטן, איז ער גלייך אים מכיר טובה,

און באנוגענט זיך ניט דערמיט וואס דאס בלייבט ביי אים במחשבה וברגש, נאר אויך - עס קומט אראפ בדיבור, און אויב ס'איז נוגע אויך במעשה, בדוגמא ווי ס'איז געווען בא "דבריו" און בא "חוקיו" און "משפטיו" אין א מעשה בפועל - ארויסהעלפן דעם צווייטן, ביז אין אן אופן פון "ברכוש גדול" (לך לך טו, יד.), אין גאר א גרויסן פארנעם _ טוט זיך דאס ביי אים אפ, בכלל, ובפרט בנוגע צו קינדער.

וואס קינדער איז דאך אויך פונקט אזוי ווי קינדער זיינען מחוייב בכיבוד אב ואם,

און ווי עס שטייט דאך פון די טעמים בזה בפשטות: וויבאלד אז זיי זיינען זיך מוסר נפש פאר קינדער, און מ'גיט זיי כל צרכיהם הגשמיים, עאכו"כ אז מ'שטעלט זיך ניט אפ פאר קיינע מניעות ועיכובים, אז מ'זאל זיי אויך געבן (און ניט נאר "אויך", נאר אדרבא - ביתר שאת וביתר עוז) אלץ וואס זיי נויטיקן זיך אין רוחניות,

און ווי מ'זעט דאס אויך בפועל, אז וויפל עלטערן ווילן נאר פאר זיך - ווילן זיי נאכמערער אז דאס זאל זיין בא די קינדער.

וואס דערפאר, אפילו ווען עס רעדט זיך וועגן א טובה וואס דער פאטער וויל פאר זיך, אדער די מוטער פאר זיך - זיינען זיי אויף דערויף גרייט צו מטריח זיין אדער ארייננלייגן זיך אין דעם, ביז א באשטימטע מאס אבער ניט מער;

בשעת דאס רעדט זיך אבער וועגן א טובה פון א קינד, א זון אדער א טאכטער, איז אט דעמולט שטעלט מען זיך ניט אפ פאר קיינע שוועריקייטן, אבי דער זון און די טאכטער זאל האבן כל המצטרך להם, אלץ וואס זיי דארפן בגשמיות, עאכו"כ - אלץ וואס זיי דארפן ברוחניות.

וואס איינע פון די ענינים בזה איז דאך, אז פונקט אזוי ווי קינדער באקומען פון עלטערן - אזוי באקומען עלטערן פון די קינדער, כאטש אפילו אין אן אנדער אופן.

וואס די קינדער באקומען פון די עלטערן, ווי דערמאנט פריער, זיי גיבן זיי אלע זייערע באדערפענישן, סיי בגשמיות און סיי ברוחניות, און מען שטעלט זיך ניט אפ דערביי פאר קיינע שוועריקייטן, אע"פ וואס ס'איז דאך דא די מלעיגים וואס לאכן אפ, אדער מאכן "פאן", ווי מ'זאגט דא, פון עלטערן וואס זיי גיבן זייערע קינדער א חינוך, אן אמת- אידישן חינוך, ניט רעכענענדיק זיך מיט מנהג המדינה, וויבאלד אז מ'ווייס (ווי דערמאנט פריער) אז "התורה היא חיינו",

- שיחת י"א ניסן -

און צום אלעם ערשטן, איידער די עלטערן
אין גשמיות און אין רוחניות וכו' - איז צום
קינדער זאלן לעבעדיק אין דער פולסטער מאס

און נאך דערויף ווי ער איז חי בתכלית ה
עשירות און זאל האבן בני און זאל האבן מזונ

וואס דערפאר, איז אפילו אז מ'וויל דאך
אין גאר א גרויסן פארנעם - איז אבער לכל לרא
קינדער, אז זיי זאלן זיין פארבונדן מיט "הי
פאר יעדער אידן, כולל אויך קינדער,

ואדרבא, קינדער נאכמערער - וויבאלד א
און ווי מ'שטעלט זיך אזוי גייט דאס דערנאך,

גיט מען זיי דעם מאקסימאם, די מדה הכ
פון אידישקייט, בפרט נאך אז מ'דארף זיך נאך
(ואתחנן ז, ז.), און בשעת דער קינד גייט אר
מלחמה האבן מיט די איינוויירקונגען, מיט די
וואס געפינט זיך אין גאס, אפילו אז ביי איב
מען דאך אים געבן א באזונדער מדה (א באזונד
זאל קענען ביישטיין די אלע נסיונות און שווי

און אעפ"כ שטעלן זיך עלטערן ניט אפ ב

צוזאמען אבער דערמיט באקומען עלטערן
דערויף וואס די קינדער זיינען די טייערסטע
בחייהם די ברכה פון דעם אויבערשטן - זיין גע
בדרך הישר,

און דאנקען דעם אויבערשטן וואס דער
שליחות, צו יעדער פאטער און יעדער מוטער,
דעם זון אדער די טאכטער, אין דעם ריכטיקן

וואס דערנאך האט ער דערפון נחת אויך
פון נחת, פון דעם זון און פון דעם טאכטער,
דעם "חנוך לנער על פי דרכו" (משלי כב, ו.
ריכטיקן וועג, ובלשון הידוע - מגדל געווען

איז ער דערנאך מקבל בפשטות, סיי דער
אסאך מערער נאך וויפל זיי האבן זיי געגעבן
צו געשטעלט די אלע באדערפעניש.

וואס עד"ז, ווי דאס איז בנוגע צו יעדי
אידישן פאלק, ווארום יעדער איד שפיגל'ט דאך

הנחה פרטית בלתי מוגה

זאלן זיין גרויס
עלטערן אז די

נוגע ער זאל האבן
קומען נאכדעם.

האבן אלץ, און
ר און די מוטער די
'ן קוואל פון לעבן

שטעלן אין לעבן,

זיין, פון תורה און
עט מכל העמים"
זיך אז ער דארף
ניט-אידישקייט
בדיק אידיש, דארף
ט אין אידישקייט ער

און טוען א דאס אלץ.

שר מערער - דורך
טשען זיך האבן
וואס זיי זאלן גיין

געבן די טייערע
האדעווען דעם קינד,

און-ערשעפלעכן קוואל
האט מקיים געווען
האדעוועט אין דעם
ם טובים -

, פון זייערע קינדער -
ף וואס מ'האט זיי

בנוגע צו דעם גאנצן
שן פאלק,

- ווי -

- שיחת י"א ניסן תש"מ - ט -

ווי געזעט מערערע מאל, וואס "אנכי הוי' אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים" (יתרו כ, ב.), וואס דאס איז דאך דער אנהויבס פון עשרת הדברות, וואס זיי זיינען כולל אין זיך די גאנצע תורה, וואס דאס איז דאך געגעבן געווארן "מורשה קהלת יעקב" (ברכה לג, ד.), צום גאנצן אידישן פאלק -

צוזאמען דערמיט זאגט מען "אלקיך", לשון יחיד, "הוצאתיך", לשון יחיד, אז דאס איז אויך געגעבן געווארן אין דער פולסטער מאס צו יעדער אידן אלס א פרט,

אזוי איז דאס אויך בנוגע צו דעם גאנצן אידישן פאלק, אז פונקט אזוי ווי א יחיד דארף זיך דאך מוסר נפש זיין פאר דעם וואויל-זיין פון די קינדער, דורך דערויף וואס ער וועט זיי געבן די ריכטיקע ערציאונג, ניט רעכענען זיך מיט קיינע שוועריקייטן,

וואס איינע פון די גרעסטע שוועריקייטן איז דאך "מה יאמרו הבריות", וואס וועט זאגן דער שכן, בשעת ער וועט זען אז דער קינד גייט ארום און מ'זעט אז דאס איז א אידיש קינד - און שעמט זיך ניט, כאטש ער לעבט אין א גאס אדער אין א שטאט אדער אין א מדינה וואס דארט זיינען זיי א "מעט" מכל העמים.

און אעפ"כ ערציט ער די קינדער אין אן אופן וואס "דתיהם שונות מכל עם".

אזוי איז דאס אויך בנוגע צו דעם גאנצן אידישן פאלק, אז בשעת מ'רעדט וואס דארף טאן דער כלל און דער ציבור בנוגע צו פארטיילן די מיטלען וואס זיי האבן, איז דאך דא "מרובים צרכי עמך", פארשידענע זאכן אויף וועלכע מ'דארף האבן די געלט און די השתדלות, דארף מען דאך האבן אין דערויף וואס איז קודם און וואס קומט אלץ א צווייטע זאך,

איז לכל לראש, פונקט אזוי ווי אין חיי היחיד, כדי דער לעבן פון דער פאטער און דער מוטער זאל זיין ווי עס דארף-צו-זיין, מנוחת הנפש און מנוחת הגוף (וואס איז פארבונדן מיט מנוחת הנפש) -

דארף דאך זיין די קדימה צו אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט די קינדער, אנהויבנדיק, ובעיקר - ווי אזוי זאל זיין זייער ערציאונג,

עד"ז, אזוי אויך, בשעת א כלל און א ציבור טיילן פאנאנדער די מיטלען וואס זיי האבן, און ס'איז דא פארשידענע סעיפים, פארשידענע זאכן, אין וועלכע מ'דארף טאן -

איז לכל לראש קומט צום אלעם ערשטן און אלס עיקר - די ענינים וואס זיי זיינען פארבונדן מיט חינוך הכשר, און מיט חינוך על טהרת הקדש, ביז צום חינוך הקודש; מיט דער ערציאונג פון די יונגע מיט דער ערציאונג פון די קינדער,; פון זיינע קינדער, פון א צווייטן אידן'ס קינדער - די קינדער פון דעם גאנצן אידישן פאלק.

און דורך דערויף ווערט אויך פארשיכערט דער גליק און דער סיפוק נפשי, די צופרידנהייט און די מנוחת הנפש פון די וואס טיילן פאנאנדער די געלט, אדער טיילן פאנאנדער די השתדלות ועסקנות -

אז ווען וועלן זיי האבן א גוטן מנוחת הנפש, א רואיקן לעבן - ווילסנדיק אז מ'האט פאנאנדער געטיילט אין אזא אופן אז צום אלעם ערשטן האט מען באזארגט דעם חינוך הכשר.

און דאס איז ניט נאר אן ענין (ווי געזאגט פריער) א "גזירה", נאר ווי מ'זאגט אין לשון המסחר - דאס איז אן "אנוועסטמענט", אז מ'לייגט אריין געלט, אדער השתדלות, וואס צאלט זיך אויס כמ"פ כבה,

ווי געזאגט פריער, אז נאך מערער וויפל עלטערן גיבן קינדער, איז אויב זיי גיבן זיי נאר די ריכטיקע זאך, אין דער ריכטיקע צייט, אין דער ריכטיקע מאס - באקומען זיי דערפון גופא וואס זיי ווייסן אז זיי האבן געטאן א גוטע און ריכטיקע זאך פאר קינדער, ביז אז זיי באקומען אויך בפשטות, "כי יזקין" (משלי כב, ו.), אז די קינדער וואקסן אויס - האבן זיי מלא חפנים (פולע הויפן'ס) פון אמת'ן נחת פון די קינדער, לאורך ימים ושנים טובות.

וואס דאס שפיגל'ט זיך אויך (ווי געזאגט פריער) אין דעם אנהויבס און די התחלה און דער ראש פון ימי הפסח, אז מ'הויבט אן דעם סדר דערפון וואס דער קינד פארנעמט די הויפט-ראלע, די הויפט-"טאן", אין דער הגדה, פון אים הויבט זיך אן דער "והגדת", דער "מגיד", דערפון וואס דער קינד פרעגט "מה נשתנה", און באווייזט ווי אזוי ער איז פארקאכט און קוקט זיך צו און לעבט מיט יעדער פרט פון דער הגדה, וואס דערפון גופא האט מען שוין נחת,

עאכו"כ אז מ'זעט דערנאך ווי אזוי דער קינד הערט זיך צו "עבדים היינו ויוציאנו", ביז ווי ער הערט זיך אויך צו, "שלא ישנו התינוקות" (ראה שו"ע אדה"ז או"ח סתע"ב ס"א ("בשביל התינוקות שלא ישנו").)אין דעם סוף פון דעם סימן "מגיד" - אז "לפיכך אנחנו חייבים להודות",

וואס דאס קומט גלייך אויך ארויס אין "כבד את אביך", ווי ער זאגט דאך אין מדרשי חז"ל (קידושין לא, א.) אז "בשעה שאמר הקב"ה ולא יהי' לך אמרו אומות העולם לכבוד עצמו הוא דורש, כיון שאמר כבד את אביך ואת אמך חזרו והודו למאמרות הראשונות", אט דעמולט געזען אז ניט נאר "כבוד עצמו הוא דורש",

ווארום דאס איז פארבונדן מיט "אנכי הוי' אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים", וואס דעפאר דארף מען אים דינען,

עד"ז בא "כבד את אביך ואת אמך", וואס ביידע זאכן גייען צוזאמען.

וואס כאמור, דאס איז אן אויפפירונג וואס דארף זיין כל השנה כולה (דעם גאנצן יאר), פונקט אזוי ווי "זכור ליצי"מ" (ווי דערמאנט פריער) דארף מען דערמאנען יעדער טאג, און צוויי מאל א טאג (רמב"ם הל' ק"ש פ"א ה"ג.),

דאס שטייט אבער בהדגשה, און עס ווערט אין דערויף ארייגעגעבן לעבעדיקייט און ליכיקייט אין יעדער טאג פון דעם יאר, אז אין די צוגרייטונגען צום סדר גרייט מען זיך שוין אין אזא אופן, אז די קינדער זאל זיין אין דערויף ניט נאר ארייגעמישט נאר נעמען אין דערויף א חלק בראש, ווי גערעדט בארוכה במשך פון די לעצטע וואכן און במשך פון די לעצטע טעג כמ"פ,

און דאס איז, אז מ'טראכט זיך ארײן - איז דאס דער גרעסטער ענין און נחת וואס עלטערן קענען באקומען פון קינדער, בשעת זיי זעען אז זיי לעבן צוזאמען מיט דעם פאטער און דער מוטער, און העלפן זיי ארויס, און העלפן זיי ארויס אין א זאך וואס דאס איז "חיינו ואורך ימינו", אין אן ענין פון אידישקייט, און אן ענין פון מצוות.

ובפרט נאך אזא טייל אין אידישקייט און אזוינע מצוות וואס דאס איז דאך געווען די התחלה, דער אנהויבס, ווען אידן זיינען געבארן געווארן אלס פאלק,

ווי מ'זאגט בנוגע צו יצי"מ אז דאס איז געווען "לקחת לו גוי מקרב גוי" (ואתחנן ד, לד.), אט דעמולט האט דער אויבערשטער גענומען אידן אלס אפאלק, און ווי ערקלערט בארוכה אז דאס איז געווען אין אלע איינצלהייטן, ווי יחזקאל הנביא האט דאס דערקלערט אין זיין נבואה, ווי גרעדט מערערע מאל די פרטים שבדבר,

- וואס -

- שיחת י"א ניסן תש"מ - יא -

וואס אזוי ווי "הימים האלה נזכרים ונעשים" (ל' הכתוב - אסתר ט, כח. וראה רמ"ז בספר תיקון שובבים, הובא ונתבאר בס' לב דוד להחיד"א.), אז עס קומט מידי שנה בשנה (יעדער יאר) די טעג פון הכנה צו ימי הפסח, און אין דערויף גופא; אז עס בלייבט אינגאנצן א פאר טעג צו ימי הפסח, שטייט דאך דאס מיט נאכמער הדגשה והבלטה -

אז מ'זאל דערמאנען זיך, און צוגרייטן די קינדער, אז די קינדער זאלן וויסן אז זיי זיינען די קינדער פון די קינדער /פון/ "כימי צאתך מארץ מצרים" (מיכה ז, טו.) וואס "הם הכירוהו תחלה", במילא דארפן זיי נעמען אן איינטייל אין די אלע הכנות נאך פאר פסח, עא"כ אין די הכנות אין פסח גופא,

וכאמור לעיל, דאס איז ניט א זאך וואס מ'טוט מערניט ווי צוליב די קינדער; אז מ'טראכט זיך אריין ווי עס דארף-צו-זיין - איז דאס דער גרעסטער גליק וואס איז דא ביי עלטערן אז די קינדער פירן זיך אין אזא אופן אז זיי לעבן צוזאמען מיט די עלטערן, ניט נאר בגשמיות, אין איינפאכן זין, אונטער דעם זעלבן דאך גשמי, נאר זיי לעבן מיט זיי צוזאמען אין די זעלבע ענינים, און מיט דעם זעלבן חיות אין די ענינים עיקריים,

און מ'גרייט זיך אלע צוזאמען אז אט קומט דער "ראש לרגלים", דער ערשטער פון אלע ימים טובים און דער "קאפ" פון אלע ימים טובים, וואס דאס איז דער חג הפסח, ווי די גמרא זאגט אין מסכתא ר"ה (ד, א ובפרש"י שם.) וואס איינער פון די "ראשי שנים" איז דאך דער "ראש לרגלים", וואס דאס איז פארבונדן מיט חג הפסח.

וואס אט דעמולט וועט מען אלע צוזאמען זיין אונטער דעם זעלבן דאך <u>בגשמיות</u>, און וואס איז נאכמער וויכטיקער - אונטער דעם זעלבן "דאך" <u>ברוחניות</u>, און באם זעלבן טיש און מיט דער זעלבער הגדה און מיט די זעלבע ברכות, ביז מיט דער זעלבער אכו"ש כפשוטה, אין ענינים גשמיים,

ביז אז שטעלט אויף די "צבאות השם", אז דער אידישער פאלק שטייט בשלימותו אין זיין גאנצער שלימות, "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנתינו" (בא י, ט.), די גאר יונגע און קליינע צוזאמען מיט די עלטערן און גאר אלטע, זיינען זיי אלע צוזאמען בא דעם זעלבן <u>פסח'דיקן</u> טיש, וואס דאס קומט אלץ אתוצאה דערפון וואס מ'איז אלע צוזאמען אין די צוגרייטונג צו פסח,

און דאס ברענגט נאך זיך די תוצאה, אז אויך במשך פון דעם גאנצן יאר, כאטש אפילו יעדערער פון זיי האט זיך "עביד עבידתי'" (זח"ג צד, ב.), זיין באזונדער תפקיד אין חיי המשפחה, אין דעם לעבן פון דעם פאלק, עד"ז אין דעם לעבן פון דער פאמילע, איז דער פאטער האט זיך <u>זיינע</u> ענינים וואס ער דארף טאן, די מוטער אירע <u>ענינים</u>, און די קינדער <u>זייערע</u> ענינים -

איז די פאנאנדערטיילונג איז דאס מערניט ווי בנוגע צו די <u>פרטים</u> שבדבר; זיי האבן אבער אלע צוזאמען דעם זעלבען ציל, און זיי זיינען זיך אלע צוזאמען משתדל צו דערגרייכן צו דער שלימות פון דער משפחה, און צו די שלימות פון דער הויז,

אז זאל זיין א הויז אויף וועלכע דער אויבערשטער זאגט (תרומה כה, ח.) "ושכנתי בתוכם", אז דער אויבערשטער רוט אין דער הויז, דערפאר וואס דאס איז א אידישע הויז און א לעבעדיקע הויז און א פריילעכע הויז,

- איז -

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

איז דאך פארשטאנדיק אז "שלום" איז "לא מצא הקב"ה כלי מחזיק ברכה לישראל אלא השלום" (מס' עוקצין בסופה.) - אז דאס איז א הויז וואס איז געבענטשט פון דעם אויבערשטן אין אלע פרטים אין וועלכע מ'נויטיקט זיך,

אנהויבנדיק פון דעם עיקר - אז מ'האט דעם אמת'ן נחת פון קינדער, און די קינדער איז "והשיב לב אבות על בנים", "על ידי בנים" (מלאכי ג, כד ובפרש"י.), אז די קינדער האבן דעם אמת'ן נחת פון זייערע עלטערן, ווארום מ'גייט בײדע צוזאמען אין בויען א הויז, אז עס זאל זיין (כאמור) א משכן און א מקדש לו ית',

וואס דאס קומט דערנאך ארויס און ברענגט שנעלער און פריער דעם אויבערשטן'ס הבטחה (ירמי' לא, ז. וראה ל' הברכה דערב יוהכ"פ ה'תשל"ט הע' 19.) אז "קהל גדול ישובו הנה", אז מ'וועט קומען אין אן אופן פון "קהל", וואס דאס איז איין מציאות, אבער דאס איז א "קהל גדול" וואס שטעלן זיך צוזאמען פון אלע אידן פון כל קצוי תבל דורך קיבוץ גליות ע"י משיח צדקנו,

און זיי אלע גייען אין דער זעלבער ריכטונג און צום זעלבען ציל און מיט דער זעלבער כוונה - "ישובו הנה", אין ארצנו הקדושה, "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית שנה ועד אחרית שנה" (עקב יא, יב.),

און אט דארטן קלייבן זיך אלע צוזאמען (ווי דערמאנט פריער) - "שמחים בבנין עירך וששים בעבודתך"; ווארום משיח צדקנו וועט ארויסנעמען יעדערן פון אונז און אלעמען צוזאמען פון גלות, ובקרוב ממש,

און מאכן א "קץ שם לחושך (איוב כח, ג.), אויס גלות, און ברענגען די גאולה האמיתית והשלימה, וועט דאך אויך זיין " ובנה מקדש במקומו" (רמב"ם הל' מלכים ספי"א.), און דארטן וועט אויך זיין "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו", ווארום דאס א "גוי אחד בארץ" (ש"ב ז, כג. דה"א יז, כא. וראה אגה"ק ס"ט. תו"א תולדות כז, ד. מקץ לה, א. ויקהל פז, סע"ג.), און איין און איינציקער פאלק, און א פאראיינציקטער פאלק,

ניט קוקנדיק וואס ער האט דאך פאנאנדערגעטיילט פון "ראשי שבטיכם" ביז "חוטב עציך " און "שואב מימיך" (ר"פ נצבים ), און זייענדיק "בארץ", לעבענדיק אין א גשמיות'דיקע וועלט - /צוזאמען דערמיט/ שטייען זיי אין אן אופן פון "גוי אחד", א פאראיינציקטער פאלק,

דורך דערויף וואס מ'גייט לויט די אנווייזונגען פון "תורה אחת", פון איין און איינציקע אנווייזונג פון דער תורה, די עיקר'דיקע - אז מ'זאל פירן זיך ווי דער אויבערשטער וויל,

וואס ער איז "הוי' אחד" (ואתחנן ו, ד.), דער איין און איינציקער, וואס ער האט באשאפן, " בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ" (בראשית א, א.), "את השמים לרבות תולדותיהם ואת הארץ לרבות תולדותי'" (פרש"י עה"ת שם, יד.), איז דאך פארשטאנדיק אז ער איז אויך דער בעה"ב דערפון, און דער אמת'ער און דער איינציקער בעה"ב,

פגרט ער אויס אלץ וואס מ'דארף, נאר ער וויל אז א איד זאל זיין מיט אים א שותף, דורך "ובחרת בחיים" (נצבים ל, יט.), דורם דערויף וואס ער קלייבט אויס זיין וועג אין לעבן ווי אנגעוויזן אין "תורת חיים",

- און -

הנחה פרטית בלתי מוגה

און דאס ברענגט דער אויף דעם אויבערשטן'ס ברכות (ווי געזאגט פריער), צום אלעם ערשטן אין אמת'ן נחת פון קינדער, און אויך אין אמת'ן נחת פון קינדער פון זייערע עלטערן, "והשיב לב אבות על בנים",

און מ'גייט, כאמור, "כימי צאתך מארץ מצרים", ווי ס'איז געווען באם ערשטן מאל ארויסגיינדיק פון מצרים, אזוי איז אויך בכל יום, וואס ס'איז דאך "חייב אדם לראות את עצמו כאילו הוא יצא ממצרים",

גייט מען אויך ארויס פון גלות "ביד רמה" (בשלח יד, ח.), מיט אן אויפגעהויבענער קאפ "בריש גלי" (ת"א עה"פ. ובמכילתא (הובא בפרש"י) עה"פ: בגבורה גבוהה ומפורסמת.), און מיטנעמענדיק מיט זיך די גאנצע משפחה, ו"כספם וזהבם אתם" (ישעי' ס, ט.), און מ'גייט, אונטער דער אנפירערשאפט פון משיח צדקנו, ובקרוב ממש, ווי געזאגט פריער, לארצנו הקדושה,

דער גאנצער פאלק בשלימותו, לארצנו הקדושה בשלימותה, ווארום מ'פירט זיך לויט דער שלימות התורה,

ובקרוב ממש, לקבל פני משיח צדקנו, נאך אין די לעצטע טעג פון גלות, ונגאלין מיד אין דער גאולה האמיתית והשלימה, "ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים", ובעגלא דידן.

* * *

ג. בהמשך און אין פארזעצונג וואס מ'האט גערעדט פריער,

וואס דאס איז דאך גערעדט געווארן צו ערוואקסענע און צו די עלטערן, מיט דעם תוכן אויף די ווייכטיקייט מיטן גרויסן אייגנטייל וואס ווערט גענומען אין די אלע ענינים דורך די קינדער,

ביז וואנענט אז מ'זאגט אז דער נביא האט געזאגט "והשיב לב אבות על בנים", אז זיי טוען אויף מיט דער הארץ פון זייערע עלטערן -

איז דאך זעלבסט פארשטענדלעך אז עס דארף זיין די רייד צו די קינדער גופא, וויבאלד אז אן זיי הענגט אפ דער "והשיב לב אבות",

ביז ווי דאס קומט ארויס לפועל, ווי דערמאנט פריער, אז כדי דער פאטער זאל קענען מקיים זיין די מצוה לספר ביצי"מ - דארף ער ווארטן און ער דארף אנקומען אז דער זון, דער קינד, זאל קומען און ביי אים א פרעג-טאן "מה נשתנה הלילה הזה מכל הלילות".

וואס אין דערויף זעט מען די גרויסע אחריות, צוזאמען מיט די גרויסן זכות, וואס עס ליגט אין די הענט פון די קינדער; ניט נאר זייער אויפפירונג אליין - נאר די אויפפירונג פון דער גאנצער הויז, דורך דערויף וואס זיי קענען אויפטאן בנוגע צו זייערע עלטערן.

וואס דאס איז אויך א ספיצעלע פארבונד מיט דעם אופן און דער ענין פון יצי"מ, חכמינו ז"ל דערציילן, אז דער אויבערשטער, וואס ער איז דאך "אבינו שבשמים", און האט געזאגט "שלח את עמי ויעבדוני" דערפאר וואס די אידן זיינען זיינע קינדער, "בני בכורי ישראל" -

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u> - האט -

- שיחת י"א ניסן תש"מ - יד -

האט געבעטן בא משה רבינו אז עס זאל זיין "ושאלה אשה משכנתה" (שמות ג, כב. וראה גם בא יא, ב.), כדי ער זאל קענען מקיים זיין דעם צוזאג זיינעם "ואחרי כן יצאו ברכוש גדול", ווי אזוי די אידישע פרויען זאלן זיך פירן אין די לעצטע טעג פון, זייענדיק נאך אין ארץ מצרים,

און אין דערויף הענגט אפ, כביכול, אז דער אויבערשטער זאל קענען דורכפירן זיין הבטחה.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, וביתר שאת וביתר עוז, אז כדי עס זאל זיין דער קיום פון דעם אויבערשטן'ס הבטחה אז "ירבו ימיכם וימי בניכם על האדמה" (עקב יא, כא.), אז עס זאל זיין די גאולה האמיתית והשלימה וואס דער אויבערשטער האט צוגעזאגט און אין אן אופן פון "יאריכון ימיך", צוזאמען (ווי געזאגט) "ימיכם וימי בניכם על האדמה" - דארף מען אנקומען צו קינדער.

און דאס איז די ווענדונג און די רייד צו די קינדער במיוחד, לאחרי אז ס'איז דאך אויך פארשטאנדיק אז פונקט אזוי ווי מ'זאגט בנוגע צו ערוואקסענע, אז "ואברכה מברכיך", אז דער אויבערשטער בענטשט אט דעם וואס בענטשט א אידן,

אזוי אויך, אז קינדער קלייבן זיך צוזאמען כדי צו בענטשן און ווינטשע גוטע זאכן א צווייטן אידן - קומט זיי אויך און בא זיי ווערט מקויים דעם אויבערשטן'ס הבטחה, אז דער אויבערשטער בענטשט זיי אז זיי זאלן אויסוואקסן ווי אידישע קינדער דארפן אויסוואקסן, יראים ושלמים בגשמיות וברוחניות, געזונט סיי אין גוף און סיי אין נשמה,

און צושטעלן און זיין א מקור און א קוואל פון אמת'ן נחת פאר "אביך" און פאר "אמך".

און דאס הענגט אפ אין דער הנהגה און דער אויפפירונג פון די קינדער ווי זיי פירן זיך.

און וויבאלד אז דער אויבערשטער פארלאנגט דאס פון אידישע קינדער, איז דאך זעלבסט פארשטענדלעך אז ער האט זיי געגעבן די כוחות און די פולסטע מעגלעכקייט זיי זאלן קענעןביישטיין אלע שוועריקייטן כדי צו דורכפירן זייער שלימות,

וואס זייער שליחות איז, ווי געזאגט פריער, און ווי ס'איז רגיל בפי עם זה, איינער פון די "מאטע'ס" (פון די פתגמים) וואס זיי זיינען רגילים און אנגענומען ספעציעל אין דער מדינה, איז - אז די יוגענט איז דאס איז דער עתיד פון דעם גאנצן פאלק.

וואס ווי דאס איז בנוגע צו דעם פאלק - אזוי איז דאס אויך בנוגע צו יעדער משפחה און פאמיליע פאר-זיך, אז דער עתיד פון דער משפחה און פאמיליע הענגט אפ אן דער אויפפירונג פון דער יוגנד.

און בשעת מ'קומט צוגיין צו די קינדער, ווי מ'קומט צוגיין איצטער, און מ'רעדט צו זיי, און בדרכי נעם, "חנוך לנער על פי דרכו", אויף זייער לשון, אין אן אופן ווי זיי פארשטייען דאס, אז זיי זאלן וויסן זיין, אז זעלבסט-פארשטענדלעך אז זיי דארפן מקיים זיין "כבד את אביך ואת אמך", מכבד זיין און אויספאלגן דעם פאטער און דער מוטער, ווי עס שטייט אין שו"ע און אין תורה, און ווי זעלבס-פארשטענדלעך מיט אלע פרטים שבדבר,

- צוזאמען -

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

צוזאמען דערמיט דארפן זיי אבער וויסן אז פ'איז דא נאך 612 מצוות אין דער תורה, און כדי זיי זאלן זיין גוטע קינדער, און קינדער וואס פון זיי וועלן די עלטערן האבן דעם אמת'ן כבוד, און דעם אמת'ן פארגעניגן - דארפן זיי מקיים זיין די גאנצע איבערשטן'ס תורה, אין וועלכע זיי דארפן שוין אנהויבן צוגרייטן זיך, מתחנך זיין בזה, נאך בשעת מ'איז יונג, מיט "תורה צוה לנו משה", וואס דאס הויבט זיך אן "משהתינוק מתחיל לדבר": (ראה סוכה מב, א. ספרי (הובא בפרש"י ) עה"פ עקב שם, יט. הל' ת"ת לאדה"ז רפ"א. רמב"ם הל' ת"ת פ"א ה"ו .) ער האט ערשט אנגעהויבן רעדן, און נאך איידער ער פארשטייט בשכל, דארף מען אים שוין זאגן "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב",

וואס מ'האט זיך דאך אלעמאל געוואונדערט: וואס וועט דערפון זיין דער נוצן, בשעת ער פארשטייט ניט וואס דער פסוק מיינט,

האט אבער "תורת חיים" (וואס זי איז אויך תורת אמת, זי ברענגט ארויס דעם אמת) נאך געזאגט מיט טויזנטער יארן צוריק אז דאס איז די וועג ווי אזוי מ'איז מחנך און מ'שטעלט אויף געזונטע קינדער,

וואס דאס האט מען ערשט אנדעקט אין חכמת בני אדם אין די לעצטע צענדליקע יאר, אז דאס וואס א קינד זעט נאך גאר קליין, אפילו נאך איידער "מתחיל לדבר", ווען ער איז נאך אינגאנצן א פאר חדשים אלט, אדער נאך פריער,

וואס דעמולט איז דאך לכאורה ניטא אין דערויף קיין שכל און קיין הבנה והשגה באם קינד -

ווירקט זיך דאס אויס, און דאס האט א השפעה אויף דער אויפפירונג פון דעם קינד "גם כי יזקין": ניט נאר אין די נאענטסטע חדשים און יארן - נאר אין די צענדליקער יארן, ביז ווען ער קומט אויך לימי זקנה.

ווי דאס איז אנדעקט געווארן, און מ'מיינט אז דאס איז א דבר חדש וואס דאס האט ערשט אנדעקט איצטער;

וואס דאס איז דאך א דבר פלא: וויבאלד אז דאס איז נוגע צו ערציאונג פון קינדער - קען דאך ניט זיין אז דער איבערשטער, וואס ער איז דער מקור הטוב ועצם הטוב - זאל לאזן די וועלט בלאנדזשען טויזנטער יארן און זיי ניט ערקלערן און אנטפלעקן אז מ'דארף זיין אפגעהיט מיט דער ערציאונג פון קינדער ווען זיי זיינען נאך גאר יונג, און אינגאנצן מערניט ווי א יאר אדער חדשים אדער וואכן!

איז דאס טאקע די טענה איז א ריכטיקע, אבער זי איז פאראנטפערט געווארן דורך דערויף, וואס בשעת מ'האט געגעבן תורה אידן - האט מען זיי גלייך אנגעזאגט ווי אזוי מ'דארף זיך פירן מיט קינדער גאר פון דער יונגט אן,

און מ'האט זיי אויך געזאגט אז דאס וועט ווירקן און משפיע זיין "גם כי יזקין", אפילו ווען דאס איז אין אזא צייט, אין אזא עלטער, פון די קינדער, וואס מ'זעט ניט בגלוי ביי אים קיין ענין פון הבנה והשגה (פון פארשטאנד),

דאס מאכט אבער אויף אים אן איינדרוק, און א טיפן איינדרוק, וואס "גם כי יזקין" האט דעמולט אויך מאכט דאס אן אונטערשייד, און אויב ס'איז גיווען א גוטער איינדרוק - אן אונטערשייד לטובה.

הנחה פרטית בלתי מוגה

- און -

און ס'איז נאך דא, ווי מ'האט אויך איצטער אנטפלעקט, אז ס'איז נאך דא אזויגע אלינדרוקן וואס זיינען נאך ווירקלעכער ווען זיי קומען ווען דער קינד איז ערשט ניט לאנג געבארן געווארן, גייט דאס אריין טיפער, און דאס ווירקט זיך אויס שטארקער, ווי אט די איינדרוקן וואס ער באקומט ווען ער איז שוין נאך בר מצוה אדער בת מצוה, אדער בן חמש בן שש, אדער די יארן פריער אדער שפעטער.

וואס דאס קומט בהמשך צו די רייד האמורים צו די קינדער (וואס געפינען זיך דא, אדער וואס הערן, אדער וואס מ'וועט זיי איבערגעבן), אז כאטש אפילו זיי דארפן דאך ווארטן און מקבל זיין די הוראה און די ערציאונג פון זייערע עלטערן - איז דאך אבער שוין דא זאכן וואס זיי ווייסן שוין, וואס א איד מיינט, און וואס אידישקייט מיינט, און וואס א אידישער קינד מיינט.

ווערט דאס זייער זכות, און זייער אחריות, און זייער שליחות, פון דעם אויבערשטן אליין, אז זיי זאלן באלעבן און ליכטיק מאכן די הויז צוזאמען מיט די אלע וואס געפינען זיך אין דער הויז, דורך דערויף וואס זיי וועלן זיך פירן ווי עס דארף צו זיין.

און פונקט אזוי ווי די עלטערן דארפן זיך ניט אפשרעקן פאר שוועריקייטן ווען מ'דארף דורכפירן דעם אויבערשטן'ס שליחות בכלל, און דעם אויבערשטן'ס שליחות וועגן דער ערציאונג פון די קינדער בפרט -

אזוי אויך דארפן זיך קינדער ניט שרעקן פון דורכפירן זייער שליחות,

טאקע אויך אן אופן פון "כבד את אביך ואת אמך", מיטן גרעסטן כבוד, צוזאמען דערמיט אבער - בעטן איין מאל, און צוויי מאל, און מערער מאל, אז די הויז זאל זיך פירן אין אן אופן אז דער אויבערשטער זאל קענען זאגן (און טאן אזוי בפועל) "ושכנתי בתוכם", זיין אין דער הויז, דערפאר וואס דאס איז א הויז א אידישע אין אלע אירע איינצלהייטן.

און דא זעט מען נאך א פלא: ווייבאלד אז א קינד איז דאך ניט אזוי שטארק ווי זיינע עלטערן, איז קומט אים אן דורכפירן די שליחות א סאך לייכטער ווי עלטערן דארפן דורכפירן זייער שליחות בנוגע צו אנדערע אידן אדער בנוגע אפילו צו קינדער.

וואס מ'זעט דאך, אז עס טרעפט אמאל, אז ווי אזוי קען מען אויספירן ביי א צווייטן אידן ער זאל זיך פירן ווי א איד **דארף** זיך פירן - הויבט מען אן טאקע מיט דרכי נועם און מיט דרכי שלום, אמאל אבער דארף מען אויך אנקומען צו זאגן אים א שטרענגען ווארט.

עד"ז אויך אין דער ערציאונג פון עלטערן פון זייערע קינדער, איז אמאל איז געוויינטלעך אז מ'רעדט מיט די קינדער בדרכי נועם ובדרכי שלום - פאלגן די קינדער.

אמאל קומט אבער אויס, אז מ'דארף זיי זאגן א שטרענגען ווארט, ביז ווי מ'זאגט אז "חושך שבטו שונא בנו" (משלי יג, כד) אז דער וואס היט זיך אויס ניט צו זאגן קיין שטרענגען ווארט, אדער עד"ז בנוגע צו א קינד, זאל ער ניט מיינען אז ער טוט אים דערמיט א טובה, נאר ס'איז דא א צופאל אדער א מצב וואס מ'דארף אנקומען צו א שטרענגען ווארט אדער צו א שטרענגע באוועגונג, כדי באווארענען אז דער קינד זאל זיך אליין ניט מזיק זיין.

זעט מען אבער, אז קינדער זאלן אויספירן ביי עלטערן - דארפן די קיינמאל ניט אנקומען צו שטרענגקייט, ווארום די ליבשאפט פון אמת'ע עלטערן צו קינדער, איז דאס אין אזא אופן, אז בשעת דער קינד רעדט בדברים היוצאים מן הלב, מיט הארציקע ווערטער, און גיט צו פארשטיין ווי אזוי דאס איז אים נוגע, דארף ער ניט

אנקומען ח"ו צו שטרענגקייט אין דעם רעדן מיט די עלטערן - ער דארף נאר **באוויזן**, און די עלטערן זאלן זיין איבערצייגט, אז דאס איז אים באמת נוגע ווי די שטוב זאל זיך פירן, ווי אזוי מ'זאל זיך גרייטן צו פסח, און ווי אזוי מ'זאל פירן זיך פסח.

און אט דעמאלט איז א זיכערע זאך, אז ער וועט רעדן הארציק, און רעדן איינמאל און צוויי מאל און דריי מאל, און באווייזן א ביישפיל אז ער אליין איז דאך אויך נעמט אייגטייל אין דעם, און רעכנט זיך ניט מיט זיינע שוועריקייטן.

איז זיכער, ווי מ'זעט דאס אין טעג טעגליכן לעבן, אז ס'איז א זיכערע זאך אז דער זון אדער די טאכטער, ואדרבה אויב זיי זיינען נאך גאר קליין און גאר יונג - איז "נער ישראל ואוהבהו" (ס' הישר לר"ת שי"ג, הובא בשל"ה שעה האותות אות ל' (סט, א)).

פונקט אזוי ווי ביי "אבינו שבשמים" מיט די אידן, איז בשעת די אידן רעדן מיט אים ווי קינדער רעדן צו א פאטער, איז אט דעמאלט "כרחם אב על בנים" איז דער אויבערשטער מקיים זייער בקשה -

אזוי האט דער אויבערשטער אריינגעגעבן בטבע פון יעדער פאטער און פון יעדער מוטער, אז עס קומט צוגיין די טאכטער אדער דער זון, אפילו (אדער **אדרבה**) ווען זיי זיינען נאך גאר קליין און יונג, און מ'בעט בא זיי, און מ'זאגט מיט א הארציגן אופן, אז זיי ווילן אז די שטוב זאל זיך פירן אין דעם און דעם אופן, און מ'זאל זיך גרייטן צו פסח אין א באשטימטן אופן.

און ער זאגט זיי צו אז ער וועט נעמען איינטייל און פרעגן די שאלות וכו' - איז א זיכערע זאך אז זיי וועלן ניט האבן קיין שוועריקייטן און זיי וועלן ניט דארפן אנקומען צו א גרויסע טירחא, אז דער פאטער און די מוטער זאלן דאס טאן, און זאלן דאס טאן בשמחה ובטוב לבב, און זאלן דאס טאן אין דער פולסטער מאס.

און וואס נאכמערער, אז אפילו אויב מאיזו סיבה שונה ומשונה איז דא א פאטער אדער א מוטער וואס אים ווייזט זיך אויס, אדער איר ווייזט זיך אויס, אז דאס איז ניט אויף אזויפל בויטיק, און מ'דארף זיך אזויפל ניט מטריח זיין, און מ'טוט דאס מערניט (ווי זיי ווייזט זיך אויס) כדי צו נאכגעבן די קינדער -

איז נוסף צו דעם אמת'ן נחת וואס זיי האבן גלייך, זעענדיק אז זיי האבן קינדער וואס זיינען פארקאכט און לעבן צוזאמען מיט זייערע עלטערן, אין דער זעלבער הויז, ומתוך שמחה וטוב לבב -

איז א זיכערע זאך, אז גאר בקרוב וועלן זיי זעען אין דערויף, אז נאך מערער וויפיל זיי האבן אויפגעטאן פאר די קינדער, דורך ערפילן זייער בקשה - האבן די קינדער אויפגעטאן פאר די עלטערן אין אלע הינזיכטן, סיי בגשמיות סיי ברוחניות.

וואס דאס איז אויך דער סך הכל פון דעם ריידן, וואס דאס איז געווענדעט צו יעדער קינד און צו אלע קינדער (און די וואס זיי הערן ניט - זאל מען זיי דאס איבערגעבן).

אז זיי זאלן וויסן זיין, אז דער "שליסל" (ווי מ'רופט דאס אן) ליגט בא זיי אין האנט, און אויב זיי וועלן קומען צוגיין און רעדן הארציק, און מתוך כבוד, צו דעם פאטער און צו דער מוטער, אז זיי ווילן אז עס זאל זיין א אידישע הויז אין אלע הינזיכטן.

ובפרט אין די טעג פאר פסח, זאל מען זיך גרייטן צו פסח אין אן אופן אז עס זאל זיין א **כשר'ער** פסח, וואס דאס ברענגט אויך מיט אז עס זאל זיין א **פריילעכער פסח** -

איז א זיכערע זאך אז זיי וועלן דאס אויספידן, זיי דארפן נאר רעדן הארציק, און דארפן רעדן ניט איינמאל נאר מערער מאל אבער ניט "נודזשען", ווי זיי רופן דאס דא אן, און מ'דארף דערצו ניט אנקומען, ווארום ס'איז דאך (ווי געזאגט פריער) בשעת קינדער רעדן מיט עלטערן דערגרייכט דאס אין די טיפענישן פון דער הארץ פון די עלטערן - ווילן גאר די עלטערן (און טוען דאס בשמחה ובטוב לבב) ערפילן דעם פארלאנג פון די קינדער, אפילו ווען זיי פארשטייען נאך ניט דעם טעם אמיתי פארוואס מ'דארף זיך אזוי פירן.

ובפרט נאך אז מ'האט די הבטחה פון דעם אויבערשטן, אז בשעת מ'איז מקיים זיינע מצוות אין אן אופן פון "נעשה **קודם** לנשמע", איז צום אלעם ערשטן איז מען **מקיים** א מצוה, און דערנאך איז א זיכערע זאך אז עס וועט אויך קומען דער "נשמע", "ונבין" (אין דעם אפטייטש פון פארשטייען).

ס'איז מערניט ווי א שאלה פון זמן, אבער די הכנות צו פסח קען מען ניט אפלייגן אויף שפעטער, בפרט נאך ווי בעה"ב'סטעס טענה'ן אז פסח דארף מען זיך אנהויבן גרייטן וואס פריער, כדי עס זאל זיין די צוגרייטונג ווי עס דארף צו זיין, און דער פסח ווי עס דארף צו זיין.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז די קינדער וואס האבן נאך (מאיזו סיבה שתהי') ניט געטאן אין דער ריכטונג, אדער געטאן נאך ניט אין דער גאנצער שלימות, אין דער גאנצקייט וויפל מ'דארף אין דערויף טאן -

זאלן זיי גלייך ממשיך זיין, אדער אנהויבן, טאן אין דעם, אוועקגיין און וויסן אז זיי זיינען געשיקט געווארן פון דעם אויבערשטן אליין, וואס האט אזוי אנגעזאגט בתורתו, אז קינדער זאלן זיין "והשיב לב אבות על בנים".

זי זאלן אוועקגיין יעדערע צו זיין פאטער און צו זיין מוטער, סיי א זון סיי א טאכטער, און רעדן מיט זי וועגן אידישקייט בכלל, און וועגן די צוגרייטונגען צו פסח במיוחד.

און צוזאגן זיי, און באווייזן אויך א ביישפיל, אז זיי מיינען דאס מיט אן אמת, און נעמען אין דערויף איינטייל.

און דעמאלט האט יעדער קינד און אלע קינדער, סיי זין און סיי טעכטער, די הבטחה פון דעם אויבערשטן (ס' הישר לר"ת שי"ג, הובא בשל"ה שער האותות אות ל' (סט, א)). אז "דברים היוצאים מן הלב נכנסים אל הלב ופועלים פעולתם", אז זיי וועלן רעדן הארציק וועלן זיי זיכער אויפטאן,

וואס דאס איז דאך געזאגט געווארן פאר יעדער מענטשן בנוגע צו א צווייטן מענטשן, גאר אין א גרויסער מאס און גאר אין א לייכטן אופן קומט דאס אן ווען קינדער רעדן מיט עלטערן.

און דאס **זאל** אראפקומען, און **וועט** אראפקומען, במעשה בפועל,

אז "בנערינו ובזקננו בבנינו ובבנותינו" גרייטן זיך אלע צוזאמען צו דעם יו"ט פון "חג המצות" און "חג הפסח" און "זמן חירותנו", אין א פריילעכן אופן און אין א גוטן אופן און אין א שלימות'דיקן אופן.

און מ'האט אלע צוזאמען א גוטע הכנה, און גוטע טעג וואס זיי גרייטן צו צו פסח, און דערנאך ערב פסח, און דערנאך פסח אליין.

און דאס ווערט אויך א צוגרייטונג, ווי עס שטייט אין מדרש (ירושלמי תענית פ"ד ה"ה. תוס' שבת קטז, רע"א ("כדאמר במדרש (ילמדנו)")). אז אידן זיינען געשטאנען באם בארג סיני מקבל זיין די תורה איז דאס בדוגמא ווי קינדער וואס

געפינען זיך אין בית הספר אויף מקבל זיין פון זייערע לערער, עד"ז אויך ווי קינדער זיינען מקבל הוראות פון זייערע עלטערן.

איז בשעת די קינדער וועלן ממלא זיין די שלימות פון דעם אויבערשטן, צו רעדן מיט זייערע עלטערן, ווי געזעדט פריער, און אויך - טאן אליין וואס ענגט אפ אן זיי -

וועלן די אלע הבטחות מקויים ווערן, און מ'וועט גיין ל"בית הספר", יעדער איד און אלע אידן וועלן אנהויבן ציילן גלייך נאך דעם ערשטן סדר, אויף מארגן, מיט ליבשאפט און מיט בענקשאפט ("אגדה" הובאה בר"ן סוף מס' פסחים) ווען וועט שוין קומען דער "תעבדון את האלקים על ההר הזה" (שמות ג, יב) דער טאג און דער זמן פון מקבל זיין די תורה "בית הספר", באם בארג סיני.

און דערנאך אלע צוזאמען בויען דעם משכן, בדוגמא ווי ס'איז געווען דעמאלט נאך מ"ת, דער ענין פון יוהכ"פ, און נדבות המשכן (אין וועלכע קינדער האבן זיך באטייליקט, צוזאמען מיט פרויען און צוזאמען מיט מענער, צוזאמען מיט זייערע פאטערס און צוזאמען מיט זייערע מוטערס).

אז כן תהי' לנו אין די הכנות צו פסח, אנהויבנדיק פון די קינדער וואס "הם הכירוהו תחלה", אז זיי אנערקענען, און ברייגנען דאס אראפ במעשה - דורכפירן די שליחות פון דעם אויבערשטן, וויסנדיק אז דער אויבערשטער היט זיי נאך זייענדיק אין גלות.

ווי ס'איז געווען בימי צאתך מארץ מצרים, ווי חז"ל דערציילן (סוטה יא, ב. שמו"ר פ"א, יב) אז פארוואס איז "הם הכירוהו תחלה" - דערפאר וואס זיי האבן? ווי אזוי דער אויבערשטער היט זיי אויס פון אלע שווערקייטן און זי זאלן האבן זייער אכו"ש אויך כפשוטה.

האט דאס געבראכט צו "הם הכירוהו תחלה" בא קרי"ס, און דערנאך אין די טעג און די יארן לאח"ז.

ביז וואנעט אז מ'איז געקומען אויך צו דעם יאר ובמקום הזה, אין "שנה השביעית שבת לה'", או אין גלות, אין ארה"ב.

וואס אע"פ וואס דאס איז טאקע א מלכות של חסד, און מ'קען דארטן פירן זיך אין אידישקייט אין דער פולסטער מאס - איז אדרבה, דאס איז נאכמער מדגיש דעם זכות מיט דער התחייבות און אחריות וואס מ'האט, אויף טאן דאס גרעסטע און דאס בעסטע בנוגע צו אידישקייט, און דורך דערויף ממהר זיין דעם "אחישנה" פון די לעצטע טעג פון גלות.

און אט דעמאלט וועט מען אויך זען אז "הם הכירוהו תחלה", אט די אלע קינדער וואס האבן שוין געטאן, נאכמערער טאן, אדער הויבן אן טאן מלכתחלה, אין אויספירן דעם אויבערשטן'ס שליחות - אריינברייגנען די ליכטיקייט פון "נר מצוה ותורה אור" (משלי ו, כג) אין זייער הויז, אנהויבנדיק פון זייער נשמה און פון זייער גוף, פון זייער פערזענלעכער אויפפירונג,

און דורך דערויף מאכן ליכטיק אין די לעצטע טעג פון גלות, בדוגמא ווי ס'איז געווען אין גלות מצרים אז "לכל בני ישראל הי' אור במושבותם" (בא יא, כג). נאך זייענדיק אין גלות, ווען אין גאס איז געווען א חושך, ביז אין אן אופן פון "וימש חושך" (שם, כא).

וואס דאס היילט נאכמער צו, און מ'קומט צו דעם "והי' לך ה' לאור עולם" (ישעי' ס, יט. וראה שם, כ) אז געטליכקייט מאכט ליכטיק די גאנצע וועלט, און עס קומט די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

ד. מ'האט דאך פריער גערעדט בנוגע וואס מ'לערנט אפ פון א קביעות פון איין יאר על כל השנים כולם.

עד"ז איז אע"פ וואס דאס וואס ס'איז דאך א ניסן און א פסח וואס דאס איז אין "שנה השביעית שבת להוי'" איז דאך דאס איין מאל אין זיבן יאר,

איז אבער דער לימוד וואס מ'נעמט פון דעם, איז דאס לאו דוקא אז דאס הייסט אז אין **דעם** יאר דארף מען זיך אזוי פירן, דאס איז א לימוד וואס שטייט **בהדגשה** אין דעם יאר, על מנת אז מ'זאל דערפון זיך אפלערנען על כל השנים כולם.

די ראי' אז דאס איז א דרך אזוי אין הלכה און אין תורה, איז - פון דעם כללות ענין פון יצי"מ, וואס (ווי מ'האט דערמאנט פריער) דארף דאך דאס זיין "למען תזכור את יום צאתך מארץ מצרים **כל** ימי חייך" (שם טז, ג) ביז אפילו לרבות הלילות, ביז אפילו לרבות אויך ימות המשיח.

צוזאמען דערמיט איז דא א זמן מיוחד בשנה וואס דעמאלט איז דער ציווי ביתר שאת וביתר עוז, וואס דאס איז אין "זמן חירותנו" און "חג המצות" בכלל, און לילה הראשונה במיוחד.

[ביז וואנעט אז מ'מאכט דאך דעמאלט א ברכה, כמבואר די שקו"ט באחרונה אויף וואס עס גייט די ברכה וואס מ'זאגט אין הגש"פ].

על מנת אז דאס זאל באלעבן, און מוסיף חיות זיין, אין די זכירת יציאת מצרים וואס איז דערנאך דא בכל יום ויום.

וואס עד"ז איז דאך דאס אויך אין "זמן מתן תורתנו", וואס מ'איז דאך מחוייב אין תלמוד תורה בכל יום ויום, אויך לרבות הלילות און לרבות ימות המשיח, ווי מבואר אין הלכות ת"ת (נאך **מערער** ווי דער **ציווי** אין זכר יציאת מצרים).

ביז וואנעט אז מ'זאגט אז אויב ער האט געלערנט **כל היום כולו**, און אין דעם טאג, אין דעם מעל"ע, איז געווען א רגע אחד וואס ער האט געהאט אן אפשריות ללמוד תורה ולא למד - איז דאס ניט נאר וואס ער האט עובר געווען אן עבירה סתם, נאר דאס איז איינע פון די הארבסטע עבירות, ביז דאס איז נוגע אין עוה"ז און אין עוה"ב, ווי די גמ' זאגט אין סנהדרין (צט, סע"א) און דער אלטער רבי ברייננגט דאס גלייך אראפ אין אנהויבס פון ספר תניא קדישא (פ"א).

און אעפ"כ, איז דא א זמן מיוחד בשנה וואס ער ווערט אנגערופן "זמן מתן תורתנו" - וואס דעמאלט איז דאס נאך ביתר שאת וביתר עוז.

ניט ח"ו אז דאס זאל ווירקן מערניט ווי אויף דעם זמן אליין, נאר מ'נעמט דערפון מיט א תוספת כח אין דעם ענין פון מ"ת וואס איז דא בכל יום.

כמבואר בפירוש פון ברכת התורה, "נותן התורה", אויך ניט נאר א שם התואר נאר "נותן התורה" ע"ש הפעולה, **לשון הווה** (לקו"ת תזריע כג, א) - אז "מה להלן באימה וביראה וברתת ובזיעה", בשעת זמן מתן תרותנו - איז "אף כאן", אז מ'לערנט תורה בכל מקום ובכל זמן, דארף דאס אויך זיין "באימה וביראה וברתת ובזיעה" (ברכות כב, א).

פון וואנעט נעמט מען אבער דעם כח אויף דעם, פון וואנעט לערנט מען דאס אפ (וואס דערפון ווייס מען אויך דעם מקור אויף נעמען דעם כח אויף דעם, ווייבאלד אז מ'לערנט דערפון אפ) איז, ווי די גמ' זאגט, אז ווייבאלד אז אזוי איז געווען "להלן", בשעת מ"ת, איז דאס גיט דעם כח, און דאס לייגט ארויף דעם חיוב אז אזוי זאל זיין "אף כאן", ווען מ'לערנט תורה.

וואס עד"ז איז דאס אויך בנוגע צום ענין פון יצי"מ בפסח ובכל השנה, ועד"ז, ווי געזאגט פריער, אט דאס וואס מ'לערנט אפ דערפון, פון דעם פסח וואס געפינט זיך ב"שנה השביעית שבת לה'" - ווערט דאס א לימוד און א תוספת כח אין דער הוראה וואס מ'נעמט דערפון ארויס, ווי מ'איז דערנאך מקיים די הוראה בכל השנים כולם, אע"פ וואס דאס איז ניט קיין שנת השמיטה.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט כמה ענינים בתורה וואס זיינען געווען בפעם אחת, במקום מסויים, און דערנאך איז "נזכרים ונעשים", און מ'נעמט דערפון ארויס א הוראה **בכמה** מקומות **ובכמה** זמנים, ביז אזויגע הוראות וואס זיינען **בכל** מקום **ובכל** זמן.

אע"פ וואס כאמור איז דאס ניט דער ענין ווי דער ענין אין הלכה פון "פעולה נמשכת", וואס דעמאלט איז דאך אויך: וואס מ'טוט די פעולה לכאו' אן איין און איינציקן מאל, און דערנאך איז נמשך די פעולה, ביז אז דערפון קומען ארויס כמה הלכות אין כל הימים שלאח"ז.

בדוגמא ווי געזאגט בנוגע צו ברכת התורה, אז מ'מאכט די ברכת התורה פעם אחת ביום, איז דערנאך נמשך די פעולה פון דער ברכה על כל היום כולו (שו"ע אדה"ז או"ח סמ"ז ס"ז. וש"נ) ביז גאר (לכמה דעות - שם) - נאך מערער ווי אויף דעם יום, ס'איז מערניט וואס דערפאר וואס "נעשה כברי' חדשה" (שם ס"ד ס"א) וכו'.

אבער פעולה נמשכת איז דאך ענינה אז ס'איז ניטא קיין הפסק באמצע, אויב ס'איז דא א הפסק - דארף מען דערנאך האבן נאכאמאל א פעולה.

וואס עד"ז איז דא בכמה ענינים, ווי ס'איז דא דער ענין אויך בנוגע צו מילה, וואס ווערט דאך גערעכנט א פעולה נמשכת (ראה מפענ"צ פ"ה סי"ח. וש"נ) דערנאך איז דא "מושך בערלתו", (רמב"ם הל' מילה פ"ג ה"ח. ראה אבות פ"ג מי"א (וברבינו יונה ורע"ב שם)) וואס בכמה ענינים ווערט דאס אן ענין של הפסק המילה, און דערפאר דארף זיין דערנאך א פעולה מחדש כדי אז עס זאל זיך נאכאמאל אנהויבן די פעולה נמשכת אדער באנייען די פריערדיקע.

ועד"ז נאך בכמה ענינים.

און נאכמערער וואס מ'געפינט - אז דאס איז פועל, כאמור, אין דעם ענין אפילו אז ע"פ תורה דארף זיין א הפסק באמצע, און אעפ"כ איז דאס דערנאך פעלו לאחרי ההפסק, מ'דארף ניט אנקומען צו א פעולה מחדש.

בדוגמא ווי מ'זאגט אז מ'לערנט אפ פון חג הפסח א הוראה פון שנה השביעית וואס זי איז נוגע צו יעדער פסח צי די שנים וואס זיינען **ניט** קיין שנת השמיטה. איז דאך דא א הפסק צווישן איין פסח מיט צווייטן, מיט כמה ימות השנה, במילא איז דאך לכאו' ניט שייך צו זאגן אויף דערויף אז דאס איז די פעולה פון פריערדיקן פסח, ס'איז דאך אין מיטן דורכגעגאנגען כמה ימים און די פעולה איז ניט געווען, איז דאך דאס נפסק געווארן.

געפינט מען אבער אויך בכגון זה אויך, און דאס געפינט מען בכמה מקומות בתורה, ביז וואנעט אז דערמיט קען מען פארענטפערן כמה ענינים וואס זיינען לכאו' ניט פארשטאנדיק, ובכמה מקצועות.

כמדובר כמ"פ, אז ס'איז דאך "תורה אחת", און ווי די גמ' זאגט אין סנהדרין (כנראה כוונתו לסנהדרין צט, ריש ע"ב) אז ווען מ'איז לומד הורה במקום אחד איז זי מלמדת זכות אומעטום,

וואס אין דעם לשון און אין די ענינים פון הבנה והשגה, ווי מ'זעט דאס בפשטות: אז עס קומט צו א ידיעה אין איזה מקצוע שבתורה, איז ניט קוקנדיק אויף

די כללים אז מ'לערנט ניט אפ "איסורא מטומאה לא גמרינן" (יבמות קג
"איסורא ממונא לא ילפינן" (ברכות יט, ב. וש"נ) מיט כמה שינויים ו
ע"פ תורה, אין חלקי ההורה -

איז אבער דא א נקודה משותפת אין כל עניני התורה.

וואס דאס איז (ווי גערעדט אין א פריערדיקע התוועדות) אט דאס
אין ירושלמי (ר"ה פ"ג ה"ה. תוד"ה אלא - כריתות יד) אז "דברי תורה
זה" און "עשירים במקום אחר", איז דער אפטייטש (דער פנימי) בזה אי
ס'איז דא **איין** ענין אין תורה, אדער **עטליכע** ענינים אין תורה, וואס
"ענים במקום זה" און מ'דארף אנקומען צו א ביאור "במקום אחר", וואס
דער ענין **בעשירות**.

נאר **יעדער** ענין אין תורה דארף אנקומען, אין זיין הבנה
העניינים שבתורה.

ווי מזעט דאס אויך בפשטות, אז בשעת מ'ווערט מערער "למדן"
בתורה - האט דאס אויך א השפעה אויף זיין הבנה והשגה בשאר עניני הת

וואס מצד דערויף איז יעדער ענין אין תורה האט ער אין זיך
ווערט אנגערופן בשם "עניות", ווארום כדי אים צו פארשטיין דארף ער
מיט א ק"ו, מיט א גז"ש, מיט אלע מדות שהתורה נדרשת בהן - אפ
צוויילטן ארט.

ובלחד ע"ז האט ער אויך אין זיך "עשירות" פון וועלכע מ'לערנט
עניני התורה.

און אעפ"כ איז דאך בענין זה, וואס דער ענין איז "עשיר"
אנגערופן על שמו, און די שאר ענינים שבתורה וואס לערנען דערפון
פון אים מקבל.

בדוגמא ווי דערמאנט בנוגע צו זכר ליציי"מ, אז דאס איז דא
יום, ס'איז דא ווי דער חיוב איז בתוקף (ביז אין א ברכה מיוחדת
פון ימי הפסח (וואס דערפאר אז מ'זאגט "ימי צאתך מארץ מצרים" פארב
מיט ניסן, "בניסן נגאלו", און מיט "זמן חירותינו", וואס מ'זאגט
השנה כולה.

ווארום אע"פ וואס בכל יום איז "חייב אדם לראות עצמו כ
ממצרים" [וואס דאס איז דאך א חיוב אין הלכה, ביז אין מעשה בפועל
שפתיו הוי מעשה"], ווען זאגט זיך ארויס "זמן חירותנו" אין א נוסח
אנשי כנסת הגדולה, און אין תפלת העמידה, וואס דארטן טאר ניט זי
וכו' - איז דאס דוקא אין אט די טעג וואס זיי זיינען באצייכ
חירותנו", ווארום זיי זיינען די "עשירים" אין דעם ענין, און פון
אפ אז אלע איבעריקע טעג פון יאר זאלן אויך זיין "עשירים", אע"פ
זיינען זיי "עניים במקום זה".

וואס ע"ז קען מען פארענטפערן כמה ענינים בתורה, ובהקדם,
אויך א דבר (לכאו') תמוה:

די משנה זאגט אין שקלים אז ס'איז געווען אזויפיל און
במקדש, כו"כ ענינים, און יעדערער האט געהאט א ממונה, און רעכנ
פ"ה מ"א) די נעמען פון די ממונים, יוחנן בן פנחס על החותמות פת
פתחי' זה מרדכי ("פתחי'") איז געווען אויף דער לשכה, "יוחנן" א
וכו'.

זאגן מפרשים (בהבא להלן ראה: ירושלמי שקלים פ"ה ה"א. רע"ב, תוי"ט ופה"מ להרמב"ם למשנה. קה"ע (ועוד) לירושלמי שם), אז ניט דער פשט, אז יעדער ממונה בכל דור ובכל השנים שביהמ"ק הי' קיים האט געהייסן "מרדכי" אדער "פתחי'" אדער "יוחנן" וכו', נאר מ'רעכנט אויס מערניט ווי היותר כשרים.

און דערפאר זאגט מען דאס אז "לא בזמן אחד היו" (ל' הרע"ב שם. והוא ע"פ הירושלמי שם (וראה קה"ע שם)), ווארום עס קען ניט זיין אז אין דעם זעלבן זמן זאלן אלע דרייצן גבאים זיין די כשר'סטע און די בעססטע פון כל השנים כולם, אמאל (בשנה זו) איז דער ממונה דער כשר'סטער, און בשנה אחרת איז א צווייטער ממונה, האט מען צוזאמענגעקלבין די ממונים פון שנים שונות און מ'האט זיי דערמאנט.

וואס דאס איז דאך א דוחק גדול ביותר, וואס דערפאר זיינען דאך מפרשים (רע"ב שם בשם "ורבותי פירשו" (וראה תוי"ט כאן - מקור הרע"ב)), אויך מפרש, אז כל הממונים וואס זיינען געווען אויף דער לשכה וואס ס'איז געווען בזמנו מרדכי - איז נקראים על שמו.

איז ניט דער פשט, אז מ'האט געמוזט משנה שם זיין, בשעת מ'האט אים געמאכט א ממונה על הלשכה, ער זאל הייסן "מרדכי" אדער "פתחי'" אדער "יוחנן" וכיו"ב, וואס דאס שטייט ניט אין קיין מפרש, ס'איז א דבר תמוה, ולא אישתמיט בשום מקום אז מ'זאל אזוי זאגן.

נאר וואס דען - דאס איז נקראים על שמו.

וואס אט דא ווערט דאך די שאלה: א שם איז א דבר חשוב ביותר, בפרט נאך לויט תורת הבעש"ט (שעהיוה"א פ"א) אז "שמו אשר יקרו לו בלשון הקודש" איז דאס איז אים מהוה ומחי' ומקיים, לויט תורה פון דעם מגיד (לקו"א סרמ"ד (בהוצאת קה"ת - נח, ג ואילך) או"ת ס"פ בראשית (בהוצאה הנ"ל - ד, סע"ג ואילך)), אויף "וכל אשר יקרא לו האדם נפש חי' הוא שמו" (בראשית ב, יט) [דער זעלבער ענין, אבער ער פארבינדט דאס מיטן פסוק אז שמו איז דאס איז דער "נפש חי'" שלו].

וכמדובר כמ"פ, אז יעדער ענין וואס ווערט געבראכט אין חסידות (אדער אין קבלה) מוז ער האבן אויך א רמז, אדער שטיין בגלוי, אויך אין תורת הנגלה -

זאגט די גמ' (יומא פג, ב. וראה "תשובות וביאורים" לכ"ק אדמו"ר שליט"א ס"א), אז "ר"מ הוי' דייק בשמא", אז בשעת ר"מ האט דערהערט אז פלוני הייסט בשם מסויים, האט ער געדרש'נט דעם נאמען, און האט דערפון ארויסגענומען תוצאות, ביז בנוגע למעשה בפועל, כסיפור הגמ' (שם).

ס'איז קיין פלא ניט פארוואס ס'איז דא אזוינע וואס בא זיי איז דאס א דבר תמוה, און זיי פרעגן אויף דערויף שאלות, און מ'זאגט אז דאס איז "פשט'לאך" האט קיין שייכות ניט צו הלכה ח"ו, וכו' -

ווארום דער זעלבער ענין איז נאך געווען בזמנו של ר"מ, דערציילט די גמ' (עירובין יג, ב) אז ר"מ (איז) "לא יכלו חבריו לעמוד על סוף דעתו".

דערפון גופא וואס די גמ' זאגט אז "ר"מ הוי דריש בשמא" - איז דאך א סימן אז דאס איז געווען א דבר חידוש וואס מ'האט דאס ניט געזען סתם בכל אחד ואחד, מ'האט דאס געפונען בא ר"מ'ן.

ביז וואנעט אז מ'האט דאס מדגיש געווען, אז ווער האט געהאט בכח ארויסצוקריגן פון שם האדם ווי אזוי עס וועט זיין הנהגתו בפועל אין דעם און דעם זמן און דעם און דעם מקום - אויף דערויף האט מען געדארפט האבן דעם "דעתו", און "סוף דעתו" פון ר"מ.

ווייבאלד אבער אז דאס ווערט א טייל פון תושבע"פ, ביז אז מ'זאגט אז אין דערויף איז געווען א מעשה בפועל, וואס ס'איז דא א "מעשה רב" (שבת כא, א. וש"נ).

גיט דאס א הוראה, אז בשעת מ'געפינט אז ס'איז דא אן ענין של שם - איז ווייבאלד אז דאס איז ע"פ תורה, איז דאס ניט א שם "הסכמי" (ווי עס שטייט בלשון פון גדולי ישראל, נאר דאס איז א נאמען וואס ווערט דערנאך פארבונדן מיט דעם אשר יקראו לו בלשון הקודש.

ביז וואנעט אז דאס איז נוגע אויך לפועל.

וואס אויב דאס איז אזוי בנוגע צו שמו של האדם, וואס ווערן אנגערופן דורך דעם פאטער מיט דער מוטער, א סתם אידן, און א פשוט'ן אידן (אויף וויפל א איד קען זיין "פשוט"), זאגט מען דאס אזוי.

ביז אפילו מ'זאגט, ווי די גמ' ברייננגט בנוגע צו ר"מ'ן, אז דאס איז געווען בנוגע צו "כידור", וואס ער איז געווען אן אדם בלתי רצוי, בלתי הגון וכו'.

עאכו"כ אז דער נאמען וואס ווערט אנגערופן אין ביהמ"ק, און אידן וואס ער איז נתמנה געווארן אין ביהמ"ק אויף א גאנצן ענין עיקרי אין הנהגת ביהמ"ק - איז דאך א זיכערע זאך אז דער נאמען איז דאס ניט סתם א "שם הסכמי" כדי מ'זאל וויסן א סימן צו וועלכע לשכה ער האט א שייכות וכיו"ב -

נאר דאס איז אן ענין וואס איז נוגע צו דער הנהגה, צו דעם תפקיד וואס איז אויף אים ארויפגעלייגט געווארן.

וואס אט דא ווערט דאך די שאלה: אט דאס וואס ס'איז געווען תפקידו און די כשרות, און די הנהגה פון מרדכי ("זה פתחי'") בזמנו ווען ער איז געווען א ממונה - איז דאך דאס פארבונדן מיט זיין נאמען, דערמיט איז פארבונדן זיין הנהגה וכו'

דערציילט די משנה, אז אין כמה שנים ודורות לאח"ז, האט דעם וואס מ'האט ממנה געווען אויף דער זעלבער לשכה - וועט ער האבן אין זיך אט די ענינים וואס זיי זיינען פארבונדן מיטן שם "מרדכי" אדער "פתחי'" אדער "יוחנן" און שאר השמות וואס ער רעכנט אויס אין דער משנה.

וואס דערפון איז ווי מ'זעט אין "דבר משנה" אז עס קען זיין א זאך וואס איז געווען בזמן מרדכי, און דערנאך זאל דאס פועל זיין אין כמה דורות לאח"ז, אין דעם ממונה על הלשכה - אט דאס וואס עס האט אויפגעטאן (עכ"פ מעין זה) דער "שמו אשר יקראו לו" בשם מרדכי.

וואס ס'איז דאך געווען זיכער א תוכן אין דעם נאמען, אט דאס וואס "ר"מ דריש בשמא", איז דאך ניט דער פשט אז ר"מ האט דאס אויפגעטאן ער האט דורש געווען אין דעם שמו.

איז דערפון פארשטאנדיק אויף אנדערע שמות וואס מ'ווייסט ניט וואס ר"מ האט דורש געווען - אבער דער שם האט א דרוש אין זיך, און האט אין זיך א תוכן, ס'איז מערניט דער חסרון - מ'דארף געפינען דעם "ר' מאיר'ן" וואס ער וועט דורש זיין אט דעם נאמען.

אבער דער נאמען האט זיכער אין זיך א תוכן, און חסרון ידיעה איז ניט קיין חסרון (להעיר גם מסדר ברה"נ לאדה"ז פ"א ס"ה), פונקט אזוי ווי ספק ידיעה איז אויך ניט קיין ספק.

וואס עד"ז געפינט מען א דבר פלא וואס איז פארבונדן מיט פסח, און א דבר פלא וואס איז פארבונדן מיט שביעית, און וואסביידע ענינים קען מען מבאר זיין עד"ז.

און דאס איז, וואס מ'געפינט בנוגע צו פסח, וואס מ'זאגט אז גלייך נאכן סדר, גלייך אויף מארגן איז "וספרתם לכם ממחרת השבת" הויבט זיך אן דער "תספרי" דער ענין פון ספירת העומר, מיט די גאנצע אריכות ווי ער איז מבאר.

ווערט דאך אויף דערויף די גאנצע שקו"ט אין מנחות (סה, ב. בהבא להלן ראה לקו"ש חי"ב ע' 96 ואילך), וואס איז דער אפטייטש פון "ממחרת השבת"? צי דאס איז "ממחרת" פון "שבת בראשית", אדער "ממחרת" פון יום ראשון של פסח, וואס דאס איז דער יו"ט של פסח, מיט די גאנצע שקו"ט צווישן חכמי ישראל מיט די צדוקים.

מיט דער מסקנא, ביז ווי ריב"ז, מיט די גאנצע אריכות השקו"ט, אז ס'איז בפשטות אז "ממחרת השבת" מיינט מען דאס (ניט ממחרת שבת בראשית, נאר) ממחרת יו"ט של פסח.

ווערט דאך אבער די שאלה: נאך די אלע הסברות, איז וואס דארף דער פסוק זאגן דעם לשון "השבת", און מ'וועט דארפן געפינען ערטער אז יו"ט ווערט אויך אנגערופן בשם "שבת" (ראה תורה תמימה לאמור שם, לב) במילא איז קיין קשיא ניט פארוואס עס שטייט "ממחרת השבת", אע"פ וואס מ'מיינט ממחרת יו"ט ראשון של פסח -

עס האט דאך לכתחלה געקענט שטיין "ממחרת הפסח", וואלט מען ניט געדארפט אנקומען צו די ספירות, מיט דעם פתרון הספיקות, מיט די גאנצע שקו"ט.

די קשיא ווערט נאכמערער: ער זאגט אין מדרש (קה"ר פ"א, ג. הובא ונתבאר בלקו"ש שם) אז ס'איז דא צוויי פסוקים, איין מאל שטייט אז ס'איז "שבע שבתות תמימות", און אמאל שטייט "ארבעים ותשעה יום".

און דער חילוק איז, אז אויב עס הויבט זיך אן "ממחרת השבת", ממחרת שבת בראשית, איז אט דעמאלט איז דאס "שבע שבתות תמימות", אויב דאס הויבט זיך אן אין אמצע השבוע, ניט ממחרת "שבת בראשית" - איז אט דעמאלט איז דאס "ארבעים ותשע יום".

וואס אין דערויף זעט מען דאך נאכמערער, אז דער קס"ד "ממחרת שבת בראשית" - האט אן ארט אין תורה, ביז וואנעט אז מ'זאגט אז דעמאלט איז דאס אן ענין פון "שבע שבתות תמימות", וואס דאס איז דאך א מעלה אין ספירת העומר, כמבואר אין חסידות אין וואס די מעלה באשטייט.

עכ"פ, אויך אין נגלה א מדרש, איז דאך אויך א ספר פון נגלה, אע"פ וואס "אגדה שבס' ע"ל שרוב סודות התורה גנוזים בה" (ווי דער אלטער רבי זאגט בנוגע צו "עין יעקב" (אגדות שבגמ') (אגה"ק סכ"ג (קלז, א)).

ווערט דאך די שאלה נאכמערער, אדער פארקערט - דאס איז דער ענטפער אויף דער שאלה, פארוואס עס שטייט "ממחרת השבת" - ווארום דאס איז אויך א נקודה,

עס בלייבט נאך אבער די קשיא שטארק: פארוואס איז טאקע אויב אזוי דא דער חילוק: וויבאלד אז "ממחרת השבת" מיינט ממחרת הפסח - איז פארוואס איז דא אן עילוי ווען דאס איז ממחרת שבת בראשית?

וכיו"ב געפינט מען בנוגע צו שביעית (וואס כאמור לעיל איז דער פסח פון שנה דו איז דאס "בשנה השביעית שבת לה'", וואס זי איז שנת השמיטה).

וואס אע"פ וואס אזוי איז דאך שמיטה אין ארץ הקודש (ירושלמי שביעית רפ"ו. רמב"ם הל' שמיטה ויובל פ"ד הכ"ה) מצוות התלויות בארץ, איז דאך אבער שמיטת כספים אויך בחו"ל, (רמב"ם שם פ"ט ה"ג. טושו"ע חו"מ ר"ס ס"ז), ווי דער אלטער רבי ברייננגט דאס אראפ לפס"ד להלכה אין הלכות הלואה שלו (סעיף לד).

וואס דערפאר מאכט מען דאך דעם "פרוזבול" אין סוף שנת הששית (שו"ע אדה"ז שם סל"ו) און דערנאך אויב מאיזו סיבה מ'האט דאס ניט געמאכט - מאכט מען דאס דערנאך (שו"ע אדה"ז שם) כמדובר אמאל בארוכה די גאנצע שקו"ט שבדבר.

וואס בנוגע צו "שבע שנים" איז דאך דא (ווי געזאגט פריער) אט דאס וואס ס'איז דא די שנה השביעית פון כלל ישראל, וואס זי איז א שוה בכל נפש: ס'איז דא די "שש שנים תזרע שדך ושש שנים תזמור כרמך ובשנה השביעית שבת שבתון יהי' לארץ שבת לה'" (בהר כה, ג-ד) און דערנאך איז דא א "שמיטה" און "שנה השביעית" פון אן איש פרטי, וואס דאס איז בנוגע צו אן עבד פרטי.

וואס דארט זאגט מען דאך אויך "שש שנים יעבוד ובשביעית יצא לחפשי חנם" (משפטים כא, ב. ובראה טו, יב: כי ימכר לך אחיך העברי או העברי' ועבדך שש שנים ובשנה השביעית תשלחנו חפשי מעמך), איז דאך דער פס"ד אז דאס מיינט מען בשנה השביעית שלו, ניט די "שנה השביעית" פון כלל ישראל, נאר "בשנה השביעית" שלו, נאך דערויף ווי "שש שנים יעבוד".

אעפ"כ געפינט מען אין מדרש (שמו"ר פ"ל, טו. - הבא להלן שייך להערה במכתב כללי די"א ניסן שנה זו ד"ה "באפריס..חוב") אז דער אויבערשטער האט געזאגט, אז פונקט אזוי ווי ס'איז דא כמה שביעית אזוי איז אויך דא די שביעית פון דעם אויבערשטן, פון "שש שנים תזרע שדך", אזוי דארף אויף זיין ביי אן עבד "ובשביעית יצא לחפשי חנם".

דערנאך איז נאך די קשיא ווערט נאך מערער: אז מ'גיט א קוק אין זהר אין דער פרשה וואו עס רעדט זיך וועגן שביעית, אין ר"פ בהר (ח"ג קח, א) - דערמאנט ער דארט אויך בנוגע צו עבדים.

און זאגט, אז "בהאי נייחא דארעא", אין דעם יאר וואס דעמאלט איז דא דער "נייחא דארעא", דער "תשבות הארץ", "אז תרצה הארץ את שבתותי.. והרצת את שבתותי'" (בחוקותי כו, לד) וואס דאס איז די שביעית פון כלל ישראל, וואס ב"ד האבן קובע געווען פאר כלל ישראל דעם זעלבן יאר - איז אט דעמאלט איז "בהאי נייחא דארעא" איז "נייחא דעבדין".

אויך די מנוחה און דער "בשביעית יצא לחפשי", ווי ער איז דערנאך מסיים, אז דאס איז וואס אן עבד איז "בשביעית יצא לחפשי חנם".

וואס עפ"ז קומט דאך אויס א חידוש גדול, אז דער זהר קריגט אויף פשטות לשון הגמרא והפוסקים וכו', אז ס'איז א דבר פשוט אז "בשביעית יצא לחפשי חנם" מיינט מען דאס די "שביעית" של הפרט, של היחיד.

און פוקנט אזוי ווי ס'איז דאך א כלל בתורה (ראה בהנסמן ביד מלאכי כללי שני התלמודים ס"ל) אז מ'דארף ממעט זיין במחלוקת צווישן בבלי און ירושלמי, עד"ז אויך - צווישן נגלה דתורה און סודות התורה, אז אויב נאר ס'איז דא א מעגליכקייט אויף אויסגלייכן, איז אט דעמאלט איז דאס איינע פון די כללים, זאגן ניט אז ס'איז דא א מחלוקת, נאר געפינען אין דערויף א דבר המתווך.

וואס כאמור געפינט מען דוגמתו בנוגע צו "שבת", "שבת בראשית", און פסח אנגערופן "שבת", וכיו"ב.

וואס אין דערויף איז די הסברה ווי דערמאנט פריער בנוגע צו "דברי תורה עניים במקום זה ועשירים במקום אחר".

שטייט דאך דער ענין במילואו ולפרטיו - אין דעם ארט וואס ער איז אן "עשיר", און דארטן שטייט ער בתושב"כ, בתושבע"פ, וכיו"ב.

דערנאך קומט צוגיין תושבע"פ און לערנט דערפון אפ אויך אין דעם ארט וואס דער ענין געפינט זיך דארטן אין אן אופן של "עניות".

און אט דעמאלט איז דא די ביידע אופנים: (ב"ק כה, ב. וש"נ) אדער "דון מינה ומינה", אדער "דון מינה ואוקי באתרא", ד.ה. אז דער ענין וואס איז "עשיר" במקום זה ווערט ער אינגאנצען אפגעלערנט אויף דעם צווייטן ארט, ער איז דארט במילואו, אדער "דון מינה ואוקי באתרא" - מ'לערנט פון אים אפ מערניט ווי א טייל אדער א פרט, און אין די אנדערע ענינים בלייבט ער ווי פריער.

ובדוגמא ווי 'מזאגט דאס בא די ממונים על הלשכה: אז ממונים על הלשכה איז געווען א זמן וואס דעמאלט האט דער ממונה על הלשכה געהייסן בגלוי "מרדכי" ו"יוחנן" "פתחי'", מיט די אלע שמות, כמבואר במשנה.

דערנאך האט דאס גע'פועל'ט, אז כל הממונים, בכל הדורות (בזמן שביהמ"ק הי' קיים) איז דער ממונה פון דער לשכה האט געהאט דעם זעלבן נאמען, אע"פ וואס בגלוי האט ער געהאט זיך זיין נאמען "אשר יקראו לו" פריער און אויך שפעטער, וואורום, כאמור לעיל: לא אישתמיט תנא בשום מקום זאגן, אז בשעת מ'האט אים ממנה געווען על הלשכה האט מען איבּ געדארפט משנה זיין דעם נאמען,

און אעפ"כ א נאמען איז "דריש בשמא", האט אין זיך א תוכן - האט ער געהאט דעם תוכן פון דעם נאמען "מרדכי" אדער "יוחנן" וכיו"ב, וואס דערמיט איז פארבונדן זיין מינוי על הלשכה.

עד"ז איז בנוגע צו פסח, "ממחרת השבת", עד"ז איז בנוגע צו דעם זוהר אין ר"פ בהר: אז "בהאי נייחא דארעא" איז אויך דער נייחא פון די עבדים, פון "עבדין", שנאמר "ובשביעית יצא לחפשי חנם":

אז ס'איז דא כו"כ פעמים וואס ס'איז "שבע שבתות תמימות", וואס פסח קומט אויס בשבת (בראשית), במילא דעמאלט איז "ממחרת השבת" כפשוטו, וואס הכל מודים אז אט דעמאלט הויבט זיך אן די התחלה פון ספירת העומר, און מ'האט דעמאלט די מעלה פון "שבע שבתות תמימות", ווי ער זאגט אין מדרש.

אז עס קומט אויף איבער א יאר, וואס דעמאלט טרעפט זיך יום ראשון של פסח באמצע השבוע, איז אט דעמאלט איז ווען דארף מען אנהויבן ציילן ספה"ע - פסק'נט אפ תורה - אז מ'דארף דאס אנהויבן ציילן ממחרת הפסח, ממחרת יום ראשון של פסח, ניט ממחרת שבת בראשית.

איז ניט דער פשט אז עס בלייבט גארניט פון דעם רושם וואס שבת ברייננגט ארייין אין פסח, ווי ער זאגט דאס אין מדרש, אז דאס איז א רושם וואס איז פארבונדן מיט "תמימות", אז "שבע שבתות תמימות" איז דאס דוקא ווען דאס איז ממחרת שבת בראשית (נוסף על העיקר אז דאס איז ממחרת יו"ט ראשון של פסח),

אבער דעמאלט איז דאס ניט בכל הפרטים די תמימות ווי זי איז ווען ס'איז ביידע זאכן: אז יו"ט ראשון של פסח האט געטראפן אויך בשבת קודש, נאר דאס איז אין אן אופן וואס דא איז דאס "עניות" און דאס נעמט פון "עשירות".

ווי דערמאנט פריער אז "מרדכי" האט געהאט די אלע ענינים שבּביה וואס זיי זיינען פארבונדן מיט שם אשר יקראו לו, "מרדכי" אדער "פתחי'" אדער "יוחנן",

וכיו"ב, משא"כ אט די וואס האבן געהייסן בשם אחר, מ'האט זיי אבער ממנה געווען על הלכה - זאגט די משנה אז זיי ווערן נקראים על שמו של מרדכי - האבן זיי אויך מעין זה ווי מ'נעמט דאס פון דארטן.

בדוגמא ווי דערמאנט פריער, אז מ'האט דעם ענין פון "זכור ליציאת" בליל של פסח, מיט א ברכה, מ'האט דעם זעלבן ענין (לכאו') כל ימות השנה, סיי ימים סיי לילות, אבער דעמאלט איז דאס א מעין, און דאס איז "עניות" וואס מ'לערנט דאס אפ פון דער "עשירות" וואס איז דא בלילה ראשונה של פסח.

עד"ז, בשעת מ'זאגט אז ס'איז דא א מעלה וואס פסח באקומט דורך דערויף וואס ער איז חל ביום השבת.

ווי די גמ' זאגט אין זבחים (צא, א) בנוגע צו קרבנות וואס זיי זיינען רגילים במשך כל השנה כולה, בשעת מ'ברייננגט דעם זעלבן קרבן ברגל, אדער דעם זעלבן קרבן בר"ה ויוהכ"פ - איז צי האט דער יוהכ"פ געהאלפן מערניט ווי אויף זיינע קרבנות מיוחדים? - ער אויך מוסיף אין די קרבנות ווי קרבן תמיד וכיו"ב וואס זיי זיינען דא בכל השנה כולה.

דעם זעלבן קרבן ווען ער ברייננגט אים אין א טאג וואס ער האט א קדושה נוספת - איז די קדושה נוספת אויך אין דעם קרבן וואס מ'האט געבראכט בכל השנה כולה באקומט ער אויך א הוספה.

פארוואס קען ער באקומען אט די הוספה - דערפאר וואס ער האט עפעס א שייכות מיט דער קדושה פון יוהכ"פ, ווארום אן ענין וואס האט קיין שייכות ניט איז אט דעמאלט איז דאס ניט קיין כלל אויף באקומען די הוספה.

ביז וואנעט ווי מ'זאגט דאס אויך אין דעם ענין ההפכי, (סנהדרין לז, א (במשנה)) אז ווען פסל'ט א מחשבה - אויב דאס איז א מחשבה אויך אין קדשים, אבער "לא מינא", בשעת ער טראכט וועגן חולין - איז דאס ניט מבלבל צו זיין מחשבה בנוגע צו א קרבן דאס האט צווישן זיך קיין שייכות ניט, קען דאס ניט אנרירן לגריעותא, עד"ז אויך - אין דעם - זה לעומת זה" - בנוגע צו קדושה.

עד"ז איז אויך בנוגע צו שנה השביעית שבת לה', וואס דאס איז דאך (ווי געזאגט פריער) א שנה השביעית פון כלל ישראל, דאס איז אויך א שנה השביעית צו אט דעם עבד וואס דעמאלט ענדיקט זיך זיינע "שש שנים":

בשעת ס'איז דא "שש שנים יעבוד", און ער איז געווארן אן עבד אין שנה הראשונה פון דער שמיטה, דעם ערשטן יאר פון די זיבן יאר - איז אט דעמאלט "שש שנים יעבוד" ובשנה השביעית יצא לחפשי חנם", ווען קומט דאס אויס - אין דער זעלבער "שנה השביעית" ווען דאס איז שנה השביעית פון כלל ישראל.

וואס אין דערויף איז דא צוויי אופנים אויף מסביר זיין:

אדער זאגן אז בשעת זיין שנה השביעית איז בשנה אחרת האט דאס קיין שייכות ניט צו שנה השביעית פון כלל ישראל, וואס מצד דערויף וואס דאס איז די שנה השביעית פון כלל ישראל דארף דעמאלט זיין דער ענין פון חירות, און דער ענין פון "יצא לחפשי", און דער ענין פון חירות הארץ מיט כל הפרטים שבשביעית, אדער זאגן אז עס האט יע א שייכות.

וואס זאגן אז דאס האט ניט קיין שייכות - איז דאס היפך פון דעם גאנצן צוגאנג פון תורה, וואס תורה קוקט אויף יעדער אידן אז ער איז בדוגמא פון כללות עם ישראל, ווי געזאגט פריער "לפיכך נברא אדם יחידי" כדי אז איין איד בכל מקום ובכל זמן זאל וויסן אז ער איז "עולם מלא" (סנהדרין לז, א (במשנה)) ווי ס'איז געווען דער אדם יחידי, אע"פ וואס דעמאלט איז ער געווען יחידי בפועל, און

איצטער איז ע"פ תורה איז דא א ריבוי נבראים - ששים ריבוא מישראל (כללים, דערנאך איז דא פרטים, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא (פל"ז (מח, א)).

עד"ז, זאגן אז די שנה השביעית פון כלל ישראל האט קיין שייכות ניט און קיין קשר ניט צו א שנה השביעית פון א פרט בישראל, פון אן עבד עברי אדער אן אמה העבריי (וואס "בשביעית יצא לחפשי חנם") - איז דאס דער היפך פון צוגאנג פון תורה, וואס קוקט אויף א אידן אז ער איז א טייל פון דעם "קהל גדול", פון דעם ציבור וואס ער איז אן איין און איינציקער ציבור, איין מציאות אבער די באשטייט פון ששים ריבוא מישראל, פון "הרואה אוכלסי ישראל אומר ברוך חכם הרזים" (ברכות נח, רע"א).

וואס איז דער ענין הממוצע, וואס איז מחבר דער שנה השביעית פון א יחיד בישראל מיט א שנה השביעית פון כלל ישראל - אט דאס איז דער ענין הממוצע, "דון מיני' ואוקי באתרא".

בשעת ס'איז דא א מציאות בפועל, אז אן ואמה העבריי זיינען פארקויפט געווארן (אדער ווי ס'איז געווען דער ענין, "ונמכר בגנבתו", וכיו"ב) בשנה הראשונה של שמיטה - אט דעמאלט טרעפט זיך צוזאמען בפועל די שנה השביעית פון דעם יחיד מיט דער שנה השביעית פון דעם ציבור.

און אט דאס זאגט דער זהר, אז אזוי איז דאס בכל פעם ופעם, בשעת ס'איז דא "נייחא דארעא" איז דאס ממשיך אז דאס זאל זיין "נייחא" אין די "עבדין", אע"פ וואס אין זמן - וועט דאס ארויסקומען לאחרי זמן.

בדוגמא ווי געזאגט פריער, אז אויף יעדער פסח זאגט מען אז "ממחרת השבת" דארף מען אנהויבן ציילן ספה"ע - ווארום אין דערויף ווערט נמשך פון "שבע שבתות תמימות", אט דער פסח וואס ער איז אויסגעפאלן אין שבת בראשית - דאס איז דער ממוצע וואס איז מחבר דיביידע ענינים צוזאמען.

פון דעם "שבע שבתות תמימות", וואס דאס איז "תמימות" בפשטות, ווען עס האט זיך אנגעהויבן ממחרת שבת בראשית - איז דאס ממשיך אין דעם ספה"ע וואס ס'איז "ארבעים ותשעה יום", וואס אין אים איז דאך אויך דא דער חיוב פון "תמימות", ווארום אויב ער האט ח"ו איבערגעהיפט א טאג איז בטל דער ענין פון שלימות הדבר, און ער מאכט קיין ברכה ניט מיט די אלע פרטים הקשורים בזה, זעט מען דאך אז ס'איז דא דער קשר ביניהם, אע"פ וואס ער זאגט אין מדרש אז "תמימות" גייט דאס כשחל פסח ממחרת השבת בראשית, אבער פון דעם "תמימות" ווערט אויך נמשך אין "ארבעים ותשעה יום".

עד"ז ווי געזאגט פריער, בנוגע צו די ממונים על הלשכה, עד"ז, ווי געזאגט פריער, בנוגע צו שנה השביעית, ווי ער זאגט דאס אין זהר אז דעמאלט ווערט "נייחא" אויך צו די "עבדין", ביז אפילו בא די עבדים וואס זיי זיינען נמכר געווארן בגנבתו באמצע שנות השמיטה, ווערט דערנאך אין זייער מנוחה, אין זייער "יצא לחפשי חנם", אין דעם חירות שלו - פון דעם "נייחא" פון דער "ארעא", וואס דאס איז דער "נייחא" פון כלל ישראל און פון גאנץ ארץ הקודש - איז דאך פארשטאנדיק אז דאס איז א מנוחה גדולה ביותר.

ווי די ענינים זיינען אין נגלה, עאכו"כ ווי זיי זיינען נדרש ברזי תורה, ביז אין תורת הקבלה, תורת החסידות וכו'.

וואס עד"ז איז אויך נאך דא דוגמאות בכמה ענינים בש"ס, בנוגע לענינינו האט מען דאך אט די דריי ענינים וואס זיינען אלע פארבונדן מיט די ימים אלו שבין גאולה לגאולה.

דער ענין פון ממונה על השקלים, ז'ער שם שלו, די משנה אין שקלים, ז'ער ענין פון הכנות צו ימי הפסח, וואס "בהוציאך את העם ממצרים", יציאת מצרים, איז פארבונדן מיט "תעבדון את האלקים על ההר הזה".

וואס איז דער מקשר בינ־יהם איז דאס דורך דעם ענין פון ספירת העומר, ווי דער ר"ן זאגט בסיום פון מסכתא פסחים, אז איתא באגדה אז אידן האבן געבענקט ווען וועט שוין קומען דער זמן פון "תעבדון את האלקים על ההר הזה", האט מען געציילט די טעג, און דערפון איז דערנאך געווארן די מצות ספירת העומר.

ועד"ז אויך בשנה זו, וואס דאס טרעפט דאך אין שנה השביעית, וואס דער אויבערשטער זאגט, און אין זהר איז ער דאס מגלה און מדגיש, אז שנת "נייחא דארעא" איז דאס פארבונדן מיט "נייחא" פון עבדים, עבד עברי און אמה העברי'.

וואס דאס (כמדובר אמאל בארוכה) איז אויך די שייכות וואס מ'איז מסיים מסכתא פסחים מיט דעם ענין און די מצוה פון פדיון הבן.

וואס בפשטות איז דאך די שייכות אז דעמאלט איז געווען דער פדיון הבן "בני בכורי ישראל" פון גלות מצרים, ווי אויך אין פשטות הכתובים פארבינדט דאך דער פסוק די מצות פדיון הבן מיט דעם ענין פון יצי"מ.

עד"ז אויך, בנוגע וואס ס'איז נוגע "כימי צאתך מארץ מצרים", אבער בזמן הזה, אז מ'דארף דאך האבן אז דער אויבערשטער זאל ארויסנעמען בנו בכורו ישראל פון דעם גלות המר הזה, וואס כל המלכיות נקראו ע"ש מצרים" (ב"ר פט"ז, ד) און אויך ארויסנעמען ווי ס'איז דעמאלט געווען - "לא עכבם אפילו כהרף עין".

וואס דאס איז דאך פארבונדן דערמיט וואס עס ענדיקט זיך דער גלות פון די "שיתא אלפי שני הוי עלמא" (ר"ה לא, א) און עס ווערט דער "ובשביעית יצא לחפשי חנם", דער אלף השביעי, וואס די הכנה לזה הויבט זיך אן אין אלף הששי,

ווי אפגעשמועסט און גערעדט כמ"פ בארוכה (ראה גם לקו"ש חט"ו ע' 282 וש"נ).

און ווי דער אוה"ח איז מבאר בארוכה אין דער פרשה פון היינטיקע וואך (פ' צו י, ב) אז ע"ד הרמז איז כל הפרשה, די גאנצע פרשה ראשונה פון פ' צו, רעדט זיך בנוגע צו גלות זה האחרון.

און איז מסיים אז די גאולה דארף זיך שוין אנהויבן, או האט זיך שוין אנגעהויבן אין שנת ת"ק לאלף הששי (ראה לקו"ש שם ע' 42).

אז כן תהי' לנו, אז אע"פ וואס פון דעמאלט איז שוין דורכגעגאנגען כו"כ שנים, וכו' "קיצין", און ר"ל - כו"כ ענינים בלתי רצויים.

וואס אין כאן המקום דערמאנען א דבר המבהיל וואס האט געטראפן צו "בני בכורי ישראל" דוקא צווישן ת"ק ושנים אלו -

זאל דער אויבערשטער זאגן "קץ שם לחושך" און טאן דאס אזוי בפועל, ובלשון הרמב"ם "ישראל נגאלין מיד ממש", ע"י משיח צדקנו.

אז דער אויבערשטער איז פודה בנו בכורו ישראל פון אלע ענינים של עבדות, ווי ער זאגט אין תקו"ז (תנ"ו (צא, א), און מרומז אויך אין גמ' אין עירובין (נד, א) אז דאס איז חירות מיצה"ר און חירות מאוה"ע און הירות מכל ענינים בלתי רצויים.

און דאס איז פארבונדן מיט "חרות על הלוחות" (תשא לב, טז. וראה אבות פ"ו מ"ב), מיט "תעבדון את האלקים על ההר הזה".

זאל זיין די גאולה האמיתית והשלימה בלשון הרמב"ם (ווי געזאגט פריער) "מיד" ממש.

איז בדרך ממילא וועט מען מסיים זיין די הכנות צו פסח מתוך שמחה וטוב לבב, ביז אין אן אופן אז דערנאך וועט זיינן דער פסח אין אן אופן אז מ'וועט זאגן הלל ביז אז "פקע איגרא" (פסחים פה, סע"ב), מ'וועט שפאלטן דעם "דאך", וואס דאס איז דאך א דבר המפסיק, בפשטות, צווישן דעם מטה מיט דעם מעלה, ביז וואנעט אז עס ווערט גאר א באזונדער רשות.

זאגן אידן הלל, און מ'זאגט "הלל הגדול" (פסחים קיח, א. וראה הגש"פ הנ"ל פיסקא "הודו לה' וגו'"). פועל'ט מען די גדלות פון דעם אויבערשטן דא למטה, און עס ווערן בטל כל המדידות וההגבלות והמיצרים וגבולים.

"ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים", און עס וועט זיין דער "שמחים בבנין עירך וששים בעבודתך", צוזאמען מיט אמירת הלל וואס מ'זאגט דאס שוין ערב פסח, און דערנאך זאגט מען דאס נאכאמאל.

וכמנהג חב"ד, ווי דער ראגאטשאווער פסק'נט אפ (שו"ת צפע"נ (ירושלים תשכ"ח) ח"ב תש"ח), אז אזוי איז דער דין בכל אחד ואחת, אויך בלילות של פסח, און מיט אלע פרטים, ווי ער ברייינגט דארט בארוכה, ניט נאר בתפלה נאר אויך אין דעם סדר הלילה, צוזאמען מיט די קינדער, לאחרי אמירת "מה נשתנה" ו"עבדים היינו".

וואס כמבואר אין מפרשי ההגדה (ראה הגש"פ הנ"ל פיסקא "הללוי' הללו - למעינו מים". וש"נ) איז דאך דער צווייטער טייל פון סדר, כולל אויך די אמירת הלל שבו מיט דעם סיום בברכה, איז דאס כנגד גאולה העתידה לבוא ע"י משיח צדקנו בקרוב ממש.

און עס וועט זיין די גאולה "מיד", וועט בדרך ממילא זיין דער "לשנה הבאה בירושלים" בכל ימי השנה, עאכו"כ אין די מועדים ורגלים הבאים לקראתינו לשלום.

און מ'וועט זיך גרייטן צו זיי "בנערינו ובזקננו בבנינו ובבנותינו", און מתוך שמחה וטוב לבב.

ה. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה "כי ישאלך" גו'.

ו. אין די אלע פרטים וואס מ'האט גערעדט אין די התוועדויות הקודמות, אז פון יעדער פרט קען מען אפלערנען א הוראה וואס זי איז דא "דון מינא ומינה", על אתר און פון איר לערנט מען אפ "באתרא", בכל מקום.

עד"ז ווי דאס איז אין קביעות בשנים, וואס דאס איז שנת השמיטה, און קביעות בחדשים, און קביעות בימי השבוע וכו' -

איז דאך אויך דער טאג פון היינט איז דאך דא דער יום הששי פון פ' צו. וואס דאס איז דאך אויך דא אין דערויף שינויים משנה לשנה, וואס אלעמאל איז דער טאג (י"א ניסן) פיר טעג פאר ימי הפסח נאך "בעשור לחודש" און פאר ערב פסח, י"ד בחודש, עאכו"כ פאר חמשה עשר בחודש.

ס'איז אבער דא שינויים בנוגע צו דער וואך, ווי די וואך שטייט אין תורה, ובשנה זו איז דאס פרשה צו, און אין ימי השבוע עצמם, קען דאך דאס זיין אין פארשידענע טעג פון דער וואך, אויף פיר אופנים:

וויבאלד אז מ'זאגט בנוגע צו פסח אז "לא בד"ו פסח" (פס"ז עה"פלך לך יז, יג. אמור כג, טור או"ח סתכ"ח) אז פסח קען ניט זיין ניט ביום השני ניט ביום הרביעי ניט ביום השישי, עס קען אבער זיין אין די אנדערע פיר ימים בשבוע - איז דערפון אויך פארשטאנדיק בנוגע צו י"א ניסן קען זיין פיר טעג בשבוע וואס דעמאלט זאל דאס חל זיין.

און ס'איז דא א הוראה מיוחדת ווען דאס איז חל ביום השישי, פונקט ווי ס'איז דא א הוראה מיוחדת ווען דאס איז חל אין דער שבוע פון פרשה צו.

וואס כמדובר כמ"פ, איז בשניהם איז דאך דא כו"כ פרטים, און דערפון פארשטאנדיק - אויך כו"כ הוראות.

איז אין צו גופא איז דא די הוראה עיקרית - אין "שמו אשר יקראו לו בלשון הקודש", וואס עס ווערט אנגערופן בשם "צו", וואס צו אליין האט זיך דאך אויך כמה פרטים ועבינים.

אנהויבנדיק פון פשוטם של כתובים, ווי רש"י ברייננגט אראפ (ר"פ צו, מתו"כ עה"פ) וואס ענין רש"י איז דאך "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא (פרש"י עה"פ בראשית ג, ח) אז "צו" איז דאס "אין צו אלא לשון זירוז מיד ולדורות".

איז בשעת עס רעדט זיך וועגן דער וואך - איז דאס א וואך וואס גיט א זירוז, און דער זירוז איז עד כדי כך - אז ס'איז "מיד" און אויך "לדורות".

וואס דערפון איז אויך גלייך פארשטאנדיק אין וואס עס באשטייט די הוראה, אז ס'איז דאך דא דער לימוד התורה און קיום המצוות, און ער טוט דאס בשלימותו, ביז אז דאס איז שלימות ע"פ התורה.

און דערנאך איז נאך דא אין אן אופן אז ס'איז נאך דא דער ענין פון "זריזין מקדימין" (פסחים ד, א. וש,נ), וואס דעמאלט איז "**מקדימין** למצוות".

וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין הזריזות, וואס זריזות איז א מדה בפני עצמה, מיט כמה פרטים, ביז וואנעט ווי די מסכתא סוטה [וואס איר הויבט מען דאך אויך אן לערנען ממחרת השבת ("היום יום" ע' נא), כמדובר כמ"פ] איז דארט מבאר (בסיומה) ווי אזוי פון זריזות ווי אזוי מ'קען קומען צו כו"כ מעלות הכי גדולות, ביז צו ביאת אליהו הנביא, וואס ער איז אויך דער מבשר ביאת משיח צדקנו, (ראה פרש"י עה"פ בחוקותי כח, מב) און דער מבשר פון "והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם", כמבואר אין סוף נבואת "מלאכי" [וואס ער איז דאך געווען דער סיום פון נביאים אחרונים], און די הקדמה און מ'גייט גלייך אריבער אין "יום הוי' הגדול הגבור והנורא".

איז דאס איז די הוראה (כמדובר לעיל) מיט די אלע פרטים וואס איז דא אין זריזות, כמבואר אין ספרי מוסר (מסילת ישרים), און אראפגעבראכט אויך אין חסידות (ראה אגה"ק סכ"א), ובכ"מ -

דארף דאך זיין דער ענין הזריזות, נאך דער גאנצער שלימות וואס ער האט בכל הענינים - דארף נאך צוקומען אז דאס זאל אלץ געטאן ווערן [ב]זריזות,

און אין זריזות גופא קען דאך זיין כמה דרגות - איז דאס אזא זריזות וואס דאס פועל'ט ניט נאר "מיד", נאר יעדער וואס קוקט ווי אזוי ער פירט זיך, עאכו"כ בניו ובני בניו, וואס זיי זיינען דאך די דורות שלאחריו, איז זיין זריזות פועל'ט אויך, און ער טוט דאס אין אזא אופן - אז עס זאל זיין אויך "לדורות" - "מיעוט רבים שנים" - בנו ובן בנו, וואס דעמאלט איז "מחזרת על אכסני' שלו".

בדוגמא ווי די גמ' זאגט (ב"מ פה, א) בנוגע צו תורה, אז אויב ס'איז דא "מפיך ומפי זרעך ומפי זרע זרעך" (ישעי' נט, כא) איז "התורה מחזרת על אכסני' שלה", איז דערפון אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דעם לימוד שמביא לידי מעשה: אז די תורה קערט זיך אום, נאך דערויף ווי ס'איז דא די ג' דורות - איז דאך קערט זיך אום במילא אויך די תוצאות פון לימוד התורה, וואס דאס איז דער ענין המצוות ואופן קיומם - אז ס'איז אויך אין אן אופן של זריזות.

וואס דערמיט קען מען אויך מבאר זיין דעם מאמר תמוה, ווי אויך דערמאנט מערניט ווי ברמז, וואס די גמ' (סנהדרין צט, א) זאגט "אמר רבי" (אין סנהדרין), די גמ' פרעגט דארטן "כמה ימות המשיח", "אמר רבי" אז דאס איז ג' דורות, לא פחות ולא יותר.

וואס דאס איז דאך אויך דער רמז (ווי שוין געזאגט פריער (טבת) "לדור ודור נספר תהלתך" (תהלים עט, יג) איז דאך דא דער דור וואס ער איז מספר, און וועמען דערציילט ער - "לדור ודור" - צוזאמען דריי דורות.

און מ'זאגט אז דאס איז ימות המשיח, וואס דריי דורות איז דאס "מפי, ומפי זרעי, ומפי זרע זרעי", וואס אט דעמאלט ווערט דאס "אכסני' שלו",

וואס דאס איז אויך דער "זירוז מיד ולדורות", איז בדרך ממילא ווערט דאס דערנאך אן ענין פון "לעולם", אן א הפסק, וואו"ב מחזרת על הכסני' שלו.

ובנוגע לפועל מיינט מען דאס בפשטות, אז די אלע ענינים וועגן [וועלכע] עס האט זיך גערעדט.

בנוגע צו דעם מבצע פסח בכלל, און דעם מבצע פון ילדי ישראל במיוחד, אז זיי זאלן "איינעמען" יעדערער זיין הויז, אין דרכי נועם ודרכי שלום, און "כבד את אביך ואת אמך", אבער ביז אין אן אופן אז "והשיב לב אבות על ידי בנים".

זאלן זיי דאס איינעמען אויך אין אן אופן של זריזות, וואו"ב יפה שעה אחת קודם ורגע אחד קודם.

ובפרט אז מ'שטייט שוין אין די ד' ימים נאך דעם "בעשור לחודש".

און דערנאך, עד"ז אין שאר הפעולות, סיי פון די קינדער וואס זיי דארפן דאך מאכן פון דער גאנצער הויז אז זי זאל זיין א אידישע הויז במשך כל השנה כולה.

וואס דאס האט דאך אויך א ווירקונג באופן ישר, כמבואר ומובא בכתבי האריז"ל (הובא בבאה"ט אד"ח ר"ס תמז. אז דער וואס איז נזהר פון א משהו חמץ בימי הפסח - איז מובטח לו אז דער גאנצער יאר וועט זיין א כשר'ער יאר, שלא יכטל.

וואס דאס איז ניט קיין סתירה אז ס'איז דא הבחירה והרשות והיכולת ניתנה - אבער מצד מצבו ומעמדו איז בדוגמא ווי מ'זאגט "לא יאונה לצדיק כל און" (משלי יב, כא).

וואס תוס' זאגט דאך דארטן (גיטין ז, א (ד"ה השתא)), א סברא אז דאס איז מערניט בנוגע צו עניני אכילה אין הקב"ה מביא תקלה, משא"כ אין אנדערע עניניס.

אין דעם לשון פון כתבי האריז"ל איז ניטא אט די הגבלה, און מזאגט אז בשעה ס'איז דא די זהירות פון משהו המץ,

[illegible] די קינדער פירן דאס אוים, ובפרט נאך אז זיי טוען אין דעם כדבעי - [illegible] אויך אויס כדבעי - האט מען א כשר'ע הויז במשך כל השנה כולה, ביז אין

אן אופן פון "לא יאונה" צו "עמך כולם צדיקים" (ישעי' ס, כא) קיין ענין בלתי רגיל.

אין דערויף גופא איז אויך דא וואס עס קומט צו די הוראה פון יום הששי. וואס יום הששי האט א צד מיוחד מיטן יום השלישי, און אויך א שינוי ביניהם.

וואס כמדובר בארוכה אין די פריערדיקע התוועדויות בקשר לזה וואס חג הפסח הויבט זיך אן ביום השלישי, במילא איז אויך דער **ראש חודש** ניסן (וואס ער איז כולל התחלת הפסח, דעם **ראש** פון פסח) הויבט זיך אויך אן ביום השלישי,

דער אויפטו פון יום השלישי איז - "שהוכפל בו כי טוב" (פרש"י עה"פ בראשית א, ז).

אין יום הששי שטייט אויך צוויי מאל טוב, אין דערויף איז אבער דא א שינוי: אין יום השלישי שטייט צוויי מאל "כי טוב", אין יום הששי שטייט דעם ערשטן מאל "כי טוב", און דעם צווייטן מאל שטייט "טוב" - אן א "כי" לפנ"ז.

ס'קומט אבער צו א הוספה אין יום הששי, אז דעם צווייטן מאל וואס עס שטייט "טוב" - איז ער גלייך מוסיף אז דאס איז ניט סתם טוב - נאר דאס איז "טוב **מאד**".

וואס די מעלה אין יום השלישי, איז נוסף על הענין וואס יום השלישי איז "פסח", דאס איז דאך דער פעם הראשונה אז מ'האט צוויי מאל "טוב", וואס "כל התחלות קשות" (מכילתא (הובא בפרש"י) עה"פ יתרו יט, ה. היד"ה פסיעה - תענית י, ב) משא"כ לאח"ז.

די מעלה פון יום הששי, אז דא איז ניט נאר "טוב", נאר "טוב מאד", און אויך א הוספה וזהו בזה תלוי:

דער יום השלישי (ווי רש"י איז מפרש) האט מתקן געווען (דעם צווייטן מאל "כי טוב") - דעם יום השני שלפנ"ז.

וואס עס טוט זיך אין יום הרביעי והחמישי - איז דאס ווייס מען ניט וואס דארט ווערט אויפטאן דער "יום השלישי", און ווייבאלד אז מ'זאגט אז זיינע צוויי מאל "כי טוב" איז דאס **זיינער** "כי טוב", און "כי טוב" למלאות דעם "כי טוב" וואס האט געדארפט זיין "ביום השני" - איז לכאו' האט דאס ניט קיין פעולה אויף די ימים שלאח"ז.

בשעת מ'זאגט "טוב מאד" אין יום הששי - איז דער פסוק אליין מגדיר אז ניט דאס גילט מערניט ווי אויף די פעולות פון יום הששי, נאר "וירא אלקים את **כל** אשר עשה והנה טוב מאד" (בראשית א, לא).

די אלע פעולות פון אלע **ששת** ימי בראשית, וואס דאס איז כולל די פעולות עד סוף כל הדורות, וואס יעדער וואך חזר'ט זיך איבער נאכאמאל מתחלתו דער יום ראשון און יום שני, כמדובר ומבואר בכ"מ (ראה גם לקו"ת **שה"ש** כה, א) פועל'ט אויף דער יום הששי דעם "טוב" אויף "כל אשר עשה".

אויף יום הששי איז בפשטות פארשטאנדיק אז ס'איז דא צוויי מאל "טוב", נאר אין "כל אשר עשה" איז ער אויך טוט ער אויף דעם "טוב", פארוואס קען דאס זיין - דערפאר וואס דאס איז "טוב מאד", וואס דאס איז העכער ממדידה והגבלה.

אין "כל אשר עשה" בפשטות איז דאך אויך נכלל דאס וואס ס'איז באשאפן געווארן ביום השלישי "שהוכפל בו כי טוב", איז נוסף אויף די צוויי מאל "כי טוב" וואס שטייט אין יום השלישי מצד עצמו - קומט נאך צו נאך א דריטער מאל "טוב מאד" וואס איז פועל אויף "כל אשר עשה" ביום השלישי.

וואס בפשטות איז דאס פארשטאנדיק, בדוגמא ווי מ'זאגט אויף א פטר, אז מ'רעכנט זיך דערביי וואס ס'איז געשריבן אין פורה האחרונה, אזוי איז "הכל הולך אחר החיתום" (ברכות יב, א).

אזוי ווי דעמאלט איז געווען "ויכל אלקים את כל אשר עשה" - איז אט דעמאלט איז געווען דער ענין פון "וירא אלקים את כל אשר עשה" איז דאס "והנה טוב" - ווארום דאס נעמט זיך פון "טוב מאד".

וואס די הוראה בפשטות, ווי געדערדט כמ"פ "המעשה הוא העיקר" (אבות פ,א מי"ז), אז עס זאל ארויס אין פועל, נוסף אויף די הוראה אז מ'דארף האבן "זריזות", און "זריזות" אין אן אופן עד כדי כך אז דאס פועל'ט אויך "לדורות", און דאס פועל'ט נאכמער "לדורות" - ווערט דאס אן ענין על הזקה פון פלטה (לכל הדיעות) (ב"מ קו, ב).

דארף מען נאך האבן אז דאס זאל זיין אין "טוב", און וויבאלד אז "הוכפל בו כי טוב" - איז דאס טוב הנראה והנגלה, אז די "בריות" זעען דאס אויך,

עאכו"כ אז דאס איז "טוב מאד" - איז דאס למעלה מכל הכברר והבנה והשגה - קען ניט שטיין אויף דערויף "כלי" "כלי" באווייזט אויף א טעם - דאס איז העכער פון א טעם און א הסברה, ווארום דאס נעמט זיך פון "מאד".

און דאס פועל'ט ע"י מעשינו ועבודתינו אין אלף השפי, וואס דאס איז בדוגמא פון יום השבי, ווי ער זאגט אין רמב"ן, (עה"ת - עה"פ בראשית ב, ג. וראה גם רמב"ן עה"פ משפטים כא, ב) און דער ניטעלער רבי איז מבאר בארוכה בכמה מדרושיו (הו"ח סדי"ה ואלה המשפטים).

פועל'ט דאס דוקא אין סיום העבודה, "וינצלו את מצרים" (בא יב, לו) - מקבץ זיין או צוזאמענקלייבן כל ניצוצי הקדושה, וואס דאס ווערט אויפגעטאן אין עקבתא דמשיחא, און אין דערויף גופא - אין די לעצטע טעג פון גלות, בימים אלו ממש.

פועל'ט דאס אויף דעם גילוי פון "טוב מאד", און דאס פועל'ט אויף דעם גילוי פון אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקו, "מאד", ווי "בתורתו של ר"מ" מצאו כתוב והנה טוב מאוד והנה טוב מות (ב"ר פ"ט. ה). וואס ס'איז דאך געווען געשריבן "מות" און דאס ווערט איבערגעקערט.

און דאס ווערט אין אן אופן פון "מאד" ווארום "והקיצו ורננו שוכני עפר" (ישעי' כו, יט), מיט דער מעלה וואס עס קומט צו בא זיי ע"י דעם ענין פון תחיית המתים.

ביז ווי דאס קומט אראפ לפועל דא למטה, אז נשמות בגופים, מתוך חיים ארוכים וטובים בטוב הנראה והנגלה, איז דאך אויך דא דער ענין פון "תחיית המתים", כל מאן דנפיל מדרגא קדמאה דהוה בי' קארי' בי' מותה "מאן דנפיל מדרגי'" איז דאך "אקרי מיתה" ווי ער זאגט.

אין זהר (זח"ג קלה, ב) איז ער איבער **מתי'** און הויבט אים אויף און איז אים מקשר מיט "**מתי'** הילים" ווי די גמ' זאגט אין יומא (עא, א. וראה לקו"ש חי"ד ע' 461 ואילך).

ביז ער איז אים מקשר מיט "כבודו ובעצמו" פון "מלך מלכי המלכים הקב"ה".

און דאס ווערט אויפגעטאן ע"י מעשינו ועבודתינו, אנהויבנדיק פון ענין שהזמן גרמא, וואס דאס איז דער מבצע פסח פון קינדער, סיי אינגעלעך און סיי מיידעלעך, און מבצע פסח בכללותו.

כולל אויך דער ענין פון "קמחא דפסחא", פון "מעות חטים" (רמ"א או"ח ר"ס תכט. שו"ע אדה"ז שם ס"ה), אז עס זאל זיין די שמחה ניט נאר הוא ובני ביתו, נאר מיט אלע אידן, ביז אפילו "הגר אשר בקרבך" (ראה טז, יא. רמב"ם הל' יו"ט פ"ו הי"ח. שו"ע אדה"ז או"ח סתקכ"ט ס"א) שנתגייר **כהלכה**, במילא איז ער "**בקרבך**".

וואס דאס איז אויך כולל און ס'איז פארבונדן און עס גייט צוזאמען מיט מבצע "אהבת ישראל", און מיט מבצע חינוך און מיט מבצע תורה און מיט מבצע תפילין, און מיט מבצע מזוזה, און מבצע פון צדקה, "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'",

און דער מבצע פון נרות שבת קודש, ובפרט נאך בנוגע צו "שבת **הגדול**", איז דאך די נרות אויך פון "שבת הגדול", ולאחרי זה די נרות פון ימי הפסח, וואס דאס קומט דאך צוזאמען מיט דער ברכה פון ברכת "שהחיינו וקיימנו והגיענו לזמן הזה".

און דער מבצע פון כשרות האכו"ש או דער מבצע פון טהרת המשפחה.

וואס זיי אלע ברייגען די טהרה, "אשריכם (משנה סיום מס' יומא) ישראל לפני מי אתם מטהרין ומי מטהר אתכם).

ז. ס'איז דא נאך א ענין אין י"א ניסן, וואס די ערשטע טעג פון ניסן זיינען דאך פארבונדן מיט די "נשיאים",

וואס דאס איז דער נשיא לבני אשר, וואס אין דערויף איז דאך דא שוין אפגעדרוקט דער ביוור פון דעם טאטן (ירמי' יז, יג) וואס ער איז דארט מבאר בארוכה כמה פרטים בענין זה, וואס ס'איז שוין אויך (כאמור) אפגעדרוקט.

וואס איינע פון די נקודות דארטן, אז "אשר" איז דאך ווי ער זאגט אין חומש (ולצא ל, יג. וראה תקו"ז תי"ל (עד, ריש ע"ב). תו"א תולדות יח, סע"ב. שמות נג, ב) אז דאס איז ע"ש וואס "באשרי כי אשרוני בנות", דער ענין התענוג.

און דאס האט אויך א שייכות [כאטש ער דערמנאט דאס דארטן ניט], צום ענין פון חג הפסח, וואס דארט איז דא די גימטרי' פון תק"א, ווי ארפאגעבאכט אין סידור האריז"ל, און אויך ווי דער ביאור פון ר"ש אסטרופאלייער, ווי שוין אויך געדרוקט בכ"מ און אויך בכמה הגדות - אז מ'זאגט אויף דערויף דעם לשון "**אשר**", וואס דאס איז אויך מלשון "אשרי", און דאס איז מבטל די תק"א, וואס דאס איז די גימטרי' פון די עשר ענינים בלתי רצויים, וואס "עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים" (אבות פ"ה מ"ד), אז ס'איז געווען דער "והבדיל" צווישן אידן און ניט אידן בענינים אלו, כמבואר אין די מפרשים פון מסכתא אבות.

עכ"פ בנוגע לעניננו - אז דאס איז דער ענין **התענוג**, וואס דער ענין התענוג איז דאס אויך פארבונדן מיט למעלה ממדוה"ג אין כחות האדם, וואס תענוג און רצון זיינען דאך פון די כחות מקיפים, און אין זיי גופא איז דאך דא די צוויי סברות, כמבואר בארוכה אין המשך פון ס"ו (סד"ה לך לך, זאילך), און דערנאך איז די מסקנא אז תענוג איז דאס "אין למעלה מעונג", ווי דער לשון אין ספר יצירה (ס"ל פ"ב מ"ד).

וואס דאס איז דער כח הכי עליון אפילו אין כחות מקיפים.

דערפון אויך פארשטאנדיק ווי דאס איז למעלה - בנוגע אויך צו פעולות האדם דא למטה.

און ווי מובן אויך אין פעולות פון "אדם העליון", ווי ער איז מבאר אין די כוונות פון תק"ש ע"פ הבעש"ט, ווי ער ברייגגט דארט אויך אראפ אז כל הענינים (הדברים) חוזרים לקדמותם (לעצמותם) און דערנאך ווערט דאס נמשך מלמעלמ"ט- הויבט ער דארטן אויך אן פון דעם ענין התענוג.

און [illegible] ווערט נמשך (כמדובר) ביז "אשר ברא אלקים לעשות", (בראשית ב, ג) וואס דער[illegible] איז דאך אויך ברי"ה פארבונדן מיט גשמיות העולם, און אין גשמיות העולם גו[illegible] - ווי דאס ווערט דערנאך נתגלה ווי דאס איז למעלה מעלה, ביז "וידע כל פעול [illegible]תה פעלתו" (נוסח תפלת ר"ה).

וואו[illegible]וי ווערט דאך אויך נתגלה אין עולם הזה התחתון, אין מין המדבר, ביז אין מין [illegible]ר גופא - אין "אין תחתון למטה ממנו".

וואס[illegible]ערפאר איז דאך אז די גמ' (גיטין נו, ב) ברייגנגט די ראי' אויף "שמועה [illegible] תדשן עצם" (משלי טו, ל) ברייגנגט מען די ראי' פון אן איבו יהודי, און אין [illegible] יהודי גופא - אט דער וואס "הלבנון באדיר יפול" (ישעי' י, לד), בדוגמא [illegible]ס'איז געווען אין בית ראשון, עד"ז אין בית שני, כמבואר אין דער סוגיא אין[illegible]טין.

און [illegible] וואס האט דאס ביי אים גע'פועל'ט - דאס ניט נאר גע'פועל'ט אין סתם אן ענין [illegible] - אין חלק הכי תחתון, אין דעם רגל, און אין רגל גופא - אין דעם ענין פון [illegible], און אין תחתיתו של עקב, וואס דאס איז דאך דער שיעור פון א "נעל" וואס ער [illegible] מקיף זיין רובו פון דעם עקב - איז אט דארטן האט דאס גע'פועל'ט די הרחבה אי[illegible]ם עצם פון דעם עקב, עד כדי כך - אז דאס האט אויך גע'פועל'ט בנוגע צו דעם [illegible]ון אספיינוס'ן, וואס ער האט אים אנגעטאן אויף זיין רגל, און אויף חלק התחת[illegible]ברגל, עקב שברגל.

און [illegible]פון ברייגנגט מען א ראי' און א קשר והתייחסות,

וויב[illegible] אז מ'דארף האבן דעם בירור הניצוצות, ביז אז עס זאל קיין ענין ניט בלייבן א[illegible]גלות - איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז דארטן דארף דערגרייכן דער תענוג הא[illegible] וואס ווערט פון אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקו,

און [illegible] אזוי ווערט דאס אויפגעטאן לפועל, ע"י מעשינו ועבודתינו אין עקבתא דמשיחא, [illegible] אין עקבתא דמשיחא עצמם - אין חלק הכי תחתון ואחרון פון די עקבתא דמשיחא.

און [illegible]פון קומט ארויס די הוראה, אז בשעת מ'האלט אין עקבתא דמשיחא, און מ'גיט א [illegible] אז ס'איז נאך פאר דעם "קץ שם לחושך", ס'איז "ולמש החושך", זאל מען ניט נתפע[illegible]ערן, און וויסן אז ס'איז דא דער ענין פון תענוג, וואס דאס איז אפגעגעבן [illegible]ווארן צו יעדער אידן, פונקט ווי אלע ענינים איז אפגעגעבן געווארן צו א איד[illegible].

און [illegible]האט אים געגעבן דעם כח אז עס זאל זיין "ובחרת בחיים", ער זאל דאס אויסנוצן [illegible]ף ענינים של חיים.

איז [illegible] דעמאלט, ע"י התענוג שלו קען ער דערגרייכן ביז דעם "עקב" פון דעם רגל פון [illegible] איבו יהודי וואס מצד עצמו און בשעת ס'איז געווען א מצב בלתי רצוי - האט דאס [illegible]ראכט צום היפך פון בנין הבית.

אז [illegible] זאל זיין דער ענין פון בנין הבית, "את זה לעומת זה" (קהלת ז, יד) ואדרבה כ[illegible]ן האור מן החושך וכיתרון החכמה מן הסכלות", וואס מערער מ'זעט אין חושך אלץ [illegible]רער הוכחה אז אזוי גרויס וועט זיין דער אור און די חכמה, ביז אור וחכמה הא[illegible]ליים.

ביז [illegible]י דאס מיינט בפשטות, אז מ'זאל לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, אנהויבנדי[illegible] פון ענינים שהזמן גרמא, מיט א תענוג אמיתי - וועט דאס דערנעמען ביז אין התחת[illegible]שבתחתון שבעוה"ז התחתון אין תחתון למטה ממנו, אז דאס וועט ווערן

ברייטער דורך דעם תענוג פון א אידן וועט דאס ווערן ברייטער מיט א אידישער ברייטקייט.

און דאס וועט ווערן אין דעם אופן פון מה נאוו על ההרים רגלי מבשר משמיע שלום מבשר טוב", (ישעי' נב, ז) היפך פון די רגלים של לעו"ז, "מסו רגלין ברגלין" (ראה זח"ב רנח, א. וראה אוה"ת בשלח ע' תצז. וש"נ), ביז אין דעם עקב שברגל.

ובפשטות, און אויך די גאולה בפשטות - די גאולה האמיתית והשלימה, דורך דערויף וואס עס וועט זיין דער "רגלי מבשר טוב", אליהו הנביא ווי דערמאנט פריער.

און ער וועט דערמאנען און ארויסרופן און מגלה זיין בפועל אז "הנה זה בא" "קול מבשר מבשר ואומר הנה מלכך בא", מלכא משיחא, מיט ממה"מ הקב"ה בכבודו ובעצמו, און אין אן אופן פון "מיד".

"ושמחת עולם על ראשם" (ישעי' לה, י. נא, יא) ולמטה מעשרה טפחים, ומתוך אור וטוב, אין אן אופן פון "טוב מאד".

און גרייטן זיך צו "ויכולו השמים והארץ וכל צבאם", דער אלף השביעי, "יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים" (סוף מס' תמיד) וואס מעין זה איז דאך דער שנה השביעית שבת להוי', ומעין זה איז דאך דער ערב שבת וואס גרייט דאך צו "שבת בראשית" שבכל שבוע, ועד"ז, ועאכו"כ - צו א שבת וואס ווערט אנגערופן "שבת הגדול".

און טועם זיין "מכל תבשיל ותבשיל", ווי דער פס"ד אין שו"ע (ראה לקו"ש חט"ז ע' 282. וש"נ) נאך מערב שבת, וואס דאס ווערט די הכנה קרובה און די כלי אויף האבן די אלע "תבשילים", "בשר ודגים וכל מטעמים" לפועל דא למטה.

ובעגלא דידן, ומתוך שמחה וטוב לבב.

צוה לנגן ניגון הכנה, ניגון אדה"ז (בבא הרביעית - פ"א), ניע זשוריצי כלאפצי.

כ"ק אדמו"ר שליט"א ניגן "צמאה לך נפשי גו'".

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה - וועלן זיכער מאכן א אחרונה.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן "והיא שעמדה", "על אחת כמה וכמה".

* * *

בס"ד. שיחת ש"פ צו, שבת הגדול, י"ב ניסן ה'תש"מ.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. דער ענין פון שבת הגדול האט אין זיך כמה טעמים, ע"פ פשט, ע"פ רמז, ע"פ דרוש און ע"פ סוד, פארוואס ער ווערט אזוי אנגערופן - אבער לכל לראש דארף מען וויסן דעם טעם אויף דעם ע"פ ההלכה למעשה בפועל.

ווארום הגם אז די אלע טעמים (אויך די וואס לא נפסקה הלכה כמותם) זיינען אמת, און "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[1] - פירט מען זיך אבער ניט במעשה בפועל לויט די טעמים;

משא"כ דער ענין פון הלכה קומט פון א דרגא למעלה וואס איז אמת לאמיתו, און דערפאר איז דאס "נשתלשלו מהן"[2] דא למטה אז מ'פירט זיך אזוי בפועל ממש, וכמבואר אין די דרושים[3].

וואס דערפאר געפינט מען אין דרושי חסידות אז מ'איז מבאר אין עבודה רוחניה כמה דעות וואס דער פס"ד בלייבט ניט ווי זיי - ווארום הגם אז מ'פירט זיך ניט אזוי בפועל בגשמיות, וויבאלד אבער אז אויך די דעות זיינען "דברי אלקים חיים" - קען מען דערפון ארויסלערנען ווי צו פירן זיך בפועל אין עבודה רוחנית;

ס'איז נאר א נפק"מ וועלכער ענין אין עבודה רוחניח קומט אלס דער ערשטער און דער עיקר, און וועלכער ענין קומט אלס דער צווייטער - אבער פון די אלע דעות קען מען ארויס-לערנען אן ענין אין עבודה בפועל ברוחניות.

ובדוגמת המבואר אין לקו"ת[4] בנוגע צו דעם ענין פון "שופר של ר"ה של יעל פשוט"[5], אע"פ וואס די הלכה בלייבט ניט אזוי,

ועד"ז איז מען מבאר[6] דעם ענין פון "אל תירא עבדי יעקב"[7] (וואס איז פארבונדן מיט מוצאי שבת) אין עבודה רוחנית - אע"פ וואס דער אלטער רבי האט דאס ניט אריינ-געשטעלט בסידורו אז מ'זאל דאס זאגן בדיבור, און דערפאר איז דער מנהג חב"ד אז מ'זאגט דאס ניט בדיבור[8], אבער אין

- עבודה -

------------

1) עירובין יג, ב. 2) ל' אדה"ז בתניא רפ"ג. 3) ראה אוה"ת יתרו ע' תתצד ואילך (ושם לפנ"ז ע' תתצ ואילך). ד"ה וידבר אלקים חרכ"ז (סה"מ תרכ"ז ע' רפב ואילך. ושם לפנ"ז ע' רעו ואילך). המשך תרס"ו ע' תלא ואילך. ועוד. 4) נצבים מה, סע"א. 5) ר"ה כו, ב במשנה. 6) לקו"ת בלק עב, ב. 7) ל' הכתוב - ישעי' מד, ב. ירמי' ל, י. ועוד. 8) ראה שיחת מוצאי ש"פ לך השל"ח סכ"ד.

עבודה רוחנית איז דאס שייך אויך בשעת מ'זאגט דאס ניט בדיבור.

דאס איז אבער אלץ בנוגע צו עבודה רוחנית; משא"כ אין גשמיות העולם, במעשה בפועל, קען מען זיך פירן נאר לויט איין אופן מסוים, וואס איז מדוד ומוגבל לויט די הלכה, און דוקא דער אופן איז די דרגא פון אמת לאמיתו.

ב. עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו שבת הגדול, אז הגם עס זיינען דא כמה טעמים אין דעם ענין פון שבת הגדול - איז אבער לכל לראש דארף מען וויסן דעם טעם וואס ווערט געבראכט להלכה.

געפינט מען אז דער אלטער רבי אין שו"ע שלו[9] ברענגט א טעם פארוואס דער שבת ווערט אנגערופן שבת הגדול, און דא איז נאכמער מודגש (נוסף לזה אז אזוי איז די הלכה) אז דאס איז דער עיקר הטעם, ווארום דער דרך פון דעם אלטן רבי'ן בכ"מ אין שו"ע שלו איז, אז אפילו אויב ער פסק'נט נאר לויט איין טעם, ברענגט ער אבער אויך נאך טעמים[10], אדער ער איז עכ"פ מרמז אז עס זיינען דא נאך טעמים, און ער זאגט אז די הלכה איז לויט איינע פון די טעמים;

משא"כ בנדו"ד ברענגט ער נאר איין טעם, און ער איז אפילו ניט מרמז אז עס זיינען דא נאך טעמים.

דער אלטער רבי זאגט:

"שבת שלפני הפסח קורין אותו שבת הגדול לפי שנעשה בו נס גדול, שפסח מצרים הי' מקחו מבעשור לחודש . . ואותו היום שבת הי'",

וואס הגם אז אין ימי החודש איז ניט גלייך שבת הגדול דעם יאר (י"ב ניסן) מיט שבת הגדול בפעם הראשונה ("עשור לחודש") - איז אבער אין דעם וואס דאס איז דער "שבת שלפני הפסח" איז דאס גלייך מיט שבת הגדול בפעם הראשונה, און מיט שבת הגדול בכל שנה ושנה - אז דאס איז דער שבת וואס "מיני' מתברכין"[11] די אלע המשכות וענינים פון ימי הפסח,

"וכשלקחו ישראל פסחיהם באותו שבת נתקבצו בכורי מצרים אצל ישראל ושאלום למה זה הם עושין כך, אמרו להם זבח פסח הוא לה'[12] שיהרוג בכורי מצרים, הלכו בכוריהם אצל אבותיהם ואל פרעה לבקש מהם שישלחו את ישראל, ולא רצו, ועשו

- הבכורות -

---

9) הל' פסח ר"ס תל. 10) ראה גם לקו"ש שבת הגדול תשל"ו רס"ז. 11) ראה זח"ב סג, ב. פח, א. 12) בא יב, כז.



הנחת הת' בלתי מוגה

הבכורות עמהם מלחמה והרגו הרבה מהם, וז"ש[13] למכה מצרים בבכוריהם, וקבעו נס זה לזכרון לדורות בשבת, וקראוהו שבת הגדול".

וואס דערפון קומט אוים צוויי ענינים: אז אין דעם שבת פאר פסח האט געטראפן א נס; און אז דאס איז געווען א נס גדול.

ג. דארף מען פארשטיין (ווי גערעדט אמאל באריכה[14]):

וואס איז דא געווען דער נס: די בכורות האבן דאך געזעהן אז אלץ וואס משה האט געזאגט ביז איצט איז נתקיים געווארן, במילא האבן זיי פארשטאנען אז ווען משה זאגט אז עס וועט זיין מכת בכורות, וועט דאס אויך מקוים ווערן.

און וויבאלד אז "כל אשר לאיש יתן בעד נפשו"[15], איז בשעה זיי האבן דערהערט אז עס וועט זיין מכת בכורות - זיינען זיי געגאנגען טאן וואס זיי קענען נאר טאן צו מבטל זיין דעם ענין פון מכת בכורות -

איז דאך דאס אן ענין וואס איז פארשטאנדיק אינגאנצן בדרך הטבע - איז פארוואס זאגט מען אז דאס איז געווען א נס?

בדוחק קען מען ענטפערן:

מ'זעט אז אלע ענינים וואס משה האט געטאן אין מצרים האבן ניט דערנומען פרעה'ן און שרי ועבדי פרעה, וואס דער טעם לזה איז - אדער מצד זייער טבע, אדער מצד דעם וואס "אני אקשה את לב פרעה"[16], וואס דאס איז אויך כולל דעם "לב" פון שרי און עבדי פרעה.

ביז אז אפילו ווען די בכורי מצרים זיינען געקומען טומל'ן צו פרעה'ן אז ער זאל ארויסלאזן די אידן פון מצרים, ווארום אויב ניט וועט זיין מכה בכורות - האט דאס זיי אויך ניט דערנומען, ביז אז אפילו דאס וואס "עשו הבכורות עמהם מלחמה והרגו הרבה מהם" - האט אויך ניט דערנומען פרעה'ן, אז ער זאל ארויסלאזן די אידן פון מצרים, והדאי' אז זיי זיינען ניט אדוים ביז פיר טעג שפעטער, בליל ט"ו ניסן ("בחצי הלילה"[17]) -

איז בשעת מ'זאגט אז דאס וואס אידן האבן געזאגט צו די בכורי מצרים אז עס וועט זיין מכת בכורות, האט דערנומען די - בכורי -

------------

13) תהלים קלו, י. 14) לקו"ש חי"ב ע' 33 ואילך. שבת הגדול תשל"ו. 15) איוב ב, ד. 16) וארא ז, ג. 17) בא יב, כט. וראה לקו"ש ח"ו ע' 9 ובהנסמן בהע' 5 שם.

בכורי מצרים, אע"פ אז אלע אנדערע פון מצרים האט דאס ... דערנוכעץ - איז דאס א נס.

אבער אפילו את"ל אז דערפאר איז דאס א נס - איז ... נאך אלץ ניט פארשטאנדיק פארוואס איז דאס א נס גדול? ... אז מ'רופט אן דעם שבת ניט שבת של נס, אדער שבת ניסי וכיו"ב, נאר - שבת הגדול, דערפאר וואס אין אים האט געטראפן א נס גדול!

ד. איז דער ביאור אין דעם (כמדובר אמאל בארוכה[18]):

דער נס פון "למכה מצרים בבכוריהם" איז דער ענין פון "אתהפכא חשוכא לנהורא". ווארום דאס איז געווען אין ... זכן ווען פרעה און מצרים זיינען נאך געווען בהתקפם, ... איידער אידן זיינען ארויס פון מצרים - און אעפ"כ האבן די בכורים פון מצרים גופא געשלאגן און גע'הרג'ט די מצרים.

וואס ביז דעם ענין פון "למכה מצרים בבכוריהם" זיינען טאקע געווען די נסים פון די ט' מכות, און דערנאך איז אויך געווען מכה בכורות - אבער דאס איז אלץ געווען אין אן אופן וואס קדושה שלאגט לעו"ז, ביז אז מכה בכורות איז געווען דורך "הקב"ה בכבודו ובעצמו שנאמר[19] ועברתי בארץ מצרים כו' אני הוא ולא אחר"[20];

משא"כ דער נס וואס איז געווען אין דעם שבת פאר יצי"מ איז געווען - אז די מצריים אליין האבן געשלאגן די מצריים, "שישלחו את ישראל".

ביז אז ניט נאר סתם מצריים האבן געשלאגן מצריים, נאר דאס איז געווען "למכה מצרים בבכוריהם", וואס צווישן מצרים גופא, זיינען די בכורי מצרים געווען די מובחרים שבהם.

והביאור בזה:

אין יענעם זמן ("עד שלא הוקם המשכן") איז די עבודה, אפילו בא אידן, געווען בבכורות[21], ועד"ז זעט מען בא שם בן נח, און בא עשו'ן[22] (וואס דערפאר האט יעקב געוואלט האבן די מעלה פון א בכור[23]).

ועד"ז איז אויך בא קרבנות - אז דער מובחר איז פון די בכורות, און ווי דאס איז געווען אויך בא די קרבנות פון הבל - "מבכורות צאנו ומחלביהן"[24].

- וואס -

---

18) לקו"ש חי"ב ע' 35 ואילך. שבת הגדול תשל"ו ס"... ואילך. 19) בא יב, יב. 20) הגש"פ פיסקא ויוציאנו.
21) זבחים קיב, ב. בכורות ד, ב. במדב"ר פ"ד, ח.
22) במדב"ר שם. 23) תולדות כה, לא. במדב"ר שם. פרש"י עה"פ. 24) בראשית ד, ד.

וואס דער טעם פארוואס דער עילוי איז דוקא אין בכורות איז: וויבאלד אז דער צו ווען אן אדם איז עובד - איז דער אויבערשטער, וואס ער איז מורם און העכער פאר אלץ - דערפאר איז דער אדם העובד, און דורך וואס מען איז עובד, די קרבנות - דארפן אויך זיין פון די העכסטע, און די עלטסטע צווישן אלע, וואס דאס זיינען די בכורות פון יעדער מין.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו די בכורי מצרים, אז זיי זיינען געווען די מובחרים שבעם, און אלע ענינים פון מצרים איז בא זיי געווען מיט דעם גרעסטן תוקף, דערפאר וואס זיי זיינען געווען "בכורי מצרים".

וואס עפ"ז קומט אויס, אז נוסף לזה וואס די בכורי מצרים זיינען געווען די שטארקסטע פון דעם עם בגשמיות - זיינען זיי אויך געווען בתכלית העילוי אין די ענינים און אין די דרכים והשקפה פון מצרים.

ה. עפ"ז איז נאכמער פארשטאנדיק פארוואס דער ענין פון "למכה מצרים בבכוריהם" איז געווען דער ענין פון אהפכא חשוכא לנהורא:

ענינו פון מצרים איז געווען "לא ידעתי את הו"[25], נאר "אלקים יענה את שלום פרעה"[26], ד.ה. אז זיי האבן געהאט א שייכות נאר מיט שם אלקים[27], וואס דאס איז דער שר און דער מזל שלהם למעלה, אבער צו אלקות וואס איז העכער פאר דעם האבן זיי קיין שייכות ניט געהאט.

און וויבאלד אז די בכורים זיינען די מובחרים שבעם - איז פארשטאנדיק אז בא זיי איז דער ענין פון "לא ידעתי את הו" (נאר שם אלקים) געווען מיטן גרעסטן תוקף, וויבאלד אז בא זיי איז די השקפה פון דעם עם אין דעם שטארקסטן אופן, כנ"ל.

בשעת ס'איז אבער געווען "למכה מצרים בבכוריהם" האט זיך אויפגעטאן דער ענין פון "כיני' וביני' אבא לשדי'[28] בי' נרגא"[29]: תמורת זה וואס ביז איצט האבן די בכורי מצרים געוואלט ממשיך זיין פון זייער מזל און שר (שם אלקים) - זיינען זיי איצטער געקומען שרייען אז מ'זאל פאלגן דעם אויבערשטן וואס איז העכער פאר שם אלקים,

ביז אז ווען פרעה האט ניט געוואלט פאלגן דעם אויבערשטן, איז "עשו הבכורות עמהם מלחמה והרגו הרבה מהם", "למכה מצרים בבכוריהם".

- און -

---

25) שמות ה, ב. 26) מקץ מא, טז. 27) ראה תו"א שמות נ, ב. ועוד. 28) כ"ה בתניא רפל"א. 29) סנהדרין לט, ב.

און צוליב דעם נס גדול וואס איז געווען אין דעם שבת פאר יצי"מ, אז ס'איז געווען דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא, "למכה מצרים בבכוריהם" - ווערט דער שבת אנגערופן "שבת הגדול".

ו. די הוראה דערפון אין מעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר"[30]:

וויבאלד אז מ'האלט אין די טעג פאר זמן חירותנו - וויל מען דאך האבן א חירות אמיתית פון אלע ענינים[31], וואס דאס איז דוקא בשעת דער חירות איז "בכל לבבך - בשני יצריך"[32], אז אויך די ענינים פון דעם יצר שכנגד זאלן האלטן בא דעם ענין פון חירות,

וואס דאס איז דורך דערויף וואס בא דעם צד שכנגד איז דא דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא, דורך דעם וואס ס'איז דא דער "למכה מצרים בבכוריהם".

והביאור בזה:

דער ענין פון בכורי מצרים אין עבודת האדם איז - דער ענין פון מותרות און גוי'שקייט וואס איז דא ביי א אידן.

וואס די עבודה מיט מותרות דארף זיין ניט נאר אין אן אופן פון "קדש עצמך במותר לך"[33], נאר ער דארף אויסנוצן די מותרות אז זיי גופא זאלן צוברעכן די גוי'שקייט וואס איז דא ביי אים, "למכה מצרים בבכוריהם", וידע אינש בנפשי' וואס דער ענין אין דעם איז.

ולדוגמא:

אז דער אויבערשטער בענטשט איינעם מיט עשירות, ובמילא האט ער א ריבוי פון אכילה ושתי' - קען דאך ביי אים זיין דער ענין פון זולל וסובא אין דער אכו"ש, ועד"ז בנוגע צו כל צרכי האדם, וואס זיי ווערן אלע נכלל אין אכו"ש[34],

וואס בכללות איז דער ענין פון זולל וסובא אין ענינים גשמיים - דער ענין פון בכורי מצרים.

און די עבודה פון א אידן אין דעם קען דאך זיין אין צוויי אופנים: אדער ער איז זיך פורש פון די דברים גשמיים, וואס דאס איז דער ענין פון "קדש עצמך במותר לך", אדער ער

- פירט -

---

30) אבות פ"א מי"ז. 31) ראה שמו"ר פמ"א, ז (בחחלתו). זח"ב קיג, סע"ב ואילך. 32) ואתחנן ו, ה. ברכות נד, א במשנה. ספרי ופרש"י עה"פ. וראה ז"ח צז, ב. 33) יבמות כ, א. 34) ראה סנהדרין לח, א.

פירס זיך אין אן אופן פון "דייך מה שאסרה לך התורה"[35].

זאגט מען אים אז ס'איז ניט מספיק די עבודה פון "קדש עצמך במותר לך", וואס דאס איז בכללות די עבודה פון אתכפיא, נאר עס דארף ביי אים זיין די עבודה פון אתהפכא, אז עס זאל זיין "למכה מצרים בבכוריהם".

בתחלת העבודה דארף טאקע זיין אתכפיא און פרישה, און אי אפשר בלאו הכי, אבער דערנאך דארף ביי אים ניט זיין מספיק די עבודה פון אתכפיא, ביז אפילו אויך ניט די שלימות פון אתכפיא, וואס דאס איז דער "קדש עצמך במותר לך" - נאר ער דארף צוקומען צו דער עבודה אז די ענינים גשמיים וואס זיינען ביי אים דא זאלן שלאגן די גוי'שקייט וואס ער האט אין זיך, "למכה מצרים בבכוריהם".

און די עבודה איז ניט נאר אין ענינים פון לעו"ז, נאר אויך אין ענינים פון קדושה,

ווארום "למכה מצרים בבכוריהם" איז כולל אויך "מצרים" ווי חסידות[36] טייטשט דאס - מיצרים וגבולים דקדושה.

ד.ה. אז אויך די מדוה"ג, "מצרים" דקדושה, וואס זיינען ביי אים דא איז ער "מכה מצרים בבכוריהם", און דורך דעם איז ער מבטל די מדוה"ג.

ז. מ'וויל דאך אויך האבן א הודאה אין אן ענין שהזמ"ג אין וועלכן מ'קאכט זיך און מ'שטורעם'ט, וואס דאס איז אין דעם ענין פון "והשיב לב אבות על בנים"[37] - אז בשעת מ'טוט אין דעם מבצע פסח בכלל, זאל מען זיך במיוחד משהדל זיין אין די פעולות מיט די קינדער.

איז אין דערויף האט מען אויך א הוראה פון שבת הגדול:

ווען די בכורי מצרים האבן דערהערט אז עס גייט זיין מכת בכורות אויב מ'וועט ניט ארויסלאזן די אידן פון מצרים, איז "הלכו . . אצל אבותיהם ואל פרעה לבקש מהם שישלחו את ישראל" (ווי דער אלטער רבי איז מעתיק פון מדרש[38]).

דארף מען פארשטיין:

דאס וואס דער אלטער רבי איז מעתיק אז "הלכו . . אל פרעה", איז פארשטאנדיק - ווארום פרעה איז געווען דער וואס האט געקענט מחליט זיין צו ארויסלאזן די אידן.

- ועד"ז -

------------

35) ירושלמי נדרים פ"ט ה"א. 36) ראה תו"א יתרו עא, ג ואילך. ובכ"מ. 37) מלאכי ג, כד. 38) הובא בתוד"ה ואותו - שבת פז, ב.

ועד"ז וואלט געוועז פארשטאנדיק אויב עס וואלט אויך געשטאנען אז זיי זיינען געגאנגען צו עבדי און שרי פרעה - ווארום זיי האבן א צוטריט און השפעה אויף פרעה.

און אפילו דאס וואס שטייט אין מדרש אז "הלכו . . אצל אבותיהם", קען מען נאך מסביר זיין - ווארום אזוי ווי ס'איז "כרחם אב על בנים"[39], זיינען די בכורים געקומען צו-לויפן צו זייערע עלטערן, ווארום וועז די עלטערן וועלן דערהערן וועגן אזא זאך אז עס גייט זיין מכת בכורות אויב כ'לאזט ניט ארויס אידן פון מצרים - וועלן זיי טאן אלץ בכחם צו פועל'ן און לוחץ זיין אויף פרעה'ן אז ער זאל ארויסלאזן די אידן פון מצרים;

אבער פארוואס איז דאס דער אלטער רבי מעתיק אין שלחן ערוך שלו?

ח. נאר דערפון גופא האט מען די הוראה אין דעם ענין פון "והשיב לב אבות על בנים":

בשעת די גוי'שע קינדער פון מצרים האבן דערהערט אז אויב מ'וועט ניט פאלגן דעם אויבערשטן וועט זיין מכת בכורה - זיינען זיי געקומען צולויפן צו זייערע עלטערן, און זיי געזאגט: אונז איז נוגע בנפש אז איר זאלט פאלגן דעם אויבערשטן, און דערפון וועט ארויסקומען א טובה פאר אונז (די קינדער), און א טובה פאר אייך (די עלטערן), אז איר וועט האבן נחת פון אונז, און האבן כל המצטרך.

איז דאך עאכו"כ אז אזוי דארף זיין להבדיל בא אידישע קינדער, אז זיי דארפן קומען צוגייין צו זייערע עלטערן, און זאגן זיי: אונז איז נוגע בנפש אז איר זאלט טאן וואס דער אויבערשטער וויל, ובפרט אין ענינים פון חג הפסח וואס וועט באלד זיין.

און די קינדער זאגן די עלטערן, אז אפילו גוי'שע קינדער זיינען געקומען צוגייין צו זייערע עלטערן און געוואלט פועל'ן אויף זיי אז זיי זאלן פאלגן דעם אויבערשטן, און אויב ניט וועט זיין מכת בכורות;

איז דאך עאכו"כ איצטער בשעת מיר אידישע קינדער טוען דאס, דארף מען זיכער פאלגן.

וואס פון ענינים בלתי רצויים איז דאך בכלל ניטא וואס צו מורא האבן איצטער, ווארום מ'שטייט שוין נאך מ"ח, און

- מ'האט -

---

39) תהלים קג, יב. וראה פסדר"כ פי"ט (פיסקא אנכי אנכי) - הוצאת באבער קלט, א.

מ׳האט די הבטחה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[40] אז "עמדו הכן כולכם לקבל ברכת הוי׳" - . .

איז אבער דער עצם ענין פון "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים"[41], שייך אויך היינט, ואדרבה - איצטער איז דאס אן ענין שהזמן גרמא.

וואס אע"פ אז "והשיב לב אבות על בנים" איז "גילה סודו אל עבדיו הנביאים"[42], אין נבואת מלאכי, שוין טויזנטער יארן צוריק, ובמילא איז דאס שייך צו אלע זמנים - זיינען אבער דא זמנים מיוחדים ווען דער ענין שטייט בהדגשה יתירה.

ס. אע"פ אז דער ענין פון "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים" באווייזט אז עס פעלט אין דער שלימות פון די "אבות", און די "בנים" גיבן אין דעם צו -

וויבאלד אבער אז מ׳שטייט איצטער אין א חושך כפול ומכופל, נאך פאר דער גאולה, און נאך פאר דעם "קץ שם לחושך"[43], און נאך פאר דעם "למכה מצרים בבכוריהם", און נאך פאר "ונגלה כבוד ה׳ וראו כל בשר יחדיו כי פי ה׳ דיבר"[44] - איז במילא שייך צו זאגן אז עס פעלט עפעס-וואס אין די שלימות פון דער עלטערן, און דערפאר איז שייך דער ענין פון "והשיב לב אבוה על בנים - ע"י בנים".

ועאכו"כ אז ס׳איז שייך צו זאגן אז איצטער איז דא מעין פון דעם "ילכו מחיל אל חיל"[45] וואס וועט זיין לע"ל, וואס דאס איז עליות אין קדושה גופא[46],

ובמילא קען אויך אין די "אבות" צוקומען נאכמער שלימות אין קדושה גופא דורך די "בנים".

און בשעת די קינדער וועלן נאר גיין צו די עלטערן און רעדן מיט זיי, בדרכי נועם ובדרכי שלום, מיטן פולסטן כיבוד אב ואם - וועט מען זיכער פועל זיין אויף זיי, און מ׳וועט דאס זעהן בפשטות בטוב הנראה והנגלה, למטה מעשרה טפחים.

ביז אז דאס וועט ברענגען אז עס זאל זיין א חג הפסח כשר ושמח, ביתר שאת וביתר עוז ובתכלית השלימות,

ביז צו דער העכסטער שלימות - אז מ׳וועט מקריב זיין דעם קרבן פסח אין דעם ביהמ"ק הנצחי,

- וואס -

---

40) במכתבו - נדפס בקונטרס לו בתחלתו (סה"מ קונטרסים ח"ב שצז, ב). 41) פרש"י עה"פ. 42) ל׳ הכתוב - עמוס ג, ז. 43) איוב כח, ג. 44) ישעי׳ מ, ה. 45) ל׳ הכתוב - תהלים פד, ח. 46) ראה אגה"ק סכ"ו.

ווארום עס וועט זיין "אהרן ומשה עמהם"[47], וואס משה "הוא גואל ראשון הוא גואל אחרון"[48],

בביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש ובעגלא דידן.

* * *

י. עס איז דא נאך אן ענין אין שבת הגדול וואס איז תלוי אין וועלכן טאָג בחודש ער קומט אויס, און אין וועלכע פרשה אין תורה ער קומט אויס,

וואס אויך אין די ביידע ענינים דארף זיין א הוראה.

בנוגע צו דעם יום בחודש אין וועלכן שבת הגדול קומט אויס - איז דאך בפעם הראשונה איז שבת הגדול געווען "בעשור לחודש", ווי דער אלטער רבי זאגט אין שו"ע, כנ"ל,

און בשנה זו קוכט אויס שבת הגדול בי"ב בחודש ניסן.

דער ענין פון י"ב ניסן איז - אז דעמולט זאגט מען דעם נשיא הי"ב וואס האט מקריב געווען זיינע קרבנות דער לעצטער בא חנוכת המזבח, און דערנאך איז געווען דער "זאת חנוכת המזבח אחרי המשח אותו"[49], וואס דעמולט איז נגמר געווארן חנוכת המזבח.

וכידוע אז פונקט ווי ס'איז דא אן עילוי אין יום ראשון, וואס דעמולט האט מקריב געווען דער נשיא הראשון - עד"ז איז אויך דא אן עילוי אין דעם יום הי"ב, וואס דעמולט האט מקריב געווען דער נשיא הי"ב והאחרון.

ועפ"ד ווי מ'האט גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[50] אז "דברי תורה עניים במקומן ועשירים במקום אחר"[51], ד.ה. אז יעדער ענין אין תורה האט אין זיך אן ענין פון "עשירים", וואס דערצו דארפן אנקומען אלע אנדערע חלקי התורה.

און וויבאלד אז "זאת התורה אדם"[52] - דערפאר ווערט אזוי נשתלשל אויך אין גוף האדם, אז דער רגל דארף אנקומען צו דעם ראש, ביז אז דער ראש דארף אנקומען צו דעם רגל, און מצד דער מעלה אין דעם רגל וואס דער ראש דארף רעדצו אנקומען - ווערט דער רגל אנגערופן "ראש", כמבואר אין לקו"ת נצבים[53].

- ועד"ז -

---

47) יומא ה, ב. וראה תוד"ה אחד - פסחים קיד, ב.
48) ראה שמו"ר פ"ב, ד. זח"א רנג, א. שעה"פ פ' ויחי. תו"א ר"פ משפטים. 49) נשא ז, פח. 50) שיחה אוד לי"א ניסן.
51) ירושלמי ר"ה פ"ג ה"ג. 52) חקת יט, יד. 53) מד, א. וראה תו"א בראשית א, ב.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו אלע פרטי הגוף, אז יעדער פרט האט אין זיך א מעלה וואס דערצו דארפן אנקומען שאר חלקי הגוף.

און דער טעם פארוואס דאס איז אזוי אין גוף איז - דערפאר וואס דאס איז אזוי אין תורה.

וואס עפ"ז קומט אויס, אז דאס וואס מ'זאגט אז "דברי תורה עניים במקומן ועשירים במקום אחר" איז בנוגע צו <u>יעדער</u> ענין אין תורה.

ועד"ז איז פארשטאנדיק אין עבודה האדם:

יעדער עבודה וואס איז בשלימות האט אין זיך א מעלה וואס זי איז משפיע צו שאר כל העבודות.

ועד"ו ווי מ'זאגט[54] אז יעדער איד דארף מקיים זיין אלע תרי"ג מצוות, אבער אעפ"כ האט ער די מצוה וואס אין איר איז ער "זהיר טפי"[55], און אלע אנדערע מצוות ווערן נמשך דורך דעם שער פון דער מצוה.

ועד"ז איז פארשטאנדיק אין זמנים:

"כל יומא ויומא עביד עבידתי'"[56], ווארום יעדער זמן האט אין זיך אן ענין וואס דעמולט איז מזלו גובר, און דעמולט איז דא די מעלה דוקא אין די עבודה פון יענעם זמן.

יא. ועד"ז וועט מען פארשטיין בנוגע לעניננו:

אין דעם יום הראשון, ווען דער ערשטער נשיא האט מקריב געווען זיינע קרבנות, איז דא א מעלה וואס איז ניטא אין דעם יום הי"ב ווען דער לעצטער נשיא האט מקריב געווען זיינע קרבנות, און דערפאר איז מען דעמולט מדגיש די מעלה וואס איז דא אין דער עבודה פון דעם נשיא הראשון ביום הראשון;

ועד"ז אין יום הי"ב, ווען דער לעצטער נשיא האט מקריב געווען זיינע קרבנות, איז דא א מעלה וואס איז (ניט נאר ניטא אין די ימים שלפנ"ז, נאר אויך) ניטא אין דעם יום הראשון, ווען דער ערשטער נשיא האט מקריב געווען זיינע קרבנות, און דערפאר איז מען דעמולט מדגיש די מעלה וואס איז דא אין דער עבודה פון דעם נשיא האחרון אין יום האחרון.

וואס די מעלה אין יום הראשון און די מעלה אין יום

- האחרון -

---

54) ראה אגה"ק סוס"ז (קיב, א). ד"ה זה היום הרפ"ח ספ"ב (סה"מ הרפ"ח ס"ע קנד ואילך). וראה בהע' 7 שם. 55) שבת קיח, סע"ב. 56) זח"ג צד, ב. וראה זח"א רסד, ב.

האחרון איז פארשטאנדיק ע"פ המבואר אין לקו"ת נשא[57] בנוגע צו דעם וואס איין מאל[58] שטייט "זאת חנוכת המזבח ביום המשח אותו", און מ'רעכנט אויס דעם סך-הכל פון אלע ענינים וואס אלע י"ב נשיאים האבן מקריב געווען, וואס דערפון קומט אויס אז אלע י"ב נשיאים האבן מקריב געווען ביום הראשון,

און א צווייטן מאל[59] שטייט "זאת חנוכת המזבח אחרי המשח אותו", וואס דאס גייט אויף דעם לעצטן טאג, און מ'רעכנט דא אויך אויס אלע ענינים וואס די י"ב נשיאים האבן מקריב געווען, וואס דערפון קומט אויס אז זיי האבן אלע מקריב געווען ביום זה.

וואס לכאורה זיינען די צוויי פסוקים הפכיים זמ"ז.

ברענגט ער דארטן אין א הגה"ה (וואס עס ווייזט אויס אז דאס איז א הגה"ה פון דעם צ"צ) דעם מדרש[60] אז "העלה עליהם כאילו כולם הקריבו ביום ראשון וביום אחרון".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ס'איז דא א מעלה אין דעם "העלה עליהם כאילו כולם הקריבו" פון יום הראשון, און ס'איז דא א מעלה וואס איז דא אין דעם "העלה עליהם כאילו כולם הקריבו" פון יום האחרון.

די מעלה וואס איז דא אין יום הראשון, "ביום המשח אותו", און די מעלה וואס איז דא אין יום האחרון, "אחרי המשח אותו" - איז אויך פארשטאנדיק מהמבואר דארטן אין לקו"ת, אז "ביום המשח אותו" איז בעיקר פארבונדן מיט הקטרת הקטורת און הבאת הקערות, וואס דאס איז אן ענין פון מקיפים, און "אחרי המשח אותו" איז בעיקר פארבונדן מיט הקרבת הקרבנות און סולת, וואס דאס איז אן ענין פון פנימיים.

וואס וויבאלד אז מען שטייט איצטער אין י"ב ניסן, וואס דעמולט איז דער מזלו גובר פון דער עבודה וואס איז פארבונדן מיט י"ב ניסן, "אחרי המשח אותו", דער ענין פון פנימיים - איז פארשטאנדיק אז ביום זה דארף מען מדגיש זיין די מעלה וואס איז דא אין פנימיים.

ד.ה. אז תמורת זה וואס בכ"מ אין חסידות ווערט נתבאר די מעלה וואס איז דא אין מקיפים - איז אבער ביום זה, י"ב ניסן, איז מען מדגיש די מעלה וואס איז דא אין פנימיים, וכמבואר בארוכה אין קונטרס העבודה[61], און אין שער היחוד פון דעם מיטעלן רבי'ן[62], ובכו"כ מקומות, די מעלה וואס איז דאַ דוקא אין דעם ענין פון פרטים און פרטי פרטים, וואס דאס איז דער ענין פון פנימיות.

- יב. -

---

57) כט, ב. 58) נשא שם, פד. 59) שם, פח. 60) במדב"ר פי"ג, ט. וכ"ה שם פי"ד, יג (בסופו). שהש"ר פ"ד, ז. 61) פ"ו. 62) פ"א. פ"ג ואילך.

יב. יעדער ענין וויל מען האבן דוגמתו אויך אין נגלה דתורה - געפינט מען בדוגמת די צוויי מעלות - די מעלה פון יום הראשון, "ביום המשח אותו", די מעלה פון מקיפים, און די מעלה פון יום האחרון, "אחרי המשח אותו", די מעלה פון פנימיים - אויך אין נגלה דתורה, בנוגע צו דעם ענין פון חנוכה.

וואס חנוכה בכלל האט א שייכות מיט חנוכת המזבח און חנוכת המקדש, כמובן בפשטות פון דעם וואס בחנוכה איז געווען "פינו את היכלך וטיהרו את מקדשיך"[63], וכמבואר אויך אין ספרי מוסר, און נאכמער אין חסידות, דער קישור פון חנוכה מיט חנוכת המזבח.

ובפרט ע"פ מנהג ישראל אז בימי החנוכה לייענט מען אין תורה די פרשת הנשיאים, וואס במילא קומט אויס אז ביום הראשון דחנוכה לייענט מען דעם ערשטן נשיא, וואס דאס איז פארבונדן מיט "זאת חנוכת המזבח ביום המשח אותו", און ביום אחרון פון חנוכה לייענט מען פון דעם נשיא השמיני ביז דעם סוף הנשיאים, כולל אויך דעם נשיא האחרון, וואס דאס איז פארבונדן מיט "זאת חנוכת המזבח אחרי המשח אותו".

וואס עפ"ז איז נאכמער מודגש די שייכות פון חנוכה צו ענינינו, וועגן יום הראשון און יום האחרון פון הקרבת הנשיאים און חנוכת המזבח.

[דער חילוק איז נאר, אז אין חנוכה לייענט מען אלע נשיאים במשך פון שמונה ימים, משא"כ אין חודש ניסן זאגט מען די י"ב נשיאים אין י"ב ימים, יעדן טאג נאך א נשיא, ואין כאן מקומו להאריך דער טעם החילוק].

יג. דער ענין פון חנוכה דריקט זיך אויס אין נרות חנוכה, ווי די גמרא[64] זאגט "מאי חנוכה", אז דאס איז פארבונדן מיט די נרות, "קבעו הנס בנרות"[65].

און ווי מ'זעט דאס בפשטות: אין וואס דריקט זיך אויס דער נס פון חנוכה בזמן הזה באופן גלוי לעין כל, ביז אז מען זעט דאס אין גאס און אפילו א גוי קען דאס זעהן - איז דאס דוקא אין די נרות חנוכה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אלע ענינים פון חנוכה קומען אויך ארויס אין נרות חנוכה.

- וואס -

------------

63) נוסח הודאת "ועל הנסים" דחנוכה. וראה לקו"ש ח"י ע' 279 בהערה. 64) שבת כא, ב. 65) הו"א כקץ לב, א. וראה פרש"י ד"ה מאי חנוכה - שבת שם.

וואס עד"ז איז בנוגע להאמור לעיל, אז ביום הראשון דחנוכה לייענט מען דעם ערשטן נשיא, וואס דאס איז פארבונדן מיט "ביום המשח אותו", די מעלה פון מקיפים, און ביום האחרון דחנוכה לייענט מען (אויך) דעם לעצטן נשיא, וואס דאס איז פארבונדן מיט "אחרי המשח אותו", די מעלה פון פנימיים – אז די ביידע ענינים דריקן זיך אויך אויס אין נרות חנוכה.

והביאור בזה:

בנוגע צו נרות חנוכה איז דא די מחלוקת פון ב"ש און ב"ה[66], וואס לדעת ב"ש איז "יום ראשון מדליק שמונה", "כנגד ימים הנכנסין", און לדעת ב"ה איז "יום ראשון מדליק אחת, מכאן ואילך מוסיף והולך, כנגד ימים היוצאין", וואס לדעת ב"ה צינדט מען אן שמונה נרות אין דעם לעצטן טאג פון חנוכה.

וכמדובר כמ"פ[67] דעם טעם אויף זייער מחלוקת:

ב"ש גייט לויט ווי דער ענין איז "בכח" אזוי קומט דאס ארויס בפועל, און וויבאלד אז ביום ראשון פון חנוכה זיינען כלול בכח אלע שמונה ימים, דערפאר איז "יום ראשון מדליק שמונה" בפועל.

וואס דאס איז ווי דער ענין איז מצד מקיפים, וואס מקיף איז דער ענין פון העלם, און דארטן זיינען נכלל אלע ענינים וואס וועלן דערנאך ארויסקומען בגלוי (פנימיים), איז במילא דארטן מספיק דער ענין פון "בכח" – אז דאס זאל שוין ארויסקומען בפועל, אז מ'צינדט אן שמונה נרות ביום הראשון פון חנוכה,

משא"כ ב"ה גייט לויט ווי דער ענין קומט ארויס בפועל און בגילוי, וואס דאס איז דער ענין פון פנימי, ד.ה. אז ב"ה איז אזיל בתר פנימי – דערפאר צינדט מען אן שמונה נרות דוקא ביום שמיני ווען עס זיינען בפועל דא באופן פנימי וגלוי אלע שמונה ימים.

יד. און עפ"ז איז פארשטאנדיק ווי די ביידע דעות פון ב"ש און ב"ה וואס "אלו ואלו דברי אלקים חיים", זיינען פארבונדן מיט די צוויי קריאות אין יום הראשון דחנוכה און אין יום האחרון דחנוכה:

דעת ב"ש אז ביום הראשון פון חנוכה צינדט מען אן שמונה נרות, דערפאר וואס מ'גייט לויט דעם מקיף און לויט

– דעם –

---

66) שבת שם. 67) לקו"ש ח"א ע' 146 ואילך. ח"ו ע' 73 ואילך. ח"ז ע' 114 ואילך. ועוד.

דעם בכח - איז פארבונדן מיט דער קריאה פון יום הראשון דחנוכה, וועגן דעם ערשטן נשיא אין דעם ערשטן טאג, "ביום המשח אותו", וואס ענינו איז מקיפים,

און דעת ב"ה אז ביום האחרון דחנוכה צינדט מען אן שמונה נרות, דעדפאר וואס מ'גייט לויט דעם פנימי וגילוי - איז פארבונדן מיט דער קריאה פון יום האחרון דחנוכה (כולל אויך) וועגן דעם לעצטן נשיא, און "אחרי המשח אותו", וואס ענינו איז פנימיים.

ובפרט אז די קריאה פון ימי החנוכה, ווי דאס ווערט דערציילט אין סוף מסכת מגילה[68] איז שוין געווען אין דעם זמן וואס ב"ש און ב"ה האבן זיך נאך געקריגט אין דעם ענין פון נרות חנוכה - איידער ס'איז נפסק געווארן די הלכה כב"ה.

טו. איידי דאתינן וועגן דער קריאה פון ימי החנוכה, און וועגן דעם נשיא וואס מ'זאגט בי"ב ניסן - איז דא אין סידור (בא דער קריאה פון ימי החנוכה) א הערה בשוה"ג [אין דעם אלטן רבי'נס סידור איז דאס ניטא, נאר דאס האט צוגעגעבן דער מחבר פון סידור "תודה אור"], אז "יש לקרוא בכל יום ויום מן ר"ח ניסן עד י"ב בו דבר יום ביומו מי"ב נשיאים, וביום י"ג זאת חנוכת המזבח" (ביז כן עשה את המנורה).

איז דאך ידוע אין דערויף די הערה פון הר' נאהה[69], אז דער וואס האט צוגעגעבן די הערה בשוה"ג איז "לא דק", ווארום אין אלטן רבי'נס שו"ע[70] (געגומען פון של"ה[71]) שטייט בפירוש אז "ביום י"ג" זאגט מען "פ' בהעלותך עד כן עשה את המנורה שהוא נגד שבט לוי".

וויבאלד אבער עס איז (מאיזה טעם שיהי') נתפשט געווארן דער מנהג צו זיך פירן ווי עס שטייט אין דער הערה אין סידור - דארף מען האבן ביאור פארוואס מ'זאגט פון "זאת חנוכת המזבח", מיט דעם סך-הכל פון אלע קרבנות וכו' פון די נשיאים, אין יום י"ג, אע"פ וואס יום י"ג האט־א שייכות מערניט ווי מיט שבט לוי, ווי הר' נאה פרעגט?

אפילו אז מ'וועט זאגן אז נאך דער הערה פון הר' נאה (אדער א זמן קצר לפנ"ז) האט מען זיך אויפגעהערט פירן אזוי - איז אבער אין דעם זמן פאר דער הערה האט מען זיך דאך זיכער אזוי געפירט, במילא דארף מען האבן ביאור אין דעם וואס מ'האט זיך דעמולט אזוי געפירט.

- און -

------------

68) לא, א. 69) ב"קצת הערות השייכות לסידור" - נדפסו בספר פסקי סידור בתחלתו. 70) הל' פסח סהכ"ט סט"ו. 71) הובא בח"י שם סק"י.

און אפילו איצטער איז לא שמעתי ולא ראיתי אז מ'זאל זיך פירן ניט ווי עס שטייט אין דער הערה אין סידור,

וואס הגם אז "לא ראיתי" און "לא שמעתי" איז "איננו ראי'", איז אבער בנוגע צו א מנהג הרגיל איז דאס יע א ראי' [72] -

דארף מען האבן ביאור אין דער שאלה הנ"ל פון הר' נאה.

טז. הביאור בזה:

אין ריש פ' בהעלותך אויפן פסוק [73] "בהעלותך את הנרות גו'" זאגט רש"י אין פשטות הכתובים: "למה נסמכה פרשת המנורה לפרשת הנשיאים, לפי שכשראה אהרן חנוכת הנשיאים חלשה אז דעתו כשלא הי' עמהם בחנוכה לא הוא ולא שבטו, אמר לו הקב"ה חייך שלך גדולה משלהם שאתה מדליק ומטיב את הנרות" [וואס "הנרות . . אינן בטלין לעולם" ווי דער רמב"ן [74] זאגט].

וואס בפשטות איז דאך פארשטאנדיק אז דער ענין פון "חלשה אז דעתו" איז געווען אין דעם יום י"ג, נאך די הקרבה פון אלע נשיאים -

ווארום אהרן האט דאך געוואוסט אז די הקרבה דארף זיין "נשיא אחד ליום נשיא אחד ליום" [75], איז בשעת ער האט געזעהן אז אים האט משה נאך ניט געהייסן מקריב זיין, האט ער געטראכט אז אפשר איז נאך ניט געקומען זיין טאג,

וואס אזוי איז דאס געגאנגען ביז יום י"ב, וואס אויך דעמולט האט ער נאך געטראכט אז אפשר וועט נאך קומען זיין טאג,

בשעת ס'איז אבער געקומען יום י"ג, און משה האט אים ניט געזאגט צו גיין מקריב זיין, איז דעמולט האט ער שוין פארשטאנען אז ער וועט ניט מקריב זיין ווי שאר הנשיאים - איז דערפאר "חלשה אז דעתו כשלא הי' עמהם בחנוכה".

עד"ז איז פארשטאנדיק בפשטות הכתובים אז דאס וואס דער אויבערשטער האט געהייסן שרייבן פרשת "דבר אל אהרן ואמרת אליו בהעלותך את הנרות גו'" נאך חנוכת הנשיאים - איז געקומען בהמשך לזה וואס "חלשה אז דעתו כשלא הי' עמהם בחנוכה" -

ווארום דער ענין פון העלאת הנרות ביי אהרן איז שוין געווען ביום הראשון למילואים,

- און -

------------

72) רמ"א חו"מ סל"ז סכ"ב. ש"ך שם סקל"ח. ובכ"מ. 73) ח, ב. 74) עה"פ. מתנחומא בהעלותך ה. 75) נשא שם, יא.

[און אפילו אין פשש"מ אז משה האט געטאן די עבודה ביז יום השמיני למילואים[76] - איז דאך אבער פון יום השמיני און ווייטער זיכער געווען העלאת הנרות דורך אהרן] -

קען מען דאך ניט זאגן אז דא (בא דעם ציווי פון "בהעלותך את הנרות", וואס דאס איז געווען נאך דער הקרבה פון אלע נשיאים (כנ"ל)) איז נתחדש געווארן דער ענין פון העלאת הנרות דורך אהרן;

נאר דאס פירוש אין דעם וואס דער אויבערשטער האט דא געהייסן שרייבן פרשת "בהעלותך את הנרות" איז געקומען אלס א מסובב דערפון וואס "חלשה אז דעתו", אז וויבאלד "חלשה אז דעתו" האט איס דער אויבערשטער מנחם געווען ווי רש"י טייטשט "חייך שלך גדולה משלהם שאתה מדליק ומטיב את הנרות" - דער ענין פון "בהעלותך את הנרות".

יז. עפ"ז איז פארשטאנדיק די שייכות פון "זאת חנוכת המזבח" און דער סך-הכל פון אלע קרבנות הנשיאים - דוקא צו יום י"ג, און די שייכות פון דעם צו דאס וואס מ'זאגט גלייך דערנאך "בהעלותך את הנרות":

מען קען ניט מאכן דעם גאנצן סך-הכל פון הקרבת הנשיאים, "זאת חנוכת המזבח", לא פחות ולא יותר[77], ביז דעם יום י"ב - ווארום אין יום י"ב ווייסט מען נאך ניט צי אהרן וועט אויך מקריב זיין אין יום י"ג;

דוקא אין יום י"ג ווען מען זעט אז אהרן איז ניט מקריב, קען מען מאכן דעם חשבון און סך-הכל פון דער הקרבה פון אלע נשיאים, לא פחות ולא יותר.

אפילו אח"ל אז אהרן האט שוין פון פריער געוואוסט אז ער וועט ניט מקריב זיין - איז אבער בגלוי קען מען ניט מאכן דעם חשבון און סך-הכל פון אלע נשיאים - ביז נאך דעם וואס אלע נשיאים האבן מקריב געווען, און מ'זעט אז פון שבט לוי איז מען ניט מקריב.

און נאך דעם וואס מ'זאגט "זאת חנוכת המזבח", מיטן גאנצן סך-הכל פון הקרבת הנשיאים, איז מען ממשיך און מ'זאגט "בהעלותך את הנרות", וואס דאס קומט אלס תירוץ פון דעם אויבערשטן צו אהרן אויף דעם וואס "חלשה אז דעתו כשלא הי' עמהם בחנוכה לא הוא ולא שבטו".

יח. בנוגע לענינינו אין דער הוראה פון י"ב ניסן:

- נאך -

---

76) ראה פרש"י עה"פ פקודי מ, כט. ועוד. 77) ראה במדב"ר פי"ד, יד. וראה גם ספרי ופרש"י עה"פ נשא שם, פה.

נאך אלע עילויים וואס זיינען דא אין דעם ענין פון מקיפים, "ביום המשח אותו", קומט צו די מעלה וואס איז דא אין פנימיים, "אחרי המשח אותו", וואס די פנימיים קומען דוקא נאך דעם וואס עס זיינען נמשך געווארן די מקיפים.

וע"ד ווי דאס איז געווען אין דעם משכן:

בר"ח ניסן איז געווען הקמת המשכן, וואס בכללות איז דער משכן דער ענין פון מקיף, בדוגמא ווי דער ענין פון "ביום המשח אותו".

וואס דער עצם הקמת המשכן האט אין זיך כמה עילויים - אפילו איידער מען איז אין אים מקריב קרבנות, כמ"ש[78] "ועשו לי מקדש ("משכן איקרי מקדש"[79]) ושכנתי בתוכם".

[בנוגע צום ביהמ"ק איז דא די שקו"ט[80] צי דער עצם בנין המקדש איז א מצוה, אדער אז דער בנין איז נאר נוגע צוליב דער תוצאה אז עס זאל זיין א "בית לה' מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות"[81];

אבער אין משכן איז א דבר ברור אז אויך דער עצם בנין המשכן איז א מצוה און אן ענין בפ"ע, כמ"ש "ועשו לי מקדש גו'"],

דערנאך, אז ס'איז צוגעקומען משיחת המשכן, און הקרבת הקרבנות אין יום השמיני למילואים, און נאכמער אין יום הי"ב, נאך דעם וואס אלע נשיאים האבן מקריב געווען זייערע קרבנות, "אחרי המשח אותו", וואס דאס איז בכללות דער ענין פון פנימיים - האט דאס אויפגעטאן אין דעם משכן נאך א העכערן עילוי, לגבי דעם עילוי וואס דער משכן האט מצ"ע.

יט. וואס דאס איז אויך פארשטאנדיק דערפון ווי דאס איז אין דעם עצם ענין פון מקיפים און פנימיים:

פריער דארף זיין דער ענין פון מקיפים, וואס זיי זיינען א דבר נבדל בפ"ע, בדוגמא ווי דער עצם בנין המשכן איז א דבר נפרד בפ"ע.

און נאך דערויף וואס עס זיינען דא די מקיפים - ווערן נמשך די ענינים אין פנימיות, און דעמולט טוט אויף די המשכה בפנימיות אן עילוי אויך אין די מקיפים ווי זיי זיינען געווען פון פריער (אלס א דבר נפרד פון דעם ענין הפנימיות).

- וע"ד -

---

78) תרומה כה, ח. 79) עירובין ב, סע"א. 80) צפע"נ מהדו"ת ג, ב. פב, ג-ד. 81) ל' הרמב"ם ריש הל' ביהב"ח.

וע"ד ווי דאס איז געווען בא דעם יום הי"ב פון די נשיאים, "אחרי המשה אותו" - אז דאס האט אויפגעטאן א שלימות און אן עילוי אין אלע ימים שלפנ"ז, ביז אויך אין דעם יום הראשון, מיט אלע זיינע עילויים.

און דער טעם לזה וואס דוקא דער פנימי (וואס קומט נאך דעם מקיף) האט די מעלה - איז:

דער ענין פון פנימי באווייזט אויף התחלקות אין פרטים ביז אין פרטי פרטים, משא"כ אין מקיף איז ניטא קיין התחלקות.

וואס דערפאר איז אויך ענין ההכללות, "לאכללא שמאלא בימינא"[82], שייך בעיקר אין פנימיים און ניט אין מקיפים - ווארום דוקא אין פנימיים איז דא התחלקות אין פרטים; ובמילא קען דערנאך זיין התכללות פון די פרטים, משא"כ אין מקיפים, וואו עס זיינען לכתחלה ניטא קיינע חילוקים[83].

וכידוע[84] אז אין עיגולים איז יעדער עיגול אן ענין בפ"ע, משא"כ אין דעם קו, האבן אלע נקודות אין דעם קו א שייכות זל"ז[85], מיט נאך כמה דוגמאות וואס מ'גיט אויף דערויף.

וכמובן אויך בפשטות אז דוקא אין דעם ענין פון פנימיות איז שייך התכללות, משא"כ אין מקיף איז דאס ניט שייך.

וואס דערפאר טוט אויף דער ענין פון פנימיים אן עילוי אין דעם מקיף וואס איז געווען פאר דערויף - ווארום אין די פנימיים קומט דאס אראפ אין פרטים, און במילא ווערט דערנאך די התכללות צווישן די פרטים, וואס דער ענין איז ניטא אין מקיפים מצ"ע.

כ. ועד"ז איז פארשטאנדיק אין עבודת האדם:

פריער איז דא די עבודה באופן מקיפי, און דערנאך קומט מען צו דער עבודה באופן פנימי, וואס זי טוט אויף א שלימות אויך אין דער עבודה וואס איז געווען פריער באופן מקיף.

דערביי קומט צו נאך א זאך:

ניט נאר אז די עבודה פנימית פועל'ט א שלימות אין דער עבודה וואס איז געווען ביז איצטער - נאר דאס ווערט אויך א הקדמה אז די עבודה שלאח"ז זאל זיין בתכלית השלימות.

וע"ד ווי מ'האט גערעדט פריער (ס"י) בנוגע צו "דברי תורה עניים במקומן ועשירים במקום אחר":

- ווען -

------------

82) זח"ג קעו, א. ובכ"מ. 83) ראה הו"ח בראשית יב, ג ואילך. נח ע, ב ואילך. שער היחוד פט"ו. ועוד. 84) ראה דרמ"צ קסא, ב ואילך. ובכ"מ. 85) ראה ד"ה כל הנהנה תרנ"ב. המשך תער"ב ח"א ע' נ ואילך. ובכ"מ.

ווען איינער לערנט תורה און עס קומט ביי אים צו א נייער ענין, איז דאס ניט נאר אז ביי אים איז צוגעקומען נאך אן ענין, נאר דער נייער ענין פועל'ט א העכערע שלימות אין זיין גאנצער הבנה אין תורה וואס איז ביי אים געווען ביז איצטער.

ועד"ז איז די נייע ידיעה א הכנה אז די הבנה וואס ער וועט שפעטער האבן אין תורה זאל זיין אויף א העכערן אופן.

וע"ד ווי דאס איז אין תורה, עד"ז איז דאס אויך אין מצוות.

כא. די הוראה דערפון בנוגע לפועל:

וויפל מ'האט ביז איצטער נאר געטאן און אויפגעטאן אין די מבצעים, ובפרט אין דעם מבצע שהזמ"ג, מבצע פסח וואס חג הפסח איז דער "ראש השנה לרגלים", ווי עס שטייט אין דער משנה[86], ומבואר בפרטיות אין גמרא[87], און ער איז אויך איינער פון די "ארבע ראשי שנים" - דער "ר"ה למלכים"[88] -

איז דאך צו גוט קיין שיעור ניטא, ובמילא דארף מען נאך מוסיף זיין אין די אלע ענינים וואס מ'האט געטאן ביז איצט, ובפרט בנוגע צו דער השתדלות מיט קטנים און קטנות.

און ע"ד ווי ס'איז געווען י"ב ניסן, פירט מען זיך בכל הימים - אז די הוספה וואס מ'גיט צו לגבי דער עבודה ווי זי איז געווען ביז איצטער, איז אין אן אופן פנימי, און דאס נעמט-דורך אלע פרטים און פרטי פרטים.

ביז אז דאס טוט אויף א שלימות אין דער עבודה ווי זי איז געווען ביז איצט, און דאס ווערט אויך א הקדמה צו דער עבודה וואס וועט זיין דערנאך.

און אזוי ווי י"ב ניסן דעמולט איז געווען דער "אחרי המשח אותו", אז מ'האט געמאכט דעם סך-הכל פון אלע קרבנות וכו' פון די נשיאים, לא פחות ולא יותר -

עד"ז נעמט מען דערפון ארויס די הוראה, אז די השתדלות אין דעם ענין פון "והשיב לב אבות על בנים" דארף זיין אין אן אופן פון "לא תגרעון" (לא פחות)[89], ד.ה. בתכלית השלימות, אז עס זאל ניט פעלן אין קיינע פרטים שבזה, און "לא תוסיפו" (לא יותר)[89] - אז דאס זאל ניט אנרירן אין דעם ענין פון כיבוד אב ואם בשלימות.

כב. און דאס איז די הוראה נוספת וואס מ'נעמט ארויס - דערפון -

---

86) ר"ה בתחלתו. 87) שם ד, א. 88) משנה שם. 89) ל' הכתוב - ואתחנן ד, ב. וראה בהנסמן בלקו"ש חי"ד ע' 179 הע' 6-8.

כא דערפון וואס שבת הגדול קומט אוים י"ב ניסן, ווען עס איז נגמר געווארן די הקרבת הנשיאים, "אחרי המשח אותו" -

אז אין דער הוראה וואס מ׳נעמט ארוים פון שבת הגדול, אז קינדער דארפן קומען צו זייערע עלטערן און בעטן בא זיי צו מקיים זיין תומ"צ בשלימותם, "והשיב לב אבות על בנים", ע"ד ווי די גוי׳שע קינדער להבדיל "הלכו . . אצל אבותיהם", זיי זיינען דעמולט געגאנגען בעטן בא זייערע עלטערן, אז זיי זאלן פאלגן דעם אויבערשטן -

קומט צו נאך א סיפערע שלימות דורך דעם וואס מ׳לערנט אפ פון י"ב ניסן, אז וויפל מ׳האט נאר געטאן ביז איצט אין "והשיב לב אבות על בנים" - דארף מען אין דערויף נאכמער מוסיף זיין.

ביז אז דאס טוט אויף א שלימות אין דער עבודה וואס איז געווען ביז איצט, און דאס ווערט א הכנה צו דער עבודה וואס וועט זיין דערנאך, ביז אז דאס גרייט צו צו דעם "יום ה׳ הגדול והנורא"[90].

און דורך די הכנות צו חג הפסח איז מען פארזיכערט אז עס וועט זיין א חג הפסח כשר ושמח,

ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[90], אז אויב מ׳היט זיך אפ פון א משהו חמץ, איז מען פארזיכערט אז כל השנה וועט זיין א שנת זכאי[91],

אז עס וועט זיין א שנה וואס אין איר וועט קומען משיח צדקנו, און עס וועט זיין "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו"[92] "קהל גדול ישובו הנה"[93],

בקרוב ממש, ובמהרה בימינו אמן.

* * *

כג. דערנאך קומט צו די הוראה דערפון וואס בשנה זו קומט אוים שבת הגדול און י"ב ניסן אין שבת פ׳ צו, וואס דאס איז ניט קיין דבר המוכרח אז שבת הגדול און י"ב ניסן זאלן זיין אין פ׳ צו.

דער ענין פון "צו" איז, כשמו, ווי רש"י טייטשט גלייך אפ: "אין צו אלא לשון זירוז מיד ולדורות".

וואס דערפון האט מען גלייך די הוראה בפשטות, אז עס דארף זיין דער ענין הזריזות אין כל פרט ופרט פון עבודת

- בעזרת -

---

90) מלאכי ג, כג. 91) ראה כתבי האריז"ל הובא בבאה"ט או"ח ר"ס תמז. 92) בא י, ט. 93) ירמי׳ לא, ח.

האדם, ועאכו"כ אז עס דארף זיין דער ענין הזריזות אין ענינים כלליים ווי די מבצעים.

ועד"ז איז פארשטאנדיק אז די הוראה מיוחדת וואס מ'נעמט ארויס דערפון וואס שבת הגדול און י"ב ניסן קומען אויס אין פ' צו, איז - אז די ענינים פון שבת הגדול און י"ב ניסן דארפן זיין אין אן אופן פון "זירוז מיד ולדורות".

לכאורה איז אבער ניט פארשטאנדיק:

די הקרבת הנשיאים (וואס דאס איז פארבונדן מיט י"ב ניסן) איז געווען א הוראת שעה[94] - ווי איז שייך צו זאגן אז די הוראה דערפון דארף זיין "זירוז . . לדורות"?

עד"ז איז ניט פארשטאנדיק ווי איז דארטן שייך צו זאגן "זירוז מיד":

בא די נשיאים איז ניט געווען דער ענין פון "זירוז מיד",

ואדרבה, דארטן איז געווען פונקט דער היפך פון "זירוז מיד" - ווארום נאך דערויף וואס די נשיאים זיינען אליין נתעורר געווארן צו מקריב זיין די אלע ענינים, ניט דורך אן אתעדל"ע - האבן זיי ערשט געדארפט ווארטן אז משה זאל פרעגן בא דעם אויבערשטן, און דערנאך האט דער אויבערשטער געזאגט אז עס זאל זיין "נשיא אחד ליום גו'",

ד.ה. אז דארטן האבן די נשיאים געדארפט ווארטן, און ניט טאן גלייך ווי זיי האבן געוואלט - איז דאך דאס לכאורה היפך ההוראה פון "זירוז מיד"?

עד"ז איז ניט פארשטאנדיק די שייכות פון שבת הגדול צו "זירוז . . לדורות":

דער ענין פון שבת הגדול איז - "למכה מצרים בבכוריהם", כנ"ל (ס"ב ואילך) - וואס לכאורה איז דאך דא דער ציווי אין תורה[95] אז "לא תוסיפו לראותם עוד עד עולם", ביז אז דאס איז געזאגט געווארן ג' פעמים בתורה, און עס ברענגט זיך אין מנין המצוות (געבוים אויף ש"ס און פוסקים וכיו"ב)[96] -

איז ווי זאגט מען אז דער ענין פון "למכה מצרים בבכוריהם" (ענינו פון שבת הגדול) דארף זיין "זירוז . . לדורות" - דער ציווי פון "לא תוסיפו לראותם עוד עד עולם" איז אויך א ציווי לדורות?!

- כד. -

---

94) ראה מנחות נ, סע"א ואילך. פרש"י עה"פ נשא שם, יד. רמב"ן ס"פ נשא. ועוד. 95) בשלח יד, יג. 96) ראה לקו"ש שופטים תשל"ו. וש"נ.

כד. דער ביאור אין דעם, ובהקדם כמה נקודות וואס מ׳האט גערעדט כמ"פ:

די גמדא[97] זאגט אז "מעשי ידי משה" זיינען נצחיים, און דערפאר איז "משנבנה מקדש ראשון נגנז אוהל מועד קרשיו קרסיו ובריחיו ועמודיו ואדניו", און לע"ל וועט דאס נתגלה ווערן בשלימות מיט די אלע פרטים.

איז לכאורה ניט פארשטאנדיק:

לע"ל וועט דאך זיין "מקדש אד׳ כוננו ידיך"[98] - איז וואס איז דער אויפטו אז אויך דער משכן וועט נתגלה ווערן דעמולט?!

הן אמת אז דער משכן איז א נצחי, ובמילא וועט ער זיין אויך לע"ל - אבער וואס איז די תועלת אין דעם, בשעת אז עס וועט זיין "מקדש אד׳ כוננו ידיך"?

ובפרט ע"פ תורת הבעש"ט[99] אז יעדער זאך האט אין זיך א הוראה אין עבודת ה׳ - דארף מען פארשטיין וואס איז די הוראה דערפון וואס אויך דער משכן וועט נתגלה ווערן בשלימותו לע"ל?

כה. והביאור בזה:

די מעלה פון דעם משכן לגבי דעם ביהמ"ק השלישי איז - די מעלה פון עבודה בכח עצמו למטה לגבי אן ענין וואס מ׳גיט מלמעלה,

וכידוע אז עבודה בכח עצמו איז העכער פאר דעם וואס מ׳גיט א אידן מלמעלה, וכמרז"ל[100] "אדם רוצה בקב שלו מתשעה קבים של חבירו", ווארום א זאך וואס איז זיינע א זאך איז ביי אים מער מיט שלימות התענוג ווי א זאך וואס א צווייטער גיט אים, אפילו אויב דאס וואס יענער גיט אים איז "תשעה קבים" לגבי דעם "קב שלו".

ביז אז אפילו אויב ער האט שוין די "תשעה קבים של חבירו" און דערנאך קומט צו דער "קב שלו" - איז דאס אויך מוסיף אין שלימות התענוג פון דעם מענטשן.

וואס וויבאלד אז בא דעם מענטשן איז מער שלימות התענוג אין "קב שלו", איז פארשטאנדיק, אז ווען מ׳וויל ממלא זיין דעם רצון ותענוג האדם - איז דאס מיט א העכערער - שלימות -

---

97) סוטה ט, א. 98) בשלח טו, יז. וראה בהנסמן בלקו"ש חי"א ע׳ 185 הע׳ 39. 99) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז-קכט. וש"נ. 100) ב"מ לח, א.

שלימות בשעה מ׳גיט אים אן ענין וואס איז "קב שלו".

כו. ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דעם ביהמ"ק השלישי און דעם משכן:

אע"פ וואס דער ביהמ"ק השלישי איז "מקדש אד׳ כוננו ידיך", ד.ה. אז דער אויבערשטער וועט אים בויען, וואס דאס איז א המשכה מלמעלה, "חשעה קבים של חבירו" - איז אבער ניטא אין דערויף די מעלה פון עבודת האדם, דער "קב שלו";

משא"כ דער משכן איז געבויט געווארן דורך אלע אידן, דער ענין פון "קב שלו" - וואס דערפאר וועט אויך דער משכן נתגלה ווערן לע"ל צו ארויסברענגען די מעלה פון עבודה בכח עצמו, וואס דאס איז שלימות התענוג וואס ווערט דוקא ווען מ׳גיט א מענטשן דעם "קב שלו".

ביז אז דער בנין המשכן איז געווען מערער "קב שלו" פון די אידן ווי דער בנין בית ראשון און בנין בית שני. והביאור בזה:

דער בנין בית ראשון איז געווען בעיקר דורך דוד און שלמה המלך, אבער רוב אידן האבן ניט געבויט דעם ביהמ"ק.

און אע"פ אז "הנשיא הוא הכל"[101], און דער לב פון דעם מלך איז "לב כל קהל ישראל", ווי דער רמב"ם[102] זאגט, ובפרט אז צוליב בויען דעם ביהמ"ק האט דוד גענומען כסף וזהב וכו׳ פון אלע שבטים[103], און מ׳האט געבויט דעם ביהמ"ק בשליחות פון אלע אידן, וואס "שלוחו של אדם כמותו"[104] -

איז אבער פארט "מצוה בו יותר מבשלוחו"[105], און דער עצם בנין פון ביהמ"ק איז געווען בעיקר שייך צו דעם מלך.

ועד"ז בא דעם בנין בית שני, האבן זיך אין דערויף משתתף געווען נאר די מ׳ אלף עולי בבל[106], אבער די אנדערע אידן האבן אין דעם קיין שייכות ניט געהאט.

משא"כ בא דעם בנין המשכן, האבן זיך אין דעם משתתף געווען אנשים ונשים[107], און אויך טף, ווי ער זאגט אין אדר"נ[108] (ווי גערעדט פריער[109] בקשר מיט "והשיב לב אבות על בנים"),

- ד.ה. -

---

101) פרש"י עה"פ חקת כא, כא. 102) הל׳ מלכים פ"ג ה"ח. 103) דה"א כב, יד ואילך. כט, א ואילך. 104) ברכות לד, ב. וש"נ. 105) קידושין מא, א. 106) עזרא ב, סד. 107) ויקהל לה, כב ואילך. 108) רפי"א. וראה צפע"נ מהדו"ת ג, ג. 109) שיחת יום ג׳, ר"ח ניסן סוף ס"ו.

ד.ה. אז אלע אידן האבן זיך משתתף געווען אין דעם בנין המשכן,

ביז וואנעס אז בשעת איינער האט זיך אין דערויף ניט משתתף געווען - מאכט מען דערפון א גאנצן שטורעם, ווי רש"י[110] זאגט, וואס דער איינער איז געווען משה רבינו!

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בנין המשכן איז געווען חלוי בעיקר אין עבודת האדם, ביז אז אלע אידן, פון קליין ביז גדוים, האבן זיך אין דערויף משתתף געווען, ס'איז נאר געווען א נפק"מ צי איינער האט געבראכט א קליינעם קעלעשיק, אדער א גרויסן קעלעשיק - אבער משתתף געווען אין דעם האבן זיך אלע.

כז. עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק פארוואס מ'געפינט נאר אז דער משכן און דער ביהמ"ק השלישי וועלן נתגלה ווערן לע"ל, משא"כ בנוגע צו דעם בית ראשון און בית שני געפינט מען דאס ניט [מ'געפינט נאר אז חז"ל[111] זאגן אז דאס וואס עס שטייט[112] "אלה פקודי המשכן משכן גו'", "משכן משכן שני פעמים", איז מרמז אויפן "מקדש שנתמשכן בשני חורבנין", וואס א "משכון" איז א זאך וואס מ'קערט שפעטער אום צו די פון וועמען מ'האט דאס צוגענומען, כמדובר כמ"פ[113]]:

לע"ל וועלן זיין ביידע מעלות: סיי די מעלה פון המשכה מלמעלמ"ט, "תשעה קבים של חבירו", וואס דאס וועט זיך אויסדריקן אין דעם ביהמ"ק השלישי, "מקדש אד' כוננו ידיך", און סיי די מעלה פון עבודת האדם בכח עצמו מלמטלמ"ע, "קב שלו", וואס דאס וועט זיך אויסדריקן אין דעם וואס דעמולט וועט נתגלה ווערן דער משכן.

וואס דערפאר וועט דעמולט ניט זיין דער בית ראשון און בית שני, ווארום ממנ"פ: אויב דער בית ראשון און בית שני זיינען דער ענין פון גילוי והמשכה מלמעלמ"ט - וועט דאך לע"ל זיין דער בית שלישי, וואס ער איז דער תכלית השלימות פון גילוי והמשכה מלמעלמ"ט, "מקדש אד' כוננו ידיך", איז דאך דאס "בכלל מאתיים מנה"[114] פון דעם וואס דער בית ראשון און בית שני וועלן אויפטאן;

ולאידך, אויב דער בית ראשון און בית שני זיינען דער ענין פון העלאה מלמטלמ"ע - וועט דאך לע"ל זיין דער משכן,

- וואס -

---

110) עה"פ פקודי לט, לג. 111) תנחומא פקודי ב. שמו"ר פנ"א, ג. פרש"י ר"פ פקודי. 112) ר"פ פקודי. 113) ראה לקו"ש חי"א ע' 177 ואילך. פקודי תשל"ז ס"ג. 114) ב"ק עד, א. ועוד.

וואס ער איז א טיפערער ענין פון העלאה מלמטלמ"ע ווי דער ביה ראשון און בית שני, כנ"ל, איז דאך דאס "בכלל מאתיים מנה" פון דעם ענין פון העלאה מלמטלמ"ע וואס דער בית ראשון און בית שני ווען אויפטאן.

כה. מ'דארף נאך אבער פארשטיין פארוואס דארף דער משכן נתגלה ווערן לע"ל בגשמיות ובגלוי לעיני בשר - בשעת דעמולט וועט זיין דער ביהמ"ק.

איז דער ביאור אין דעם פארשטאנדיק ע"פ דעם חילוק הידוע צווישן רוחניות מיט גשמיות:

עס איז מבואר אין לקו"ת[115] אז אע"פ וואס "תפלות כנגד תמידין הקנוס"[116], קומט אבער ניט דער ענין התפלה אין זמן הגלות צו דער עצם הקרבה פון א קרבן גשמי אין ביהמ"ק, וואס דאס האט נאר געקענט זיין אין ביהמ"ק מצד דעם אור גדול וואס האט דארטן מאיר געווען.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דוקא ווען א זאך קומט ארויס בגשמיות האט דאס אין זיך א מעלה וואס איז ניטא כל זמן אז דאס שטייט נאך ברוחניות.

וכמובן בפשטות, אז כל זמן מ'זאגט'איינעם אז אן ענין איז דא ברוחניות, קען ער זיך אין דעם מתבונן זיין, און נעמען דערפון א נחינת כח וכו' - אבער דאס קומט ניט צו דעם ווען ער זעט די זאך בגשמיות.

און ווי דער רמב"ם[117] זאגט בנוגע צו מ"ת אז "עינינו ראו ולא זר ואזנינו שמעו ולא אחר", וואס דוקא דעמולט קומט צו א תוקף אין דער זאך.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דעם משכן לע"ל:

בכדי אז די מעלה פון עבודה בכח עצמו וואס דריקט זיך אויס אין דער משכן זאל זיין מיטן גאנצן תוקף ובתכלית השלימות - מוז דער משכן (וואס ער איז "מעשה ידי משה") נתגלה ווערן לע"ל בגשמיות אין אן אופן פון "עינינו ראו ולא זר ואזנינו שמעו ולא אחר", ביז אז מ'קען אים אנטאפן מיטן חוש המישוש,

ווארום אויב דער משכן וועט נתגלה ווערן נאר ברוחניות, וועט מען טאקע פארשטיין בשכל אז ס'איז דא אזא מציאות, אבער דער תוקף וואס א דבר גשמי טוט אויף וועט פעלן.

- ובפרט -

---

115) פינחס עה, סע"ב. עו, סע"ב ואילך. 116) ברכות כו, ב. 117) הל' יסוה"ת רפ"ח.

ובפרט אז לע"ל וועט נתגלה ווערן מעלת הגשמי על הרוחני[118], איז דאך זיכער פארשטאנדיק אז בשעת עס ווערט נתגלה דער משכן לע"ל, דארף דאס זיין בגשמיות, ניט נאר ברוחניות.

כט. ע"פ המבואר לעיל בנוגע צו דער נצחיות פון דעם משכן – איז פארשטאנדיק בנוגע צו משיחת המזבח, און הקרבת הקרבנות וכו' וואס די נשיאים האבן געטאן:

מ'האט גערעדט פריער (סי"ח) אז נאך דערויף וואס ס'איז געווען הקמת המשכן, איז אויפגעטאן געווארן אין דעם משכן א שלימות דורך הקרבת הקרבנות אין אים, ביז צו דער שלימות וואס האט זיך אויפגעטאן אין יום השמיני למילואים, און נאכמער שלימות – נאך דעם וואס מ'האט מושח געווען דעם מזבח און אלע י"ב נשיאים האבן מקריב געווען אויף אים זייערע קרבנות, "אחרי המשח אותו".

איז דערפון פארשטאנדיק, אז פונקט ווי דער משכן איז א נצחי, ביז אז ער וועט נתגלה ווערן אויך לע"ל, עד"ז די פעולות וואס די נשיאים האבן געטאן אין משכן, וואס דאס האט גע'פועל'ט נאכמער שלימות אין דעם משכן – זיינען אויך נצחיים, ביז אז זיי וועלן אויך זיין נצחיים לע"ל, און דערפאר קען מען דערפון ארויסנעמען הוראות עד סוף כל הדורות.

און אע"פ אז די מעשה הנשיאים איז געווען א הוראת שעה – איז דאס אבער כלשון הידוע[119] – א פעולה נמשכת, ד.ה. אז פעולת משיחת המזבח און הקרבת הקרבנות פון די נשיאים איז אפגעטאן געווארן איין מאל, און פון יענעם מאל איז דאס נמשך געווארן באופן נצחי.

ועי"ד ווי דאס איז ביי א בן מלך, וואס ער דארף ניט האבן קיין משיחה[120], און לכמה דעות[121] איז דאס דערפאר וואס די משיחה פון אביו המלך איז א פעולה נמשכת און דאס ווערט אויך נמשך אויף דעם בן המלך,

ד.ה. אז אע"פ וואס די פעולת המשיחה איז געווען נאר איין מאל (בא דעם מלך), ווערט דאס אבער א פעולה נמשכת, אז דאס ווערט נמשך שטענדיק באופן נצחי אויך אויף דעם בן מלך.

ועד"ז בנדו"ד: אע"פ וואס די משיחת המזבח און הקרבת הקרבנות פון די נשיאים איז געווען נאר איין מאל אין משכן, און דאס איז געווען א הוראת שעה – ווערט דאס אבער א פעולה

- נמשכת -

---

118) ראה סה"מ תרנ"ט ע' קה ואילך. ובכ"מ. 119) ראה מפענ"צ פ"ה. וש"נ. 120) הוריות יא, ב. 121) ראה צפע"נ להוריות שם.

נמשכה, וואס ווערט נמשך שטענדיק באופן נצחי,

[וואס דאס איז דאך דער כללות הענין פון א פעולה נמשכה, אז דאס איז אן ענין נצחי.

ובפרט אז דאס איז פארבונדן מיט דעם משכן, וואס ער איז "מעשה ידי משה" וואס זיינען נצחיים].

ואדרבה, וויבאלד אז דאס ווערט נמשך אויך דערנאך - דערפאר איז דאס א הוראת שעה, אז מ'טאר נאכאמאל ניט איבער-חזר'ן די פעולה וואס די נשיאים האבן דעמולט געטאן.

ועד"ז ווי דאס איז ביי א בן מלך - אז וויבאלד די משיחה פון אביו המלך ווערט נמשך אויך אויף אים, ובכילא דארף ער ניט האבן קיין משיחה - דערפאר טאר ער ניט האבן קיין משיחה. וויבאלד אז דעמולט איז דאס בדוגמת אן ענין פון מעילה [אע"פ וואס דאס איז ניט בדומה ווי בשעת מען איז מושח א זר, אבער פונדעסטוועגן, אויך א בן מלך טאר מען ניט מושח זיין - אויב מ'דארף דאס ניט האבן].

ל. עפ"ז איז פארשטאנדיק די שייכות פון די נשיאים, וואס דאס איז פארבונדן מיט י"ב ניסן, "אחרי המשח אותו", מיט פ' צו - "לשון זירוז מיד ולדורות" (וואס בקביעות שנה זו קומט אויס י"ב ניסן אין שבת פ' צו, כנ"ל):

לכתחלה איז געווען די אתעדל"ת פון די נשיאים מצ"ע, אז זיי זיינען געקומען צו משה רבינו און זיי האבן געוואלט מקריב זיין די קרבנות וכו', וואס דאס איז דער ענין פון "זירוז מיד";

דערנאך איז געקומען די אהעדל"ע מלכעלה, וואס דאס איז א נהינת כח מלמעלה וואס איז באי"ע העכער ווי די התעוררות מלמטה, און דער אויבערשטער האט מקבל געווען די הצעה פון די נשיאים.

און מצד דעם זיינען די פעולות הנשיאים וואס זיינען דעמולט געווען אין משכן - ניט נאר ענינים וואס זיינען שייך נאר צו יענעם זמן ("זירוז מיד"), נאר זיי זיינען א פעולה נמשכת, אן ענין וואס ווערט נמשך שטענדיק, "זירוז לדורות".

וכאמור, אז אע"פ וואס דאס איז געווען א הוראת שעה - וויבאלד אבער אז דאס איז א פעולה נמשכת, און דאס איז פאר-בונדן מיטן משכן, וואס ער איז א נצחי - ווערט דאס אויך אן ענין נצחי, אז די פעולה וואס איז געווען אין יענער "שעה" ווערט נמשך שטענדיק, "זירוז מיד ולדורות", און עס ווערט "לדור ודור נספר תהלתך"[122].

- ובפרט -

---

122) תהלים עט, יג.

ובפרט אז דאס איז א חלק פון תורה, וואס "זאת התורה לא ההא מוחלפה"[123], וואס דאס איז כולל אויך די מצוות התורה, אז זיי זיינען נצחיים לדורי דורות, ביז אויך נאך ביאת משיח צדקנו.

ולדוגמא ווי עס שטייט בנוגע צו מצות מחיית עמלק, "מלחמה לה׳ בעמלק מדור דור"[124], וואס דאס טייטשט מען [125] אז דאס גייט אויך אויף דרא דעקבתא דמשיחא, ביז אויך לאחר ביאת משיח צדקנו,

ובפרט ווי דער רמב"ם שרייבט אין ספר המצוות [126] אז מצות מחיית עמלק איז א מצוה נוהגת לדורות, ביז אז אויך לע"ל וועט די מצוה זיין.

און אע"פ אז דעמולט וועט זיין "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ"[127], און די מציאות פון עמלק וועט ניט זיין אין וועלט - איז דאס אבער נאר בנוגע צו די מציאות פון עמלק, משא"כ די מצוה פון מחייה עמלק איז דעמולט אויך דא - אז אילו יצוייר עס וועט זיין א מציאות פון עמלק אין וועלט דארף מען דאס מוחה זיין [ועד"ז איז ער דארפן מבאר בנוגע צו די מצוות וואס זיינען פארבונדן מיט די אנדערע ז׳ אומות],

און דערפאר איז דאס א מצוה נוהגת לדורות, וואס דערפאר רעכנט דאס דער רמב"ם אין מנין המצוות [משא"כ א מצוה וואס איז נאר א הוראת שעה איז דער רמב"ם ניט מונה אין מנין המצוות].

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו מעשה הנשיאים אין משכן - אז וויבאלד דאס איז א חלק פון תורה, איז אע"פ וואס דאס איז א הוראת שעה - איז דאס אן ענין נצחי, ובמילא איז דאס קיים לדורי דורות, און מ׳קען זיך דערפון אפלערנען בכל דור ודור, אין אן אופן פון "לדור ודור נספר תהלתך".

לא. די הוראה דערפון אין עבודת האדם:

דער ענין פון די נשיאים איז - "נשא את ראש", די עבודה פון מסירת נפש וואס איז למעלה פון "ראש" און חכמה ושכל, "נשא את ראש".

וואס די עבודה פון כמ"נ באשטייט פון צוויי נקודות: פון איין זייט איז דאס אן עבודה וואס איז ברוגמא ווי דער ענין פון הוראת שעה, ווארום די כוונה איז ניט אז א איד

- זאל -

---

123) עיקר הט׳ מי"ג העיקרים. 124) בשלח יז, טז. 125) תיב"ע עה"פ. 126) מ"ע קפז. וראה שיחת ש"פ תצוה, פ׳ זכור ש.ז. ס"ז. 127) זכרי׳ יג, ב.

זאל כסדר גיין אויף מס"נ, נאר עס מוז אויך זיין דער ענין פון קיום התומ"צ בפועל,

און ווי מ'געפינט אז עס זיינען דא זמנים מיוחדים פאר דעם ענין פון מס"נ: דער זמן פון ק"ש שעל המטה, תפלת העמידה, חודש תשרי, ר"ה וכו', משא"כ שאר הזמן איז די הדגשה ניט אויף דער עבודה פון מס"נ, נאר אויף דער עבודה פון תומ"צ בפועל;

לאידך אבער דארף די מס"נ וואס ער האט לפי שעה - פועל'ן און דורכנעמען זיין עבודה במשך כל היום כולו.

וע"ד ווי דער ענין פון קב"ע, ווי ער זאגט אין תניא[128] אז קב"ע איז "ראשית העבודה ועיקרה ושרשה":

דער ענין פון קב"ע איז ניט נאר "עיקרה", וואס "עיקרה" מיינט אז דאס איז טאקע דער עיקר פון דער זאך, דאס בלייבט אבער במקומו, דאס קומט ניט אראפ אין דעם מקום אויף וואס דאס איז אן עיקר - נאר דאס איז אויך "שרשה", וואס דער ענין פון א שרש איז - אז דאס איז דער שרש החיות פון דעם גאנצן אילן, און וואו ס'איז דא נאר א ארט אין דעם אילן - איז דאס יונק חיות פון דעם שרש, און דער שרש איז זיך דארטן מתפשט.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו מס"נ (וואס מס"נ איז בכללות ע"ד ווי קב"ע):

מס"נ איז דער שרש פון דער גאנצער עבודה פון תומ"צ, און יעדער ענין פון הומ"צ איז בפנימיותו זיין תוכן דער ענין פון מס"נ, ווי עס שטייט אין תניא[129], וואס דערפאר איז אע"פ וואס מס"נ איז ניט קיין עבודה המידית, נאר דאס איז אין אן אופן פון הוראת שעה - איז אבער נאך דערויף וואס ס'איז דא די הוראת שעה פון מס"נ, דארף די מס"נ דורכנעמען די עבודה פון דעם מענטשן.

לב. דיביידע נקודות וואס זיינען דא אין מס"נ (דאס איז א הוראת שעה, און אז דאס דארף דורכנעמען כל התומ"צ) - איז אויך פארשטאנדיק בפשטות אין עבודת האדם:

בשעת איינער זעצט זיך לערנען תורה קען ער ניט טראכטן וועגן גיין אויף מס"נ, ווארום ער דאדף זיך צוטראגן צו דער סוגיא וועלכע ער לערנט, און אויב ער פארשטייט ניט וואס ער לערנט איז ער ניט מקיים די מצוה פון תלמוד תורה[130].

- לאידך: -

---

128) רפמ"א. 129) שם (נח, א). 130) ראה מג"א או"ח ס"נ סק"ב. שו"ע אדה"ז שם ס"ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ב סי"ג.

לאידך: אע"פ אז ער קען ניט טראכטן בשעת מעשה וועגן מס"נ, איז אבער די מס"נ וואס ער האט געהאט בשעת ער האט געדארפט האבן מס"נ, נעמט אים דורך אויך בשעת ער זיצט און ער פארשטייט וואס ער לערנט.

ועד"ז בנוגע צו קיום המצוות:

בשעת איינער לייגט תפילין דארף ער טראכטן וועגן משעבד זיין דעם לב מיטן מוח[131], און ס'איז ניט גענוג אז ער זאל בכללות מכוין זיין אז ער גיט זיך אוועק פאר דעם אויבערשטן, נאר עס מוז זיין די כוונה פרטית פון שעבוד הלב והמוח.

ועד"ז בנוגע צו אלע מצוות[132], אז יעדער מצוה האט איר כוונה פרטית וואס מ'דארף מכוין זיין בשעת מ'איז מקיים די מצוה.

אבער לאידך איז דא פאר יעדער מצוה ברכת המצוות, "אשר קדשנו במצותיו וצונו", וואס דאס איז בכללות דער ענין פון מסירת נפש און מסירת הרצון[133], וואס דאס איז בשוה בא יעדער מצוה, און דאס דארף דורכנעמען די מצוה פרטית וואס ער איז דערנאך מקיים.

ד.ה. אז פריער איז דא די ברכת המצוה, "אשר קדשנו במצותיו וצונו", וואס דאס איז די הקדמה פון מס"נ פאר יעדער מצוה, אבער די ברכת המצוה איז נאר "עובר לעשייתן"[134], און דערנאך דארף זיין די כוונה פרטית פון דער מצוה פרטיה: בא תפילין דארף ער משעבד זיין דעם לב און מוח; בא סוכות דארף ער מכוין זיין "כי בסוכות הושבתי את בני ישראל בהוציאי אותם מארץ מצרים"[135]; בא ציצית דארף ער מכוין זיין "וזכרתם את כל מצות ה'" [136] וכיו"ב.

און דערנאך דארף ער מקיים זיין די מצוה פרטית בפועל ממש.

וואס אויב איינער וועט זאגן א גאנצן טאג ברכת המצוות, און בפועל וועט ער ניט מקיים זיין די מצוה – איז דאס היפך הכוונה,

וואס דערפאר איז די ברכת המצוה נאר אזוי ווי א הוראת

- שעה -

---

131) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סכ"ה ס"ה (סי"א). וראה תניא שם (נו, ב). 132) ראה גם עס"ד נג, א ואילך. נח, ב ואילך. 133) ראה תו"א מקץ לו, ב. 134) פסחים ז, ב. ושנ"נ. 135) אמור כב, מג. טור או"ח סתרכ"ה (וראה ב"ח שם). שו"ע אדה"ז שם. 136) שלח טו, לט. טור או"ח ס"ח (וראה ב"ח שם ד"ה ויכוין). שו"ע אדה"ז שם סי"ז.

שעה, און דערנאך דארף ערשט זיין די כוונה פרטית פון דער מצוה, און דער קיום בפועל פון דער מצוה; דאס דארף אבער זיין דורכגענומען מיט דער מס"נ פון דער ברכת המצוה וואס ער האט געמאכט פאר דער מצוה.

לג. די הוראה בנוגע לפועל:

בא יעדן אידן דארף זיין דער "נשא את ראש", די עבודה פון מס"נ.

און יעדער איד דארף גיין רעדן בים אנדערע אידן אז בא זיי זאל אויך זיין דער נשיאת ראש; אבער איידער מ'גייט רעדן מיט אנדערע דארף זיין דער "קשוט עצמך"[137], אז בא זיך אליין איז דא דער נשיאה ראש, די תנועה פון מס"נ, און דערנאך קען ער גיין רעדן מיט א צווייטן אז ער זאל אויך האלטן בא דעם.

אבער די תנועה פון מס"נ איז נאר א הקדמה פאר דער עצם העבודה, ווי מ'זעט דאס בפועל ממש,

אז בשעת ער גייט ארויס אין גאס צו רעדן מיט א צווייטן אידן - איז אויב עד וועט מיט אים רעדן וועגן מס"נ - וועט זיך יענער אדער דערשרעקן, אדער זיך בכלל ניט צוהערן.

וואס דערפאר דארף ער מיט יענעם רעדן וועגן ענינים פרטיים וואס זיינען לפי ערך דעם מיט וועמען ער רעדט: וועגן בדיקת חמץ, ביעור המץ, מכירת חמץ (ניט-אוס-שבת גערעדט), און וועגן צוגרייטן מצה און יין פאר פסח,

וואס די ענינים פרטיים דארפן טאקע זיין דורכגענומען מיט דער תנועה פון מס"נ, אבער וואס רעדט ער מיט יענעם בגלוי - ניט וועגן מס"נ, נאר וועגן קיום מצות פרטיות.

לד. דערביי קומט צו די הודאה פון י"ב ניסן, וואס דעמולט איז געווען דער "העלה עליהם כאילו כולם הקריבו" פון דעם יום האחרון פון הקרבת הנשיאים, "אחרי המשח אותו" (כנ"ל סי"א):

אע"פ וואס דער כללות הענין פון די נשיאים איז דער ענין פון "נשא את ראש", דער ענין פון מס"נ, וואס מס"נ איז א הקדמה און דארף דערנאך דורכנעמען די עבודה פון תומ"צ -

זיינען דאך אבער געווען י"ב נשיאים, וכמובן אז ס'איז אינו דומה די כוונות פון מס"נ פון איין נשיא לגבי די

- כוונות -

---

137) ראה ב"מ קז, סע"ב. וש"נ.

כוונות פון דעם צווייטן נשיא: דער נשיא לשבט יהודה האט געהאט זיינע כוונות, דער נשיא לשבט יששכר זיינע כוונות, דער נשיא לשבט זבולון זיינע כוונות, ביז צו דעם נשיא לשבט נפתלי וואס ער האט געהאט זיינע כוונות.

ועד"ז בשעת מ'גייט ארויס איך גאס צו רעדן מיט אידן וועגן בדיקת חמץ, ביעור חמץ, מכירת חמץ, און צוגרייטן זיך און מצה פאר פסח - רעדט מען דאך מיט יעדער אידן די זעלבע פרטים;

אבער ביחד עם זה קען דאך איין איד זיין פון איין שבט, וואס דערפאר דארף מען מיט אים רעדן לפי"ע זיינע ענינים, און א צווייטער איד קען זיין פון א צווייטן שבט, וואס מיט אים דארף מען רעדן אויף א צווייטן אופן, ועד"ז א דריטער איד קען זיין פון א דריטן שבט, וואס מיט אים דארף מען גאר האבן א דריטן אופן ווי צו רעדן.

וע"ד ווי דאס איז געווען בא די נשיאים: אע"פ וואס יעדער איינער האט מקריב געווען די זעלבע ענינים, "קערה כסף אחת וגו'" - האט אבער יעדער איינער פון די נשיאים געהאט באזונדערע כוונות.

איז בשעת מ'גייט ארויס איך גאס, קען מען דאך ניט וויסן וואס פאר א איד מ'וועט טרעפן: צי ער וועט זיין פון שבט יהודה אדער פון שבט יששכר, אדער פון שבט זבולון, ביז פון שבט נפתלי -

האט מען די הוראה דערפון וואס בי"ב סיון איז געווען "העלה עליהם כאילו כולם הקריבו" - אז איידער מ'גייט ארויס אין גאס, גרייט מען זיך צו מיט אלע אופנים פון מס"נ ("כולם הקריבו"), בכדי אז מ'זאל קענען פועל'ן אויף יעדער איד וועלכן מ'וועט נאר טרעפן.

לה. און דורך דערויף וואס מ'איז זיך משתדל צו רעדן מיט אידן, כל אחד לפי ענינו - איז מען מובטח אז מ וועט מצליח זיין, ווארום מ'רעדט בשם פון משה רבינו, וואס ער רעדט בשם פון דעם אויבערשטן, און ער האט אנגעזאגט דעם ציווי[138] "ואהבת לרעך כמוך", און דעם ציווי[139] "אמור אל הכהנים גו' ואמרת אליהם - להזהיר גדולים על הקטנים", מיט שאר הציווים אין תורה, ביז צו דעם ציווי הכללי פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים.

און מ'זאגט אן דעם אידן, אז די אלע פעולות וואס ער

- טוט -

---

138) קדושים יט, יח. 139) אמור כא, א. יבמות קיד, סע"א. פרש"י עה"פ.

טוט מיט א צווייטן אידן איצטער אין חושך כפול ומכופל פון זמן הגלות, זיינען פעולות נצחיות, און לע"ל וועט נתגלה ווערן בגשמיות בגלוי לעין כל בשר וואס ער האט אויפגעטאן דורך רעדן מיט דעם צווייטן אידן -

איד בשעת א איד איז זיך אין דערויף מחבונן - גיט דאס אים נאך א תוספת כח אין די לעצטע טעג פון גלות צו ממשיך זיין בעבודתו,

ביז אז ער פועל'ט אז נאך אין די לעצטע טעג פון גלות זאל מען זעהן בגלוי וואס די פעולות טוען אויף, ביז אין אן אופן פון "יעלה הפורץ לפניגו"[140] - אז ער איז ממשיך א"ס האמיתי דא למטה.

ובפרט אז ס'איז ניטא וואס צו ווארטן, און עס דארף שוין זיין די גאולה האמיתית והשלימה אין אן אופן פון "אחישנה"[141], און "כיד הן נגאלין"[142],

וואס דעמולט וועט זיין ניט נאר א כנור של שמונה נימין[143], נאר ווי מ'גייט באלד ליינען "ויהי ביום השמיני - אותו יום נטל עשר עטרות"[144] - דער כנור פון עשרה נימין, "עלי עשור"[145].

ובפרט אז מ'שטייט אין דעם חודש הגאולה[146], וואס "בניסן נגאלו בניסן עתידין ליגאל"[147] - וועט נאך זיין די גאולה אין חודש ניסן תש"מ,

ובפרט אז דאס איז א שנת השמיטה, "שבת לה'"[148], וואס דעמולט איז אלץ מתוך תענוג ומתוך מנוחה,

אז עס זאל קומען משיח צדקנו בקרוב ממש, און ברענגען די גאולה האמיתית והשלימה, למטה מעשרה טפחים, ובעגלא דידן.

* * *

לו. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה זאת תורת העולה.

* * *

- לז. -

---

140) ע"פ מיכה ב, יג. וראה אגדת בראשית ספס"ג (סד). ב"ר פפ"ה, יד ובפרש"י שם. 141) ישעי' ס, כב. וראה סנהדרין צח, א. 142) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה. 143) ראה ערכין יג, ב. 144) שבת פז, ב. ס"ע פ"ז. תו"כ ופרש"י ר"פ שמיני. פרש"י עה"פ נשא שם, יב. ועוד. וראה ד"ה ויהי ביום השמיני תרע"ח, תש"ד, תש"ה. ועוד. 145) תהלים צב, ד. ערכין שם. וראה לקו"ת תזריע כא, ד. סידור קפט, סע"א ואילך. 146) שמו"ר פט"ו, יא. 147) ר"ה יא, רע"א. 148) בהר כה, ב-ד.

לז. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען א פסוק מיט פרש"י אין פרשת השבוע, און אויך אן ענין אין די הערות אויפן זהר פון פרשה זו.

בנוגע צו פירוש רש"י:

בפרשתנו[149] רעדט זיך וועגן דעם קרבן תודה, וואס ער איז אויך פארבונדן מיט "בניסן נגאלו בניסן עתידין ליגאל", מיט דער גאולה, וכמרז"ל[150] אז "לע"ל כל הקרבנות בטלין וקרבן תודה אינו בטל", כמבואר בארוכה אין די דרושים ד"ה מזמור לתודה (אין סידור[151] און אין תהלים[152]).

ובפרט לויט ווי רש"י[153] ברענגט אראפ אז דעם קרבן ברענגט מען אויף פיר ענינים, וואס אלע זיינען פאראן אין דער גאולה פון דעם גלות:

דער ענין פון "חבושי בית האסורים" - איז דאך בפשטות דער ענין הגלות, א בית האסורים;

דער ענין פון "הולכי מדבריות" - איז דאך דער גלות וואס איז בכללות געגליכן צו דעם "מדבר הגדול והנורא נחש שרף ועקרב וצמאון אשר אין מים"[154];

דער ענין פון "יורדי הים" - איז פארשטאנדיק ע"פ המבואר אין חסידות[155] אז "מים רבים" זיינען די טרדות וכו' וואס זיינען בזמן הגלות;

ועד"ז דער ענין פון "חולה" - איז דאך דא אין דעם דער פירוש הנעלה[156] אז אידן אין גלות זיינען בבחי' "חולת אהבה"[157], וואס "חולה" איז בגימטריא מ"ט[158], ד.ה. אז מ'האט שוין די מ"ט שערי בינה, עס פעלט בלויז דער שער הנו"ן;

ביז צום פירוש בקצה השני, אז "חולי זה יצר הרע"[159],

- אדער -

---

149) ז, יב ואילך. 150) ויק"ר פ"ט, ז. וראה גם שם פכ"ז, יב. תנחומא אמור יד. מדרש תהלים עה"פ נו, יג.
151) מד, סע"א. 152) יהל אור עה"פ (ע' שעא ואילך). אוה"ת נ"ך (כרך ב) ע' תתקעו ואילך. 153) עה"פ פרשתנו שם.
154) עקב ח, טו. 155) ראה ד"ה מים רבים תשל"ח. וש"נ. וראה גם סה"מ קונטרסים ח"א קפז, ב. 156) ראה - בנדו"ד - ד"ה ברוך הגומל תשל"ז. 157) ל' הכתוב - שה"ש ב, ה. וראה פרש"י עה"פ. וראה תו"א יתרו סח, א. לקו"ת ברכה צז, א. ד"ה חמשים שערי בינה תרנ"ג (נדפס בקונטרס ח"י אלול תש"ג. סה"ש תש"ג ע' 201 ואילך). ד"ה אז יבקע תרצ"ד פ"א (סה"מ קונטרסים ח"ב שה, א ואילך). 158) טעמי המצות להאריז"ל פ' ויקרא. הובא בתו"א, לקו"ת וד"ה חמשים שערי בינה הנ"ל.
159) ירושלמי שבת פי"ד ה"ג. הובא בד"ה חמשים שערי בינה הנ"ל.

אדער "זה עין הרע" [160] -

און אין די אלע ענינים פון גלות וועט פועל'ן די גאולה אז מ'זאל דערפון אויסגעלייזט ווערן.

וואס אויף דעם פרש"י האט מען זיך שוין אמאל אפגעשטעלט[161], און יעצט וועט מען זיך אפשטעלן אויף דעם צווייטן ד"ה אין דעם פסוק.

לח. אין פסוק שטייט "והקריב על זבח התודה חלות מצות גו' ורקיקי מצות גו' וסולת מרבכה חלות בלולות בשמן" - איז רש"י מעתיק די ווערטער "והקריב על זבח התודה", און איז מפרש: "ד' מיני לחם, חלות ורקיקין ורבוכה ג' מיני מצה, וכתיב על חלות לחם חמץ וגו'. וכל מין ומין י' חלות, כך מפורש במנחות. ושיעורן ה' סאין ירושלמיות שהן ו' מדבריות, כ' עשרון".

דאס וואס רש"י דארף דא גלייך באווארענען אז עס זיינען דא "ד' מיני לחם" - איז פארשטאנדיק, ווארום אויב ניט, וואלט מען געמיינט אז די "חלות לחם חמץ" וועגן וועלכע עס רעדט זיך אינעם קומענדיקן פסוק איז א באזונדערער ענין - וואס האט קיין שייכות ניט צו די ערשטע חלות; און דעריבער זאגט גלייך רש"י אז "ד' מיני לחם" האט מען דא מקריב געווען.

דאס וואס ער איז אבער דערנאך ממשיך, אז "כל מין ומין י' חלות", און אז "שיעורן ה' סאין ירושלמיות שהן ו' מדבריות, כ' עשרון" - איז ניטא אויף דערויף קיין הכרח אין פשש"מ, ווי רש"י אליין זאגט אז (דאס נעמט ער ניט פון פשש"מ, נאר) "כך מפורש במנחות",

איז לפ"ז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

רש"י איז דאך ניט קיין "הלכה-ספר", ניט קיין ספר פון פסקי דינים, "לא באתי אלא לפשוטו של מקרא" [162] - איז וואס איז נוגע אין פשוטו של מקרא די אלע פרטים?

לט. אויך דארף מען פארשטיין:

ערשטנ'ס, אז מ'גיט א קוק אין מנחות[163], זעט מען אז דער גאנצער פרש"י, אויך דער סיום "ושיעורן וכו'", איז "מפורש במנחות"; איז ממנ"פ: אדער רש"י האט געדארפט שטעלן די

- ווערטער -

---

160) ראה ב"מ קז, ריש ע"ב. הובא בד"ה אז יבקע הנ"ל.
161) לקו"ש חי"ב ע' 20 ואילך. 162) פרש"י עה"פ בראשית ג, ח. 163) רפ"ח (עו, סע"ב ואילך).

ווערטער בהחלת פירושו אדער בסוף פירושו - פארוואס שטעלט ער זיי אינמיטן?

נאכמער, אז מ'גיט א קוק אין די פריערדיקע פירושי רש"י, אין די פסוקים הקודמים, זעט מען אז זייער חוכן איז אויך "מפורש במנחות" - און אעפ"כ זאגט דאס ניט רש"י דארטן; שטעלט זיך די שאלה: פארוואס זאגט ער דאס דא?

אויך איז ידוע דער דיוק הכללי, אז בשעת רש"י ברענגט פון מדרש וגמרא איז דרכו צו שרייבן סתם "כך דרשו רבותינו", ניט אנווייזנדיק קיין מ"מ; בשעת רש"י צייכנט צו וואו דער דרש איז, איז אין דעם פאראן א כוונה מיוחדת, אז אזוי ווי דער דרש שטייט בכ"מ, זאל מען וויסן אז דא איז נוגע א געוויסער ארט[164] -

דארף מען פארשטיין אויך בפרש"י זה, וויבאלד אז דער דרש דא שטייט מערניט ווי אין מס' מנחות - איז פארוואס זאגט ניט רש"י סתם "כך מפורש בדברי רבותינו", נאר ער צייכנט אן אז "כך מפורש במנחות"?

מיט נאך כמה דיוקים, וכפי שיהבאר לקמן.

[מאמר המוסגר: אז מ'רעדט שוין וועגן פרש"י, איז כאן המקום צו מעורר זיין בהמשך צו דעם וואס מ'האט גערעדט בשבועות הקודמים[165] וועגן דעם אז רש"י חזר'ט איבער כמה פעמים בתורה זיין פירוש אויף "אביב" (אין פ' וארא[166], פ' כי תשא[167], ועוד) -

אז בפ' ויקרא[168] איז רש"י מפרש דעם ענין נאכאמאל, ובשינויים - דארף מען פארשטיין: א) פארוואס חזר'ט דאס רש"י איבער נאכאמאל, סיי אין פ' כי תשא און סיי אין פ' ויקרא, ב) די שינויים פון פרש"י בכל מקום.

און אע"פ אז ש"פ ויקרא איז געווען א התוועדות, און מ'האט גערעדט א פרש"י - איז לא פגע ולא נגע: קיינער האט זיך אויף דעם ניט אפגעשטעלט].

מ. אין די הערות אויף זהר שטעלט ער זיך[169] אויף דעם וואס ער ברענגט אין זהר[170] בענין הקרבנות, אז די שריפה הקרבנות איז דורך אן ארי' של אש, און ער ברענגט דאס אין צוויי לשונות: "כחיזו דחד אריא חקיפא רביע על טרפי'", און "אחזי כארי' רברבא רביע על קרבנא".

- איז -

---

164) ראה לקו"ש חי"ג ע' 101. ובכ"מ. 165) שיחות ש"פ משפטים וש"פ תרומה. 166) ט, לא. 167) לד, יח. 168) ב, יד. 169) לקוטי לוי"צ לזח"א ע' ריג. 170) זח"ג לב, ב.

איז דער טאטע מבאר אין דער הערה: "דוק בלישנא, מקודם נקט אריא תקיפא רביע על טרפי׳, וכאן נקט כארי׳ רברבא רביע על קרבנא, שינה מתוקפא לרברבא, ומטרף לקרבן. והיינו, כי ארי׳ רומז על גבורה . . וכתיב[171] פני ארי׳ אל הימין ה"ה רומז על חסד, והוא כמו אור הגבורה בכלי החסד", "וכמו פרשה ראשונה דק"ש".

און ער איז מבאר אז "תקיפא" און "טרפי׳" איז בחי׳ גבורה, און "רברבא" (גדלות) און "קרבנא" איז בחי׳ חסד.

לכאורה וואלט מען געקענט מבאר זיין, אז די צוויי ענינים אין קרבן, חסד און גבורה, זיינען דאס וואס מ׳זאגט בנוגע צו קרבנות "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני"[172], וואס אין דעם זיינען דא צוויי ענינים: א) "נחת רוח", המשכה מלמעלמ"ט, ענין החסד, ב) "ונעשה רצוני", די הקרבה הקרבנות למטה, וואס דאס איז העלאה מלמטלמ"ע, ענין הגבורה.

אין דער הערה הנ"ל איז אבער משמע אז די ענינים פון חסד וגבורה דא זיינען אין איין פעולה, אין איין ענין, ווי ער ברענגט די דוגמא לזה פון פרשה ראשונה דק"ש, אז דאס איז אור החסד בכלי הגבורה, וואס דארטן זיינען דער כלי און דער אור (חסד און גבורה) אין דער זעלבער פרשה - משא"כ דער "נחת רוח" מיטן "ונעשה רצוני" זיינען צוויי באזונדערע ענינים (וואס איינער ברענגט צו דעם צווייטן).

דארף מען פארשטיין וואס איז דער ענין אין קרבנות, אז אין דעם זעלבן ענין גופא זיינען דאביידע ענינים פון חו"ג.

עד"ז דארף מען האבן דעם ביאור, וואס זיינען די ענינים הנ"ל אין עבודת האדם, ווארום אלע ענינים אין תורה זיינען דאך הוראות בעבודת האדם,

ביז ווי ער איז מבהיל אין זהר פ׳ בהעלותך[173] די וואס זאגן אז תורה איז סיפורים, ומזה מובן אויך בנוגע לענין הנ"ל, אז דער סיפור וועגן דעם שכר "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני" האט אויך אין זיך א הוראה בעבודת האדם.

וכפי שיתבאר לקמן.

מא. כאן המקום להוסיף כמה נקודות אין דעם וואס מ׳האט גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[50] וועגן דעם וואס עס שטייט אין זהר[174] אז "בההוא נייחא דרעא אצטריכו עבדין נייחא".

- וואס -

------------

171) יחזקאל א, י. 172) ספרי ופרש"י עה"פ פינחס כח, ח. 173) זח"ג קנב, א. 174) ח"ג קח, א.

וואס פון דעם זהר קומט אויס אז די שביתה פון כלל ישראל איז פארבונדן מיט דער שביתה פון אן עבד פרטי,

וואס לכאורה איז דאס פארקערט פון די פוסקים אין נגלה דתורה[175], אז אן עבד גייט ארויס נאך זיינע שש שנים, וואס דאס האט קיין שייכות ניט מיט די שביתה פון כלל ישראל אין שנת השמיטה.

איז דאך אבער דא דער כלל[176] פון "אפושי מחלוקת לא מפשינן", וואס דערפאר האט מען דעמולט מתווך געווען צווישן דעם זהר מיט דעם וואס עס שטייט אין פוסקים.

און מ׳האט דאס מבאר געווען עפ"ז וואס די משנה אין שקלים[177] רעכנט אויס די נעמען פון די ממונים אין יעדער לשכה אין ביהמ"ק, "יותנן בן פינחס על החותמות, אחי׳ על הנסכים, מתתי׳ בן שמואל על הפייסות, פתחי׳ על הקינין, פתחי׳ זה מרדכי וכו׳".

זיינען איין דערויף מבאר מפרשים[178], אז די משנה רעכנט אויס די נעמען פון די ממונים (אע"פ וואס די ממונים אין יעדער דור האבן געהאט אנדערע נעמען) - דערפאר וואס די ממונים אויף יעדער לשכה זיינען נקראים על שמו פון דער ממונה וואס ווערט אויסגערעכנט אין דער משנה,

וכידוע תורת הבעש"ט[179] אז א שם איז מתאר דעם תוכן פון דער זאך וואס אויף איר איז ער א שם, ווי "ר"מ הוה דייק (אדער "דורש"[180]) בשמא"[181].

ולדוגמא: די אלע ממונים אויף דעם לשכה וואס אויף איר איז מרדכי געווען א ממונה - ווערן אנגערופן ע"ש מרדכי, דערפאר וואס זיי האבן געדארפט האבן די תכונות וואס דוקא דער נאמען מרדכי גיט ארויס.

און דער ממוצע המחבר צווישן די אלע ממונים וואס וועלן זיין אויף דער לשכה מיט די תכונות פון מרדכי, איז - אז בפועל איז געווען איין ממונה אויף דער לשכה וואס האט געהייסן בשמו הפרטי מרדכי, און דערפון ווערט דערנאך נמשך אז אלע ממונים וואס זיינען געווען אויף דער לשכה זיינען

- נקראים -

------------

175) ירושלמי קידושין פ"א ה"ב. מכילתא עה"פ משפטים כא, ב. ועוד. רמב"ם הל׳ עבדים פ"ב ה"ב. וראה גם הל׳ שמיטה ויובל ספ"י. 176) ראה בהנסמן ביד מלאכי כללי שני התלמודים ס"י. דרכי שלום (נדפס בשד"ח כרך י בסופו) כללי הש"ס אות ל׳ סרנ"ז. 177) רפ"ה. 178) רע"ב. וראה גם תויו"ט. 179) שעהיוה"א בהחלתו. 180) תנחומא באבער נשא לג (וראה בהערות אות קפב). 181) יומא פג, ב.

נקראים על שמו, אע"פ וואס זיי האבן געהאט אנדערע נעמען.

מב. שטעלט זיך די שאלה:

וואס איז געווען מיט די ממונים אויף דער לשכה פאר דעם וואס מרדכי איז געווען דער ממונה?

איז דער ביאור אין דעם בפשטות:

פאר דעם וואס איינער מיטן נאמען מרדכי איז געווארן א ממונה אויף דער לשכה, האט מען טאקע ניט געדארפט האבן אז דער ממונה אויף דער לשכה זאל האבן די תכונות מיוחדות פון מרדכי, ועד"ז בנוגע צו די אלע אנדערע לשכות.

וואס דער טעם אויף דעם וואס דער ענין איז נתחדש געווארן שפעטער איז - אדער אז מצד די ירידת הדורות דארף מען אנקומען צו נייע ענינים, אדער מצד אן אנדער טעם.

ובדוגמא ווי דאס איז אין תורה גופא: בכל דור ודור אין זמן הגלות איז דאך דא דער "כל מה שתלמיד והיק עתיד לחדש"[182], וואס דער "תלמיד ותיק" איז מחדש נייע ענינים אין תושבע"פ וואס זיינען ביז דעמולט ניט געווען קיין חלק פון תושבע"פ.

וואס לכאורה, וויבאלד אז דאס איז ניט געווען א חלק פון תושבע"פ ביז דער "תלמיד ותיק" האט דאס מחדש געווען - קומט דאך אויס אז אלע אידן ביז דעמולט האבן ניט געהאט דעם ענין אין הורה בכדי צו קענען ארויסנעמען דערפון א הוראה בפועל! וואס לכאורה ווי קען דאס זיין?!

איז דער ביאור אין דעם[183]: וויבאלד עס איז געקומען א נייער זמן (אדער וויבאלד אז דער חושך פון גלות איז געווארן גרעסער) - במילא דארף צוקומען א נייער ענין אין עבודה, און בכדי עס זאל צוקומען א נייער ענין אין עבודה דארף צוקומען א נייער ענין אין תורה וואס דאס וועט ברענגען צו דער עבודה, "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה"[184].

וואס דאס איז דאך דער כללות הסדר אין וועלט, אז "כל יומא ויומא עביד עבידתי'", ד.ה. אז בכל יום ויום קומען צו נייע ענינים וואס זיינען שייך במיוחד צו דעם טאג, ובמילא דארף די עבודה זיין אן עבודה וואס איז פארבונדן דוקא מיט דעם נייעם טאג וואס איז צוגעקומען,

וואס דערפאר איז דער ציווי[185] אז "בכל יום יהיו

- בעיניך -

------------

182) נסמן בלקו"ש ח"ד ע' 1088 הע' 11. 183) ראה גם לקו"ש ח"ז ע' 207. 184) ראה קידושין מ, ב. 185) פרש"י עה"פ תבוא כו, טז. וראה גם ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן ו, ו.

בעיניך חדשים", אז בכל יום ויום וואס "כל יומא ויומא עביד עבידתי׳", דארף די תורה זיין אין א נייעם אופן, בכדי אז מ׳זאל ארויסנעמען פון די תורה א נייע הוראה וואס איז צוגעפאסט צו דעם נייעם טאג.

ביז אז במשך פון דער צייט קומען צו נייע ענינים כפשוטו אין תורה וואס דער "תלמיד ותיק" איז מחדש, וואס דאס איז אויך דערפאר וואס ס׳איז צוגעקומען א נייער זמן אין וועלט (אדער דערפאר וואס דער חושך הגלות איז געווארן גרעסער), ובמילא דארף צוקומען א נייע עבודה, וואס דערפאר דארף צוקומען א נייער ענין אין תורה וואס פון איר וועט מען ארויסנעמען די נייע עבודה.

ובדוגמא ווי דאס איז געווען בא דעם כללות הענין פון מתן תורה:

בא מ"ת זיינען אידן געווען בבחי׳ צדיקים; משא"כ נאך מ"ת איז געווען דער חטא העגל, וואס אויף איר האבן אידן דערנאך השובה געטאן, איז צוגעקומען אין וועלט א נייער ענין - דער ענין פון "כפלים לתושי׳"[186],

וואס דערפאר איז אויך אין תורה צוגעקומען דער ענין פון "כפלים לתושי׳", וואס דאס איז געווארן דוקא אין די לוחות שניות[187], וואס זיינען געקומען נאך דעם חטא העגל, משא"כ אין די לוחות ראשונות איז ניט געווען דער ענין פון "כפלים לתושי׳".

מג. ועד"ז איז פארשטאנדיק בעניננו:

דער ענין וואס די ממונים פון יעדער לשכה האבן געדארפט האבן די תכונות פון די ממונים וואס ווערן אויסגערעכנט אין דער משנה - איז דאס ערשט נתחדש געווארן נאך דעם וואס ס׳איז געווען <u>בפועל</u> א ממונה אויף דער לשכה מיט דעם נאמען.

ד.ה. ערשט נאך דעם וואס דער ממונה אויף א געוויסער לשכה האט געהייסן מרדכי (לדוגמא) - איז ער געווארן דער ממוצע המחבר אז דערנאך דארפן אלע ממונים אויף דער לשכה האבן די תכונות פון מרדכי, ובמילא ווערן זיי אלע אנגערופן ע"ש מרדכי.

מד. ע"פ האמור לעיל בנוגע צו די ממונים אויף די לשכות, וועט מען אויך פארשטיין בנוגע צו דעם וואס עס שטייט אין זהר אז "בההוא נייחא דארעא אצטריכו עבדין נייחא":

- אע"פ -

------------

186) ל׳ הכהוב - איוב יא, ו. 187) שמו"ר רפמ"ו.

אע"פ וואס יעדער עבד פרטי האט זיין שביתה פרטית וואס איז הלוי אין זיינע שש שנים - האט ער אבער אויך א שייכות צו דער שביתה פון כלל ישראל;

און דער ממוצע המחבר פון דער שביתה פון אן עבד פרטי מיט דער שביתה פון כלל ישראל איז - ווען די שש שנים פון אן עבד הויבן זיך אן אין דער שנה ראשונה פון דער שמיטה פון כלל ישראל, וואס דעמולט קומט אויס אז די שמיטה פון כלל ישראל און די שמיטה פון דעם עבד פרטי - זיינען בפועל אין דעם זעלבן יאר.

און דערנאך ווערט נמשך מעין זה בא יעדער עבד, אז אפילו ווען זיין שביתה קומט אויס אין אן אנדער יאר ווי די שביתה פון כלל ישראל - האט דאס אבער א שייכות צו דער שביתה פון כלל ישראל.

בדוגמא ווי גערעדט אין דער פריערדיקער ההוועדות[50] (בנוגע לענייננו - נאר ברמז), אז פעם אחת בשנה, בט"ו בניסן (חגה"פ), איז דא דער ענין פון יצי"מ בכל התוקף; און דערנאך בכל השנה כולה איז דא דער ציווי[188] פון "למען תזכור את יום צאתך מארץ מצרים כל ימי חייך", ביז אז די זכירה דארף זיין פעמיים ביום[189], וואס די זכירה איז נאר א מעין פון דעם ענין פון יצי"מ ווי ער איז בט"ו בניסן (בדוגמא ווי די שביתה פרטית פון אן עבד פרטי, וואס זי איז נאר מעין פון דער שביתה כללית פון כלל ישראל).

מה. ועד"ז איז אויך בנוגע צו ספירת העומר:

אין פסוק[190] שטייט "וספרתם לכם ממחרת השבת גו' שבע שבתות תמימות תהיינה", וואס "ממחרת השבת" מיינט דא (ניט "ממחרת שבת בראשית", ווי די בייתוסים לערנען, נאר) "ממחרת יו"ט"[191], ד.ה. אז אויך ווען פסח איז חל באמצע השבוע (ניט ביום השבת), הויבט מען אן ספה"ע ממחרת פון דעם ערשטן טאג פסח.

האט מען אין דערויף מבאר געווען, אז אע"פ וואס "ממחרת השבת" מיינט דא ניט שבת, נאר יו"ט - איז אבער דא נאכמעד שלימות אין ספה"ע בשעת דאס איז "ממחרת השבת" כפשוטו (און ניט נאר "ממחרת יו"ט"),

ווי עס שטייט אין מדרש[192] עה"פ "וספרתם לכם ממחרת

- השבת -

------------

188) ראה טז, ג. 189) רמב"ם הל' ק"ש פ"א ה"ג. שו"ע אדה"ז ר"ס סז. 190) אמור כג, טו. 191) מנחות סה, ב. תו"כ ופרש"י עה"פ. 192) קה"ר פ"א, ג.

השבת גו׳ שבע שבתות תמימות תהיינה": "תניא ר׳ חייא כתיב שבע שבתות תמימות תהיינה, אימתי (הן תמימות[193]) בזמן שאין ישוע ושכני׳ ביניהם (כשבא ר"ח ניסן בשבת, יבוא פסח בשבת כו׳ ואז הן השבתות תמימות כששת ימי בראשית"[194].

וואס לפ"ז קומט אויס אז אין א קביעות ווען פסח איז חל באמצע ימות השבוע איז ניטא די מעלה פון "שבע שבתות תמימות", דערפאר וואס מ׳האט ניט אנגעהויבן ציילן ספירה פון יום ראשון בשבוע.

האט מען אבער אין דערויף מבאר געווען, אז וויבאלד אין פסוק שטייט "ממחרת השבת" בנוגע צו (יעדער) פסח - איז פארשטאנדיק אז אויך ווען יום ראשון דפסח קומט אויס באמצע ימות השבוע, וואס דעמולט הויבט מען אן ספה"ע ממחרת פון יענעם טאג אין וואך - האט דאס אויך א שייכות מיט "ממחרת השבת", און דערפאר איז אויך דעמולט דא מעין דער ענין פון "שבע שבתות תמימות".

און דער ממוצע המחבר צווישן "ממחרת השבת" מיט "ממחרת יו"ט" (אפילו ווען פסח איז ניט חל ביום השבת), ד.ה. דער ממוצע המחבר וואס איז ממשיך א מעין פון דעם ענין פון "ממחרת השבת" ("שבע שבתות תמימות") אין "ממחרת יו"ט", אין יעדן פסח (אפילו ווען פסח איז ניט חל בשבת), איז - ווען די קביעות פון יום ראשון דפסח קומט אויס ביום השבת בפועל, ד.ה. אז "ממחרת השבת" איז דער זעלבער טאג ווי "ממחרת יו"ט", וואס דעמולט איז דא די מעלה פון "שבע שבתות תמימות" בגלוי.

און דערפון ווערט דערנאך נמשך, אז בכל שנה (אויך ווען "ממחרת יו"ט" איז ניט "ממחרת השבת") איז דא מעין דער ענין פון "שבע שבתות תמימות".

מו. ויומתק יותר אויב מ׳וועט אויסגעפינען אז דער ערשטער ספה"ע וואס איז געווען בא אידן איז געווען אין א יאר וואס יום ראשון דפסח איז אויסגעקומען ביום השבת, וואס דעמולט וועט אויסקומען אז גלייך דער ערשטער "וספרתם לכם" איז געווען "ממחרת השבת" בפשטות, ובמילא איז דעמולט געווען דער ענין פון "שבע שבתות תמימות" בגלוי,

און דערפון איז דערנאך נמשך געווארן אז בכל שנה (אפילו ווען די קביעות איז ניט אזוי) איז דא מעין זה.

וואס בנוגע צו דער קביעות פון פסח בפעם הראשונה -

- איז -

---

193) מה"כ לקה"ר שם. 194) מה"כ שם בשם הרוקח.

איז דאך "בעשור יום לחודש"[195] געווען ביום השבת, און יום ראשון דפסח (ט"ו בניסן) איז געווען ביום ה׳ (ווי דער אלטער רבי ברענגט אין שו"ע, כנ"ל (ס"ב)) -

אבער דעמולט איז קיין ספה"ע ניט געווען, ווי ס׳איז פארשטאנדיק אויך פון דעם ר"ן[196] אז בשנה הראשונה פון יצי"מ האבן אידן געציילט די טעג ביז מ"ת מצד דעם צמאון וואס זיי האבן געהאט צו מ"ה, און לזכר ענין זה האט מען אין די קומענדיקע יארן געבאכט דעם ענין פון ספירת העומר.

לפ"ז קומט אבער אויס לכאורה אז דער צווייטער יאר נאך יצי"מ איז געווען דער ענין פון ספה"ע, און מ׳ווייסט אז די קביעות פון יום ראשון דפסח איז דעמולט אויך ניט געווען ביום השבת - ווארום:

הקמת המשכן איז געווען "בחודש הראשון בשנה השנית באחד לחודש" (ר"ח ניסן)[197] און "אוהו יום נטל עשר עטרות", וואס איינע פון די עשר עטרות איז יום "ראשון למעשה בראשית"[198], קומט דאך אויס אז ט"ו ניסן איז געווען ביום ראשון בשבוע.

איז אבער דערפון אויך קיין ראי׳ ניט, ווארום דעמולט איז נאך אויך ניט געווען דער ענין פון ספה"ע - דערפאר וואס ספה"ע איז הלוי אין "בכל מושבותיכם", און אין "בקוצרכם את קציר ארצכם"[199], וואס דאס איז ערשט געווען ווען אידן זיינען אנגעקומען אין ארץ ישראל.

לפ"ז קומט אבער אויס לכאורה, אז דעם ערשטן יאר ווען אידן זיינען אנגעקומען אין ארץ ישראל איז געווען דער ענין פון ספה"ע, און אויך דעמולט ווייסט מען אז יום ראשון דפסח איז ניט געווען ביום השבת:

אין זהר[200] שטייט אז מ׳זאגט צדקתך צדק צו מנחה בשבת דערפאר וואס ביום השבת בזמן המנחה זיינען נסתלק געווארן משה, יוסף און דוד.

ד.ה. אז ז׳ אדר בשנת הארבעים אין מדבר, וואס דאס איז דער זעלבער יאר ווען אידן זיינען אריין אין ארץ ישראל - איז געווען ביום השבת.

וואס דערפון קומט אויס, אז אויך י"ד אדר איז געווען בשבת, און דעמולט דארף מען שוין ניט וויסן חשבון צו וויסן

- אז -

---

195) ל׳ הכתוב - בא יב, ב. 196) סוף מס׳ פסחים.
197) פקודי מ, יז. 198) ס"ע פז. שבת פז, ב. ועוד.
199) אמור שם, יד. כב. 200) ח"ב קנו, א.

אז יום ראשון דפסח איז דעמולט ניט געווען בשבת - ווארום דער ערשטער טאג פסח (בזמן הזה) איז אלעמאל צוויי טעג אין וואך נאך פורים (י"ד אדר), קומט דאך אוים אז פסח איז דעמולט געווען ביום השני (אדער ביום השלישי) בשבוע, און ניט ביום השבת.

[און אע"פ אז "לא בד"ו פסח"[201] - איז דאס נאר אין דעם זמן וואס אין מקדשין ע"פ הדאי', משא"כ דעמולט האט מען מקדש געווען ע"פ הראי'].

איז אבער דערפון אויך קיין ראי' ניט - ווארום וויבאלד אז דאס איז נאך געווען איידער "ירושה וישיבה", איידער "שבע שכבשו ושבע שחלקו" איז דאך נאך ניט געווען "ובקוצרכם את קציר ארצכם", איז נאך דעמולט ניט געווען ספירת העומר[202]*.

מז. אפילו אויב מ'וועט אויסגעפינען אז דער ערשטער ספה"ע האט זיך ניט אנגעהויבן "כמחרת השבת" כפשוטו - איז דאס קיין סתירה ניט צו האמור לעיל, ווארום מ'קען זאגן אז דער ענין אז ספה"ע בכל שנה האט אין זיך (מעין) דער ענין פון "שבע שבתות תמימות", איז נתחדש געווארן ערשט שפעטער (נאך א יאר וואס אין איר איז יום הראשון דפסח אויסגעקומען בשבת),

ע"ד ווי מ'האט גערעדט פריער (סמ"ב) בנוגע צו די ממונים אויף די לשכות (וואס דאס איז אויך דער טעם פארוואס מ'האט וועגן דעם גערעדט פריער - בכדי מ'זאל קענען פארשטיין אז עד"ז קען מען זאגן בא ספירת העומר).

ועוד ועיקר, און עפ"ז איז נאכמער יומתק דער ענין:

וויבאלד אז ס'איז א ציווי הכתוב אז "וספרתם לכם ממחרת השבת גו' שבע שבתות תמימות תהיינה", איז דאך "אמירתו של הקב"ה חשיב מעשה"[203], דערפאר איז גלייך אויפגעטאן געווארן דער ענין אז (יעדער) ספה"ע האט אין זיך דעם ענין פון "ממחרת השבת", און "שבע שבתות תמימות";

ס'איז מערניט וואס דאס איז ניט ארויסגעקומען בגלוי ביז כמה שנים לאח"ז, וועו ס'איז געווען א קביעות וואס יום ראשון דפסח איז געווען ביום השבת, אבער דער ענין האט זיך גלייך אפגעטאן ווען דער אויבערשטער האט געגעבן דעם ציווי אין תושב"כ.

- וואס -

------------

201) טור או"ח סתכ"ח. 202) קידושין לז, סע"ב. ובכ"מ.
203) ראה ב"ר פמ"ד, כב. פרש"י עה"פ לך לך טו, יח.

------------

*) לשלימות הענין - ראה שיחת אחרון של פסח.

וואס דאס קען כען נאר זאגן בנוגע צו ספה"ע וואס שטייט אין תושב"כ; בנוגע אבער צו די נעמען פון די ממונים אין די לשבות קען מען אזוי ניט זאגן, ווארום דאס שטייט ניט אין תושב"כ, נאר אין תושבע"פ, און דער ענין אז אמירתו של הקב"ה חשיב מעשה איז נאר בנוגע צו תושב"כ, ווי מ'לערנט דאס אפ[204] פון דעם וואס שטייט[205], "לזרעך נתתי את הארץ הזאת", "לזרעך אתן אין כתיב כאן אלא לזרעך נתתי, כבר נתתי"[206],

[וואס דערפאר איז בעת כיבוש יהושע האבן די בכורים געגומען פי שנים - אע"פ אז "אין הבכור נוטל פי שנים בראוי כבמוחזק" - ווארום "ארץ ישראל מוחזקת היא"[207]].

מח. עפ"ז וועט מען פארשטיין נאך א זאך:

דער אלטער רבי איז מבאר אין שו"ע[208] אז חג השבועות איז אין דעם יום החמשים פון ספירת העומר, ווי עס שטייט[209] "הספרו חמשים יום והקרבתם וגו' וקראתם בעצם היום הזה מקרא קודש וגו'".

משא"כ "זמן מתן תורתנו" איז ניט תלוי אין חמשים יום פון חג הפסח, נאר דאס איז אלעמאל "בששה בסיון שהוא יום מ"ת".

און בזמן הזה וואס מ'האט די קביעות החדשים ע"פ החשבון, קומט אלעמאל אוים חג השבועות (דער יום החמשים לעומר) בששה בסיון, וואס דערפאר זאגט מען דעמולט "זמן מתן תורתנו";

אבער "בזמן שהיו מקדשין החדשים ע"פ הראי'", האט חג השבועות, דער יום החמשים לעומר, געקענט אויספאלן "פעמים בחמשה פעמים בששה פעמים בשבעה"[210], ד.ה. ניט אין דעם טאג פון מתן תורה (ו' סיון).

וואס עפ"ז דארף מען פארשטיין ווי האט מען געקענט זאגן "זמן מתן תורתנו" ווען חג השבועות איז אויסגעקומען ניט בו' בסיון?

האט מען אמאל גערעדט[211], אז אין אזא קביעות וואלט מען טאקע ניט געזאגט "זמן מתן תורתנו".

דאס קען מען אבער נאר ענטפערן ע"פ הלכה אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע; אבער אין ירושלמי[212] שטייט אז דער טעם וואס

- בא -

---

204) שם. 205) לך לך שם. 206) ירושלמי חלה פ"ב ה"א. 207) ב"ב קיט, א. 208) או"ח ר"ם תצד. 209) אמור שם, טז. כא. 210) ר"ה ו, ב. 211) לקו"ש ח"ג ע' 997. ובכ"מ. 212) ר"ה פ"ד סוף ה"ח.

בא די קרבנות פון עצרת שטייט ניט אין פסוק דער לשון "חטא" (אזוי ווי בא די קרבנות פון די אנדערע יו"ט), איז - דערפאר וואס "מכיון שקיבלתם עליכם עול תורה מעלה אני עליכם כאילו לא חטאתם מימיכם",

וואס דערפון קומט אויס[213], אז עצרת, חג השבועות, איז אלעמאל פארבונדן מיט מתן תורה, אפילו ווען דאס קומט אויס בה' בסיון אדער בז' בסיון (ווען מ'האט מקדש געווען ע"פ הראי')。

וואס עפ"ז קומט אויס, אז לויטן ירושלמי זאגט מען "זמן מתן תורתנו" אויך ווען חג השבועות קומט אויס בה' בסיון אדער בז' בסיון -

דארף מען פארשטיין, וואס איז די שייכות פון מ"ת צו חג השבועות ווען חגה"ש קומט אויס בה' בסיון אדער בז' בסיון, וואס דעמולט איז ניט געווען מתן תורה?

מט. איז דער ביאור אין דעם פארשטאנדיק ע"פ המבואר לעיל:

וויבאלד אז דער פסוק פארבינדט עצרת (חגה"ש) מיט זמן מתן תורה (אז דערפאר שטייט ניט "חטא" בא עצרת), און אמירתו של הקב"ה חשיב מעשה - איז אפילו ווען עצרת (יום החמשים לעומר) קומט ניט (בגלוי) ארויס בו' בסיון (ווען ס'איז געווען מ"ת), האט דאס אבער אויך דעמולט א שייכות צו מ"ת (ו' סיון), און דערפאר זאגט מען אויך דעמולט "זמן מתן תורתנו".

און בהדגשה ובגלוי קומט דאס ארויס ווען עצרת (יום החמשים לעומר) און זמן מתן תורתנו (ו' סיון) פאלן אויס אין דעם זעלבן טאג.

וע"ד ווי מ'האט גערעדט פריער בנוגע צו דעם וואס עס שטייט אין זהר [וואס זהר האט א שייכות מיוחדת מיט דעם מאמר הנ"ל אין ירושלמי, כמבואר בכ"מ אז ווען עס שטייט ירושלמי, מיינט דאס אמאל זהר אדער מדרש] אז "בההוא נייחא דארעא אצטריכו עבדין נייחא", דערפאר וואס די שביתה הפרטית פון אן עבד פרטי איז פארבונדן מיט דער שביתה הכללית פון כלל ישראל (אפילו ווען בגלוי קומט דאס ארויס ניט צוזאמען), וואס דאס קומט ארויס בגלוי ווען אן עבד איז פארקויפט געווארן בשנה הראשונה פון שמיטה.

נ. וע"פ כל הנ"ל זעט מען ווי כמה ענינים אין תורה וואס

- האבן -

------------

213) ראה לקו"ש ח"ח ע' 21.

האבן לכאורה קיין שייכות ניט צווישן זיך - זיינען אלץ איין זאך.

ויש לקשר זה מיט דעם וואס ווערט געצייכנט אין דעם מכתב[214] פון תו"ח[215], אז דער ענין פון התחלקוה קומט דוקא פון אחדות הפשוטה, און די אחדות הפשוטה ווערט נמשך, ווי א פעולה נמשכת, אין יעדער חלק און פרט פון דער התחלקות.

וואס עד"ז איז מיט די אלע ענינים וואס מ'האט גערעדט, אז אע"פ וואס זיי זיינען ענינים וואס האבן קיין שייכות ניט צווישן זיך (ההחלקות) - דער ענין פון שמיטה, די ממונים אויף די לשכות, פסח, ספה"ע, חג השבועות ועוד, ותן לחכם ויחכם עוד[216] - קומען זיי אבער אלע פון איין נקודה, און דערנאך ווערט אין יעדער פרט און ענין בפ"ע נמשך די נקודה משותפת - דער ענין פון אחדות הפשוטה.

און דאס ווערט א הכנה אז אין די "מים רבים" און "מים הזדונים"[217] פון דער ארץ הגשמי - זאל נמשך ווערן דער "והי' ה' למלך על כל הארץ ביום ההוא יהי' הוי' אחד ושמו אחד"[218], "כשם שאני נכתב כך אני נקרא"[219], וואס דאס גייט אויף אחדות הפשוטה פון עצמות ומהות, וואס איז פארבונדן מיטן שם העצם, ביז צו דער דרגא פון "הי' הוא ושמו בלבד"[220], און דאס ווערט נמשך למטה,

און פון שם הוי' דלעילא ווערט נמשך אין שם הוי' דלתתא, ביז אז דאס ווערט נמשך למטה אין "תנו עוז לאלקים"[221] און אין "ועתה יגדל נא כח אד'"[222].

וואס דאס וועט זיין במהרה בימינו ממש, אין דער גאולה האמיתית והשלימה, בביאת משיח צדקנו, ובקרוב ממש.

* * *

נא. דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר:

אין יעדער קרבן זיינען דא צוויי ענינים: א) בשעת די הקרבה גופא איז דא דער ענין פון חסד און דער ענין פון גבורה, און ב) נאך די הקרבה ווערט א "נחת רוח לפני", וואס דאס איז דער ענין החסד.

- דער -

------------

214) די"א ניסן הע' ד"ה אחדות הפשוטה. 215) נח, עג, ב. 216) משלי ט, ט. 217) ל' הכתוב - תהלים קכד, ה. וראה לקו"ש ח"א ע' 5 ואילך. 218) זכרי' יד, ט. 219) פסחים נ, א. 220) פרדר"א פ"ג. וראה בהבא לקמן ד"ה זאת תורת העולה תרע"ח (סה"מ תרע"ח ע' רסב ואילך). ד"ה זה שנאמר בהתוועדות זו. 221) תהלים סח, לה. וראה זח"ב לב, סע"ב. 222) שלח יד, יז. וראה איכ"ר פ"א, לג.

דער ענין פון חסד און גבורה וואס איז דא אין דער עצם הקרבה פון יעדער קרבן (ענין הא' הנ"ל) - איז בפשטות דער ענין פון "טוב לשמים" (גבורה), און "טוב לבריות" (חסד).

און ווי דאס איז בפשטות אין א קרבן תודה, וואס ער איז א קרבן שלמים, וואס איז נאכל לבעלים - אז א חלק פון דעם קרבן איז נאכל לבעלים, "טוב לבריות", און א חלק פון דעם קרבן איז עולה למעלה, "טוב לשמים".

אפילו ביי א קרבן עולה, וואס איז כולו לה' - גייט אבער דער עור העולה צו דעם כהן[223], וואס דאס איז אן ענין פון "טוב לבריות".

ונוסף לזה:

דורך דעם וואס א כהן איז מקריב א קרבן עולה, ווערט ער נתחנך, און ער באקומט א חזקה אז ער איז א כהן, ובמילא קען ער מקבל זיין מהנוה כהונה - איז דאס א חסד ("טוב לבריות") פאר דעם כהן.

ד.ה. אז נוסף לזה וואס א כהן מצ"ע איז בחינת החסד[224], איז דורך דעם וואס ער איז מקריב א קרבן, אפילו א קרבן עולה וואס איז כולו לה' - ווערט אויפגעטאן נאכמער חסד פאר דעם כהן.

ובדוגמא ווי דער קרבן מנחת כהן[225], וואס אויך ער איז כולו לה', און אעפ"כ איז דער קרבן מחנך דעם כהן, וואס דאס איז אן ענין פון חסד, און "טוב לבריות" פאר אים.

נב. די צוויי ענינים וואס זיינען דא אין הקרבת הקרבנות, חסד און גבורה, זיינען אויך דא אין עבודת האדם:

אין יעדער עבודה, סיי מיט זיך סיי מיטן זולת, דארף זיין די ביידע ענינים פון "ימין מקרבת" און "שמאל דוחה"[226], און דוקא דעמולט איז דאס אן עבודה בשלימות.

און די ביידע ענינים, "ימין מקרבה" (חסד) און "שמאל דוחה" (גבורה), זיינען דא אין דער פרשה ראשונה פון ק"ש, ווי ער זאגט אין דער הערה אז אין פרשה ראשונה דק"ש איז אור הגבורה בכלי החסד:

"ואהבת את ה' אלקיך"[227] איז דער ענין פון חסד און - "ימין -

---

223) פרשתנו ז, ח. 224) זח"ג קמה, ב. ובכ"מ. תניא רפ"נ. 225) פרשתנו ו, יב ואילך. 226) ראה סוטה מז, א. סנהדרין קז, ב. הובא להלכה בהל' ת"ת לאדה"ז פ"ד סי"ז. 227) ואתחנן ו, ה.

"ימין מקרבת", וואָרום "ואהבת את ה' אלקיך" איז כולא חד מיט "ואהבת לרעך כמוך", כתורת אדה"ז[228];

די כוונה אָבער פון דעם "ואהבת את ה' אלקיך" און "ואהבת לרעך כמוך" איז - צו ברענגען צו "והיו הדברים האלה אשר אנכי מצוך היום על לבבך וגו'"[229] - וואָס דאָס איז דער ענין פון קיום המצוות, דער ענין פון "שמאל דוחה" און גבורה, וואָרום בשעת ס'איז דאָ דער רצון אויף מקיים זיין מצוות, איז דאָס שולל אַ צווייטן רצון צו טאָן אַן אַנדער זאַך.

און די ביידע ענינים אין פרשה ראשונה דק"ש, חסד און גבורה, זיינען אין אַן אופן פון אור הגבורה בכלי החסד:

בגלוי דאַרף זיין די עבודה פון קירוב און חסד, "ואהבת את ה' אלקיך" און "ואהבת לרעך כמוך", ד.ה. אַז די "כלי" איז חסד;

אָבער די כוונה און די פנימיות פון דעם קירוב און חסד איז - אַז עס זאָל זיין דער ענין הביטול, און קיום פון תומ"צ, "והיו הדברים האלה גו'", ד.ה. אַז דער "אור" איז גבורה, און דאָס טוט זיך אָן אין כלי החסד.

נג. וואָס אַזוי דאַרף זיין די הנהגה און דער חינוך פון יעדן אידן, מקטן ועד גדול.

אָבער במיוחד איז דאָך דער ענין החינוך פאַרבונדן מיט קטנים און קטנות כפשוטם - איז אויך מיט זיי דאַרף זיין די ביידע תנועות פון חסד און גבורה, "ימין מקרבת" און "שמאל דוחה",

ועד"ד ווי עס שטייט אין אגה"ק[230] דער משל פון אַ "מלך גדול ונורא הרוחץ בכבודו ובעצמו צואת בנו יחידו מרוב אהבתו, כמ"ש[231] אם רחץ ה' את[232] צואת בנות ציון כו'", וואָס דאָס זיינען די ביידע תנועות פון חסד און גבורה ביחד.

דער חינוך פון קטנים און קטנות איז נאָכמער בהדגשה אין דעם זמן וואָס מען שטייט איצטער, אין חודש ניסן, און אין זמן פון חג הפסח,

ווי עס שטייט באַרוכה אין נבואת יחזקאל[233], אַז בא יצי"מ איז געווען די לידה פון דעם אידישן פאָלק, ד.ה. אַז דעמולט זיינען אַלע אידן געווען ווי קטנים און קטנות.

- וואָס -

---

228) סה"ש ה'ש"ת ע' 3. 229) ואתחנן שם, ו. 230) סכ"ב (קלד, סע"ב). 231) ישעי' ד, ד. 232) כ"ה בכתוב שם (את). וראה הערות ותיקונים לאגה"ק שם. 233) קאַפּיטל טז.

וואס דערפון קומט אויך אויס אז דער ענין החינוך איז שייך ניט נאר צו קטנים און קטנות כפשוטם - נאר דאס איז שייך צו אלע אידן, אויך צו גדולים,

וואס יעדער איד איז דאך אזוי ווי א קטן לגבי דער דרגא פון עבודה צו וועלכע ער דארף שפעטער נתעלה ווערן,

און במילא איז אויך דער ענין החינוך שייך בא יעדער אידן.

וואס אויך אין חינוך עצמו (ניט נאר אין חינוך הזולת) זיינען דא דיביידע תנועות פון חסד און גבורה, כידוע דער ווארט פון רבותינו נשיאינו[234] אז "אזוי ווי מ'דארף וויסן די חסרונות, אזוי דארף מען וויסן די אייגענע מעלות", וואס דאס זיינען די ביידע ענינים פון חסד און גבורה, דער "ימין מקרבת" און "שמאל דוחה" וואס איז דא בא זיך אליין.

נד. און דורך די צוויי ענינים פון חסד און גבורה אין פרשה ראשונה דק"ש, קומט מען דערנאך צו דער פרשה שני' דק"ש: "למען ירבו ימיכם וימי בניכם על האדמה אשר נשבע ה' לאבותיכם להת להם"[235],

וואס בגלוי, למטה מעשרה טפחים, וועט דאס ארויסקומען לע"ל, אבער אלע גילויים פון לע"ל זיינען דאך תלוי במעשינו ועבודתינו במשך זמן הגלות - איז דאך אויך דער ענין ווערט אויפגעטאן דורך אונזער עבודה איצטער אין זמן הגלות.

נה. דער ביאור אין פירוש רש"י:

ווען דער בן חמש למקרא לערנט דעם פסוק, און זעט אז עס שטייט "חלות", לשון רבים (ועד"ז "רקיקי מצות"), ווייסט ער דערפון אז דא איז געווען מערער ווי איין חלה.

ס'קען דאך אבער זיין אז "מיעוט רבים שנים", אדער אז ס'איז קיין נפק"מ ניט וויפל חלות מ'ברענגט -

וואס אזוי קען מען ניט לערנען מצד א פסוק שפעטער (אין דעם ענין):

אין פסוק יד שטייט "והקריב ממנו אחד מכל קרבן תרומה לה' לכהן גו'", ד.ה. (ווי רש"י טייטשט) "לחם אחד מכל מין ומין יטול תרומה לכהן העובד עבודתה".

פרעגט דער בן-חמש: ענין התרומה איז דאך ע"ד הרגיל

- אחד -

---

234) לקו"ד כ"ד תקפא, א. 235) עקב יא, יז.



הנחת הת' בלהי מוגה

אחד מעשרה, ווי מ׳זעט בא דעם ענין פון תרומה כעשר;

און הגם אז דאס האט דער בן-חמש נאך ניט געלערנט, האט ער אבער געלערנט אין חומש בראשית צוויי מאל אז א נתינה מסוג זה איז א "מעשר": יעקב האט געזאגט[236] "וכל אשר תתן לי עשר אעשרנו לך"; און עד"ז שטייט ביי "מלכי צדק מלך שלם" "ויתן לו מעשר מכל"[237],

ונוסף לזה, קען ער דאך פרעגן בא זיין מלמד וויפל דער שיעור פון מעשר איז -

איז ווי קען זיין אז דא זאל מען געבן "תרומה לכהן", אחד מב׳ וכיו"ב?

און דעריבער באווארענט רש"י דעם ענין, און זאגט גלייך בתחלת הענין "וכל מין ומין י׳ חלות", וואס דערמיט איז יומתק אז אויך דא איז די "תרומה לכהן" אחד מעשרה.

און עפ"ז איז אויך יומתק פארוואס רש"י איז מעתיק בפירושו (אין פסוק יד) אויף דעםווארט "תרומה", "לחם אחד מכל מין ומין יטול תרומה לכהן", וואס לכאורה האט ער ניט געדארפט שרייבן דעם ווארט "תרומה"?

נאר רש"י וויל מדגיש זיין אז אויך דא איז דאס אן ענין פון "תרומה", אחד מעשרה.

נו. אלס מקור דערצו ברענגט רש"י די גמרא אין מנחות, "כך מפורש במנחות":

דערמיט וואס ער שרייבט דעם לשון, און ניט דעם לשון הרגיל "כך דרשו רבותינו" וכיו"ב, וויל רש"י באווארענען אז דאס איז ניט קיין דרשה צדדית אין די כתובים (און מיט צייכענען אז דאס שטייט אין מנחות איז ער שולל אן אנדער גמרא), נאר דאס איז מבואר אין דער גמרא וואס רעדט וועגן אונזער פרשה, וועגן עניני מנחות;

ד.ה. אזוי ווי רש"י האט געשריבן א פירוש על ענין זה, אזוי איז אויך פאראן א פירוש פון תנאים ואמוראים אויף עניני מנחות, און דארטן איז מפורש אז "כל מין ומין" איז געווען "י׳ חלות".

וואס דאס איז ניט ממש פשש"מ, אבער דאס איז ממתיק דעם ענין.

נז. דער בן חמש למקרא קען נאך אבער פרעגן:

- אין -

---

236) ויצא כח, כב. 237) לך לך יד, כ.

אין פ׳ בשלח[238] אויף "והעומר עשירית האיפה הוא", האט רש"י מפרש געווען וויפל דער שיעור פון דעם איז, און האט מסיים געווען "והוא שיעור לחלה ולמנחות". וואס דערפון פארשטייט ער, אז דער שיעור העיסה פון וועלכער זיין מאמע איז מפריש "חלה" איז פארבונדן מיטן שיעור פון די "מנחות" דא. וויל ער דאך וויסן וויפל איז דער שיעור?

אויף דעם זאגט רש"י "ושיעורן ה׳ סאין ירושלמיות שהן ו׳ מדבריות";

און דערמיט באווארענט ער אויך אז דער נאמען פון די מאסן האט זיך געביטן צווישן "מדבר" מיט "ירושלים", ובמילא איז מובן בק"ו אז אין רש"י׳ס צייט האט זיך דאס געביטן לגבי פריער.

אין פ׳ בשלח דארף דאס רש"י ניט באווארענען, ווארום דארטן זאגט ער אז דאס איז "מ"ג ביצים וחומש ביצה", און שיעור הביצים האט זיך דאך ניט געביטן (ביז אויך בזמננו);

משא"כ דא וואס ער שרייבט די מאס אין סאה, דארף ער דאס יא באווארענען (און דאס וואס ער שרייבט דא ניט וויפל "ביצים" דאס איז, איז עס ווייל ער פארלאזט זיך על פירושו שם).

נח. דערנאך לייגט רש"י צו, אז דאס איז "כ׳ עשרון":

דער בן חמש למקרא ווייסט שוין פון פ׳ ויקרא[239] אז "אין מנחה פחותה מעשרון", במילא קען ער דאך מיינען, אז וויבאלד מ׳דארף ברענגען מ׳ חלות, איז יעדערע פון זיי אן "עשרון", און צוזאמען איז דאס "מ׳ עשרון".

וואס עפ"ז וועט אויך ווערן א קשיא (וואס איז טאקע ניט קיין קשיא אין פשש"מ, אבער ס׳איז געשמאקער צו באווארענען אויך דאס):

פארוואס טיילט דער פסוק פאנאנדער די ג׳ מיני מצה און מין א׳ חמץ אין אן אופן אז אין איין פסוק שטייט וועגן די ג׳ מיני מצה וואס זיינען <u>ל׳</u> עשרון, און אין א צווייטן פסוק וועגן דעם מין א׳ חמץ וואס איז נאר <u>י׳</u> עשרון.

דעריבער באווארענט דאס רש"י, אז דאס איז נאר "כ׳ עשרון".

וואס לפ"ז זיינען אויף די ג׳ מיני מצה (אין דעם ערשטן פסוק) געווען <u>י׳</u> עשרון, אזוי ווי דער מין א׳ חמץ

- (אין) -

------------

238) טז, לו. 239) ב, א בפרש"י.

(אין דעם צווייטן פסוק) וואס איז געווען י׳ עשרון, ווי די משנה זאגט אין מנחות[240].

נט. ויה"ר אז אזוי ווי מ׳רעדט וועגן דעם ענין הקרבנות וואס זיינען געווען אין ביהמ"ק, זאל דאס אויפטאן אז בפועל זאל זיין דער "ושם נעשה לפניך את קרבנות חובותינו . . כמצות רצונך",

וואדום נוסף צו דעם פירוש הפשוט אין "גדול הלמוד שמביא לידי מעשה", אז דורך לערנען תורה ברענגט דאס צו מעשה בפועל - איז אויך דא אין דעם דער פירוש אז מצד דעם תוקף און כח פון לימוד התורה, ברענגט דאס אז דער ענין וואס מ׳לערנט זאל ארויסקומען במעשה בפועל.

וואס דאס איז ניט קיין פשט׳ל, נאר דאס שטייט בפירוש אין גמרא[241], אז "כל העוסק בתורה כו׳ כאילו הקריב כו׳", ועד"ז אין מדרש[242] אז דורך דעם וואס אידן זיינען זיך עוסק אין לערנען וועגן די ענינים פון דעם ביהמ"ק, "צורת הבית ותכונתו ומוצאיו ומובאיו"[243], איז "אני מעלה עליהם כאילו הם עוסקין בבנין הבית".

וואס דערפאר איז דורך דעם וואס מ׳רעדט וועגן קרבנות פועל׳ט דאס אז מ׳זאל ארויסגיין פון דעם גלות חושך כפול ומכופל, און עס זאל אויפגעבויט ווערן דער ביהמ"ק השלישי, וואס אין אים וועט מען מקריב זיין קרבנות, "כמצות רצונך".

ס. ובפרט אז מ׳רעדט וועגן דעם קרבן תודה - פועל׳ט דאס זיכער אז מ׳זאל ארויסגיין פון גלות,

ווי גערעדט פריער (סל"ז) אז דעם קרבן תודה ברענגט מען אויף ענינים וואס זיינען אלע פארבונדן מיט דער יציאה פון גלות:

"חבושי בית האסורים" איז דאך בפשטות דער ענין הגלות.

"הולכי מדבריות" איז דאך דער ענין וואס מ׳גייט ארום אינגאנצן מבולבל און צוטומעלט און צורודערט און צופודעלט, וואדום מ׳ווייסט ניט וואו מ׳גייט, און פון וואנעט מ׳גייט, און מ׳ווייסט ניט וואס צו טאן און ווי צו טאן, און אפילו אין דעם וואס מ׳טוט - זעט מען ניט קיין תועלת,

וואס דאס איז ווי איינער גייט ארום אין א מדבר וואס "לא ישב אדם שם"[244], היפך פון דעם ענין פון "תפארת אדם לשבת בית"[245], וואס דאס איז בכללות דער מעמד ומצב פון גלות.

- "יורדי" -

---

240) הובא ברא"ם כאן. 241) מנחות קי, א. וראה שו"ע אדה"ז או"ח מהדו"ק ס"א סי"א. 242) תנחומא צו יד. 243) ל׳ הכתוב - יחזקאל מג, יא. 244) ירמי׳ ב, ו. 245) ישעי׳ מד, יג. וראה לקו"ת במדבר ד, ג. וראה גם לקו"ת ראה לב, ב.

"יורדי הים" איז דער ענין פון "מים רבים" פון א "ים סוער", ווי עס שטייט בא יונה[246], וואס צו אים זיינען געגליכן אלע אידן,

וואס דאס איז דער כללות הענין פון ירידת הנשמה בגוף, אין א וועלט וואס אין איר איז דא "מים רבים", וואס דאס זיינען די טרדות און בלבולים וואס זיינען מעלים ומסתיר ומבלבל יעדערן, וואס וויפל מ'וועט נאר ארויסזאגן בדיבור אויף וויפל דאס איז מעלים ומסתיר - וועט מען נאך אלץ ניט ארויסזאגן וויפל די מציאות איז!

ועד"ז "חולה" איז בפשטות אן ענין בלתי רצוי, וואס די גאולה וועט מרפא זיין.

ונוסף לזה איז דער ענין פון "חולה" - "חולת אהבה", די אהבה גדולה ועמוקה וואס יעדערער האט צו דער שכינה, ביז צו אהבה רבה, וואס בפנימיות איז די גאנצע אהבה - דער ענין פון אהבה מסותרת וואס יעדער איד האט בירושה מאבותינו[247].

און די גאולה האמיתית והשלימה וועט אויפטאן אז מ'זאל אויסגעלייזט ווערן פון די אלע ענינים, און אויף דערויף וועט מען ברענגען א קרבן תודה לע"ל.

אבער אזוי ווי אלע גילויים פון לע"ל זיינען תלוי במעשינו ועבודתינו במשך זמן הגלות,

ובפרט אז "במדה שאדם מודד בה מודדין לו"[248], [וואס דערפאר, בשעת מ'וויל האבן דעם ענין פון פרנסה בהרחבה, דארף מען געבן צדקה בהרחבה, וואס דורך דעם "אתה החיית את נפש העני"[249], ווערט דער "מהן אדם ירחיב לו"[250], אז זיין אתעדל"ת איז מעורר די אתעדל"ע און מ'גיט אים פרנסה בהרחבה] -

איז דורך דערויף וואס נאך אין זמן הגלות איז מען זיך עוסק אין לימוד התורה פון דעם קרבן תודה, וואס ווערט געבראכט אויף די אלע ענינים הנ"ל - טוט מען אויף די גאולה פון די אלע ענינים, און מ'טוט אויף אז מ'זאל ברענגען דעם קרבן תודה לע"ל אין דעם ביהמ"ק השלישי, בקרוב ממש, וכפשוטן של דברים.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן איצטער מאכן א ברכה אחרונה.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן על אחת כמה' וכמה.

—— * ——

246) יונה א, ד. שם, יא-יג. 247) תניא פי"ח. ובכ"מ.
248) סוטה ח, ב במשנה. 249) ראה תנחומא משפטים טו.
250) משלי יח, טז.



הנחה הת' בלתי מוגה

## שיחת י"ג (אור לי"ד) ניסן ה'תש"מ
### – בבית הכנסת, אחרי תפלת ערבית –

א. צום אלעם ערשטן איז דאך [ווי די הוראה אין תורה[1]] פותחין בברכה —

צו ווינטשן יעדער אידן און אלע אידן, די וואס געפינען זיך דא און די וואס הערן עס במקומות אחרים, בתוככי כלל ישראל,

אנהויבנדיק פון דעם ענין שהזמן גרמא, אז עס זאל זיין א חג הפסח כשר ושמח, ובמילא אויך די הכנות צו חגה"פ אין אן אופן הכי טוב, בכשרות ובשמחה.

און ממשיך זיין דאס (די כשרות און די שמחה) במשך כל השנה כולה.

ווי געבראכט פון כתבי האריז"ל[2], אז בשעת מען איז אפגעהיט פון א משהו חמץ בפסח [וואס דאס איז דאך נכלל אין כשרות ושמחה[3] של פסח], איז מען בטוח אז דער גאנצער יאר וועט זיין א כשר'ער יאר, אז במשך כל השנה וועלן ניט זיין קיינע ענינים בלתי רצויים ברוחניות, ובמילא — אויך ניט קיינע ענינים בלתי רצויים בגשמיות.

ב. אזוי ווי מען געפינט זיך אין א זמן פון עת רצון

— וואס י"ג ניסן איז דער יום ההילולא פון כ"ק אדמו"ר הצ"צ, און אויך דער יום ההילולא פון דעם ב"י[4] — מרא דארעא ישראל,

און י"ד ניסן (וואס די נאכט געהערט דאך שוין צו י"ד) איז דער יום ההולדת פון רמב"ם[5], וואס ער איז אנגענומען אלס מרא דאתרא סיי אין ארה"ק סיי אין חו"ל, ובמיוחד בנוגע צו מורי נבוכים —

איז דאך דאס א זמן מסוגל צו מעורר זיין אויף די ענינים דלקמן.

ג. ס'איז דאך "כימי צאתך מארץ מצרים"[6], וואס בערב פסח (י"ד ניסן) ועאכו"כ י"ג בניסן, איז מען נאך געווען אין גלות מצרים —

איז כאן המקום להזכיר ולעורר, אז ס'איז א זיכערע זאך אז אויך בזמן הגלות איז "לא ינום ולא יישן שומר ישראל"[7],

ובפרט נאך אז ס'איז דא די פעולה פון "והשיב לב אבות על בנים — על ידי בנים"[8] — וואס דורך דעם איז מען (אויך) משיב לב אבינו שבשמים דורך בניו, דורך מעשינו ועבודתינו דא למטה בעוה"ז — איז זיכער, אז דורך דעם פועל'ט מען נאך א תוספת אין דער שמירה פון דעם "שומר ישראל" (וואס אבינו שבשמים איז שומר את בניו), אז די שמירה איז ביתר שאת וביתר עוז.

ד. ובפרט נאך אז מ'געפינט זיך אין אזא מצב, וואס בדרך הטבע ולעיני בשר איז (ניט פאר אידן געדאכט) אלע ענינים

---

1) אגה"ק רס"א. וראה תדא"ר פל"א. ב"ר פ"א, י.

2) הובא בבאה"ט או"ח ר"ס תמז.

3) שמחת הצלחתו להזהר גם ממשהו, נוסף על העיקר — שמחת מצות זהירות מחמץ (שאיסורו במשהו).

4) שה"ג בערך ר"י קארו. ובכ"מ.

5) שה"ג להחיד"א ח"א בערך רמב"ם (קרוב לסופו). ובכ"מ.

6) מיכה ז, טו.

7) תהלים קכא, ד.

8) מלאכי ג, כד ובפרש"י.

שאָקלען זיך. ובמיוחד אין ארה״ק ת״ו, סיי בנוגע לעניני בטחון, שלא תפתח הארץ לפניהם, רח״ל, סיי בנוגע לעניני כלכלה און פרנסה.

וואָס די סיבה אויף דעם איז — וואָס מ׳שאָקלט זיך אין ענינים פון יהדות, פון תורה ומצוות״.

איז מצד דערויף וואָס מען שטייט אין אַזאַ מצב, דאַרף מען דאָך אַנקומען, נאָך מער ווי אַלעמאָל, צו דער שמירה פון דעם שומר ישראל — איז דאָס גופא (דער הכרח הדבר) מעורר נאָכמער די הבטחה אַז „לא ינום ולא יישן שומר ישראל״. ובפרט נאָך אַז בנוגע צו ארץ ישראל קומט נאָך צו די הבטחה מיוחדת — „ארץ[9] אשר גו׳ תמיד עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה״.

ה. די סיבה פון דעם וואָס עס שאָקלען זיך די ענינים פון בטחון וכלכלה, איז (ווי געזאָגט פריער) — וואָס מען שאָקלט זיך אין עניני יהדות.

אַנשטאָט דעם וואָס מען דאַרף זיך האַלטן שטאַרק און פעסט אין דרך הישר, וואָס דאָס איז דער דרך פון תורתנו הקדושה, תורת אמת און תורת חיים — איז אַנשטאָט דעם, שאָקלט מען זיך: אַמאָל אין דער ריכטיקער זייט, ווי ס׳איז אָנגעוויזן אין תורת אמת און תורת חיים, און אַמאָל, רח״ל, אין אַן אַנדער זייט.

ובזה — ס׳איז אַ פסק־דין ברור אין שולחן־ערוך הלכות שבת סימן שכ״ט ווי די הנהגה דאַרף זיין אויף באַוואָרענען דעם מצב הבטחוני. און אע״פ אַז דאָס איז אַ פס״ד ברור, איז לפועל „שאָקלט מען זיך״.

בשעת מען וועט טאָן ווי ס׳איז אָנגעוויזן אין תורה — האָט מען דעמולט די פאַרזיכערונג און דעם כח פון תורה, „אין עוז אלא תורה״[10], אַז עס וועט זיין די שלילה גמורה פון תפתח הארץ לפניהם.

[ובפרט נאָך, אַז מען געפינט זיך אין שנה השביעית, וואָס דער גאַנצער יאָר איז „שבת להוי״[11] — וואָס דאַן זיינען אַלע ענינים פון הלכות שבת, כולל (אויך) די הבטחה און דער כח פון דעם אויבנדערמאָנטן דין (אין הלכות שבת), מיט מער תוקף].

ו. וויבאַלד אַז מצוה גוררת מצוה[12], איז דער קיום פון דעם דין הנ״ל בשלימותו, וועט ברענגען אויך צו מוסיף זיין ביתר שאת וביתר עוז אין קיום כל המצוות, אַנהויבנדיק פון די ענינים שהזמן גרמא — די ענינים וואָס זיינען פאַרבונדן מיט פסח, און הכנה צו פסח.

און וויבאַלד אַז די הכנה צו פסח איז דאָך פאַרבונדן מיטן שבת שלפני הפסח [ווי דער פס״ד אין שו״ע[13], אַז נוסף צו דעם וואָס „כל חכם הי׳ שונה לתלמידיו הלכות הרגל ל׳ ימים לפניו״, איז „היו דורשים הלכות הרגל בשבת שלפניו״], וואָס דער שבת ווערט אָנגערופן „שבת הגדול, לפי שנעשה בו נס גדול״[14] — איז די ענינים פון מבצע פסח און הכנה לפסח, וועלן ברענגען בדוגמת דעם נס גדול וואָס איז געווען דעמולט — „למכה[15] מצרים בבכוריהם״[14]:

---

9) עקב יא, יב.

10) שהש״ר פ״ב, ג [ג]. ובכ״מ.

11) בהר כה, ב״ד.

12) אבות פ״ד מ״ב.

13) אדה״ז או״ח סתכ״ט ס״ב. ושי״נ.

14) שו״ע אדה״ז ר״ס תל. ושי״נ.

15) לשון הכתוב — תהלים קלו, י.

עולם הזה הגשמי (בכללות) איז — ״מצרים, מלשון מצרים וגבולים״[16]. און בשעת אז די ענינים הגשמיים זיינען בריבוי, ביז צו עשירות (מצד דערויף וואס דער אויבערשטער גיט זיי מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה) — איז עס ״בכורי מצרים״.

און דער אויפטו פון שבת הגדול, ״למכה מצרים בבכוריהם״, איז[17]: אז מען נוצט אויס די עשירות בגשמיות (בכורי מצרים) אויף קדושה, און אויף ברעכן די גוי׳שקייט פון מצרים — אתהפכא[18] חשוכא לנהורא.

און דורך דעם ווערט ווי דער המשך וסיום הכתוב — ״כי לעולם חסדו״, אז מ׳האט פון חסדו של הקב״ה למעלה ממדידה והגבלה, כמבואר אין מס׳ פסחים[19] קרוב לסיומה וחותמה.

• • •

ז. מען דארף דאך עפעס טאן אויך אין דרכי הטבע, וואס ביי אידן איז אויך זייער טבע פארבונדן מיט תורה ומצוות —

איז תמורת זה וואס עס זיינען דא אידן וואס שאקלען זיך רח״ל, און זיי ברענגען דאס (דעם ״שאקלען זיך״) אויך אין א מעשה בפועל

— ביז אז דאס האט געבראכט אז אויך ביי אוה״ע זאל זיך שאקלען. וואס דאס איז נאך מער מוסיף אין דעם בלבול כל הענינים שבעולם, און מען דארף האבן אז דער ״ונפלינו אני ועמך מכל העם אשר על פני האדמה״[20] זאל

זיין אין אן אופן נראה ונגלה לעיני בשר —

איז די פעולה וואס יעדער איד דארף טאן אויף צו שולל זיין און מבטל זיין דעם ״שאקלען זיך״, איז — צו האלטן זיך נאכמער פעסט (היפך פון ״שאקלען זיך״) אין תורה ומצוות. און אויך ועיקר — במעשה בפועל,

צו מוסיף זיין (בפועל) אין לימוד התורה, סיי אין נגלה סיי אין חסידות, און אין קיום מצוותי׳ בהידור,

[כולל אויך הפצת התורה, נגלה דתורה און פנימיות התורה, וואס נגלה דתורה איז דער גוף פון תורה און פנימיות התורה איז די נשמה פון תורה ווי עס שטייט אין זהר פרשת בהעלותך את הנרות[21] (וואס בי״ג ניסן זאגט מען בהעלותך את הנרות[22]), צו פארפלייצן די וועלט אז עס זאל זיין ״ומלאה[23] הארץ דעה את הוי׳ כמים לים מכסים״],

אנהויבנדיק פון די מצוות שהזמן גרמא — די הכנות צו פסח, וואס איז פארבונדן (ועיקר) מיט שלילת החמץ — מיט שולל זיין דעם וואס ווערט אנגע־רופן בשם ״חמוץ״[24],

און דורך ״סור מרע״, קומט צו (דער־נאך) א תוספת אין ״ועשה טוב״,

ביז דאס קומט אראפ אויך אין גשמיות, אין טוב הנראה והנגלה.

ח. און דאס וועט אויך מכריז זיין די וואס ביז היינט האבן זיי זיך געשאקלט בנוגע צום מצב בטחוני, אז זיי זאלן

16) ראה תו״א בשלח סד, א. ובכ״מ.
17) ראה בארוכה שיחת ש״פ צו, שבת הגדול ש.ז.
18) ראה זח״א ד, א.
19) קיח, א. וראה תו״א בשלח סא, א ואילך. ועוד.
20) תשא לג, טז.
21) קנב, א.
22) שו״ע אדה״ז סתכ״ט סט״ו.
23) ישעי׳ יא, ט.
24) ראה ר״ה ג, סע״ב. ברכות יז, א ובפרש״י. - וראה לקו״ת צו יג, ג.

ביישן זייער שטעלונג מן הקצה אל הקצה, צו גיין מיט א תוקף.

דאע״פ אז א איד איז א בעל בחירה, פונדעסטוועגן איז דאך שייך אז ער זאל זאל זיין ״מוכרח״ מצד התגברות היצר טוב — במכ״ש פון דעם וואס ער קען זיין אן ״אנוס״ מצד דעם יצר וואס איז היפך הטוב[25].

ט. און דורך דעם וואס אידן וועלן גיין מיט א תוקף, וועלן במילא בטל ווערן די בלבולים מצד אומות העולם — וויבאלד אז די בלבולים זיינען געקומען (כנ״ל) מצד דערויף וואס אידן האבן זיך געשאקלט.

און נאכמער: דורך דערויף וואס מען וועט פארפלייצן די וועלט מיט נגלה דתורה און פנימיות התורה, ביז עס וועט זיין (בדוגמת לע״ל) ״ומלאה הארץ דעה את הוי׳ כמים לים מכסים״, וועט זיין נאך אין די לעצטע טעג פון גלות (בדוגמת לע״ל) ״והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך״[26], אז ניט נאר וואס זיי וועלן ניט שטערן און מבלבל זיין, נאר אדרבה, זיי וועלן ארויס־העלפן אידן אין אלע ענינים פון אידישקייט,

ביז אז זיי וועלן געבן אידן פון זייערע ״בכורות״ — פון זייערע בעסטע ענינים[27],

און זיי וועלן טאן את כל התלוי בהם אז אידן זאלן זיין באווארנט [ע״פ טבע, וויבאלד אין זמן הגלות גייט עס דורך דורך לבושי הטבע] בכל המצטרך להם,

ביז באופן פון מידו ״המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה״, אויך ״הגדושה״ מיט

א גימ״ל ווי עס שטייט אין בעש״ט׳ס סידור, וואס דאס (גדושה) איז נאך מער פון מלאה.

י. וכל הנ״ל — סיי די פעולה אין אידן (צו מכריח זיין זיי אז זיי זאלן שטיין מיט א תוקף), סיי די פעולה אין אוה״ע (אז זיי זאלן ארויסהעלפן אידן בכל המצטרך) — טוט זיך אויף (כנ״ל) דורך דעם וואס מען וועט זיך האלטן פעסט אין תורה ומצוות״, אנהויבנדיק פון די מצוות שהזמן גרמא — מבצע פסח און הכנות צו פסח.

ובפרט נאך אז מען האט די נתינת כח פון דעם יום זכאי — דעם יום ההילולא פון כ״ק אדמו״ר הצ״צ און פון דעם בית יוסף, און דער יום ההולדת פון דעם רמב״ם, וואס ממשה ועד משה לא קם כמשה[28], וואס משה רבינו איז הוא גואל ראשון הוא גואל אחרון[29],

אין כשם ווי בא גאולת מצרים האט משה רבינו אויפגעטאן אז נאך זייענדיק אין גלות מצרים איז ״לכל בני ישראל הי׳ אור במושבותם״[30], און דאס האט געבראכט[31] אז די מצריים האבן זיי געגעבן כלי כסף וכלי זהב[32] ביז אז ״וינצלו את מצרים״[33].

אזוי וועט אויך זיין אין דער איצטיקער גאולה, אז נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות וועלן די אוה״ע געבן אידן פון זייערע בעסטע זאכן (״בכורות״), און מען וועט ארויס־

---

25) רמב״ם הל׳ גירושין ספ״ב.
26) ישעי׳ מט, כג.
27) ראה לעיל ס״ו.

28) שה״ג להחיד״א ערך ר׳ משה גאון.
29) ראה שמו״ר פ״ב, ד. זח״א רנג, א. שה״ס פ׳ ויחי. תרא ר״פ משפטים.
30) בא י״ד, כג.
31) פרש״י עה״פ שם, כב.
32) בא יב, לה.
33) שם, לו.

גיין פון גלות ברכוש גדול[34], מיט אלע ניצוצות[35], לקבל פני משיח צדקנו.

• • •

יא. די גאולה פון מצרים איז דאך געקומען מצד דערויף וואס אידן זיינען בנים למקום (כמ״ש[36] „בני בכורי ישראל גו׳ שלח את בני ויעבדני״),

און אין בנים גופא זיינען אידן געווען דאן ווי א בן קטן, „כי נער ישראל ואוהבהו״[37]

[וואס צו א בן קטן איז אהבת האב א סאך גרעסער, ביז אז ער פירט אויס ביים אב אלץ וואס ער וויל],

און וויבאלד אז כדי צו מעורר זיין אן ענין למעלה דארף מען האבן אן אתעדל״ת מעין זה, „במדה שאדם מודד בה מודדין לו״[38] — דעריבער דארף זיין אן אתערותא במיוחד פון די בנים קטנים און פון די בנות קטנות

[ווארום „אף הן היו באותו הנס״[39], ואדרבה, „בשכר נשים צדקניות שהיו באותו הדור נגאלו ישראל ממצרים״[40] (אז אויך די גאולה פון די אנשים איז געווען בזכותן)],

איז כאן המקום צו געבן א ברכה מיוחדת און א תודה חמה מיוחדת צו די אלע קינדערלאך (בנים און בנות) וואס האבן געטאן אין א שטורעמדיקן אופן בנוגע צום מבצע פון „והשיב לב אבות על בנים״ בכלל, ובפרט בנוגע צו פסח און הכנה לפסח.

און זיכער וועלן זיי טאן אין דעם אויך מכאן ולהבא, צו אויסנוצן די שעות וואס זיינען נאך געבליבן ביז פסח, און דער־נאך אויך במשך ימי הפסח, צו אויפטאן נאכמער אז עס זאל זיין א חג הפסח כשר ושמח,

וואס דאס וועט אויפטאן נאכמער אין והשיב לב אבות על בנים (אבות ובנים כפשוטם), ביז אויך אין דעם והשיב לב אבינו שבשמים על בני בכורי ישראל און „בנים[41] אתם לה׳ אלקיכם״.

דורך דעם וואס מען איז אין אן אופן פון „נער ישראל״, „יעקב כי קטן הוא״[42] — מען ווייס אז דאס איז ניט מצד כחי ועוצם ידי[43] ח״ו, נאר מצד דערויף וואס מען איז מקבל פון דעם אויבערשטן

[דישראל דומין ללבנה[44], וואס די לבנה איז לית לה מגרמה כלום[45], נאר זי איז מקבל פון שמש, פון „שמש[46] ומגן ה׳ אלקים״]

וואס ער (דער אויבערשטער) האט אלץ, און ער גיט דאס צו יעדער אידן און צו אלע אידן, מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה.

יב. און דורך דעם וואס די קינדער (סיי אינגעלער, סיי מיידעלער) וועלן מוסיף זיין בפעולות הנ״ל, הלוך ומוסיף ואור, וועט דאס (אויך) מוסיף זיין נאך

34) לך לך טו, יד. וראה פרש״י בא יא, ב, דמה שנצטוו וישאלו גו׳ כלי כסף וכלי זהב הוא בכדי שיצאו ברכוש גדול.

35) ראה תו״א וארא נו, סע״ד. בא ס, ג. ובכ״מ.

36) שמות ד, כב־כג.

37) הושע יא, א.

38) סוטה ח, ב במשנה.

39) פסחים קח, ריש ע״ב.

40) סוטה יא, ב. שמו״ר פ״א, יב.

41) ראה יד, א.

42) עמוס ז, ה.

43) עקב ח, יז־יח. וראה סמ״ג מל״ת סד.

44) ראה חולין ס, ב. וראה תו״א יתרו סז, ג (וראה עד״ז חדא״ג מהרש״א לחולין שם), דמה שישראל מונין ללבנה הוא מצד הביטול שלהם לאוא״ס ב״ה, דוגמת הלבנה דלית לה מגרמה כלום.

45) ראה זח״א לג, ב. רמט, ב.

46) תהלים פד, יב.

מער״ אין דעם ביטול פון דעם „שאקלען זיך״, און אדרבה, שטעלן זיך אין אן אופן פון „לא״ יכרע ולא ישתחוה״.

און אזוי ווי בי״ד בניסן איז געווען די התחלה פון „כנוס את כל היהודים״ — איז אויך איצטער ווען עס זיין דורך דעם ענין פון מבצע אהבת ישראל, אז אלע אידן קלייבן זיך צוזאמען,

און נאך דעם ווי עס גייען דורך די שלשה ימים — י״ד, ט״ו און ט״ז״ — ווערט די מפלה פון אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט המן, ועאכו״כ די מפלה פון המן (עצמו) ובניו.

און עס ווערט דער זמן חירותינו למטה מעשרה טפחים, אז נאך אין דעם סיום פון זמן הגלות״ ווערט דער אויבערשטער מאכן אז לכל בני ישראל יהי׳ אור במושבותם, אזא אור וואס מען זעט אים בעיני בשר אפילו בזמן הגלות,

און מען ווערט באקומען דעם רכוש גדול נאך זייענדיק אין גלות, און ארויסגיין פון גלות ברכוש גדול, און מתוך שמחה וטוב לבב.

יג. מכל הנ״ל איז מובן אויף וויפל עס דארף זיין דער גודל ההשתדלות אויף אריינציען וואס מער אידן, ובפרט אידישע קינדער [וואס ע״י בנים וועט זיין (אויך) והשיב לב אבות], זיי זאלן מקיים זיין אלע ענינים פון פסח בשלימות, און דערנאך ממשיך זיין אויך לאחרי הפסח ובנוגע שאר עניני תומ״צ, אז זיי זאלן זיין בשלימות.

און דורך דעם וואס אידן וועלן זיין צוזאמען מיט שלימות התורה, און צוזאמען מיט דער שלימות וואס מען האט ארום זיך אלע קינדער, אלע ארבעה בנים וואס „כנגד ארבעה בנים דברה תורה״[51], תורה רעדט אריין אין יעדערן פון די בנים,

וועט זיין „בנערינו ובזקנינו״[52], אז די קינדער מיט די עלטערן האלטן זיך צוזאמען בא די זעלבע תורה און בא דעם זעלבן (געגרייטן) טיש — דער זעלבער שולחן ערוך פאר „זקנינו״ און „נערינו״,

איז די שלימות וועט ברענגען בקרוב ממש די שלימות הגאולה, אז עס ווערט קץ שם לחושך[53] הגלות, און עס הויבט זיך אן די אתחלתא דגאולה, און גלייך נאך דעם (אבער תיכף ומיד) — די גאולה במילואה ובשלימותה.

• • •

יד. דער סיכום פון כל הנ״ל:

יעדער איד, סיי מאן און סיי פרוי, ובמיוחד קטנים און קטנות, דארף וויסן, אז דורך דעם וואס ער וועט זיך אויפהערן צו שאקלען און טראכטן צי מען דארף גיין ימינה אדער שמאלה, נאר ער וועט גיין לבטח דרכו, אין דרך הוי׳ „לעשות צדקה ומשפט״ —

ווארום דרכו (זיין דרך) איז דער דרך הוי׳ לעשות צדקה ומשפט, ובמילא גייט

---

47) הביטול ד„שאקלען זיך״ נעשה גם ע״י ההוספה בתומ״צ של הגדולים, כנ״ל ס״ז ואילך. אלא שע״י הקטנים מיתוסף בזה עוד יותר.

48) אסתר ג, ב.

49) שם ד, טז. פרש״י עה״פ שם, יז. מגילה טו, א ובפרש״י.

50) כבימים ההם — שהיו בימי מלכות אחשורוש.

51) הנש״פ. ע״פ ירושלמי פסחים פ״י ה״ד. מכילתא ופרש״י עה״פ בא יג, יד.

52) בא י, ט.

53) איוב כח, ג.

54) לשון הכתוב — וירא יח, יט.

ער „לבטח". ביי אים זיינען ניטאָ קיין ספיקות ווי ער דאַרף טאָן, ווײַלע אויף יעדער ענין האָט ער אַ קלאָרע הוראה און „משפט" וואָס דאָס איז הלכה[55], און צוזאַמען דערמיט איז ער אויך מוסיף אין צדקה, (וואָס צדקה איז) כללות כל המצוות[56].

אין נוסף צו דעם וואָס ער אַליין הערט אויף צו שאַקלען זיך, איז דורך דעם שטעלט ער אויך אָפּ די „שאַקלעניש" פון די וואָס דאַרפן שטיין מיט אַ תוקף (ניט מצד כחי ועוצם ידי ח"ו, נאָר מצד דעם תוקף פון תורה) בנוגע צו שלימות הארץ.

און דאָס וועט גלייך ברענגען אַז עס וועט בטל ווערן אויך די „שאַקלעניש" פון „מלכים" און „שרותיהם", און זיי וועלן דערפילן (מצד „מזלייהו חזי"[57]) אַז זייער תפקיד איז — זיי זאָלן זיין „אומניך" און „מניקותיך".

און זיי וועלן ברענגען אידן לארצנו הקדושה אַזוי ווי מען ברענגט אַ מנחה בכלי טהור[58].

ביז אַז עס וועט מקוים ווערן בפועל אַז „יעמוד מלך מבית דוד כו' ויכוף כל ישראל לילך בה ולחזק בדקה, וילחם מלחמות ה' וינצח ויבנה מקדש במקומו ויקבץ נדחי ישראל"[59].

און כל הנ"ל וועט זיין אין אַן אופן פון „מיד", ווי דער פס"ד פון רמב"ם[60] אַז „מיד הן נגאלין".

טו. כשם ווי דער גיין לבטח דרכו פון יעדער אידן ובפרט פון קינדער שטעלט אָפּ די „שאַקלעניש" פון די וואָס דאַרפן שטיין מיט אַ תוקף בנוגע צו שלימות הארץ (ווי גערעדט פריער), עד"ז — ובמכ"ש — איז עס מבטל — ולכל לראש — די „שאַקלעניש" פון די וואָס דאַרפן זיין זייערע מדריכים און מנהיגים.

בשעת זיי זעען ווי דער וואָס דאַרף זיין זייער מודרך גייט מיט אַ תוקף, פועל'ט עס אויף זיי, אַז זיי הערן אויף צו שעמען זיך וכיו"ב, און זאָגן אַרויס קלאָר אַז ס'איז אַן איסור גמור צו טאָן עפּעס וואָס קען ברענגען אַ פירצה אין שלימות התורה, אפילו אין אַ דקדוק קל של דברי סופרים [און עאכו"כ אין ענינים וואָס זיינען פאַרבונדן מיט פסח און מיט חמץ, וואָס דאָס זיינען די ענינים הכי רציניים].

און אין יעדער ענין זאָגן זיי אַרויס אין אַ קלאָרן אופן וואָס תורה זאָגט אויף דעם, און וויבאַלד אַז די גאַנצע וועלט איז באַשאַפן געוואָרן דורך תורה, „אסתכל באורייתא וברא עלמא"[61] — איז דאָך מובן בפשטות, אַז אויף יעדער ענין שבעולם איז דאָ אַ הוראה ברורה אין תורה.

אַנהויבנדיק פון די הוראה ברורה אין תורה בנוגע צו שלימות הארץ, דעם פס"ד ברור — „דבר הוי' זו הלכה"[62] — אַז ס'איז אַן איסור גמור צוצולאָזן עס זאָל זיין אַ מעגלעכקייט, רח"ל, פון תפתח הארץ לפניהם.

און די הוראה ברורה פון תורה בנוגע צו שלימות העם — אַז גיור מוז זיין כהלכה.

ועד"ז בנוגע צו כל הענינים — סיי

---

55) לקו"ת דברים א, סע"ב.
56) לקו"ת ראה כג, ג.
57) מגילה ג, א. סנהדרין צד, רע"א.
58) ישעי' סו, כ.
59) רמב"ם הל' מלכים ספי"א.
60) הל' תשובה פ"ז ה"ה.
61) זח"ב קסא, רע"ב. וראה ב"ר בתחלתו.
62) שבת קלח, ב.

אין עניני הכלל, סיי בנוגע צו חיי הפרט, ביז אין די הנהגה היום־יומית — אז בנוגע צו יעדער ענין זאגן זיי אַ הוראה ברורה פון תורה אין דעם.

טז. און דורך דעם וואָס די רבנים זאָגן קלאָר דעם „דבר הוי׳ זו הלכה״ בנוגע צו יעדער ענין, ווערן זיי די מורי נבוכים, זיי ווייזן אָן די וועג פאַר די „נבוכים״ וואָס שאַקלען זיך.

וואָס דאָס איז דאָך אויך פאַרבונדן מיטן רמב״ם (וואָס י״ד ניסן איז זיין יום הולדת) דער מורה נבוכים פון אַלע דורות, וואָס ממשה ועד משה לא קם כמשה.

וואָס עד״ז איז בנוגע צו יעדער רב וואָס האָט סמיכה און פסק׳נט ע״פ שו״ע, אַז זיין פס״ד איז בכח פון דער סמיכה וואָס ער האָט באַקומען איש מפי איש עד משה רבינו.

און דאָס גיט אויך דעם כח צו יעדערן פון צאן מרעיתו, צו פירן זיך ע״פ תורה אין טאָג טעגליכן לעבן, און טאָן דאָס מיט אַ תוקף.

ובלשון השו״ע[63] פון דעם בי״ — „יתגבר כארי״, וואָס דאָס איז פאַרבונדן (ווי דער רמ״א איז מבאר ומוסיף) מיט „שויתי[64] הוי׳ לנגדי תמיד״.

אַז אַלע עניני העולם זיינען ביי אים „שויתי״ — לשון השתוות (כפירוש הבעש״ט[65]), און די איינציקע זאַך וואָס איז ביי אים תופס מקום איז „הוי׳״ (ודבר הוי׳ זו הלכה).

און דורך דערויף — גייט ער דורך די וועלט, און גייט דורך בהצלחה רבה.

יז. אַזוי ווי בא יציאת מצרים, איז „הם (די בנים און די בנות) הכירוהו תחלה״[66], אַזוי אויך די איצטיקע גאולה דאַרף זיך אָנהויבן דורך די אידישע קינדער,

דורך דעם וואָס די אינגעלעך און מיידעלעך וועלן מוסיף זיין אין זייערע פעולות מיט זיך און צו באַווירקן זייערע עלטערן אויף מוסיף זיין אין עניני יהדות

אָנהויבנדיק פון די הכנות צו פסח, העלפן אַרויסראַמען דעם חמץ (כפשוטו, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַרויסראַמען דעם חמץ הרוחני), און אויך די אַנדערע הכנות לפסח,

ביז דערנאָך צו פרעגן די קשיות — „בן שואל מה״[67] — וואָס דאָס איז מעורר דעם פאָטער צו זאָגן מיט מער חיות „עבדים היינו לפרעה במצרים ויוציאנו הוי׳ אלקינו משם״[68], ביז דעם סיום פון דער ברכה אשר גאלנו[69] וואו מען זאָגט „כן כר יגיענו למועדים ולרגלים אחרים הבאים לקראתינו לשלום שמחים בבנין עירך וששים בעבודתיך״,

אַז בקרוב ממש וועט מקויים ווערן דער יעוד „שמחים בבנין עירך וששים בעבודתיך״, „ואנחנו עמך וצאן מרעיתך גו׳ לדור ודור נספר תהלתך״[70],

און די אַלע ענינים ווערן געטאָן אין אַן אופן פון „לעולם״, אַז מתחלתו [זיין ערשטע פעולה בזה] איז אין אַן אופן נצחי[71].

---

63) בתחלתו.

64) לשון הכתוב — תהלים טז, ח.

65) צוואת הריב״ש בתחלתה.

66) סוטה יא, ב.

67) ראה הגש״פ עם לקוטי טעמים כו׳ לפני מה נשתנה.

68) הגש״פ. ע״פ ואתחנן ו, כא.

69) מפסחים קטז, ב במשנה.

70) תהלים עט, יג.

71) להעיר מתרא תולדות יח, סע״ד.

און אין אַן אופן פון „מיד" — בזריזות הכי גדולה.

ח"י. צו דעם קומט נאָך צו די נתינת כח און זכות פון די יומין זכאין פון חודש ניסן[72],

און אין חודש ניסן עצמו — דער יום הילולא פון צמח צדק, וואָס משיח נקרא בשם צמח[73],

און ער איז ממשיך דעם צמח וצדקה דורך זיינע פסקי דינים און הלכה, סיי אין נגלה דתורה סיי אין פנימיות התורה;

דער יום ההילולא פון דעם ב"י, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן דעם „שולחן ערוך לפניהם"[74] עד סוף כל הדורות — אין נגלה דתורה, צוזאַמען מיטן „מגיד מישרים" — די ענינים פון רזי תורה;

דער יום ההולדת פון דעם רמב"ם וואָס אויך חיבורו איז נקרא על שמו — בשם רמב"ם,

וואָס די התחלה פון דעם חיבור איז מיט „יסוד היסודות ועמוד החכמות לידע שיש שם מצוי ראשון כו' וכל הנמצאים כו' לא נמצאו אלא מאמיתת המצאו",

און דער סיום וחותם פון דעם חיבור איז „ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים", וואָס דאָס איז דאָך פנימיות התורה, רזי וסודות התורה

— פסק'נט ער דאָס אָפּ בתחלת ספרו ובסיום וחותם ספרו, וואָס איז אויך סיום הלכות מלכים ומלחמותיהן, וואָס דאָס איז מלחמות ה', און מ'איז מנצח,

און מ'ברענגט דעם „והשיב לב אבות על בנים" פון אבינו שבשמים — די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

און אין אַן אופן פון „מיד הן נגאלין".

---

72) ש„כל החודש כולו הוא כמו ראש חודש" (של"ה שיג, ב), ו„נוהגין לעשות כולו (כל החודש) קודש כעין יו"ט" (שו"ע אדה"ז או"ח סתכ"ט ס"ט).

73) ירושלמי ברכות פ"ב ה"ד.

74) ראה מכילתא ופרש"י ר"פ משפטים.

# בתו״ת ליל א׳ דחגה״פ ה׳תש״מ

חג הפסח כשר ושמח.

מ׳זאל ממשיך זיין פון דער זהירות פון חג הפסח על כל השנה כולה[1], אז עס זאל זיין א כשר׳ער און א פריילעכער[2] יאר.

און אזוי ווי דער ערשטער טאג איז ביום השלישי „שהוכפל בו כי טוב"[3] — זאל דאס אראפקומען אין לימוד פון נגלה דתורה און פנימיות התורה[4], ובהקדמת עבודת התפלה[5],

און אין „טוב לשמים וטוב לבריות"[6] — סיי ברוחניות און סיי בגשמיות,

און דאס אויך ממשיך זיין על כל השנה כולה.

און עס זאל זיין „ילכו מחיל אל חיל"[7], ביז צו גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, לשנה הבאה בירושלים[8], „בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו"[9],

צוזאמען מיט נגלה דתורה, „ותלמודו בידו"[10], און מיט פנימיות התורה[11], נשמות בגופים[12],

ומתוך שמחה וטוב לבב — „לבב" מיט צוויי בי״ת׳ן — בגשמיות וברוחניות.

---

1) שהרי „הנזהר ממשהו חמץ בפסח מובטח לו שלא יחטא כל השנה" (כתהאריז״ל הובא בבאה״ט או״ח ר״ס תמז).

2) שהזהירות ממשהו חמץ בפסח מביאה גם ענין השמחה: שמחת הצלחתו להזהר גם ממשהו, נוסף על העיקר — שמחת מצות זהירות מחמץ (שאיסורו במשהו).

3) ראה פרש״י עה״פ בראשית א, ז.

4) שהם לבריות ולשמים — בתורה גופא.

5) ראה לקו״ת ברכה צו, ב. קונטרס עה״ח פי״א ואילך ושם פכ״ה.

6) קידושין מ א. ובאוה״ת (בראשית לג, ב. משפטים ע׳ א׳קנז. ועוד) מקשר זה עם יום השלישי שהוכפל בו כי טוב.

7) ל׳ הכתוב — תהלים פד יח. וראה ברכות בסיפה. שו״ע אדה״ז או״ח רסקנ״ה.

8) ראה לקו״ש ח״ב ע׳ 543.

9) בא י, ט.

10) פסחים נ, א. וש״נ.

11) ראה לקו״ת ואתחנן ו, ג. שה״ש כב, ד. ובכ״מ.

12) כי יבוא במהרה בימינו ותחזינה עינינו.

## להתלמידים שיחיו ד„הדר התורה״,

## ליל א׳ דחגה״פ ה׳תש״מ

אזוי ווי ס׳איז יום השלישי שהוכפל בו כי טוב, טוב לשמים וטוב לבריות — זאל זיין טוב ברוחניות און טוב בגשמיות, און דאס ממשיך זיין על כל השנה כולה.

און עס זאל זיין א כשר׳ער און א פריילעכער פסח, און דאס אויך ממשיך זיין על כל השנה כולה.

## להתלמידים שיחיו יוצאי פרס, (ב„הדר התורה״),
## ליל א׳ דחגה״פ ה׳תש״מ

**א כשר'ן און א פריילעכן פסח, און דאס ממשיך זיין על כל השנה כולה, אז עס זאל זיין א כשר'ער און א פריילעכער יאר.**

**איר זאלט אלע זיין בנים חכמים, און עס זאל ביי אייך זיין „ילכו מחיל אל חיל״ אויך אין קיום המצוות.**

**און עס זאל זיין א שנה טובה ומתוקה, אנהויבנדיק* פון זמן חירותינו.**

**און בקרוב ממש זאלט איר זיך טרעפן עם כל קרוביכם בכל מקום שהם.**

---

*) ע״ד שביום ראשון דחה״פ מבקשים „טל צוה שנה טובה כו׳״.

# Благословение Любавичского Ребе שליט״א во время посещения коллективного *Сейдера* для иммигрантов из России, в первую ночь Песаха 5740 года:

Кошерного и веселого Песаха, и «взять» кошерность и веселье на весь год, чтобы был еврейский год во всех отношениях.

И чтобы в скором будущем встретиться с родственниками, вместе со всем еврейским народом בגאולה האמיתית והשלימה ע״י משיח צדקנו в настоящем и полном освобождении Мошиахом Цидкейну (праведным Мошиахом).

Кошерного и веселого Песаха בגשמיות וברוחניות.

[באולמי עריכת הסדר עבור יוצאי רוסי׳ ע״י מוסד „פרי״, ליל א׳ דחגה״פ ה׳תש״מ

(תרגום מרוסית)

א כשר׳ן און א פריילעכן פסח,

און מיטנעמען די כשרות און די פריילעכקייט אויף א גאנץ יאר, עס זאל זיין א אידישער יאר אין אלע הינזיכטן.

און בקרוב ממש טרעפן זיך מיט די קרובים, צוזאמען מיטן גאנצן אידישן פאלק, בגאולה האמיתית והשלימה ע״י משיח צדקנו, אין דער אמת׳ער און פולער באפרייאונג דורך משיח צדקנו.

א כשר׳ן און א פריילעכן פסח בגשמיות וברוחניות.]

לתלמידות ד״מכון חנה״ תחיינה,

ליל א׳ דחגה״פ ה׳תש״מ

א כשר׳ן און א פריילעכן פסח, און דאָס ממשיך זיין על כל השנה כולה.

און איר זאָלט דאָס משפיע זיין אויך אויף אייערע קרובים און אויף אייערע משפחות.

און דער אויבערשטער זאָל אייך בענטשן אז יעדערע פון אייך זאָל בויען איר אייגענע הויז און איבער א יאָר זאָלט איר פראַוועו דעם סדר בא זיך אין אייער אייגענער הויז.

הערן פון אייך בשורות טובות.

## לתלמידות תחיינה יוצאות פרס, (ב„מכון חנה״),
## ליל א׳ דחגה״פ ה׳תש״מ

**א כשר׳ן און א פריילעכן פסח.**

**איר זאָלט זיך זצן בקרוב ממש מיט אייערע משפחות, ומתוך שמחה וטוב לבב.**

**[אחר שענו „אמן״, בקש שיענו אמן גם בל׳ פרסית].**

---

**[לפני כניסת כ״ק אדמו״ר שליט״א לביתו, אמר לאלו שליוו אותו]:**

**א כשר׳ן און א פריילעכן פסח, און א כשר׳ן און א פריילעכן יאָר — שהוכפל בו כי טוב.**

---

# שיחת יום ד׳ דחוהמ״פ, ערב ימים האחרונים דחגה״פ ה׳תש״מ
## – בבית הכנסת, אחרי תפלת שחרית –

א. אזוי ווי ערב די ימים האחרונים דפסח קומט בהמשך צו דעם ערב פון די ימים הראשונים דפסח[1] —

דעריבער איז איצטער דער זמן המתאים צו מעורר זיין נאכאמאל און מחזק זיין די ענינים וואס מען האט מעורר געווען[2] בערב ימים הראשונים דפסח,

וואס די נקודה הכללית דערפון איז — אז עס זאל זיין א כשר׳ער און פריילעכער פסח[3], און מען זאל דאס ממשיך זיין (לויט ווי געבראכט פון כתבי האריז״ל[4]) אויפן גאנצן יאר, אז דער גאנצער יאר זאל זיין א כשר׳ער און א פריילעכער.

ב. ובפרט לפי הידוע[5] אז חג הפסח ווערט נמשך שטענדיק (על כל השנה כולה), ביז אז בכל יום ויום — סיי ביום סיי בלילה — דערמאנט מען יציאת מצרים[6] — וואס דאס איז מדגיש נאך מער, אז בכדי אלע ענינים במשך כל השנה[7] זאלן זיין בהצלחה, בתכלית הכשרות ובתכלית השמחה, דארף מען מיטנעמען דערויף דעם כח ועידוד וחיזוק פון ימי הפסח.

און וויבאלד אז „הכל הולך אחר החיתום"[8] — וואס דעריבער איז נוגע נאך מערער די כשרות און שמחה פון די ימים האחרונים דפסח — זאל מען מוסיף זיין אין די אלע פעולות (וואס מען האט גערעדט בערב ימים הראשונים דפסח) ביתר שאת וביתר עוז, אז די ימים האחרונים דפסח זאלן זיין כשר׳ע און פריילעכע בתכלית השלימות.

און דורך דעם וועט נמשך ווערן (אויך) על כל השנה כולה, אז דער גאנצער יאר וועט זיין א כשר׳ער יאר און א פרייילעכער יאר בתכלית השלימות[9].

וואס דאס איז תלוי אין דער זהירות בימי הפסח [כל ימי הפסח, ובפרט אין די ימים האחרונים דפסח]. אין אנדערע ווערטער — במעשינו ועבודתינו,

וואס אין דערויף (מעשינו ועבודתינו) זיינען תלוי אויך די אלע ענינים וואס וועלן זיין בגאולה העתידה[10].

ג. ענין הנ״ל, אז די גאולה העתידה איז תלוי במעשינו ועבודתינו — איז עס נאכמער אין מעשינו ועבודתינו דחג הפסח, זמן (חרותנו) הגאולה. און אין דעם גופא איז דאס נאכמער — מעשינו ועבודתינו בימים האחרונים דפסח.

וכידוע[11], אז בימים הראשונים דפסח איז די הדגשה אויף גאולת מצרים בפעם

---

1) להעיר משייכות מיוחדת בשנה השביעית — שזמן הביעור הוא בע״פ וי״א בעיו״ט האחרון (שו״ע אדה״ז הל׳ פסח סוסת״ל) ואלה ואלה דא״ח.

2) נדפס לעיל ע׳ 203 ואילך.

3) ראה לקוטי לוי״צ אגרות ע׳ קצח.

4) הובא בבאה״ט או״ח ר״ס תמז.

5) שיחת חגה״פ תש״ג (סה״ש תש״ג ע׳ 75). וראה לקו״ש ח״ה ע׳ 173 ואילך ובהערות שם.

6) רמב״ם הל׳ ק״ש פ״א ה״ג. שו״ע אדה״ז או״ח סס״ז ס״א.

7) ראה תניא פמ״ז (ובכ״מ בדא״ח) אשר „עסק התומ״צ׳ בכ״י ע״ז הוא יצ״מ דנפה״א בכ״י.

8) ברכות יב, א.

9) להעיר אשר שנה השביעית — היא שלימות ההיקף בשנים (ראה שו״ת הרשב״א ח״א ס״ס).

10) תניא רפל״ז.

11) ראה שיחת אחש״פ בסעודת הלילה הש״ת (סה״ש הש״ת ע׳ 72). לקו״ד שבהערה 14.

הראשונה — „אנכי אעלך״[11], און בימים האחרונים דפסח איז די הדגשה אויף דער גאולה העתידה לבוא ע״י משיח צדקנו במהרה בימינו ממש — „גם עלה״[12].

ווי ס׳איז אויך פארשטאנדיק פון די הפטרות דימים האחרונים, און אויך פון דער קריאה בתורה, וואס די קריאה בתורה דשביעי של פסח ווערט אנגע־רופן על שם השירה[13], וואס סיי בהתחל־תה, סיי בסיומה וחותמה, איז מודגש די גאולה העתידה[14]:

די התחלת השירה איז „אז ישיר״[15] לשון עתיד, וואס דאס גייט אויפן זמן פון תחה״מ[16] וואס ווערט זיין בקרוב ממש[17] לאחרי הגאולה האמיתית והשלימה, „והקיצו ורננו שוכני עפר״[18] ומשה ואהרן עמהם[19] — וואס דעמולט ווערט זיין „ישיר משה ובני ישראל גו׳״.

און דער סיום וחותם השירה איז „מקדש אד׳ כוננו ידיך״[20], וואס דאס גייט (בעיקר) אויף דעם ביהמ״ק השלישי[21], וואס ער ווערט געבויט ווערן דורך דעם אויבערשטן, כמבואר ברש״י ובזהר ובכ״מ[22],

און (דערנאך איז ער ממשיך) „ה׳ ימלוך לעולם ועד״[23], אז די מלוכה פון דעם אוי־בערשטן ווערט זיין אין אן אופן נצחי, „לעולם ועד״ — גאולה שאין אחרי׳ גלות.

ד. בינתיים (צווישן די גאולה הראשו־נה פון „אנכי אעלך״, און די גאולה העתידה פון „גם עלה״) איז דורכגעגאנ־גען א זמן ארוך ביותר, בכדי אז דער „גם עלה״ זאל זיין בתכלית השלימות[24], דורך דערויף וואס אידן נוצן אויס די צייט שבינתיים (צווישן די ביידע גאולות) אויף „זכרו תורת משה עבדי״[25], זכרון המביא לידי מעשה.

וואס כשם ווי גאולת מצרים איז גע־קומען בזכות „תעבדון את האלקים על ההר הזה״[26], אזוי אויך די גאולה העתידה ווערט קומען בזכות פון „זכרו תורת משה עבדי״[27]

[ווארום די גאולה העתידה איז דאך גלייך (בכו״כ ענינים) צו גאולת מצרים, כמ״ש[28] „כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות״, און אויך זי (די גאולה העתידה) ווערט זיין דורך משה׳ן, וואס הוא גואל ראשון הוא גואל אחרון[29]],

אז דורך לימוד התורה, און לימוד המביא לידי מעשה[30], קיום המצוות, ווערט

---

12) ויגש מו, ד. וראה תו״א ותו״ח ר״פ שמות.

13) ראה פרש״י ד״ה ויהי בשלח — מגילה לא, א, דמה שבשש״פ קורין ויהי בשלח פרעה הוא „לפי שביום ז של פסח אמרו שירה כו׳״.

14) וגם ההפטורה דשש״פ — שירת דוד — הוא, לפי שבשביעי ואחרון של פסח הוא גילוי משיח, שהוא בן דוד (לקו״ד כרך ד תשא, א בשם הצ״צ).

15) בשלח טו, א.

16) סנהדרין צא, ב.

17) ראה רמב״ם הל׳ מלכים ספי״א ד״ה״ז משיח ודאי׳ לאחרי ש„בנה מקדש״ ואז צ״ל משה עמהם (יומא ה, ב). וראה זח״א קלט, סע״א. קובץ תשובות וביאורים סי״א ט״ב.

18) ישעי׳ כו, יט.

19) ראה יומא שם.

20) בשלח שם, יז.

21) ראה פרש״י עה״פ שם: ואימתי יבנה בשתי ידים כו׳ לעתיד לבוא. ובסוכה מא, סע״א.

22) זח״א כח, א. ח״ג רכא, א. וראה שערי זוהר לסוכה שם. ושי״נ.

23) בשלח שם, יח.

24) ראה תו״א שמות נ, סע״א ואילך.

25) ל׳ הכתוב — מלאכי ג, כב.

26) שמות ג, יב. שמו״ר פ״ג, ד. הובא בפרש״י עה״פ.

27) מצודת דוד עה״פ מלאכי שם, כג.

28) מיכה ז, טו.

29) ראה שמו״ר פ״ב, ד. זח״א רנג, א. שעה״פ פ׳ ויחי. תו״א ר״פ משפטים.

30) ראה קידושין מ, ב.

זיין דער „אראנו נפלאות״, בשעת משיח צדקנו וועט אונז ארויסנעמען פון גלות זה האחרון, אין דער גאולה האמיתית והשלימה.

ה. וואס דאס איז מזרז און מעודד נאך מערער אויף מוסיף זיין אין די אלע פעולות אין די ימים האחרונים דפסח,

אז ניט קוקנדיק אויף דעם וואס אויך בערב ימים הראשונים דפסח האט מען אנגעהויבן טאן די פעולות בתוקף, און דערנאך (במשך ימי חגה״פ) האט מען מוסיף געווען אין דעם, כהציווי[31] „מעלין בקודש״ — זאל מען איצטער מוסיף זיין אין דער עלי׳ בקודש נאך מערער — עלי׳ אחר עלי׳, ביז אז דאס וועט ברענגען צו דעם מעמד ומצב פון „יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים״[32].

• • •

ו. א נקודה עיקרית (פון די ענינים וואס מען האט גערעדט בערב ימים הראשונים דפסח) וואס איז נוגע נאך מערער צו די ימים האחרונים דפסח, איז — די פעולות פון אידישע קינדער:

דער „הם הכירוהו תחלה״ איז דאך געווען בשביעי של פסח, „כשנגלה הקב״ה על הים״ — כדרשת רז״ל[33] עה״פ[34] „זה א־לי ואנוהו״, וואס איז מפורסם בכל העולם כולו[35] —

דערפאר איז די ווענדונג צו אלע אידישע קינדער (וואס זיינען פאר בר מצוה און פאר בת מצוה), און צו יעדערן פון זיי, בכל מקום שהם,

אז זיי זאלן וויסן, אז דער טאג פון שביעי של פסח איז זייער ספעציעלער טאג, ווי תורה (תושב״כ ע״פ הפירוש אין תושבע״פ) האט מגלה געווען אז „הם הכירוהו תחלה״,

און וויבאלד אז התורה היא נצחית[36], און תורה איז מלשון הוראה[37] — איז עס א הוראה נצחית, אז אלע אידישע קינדער, בכל מקום ובכל זמן, זיינען זיי דאס אט די וואס תורת אמת און תורת חיים איז מעיד אויף זיי אז „הם הכירוהו תחלה״[38].

און דורך דעם זיינען זיי מעודד און מחזק אויך זייערע עלטערן, עס זאל זיין דער „והשיב לב אבות להקב״ה״[39] נאך מערער וויפל ס׳איז געווען ביז איצטער.

אז צוזאמען מיטן מקיים זיין „כבד את אביך ואת אמך״[40], זיינען זיי מעורר זיי אויף כל עניני התורה ומצוותי׳, מיט דער הסברה, אז אזוי האט אנגעזאגט דער אויבערשטער וואס „כולכם חייבין בכבודי״[41]. וואס דעריבער איז אדרבה: אין דעם וואס זיי זיינען מעורר און העלפן ארויס די עלטערן אין קיום התורה ומצוותי׳ — אין דעם באשטייט דער אמת׳ער כיבוד אב ואם[42],

---

31) ברכות כח, א. ושי״נ.

32) ראה תמיד בסופה.

33) סוטה יא, ב.

34) בשלח שם, ב.

35) דבקר״ס נבקעו כל מימות שבעולם (מכילתא הובא בפרש״י) עה״פ בשלח יד, כא).

36) תניא רפי״ז.

37) זח״ג נג, ב.

38) ומזלייהו חזי ולכן בקל להביא זה בגילוי בפועל.

39) מלאכי שם, כד ובפרש״י.

40) יתרו כ, יב.

41) יבמות ה, ב.

42) להעיר שהדין ש„תלמיד שרוצה ללכת למקום אחר שהוא בוטח שיראה סימן ברכה בתלמודו . . ואביו מוחה בו . . אינו צריך לשמוע לאביו בזה״ — כתוב בהל׳ כבוד אב ואם (יו״ד סר״מ סכ״ה) — אף שלכאורה מקומו בהל׳ ת״ת — שי״ל, שזהו לפי ש„סימן ברכה בתלמודו״ דהבן הוא (גם) כבוד אב ואם (ראה זח״ג ס״פ בחוקותי), ומכ״ש בנדו״ד, קיום התומ״צ דההורים שע״י התעוררות הבנים.

וואס אויף כיבוד אב ואם איז דא א ברכה מיוחדת[43] פון דעם אויבערשטן — אפילו בנוגע צו די וואס זייער הבל איז א הבל שיש בו כר, און עאכו"כ ווען דער כיבוד אב ואם קומט פון די וואס זייער הבל איז א „הבל שאין בו חטא"[44] —

כולל אויך אז זיי זאלן מצליח זיין אין זייער פעולה (צו פועל'ן אויף די עלטערן) — נאך מער הצלחה פון דער הצלחה וואס בנים גדולים האבן אין דעם.

ועל אחת כמה וכמה אין ערב יום השירה, און אין יום השירה עצמו, ווען מען האט געזאגט, און מען זאגט אויך איצט בכל שנה ושנה (ו„הימים האלה נזכרים ונעשים"[45]), „זה א־לי ואנוהו — הם הכירוהו תחלה".

און דאס („זה א־לי ואנוהו" שכולל פירושו „הם הכירוהו תחלה") ווערט א חלק פון דער קרה"ת דשביעי של פסח וואס מען לייענט ברבים ובפרסום בכל תפוצות ישראל.

און דאס ברענגט צו דעם סיום וחותם השירה „ה' ימלוך לעולם ועד", און ווי מ'איז דערנאך מוסיף (אין נוסח התפלה[46]) „והיתה לה' המלוכה" דורך „ועלו מושיעים בהר ציון", וואס דאס גייט אויף מלך המשיח, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו.

• • •

ז. ס'איז ידוע דער ווארט פון אלטן רבי'ן[47] אז מען דארף לעבן מיט דער צייט, מיט דער פרשה בתורה וואס איז שייך צו דער וואך — איז דער תוכן פון היינטיקער קריאה וואס מען לייענט ביום ד' דחוהמ"פ, ערב שביעי של פסח, איז — דער ענין פון פסח שני,

אז עס זיינען געווען אידן וואס מצד סיבות שונות האבן זיי ניט געקענט מקריב זיין דעם פסח במועדו, זיינען זיי געקומען מיט א תביעה צום אויבערשטן (דורך „ויקרבו לפני משה גו'"[48]) און געטענה'ט[49] „למה נגרע לבלתי הקריב את קרבן ה' גו'",

און די תביעה האט ארויסגערופן דעם ציווי (און נתינת כח) פון אויבערשטן, אז בשעת א איד האט ניט געקענט מקריב זיין דעם פסח במועדו (מצד דערויף וואס ער איז געווען „טמא לנפש" אדער ער איז געווען „בדרך רחוקה"), איז „ועשה פסח לה'"[50] — מען קען מאכן א פסח שני.

און אע"פ אז התחלת הענין הויבט זיך אן פון אתעדל"ע און נתינת כח מלמעלה, וואס דערפאר איז אויך דער ענין וקרה"ת פון פסח שני הויבט זיך אן מיט „וידבר גו' ויעשו בני ישראל את הפסח במועדו"[51] —

איז אבער די אתעדל"ע ווי זי איז געווען מצד עצמה (אויך בשנה השנית) געווען (נאר) אויף עשיית הפסח במועדו (בי"ד בניסן); און דורך דער אתעדל"ת, וואס אידן האבן געטענה'ט „למה נגרע", האבן זיי אויפגעטאן

[און גלייך אין זעלבן טאג[52]. כידוע[53] אז

43) משא"כ בשאר עשרת הדברות.

44) שבת קיט, סע"ב.

45) ל' הכתוב — אסתר ט, כח. וראה רמ"ז בס' תיקון שובבים. הובא ונתבאר בס' לב דוד להחיד"א פכ"ט.

46) עובדי' א, כא.

47) היום יום ע' קא. סה"ש תש"ב ע' 29 ואילך.

48) בהעלותך ט, ו.

49) שם, ז.

50) שם, י.

51) שם, א־ב.

52) כפשטות לשון הכתוב (שם, ח): ויאמר אליהם משה עמדו ואשמעה גו'. וראה בפרש"י „כל זמן שהי' רוצה".

53) ראה פרש"י עה"פ יתרו יט, יד: מלמד שלא הי' משה פונה לעסקיו אלא מן ההר אל העם.

משה רבינו איז געווען אַ זריז אין אַלע ענינים פון עבודת ה׳. ומובן דעאכו״כ בשעת ער האָט געזען ווי די טענה „למה נגרע״ רירט זיי אָן בפנימיות, האָט ער זיכער געטאָן בזריזות את כל התלוי בו עס זאָל זיין גלייך „אשמעה מה יצוה ה׳״[54])

א נייעם ענין — פסח שני.

און נאָך מער: דורך זייער טענה און תביעה „למה נגרע״, האָבן זיי אויפ־געטאָן ניט נאָר אַז עס זאָל ניט זיין „נגרע״, נאָר אַ ענין וואָס איז נאָך העכער פון פסח ראשון. כמבואר בחסידות[55] דער טעם אויף דעם וואָס בפסח שני איז „חמץ ומצה עמו בבית״[56], ווײַלע בפסח שני (משא״כ בפסח ראשון) קען מען מעלה זיין אויך דעם חמץ אין קדושה.

ח. די הוראה דערפון איז: אויך בזמן הגלות, ווען אידן געפינען זיך „בדרך רחוקה״, און מען איז „טמא לנפש״, מצד דערויף וואָס ס׳איז ניטאָ איצטער דער אפר הפרה

[כולל אויך היפך הטהרה ברוחניות (וואָרום דאָס וואָס ס׳איז ניטאָ איצטער דער אפר הפרה בגשמיות, ווערט עס נשתלשל פון דעם וואָס ס׳איז ניטאָ איצטער דער אפר הפרה ברוחניות). אָבער וואָס איז נוגע בעיקר איז — דער היפך הטהרה, און ביטול פרה אדומה, בגשמיות (ע״ד הידוע[57] די מעלה פון קרבנות בגשמיות לגבי תפלות וואָס זיינען נאָר במקום קרבנות[58])],

איז בשעת אידן מאָנען און טענה׳ן צום אויבערשטן „למה נגרע״, איז די טענה רופט אַרויס גלייך — דעם ענטפער און נתינת כח מלמעלה „ועשה פסח לה׳״,

אַז דער אויבערשטער איז מבטיח („ועשה״ איז ניט נאָר לשון ציווי נאָר אויך לשון הבטחה), אַז ע״י מעשינו ועבודתינו בזמן הגלות וועט מען אויפטאָן אַלע ענינים וואָס האָבן זיך אויפגעטאָן דורך עשיית הפסח בזמן הבית,

און נאָך מער: אַז אויך דעם „חמץ״ — די ענינים פון גלות וואָס געפינען זיך למטה מטה, נידעריקער פון קדושה, ביז צום תחתון שאין תחתון למטה ממנו, איז מען מעלה אין קדושה, און אין קדושה גופא — אין אַ דרגא נעלית ביותר,

אַזוי ווי די מעלה פון אַ בעל תשובה, אַז אויך די זדונות ווערן כזכיות[59] (בכ״ף הדמיון), ביז זיי ווערן נהפך צו זכיות ממש, און „זכיות״ פון אַ בעל תשובה[60].

ט. און דאָס איז אויך דער קשר פון פסח שני מיט (ערב) שביעי של פסח [וואָס בערב שביעי של פסח לייענט מען די פרשה פון פסח שני]:

דורך דעם וואָס אידן מאָנען „למה נגרע״, באַקומען זיי דעם נתינת כח און הבטחה מלמעלה, צו מעלה זיין דעם תחתון תחתון ביותר (חמץ) אין דעם עליון עליון ביותר, ביז צו דעם אויבערשטן אליין, כביכול — עצמות ומהות,

ביז צו אַן אופן ווי ס׳איז געווען בקריעת ים סוף, אַז אידן האָבן געזען דעם אויבערשטן אליין, כביכול — עצמות ומהות, און אין אַזאַ אופן וואָס מען האָט געקענט אָנווייזן מיטן פינגער און זאָגן „זה א־לי ואנוהו״.

---

54) בהעלותך שם.

55) ראה לקו״ש חי״ח ע׳ 21: ובהערות שם.

56) פסחים צה, רע״א במשנה.

57) לקו״ת פינחס עה, כע״ב. עו, סע״ב.

58) ראה ברכות כו, ב.

59) יומא פו, ב.

60) שלמעלה יותר מזכיות דצדיקים (לקו״ת אחרי כו, ג. ובכ״מ).

י. און וויבאלד אז די הכרה אין דעם אויבערשטן, און דער זאגן „זה א־לי ואנוהו״, האבן זיך אנגעהויבן דורך אידישע קינדער — „הם הכירוהו תחלה״,

איז דאס מעורר נאך מערער צו ממשיך זיין אין די פעולות פון אידישע קינדער, נאך ביתר שאת און ביתר עוז, און — אז דורך זיי וועט זיין אויך דער „והשיב לב אבות״,

אז אלע אידן (די „בנים״, און די „אבות״) וועלן שרייען און מאנען פון אויבערשטן „למה נגרע לבלתי הקריב את קרבן ה׳״ — מען וויל שוין האבן דעם ביהמ״ק השלישי און מקריב זיין דארט „קרבן ה׳״,

און דער געשריי וועט פועל׳ן אז בקרוב ממש וועט זיין „שמחים בבנין עירך וששים בעבודתך ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים״[61].

• • •

יא. אן ענין מיוחד וואס מען דארף טאן אין דעם טאג פון שביעי של פסח [און בכדי אז בשביעי של פסח זאל עס זיין בהצלחה — דארף מען מאכן אלע הכנות וואס נויטיקן זיך צו דעם — בערב שביעי של פסח]:

בכל מקום ומקום זאל מען מאכן בשביעי של פסח א כינוס מיוחד פאר אידישע קינדער וואס זיינען פאר בר מצוה און פאר בת מצוה

[זעלבסטפארשטענדליך, פאר אינגעלאך באזונדער, און פאר מיידעלאך באזונדער].

און דערציילן זיי דעם סיפור פון יציאת מצרים בכלל און פון קריעת ים סוף און אמירת השירה בפרט, און ווי זיי (די אידישע קינדער) זיינען די וואס „הכירוהו תחלה״.

און מסביר זיין זיי, אז ס׳איז ניט קיין מאורע וואס האט פאסירט נאר אמאל — „למפרע״[62], נאר דאס איז א הוראה נצחית פון תורה נצחית על כל הזמנים, אז אידישע קינדער, בכל זמן ובכל מקום, האבן בכח צו זיין „הכירוהו תחלה״.

יב. און דערביי אויך מסביר זיין זיי, אז די זאך וואס האט געבראכט צו קריעת ים סוף, איז — וואס די אידן [אנהויבנדיק פון נחשון] האבן זיך ניט גערעכנט מיט קיינע שוועריקייטן וואס שטערן צו גיין צו קבלת התורה, און דאס האט גע־פועל׳ט אז דער ים האט זיך געשפאלטן פאר זיי[63], און זיי זיינען געגאנגען „בתוך הים ביבשה״[64], און ביז צו הר סיני, מקבל זיין די תורה.

וואס דאס איז אויך אן אפלערנונג אויף אלע דורות, פאר אידן בכלל און פאר אידישע קינדער במיוחד (וויבאלד אז „הם הכירוהו תחלה״), אז זיי האבן ניט וואס צו שרעקן זיך פאר דער גאנצער וועלט וואס ארום זיי, און דארפן „ארייגשפרינגען״ אין אידישקייט — ווי דער ציווי[65] „ויסעו״, צו ווערן וואס מער נאענט און וואס מער פארקאכט אין תורה ומצוות״.

און „והשיב לב אבות על בנים — ע״י בנים״, אז די הנהגה פון די קינדער וועט פועל׳ן אויך אויף זייערע עלטערן און אור־עלטערן, אז אויך זיי וועלן ארייג־שפרינגען אין אידישקייט מיט א מס״נ,

---

61) ברכת „אשר גאלנו״ שאומרים בהתחלת חה״פ (פסחים קטז, ב במשנה).

62) ראה כש״ט (הוצאת קה״ת) הוספות אות עח.

63) סוטה לז, א. מכילתא עה״פ בשלח שם, כב. במדב״ר פי״ג, ז.

64) בשלח יד, טז. ועוד.

65) שם, טו.

און ווי גערעדט כמה פעמים, אז דער אויבערשטער האט אונז מזכה געווען און אריינגעשטעלט אין אזא מעמד ומצב אז מען דארף גאר ניט אנקומען צו מס״נ בפועל, עס פאדערט זיך נאר מסירת הרצון[66].

יג. אן ענין נוסף אין די מסיבות (כינוסים) הנ״ל:

אזוי ווי באה״ק איז אין דעם טאג פון שביעי של פסח פאראן אויך דער ענין פון אחרון של פסח, וואס איז פארבונדן מיט מלכא משיחא און מיט סעודת משיח[67] — איז כדאי ונכון צו פארבינדן די מסיבות הנ״ל (וואס מען וועט מאכן בשביעי של פסח) מיט סעודת משיח.

און אויך אין חו״ל וואס שביעי של פסח און אחרון של פסח זיינען אין צוויי באזונ־דערע טעג — וויבאלד אבער אז שביעי של פסח איז דער ערב פון אחרון של פסח, זאל מען אין די מסיבות וואס מען וועט מאכן פאר די קינדער בשביעי של פסח, מעורר זיין זיי צו משתתף זיין זיך אין סעודת משיח באחרון של פסח.

יד. מובן, אז די מסיבות דארפן אנ־געפירט ווערן דורך גדולים, דורך זקני ישראל (ובפרט דורך די וואס האבן א ידיעה בעניני חינוך). אבער די כוונה דערביי זיינען — די אידישע קינדער. ואדרבה, אין דעם באשטייט דער כבוד פון זקני ישראל — אז זיי פירן אן מיט אזוינע מסיבות.

און אזוי ווי „העולם מתקיים . . בשביל הבל תינוקות של בית רבן״, מצד דערויף וואס ס׳איז א „הבל שאין בו חטא״[67] — איז דורך די מסיבות פאר די קינדער בשביעי של פסח (ובסעודת משיח), און דער המשך הפעולות אין דעם נאך פסח — וועט זיין דער קיום העולם.

אנהויבנדיק פון דעם עולם קטן זה האדם[68], דער קיום פון יעדער אידן, פון יעדער אידישע משפחה, און פון אלע אידן.

טו. נאך אן ענין אין דעם:

דער קיום העולם איז תלוי אין דעם קיום פון אידן [ווארום די גאנצע בריאה איז באשאפן געווארן „בשביל ישראל״[69]], און דער קיום פון אידן איז פארבונדן מיטן קיום פון אידישקייט [ווארום „בשביל ישראל״ איז פארבונדן מיט „בשביל התורה״[69]].

און וויבאלד אז די פעולות מיט די קינדער פועל׳ט (אויך) דעם „והשיב לב אבות״, אז אידן וועלן אויפהערן „שאקלען זיך״ אין עניני יהדות, וואס דאס רירט אן אויך דעם קיום פון אידן (ווארום דער קיום פון אידן איז תלוי, כנ״ל, אין דעם קיום פון אידישקייט).

און אויך דאס איז נכלל אין „שאקלען זיך״. ווארום „שאקלען זיך״ מיינט ביידע ענינים: (א) מען איז ניט בתוקף אין דעם דרך אין וועלכן מען דארף גיין נאר מען שטייט אין שינויים: און (ב) היפך הקביעות והקיום רח״ל.

איז דורך דעם וואס די פעולות מיט די קינדער וועלן פועל׳ן דעם „והשיב לב אבות״, אז אידן וועלן מוסיף זיין אין דעם קיום און דער פעסטקייט (היפך פון שאקלען זיך) אין דעם „דרך ה׳ לעשות צדקה ומשפט״[70].

---

66) ראה תו״א מקץ לו, א.

67) היום יום ע׳ מז.

68) ראה תנחומא פקודי ג. תקו״ז תס״ט קרוב לתחלתו.

69) פרש״י ר״פ בראשית.

70) ל׳ הכתוב — וירא יח, יט.

איז דורך דעם[71] וועט מען במילא אפשטעלן אויך דעם „שאקלען זיך״ פון דער וועלט,

און ניט נאר אז „תפול עליהם אימתה ופחד בגדול זרועך ידמו כאבן״[72], ווי מען לייענט אין דער קריאה פון שביעי של פסח, נאר נאכמער: זיי וועלן דערפילן (דורך „מזלייהו חזו״נ[73]), און דאס וועט אראפקומען אין זייער עשי׳ בפועל — אז זיי דארפן צושטעלן אידן כל צרכיהם הגשמיים ובהרחבה,

ווארום בכדי אז א איד זאל טאן אין אידישקייט מתוך שמחה וטוב לבב, דארף ער האבן כל ההצטרכות שלו — און אין אן אופן כמתאים[74] פאר „בנים אתם לה׳ אלקיכם״[75] און „בני בכורי ישראל״[76] — מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה[77].

טז. און דאס וועט צוהיילן דעם קיום היעוד, אז נאך אין די לעצטע טעג פון גלות וועט מען זען בעיני בשר ווי „לכל בני ישראל הי׳ אור במושבותם״[78], און גלייך נאך דעם — קץ שם לחושך[79] (אויס חושך) הגלות, „מיד הן נגאלין״[80].

וואס דאס אלץ טוט זיך אויף דורך דעם וואס מען וועט זיך ניט רעכענען מיט קיינע חשבונות און שוועריקייטן, און „ארייינשפרינגען״ מיט א מס״נ בהכנות ל„תעבדון את האלקים על ההר הזה״ — צו מוסיף זיין אין דער פעסטקייט און אין דער שטארקייט צו טאן אלץ ווי עס שטייט אין תורת משה,

אנהויבנדיק פון שולל זיין לגמרי יעדער פעולה וואס קען געבן א מעגלעכ־קייט, רח״ל, צו תפתח הארץ לפניהם,

און שולל זיין לגמרי גיור שלא כהלכה רח״ל — דעם ענין פון „באו גוים בנחלתך״ וואס שטייט אין תחלת מזמור ע״ט אין תהלים.

און דורך דעם וועט זיין בקרוב ממש — ווי עס שטייט אין סיום המזמור — „ואנחנו עמך וצאן מרעיתך נודה לך לעולם לדור ודור נספר תהלתך״,

אין דער גאולה האמיתית והשלימה ע״י משיח צדקנו, „בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו״[81], בקרוב ממש. אמן כן יהי רצון.

71) נוסף על קיום העולם שמצד פעולת התינוקות מצד עצמה, „הבל שאין בו חטא״.

72) בשלח טו, טז.

73) מגילה ג, א. סנהדרין צד, רע״א.

74) ראה ב״מ רפ״ז.

75) ראה יד, א.

76) שמות ד, כב.

77) ראה רמב״ם הל׳ תשובה רפ״ט „שובע ושלום ורבוי כסף וזהב״.

78) בא י, כג.

79) איוב כח, ג.

80) ראה רמב״ם שם פ״ז ה״ה.

81) בא שם, ט.

בס"ד. שיחת אחרון של פסח ה'תש"מ. הנחה הח' בלתי מוגה

כ"ק אדמו"ר שליט"א נטל ידיו הק' לסעורה.

א. מ'האט פריער גערעדט[1] אז די ימים האחרונים דחג הפסח קומען בהמשך צו די ימים הראשונים דחג הפסח.

וואס אין די ימים הראשונים דפסח, גלייך ביום הראשון דפסח, איז געווען יציאת מצרים, וואס דעמולט איז געווען לידת עם ישראל, ווי עס ווערט דערציילט אין נבואת יחזקאל[2], און אויך אראפגעבראכט אין דער הגדה.

[וואס אזוי ווי בחגה"פ איז די לידה פון דעם "עולם גדול", פון כללות עם ישראל, עד"ז איז דאס אויך די לידה פון דעם "עולם קטן"[3], פון כאו"א מישראל בפרט].

און ווי עס שטייט אז בא יצי"מ איז געווען "לקחת לו גוי מקרב גוי"[4], ד.ה.[5] אז נאך פאר יצי"מ זיינען אידן געווען א "גוי" (א פאלק), ביז אז אויך בא דער ירידה למצרים ווערן זיי אנגערופן בשם "גוי", "וירד מצרימה גו' ויהי שם לגוי גדול עצום ורב"[6] - אבער דעמולט זיינען זיי געווען א גוי בקרב גוי;

און בא יצי"מ האט זיך אויפגעטאן דער "לקחת לו גוי מקרב גוי",

וכמבואר אין כתבי האריז"ל[7] הענין בזה, אז גלות מצרים (גוי בקרב גוי) איז דער ענין העיבור [וכמבואר בארוכה אין תו"א[8] אז גלות (בכלל) איז נמשל לעיבור], און בא יצי"מ איז געווען דער "לקחת לו גוי מקרב גוי" - אז פון דעם עיבור פון גלות מצרים איז געווארן לידת עם ישראל.

ועפ"ז אז גלות מצרים איז דער ענין העיבור, איז פאר-שטאנדיק אז ס'איז קיין סתירה ניט וואס מ'זאגט אז אויך איידער ס'איז געווען דער "לקחת לו גוי מקרב גוי" זיינען אידן געווען א "גוי", מיט אלע רמ"ח אברים, און אפילו צפרנים און שערות בשלימות - ווארום אויך בעיבור איז דא דער ולד מיט אלע רמ"ח אברים בשלימות[9], דאס איז אבער אלץ

- אין -

------------

1) בשיחת יום ד' דחוהמ"פ, ערב ימים האחרונים דחגה"פ ס"א. 2) קאפיטל טז. 3) ראה תנחומא פקודי ג. הקו"ז תס"ט קרוב לתחלתו. 4) ואתחנן ד, לד. 5) ראה גם מכתב י"א ניסן ה'תשל"ד (הגש"פ עם לקוטי טעמים וכו' - קה"ת תשל"ט - ע' תעב ואילך), ובהנסמן שם בהע' ד"ה שילדערן דאס. 6) הבוא כו, ה. 7) ל"ת ר"פ שמות. ס' הליקוטים שם. וראה שער הפסוקים ר"פ שמות. 8) ר"פ וארא. 9) נדה ל, ב.

אין אן אופן פון עיבור, אז די רמ"ח אברים וכו' זיינען בהעלם, ניט בהתגלות[10];

און "לקחת לו גוי מקרב גוי" האט אויפגעטאן דעם ענין הלידה, אז דער ולד מיט אלע רמ"ח אברים זאל ארויסקומען בגלוי.

ב. וואס דער ענין הלידה איז געווען ביום הראשון דפסח, כנ"ל, און דערנאך בכל ימי הפסח קומט צו נאכמער אין דעם ענין,

ביז אז מ'קומט צו שמיני של פסח, וואס לויט דעם אז די לידה פון עם ישראל איז געווען ביום הראשון דפסח – קומט אויס אז ביום השמיני של פסח איז געווען דער ברית מילה פון עם ישראל, וואס דעמולט איז "התחלת כניסת נפש זו הקדושה", ווי דער אלטער רבי זאגט בשו"ע שלו[11].

וואס דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס עס שטייט אין ספרים[12] אז ביום השמיני של פסח איז געווען דער ברית מילה פון דעם ערשטן וואס איז נימול געווארן לשמונה – יצחק אבינו,

וואס יצחק איז דאך געבארן געווארן ביום הראשון דפסח (ט"ו בניסן), ווי עס שטייט אין מדחז"ל[13] (און ווי רש"י ברענגט דאס אראפ בפירושו עה"ת[14]) – במילא קומט אויס אז זיין ברית (וואס איז געווען לשמונה ימים[15]) איז געווען בשמיני של פסח און ווי דער פירוש אין "ביום הגמל את יצחק"[16] – "ביום ה"ג (בימטריא ח') מל את יצחק"[17].

ג. דאס איז אויך פארבונדן מיט לע"ל, ווארום לע"ל וועט מען דאך זאגן ליצחק "כי אתה אבינו"[18], משא"כ בזמן הזה.

- ועד"ז -

------------

10) ראה ל"ת וס' הליקוטים שם. תו"א שם. 11) או"ח מהדו"ב סוס"ד. 12) דבר יום ביומו כ"ב ניסן (אחש"פ). ועוד. 13) מכילתא עה"פ בא יב, מא. סע"ר פ"ה (הובא בתוד"ה אלא – ר"ה יא, א). תנחומא בא ט. וראה גם ב"ר פמ"ח, יב. ועוד. 14) עה"פ בא שם. 15) וירא כא, ד. 16) וירא שם, ח. 17) מדרש תהלים עה"פ קיב, ב (ע"פ כמה כת"י – ראה מדרש תהלים הוצאת באבער שם אות ח). תוד"ה שש אנכי – שבת קל, א. מחזור ויטרי ע' 627. לקח טוב עה"פ וירא שם. שבה"ל סוף הל' מילה (קפט, ריש ע"ב). תניא דבתי הל' מילה סצ"ו. טעהמ"צ להאריז"ל פ' לך לך. וראה גם ביאור הדד"ל לפרדר"א פכ"ט אות מד. תו"ש וירא שם אות נו. ועוד. 18) שבת פט, ב. וראה תו"א ויצא כא, דע"ג ואילך. ובכ"מ.

ועד"ז איז דער ענין המילה פון יצחק, וואס איז געווען לשמונה ימים, און בשמיני של פסח, אויך פארבונדן מיט לע"ל:

אויפן פסוק[19] "למנצח על השמינית" זאגט די גמרא[20] אז דאס גייט אויף דעם כנור של ימות המשיח וואס וועט זיין של שמונה נימין, און "על מילה שניתנה בשמיני"[21], וכמבואר אין לקו"ת[22] עה"פ דער קישור פון דיביידע ענינים.

והביאור בזה:

דער ענין פון "שמיני" באווייזט אויף א גילוי נעלה ביותר, ווי עס שטייט אין היינטיקער פרשה[23] "ויהי ביום השמיני", וואס דאס איז געווען דער יום השמיני למילואים[24],

וכמבואר אין די דרושים עה"פ[25], אז דער ענין פון שמיני האט אין זיך די מעלה פון "שומר את ההיקף"[26], וואס ביז דעם יום השמיני זיינען דא די שבעה ימים, וואס זיי זיינען פון די "שבעת ימי ההיקף"[26], און דערנאך קומט דער יום השמיני, וואס איז באי"ע העכער אויך פאר דעם יום השביעי, און איז שומר את ההיקף, מיט די אלע עילויים שבזה.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס מילה איז פארבונדן מיט דעם ענין השמיני ("שניתנה בשמיני") - ווארום דער ענין פון מילה, וואס איז לשמונה ימים, איז ממשיך און מגלה פון מעלה מעלה, כמבואר בלקו"ת[22] - בדוגמא ווי דער גילוי פון שמיני, שומר את ההיקף.

ועד"ז איז פארשטאנדיק פארוואס דער כנור של ימוה"מ וועט זיין של שמונה נימין - ווארום לע"ל וועט נתגלה ווערן דער גילוי פון שמיני.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אחש"פ האט א שייכות מיט דער גאולה העתידה - ווארום אחש"פ איז דער יום השמיני של פסח, וואס דאס איז פארבונדן מיט שמיני למילה (פון עם ישראל און פון יצחק), און מיט כנור של שמונה נימין.

ד. וואס אע"פ אז בכללות זיינען די ב' ימים האחרונים פון פסח פארבונדן מיט דער גאולה העתידה (ניט נאר אחש"פ)[27], ווי גערעדט אין די פריערדיקע ריידן[28], ווי דאס איז אויך מודגש אין די קריאת התורה און הפטרות פון שש"פ און אחש"פ:

- די -

---

19) תהלים יב, א. 20) ערכין יג, ב. 21) מנחות מג, ב. 22) תזריע כ, סע"ג ואילך. 23) ר"פ שמיני. 24) פרש"י עה"פ. ועוד. 25) ד"ה ויהי ביום השמיני תרע"ח. תש"ד, תש"ה. 26) רשב"א ח"א ס"ס. 27) ראה שיחת אחש"פ בסעודת הלילה ה'ש"ה (סה"ש ה'ש"ת ע' 72). ועוד. 28) שיחה הנ"ל שבהע' 1 ב"ג.

די ההתחלה הקריאה פון שש"פ איז "אז ישיר משה ובני ישראל"[29], וואס די גמרא[30] זאגט אז "שר לא נאמר אלא ישיר, מכאן רמז לתחה"מ מן התורה", וואס תחה"מ וועט זיין נאך דער גאולה האמיתית והשלימה.

ועד"ז דער סיום הקריאה פון שש"פ איז "מקדש אד' כוננו ידיך", און "ה' ימלוך לעולם ועד"[31], וואס די פסוקים גייען (אויך) אויף דער גאולה העתידה[32].

ועד"ז דער סיום פון דער הפטורה פון שש"פ איז "מגדול ישועות מלכו ועושה חסד למשיחו לדוד ולזרעו עד עולם"[33], וואס דאס גייט אויף דוד מלכא משיחא[34].

אבער אעפ"כ איז די גאולה העתידה נאכמער מודגש ובגלוי אין אחרון של פסח:

אין דער קריאה ההורה און הפטורה פון שש"פ איז די גאולה העתידה נאר ברמז, און מ'דארף האבן א לימוד אז דאס האט א שייכות צו דער גאולה העתידה: "שר לא נאמר אלא ישיר" וכיו"ב;

משא"כ אין דער הפטורה פון אחש"פ שטייט בגלוי און בפשטות וועגן דער גאולה העתידה: "וגר זאב עם כבש"[35], "אודך ה' כי אנפת בי"[36], און לפנ"ז[37]: "כי מלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים" - וואס די אלע פסוקים גייען בפשטות ובגלוי אויף דער גאולה העתידה.

ונוסף לזה:

אחש"פ האט אין זיך די מעלה לגבי שש"פ, וואס שש"פ איז פארבונדן נאר מיט דעם ענין פון שביעי, און שבעת ימי ההיקף, משא"כ אחש"פ איז יום <u>השמיני</u> של פסח, וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון שמיני וואס איז שומר את ההיקף,

און דאס (שמיני) איז אויך פארבונדן מיט לע"ל, מיט דעם כנור של ימוה"מ וואס וועט זיין של שמונה נימין, וואס דאס איז מערער ווי דער "כנור של מקדש" וואס איז שבעת נימין וואס איז געווען אין ביהמ"ק, און אויך פארבונדן מיט דעם ענין המילה וואס איז לשמונה ימים, וואס מילה איז ממשיך און מגלה פון מעלה מעלה, כנ"ל.

- ועד"ז -

---

29) בשלח טו, א. 30) סנהדרין צא, ב. וראה גם מכילתא ופרש"י עה"פ בשלח שם. 31) בשלח שם, יז-יח. 32) ראה פרש"י עה"פ שם, יז. מקומות שנסמנו בלקו"ש חי"א ע' 185 הע' 39. 33) ש"ב כב, נא. 34) ראה גם שיחת אחש"פ תרח"ץ בסופה (לקו"ד כרך ד תשא, א). 35) ישעי' יא, ו. 36) שם יב, א. 37) שם יא, ט.

ועד"ז איז דער ענין השמיני אויך פארבונדן מיט דעם וואס משיח איז פון די "שמונה נסיכי אדם"[38], וואס דאס איז א מעלה נוספת לגבי דעם וואס משיח איז איינער פון די "שבעה רועים"[39].

וואס מכל זה איז פארשטאנדיק אז אין אחש"פ איז מודגש ובגלוי יותר די גאולה העתידה לגבי ווי דאס איז אין שש"פ.

ה. דערמיט איז אויך פארשטאנדיק פארוואס מ'האט פארבונדן משיח'ס סעודה דוקא מיט אחש"פ - כידוע אז די סעודה השלישית פון אחש"פ ווערט אנגערופן משיח'ס סעודה, ווי דער בעש"ט האט דאס מגלה געווען, און דערנאך אויך איבערגעגעבן געווארן דורך רבותינו נשיאינו[40]:

וויבאלד אז אחש"פ האט א שייכות מיוחדת מיט דער גאולה העתידה וואס וועט קומען דורך משיח צדקנו - דערפאר פארבינדט מען משיח'ס סעודה מיט אחש"פ.

ובפרט אז לע"ל וועט זיין די מעלה פון גשמיות[41] - איז וויבאלד אז אחש"פ איז פארבונדן מיט לע"ל, דערפאר מאכט מען אחש"פ א סעודה גשמית (סעודתו של משיח), וואס זי איז מעין ובדוגמא פון מעלה הגשמיות וואס וועט זיין לע"ל.

וואס דערפאר, איז אע"פ וואס "אחכה לו בכל יום שיבוא"[42] - איז דאס אבער נאר ווי משיח איז דא אין התבוננות שבמוח און רגש שבלב, און אין מחשבה, און אפילו אין דיבור, דאס קומט אבער ניט אראפ אין א מעשה בפועל;

משא"כ סעודתו של משיח באחש"פ איז א סעודה גשמית וואס קומט אראפ בגילוי אין א מעשה בפועל[43].

ו. וואס דאס איז אויך דער טעם פארוואס מ'פארבינדט משיח'ס סעודה מיט ד' כוסות[44], ווארום די סעודה איז א סעודה גשמית וואס מ'דארף פארבינדן מיט ענינים גשמיים.

און די ד' כוסות זיינען אויך פארבונדן מיט דעם ענין הגאולה, כידוע די כמה טעמים וואס מ'געפינט אויף די ד' כוסות[45]:

- איין -

------------

38) מיכה ה, ד. סוכה נב, ב. 39) הו"א מקץ לד, ריש ע"ב. ובכ"מ. 40) היום יום ע' מז. 41) ראה סה"מ תרנ"ט ע' קה ואילך. ובכ"מ. 42) עיקר הי"ב כי"ג העיקרים. 43) ראה לקו"ש ח"ד ע' 273. ובארוכה - שיחת אחש"פ השל"ח ס"ד ואילך. ועוד. 44) היום יום שם. 45) ירושלמי פסחים פ"י ה"א. וראה גם ב"ר פפ"ח, ה.

אייך טעם איז אז זיי זיינען "כנגד ארבע גאולות (לשונות של גאולה שהוזכרו בפרשה כשנתבשרו על גאולה מצרים[46]) כו' והוצאתי גו' והצלתי גו' וגאלתי גו' ולקחתי גו'"[47].

א צווייטער טעם איז, אז זיי זיינען "כנגד ד' כוסות של פורענות שהקב"ה עתיד להשקות את אומות העולם . . וכנגדן עתיד הקב"ה להשקות את ישראל ד' כוסות של נחמות כו'", ד.ה. כנגד די גאולה העתידה.

און א דריטער טעם איז, אז זיי זיינען "כנגד ד' כוסות של פרעה" ("לפי שבאותו חלום של שר המשקים נתבשר יוסף הצדיק על הגאולה"[48]),

וואס דער טעם איז דאך פארבונדן מיט דעם ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא, בדוגמא ווי דער "עתה ידעתי" וואס איז געווען בא יתרו[49], יתרון[50] החכמה מן הסכלות ויתרון האור מן החושך[51].

ועפ"ז אז די ד' כוסות זיינען פארבונדן מיט אתהפכא חשוכא לנהורא - איז דאס אויך פארבונדן מיט דעם פירוש אז די ד' כוסות זיינען כנגד די ד' אותיות פון שם הוי'[52], און כנגד די ד' בחי' אין השובה[53] - וואדום דער ענין התשובה איז דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא.

און דערמיט איז פארשטאנדיק פארוואס מ'פארבינדט סעודתו של משיח באחש"פ דוקא מיט ד' כוסות, און ניט מיט ג' מצות, וואס לכאורה האט מען דאך געקענט פארבינדן די סעודה אויך מיט ג' מצות?

נאר ע"פ די טעמים הנ"ל, אז די ד' כוסות זיינען פאר-בונדן מיט דער גאולה - איז פארשטאנדיק אז דאס האט במיוחד א שייכות צו סעודתו של משיח באחש"פ, וואדום סעודתו של משיח איז פארבונדן מיט דער גאולה העתידה.

ז. ע"פ האמור לעיל אז סעודתו של משיח איז פארבונדן דוקא מיט אחש"פ - קומט צו נאכמער הדגשה אין דער שייכות פון אחש"פ מיט משיח צדקנו און מיט דער גאולה העתידה:

די מעלה פון אחש"פ לגבי שש"פ, אז אין דער הפטורה פון

- שש"פ -

---

46) פני משה לירושלמי שם. 47) וארא ו, ו-ז. 48) פ"מ שם. מב"ר שם. 49) יתרו יח, א. 50) ע"פ קהלת ב, יג. 51) זח"ב סז, ב ואילך. אוה"ת ר"פ יתרו. ד"ה ויאמר משה תש"ט פ"ו. 52) סידור של"ה במקומו. 53) אוה"ת וארא ע' קפה. כרך ז ע' ב'תקצו. וראה גם לקו"ש חי"א ע' 21 ואילך.

שש"פ שטייט דער ענין פון דער גאולה העתידה מערניט ווי ברמז, משא"כ אחש"פ שטייט דאס בגלוי, כנ"ל (ס"ד) - באווייזט טאקע אז דער ענין פון משיח איז מערער בגלוי אין אחש"פ ווי אין שש"פ;

אבער די הפטורה איז דאך נאר אן ענין וואס קומט ארוים בדיבור, ד.ה. אז אין אחש"פ קומט ארוים דער ענין פון משיח מערער בגלוי אין דיבור ווי אין שש"פ.

דערנאך קומט אבער צו בסופו של יום פון אחש"פ אז דער ענין פון משיח קומט ארויס נאכמער בגילוי, ביז אין מעשה בפועל, וואס דאס איז דער ענין פון סעודתו של משיח,

ווי גערעדט פריער (ס"ו) אז סעודתו של משיח איז פאר- בונדן מיט א מעשה בפועל, ד.ה. אז משיח בלייבט ניט נאר במחשבה ובדיבור, נאר מ'האט משיח'ן ווי ער קומט אראפ אין א סעודה גשמית במעשה בפועל, וואס דעמולט ווערט דאס א "מעשה רב"[54], ביז אז דאס ווערט "דם ובשר כבשרו"[55] - א חלק פון דעם מענטשן, ווארוס די סעודה עסט ער פשוט בגשמיות.

ובפרט ע"פ הידוע וואס עס שטייט אין המשך וככה[56] בנוגע צו אכילת מצה [וואס בכלל איז דער לשון וואס ברענגט זיך אויף מצה - "מיכלא דמהימנותא" און "מיכלא דאסוותא"[57]; און אין המשך וככה זאגט ער] אז בשעת מ'עסט מצה בחג הפסח, עסט מען אלקות, ד.ה. אז דער ניצוץ אלקי וואס איז מחי' די מצה ווערט דם ובשר כבשרו, וואס מצה איז טאקע קטנות אבא[58], דאס איז אבער אלקות ווי דאס שטייט אין קטנות אבא, כמבואר שם.

וואס אע"פ אז ער איז דאס דארטן ניט מבאר - איז אבער פארשטאנדיק, אז אזוי ווי ס'איז דא אן עילוי אין אכילת מצה בא דעם סדר לגבי אכילת מצה אין שאר ימי הפסח[59] - עד"ז איז דא אן עילוי אויך אין דער אלקוה וואס איז דא אין אכילת מצה בא דעם סדר לגבי דער אלקות וואס איז דא אין אכילת מצה אין שאר ימי הפסח.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק אז ס'איז דא אן עילוי אין דער אלקות אין אכילה מצה בימים האחרונים פון פסח, וואס דעמולט איז די אכילת מצה בדוגמא ווי די אכילת מצה וואס וועט זיין לע"ל, וואס דאס איז פארבונדן מיט מצה עשירה

- כמבואר -

---

54) ראה שבת כא, א. וש"נ. 55) ל' ההניא פ"ה (ט, סע"ב). וראה בהנסמן בהע' 43. 56) הדל"ז פ"ס. 57) זח"ב קפג, ב. וראה גם שם מב, א. וראה שער האמונה פ"א ואילך. 58) פע"ח שער חהמ"צ פרק ב. 59) ראה הו"ש מילואים לחי"א סכ"ז. הגדה שלמה ע' 159 ואילך. וראה גם שיחת אחש"פ הנ"ל ס"ו.

כבבואר בכ"כ[60], וואס בצה עשירה באוויידזט אז עס וועט זיין אן עשירות אין דעם "דעה את ה'" - "מלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער גודל העילוי וואס איז דא בשעת מ'עסט סעודתו של משיח - וויבאלד אז די אלע מאכלים וואס זיינען א חלק פון סעודתו של משיח, ווערן א חלק פון דעם מענטשן, דם ובשר כבשרו.

ח. די נפק"מ צי דער ענין פון משיח קומט ארויס נאר אין מחשבה און אין דיבור (ווי אין דער הפטורה פון אחש"פ), אדער דאס קומט ארויס אין מעשה בפועל אז דאס ווערט דם ובשר כבשרו פון דעם מענטשן (סעודתו של משיח) - איז מובן בפשטות:

די כוונה אין זאגן די הפטורה און אין הערן די הפטורה איז דאך - אז עס זאל האבן א השפעה אויך דערנאך, אז ווען עס קומט מוצאי יו"ט, און "אסרו חג"[61], ועד"ז כל השנה כולה, זאל זיך נאך דערהערן די השפעה פון דער הפטורה.

וויבאלד אבער אז די הפטורה קומט ארויס נאר אין מחשבה און אין דיבור - איז מען ניט זיכער צי די השפעה דערפון וועט דערנאך נבשך ווערן, ווארום דאס איז תלוי אין בחירה האדם, צי ער וועט בוחר זיין אז דאס זאל אויך אים משפיע זיין אויך דערנאך;

משא"כ ווען ער עסט סעודתו של משיח, איז די איינציקע בחירה וואס ער דארף האבן איז נאר - צי עסן פון דער סעודה אדער ניט, אבער נאך דערויף וואס ער עסט דערפון - פארלירט ער זיין גאנצע בחירה, ווארום דאס ווערט דם ובשר כבשרו, ובמילא נעמט דאס (וואס ער האט געגעסן) איינטייל אין אלע פעולות וואס ער וועט האבן אין מחשבה דיבור און מעשה, אויך מוצאי יו"ט און אסרו חג, און אין די אלע החלטות וואס ער וועט אנעמען על כל השנה כולה.

ד.ה. אז ווען מ'עסט סעודתו של משיח ווערט דער ענין פון משיח דם ובשר כבשרו פון דעם אדם האוכל, און אין אן אופן פון "שמיני" וואס איז שומר את ההיקף, ובמילא זיינען אלע פעולות פון דעם מענטשן דערנאך דורכגענומען מיט דעם ענין פון משיח, אויך מוצאי יו"ט, און אסרו חג,

ביז אז די החלטות וואס ער נעמט דעמולט אן אויף זיך ווערן נמשך על כל השנה כולה, וואס במובן הרחב איז כל השנה כולה - מוצאי יו"ט,

- ווארום -

---

60) ראה לקו"ש ח"א השל"ח ס"ה ואילך. 61) שו"ע אדה"ז או"ח סתכ"ט סי"ז. וש"נ.

ווארום וויבאלד אז אלע מועדים ורגלים וואס טרעפן פעם אחת בשנה, ווערן דערנאך נמשך על כל השנה כולה, כמבואר אין לקו"ת[62] - ווערט אויך דער ענין פון סעודתו של משיח נמשך על כל השנה כולה, ביז צו דער שנה הבאה, וואס איז א שנת הקהל - אז אלע ענינים זאלן זיין דורכגענומען מיט משיח, פונקט ווי דאס איז געווען בשעת ער האט געגעסן סעודתו של משיח, און דאס איז געווארן דם ובשר כבשרו.

ט. די הוראה נצחית דערפון לכאו"א:

אז מ'קומט פון שש"פ און אחש"פ, דארף מען מיטנעמען מיט זיך דעם ענין פון מס"נ וואס איז פארבונדן מיט שש"פ[63] - שפרינגען אין ים[64], און דעם ענין פון משיח וואס איז פארבונדן מיט אחש"פ.

והביאור בזה:

לכהחלה דארף זיין די עבודה פון מס"נ, אז אע"פ וואס א איד געפינט זיך אין א וועלט וואס איז כנגד צו אים - ווערט ער דערפון ניט נהפעל און ער איז עובד עבודתו.

דערנאך אבער קומט ער צו דער הכרה אז ער דארף אנקומען נאר צו מסירה הרצון[65], ווארום די וועלט איז צו אים גאר ניט מנגד, נאר זי איז אים מסייע בעבודהו,

ווארום וויבאלד אז דער איד איז משיח צדקנו, כידוע אז יעדער איד האט אין זיך א ניצוץ פון משיח[66] - איז מצד דעם ניצוץ ווערט ער א בעה"ב אויף וועלט, דערפאר וואס די וועלט בענקט אוןווארט, און קען זיך ניט דערווארטן, אז משיח זאל איר צוברענגען לשלימותה.

ועאכו"כ אין ארץ הקודש, וואס דארטן קומט שש"פ צוזאמען מיט אחש"פ, איז די עבודה פון מס"נ און די עבודה וואס איז פארבונדן מיט משיח, קומען גלייך צוזאמען - במילא קומט מען גלייך פון מס"נ צו דער עבודה פון מסירת הרצון.

י. און וויבאלד אז דער איד ווערט א בעה"ב אויף גאנץ וועלט, ווערט ער אויך א בעה"ב אויף זיין "מעשיך" און "דרכיך"[67], ביז אז ער ווערט א בעה"ב אויף בני חיי ומזוני רויחי, ובכולם רויחי,

- ווארום -

---

62) ברכה צח, ב. 63) ראה סה"ש הש"ג ע' 92 ואילך. 64) ראה סוטה לז, א. מכילתא עה"פ בשלח יד, כב. בבדב"ר פי"ג, ז. 65) ראה תו"א מקץ לו, ב. 66) מאור עינים ס"פ פינחס. וראה גם לקו"ש ח"ב ע' 599. 67) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו. וראה רמב"ם הל' דעות ספ"ג. טושו"ע או"ח סרל"א. שו"ע אדה"ז או"ח סקנ"ו ס"ב.

ווארום וויבאלד אז ער האט געגעסן פון סעודהו של משיח צוזאמען מיט כשיח אליין, און געגעסן די סעודה אין אן אופן אז דאס איז אין אים אריין בפנימיות, און ער באקומט דערפון כח,

וואס אזוי איז דאך איינגעשטעלט געווארן, אז סעודתו של משיח זאל זיין א סעודה גשמית, כנ"ל, וואס אזוי ווי אין יעדער סעודה עסט מען דאך פת ע"פ השיעור, ביז אז מ'זאל אויף דערויף קענען מאכן א ברכה, כמ"ש[68] "ואכלת ושבעת וברכה", וואס שובע באווייזט אויף אן ענין של עשירות, און למעלה ממדוה"ג -

איז דערפאר האט ער פון דער סעודה דעם נהינה כח צו מחליט זיין, אז אלע ענינים פון תומ"צ זאלן ביי אים זיין אין אן אופן פון עשירות און למעלה ממדוה"ג.

און בשעה ער איז אזוי מחליט, וועט ער דאס זיכער קענען דורכפירן, בידוע דער סיפור מיט כ"ק מו"ח אדמו"ר (ווי דערציילט אבאל[69]), אז בשעה א איד איז מחליט צו טאן אן ענין אין תומ"צ, איז אפילו אויב בשעה מעשה האט ער ניט די יכולת דאס צו טאן - עפענט מען אים אויף נייע צינורוה, אדער מ'איז מגלה צינורוה, אז ער זאל דאס קענען דורכפירן בפועל[70].

וואס דאס איז דאך א סיפור וואס האט בפועל געטראפן מיט איינעם, וואס ער האט מחליט געווען טאן א געוויסע זאך פארבונדן מיט תומ"צ, וואס בשעה מעשה איז דאס בכלל ניט געווען לפי ערכו דאס דורכצופירן בפועל, און דאס איז ניט געווען סדר עבודהו, און ניט אין די ד' אמות שלו;

בשעת אבער מ'האט דערהערט אז ער האט אזוי מחליט געווען - האט מען אויפגעפענט נייע צינורות, און ער האט דאס דערנאך דורכגעפירט במעשה בפועל.

וואס וויבאלד אז מ'איז מפרסם דעם סיפור לכאו"א, איז דערפון א הוכחה אז דער סיפור פתח את הדרך, און האט אויפ-געפענט די צינורות, אז יעדער איינער קען דאס אויך טאן אין אזא אופן.

יא. ויה"ר אז יעדערער זאל קומען און אונטערשטעלן ניט נאר א קליינעם קעלעשיק, נאר א גרויסן כד, און א נאך גרעסערע חבית - אויף אנעמען אויף זיך צו טאן אין אלע ענינים פון תומ"צ,

- לערנען -

---

68) עקב ח, י. 69) שיחת שמח"ת ש.ז. ס"ח. 70) ראה גם לקו"ש ח"ב ע' 649.

לערנען נגלה און פנימיות התורה, און "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה"[71] - אז דאס זאל אראפקומען אין קיום המצוות בהידור, ביז אין "כל מעשיך יהיו לשם שמים", און "בכל דרכיך דעהו",

און אין אן אופן של תענוג, ובפרט אז מ'שטייט אין א שנת השמיטה, "שבת לה'"[72], וואס "וקראת לשבת עונג"[73],

למטה מעשרה טפחים, בתענוג הנראה והנגלה, דערפאר וואס דאס קומט צוזאמען מיט טוב הנראה והנגלה.

צוה לנגן אהה בתרתנו.

* * *

יב. ס'איז מבואר אין חסידות, אז אע"פ וואס כוונת המצוה איז די נשמה, און דער מעשה בפועל פון דער מצוה איז דער גוף - איז אבער "המעשה הוא העיקר"[74], וכמבואר אויך בארוכה אין ספר תניא קדישא[75].

ועד"ז ווי מ'זאגט בנוגע צו תפלה, אז אע"פ וואס "תפלות בבקום קרבנות תקנום"[76] - קומט דאס אבער ניט צו הקרבה הקרבנות בגשמיות במעשה בפועל[77].

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע להמדובר לעיל, אז אין דעם זמן פון הגה"פ איז לידה עם ישראל,

וואס דאס איז ניט נאר דער זמן הלידה פון כלל ישראל, נאר אויך דער זמן הלידה פון כל אחד מישראל בפרט לפי ענינו, און אין דערויף איז תלוי די שלימות פון לידת כלל ישראל,

ע"ד ווי דאס איז געווען בא מ"ת, וואס מ"ת איז די כוונה פון יצי"מ (וואס דעמולט איז געווען די לידה), כמ"ש[78] "בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה" - אז יעדער יחיד פון בנ"י האט געדארפט זיין בא מ"ת, און אויב איינן איד וואלט געפעלט - וואלט דאס געווען לעיכובא פאר קבלת התורה פון כלל ישראל[79], ועד"ז איז דאס אין כו"כ ענינים,

וואס דערפון קומט אויס אז יעדער איד (אויך גדולים) האט אין זיך דעם ענין וואס ער איז א קטן,

- ובפרט -

---

71) ראה קידושין מ, ב. 72) בהר כה, ב-ד. 73) ישעי' נח, יג. שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס רמב. 74) אבות פ"א מי"ז. 75) פל"ח. 76) ראה ברכות כו, ב. 77) לקו"ת פינחס עו, סע"ב ואילך. 78) שמות ג, יב. וראה שמו"ר פ"ג, ד. פרש"י עה"פ. 79) מכילתא עה"פ יתרו יט, יא. יל"ש יתרו רמז רפ. דב"ר פ"ז, ה.

ובפרט ווען א איד פאדבינדט זיך מיט הוכ"צ, וואס דאס איז חד הוא מיטן אויבערשטן[80], און דער אויבערשטער איז "שוה וכשוה קטן וגדול"[81] - איז וויבאלד אז דער איד איז פארבונדן מיט דעם אויבערשטן, ווערט ער דורך דערויף א כלי צו מקבל זיין דעם ענין הקטנות ("שוה ומשוה קטן וגדול") -

אבער אעפ"כ איז נאכמער בהדגשה דער ענין פון קטנות - ביי א קטן כפשוטו, וואס איז בגשמיות א קטן, ע"ד הנ"ל אז ווען דער ענין קומט ארוים בגשמיות האט דאס אין זיך א מעלה לגבי ווי דאס איז ברוחניות הענינים.

יג. די הדגשה בנוגע צו קטנים כפשוטם איז נאכמער בשעת מ'שטייט אין דעם זמן פון חגה"פ, ווי גערעדט אין די פריערדיקע התוועדויות, אז אין דעם ענין פון חגה"פ איז מודגש די השתדלות וואס דארף זיין מיט קינדער:

הגה"פ טיילט זיך אוים פון שאר הימים טובים דערמיט וואס גלייך בליל הראשון פון חגה"פ איז דא דער סדר של פסח.

[דער ענין ההפלה און אמירת הלל איז דא בכל יו"ט, במילא איז דאס ניט קיין ענין מיוחד אין א געוויסן יו"ט; משא"כ דער סדר של פסח טיילט אוים פסח פון שאר היו"ט].

איז מען מסביר[82] אז דער גאנצער סדר של פסח איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "והגדת לבנך"[83].

ביז אז "מצוה למהר להתחיל הסדר בשביל התינוקות שלא ישנו"[84],

ועד"ז בשעת מ'איז מסביר דעם טעם פארוואס מ'מאכט די אלע שינויים (לפני ו)בעה דעם סדר, וואס דאס זיינען שינויים ע"פ תורה - זאגט מען[85] אז דאס איז כדי "להתמי' את התינוקות".

וואס דא איז דער דיוק ניט "בשביל <u>הקטנים</u> שלא ישנו" (אדער "להתמי' את <u>הקטנים</u>"), וואס "קטנים" איז כולל פון א קטן וואס איז ערשט געבארן געווארן, ביז צו א קטן וואס האלט א רגע פאר בר מצוה; נאר דער לשון איז - "התינוקות", וואס אין קטנים גופא זיינען תינוקות - קטנים שבקטנים, ובפשטות איז א תינוק - א קטן וואס איז נאך זקוק לאמו.

- מ'זאגט -

---

80) ראה תניא פ"ד. רפכ"ג. וראה זח"א כד, א. ח"ב ס, א. ועוד. 81) פיוט "וכל מאמינים" דתפלת מוסף דר"ה ויוהכ"פ. 82) ראה שו"ע אדה"ז הל' פסח ר"ס תעב. סתע"ג סמ"ב. וראה גם שם סי"ד. ס"מ. 83) בא יג, יח. 84) שו"ע שם ר"ס תעב. 85) שם סתע"ג סי"ד-טו. וראה גם שם סל"ח. ס"מ.

וואס אע"פ אז מ׳זאגט[86] דעם לשון "תינוק" בנוגע צו תינוקות של בית רבן וואס דארפן אנקומען צו "יראת הרצועה", און אויך בנוגע צו "הבל שאין בו חטא"[87], וואס דאס איז כולל א קטן ביז בר מצוה -

איז אבער בפשטות גייט א "תינוק" אויף א קטן אין ימי היניקה[88], ועד"ז איז פארשטאנדיק פון דעם לשון "כשהתינוק מתחיל לדבר".

און בנוגע צו דעם סדר של פסח זאגט מען אז ווער פירט אן מיטן סדר, און ווער פראוועט דעם סדר - זיינען דאס דוקא תינוקות! ווארום די אלע שינויים אין דעם סדר זיינען "כדי להתמי׳ את התינוקות".

וואס אמת טאקע אז דער גדול איז דער וואס איז מסביר דעם תינוק פארוואס מ׳מאכט די אלע שינויים; ווער טוט אבער די הכנה און די התעוררות אז דער גדול זאל דאס מסביר זיין - איז דאס דער "בן[89] שואל מה"[90], וואס דאס הויבט זיך אן פון די תינוקות, די קטנים שבקטנים.

ווי ב׳זעט דאס בפשטות ובגשמיות, אז מנהג ישראל בכ"כ איז[91] - אז ווען דער אויבערשטער בענטשט עלטערן מיט בנים ובנות, איז דער ערשטער וואס פרעגט די שאלות בא דעם סדר איז דאס דער קטן שבהם.

און דורך זיינע שאלות איז ער מעורר די אמירה וואס קומט דערנאך, ביז אז ער איז אויך מעורר דעם וואס דארף ענטפערן "עבדים היינו", ביז אז ער איז מעורר אז עס זאל דערנאך זיין די גאנצע אריכות הסדר.

וואס דאס אלץ ווערט דורך דעם וואס מ׳האט משנה געווען כמה ענינים אין דעם סדר בכדי אז די תינוקות זאלן דאס דערזעהן בעיני בשר, ובמילא וועט דאס בא זיי מעורר זיין צו פרעגן שאלות,

און דא העלפט ניט אז מ׳זאל זיי מסביר זיין די מעלות פון ליל הסדר - ווארום זיי פארשטייען דאס ניט, וואס דערפאר זאגט תורה אז בכדי צו מעורר זיין אז זיי זאלן פרעגן שאלות, זאל מען מאכן שינויים וואס זיי קענען זעהן בעיני בשר, ביז ווי עס שטייט אין שו"ע[92] אז "מצוה לחלק לתינוקות -׳-

---

86) קו"א ד"ה להבין מ"ש בשער היחודים (קנה, א).
87) שבת קיט, סע"ב. 88) ראה רמב"ם הל׳ מא"ס פ"ג ה"ה. טושו"ע יו"ד סו"ס פא. ועוד. 89) ראה הגש"פ עם לקוטי טעמים וכו׳ פיסקא ד"ה "הבן שואל מה". 90) ראה שו"ע אדה"ז שם סהע"ג סי"ד. 91) הגש"פ הנ"ל שם. 92) אדה"ז שם סו"ס העב.

להינוקות קליות ואגוזים בליל פסח קודם עשיית הסדר כדי שיראו שינוי וישאלו מה נשתנה כו׳".

[דרך אגב: ס׳איז א דבר פלא, אז אע"פ וואס דאס איז א פס"ד אין שו"ע אז "מצוה לחלק להינוקות קליות ואגוזים כו׳" - געפינט מען ניט אז מ׳זאל זיך אזוי פירן].

יד. עד"ז איז אויך די הדגשה בנוגע צו תינוקות אין די ימים האחרונים פון פסח:

בשביעי של פסח איז געווען קריעת ים סוף.

וואס דער ענין פון קרי"ס איז נסתיים געווארן און די כוונה אירע איז געווען - דער ענין פון שירת הים,

ווי דאס איז אויך בפשטות אז פון דער שלימות פון קרי"ס איז געווען "וירא ישראל את מצרים מת על שפת הים"[93], און "וירא ישראל את היד הגדולה אשר עשה ה׳ במצרים"[94], וואס דאס האט געבראכט צו "וייראו העם את ה׳ ויאמינו בה׳ ובמשה עבדו"[94], און צו שירת הים;

וואס דאס איז אלץ די פעולה וואס קרי"ס האט אויפגעטאן, און צוליב דעם איז געווען דער גאנצער ענין פון קרי"ס.

ובפרט לויט דעם וואס הוספות[95] זאגט אז באמת האבן די אידן געקענט גיין ביבשה על חוף הים, און דורכגיין דעם ים,

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער ענין פון קרי"ס איז ניט געווען א תכליה בפ"ע, נאר מ׳האט געוואלט עס זאל זיין דער ענין פון קרי"ס בכדי אז עס זאל נתעורר ווערן בא די אידן דער "ויאמינו בה׳ ובמשה עבדו" ביז אז די אידן זאלן זאגן שירה, פריער די אנשים און דערנאך די נשים.

זעט מען אז אלע אידן האבן געזאגט שירה; דערציילט אבער די גמרא[96] אז די הינוקות וואס זיינען געבארן געווארן אין מצרים איז "הם הכירוהו תחלה", און זיי האבן געזאגט "זה א-לי ואנוהו"[97], ביז אין אן אופן פון "מראה באצבעו ואומר זה"[98].

און ווי ס׳איז מבואר אין גמרא[96] און אין מדרשים[99] דער טעם לזה - אז בשעת די קינדער זיינען געבארן געווארן, זיינען זיי געווען בסכנה און מ׳האט מורא געהאט פאר זיי,

- דערפאר -

---

93) בשלח יד, ל. וראה פסחים קיח, ב. ערכין טו, א. פרש"י עה"פ. 94) בשלח שם, לא. 95) ד"ה כשם - ערכין שם. 96) סוטה יא, ב. 97) בשלח טו, ב. 98) שמו"ר ספכ"ג. וראה גם פרש"י עה"פ. 99) שמו"ר פ"א, יב. ועוד.

דערפאר זיינען די מאמעס געגאנגען "ויולדות בשדה", און מ׳האט דארטן געלאזן די קינדער, און וויבאלד אז די קינדער האבן געדארפט האבן מזון, איז דער אויבערשטער אליין געקומען און זיי געשפייזט, כמ"ש[100] "וינקהו דבש מסלע ושמן מחלמיש צור",

וואס דערפאר איז דערנאך, ווען ס׳איז געקומען שש"פ און דער אויבערשטער האט זיך מגלה געווען בא קרי"ס - איז "הם הכירוהו תחלה", און זיי האבן געזאגט שירה, דערפאר וואס זיי האבן דעם אויבערשטן שוין דערקענט פון פריער.

טו. עד"ז איז אויך דא די הדגשה בנוגע צו תינוקות אין אחרון של פסח:

צווישן די נפלאות וואס וועלן זיין לע"ל (און דער אויפטו פון משיח׳ן) וואס ווערן דערציילט אין דער הפטורה פון אחש"פ - דערציילט מען[101]: "וגר זאב עם כבש ונמר עם גדי ירבץ גו׳ ונער קטן נוהג בם ופרה ודוב תרעינה גו׳ ושעשע יונק על חור פתן ועל מאורת צפעוני גמול ידו הדה", מיט די אלע פרטים וואס ווערן דארט דערציילט.

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס איז מען מדייק אז דוקא "נער קטן נוהג בם" - צי דען וויל מען איינשטעלן א קטן אין סכנה בכדי צו באווייזן קונצן?!

איז דער ביאור אין דעם:

דער "נער קטן" איז "נער ישראל ואוהבהו"[102], און ער נעמט זיך פון "יעקב הקטן (דכתיב[103] מי יקום יעקב כי קטן הוא)"[104], וואס דערפאר איז "ישראל׳ מונין ללבנה"[105], וואדום די לבנה איז בבחי׳ קטן[106].

וואס דערפאר וועט דער "נער קטן" ניט נאר אנפירן מיט אלע ענינים לע"ל, נאר ער וועט אויך אנפירן מיט דער תכלית השלימות פון אלע ענינים, וואס דאס איז דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא - אז "וגר זאב עם כבש גו׳, ופרה ודוב תרעינה גו׳", ביז אז "ושעשע יונק על חור פתן ועל מאורת צפעוני גמול ידו הדה",

וואס דער ענין הנחש (און צפעוני) איז דער מקור פון גאנץ לעו"ז[107], און לע"ל וועט זיין דער אתהפכא חשוכא לנהורא - "ושעשע יונק על חור פתן וגו׳",

- ווי -

------------

100) האזינו לב, יג. 101) ישעי׳ יא, ו-ח. 102) הושע יא, א. 103) עמוס ז, ה. 104) חולין ס, ב ובפרש"י שם. 105) סוכה כט, א. 106) חולין שם. 107) ראה אוה"ת בראשית (כרך ג) ס"ע תקעה ואילך. ובהנסמן שם.

ווי חסידות[108] איז דאס מסביר, אז "וגר זאב עם כבש גו׳, ופרה ודוב תרעינה גו׳ ושעשע יונק על חור פתן ועל מאורת צפעוני גו׳" - איז דאס אלץ כפשוטו, אז א זאב וכבש וועלן בפועל זיין צוזאמען, ועד"ז די אנדערע חיות.

וואס דאס איז ניט שולל דעם פירוש הרמב"ם אין הל׳ מלכים[109] אז "וגר זאב עם כבש ונמר עם גדי ירבץ גו׳" איז דאס נאר א "משל וחידה" אויף אוה"ע.

ועד"ז איז דער רמב"ם ניט שולל דעם פירוש הפשוט - ווי ער שרייבט באגרת שלו הידועה[110] אז ער איז ניט שולל דעם פירוש הפשוט פון די יעודים, ס׳איז מערניט וואס בכדי צו מפרש זיין די פסוקים כפשוטם דארף מען דערצו האבן ראיות, און אויב אייגער וועט ברענגען אזעלכע ראיות - קען מען אויך לערנען די ענינים כפשוטם, ווי גערעדט אמאל בארוכה[111].

אבער לויטן רמב"ם דארף מען האבן ראיות אז דאס גייט אויך אויף די ענינים ווי זיי זיינען בגשמיות; משא"כ לויט ווי חסידות טייטשט אז אזוי וועט זיין למטה בגשמיות - איז א זיכערע זאך אז אזוי וועט אויך זיין בכללות יותר אין אן עולם שלמעלה מזה,

ד.ה. אז וויבאלד די יעודים וועלן זיין כפשוטם, אז עס וועט זיין א זאב און א דוב און א צפעוני בפשטות - איז עאכו"כ אז דאס גייט אויך אויף אוה"ע וואס ווערן אנגערופן בשמות אלו, כפירוש הרמב"ם.

טז. און די אלע ענינים וועלן זיין אין אן אופן פון "ונער קטן נוהג בם".

וואס דער טעם פארוואס דוקא קטנים וועלן זיין "נוהג בם" איז - דערפאר וואס "בנינו ערבים אותנו"[112], און די קינדער זיינען מעורר "לב אבות", דורך דערויף וואס בשעת זיי זעהן אז מ׳גיט זיי קליות ואגוזים לפני הסדר און מ׳מאכט שינויים בעת הסדר - הויבן זיי אן פרעגן שאלות.

ביז אז אויך דער "שאינו יודע לשאול" זיצט בא דעם

- שולחן -

------------

108) ד"ה כי פדה לאדה"ז (סה"מ אתהלך לאזניא ע׳ נח. עם הגהות - אוה"ת נח (כרך ג) תדע, א ואילך). שער האמונה צט, ב. ד"ה וככה תרל"ז פ"כ. ספצ"ד. ועוד. וראה גם עבוה"ק ח"ב פל"ח. 109) רפי"ב. 110) אגרת תחיית המתים. 111) ראה מכתב י"א ניסן תשל"ג הע׳ ד"ה טבע וועט דערהויבן ווערן (הגש"פ - קה"ת תשל"ט - ע׳ תסט). לקו"ש חט"ו ע׳ 417 ואילך. 112) ראה שהש"ר פ"א, ד [א].

שולחן הסדר, און אויך כנגדו איז "דברה תורה"[113], ביז אז מ׳זאגט אן א ציווי צו דעם גדול אז "את פתח לו"[113], וואס דער דיוק ביזה איז (ניט אז דער גדול זאל רעדן פאר אים, נאר) - "את פתח לו", ער זאל פאר אים מאכן א "פתח", וואס ווערט א פתח שלו.

וואס דערפאר ווערן די אלע קטנים - די אויף וועמען דער פסוק זאגט "ונער קטן נוהג בם",

ואין מקרא יוצא מידי פשוטו, ר.ה. אז אע"פ וואס דאס גייט אויך אויף ווי די ענינים זיינען ברוחניות הענינים, איז דאס אבער אויך אזוי בפשטות, אז דאס גייט אויף א נער קטן כפשוטו, ובפרט לויט חסידות וואס איז מפרש די אלע ענינים בפשטות.

יז. בכדי אז די אלע ענינים ("ונער קטן נוהג בם וגו׳") זאלן זיין בשלימות לע"ל - איז פארשטאנדיק אז די הכנה דערצו דארף זיין נאך אין די לעצטע טעג פון גלות.

און בפרט אין דעם זמן פון חודש ניסן, וואס "בניסן נגאלו בניסן עתידין ליגאל"[114], ובפרט אין זמן חירותנו,

ובפרט אין די ימים האחרונים פון פסח וואס זיינען פאר-בונדן מיט דער גאולה העתידה, און אין דערויף גופא - אין אחש"פ, וואס דעמולט זאגט מען אין דער הפטורה "ונער קטן נוהג בם",

וואס דאס באווייזט אז די קינדער זיינען דער עיקר, און דאס באווייזט אויף דער חביבות שלהם למעלה, וואס דערפון איז פארשטאנדיק וויפל זיי טוען אויף למעלה,

ובדרך ממילא ווערט אזוי נמשך אויך למטה, אנהויבנדיק דערפון וואס ס׳איז דא דער "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים"[115].

און נאך דערויף וואס מ׳זעט די הצלחה אין די פעולות וואס מ׳האט אויפגעטאן אין די הכנות צו זמן חירותנו, און אין זמן חירותנו עצמו - איז מען עד"ז ממשיך אין דעם "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים" על כל השנה כולה.

ביז אז דאס ברענגט אז עס זאל ווערן דאס וואס מ׳זאגט אין די ברכות וואס זיינען פארבונדן מיט בריח מילה [וואס] דאס האט א שייכות צו אחש"פ - ווי גערעדט פריער (ס"ב ואילך)

- אז -

---

113) הגש"פ. מירושלמי פסחים פ"י ה"ד. מכילתא עה"פ בא יג, יד. 114) ר"ה יא, רע"א. 115) מלאכי ג, כד ובפרש"י.

אז בשמיני של פסח איז געווען דער ברית פון יצחק, וואס לע"ל וועט מען זאגן ליצחק "כי אתה אבינו" - אז "זה הקטן גדול יהי'",

און דאס ברענגט אז עס זאל מקוים ווערן די נבואת הגאולה[116] אז "הקטן יהי' לאלף והצעיר לגוי עצום אני ה' בעתה אחישנה", בקרוב ממש.

און אין אן אופן פון "הם הכירוהו תחלה", אז "נער קטן נוהג בם" כפשוטו, "בנערינו . . בבנינו ובבנותנו"[117], וואס דאס איז כולל אויך תינוקות, ביז צו א תינוק בן יומו, ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס אויך די תינוקות בני יומן "הכירוהו תחלה", דערפאר וואס זיי זיינען אויך געווען בסכנה בשעת זיי זיינען געבארן געווארן אין מצרים, און אויך זיי האט דער אויבערשטער געשפייזט, "ויניקהו דבש מסלע גו'".

און די אלע תינוקות ווערן כולם ביחד "לגוי עצום", און זיי זיינען מבטל אלע ענינים פון לעו"ז.

יח. וואס די הכנה לזה איז נאך אין די לעצטע טעג פון גלות וואס דעמולט איז מען טועם פון "כל תבשיל ותבשיל"[118] וואס וועט זיין לע"ל.

ובפרט אז מ'שטייט אין א זמן פון יו"ט, וואס דעמולט שטייט מען העכער פאר אלע מדידות והגבלות פון מקום און העכער פאר אלע מדידות והגבלות פון זמן -

איז פונקט ווי לע"ל וועלן די אלע ענינים זיין בגלוי בגשמיות ובפשטות ממש - כן תהי' לנו נאך איצטער,

דורך דעם וואס די קטנים און די קטנות טוען אליין אין דעם "והשיב לב אבות על בנים", און דערנאך ווערן די קטנים וקטנות גרעסער און נאך גרעסער - "זה הקטן גדול יהי'", ביז אז "הקטן יהי' לאלף והצעיר לגוי עצום".

און דאס איז ממהר ביאת משיח צדקנו, און דעם קיום היעוד פון "ונער קטן נוהג בם", און אויך דעם קיום היעוד פון "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים", ווארום "כולם ידעו אותי למקטנם ועד גדולם"[119],

און ווי חסידות טייטשט אפ[120] אז "אותי" גייט אויף עצמות ומהות, און דאס וועלן וויסן ניט נאר גדולים נאר

- אויך -

---

116) ישעי' ס, כב. 117) בא י, ט. 118) ראה לקו"ש שם ע' 282 ואילך. 119) ירמי' לא, לד. 120) שער האמונה לא, ב. המשך תרס"ו ס"ע תקסט. ובכ"מ.

אויך קטנים, ואדרבה - עס שטייט ניט "למגדולם ועד קטנם", נאר "למקטנם ועד גדולם", פריער קטנים און ערשט דערנאך גדולים[120].

און קיין איין און איינציקער קינד וועט ניט בלייבן אין גלות, ווארום נאך אין די לעצטע טעג פון גלות איז מען זיך מיט זיי משתדל אז זיי זאלן פילן און זיי זאלן זיך פירן אין אן אופן אז די נשמה איז קיינמאל ניט געגאנגען אין גלות[121], ובפרט אז מ'שטייט אין דעם טאג וואס דעמולט איז דער בריח מילה פון כלל ישראל, און פון יצחק בפרט, וואס דעמולט איז דער "תחילת כניסת נפש זו הקדושה".

ומתוך שמחה וטוב לבב, און א שמחה וואס איז למעלה ממדוה"ג - ווארום א קינדידארף מען ניט מסביר זיין אז די שמחה דארף זיין למעלה ממדוה"ג, נאר גלייך ווען ער דערהערט אז עס דארף זיין שמחה - איז ער בשמחה למעלה ממדוה"ג.

יט. כן תהי' לנו נאך אין די לעצטע טעג פון גלות.

און עס זאל זיין "ויצא חוטר מגזע ישי ונצר משרשיו יפרה"[122], וואס "יפרה" באווייזט אויך אויף דעם אז אויך ווי ער איז א קטן - וואקסט ער און ער ווערט גרעסער און גרעסער.

ועד"ז ווערט בכל העניינים פון כאו"א, אויך אין די פעולות מיט די קינדער - אז וויבאלד מ'זעט אז מ'איז מצליח אין די פעולות, איז מען דערנאך ממשיך, אז די פעולות מיט די קינדער, בלימוד התורה שלהם און אין זייער הנהגה בקיום המצוות, זאלן זיין נאכמערער לגבי ווי ס'איז געווען ביז איצטער,

ומתוך שמחה וטוב לבב.

און דאס וועט ברענגען אז "הקטן יהי' לאלף והצעיר לגוי עצום גו' בעתה אחישנה",

בביאת מלכא משיחא, בקרוב ממש.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ושמחת בחגך.

* * *

כ. מ'האט גערעדט כמ"פ דעם טעם אויף דעם וואס די גמרא[123] זאגט אז "מסמך גאולה לגאולה", "פורים לפסח"[124] - אז דאס איז דערפאר וואס גאולת פורים האט זיך ארייגעצויגן אין חודש ניסן,

- ווארום -

---

*120) ראה לקוטי לוי"צ לזח"ג ע' רי. 121) ראה לקו"ד כרך ד תרצב, א. 122) ישעי' יא, א. 123) מגילה ו, סע"ב. 124) פרש"י שם ד"ה גאולה.

ווארום (התחלת) מפלת המן איז געווען בימים הדאשונים פון פסח, וואס דאס האט זיך אנגעהויבן דערפון וואס ס'איז געווען דער "לך כנוס את כל היהודים"[125], ווי רש"י[125*] טייטשט אז דאס זיינען געווען די ג' ימים פון י"ד, ט"ו און ט"ז ניסן, און דערנאך אין ט"ז ניסן איז געווען תליית המן.

ביז אז דאס (הענין דמפלת המן בפסח) קומט ארויס עד היום הזה אין א הלכה אין שו"ע[126], אז "טוב לעשות איזה דבר בסעודה ביום ב' (דפסח) לזכר סעודת אסתר שהיתה ביום זה שבו ביום נתלה המן".

וואס דערפאר איז "מסמך" די גאולה פון פורים אין חודש אדר, צו דער גאולה פון פסח אין חודש ניסן, ווארום די שלימות פון גאולת פורים איז ניט געווען אין חודש אדר [במובן אויך פון מארז"ל[127] "אכתי עבדי אחשורוש אנן"], נאר דער המשך הגאולה פון פורים האט זיך ארייננעצויגן אין חודש ניסן, ביז אז בט"ז ניסן איז געווען תליית המן.

און וויבאלד אז ס'איז "מסמך גאולה לגאולה" ברוחניות הענינים - דערפאר קומט דאס דערנאך אראפ ביז אין הלכה בפועל, ווי דער ענין איז בפשטות - אז אין א שנת העיבור מאכט מען פורים אין חודש אדר הסמוך לניסן, ווארום "מסמך גאולה לגאולה".

כא. דער ענין פון "מסמך גאולה לגאולה", פון גאולת פורים צו גאולת פסח האט א שייכות מיוחדת (אין פסח גופא) מיט די ימים האחרונים פון פסח, ווארום זיי זיינען פארבונדן מיט דער גאולה העתידה. והביאור בזה:

די גאולה העתידה איז פארבונדן מיט "לאתבא צדיקייא בתיובתא"[128] - דער אויפטו פון תשובה.

עד"ז איז פורים פארבונדן מיט דער מעלה פון תשובה:

בא מ"ת איז געווען קבלת התודה, ס'איז אבער נאך ניט געווען דער קיום פון די קבלה; משא"כ בזמן הפורים האט זיך אויפגעטאן דער "קיימו מה שקבלו כבר"[129].

וואס מ"ת און זמן הפורים זיינען בדוגמת דער חילוק פון גאולה און גלות:

מ"ת איז בדוגמא דעם מעמד ומצב פון גאולה, און דערנאך

- איז -

---

125) אסתר ד, טז. *125) עה"פ שם, יז. 126) אדה"ז או"ח סת"צ ס"ב. ממג"א שם סק"א. 127) מגילה יד, א. 128) הובא בלקו"ת שמע"צ צב, ב. שה"ש נ, סע"ב. וראה זח"ג קנג, א. 129) שבת פח, א.

איז געווען דער גלות, און פורים איז די גאולה לאחרי דעם גלות,

און די צוויי ענינים פון גאולה און גלות זייבען בדוגמת דעם חילוק פון צדיקים און בע"ת, ווארום א צדיק געפינט זיך אין א מצב פון גאולה, משא"כ א בע"ת קומט פון אן "ארץ ציי' ועיף בלי מים"[130], כמבואר אין די דרושים.

וואס דערפאר איז די גאולה העתידה, וואס זי איז פאר-בונדן מיט מעלת התשובה (כנ"ל), ע"ד ווי גאולת פורים.

ביז אז ע"ד ווי די גאולה העתידה איז פארבונדן מיט תשובה אין אן אופן פון מס"נ [בדוגמא ווי גערעדט פריער (ס"ט) אז דער חידוש פון שש"פ איז דער ענין פון מס"נ] - עד"ז איז פורים פארבונדן מיט מס"נ[131], ביז א מס"נ אויך בגוף, כמבואר אין דער הקדמה פון שערי אורה די מעלה פון דער מס"נ דפורים לגבי דער מס"נ פון חנוכה.

וואס אע"פ אז אויך בא קבלת התורה איז געווען דער ענין פון מס"נ[132], הקדמת נעשה לנשמע[133] - איז דאס אבער נאר געווען א מס"נ אין אן אופן פון מסירת הרצון;

משא"כ בא פורים איז דאס אראפגעקומען אין א מס"נ בפשטות[134].

און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס חסידות[135] טייטשט אויפן פסוק[136] "והאיש משה עניו מאד מכל האדם אשר על פני האדמה", אז דאס איז במיוחד פאר דעם דרא דעקבתא דמשיחא.

ד.ה. אז אע"פ וואס "משה קבל תורה מסיני"[137], וואס מזה מובן וואס פאר א מס"נ פון הקדמת נעשה לנשמע ביי אים איז געווען - אעפ"כ זאגן רבותינו נשיאינו אז משה איז געווען אראפגעפאלן בא זיך ווען ער האט דערזעהן די מס"נ פון דרא דעקבתא דמשיחא.

וואס בדוגמא צו דעם דרא דעקבהא דמשיחא איז געווען בזמן אחשורוש - איז דאך דערפון פארשטאנדיק די מעלה פון מס"נ אין זמן פון פורים לגבי דער מס"נ אין זמן פון מ"ת.

- כב. -

---

130) תהלים סג, ב. וראה תניא פ"ז (יב, א). 131) ראה תו"א מג"א צז, א. הוספות קכ, ד. וראה שיחת פורים תרצ"א (לקו"ד כרך ד תשכז, ב). ובכ"מ. 132) ראה שבת שם, ב. תו"א שם קיח, ג. שערי אורה שם. 133) שבת שם, א. 134) ראה תו"א ושערי אורה שם. 135) סד"ה ויאמר משה עטר"ת (סה"מ עטר"ת ע' תסד. נעתק בלקו"ד כרך א קי, א). סה"מ קונטרסים ח"א נג, ב ואילך. תש"י ע' 237. ובכ"מ. 136) בהעלותך יב, ג. 137) אבות רפ"א.

כב. עפ"ז איז פארשטאנדיק אז די שייכות פון פורים צו פסח איז (אין פסח גופא) במיוחד מיט די ימים האחרונים פון פסח, וואס זיי זיינען פארבונדן מיט דער גאולה העתידה.

און אע"פ אז תליית המן איז געווען בט"ז בניסן (יום ב׳ דחגה"פ), און דעמולט מאכט מען דעם זכר, כנ"ל - איז אבער ע"ד ווי די התחלה און נתינת כח צו דעם "אראנו נפלאות" פון לע"ל איז פון "כימי[138] צאתך מארץ מצרים"[139], כולל אויך די ימים הראשונים דפסח, אבער די שלימות הגאולה וועט ערשט זיין לע"ל,

עד"ז איז די הכנה און נתינת כח פון גאולת פורים, וואס איז פארבונדן מיט דער גאולה העתידה (וואס איז בעיקר אין די ימים האחרונים פון פסח), האט זיך שוין אנגעהויבן אין די ימים הראשונים פון פסח, ט"ז ניסן, אבער די שלימות פון גאולת פורים איז געווען אין די ימים האחרונים פון פסח.

ובדוגמא ווי דאס איז געווען אין זמן פון פורים, אז אע"פ וואס תליית המן איז געווען בט"ז בניסן - איז אבער אויך נאך דערויף געבליבן מחשבתו הרעה פון המן[140], און אידן האבן געדארפט אנקומען צו מס"נ בפועל כל השנה כולה אז עס זאל ניט זיין קיין "מחשבת חוץ", בכדי אז גאולת פורים זאל ארויסקומען בשלימות, ווי ־ער אלטער רבי איז מבאר אין תו"א[141].

און ערשט דעמולט האט דאס געבראכט צו דער שמחה "עד דלא ידע" פון פורים[142], וואס דאס איז א שמחה שלמעלה ממדוה"ג לגמרי[143].

וואס עד"ז איז בנדו"ד: אע"פ וואס תליית המן איז געווען בט"ז בניסן (יום ב׳ דחגה"פ), איז אבער די שלימות פון גאולה פורים געווען ערשט אין די ימים האחרונים פון פסח, וואס דעמולט קומט דאס ארויס אין אן אופן שלמעלה ממדוה"ג.

וואס אע"פ אז דער ענין פון למעלה ממדוה"ג האט א שייכות במיוחד מיט פסח[144] - איז אבער אין פסח דארף די שמחה זיין במדוה"ג, און ב"ד האט געשיקט שלוחים צו זעהן אז די שמחה זאל זיין במדוה"ג[145], משא"כ בנוגע צו פורים איז די שמחה אין אן אופן שלמעלה ממדוה"ג לגמרי.

- כג. -

---

138) מיכה ז, טו. 139) ד"ה כימי צאתך תש"ח רפי"ב (סה"מ תש"ח ע׳ 164). 140) אסתר ח, ג. וראה גם שם ט, כה. 141) שבהע׳ 131. 142) מגילה ז, ב. 143) ראה תו"א שם צח, א. שערי אורה צט, סע"א ואילך. ועוד. 144) ראה לקו"ת צו יג, ד ואילך. ועוד. 145) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סתקכ"ט ס"ד (סי"ג).

כג. גאולת פורים איז אויך במיוחד פארבונדן מיט קינדער:

מ׳געפינט אז גאולת פורים איז געקומען דורך דעם וואס מרדכי האט צוזאמענגעקליבן "כ"ב אלף תינוקות" [וואס דא איז אויך דער לשון תינוקות דוקא, כנ"ל בארוכה (סי"ג)], און דער קול גדיא פון די תינוקות האט גע׳פועל׳ט דעם ביטול הגזירה למעלה[146].

וואס ס׳איז דא דער טייטש פון קול גדיא, ווי דאס איז ברוחניות, אז דאס גייט אויף יעדער איד, וואס יעדער איד איז בבחי׳ "גדיא" לגבי למעלה;

אבער דא רעדט מען וועגן דעם קול גדיא פון תינוקות בפשטות, וואס לערנען די הלכות פארבונדן מיט דעם ביהמ"ק, "הלכות מצות העומר"[147] [וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם איצטיקן זמן וואס מ׳ציילט ספירת העומר].

און דאס האט אויפגעטאן אז עס זאל זיין "עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום כי עמנו א-ל"[148].

ווי עס ווערט אויך דערציילט אין מדרש[149] אז מרדכי האט געטראפן "שלשה תינוקות שהיו באים מבית הספר", האט ער בא זיי געבעטן "פסוק לי פסוקיך", האט דער ערשטער געזאגט "אל תירא מפחד פתאום ומשואת רשעים כי תבוא"[150], דער צווייטער האט געזאגט "עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום כי עמנו א-ל", און דער דריטער האט געזאגט "ועד זקנה אני הוא ועד שיבה אני אסבול אני עשיתי ואני אשא ואני אסבול ואמלט"[151].

און "כיון ששמע מרדכי כך שחק והי׳ שמח שמחה גדולה", ווארום דורך דעם וואס די תינוקות האבן געזאגט די פסוקים אין תורה האבן זיי באוויזן ווי דער ענין וועט דערנאך זיין בפועל אין וועלט.

כד. וואס דאס איז ברוגמא ווי ס׳איז געווען בא גאולת מצרים, אז "בשכר נשים צדקניות שהיו באותו הדור נגאלו ישראל ממצרים"[152], ווארום די נשים צדקניות האבן אויפגעשטעלט "צבאות ה׳"[153], תינוקות, אין אן אופן אז בא זיי זאל זיין "הם הכירוהו תחלה",

וואס בכדי אז בא די תינוקות זאל זיין "הם הכירוהו

- תחלה" -

---

146) אסת"ר פ"ט, ד. יל"ש אסתר רמז תתרנז. וראה גם תרגום שני עה"פ אסתר ו, א. 147) מגילה טז, א. אסת"ר פ"י, ד. יל"ש שם רמז תתרנח. 148) ישעי׳ ח, י. 149) אסת"ר פ"ז, יג. יל"ש שם רמז תתרנז. 150) משלי ג, כה. 151) ישעי׳ מו, ד. 152) סוטה יא, ב. שמו"ר פ"א, יב. 153) ל׳ הכתוב - בא יב, מא.

תחלה" איז דאס בפשטות געווען תלוי אז זייער לידה און עיבור האט געדאפט זיין כדבעי ע"פ תורה, כמדובר כמ"פ וואס עס ברענגט זיך אין מדרשים [154] אז "גן נעול" און "גל נעול" [155] גייען אויף טהרת המשפחה.

און דורך דערויף וואס די נשים צדקניות האבן אויפגעשטעלט "צבאות ה׳" וואס וועלן זיין "הכירוהו תחלה" - איז געקומען גאולת מצרים,

בדוגמא ווי דאס איז געווען בא גאולת פורים לפנ"ז אין חודש אדר, וואס איז געקומען דורך דעם קול גדיא פון די תינוקות אין יענעם זמן - אז אפילו אין א מעמד ומצב פון "אכתי עבדי אחשורוש אנן" האבן די תינוקות געבראכט די גאולה.

און דערנאך אז עס קומט דער חודש שלאח"ז, חודש ניסן, זיינען די תינוקות אט די וואס "הכירוהו תחלה" בא קרי"ס - וויבאלד אז זיי האבן דערקענט דעם אויבערשטן נאך פון פריער, ווען ער האט זיי געשפייזט, "ויניקהו דבש מסלע גו׳" און אויפגעהאדעוועט נאך אין גלות.

כה. ס׳איז דאך "לא אחד בלבד עמד עלינו לכלותנו אלא שבכל דור ודור עומדים עלינו לכלותנו והקדוש ברוך הוא מצילנו מידם" [156] -

איז ע"ד ווי גאולת פורים און גאולת מצרים זיינען געקומען דורך די תינוקות - עד"ז סוט אויף דער קול גדיא בכל דור ודור.

ובפרט אין א זמן פון "מועדים לשמחה", ובפרט בא סעודתו של משיח, וואס בשעת דער אב (אבינו שבשמים) זעט אז בנו איז שמח - פועל׳ט דאס אויך ביי אים א שמחה.

אמת טאקע אז ווען דער קינד זיינער וויינט, גיט ער אים אויך נאך - דאס קומט אבער ניט צו דעם ווען דער קינד איז בשמחה, וואס דעמולט ווערט אויך דער אב בשמחה, ובמילא גיט ער דעם קינד כל המצטרך לו אין אן אופן גדול עצום ורב, "מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה", און ווי עס שטייט אין דעם סידור פון בעש"ט - "הגדושה" מיט א גימ"ל, ווי מ׳זעט דאס במוחש, און ס׳איז א מעשה רב ווי עלטערן זיינען זיך משתדל בנוגע צו זייערע קינדער.

און ווי דער מגיד שרייבט אויך בתחלת ספריו [157] אז דער

- אב -

---

154) ויק"ר פל"ב, ה. שהש"ר פ"ד, יב. מכילתא עה"פ בא שם, ו. ועוד. 155) ל׳ הכתוב - שה"ש ד, יב. 156) הגדה של פסח. 157) לקו"ת ואו"ת.

אב איז זיך משתדל און ער נידערט זיך אראפ צו דער קטנות פון בנו בכדי אז בנו זאל זיין בשמחה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ווען דער בן זאגט אז ער איז לכתחלה שמח - גיט אים נאך אבינו שבשמים אלץ וואס ער וויל.

ובפרט אז דער קינד מאכט אויך א ברכה - איז דעמולט נאכמער זיכער אז ער וועט באקומען דאס וואס ער בעט.

כידוע דער סיפור וואס ווערט דערציילט אויף איינעם פון די פוילישע צדיקים בעת ער איז געווען א קינד, אז אמאל האט ער געוואלט האבן אן עפעל, און מ'האט דאס אים ניט געוואלט געבן - האט ער געמאכט א ברכה אויף דעם, איז מען געווען מוכרח צו אים געבן דעם עפעל ער זאל אים עסן.

וואס וויבאלד אז מ'דערציילט דעם סיפור וועגן א צדיק ווי ביי אים איז געווען ווען ער איז נאך געווען "בוציך בוציך"[158] - איז פארשטאנדיק אז דאס האט א שייכות צו כאו"א.

וואס דערפאר איז בשעת א קינד זאגט היינט ברכת הנסים אין דער הגדה, וואס די ברכה איז א ברכה בחיוב, אז ניט נאר וואס "גאלנו וגאל את אבותינו ממצרים" בעבר, נאר מ'איז מוסיף "כן ה' אלקינו ואלקי אבותינו יגיענו למועדים ולרגלים אחרים הבאים לקראתנו לשלום"[159], און דערנאך איז מען מסיים מיט א ברכה -

איז דאס מכריח, כביכול, דעם אויבערשטן אז ער זאל געבן דעם "תפוח" צו דעם קינד, וואס "תפוח" איז פארבונדן מיט משיח צדקנו, כמ"ש[160] "וריח אפך כתפוחים", וואס דעם פסוק ברענגט מען[161] צוזאמען מיט דעם פסוק[162] "והריחו ביראת ה'" בנוגע צו משיח, אז ער וועט זיין "מורח ודאין"[163].

כו. וואס דערפון קומט אויס אז דורך דעם וואס א קינד בעט בא דעם אויבערשטן אז עס זאל קומען משיח צדקנו און די גאולה העתידה, און ער בעט דאס בשמחה גדולה, ווארום מ'פאר-בינדט דאס מיט סעודתו של משיח - פועל'ט ער אז משיח זאל קומען בפועל ממש, גאר בפשטות.

ווארום א קינד ווייסט ניט פון קיינע קונצן, און בשעת מ'זאגט אים אז עס האט זיך אפגעדרוקט דער לקו"ת - ווייסט

- ער -

---

158) ראה ברכות מח, רע"א. 159) ברכת "אשר גאלנו" בהגש"פ. מפסחים קטז, ב במשנה. 160) שה"ש ז, ט. 161) ראה לקו"ת מסעי פט, ב. אוה"ת שלח ע' תמב. 162) ישעי' יא, ג. 163) סנהדרין צג, ב.

ער ניט וואס פאר א ספר דאס איז, ווארום ער איז א תינוק בן יומו, און במילא אלע ענינים הכי נעלים פארשטייט ער ניט; די איינציקע זאך וואס ער פארשטייט איז - אז עס דארף זיין די גאולה כפשוטה, בפשטות ממש, למטה מעשרה טפחים[164]!

בדוגמא ווי דער "וינקהו דבש מסלע ושמן מחלמיש צור" (וואס האט דערנאך געבראכט צו "הם הכירוהו תחלה") איז געווען שפייז גשמי פאר גופים גשמיים, ביז אז אין ספרי[165] זאגט ער פונקט דעם מקום אין אה"ק וואו עס איז געווען ע"ד דער ענין פון "וינקהו דבש מסלע גו'" (וואס איז געווען במצרים), ד.ה. אז דאס קומט אראפ בפועל ובגשמיות.

און וויבאלד אז דער קינד בעט דאס בתמימות - ווערט דער "ודיגלו עלי אהבה"[166], און אפילו אויב ער זאגט עס ניט אזוי בדיוק, איז דעמולט אויך "ודילוגו עלי אהבה"[167].

וואס דאס פועל'ט אז עס זאל קומען די גאולה העתידה, וואס זי איז א גאולה וואס איז פארבונדן מיט דעם ענין האהבה, "כי נער ישראל ואוהבהו", בדוגמא ווי דאס איז געווען אין "ימי צאתך מארץ מצרים".

כז. עד"ז טוען אויף די קינדער, אז אפילו ווען מ'געפינט זיך אין א מעמד ומצב וואס "עומדים עלינו לכלותנו" אין ענינים רוחניים אדער אין ענינים גשמיים, וואס "מה לי קטלא כולה מה לי קטלא פלגא"[168], אדער אין אן ענין פון שלימות הארץ, אדער אין שלימות העם, אדער אין שלימות התורה, אדער אפילו אין דער שלימות פון א יחיד בישראל, ביז אפילו אויב עס פעלט אים נאר איין זאך -

טוען אויף די קינדער דורך זייער קול גדיא, בדוגמא פון דעם וואס די תינוקות האבן געזאגט מרדכי "אל תירא מפחד פתאום גו'", און "עוצו עצה ותופר גו'",

ביז אז ס'איז גאר מלכתחלה ניטא פון וואס מורא צו האבן, ווארום "אל תירא עבדי יעקב"[169] - אפילו אז "יעקב הוא הקטן", און יעקב געפינט זיך אין א מעמד ומצב פון עבדות, "עבדי יעקב" - איז ער אבער "עבדי" פון דעם אויבערשטן, "שטרי קודם"[170], ווארום דער אויבערשטער האט אונז געשיקט אין גלות, און דערפאר איז אע"פ אז דערנאך איז טאקע געווען נאך א שטר ווארום די גופים זיינען יע געגאנגען אין

- גלות -

---

164) ראה לקו"ש ח"ו ע' 80 הע' 70. 165) עה"פ האזינו לב, יג. 166) שה"ש ב, ד. 167) ראה שהש"ר פ"ב, ד. 168) ב"ק סה, א. ועוד. 169) ל' הכתוב - ישעי' מד, ב. ירמי' ל, י. ועוד. 170) תו"כ ופרש"י עה"פ בהר כה, מב. פרש"י שם, נה.

גלות[171], אבער "שטרי קודם".

ביז אז דאס פועל'ט אז דער אויבערשטער זאל אונז ארויס-נעמען פון גלות, און ס'וועט זיין די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

וואס משיח צדקנו וועט נעמען דעם קינד, מיט זיינע ברידער און שוועסטער, מיט זיין טאטע און זיין מאמע, מיט זיין זיידע און באבע, מיט כל משפחתו, מיט זיינע חברים, און מיידעלעך מיט זייערע חבר'טעס, מיט כל עם ישראל, און יעדערן בפרט, און ארויספירן זיי פון גלות קיין ארץ הקודש.

און דאס איז די איינציקע זאך וואס א קינד פארשטייט, און קיין אנדער זאך פארשטייט ער ניט און ער וויל ניט פאר-שטיין, ווארום ער וויל דעם עיקר, וואס "המעשה הוא העיקר"!

כח. און די מעשה בפועל פון ביאת משיח צדקנו איז אויך פאר-בונדן מיט דער מעשה בפועל פון "עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום גו'" - אז תיכף ומיד וועדט "והקדוש ברוך הוא מצילנו מידם", ביז אין אן אופן פון "לעושה נפלאות גדולות לבדו"[172], אז "אפילו בעל הנס אינו מכיר בנסו"[173].

וואס ס'איז דאך דא געגוג ענינים בלתי רצויים וואס מ'ווייסט וועגן זיי, סיי דער שאקלען זיך אין שלימות התורה, סיי דער שאקלען זיך אין שלימות העם, און סיי דער שאקלען זיך אין שלימות הארץ, ווי גערעדט פריער[174] בקיצור, אז עס שאקלט זיך אין עניני בטחון און כלכלה וכו'.

וואס די אלע ענינים זיינען די והותר;

קומט אבער צו, אז נוסף צו די ענינים בלתי רצויים וואס זיינען ידוע לכל, זיינען אויך דא ענינים וואס נאר איינציקע ווייסן דערפון.

ביז אז עס זיינען דא ענינים וואס "אפילו בעל הנס אינו מכיר בנסו", ד.ה. אז קיינער ווייסט ניט דערפון,

און מ'דארף אנקומען צו "כי לעולם חסדו"[175], וואס דאס איז חסדו של הקב"ה[176], וואס וועדט נמשך אין אן אופן פון "כי", ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר איז מבאר[177] אז דאס גייט אויף

- די -

---

171) ראה לקו"ד כרך ד חרצב, א. 172) תהלים עב, יח. וראה גם שם קלו, ד. 173) נדה לא, א. 174) שיחת ערב ימים האחרונים דחגה"פ סט"ו. 175) תהלים שם (קלו, ד).
176) ראה פסחים קיח, א. וראה תו"א בשלח סד, א. ובכ"מ.
177) בסד"ה לעושה נפלאות תש"ד (סה"מ תש"ד ע' 54).

די ל׳ ("כ"י") כלים דאצילות וואס ווערן נמשך און זיינען יורד אין בי"ע, אז אין די כלים פון בי"ע זאל נמשך ווערן "איהו וגרמוהי חד"[178] פון כלים דאצילות,

וואס דאס (המשכת "איהו וגרמוהי חד" פון אצילות בבי"ע) איז דער ענין פון שס צבאות כמבואר אין תו"א[179] [וואס אויף דערויף שרייבט דער צ"צ[180] אז "בע"ח לא מצינו זה", אבער אעפ"כ שרייבט אזוי דער אלטער רבי, וואס דערפון איז משמע[181] אז דאס איז דער אויפטו פון דעם אלטן רבי׳ן אין דעם ענין פון הוי׳ צבאות[182]].

און דאס ווערט אלץ נמשך אין דברים גשמיים און אין מעשה בפועל למטה מעשרה טפחים.

כט. וואס דאס טוען אויף די קינדער דורך דערויף וואס זיי זיינען זיך משתתף אין סעודתו של משיח,

און מיט דער הוספה אז דערנאך איז מען זיי מסביר אז די כוונה פון דער סעודה איז - אז זיי זאלן געדיינקען און מיטנעמען פון דער סעודה אויך אויף מוצאי יו"ט, ביז אין די אלע ימים שלאח"ז.

וואס דעמולט ווערט אויפגעטאן למעלה די אלע ענינים האמורים לעיל, און אין אן אופן פון "בעתה אחישנה", און דערפון ווערט דאס גלייך נמשך אויך למטה,

און מ׳גייט בקרוב ממש מיט די קטנים און קטנות צוזאמען, צו דער גאולה האמיתית והשלימה,

ואדרבה - "הם הכירוהו תחלה", און זיי שרייען "עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום כי עמנו א-ל" בפשטות, ביז אז דער תינוק וואס קומט פאר דעם תינוק שרייט "אל תירא עבדי יעקב",

בדוגמא ווי עס איז געווען בא די פסוקים וואס די קינדער האבן געזאגט מרדכי, אז פריער איז געקומען דער פסוק "אל תירא מפחד פתאום" און דערנאך דער פסוק "עוצו עצה ותופר".

און מ׳איז דאס ממשיך למטה מעשרה טפחים, און אין אן אופן פון "הם הכירוהו תחלה", אז נאך אין די לעצטע טעג פון גלות ווערט "לכל בנ"י הי׳ אור במושבותם"[183], און דערנאך

- ווערט -

------------

178) תקו"ז בהקדמה. 179) בא ס, ב. 180) אוה"ת בא ס"ע שכח. 181) דאה ד"ה באתי לגני דיו"ד שבט ש.ז. רס"ז. 182) תו"א שם, ג. 183) בא י, כג.

ווערט "מיד הן נגאלין"[184], "ובנ"י יוצאים ביד רמה"[185].

וואס "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות", ביז אין אן אופן פון נ׳ פלאות[186], ובקרוב ממש.

ל. די קטנים וועלן איצטער זאגן דעם ניגון "עוצו עצה ותופר", און פאר דעם וועט מען זיי געבן ווייץ צו זאגן "לחיים", וואס אויף דעם וועלן זיי מאכן די ברכה (אויב זיי האבן נאך ניט געמאכט קיין ברכה),

און פון דער ברכה "ברוך אתה ה׳ אלקינו" וועט נמשך ווערן אין "מלך העולם", ביז אין "מלכותו בכל משלה", און "והיתה לה׳ המלוכה"[187] (ווי מ׳איז מוסיף אין דער תפלה פון שירת הים),

און עס זאל זיין אין אן אופן פון בעתה אחישנה.

* * *

לא. מ׳דארף דאך אויך האבן אן ענין אין מעשה בפועל וואס די קטנים זאלן טאן, ווארום "המעשה הוא העיקר", כנ"ל.

וואס דאס וואס מ׳איז מסביר די קטנים און קטנות בפשטות לפי הבנתם וואס סעודתו של משיח איז, אז עס וועט זיין די גאולה כפשוטה למטה מעשרה טפחים, און משיח וועט אים אליין מיט משפחתו און אלע זיינע חברים (און מיידעלעך - מיט זייערע חבר׳טעס) ארויסנעמען פון גלות - איז דאס אבער אלץ (בעיקר) ניט פארבונדן מיט מעשה ועבודת האדם, נאר דאס גיט דער אויבערשטער דורך דעם וואס ער האט געמאכט דעם ענין פון אחש"פ און סעודתו של משיח;

מ׳דארף דאך אבער האבן א החלטה אין מעשה בפועל וואס דער קטן און קטנה זאל טאן, בדוגמא ווי די החלטה וואס דארף זיין בא גדולים.

איז די החלטה בפועל וואס די קטנים און קטנות דארפן אנעמען אויף זיך:

אזוי ווי אין ימי הפסח איז ניט געווען דער ענין פון לימוד התורה, עכ"פ ניט בשלימותו, ווארום די חדרים און ישיבות זיינען פארמאכט,

נעמט אויף זיך אן דער קטן און קטנה אז ווען עס קומט אסרו חג, וואס דעמולט פיינגען זיך אן פון-דאס-ניי די

- לימודים -

---

184) רמב"ם הל׳ תשובה פ"ז ה"ה. 185) בשלח יד, ח.
186) ראה אוה"ת נ"ך ע׳ תפו ואילך. וש"נ. 187) עובדי׳ א, כא.

לימודים, ועאכו"כ אין די טעג נאך אסרו חג - וועט ער לערנען תורתו של הקב"ה, און מקיים זיין זיינע מצוות כדבעי.

כולל אויך - אז וויבאלד ער ווייסט וועגן דעם ענין פון אהבת ישראל, "ואהבת לרעך כמוך"[188] (וואס דאס האט מען דאך אריינגעשטעלט אין די "י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל" בהשגחה פרטית), און ער ווייסט אז דאס איז א "כלל גדול בתורה"[189] - וועט ער א לעבעדיקערביישפיל אין דעם ענין פון אהבת ישראל פאר אלע זיינע חברים, און מיידעלעך פאר אלע זייערע חבר'טעס.

און ער (זי) טוט דאס מתוך שמחה, ווי עס שטייט אויך אין די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל בארוכה, גענומען פון ספר תניא קדישא[190].

לב. ועד"ז נעמען אויף זיך אן די קטנים און קטנות החלטות דערפון וואס זיי הערן אז בשש"פ איז געווען קרי"ס,

און אע"פ וואס דער ערשטער וואס האט געשפרונגען אין ים איז געווען א גדול, נחשון בן עמינדב[64] - איז אבער "הם הכירוהו תחלה": די קטנים און קטנות וואס זיינען געבארן געווארן אין מצרים, וואס בא זיי איז געווען "וינקהו דבש מסלע גו'", מיט די אלע פרטים שבזה - האבן דערקענט דעם אויבערשטן די ערשטע בא קרי"ס, און דאס האט דערנאך געבראכט אז אויך די אנדערע אידן זאלן אים דערקענען.

לכאורה איז אבער ניט פארשטאנדיק:

כו"כ, ואדרבה רובם, פון די וואס "הכירוהו תחלה" זיינען געווען נאך בר מצוה און נאך בת מצוה - ווארום קושי הגזירה פון גלות מצרים איז געווען בעיקר אין די פ"ו (בגימטריא אלקים) שנים האחרונות פון די ר"י שנה[191], וואס דעמולט, איידער לידת משה, האט פרעה גוזר געווען די גזירה אז מ'זאל ניט האבן קיין קינדער, און במילא איז געווען דער "וינקהו דבש מסלע גו'" אין שדה בא די קינדער וואס זיינען פון דעמולט אן געבארן -

קומט דאך אויס אז בא קרי"ס זיינען זיי געווען אין דער עלטער פון משה, עכ"פ רובם נאך בר מצוה און בת מצוה -

איז ווי זאגט מען דא אז די קינדער "הכירוהו תחלה", בא קרי"ס - בשעת רובם פון זיי זיינען שוין ניט געווען קיין קינדער?!

- איז -

---

188) קדושים יט, יח. 189) תו"כ ופרש"י עה"פ.
190) ספל"ג. 191) אוה"ת שמות ס"ע ח.

איז דער ביאור אין דעם:

די קינדער וואס האבן געזעהן דעם אויבערשטן אין שדה בשעת ער האט זיי געשפייזט זיינען געווען קטנים און קטנות ממש, איין יאר אלט, אדער צוויי יאר אלט, אדער דריי יאר אלט - ווארום גלייך ווען זיי זיינען א ביסל אויפגעוואקסן האבן זיי שוין געקענט גיין אין מצרים און פון גארניט מורא האבן, און אין מצרים איז שוין ניט געווען דער נס פון "וינקהו דבש מסלע גו׳".

וואס דערפון קומט אויס, אז די אידן וואס "הכירוהו תחלה" דעם אויבערשטן בא קרי"ס - איז דאס געווען דערפאר וואס אלץ קטנים און קטנות האבן זיי געזעהן עצמות ומהות אין אן אופן פון "וינקהו",

איז במילא האבן זיי גענומען דעם אויבערשטן ווי א קטן נעמט אים, ווארום עס שטייט ערגעץ ניט אז ס׳איז געווען נאך א נס אז די קינדער אין שדה האבן געהאט די השגה פון גדולים בשעת זיי האבן דערזעהן דעם אויבערשטן, דער נס איז געווען מערניט וואס "וינקהו דבש מסלע גו׳".

ד.ה. אז בא די קינדער וואס זיינען געווען בשדה איז געווען חקוק בעיניהם עצמות ומהות ווי א קינד זעט דאס (ווי ס׳איז שייך זאגן אויף עצמות ומהות אז מ׳זעט אים, כביכול),

און דערפאר, ווען ס׳איז געקומען בערך אכציק יאר לאח"ז בא קרי"ס, איז דער "הכירוהו תחלה" וואס איז געווען בא די אידן וואס זיינען געבארן געווארן אין שדה [וואס כמה מהם זיינען געווען בערך אכציק יאר אלט, און כמה מהם זיינען געווען קטנים און קטנות כפשוטם] - געווען א הכרה אין עצמות ומהות ווי דאס איז בא קטנים און קטנות.

לג. וואס דערפון האט מען די הוראה אויף וויפל מ׳דארף זיך משתדל זיין מיט קטנים וקטנות, וואס די הוראה איז ניט נאר בנוגע צו קטנים וקטנות כפשוטם, נאר דאס איז אויך פאר יעדן אידן (אויך גדולים) - ווארום דער ענין פון קטנות קומט אראפ ברוחניות בא יעדן אידן בעבודתו - אז עס דארף זיין דער "ונפשי כעפר לכל תהי׳ (ועי"ז) פתח לבי בתורתך" ועד"ז בנוגע צו מצוות, וואס דאס איז דער ענין הקטנות אין עבודת האדם.

אבער דערנאך קומט דאס אראפ נאכמער אין דער הוראה ווי דאס איז בגשמיות ביי א קטן ממש, אז ער נעמט אן אויף זיך לפי דרכו די החלטה אויף להבא, צו לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, כולל אויך די מצוה פון "ואהבת לרעך כמוך" וואס זי איז א "כלל גדול בתורה",

וואס א קינד ווייסט ניט פון קיינע קונצן, און בשעת

מ'זאגט אים אז דאס איז א "כלל גדול בתורה" און אז דאס דארף זיין "כמוך" - מאכט ער ניט קיינע חשבונות און ביי אים איז "ואהבת לרעך כמוך" כפשוטו.

און ער טוט דאס מתוך שמחה, ווי עס ווערט אראפגעבראכט אין די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל, כנ"ל.

לד. אין דערויף איז אויך נכלל אז מ'דערציילט דעם קינד אז עס דארף זיין דער "והשיב לב אבות על בנים".

וואס וויבאלד אז מ'דערציילט דאס דעם קינד פארבינדט מען דאס גלייך (ווי עס שטייט אין דעם פסוק שלפנ"ז[192]) מיט דעם "יום ה' הגדול והנורא", ביאת משיח צדקנו בפשטות, און נאך פאר דערויף - "הנה אנכי שולח לכם את אלי' הנביא"[192], וואס ער איז דער מבשר הגאולה[193],

וואס דאס פועל'ט אז דער קינד זאל דאס וועלן ממשיך זיין וואס פריער, און אזוי ווי ער האט מצליח געווען ביז איצטער - איז ער נאך מעלה בקודש און מוסיף אין לימוד התורה און קיום המצוות.

און אין דעם זמן הפנוי וואס בלייבט טוט ער אין "והשיב לב אבות על בנים", אין אן אופן־פון "כבד את אביך ואת אמך"[194], אבער ביחד עם זה מתוך שמחה און מיט א תוקף.

ובפרט אז דער קינד פארבינדט דאס מיט "אל תירא מפחד פתאום", וואס דאס איז פארבונדן מיט "אל תירא עבדי יעקב" (כנ"ל סכ"ז), וואס דאס באווייזט בפשטות אויף א מעמד ומצב פון זמן הגלות, "עבדי יעקב" - ווארום אויב דאס איז ניט אין זמן הגלות דארף מען ניט האבן די באווארעניש פון "אל תירא" -

איז אזוי ווי דער קינד וויל אז זיין פאטער און מוטער, מיטן גאנצן עם ישראל זאלן ארויסגיין פון גלות - דערפאר איז ער ממשיך אין דעם "והשיב לב אבות על בנים", און מיט א כבוד אמיתי, וביחד עם זה - מיט א שמחה און תוקף, און ער בעט בא זיין פאטער און מוטער, און בא זיין זיידע און באבע, אז זיי זאלן נאכמער מוסיף זיין אין תומ"צ וואס זיי האבן געטאן בחור הכנה צו תגה"פ און בימי הפסח עצמו.

לה. אזוי ווי ס'איז געווען בא גאולת פורים, אז אע"פ וואס דער קול גדיא פון די תינוקות האט אויפגעטאן די גאולה, האט

- אבער -

---

192) מלאכי ג, כג. 193) ראה עידובין מג, ריש ע"ב. פרש"י עה"פ בחוקותי כו, מג. ובכ"מ. 194) יתרו כ, יב.

אבער געווארפט זיין אז מרדכי זאל טאן דעם "לך כנוס את כל היהודים" -

עד"ז איז אויך איצטער, אז די וואס דער אויבערשטער האט זיי געמאכט בהשגח"פ פאר מחנכים ומחנכות, ועאכו"כ רבנים, וואס זיי זיינען סמוכים איש מפי איש [בדוגמא ווי מרדכי וואס ער איז געווען פון די סנהדרין[195]], במילא האבן זיי דאך כחות גדולים - דערפאר ליגט אויף זיי די אחריות אז זיי זאלן טאן אין די אלע פעולות פארבונדן מיט קינדער.

און זיכער וועלן זיי אויסנוצן דעם זמן פון "ויהי ביום השמיני", און דעם זמן פון חודש ניסן, וואס "בניסן נגאלו בניסן עתידין ליגאל", אויף טאן אין די אלע פעולות מיט קינדער.

און וויבאלד אז חודש ניסן איז אויך כולל דעם ערשטן טאג פון ר"ח אייר וואס איז ל' ניסן, וואס ל' ניסן איז דער תכלית השלימות פון גאנץ חודש ניסן, ווארום א חודש פון ל' ימים באווייזט אז ער איז א חודש שלם ומלא, און דער ערשטער טאג ר"ח שלעפט שוין מיט זיך אויך דעם צווייטן טאג פון ר"ח אייר -

וועלן זיי (די מחנכים ומחנכות וכו') זיכער אויסנוצן אויך דעם זמן אויף די אלע פעולות מיט קינדער.

לו. ויה"ר אז מ'זאל ניט דארפן אנקומען צו די עבודה, ווארום עס וועט שוין זיין נאך דעם "יום ה' הגדול והנורא", און בינתיים וועט קומען אלי' הנביא און מבשר זיין די גאולה, און תיכף ומיד וועט זיין דער "מיד הן נגאלין", דורך דוד מלכא משיחא,

וואס ער וועט נעמען אלע אידן, "למקטנם ועד גדולם", און זיי צוברענגען צו די אלע ענינים וואס וועלן זיין לע"ל,

צו דעם "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים", און צו דעם "כולם ידעו אותי למקטנם ועד גדולם", וואס ע"ד ווי אין ים זיינען דא דגים גדולים און דגים קטנים, און די מים זיינען מכסה אויףביידן בשוה - עד"ז וועט זיין לע"ל, אבער אין אן אופן פון "כמים לים מכסים", אז "למקטנם ועד גדולם" וועט זיין "ידעו אותי" בשוה, "כמים לים מכסים", כמבואר אין חסידות[196].

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך מעשינו ועבודתנו במשך זמן הגלות[197], ובפרט דורך די פעולות מיט די קינדער פאר בר

- מצוה -

---

195) ראה מגילה טז, ב. 196) שער האמונה שבהע' 120. ובכ"מ. 197) ראה תניא רפל"ז.

מצוה און פאר בת מצוה, וואס זיי זיינען "הבל שאין בו חטא", וואס "אין העולם מתקיים אלא בשביל הבל תינוקות של בית רבן", און זייער לימוד התורה איז "אין מבטלין תינוקות של בית רבן אפילו לבנין ביהמ"ק"[198],

און ווי גערעדט אמאל[199], אז דער פירוש אין דעם איז, ניט אז דורך דעם וואס "אין מבטלין תשב"ר אפילו לבנין ביהמ"ק" האלט דאס אפ ח"ו דעם בנין ביהמ"ק, ווארום מ׳קען ניט זאגן אז אן ענין פון תורה זאל אפהאלטן דעם בנין בית המקדש -

נאר דער פירוש אין דעם איז, ע"ד ווי מ׳זאגט אז דורך נתינת הצדקה איז "נעשה מוחו ולבו זכים אלף פעמים ככה"[200] - עד"ז איז דער זכות פון לימוד התורה פון דעם "הבל שאין בו חטא" העלפט ארויס אין דעם בנין בית המקדש.

לז. האמור לעיל בפשטות - איז:

די תינוקות (ילדים וילדות) דארפן מיטנעמען פון סעודתו של משיח, און פון כל ימי הפסח, על כל השנה כולה,

אז זיי זאלן מוסיף זיין אין החמדה ושקידה אין לימוד התורה און אין קיום המצוות.

און דערנאך אין א זמן וואס איז קיין סתירה ניט צו זייער לימוד התורה און קיום המצוות - זאלן זיי דאס ממשיך זיין אין הפצת היהדות, און אין "ואהבת לרעך כמוך", ובמיוחד אין דעם ענין שהזמ"ג - אז עס זאל זיין "והשיב לב אבות על בנים", און טאן דאס ביחד שאת וביתר עוז, ומתוך שמחה (ווי עס שטייט אין די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל).

און דורך דער הצלחה רבה ומופלגה וואס מ׳וועט האבן אין דעם, וועט דאס מוסיף זיין אין דער הצלחה רבה ומופלגה אין דעם "בעתה אחישנה" פון ביאת משיח צדקנו.

וואס דעמולט וועט זיין נאכמער ווי דער "הם הכירוהו תחלה" וואס איז געווען בא קרי"ס - ווארום בא קרי"ס האבן זיי געזאגט "פעם אחת זה א-לי", משא"כ אין דער גאולה העתידה וועט מען זאגן "ב׳ פעמים" זה א-לי[201], וכמחז"ל "עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים והוא יושב ביניהם בג"ע וכל אחד ואחד מראה באצבעו שנאמר[202] ואמר ביום ההוא הנה אלקינו <u>זה</u> קוינו לו ויושיענו <u>זה</u> ה׳ קוינו לו נגילה ונשמחה בישועתו",

- ווי -

---

198) שבת קיט, ב. 199) שיחת כ"ף מנחם-אב תשל"ט סי"ד. 200) תו"א בראשית א, ב. וראה אוה"ת בראשית (כרך ו) תתרכו, ב ואילך. 201) שמו"ר ספכ"ג. 202) ישעי׳ כה, ט.

ווי די גמרא זאגט אין סיום פון מס׳ תענית,

וואס דער סיום פון מסכת תענית, באווייזט אז אלע ענינים פארבונדן מיט תענית וועלן נסתיים ווערן, ומתוך שמחה וטוב לבב,

[בדוגמא ווי אין חודש ניסן איז מושלל דער ענין התענית, ווי עס שטייט אין שו"ע[203]],

איז אין דעם סיום וחותם פון מסכת תענית זאגט מען אז מ׳וועט זאגן ב׳ פעמים זה,

וואס דאס קומט נאך דערויף וואס ס׳איז געווען דער "הס הכירוהו תחלה" וואס מ׳האט געזאגט "פעם אחת זה א-לי" בא קרי"ס, און נאך דערויף איז געקומען אחש"פ און זיי האבן זיך משתתף געווען אין סעודתו של משיח, אז מ׳גרייט זיך גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו - איז דעמולט זאגט מען ב"פ זה, "הנה אלקינו זה קוינו לו ויושיענו זה ה׳ קוינו לו נגילה ונשמחה בישועתו",

בקרוב ממש, אנהויבנדיק דערמיט וואס מ׳זינגט א ניגון שמח, און דערמיט גייט מען לקבל פני משיח צדקנו מתוך שמחה,

והס, די קינדער, בראשס, וואס "הקטן יהי׳ לאלף והצעיר לגוי עצום גו׳ בעתה אחישנה", ובעגלא דידן.

זאל מען אויסקלייבן א ניגון וואס אלע קטנים קענען איס.

כ"ק אדמו"ר שליט"א החחיל לנגן ושמחת בחגך.

* * *

לח. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות.

* * *

לט. מ׳האט גערעדט פריער (ס"ו) וועגן דעם ענין פון משיח׳ס סעודה, וואס דבותינו נשיאינו האבן אין דערויף מוסיף געווען (און שוין אויך אפגעדרוקט[40]) אז מ׳זאל דעמולט אויך טרינקען ד׳ כוסות (אע"פ אז מ׳האט דאס ניט פארבונדן מיט ג׳ מצות, מאיזה טעם שיהי׳) -

וועט מען מסתמא מקיים זיין דעם מנהג במעשה בפועל, וכנ"ל אז "המעשה הוא העיקר".

ווארוס אע"פ אז לכאורה איז "אחכה לו בכל יום שיבוא", אז מ׳ווארט אויף משיח׳ן יעדן טאג,

- ובפרט -

---

203) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סתכ"ט ס"ב (ס"ט).

ובפרט ע"פ תורת הבעש"ט[204] אז "במקום שמחשבתו ורצונו של אדם - שם הוא נמצא", וואס לפ"ז איז מובן, אז בשעת במחשבתו ורצונו איז "אחכה לו בכל יום" - איז "שם הוא נמצא" -

אעפ"כ, איז דאך דאס אן ענין וואס איז פארבונדן מיט מחשבה ורצון, און מ'קען אויך אראפקומען בדיבור, בפרט בא די וואס זאגן יעדן טאג "אני מאמין" בדיבור,

משא"כ דער ענין פון סעודת משיח - איז פארבונדן מיט א מעשה בפועל,

ובפרט אז עס ווערט דם ובשר כבשרו, און דאס (וואס ער האט געגעסן בא משיח'ס סעודה) באלעבט אים, און איז מחזק און נעמט אנטייל אין אלע זיינע פעולות במוצאי יו"ט, באסרו חג און במשך דעם גאנצן יאר.

מ. ע"פ די הוראה פון דעם אלטן רבי'ן[205], אז מ'זאל לעבן מיט פרשת השבוע - דארף מען דאך פארבינדן די ענינים הנ"ל מיט פרשת השבוע.

וויבאלד אז היינט איז יום שלישי בשבוע פון פ' שמיני, איז דער שיעור חומש פון היינטיקן טאג פון שלישי ביז רביעי.

וואס די התחלה פון דעם שיעור איז, אז נאך די אלע הכנות וועגן וועלכע עס רעדט זיך פריער, מיט "ויברכם" - "ברכת כהנים"[206], ביז צו "וירא כבוד ה' אל כל העם"[207] - איז נאך דעם געווען "ותצא אש מלפני ה' ותאכל על המזבח את העולה ואת החלבים וירא כל העם וירונו ויפלו על פניהם"[208], און רש"י איז מפרש "וירונו" - "כתרגומו" - "ושבחו", ד.ה. אן ענין של שירה והודאה.

וואס דא זעט מען אויך דעם ענין הנ"ל, די הדגשה אויף "המעשה הוא העיקר" - ווארום דער אויפטו פון די ענינים וועגן וועלכע עס רעדט זיך אינעם שיעור פון יום שלישי איז, אז ס'איז געווען דער מעשה בפועל.

מא. והביאור בזה:

אין שבעת ימי המילואים זיינען דאך געווען כו"כ עשיות און הקרבת הקרבנות, ובפרט ביום השמיני למילואים, ובפרט לויט דעם וואס עס שטייט אין סדר עולם[209] אז "אותו היום נטל

- עשר -

---

204) ראה כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות לח. וש"נ.
205) היום יום ע' קא. סה"ש תש"ב ע' 29 ואילך. 206) פרשתנו ט, כב. פרש"י עה"פ. 207) פרשתנו שם, כג. 208) שם, כד.
209) פ"ז.

עשד עטרות", וכמבואר בארוכה דער ענין בזה אין די דרושים עה"פ ויהי ביום השמיני (און אין די דרושים וואס זיינען מבאר די ענינים פון דעם פסוק),

ביז אז דעמולט איז געווען ברכת כהנים, "ויצאו ויברכו את העם", וואס האט געבראכט "וירא כבוד ה' אל כל העם" -

אבער אעפ"כ האט נאך אלץ געפעלט אין דער שלימות, אין דעם מעשה בפועל, און ווי רש"י [210] ברענגט (פון מדרש[211]) אז "כיון שדאה אהרן שקרבו כל הקרבנות ונעשו כל המעשים ולא ירדה שכינה לישראל הי' מצטער כו'",

ווארום הגם ס'איז שוין געווען דער "וירא כבוד ה' אל כל העם", און נאך פריער, אין דעם ערשטן טאג פון ז' ימי המילואים, שטייט שוין[212] "וכבוד ה' מלא את המשכן", ביז אז דערפאר איז "ולא יכול משה לבוא אל אוהל מועד"[213] -

אעפ"כ איז נאך ניט געווען די שלימות במעשה בפועל;

און דאס האט זיך אויפגעטאן אין דעם שיעור פון יום השלישי - "ותצא אש גו'", וואס דאס האט געבראכט "וירא כל העם וירונו ויפלו על פניהם".

מב. דוגמא לדבר בהלכה:

די גמדא זאגט אין יומא [214] אז ס'איז פאראן אן "עבודה תמה", "עבודה שהיא גומרת ומתממת את הדבר"[215], און ס'איז פאראן אן "עבודה שיש אחרי' עבודה", וואס זי איז ניט קיין "עבודה תמה".

איז דאך דער דין אז אויך די עבודה שאינה תמה האט גדרים ודינים פון אן עבודה וכו' -

אבער פונדעסטוועגן איז דאס ניט קיין "עבודה תמה" (וכמבואר בגמרא שם די נפק"מ בזה פון כהונה און בגדי כהונה וכו'), ווארום מען דארף אנקומען צו נאך אן עבודה וואס זאל איר משלים זיין.

ועד"ז בעניננו:

די אלע עשיות און עבודות פון ז' ימי המילואים, און אויך פון יום השמיני גופא בתחלת היום, זיינען געווען אלץ בשלימות;

- מען -

------------

210) עה"פ פרשתנו שם, כג. 211) תו"כ עה"פ.
212) פקודי מ, לד. 213) שם, לה. 214) כד, א ואילך. וראה לקו"ש אחרי תשל"ז ס"ה. 215) פרש"י שם ד"ה עבודה תמה.

מען האט נאך אבער געדארפט אנקומען צו דעם ענין וואס איז גומר ומתמם את הדבר -

און דאס האט זיך אויפגעטאן אין דעם מעשה בפועל, ווען "ותצא אש גו׳ מלפני ה׳ ותאכל על המזבח את העולה ואת החלבים" וואס דאס איז דער תכלית פון די אלע עשיות ועבודות לפנ"ז, ביז "וירא כל העם וירונו", "וישבחו",

ביז "ויפלו על פניהם" - וואס דאס גופא איז א הדגשה אויף ענין המעשה, אז די מעשה בפועל פון "ותצא אש גו׳" האט געבראכט צו דער מעשה פון "ויפלו על פניהם".

מג. עד"ז געפינט מען די הדגשה אויף ענין המעשה אויך אין דעם סיום פונעם שיעור חומש פון אחרון של פסח:

בסיום השיעור[216] רעדט זיך וועגן דעם ציווי פון "יין ושכר אל תשת אתה ובניך אתך בבאכם אל אהל מועד וגו׳", און איז מסיים אין דעם לעצטן פסוק[217]: "ולהורות את בני ישראל גו׳", וואס דערפון לערנט מען אפ אז "אסור שיכור בהוראה"[218].

זאגט אויף דעם די גמרא אין כריתות[219]: "ולהורות זו הוראה כו׳, אשר דבר ה׳ זו הלכה, ביד משה זה תלמוד, יכול אף המשנה ת"ל ולהורות, ר׳ יוסי ב"ר יהודה אומר יכול אף תלמוד ת"ל ולהורות".

און די הסברה בזה: דער ענין פון "להורות" מיינט הוראה להלכה למעשה, און וויבאלד אז "אין מורין הלכה מתוך משנה"[220], איז מען דאס ממעט פון "ולהורות".

ד.ה. דער ענין פון משנה איז טאקע זייער א חשוב׳ער ענין, און מ׳איז מקיים דערמיט די מצוה פון לימוד התורה מיטן גאנצן שטורעם - אבער אז עס קומט צו הלכה <u>בפועל</u>, איז די וואס זיינען "מורין הלכה מתוך משנתן" זיינען "מבלי עולם"[221].

עד"ז איז אויך אין דער שיטה פון ר"י בר"י - "לא אסרתי אלא הוראת הלכה למעשה"[222], משא"כ גמרא ("תלמוד"), זאגט דאך די גמרא אין ב"ב[223] אז "אין למדין הלכה כו׳ לא מפי גמרא".

מד. וואס בכל הנ"ל זעט מען די הדגשה אויף ענין המעשה:

------------ - הגם -

216) פרשתנו י, ט. 217) שם, יא. 218) פרש"י עה"פ. 219) יג, ב. 220) פרש"י ד"ה ת"ל - כריתות שם. 221) סוטה כב, א (בגמרא). וראה גם שם לפנ"ז כ, א (במשנה). 222) פרש"י ד"ה ר׳ יוסי - כריתות שם. 223) קל, ב (ע"פ גירסת הרשב"ם שם).

הגם אז זייענדיק שהויי יין לערנט מען אויך משנה וגמרא, און מ׳איז דערמיט מקיים די מצוה פון תלמוד תורה בתכלית השלימות, וואדום מ׳לערנט באופן הראוי, אז מ׳פאר־שטייט און מ׳איז זיך מפלפל אין וואס מ׳לערנט (וואדום אויב ניט - איז מאי קמ"ל אז "אסור שיכור בהוראה")׳

איז אבער ע"ד ווי גערעדט אין תחלת השיעור דיום זה, אז כל העניינים שלפנ"ז זיינען בבחי׳ עבודה שאינה תמה, הגם עס זיינען געווען די אלע ענינים פון ז׳ ימי המילואים, ויום השמיני למילואים בשלימותם, ביז צו ברכת כהנים, וואס "עד מהרה ירוץ דברו"[224] - און די תמימות ושלימות קומט דוקא ווען דאס קומט אראפ אין מעשה בפועל -

עד"ז איז אויך אין דעם ענין, אז הגם ער איז מחוייב אין לימוד התורה אויך ווען ער האט געטרונקען א רביעית יין[225], און ער לערנט תורה בשלימות, משנה וגמרא וכו׳ - איז אבער דער שלימות הענין דוקא אין "ולהורות", אין הוראת הלכה למעשה.

מה. אויך דער כללות הענין פון יום השלישי בשבוע איז פארבונדן מיט דער הדגשה על ענין המעשה:

ווי גערעדט כמ"פ, איז דער ענין פון יום השלישי שהוכפל בו כי טוב[226] - "טוב לשמים וטוב לבריות"[227], ד.ה. אז די שמים און די בריות ווערן א מציאות אחת, און ווען איז "שמים" כדבעי - דוקא ווען דאס קומט אראפ אין "בריות", אין מעשה.

דוגמא לדבר:

אין עשרת הדברות, וואס מטרתם איז דאך - צו דורכנעמען וועלט, האט געפעלט בתחלתם אין דעם ענין פון דורכנעמען וועלט, וואדום די ערשטע דברות האבן ניט דערנומען אוה"ע, כידוע אז ווען די אוה"ע האבן געהערט די ערשטע דברות האבן זיי גע׳טענה׳ט "כבוד עצמו הוא דורש"[228]; און דוקא נאך דעם דיבור פון "כבד את אביך ואת אמך" האט דאס זיי דערנומען,

ד.ה. אז דער כיבוד אב ואם (טוב לבריות) האט גע׳פועל׳ט א שלימות אין "אנכי ה׳ אלקיך" (טוב לשמים).

- וע"ד -

---

224) ל׳ הכתוב - תהלים קמז, טו. וראה לקו"ת ס"פ קרח (נה, ג ואילך). 225) כריתות שם. תו"כ עה"פ. 226) ראה פרש"י עה"פ בראשית א, ז. 227) ראה קידושין מ, ב. וראה אוה"ת בראשית לג, ב. משפטים ע׳ א׳קנז. א׳קסא ואילך. ועוד. 228) קידושין לא, א.

וע"ר תורת כ"ק אדמו"ר הזקן[229], אז "ואהבת לרעך כמוך" איז א כלי צו "ואהבת את ה' אלקיך"[230], וואס דער תכלית פון א כלי איז, זי זאל ווערן איין מציאות מיטן אור כמבואר בכ"מ[231],

וכידוע די דוגמא לזה[232] פון א הלכה אין הל' שבת, אז אויב מ'איז מוציא א כלי (וואס איז א שיעור מלא להוצאה והכנסה) מרשות היחיד לרשות הרבים וכו', איז מען חייב; אבער "המוציא אוכלין פחות מכשיעור בכלי פטור אף על הכלי, שהכלי טפל לו"[233], ווארום וויבאלד אז דער תכלית פון דער כלי איז דער אוכל שבו, איז די כלי בטל צום אוכל.

מו. ובנוגע לפועל:

אזוי ווי מ'עסט איצטער משיח'ס סעודה, זאל מען מקיים זיין בפועל דעם מנהג פון שתיית ד' כוסות, ובמעשה בפועל, טאקע פיר כוסות און ניט קיין דריי,

און וויבאלד אז כ"ק מו"ח אדמו"ר האט דערציילט אז דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט תומכי תמימים -

איז דער זכות פון תומכי תמימים צו זעהן אז די אלע וואס האבן גענומען דריי כוסות, זאלן נעמען דעם פערטן כוס, און עאכו"כ די וואס האבן גענומען ווייניקער - זאלן נעמען כראוי,

ומתוך שמחה וטוב לבב.

ובקרוב ממש וועט מען זוכה זיין לקיום מארז"ל אז די ד' כוסות זיינען כנגד די ד' כוסות וואס זיינען פארבונדן מיט דער גאולה העתידה (כנ"ל ס"ו),

ובקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו, דוד מלכא משיחא, וואס ער וועט האבן דעם כוס של ברכה, "כוסי רוי'"[234], ווי די גמרא[235] זאגט אז דוד וועט זאגן "אני אברך ולי ראוי לברך",

בקרוב ממש, למטה מעשרה טפחים, ובעגלא דידן.

* * *

מז. מ'האט פריער גערעדט (סי"ב ואילך) אז די קינדער פארנעמען אן אדט הויבן-אן במשך ימי הפסח,

- אנהויבנדיק -

------------

229) סה"ש ה'ש"ח ע' 3. 230) ואתחנן ו, ה. 231) ראה ספר הערכים-חב"ד ע' אורות דספירות - ביחס לכלים ס"ב. ס"ח סק"א. וש"נ. ועוד. 232) ראה סה"מ אעת"ר ס"ע קפר ואילך. ובכ"מ. 233) שבת צג, סע"ב במשנה. רמב"ם הל' שבת ספי"ח. 234) תהלים כג, ה. יומא עו, א. 235) פסחים קיט, ב.

אנהויבנדיק גלייך פון דעם סדר וואס איז אין אנהויב פון חגה"פ, וואס אין דעם באשטייט דער חידוש פון חגה"פ לגבי שאר המועדים, ווארום דער ענין התפלה, און אפילו הלל וואס מ'זאגט פסח - איז קיין חידוש ניט, ווארום דאס איז דא אויך אין די אנדערע צוויי רגלים; משא"כ אבער דער ענין פון עריכת הסדר און סיפור יצי"מ איז א חידוש וואס איז פארבונדן במיוחד מיט חג הפסח -

איז די התחלה און דער יסוד פון דעם גאנצן סדר - דער ענין פון "והגדת לבנך", אז דער בן איז שואל און איז מעורר און עפענס בא זיין פאטער, אז ער זאל אים ענטפערן און פאר-ענטפערן זיינע שאלות.

וואס דורך די שאלות פון דעם בן ווערט אויפגעטאן דער גאנצער סיפור פון יצי"מ בא דעם סדר, ביז צו דעם סיום פון "מגיד", "ברוך אתה כו' אשר גאלנו וגאל את אבותינו ממצרים והגיענו הלילה הזה כו' כן ה' אלקינו ואלקי אבותינו יגיענו למועדים ולרגלים אחרים הבאים לקראתנו לשלום", ביז צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס זי ווערט אויך נכלל אין דער אמירה וואס ווערט נהעורר דורך דעם בן שואל.

מח. די הדגשה מיט תינוקות בחגה"פ איז אויך פארבונדן מיט המדובר לעיל (ס"א) אז פסח האט זיך אויפגעטאן דער "לקחת לו גוי מקרב גוי", אז אע"פ וואס נאך פאר יצי"מ זיינען אידן געווען א "גוי", ביז ווי עס שטייט "וירד מצרימה גו' ויהי שם לגוי גדול עצום ורב" - איז דאס אבער געווען אין אן אופן פון "גוי בקרב גוי", ווי עס שטייט אין כתבי האריז"ל אז דאס איז דער ענין העיבור, כנ"ל,

און דערנאך, בא גאולת מצרים, האט זיך אויפגעטאן דער "לקחת לו גוי מקרב גוי" - די לידה פון עם ישראל.

אין אותיות פשוטות:

גלות איז געגליכן צו עיבור, וואס דער ענין פון עיבור איז - אז דער עובר האט ניט קיין אייגענעם דעת און איז ניט קיין בעה"ב אויף זיך: ער גייט נאך נאך זיין מוטער, און ער איז "אוכל ממה שאמו אוכלת ושותה ממה שאמו שותה"[236],

און אפילו ווען עס ווערט קרוב צו דער זמן הלידה (וואס לידה איז בדוגמא צו דער גאולה פון גלות), וואס דעמולט ווערט נגמר צורת הולד, מיט אלע זיינע אברים, ביז אויך די שערות און צפרנים - איז דאס אבער אין אן אופן פון

- "עינים" -

---

236) נדה ל, ב.

"עינים להם ולא יראו אזנים להם ולא ישמעו"[237] - ער האט קיין דעה ניט אויף זיך,

נאך ערגער: ער וויל גאר קיין דעה ניט האבן - ער האט קיין תשוקה ניט צו שטיין ווי א מציאות בפ"ע, און צו זיך פירן ווי ביי אים קומט אויס (אדער ווי ביי אים וועט אויסקומען)!

וואס דאס איז דער ערשטער סימן פון גלות - אז מ׳וויל גאר ניט ארויסגיין פון גלות, און מ׳פירט זיך ווי גלות מאנט אז מ׳זאל זיך פירן.

וואס אזוי ווי ער איז אן "אדם"[238], איז ער "אדמה לעליון"[239], במילא האט ער עינים און אזנים און ידים און רגלים, און אלע ענינים - ער איז אבער "בקרב גוי": ער טראכט זיך ניט פאר קיין מציאות בפ"ע,

וואס דאס איז נאך נידעריקער פאר "ונהי בעינינו כחגבים"[240], ווארום דארטן קוקט ער אויף זיך טאקע ווי א קליינע מציאות - אבער פארט א מציאות, משא"כ אן עובר קוקט אויף זיך בכלל ניט ווי א מציאות.

מט. דערנאך, אין דעם טאג פון יצי"מ, איז געווען די לידה פון עם ישראל, כמבואר אין נבואת יחזקאל, וואס דעמולט איז געווארן "לקחת לו גוי מקרב גוי": אידן זיינען ארויס פון בחי׳ עיבור, גלות מצרים, און זיי זיינען געווארן א מציאות בפ"ע.

וואס דער כח לזה איז געווען פון דעם אויבערשטן, און דערנאך איז ארויסגעקומען דער ענין הלידה ביז ווי דאס איז בגשמיות, כמבואר אין דער נבואה אלע פרטים שבזה, אז ס׳איז געווען "ואעבור עליך ואראך מתבוססת בדמיך ואומר לך בדמיך חיי ואומר לך בדמיך חיי"[241] וכו׳.

און ע"ד ווי דאס איז בגשמיות אזוי פארשטייט מען ווי דאס איז ברוחניות הענינים.

וואס דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס דער אויבערשטער אליין האט אויפגעהאדעוועט די קינדער אין מצרים, ווי עס שטייט "ויניקהו דבש מסלע ושמן מחלמיש צור", און דאס האט דערנאך געבראכט אז זיי זאלן זאגן "זה א-לי ואנוהו" בא קריעת ים סוף.

- נ. -

---

237) ל׳ הכתוב - תהלים קטו, ה-ו. וראה תו"א ר"פ וארא.
238) ראה יבמות סא, רע"א. 239) של"ה כ, ב. שא, ב. ובכ"מ.
240) שלח יג, לו. 241) יחזקאל טז, ו.

ג. כמדובר כמ"פ אז מ׳דארף ארויסנעמען פון יעדער ענין אין תורה א הוראה, וואס תורה איז מלשון הוראה[242], און אזוי ווי די תורה איז נצחית[243] דארף אויך די הוראה זיין נצחית:

ווען עס קומט דער זמן פון חגה"פ, דער זמן פון לידת עם ישראל, איז א זמן המוכשר צו מעורר זיין וועגן דעם ענין פון חינוך פון קטנים וקטנות כפשוטם:

מ׳קען לכאורה טענה׳ן אז מ׳געפינט זיך אין א מצב פון "גוי בקרב גוי", ס׳איז "אתם המעט מכל העמים"[244], און מ׳איז אן עם "מפוזר ומפורד בין העמים"[245], וואס דאס מיינט אז מ׳געפינט זיך צווישן גוים אין אן אופן פון פיזור און פירוד, און מ׳איז ניט קיין מציאות בפ"ע, "עינים להם ולא יראו אזנים להם ולא ישמעו".

ובפרט אז דער קלוגינקער קומט צוגיין און הויבט אן טענה׳ן אז "ככל הגוים בית יהודה"[246], און מ׳האט קיין ברירה ניט ווארום "אין סומכין על הנס"[247], מ׳דארף גיין ע"פ דרך הטבע, און ע"פ דרך הטבע דארף מען זיך רעכענען מיט פרעה מלך מצרים, ווארום ער איז א "מושל בכיפה"[248], ובמילא איז אי אפשר צו אנטלויפן פון איס, דערפאר וואס ער איז דער מלך בכל העולם כולו.

דערנאך טוט זיך דער קלוגינקער גאר אן אין אן איצטלא של יראת שמים:

אזוי ווי יעדער זאך איז בהשגח"פ, און מיר זיינען ניט אליין געגאנגען אין גלות[249], נאר דאס איז צוליב דער גזירה ביים ברית בין הבתרים, "ועבדום וענו אותם ארבע מאות שנה"[250] - איז במילא דארף מען האבן א געשמאק אין דעם ענין הגלות, און מ׳דארף שרייען אז דער גלות איז א גוטע זאך!

און עס דארף זיין "אל תתגרה בגוי קטן"[251] עאכו"כ "בגוי גדול", ועאכו"כ פאר א "מושל בכיפה",

און במילא דארף זיין "כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו"[252]: מ׳דארף נעמען אידישע קינדער און זיי אריינ-ווארפן, רח"ל, אין דער פרנסה פון מצרים, און אין דער ע"ז זייערע[253], טענה׳נדיק, אז אזוי ווי מ׳איז אין גלות "אנוס

- ע"פ -

------------

242) זח"ג נג, ב. 243) תניא רפי"ז. ובכ"מ.
244) ואתחנן ז, ז. 245) מג"א ג, ח. 246) יחזקאל כה, ח. וראה גם שם כ, לב. 247) ראה פסחים סד, ב. זח"א קיא, ב. ועוד. 248) ראה מכילתא עה"פ בשלח יד, ה. זח"ב ו, א.
249) ראה גם לקו"ד כרך ד תרצב, א. 250) לך לך טו, יג.
251) ראה פסחים קיג, א. 252) ל׳ הכתוב - שמות א, כה.
253) ראה לקו"ש שמות תשל"ח ס"ג ואילך.

ע"פ הדיבור[254], און "אין סומכין על הנס", דארף מען זיי ארייננווארפן אין דער ע"ז!

קומט צוגיין דער ענין פון חגה"פ און איז מודיע אז מ׳איז ערשט געבארן געווארן,

וואס דערפאר, איז אע"פ וואס לעיני בשר זעט זיך גאר אויס לכאורה אז ער איז ניט קיין מציאות בפ"ע, אזוי ווי אן עובר - ווערט ער אבער דערפון ניט נתפעל, ווארום ער ווייסט אז ער איז שוין געבארן געווארן, און באמת איז ער א מציאות בפ"ע, אינגאנצן ניט אפהענגיק פון די וועלט ארום אים.

נא. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

נב. ובנוגע לפועל:

אזוי ווי עס הויבט זיך באלד אן די התחלה פון זמן הקיץ, הויבט מען זיך שוין אן גרייטן צו פארשרייבן קינדער אין מחנות קיץ, וואו זיי וועלן זיין במשך כל הקיץ - דארף מען שוין איצטער זעהן אז מ׳זאל פארשרייבן די קינדער אין א מחנה קיץ כדבעי ע"פ התורה ומצוותי׳.

ועד"ז הויבט מען אן איצטער פארשרייבן די קינדער אין וועלכן בית-ספר זיי וועלן גיין אין שנת הלימודים פון שנה הבאה - דארף מען זעהן אז מ׳זאל זיי פארשרייבן אין א ת"ת אדער א ישיבה וואס איז מיוסד אויף א חינוך הכשר.

והעיקר איז בנוגע צו פארשרייבן די קינדער אין מחנות קיץ כדבעי, וכמדובר כמ"פ אז א מחנה קיץ האט אין זיך א מעלה לגבי א בית-ספר - ווארום:

בשעת מ׳שיקט א אידיש קינד אין א בית-ספר שלא כדבעי, איז ער טאקע במשך א פאר שעה אין טאג בסכנה - מ׳האפט אבער אז ווען ער קומט אהיים וועט ער האבן א "טיטשער" וואס וועט מיט אים לערנען תורת ה׳, און אים מסביר זיין אז אלץ וואס ער האט געלערנט אינדערפרי איז שקר וכזב וכו׳;

משא"כ אויב מ׳שיקט דעם קינד צו א מחנה קיץ שלא כדבעי, איז ער דאך דארטן כל המעל"ע כולו אונטער דער זעלבער השפעה, ביז אז ער איז דארטן 3 וואכן, אדער 6 וואכן, אדער 2 חדשים, אדער 3 חדשים, און ביז ער קומט דערנאך אהיים ווייסט מען ניט וואס טוט זיך בכלל מיט אים.

און אפילו אז די עלטערן קומען זעהן דעם קינד אין דעם

- מחנה -

---

254) הגש"פ. וראה לקוטי טעמים וכו׳ שם.

מחנה קיץ עטליכע שעה במשך כמה שבועות - איז דאך אבער ידוע
אז במשך יענע שעות שטעלט מען אן דעם קינד אז ער זאל זיך
שפילן און זיין אנגעבלאזן וכו׳, אבער וואס עס טוט זיך
טאקע דארטן - זעהן ניט די עלטערן.

נג. וואס דערפאר איז כאן המקום להעיר, אז אזוי ווי
מ׳געפינט זיך אין דעם זמן פון דער לידה פון יעדער אידן
און פון גאנץ עם ישראל, ובפרט אז די קינדער כפשוטו זיינען
דער יסוד פון גאנץ עם ישראל[255], וואס "הס הכירוהו תחלה",

און דורך דעם קול גדיא פון די קינדער איז אויך בטל
געווארן גזירת המן, און אזוי טוען אויף די קינדער אויך
איצטער, אז זיי זיינען מבטל אלע גזירות בלתי רצויות, דורך
דערויף וואס זיי שרייען "עוצו עצה ותופר גו׳", ובעיקר -
דורך זייער הנהגה כראוי אין תומ"צ -

זאל מען זעהן זיך משתדל זיין מיט די עלטערן און מיט
די קינדער, ואדרבה - בעיקר מיט די קינדער, אז בא זיי זאל
זיין "והשיב לב אבות על בנים": זיי זאלן מאנען פון זייערע
עלטערן אז מ׳זאל זיי שיקן צו א מחנה קיץ כשר ושמח, בדוגמא
ווי ס׳איז איצטער געווען א חג הפסח כשר ושמח.

וואס אויך דער ענין השמחה איז נוגע, ווארום עס דארף
דאך זיין "חנוך לנער ע"פ דרכו"[256] - אבער די ערשטע זאך דארף
דאס זיין א כשר׳ער קעמפ.

און ס׳איז א ז׳יכערע זאך אז בשעת אידישע קינדער בעטן
בא זייערע עלטערן מיט אן אמת - וועלן זיי זיכער אויספירן.

נד. די הוראה הנ"ל איז במיוחד פארבונדן מיט מחנכים און
מחנכות, מדריכים און מדריכות וכו׳ - אז זיי זאלן פועל׳ן
אויף די קינדער זיי זאלן גיין מאנען בא די עלטערן, אז
ווען עס קומט דער אזוי גערופענער חופש, זאל דאס זיין א
חופש נאר פון לימודי חול, משא"כ אבער פון תומ"צ איז ח"ו
אז דערפון זאל זיין חופש,

און דערפאר, מאנט דער קינד, וויל ער אז מ׳זאל אים
שיקן אין א מחנה קיץ וואס איז פארבונדן כל המעל"ע כולו
מיט יהדות, און אין א מחנה וואס אויף אים זאגט דער
אויבערשטער "ושכנתי בתוכם"[257].

און אז די קינדער וועלן אזוי מאנען, און מיט אן אמת,
וועלן זיי דורכפירן.

- וואס -

---

255) ראה אסת"ר פתיחתא יא. 256) משלי כב, ו. 257) ל׳
הכתוב - תרומה כה, ח. וראה של"ה סט, א. רא, א. שכה, ב.
שכו, ב. ובכ"מ.

וואס דורך דערויף וואס די מדריכים און מדריכות פועל'ן דאס בא די קינדער, זיינען זיי פשוט מציל די קטנים און קטנות, ובעיקר - אז זיי זיינען מעלה און הויבן אויף די קינדער פון מעמדם ומצבם ווי דאס איז געווען ביז דעמולט.

ווארום אפילו בשעת מ'שיקט די קינדער אין די אזוי-גערופענע כשר'ע קעמפ'ס, זיינען דאך אבער דא כמה דרגות אין כשר: ס'איז דא כשר בדיעבד, כשר לכתחלה, און "גלאט כשר" (בלשון המדינה),

וואס דעדפאר דארף מען זעהן זיי שיקן אין די סאמע כשר'סטע קעמפ'ס.

ובקדוב ממש שטעלט מען אויף כשר'ע קינדער, כשר'ע זין און כשר'ע טעכטער, און זיי מאכן כשר'ע עלטערן (אויב עס האט בא זיי עפעס געפעלט אין דעם), ביז אז מ'איז כשר און קדוש בתכלית השלימות.

און מ'גייט בשמחה וטוב לבב מקבל זיין פני משיח צדקנו.

*           *           *

נה. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק ועוד (בהמשך להנ"ל סנ"א).

*           *           *

נו. דער סדר איז דאך, אז נאך פסח, באסרו חג, מאכט מען א כינוס תורה, ועד"ז וועט דאך זיין בשנה זו.

וועט מען איצטער (בסיום פון דער התוועדות פון אחש"פ) רעדן (עכ"פ בקיצור) אן ענין אין נגלה בתור השתתפות אין דעם כינוס תורה.

ויה"ר אז דאס זאל זיין א "כינוס של צדיקים", וואס איז "הנאה להם והנאה לעולם"[256]:

אנהויבנדיק פון "הנאה להם", אז דורך דעם כינוס תורה קומט צו אין הבנה והשגה אין נגלה דתורה און אין פנימיות התורה בא די אלע משתתפים בזה, און בא די אלע שומעים;

און "הנאה לעולם", אז דער אור התורה ("תורה אור") און "נר מצוה"[257] באלייכטן די גאנצע סביבה, סיי די סביבה הקרובה און סיי די סביבה הדחוקה, ביז אז די גאנצע וועלט ווערט פארפלייצט מיט תומ"צ און מיט אידישקייט, ובלשון הכתוב "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים".

- נז. -

------------

258) סנהדרין עא, סע"ב במשנה. במדב"ר פט"ו יח.
259) משלי ו, כג.

נז. מ'האט גערעדט אין די פריערדיקע הת־וועדויות[260] אז פסח ווערט אנגערופן אין פסוק "שבת", ווי עס שטייט[261] "וספרתם לכם ממחרת השבת גו' שבע שבתות תמימות תהיינה", וואס "ממחרת השבת" מיינט דא "ממחרת היו"ט"[262].

וואס אע"פ אז נאר לויט דעת הביייתוסים מיינט דא "ממחרת השבת" "ממחרת שבת בראשית", משא"כ מיר האלטן אז דאס מיינט "ממחרה יו"ט"[262], און דאס וואס עס שטייט "ממחרת השבת" איז לכאורה נאר אן ענין צדדי, וואס האט קיין שייכות ניט מיט פסח -

האט מען אבער מבאר געווען, אז י"ל אז וויבאלד עס שטייט אין פסוק "ממחרת השבת" באווייזט דאס אז פסח האט א שייכות מיט שבת (לכל הדעות).

והביאור בזה:

עה"פ "וספרתם לכם ממחרת השבת גו' שבע שבתות תמימות תהיינה" שטייט אין מדרש[263]: "הניא ר' חייא כתיב שבע שבתות תמימות תהיינה, אימתי (הן תמימות[264]) בזמן שאין ישוע ושכני' ביניהם", ד.ה. [265] אז "כשבא ר"ח ניסן בשבת, יבא פסח בשבת כו' ואז הן השבתות תמימות כששת ימי בראשית".

וואס עפ"ז קומט אויס, אז אויך ע"פ דין תורה איז דא א מעלה בשעת פסח קומט אויס ביום השבת, וואס דעמולט איז "וספרתם לכם ממחרת השבת", "ממחרת השבת" כפשוטו (נוסף לזה וואס דאס איז "ממחרת יו"ט"):

בשעת פסח איז חל להיות באמצע השבוע, איז דעמולט דא אין ספה"ע נאר דער ענין פון מספר מ"ט ימים, עס פעלט אבער דער ענין פון "שבע שבתות תמימות".

משא"כ ווען פסח איז חל ביום השבת, איז דעמולט דא אין ספה"ע ניט נאר דער ענין פון מספר מ"ט ימים, נאר אויך דער ענין פון "שבע שבתות תמימות", ווארום מ'האט אנגעהויבן ציילן "ממחרת השבת" כפשוטו.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק אז דאס וואס עס שטייט אין פסוק "ממחרת השבת" לגבי פסח, איז דאס דערפאר וואס פסח האט א שייכות מיט דעם ענין השבת, וואס בגלוי קומט ארויס די שייכות בשעת פסח איז חל ריוח השבת, וואס דעמולט איז דא די

- מעלה -

------------

260) שיחת אור לי"א ניסן. ש"פ צו, שבה"ג סמ"א ואילך.
261) אמור כג, טו. 262) מנחות סה, סע"א ואילך. וראה גם תו"כ ופרש"י עה"פ. 263) קה"ר פ"א, ג. 264) מת"כ לקה"ר שם. 265) מת"כ שם בשם הרוקח

מעלה פון "שבע שבתות תמימות", דערפאר וואס מ'האט אנגעהויבן ציילן "ממחרת השבת" (נוסף צו "ממחרת יו"ט").

און מ'האט אין דערויף מבאר געווען, אז אע"פ וואס די שייכות פון פסח מיט שבת קומט ארוים בגלוי נאר ווען פסח איז חל בשבת, ווייבאלד אבער אז אין פסוק שטייט "ממחרת השבת" אויף (יעדער) פסח - איז פארשטאנדיק, אז אויך ווען פסח איז חל באמצע השבוע איז דא א מעין פון דעם ענין השבת, ד.ה. א מעין פון דעם ענין פון "שבע שבתות תמימות".

וע"ד ווי מ'געפינט בכמה ענינים אין תורה, אז בגלוי טרעפן זיי צוזאמען נאר איין מאל אדער עטליכע מאל - אבער דאס באווייזט אז זיי האבן א שייכות צווישן זיך (וואס דערפאר האבן זיי געטראפן צוזאמען),

און דערפאר ווערט דאס דערנאך א פעולה נמשכת, אז אפילו אין זמנים ווען דער ענין איז נפסק געווארן און מ'זעט עס ניט אן בגלוי, איז אויך דעמולט דא א מעין פון דעם וואס איז געווען פריער בגלוי.

נח. כמדובר כמ"פ אז תורה אחת היא - שפיגלט זיך אפ דער ענין אין אנדערע ענינים אין תורה:

אין מסכת שקלים[266] רעכנט אויס די משנה די נעמען פון די ממונים אין יעדער לשכה אין ביהמ"ק, "יוחנן בן פינחס על החותמות, אחי' על הנסכים, מתתי' בן שמואל על הפייסות, פתחי' על הקינין, פתחי' זה מרדכי וכו'".

וואס אע"פ אז די משנה רעכנט אויס די נעמען פון די ממונים אויף די לשכות - געפינט מען אבער ניט קיין דין אז יעדער ממונה אויף די לשכות האט געדארפט משנה שם זיין ווען ער איז געווארן א ממונה, און האבן דעם נאמען פון דעם ממונה וואס שטייט אין משנה.

ואדרבה, פון אלע מפרשי המשנה איז פארשטאנדיק אז די ממונים האבן געהאט אנדערע נעמען, נאר זיי זיינען אלע געווען נקראים על שם פון דעם ממונה וואס שטייט אין דער משנה ("על שם מרדכי הראשון היו נקראים הממונים על שמו לפי שאינם ממנים אלא בקיאים בעלי שכל ומדע", ו"כן על כולם")[267], אדער אז "החסידים והכשרים שבכל דור ודור הוא מונה"[268].

והביאור בזה:

ס'איז דאך א כלל אין תורה אז דער שם פון א זאך

- באווייזט -

------------

266) רפ"ה. 267) תויו"ט שם. מתוד"ה אמר - מנחות סד, סע"ב. וראה גם רע"ב שם. 268) רע"ב שם. מירושלמי שקלים שם.

באוויידט אויף דעם תוכן פון דער זאך, וואס בגלוי קומט דאס ארויס אין תורת הבעש"ט[269] אז "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" איז מחי׳, מהוה און מקיים די זאך,

און ע"פ נגלה געפינט מען אז ר׳ מאיר "הוה דייק (דורש) בשמא"[270], ביז ווי די גמרא[271] דערציילט אז אזוי ווי ר׳ מאיר האט מדייק געווען, אזוי איז געווען במעשה בפועל, וואס "מעשה רב";

וואס אע"פ אז דער ענין פון "דורש בשמא" איז געווען דער אויפטו פון ר׳ מאיר, געפינט מען אבער דעם ענין בכ"מ,

וואס דערפאר איז אויך דא דער ענין אז בשעת מ׳גיט איינעם א נאמען גיט מען אים ניט קיין נאמען וואס איז ניט למעליותא, נאר מ׳גיט אים א נאמען וואס האט אן עילוי און א סגולה, א נאמען נאך א צדיק, אלס "זכר צדיק לברכה"[272] וכו׳.

וואס איינער פון די טעמים אויף דעם איז, דערפאר וואס א נאמען האט א השפעה אויף די תכונות הנפש אדער אויפן חיות אדער אויפן קיום פון דעם וואס ווערט אנגערופן מיט דעם נאמען[273].

ועפ"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו די ממונים אויף די לשכות:

די נעמען פון די ממונים אויף די לשכות וואס ווערן אויסגערעכנט אין דער משנה, גיבן ארויס די תכונות הנפש וואס מ׳האט געדארפט האבן בכדי צו זיין א ממונה אויף יעדער לשכה מיוחדת,

וואס דערפאר האט בפועל איין ממונה געהייסן מיט דעם נאמען וואס שטייט אין משנה, און דערנאך די אלע וואס זיינען געווען ממונים אויף דער לשכה אין די דורות שלאח"ז (וואס האבן ניט געהייסן בשמם הפרטי מיט דעם נאמען) זיינען נקראים על שמם (פון די ממונים וואס שטייען אין משנה), דערפאר וואס אויך זיי האבן געדארפט האבן די תכונות וואס דער נאמען גיט ארויס.

נט. לכאורה איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

די ממונים וואס די משנה רעכנט אויס האבן געהאט די

- נעמען -

---

269) שעהיוה"א בתחלתו. 270) יומא פג, ב. תנחומא באבער (וראה בהערות אות קפב). ועוד. 271) שם. 272) משלי י, ז. וראה ירושלמי שם. 273) ראה ברכות ז, ב. תנחומא האזינו ז. וראה תשובות וביאורים ע׳ 3 ואילך. בהנסמן בשערי זהר ליומא שם.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

נעמען בשעת זיי זיינען געבארן געווארן, ולדוגמא - "מרדכי" האט געהייסן מרדכי פון ווען ער איז געבארן געווארן - איז פארשטאנדיק אז דער נאמען איז מתאר די תכונות פון דעם מענטשן;

אבער שאר הממונים האבן דאך געהאט אנדערע נעמען - איז ווי האבן זיי געהאט די תכונות וואס דער נאמען מרדכי גיט ארויס?

איז די הסברה בזה:

וויבאלד אז אין א געווויסער לשכה האט מען געדארפט האבן די תכונות פון מרדכי (לדוגמא), וואס דערפאר איז דאס ארויס בגלוי אז איין ממונה האט טאקע אזוי געהייסן משנולד - דערפאר ווערט דאס א פעולה נמשכת, אז בא דעם וואס איז בהשגח"פ געווארן ממונה אויף דער לשכה איז מען אין אים ממשיך (אדער מ'איז אין אים מגלה, אדער ער האט מעצמו) די תכונות.

ס. ועד"ז איז דאס בנוגע צו פסח און ספירת העומר:

תכלית השלימות פון ספה"ע איז - ווען אין אים זיינען דא ביידע מעלות - די מעלה פון מ"ט ימים, און די מעלה פון "שבע שבתות תמימות", וואס דאס קומט ארויס בגלוי ווען פסח איז חל בשבת.

אבער אפילו ווען קביעות החדשים איז באופן אחר, און פסח קומט ניט אויס בשבת - ווערט אויך אין דער ספה"ע נמשך דער ענין פון "שבע שבתות תמימות" (אע"פ וואס דאס איז ניט געווען "ממחרת השבת" כפשוטו), טאקע ניט בשלימות, אבער א מעין לזה ווערט נמשך.

און ווי גערעדט אין די פריערדיקע התוועדויות בארוכה, מיט נאך דוגמאות בזה.

סא. בהמשך להמבואר לעיל אז פסח האט א שייכות מיוחדת מיט שבת - איז דא נאך א דבר פלא, ועפ"ז וועט פארענטפערט ווערן א רמב"ם.

דער רמב"ם שרייבט אין דפ"ז פון הל' חמץ ומצה: "מצות עשה של תורה לספר בנסים ונפלאות שנעשו לאבותינו במצרים בליל חמשה עשר בניסן שנאמר[274] זכור את היום הזה אשר יצאתם ממצרים כמו שנאמר[275] זכור את יום השבת".

דאדף מען פארשטיין: וואס איז מוסיף די ראי' פון "זכור את יום השבת"?

- מפרשים -

---

274) בא יג, ג. 275) יתרו כ, ח.

מפרשים[276] שטעלן זיך אויף דערויף און זוכן דעם מקור, פון וואנעט נעמט דאס דער רמב"ם.

כמה מפרשים[277] זאגן אז דער מקור איז פון מסכת פסחים[278]: "צריך שיזכיר יציאת מצרים בקידוש היום, כתיב הכא[279] למען תזכור את יום וכתיב התם זכור את יום השבת לקדשו".

אבער דאס איז אן אנדער לימוד, ואדרבה - א פארקערטער לימוד פון דעם וואס דער רמב"ם שרייבט:

אין גמרא איז דער לימוד אז פון זכירת יצי"מ לערנט מען אפ אויף זכירת שבת, "שיזכיר יצי"מ בקידוש היום"; משא"כ דער רמב"ם שרייבט אז פון זכירת שבת לערנט מען אפ אויף זכירת יצי"מ, "מ"ע . . לספר . . בליל חמשה עשר בניסן . . כמו שנאמר זכור את יום השבת".

עד"ז צייכענען אן מפרשים[280] אז דער מקור פון דעם רמב"ם איז - פון מכילתא דרשב"י[281]: "מכלל שנאמר[282] והי׳ כי ישאלך בנך מחר לאמר יכול אם ישאלך אתה מגיד לו ואם לאו אי אתה מגיד לו, ת"ל[283] והגדת לבנך, אע"פ שלא שאלך, אין לי אלא בזמן שיש לו בן, בינו לבין עצמו בינו לבין אחרים מנין, ת"ל[284] ויאמר משה אל העם זכור את היום הזה אשר יצאתם ממצרים".

ווילן מפרשים לערנען אז דאס איז די כוונה פון רמב"ם דא אין דעם וואס ער שרייבט "כמו שנאמר זכור את יום השבת": אז פון "זכור את יום השבת" לערנט מען אויף פסח אז די זכירה דארף זיין אויך "בינו לבין עצמו".

מ׳קען אבער אזוי ניט זאגן - ווארום אין מכילתא דרשב"י ווערט בכלל ניט דערמאנט דער ענין פון שבת.

סב. לכאורה איז דאס אבער קיין אפשלאג ניט, ווארום אין ספר המצות[285] ברענגט דער רמב"ם בפירוש דעם לימוד פון מכילתא דרשב"י אז פון דעם פסוק "ויאמר משה אל העם זכור את היום הזה גו׳" לערנט מען אפ אז די זכירה דארף זיין אפילו "בינו לבין עצמו",

און נאך דעם וואס דער רמב"ם איז מעתיק די מכילתא, איז ער מוסיף: "כלומר שהוא צוה לזכרו כמו אמרו זכור את יום השבת לקדשו כו׳".

- וואס -

---

276) מגיד משנה, מגדל עוז ויד איתן לרמב"ם שם.
277) מגיד משנה ויד איתן שם. 278) קיז, ב. 279) ראה טז, ג. 280) מגיד משנה ומגדל עוז שם. 281) עה"פ בא שם, ח. 282) בא שם, יד. 283) שם, ח. 284) שם, ג. 285) מ"ע קנז.

וואס עפ"ז קען מען זאגן אז דער רמב"ם אין ספר היד פארלאזט זיך אויף דעם וואס ער שרייבט אין סהמ"צ אז פון שבת לערנט מען אפ אז עס דארף זיין די זכירה אפילו "בינו לבין עצמו".

מ'קען אבער אזוי ניט זאגן - ווארום:

א) דאס שטעלט נאר איבער די שאלה פון ספר היד אויף סהמ"צ: פון וואנעט נעמט דער רמב"ם (אין סהמ"צ) אז דער לימוד פון "זכור את היום הזה", אז עס דארף זיין די זכירה "בינו לבין עצמו", איז פארבונדן מיט "זכור את יום השבת" - אין מכילתא שטייט דאך דאס ניט?

ונוסף לזה: ב) אין כללי הרמב"ם[286] שטייט אז דער רמב"ם אין ספר היד פארלאזט זיך אויף דעם וואס עס שטייט פריער אין ספר היד;

מ'געפינט אבער ערגעץ ניט אז דער רמב"ם זאל זיך פאר-לאזן אין ספר היד אויף דעם וואס ער שרייבט אין סהמ"צ, וואס דער סהמ"צ איז געשריבן געווארן מיט אן אנדער כוונה, און אין אן אנדער שפראך, לשון ערבית וכו'[287].

ובפרט אז דער רמב"ם שרייבט בהקדמתו לספר היד[288]: "קראתי שם חיבור זה משנה תורה, לפי שאדם קורא בתושב"כ תחלה ואח"כ קורא בזה ויודע ממנו תושבע"פ כולה, ואינו צריך לקרות ספר אחר ביניהם", ועאכו"כ אז מ'דארף ניט קוקן אין סהמ"צ וואס איז געשריבן געווארן בלשון ערבית וכו'.

סג. עס זיינען דא אנדערע וואס ווילן מבאר זיין, אז ע"ד ווי אין סהמ"צ קומט די מצוה "שצונו לקדש את השבת"[289] בסמיכות צו דער מצוה פון זכירת יצי"מ, וואס "לקדש את השבת", אז מ'זאל מאכן קידוש והבדלה על היין, לערנט ער אפ פון "זכור את יום השבת לקדשו" -

עד"ז איז די כוונה פון דעם רמב"ם אין ספר היד דערמיט וואס ער שרייבט "כמו שנאמר זכור את יום השבת" - צו מרמז זיין, אז אזוי ווי די זכירה פון שבת איז פארבונדן מיט קידוש על היין - עד"ז דארף זכירת יצי"מ זיין פארבונדן מיט יין וכו'[290].

מ'קען אבער לכתחלה אזוי ניט זאגן, ווארום:

דאס וואס מ'לערנט אפ אז "זכור את יום השבת" איז

- פארבונדן -

---

286) יד מלאכי כללי הרמב"ם אות ו. 287) ראה יד מלאכי שם אות כב. לקו"ש חי"א ע' 121 הע' 27. 288) בסופה. 289) מ"ע קנה. 290) ראה גם אור שמח לרמב"ם הל' שבת שם.

פארבונדן מיט קידוש והבדלה על היין איז פון דעם ווארט "לקדשו" ("זכור את יום השבת לקדשו") - אבער דער רמב"ם אין ספר היד שרייבט "כמו שנאמר זכור את יום השבת" און ער איז ניט מעתיק "לקדשו", קומט דאך אויס אז עיקר חסר מן הספר!

[אין זעלטענע דפוסים און כת"י (פון ספר היד)[291], ועד"ז אין סהמ"צ, איז דער רמב"ם מעתיק אויך דעם ווארט "לקדשו" - אבער אין רוב הדפוסים, און אין רוב הכת"י שטייט ווי דאס איז אין אונזער דפוס - "זכור את יום השבת", אן דעם ווארט "לקדשו"].

סד. פון דעם רמב"ם איז פארשטאנדיק, אז דערמיט וואס ער שרייבט "כמו שנאמר זכור את יום השבת", וויל ער זאגן א דבר חדש וואס איז דא אין זכירה יצי"מ וואס מ'לערנט אפ פון זכירת שבת.

וואס עפ"ז האט מען נאך א שייכות מיוחדת צווישן פסח און שבת, און ניט נאר א שייכות ווען פסח איז חל בשבת, נאר א שייכות פון פסח בכלל צו שבת - ווארום דאס וואס דער רמב"ם לערנט אפ פון "זכור את יום השבת" אויף פסח, איז ניט נאר ווען פסח איז חל בשבת, נאר אויך ווען פסח איז חל באמצע ימות השבוע.

וואס דאס איז נאכמער מחזק דאס וואס מ'האט געשריבן בקיצור אין בריוו [292] וועגן דער שייכות פון פסח צו שבת.

און דאס קומט אויך בהמשך צו דעם וואס מ'האט פריער גערעדט (סנ"ז) אז אין יעדן פסח איז דא דער ענין פון שבת, אפילו ווען פסח איז ניט חל בשבת.

סה. דער ביאור אין דעם רמב"ם:

דער רמב"ם שרייבט אין ריש הלכות שבת אז אין שביתת שבת זיינען דא צוויי ענינים - אן ענין חיובי, א מ"ע: "שביתה בשביעי ממלאכה מצות עשה שנאמר [293] וביום השביעי תשבות", און אן ענין שלילי, א ל"ת, "שנאמר [294] לא תעשה כל מלאכה".

דער ענין חיובי אין שביתת שבת, "תשבות", איז דער רמב"ם ווייטער [295] מבאר: "נאמר בתורה תשבות, אפילו מדברים שאינן מלאכה חייב לשבות מהן כו'".

- און -

---

291) צויינו ב"ילקוט שינויי נוסחאות" לרמב"ם שם הוצאת פרנקל. 292) די"א ניסן. 293) משפטים כג, יב. 294) יתרו כ, י. 295) בריש פכ"א.



הנחת הת' בלתי מוגה

און דער ראגאטשאווער[296] איז דאס מבאר מיט כמה דוגמאות לדבר. איינע פון די דוגמאות:

די גמרא זאגט אין שבת[297] אז "קניבת ירק" ("שיסיר את העלים המעופשות ויקצץ השאר ויתקן אותו לאכילה"[298]) איז מותר ביוהכ"פ "מן המנחה ולמעלה" ["ולא כשיטת התוס' שם[299] דהוה רק אסמכתא"[300]], ווארום דאס איז ניט קיין מלאכה (מדאורייתא), און "מפני עגמת נפש", אז עס וועט אים מאכן לייכטער דעם אפפאסטן זיך, אדער ער וועט דאס דארפן האבן פאר א קטן צו עסן ביוהכ"פ - האט מען דאס מתיר געווען.

משא"כ אבער ביוהכ"פ שחל להיות בשבת איז דאס אסור, ווארום שבת איז אויך דא דער ענין חיובי פון "תשבות", שביתה ונייחא - איז אע"פ וואס קניבת ירק איז ניט קיין מלאכה (מדאורייתא), דאס איז אבער היפך דעם ענין פון שביתה ומנוחה, און דערפאר איז דאס אסור (ניט נאר מדרבנן ווי ביוהכ"פ, נאר) מדאורייתא.

סו. דערנאך איז דער ראגאטשאווער מוסיף ביאור[301], אז דאס וואס שבת איז ניט נאר דער ענין שלילי פון עשיית מלאכה, נאר אויך דער ענין חיובי פון "תשבות" - איז דאס דערפאר וואס "גבי שבת הוה העשה מנוחה ולא ביטול מלאכה",

ד.ה. אז אין שבת איז דא דער ענין חיובי פון מנוחה, וואס דאס איז שייך צו מקיים זיין באופן חיובי; וואס דאס איז בנוסף צו דער לא תעשה פון "לא תעשה כל מלאכה", וואס דאס דארף מען מקיים זיין באופן שלילי.

און ער איז מבאר אז די נפק"מ פון די ביידע ענינים איז "לענין חינוך": "דחינוך לא שייך רק בקיום מצוה", משא"כ אין אן ענין שלילי איז ניטא דער ענין החינוך, און ער ברענגט כמה ראיות לזה.

וואס עפ"ז קומט אויס אז מ'דארף מחנך זיין קינדער נאר אין דעם ענין פון "תשבות" שבשבת, משא"כ אין דעם ענין פון "לא תעשה כל מלאכה" דארף מען זיי ניט מחנך זיין.

בנוגע לפועל איז דאס קיין נפק"מ ניט - ווארום ס'איז "בכלל מאתים מנה"[302]: מה-דאך אז ער דארף זיך היטן פון אן

- ענין -

------------

296) צפע"נ לרמב"ם הל' שבת רפ"א. 297) קיד, ב ואילך. וראה רמב"ם הל' שביתת עשור פ"א ה"ג. 298) רמב"ם שם. וראה גם פרש"י ד"ה וליתקע - שבת שם. 299) ד"ה אלא. 300) ל' הצפע"נ שם. 301) בצפע"נ לרמב"ם הל' שבת רפכ"א. 302) ב"ק עד, א. ועוד.

ענין פון קניבת ירק, עאכו"כ אז ער דארף זיך היטן פון מלאכה כפשוטה.

ועד"ז ברענגט דער ראגאטשאווער נאך א נפק"מ בענין זה, אז "איסור מלאכה דעבד ובהמה (דער ענין פון "למען ינוח שורך וחמורך וינפש בן אמתך"[303]) הוא ג"כ רק משום נייחא", ד.ה. אז איסור מלאכה דעבד ובהמה איז נאר אין דעם ענין החיובי פון שבת, משא"כ אין דעם ענין השלילי איז ניטא קיין איסור מדאורייתא בא עבדו ובהמתו כו׳[304].

משא"כ אבער בא אידן איז דאביידע ענינים, סיי דער ענין פון "לא תעשה כל מלאכה", שלילה, און סיי דער ענין פון "חשבות", חיוב.

סז. וואס דאס איז דער כללות׳דיקער צוגאנג אין עניני תורה און קדושה - צי אן ענין שלילי אין תורה און אין קדושה איז נאר אן ענין שלילי, אדער אז ביחד מיט דעם ענין שלילי איז דאס אויך אן ענין חיובי.

בדוגמא ווי אנשי מוסר זיינען מבאר דעם חילוק צווישן דעם יום המנוחה ביי אוה"ע מיט יום השבת בא אידן, אז ביי אוה"ע איז דאס נאר אן ענין שלילי, משא"כ בא אידן איז די שביתה פון שבת אויך אן ענין חיובי.

והראי׳ לזה (אז שבת איז אן ענין חיובי):

עס שטייט אין מדרש[305] עה"פ[306] "ויכל אלקים ביום השביעי": "מה הי׳ העולם חסר מנוחה באת שבת באת מנוחה".

וואס דערפון איז מוכח אז די מנוחה וואס שבת האט אויפגעטאן איז אן ענין חיובי וואס האט אויפגעטאן א הוספה און א שלימות אין דער בריאה, אז נאך דעם וואס ס׳איז געקומען יום השבת איז די וועלט געווארן בשלימות, אז אפילו דער ענין המנוחה האט אין איר ניט געפעלט.

[וואס דאס איז א מקור מפורש אז די שביתה פון שבת איז אן ענין חיובי, אבער אעפ"כ צייכנט ניט דער ראגאטשאווער, כדרכו[307], צו דעם מדרש, נאר ער צייכנט צו א רש"י[308] און צו א תוספות[309]].

סח. ע"ד ווי אין שבת זיינען דא די צוויי ענינים פון חיוב

- און -

------------

303) משפטים שם. 304) וראה רמב"ם שם רפ"כ. 305) ראה ב"ר פ"י, ט ובמת"כ שם. 306) בראשית ב, ב. 307) ראה מפענח צפונות מבוא ס"ע יד. 308) ד"ה ויכל - מגילה ט, א. 309) ד"ה חצבה - סנהדרין לח, א.

און שלילה, איז אויך דא צוויי אופני הסברות ווי מ'קען לערנען דעם ענין השמיטה, "שבת לה'"[310]:

לגבי שביעית שטייט[311] "שדך לא תזרע וכרמך לא תזמור", און "והיתה שבת הארץ לכם לאכלה לך ולעבדך וגו' ולבהמתך ולחי' אשר בארצך תהי' כל תבואתה לאכול",

און דערפאר ווערן די שדות וכרמים הפקר בשנת השמיטה.

וואס אין דעם זיינען דא צוויי הסברות פארוואס בשנת השמיטה ווערן די שדות וכרמים הפקר[312]:

א) אז דער בעל השדה איז מפקיר די פעלד, ד.ה. ער איז מסלק זיין רשות און בעלות אויף דער שדה - אן ענין שלילי.

ב) אז דאס איז אן ענין פון "אפקעתא דמלכא"[313] - אן ענין חיובי.

וואס עס זיינען דא כמה חילוקים צווישן די צוויי הסברות, אויך בנוגע להלכה. וואס איינע פון זיי איז:

לויט דער צווייטער הסברה אז די שביתה פון שביעית איז אן ענין חיובי, "אפקעתא דמלכא" - איז דאס פארבונדן מיט דעם טעם פון דעם חינוך בשרשי מצות שביעית[314], אז שביעית איז מדגיש דעם ענין אז דער אויבערשטער איז בגלוי דער בעה"ב אויף דער שדה און אויף דעם כרם, "כמ"ש כי לי כל הארץ"[315] - אן ענין חיובי; משא"כ לויט דער ערשטער הסברה איז דאס נאר אן ענין שלילי, און סילוק בעלות.

סס. עד"ז קען מען מסביר זיין דעם ענין פון פסח, יצי"מ, יציאה מעבדות לחירות, אויף צוויי אופנים:

אין שחרור העבד משעבוד לחירות זיינען דא צוויי הסברות[316]:

א) דאס איז א סילוק רשות פון זיין אדון, ב) דאס איז "כמוכרו לעצמו"[317], ניט קיין סילוק רשות, נאר אין דערויף איז דא א קנין, אז דער עבד איז זיך אליין קונה.

וואס די ביידע הסברות (און לשונות) ברענגען זיך אין

- גמרא -

------------

310) בהר כה, ד. 311) שם, ו-ז. 312) ראה לקו"ש בהר תשל"ז ס"ב ובהנסמן שם בהע' 19. 313) ל' הגמרא - ב"מ לט, רע"א. קו, א. 314) מצוה שכח. 315) חינוך מצוה של (בנוגע ליובל). ע"פ בהר שם, כג (בהוספת תיבת "כל"). 316) ראה צפע"נ לרמב"ם הל' מתנות עניים פ"ט הי"ס. 317) גיטין נב, א ובפרש"י שם.

גמרא, ווי דער ראגאטשאווער ברענגט דאס דארטן אראפ, און ער איז מבאר כמה נפק"מ׳ס ביניהם.

איינע פון די נפק"מ׳ס איז:

די גמרא[318] זאגט: "אין אפוטרופין רשאין להוציא עבדים לחירות אבל מוכרין אותן לאחרים ואחרים מוציאין אותן לחירות", וואס דאס איז בשעת מ׳זאגט אז דער ענין פון שחרור עבדים איז סילוק בעלות,

משא"כ אבער אויב ער איז "כמוכרו לעצמו" - מעג אים דער אפוטרופוס פארקויפן, ווי דעת רבי ווייטער אין גמרא: "רבי אומר, אומר אני אף הוא נותן דמי עצמו ויוצא מפני שהוא (האפוטרופוס[319]) כמוכרו לו (כמוכרו לעצמו - לעבד עצמו[319])", "כשם שרשאין למוכרן לאחרים כך הם רשאים לקבל הכסף מיד העבד עצמו בתורת מכירה"[319].

ע. עד"ז זיינען דא די צוויי הסברות אין דעם ענין פון יציאת מצרים:

א) יצי"מ איז געווען אין אן אופן אז אזוי ווי עס האבן זיך געענדיקט די ארבע מאות שנה וואס דער אויבערשטער האט גוזר געווען, און ס׳איז געקומען דער "דור רביעי"[320] - האט זיך בדרך ממילא געענדיקט דער גלות,

ד.ה. אז דאס איז אן ענין שלילי - מ׳האט ניט געדארפט טאן א פעולה חיובית בכדי צו ארויסגיין פון דעם גלות.

ב) יצי"מ איז געווען אין אן אופן פון "הוציאנו ה׳ ממצרים"[321], ד.ה. אז אין דערויף איז געווען א פעולה חיובית.

וואס די נפק"מ צווישן די צוויי הסברות איז - ווי די <u>זכירה</u> אין יצי"מ ("זכור את היום הזה אשר יצאתם ממצרים") דארף זיך אויסדריקן:

לויט דער ערשטער הסברה, דארף די זכירה זיין אין יצי"מ סתם, ד.ה. מ׳דארף עס ניט פארבינדן מיט געדיינקען ענינים מיוחדים, ע"ד ווי זכירת יצי"מ דארף זיין בכל השנה כולה[322] - ווארום דער עצם ענין פון יצי"מ איז נאר געווען אן ענין שלילי, ניט פארבונדן מיט א פעולה מיוחדת;

משא"כ לויט דער צווייטער הסברה, דארף מען פארבינדן זכירת יצי"מ מיט געדיינקען און דערציילן וועגן די נסים ונפלאות וואס האבן דעמולט געטראפן, וואס נסים ונפלאות

- זיינען -

---

318) גיטין שם. 319) פרש"י שם. 320) לך לך טו, טז.
321) בא יג, טז. 322) ראה הגש"פ עם לקוטי טעמים בו׳ ע׳ טו.

זיינען אן עניך חיובי און אין דערויף באשטייט גדלות הבורא - ווארום דערמיט איז געווען פאדבונדן יצי"מ דעמולט, אז דער אויבערשטער האט געטאן א פעולה חיובית בכדי צו ארויס-נעמען אידן פון מצרים, ובמילא דארף די זכירה אין דעם זיין פארבונדן מיט אן עניך חיובי.

עא. וואס דאס איז דער רמב"ם מדגיש דערמיט וואס ער שרייבט אין רפ"ז פון הל׳ חמץ ומצה: "מצות עשה של תורה לספר בנסים ונפלאות שנעשו לאבותינו במצרים בליל חמשה עשר בניסן שנאמר זכור את היום הזה אשר יצאתם ממצרים":

דער רמב"ם נעמט אן די צווייטע הסברה אין יצי"מ, און דערפאר איז ער מדגיש אז די זכירה אין יצי"מ דארף זיין פארבונדן מיט "לספר בנסים ונפלאות שנעשו לאבותינו במצרים".

שטעלט זיך גלייך די שאלה: פון וואנעט נעמט דאס דער רמב"ם? אפשר דארף זכירה יצי"מ בליל ט"ו זיין ווי די זכירה בכל השנה כולה, וואס דעמולט איז דאס ניט פארבונדן מיט דעם חיוב פון "לספר בנסים ונפלאוה", והראי׳ אז אין קידוש היום, וואו מען דערמאנט יצי"מ, דערמאנט מען ניט קיינע נסים ונפלאות,

און לפ"ז וואלט מען מפרש געווען אז דער עניך פון יצי"מ איז געווען אן עניך שלילי, אז ווען עס האבן זיך געענדיקט די "ארבע מאות שנה" און די ד׳ דורות, האט זיך בדרך ממילא ובהכרח געענדיקט דער גלוה -

איז וואס איז די ראי׳ פון דעם רמב"ם אז דאס איז געווען אין אן אופן חיובי?!

אויף צו פארענטפערן דאס איז דער רמב"ם ממשיך אין דער הלכה: "כמו שנאמר זכור את יום השבת":

אזוי ווי זכירת שבת איז ניט נאר אן עניך שלילי נאר אויך אן עניך חיובי, כנ"ל בארוכה (סס"ה) - לערנט מען דערפון אפ אויך אויף זכירת יצי"מ אז דאס איז אן עניך חיובי, און דערפאר איז "מצות עשה של תורה לספר בנסים ונפלאות שנעשו לאבותינו במצרים בליל חמשה עשר בניסן".

עב. דער מקוד פון דעם רמב"ם איז (ווי אנדערע [323] צייכענען אן) - פון שמו"ר[324]:

"אמר הקב"ה למשה כו׳ והזהר לישראל כשם שבראתי את העולם ואמרתי להם לישראל לזכור את יום השבת זכר למעשה

- בראשית -

------------

323) יד איתן שם. 324) פי"ט, ז.

בראשית, שנאמר זכור את יום השבת, כך היו זוכרים הנסים שעשיתי לכם במצרים וזכרו ליום שיצאתם משם, שנאמר זכור את היום הזה אשר יצאתם ממצרים, למה כי [325] בחוזק יד הוציאך ה׳ ממצרים".

והביאור בזה - ובהקדם א מאדנע זאך וואס מ׳געפינט אין דעם מדרש:

וואס איז דער מדרש מוסיף דערמיט וואס ער זאגט "למה כי בחוזק יד הוציאך ה׳ ממצרים": לכאורה איז גענוג וואס ער זאגט ביז דארטן, אז "כשם שבראתי את העולם (לו׳ ימים) ואמרתי להם לישראל לזכור את היום (ווארום ביום השבת איז "ויכל אלקים") כו׳ כך היו זוכרים הנסים שעשיתי לכם במצרים וזכרו ליום שיצאתם משם"?!

איז דער ביאור אין דעם:

"בחוזק יד הוציאך ה׳ ממצרים" איז מדגיש אז יצי"מ איז געווען פארבונדן מיט א פעולה חיובית, און ניט אז ווען ס׳איז געקומען די צייט צו ארויסגיין פון מצרים איז מען בדרך ממילא ובהכרת ארוים "וה׳ בראשם"[326].

און דאס וויל דער מדרש דא מדגיש זיין, אז אזוי ווי יצי"מ איז געווען אין אן אופן חיובי, עד"ז דארף די <u>זכירה</u> פון יצי"מ זיין פארבונדן מיט אן ענין חיובי, "זוכרים <u>הנסים</u> שעשיתי לכם במצרים", "למה כי בחוזק יד הוציאך ה׳ ממצרים",

און דערפאר לערנט דאס דער מדרש אפ פון שבת, ווארום דארטן איז די זכירה אויך פארבונדן מיט חיוב, ווי גערעדט פריער (סס"ז) דאס וואס שטייט אין מדרש אז "מה הי׳ העולם חסר מנוחה בא שבת בא מנוחה", וואס בדוגמא לזה איז דער ענין פון "בחוזק יד" וואס איז געווען בא יצי"מ.

עג. ועפ"ז ווערט א חיזוק אין די אחרונים וואס צייכענען אן אז דער מקור פון דעם רמב"ם איז פון דעם מדרש, אבער זיי זיינען ניט מבאר וואס דער רמב"ם איז מוסיף דערמיט וואס ער ברענגט א ראי׳ פון שבת, ועד"ז זיינען זיי ניט מבאר די הוספה פון מדרש "למה כי בחוזק יד הוציאך ה׳ ממצרים".

וע"פ כל הנ"ל זיינען מבואר אלע ענינים: ס׳איז פארשטאנדיק פארוואס דער רמב"ם שרייבט "מצות עשה של תורה לספר בנסים ונפלאות שנעשו לאבותינו במצרים בליל חמשה עשר בניסן", וואס דערמיט פארענטפערט ער וואס איז דער חילוק

- פון -

---

325) בא יג, ט. 326) ל׳ הכתוב - מיכה ב, יג.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

פון זכירת יצי"מ בליל ט"ו ניסן מיט זכירת יצי"מ בכל השנה כולה.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק פארוואס דער רמב"ם ברענגט א ראי' צו זכירת יצי"מ פון זכירת שבת, וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם וואס דער מדרש איז מדגיש אז יצי"מ איז געווען "בחוזק יד", כנ"ל.

עד. כאן המקום צו מסביר זיין דאס וואס מ'האט גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[327] בנוגע צו ווען דער ענין פון "וספרתם לכם ממחרת השבת" איז געווען דעם ערשטן מאל.

וואס בנוגע צו די ממונים אויף די לשכות - דארף מען פארשטיין וואס איז געווען מיט די ממונים פאר דעם וואס ס'איז געווען א ממונה וואס האט געהייסן מרדכי (ועד"ז מיט די אנדערע נעמען),

וואס דאס וועט מען דארפן פארענטפערן בדוחק, אז פריער האט טאקע געפעלט אין דער שלימות פון די ממונים, ווארום זיי האבן ניט געהאט די תכונות פון מרדכי וכיו"ב, אדער פארענטפערן מיט אן אנדער תירוץ[328];

בנוגע אבער צו ספה"ע, וואס אין דעם איז דא א מעלה בשעת מ'הויבט אן ציילן "ממחרת השבת", ווארום דעמולט איז דאס "שבע שבתות תמימות", משא"כ ווען מ'הויבט אן ציילן (נאר) "ממחרת יו"ט" (כנ"ל סנ"ז) -

איז אויב מ'קען אויסגעפינען אז דעם ערשטן מאל וואס מ'האט געציילט ספירה איז געווען אין א יאר וואס פסח איז אויסגעקומען ביום השבת - וועט דאס געבן מערער צו פארשטיין ווי אלע ספה"ע בכל השנים שלאח"ז (אפילו ווען פסח איז חל ניט "ממחרת השבת") האבן א שייכות מיט "ממחרת השבת", ובמילא - מיט דער שלימות פון "שבע שבתות תמימות".

האט מען אין דערויף גערעדט, אז דער עדשטער יאר ארויסגייענדיק פון מצרים, וואס דעמולט איז פסח געווען ניט ביום השבת, איז נאך געווען איידער דעם ציווי פון "וספרתם לכם ממחרת השבת".

ועד"ז דער צווייטער יאר, וואס אויך דעמולט איז פסח געווען ניט ביום השבת [ווארום ר"ת ניסן,- יום השמיני למילואים, איז געווען ביום הראשון בשבוע, כמרז"ל[329] "אותו יום נטל עשר עטרות" וואס איינע פון די "עשר עטרות" איז געווען "ראשון למעשה בראשית"] -

- איז -

---

327) ש"פ צו סמ"ו. 328) ראה שם סמ"ב-מג. 329) ס"ע פז. שבת פז, ב. ועוד.

איז אבער דעמולט אויך ניט געווען דער ענין פון ספה"ע, ווארום ספה"ע איז פארבונדן מיט "בכל מושבותיכם" און מיט "ובקוצרכם את קציר ארצכם"[330], וואס דאס איז געווען ערשט ווען אידן זיינען אנגעקומען אין ארץ ישראל.

ועד"ז אין דעם יאר וואס אידן זיינען אריין אין א"י, איז פסח אויך ניט געווען ביום שבת [ווי מ'האט גערעדט די ראי' דערפון וואס ז' אדר יענעם יאר איז געווען ביום השבת[331] -

איז אבער אויך דעמולט דא א סברא צו זאגן אז ס'איז נאך ניט געווען דער ענין פון ספה"ע, ווארום דעם ערשטן מאל ספה"ע איז געווען נאך "שבע שכבשו ושבע שחלקו".

איז אפשר נאך די י"ד שנה, ווען ס'איז געווען דעם ערשטן מאל ספה"ע - איז פסח געווען ביום השבת.

במילא דארף מען זוכן ווי איז דעמולט (לאחרי י"ד שנה) געווען די קביעות - וואס דאס איז א שווערע זאך צו אויס-געפינען, ווארום מ'האט דעמולט מקדש געווען די חדשים ע"פ הראי', דארף מען דאך וויסן ווען די עדים האבן דעמולט געזעהן די לבנה וכו'.

עה. האט מען אויך דערויף אויפגעהויבן א גאנצן שטורעם: ווי קען מען זיך מפלפל זיין אין דעם צי ספה"ע איז געווען דעם ערשטן יאר פון כניסת בנ"י אין א"י, אדער ערשט י"ד שנה לאח"ז - בשעת די גמרא אין קידושין[332] אין זיך מפלפל אין דעם?!

וואס איז די עולה צו זיך מפלפל זיין אין דעם וואס די גמרא איז זיך מפלפל - ווייס איך ניט!

איז דאס וואס מ'האט זיך מפלפל געווען אין דעם וואס די גמרא איז זיך מפלפל - איז קיין קשיא ניט;

דאס איז אבער נאר גערעדט געווארן אויב די גמרא קומט ניט צו קיין מסקנא, משא"כ אבער בענינינו קומט די גמרא צו א מסקנא - איז במילא האט די קשיא יע אן ארט:

אין גמרא זיינען דא צוויי דעות אין "בכל מושבותיכם": א) "כל מקום שאתם יושבים", ד.ה. אז חדש איז אסור אויך אין חו"ל, און דערפאר דארף מען אויך דארפן האבן דעם עומר צו מתיר זיין די תרומה, ב) "לאחר ירושה וישיבה", ד.ה. אז חדש איז מותר אין חו"ל.

- דערנאך -

---

330) אמור כג, יד. כב. 331) זח"ב קנו, א. 332) לז, סע"ב ואילך. וש"נ.

דערנאך אין א צווייטן ארט[333] ברענגט מען נאר די ערשטע דעה, ועד"ז דער רמב"ם[334] און אלע פוסקים פסק'נען אז חדש איז אסור אויך בחו"ל, ד.ה. ווי די ערשטע דעה אין גמרא, אז "בכל מושבותיכם" מיינט "כל מקום שאתם יושבים", און ניט "לאחר ירושה וישיבה" (ווי די צווייטע דעה אין גמרא).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער פס"ד איז - אז ספה"ע איז געווען גלייך ווען מ'איז אריין אין א"י, ווארום גלייך דעמולט איז געווען איסור חדש, און אויך דער ענין העומר (ניט ערשט "לאחר ירושה וישיבה" י"ד שנה לאח"ז) -

איז לכאורה א קשיא חזקה ביותר אויף דעם וואס מ'האט גערעדט אז כשנכנסו לארץ איז לאו דוקא געווען דער ענין פון ספה"ע,

ובפרט אז דער רמב"ם[334] ברענגט אראפ בפירוש דעם פסוק[335] "ויאכלו מעבור הארץ ממחרת הפסח מצות וקלוי", אלס א ראי' אז אין דעם יאר כשנכנסו לארץ איז געווען דער איסור חדש און הקרבת העומר, ועד"ז ברענגט דאס רש"י עה"ת אין פ' בשלח[336].

איז לכאורה, וויבאלד אז אזוי איז דער פס"ד, און אזוי זאגט רש"י [וואס מ'קאכט זיך דאך אין פרש"י] - איז ניטא קיין ארט אויף א שקו"ט אין דעם.

עו. האט אבער דער אויבערשטער געהאלפן, אז צווישן אלע דינים האט חדש א דין מיוחד:

בנוגע צו אלע דינים גיט מען א קוק אין משנה, אין גמרא, אין די פוסקים שלאח"ז, ביז אין שו"ע, און מ'האט א מסקנא ברורה ווי דער דין איז;

דער איינציקער יוצא מן הכלל איז - דער דין פון חדש, וואס עד היום הזה ווייסט מען ניט קיין קלארן פס"ד:

דער רמב"ם, דער ראב"ד, ראשונים וכו', פסק'נען אלע אז חדש איז אסור אויך בחו"ל, און מ'דארף גאר ניט האבן קיין מקור מפורש, ווארום ס'איז דא א נייער מקור - די אנציקלופדי' תלמודית[337] ושם נסמן, ועד"ז אין שדי חמד[338], ברענגען זיך די אלע גדולים וואס האלטן אז חדש איז אסור (אויך) בחו"ל.

וואס עפ"ז איז ווייטער גרויס די קשיא הנ"ל אויף דעם וואס מ'האט גערעדט אין דער התוועדות פון שבת הגדול -

- איז -

---

333) משנה ערלה ספ"ג. ר"ה יג, א. 334) הל' תמידין ומוספין פ"ז הי"א. 335) יהושע ה, יא. 336) טז, לה. 337) ערך חדש ס"ב. 338) אסיפת דינים מע' חדש.

איז אבער אין דער זעלבער אנציקלופדי' תלמודית ברענגען זיך כמה פוסקים וואס האלטן (ועד"ז שרייבט אויך דער משנה ברורה[339]) אז חדש איז אסור נאר אין ארץ ישראל ניט אין חו"ל.

עז. די שקו"ט (צי חדש איז אסור אדער מותר בחו"ל) האט אויך א שייכות במיוחד צו חסידות:

די ראשונים און אחרונים וואס זאגן אז חדש איז מותר אין חו"ל - זיינען מיעוטא דמיעוטא.

און דער גר"א (דער ווילנער גאון)[340] איז ארויס מיט מורא'דיקע ווערטער קעגן די וואס פסק'נען אז חדש איז מותר בחו"ל.

עד"ז איז דא א תשובה פון דעם אלטן רבי'ן (וואס איז געדרוקט אין שו"ע[341]) וואס מאכט קאלאמוטנע:

מ'האט געפרעגט בא דעם אלטן רבי'ן "אם יש לנהוג איסור חדש ביי"ש", ענטפערט דער אלטער רבי: "יש להתירו מטעם תערובות, ואף דהוה דבר שיש לו מתירין, להשהותו עד אחר העומר, ז"א (זה אינו) דהא מטעם חמץ א"א להשהותו כ"א עד הפסח, והבן".

וואס פון דער תשובה איז פארשטאנדיק, אז אויב חטים פון חדש האבן זיך צוזאמענגעמישט מיט חטים פון ישן וואס דאס איז ניט קיין תערובות - איז דאס ניט אין דעם גדר פון א "דבר שיש לו מתירין", און דאס איז אסור אויך אין חו"ל ועאכו"כ אויב דאס איז חדש בפ"ע (וואס איז ניט נתערב געווארן).

העלפט אבער דער אויבערשטער אז אין שו"ע פון דעם אלטן רבי'ן אין הל' פסח [ניט אין יו"ד, וואו עס רעדט זיך וועגן דיני חדש] סימן תפט שרייבט דער אלטער רבי אן אריכות גדולה וועגן חדש, און דעם לעצטן סעיף פון דעם סימן הויבט ער אן מיט א מאדנער הצהרה: "ועכשיו אין העולם נזהרין כלל באיסור חדש".

וואס ער שרייבט ניט אז א מיעוט, אדער רוב אידן זיינען אין דעם ניט נזהר - נאר אז "אין העולם נזהרין כלל".

און דער אלטער רבי ברענגט דארטן כמה טעמים פארוואס מ'איז אין דערויף ניט נזהר: איין טעם ברענגט ער, אז עס

- זיינען -

---

339) או"ח סתפ"ט סקמ"ה. 340) ביאורי הגר"א יו"ד סרצ"ג סק"ב. 341) סוף ח"ו - שו"ת ס"כ (התקא, א).

זיינען דא אזוינע "שסוברים שחדש אינו נוהג אלא בתבואה שהוא של ישראל בשעת קצירה, אבל לא בשל גוים".

און אפילו אין א מדינה וואו די שדה באלאנגט צו אידן, און אין דערויף איז אפילו קיין ספק ניטא, און אעפ"כ איז מען ניט נזהר אין חדש - ברענגט דער אלטער רבי א טעם אויף אויף דעם: "הם סומכים על מקצת הראשונים הסוברים שחדש בחו"ל אינה אלא מד"ס שגזרו משום א"י, ולא גזרו אלא במקומות הסמוכים לא"י", צוליב תרומות ומעשרות, משא"כ אבער "במדינות פולין" וכיו"ב האבן זיי ניט גוזר געווען.

וואס אע"פ אז דער אלטער רבי איז דערנאך ממשיך אין שו"ע: "אבל כל בעל נפש לא יסמוך על המתירים הללו ויחמיר לעצמו בכל מה שאפשר לו, כהסכמת רוב הראשונים והאחרונים שהחדש נוהג מן התורה אף בחו"ל ובכל מקום אף בשל גוים, כי כן עיקר" -

פונדעסטוועגן שרייבט דער אלטער רבי אין התחלת הסעיף "ועכשיו אין העולם נזהרין כלל באיסור חדש",

און ווי מ'זעט דאס בפועל: אז מ'גייט ארוים אין גאס אין ברוקלין, אין ניו יארק, און אפילו אין וויליאמסבורג - געפינט מען ניט איינער וואס זאל זיין נזהר אין חדש,

וואס אויב מ'וועט יע געפינען אזא איד - איז תבוא עליו ברכה, אבער איך עכ"פ האב ניט געפונען אזא איד, און ס'הערט זיך אויך ניט אז עס איז דא אזא איד, וואס אויב עס וואלט געווען איינער וואס איז נזהר אין חדש - וואלט מען דאס מסתמא מפרסם געווען, אז דער איד איז נזהר אין חדש אפילו אין חו"ל.

עח. וואס ע"פ דעם פס"ד הנ"ל פון דעם אלטן רבי'ן אז "עכשיו אין העולם נזהרין כלל באיסור חדש" (און דאס איז נאר אן איסור מדרבנן אין חו"ל), און ע"פ הנהגת כל העולם כולו בפועל - קומט אוים אז מ'נעמט אן ווי די דעה אז "בכל מושבותיכם" מיינט "לאחר ירושה וישיבה", און ניט "בכל מקום שאתם יושבים".

וואס עפ"ז קומט אוים אז ספה"ע איז ניט געווען אין דעם יאר וואס אידן זיינען אריין אין א"י, נאר ערשט שפעטער "לאחר ירושה וישיבה".

עט. מ'דארף נאך אבער פארשטיין דאס וואס רש"י שרייבט אין פ' בשלח[336] אז "בז' באדר פסק המן מלירד, ונסתפקו ממן שלקטו בו ביום עד שהקריבו העומר בששה עשר בניסן, שנא' ויאכלו מעבור הארץ ממחרת הפסח",

ד.ה. אז רש"י שרייבט בפירוש לויט דער דעה אז גלייך

- בכניסה -

בכניסת הארץ האבן זיי מקריב געווען דעם עומר (ד.ה. אז "בכל מושבותיכם" מיינט "בכל מקום שאתם יושבים"), ובמילא איז דעמולט געווען ספירת העומר.

[וואס ביי אנדערע וואלט מען זיך ניט געטשעפעט מיט די שאלה אין רש"י - אבער צו מיר דארף מען זיך טשעפען מיט די שאלה, ווארום איך קאך זיך דאך אין פרש"י].

פ. איז דער ביאור בזה:

אין פ׳ אמור וואו עס רעדט זיך וועגן דעם עומר במקומו, שטעלט זיך רש"י אויף "בכל מושבותיכם" און ברענגט די ביידע דעות (פון גמרא) בזה: "נחלקו בו חכמי ישראל, יש שלמדו מכאן שהחדש נוהג בחוצה לארץ, וי"א לא בא אלא ללמד שלא נצטוו על החדש אלא לאחר ירושה וישיבה, משכבשו וחלקו".

ד.ה. אז אין פשש"מ שטימען ביידע דעות, אויך די דעה אז דאס גייט אויף "לאחר ירושה וישיבה משכבשו וחלקו" (ס׳איז מערניט וואס די ערשטע דעה, "שהחדש נוהג בחוצה לארץ", איז נענטער צו פשש"מ ווי די צווייטע דעה, וואס דערפאר ברענגט דאס רש"י פריער, כמדובר כמ"פ[342]).

עפ"ז ווערט א שטורעם אין פ׳ בשלח: פארוואס ברענגט דארטן רש"י נאר איין דעה?!

איז דער ביאור אין דעם:

כמדובר כמ"פ, אז ס׳איז א כלל אין פרש"י עה"ת, אז ער איז מפרש פירושו נאר אין אן אדט וואו מ׳דארף אנקומען צו א פירוש, אבער א דבר הפשוט וואס איז מעצמו מובן איז רש"י ניט מפרש.

ועד"ז אין דער רש"י אין פ׳ בשלח:

לויט דער דעה אז "בכל מושבותיכם" מיינט "בכל מקום שאתם יושבים", ובמילא גלייך ווען אידן זיינען אריין אין א"י האבן זיי געדארפט מקריב זיין אן עומר - איז ניט פארשטאנדיק:

דערפון גופא וואס מ׳זאגט אז אידן האבן געדארפט מקריב זיין א קרבן עומר גלייך אריינגייענדיק אין א"י, און דעמולט איז מותר געווארן צו עסן פון תבואת הארץ, איז א ראי׳ אז ביז דעמולט האט מען ניט געמעגט עסן - איז וואס האבן אידן געגעסן ביז זיי האבן מקריב געווען דעם עומר?!

און בכדי צו פארענטפערן די שאלה דארף רש"י מפרש זיין

- אז -

342) ראה - בנדו"ד - לקו"ש אמור תשל"ח הע׳ 26 והע׳ 30.

אז "כשמת משה בז׳ באדר פסק המן מלירד, ונסתפקו ממן שלקטו בו ביום עד שהקריבו העומר בששה עשר בניסן, שנא׳ ויאכלו מעבור הארץ ממחרת הפסח".

ד.ה. אז רש"י פארענטפערט אז אין פשש"מ האט מען געגעסן מן ארבעים שנה שלמים (אויך נאך מיתת משה), און דאס האבן אידן געגעסן ביז זיי האבן מקריב געווען דעם עומר בט"ז ניסן.

משא"כ לויט דער צווייטער דעה, אז "בכל מושבותיכם" מיינט "לאחר ירושה וישיבה", איז לכתחלה ניטא קיינע שאלות - ווארום בשעת אידן זיינען אריין אין א"י איז ניט געווען דער איסור חדש, האבן זיי געמעגט עסן פון תבואת הארץ - ובמילא דארף רש"י גארניט מפרש זיין.

וואס עפ"ז קומט אויס אז אין פ׳ בשלח איז נוגע צו פאר-ענטפערן נאר דעם פירוש וואס איז קרוב יותר לפשש"מ אין פ׳ אמור (כנ"ל), משא"כ לויט דעם צווייטן פירוש אין פ׳ אמור זיינען ניטא קיינע שאלות.

פא. כאן המקום צו מבאר זיין נאך אן עניין וואס מ׳האט מעורר געווען (וואס דאס האט קיין שייכות ניט מיט המדובר לעיל, אבער דאס האט א שייכות מיט פסח):

עס ווערט געבראכט אין באר היטב[343] פון כתבי האריז"ל [און ס׳איז כדאי אויפצוזוכן וואו דאס איז אין כתבי האריז"ל], אז "הנזהר ממשהו חמץ בפסח מובטח לו שלא יחטא כל השנה".

האט מען אויף דערויף געפרעגט:

עס שטייט אין גמרא[344] אז צדיקים "אין הקב"ה מביא תקלה על ידם".

און תוספות[345] זאגט אז דאס רעדט זיך "גבי מידי דאכילה, דגנאי הוא לצדיק שאוכל דבר איסור", משא"כ אבער אין שאר איסורים איז ער ניט מובטח.

איז ניט פארשטאנדיק:

א צדיק איז דאך זיכער נזהר פון א משהו חמץ בפסח, און לויט דעם וואס שטייט אין כתבי האריז"ל איז דעמולט "מובטח לו שלא יחטא כל השנה", וואס מפשטות הלשון איז משמע, אז דאס מיינט אין <u>אלע</u> איסורים, ניט נאר אין עניני אכילה -

- איז -

---

343) או"ח ר"ס תמז. 344) גיטין ז, א. וש"נ. 345) ד"ה השתא שם. וש"נ.

איז ווי שטימט דאס דערמיט וואס תוספות זאגט אז א צדיק איז נאר מובטח "גבי מידי דאכילה"?

וואס דערפון קומט אויס לכאורה אז דער אריז"ל לערנט ניט ווי תוספות, נאר ווי רש"י, וואס רש"י [346] האלט אז דאס וואס שטייט [347] "לא יאונה לצדיק כל און" מיינט דאס אז "לא תזדמן לו חטא בלי דעת", ד.ה. אז ער איז פארהיט ניט נאר פון א חטא ב"מידי דאכילה", נאר פון <u>אלע</u> חטאים.

פב. לכאורה קען מען דאס מסביר זיין, אז אזוי ווי אין גמרא קען מען לערנען אויף צוויי אופנים - ווי תוספות, אז דאס רעדט זיך נאר וועגן "מידי דאכילה דגנאי הוא לצדיק שאוכל דבר איסור", אדער ווי רש"י, אז דאס רעדט זיך וועגן אלע ענינים -

עד"ז קען מען אויך לערנען דאס וואס שטייט אין כתבי האריז"ל אויף די ביידע אופנים, אז לויט תוספות רעדט דער אריז"ל נאר וועגן מידי דאכילה, און לויט רש"י רעדט דער אריז"ל וועגן אלע חטאים.

אבער דאס איז שווער צו זאגן - ווארום:

דער אריז"ל איז דאך געווען אן אחרון, ובפרט אז ער ווערט געבראכט אין באה"ט - האט ער דאך געדארפט מבאר זיין צי ער לערנט ווי תוספות אדער ער לערנט ווי רש"י.

פג. איז דער ביאור בזה:

עס קען זיין א מציאות פון א צדיק וואס איז ניט געווען נזהר במשהו חמץ, לדוגמא: אז תיכף נאך דעם וואס ער איז ניט געווען נזהר אין דעם משהו חמץ האט ער געהאט א הרהור תשובה, וואס דעמולט זאגט די גמרא אין קידושין [348] אז ער ווערט א צדיק גמור.

וואס עפ"ז קומט אויס אז ער גייט אריין אין דעם כלל וואס די גמרא זאגט אז "אין הקב"ה מביא תקלה על ידם", ווארום ער איז א צדיק גמור, אבער ער גייט ניט אריין אין דעם כלל וואס דער אריז"ל זאגט אז "הנזהר ממשהו חמץ בפסח מובטח לו שלא יחטא כל השנה" - ווארום ביז דעם הרהור תשובה איז געווען א הפסק זמן, א מינוט, צוויי מינוט, א האלבע מינוט, וואס ער איז ניט געווען נזהר ממשהו חמץ.

עד"ז קען זיין לאידך: עס קען זיין איינער וואס איז

- ניט -

---

346) עה"פ משלי יב, כא. 347) משלי שם. 348) מט, ב. וראה לקו"ת דברים א, ב.

ניט קיין צדיק, אבער ער איז געווען נזהר ממשהו חמץ בפסח, וואס אזא גייט ניט אריין אין דעם כלל פון די גמרא, ער גייט אבער אריין אין דעם כלל פון דעם אריז"ל אז "מובטח לו שלא יחטא כל השנה" [א חטא בשוגג - ווארום מ'נעמט פון אים ניט צו די בחירה[349]].

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק אז די צוויי מאמרים, אין גמרא און פון דעם אריז"ל, זיינען צוויי באזונדערע ענינים וואס קומען מחדש זייך באזונדערע ענינים:

די גמרא רעדט וועגן א צדיק, וואס דאס קען זיין אפילו א צדיק וואס איז ניט געווען נזהר אין א משהו חמץ בפסח, כנ"ל - און לויט הוספות איז דער פירוש אין גמרא אז ער איז מובטח נאר בנוגע צו מידי דאכילה;

משא"כ דער אריז"ל קומט מוסיף זיין וועגן איינעם וואס איז געווען נזהר ממשהו חמץ בפסח, וואס דאס קען זיין (אויך) אין דעם קצה השני - איינער וואס איז ניט קיין צדיק, אבער ער איז נזהר ממשהו חמץ - איז "מובטח לו שלא יחטא כל השנה", ניט נאר חטאים במידי דאכילה, נאר <u>אלע</u> חטאים*.

פד. ויה"ר אז דער אויבערשטער זאל אויסהיטן כאו"א פון אלע תקלות, סיי בגשמיות און סיי ברוחניות, כדעת החוספות ב"מידי דאכילה", און אויך כדעת רש"י, אין שאר הענינים, ווארום ס'איז "ועמך כולם צדיקים"[350].

און דער חג הפסח כשר ושמח ווערט נמשך על כל השנה כולה, אז עס זאל זיין א שנה כשר ושמח,

ביז צו דער שמחה האמיתית, די גאולה האמיתית והשלימה, וואס "אז ימלא שחוק פינו"[351],

משא"כ איצטער איז א פס"ד[352] אז "אסור לאדם שימלא שחוק פיו בעוה"ז (בזמן הזה[353])", אבער לע"ל וועט דאס קענען זיין, ווארום דעמולט וועט זיין שמחה בשלימות.

בביאת משיח צדקנו, "הנה זה עומד אחר כתלנו משגיח מן החלונות מציץ מן החרכים"[354], ער קוקט זיך צו ווי מ'פוצט צו די קנעפלעך[355], און גרייטן זיך צו אים מקבל זיין, "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו", "קהל גדול ישובו הנה"[356], און - "הם" -

------------

349) ראה הגש"פ עם לקוטי טעמים כו' ס"ע ג. 350) ישעי' ס, כא. 351) תהלים קכו, ב. 352) ברכות לא, א. טושו"ע או"ח סתק"ס ס"ה. 353) כ"ה בטור שם. וראה ט"ז שם סק"ז. 354) ל' הכתוב - שה"ש ב, ט. וראה לקו"ש ח"ד ע' 104 הע' 38. 355) ראה שיחת שמח"ת תרפ"ט (הנחה). 356) ירמי' לא, ח.

------------

*) לשלימות הענין - ראה שיחת פסח שני.

"הם הכירוהו תחלה" – די קינדער וועלן גיין "וופריאד" (בראש),

במהרה בימינו ממש.

* * *

פה. מ'האט גערעדט פריער (סי"ד) וועגן דעם ענין פון קרי"ס, וואס דאס איז פארבונדן מיט שש"פ, און אויך מיט אחש"פ; ואדרבה – דאס האט א שייכות מיוחדת צו אחש"פ. והביאור בזה:

הגם אז חסידות[357] איז מבאר, אז דער אויפטו פון קרי"ס איז געווען – דער גילוי פון "בתוך הים ביבשה"[358], ד.ה. אז דער ענין פון "ים" איז געווארן בגילוי, "יבשה" –

איז אבער אין פשטות הכתובים דער אויפטו פון קרי"ס געווען נאך דעם וואס אידן האבן עובר געווען דעם ים-סוף, און נאך שפעטער – נאך דעם וואס די מצריים זיינען אריין אין ים-סוף און זיינען דארטן דערטרונקען געווארן –

ווארום ערשט דעמולט איז געווען "וירא ישראל את מצרים מת על שפת הים, וירא ישראל את היד הגדולה אשר עשה ה' במצרים", וואס דאס האט געבראכט דעם ענין גבוה פון "וייראו העם את ה' ויאמינו בה' ובמשה עבדו", און דערנאך – דעם גאנצן שטורעם פון "אז ישיר".

אין אנדערע ווערטער: הגם אז ווען אידן זיינען דורכ-געגאנגען דעם ים, "בתוך הים ביבשה", איז דארטן געווען דער גילוי פון עלמא דאתכסיא (בלשון החסידות), ובלשון המדרש[359] "ראתה שפחה על הים מה שלא ראה יחזקאל וישעי'", און "הם הכירוהו תחלה", סיי די קטנים וואס זיינען געבארן געווארן בסוף זמן גלות מצרים, און סיי די גדולים – וואס זיי האבן אים דערקענט דערפון וואס "וינקהו דבש מסלע ושמן מחלמיש צור" ווען זיי זיינען געווען קטנים (כנ"ל סל"ב) –

איז אבער די אמירה "זה א-לי ואנוהו", געווען אין דער שירה, נאך דעם וואס עברו את הים,

און ווי ער זאגט אין גמרא[360], אז כל זמן וואס אידן האבן נאך ניט געזעהן "את מצרים מת על שפת הים", האבן זיי מורא געהאט אז "כשם שאנו עולין מצד אחד כך מצריים עולים מצד אחד", און נאר בשעת "וירא ישראל את מצרים מת על שפת הים" איז געווארן די שלימות פון קרי"ס, "וייראו גו' ויאמינו בה' ובמשה עבדו".

– וואס –

---

357) תו"ח שמות ריד, ב ואילך. רכט, ב. ד"ה והחדים תרל"א ע' ה ואילך. ובכ"מ. 358) ל' הכתוב – בשלח יד, טז. שם, כב. 359) מכילתא עה"פ בשלח טו, ב. יל"ש עה"פ (רמז רמד). 360) פסחים וערכין שבהע' 93.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער עיקר אויפטו פון קרי"ס איז נאך קרי"ס, ומזה מובן, אז אע"פ וואס קרי"ס איז געווען בשש"פ איז אבער די שלימות דערפון, ואדרבה - דער עיקר דערפון - געווען באחש"פ, נאך קרי"ס.

פו. אין דעם ענין פון "וירא ישראל גו׳ וייראו העם את ה׳ ויאמינו בה׳ ובמשה עבדו" - שטעלט זיך דער אלטער רבי[361], און פארענטפערט א קושיא פשוטה לכאורה בפסוק זה:

וויבאלד אז "וירא ישראל את היד הגדולה אשר עשה ה׳", איז וואס דארף מען דערנאך האבן "ויאמינו בה׳" - בשעת ס׳איז פאראן ראי׳, דארף מען דאך ניט אנקומען צו אמונה[362]?

אפילו ווען ס׳איז פאראן שמיעה מפי עדים - דארף מען אויך ניט אנקומען צו אמונה; עאכו"כ בשעת ס׳איז דא ראי׳, וואס ראי׳ איז תכלית ההתאמתות, ביז ווי די גמרא[363] איז מסביר אז "אין עד נעשה דיין", וויבאלד אז "רחמנא אמר[364] ושפטו העדה והצילו העדה, וכיון דחזיוהו כו׳ לא מצו חזו לי׳ זכותא" - איז אויף וואס האט דערנאך געדארפט זיין "ויאמינו"?

איז מבאר דער אלטער רבי:

אין שם הוי׳ זיינען דא צוויי מדריגות (אופנים), ווי עס שטייט בא די י"ג מדות הרחמים[365] "ויקרא הוי׳ הוי׳", ב׳ פעמים הוי׳ [וואס לויט כמה דעות[366] הויבן זיך אן די י"ג מדה"ר ניט פון שם "א-ל", און "ויקרא הוי׳ הוי׳" איז דער פירוש[367] אז הוי׳ הראשון איז קורא הוי׳ השני, נאר - פון דעם ערשטן שם הוי׳, און "ויקרא הוי׳ הוי׳" איז דער פירוש[368] אז משה האט קורא געווען ביידע הויות],

און די צוויי שמות הוי׳ איז "פסיק טעמא בינייהו", ד.ה. אז זיי זיינען שלא בערך זה לזה - וואס איין שם הוי׳ איז - שם הוי׳ דלתתא, און דער צווייטער שם הוי׳ - שם הוי׳ דלעילא.

וע"ד המבואר[369] אין דעם פסוק[370] "וארא אל אברהם גו׳ ושמי הוי׳ לא נודעתי להם גו׳ לכן אמור לבנ"י אני הוי׳",

- ד.ה. -

------------

361) בסה"מ תקס"ו ע׳ קמג ואילך. תו"א בשלח סא, ד.
362) ראה גם ד"ה והחרים תרל"א ס"ע ח ואילך. 363) ר"ה כו, רע"א. 364) מסעי לה, כד-כה. 365) תשא לד, ו.
366) נסמנו בלקו"ש ח"ד ע׳ 1348 ואילך. 367) ראה אוה"ת תשא ע׳ ב׳סז ואילך (וש"נ). ספר הליקוטים ע׳ הוי׳, שם ע׳ פד ואילך. 368) ראה סה"מ שם ע׳ קנ. תו"א שם סב, ריש ע"ב. בהנסמן בספר הליקוטים שם (ע׳ פד). 369) תו"ח שמות רח, ב. אוה"ת וארא (כרך ז) ע׳ ב׳תקסד. ובכ"מ. 370) וארא ו, ג. ו.

ד.ה. אז בא די אבות איז ניט געווען דער גילוי פון שם הוי׳, און דאס האט זיך אויפגעטאן בא מתן תורה, כמ"ש[371] "אנכי הוי׳ אלקיך גו׳" (ועד"ז אין דער הכנה - בא יציאת מצרים) -

וואס לכאורה דארף מען פארשטיין: "והלא נאמר בכמה מקראות שם הוי׳ אצל האבות כו׳"[372]?

איז מען מבאר[373], אז עס זיינען פאראן צוויי בחי׳ אין שם הוי׳, און דער גילוי שאצל האבות איז געווען פון שם הוי׳ דלתתא, אבער "ושמי הוי׳ - דלעילא - לא נודעתי להם"; משא"כ בא מ"ת האט זיך אויפגעטאן דער גילוי פון שם הוי׳ דלעילא.

פז. והביאור בזה:

שם הוי׳ דלתתא איז הוי׳ לשון[374] מהוה, ד.ה. די בחי׳ אין אלקות וואס איז פארבונדן מיט ענין הבריאה וההתהוות פון אלע עולמות, וכמ"ש[374] "אלה תולדות השמים והארץ בהבראם ביום עשות <u>הוי׳</u> אלקים ארץ ושמים";

משא"כ שם הוי׳ דלעילא איז דער שם הוי׳ שאין לו פירוש, שם העצם[375],

וכמבואר אין ספרים[376] אז ס׳איז דא שם הוי׳ שיש לו פירוש, און שם הוי׳ שאין לו פירוש.

און דאס איז דער פירוש פון דעם פסוק הנ"ל:

"וירא ישראל . . אשר עשה הוי׳" גייט אויף הוי׳ דלתתא, ד.ה. אז ס׳איז געווען די ראי׳ אין דער בחי׳ פון הוי׳ מלשון מהוה, בחי׳ הוי׳ וואס איז געווען בגלוי בזמן האבות, אבער ניט אין בחי׳ הוי׳ וואס איז נתגלה געווארן בשעת מ"ת - ווארום אין דער בחי׳ פון הוי׳, הוי׳ דלעילא, איז ניט שייך קיין ראי׳, מערניט ווי אמונה,

און דאס איז וואס עס שטייט דערנאך "ויאמינו בהוי׳", וואס דאס גייט אויף הוי׳ דלעילא, ד.ה. אז אין הוי׳ דלעילא איז געווען בלויז <u>אמונה</u>.

בכדי אבער צוקומען צו "ויאמינו" אין הוי׳ דלעילא - דארף פריער זיין די הקדמה פון "וירא" אין הוי׳ דלתתא, וואס האט זיך אויפגעטאן בא קרי"ס, ווארום: בשעת ס׳איז ניטא קיין קשר וידיעה אין דעם גאנצן ענין, איז ניט שייך

- קיין -

---

371) יתרו כ, ב. 372) אוה"ת שם. 373) שעהיוה"א רפ"ד. וראה זח"ג רנז, ב. פרדס ש"א פ"ט. 374) בראשית ב, ד. 375) פרדס שי"ט. 376) ראה אוה"ת יתרו ע׳ תתלו ואילך (וש"נ). וראה גם ס׳ הערכים-חב"ד כרך ד ע׳ אוא"ס (ה) ע׳ תנט. וש"נ.

קיין אמונה אין דעם; בשעת אבער ס׳א־ז אויפגעטאן געווארן בא קרי"ם די דאי׳ אין הוי׳ דלתתא - האט דאס געבראכט דעם גילוי פון הוי׳ דלעילא אין אן אופן פון אמונה.

פח. די הוראה דערפון אין עבודת האדם:

יעדער איד זאגט דאך יעדן טאג אין ק"ש "שמע ישראל הוי׳ אלקינו הוי׳ אחד", "ואהבת את הוי׳ אלקיך וגו׳ ובכל מאדך"[377], ד.ה. אהבה ביז צו מסירת נפש[378] -

איז וויבאלד אז די ענינים זיינען פארבונדן מיט שם הוי׳ (שמע גו׳ הוי׳, ואהבת את הוי׳) - זיינען אין דעם פאראן צוויי אופנים (מתאים צו די צוויי דרגות הנ"ל אין הוי׳, הוי׳ דלתתא און הוי׳ דלעילא):

איין אופן איז - אז ער האט א הכרה אין דעם אויבערשטן, שם הוי׳, דורך דער התבוננות אין בריאה שלו (וואס נעמט זיך פון הוי׳ לשון מהוה), וכמ"ש הרמב"ם בתהלה ספרו[379] "והיאך היא הדרך לאהבתו ויראתו, בשעה שיתבונן האדם <u>במעשיו וברואיו</u> וכו׳", וואס אזוי ווי די התבוננות ברענגט "לאהבתו ויראתו", אזוי ברענגט זי אויך צום קיום הציווי[380] פון "דע את אלקי אביך", לידע ולהאמין, הכרת הבורא,

וואס דאס איז א הכרה אין הוי׳ דלתתא, ווי דאס איז מלשון מהוה, פארבונדן מיט דער בריאה;

און דורך דער התבוננות אין "מה גדלו מעשיך הוי׳" און "מה רבו מעשיך הוי׳"[381], קומט ער צו א הכרה אין דעם אויבערשטן וואס איז <u>העכער</u> פון שייכות צו "מעשיך" וכו׳, בחי׳ הוי׳ דלעילא וואס איז העכער שלא בערך (אין אן אופן פון פסיק טעמא בינייהו) פון הוי׳ דלתתא, און פון דער בריאה,

וואס וויבאלד אז דאס איז העכער לגמרי פאר דער בריאה, איז אין דערויף ניט שייך א הכרה באופן פון הבנה והשגה - אין דער דרגא פון אלקות איז שייך א הכרה בלויז אין אן אופן פון אמונה, "ויאמינו בהוי׳".

פט. דערפון קומט ארויס א נפק"מ אויך אין עבודה בפועל, וואס המעשה הוא העיקר:

בשעת זיין עבודה איז פארבונדן מיט דער התבוננות וואס

- קומט -

------------

377) ואתחנן ו, ד-ה. 378) ראה ספר הערכים-חב"ד כרך א ערך אהבת ה׳ - בכל לבבך, נפשך ומאדך ס"ד. וש"נ. 379) הל׳ יסוה"ת פ"ב ה"ב. 380) דה"א כח, ט. 381) ל׳ הכתוב - תהלים צב, ו. קד, כד.

קומט מצד הבריאה, "מה גדלו מעשיך" און "מה רבו מעשיך" - איז דאס אן עבודה שבמדידה והגבלה, וואדום וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט די מדוה"ג פון "מעשיך", איז הגם אז ס'איז טאקע "רבו" און "גדלו", ביז אז "אלף אלפים ישמשונה וריבו רבבן קדמוהי יקומון"[382] - איז דאך דאס אבער אלץ א מספר והגבלה, ובמילא איז זיין עבודה אויך מדוד ומוגבל.

און אע"פ אז ער ווייסט אז "אין חקר לתבונתו"[383], אז דער אויבערשטער איז בלי גבול -

איז דאך אבער מבואר אין מורה נבוכים (אין די הקדמות צו ח"ב) אז אן ענין בלתי מוגבל קען זיך ניט מתלבש זיין אין א דבר מוגבל,

און אויך א שכל פון א אידן איז א מוגבל, וואדום אע"פ אז א איד איז טאקע העכער פון אלע נבראים, איז ער אבער פארט א מוגבל, ביז אז אויך ע"פ תורה איז "אין סומכין על הנס", מיט נאך הגבלות כיו"ב וואס תורה האט אויף אים ארויפגעלייגט -

במילא קען ער ניט ארויסגיין פון זיינע מדידות והגבלות.

צ. דאס איז אבער נאך ניט די שלימוה העבודה פון א אידן -

וואדום וויבאלד ער האט א נפש האלקית, ווי דער אלטער רבי שרייבט[384] אז "הנפש השנית בישראל היא חלק אלוקה ממעל ממש" - איז אזוי ווי דער אויבערשטער איז בלי גבול, אזוי איז אויך די נשמה, וואס די איז א "חלק אלוקה", בלי גבול -

ובמילא קען ער טאן זיין עבודה, ניט רעכענענדיק זיך מיט די הגבלות פון דער וועלט וואו ער געפינט זיך, און אפילו ניט מיט די הגבלות פון גאנץ סדר ההשתלשלות,

וואדום זיין נפש האלקיה איז א "חלק אלוקה", איז אויף איר ניט חל דער כלל אז א הדבר המוגבל קען ניט פארנעמען קיין בלי גבול.

צא. דעמולט שטעלט זיך אבער אן אנדערע שאלה:

וויבאלד אז זיין נפש האלקית איז בל"ג - טא ווי קען זי זיך מתלבש זיין אין דעם נה"ב און אין דעם גוף, וואס זיינען מוגבלים?!

אויף דעם איז דער תירוץ, אז דאס קומט פון דעם "כח המפליא לעשוה", וכמבואר אין רמ"א[385], בפירוש הברכה "ומפליא לעשות" -

---

382) דניאל ז, י. 383) ישעי' מ, כח. 384) בתניא רפ"ב.
385) או"ח ס"ו סוס"א. וראה דרכי משה לטור שם סק"ב.

לעשות", אז דאס איז נאר בכח הקב"ה לחבר גשמיות ורוחניות,

ועד"ז איז ער מחבר די נשמה וואס איז א חלק אלוקה ממעל ממש, און איז "יחידה ליחדך"[386], איין מציאות מיטן "יחיד"[386] און מיטן בורא - זי זאל ווערן איין מציאות מיט דער נה"ב און מיטן גוף הגשמי והבשרי, כדי אז אלע צוזאמען זאלן ממלא זיין די שליחות זייערע פון אויבערשטן בעולם, לעשות לו ית' דירה בתחתונים.

צב. ס'איז אבער פארשטאנדיק, אז וויבאלד דער נה"א איז זיך מתלבש אין נה"ב און גוף וואס זיינען מוגבלים - איז כדי צוקומען צו מילוי השליחות לעשות לו ית' דירה בתחתונים, וואס "תחתונים" זיינען מוגבלים - דארף עבודת האדם זיין מלמטה למעלה:

תחלת העבודה מוז זיין ע"ד ווי עס שטייט בנוגע צו כיבוש א"י, "מעט מעט אגרשנו"[387], ובלשון פון מחנכים - "מן הקל אל הכבד",

וואס דאס מיינט, כאמור לעיל, אנהויבן פון דער התבוננות בבחי' הוי' דלתתא, וואס ברענגט אן עבודה במדוה"ג;

לאידך, אבער, וויבאלד אז דער נה"א האט זיך מתלבש געווען אין דעם גוף ונה"ב, וואס דער נה"א איז בלתי מוגבל, כנ"ל - דעדפאר איז אויך בשעת ער האלט בא הוי' דלתתא דארף זיין די ידיעה אז צווישן הוי' דלתתא מיט הוי' דלעילא איז דא א "פסיק טעמא", ד.ה. אז די דרגא וואו ער האלט (הוי' דלתתא) איז אינגאנצן שלא בערך לגבי דער דרגא פון הוי' דלעילא,

און בכדי איבערגיין פון דער דרגא וואו ער האלט, הוי' דלתתא, צו הוי' דלעילא, פון גבול צו בל"ג, איז ניט מספיק עבודה באופן פון הליכה, נאר עס מוז זיין דורך דילוג וקפיצה [בדוגמא ווי דער ענין פון פסח - דילוג וקפיצה], אז ער שפרינגט אריבער דעם "פסיק טעמא", און ער שפרינגט אריין אין דער עבודה שלמעלה ממדוה"ג, הוי' דלעילא.

צג. און דאס איז דער ענין פון "וירא ישראל . . אשר עשה הוי' גו' ויאמינו בהוי' גו'":

פריער איז געווען דער גילוי פון שם הוי' דלתתא, ד.ה. א גילוי וואס איז טאקע העכער פון "אלקים" בגימטריא הטבע[389] וואס איז נעלם ונסתר ומוטבע אין טבע -

- דאס -

------------

386) פיוט הושענא. וראה סה"מ ה'ש"ת ע' מא. תש"א ע' 150. ובכ"מ. 387) ראה לקו"ת ראה כה, א. 388) משפטים כג, ל. 389) שעהיוה"א רפ"ו.

דאס איז אבער די בחי' אין הוי' וואס איז מלשון מהוה און הי' הוה ויהי'[392], וואס אין דער דרגא איז שייך "וירא ישראל";

דערנאך גיט מען אבער א שפרונג פון "וירא ישראל", הוי' דלתתא, און דורך דערויף קומט מען צו דעם העכערן גילוי, "ויאמינו בהוי'", הוי' דלעילא, וואס איז באי"ע העכער פאר הוי' דלתתא.

צד. פון וואנעט האבן אידן טאקע דעם כח צו פועל'ן אז עס זאל זיין דער גילוי פון הוי' דלעילא וואס איז למעלה ממדידה והגבלה?

אויף דעם איז דער פסוק ממשיך: "ויאמינו בהוי' <u>ובמשה עבדו</u>", וכמודגש אין מכילתא עה"פ: "אם במשה האמינו ק"ו בה'? בא זה ללמדך שכל מי שמאמין ברועה נאמן כאלו מאמין במאמר מי שאמר והי' העולם", און איז מסיים אז עד"ז איז אין צד השלילי. וואס מזה מובן, אז דער "ויאמינו בהוי' - דלעילא", קומט דורך בחי' "משה עבדו".

והביאור בזה:

דער ענין פון משה איז ווי עס שטייט[393] "זכרו תורת משה עבדי", ענין התורה -

און תורה איז דער ממוצע המחבר צווישן אידן מיטן אויבערשטן, און צווישן דער בריאה מיטן אויבערשטן, כמאמר[394] "אסתכל באורייתא וברא עלמא".

וואס דער ענין אין תורה וואס איז פארבונדן מיט דער בריאה איז טאקע "לא זהו עיקר התורה" (ע"ד ווי דער אלטער רבי זאגט[395] אז "לא זה הוא עיקר האלקות מה שהעולמות מתהוים ממנו", דאס איז מערניט ווי מלכות דמלכות דמלכות מיט די אלע לשונות שבזה); עיקר התורה איז ווי עס שטייט[396] "ואהי' אצלו גו' שעשועים גו' לפניו", "חמדה גנוזה"[397] -

אבער רצה הקב"ה און ער האט אפגעגעבן די תורה בעוה"ז התחתון, ביז אז עיקר התורה איז דוקא למטה, "לא בשמים היא"[398], און ווי ער זאגט אין מדרש[398] אויפן פסוק[398] "חברים

- מקשיבים -

---

390) שם פ"ז (פב, א). וראה זח"ג רנז, סע"ב.
391) מלאכי ג, כב. וראה שמו"ר פ"ל, ד. ובכ"מ. 392) זח"ב קסא, ריש ע"ב. וראה ד"ה עוטה אור ה'ש"ת (סה"מ ה'ש"ת ע' 67 ואילך). ובכ"מ. 393) תו"א מג"א צט, ב. לקו"ת שה"ש ח, א.
394) משלי ח, ל. 395) שבת פט, א. 396) נצבים ל, יב. ב"מ נט, ב. 397) שהש"ר פ"ח, יג. וראה פרש"י עה"פ שה"ש ח, יג.
398) שה"ע שם.

מקשיבים לקולך", אז דער אויבערשטער ופמליא דילי׳ הערן זיך צו צום לימוד פון אידן דא למטה,

ביז אז בנוגע צו קידוש החודש (וואס איז נוגע צו דער קביעות פון פסח, בט"ו בניסן וכו׳) זאגט דער אויבערשטער לבית דינו "אני ואתם נלך אצל ביח דין של מטה"[399],

ועד"ז איז אין אלע ספיקות אין תורה, אז מ׳קען זיי פותר זיין און מברר זיין דוקא דא למטה[400], ווי די גמרא זאגט אין ב"מ[401], אז "קא מיפליגי במתיבתא דרקיע", און "מאן נוכח - נוכח רבה בר נחמני", וואס ער איז געווען א נשמה בגוף, וואס איז "עפר מן האדמה"[402],

[וכידוע[403] די שקו"ט, אז לכאורה, וויבאלד אז רבה בר נחמני איז דעמולט "נח נפשי׳", איז ער דאך שוין ניט געווען קיין נשמה בגוף, איז ווי האט ער געקענט פסק׳נען? און מ׳פארענטפערט[404], אז זיין פס"ד איז געווען ווען ער איז נאך געווען א נשמה בגוף, פאר דעם וואס "נח נפשי׳"],

און דוקא די נשמה בגוף בעוה"ז התחתון, איז פותר דעם ספק און פלוגתא אויך פאר למעלה, ביז אז קוב"ה "קא חייך ואמר נצחוני בני נצחוני"[405].

און דערפון איז מובן, אז דורך תורה, "ובמשה עבדו", קומט מען דוקא דא למטה צום גילוי פון דער בחי׳ הכי נעליח, שלמעלה ממדוה"ג, "ויאמינו בהוי׳" דלעילא.

צה. ובנוגע לעבודה בפועל:

א איד קען טראכטן, אז וויבאלד ער האט א היתר ע"פ שו"ע ניט צו טאן א געוויסע זאך, דארף ער זיך ניט יאגן און קאכן אין דעם, און עס מאכט ניט אויס אויב ער וועט דאס טאן מארגן, און בכלל - ער קען דאס טאן דורך א שליח, ושליח שלוחו, און ער איז א "זקן ואינו לפי כבודו"[406], מיט אלע היתרים וואס מ׳האט ע"פ שו"ע,

און דאס מיינט מען ניט דאס וואס דער רמב"ן זאגט אין פ׳ קדושים בתחלתו עה"פ[407] "קדושים תהיו", אז מען קען זיין א "נבל ברשות התורה", נאר עס רעדט זיך אפילו וועגן איינעם וואס איז העכער פון "נבל", ער טענה׳ט בלויז: צוליב וואס איז דער קאך מיט דער מסירת נפש?!

- אין -

---

399) דב"ר פ"ב, יד. 400) ראה אגה"ק סכ"ו (קמד, ב ואילך). 401) פו, א. 402) בראשית ב, ז. 403) ראה כס"מ לרמב"ם הל׳ טומאת מצורע ספ"ב. מעשה רוקח לרמב"ם שם. בהנסמן בשד"ח כללים מע׳ ל כלל ל. ועוד. 404) מעשה רוקח שם. ועוד. 405) ב"מ נט, ב. 406) ראה שם ל, א. 407) קדושים יט, ב.

אין הכי נמי, פאר דעם וואס ער קומט צו "הנהג בהן מנהג דרך ארץ"[409], לייענט ער ק"ש. און דעמולט האלט ער טאקע בא "בכל מאדך" - מס"נ; עאכו"כ בתפלת העמידה, וואס דעמולט שטייט ער "כעבדא קמי מרי'"[410] -

בשעת אבער ער קומט צו "הנהג בהן מנהג דרך ארץ", דארף ער זיך פירן ווי דער "דרך ארץ" איז, כמנהג העולם;

ובמילא, האט ער ניט קיין צייט פאר תפלה בציבור בביהכ"נ, אדער שיעורים ברבים בתורה בביהמ"ד.

דער סדר ע"פ שו"ע איז[411], אז פריער דארף זיין די הליכה לביהכ"נ, תפלה בציבור, דערנאך "מבית הכנסת לבית המדרש", קביעות עתים לתורה, און ערשט דערנאך איז "הנהג בהן מנהג דרך ארץ";

בשעת אבער ער הויבט אן מיט "דרך ארץ", דעמולט האט ער ניט קיין צייט צו גיין אין שול אויף דאווענען בציבור, און ער דאווענט ביחידות; ועד"ז אז מ'רעדט מיט אים וועגן שיעורים אין תורה - זאגט ער אז היינט האט ער ניט קיין צייט און ער שטופט דאס אפ אויף בלילה, אדער אויף מארגן און איבערמארגן!

צו. אויף דעם איז דער ענטפער: "וירא ישראל את היד הגדולה אשר עשה הוי' גו' ויאמינו בהוי' ובמשה עבדו":

ס'איז ניט מספיק די עבודה וואס איז פארבונדן מיט הוי' דלהתא, וואס זי איז אן עבודה ע"פ מדוה"ג, נאר ביחד עם זה מוז אויך זיין די עבודה פון מס"נ וואס איז פארבונדן מיט "ויאמינו בהוי'" דלעילא, און מיט "תורת משה עבדי", וכנ"ל.

און בשעת א איד איז עובד עבודהו במס"נ, ווי דאס איז מצד ההתבוננות אין בחי' הוי' דלעילא - דעמולט ווערן פאר אים געשפאלטן אלע ימים, אז ס'איז ניטא קיין עניין אין וועלט וואס קען שטערן לעבודתו.

וואס דאס איז דער עניין פון קרי"ס, ווי ער זאגט אין מדרש[412] עה"פ "וישב הים לפנות בוקר לאיתנו", אז בשעת דער אויבערשטער האט באשאפן דעם ים במע"ב, האט ער מיט דעם ים אויסגענומען א תנאי, אז ער זאל זיך שפאלטן פאר די אידן ווען זיי וועלן דארפן אריבערגיין דעם ים, און דוקא בשעת

- דער -

------------

408) ברכות לה, ב. 409) שבת י, א. וראה טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס צה. 410) ברכות בסופה. וראה שו"ע אדה"ז או"ח סקנ"ה ס"א. וש"נ. 411) ב"ר פ"ה, ה. שמו"ר פכ"א, ו. וראה גם זח"ב קצח, ב. 412) בשלח יד, כז.

דער ים האט דערהערט אז ער דארף זיך שפאלטן צוליב אידן האט דאס אים דערנומען,

און דאס מיינט "וישב הים גו' לאיתנו" ("לאיתנו" אותיות "לתנאו"[413]), "לתנאו שהתניחי עמו מתחילה", ד.ה. אז כל מציאותו איז תלוי אין דעם וואס ער וועט נבקע ווערן פאר אידן.

וע"ד המסופר בנוגע צו אברהם אבינו[414], וואס "אחד הי' אברהם"[415], אז בשעת ער איז געגאנגען מקיים זיין דעם ציווי[416] "קח נא את בנך את יחידך גו'", און ער האט געזעהן א טייך - האט ער זיך ניט גערעכנט מיט גארניט און איז ווייטער געגאנגען, און דאס האט מבטל געווען אלע מניעות ועיכובים.

און דער ענין פון קרי"ס האט דערנאך גע'פועל'ט און פותח געווען דעם צינור בנוגע צו אלע אידן,

ביז ווי די גמרא זאגט אין חולין[417] אז "רבי פנחס בן יאיר הוה קאזיל לפדיון שבויין, פגע בי' בגינאי נהרא אמר לי' גינאי חלוק לי מימך ואעבור בך כו' חלק לי'", ביז אז "הוה ההוא טייעא (סוחר ערבי[418]) דלווה בהדייהו אמר לי' חלוק לי' נמי להאי דלא לימא כך עושים לבני לוי', חלק לי'"[418*].

ד.ה. אז בשעת ס'רעדט זיך וועגן קיום המצוה פון פדיון שבויים, אדער אפילו בנוגע צו אן איננו יהודי ("טייעא"), וואס מ'דארף "שיהי' שם שמים מתאהב על ידך"[419] - ווערן בטל די מדידות והגבלות, און דער נהר ווערט געשפאלטן.

וויבאלד אז דער סיפור ווערט דערציילט אין גמרא, איז דאך מובן אז דאס איז ניט קיין סיפור לשם סיפור סתם, נאר דאס איז אויך תורה מלשון הוראה - אז יעדער איד קען זיך אפלערנען אין עבודתו פון דעם סיפור:

ס'איז מבואר אין חסידות, אז בפנימיות איז יעדער מצוה בבחי' פדיון שבויים, ווארום דורך קיום המצוה איז ער מהפך דעם דבר הגשמי לרוחניות - וואס דאס איז פדיון שבויים, ווארום גשמיות איז דאך נתהווה געווארן פון רוחניות, און דער ניצוץ של רוחניות געפינט זיך בשבי' אין די גשמיות אדער חומריות, דערפאר וואס ס'נאד נאר ניכר די גשמיות אדער חומריות, און ניט דער ניצוץ רוחני, און דורך א מצוה מאכט מען דערפון רוחניות, תשמישי קדושה, וקדושה אליין, במילא נעמט מען ארויס דעם ניצוץ רוחני פון מקום השבי',

- ביז -

---

413) בעה"ט עה"פ. 414) תנחומא וירא כב. 415) יחזקאל לג, כד. 416) וירא כב, ב. 417) ז, א. 418) פרש"י שם. *418) דאה נועם אלימלך ליקוטי שושנה בסופו. 419) יומא פו, א.

ביז ווי ער זאגט דעם לשון נפלא אין המשך וככה אז בשעת מ'עסט מצה עסט מען אלקות, ד.ה. אז די אלקות וואס איז נתלבש געווארן אין דער מצה גשמי, ווערט דם ובשר כבשרו, וואס דאס איז דם ובשר גשמי -

וואס דאס איז דאך פדיון שבויים אמיתי פון דעם ניצוץ אלקי וואס געפינט זיך אין דער מצה.

און דערנאך איז ער ממשיך עד"ז בכל עבודתו אין "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און נאך העכער - "בכל דרכיך דעהו".

האט מען די הוראה פון דעם סיפור הנ"ל אין גמרא, אז בשעת ער איז עובד עבודתו אין "פדיון שבויים", אין קיום המצוות מיט דברים גשמיים, וואס דורך דערויף איז ער מקיים ציווי הקב"ה, און אן א דבר גשמי וואלט ער ניט געקענט מקיים זיין ציווי הקב"ה -

איז אויב ס'איז פאראן א "ים" אדער א "נהר" אין טבע העולם, ד.ה. די העלמות והסתרים פון וועלט וואס שטערן לעבודתו - ווערט דאס געשפאלטן,

ביז אז עס שפאלטן זיך "כל מימות שבעולם", ע"ד ווי ס'איז געווען בא קרי"ס אז "נבקעו כל מימות שבעולם"[420].

צז. דערמיט וועט מען אויך פארשטיין א דבר בלתי מובן אין דעם מארז"ל אז בעת קרי"ס איז "נבקעו כל מימות שבעולם":

ס'איז דא א כלל[421], אז "לא עביד קוב"ה ניסא למגנא", איז צוליב וואס האט געדארפט זיין "נבקעו כל מימות שבעולם"?

ע"פ פשוטו של ענין איז מען'מבאר, אז דאס איז געווען א הכנה און א סיוע צו כיבוש א"י, וואס דאס איז וואס רחב האט געזאגט[422] "וכי נמוגו כל יושבי הארץ מפניכם גו' כי שמענו את אשר הוביש וגו'", דלכאורה: פון וואנעט האבן זיי געוואוסט וועגן דעם? אויף דעם ענטפערט מען, אז דאס איז געקומען דורך דעם וואס "נבקעו כל מימות שבעולם".

אויף דעם איז דאך אבער געגוג עס זאל נבקע ווערן נאר די מימות שבא"י - צוליב וואס האט געדארפט זיין "נבקעו כל מימות <u>שבעולם</u>"?

אבער ע"פ המבואר לעיל איז דאס מובן, ווארום דאס איז ניט געווען קיין נס בפ"ע, נאר בשעת מ'האט גע'פועל'ט ביים

- שר -

-------------

420) מכילתא ופרש"י עה"פ בשלח שם, כא. שמו"ר שם.
421) ראה דרשות הר"ן דרוש ב'. 422) יהושע ב, ט-י. וראה פרש"י עה"פ בשלח טו, טז.

שר של ים-סוף עס זאל נבקע ווערן דער ים כדי אידן זאלן
קענען גיין מקבל זיין די תורה, און כדי ס'זאל זיין
"ויאמינו בהוי'" - איז בדרך ממילא "נבקעו כל מימות
שבעולם", ווארום "כל מימות שבעולם" זיינען ניט קיין ענין
בפ"ע, אפילו ניט בדרך סיבה ומסובב, נאר וויבאלד אז ס'איז
נבקע געווארן דער כלל ועיקר, האט דאס בדרך ממילא גע'פועל'ט
אויף די פרטים, אז אויב ס'איז דא ערגעץ-וואו א נהר -
שפאלט ער זיך פאר אידן.

וכמבואר הענין בקבלה ובחסידות, אז דעמולט איז געווען
דער גילוי פון עלמא דאתכסיא אין יבשה, "הלכו בתוך הים
ביבשה".

צח. דערפון איז די הוראה בעבודת כאו"א, אז בשעת ער רעכנט
זיך ניט מיט קיינע מדידות והגבלות פון וועלט,

אנהויבנדיק פון "קשוט עצמך תחלה"[423], אז ער פועל'ט בא
זיך דעם ענין פון קרי"ס, גילוי הנשמה בגוף ונה"ב[424],

ווארום בגלוי (בחי' עלמא דאתגלייא) זעט ער בא זיך
דעם גוף [ע"ד לשון התניא[425] - "העושים גופם עיקר"], און אין
גוף זיינער ניכר די פעולות און תנועות פון דער נפש
החיונית וואס הייסט נפש הבהמית, און נאר דורך התבוננות
קומט ער צו דער הכרה אין דער נפש השנית בישראל וואס איז
"חלק אלוקה ממעל ממש", ווארום דאס איז בהעלם (בחי' עלמא
דאתכסיא),

איז וויבאלד אז ביי אים איז בגלוי דער גוף גשמי, און
דער לב ושאר הכחות גשמיים - במילא זיינען כל עניניו פאר-
בונדן מיט גשמיות -

פועל'ט ער בא זיך די בקיעת הים, דער נפש האלקית
(עלמא דאתכסיא) זאל נתגלה ווערן און נמשך ווערן אין דעם
נפש הבהמית (עלמא דאתגלייא), וואס דעמולט ווערט "כהמס
דונג מפני אש גו'"[426], אז זיין נה"א "חלק אלוקה ממעל ממש",
ווערט בגלוי א בעה"ב אויף זיין גוף ונה"ב.

און "ואח"כ קשוט אחרים"[423], ער פועל'ט דעם ענין אין
חלקו בעולם, ביז אין דער גאנצער וועלט, אז עס זאלן זיך
שפאלטן אלע מדוה"ג פון וועלט, דורך דערויף וואס ער איז
מגלה דעם ניצוץ אלקי דקדושה וואס איז דא בהעלם אין יעדער
זאך אין וועלט, ווארום ס'איז דאך "בדבר הוי' שמים נעשו"[427],

- אז -

---

423) ב"מ קז, סע"ב. וש"נ. 424) ראה ד"ה והחרים תרל"א
ע' לח ואילך. 425) רפל"ב. 426) ל' הכתוב - תהלים סח, ג.
427) תהלים לג, ו.

אז אין שמים וארץ ובכל צבאיהם איז דא דער דבר ה׳, ס׳איז מערניט וואס בעיני בשר זעט מען די שמים וארץ וצבאיהם הגשמיים, אבער ע"י עבודתו מיט זיך און במילוי שליחותו בעולם – טוט ער אויף דעם ענין פון קרי"ס, אז ער איז מגלה דעם ניצוץ אלקי וואס איז דא אין יעדער זאך.

צט. און פון דעם קרי"ס האט מען דעם נתינת כח צוקומען צו דער תכלית השלימות פון קרי"ס, "ויאמינו בה׳" און אמירת שירה, וואס וועט זיין לע"ל,

וואס דאס האט זיך אנגעהויבן בא קרי"ס צום ערשטן מאל, ווי די גמרא זאגט אין סנהדרין אז "שר לא נאמר אלא ישיר, מכאן לתחיית המתים מן התורה",

וואס תחה"מ וועט זיין נאך דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

ובמהרה בימינו וועט זיין דער "הקיצו ורננו שוכני עפר"[428], "ואהרן ומשה עמהם"[429],

און ס׳וועט זיין "נחית כצאן עמך ביד משה ואהרן"[430] (כמבואר לעיל בהמאמר, מיוסד אויף לקו"ה פ׳ מסעי[431], און ד"ה כימי צאתך תש"ת[432], ועוד),

ביז אין אן אופן פון "ואנחנו עמך וצאן מרעיתך נודה לך לעולם לדור ודור נספר תהלתך"[433],

למטה מעשרה טפחים, נשמות בגופים, ובלשון הרמב"ם "ומיד הן נגאלין".

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית ג"פ). ניע זשוריצי חלאפצי.

בדך ברכת המזון. תפלת ערבית. הבדלה. וחילק לכל אחד ואחד מכוס של ברכה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

---- * ----

------------

428) ישעי׳ כו, יט. 429) ראה יומא ה, ב. תוד"ה אחד – פסחים קיד, ב. 430) ל׳ הכתוב – תהלים עז, כא. 431) פח, א ואילך. 432) נדפס בסה"מ תש"ת ע׳ 159 ואילך. 433) תהלים עט, יג.

בס"ד. קטע משיחת אחרון של פסח ה'תש"מ. <u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

א. די טענה־פון דעם יצה"ר וואס טוט זיך אן אין א איצטלא של יראת שמים, אז וויבאלד מ'געפינט זיך אין גלות בהשגח"פ, דארף מען אין דערויף האבן א געשמאק, און וויבאלד אז מ'האט קיין ברירה ניט, דארף זיין "כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו"[2] - מ'דארף אריינווארפן אידישע קינדער, רח"ל, אין א חינוך וואס איז פארבונדן מיט דער פרנסה און ע"ז פון מצרים[3] -

ווערט נאך שטארקער בשעת ער טענה'ט אז דורך דערויף וואס ער איז מוותר אויף דעם חינוך פון די אידישע קינדער - באקומט מען געלט פאר ענינים טובים.

איי די געלט וואס מ'באקומט איז פארבונדן מיט היפך פון שמירת שבת ויו"ט?!

און דאס איז אויך פארבונדן מיט א וויתור אז מ'איז מסכים אז מ'זאל מחנך זיין קינדער אין אן אופן וואס מ'פאר־ברענט פאר זייערע אויגן רח"ל, בלעטער פון א תנ"ך!!

איז דאס ארט אים ניט - אבי אז צוליב דעם וויתור פון כו"כ אידישע קינדער באקומט ער עטליכע קינדער און עטליכע לירות אין זיינע מוסדות!

און דאס איז "דעת תורה"!

ב. וואס בשעת מ'איז מוותר אויף דעם חינוך פון א אידיש קינד, און מ'ווארפט אים אריין אין דער ע"ז פון וועלט - איז דאס אן ענין פון פקו"נ,

און אין פקו"נ איז דא דער כלל[4] אז "אין דוחין נפש מפני נפש", עאכו"כ אז מ'טאר ניט דוחה זיין 80% פון די קינדער צוליב 20%, אזוי ווי דאס איז געווען אין דעם דור שלפנ"ז, און ווי מ'איז דאס ממשיך טאן אויך איצטער, אז מ'איז מוותר אויף אידישע נפשות, מ'מיטן אויסרייד אז דורך דערויף וועט מען באקומען נאך קינדער און נאך לירות בא זיך אין מוסד,

און מ'טוט דאס אן, רח"ל, אין דבר ה' און אין "דעת תורה"!

ואין פוצה פה ומצפצף, ואדרבה - מ'זאגט אז דאס איז גאר ניט קיין גזירה, נאר דאס איז "דעת תורה"!

- און -

---

1) האמורה לעיל בהשיחה ס"נ. 2) ל' הכתוב - שמות א, כה. 3) ראה לקו"ש שמות תשל"ח ס"ג ואילך. 4) סנהדרין עב, ב. וש"נ.

און מ׳שרייט אז דערפאר דארף זיין מחיית כפיים, און מ׳דארף יענעם זאגן "יישר-כח" - ווארום מ׳האט מצליח געווען באקומען כו"כ לירות און כו"כ קינדער אין די אייגענע מוסדות.

וואס פאר יעדער קינד וואס מ׳האט באקומען אין די אייגענע מוסדות - האט מען מסכים געווען און גע׳חתמ׳ט צו אוועקגעבן 3, 4 אדער 5 מאל אזוי פיל קינדער אין מוסדות וואו מ׳קלייבט צוזאמען קינדער און מ׳פארדרבענט, רח"ל, א תנ"ך בפניהם!! וואס לא היתה כזאת אין אלע מדינות מקולקלות!

ג. דערנאך אז מ׳פרעגט: היתכן - וואס שווייגט מען?!

שטעלט ער זיך אוועק און האלט א פייערדיקע רעדע וועגן דעם ענין החינוך.

אבער צי דען איז ער צוליב דעם ענין געווארן אויס מחנך - ניין! ער בלייבט במקומו און ער שרייט אז ער האט קיין בעה"ב׳שקייט ניט דארטן.

וואס הייסט דו האסט קיין בעה"ב׳שקייט ניט?! שטעל זיך אוועק און קלאפ אויפן טיש אז מ׳וועט ארויסגיין פון דער שותפות אויב מ׳וועט ניט ארויסנעמען די אלע קינדער פון די מוסדות!

וואס אפילו צוליב איין קינד איז "אין דוחין נפש מפני נפש", ועאכו"כ דא וואס מ׳האט געמאכט א הסכם צו אפגעבן כמה פעמים ככה קינדער צו אזא חינוך.

און מ׳שרייט נאך "יישר-כח", און אז דאס איז א "השג דחי", און אז לא הי׳ לעולמים אזוי גוט ווי ס׳איז איצטער, און ס׳איז ממש משיח׳ס צייטן, ואדרבה, מ׳האט שוין פאר משיח׳ן אלץ אפגעטאן!

מ׳איז נאר מעלים און מ׳דערמאנט ניט אז פאר יעדער קינד וואס מ׳האט באקומען, האט מען אפגעגעבן כמ"פ ככה צו א חינוך בלתי רצוי לגמרי!

ד. און אויף דער שאלה פארוואס מ׳גייט ניט ארויס פון דער שותפות - ענטפערט מען: אזוי ווי עס וועט סיי-ווי ניט העלפן אויב מ׳וועט ארויסגיין פון דער שותפות, במילא וועט מען בלייבן אין דער שותפות!

וואס דאס איז פונקט ווי די וואס פרעגן בנוגע צו שמירת שבת: וואס וועט העלפן אז ער וועט פארמאכן דעם געשעפט שבת, בשעת אנדערע געשעפטן בלייבן אפען?!

וואס דאס איז כמובן קיין תירוץ ניט:

כל זמן אז דו גייסט ניט אריין אין דער שותפות און דו ביסט ניט מסכים צו וואס זיי טוען - איז ניטא קיין הכשר

- אויף -

אויף וואס זיי טוען; בשעת אבער מ׳בלייבט אין דער שותפות, וואס דערמיט באווייזט מען אז מ׳איז מסכים - גיט דאס א הכשר אויף וואס זיי טוען.

און דערנאך "כי ישאלך בנך"[5] בא זייך פאטער: ווי קענסטו מאנען אז מ׳זאל זיך פירן אין אן אופן המתאים, בשעת דו האסט גע׳חתמ׳ט און מסכים געווען (טאקע דערנאך מיט א מחאה!) אויף אזא זאך?!

ה. וואס כאמור, כבר הי׳ לעולמים בא די ילדי טעהראן, אז ס׳איז געווען א שותפות, און צוליב באקומען געלט האט מען אפגעגעבן קינדער אין א חינוך בלתי רצוי -

אבער דעמולט האט מען ניט געשריען אז דאס איז א "הישג דתי", און מ׳האט ניט געהייבן די הענט און מסכים געווען בא דעם חלק פון דעם אפמאך, ועד"ז נאך כו"כ ענינים וואס מ׳האט ניט געטאן.

משא"כ אבער איצטער, איז ניט נאר אז מ׳זאגט ניט אז דאס איז א דבר בלתי רצוי, נאר מ׳זאגט אז דאס איז גאר א "הישג דתי"!

ענטפערט מען מיט דער טענה: אזוי ווי מ׳לעבט דאך אין אן עלמא דשקרא - זיינען ביז איצטער געווען עוולות אין דער וועלט, ועד"ז זיינען אויך איצטער דא עוולות אין דער וועלט - איז דאס איינע פון די עוולות!

אבער אפילו אז עס זיינען דא עוולות אין דער וועלט - ווער בעט דיר ארויסגיין אין גאס און שרייען אז דאס איז א "הישג דתי"?!

וואס כאמור, אזוי איז אויך געווען מיט כמה עשיריות שנים לפנ"ז בא די ילדי טעהראן, אז מ׳האט גענומען געלט, און צוליב דעם האט מען מסכים געווען צו מוותר זיין אויף דעם חינוך פון אידישע קינדער.

און מ׳האט פארשוויגן די ציי‏טונגען אז מ׳זאל ניט שרייבן אז מ׳האט מוותר געווען אויף 80% צוליב 20%,

און מ׳האט אויך געמאכט שא שטיל אין גאס, אז מ׳זאל ניט לאזן מאכן מחאות אויף דערויף.

וכידוע וואס עס איז געווען ווען כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געמאכט א שטורעם וועגן די ילדי טעהראן, און געמאכט אן אסיפה אויף צו מוחה זיין קעגן דעם - איז מען דערנאך

- געקומען -

---

5) ל׳ הכתוב - בא יג, יד. ואתחנן ו, כ.

געקומען און דאס מערבב און מבלבל געווען, ואין כאן מקומו להאריך אין א דבר המצער.

ועד"ז איז איצטער געווארן א צווייטן מאל ילדי טעהראן, אז צוליב געלט איז מען מוותר אויף דעם חינוך פון אידישע קינדער.

אבער איצטער איז דא א שינוי לגבי ווי דער ענין פון ילדי טעהראן איז געווען בפעם הראשונה:

די וואס האבן דעמולט געמאכט א מחאה און א שטורעם - הייסט מען זיי איצטער שווייגן, און זיי שווייגן טאקע!

וואס דאס זיינען די וואס האבן דעמולט געקערט וועלטן אז ס'איז היפך התורה און היפך אלע ענינים צו אוועקגעבן די ילדי טעהראן צו א חינוך בלתי רצוי - און אעפ"כ איצטער שווייגן זיי!

ו. וואס דער טעם און די הסברה אויף דעם איז - אז דאס איז אן ענין פון שוחד:

אז מ'לייגט ארײן אפילו א פרוטה אין דער קעשענע פון דעם דיין, איז אפילו אויב ער ווייסט ניט דערפון - איז דאס אים משחד, און תושבע"פ זאגט אז שוחד איז מטה זיין שכל;

עאכו"כ אויב דו ווייסט אז די פרוטה גייט צו דיינעם א מוסד, וואס דו קאכסט זיך אין אים, און אדרבה, דו בעטסט און ביסט לוחץ אז מ'זאל געבן מער פרוטות - זאגט תורה אז ע"פ דין איז דאס מטה דעם שכל.

און תורה איז מסביר אז "השוחד יעור עיני חכמים"[6]:

תורה זאגט אז ער איז א "חכם", און אז ער האט "עינים" צו זעהן - אבער וואס זעט ער - זעט ער ניט די ריכטיקע מציאות.

טענה'ט ער: וואס קען ער טאן, די תורה זאגט אז "אין לדיין אלא מה שעיניו רואות"[7]?!

באווארענט דאס דער שו"ע:

דאס וואס ער האט אויגן איז אויף דערויף האט ער קיין ברירה ניט; אבער אויב ער באקומט געלט פאר זיינע מוסדות - איז א פס"ד ברור אז ער טאר ניט זיין קיין פוסק אין ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט דעם מקום פון וואנעט עס קומען די פרוטות.

- אשר -

---

6) שופטים טז, יט. 7) סנהדרין ו, סע"ב. וש"נ.

אשר על כן: זאג זיך אפ פון פסק'נען שאלות, און גיי פיר דיינע מוסדות, און באקום געלט, און טו אויף גוטע זאכן!

אבער ח"ו צו מסייע זיין אין שיקן אידישע קינדער אין אן ארט וואו זייער חינוך באשטייט אין דעם וואס מ'פארברענט א תנ"ך בפניהם!

און דערנאך גייט ער און האלט א פייערדיקע רעדע וועגן חינוך, און צוזאמען דערמיט שושקעט דער שר פאר חינוך דתי צו דעם צווייטן אין אויער אז מ'דארף פארשווייגן דעם ענין אז מ'גיט אוועק אזוי פיל קינדער אין יענעם חינוך.

וואס דאס איז קיינמאל ניט געהערט געווארן אין קיין אומה ולשון אז מ'זאל טאן אזא זאך צו אוועקגעבן קינדער צו א חינוך האמור צוליב געלט; עס איז פריער געווען אזא זאך בצנעה, אבער בגלוי איז דאס ביז איצטער קיינמאל ניט געווען.

און דערנאך אז דאס ווערט מפורסם און בגלוי - זאגט ער, אזוי ווי מ'זאגט בנוגע צו א גנב, אז דאס וואס מ'איז אים מעניש איז ניט דערפאר וואס ער האט גע'גנב'ט, נאר דערפאר וואס ער איז געווען אזוי נאריש און ער האט געלאזט אז מ'זאל אים כאפן!

וואס דאס איז א גוטער ווארט ע"ד הצחות, בשעת מ'רעדט וועגן ממון; אבער ניט ווען מען רעדט וועגן אידישע נפשות, ובפרט פון קינדער, ובפרט בזמן הירותנו, וואס דעמולט איז די לידה פון גאנץ עם ישראל[8], און אין דעם זמן פון הכנה צו מ"ת, וואס דעמולט זיינען אידן געווארן אזוי ווי גרים[9], וואס "גר שנתגייר כקטן שנולד דמי"[10].

* * *

ז. דאס וואס מ'האט פריער גערעדט וועגן דעם אזוי-גערופענעם "הישג דתי" פון מוותר זיין אויף 80% קינדער צוליב 20% - אע"פ אז דאס איז א דבר שבעבר, און דאס איז לכאורה איצטער ניט נוגע - איז דערפאר וואס איצטער האט זיך אנגעהויבן א נייע פרשה, וואס מסתמא וועט מען דערפון אויך מאכן א הישג דתי.

וואס עס האט איצטער געטראפן א מעשה שלא היתה כמוהו, און מ'האפט צו דאס פארשווייגן,

וואס אע"פ אז כלפי שמיא גליא - האלט מען אבער אין א מצב וואס ער רעכנט זיך רח"ל נאר מיט א בו"ד, און אפילו

- דערנאך -

---

8) ראה יחזקאל קאפיטל טז. 9) יבמות מו, א ואילך. כריתות ט, א. 10) יבמות כב, א. וש"נ.

דערנאך וועט מ'דארף מאכן א חשבון כלפי שמיא - טראכט ער אז ער וועט געבן דעם אויבערשטן שוחד, דורך דעם וואס ער זאגט אז נאך א קינד איז ביי אים אריין אין מוסד!

און פארשווייגן דאס איז ניט קיין שווערע זאך, ווארום אפילו בא דער פרשה מיט די ילדי טעהראן בפעם הא' האט מען פארשוויגן די וואס האבן געטומלט און געמאכט מחאות, און דערפאר איז דערנאך בא פרשת ילדי טעהראן בפעם הב', האבן די וואס האבן דעמולט געטומלט לכתחלה ניט געמאכט קיין טומל, און עד כדי כך - אז זיי האבן אויך ניט דערלאזט אז אנדערע זאלן מאכן א טומל.

ועד"ז איצטער האט געטראפן א מעשה מבהיל, און אזא מעשה מבהיל, אז אויב מ'וואלט דאס ניט געהערט פון א מקור נאמן וואלט מען קיינמאל ניט געגלויבט אז א איד קען דאס טאן!

און "דעת תורה" מאכט ניט קיינע מחאות, און קיין טומל, ביז אז מ'דערלאזט ניט אז אנדערע זאלן טומלען וועגן דער מעשה מבהיל.

ח. און דאס איז:

ס'איז דאך איצטער דא די פרשה מיט די רוסישע אידן, וואס דער אויבערשטער האט געגעבן בחסדו הגדול אז עס זאל זיין "מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך"[11], און מ'האט אנגעהויבן ארויסלאזן אידן פון רוסלאנד, מפני כמה סיבות שאין כאן מקומן להאריך בזה.

וואס מאיזו סיבה שתהי' (ואכמ"ל) האט דער אויבערשטער געגעבן דעם זכות נפלא צו ארץ ישראל, און אפשר איז דאס אין דעם זכות פון א"י - אז אע"פ וואס ניט אלע ענינים זיינען דארטן כדבעי [וואס אין היפך טובת ירושלים דארף מען ניט מאריך זיין, ווי עס שטייט בנוגע צו יחזקאל[12] "בגת אל תגידו"] - האט אבער מדינה רוסלאנד געזאגט אז דוקא אויב אה"ק וועט געבן א פאפירל אז דער איד וועט פארן אין אה"ק דעמולט וועט מען אים ארויסלאזן פון רוסלאנד.

וואס דאס איז א זכות נעלה ביותר פאר א"י, אז מ'זאל קענען מציל זיין אידן פון רוסלאנד דורך דערויף וואס מ'וועט שרייבן אזא פאפירל,

וואס דא איז ניט דער פירוש אז אויב ער וועט ארויס-פארן פון רוסלאנד וועט ביי אים צוקומען אין לימוד התורה, אדער אין הידור בקיום המצוות וכיו"ב - נאר דא רעדט זיך

- וועגן -

---

11) ישעי' מט, כג. 12) מיכה א, י.



הנחה הת' בלתי מוגה

וועגן פשוט ראטעווען אידן אין דעם עצם און עיקר ענין פון אידישקייט.

וואס דאס איז אזוי לכל הדעות: ניט נאר די ארטאדאקסן האלטן אזוי, נאר אפילו די קאנסערוואטיווער און רעפארמער זיינען אויך מודה אז אן מס"נ קען מען אין רוסלאנד ניט מחנך זיין קינדער מיט אידישקייט וכו׳, אפילו אידישקייט וואס די רעפארמער האלטן אז דאס איז אידישקייט!

און כאמור, מאיזו סיבה וואס איז אינגאנצן ניט פאר־שטאנדיק האבן זיך די רוסען איינגעשפארט (עכ"פ לפי שעה) אז מ׳גיט א רשיון צו ארויספארן פון דארטן דוקא אויב מ׳האט א פאפירל פון א"י אז מ׳וועט אהינצו פארן.

וואס דער איינציקער ביאור פארוואס דער אויבערשטער האט אזוי איינגעשטעלט איז – צוליב דעם זכות גדול פון א"י והדרים עלי׳, אז זיי זאלן קענען מציל זיין אידישע נשמות פון כליון רוחני לגמרי רח"ל, וואס אין רוסלאנד וואלט בא די אידן געווען היפך הקיום בהחלט פון זייער נקודה היהדות לכל הדעות.

ט. איז איצטער געשען א מעשה מבהיל, וואס, כאמור, ס׳איז שווער צו גלויבן אז אידן קענען טאן אזא זאך:

בשעת דער אויבערשטער בחסדו הגדול האט גע׳פועל׳ט אז מ׳זאל אנהויבן ארויסלאזן אידן פון רוסלאנד – זיינען כמה פון די רוסישע אידן געפארן קיין אה"ק,

אבער דארטן האבן זיי זיך ניט געקענט איינהאלטן, זיינען זיי פון דארטן אוועקגעפארן און זיך באזעצט ערגעץ־אנדערש.

ווארום אזוי ווי די וואס ווילן מושל זיין אויף זיי זיינען בעלי בחירה, און ווילן ניט אז מ׳זאל זיי זאגן דעות וואס זיי זאלן טאן – עד"ז זיינען די רוסישע אידן בעלי בחירה. ווי און וואו זיך מסדר זיין נאך דעם וואס זיי קומען פון דארטן ארויס.

און זיי האבן מודיע געווען זייערע קרובים וואס זיינען נאך געווען אין רוסלאנד דעם טעם פארוואס זיי זיינען פון דארטן אוועקגעפארן, ובמילא גיבן זיי אן עצה טובה צו זייער קרובים, אז זיי זאלן מסדר זיין אז גלייך ארויספארנדיק פון רוסלאנד (אדער דורך אן אנדער מדינה, ואכ"מ) זאלן זיי לכתחלה פארן צו אן אנדער מדינה (ניט צו א"י), אויב דאס וועט ניט זיין פארבונדן מיט איבעריקע הוצאות.

בשעת דער "קלוגינקער" האט דאס דערהערט, האט ער זיך

– אנגעטאן –

אנגעטאן אין אן איצטלא של יראת שמים, און אנגעהויבן שרייען:

וואס הייסט מ'וועט אים געבן א פאפירל אז ער פארט קיין אה"ק און דערנאך וועט ער פארן אין אן אנדער מדינה?! ס'איז דאך אן ענין פון אפנארן און שקר, ווארום מ'נארט אפ די וועלט און מ'נארט אפ דער סאוועטישער מאכט אז די אידן וועלן פארן קיין אה"ק, און בפועל פארן זיי ערגעץ-אנדערש, איז בשעת די גוים וועלן דערהערן אזא זאך וועלן זיי טענה'ן צו די אידן: היתכן אז אידן זאגן שקר, וואס שקר איז היפך פון תורת ה'?!

י. איז ערשטן'ס - וואס כאפט אים מיטאמאל אן די פֿרומקייט דוקא אין דעם ענין, און ניט אין אנדערע ענינים?!

און צווייטן'ס - זאל מען גיין פרעגן ביי א רב וואס איז גובר: אויב צוליב ראטעווען אידן פון כליון רוחני רח"ל, מעג מען געבן אזא פאפירל אדער ניט?!

איז אזוי ווי מ'גייט ניט פרעגן בא דעם רב, דערפאר שווייגט ער!

וואס דא איז פשוט א מעמד ומצב פון "לא תעמוד על דם רעך"[13] פון די אידן וואס געפינען זיך מאחורי מסך הברזל!

ווארום די אידן שטייען דארטן מיט מס"נ בפועל ממש, דערפאר וואס די מדינה איז מנגד צו דעם גאנצן ענין פון אידישקייט,

וואס אפילו בנוגע צו חנני' מישאל ועזרי' שטייט[14] אז "אלמלי נגדוהו" וואלטן זיי ניט בייגעשטאנען דעם נסיון,

ועאכו"כ בנוגע צו די אידן אין רוסלאנד, וואס דארטן איז שוין זעכציק יאר וואס מ'איז מנגד צו דעם עצם ענין פון אידישקייט בא כמה עשיריות מישראל, ועאכו"כ בא די קינדער וואס זיינען דארטן דערנאך געבארן געווארן, ווָאס זיי האבן בכלל ניט געזעהן דעם ענין פון אידישקייט - איז דאך פאר-שטאנדיק בפשטות וואס וועט דארטן ווערן בדרך הטבע!

דערנאך, מצד סיבות וואס זיינען אינגאנצן ניט פאר-שטאנדיק, האט מען אנגעהויבן ארויסלאזן אידן פון דארטן, און דערנאך האט מען ארויסגעלאזן מערער אידן, און דערנאך ווייניקער וכו' - און די איינציקע דרישה וואס מ'האט געמאנט איז אז מ'זאל פארן למקום פלוני, צו אה"ק,

- זיינען -

---

13) אחרי יט, טז. סנהדרין עג, א. תו"כ ופרש"י עה"פ. רמב"ם הל' רוצח ושמירת נפש פ"א הי"ד. טושו"ע חו"מ סתכ"ו.
14) כתובות לג, ריש ע"ב.

זיינען געקומען צוגיין עטליכע אידן און געזאגט אז "אסור לשקר": די וואס וועלן זיך באזעצן אין א"י וועט מען זיי געבן א פאפירל, און די וואס וועלן ניט קומען קיין א"י וועט מען זיי ניט געבן קיין פאפירל!

איי דעמולט וועלן די אידן בלייבן מאחורי מסך הברזל, און דאס גופא איז א היזק צו א"י - איז דאס ארט אים ניט, אבי אז עס זאל ניט שטיין אין די פאפירן אז ער האט ניט מצליח געווען בעבודתו, וואס עבודתו איז געווען צו ברענגען אזוי פיל און אזוי פיל אידן קיין א"י, ועאכו"כ אז עס זאלן ניט זיין קיינע "נושרים" וואס וועלן פארן אין אן אנדער ארט - און אזוי ווי זיי קומען ניט קיין א"י וועט דאס באווייזן אז ער האט ניט מצליח געווען בעבודתו,

איז דערפאר איז ער לוחץ אז 80% פון די אידן זאלן בלייבן מאחורי מסך הברזל, אבי אז 20% פון זיי וועלן קומען קיין א"י, און דאס וועט באווייזן אז ער האט מצליח געווען ברענגען דעם סכום הדרוש פון אידן קיין א"י!

וואס אפילו די אידן וואס קומען יע קיין א"י, ווייסט מען אויך ניט צי זיי וועלן דערנאך בלייבן דארטן, אבער פאר דעם משך זמן קצר וואס זיי זיינען אין א"י קאסטן זיי אפ צענדליקער טויזנטער דאלאר, און דערנאך פארן זיי אוועק, און דאס ברענגט צו א צרה ומצוקה פאר א"י - איז דאס אלץ כדאי אבי אז יענער האט ממלא געווען די דרישה וויפל אידן דארפן אריינקומען אין א"י!

והים הולך וזועף בכדי צו דורכפירן די דרישה!

יא. דערנאך קומט מען צוגיין צו אידן אין ארה"ב, וואס זיי זיינען בטבע בעלי צדקה, און מ׳זאגט זיי, אז מ׳זאל ניט געבן קיין צדקה צו די "נושרים" (פון די ארויסגעקומענע מאחורי מסך הברזל), פארוואס - ווייל זיי בלייבן ניט שטעקן אין א"י!

ווער ביסטו צו מבריח זיין א רוסישן אידן וואו צו פארן - ער איז ניט דיינער אן עבד כנעני?!

ואדרבה, אויב מ׳וועט האלטן אידן (אדער ניט אידן) אין א"י בע"כ, היפך רצונם - וועט מען נאר האבן צרות און היזק פון זיי, און סוף כל סוף וועלן זיי פון דארטן אוועקפארן - נאר וואס, ביז זיי פארן אוועק בורעט ער און טומל׳ט און מאכט קאליע, אז מען האט אים דארטן געהאלטן באונס, היפך רצונו וכו׳.

איז דאס אלץ כדאי אבי עס וועט שטיין אויף די פאפירן אז ער האט געבראכט אזוי פיל און אזוי פיל עולים: ס׳איז כדאי צו לאזן כו"כ נפשות מישראל בסכנה מאחורי מסך הברזל!

- און -

און ס'איז כדאי דער בזיון פאר די גוים, וואס בשעת די אידן קומען צו די גוים און זאגן זיי אז מ'זאל ניט העלפן ראטעווען אידן וואס קומען ארוים פון רוסלאנד, סיידן אז זיי וועלן זיך מחייב זיין פארן קיין א"י - פרעגן די גוים:

ווי קלעפט דאס: דו זאגסט אז מ'דארף מציל זיין די אידן פון רוסלאנד בכדי זיי זאלן האבן א פרייען לעבן - און דערנאך ווען זיי גייען ארוים פריי, איז ווער איז דער מחליט וואו זיי זאלן לעבן - ביסטו דער מחליט, און ניט ער?!!

ביז אז דו לאזט ניט אז א צווייטער, אפילו א גוי, זאל זיי העלפן!

יב. דערנאך קומט מען צו די שותפים און מ'פרעגט בא זיי: פארוואס שווייגט איר?!

זאגן זיי אז עס איז ניט פארשריבן אין דעם "הסכם קואליציוני" אז זיי דארפן שרייען.

בשעת מ'טוט אבער א זאך וואס איז היפך פון שו"ע און היפך פון הורת משה, זייט איר דאך "מושבע ועומד מהר סיני"[15] - דארפט איר שרייען אפילו אז ס'איז ניט פארשריבן אין דעם "הסכם קואליציוני"!

יג. אויב כל הנ"ל איז נאך ווייניק - איז צוגעקומען "מצוה גוררת מצוה וכו'"[16], באופן מבהיל:

די ממשלה פון ארה"ב האט מחליט געווען, אדער האלט בא מחליט זיין, צו געבן 60 מיליאן דאלאר בכדי צו העלפן די רוסישע אידן.

קערט מען וועלטן מאחורי הפרגוד אין ארה"ב, אז מ'זאל געבן די געלט נאר אויב די אידן וועלן זיך באזעצן אין א"י!

און דערווייליע שושקעט מען וועגן דעם שטילינקערהייד צווישן זיך, בכדי אז דאס זאל ניט ארויסגיין אין גאס - ס'איז דאך אבער "אמת מארץ תצמח"[17], און כלפי שמיא גליא - וועט דאס סו"ס נתגלה ווערן, און דער "ניו יארק טיימס" וועט דאס דרוקן (אויב זיי האבן דאס נאך ביז איצט ניט געדרוקט).

וכאמור: נוסף לזה וואס זיי זיינען די "קאך-לעפלער" וואס שטורעמען, אז צוליב א סכנה דארף מען ארויסנעמען אידן פון רוסלאנד און זיי ברענגען צו א"י, וואס דאס טוט ער

- בכדי -

---

15) יומא עג, סע"ב. וש"נ. 16) אבות פ"ד מ"ב.
17) תהלים פה, יב.

בכדי מ'זאל זאגן אז ער האט אריינגעבראכט אזוי פיל און אזוי פיל אידן אין א"י, אע"פ אז ער ווייסט אז 9 פון 10 רוסישע אידן וועלן דערנאך אוועקפארן, און דערוויילע מאכן זיי פאר א"י צרות בפועל ממש, ווי מ'זעט דאס במוחש (ניט נאר בהשערה) -

איז צוגעקומען די נייע זאך:

אז בשעת גוים האבן זיך מתנדב געווען (און ס'איז קיין נפק"מ ניט אויב דאס איז צוליב א לחץ אדער צוליב א נדבה) צו העלפן די רוסישע אידן מיט געלט - איז מען געקומען שטערן אז מ'זאל ניט געבן די געלט!

וואס דאס רעדט זיך ניט וועגן געלט פאר לוקסוס, נאר געלט פאר דברים מוכרחים צו לעבן, "לחם צר ומים לחץ"[18]!

און דאס רעדט זיך ניט וועגן אידן וואס קומען פון ערגעץ-וואו - נאר דאס רעדט זיך וועגן אידן וואס אנטלויפן מאחורי מסך הברזל,

וואס זיי אליין ווייסן ניט פארוואס זיי אנטלויפן פון דארטן, נאר וויבאלד אז זיי געפינען זיך על סף הטמיעה בין הגוים - איז "מזלייהו חזי"[19], און זייער יחידה שבנשמה, און די נשמה פון זייער פאטער און פון זייער זיידן וואס איז געווען א סאלדאט בא ניקאלאי, דערהערט דאס - און דאס טרייבט אים ארויס פון דארטן.

און בשעת כמה פון זיי זיינען אנגעקומען אין ארה"ב, האבן אנדערע גע'פועל'ט אז די ממשלה פון ארה"ב זאל געבן געלט אז זיי זאלן ניט אויסגיין פון הונגער -

האט מען געשיקט שלוחים קיין וואשינגטאן צו קאליע מאכן אז ארה"ב זאל ניט העלפן די אידן ווען זיי קומען אהער!

און זיי זוכן אויך פרומע אידן וואס וועלן זיך משתדל זיין אז אנדערע זאלן ניט מוחה זיין, און זיי מפריע זיין!

ביז אז עס געפינט זיך דא א רב וואס זאגט, רח"ל, אז אויב א רוסישער איד וויל ניט פארן קיין א"י, נאר ער פארט אין אוסטראליא, אין ארה"ב, אין בראזיל, אין לאנדאן, אדער באיזה מקום שיהי' - איז בעסער אז ער זאל זיך אומקערן און בלייבן שטעקן אין רוסלאנד!!

און אויב ער וויל זיך ניט אומקערן - ווערט מען אים ניט העלפן מיט "לחם צר ומים לחץ"!

- און -

---

18) ל' הכתוב - ישעי' ל, כ. 19) ראה מגילה ג, א. סנהדרין צד, רע"א.

און דער רב בלייבט א רב! און ער איז זיך משתדל בגלוי אז מ'זאל אפדרוקן וואס ער האט געזאגט אין די צייטונגען! ואין פוצה פה ומצפצף!

און צו זיין זכות איז דאס נאר ארויף בדיבור, אבער ער האט ניט מצליח געווען אז דאס זאל אראפקומען למעשה!

יד. און דער אויסרייד וואס מ'האט פארוואס מ'קערט וועלטן אז מ'זאל ניט העלפן די רוסישע אידן איז - אז א) דאס איז א שקר, אז מ'זאגט מ'וועט פארן פון רוסלאנד קיין א"י, און בפועל פארט מען ערגעץ אנדערש, ב) דאס איז היפך היושר, און ג) היתכן אז מ'נעמט צו געלט וואס מ'קען נוצן אויף בנין הארץ און מ'נוצט דאס פאר א נושר?

וואס כאמור לעיל זיינען דאס קיין תירוצים ניט - ווארום דא רעדט זיך וועגן פשוט ראטעווען אידן פון כליון רוחני רח"ל.

און דאס וואס מ'זאגט אז מ'נעמט צו געלט וואס מ'האט געקענט נוצן פאר בנין הארץ - איז ניט ריכטיק:

די געלט וואס ארה"ב גיט פאר די ענינים - האט קיין שייכות ניט מיט די געלט וואס מ'גיט פאר בנין הארץ, אדער פאר אנדערע זאכן; דאס איז געלט וואס איז במיוחד אוועק-געלייגט פאר אזעלכע הוצאות, און כו"כ פראצענט דערפון וועט מען בלא"ה אוועקגעבן צו אינם יהודים, צו רופאים און חולים וכיו"ב, און א חלק קטן פון די געלט גיט מען צו העלפן אידן.

און די געלט גיט מען און פרעגן שאלות ווי דער איד פירט זיך, נאר אזוי ווי ער געפינט זיך אין עיר אן עיר אין דער מדינה, איז ע"ד ווי דער דין איז[20] אז "עני הדר בעיר י"ב חודש (ובזמננו "ל' יום") . . חייבין בני העיר ליתן לו חטים לפסח" - עד"ז גיט אים די מדינה אין וועלכע ער געפינט זיך, ובפרט במדינה זו "לחם צר ומים לחץ".

איז בשעת דער גבאי צדקה במדינה זו האט מחליט געווען (דורך דער השתדלות פון אנדערע) צו געבן מערער געלט פאר די רוסישע אידן - איז רעכט בא זיי צו ארויספארן פון א"י קיין ארה"ב - אפשר קען מען דאס קאליע מאכן!

טו. און "דעת תורה" וואס זיינען מיט זיי שותפים שווייגן!

און אז מ'ווענדט זיך צו "דעת תורה": היתכן אז איר שווייגט און מאכט ניט קיין טומל -

- ענטפערן -

---

20) שו"ע אדה"ז או"ח סתכ"ט ס"ה. וש"נ.

ענטפערן זיי: וויבאלד אז מ'געפינט זיך אין א מעמד ומצב וואס מ'האט א מוסד מיט תלמידים, קען מען זיך אין דערויף ניט מישן.

טענה'ט מען צו זיי וואס הייסט: איר דארפט מונע זיין אז מ'זאל ניט גיין מבזה זיין שם ישראל פאר אלע גוים אין אייער נאמען,

וואס עס וועט זיין דער גרעסטער בזיון און חילול ה' רח"ל, אויב עס וועט ארויסקומען בגלוי אז שלוחים זייגען געקומען קיין ארה"ב צו פועל זיין בא גוים אז מ'זאל ניט ארויסהעלפן אידן וואס געפינען זיך בצרה ומצוקה!

גיט מען די הצדקה בזה:

אזוי ווי ס'איז "עבר ושנה", ווארום ס'איז שוין א מעשה פון 31 יאר וואס מ'האט מסכים געווען אויף ילדי טעהראן בפעם הא', און דערנאך בפעם הב' - איז במילא "נעשה לו כהיתר"[21]! די גמרא זאגט "נעשו לו כהיתר", מיט א כ"ף הדמיון, מאכט מען דאס "הלתר", אן א כ"ף הדמיון!

טז. דאס וואס מ'מאכט איצטער א טומל וועגן דעם איז דערפאר וואס מ'האפט אז דער טומל וועט אפשר העלפן אז זיי זאלן זיך שעמען פאר זיך, און שעמען פאר די קינדער און פאר די איניקלעך און פאר די תלמידים,

וואס צווישן זיי זיינען דא אזעלכע וואס ווייסן אלע פרטים וואס טוט זיך אין דעם, אבער איצטער איז ניט די צייט און ס'איז ניטא קיין תועלת צו מגלה זיין אלע פרטים, מ'איז נאר מגלה דעם פרט אז זיי העלפן ארויס אין דעם דבר המבהיל,

וואס איז יע נוגע איז - אז אויב מ'וועט מאכן דעם געוואלד בעוד מועד - וועט אפשר זיין יערה עליהם רוח ממרום, אז די וואס טוען זיך אן אין אן איצטלא של יראת שמים, וועלן זעהן דעם אמת, אז זיי זיינען שולדיק אין דער טמיעה לחלוטין פון כו"כ מישראל, וואס יעדער איינער פון זיי איז אן "עולם מלא"[22]!

און די איינרעדעניש אז דורך דערויף בויט מען אויף א"י - דארף מען וויסן אז מ'וועט ניט בויען א"י אויפן כליון פון אידישע נפשות!

ארץ ישראל פארטראגט ניט אזא זאך!

און אין א"י איז ניט אויסגעהאלטן ניט "מארקסיזם",

- און -

---

21) יומא פו, ב. 22) ראה סנהדרין לז, סע"א במשנה.

און ניט "סוציאליזם", און ניט דעם "איזם", מיט יענעם "איזם" -

א"י איז נאר פארבונדן מיט תורת ישראל, און מיט אלקי ישראל, און ווען עס קומט שנת השמיטה זאגט תורה אז מ'דארף זיך פירן אין אזא און אזא אופן,

ועאכו"כ ווען עס קומט צו דעם קיום פון אידן - איז צי ער איז א שומר תומ"צ צי ניט - זאגט די תורה אז בא פקו"נ פרעגט מען ניט קיינע שאלות[23],

ביז אז אפילו א כה"ג ביוהכ"פ אין קדה"ק דארף פון דארטן ארויסגיין צו ראטעווען א תינוק בן יומו וואס געפינט זיך אין א סכנה.

וואס דאס איז אפילו אויב דאס איז ספק פקו"נ, עאכו"כ בעניננו מיט די רוסישע אידן, וואס דאס איז ודאי פקו"נ.

איז בשעת מ'האט שוין אויסגעפירט (אדער מ'וועט באלד אויספירן) אז מ'וועט געבן געלט פאר די רוסישע אידן - שיקן זיי שלוחים צו קאליע מאכן!

און די וואס שטייען בפנים שווייגן!

און זיי זיינען זיך משתדל אז אויך א צווייטער זאל שווייגן און ניט מוחה זיין!

וואס דורך דערויף האפן זיי אז זיי וועלן באקומען מער געלט, און אויפבויען חינוך פון עטליכע אידישע קינדער אויף דעם כליון פון 2 אדער 3 מאל אזוי פיל קינדער, רח"ל!

יז. ויה"ר אז מ'וועט מאכן דעם אמת'ן טומל ומכל הצדדים - ו"יבוא הנס מכל מקום"[24].

און מסתמא וועלן די גוים אליין דאס ניט דערלאזן, און זיי וועלן שניידן פון די געלט וואס זיי גיבן פאר א"י, מיט דער טענה אז מיר זעהן איצטער וואס איר מאנט פון אונז, אז אין דעם זעלבן משרד וואס איר ווילט באקומען געלט - זאגט איר אז דער משרד זאל ניט געבן געלט פאר די רוסישע אידן!

וע"ד ווי דאס איז געווען בנוגע צו שלימות הארץ, אז די אידן האבן נאכגעגעבן אלץ וואס די גוים האבן געוואלט, ס'איז מערניט אז צוליב דערויף וואס די גוים האבן ניט געוואלט נעמען דערפאר האט מען נאך כמה שטחים - והלואי אז עס זאל זיך ענדיקן דערמיט אז די אידן ווילן ניט נאכגעבן.

- ועד"ז -

---

23) ראה שו"ע אדה"ז או"ח סשכ"ח ס"ב. וש"נ. 24) ראה מעילה יז, ב.



הנחה הה' בלתי מוגה

ועד"ז בנוגע צו שלימות העם: די אידן ווילן פועל'ן אז מ'זאל ניט געבן לחם און מים צו די רוסישע אידן וואס געפינען זיך דא אין ארה"ב, און נאכמער: זיי זיינען מפקיר כמה נפשות מישראל אז זיי זאלן אפשר ניט קענען ארויספארן פון דארטן!

יח. וואס דערפאר ליגט די אחריות אויף יעדן איינעם צו מוחה זיין, און זיך משתדל זיין אויף צו מבטל זיין דעם ענין מבהיל הנ"ל.

און ווי תורת אמת פסק'נט[25] אז "כל מי שיש בידו למחות ואינו מוחה" איז הקולר תלוי בצוארו.

ועאכו"כ אויב ער איז מהדר אין ניט מוחה זיין, און איז זיך אויך משתדל אז א צווייטער זאל ניט מוחה זיין!

יט. ויה"ר אז בקרוב ממש זאל מען ניט דארפן אנקומען צו "חסד לאומים"[26], צו געלט פון גוים,

און אפילו ניט דארפן אנקומען צו געלט פון אידן וואס זיינען בעיניהם "כחגבים"[27] - אין יעדער ארט וואו זיי זעהן נאר לירות ווערן זיין "כחגבים"!

און ער נוצט אויס זיין שטארקייט אויף מלחמה האבן מיט א צווייטן אידן, און ווען מ'דארף האבן די שטארקייט אויף מלחמה האבן מיט גוי'שקייט - שרייט ער "אל תתגרה בגוי קטן"[28], און אז מ'טאר ניט דוחק זיין את הקץ[29]!

און בקרוב ממש וועט זיין לכל בנ"י אור במושבותם, און ניט אלץ א מתנה פון א בו"ד, נאר "מידו המלאה הפתוחה הקדושה", אז מ'וועט נוצן די געלט אויף וואס דער אויבערשטער וויל מ'זאל דאס נוצן,

און וויבאלד אז דער אויבערשטער נעמט ניט קיין שוחד, כמ"ש[30] "לא יקח שוחד" - קען מען אים ניט אונטערקויפן.

וכידוע די תמי' בזה[31]: ווי איז שייך א קס"ד אז ס'איז דא שוחד בא דעם אויבעדשטן - ס'איז דאך "לי הכסף ולי הזהב"[32]?!

איז מען מבאר אז בשעת מ'גיט דעם אויבערשטן א זאך

- וואס -

---

25) ראה שבת נד, א. שבועות לט, ריש ע"ב. ובכ"מ. רמב"ם הל' דעות פ"ו ה"ז. 26) ל' הכתוב - משלי יד, לד. וראה ב"ב י, ב. 27) ע"פ ל' הכתוב - שלח יג, לג. 28) ראה פסחים קיג, א. 29) ראה כתובות קיא, א (ובפרש"י שם). שהש"ר פ"ב, ז. ובכ"מ. 30) עקב י, יז. 31) ראה גם שיחת אור ליום ג', עשרה בטבת תשל"ח ס"ט. 32) חגי ב, ח.

וואס ער האט ניט, וואס דאס איז דער ענין פון ידאת שמים, כמארז"ל[33] "הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים" - איז דעמולט לכאורה שייך דער ענין השוחד בא דעם אויבערשטן,

ד.ה. אז ער זאגט דעם אויבערשטן אז ער וועט ווערן מערער יר"ש בחייו הפרטיים, מער יר"ש בחייו הציבוריים, מער יר"ש בד׳ אמות שלו - קען ער מיינען אז דערמיט איז ער משחד דעם אויבערשטן -

זאגט מען אים אז דער אויבערשטער "לא יקח שוחד", און דער אויבערשטער ווייסט וואס איז א מצוה און וואס איז אן עבירה, ווארום "דבר ה׳ זו הלכה"[34], און ער ווייסט דעם דין פון "אין דוחין נפש מפני נפש",

ועאכו"כ יורד זיין לחיי חבירו, און שיקן שלוחים, אדער ער שטייט פון זייט און זעט ווי מ׳שיקט שלוחים, וואס די שלוחים ווילן פועל׳ן (שטילערהייד) אז מ׳זאל ניט העלפן די אידן וואס זיינען אנטלאפן מאחורי מסך הברזל, אפילו ניט אין דברים גשמיים!

כ. אבער אזוי ווי ער איז א איד, איז נאך דא די האפענונג אז ער וועט זיך פירן ווי א איד דארף זיך פירן, און ער וועט מבטל זיין די ענינים.

און עס וועט זיין "עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום"[35].

אבער אזוי ווי מ׳דארף עפעס טאן אויך אין דרך הטבע - דארף מען פועל׳ן אויף די בעלי בחירה וואס האבן זיך ביז איצטער געפירט אין אן אופן פון "עבר ושנה" - אז זיי האבן ניט מוחה געווען, און זיי האלטן ניט בא מוחה זיין, נאר אויף וויפל דער אדון הגדול גיט א רשיון אויף אזוי פיל איז מען מוחה, כמדובר כמ"פ -

אז נאך אין די לעצטע טעג פון גלות, זאל בא זיי זיין דער תוקף התורה, "ותן חלקנו בתורתך"[36], און זיי זאלן דאס ניט אויסנוצן קעגן א צווייטן פרומען איד, אויף ארויסטרייבן אים פון זיינע מוסדות, אדער ניט מקבל זיין אים אין זיינע מוסדות, ווי ס׳איז גלויים ומפורסמים הדברים -

נאר ער זאל אויסנוצן דעם תוקף התורה אויף מוחה זיין, ווי דער שו"ע זאגט אז מ׳זאל טאן.

און דעמולט איז מען זיכער מצליח, ניט מצד דעם וואס

- "כחי -

---

33) ברכות לג, ב. ועוד. 34) שבת קלח, ב. 35) ישעי׳ ח, י. 36) אבות פ"ה מ"כ.

"כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה"[37], נאר מצד דעם וואס דעת תורה אמיתית איז מוחה, וואס דאס איז אן שוחד, און דאס איז דער דרך הישר, דער "דרך ה'", וואס איז "טוב לשמים וטוב לבריות",

ביז אז דאס ברענגט אז "וראו כל עמי הארץ כי שם ה' נקרא עליך ויראו ממך"[38] - אז עס וועלן ניט זיין קיינע ענינים בלתי רצויים פון גוים צו אידן.

ואדרבה, עס וועט זיין "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך" נאך אין זמן הגלות.

ובקרוב ממש וועט מען ברענגען אידן "מנחה לה' . . כאשר יביאו בנ"י את המנחה"[39] אין דעם ביהמ"ק השלישי, וואס וועט געבוים ווערן דורך אן איש "מבית דוד", וואס ער וועט כופה זיין "כל ישראל (צי דער איד איז זיינער א שותף אדער נים) לילך בה (בתומ"צ) ולחזק בדקה וילחם מלחמות ה' וינצח כו' ויבנה ביהמ"ק במקומו"[40],

און דערנאך וועט זיין, ווי דער רמב"ם זאגט אלס א פס"ד ברור, "ויקבץ נדחי ישראל" אין א"י, אין אן אופן פון שמחה וטוב לבב - אז זיי וועלן זיין צופרידן, און פון זיי וועט מען זיין צופרידן.

"והיתה לה' המלוכה"[41], בביאת משיח צדקנו, וואס ער וועט פארענדיקן דעם חושך כפול ומכופל פון גלות אין חו"ל און אין ארץ הקודש,

און דערנאך וועט זיין די אתחלתא דגאולה, און די גאולה כולה במילואה ובשלימותה, און אין אן אופן פון "מיד הן נגאלין", כפס"ד הרמב"ם[42], במהרה בימינו ממש.

—— * ——

---

37) ראה עקב ח, יז-יח. וראה סמ"ג מל"ת סד. 38) תבוא כח, י. 39) ישעי' סו, כ. 40) רמב"ם הל' מלכים ספי"א. 41) עובדי' א, כא. 42) הל' תשובה פ"ז ה"ה.

בס"ד. שיחת ש"פ שמיני, מבה"ח אייר ה'תש"מ.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. ס'איז דאך דער שבת נאך אחרון של פסח און שביעי של פסח, וכמדובר כמ"פ אז אין שבת איז "ויכולו השמים והארץ וכל צבאם"[1] פון די ששה ימים שלפניו.

ובדוגמא ווי דאס איז געווען אין דעם שבת הדאשונה, דער שבת פון מעשה בראשית, אז "שמים וארץ וכל צבאם" וואס זיינען באשאפן געווארן אין די ששת ימי הבריאה, זיינען דעמולט געשטאנען אין אן אופן פון "ויכולו", מלשון כליון און כלילת יופי[2], אין אן עילוי און שלימות נעלה יותר ווי דאס איז געווען אין דער בריאה מצ"ע.

וכמובן אויך בפשטות דערפון וואס אלע ימות השבוע זיינען א הכנה צו יום השבת, כמרז"ל[3]"מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת".

און ווי דאס איז מודגש לויט דעת ב"ש[4]: "זכור את יום השבת לקדשו וגו'[5]דרשו ב"ש שתהא זוכרו מאחד בשבת, שאם נזדמן לך חלק יפה תהא מתקנו לשבת".

אפילו לויט הנהגת הלל "שהי' אומר ברוך[6]ה' יום יום יעמס לנו"[7], איז "אף הלל מודה שכדברי ב"ש יותר נכון לעשות"[8], מצד דעם וואס דאס איז א הכנה לשבת.

וואס ע"ד ווי דאס איז אין דעם אדם, אז שוין ביום הראשון בשבוע, ועד"ז ביום השני וכו', איז דא די הכנה פון "מי שטרח" בכדי אז דערנאך זאל זיין "יאכל בשבת" - עד"ז איז דאס אויך אין דער בריאה, אז יום הראשון בשבוע און יום השני בשבוע וכו' זיינען אלס א הכנה צו דער עלי' וואס וועט דערנאך זיין ביום השבת.

ב. די עלי' פון די ששת ימוה השבוע אין דעם שבת שלאחריו איז אן עלי' אין דער דרגא פון קודש[9], ביז אז די ימות השבוע (מצ"ע) ווערן אנגערופן ימות החול בערך די דרגא פון קודש וואו זיי ווערן נתעלה ביום השבת.

- וואס -

------------

1) ל' הכתוב - בראשית ב, א. וראה אוה"ת בראשית מב, ב ואילך. שם כרך ג תקח, א ואילך. 2) אוה"ת שם מג, ב בשוה"ג הא' (וראה גם שם מג, א). כרך ג תקט, א. 3) ע"ז ג, א. 4) שו"ע אדה"ז או"ח סדמ"ב ס"י. ממכילתא עה"פ יתרו כ, ח. וראה גם ביצה טז, א. 5) יתרו שם. 6) ל' הכתוב - תהלים סח, כ. 7) שו"ע אדה"ז שם. מביצה שם. 8) שו"ע אדה"ז שם. 9) דאה לקו"ת צו יב, א. ובכ"מ.

וואס דאס איז קיין פלא ניט - ווי מ'געפינט אז אין ירושלים זיינען געווען "עשר קדושות"[10], וואס יעדער דרגא פון קדושה איז העכער פון דער פריערדיקער דרגא אין קדושה, קדושה לפנים מקדושה, און אע"פ אז די ערשטע דרגא אין קדושה ווערט אנגערופן קדושה, איז אבער לגבי דער העכערער דרגא אין קדושה ווערט זי אנגערופן חול.

ועד"ד ווי דאס איז אין מקום, עד"ז איז דאס אין זמן, אז לפי ערך דער קדושה פון יום השבת ווערן די ימות השבוע אנגערופן ימות החול, און מ'זאגט "המבדיל בין קודש לחול" צווישן שבת און די ימות השבוע.

יערער עניין וויל מען דאך האבן אויך אין הלכה - געפינט מען דעם עניין אויך אין הלכה, ואדרבה, דארטן איז דאס נאך אין א שטארקערן אופן:

די משנה זאגט אין חגיגה[11], און פוסקים ברענגען דאס אראפ אין הל' קדשים, אז אויב "טבל למעשר הוחזק למעשר אסור לתרומה", ד.ה. אז הגם ער איז טהור למעשר איז ער אבער טמא לתרומה, ועד"ז אויב "טבל לתרומה" איז ער "אסור לקודש", און אויב "טבל לקודש" איז ער "אסור לחטאת" "ליגע במי חטאת, מים המקודשים באפר פרה"[12], וואס "חטאת קריי' רחמנא"[13].

וואס דא איז ניט נאר דער לשון אז א נידעריקערע דרגא אין קדושה איז "חול" לגבי א העכערע דרגא, נאר מ'נוצט א סאך א שארפערן אויסדרוק - אז דאס איז "אסור" לגבי דער העכערער דרגא אין קדושה.

ג. ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו שש"פ און אחש"פ און דער שבת שלאחריהם, אז אין דעם שבת ווערן נתעלה די ענינים פון שש"פ און אחש"פ, ביז אין אן אופן אז לגבי דער דרגא ווערן שש"פ און אחש"פ אנגערופן בשם "חול", ביז ווי דער לשון אין דער דוגמא הנ"ל אין הלכה.

[וואס לכאורה איז דאס אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

שש"פ איז פארבונדן מיט קרי"ס, וואס דעמולט[14] איז געווען "ובנ"י הלכו ביבשה בתוך הים"[15], ביז אז זיי האבן געזאגט "זה א-לי ואנוהו"[16], "מראה באצבעו ואומר זה"[17] (ווי רש"י[18] טייטשט אויך גאר בפשטות אפילו פאר א בן חמש למקרא),

- וואס -

---

10) כלים פ"א מ"ו ואילך. 11) יח, ב. 12) פרש"י ד"ה ולחטאת - חגיגה שם. 13) ע"ז כג, ב. וראה גם פרש"י עה"פ חקת יט, ט. 14) ראה גם פרש"י עה"פ בשלח יד, ה. 15) בשלח שם, כט. 16) שם טו, ב. 17) שמו"ר ספכ"ג. 18) עה"פ.

וואס "מראה באצבעו ואומר זה" מיינט, כפשוטו, אז זיי האבן געזעהן אלקות במוחש, ביז אז זיי האבן אויף דעם געקענט אנווייזן מיטן אצבע הגשמי - "זה א-לי ואנוהו" [און די אידן וואס זיינען געבארן געווארן אין מצרים "הכירוהו תחלה"[19], דערפאר וואס בא זיי איז געווען "ויניקהו דבש מסלע ושמן מחלמיש צור"[20] אלס קינדער אין מצרים[19] -

איז ווי קען מען זאגן אז ס'איז דא נאך העכער ווי ראי' אין אלקות וואס איז געווען בשעת קריעת ים סוף?!

ד. אפילו הבנה והשגה אין אלקות, וואס איז א נידעריקערע דרגא ווי ראי' אין אלקות - איז אויך א הויכע דרגא, ביז אז דאס איז העכער פאר דעם ענין האמונה אין אלקות,

ווארום אמונה איז אן ענין וואס איז דא בא יעדן אידן מצ"ע: גלייך ווען ער ווערט געבארן צו אומה זו איז ביי אים דא דער ענין פון "מאמינים"[21], ונוסף לזה - אויך דער ענין פון "בני מאמינים"[21]; משא"כ ווען ער איז מכריח ע"פ הבנה והשגה אז "יש בעה"ב לבירה זו"[22], נעמט דאס דורך אויך זיינע כחות פנימיים, און גאנץ סדר ההשתלשלות.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק נאך א זאך:

ווי' קען מען זאגן אז אמונה בה' א'יז א מצוה: דער גאנצער ענין פון א מצוה איז שייך צו זאגן נאר ווען מ'וויסט פריער אז ס'איז דא א מצוה המצוה; אויב ביי אים איז ניטא דער ענין האמונה בה', דער מצוה המצוות - ווי קען מען אים אנזאגן א ציווי אז ער דארף האבן אמונה בה'?!

איז דער צ"צ מבאר אין סהמ"צ מצות האמנת אלקות[23] אז דער עצם ענין און דער ענין הכללי פון אמונה בה' איז ניט קיין מצוה, ווי מ'געפינט אז מוני המצוות רעכענען דאס ניט אלס א מצוה; די מצוה באשטייט מערניט אז נאך דעם וואס ס'איז דא דער ענין פון אמונה בכלל, זיינען דא פרטים אין דעם.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו הבנה והשגה באלקות, אז דאס איז איינע פון די פרטים וואס אויף זיי איז דא א ציווי, ווי דער רמב"ם[24] פסק'נט אז "יסוד היסודות ועמוד החכמות לידע שיש שם מצוי ראשון כו'", ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר איז דאס מבאר אין די קונטרסים, קונטרס תורת החסידות[25], און קונטרס לימוד החסידות[26].

- ה. -

---

19) סוטה יא, ב. שמו"ר פ"א, יב. 20) ל' הכתוב - האזינו לב, יג. 21) שבת צז, א. 22) ראה ב"ר רפל"ט. 23) פ"א-ב (דרמ"צ מד, ב ואילך). 24) הל' יסוה"ת בתחלתן. 25) פי"ג (ע' 14). 26) פ"י (ע' 16 ואילך).

ה. וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז הבנה והשגה אין אלקות איז א דרגא נעלית יותר ווי דער ענין האמונה,

ביז אז דורך הבנה והשגה אין אלקות קומט מען צו דעם ענין פון אהבת ה׳ און יראת ה׳, ווי דער רמב"ם[27] שרייבט "והיאך היא הדרך לאהבתו ויראתו, בשעה שיתבונן האדם במעשיו ובדואיו הנפלאים הגדולים וכו׳".

איז מה-דאך אז הבנה והשגה אין אלקות איז אזא דרגא נעלית, איז דאך עאכו"כ בנוגע צו ראי׳ אין אלקות,

ווארום בשעת מ׳איז מכרית ע"פ הבנה והשגה אז ס׳איז דא אלקות, קען דאך א צווייטער (אדער ער אליין) קומען דינגען זיך אין דעם, און מחליש זיין די סברא מיט א צווייטע סברא, אדער אפילו אפפרעגן איר ח"ו;

משא"כ ווען "עינינו ראו ולא זר"[28], אפילו ווען דאס איז נאר ראיית השכל, עאכו"כ ראי׳ כפשוטה, ביז אז "מראה באצבעו ואומר זה" - איז ניט שייך צו דאס מחליש זיין, ווארום אויב איינער וועט קומען און זאגן אז ס׳איז ניט אזוי, וועט דאס גארניט פועל׳ן אויף דעם וואס האט דאס געזעהן, דערפאר וואס ער האט דאס אליין געזעהן, בעיני בשר, ביז אז ער האט אויף דערויף אנגעוויזן מיט זיין אצבע הגשמי.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק וואס פאר א דרגא נעלית איז דא בשש"פ, ווען ס׳איז געווען ראי׳ אין אלקות.

איז עפ"ז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: ווי קען מען זאגן אז ווען עס קומט אחש"פ, דער יום השמיני של פסח, וואס שמיני איז "שומר את ההיקף" פון די שבעה ימים שלפנ"ז[29] - איז דאס נאך א העכערע דרגא ווי די ראי׳ אין עצמות ומהות וואס איז געווען בשעת קרי"ס בשביעי של פסח?!

ו. איז דער ביאור אין דעם ע"ד ווי מ׳האט גערעדט אין דער פריעדריקער התוועדות[30] לגבי דעם וואס עס שטייט אז אין שש"פ גופא איז געווען "וירא ישראל את היד הגדולה אשר עשה ה׳ במצרים גו׳ ויאמינו בה׳ ובמשה עבדו"[31].

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק: וואס זיינען די צוויי ענינים פון "וירא ישראל", ראי׳, און "ויאמינו בה׳", אמונה; בשעת ס׳איז פאראן ראי׳ דארף מען דאך ניט אנקומען צו אמונה?

- איז -

---

27) שם פ"ב ה"ב. 28) ל׳ הרמב"ם שם רפ"ח. 29) ראה שו"ת הרשב"א ח"א ס"ט. וראה ד"ה ויהי ביום השמיני תרע"ח, תש"ד, תש"ה. 30) שיחת אחש"פ ספ"ו ואילך. 31) בשלח יד, לא.

איז דער אלטער רבי מבאר[32] אז עס זיינען דא צוויי דרגות אין שם הוי', שם הוי' דלעילא און שם הוי' דלתתא, ווי עס שטייט[33] "ויקרא הוי' הוי'", ב' פעמים הוי', ו"פסיק טעמא בגווייהו"[34] [וואס דאס איז לויט דער דעה[35] אז ביידע הויות זיינען אין דעם מספר פון די י"ג מדות הרחמים, און "ויקרא" גייט אויף משה רבינו[36], אז ער איז קורא די ביידע הויות, ניט ווי די צווייטע דעה[35] אז די י"ג מדה"ר הויבן זיך אן פון שם "א-ל", און "ויקרא הוי' הוי'" מיינט, אז הוי' הראשון איז קורא הוי' השני[37]].

וואס דער חילוק צווישן שם הוי' דלעילא און שם הוי' דלתתא, איז:

הוי' דלתתא איז ווי שם הוי' איז לשון[38] מהוה, ד.ה. ווי דער אויבערשטער (הוי') איז בהתלבשות און פארבונדן מיט עולם,

וואס דאס איז פארבונדן מיט דער הכרה אין אלקות וואס מ'האט "בשעה שיתבונן במעשיו וברואיו הנפלאים הגדולים" (בלשון הרמב"ם), "מה גדלו מעשיך הוי'", און "מה רבו מעשיך" הוי'"[39].

הוי' דלעילא איז ווי הוי' איז דער שם העצם[40] און שם המפורש[41], וואס דאס באווייזט אויף דעם אויבערשטן (הוי') ווי ער איז אינגאנצן העכער פאר התלבשות אין עולם, וואס דערפאר איז אסור צו זאגן דעם שם המפורש אין עולם[42], ווארום ער איז העכער פאר עולם, און דער עולם קען אים ניט פארטראגן,

דער איינציקער ארט אין וועלט וואו מ'האט געמעגט זאגן דעם שם המפורש איז געוועזן אין ביהמ"ק (בזמן שביהמ"ק הי' קיים), דורך די כהנים, און דאס גופא אין זמנים מסוימים, און נאר ווען דער ביהמ"ק איז געוועזן כתיקונו, משא"כ נאך דעם וואס מת שמעון הצדיק, איז "נמנעו אחיו הכהנים מלברך בשם (מלברך ברכת כהנים את העם בשם המפורש)"[43].

- וואס -

------------

32) סה"מ תקס"ו ע' קמג ואילך. תו"א בשלח סא, ד ואילך. 33) תשא לד, ו. 34) זח"ג קלח, א. ובכ"מ. 35) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1348 ואילך. וש"נ. 36) ראה סה"מ שם ע' קנ. תו"א שם סב, ריש ע"ב. 37) ראה אוה"ת תשא ע' ב'סז ואילך (וש"נ). ס' הליקוטים ע' הוי' - שם (ע' פד ואילך). 38) שעהיוה"א רפ"ד. וראה זח"ג רנז, ב. פרדס ש"א פ"ט. 39) ל' הכתוב - תהלים צב, ו. קד, כד. 40) פרדס שי"ט. 41) ראה סוטה לח, א. סנהדרין ס, א. רמב"ם שם פ"ו ה"ב. 42) מכילתא ופרש"י עה"פ יתרו כ, כא. ועוד. 43) יומא לט, ב ובפרש"י שם. וראה תוד"ה הרי - סוטה שם.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז שם הוי' איז העכער פאר וועלט, און דערפאר ווערט ער בפשטות אנגערופן "שם העצם" - אז ער איז דער שם פון דעם אויבערשטן וואס איז פארבונדן מיט זיין עצם, וואס איז העכער לגמרי פאר דעם גאנצן ענין פון עולם.

וכידוע אז עס זיינען דאך דא נאך שמות פון דעם אויבערשטן, וואס זיי זיינען פארבונדן מיט א געוויסע פעולה און תואר: שם אלקים איז על שם זה וואס דער אויבערשטער איז "בעל היכולת ובעל הכחות כולם", ווי עס שטייט אין שו"ע[44]; אפילו אין שם הוי' איז דא ווי שם הוי' איז מלשון מהוה, על שם זה וואס דער אויבערשטער איז מהוה עולמות, וואס דאס גייט אויף הוי' דלתתא, כנ"ל.

וואס דאס איז אלץ ווי אלקות איז פארבונדן מיט עולם.

ס'איז דאך אבער פארשטאנדיק בפשטות אז וויבאלד דער אויבערשטער האט באשאפן די וועלט אין ששת ימים (אדער אין שבעת ימים)[45], און ער האט דאס באשאפן "לא בעמל ולא ביגיעה כו' אלא בדבר ה'"[46], כמ"ש[47] "בדבר ה' שמים נעשו", און מיט די "עשרה מאמרות"[48] - איז דאך בלשון פון דעם אלטן רבי'ן[49] "לא זה הוא עיקר האלקות מה שהעולמות מתהוים ממנו",

וואס דער תידוש בזה איז, אז אפילו פון אלקות איז מען שולל אז "לא זה הוא עיקר <u>האלקות</u> מה שהעולמות מתהוים ממנו", איז דאך עאכו"כ פארשטאנדיק בנוגע צו הוי', אז דארטן דארף מען לכתחלה ניט שולל זיין אז דאס האט קיין שייכות ניט מיט וועלט, ווארום דאס איז דער שם העצם וואס איז העכער לגמרי פאר עולם, ביז אז אין וועלט טאר מען אים גאר ניט זאגן, "לא כשאני נכתב אני נקרא"[50], דערפאר וואס די וועלט קען אים ניט פארנעמען, כנ"ל.

ז. דערמיט איז דער אלטער רבי מבאר דאס וואס עס שטייט "וירא ישראל את היד הגדולה אשר עשה ה' במצרים גו' ויאמינו בה' גו'":

"וירא ישראל את היד הגדולה אשר עשה הוי' במצרים" גייט אויף הוי' דלתתא, אז די אידן האבן געזעהן אלקות ווי אלקות איז בהתלבשות אין עולם - "וירא ישראל את היד הגדולה", וואס "הגדולה זו מעשה בראשית"[51], וואס דאס איז

- ווי -

---

44) או"ת ס"ה. 45) ראה פרש"י עה"פ בראשית ב, ב. וראה לקו"ש ח"ה ע' 24 ואילך. 46) ב"ר פ"ג, ב. פ"י, ט. ובכ"מ. 47) תהלים לג, ו. 48) אבות רפ"ה. 49) תו"א מג"א צט, ב. לקו"ת שה"ש ח, א. 50) פסחים נ, א. 51) ברכות נח, א.

ווי מ'זעט אלקות אין "מה גדלו מעשיך הוי'", און אין "מה רבו מעשיך הוי'".

משא"כ "ויאמינו בהוי'" גייט אויף שם הוי' דלעילא, וואס דארטן איז ניט שייך ניט קיין הבנה והשגה, און ניט קיין ראי', מערניט ווי אמונה, "ויאמינו בהוי'",

ווארום דאס איז דער שם העצם וואס איז לגמרי העכער פאר וועלט,

[בפרטיות איז דער שם העצם נאך העכער ווי שם הוי' דלעילא, אבער בעניננו, בערך שם הוי' דלתתא וואס איז אין מעשה בראשית - איז אויך שם הוי' דלעילא דער שם העצם].

ח. ועפ"ז איז אויך פארשטאנדיק ווי מ'קען זאגן אז באחש"פ איז דא נאך א העכערער ענין ווי די ראי' באלקות, ביז אין אן אופן פון "מראה באצבעו ואומר זה", וואס איז געווען בשש"פ:

אלקות וואס מ'האט געזעהן בשש"פ איז געווען די דרגא פון הוי' דלתתא, ווי אלקות איז בהתלבשות אין עולמות, משא"כ הוי' דלעילא, ווי אלקות איז העכער פאר עולמות, איז נאר געווען באמונה, "ויאמינו בהוי'";

משא"כ אחש"פ האט זיך אויפגעטאן דער ענין הראי' אויך אין הוי' דלעילא, אין אלקות וואס איז לגמרי העכער פאר עולמות.

וואס אע"פ אז מ'זאגט אז בשש"פ איז געווען דער גילוי פון עצמות ומהות - איז אבער ע"פ המדובר אין דער פריערדיקער התוועדות[52] אז דער "הם הכירוהו תחלה" איז געווען דערפאר וואס זיי האבן דערקענט דעם אויבערשטן דערפון וואס ס'איז געווען "וינקהו דבש מסלע ושמן מחלמיש צור" - איז פאר-שטאנדיק, אז דאס איז געווען א הכרה אין עצמות ומהות דורך "דבש" און "שמן", ד.ה. אלקות ווי דאס איז בהתלבשות אין עניני העולם[53], און דורך דער הכרה (אלקות בהתלבשות אין וועלט) וואס איז געווען בא די קינדער אין מצרים האבן זיי דערנאך דערקענט דעם אויבערשטן בא קרי"ס.

אין אנדערע אותיות: דער גילוי אלקות וואס איז געווען בא קרי"ס איז געווען אין אן אופן פון "ופסח ה' על הפתח"[54], ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[55], אז דאס איז טאקע געווען א גילוי אלקות אין אן אופן פון דילוג, אבער

- דאס -

---

52) שיחת אחש"פ סי"ד. סל"ב. 53) ראה ד"ה והחרים תרל"א ס"ע יא. 54) בא יב, כג. 55) בד"ה כימי צאתך דאחש"פ.

דאס איז נמשך געווארן "על הפתח", וואס דאס באווייזט אויף א התלבשות אין ספירת המלכות[56], ד.ה. א התלבשות אין וועלט.

משא"כ אחש"פ איז פארבונדן מיט א גילוי פון למעלה מההיקף (שמיני), ובפרט אז דאס איז פארבונדן מיט משיח, ווי מ'זאגט אין דער הפטורה פון אחש"פ, ובפרט אז מ'עסט דעמולט סעודתו של משיח[57], וואס ענינו פון משיח איז "וגר זאב עם כבש וגו' ונער קטן נוהג בם וגו'"[58], וואס דאס באווייזט אויף א גילוי שלמעלה ממדוה"ג פון עולם, שם הוי' דלעילא.

ט. די נפק"מ בעבודת האדם:

וויבאלד אז שש"פ איז פארבונדן מיט הבנה והשגה און ראי' אין אלקות ווי דאס איז פארבונדן מיט דער כדוה"ג פון וועלט, "מה גדלו מעשיך" און "מה רבו מעשיך" - איז פארשטאנדיק אז די עבודה איז פארבונדן מיט דער מדוה"ג פון וועלט;

משא"כ אחש"פ איז פאהבונדן מיט אלקות ווי אלקות איז למעלה ממדוה"ג פון וועלט, במילא איז פארשטאנדיק אז די עבודה איז למעלה פון אלע מדידות והגבלות פון וועלט.

ד.ה. אז ניט נאר וואס דער איד רעכנט זיך ניט מיט די מדוה"ג פון דעם עולם פון לעו"ז, ווארום מאי קמ"ל, און ניט נאר אז ער רעכנט זיך ניט מיט די מדוה"ב פון עולם הרשות - נאר ער רעכנט זיך אפילו ניט מיט די מדוה"ג פון וועלט ווי זיי שטייען אין תורה, "אסתכל באורייתא וברא עלמא" (ווי עס שטייט אין זהר בפרשתנו[59]), אז ער פירט זיך אין אן אופן אז ער איז א בעה"ב אויך אויף דער וועלט, און דערפאר איז דאס אים ניט מודד ומגביל.

אין עבודה בפועל - איז דאס דער ענין פון מס"נ, אן עבודה וואס איז למעלה ממדוה"ג לגמרי, ביז אז די עבודה פון מס"נ נעמט דורך אויך "בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך"[60], און דאס נעמט דורך אויך זיין אהבה ויראה וואס קומט פון התבוננות האדם "במעשיו וברואיו הנפלאים הגדולים", ביז אז דאס נעמט אויך דורך זיין מחשבה דיבור ומעשה - אז די אלע ענינים זאלן זיין למעלה ממדוה"ג לגמרי.

און דא רעדט מען ניט וועגן א מס"נ וואס דער שכל איז מכריח, אז וויבאלד אז דער טוב און חיים פון עוה"ז איז

- באי"ע -

---

56) ראה לקו"ת שה"ש טו, א. ד"ה כימי צאתך תש"ח פי"א (סה"מ תש"ח ע' 164). 57) היום יום ע' מז. 58) ישעי' יא, ו. 59) ח"ג לה, ב. 60) ל' הכתוב - ואתחנן ו, ה.

באי"ע לגבי דעם טוב וחיים נצחיים פון עוה"ב, אשר לכן דארף מען גיין אויף מס"נ, אויף אוועקגעבן גאנץ חיי עוה"ז פאר א שעה קודת רוח פון עוה"ב,

וואס בפועל איז דאס אויך דער ענין פון מס"נ, אבער דאס איז ניט אמיתית ענין המס"נ, ואדרבה, ער מאכט זיך, להבדיל, א גוטן געשעפט: ער גיט אוועק טוב וחיים פון עוה"ז און אויף דערויף באקומט ער צוריק טוב וחיים נצחיים פון עוה"ב!

נאר עס דארף זיין אמיתית ענין המס"נ, וואס זי איז למעלה ממדוה"ג לגמרי, א מס"נ אן טעם ודעת,

בדוגמא ווי דער סיפור וועגן דעם בעש"ט, וואס וויבאלד אז מ׳דערציילט דעם סיפור לכאו"א, איז דאך דערפון א הוכחה אז אין דערויף איז דא א תועלת בעבודת כאו"א, כתורת הבעש"ט הידועה[61]:

דער בעש"ט האט אמאל געטאן עפעס וואס איז געווען קעגן א גזירה למעלה, איז ארויס א בת-קול מלמעלה אז דער בעש"ט אין לו חלק לעוה"ב, איז דער בעש"ט געווארן בשמחה גדולה, מיט דער הסברה אז איצטער קען ער עובד זיין עבודתו לשמה, שלא על מנת לקבל פרס פון עוה"ב.

וואס דאס איז דער ענין פון מס"נ אמיתית, וואס איז ניט פארבונדן מיט הוי׳ דלתתא, מיט וועלט, נאר דאס איז פאר-בונדן מיט הוי׳ דלעילא וואס איז למעלה פון אלע מדוה"ג פון וועלט.

און דאס איז דער אויפטו אין דער עבודה פון אחש"פ לגבי דער עבודה פון שש"פ.

י. די הוראה דערפון בנוגע לפועל וואס "המעשה הוא העיקר"[62]:

בשעה איינער זיצט און לערנט תורה לשמה, וואס "ת"ת כנגד כולם"[63], און ער הערט א "קול ילד בוכה" - איז אויב ער גייט מצד החשבון, איז דער חשבון אז "ת"ת כנגד כולם", און וויבאלד אז "כי הם חיינו ואורך ימינו" - איז "חייך קודמין"[64],

ובפרט אז דער "קול ילד בוכה" איז ניט קיין ענין פון פקו"נ, ווארום אויב יע איז מאי קמ"ל: ס׳איז דאך א דין אין שו"ע אז פקו"נ איז דוחה הכל, און וויבאלד אז דאס איז ניט

- קיין -

------------

61) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז-קכט. וש"נ.
62) אבות פ"א מי"ז. 63) פאה פ"א מ"א. 64) ב"מ סב, א. ובכ"מ.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

קיין עניין פון פקו"נ, דארף דאס ניט מבטל זיין לימוד התורה שלו,

ובפרט אויב ער לערנט תורה מיט תלמידים, וואס דעמולט איז דאס "ת"ת של רבים", און דער אלטער רבי זאגט אין הל' ת"ת[65] אז אין למעלה מזה.

משא"כ אבער אויב ער גייט אויף מס"נ אן קיינע חשבונות, איז בשעת ער דערהערט א "קול ילד בוכה", וואס דער קינד וויינט דערפאר וואס ער וויל האבן אלקות, ווארום אפילו אויב ער וויינט נאר סתם אזוי, איז אבער "מזלי חזי"[66] - דער געוויין למטה באווייזט אויף דעם געוויין למעלה צוליב דעם וואס ער וויל האבן אלקות,

איז ווילבאלד אז דער געוויין דערגרייכט בהשגח"פ צו דעם אדם הלומד תורה - פארמאכט ער דעם ספר, דעם מאמר, דעם קונטרס, און ער גייט בארואיקן און איינשטילן דעם קינד, און פארבינדן אים מיט אבינו שבשמים.

און ער מאכט ניט קיינע חשבונות אז דער קינד האט א פאטער און א מוטער, ובפרט אויב דאס איז א קינד וואס איז זקוק לאמו, דארף דאך אים זיין מאמע בארואיקן - נאר וויבאלד אז ער האט דערהערט דעם געוויין גייט ער גלייך בארואיקן דעם קינד, ווארום אויב דאס איז ניט נוגע צו אים, טראכט ער, האט ער ניט געדארפט הערן דעם געוויין.

יא. קומט צוגיין דער קלוגינקער און טענה'ט:

מי יאמר אז ער האט געהערט דעם "קול ילד בוכה" דערפאר וואס ער דארף אוועקגיין פון זיין לימוד התורה און גיין באדואיקן דעם קינד - אפשר איז דאס גופא דער צד השמאל וואס קומט אים מבלבל זיין פון הבנה והשגה בתורה?!

ווארום - טענה'ט דער קלוגינקער - אויב דער צד השמאל וואלט געקומען אים מבלבל זיין מיט ענינים פון כסף וזהב, וואלט ער אויף אים זיכער ניט גע'פועל'ט; דערפאר קומט דער צד השמאל און הויבט מיט אים אן רעדן וועגן מבצעים, אנהויבנדיק פון מבצע אהבת ישראל, וואס דאס איז שוין שייך אפילו אויף א תינוק בן יומו, און דערמיט וויל ער אים מבלבל זיין פון לימוד התורה!

איז מצד שכל דקדושה זיינען אין דערויף טאקע דא צוויי סברות: אדער דער צד הימין איז דער וואס ציט אים צו גיין צו דעם "קול ילד בוכה", אדער דאס איז דער צד השמאל וואס ציט אים.

- זאגט -

---

65) פ"ד ס"ד. 66) ראה מגילה ג, א. סנהדרין צד, רע"א.

זאגט מען אז דאס איז דער צד הימין וואס ציט אים.

פון וואנעט ווייסט מען טאקע אז דאס איז דער צד הימין און ניט דער צד השמאל וואס וויל אים מבלבל זיין פון לימוד התורה?

האבן מיר אויף דעם די הוראה פון רבותינו אין דעם סיפור פון "קול ילד בוכה"[67]:

דער אלטער רבי און דער מיטעלער רבי זיינען אמאל ביידע געזעסן און געלערנט תורה לשמה, און ס'איז געווען א "קול ילד בוכה", האט דער מיטעלער רבי דאס בכלל ניט געהערט און ער האט ממשיך געווען לערנען, משא"כ דער אלטער רבי האט דאס געהערט און ער איז געגאנגען בארואיקן און איינשטילן דעם קינד.

וואס ס'איז דאך "דבר אחד לדור ולא שני דברים לדור"[68], איז דאך דער אלטער רבי דעמולט געווען דער נשיא הדור, האט ער דערנאך געזאגט דעם מיטעלן רבי'ן אז "לא זו הדרך", ווארום ער האט געדארפט הערן דעם "קול ילד בוכה", וואס דאס איז א הכנה צו דעם וואס דער מיטעלער רבי וועט דערנאך ווערן דער נשיא.

וואס די טענה פון דעם אלטן רבי'ן איז ניט געווען פארוואס ער איז ניט געגאנגען בארואיקן דעם קינד, נאר די טענה איז געווען פארוואס האט ער דאס בכלל ניט געהערט, ווי ס'איז פארשטאנדיק פון פשטות הסיפור.

וואס דערפון איז מוכח אז דאס איז געווען תלוי ברצוננו פון דעם מיטעלן רבי'ן צו הערן דעם קינד, ווייל אויב ניט איז ניט שייך צו מאנען פון אים א זאך וואס איז ניט תלוי ברצוננו.

און די טענה איז: ווען א איד ווייגט פארוואס הערט מען ניט, ביז דערהערן[69]?!

ביז אז דערהערן דעם קול זאל אויף אים פועל'ן, ווי דאס איז געווען בא דעם אלטן רבי'ן, אז ער זאל יורד זיין מלמעלה למטה, ווי דער פשטות הסיפור איז געווען, וזאס דאס באווייזט אז ברוחניות העינינים האט ער אויך יורד געווען מלמעלה למטה צו בארואיקן דעם קינד.

- יב. -

---

67) הובא במכתב כ"ק אדמו"ר שליט"א מי"ד בכסלו ה'תשכ"ג (נדפס גם בריש סה"מ תש"ב). 68) סנהדרין ח, א. פרש"י עה"פ וילך לא, ז. וראה לקו"ש ח"ה ס"ע 373 ואילך. 69) ראה שיחת י"ב תמוז תש"ח ס"ד ואילך (סה"מ תש"ח ע' 252 ואילך).

יב. דערפון האט מען די הוראה לכאו"א, ובפרט אז ס'איז געווען דער פתח וסלל את הדרך[70] דורך דעם סיפור:

בשעת א איד זיצט און לערנט תורה לשמה, ביז ווי דער מיטעלער רבי האט געלערנט תורה לשמה, און עס איז דא ערגעץ-וואו א "קול ילד בוכה" - דארף ער דאס דערהערן.

אפילו אויב דער קינד וויינט ניט מיט א קלא דאשתמע[71], וויינט ער אבער מיט א קלא פנימאה דלא אשתמע[71] - דארף ער דאס אויך הערן.

ואדרבה, דאס דארף ער נאכמער דערהערן, ווארום א געוויין בפנימיות וואס קומט ניט ארויס בהתגלות איז נאך א טיפערער געוויין ווי אזא וואס קומט ארויס בגילוי, ווארום דאס באווייזט אז יענער ווייסט אפילו ניט אז אים פעלט עפעס, און דערפאר וויינט ער ניט בקלא דאשתמע!

און אויב ער דערהערט ניט דעם קול, איז א ראי' אז אים פעלט אין אהבת ישראל, אין "ואהבת לרעך כמוך"[72], ווארום אויב עס וואלט געווען "ואהבת לרעך כמוך" וואלט ער זיכער געהערט דעם קול,

כידוע דער ווארט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[73] אז אהבת ישראל דארף זיין צו יעדער איד, אפילו צו א איד וואס מ'האט קיינמאל ניט געזעהן, ביז איך אן אופן פון "בכל צרתם לו צר"[74], אז א צרה פון א צווייטן אידן איז "לו צר", עס איז ביי אים "צר",

און ניט אז בשעת יענער קומט און זאגט אים אז ביי אים איז דא א צער דעמולט איז ער דאס מרגיש, נאר עס דארף זיין "ואהבת לרעך כמוך", אז פונקט ווי בא "כמוך" דארף ער ניט ארויסזאגן בדיבור בשעת ביי אים איז דא א צער, נאר ער איז דאס מרגיש בדרך ממילא, עד"ז דארף ער בדרך ממילא מרגיש זיין בשעת ביי א צווייטן איד איז דא א צער,

ביז ווי עס שטייט אין גמרא[75] אז חברי איוב האבן מרגיש געווען דעם צער פון איוב, אע"פ וואס זיי האבן זיך געפונען במקום אחר, און זיי זיינען געקומען לנחמו ולעודדו.

יג. האמור לעיל איז בכלל דער אויפטו פון דער עבודה וואס איז פארבונדן מיט אחש"פ לגבי דער עבודה וואס איז פארבונדן מיט שש"פ,

- וואס -

---

70) ראה סה"מ תרע"ח ע' רפג. תרפ"ח ע' קב. 71) ראה סה"מ קונטרסים ח"ב שלט, ב ואילך. 72) קדושים יט, יח. 73) היום יום ע' קיג. 74) ישעי' סג, ט. וראה סה"ש תש"ה ע' 73. 75) ב"ב טז, ב.

וואס שש"פ איז פארבונדן מיט אן עבודה במדוה"ג, משא"כ אחש"פ איז פארבונדן מיט משיח, וואס ענינו איז - למעלה ממדידה והגבלה,

ביז אז דער בעש"ט האט מגלה געווען אז דעמולט עסט מען סעודתו של משיח, און דער בעש"ט לאדט איין יעדער איד צו איינטייל נעמען אין דער סעודה און עסן דערפון, ביז אז דאס ווערט "דם ובשר כבשרו"[76], וואס וויבאלד אז דאס ווערט א חלק פון דעם אדם נעמט עס דורך אלע זיינע ענינים ופרטים, אז זיי זאלן זיין אין אן אופן שלמעלה ממדוה"ג.

און וויבאלד אז דאס איז אויך פארבונדן מיט יו"ט, איז דאס אלץ אין אן אופן פון "מועדים לשמחה", מתוך שמחה.

יד. דערנאך קומט צו דער שבת וואס קומט נאך שש"פ און אחש"פ, וואס דעמולט ווערן נתעלה אלע ענינים פון שש"פ און אחש"פ נאך אין א העכערע דרגא כנ"ל (ס"א ואילך). והביאור בזה:

ענינו פון שבת איז, ווי דער פס"ד אין שו"ע[77], "כל מלאכתו עשוי'" און "וקראת לשבת עונג"[78].

וואס בפשטות, בשעת מ'טוט א זאך מתוך תענוג איז דאס אינגאנצן מיט אן אנדער שלימות און אין אן אנדער אופן ווי אויב מ'טוט די זעלבע זאך אן תענוג.

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דער עלי' פון דער עבודה פון שש"פ און אחש"פ אין דעם שבת שלאחריהם, אז ווי הויך די עבודה פון שש"פ און אחש"פ איז - קומט צו נאכמער אין דער עבודה בשעת עס קומט שבת, וואס דעמולט איז די עבודה מתוך תענוג.

און באמת איז מען ניט מחוייב אלעמאל אויסטייטשן פונקט וואס דער אויפטו פון העונג איז - נאר דער עיקר איז אז די עבודה זאל זיין מהוך העונג בפשטות, וואס דעמולט איז דאס מתוך הרחבה בפשטות.

וכידוע דער סיפור אין גמרא[79] אז "שמועה טובה תדשן עצם"[80], ד.ה. אז דער ענין התענוג האט גע'פועל'ט ניט נאר א הרחבה אין מוח שבראש און אין רגש שבלב, און אין מחשבה, דיבור ומעשה, און אין בשר ועור, וואס זיי זיינען מקבל דעם ענין פון שינוי[81] -

- נאר -

---

76) ל' אדה"ז בתניא פ"ה (ט, סע"ב). 77) או"ח סש"ו ס"ח. אדה"ז שם סכ"א. ממכילתא (הובא בפרש"י) עה"פ יתרו כ, ט. 78) ישעי' נח, יג. שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס רמב. 79) גיטין נו, ב. 80) משלי טו, ל. 81) ראה גם קונטרס כ"ף מרחשון ש.ז. סי"ט.



הנחת הת' בלתי מוגה

נאר דער תענוג האט גע׳פועל׳ט א הרחבה אין דעם עצם, און ניט אין דעם עצם שבראש וואס איז מגין אויף דעם שכל שבראש - נאר אין דעם עצם שברגל, וואס דער רגל איז דער דבר התחתון שבגוף[82].

וואס דאס באווייזט אז דער ענין התענוג נעמט דורך אלע עניני האדם אין אן אופן פון הרחבה, ביז אז מ׳קען מעסטן די הרחבה וואס דער תענוג טוט אויף מיט א מדידה גשמית.

טו. וואס דערפון נעמט מען די הוראה און נתינה כח על כל השנה כולה, אז אלע ענינים, און אלע מבצעים,

אנהויבנדיק פון מבצע אהבת ישראל, וואס ער איז דער ראש ושרש פון אלע מבצעים, און דערנאך די מבצעים פון: חינוך, תורה, תפילין, מזוזה, צדקה, בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳, נרות שבת קודש, כשרות האכו"ש, טהרת המשפחה, "מיהו יהודי", און אלע ענינים טובים -

זאלן אלע זיין אין אן אופן פון למעלה ממדוה"ג לגמרי (אחש"פ), און מתוך תענוג אמיתי (שבת), ביז צו שש"פ און אחש"פ און דער שבת שלאחריהם בשנה הבאה.

ובפרט אז בינהיים וועט קומען משיח צדקנו, וואס נוסף לזה וואס ער איז פון די שבעה רועים[83], איז ער אויך פון די "שמונה נסיכי אדם"[84], וואס דאס איז פארבונדן מיט דער מעלה פון שמיני, און "שמיני" איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון תענוג - וועלן זיכער אלע ענינים זיין אין אן אופן פון תענוג אמיתי וואס איז למעלה ממדוה"ג,

ביז אז די למעלה ממדוה"ג פועל׳ט אין מעשינו ועבודתנו, אין דער עבודה למטה, און אויך אין דעם שכר מלמעלה אז דאס זאל אויך זיין אין אן אופן פון למעלה ממדוה"ג.

ובפרט אז התחלת השנה האט זיך אנגעהויבן מיט א שבת, און דער גאנצער יאר איז א שנת השמיטה וואס ווערט אנגערופן "שבת לה׳"[85], וואס שמו אשר יקראו לו באווייזט אויפן תוכן[86], וואס שבת איז דער ענין פון "וקראת לשבת עונג" - אז אלע ענינים זיינען נאכמער דורכגענומען מיט דעם ענין התענוג.

און אלע ענינים ווערן נמשך "מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה", און "והגדושה" (בגימ"ל) ווי עס שטייט אין

- סידור -

------------

82) ראה אדר"נ ספל"א. 83) ל׳ הכתוב - מיכה ה, ד. וראה תו"א מקץ לד, ריש ע"ב. ובכ"מ. 84) מיכה שם. סוכה נב, ב. וראה תו"א שם לג, סע"ג ואילך. ובכ"מ. 85) בהר כה, ב-ד. 86) ראה שעהיוה"א בתחלתו.

סידור פון בעש"ט, און דער עיקר - אז אלע ענינים זיינען מתוך תענוג, ביז אז דאס פועל'ט אין מעשינו ועבודתנו, און ניט נאר אין עניני מעשה, נאר אויך אין דיבור און אין מחשבה, ביז אין די כחות פנימיים און כחות מקיפים,

און דאס ווערט נמשך למטה מעשרה טפחים, אז נוסף לזה וואס ס'איז א שנה כשר ושמח ווי גערעדט פריער[87], איז דאס אויך א שנה של תענוג,

בביאת משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

טז. האמור לעיל איז פארבונדן מיט דעם שבת נאך שש"פ און אחש"פ בכל שנה ושנה.

דערנאך קומט צו די הוראה וואס מ'נעמט ארויס דערפון וואס היינטיקער שבת איז שבת פרשת שמיני. וואס ניט אלעמאל איז דער שבת נאך שש"פ און אחש"פ - שבת פ' שמיני, אמאל איז דאס אין פרשיות אחרות - איז וויבאלד אז בשנה זו קומט עס אויס אין שבת פ' שמיני דארף דערפון זיין א הוראה מיוחדת.

וכמדובר כמ"פ, אע"פ אז דאס איז פארבונדן במיוחד מיט דער קביעות פון שנה זו דארף מען אבער דערפון אויך ארויס-נעמען א הוראה על כל הזמנים כולם.

יז. אין פ' שמיני זיינען דא א ריבוי פסוקים, ענינים, הוראות און ציוויים - אבער די גאנצע פרשה האט איין צד השוה - אז דאס איז פ' שמיני, ווי מ'זעט דאס בפשטות:

בשעת מ'גיט א פרעג אין וועלכע פרשה איז דער לעצטער ווארט פון דעם לעצטן פסוק, זאגט מען אז דאס איז אין פ' שמיני.

וואס אע"פ אז די פרשה ווערט אזוי אנגערופן, בפשטות, דערפאר וואס דער דריטער ווארט פון התחלת הפרשה איז "שמיני" ("ויהי ביום השמיני") - וויבאלד אבער דער נאמען פון א זאך גיט ארויס דעם תוכן פון דער זאך, כידוע הורה הבעש"ט[86], איז פארשטאנדיק, אז דער נאמען פון דער פרשה, שמיני, גיט ארויס דעם תוכן פון דער גאנצער פרשה.

יח. דער ענין פון "שמיני" איז בפשטות (וואָרום מ'וויל דאך אז די הוראה דערפון זאל זיין מובן בפשטות אויך פאר א פשוט שבפשוטים) - דער אכטער טאג פון ימי המילואים[88]:

- פריער -

---

87) שיחת אחש"פ ספ"ד. 88) שבת פז, ב. ס"ע פז. פרש"י ריש פרשתנו. ובכ"מ.

פריער זיינען געווען די שבעת ימי המילואים, וואס דעמולט האט מען מחנך געווען אהרן ובניו פאר עבודת המשכן, "לקדש אותם לכהן לי"[89]: ס'איז געווען די הקרבה פון די אלע קרבנות, ביז אז ס'איז געווען "ויקח משה מדמו ויתן על תנוך אוזן אהרן הימנית ועל בהן ידו הימנית ועל בהן רגלו הימנית"[90],

און די עבודה איז געווען "שבעת ימים", וואס "שבעת ימים" זיינען כולל כל הזמנים, ביז אז דאס איז געווען אן עבודה בשלימות, וואס "מילואים" איז מלשון מילוי ושלימות[91], ביז אין אן אופן פון "ומפתח אוהל מועד לא תצאו שבעת ימים עד יום מלאת ימי מילואיכם כי שבעת ימים ימלא את ידכם"[92] - איז דאס לכאורה גענוג, וואס פעלט דא?!

זאגט מען - ניין, ס'איז ניט גענוג! לאחרי כל זה דארף ערשט זיין א נייע פרשה - "ויהי ביום השמיני".

יט. והביאור בזה:

דאס וואס מ'האט געטאן אין די שבעת ימי המילואים - איז דאס אלץ וואס א נברא קען טאן בשלימות בכח פון א נברא;

דערנאך אבער איז דא דער יום השמיני, וואס דאס איז בלשון הידוע[29] דער עצם וואס איז שומר את ההיקף.

ובעבודת האדם איז דאס די אתעדל"ע און דער כח מלמעלה וואס קומט נאך דער גאנצער עבודה וואס איז דא בשלימות בכח הנברא אין די שבעה ימים שלפנ"ז.

און דאס איז ניט סתם אן ענין פון אתעדל"ע מלמעלה אין אן אופן פון "נהמא דכסופא"[93] ח"ו - נאר דאס איז א ציווי וכח חדש אויף א נייעם ענין אין עבודה וואס איז ניט געווען ביז איצטער, ווי דאס איז געווען בפועל, אז די גילויים ביום השמיני האבן גע'פועל'ט "וירא כל העם וירונו ויפלו על פניהם"[94], וואס דאס איז אן ענין פון מעשה ועבודת האדם.

ד.ה. אז נאך דערויף וואס ס'איז געווען די עבודה בשלימות בכח הנברא, אין די ז' ימי המילואים, האט דאס ניט נאר געבראכט אן אתעדל"ע[95] וואס קומט פון דער אתעדל"ת, און ניט נאר אן אתעדל"ע וואס קומט בתור שכר, וואס "קוב"ה לא שריא אלא באתר שלים"[96] -

- נאר -

---

89) תצוה כט, א. 90) צו ח, כג. 91) ראה פרש"י עה"פ צו שם, כב. לקו"ת צו י, ד. 92) צו שם, לג. 93) ראה ירושלמי ערלה פ"א ה"ג. לקו"ת צו ז, ריש ע"ד. 94) פרשתנו ט, כד. 95) בהבא לקמן - ראה לקו"ת שה"ש כד, א-ב. לקו"ש אלול תשל"ז הע' 14. 96) ראה זח"ג צ, ב.

נאר דאס האט דערנאך געבראכט צו אן אתעדל"ע וואס איז לגמרי העכער פאר די אתעדל"ת שקדם לה, ביז אז די אתעדל"ע איז מעורר און גיט כח אז עס זאל זיין א נייע עבודה לגמרי, וואס דאס איז בדוגמא ווי די אתעדל"ע[97] וואס איז געקומען פאר דער גאנצער עבודה פון די ז' ימי המילואים, וואס איז אויך באי"ע לגמרי פון דעם ענין העבודה, און דאס ברענגט צו א נייעם ענין אין עבודה.

כ. די הוראה דערפון:

בשעת מ'האלט בא די אלע ענינים המדוברים לעיל: מ'האלט בא מס"נ וואס איז פארבונדן מיט שש"פ[98], און מס"נ למעלה ממדוה"ג, פארבונדן מיט אחש"פ, און אין אן אופן פון תענוג אמיתי, פארבונדן מיט שבת, ביז אז מ'האט די אלע דרגות פון טהור "לקודש" ביז טהור "לחטאת" - קען מען דאך מיינען אז ס'איז שוין גענוג.

זאגט מען - ניין: די אלע ענינים זיינען פארבונדן מיט דער עבודה בכח הנברא, דערנאך דארף אבער זיין א נייער נתינת כח און אתערדל"ע מלמעלה, "שמיני", וואס דאס ברענגט ארויס א נייע עבודה, "וירא כל העם וירונו ויפלו על פניהם".

ד.ה. אז אפילו אויב ער האט געהארעוועט ז' ימים שלמים, און ער האט אויפגעטאן, און ער איז רואה פרי טוב בעמלו, ביז אז ער האט אויך שכר, "עולמך - עוה"ב - תראה בחייך"[99] - זאגט מען אים אז "ת"ח אין להם מנוחה לא בעוה"ז ולא בעוה"ב שנאמר[100] ילכו מחיל אל חיל יראה אל אלקים בציון"[101], ביז אז דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ אין שו"ע שלו חלק אורח חיים[102], וואס דאס באווייזט אז דאס איז די וועג פון אידישן לעבן - אז עס דארף זיין "ילכו מחיל אל חיל".

ד.ה. אז סיי ווען ער געפינט זיך אין עוה"ז אלס א נשמה בגוף און ער איז עובד עבודתו בשלימות, דארף זיין "ילכו מחיל אל חיל", און ניט נאר "ילכו מחיל אל חיל" "מביהכ"נ לביהמ"ד", נאר אפילו ווען ער גייט דערנאך ארויס אין "הנהג בהן מנהג דרך ארץ"[103], דארף ביי אים אויך זיין "ילכו מחיל אל חיל".

און עד"ז אפילו ווען ער באקומט שכר אויף דערויף וואס ער האט עובד געווען עבודתו בשלימות, און דעם שכר באקומט

- ער -

---

97) ראה לקו"ת ויקרא ג, א. 98) ראה סה"ש תש"ב ע' 92 ואילך. 99) ברכות יז, סע"א. וראה תניא פי"ד (כ, רע"א). 100) תהלים פד, ח. 101) ברכות ומו"ק בסופן. וראה לקו"ש חי"ד ע' 173 ואילך. 102) סקנ"ה ס"א. 103) ברכות לה, ב.

ער זייענדיק אין עוה"ז, "עולמך תראה בחייך", וואס דאס באווייזט לכאורה אז ביי אים איז אלץ בשלימות - גיט מען צו אז "ת"ח אין להם מנוחה" ניט נאר "בעוה"ז", נאר אפילו "בעוה"ב" איז "אין להם מנוחה", איז במילא אפילו אויב ער האט עוה"ב אין עוה"ז - דארף ביי אים אויך זיין "ילכו מחיל אל חיל".

כא. פרעגט ער: וואוהין זאל ער גיין?! ער האלט דאך שוין בשלימות אין אלע ענינים: ער איז א צדיק גמור, און ער איז א בעל תשובה אמיתי - איז וואו קען ער גיין נאך העכער?!

זאגט מען אים, אז וויבאלד ער איז "יראה אל אלקים בציון", ער איז פאדבונדן מיט א"ס האמיתי - איז ווי הויך ער דערגרייכט נאר, קען ער נאך ווייטער גיין, ווארום דאס איז א"ס האמיתי.

טענה׳ט ער: ער איז דאך א נברא בו"ד וואס איז מדוד ומוגבל, קען ער דאך ניט גיין עד א"ס?!

זאגט מען אים אז תורה זאגט אז עס דארף כסדר זיין "ילכו מהיל אל חיל".

און אפילו ווען ער טוט עבודתו בשלימותו, ביז אז ער באקומט שכר אויף דערויף - קען ער דאך מיינען אז איצטער קען ער זיך אפרוהען און נהנה זיין פון דעם שכר, "נהנין מזיו השכינה"[104], וואס ער האט באקומען -

זאגט מען אים אז איצטער איז ניט די צייט צו זיך אפרוהען, און "אדם לעבל יולד"[105],

און נאך דערויף וואס ער ענדיקט עבודתו בשלימות בכח הנברא איז ערשט דעמולט דארף זיין "ויהי ביום השמיני", און עס קומט א נייע אתעדל"ע, וואס דאס איז ניט קיין אתעדל"ע בתור שכר אויף דער עבודה וואס ער האט געטאן ביז איצט, נאר דאס איז אן אתעדל"ע וואס גיט כח אז עס זאל זיין א נייע עבודה.

שכר איז טאקע אן ענין נעלה, והלואי אז מ׳זאל באקומען כמה פעמים ככה וויפל מ׳באקומט - אבער ער דארף וויסן אז איצטער איז די צייט צו טאן און אויפטאן, און וויפל מ׳האט נאר אויפגעטאן דארף זיין "ילכו מחיל אל חיל", און מ׳דארף נאכמער אויפטאן.

- כב. -

---

104) ראה ברכות יז, א. 105) איוב ה, ז. וראה סנהדרין צט, ב. וראה ד"ה אד"א כל אדם לעמל נברא תרפ"ט. לקו"ש חט"ו ע׳ 93 ואילך. וש"נ.

כב. וואס בשעת מ'איז מחליט אזוי צו טאן, איז מען דעמולט זיכער מצליח אין דעם,

און אויב עס וועט נאר זיין דער ענין פון "יגעת" וועט זיכער זיין "ומצאת"[106], ביז אז דער "ומצאת" וועט זיין למעלה מהמשוער בשעת מ'האט מחליט געווען טאן, אין אן אופן פון "מציאה" וואס קומט "בהיסח הדעת"[107],

ביז דאס וועט ברענגען משיח צדקנו, וואס אויך ער קומט "בהיסח הדעת" (בדוגמא ווי א מציאה), ווי עס שטייט[108] "מצאתי דוד עבדי", ווי די גמרא זאגט אין סנהדרין[109] אין דער סוגיא וועגן משיח,

וואס דער ענין אז משיח קומט "בהיסח הדעת" איז כמבואר בכ"מ[110] אז "היסח הדעת" איז דער ענין פון יחידה שבנשמה וואס איז למעלה מהדעת, אויך למעלה מדעת דקדושה, וואס דאס איז ענינו של משיח,

און משיח וועט מגלה זיין דעם משיח און יהידה שבכל או"א[111], און ביחד מיט דעם למעלה מן הדעה וועט ער אויך מיט-נעמען דעם ענין הדעת און אלע ניצוצות קדושה, "קהל גדול ישובו הנה"[112],

און עס וועט זיין שלימות העם, און שלימות הארץ, ווארום מ'האט שלימות התורה, ניט נאר אין אן אופן פון שש"פ, שבעה ימי ההיקף, נאר אין אן אופן פון שמיני של פסח, שמיני - שומר את ההיקף,

בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[113] "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו"[114],

און משיח וועט שוין אלץ אפטאן, כ'וועט נאר דארפן צולייגן אן "אצבע קטנה"[115],

בקרוב ממש, ומתוך שמחה וטוב לבב, ומתוך תענוג אמיתי.

* * *

- כג. -

---

106) ראה מגילה ו, ב. 107) סנהדרין צז, סע"א. וראה לקו"ש ח"ב ע' 810. ח"ד ע' 1127. שם ע' 1165. חי"ג ע' 117. חקת תשל"ו ס"ה. 108) תהלים פט, כא. 109) שם. וראה לקו"ש ח"ד ע' 1165. 110) ראה לקו"ש חט"ו ע' 509 הע' הא'. ושנ"נ.
111) ראה באור עינים ס"פ פינחס. לקו"ש ח"ב ע' 599.
112) ירמי' לא, ח. 113) עקב יא, יב. 114) בא י, ט.
115) ראה שהש"ר וקה"ד בתחלתן.

כג. ס'איז דא נאך אן ענין אין דעם שבת - וואס עס איז שבת מברכים החודש אייר.

וכמדובר כמ"פ אז דער שבת מברכים פון יעדן חודש איז אלעמאל אין דעם סיום פון דעם חודש שלפניו, ועד"ז בעניננו, אז שבת מבה"ח אייר איז אין סיום פון חודש ניסן.

דעם איבערגאנג פון חודש ניסן צו חודש אייר וועט מען פארשטיין בהקדם דעם חילוק צווישן חודש ניסן און חודש אייר, וואס זיי זיינען לכאורה הפכים זמ"ז:

ענינו פון חודש ניסן איז - ווי די גמרא[116] זאגט אז יעדער ווארט וואס האט אין זיך צוויי נוני"ן באווייזט אויף "ניסי ניסים",

ועאכו"כ בנוגע צו חודש ניסן, וואס ער איז דער חודש הגאולה[117], ובפרט ווי עס שטייט אין מדרש[118] אז "כשבחר ביעקב ובניו קבע בו (ראש) חודש של גאולה", ובפרט אז "בניסן נגאלו בניסן עתידין ליגאל"[119], וואס דאס איז כולל אין זיך אלע גאולות ביז צו דער גאולה העתידה;

משא"כ אין חודש אייר געפינט מען לכאורה ניט קיינע ענינים מיוחדים.

שטייט אבער אין ספר השמות[120] אז אייר איז ר"ת "אברהם יצחק יעקב רחל", וואס זיי זיינען די ד' רגלי המרכבה[121] [וואס רחל איז פארבונדן און קומט דערנאך ארויס אין דוד מלכא משיחא[122], וואס אין ספירות איז דאס - ספירת המלכות].

כד. דער ביאור החילוק צווישן חודש ניסן און חודש אייר:

דער ענין פון חודש ניסן, "ניסי ניסים" איז - אז מלמעלה וויל מען אויפהויבן דעם מענטשן, ביז ניט נאר אויפהויבן איין מאל, נאר "ניסי ניסים" - צוויי מאל, ביז אז יעדער איינע פון זיי איז לשון רבים: "ניסי" איז לשון רבים, ועד"ז "ניסים" איז לשון רבים.

און מ'הויבט אויף דעם מענטשן אין אן אופן פון יצי"מ (וואס איז געווען אין חודש ניסן) - וואס דאס איז כולל די יציאה פון "מצרים" בקצה התחתון, ביז אויך יצי"מ אין דעם קצה העליון.

- משא"כ -

------------

116) ברכות נז, רע"א ובפרש"י שם. 117) שמו"ר פט"ו, יא. 118) שם. 119) ר"ה יא, רע"א. 120) מאו"א א, פד. ב"ש לאה"ע סקכ"ו סק"כ. 121) מאו"א שם. 122) ראה זח"א רמח, ב. ח"ג רסב, ב. ובכ"מ.

משא"כ דער ענין פון חודש אייר איז דער ענין פון דער מרכבה, וואס דאס איז דער ענין פון עבודת האדם, ביז אז ער ווערט אינגאנצן בטל צו למעלה, וואס דאס איז דער תכלית השלימות פון מרכבה, ווי דאס איז געווען בא די אבות – "האבות הן הן המרכבה"[123].

און דא רעדט מען ניט וועגן דער מעלה פון די אבות ווי עס שטייט אין מסכת ב"ב[124] אז "בכל" "מכל" און "כל" גייט אויף די ג' אבות וואס "הטעימן הקב"ה בעוה"ז מעין העוה"ב", וואס דאס גיט מען מלמעלה, און דאס קומט ניט ע"י עבודת האדם,

נאר דא רעדט מען וועגן דער מעלה פון די אבות וואס זיי האבן ע"י עבודתם, דער ענין פון "האבות הן הן המרכבה".

וע"פ הידוע אז "יפה שעה אחת בתשובה ומעשים טובים בעוה"ז מכל חיי העוה"ב"[125], איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "הן הן המרכבה" וואס איז געווען בא די אבות ע"י עבודתם בעוה"ז, איז העכער פאר דעם "הטעימן הקב"ה בעוה"ז מעין העוה"ב" וואס איז בא זיי געווען.

וואס דערפון קומט אויס, אז דער ענין פון חודש ניסן איז – המשכה מלמעלמ"ט, און דער ענין פון חודש אייר איז – עבודה מלמטלמ"ע.

כה. דער חילוק צווישן חודש ניסן און חודש אייר קומט ארויס אויך בפועל:

אין חודש ניסן זאגט מען ניט קיין תחנון[126].

וכמדובר אמאל[127] אז דער פירוש אין דעם איז, ניט אז בשעת מ'זאגט ניט קיין תחנון פעלט, ח"ו, אין דער סליחה ומחילה און כפרה אויף חטאים וואס ווערט אויפגעטאן דורך אמירת תחנון – ווארום דאס וואס מ'זאגט ניט קיין תחנון דעמולט איז ניט דערפאר וואס א איד זוכט אז זיין דאוונען זאל זיין ווייניקער ח"ו –

נאר א איד וויל האבן תיקון החטאים, במילא איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס מ'זאגט ניט קיין תחנון איז דערפאר וואס דעמולט טוט אויף דער זמן מצ"ע וואס תחנון טוט אויף אין שאר הזמנים, אז דאס טוט אויף א סליחה ומחילה און כפרה

– אויף –

---

123) ב"ר פמ"ז, ו. פפ"ב, ו. ודאה תו"א יתרו עא, ריש ע"ב. 124) טז, סע"ב ואילך. 125) אבות פ"ד מי"ז. 126) טושו"ע (ואדה"ז) או"ת סתכ"ט ס"ב (ס"ח). רמ"א או"ח סקל"א ס"ז. סידור אדה"ז לפני "ובא לציון". השלמה לשו"ע אדה"ז או"ח סקל"א ס"ח. 127) "משיחות" נר ה' דחנוכה ש.ז. ס"ג ואילך.

אויף אלע חטאים, ביז א כפרה בתכלית השלימות ווי עס שטייט אין אגרת התשובה[128].

וואס דאס איז מתאים עס המבואר לעיל אז חודש ניסן איז בעיקר פארבונדן מיט א המשכה מלמעלה, ניט מיט עבודת האדם, און דערפאר ווערט די כפרה נמשך מצ"ע, ניט דורך אמירת תחנון ע"י האדם.

אין חודש אייר געפינט מען א זאך וואס איז ניטא אין קיין אנדער חודש[129]:

אין יעדן טאג פון חודש אייר איז דא א מצוה, די מצוה פון ספה"ע, ביז אז מ'איז מברך בכל יום אויף דער מצוה "אשר קדשנו במצותיו וצונו כו'".

אין א חלק פון חודש ניסן און אין א חלק פון חודש סיון איז אויך דא די מצוה פון ספה"ע - אבער דאס איז ניט אין דעם גאנצן חודש,

עד"ז זיינען דא כמה חדשים וואס זיינען מרובים במצוות, כל אחד לפי ענינו - אבער מ'געפינט ניט קיין איין חודש וואס בכל יום זאל אין אים זיין א מצוה;

משא"כ בנוגע צו חודש אייר איז אין אים דא בכל יום א מצוה, ביז א מצוה נעלית וואס גרייט צו מקבל זיין די תורה, מיט די אלע פרטים שבדבר.

וואס דאס איז מתאים עס המבואר לעיל אז חודש אייר איז פארבונדן מיט עבודת האדם, און דערפאר איז אין חודש אייר דא בכל יום א מצוה, וואס דאס איז דער ענין פון עבודת האדם בפשטות.

ד.ה. אין אנדערע ווערטער: חודש ניסן איז פארבונדן מיט גילויים, און חודש אייר איז פארבונדן מיט מעשה המצוות.

כו. דערפון איז פארשטאנדיק אז בשעת מ'דארף איבערגיין פון חודש ניסן, א חודש פון גילויים, צו חודש אייר, א חודש וואס אין אים זיינען ניטא קיינע גילויים, נאר דער ענין פון עבודת האדם למטה - דארף מען אויף דערויף האבן א נתינת כח מיוחדת, וואס דאס איז דער ענין וואס חודש אייר איז ענינו די מרכבה (כדלקמן).

וואס דאס האט אויך א קשר מיט דעם וואס עס שטייט אין א מאמר פון דעם אלטן רבי'ן (וואס איז לעצטן'ס אפגעדרוקט געווארן אין ספר המאמרים תקס"ו[130]):

- דער -

---

128) פ"ב. 129) ראה לקו"ש ח"א ס"ע 263 ואילך.
130) ס"ע קנ ואילך.

דער אלטער רבי שטעלט זיך אויף דעם וואס עס שטייט[131] "ויסע משה את ישראל מים סוף ויצאו אל מדבר שור", וואס אין מכילתא (ועד"ז אין פרש"י) שטייט אויף דערויף אז "הסיען בעל כרחם".

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס האט משה זיי געדארפט צווינגען גיין "אל מדבר שור"?

איז דער אלטער רבי מבאר:

אזוי ווי בא קרי"ס זיינען געווען גרויסע גילויים, ביז אז "וירא ישראל את היד הגדולה גו׳ ויאמינו בה׳ ובמשה עבדו", וואס דאס גייט אויף הוי׳ דלתתא און אויף הוי׳ דלעילא, ווי געדעדט פריער (ס"ו ואילך) (גענומען פון א מאמר שלפני מאמר הנ"ל אין סה"מ תקס"ו[132]), אז זיי האבן געזעהן הוי׳ דלתתא בראי׳, און הוי׳ דלעילא איז געווען באמונה,

ביז אז אויך נאך קרי"ס האבן זיי געזאגט שירה, און געזאגט "זה א-לי ואנוהו" -

איז בשעת ס׳איז געקומען צו אוועקגייך פון דעם מעמד ומצב פון גילוי אלקות, ביז אין אן אופן פון ראי׳, און וואו גייך - גיין "אל מדבר שור", וואס "שור" איז "מלשון ראי׳ והבטה", "כמו אשורנו[133] כו׳"[134], דער ענין פון עלמא דאתגליא, עוה"ז הגשמי -

האבן די אידן ניט געוואלט גיין.

וואס דערפאר האט געדארפט זיין "ויסע משה - הסיען בעל כרחם", בדוגמא ווי מ׳זאגט[135] "בע"כ אתה חי", בכדי צו גיין אין עלמא דאתגליא, עוה"ז הגשמי.

כז. עד"ז איז דאס אויך בנוגע צו איבערגיין פון חודש ניסן אין חודש אייר:

וויבאלד אז חודש ניסן איז א חודש פון גילויים והמשכות, וויל מען ניט אוועקגיין פון חודש ניסן און אריינגיין אין חודש אייר, וואס דארטן זיינען ניטא קיינע גילויים, און אלע ענינים דארף מען אויפטאן בכח עצמו ע"י עבודה.

וואס דערפאר דארף מען האבן א נתינת כח מיוחדת פאר דעם איבערגאנג - וואס דאס איז דער ענין פון דעם וואס אייר

- איז -

---

131) בשלח טו, כב. 132) ע׳ קמג ואילך. 133) בלק כד, יז. 134) סה"מ שם ע׳ קנא. 135) אבות ספ"ד.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

איז ר"ת אברהם יצחק יעקב דחל, דער ענין המרכבה:

בשעת מ'איז א מרכבה צו אלקות, און מ'מאכט ניט קיין אייגענע חשבונות - איז אויב דער אויבערשטער הייסט גיין אין "מדבר שור", און גיין פון חודש ניסן אין חודש אייר - איז קיין נפק"מ ניט וואו מען גייט, ווארום מ'איז קיין מציאות ניט פאר זיך, און אויב רצון הקב"ה איז צו גיין אין "מדבר שור" - ווערט דאס דער רצון פון דער מרכבה.

ובפרט אז מ'איז א מרכבה בבחי' דומם, איז דעמולט האט מען בכלל ניט קיין רצון פאר זיך: די בהמות וואס פירן די מרכבה - זיינען טאקע בטל במציאות, אבער עפעס-וואס א רצון האבן זיי, ווי מ'זעט בפשטות אז זיי קענען ווערן ווילד וכיו"ב; משא"כ אבער די מרכבה אליין איז דאך א דומם, וואס האט קיין רצון ניט.

וכידוע אז אין מרכבה זיינען דא כמה דרגות: ס'איז דא מרכבה פון מלאכים, א מרכבה פון סוסים, א מרכבה פון חיות, ביז אז ס'איז דא א מרכבה וואס ווערט נשתלשל אין דומם.

און די מרכבה פון דומם איז אמיתית ענין המרכבה וואס איז אינגאנצן בטל במציאות, ווי דאס איז געווען בא די אבות, וכמבואר אין תניא[136] אז "כל אבריהם כולם היו קדושים ומובדלים מעניני עוה"ז ולא נעשו מרכבה רק לרצון העליון לבדו כל ימיהם".

ועד"ז איז געווען די דרגא פון מרכבה בא משה רבינו, וואס "משה משה לא פסיק טעמא בגווייהו"[137], אז ער איז אינגאנצן ניט געווען א מציאות פאר זיך,

וואס דערפאר איז בא משה ניט געווען ווי בא די אנדערע אידן (וואס זיי האט משה געדארפט צווינגען צו אוועקגיין פון ים סוף און גיין "אֶל-מדבר שור") - ווארום משה איז געווען א מרכבה בתכלית השלימות צו דעם רצון העליון, ובמילא בשעת ס'איז געווען דער רצון העליון צו איצטער גיין "אל מדבר שור", איז דאס בדרך ממילא געווארן רצונו של משה, אן קיין נפק"מ צי דאס איז "מדבר שור" אדער דאס איז דער ים סוף.

ובדוגמא ווי דאס איז געווען בא דעם אלטן רבי'ן[138], אז ערב שבת (פאר קבלת שבת) פלעג ער בדרך ממילא איינשלאפן - ווארום וויבאלד אז דעמולט איז געווען דער זמן פון דורמיטא למעלה[139], איז ביי אים בדרך ממילא אויך געווארן א דורמיטא,

- ער -

---

136) פכ"ג (כח, ב). 137) זח"ג קלח, א (וראה גם שם קפז, ב). 138) תו"ש ע' 13. 139) דאה תו"ש שם הע' 10.

ער האט ניט געדארפט אנקומען צו א פעולה ועבודה בזה;

משא"כ ר' הלל[139] האט געדארפט אנקומען צו אן אתעדל"ת און אן עבודה בכדי צו איינשלאפן.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו איבערגיין פון חודש ניסן צו חודש אייר, אז בשעת מ'שטייט אין א דרגא פון א מרכבה צום רצון העליון - גייט מען אוועק פון די גילויים אין חודש ניסן אריין אין חודש אייר, צו עובד זיין עבודתו בכל יום, וואס דוקא אין דעם איז דא דער עילוי פון "יפה שעה אחת בתשובה ומעשים טובים כו'".

און דעם כח לזה נעמט מען דערפון וואס נאך אין חודש ניסן איז מען מברך חודש אייר, מיט די אלע זעקס לשונות של ברכה, ביז מ'זאגט "ונאמר אמן", לשון אמת ואמונה[140].

כח. די הוראה דערפון בנוגע לפועל:

מ'קומט דאך איצטער פון חודש ניסן, א חודש מיט גילויים, וואס מ'האט זיך עוסק געווען אין מבצעים, ובפרט אין דעם מבצע פון "והשיב לב אבות על בנים"[141], ובכללות - איז דאס געווען יו"ט'דיקע מבצעים, ווארום מ'האט דאס פאר-בונדן מיט אלע גילויים פון דעם חודש, בכללות - מיט דעם יו"ט פון פסח:

מיט פארקויפן דעם חמץ, און מאכן א קערה, און עסן מצה און טרינקען פיר כוסות בא דעם סדר, און אוועקזעצן דעם קינד הויבן-אן באם טיש, און פרעגן די שאלות, און עסן קניידלעך, און טיילן "פרייזעס" וכו'.

בשעת מ'קומט אריין אין חודש אייר - וויל מען דאך אז מ'זאל ווייטער אנגיין מיט דעם מבצע פון "והשיב לב אבות על בנים" - גיט מען א פרעג:

מילא אין חודש ניסן וואס דעמולט זיינען געווען גילויים, ס'איז געווען דער יו"ט פסח - האט מען פארבונדן דעם מבצע "והשיב לב אבות על בנים" מיט מכירת חמץ וכו', מיטן סדר און טיילן "פרייזעס"; ווען עס קומט אבער חודש אייר איז דאך אין אים ניטא קיין יום מיוחד ווי חג הפסח - איז וואס זאל מען איצטער טאן בנוגע צו דעם מבצע פון "והשיב לב אבות על בנים"?!

וואס אע"פ אז אין חודש אייר איז דא פסח שני - איז דאס אבער נאר איין טאג, און עס זיינען ניטא קיינע מנהגים

- און -

------------

140) ראה אוה"ת עקב ע' תקיח. 141) מלאכי ג, כד.

און ענינים און פעולה מיוחדוה וואס מ'דארף טאן אין פסח שני, לבד זה וואס מ'זאגט דעמולט ניט קיין תחנון, וואס אפילו דאס איז נאר אין פסח שני אליין, און ניט אין דער מנחה פאר פסח שני[142].

און אע"פ אז ס'איז דא דער מנהג צו עסן מצה פסח שני - איז ערשטן'ס זיינען דא אזעלכע וואס עסן לכתחלה נאר חמץ און ניט קיין מצה, און אפילו די וואס עסן מצה איז דאס צוזאמען מיט חמץ, "חמץ ומצה עמו בבית"[143],

ונוסף לזה: יעדער איינער עסט די מצה ווען ער וויל: אדער בליל פסח שני, אדער ביום, אדער בין הערבים, און די וואס זיינען גאר מהדר - עסן אלע דריי מאל, און אויך אין דעם טאג פאר פסח שני און נאך פסח שני!

עכ"פ - אין פסח שני איז ניטא קיין סדר וואו מ'קען אוועקזעצן דעם קינד הויבן-אן און ער זאל פרעגן שאלות, ועד"ז עסט מען ניט קיין קניידלעך וכו' - איז אין וואס באשטייט דער מבצע "והשיב לב אבות על בנים" אין חודש אייר?

כט. ע"פ האמור לעיל בנוגע צו ענינו פון חודש אייר איז דאס פארשטאנדיק:

וויבאלד אז דער קינד קומט פון חג הפסח, און ער איז געזעסן באם סדר, און ער האט געפרעגט די שאלות, און מ'האט אים געענטפערט, ביז אז מ'האט געזאגט "ברוך אתה ה' כו' אשר גאלנו וגאל את אבותינו ממצרים והגיענו הלילה הזה כו'"[144], איז ער דאך זיכער א "בן חכם" -

במילא ווען עס רעדט זיך וועגן לערנען תורה און מקיים זיין מצוות אין חודש אייר, טוט ער דאס מיט דער גאנצער שלימות, און מ'דארף דאס גארניט באווארענען.

דער חידוש פון חודש אייר איז - אז אויך אין "כל יומא ויומא עביד עבידתי'"[145] פון דעם חודש, אין דעם טאג-טעגליכן לעבן פון דעם קינד, אין "כל מעשיך" און אין "בכל דרכיך" - זאל זיין אין אן אופן פון "לשם שמים", און "דעהו"[146].

ד.ה. אז ווען מ'קומט פון חודש ניסן אין חודש אייר, דארף מען מיטנעמען דעם מבצע "והשיב לב אבות על בנים" ווי דאס איז געווען אין חודש ניסן, און דאס ממשיך זיין אין

- דעם -

---

142) סידור אדה"ז שם. השלמה לשו"ע אדה"ז שם.
143) פסחים צה, רע"א במשנה. 144) ברכת "אשר גאלנו" בהגדה ש"פ. מפסחים קטז, ב. 145) זח"ג צד, ב. 146) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו. וראה רמב"ם הל' דעות ספ"ג. טושו"ע או"ח סרל"א.



הנחת הת' בלתי מוגה

דעם טאג-טעגליכן לעבן פון די קינדער אין חודש אייר.

און נאכמער: וויבאלד אז מ׳האט דעם ציווי פון "ילכו מחיל אל חיל", דארף מען מעלה זיין בקודש, און טאן אין דעם אין חודש אייר נאך מער ווי מ׳האט געטאן אין חודש ניסן.

ל. אין פשוט׳ע אותיות:

נאך דערויף וואס דער קינד לערנט תורה און ער וויל גיין שפילן "באל", און ער גייט טאקע שפילן "באל" - איז ניט דער דרך אז מ׳זאל אים שמייסן, ביז אז ער וועט ניט וועלן גיין שפילן "באל",

נאר דער דרך איז, ווי דער רמב"ם (וואס ער איז דער "מורה הנבוכים") זאגט[147], אז עס דארף זיין "חנוך לנער ע"פ דרכו"[148], און עס דארף זיין "ימין מקרבת"[149], טאקע מיט א שטרענגקייט אבער מיט "ימין מקרבת", ובלשון ווי דער רמב"ם איז דאס מסביר, אז מ׳גיט דעם קינד אגוזים און ממון וכו׳ בכדי אז ער זאל בעסער לערנען תורה.

ועד"ז בנוגע צו שפילן "באל": וויבאלד דער קינד וויל בטבע שפילן "באל", דארף מען אים מסביר זיין און פועל׳ן אויף אים, אז זיין שפילן "באל" גופא זאל זיין "לשם שמים".

און די הסברה אין דעדויף וואס מ׳זאגט דעם קינד איז - אז בכדי ער זאל שפעטער קענען נאך בעסער לערנען תורה, דארף זיין התעמלות הגוף; און ער דארף ארומלויפן.

וואס דערפאר איז מען ניט שולל דעם ענין פון שפילן "באל", נאר מ׳איז מסביר אז דאס גופא דארף זיין לשם שמים, ווארום אזוי ווי דער דאקטער האט געזאגט אז צוליב בריאות הגוף דארף מען ארומלויפן, דערפאר טוט ער דאס.

און די עלטערן איז מען מסביר, אז דאס איז אזוי ווי א "פיל", וואס בשעת איינעד דארף דערצו אנקומען, איז מען דאס ניט שולל פון אים נאר מ׳גיט דאס אים, אבער ביחד עם זה זאגט מען אז דאס איז ניט פאר אן איש בריא.

ועד"ז בנוגע צו דעם שפילן "באל" פון דעם קינד:

די כוונה איז טאקע אז ער זאל זיצן און לערנען תורה, וויבאלד אבער אז ער איז א קינד, און מצד קטנות הדעת שלו, אז עס פעלט אים אין שלימות, וויל ער שפילן "באל" - דערפאר

- דארף -

---

147) בפיהמ"ש לסנהדרין פ׳ חלק ד"ה וכת חמישית.
148) משלי כב, ו. 149) סוטה מז, א. סנהדרין קז, ב. הל׳ ת"ת לאדה"ז פ"ד סי"ז.

דארף מען אויף פועל׳ן אז דער שפילן "באל" גופא זאל זיין בכדי ער זאל דערנאך קענען לערנען תורה און מקיים זיין מצוות בעסער.

וואס דאס גופא (אז זיין שפילן "באל" איז אזוי ווי א "פיל") קען מען נאך ניט מסביר זיין דעם קינד, אבער אזוי דארף זיין דער צוגאנג צו דעם ענין.

און דוקא בשעת ס׳איז דא דער "חנוך לנער ע"פ דרכו", אז ניט מען איז שולל דאס וואס ער וויל שפילן "באל", נאר מ׳פועל׳ט בא דעם קינד אז דאס גופא זאל זיין לשם שמים - איז דעמולט "גם כי יזקין לא יסור ממנו"[149].

לא. נאך אן אופן ווי דער שפילן "באל" פון דעם קינד קען זיין לשם שמים, וואס דאס קען מען אויך מסביר זיין צו דעם קינד בפשטות:

מ׳איז מסביר צו דעם קינד, אז בשעת ער שפילט "באל" מיט א גוי, וויל ער טאקע אריינשלאגן דעם "באל" וואוהין מ׳דארף אים אריינשלאגן, און ער וויל מנצח זיין, איז אבער די כוונה פון דעם גוי - אז ער (דער גוי) זאל מנצח זיין; משא"כ די כוונה פון דעם אידיש-קינד איז - אז אידישקייט זאל מנצח זיין.

וואס דאס טוט ער אויף דורך דערויף וואס ער טראגט ציצית און עסט כשר, און פאר דעם וואס ער גייט שפילן דאווענט ער, און נאך דעם וואס ער איז מנצח - זאגט ער "ברוך ה׳" אז ער האט מנצח געווען.

וואס דערמיט באווייזט ער דעם גוי, און ער באווייזט דער וועלט, אז אע"פ וואס ער פירט זיך ווי א איד, איז דוקא ער דער וואס האט אריינגעשלאגן דעם "באל" אין דעם אדם וואו מ׳דארף אים אריינשלאגן, און דוקא ער איז מנצח,

ואדרבה, צוליב דעם גופא וואס ער האט זיך געפירט ווי א איד, דערפאר קען ער זיין דער בעססער אין שפילן "באל"!

וע"ד ווי דער רמב"ם[150] זאגט אז א "חכם" דארף זיין ניכר "במעשיו במאכלו ובמשקהו . . ובהילוכו כו׳".

וואס דאס טוט ער אויף דורך דערויף וואס ער באווייזט אז ער איז א "חכם", און פירט זיך ווי א אידיש-קינד דארף זיך פירן, וואס דעמולט איז - "ונתתי גשמיכם בעתם"[151] - מ׳גיט אים הצלחה אין אלע ענינים גשמיים מיט וועלכע ער

- פארנעמט -

------------

150) הל׳ יסוה"ת רפ"ה. 151) בחוקותי כו, ד.

פארנעמט זיך, כידוע דער פירוש אין חסידות[152] אויף "ונתתי גשמיכם בעתם", אז "גשמיכם" מיינט די "גשמיות".

וואס כאמור ראס קען מען מסביר זיין צו יעדן אידיש-קינד, ווי אזוי זיין שפילן "באל" קען זיין לשם שמים.

לב. און וויבאלד אז "והשיב לב אבות על בנים" - קומט דער קינד אהיים און זאגט זיין טאטע און מאמע, אז איידער די מאמע גייט ארויס "שאפינג" און דער טאטע גייט אין געשעפט, אדער טאן אן אנדער זאך אין וועלט, זאלן זיי מתפלל זיין צו דעם אויבערשטן, און זיך פירן ווי אידן דארפן זיך פירן - און דורך דערויף וועלן זיי זיכער מצליח זיין.

און במיוחד צו זיין טאטן זאגט ער, אז איידער ער גייט ארויס אין "הנהג בהן מנהג דרך ארץ" דארף ער גיין אין "ביהכ"נ", און "מביהכ"נ לביהמ"ד", לערנען א שיעור קבוע אין תורה - און דוקא דעמולט, ואדרבה, דורך דערויף וועט ער מצליח זיין אין געשעפט.

טענה'ט דער טאטע: ער האט דאך "קאמפעטישען" אין געשעפט, במילא דארף ער גיין וואס פריער אין געשעפט צו קענען מאכן מערער געלט - איז, וואו האט ער צייט צו גיין דאווענען אין ביהכ"נ און לערנען אין ביהמ"ד?!

זאגט אים דער קינד:

מה-דאך אז איך בין נאך פאר בר-מצוה, און בשעת איך פיר זיך ווי א איד דארף זיך פירן, איך טראג ציצית, און עס כשר, און זאג "ברוך ה'" - בין איך מנצח אין שפילן "באל" און אין ארייגשלאגן דעם "באל" אין דעם ריכטיקן ארט -

איז דאך עאכו"כ דו, וואס דו ביסט נאך בר-מצוה (און די מאמע - נאך בת-מצוה), ובמילא האסטו גרעסערע כחות, און דו דארפסט מצליח זיין אין נאך א גרעסערע זאך ווי שפילן "באל" - איז א זיכערע זאך אז אויב דו וועסט זיך פירן ווי א איד, גיין דאווענען און לערנען אינדערפרי פאר דעם וואס דו גייסט אין געשעפט - וועסטו זיכער מצליח זיין!

און אפילו אויב מ'זעט ניט אלעמאל אז מ'איז מצליח און מנצח - פארשטייט אבער דער קינד אז דאס איז דערפאר וואס "עוונותיכם היו מבדילים ביניכם לבין אלקיכם"[153]: וויבאלד אז ער האט פארפעלט א שורה אין דאווענען, אדער ער האט געטראכט וועגן דעם שפילן "באל" בשעת ער האט געזאגט "מודה אני" - דערפאר האט ער ניט מנצח געווען.

- ועד"ז -

---

152) ראה כש"ט סרנ"ו (לה, א). וראה רמב"ן עה"פ. וראה היום יום ס"ע צט. 153) ישעי' נט, ב.



הנחת הת' בלתי מוגה

ועד"ז בנוגע צו זיין פאטער, אז אויב ער איז ניט מצליח איז דאס דערפאר וואס ביי אים האט עפעס געפעלט בעבודתו.

לג. וויבאלד אז מ'רעדט וועגן שפילן "באל" - זיינען דאך דא אזוינע וואס תואנה הם מבקשים, וועלן זיי מסתמא שוין באלד אנהויבן שוקען זיך איינער צום צווייטן, און טענה'ן וכו': וואס הייסט אז מ'רעדט וועגן שפילן "באל", ובפרט ביום השבת וואס דער דין איז[154] אז "אסור לשחוק בכדור בשבת"?!

איז אזוי ווי יעדער ענין אין וועלט האט א מקור אין תורה, האט אויך דער ענין א מקור אין תורה:

תוספות זאגט אין ע"ז[155]: "העולם עגול, כדאיתא בירושלמי[156] שאלכסנדרוס מוקדון עלה למעלה (אויף א נשר[157]) עד שראה כל העולם ככדור", וואס דערפאר זיינען געווען אזוינע וואס האבן געדינט ע"ז צו א כדור, ווי די גמרא זאגט דארטן.

עד"ז שטייט אין זהר פ' ויקרא[158] אז "כל ישובא מתגלגלא בעיגולא ככדור", און ווי ער איז דארטן מבאר אין פשוט'ע אותיות, אז וויבאלד "כל ישובא מתגלגלא בעיגולא ככדור" דערפאר איז "אית אתר בישובא כד נהיר לאילין חשיך לאילין, לאילין יממא ולאילין ליליא כו'", כמבואר שם.

[וואס דערפון זעט מען אז אן ענין וואס איז ערשט נתגלה געווארן אין וועלט מיט עטליכע הונדערט יאר צוריק, בשעת מ'האט מגלה געווען אמעריקא - שטייט שוין אין זהר מיט א ריבוי זמן לפנ"ז (וואס דער זהר איז געווען בכתב-יד א ריבוי זמן פאר דעם גילוי פון אמעריקא), און עס שטייט דארטן מיט די פרטים הנ"ל און אין פשוט'ע אותיות וואס יעדערער קען דאס פארשטיין.

וואס עס זיינען דא אנדערע וואס שעמען זיך און ווילן מעלים זיין אז אין זהר שטייט דאס א סאך פריער פאר דעם וואס מ'האט דאס געוואוסט אין וועלט].

לד. ובעבודת האדם:

וויבאלד אז דער עולם איז א כדור - איז עפ"ז אז "גם את העולם נתן בלבם"[159], און ס'איז "בשבילי נברא העולם"[160] - איז פארשטאנדיק אז דעם "כדור" האט מען אפגעגעבן צו יעדן

- אידן -

---

154) שו"ע אדה"ז או"ח סש"ח ספ"ג. וש"נ. 155) מא, א ד"ה ככדור. 156) ע"ז פ"ג ה"א. 157) פני משה לירושלמי שם. 158) ת"ג י, א. 159) קהלת ג, יא. 160) סנהדרין לז, סע"א במשנה.



הנחת הת' בלתי מוגה

אידן, בכדי ער זאל איס אריינשלאגן אין "שער המלך".

דער אויבערשטער וויל דאך אבער ניט אז דאס זאל זיין "נהמא דכסופא" - דערפאר האט ער געמאכט אז ניט מ׳זאל אריינשלאגן דעם כדור העולם אין "שער המלך" אן קיינע מנגדים, נאר ער האט איינגעשטעלט אז עס זאל זיין "עומדים עלינו לכלותינו"[161], ד.ה. אז עס זאל זיין א מנגד וואס האלט מלחמה מיט דעם אידן, און וויל ניט דערלאזן אז ער זאל אריינשלאגן דעם "כדור" אין "שער המלך".

ואדרבה: ע"ד ווי דער איד וויל אריינשלאגן דעם "כדור" אין "שער המלך", עד"ז וויל דער צד שכנגד אריינשלאגן דעם "כדור" אין דעם צווייטן שער, אין "פחתה של גיהנם", וואס דאס איז ניט א "פחת" וואס איז ערגעץ-וואו, ניט לעבן דעם "שער המלך" שבקדושה - נאר ווי די גמרא[162] זאגט אז "פחתה של גיהנם" איז "בירושלים", ניט אין חוץ לארץ, חוץ פון "ירושלים - יראה שלם"[163], "שלימות היראה".

קומט דאך אויס אז דער צד הימין וויל אריינשלאגן דעם "כרור" אין "שער המלך", און דער צד השמאל, וואס איז מנגד צו דעם צד הימין, וויל אריינשלאגן דעם "כדור" אין "פחתה של גיהנם".

און דוקא דער מנגד רופט ארויס די מדת הנצחון בא דעם אידן, וכמבואר אין דעם המשך ההילולא[164] אז מדת הנצחון דערגרייכט אין טיפעניש פון עצם הנפש, ווי דאס איז ביי א מלך בו"ד אז בשעת א מלחמה איז ער מבזבז אלע אוצרות בכדי צו מנצח זיין די מלחמה,

וואס ע"ד ווי דאס איז ביי א מלך בו"ד, עד"ז איז דאס אויך למעלה בא דעם אויבערשטן כביכול,

און דערפון ווערט דאס נשתלשל אז אזוי זאל אויך זיין ביי א אידן בעבודתו, אז דוקא ווען ס׳איז דא א מנגד וואס שטערט אים, ברענגט דאס ביי איס ארויס מדת הנצחון אויף אריינשלאגן דעם "כדור" אין "שער המלך".

וואס דערפאר ווערט דאס אזוי אויך נשתלשל אין דעם שפיל פון "פוט-באל" (כדור רגל), אז דאס איז ניט א שפיל וואס נאר איין זייט שפילט אליין, נאר ס׳איז אויך דא א צד שכנגד, וואס וויל ניט דערלאזן אז מ׳זאל אריינשלאגן דעם

- כדור -

---

161) הגש"פ פיסקא "והיא שעמדה". 162) עירובין יט, א. 163) ב"ר פנ"ו, י. הוד"ה הר - תענית כז, א. וראה לקו"ת ד"ה ס, ב. סה"מ קונטרסים ח"א לו, א. 164) ד"ה באתי לגני ה׳שי"ת פי"א. פי"ס.

כדור אין דעם שער, און דער צד שכנגד וויל אריינשלאגן דעם כדור אין א צווייטן שער.

[ס'איז אבער פארשטאנדיק אז אין עבודת האדם האט מען אויך דעם "הקב"ה עוזרו" [165] צו מנצח זיין דעם מנגד].

און דער מנגד ברענגט ארויס מדת הנצחון בא דעם אנדער צד, און צוליב דער מדת הנצחון וויל יעדער זייט געווינען, און אין דעם באשטייט דער תוכן פון דעם גאנצן שפיל - צו ארויסברענגען די מדת הנצחון וואס איז דא בא יעדערן.

וואס דערפאר איז דער שפיל ניט פארבונדן מיט דעם עניין הממון, דאס וואס מ'צאלט געלט איז מערניט בכדי אז מ'זאל האבן מענטשן וואס זאלן אפגעבן צייט צו זיך לערנען דאס, און אז זיי זאלן דאס וועלן טאן - אבער דער עצם שפיל און דאס וואס ער וויל מנצח זיין איז ניט צוליב די געלט וואס ער וועט באקומען, נאר צוליב מדת הנצחון וואס איז ביי אים דא.

לה. און וויבאלד אז מ'האט צוטאן מיט א מנגד, איז ניט מספיק אז מ'זאל גיין ביסלעך-ווייז, פאמעלעך, נאר מ'דארף גיין אין אן אופן פון דילוג און שפרינגען און לויפן, ווארום אויב ער וועט זיך אפשטעלן וועט ער ניט קענען מנצח זיין.

און די עבודה באשטייט ניט מיטן מוח שבראש אדער רגש שבלב - נאר מיט דעם רגל; וואס עס דארף טאקע זיין "מוח שליט על הלב"[166], ביז אז דאס פירט אן מיטן רגל - אבער דער עיקר העבודה איז מיטן רגל.

און דוקא דורך דערויף איז א איד מנצח דעם מנגד צו אריינשלאגן דעם כדור העולם אין דעם "שער המלך".

לו. וויבאלד אז מ'לעבט אין אן עולם חשוך - דארף מען אלץ באווארענען:

די כוונה פון המדובר לעיל איז ניט אז ווען עס קומט היינט ביינאכט זאל מען גיין נאכפרעגן זיך ווי צו שפילן "פוט-באל" (ניט-אום-שבת-גערעדט), און אויב איינער טוט אזוי איז ער א קטן בדעת און א טפש שבטפשים - ווארום אויב מ'קען אויסנוצן די צייט אויף לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, און אנשטאט דעם גייט מען שפילן "באל" - איז דאס די גרעסטע טפשות, כמובן בפשטות,

- נאר -

------------

165) ראה קידושין ל, ב. סוכה נב, ריש ע"ב. 166) תניא פי"ב (יז, א). מזח"ג רכד, סע"א.

נאר די כוונה פון די רייד איז - אז אזוי ווי ט האט צוטאן מיט קינדער, וואס פארשטייען נאך ניט דעם יוקר אז מ'דארף כסדר לערנען תורה, און זיי גייען שפילן "באל" - דארף זיין דער "חנוך לנער ע"פ דרכו" און "ימין מקרבת", און די מחנכים דארפן נוצן די ריכטיקע ווערטער ווי צו מסביר זיין צו דעם קינד ווי ער קען דאס אויך טאן לשם שמים.

[און מסתמא וועלן די מחנכים און מחנכות, מדריכים און מדריכות - נעמען פון דאס אויבנגערעדטע און אדיינלייגן אין אותיות מתאימות ובסגנון ברור פאר קינדער].

וואס בשעת מ'איז מחנך א קינד "ע"פ דרכו", אז אפילו ווען ער שפילט "באל" פועל'ט מען אז דאס זאל זיין לשם שמים - איז "גם כי יזקין לא יסור ממנו".

ועד"ז אויב איינער האט בפועל געשפילט "באל" - זאגט מען אים אז ער קען נוצן די כחות וואס ער האט אויף שפילן "באל" אויף לימוד התורה.

ווי מ'זעט דאס בפועל, אז כמה פון אזעלכע וואס האבן גענוצט זייערע כחות אויף שפילן אין די ענינים, און זיי האבן זיך אין דערויף אויסגעצייכנט און געהאט גרויס הצלחה - זיינען זיי דערנאך געווארן יראי שמים און לומדים, און אפילו חסידים.

וואס דער טעם לזה איז - אז אויך פון שפילן "באל" קען מען צוקומען צו דער מעלה פון א בע"ת, וואס דאס איז דער ענין פון "מיני' ובי' אבא לישדי בי' נרגא"[167].

לז. דאס איז אבער נאר בנוגע צו'איינעם וואס איז דארטן געווען לכתחלה, דערפאר וואס בעסער האט ער ניט געוואוסט;

בשעת עס קומט אבער צו א איד וואס ווייסט די יקרות פון זיצן און לערנען תורה און מקיים זיין מצוות - איז ניט דער דרך אז ער זאל גיין שפילן "באל", און דערנאך צוקומען צו דער מעלה פון א בעל תשובה.

וואס לכאורה קען דאך איינער טאקע קומען און טענה'ן אז ער וויל האבן מעלת הבע"ת, ובמילא וויל ער טאן א חטא ח"ו, און צוקומען צו דער מעלה,

און בשעת מ'זאגט אים אז ער קען האבן די מעלה פון תשובה ווי דער אלטער רבי איז דאס מבאר[168] - זאגט ער אז דאס וויל ער ניט, ער וויל האבן תשובה כפשוטה!

- ד.ה. -

------------

167) סנהדרין לט, ב. תניא רפל"א. 168) ראה לקו"ת ר"פ האזינו. ובכ"מ.

ד.ה. אז ער וויל טאן אן עבירה לשמה - ניט צוליב דער עבירה, נאר צוליב מעלת התשובה וואס דאס וועט דערנאך ברענגען!

זאגט מען אים: "האומר אחטא ואשוב" איז היפך הכוונה, און היפך פון גאנץ תומ"צ[169].

וואס די ראי׳ אז דאס איז "אחטא" איז - דערפון וואס דורך זיין גיין שפילן "באל" איז ער מבטל פון זמן לימוד התורה.

ס׳איז מערניט אז בשעת מ׳האט צוטאן מיט א קינד (כפשוטו, אדער א קינד בידיעות) וואס פארשטייט נאך ניט יקרות התורה, ובמילא וויל ער שפילן "באל", דארף מען אים מחנך זיין "ע"פ דרכו", און אים אנווייזן ווי ער קען שפילן "באל" לשם שמים,

און דערנאך א טאג שפעטער קען מען אים מסביר זיין דעם רמז אין עבודת האדם וואס איז דא אין שפילן "באל",

און דורך דערויף ברענגט מען אים צו-ביסלעך צו פאר-שטיין אז דער תכלית פון זיין שפילן "באל", און פון אלע זאכן מיט וועלכע ער באשעפטיקט זיך, איז - בכדי צו לערנען תורה און מקיים זיין מצוות.

לח. און בכדי צו מסביר זיין ווי דער ענין פון שפילן "באל" האט אן ארט אין תורה - האט מען פריער גערעדט אז ערשטן׳ס געפינט מען דעם ענין פון "באל" באופן שלילי אין תורה - אז "אסור לשחק כדור בשבת".

דערנאך נאך העכער געפינט מען דאס בנוגע צו ע"ז - אז ס׳איז אסור צו מאכן אן ע"ז פון א כדור.

און נאך העכער געפינט מען דעם ענין פון א כדור אין קדושה:-

מ׳גיט יעדן אידן אף דעם כדור העולם, וואס ער איז פארבונדן מיט דעם ענין פון מקיפים, אופן בתוך אופן, גלגל בתוך גלגל, כדור בתוך כדור.

און אזוי ווי "אני נבראתי לשמש את קוני"[170] - איז די כוונה צו אריינשלאגן דעם "כדור" ניט נאר אין עולם היצירה, "ברוך יוצרך", און ניט נאר אין עולם הבריאה, "ברוך בוראך" - נאר אין עולם האצילות, "ברוך קונך"[171].

- אבער -

------------

169) ראה יומא פה, ב במשנה. 170) קידושין בסופה. 171) ראה המשך תרס"ו ס"ע קס ואילך. ובכ"מ.

אבער וויבאלד אז עס זיינען דא מסכים און פרסאות צווישן עולם העשי' און עולם האצילות - דערפאר דארף די עבודה זיין אין אן אופן פון דילוג, איבערשפרינגען די אלע מסכים ופרסאות און אריינשלאגן דעס כדור העולם, סיי כדור העולם קטן, און סיי כדור העולם גדול, אין "שער המלך", אין אצילות.

לס. כל האמור לעיל איז פארבונדן מיט דער הוראה וואס מ'נעמט ארויס דערפון וואס מ'גייט איבער פון חודש ניסן אין חודש אייר - אז עס דארף זיין די עבודה פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים".

און דעס כח דערצו נעמט מען דערפון וואס נאך אין חודש ניסן איז מען מברך חודש אייר, מיט די אלע ו' לשונות של ברכה.

און דעמולט האט מען דעס כח צו טאן די עבודה אין חודש אייר בשלימות, וואס בכללות איז דאס אויך פארבונדן עס המבואר אין די מאמרים[172] אז חודש ניסן איז פארבונדן מיט דער עבודה פון אתכפיא, כמ"ש[173] "כי ברח העם", און חודש אייר איז פארבונדן מיט דער עבודה פון אתהפכא, וואס דאס איז תכלית השלימות פון עבודה.

און די עבודה פון אתהפכא אין חודש אייר ווערט א הכנה צו ביאת משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין דער תכלית השלימות פון אתהפכא.

און דאס איז מען ממשיך נאך פאר דעם "יום ה' הגדול והנורא"[174], דורך דערויף וואס מ'טוט אין דעם ענין שהזמן גרמא, אויפטאן דעם "והשיב לב אבות על בנים",

וואס די עבודה פון די קינדער ברענגט די גאולה, ווי ישעי' האט געזאגט[175] "הילדים אשר נתן לי ה'" וועלן זיין "לאותות ולמופתים בישראל", ביז אז מ'רעכנט אוים[176] די נעמען פון די דריי קינדער, "מהר שלל", "חש" און "בז".

ועד"ז איצטער, דורך דער עבודה פון "והשיב לב אבות על בנים" נאך אין זמן הגלות, וועט דאס ברענגען דעם "יום ה' הגדול והנורא", און דערנאך די גאולה האמיתית והשלימה, ע"י משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש, ובעגלא דידן.

* * *

- מ. -

---

172) אוה"ת בהעלותך ע' שסז-שסח. וראה גם לקו"ת במדבר ג, א. 173) בשלח יד, ה. וראה תניא פל"א (מ, ב). לקו"ת ויקרא ג, א. 174) ל' הכתוב - מלאכי שם, כג. 175) ישעי' ח, יח. 176) ישעי' שם, ג. וראה פרש"י ומצו"ד עה"פ.

מ. מאמר (כעין שיחה) ד"ה ויהי ביום השמיני גו׳.

* * *

מא. ס׳איז דאך דגיל צו אפלערנען א פירוש רש"י פון פרשת השבוע, וועט מען זיך שטעלן אויף פרש"י אין קאפיטל ט פסוק כג.

וואס דעם צווייטן ד"ה האט מען שוין אמאל מבאר געווען, און דאס איז שוין אויך אפגעדרוקט[177], וועט מען דאס ניט איבער׳חזר׳ן נאכאמאל, און מ׳וועט נאר מבאר זיין דעם ערשטן ד"ה.

עד"ז אין אן ענין אין די הערות אויפן זהר פון פרשה זו, וועט מען זיך שטעלן אויף א הערה אויפן זהר גלייך בריש הפרשה.

עד"ז אין די שבתות וואס מ׳לערנט פרקי אבות, איז מען מבאר א משנה פון פרקי אבות, וואס בשבוע זה לערנט מען דעם ערשטן פרק, איז די ערשטע משנה האט מען שוין מבאר געווען - וועט מען זיך שטעלן אויף דער צווייטער משנה, וואס איז א משנה בלתי מובנת לגמרי.

מב. וויבאלד אז דער פרש"י איז באריכות, וועט מען אנהויבן פון די הערות אויפן זהר.

אין זהר ריש פרשתנו[178] שטייט "ויהי ביום השמיני וגו׳ ר׳ יצחק פתח ברן יחד כוכבי בוקר ויריעו כל בני אלקים"[179].

שטעלט ער זיך אויף דערויף אין די הערות[180] און ער איז מבאר די שייכות הפתיחה פון "ברן יחד כוכבי בוקר ויריעו כל בני אלקים" מיט "ויהי ביום השמיני וגו׳",

אז "ויהי ביום השמיני הי׳ אש, שירד האש שלמעלה", וואס דאס איז דער ענין פון חסד, און דערנאך שטייט אין דער פרשה[181] "ממיתת בני אהרן נדב ואביהוא מפני שהקריבו אש זרה, בחי׳ גבורות".

ועד"ז איז "ברן יחד כוכבי בוקר" דער ענין פון חסד, ע"ד "ויהי ביום השמיני", און "מה שמתו אז נדב ואביהוא, שהם בחי׳ גבורות, הוא כמו וע"ד ויריעו כל בני אלקים, שנשברו הגבורות והדינין".

ער ברענגט אבער ניט אין דער הערה דאס וואס די גמרא

- זאגט -

---

177) ראה לקו"ש חי"א ע׳ 169 ואילך. 178) ח"ג לה, ב. 179) ל׳ הכתוב - איוב לח, ז. 180) לקוטי לוי"צ לזח"ג ע׳ רסז ואילך. 181) י, א ואילך.

ואגט איך חולין[182] אויפן פסוק "ברן יחד כוכבי בוקר וגו׳", אז "ברן יחד כוכבי בוקר" גייט אויף שירת ישראל למטה בכל בוקר, און "ויריעו כל בני אלקים" גייט אויף שירת המלאכים למעלה.

וואס וויבאלד אז די ביידע פירושים (פון דער הערה און פון דער גמרא) זיינען אין דעם זעלבן פסוק, האבן זיי צווישן זיך א שייכות[183] - דארף מען פארשטיין די שייכות ביניהם.

וואס דאס איז ער ניט מבאר אין דער הערה, פארלאזנדיק זיך אז מ׳וועט דאס אליין פארשטיין.

וכפי שיתבאר לקמן.

מג. בנוגע צו פרקי אבות - שטייט אין פ"א מ"ב: "שמעון הצדיק הי׳ משירי כנסת הגדולה, הוא הי׳ אומר על שלשה דברים העולם עומד, על התורה ועל העבודה ועל גמילות חסדים".

איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

ווי קען שמעון הצדיק זאגן אז די וועלט וואס דער אויבערשטער האט באשאפן מיט די עשרה מאמרות קען ניט שטיין, און בכדי זי זאל שטיין - דארף זי אנקומען צו תורה עבודה און גמילות חסדים?!

אפילו אויב מ׳וואלט געזאגט אז דער אויבעדשטער האט סתם אזוי באשאפן די וועלט, קען מען אויך ניט זאגן אז די וועלט קען ניט שטיין; איז עאכו"כ בשעת מ׳זאגט אז דער אויבערשטער האט באשאפן די וועלט מיט די עשרה מאמרות!

די קשיא ווערט נאך שטארקער:

באם סוף פון יעדן טאג פון ששת ימי בראשית שטייט "וירא אלקים כי טוב",

ד.ה. אז ניט נאר איז יעדער טאג פון דער בריאה (און די נבראים וואס זיינען באשאפן געווארן אין דעם טאג) געווען בקיום, ווי א געזונטע זאך, א זאך וואס דארף זיין - נאר דאס איז אויך געווען אין אן אופן פון "טוב" -

איז ווי קען מען זאגן אז די וועלט איז ניט "עומד" אן תורה עבודה וגמילות חסדים?!

און אפילו בנוגע צו יום השני דמעשה בראשית וואס דעמולט שטייט ניט "וירא אלקים כי טוב" - זאגט אבער רש"י[184]

- אז -

---

182) צא, ב. 183) ראה לקו"ש ח"ג ע׳ 782. ובכ"מ.
184) עה"פ בראשית א, ז.

אז דערפאר איז ביום שלישי דמעשה בראשית "כפל בו כי טוב" שני פעמים.

ונוסף לזה: דער טעם פארוואס עס שטייט ניט "כי טוב" ביום שני איז ניט דערפאר וואס עס האט געפעלט תורה עבודה וגמ"ח - נאר דערפאר וואס "בו נבראת מחלוקת"[185].

מד. דערנאך קומט צו די קלאץ-קשיא וואס דער בן עשר למשנה פרעגט:

אויב "על שלשה דברים העולם עומד על התורה ועל העבודה ועל גמ"ח", זיינען דאך די דריי ענינים געגעבן געווארן ערשט בא מ"ת - איז ווי איז די וועלט געשטאנען מערער ווי צוויי טויזנט יאר ביז מ"ת?!

אפילו אז מ'וועט פארענטפערן בדוחק, אז אויך פאר מ"ת איז געווען דער ענין התורה, כמרז"ל[186] "אברהם אבינו זקן ויושב בישיבה הי'", ועוד,

ביז אז אויך לפנ"ז, בא אדה"ר, איז געווען דער ענין התורה, און אויך דער ענין פון "עבודה" (קרבנות[187]), כמרז"ל[188] אז "אדם העלה שור ע"ג המזבח" וואס "קרן אחת היתה לו במצחו שנאמר[189] ותיטב לה' משור פר מקרין מפריס"[190], און אויך דער ענין פון גמ"ח, וואס דאס איז פון די מצוות וואס ב"נ זיינען אין דערויף מחוייב[191],

ביז אז עס שטייט אין פרדר"א[192] אז אדה"ר האט מקיים געווען אלע מצוות, ועד"ז ברענגט חסידות דעם טייטש[193] עה"פ[194] "ויניחהו בג"ע לעבדה ולשמרה", "לעבדה אלו רמ"ח מ"ע ולשמרה אלו שס"ה מל"ת" -

איז אבער אדה"ר באשאפן געווארן ביום הששי למע"ב, און אין יום הששי גופא כמה שעות אין טאג[195] - איז ווי איז די וועלט געשטאנען פינף טעג מיט כמה שעות פון יום ו' ביז אדה"ר איז באשאפן געווארן?!

מה. אויך דארף מען פארשטיין:

- דער -

---

185) ב"ר פ"ד, ו. וראה זח"א מו, א. 186) יומא כח, ב.
187) רע"ב, ועוד לאבות כאן. 188) ויק"ר פ"ב, י.
189) תהלים סט, לב. 190) שבת כח, ב. 191) סנהדרין נז, ב.
192) פי"ב. וראה פי' הרד"ל שם סק"י. 193) ראה יל"ר עה"פ בראשית ב, טו. זח"ב קסה, ב. תקו"ז תכ"א קרוב לסופו (סב, סע"א). ובכ"מ. 194) בראשית שם. 195) ראה סנהדרין לח, ריש ע"ב. פרדר"א פי"א (וש"נ בביאור הרד"ל ס"ק לד).



הנחת הת' בלתי מוגה

דער ענין פון פרקי אבות איז - מילי דחסידותא, ווי די גמרא[196] זאגט (לויט איין דעה) אז "האי מאן דבעי למהוי חסידא" זאל ער מקיים זיין "מילי דאבות".

ד.ה. אז פרקי אבות איז ניט קיין ענין פון דינים, אז אזוי דארף זיך יעדערער פירן, נאר דאס איז אן ענין פון לפנים משורת הדין, און הידודים -

איז ווי שטעלט מען אריין אין פרקי אבות א משנה אז "על שלשה דברים העולם עומד, על התורה ועל העבודה ועל גמ"ח": אפילו צוליב פקו"נ פון איין אידן שטייט בפירוש אין שו"ע[197] אז מ'שטעלט איין הכל; איז דאך עאכו"כ בנוגע צו דער עמידה פון דער גאנצער וועלט, האט מען זיכער געדארפט דאס ארייננשטעלן אלס א הקדמה צו גאנץ תורה שבע"פ, אז מ'זאל וויסן זיין אז דוקא דורך תורה עבודה און גמ"ח איז "העולם עומד"?!

און ניט ארייננשטעלן דאס אין פרקי אבות, וואס דאס מיינט צו זאגן אז אויב מ'וויל מהדר זיין און זיך פירן לפנים משורת הדין - זאל מען וויסן אז "העולם עומד" אויף תורה עבודה און גמילות חסדים!

וכפי שיתבאר לקמן.

מו. בנוגע צו פרש"י - שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער "ויבא משה ואהרן וגו'" (ד.ה. אויף אלע ווערטער פון פסוק), און פרעגט: "למה נכנסו"? און ער איז מפרש: "מצאתי בפ' מילואים בברייתא הנוספת על תו"כ שלנו, למה נכנס משה עם אהרן ללמדו על מעשה הקטורת, או לא נכנס אלא לדבר אחר, הריני דן ירידה וביאה טעונות ברכה, מה ירידה מעין עבודה אף ביאה מעין עבודה, הא למדת למה נכנס משה עם אהרן ללמדו על מעשה הקטורת",

דערנאך זאגט רש"י א צווייטן פירוש: "ד"א כיון שראה אהרן שקרבו כל הקרבנות ונעשו כל המעשים ולא ירדה שכינה לישראל הי' מצטער ואמר יודע אני שכעס הקב"ה עלי ובשבילי לא ירדה שכינה לישראל, אמר לו למשה, משה אחי כך עשית לי שנכנסתי ונתביישתי, מיד נכנס משה עמו ובקשו רחמים וירדה שכינה לישראל".

דארף מען פארשטיין:

א) פאדוואס ברענגט רש"י צוויי פירושים?

וכמדובר כמ"פ אז ווען רש"י ברענגט צוויי פירושים

- (און) -

---

196) ב"ק ל, א. 197) או"ח סשכ"ט ס"ב. שו"ע אדה"ז שם.

(און ער איז ניט מקדים אז אין דעם ענין זיינען דא צוויי פירושים) - איז דאס דערפאר וואס דער ערשטער פירוש איז ניט גלאטיק, וואס דערפאר דארף מען האבן א צווייטן פירוש וואס פאדערעפערט די ניט גלאטקייט; אבער לאידך איז דער צווייטער פירוש אויך ניט גלאט, ואדרבה ס׳איז נאך ווייטער פון פשש"מ ווי דער ערשטער פירוש, וואס דערפאר קומט ער אלס צווייטער פירוש.

ב) די שאלה פון רש"י אויף דעם פסוק איז - "למה נכנסו" לשון רבים, ד.ה. אז די שאלה איז סיי בנוגע צו משה און סיי בנוגע צו אהרן;

משא"כ אין דער "ברייתא הנוספת על תו"כ שלנו" (וואס רש"י ברענגט) איז דער לשון "למה נכנס משה עם אהרן", ד.ה. אז בנוגע צו אהרן איז פארשטאנדיק פארוואס ער איז נכנס, די שאלה איז מערניט ווי בנוגע צו משה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אין <u>פשש"מ</u> איז די שאלה אויף משה און אהרן, משא"כ אז מ׳לערנט ניט ע"ד הפשט איז די שאלה מערניט ווי בנוגע צו משה.

ג) דערפון וואס רש"י זאגט "מצאתי בפ׳ מילואים בברייתא הנוספת על תו"כ שלנו", איז פארשטאנדיק אז רש"י וויל דא שולל זיין א צווייטן מקור,

און ווי מ׳געפינט אז דער ענין שטייט טאקע אויך אין ירושלמי יומא[198] - דארף מען פארשטיין פארוואס איז דאס רש"י שולל.

ד) רש"י איז מעתיק אויך די הו"א וואס שטייט אין תו"כ, "או לא נכנס אלא לדבר אחר", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אין פשש"מ (נוסף לזה אז אזוי איז דאס ע"ד הדרש) איז ניט אזוי גלאטיק צו לערנען אז "נכנס משה עם אהרן ללמדו על מעשה הקטורת", וואס דערפאר איז דא א הו"א צו טייטשן באופן אחר, ס׳איז מערניט אז וויבאלד "הרֵיני דן ירידה וביאה וכו׳", דערפאר איז מען מפרש אז "נכנס משה עם אהרן ללמדו על מעשה הקטורת".

דרך אגב:

מ׳קען זאגן אז דער בחור-הזעצער האט געמאכט א טעות און אריינגעשטעלט דעם מספר הפסוק (כג) צווישן אונזער רש"י און די פריערדיקע רש"י, און באמת דארף אונזער רש"י קומען בהמשך אחד צו דעם וואס רש"י שרייבט לפנ"ז "וירד",

- ד.ה. -

---

198) פ"א ה"א.

ד.ה. אז מ׳דארף דאס ליינען: "וירד ויבא גו׳", און "מעל המזבח" איז א מאמר המוסגר.

וואס עפ"ז איז מערער פארשטאנדיק וואס רש"י שרייבט דערנאך "הריני דן ירידה וביאה כו׳".

מז. אויך דארף מען פארשטיין אין דעם פירוש רש"י:

אין פ׳ פקודי[199] שטייט "ויקטר עליו קטורת סמים גו׳", און רש"י זאגט: "שחרית וערבית כו׳",

וואס דאס גייט בפשטות אויף משה רבינו אז ער האט מקטיר געווען קטורת, ווארום דער פסוק קומט בהמשך צו די אלע פסוקים שלפנ"ז וואס רעדן זיך וועגן דעם וואס משה האט געטאן.

און אע"פ אז ס׳איז דא א גירסא אין רש"י "ויקטר עליו אהרן" – זאגט אבער דער רמב"ן[200] אז "לא ידעתי אם הוא טעות סופרים", ווארום ע"פ שיטת רש"י האט משה געטאן אלע ענינים, חוץ פון די ענינים וואס שטייען בפירוש אין פסוק אז אהרן האט זיי געטאן[201], און מ׳געפינט ערגעץ ניט אז אהרן זאל נצטווה ווערן אויף מקטיר זיין קטורת, ניט אין פ׳ תצוה, ניט אין פ׳ צו וכו׳.

וואס עפ"ז איז ניט פארשטאנדיק וואס רש"י שרייבט אין אונזער פסוק "למה נכנס משה עם אהרן ללמדו על מעשה הקטורת"[202]:

וויבאלד אז משה האט מקטיר געווען קטורת שוין פון פריער, כנ"ל, איז פונקט ווי משה האט פריער אויסגעלערנט אהרן ווי צו מקריב זיין דעם קרבן חטאת און דעם קרבן עולה און דעם קרבן שלמים – האט ער אים אויך געדארפט אויסלערנען ווי צו מקטיר זיין קטורת – פארוואס האט ער געווארט ביז נאך דעם סיום פון אלע ענינים דאס צו אים אויסלערנען?!

מח. מפרשים[203] זאגן אז אזוי ווי עס שטייט[204] "וכל אדם לא יהי׳ באוהל מועד" בשעת מ׳איז מקטיר קטורת, האט אהרן ניט געקענט זיין בשעת מעשה ווען משה האט מקטיר געווען קטורת – דערפאר האט משה אים שפעטער געדארפט אויסלערנען באזונדער מעשה הקטורת.

מ׳קען אבער אזוי ניט לערנען אין פשש"מ, ווארום:

א) "וכל אדם לא יהי׳ באוהל מועד גו׳", ווערט דער בן

- חמש -

---

199) מ, כז. 200) עה"פ. 201) ראה פרש"י עה"פ שם, כט.
202) ראה רא"ם כאן. 203) עזרת כהנים לתו"כ כאן. וראה גם משכיל לדוד עה"פ. 204) אחרי טז, יז.

חמש למקרא ערשט לערנען אין פ׳ אחרי, און מ׳דארף אנקומען צו תושבע"פ צו וויסן אז דאס גייט אויף מעשה הקטורת[205], און רש"י איז דאס בכלל ניט מרמז דא.

ב) דער בן חמש למקרא פארשטייט אז מ׳דארף ניט זעהן מעשה הקטורת בכדי צו זיך אויסלערנען ווי דאס צו טאן - ווארום אויב יע, איז ווי האט משה געוואוסט מעשה הקטורת, עס שטייט ערגעץ ניט אז דער אויבערשטער האט אים באוויזן ווי מ׳איז מקטיר קטורח למעלה!.

נאר ס׳איז פארשטאנדיק אז אזוי ווי מעשה הקטורת באשטייט ניט פון אזוי פיל פרטים, קען מען דאס איבערגעבן בדיבור.

איז עד"ז, פארשטייט דער בן חמש למקרא, האט משה איבער-געגעבן מעשה הקטורת צו אהרן.

און ווי מ׳האט שוין געלערנט אין פ׳ כי תשא[206] "כיצד סדר המשנה, משה הי׳ לומד מפי הגבורה, נכנס אהרן שנה לו משה פרקו כו׳", איז עד"ז פארשטאנדיק אז וועו משה האט געהערט פון דעם אויבערשטן ווי עס דארף זיין מעשה הקטורת האט ער דאס דערנאך געלערנט מיט אהרן, אבער מ׳מוז ניט זאגן אז משה איז אריין אין אוהל מועד דאס צו באווייזן אהרן.

עס זיינען דא מפרשים וואס זאגן אז אזוי ווי חפינת הקטורת איז אן עבודה קשה - דערפאר האט משה געדארפט באווייזן אהרן ווי דאס צו טאן אין אוהל מועד.

אבער דאס איז אויך קיין הכרח ניט - ווארום ער האט דאס אים געקענט באווייזן אין דער עזרה, אדער אפילו בחוץ.

וואס ע"פ כל זה איז ניט פארשטאנדיק דאס וואס רש"י זאגט דא "למה נכנס משה עם אהרן ללמדו על מעשה הקטורת", כנ"ל.

און דאס דארף זיין פארשטאנדיק אין פרש"י גופא, אדער עפ"ז וואס דער בן חמש למקרא האט פריער געלערנט, און רש"י קען זיך ניט פארלאזן אויף מפרשים וואס זיינען געשריבן געווארן א משך זמן נאך רש"י - ווארום רש"י לערנט מיט א בן חמש למקרא אין זיין צייט.

וכפי שיתבאר לקמן.

מט. א הוראה וואס מ׳נעמט ארויס פון דעם צווייטן פירוש אין רש"י:

- ס׳איז -

------------

205) ראה יומא מד, א. 206) לד, לב בפרש"י.

ס׳איז מבואר אין שיחות, ביז אויך אין כמה מאמרים, אנהויבנדיק פון די מאמרים קצרים פון דעם אלטן רבי׳ן, אז ס׳איז דא אמאל ווען א איד טענה׳ט אז ער האט געטאן עבודתו בשלימות, לפי הכחות שלו, וואס מערער פאר דעם מאנט מען פון אים ניט, און אעפ"כ בלייבט ער במעמדו ומצבו ווי פריער - ער זעט ניט קיין הצלחה אין זיין עבודת ה׳, ביז - אז ער דעט גאר אוים היינט פונקט ווי נעכטן.

און ניט דער פירוש אז ער וויל ניט טאן בשלימות - נאר ער טענה׳ט: אדרבה, אויב עס פעלט אים עפעס בעבודתו זאל מען אים זאגן וואס - וועט ער דאס טאן!

האט מען די הוראה פון אהרן, וואס ביי אים איז אויך געווען אזוי: "קרבו כל הקרבנות ונעשו כל המעשים", און ווי דער פסוק [207] איז מעיד "ויעש אהרן ובניו את כל הדברים אשר צוה ה׳ ביד משה", און אעפ"כ איז "לא ירדה שכינה לישראל".

איז וואס האט ער געטאן - ער איז געגאנגען צו שלוחו של הקב"ה, משה רבינו, וואס ענינו איז תורה, און ער האט אים געזאגט אז "נתביישתי" - און דעמולט איז "מיד נכנס משה עמו ובקשו רחמים וירדה שכינה לישראל":

אויב איינער טוט עבודתו בשלימות און ער בלייבט במצבו וואו ער איז פריער געשטאנען - דארף ער צוקומען צו דעם עניין התורה, און ער דארף מתפלל זיין, און אויב ער איז באמת מרגיש און מצטער און מתבייש דערפון וואס ער האלט נאך אין דעם זעלבן מעמד ומצב - איז דעמולט גייט מיט אים משה (תורה) צוזאמען צו מתפלל זיין און בעטן רחמים בא דעם אויבערשטן,

און דעמולט איז מען זיכער מצליח.

נ. עד"ז האט מען אויך א הוראה פון דעם ערשטן פירוש אין רש"י:

רש"י זאגט פריער [208] אז "הי׳ אהרן בוש וירא לגשת", און דערפאר האט משה אים געזאגט "קרב אל המזבח גו׳".

דרך אגב: דערפון קומט צו נאך א קשיא אין אונזער רש"י:

מה-דאך אז "הי׳ אהרן בוש וירא לגשה" צו טאן די ענינים וועלכע דער אויבערשטער האט אים מצווה געווען, איז עאכו"כ אז ער האט ניט געהאלטן בא טאן כעשה הקטורת, וואס אויף דערויף איז ער ניט נצטווה געווארן -

- איז -

---

207) צו ח, לו. 208) עה"פ פרשתנו ט, ז.

איז פארוואס זאגט רש"י אז משה האט אים אויסגעלערנט מעשה הקטורת, נאך איידער וואס אהרן האט דאס געדארפט טאן?

וואס אע"פ אז אויף מארגן וועט שוין אהרן דארפן מקטיר זיין קטורת – איז אבער אהרן דאך געווען "בוש", האט ער ניט געדארפט טראכטן היינט וואס וועט זיין מארגן; וועט עס ווען קומען מארגן און מ'וועט דארפן מקטיר זיין קטורת, וועט מען דעמולט דאגה'ן.

און אע"פ וואס ער איז געווען "בוש", און דערנאך האט ער אויך געטאן אלע עבודות – אעפ"כ איז דאס ביי אים נאך ניט געווען גענוג, נאר ער האט געוואלט וויסן אויך מעשה הקטורת.

וואס אין עבודת האדם איז דאס – דער צמאון תמידי וואס דארף זיין צו אלקות, ביז אז ווי הויך מ'האלט נאר אין קדושה – איז דאס ניט מספיק, און מ'האט א צמאון צוצוקומען נאך העכער.

וכידוע וואס דער צ"צ שרייבט אין סהמ"צ אין שרש מצות התפלה[209] אז בדביקותו פלעגט דער אלטער רבי זאגן בזה"ל: "איך וויל זע גאר ניסט, איך וויל ניט דיין ג"ע, איך וויל ניט דיין עוה"ב כו', איך וויל מער ניט אז דיך אליין",

וואס די עבודה איז בדוגמא ווי דער ענין הקטורת (וואס איז געווען ביי אהרן), "בחד קטירא אתקטרנא"[210].

וואס אע"פ אז מי הוא זה ואיזהו וואס קען זיך גלייכן צו דעם אלטן רבי'ן – וויבאלד אבער אז מ'דערציילט דאס אונז, ובפרט אין שרש מצות התפלה וואס איז שייך צו יעדער איינעס, איז פארשטאנדיק אז מעין זה איז שייך צו כאו"א.

ד.ה. אז בא כאו"א דארף זיין דער צמאון תמידי צו אלקות, וואס אין גשמיות איז דאך "איזהו עשיר השמח בחלקו"[211], משא"כ אבער אין רוחניות וויפל מ'האט נאר דארף זיין א צמאון צו האבן נאכמער, ביז צו האבן דעם ענין פון מעשה הקטורת, "בחד קטירא אתקטרנא", "דיך אליין".

נא. ויה"ר אז פון דעם גאנצן דיבור זאל זיין כלשון הידוע[212] "שיפעלו הדברים בי ובהשומעים", און נאך מער וויפל מ'זאגט ארויס בדיבור, און נאך מער וויפל מ'שטעלט זיך פאר אז עס דארף זיין.

און דורך דערויף וואס יעדערער טוט עבודתו בשלימות –

– וועט –

------------

209) פ"מ (קלח, סע"א). 210) זח"ג רפח, א. 211) אבות רפ"ד. 212) ראה לקו"ש כ"ד טבת ש.ז. הע' 12.

וועט קומען די גאולה האמיתית והשלימה בקרוב ממש.

* * *

נב. דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר:

דער חילוק צווישן שירת און עבודת ישראל, "ברן יחד כוכבי בוקר" מיט שירת און עבודת המלאכים, "ויריעו כל בני אלקים" (כפירוש הגמרא אין חולין) - איז:

די עבודה פון אידן באשטייט אין לעשות לו ית' דירה בתחתונים, המשכה מלמעלמ"ט; משא"כ עבודת המלאכים איז פארבונדן מיט העלאה מלמטלמ"ע.

ואע"פ אז מ'געפינט אויך בא מלאכים דער ענין פון המשכה מלמעלמ"ט, ווי דאס איז ווען א מלאך קומט אראפ למטה אין וועלט צו מקיים זיין א שליחות, לדוגמא די מלאכים וואס זיינען געקומען צו אברהם און שרה[213], ועד"ז דער מלאך וואס איז געקומען, להבדיל, צו בלעם[214] - איז אבער עבודתם פון מלאכים בעיקר פארבונדן מיט העלאה מלמטלמ"ע.

וואס דאס איז דער חילוק פון דער שירה און תפלה פון אידן, "ברן יחד כוכבי בוקר", מיט דער שירה און תפלה פון מלאכים, "ויריעו כל בני אלקים":

בא מלאכים איז די תפלה אין אן אופן פון העלאה מלמטלמ"ע; משא"כ בא אידן הויבט זיך טאקע אן דער ענין ההפלה פון "סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה"[215], אבער דערנאך איז דער עיקר ענין ההפלה - בקשת צרכיו בגשמיות[216], וואס דאס איז דער ענין פון המשכה מלמעלמ"ט.

ביז אז ניט נאר תפלת חול איז פארבונדן מיט בקשת צרכיו, המשכה מלמעלמ"ט, נאר אויך תפלת שבת ויו"ט איז פארבונדן מיט בקשת צרכיו המשכה מלמעלמ"ט,

ס'איז נאר א נפק"מ וואו מ'איז ממשיך: תפלת חול איז ממשיך ביז אין עולם העשי', משא"כ תפלת שבת ויו"ט איז ממשיך אין עולם הבריאה, אדער אין עולם היצירה[217].

נג. ע"ד ווי עבודת ושירת ישראל, "ברן יחד כוכבי בוקר", און עבודת ושירת המלאכים, "ויריעו כל בני אלקים" - זיינען די צוויי ענינים פון "ויהי ביום השמיני" און "ויקחו בני אהרן נדב ואביהוא וגו'":

- "ויהי" -

---

213) וירא יח, ב ואילך. 214) בלק כב, כב ואילך.
215) ל' הכתוב - ויצא כח, יב. וראה זח"א רסו, ב. ח"ג שו, ב. תקו"ז המ"ה. 216) ראה שרש מצות התפלה להצ"צ פ"א.
217) ראה לקו"ת ברכה צז, א ואילך. אוה"ת בראשית כה, ב. ובכ"מ.

"ויהי ביום השמיני" איז המשכה מלמעלמ"ט, ווי עס שטייט דערנאך[218] אז דעמולט איז געווען "ותצא אש מלפני ה' ותאכל על המזבח את העולה ואת החלבים", וואס דאס איז א המשכה מלמעלמ"ט ביז אין גשמיות כפשוטו,

בדוגמא צו עבודת ישראל, "ברן יחד כוכבי בוקר", וואס ענינה איז המשכה מלמעלמ"ט;

משא"כ דער ענין פון "ויקחו בני אהרן נדב ואביהוא גו' ויקריבו לפני ה' אש זרה אשר לא צוה אותם" איז דער ענין פון העלאה מלמטלמ"ע, רצוא בלי שוב, כמבואר בארוכה אין ד"ה אחרי מות תרמ"ט ובכ"מ,

וואס דאס איז בדוגמא ווי עבודת המלאכים, "ויריעו כל בני אלקים".

וואס בעצם איז אויך די עבודה פון נדב ואביהוא, עלי' מלמטלמ"ע, רצוא - אן עבודה בקדושה, ביז וואנעט אז משה האט געזאגט צו אהרן "אהרן אחי יודע הייתי שיתקדש הבית במיודעיו של מקום, והייתי סבור או בי או בך, עכשיו רואה אני שהם (נדב ואביהוא) גדולים ממני וממך"[219],

ס'איז מערניט וואס בא נדב ואביהוא האט געפעלט דער תכלית השלימות פון עבודה, אז דער רצוא זאל דערנאך נמשך ווערן אין שוב, וואס דאס איז דער ענין פון "ויהי ביום השמיני", "ותצא אש מלפני ה' ותאכל על המזבח גו'".

וואס אויך פאר ביום השמיני איז געווען שריפה באש, אבער דאס איז געווען אן "אש מן ההדיוט"[220], משא"כ ביום השמיני האט זיך אויפגעטאן "ותצא אש מלפני ה'"[221].

ביז אז די המשכה מלמעלמ"ט וואס איז געווען ביום השמיני, וואס דעמולט איז געווען "קרא משה לאהרן ולבניו ולזקני ישראל" - האט דערנומען אויף אזוי פיל אז "וירא כל העם וירונו ויפלו על פניהם"[218], וואס דאס איז בכללות - ענין הביטול[222].

ביז אז דער מעמד ומצב פון "וירא כל העם וירונו ויפלו על פניהם" וואס אידן זיינען דעמולט געשטאנען ביום השמיני, איז געווען בדומה ווי אידן זיינען געשטאנען בא מעמד הר סיני, כמבואר אין די מאמרים[223] פון תש"ד און תש"ה (וואס אויף זיי איז מיוסד דער מאמר וואס מ'האט פריער גערעדט).

- וואס -

------------

218) פרשתנו ט, כד. 219) פרש"י עה"פ פרשתנו י, ג. מתו"כ עה"פ. 220) ראה תו"כ ופרש"י עה"פ ויקרא א, ז. 221) שבת פז, ב ובפרש"י. 222) ראה לקו"ת ברכה צח, ב. 223) ד"ה ויהי ביום השמיני.

וואס דאס איז בכללות דער ענין פון המשכה מלמעלמ"ט וואס איז בדוגמא ווי דער ענין פון "ברן יחד כוכבי בוקר", עבודת ישראל, און דאס איז אויך בכללות פארבונדן מיט דעם כללות ענין המשכן, וואס ענינו איז "ושכנתי בתוכם"[224] [משא"כ עבודת נדב ואביהוא רצוא בלי שוב - איז היפך דעם ענין פון "ושכנתי בתוכם"].

נד. דער ביאור אין דער משנה אין פרקי אבות:

דער היפך הענין פון "העולם עומד" איז ניט דער ענין הנפילה און העדר הקיום [וואס וועגן דערויף רעדט זיך אין סוף פון פרק א׳, און אויך אין דעם פסוק[225] "בדבר ה׳ שמים נעשו", וואס דער פירוש אין דעם איז - אז דער "דבר ה׳" טוט אויף קיום מציאות העולם];

נאר דאס איז דער ענין אז דער עולם שטייט ניט על מעמדו, ד.ה. אז דער עולם שטייט ניט בהוקף אן שינויים, נאר ער שאקלט זיך.

כשא"כ בשעת "העולם עומד", שטייט דער עולם בתוקף אן שינויים, און ער שאקלט זיך ניט.

וואס אין דעם באשטייט דער חילוק צווישן דעם מעמד ומצב העולם בפ"ע, מצד הבריאה, מיטן מעמד ומצב העולם נאך דעם וואס ס׳איז דא דער ענין פון תורה עבודה און גמ"ח:

די וועלט איז באשאפן געווארן אין אן אופן וואס אין איר זיינען דא כמה מדות: יום ראשון דמע"ב איז כנגד מדת החסד, יום שני כנגד מדת הגבורה, יום שלישי כנגד מדת התפארת וכו׳,

און כנגד ששת ימי בראשיה זיינען די שיתא אלפי שני דהוה עלמא, כמבואר אין רמב"ן[226], און בארוכה אין דעם מיטעלן רבי׳נס מאמרים[227], אז דער אלף הראשון איז כנגד יום ראשון - מדת החסד, כמרז"ל[228] אז כ"ו דורות הראשונים הזו ניזונין בחסדו של הקב"ה, וואס בכללות איז דאס דער אלף הראשון וואס דעמולט זיינען די השפעות געווען בשפע רב, כמבואר שם,

דער אלף השני איז כנגד יום שני - מדת הגבורה, וואס אין דעם אלף השני איז געווען דער מבול, דער אלף השלישי איז כנגד יום שלישי - מדת התפארת, דער ענין פון מ"ת, ועד"ז די אנדערע אלפים.

- וואס -

------------

224) הרומה כה, ח. 225) תהלים לג, ו. 226) עה"פ בראשית ב, ג. 227) תו"ה ד"ה ויהי בשלח. 228) ראה פסחים קיח, א.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז די וועלט (מצד הבריאה) שטייט בסדר אין שינויים, ווארום יעדער טאג איז בכללות פארבונדן נאר מיט איין מדה (ווי דער ענין איז בפשטות), און יעדער טאג ציט צו זיין מדה: יום ראשון ציט צו מדת החסד, דערנאך ווען עס קומט יום שני ציט ער צו מדת הגבורה, דערנאך ווען עס קומט יום שלישי ציט ער צו מדת התפארת וכו׳, ד.ה. בסדר שינויים, ביז אין אן אופן פון בלבול, ביז הפכים - ווארום חסד וגבורה זיינען בפשטות הפכים זמ"ז,

וואס כל זה איז היפך דער ענין פון "העולם עומד", עומד על מעמדו בתוקף אן שינויים.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק דאס וואס עס שטייט אויף יעדער טאג פון דער בריאה "וירא אלקים כי טוב" (און ווי דאס איז קיין סתירה ניט צו "העולם עומד על התורה ועל העבודה ועל גמ"ח"):

יעדער טאג פון דער בריאה מצד ענינו איז "טוב", ד.ה. נאך יום ראשון פון מע"ב האט דער אויבערשטער געקוקט אויף דער בריאה פון דעם טאג, וואס ענינו איז חסד - איז "וירא אלקים כי טוב" דער ענין פון חסד, ועד"ז אין שאר הימים;

דאס איז אבער נאר ווי די בריאה איז בכל יום בפ"ע, משא"כ ווי די בריאה איז מצד אלע ימים צוזאמען איז דאס מיט שינויים, ווארום יעדער טאג ציט צו זיין מדה, און דערפאר איז דאס ניט אן עולם וואס איז "עומד".

נה. דערנאך קומט שמעון הצדיק און זאגט: ווי קען מען מאכן פון א וועלט וואס מצ"ע איז זי מיט שינויים, חסד גבורה וכו׳, אז עס זאל זייך "העולם עומד", אז די וועלט זאל זייך אין אן אופן אז ווי מ׳שטעלט איר אוועק אזוי וועט זי בלייבן שטיין אן שינויים - איז דאס "על התורה ועל העבודה ועל גמ"ח".

והביאור בזה:

פונקט ווי אין דעם "עולם גדול" זיינען דא שינויים, חסד גבורה וכו׳ - עד"ז איז דאס אין "עולם קטן זה האדם"[229], וואס אין דעם מענטשן זיינען דא אלע עשר ספירות, וואס דאס זיינען די כחות פנימיים, שכל ומדות.

און אזוי ווי אין דעם "עולם גדול" ציט יעדער מדה צו זיך, עד"ז ציט יעדער מדה צו זיך בא דעם מענטשן, מדת החסד

- ציט -

------------

229) ראה תקו"ז תס"ט קרוב לתחלתו (ק, ב. קא, א). ובכ"מ.

ציט צו זיך, ועד"ז בנוגע צו די אנדערע מדות, גבורה, תפארת און נה"י, און ווי דער רמב"ם[230] זאגט (אראפגעבראכט אין חסידות[231]) אז "כל מיני בעלי חיים כו׳ יש להם פעל א׳ או ב׳ פעלים כו׳ אבל האדם יעשה מעשים רבים משתנים זה מזה" - קומט דאך אויס אז בא דעם מענטשן איז דא א גאנצער בלבול.

זאגט שמעון הצדיק, אז בכדי עס זאל זיין "העולם עומד", אז דער "עולם גדול" זאל זיך ניט שאקלען - איז דאס דורך דערויף וואס מ׳טוט אויף אז דער "עולם קטן זה האדם" זאל זיך ניט שאקלען - און אויף דערויף איז ניטא קיין אנדער עצה חוץ פון "על התורה ועל העבודה ועל גמילות חסדים":

פריער דארף זיין "על התורה": מ׳דארף לערנען תורה, און דעמולט זאגט תורה די וועג ווי מ׳דארף זיך פירן: ווען מ׳דארף נוצן מדת החסד, און ווען מ׳דארף נוצן מדת הגבורה וכו׳, און אויך וועלכן אופן מ׳זאל נוצן חסד אז דאס זאל ניט שולל זיין א צווייטע מדה, ועד"ז מיט אלע מדות.

דערנאך דארף זיין דער ענין פון "על העבודה": פון תורה דארף דאס דערנאך אראפקומען אין דעם מענטשן אליין, דורך דערויף וואס ביי אים איז "אדם כי יקריב מכם קרבן לה׳"[232], דורך קרבנות, אדער דורך תפלות וואס "במקום קרבנות תקנום"[233] - וואס דורך דעם האט ער דעם כח אז ביי אים זאל אויפגעטאן ווערן דער "העולם עומד" פון זיין "עולם קטן".

דערנאך דארף דאס אראפקומען אין "על גמ"ח": אין פועל ממש, אז ער זאל זיך פירן בפועל אין אן אופן פון תוקף אן שינויים,

ועד"ז זאל ער אויך פועל׳ן אין וועלט, אז עס זאל זיין "העולם עומד", וואס דער כללות הענין פון אויפטאן מיט וועלט ווערט אנגערופן גמילות חסדים, וכמבואר אין תניא[234] אז כללות ירידת הנשמה בגוף אין עוה"ז איז צוליב דעם ענין פון המשכת החסד בעולם.

נו. ועפ"ז וועט מען פארשטיין דאס וואס די משנה איז מקדים "שמעון הצדיק הי׳ משירי כנסת הגדולה":

ע"פ תורת הבעש"ט הידועה אז שמו פון א זאך גיט ארויס דעם תוכן פון דער זאך איז פארשטאנדיק, אז דער נאמען "כנסת הגדולה" גיט ארויס דעם תוכן און ענין פון די אנשי כנסת הגדולה.

- דער -

---

230) הקדמתו לפיהמ"ש ד"ה אחר כן ראה להסתפק.
231) לקו"ה אמור לז, ג. ובכ"מ. 232) ויקרא שם, ב.
233) ראה ברכות כו, א. 234) פל"ז (מח, ב ואילך).

דער ענין פון "כנסת" איז, בפשטות - צוזאמענקלייבן, וואס דאס מיינט אז עס זיינען געווען כמה ענינים נפרדים און מ'האט זיי צוזאמענגעקליבן, ווארום אויב ס'איז געווען נאר איין זאך איז ניט שייך זאגן אז מ'האט עפעס צוזאמענגעקליבן.

און בשעת מ'זאגט "כנסת הגדולה" מיינט דאס אז אין צוזאמענקלייבן 'גופא איז דאס דער גרעסטער צוזאמענקלייבעניש, ד.ה. א כינוס פון אלע ענינים נפרדים, ווארום אויב ס'איז ניט פון אלע ענינים - איז דאס ניט "כנסת הגדולה", מיט א ה"א הידיעה, דערפאר וואס ס'איז דא נאך א גרעסערער כינוס.

און ווי דאס איז געווען בפשטות, אז "כנסת הגדולה" איז באשטאנען פון ק"כ אנשים[235], וואס דאס איז דער גרעסטער סכום מענטשן אין א כינוס, כערער פאר ע"א סנהדרין[236].

נז. עפ"ז איז פארשטאנדיק אז די אנשי כנסת הגדולה האבן אויפגעטאן דעם ענין פון "העולם עומד":

וויבאלד אז "כנסת הגדולה" מיינט אז מ'האט צוזאמענגעקליבן אלע ענינים נפרדים און געמאכט פון זיי א "כנסת", אז זיי זאלן אלע האבן דעם זעלבן ציל און כוונה - איז פארשטאנדיק אז ס'איז ניטא קיין איין ענין אין וועלט וואס ציט צו אן אנדער זייט, און פועל'ט אז דער עולם זאל זיך שאקלען, און ניט שטיין בתוקף,

ווארום אויב ס'איז דא אזא ענין, איז מוכח אז דער ענין איז ניט צוזאמענגעקליבן געווארן אין דעם כינוס - קען מען דאך דאס ניט אנרופן "כנסת הגדולה", ווארום דער ענין איז ניטא אין דעם כינוס.

וואס דערפאר איז בשעת עס זיינען געווען אלע אנשי כנסת הגדולה (ווי עס שטייט אין דער ערשטער משנה אין פרקי אבות), האבן זיך דאך אידן געפירט לויט זייערע הוראות - איז במילא געווען "העולם עומד", ווארום אלע ענינים נפרדים בא אידן זיינען געשטאנען צוזאמען, ד.ה. זיך געצויגן צו איין כוונה, און במילא איז אויך דער "עולם גדול" געווען "עומד" בתוקף, און זיך ניט געשאקלט,

און דערפאר האט מען ניט געדארפט גיין זוכן הוראות מיוחדות ווי צו אויפטאן דעם ענין אז עס זאל זיין "העולם עומד".

- משא"כ -

---

235) ראה רע"ב לאבות כאן. רמב"ם בהקדמתו לס' יד החזקה (קרוב לתחלתה). 236) סנהדרין בתחלתה. רמב"ם הל' סנהדרין פ"א ה"ג.



הנחת הת' בלתי מוגה

משא"כ אבער ווען ס'איז נתבטל געווארן די כנסת הגדולה, און ס'איז געבליבן מערניט ווי שמעון הצדיק וואס איז "משירי כנסת הגדולה", וואס "שירי כנסת הגדולה" האט אין זיך צוויי פירושים: א) דער לעצטער פון די אנשי כנסת הגדולה[237], ב) מלשון שיריים, ווי רש"י טייטשט - איז דעמולט דארף מען זוכן א הוראה ווי צו אויפטאן אז די וועלט זאל זיין "עומד",

און דערפאר איז "שמעון הצדיק", וואס ער איז "משירי כנסת הגדולה", "הי' אומר על שלשה דברים העולם עומד: על התורה ועל העבודה ועל גמילות חסדים".

נח. די שייכות פון שמעון הצדיק צו דער הוראה וואס ער האט ארויסגעגעבן:

אין גמרא געפינט מען ניט קיינע פסקי דינים פון שמעון הצדיק, מ'געפינט אבער כמה הנהגות פון שמעון הצדיק, וואס דאס האט אין זיך א מעלה אויף פס"ד, ווארום דאס איז "מעשה רב"[238], און דאס איז אויך א חלק פון "התורה היא נצחית"[239].

איינע פון די הנהגות זיינע וואס כ'געפינט אין גמרא[240]:

"אמר שמעון הצדיק מימי לא אכלתי אשם נזיר טמא" וואס דערפון וואס ער זאגט "מימי" איז פארשטאנדיק אז דאס איז געווען א הנהגה עיקרית פון שמעון הצדיק, ביז אז במשך כל ימי חייו האט ער זיך אזוי געפירט.

און די גמרא איז מפרש דעם טעם אויף דערויף: "כשהן תוהין נוזרין וכשהן מטמאין ורבין עליהן ימי נזירות מתחרטין בהן, ונמצאו מביאין חולין לעזרה":

די נזירים האבן זיך מזיר געווען ניט לשם שמים, נאר דערפאר וואס "תוהין" - זיי זיינען געווארן אין כעס אויף זיך אדער אין כעס אויף דעם יין - האבן זיי זיך מזיר געווען מן היין[241],

און דערפאר איז דערנאך "כשהן מטמאין - דאתא טומאה וסהדי להנהו יומי דנזירות, ובעו למימני יומי נזירות אחר, ודיבה עליהן ימי טומאה דשמא מיטמא פעם אחרת, ובעי למיסתר כל הני יומי דנזירות", איז דעמולט "כמתחרטין בעצמן שנדרו, וכיון דמתחרטין לא הוי נזירות לש"ש, ונמצאו מביאין חולין לעזרה (בשעת זיי זיינען מקריב א קרבן אשם)"[242].

- און -

---

237) ראה רע"ב לאבות כאן. 238) ראה שבת כא, א. וש"נ.
239) תניא רפי"ז. 240) נדרים ט, ב. וראה גם נזיר ד, ב.
241) פרש"י ד"ה כשהן תוהין - נדרים שם. 242) פרש"י שם ד"ה וכשהן מטמאין.

און דערפאר האט שמעון הצדיק ניט געגעסן פון אן "אשם נזיר טמא".

וואס די הנהגה פון דעם נזיר וואס האט זיך מזיר געווען ניט לש"ש - איז היפך דעם ענין פון "העולם עומד":

איין טאג איז ער געווארן אין כעס אויף דער וועלט האט ער זיך מזיר געווען, טאקע אויף שלשים יום, אבער צוליב כעס; און דערנאך ווען ער איז טמא געווארן און ס'איז צוגעקומען נאך טעג לימי נזירתו - האט ער חרטה פון דער גאנצער נזירות, ד.ה. א שינוי אהער און א שינוי אהין.

איז די הנהגה פון שמעון הצדיק כל ימי חייו געווען אז "לא אכלתי אשם נזיר טמא", צו שולל זיין דעם ענין פון שאקלען זיך, היפך פון "העולם עומד".

און דאס איז די שייכות פון שמעון הצדיק צו דער הוראה צו באווארענען דעם ענין פון שאקלען זיך אין וועלט.

נס. וויבאלד אז שמעון הצדיק האט זיך געפירט אין אן אופן פון שולל זיין דעם ענין פון שאקלען זיך, "מימי לא אכלתי אשם נזיר טמא" - האט שמעון הצדיק באקומען א שכר מעין זה, "מדה כנגד מדה"[243]:

שמעון הצדיק איז געווען א כהן [וואס דערפאר האט ער געקענט עסן פון אן אשם, און אעפ"כ פון אן "אשם נזיר טמא" האט ער ניט געגעסן].

און ער איז ניט נאר געווען א כהן סתם - נאר א כהן גדול, ווי עס שטייט אין מס' יומא (אין בבלי[244] און אין ירושלמי[245]), און אויך אראפגעבראכט אין הקדמת הרמב"ם לס' יד החזקה[246].

דערציילט די גמרא[247] אז "ארבעים שנה ששימש שמעון הצדיק הי' גורל עולה בימין, מכאן ואילך פעמים עולה בימין פעמים עולה בשמאל, והי' לשון של זהורית מלבין, מכאן ואילך פעמים מלבין פעמים אינו מלבין, והי' נר מערבי דולק, מכאן ואילך פעמים דולק פעמים כובה", מיט נאך כו"כ ענינים וואס זיינען געווען בתקפם בשעת שמעון הצדיק איז געווען דער כה"ג, און דערנאך אין די דורות לאח"ז איז געווען "פעמים כך ופעמים כך".

וואס אויך דא איז מודגש דער ענין פון "העולם עומד"



---

243) ראה סוטה יא, א. פס"ז עה"פ שמות ג, ו. 244) לט, א. 245) פ"ו ה"ג. 246) שם. וראה גם בהקדמתו לפיהמ"ש קרוב לסופה (ד"ה הפרק השלישי). 247) יומא שם.

בא שמעון הצדיק:

כל זמן שמעון הצדיק איז געווען דער כה"ג, זיינען זיינע הוראות צו אידן געווען בתקפס, איז במילא זיין הוראה וועגן "העולם עומד" און זיין הנהגה פון "לא אכלתי אשם נזיר טמא" אויך געווען בתוקף - איז דערפאר האט זיך דאס אויסגעדריקט אויך אין ביהמ"ק, אז בזמן פון שמעון הצדיק זיינען די כמה ענינים געווען בתקפס אן שינויים;

משא"כ אבער אין די דורות שלאח"ז, וואס דעמולט זיינען נחלש געווארן די הוראות פון שמעון הצדיק - איז געווען "פעמים" אין איין אופן און "פעמים" אין א צווייטן אופן, וואס דאס איז דער ענין פון שאקלען זיך, היפך פון "העולם עומד".

ס. דער ביאור אין דעם וואס דער ענין פון באווארענען אז עס זאל זיין "העולם עומד" איז אן ענין פון מילי דחסידותא:

בעבודה האדם מצ"ע איז ניט קיין הכרח אז עס זאל זיין די עבודה פון "העולם עומד", כסדר שטיין אין איין הנועה אן קיינע שינויים - נאר אמאל איז די עבודה אין איין קו און אמאל אין א צווייטן קו, אמאל אין קו החסד, "ימין מקרבת", און אמאל אין קו הגבורה, "שמאל דוחה",

און ווי ס'איז פארשטאנדיק אויך דערפון וואס דער רמב"ם [248] זאגט אז "הדרך הישרה היא מדה בינונית וכו'", ד.ה. אז דאס איז א "דרך הישרה", אבער אויב מ'פירט זיך ניט אזוי איז דאס ניט היפך התורה.

ואדרבא: ידע אינש בנפשו אז'אמאל איז ער מער מצליח בעבודתו דוקא ווען ער פירט זיך אין אן אופן פון "חטוף ואכול חטוף ושתי"[249], היפך ענין הקביעות,

ד.ה. אז ער פילט אז היינט איז בעסער פירן זיך אין איין קו, קו החסד, משפיע זיין צו אנדערע, און אויף מארגן איז בעסער פירן זיך אין א צווייטן קו, קו הגבורה, קמצנות (לש"ש).

דאס איז אבער נאר ווי די עבודה איז מיט זיך אליין. (ע"פ תורה); בשעת מ'דארף אבער ארויסגיין אין וועלט - מאכט די וועלט ניט קיינע חשבונות אז דאס וואס ער פירט זיך היינט אין איין אופן, באופן פון חסד, און אויף מארגן איז ער א קמצן - איז דאס לשם שמים (וואס דאס קען מען נאר זען בשעת מ'איז זיך מהבונן אין דעם) -

- נאר -

---

248) הל' דעות פ"א ה"ד. 249) ל' הגמ' עירובין נד, א.

הנחת הת' בלתי מוגה

נאר די וועלט קוקט אויף דעם מענטשן אז ער איז א הפכפך און א מבולבל - ובמילא בשעת דער מענטש וועט ארויס-גיין אין וועלט און וועלן פועל'ן אין וועלט, וועט די וועלט ניט וועלן מקבל זיין פון אים.

וואס דערפון קומט אויס אז קיין הכרח איז דאס טאקע ניט אז אין עבודה זאל זיין דער ענין פון "העולם עומד", ואדרבה, אמאל איז גאר בעסער אז עס זאל ניט זיין אזוי;

אבער ע"פ מילי דחסידותא און מ'וויל אויפטאן אין וועלט, דארף זיין די עבודה אין אן אופן פון "העולם עומד", אז מ'זאל שטיין בתוקף, און זיך ניט שאקלען, וואס דוקא דעמולט איז די וועלט מקבל פון דעם מענטשן, און זי ווערט אויך אן "עולם עומד".

די איינציקע וועג וואס די וועלט וועט מקבל זיין פון דעם מענטשן איז - בשעה ער שטייט בתוקף, און ער שאקלט זיך ניט, וואס דורך דערויף פועל'ט ער אז אויך דער "עולם גדול" זאל זיך ניט שאקלען.

סא. עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין דעם דיוק אז שמעון הצדיק האט דאס געזאגט:

עבודה ע"ד הרגיל דארף טאקע ניט זיין אן עבודה פון "העולם עומד"; משא"כ אבער די עבודה פון א צדיק איז - צו ממשיך זיין אין וועלט, כמ"ש [250] "צדיק ה' צדקות אהב".

וואס דאס איז עבודה אין אן אופן פון מילי דחסידותא, אז כאטש עס וועט אפשר פעלן ביי אים בעבודתו, ווארום אפשר וועט ער מערער מצליח זיין בשעת ער וועט זיך פירן איין טאג אזוי און א צווייטן טאג אנדערש - איז אבער מצד דעם וואס עס קען זיין'אז צוליב דעם וועט עפעס פעלן אין וועלט, פירט ער זיך אין אן אופן אז זיין "עולם קטן" איז "עומד" בתוקף אן שינויים, ובמילא פועל'ט דאס אז דער "עולם גדול" זאל אויך זיין "עומד".

וכידוע דער ווארט פון דעם אלטן רבי'ן [251] אז דער אויפטו פון א חסיד איז - אז ער פארבייגט אויף טובת עצמו לטובת הזולת, וכידוע אויך די ראי' וואס ער האט געבראכט אויף דערויף פון דעם וואס די גמרא [252] זאגט אז "שורפן חסיד" אע"פ וואס דאס קען אים שעדיקן.

סב. דער ביאור אין פירוש רש"י:

- בשעת -

---

250) תהלים יא, ז. 251) לקו"ד כרך א סח, א. 252) נדה. יז, א ובתוס' שם.

בשעת מ׳לערנט דעם פסוק "ויבוא משה ואהרן וגו׳" ווערט גלייך די שאלה אין פשש"מ "למה נכנסו" - ס׳איז דאך שוין אלץ אפגעטאן געווארן, איז וואס גייען משה ואהרן אריין אין אוהל מועד?

אויף דערויף זאגט רש"י אז אין פשט האט ער ניט קיין ביאור אין דעם, אבער "מצאתי בפ׳ מילואים בברייתא הנוספת על תו"כ שלנו" א פירוש אין דעם.

און דער טעם פארוואס רש"י ברענגט פון דער "ברייתא הנוספת על תו"כ שלנו" און ניט פון ירושלמי, איז:

ירושלמי איז ניט קיין פירוש ע"ד הפשט, נאר ע"ד הדרש; משא"כ תו"כ (און די "ברייתא הנוספת על תו"כ) איז דאך א פירוש עה"פ, איז דאס טאקע כולל אין זיך רמז, דרוש און סוד - אבער דאס האט אין זיך אויך דעם דרך הפשט,

און וויבאלד אז רש"י וויל מפרש זיין א פירוש פאר א בן חמש למקרא אין פשש"מ, דערפאר ברענגט ער פון דער ברייתא אין תו"כ.

סג. דער פירוש וואס רש"י ברענגט פון תו"כ איז: "למה נכנס משה עם אהרן, ללמדו על מעשה הקטורת".

ס׳איז אבער דא א חילוק צווישן דער שאלה וואס דער תו"כ וויל פארענטפערן מיט דער שאלה וואס רש"י וויל פאר-ענטפערן: דער תו"כ קומט פארענטפערן נאר "למה נכנס משה עם אהרן", משא"כ רש"י קומט פארענטפערן (ע"פ דער "ברייתא הנוספת" אין תו"כ) "למה נכנסו", סיי משה און סיי אהרן.

וביאור החילוק:

אין פ׳ פקודי שטייט "ויקטר עליו קטורת סמים גו׳", וואס דאס גייט אויף משה רבינו, און רש"י טייטשט דארטן "שחרית וערבית כו׳", ד.ה. אז משה האט מקטיר געווען די קטורת סיי שחרית און סיי ערבית, כנ"ל (סמ"ז);

ס׳איז אבער קיין הכרח ניט אז דער תו"כ לערנט אז אזוי איז דער פירוש אין פסוק, מ׳קען זאגן אז לויט דעם תו"כ רעדט דער פסוק נאר וועגן די קטורת שחרית, משא"כ די קטורת ערבית האט אהרן מקטיר געווען.

וואס עפ"ז קען מען לערנען אין אונזער פסוק אז דאס וואס אהרן איז אריין אין אוהל מועד (אין סוף יום השמיני) איז געווען בכדי צו מקטיר זיין קטורת.

קומט דאך אוים אז ס׳איז קיין קשיא ניט פארוואס אהרן איז אריין אין אוהל מועד, די קשיא איז מערניט "למה נכנס משה עם אהרן".

- משא"כ -

משא"כ אבער רש"י גייט דאך לשיטתו אין פ' פקודי אז "ויקטר עליו (משה) קטורת סמים גו'" איז סיי "שחרית" און סיי "ערבית", ד.ה. אז אהרן האט ניט מקטיר געווען קיין קטורת (ביום השמיני) - איז במילא די קשיא אין אונזער פסוק ניט נאר אויף משה נאר אויך אויף אהרן, "למה נכנסו".

סד. און דער תירוץ אויף דער שאלה איז: ללמדו על מעשה הקטורת":

ד.ה. אז זיי זיינען אריין אין אוהל מועד ניט צוליב עבודת הקטורת, נאר צוליב דעם אז משה זאל אויסלערנען אהרן ווי צו מקטיר זיין קטורת.

ווערט דא די שאלה: פארוואס איז ניט געווען גענוג צו אויסלערנען אהרן ווי צו מקטיר זיין קטורת די צוויי מאל אין יענעם טאג, ביום השמיני לשחרית ולערבית [וואס דער ענין הקטורת שטייט בכלל ניט אין פ' תצוה און אין פ' צו, מערניט ווי אין פ' פקודי, וואס דארטן רעדט זיך דאס וועגן ר"ח ניסן, יום השמיני למילואים]?

איז דאס קיין שאלה ניט בא דעם בן חמש למקרא, ווארום:

ער האט געלערנט ביז איצטער אז בכדי צו מחנך זיין אהרן ווי צו מקריב זיין די קרבנות האט משה מקריב געווען די קרבנות על המזבח שבעה ימים, א גאנצע וואך, בכדי אז אהרן ובניו זאלן ווערן רגיל בזה;

משא"כ אבער בנוגע צו קטורת האט דאס משה געטאן נאר צוויי מאל - ביום השמיני למילואים בשחרית ובערבית, און דער בן חמש למקרא ווייסט אז אויף מארגן פון יום השמיני וועט שוין משה ניט קענען מקטיר זיין קטורת - איז ביי אים קיין פלא ניט אז משה זאל אריינגייין מיט אהרן אין אוהל מועד במיוחד צו אים באווייזן נאכאמאל מעשה הקטורת, בכדי צו אים וואס מערער איינגעוואוינען אין דעם, בדוגמא ווי דאס איז געווען בא די אנדערע קרבנות, אפילו מערערע מאל, שבעה ימים, כנ"ל.

סה. לפי"ז קומט אבער אוים א מאדנע זאך:

דער חינוך ווי צו מקריב זיין קרבנות איז געקומען ביחד דערמיט וואס משה האט מקריב געווען די קרבנות; משא"כ אבער דאס וואס משה ואהרן זיינען אריין אין אוהל מועד (אין אונזער פסוק) איז געווען בלויז צוליב מחנך זיין אהרן אין מעשה הקטורת.

דערפאר ברענגט רש"י די הו"א "או לא נכנס אלא לדבר אחר": וויבאלד אז ס'איז שווער צו זאגן אז משה ואהרן זיינען

- אריין -

אריין בלויז צוליב "ללמדו על מעשה הקטורת", איז אפשר זיינען זיי אריין גאר פאר אן אנדער טעם.

און רש"י דארף ניט מפרש זיין וואס דער אנדער טעם איז - ווארום ס'איז פארשטאנדיק בפשטות:

אין פ' תרומה[253] שטייט "ונועדתי לך שם ודברתי אתך גו'", אז דער אויבערשטער פלעגט רעדן פון אוהל מועד, ועד"ז שטייט אין ר"פ ויקרא.

איז דערפון פארשטאנדיק בפשטות, אז דאס וואס משה און אהרן זיינען אריין אין אוהל מועד איז דאס געווען דערפאר וואס דער אויבערשטער האט זיי געוואלט עפעס איבערגעבן.

בדענגט אבער רש"י ווייטער פון תו"כ: "הריני דן ירידה וביאה טעונות ברכה, מה ירידה מעין עבודה אף ביאה מעין עבודה, הא למדת למה נכנס משה עם אהרן (לשיטת רש"י משה און אהרן) ללמדו על מעשה הקטורת":

ס'איז טאקע שווער צו לערנען אז זיי זיינען אריין אין אוהל מועד בלויז צוליב "ללמדו על מעשה הקטורת", אבער דערפון וואס דא שטייט ירידה און ביאה צוזאמען - לערנט מען אפ אז "מה ירידה מעין עבודה", וואס די ירידה ("וירד מעשות החטאת והעולה") איז געווען בכדי עס זאל זיין "ברכת כהנים"[254], וואס דאס איז "מעין עבודה" - איז "אף ביאה מעין עבודה", וואס דאס איז דער ענין פון לימוד מעשה הקטורת וואס וועט זיין נוגע צו אהרן אויף מארגן, במילא איז דאס "מעין עבודה".

סו. ס'איז דאך אבער פארט ניט גלאטיק אז משה ואהרן זיינען אריין בלויז צוליב לימוד מעשה הקטורת - דערפאר ברענגט רש"י א צווייטן פירוש: "ד"א כיון שראה אהרן שקרבו כל הקרבנות ונעשו כל המעשים ולא ירדה שכינה לישראל הי' מצטער ואמר יודע אני שכעס הקב"ה עלי ובשבילי לא ירדה שכינה לישראל, אמר לו למשה, משה אחי כך עשית לי שנכנסתי ונתביישתי, מיד נכנס משה עמו ובקשו רחמים וירדה שכינה לישראל".

דער פירוש איז אבער נאך שווערער ווי דער ערשטער פי':

בכלל אויף ארייננגיין אין אוהל מועד האט מען זיך זייער געדארפט היטן.

און אפילו אז מ'איז געגאנגען מתפלל זיין צו דעם אויבערשטן האט מען זיך אויך געדארפט היטן ניט ארייננצו-גיין אין אוהל מועד, נאר מתפלל זיין פון דער עזרה.

- ווי -

---

253) כה, כב. 254) פרשתנו ט, כב ובפרש"י.



הנחת הת' בלתי מוגה

ווי מ'געפינט אז ווען אידן זיינען געגאנגען מתפלל זיין אין משכן ווי עס שטייט אויך[255] אז בכדי אידן זאלן קענען קומען מתפלל זיין אין משכן שבת, האט מען געמאכט אז מחנה ישראל זאל זיין ניט מערער פאר אלפיים אמה, זיינען זיי ניט געגאנגען אין אוהל מועד, נאר אין פתח אוהל מועד (חצר אוה"מ),

ווי דער תרגום אונקלוס טייטשט דעם פסוק[256] "במראות הצובאות אשר צבאו פתח אוהל מועד": "דאתין לצלאה בתרע משכן זמנא".

ובפרט אז אפילו בכדי צו אריינגיין אל פתח אוהל מועד האט מען געדארפט אנקומען צו א נס פון "החזיק מועט את המרובה"[257] - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז געווען נאר אין זמנים מיוחדים, אבער ניט ווען אידן זיינען געגאנגען דאווענען מזמן לזמן,

איז דאך עאכו"כ בנוגע צו אוהל מועד אליין.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו אהרן, וואס ער האט מתפלל געווען בכל יום - אז ער איז ניט געגאנגען מתפלל זיין אין אוהל מועד, נאר אין עזרה.

ועפ"ז איז ניט פארשטאנדיק פארוואס איז משה אריין מיט אהרן מתפלל זיין אין אוהל מועד, וואס דארטן דארף מען זיך היטן ניט'צו אריינגיין: ער האט פריער געדארפט פרואוון מתפלל זיין אין דער עזרה, און דערנאך אז ער וועט זען אז עס העלפט ניט, וועט ער דאן אריינגיין מתפלל זיין אין אוה"מ (און מ'געפינט ניט אז עס זאל ערגעץ שטיין אז משה האט אזוי געטאן)?

ס'איז טאקע פארשטאנדיק אז אינו דומה די תפלה אין פתח אוהל מועד לגבי דער תפלה אין אוהל מועד אליין, ע"ד ווי ס'איז אינו דומה די תפלה אין אוהל מועד (און אין שאר המקומות) לגבי דער תפלה פון דעם כה"ג ביוהכ"פ אין קדה"ק - דאס איז אבער ניט קיין הסברה פארוואס משה איז לכתחילה אריינגעגאנגען דאווענען אין אוהל מועד, פאר דערויף וואס ער האט געפרואווט דאווענען אין עזרה, בשעת מ'דארף זיך היטן פון אריינגיין אין אוהל מועד.

וואס דערפאר איז דער צווייטער פירוש אין רש"י נאך שווערער ווי דער ערשטער פירוש, און דערפאר קומט עס טאקע אלס צווייטער פירוש.

- 25. דער -

---

255) ראה במדב"ר פ"ב, ט. 256) ויקהל לח, ח.
257) פרש"י עה"פ צו ח, ג. ובכ"מ.



הנחה הה' בלתי מוגה

סז. דער ענין אין דעם וואס אהרן איז געקומען צו משה מיט זיין טענה, און "מיד נכנס משה עמו ובקשו רחמים" (בפנימיות העינינים), איז:

עינינו פון משה איז - תורה, און עינינו פון אהרן איז - תפלה.

שלימות העבודה איז דוקא ווען ס'איז דאביידע עינינים צוזאמען - תורה און תפלה, ד.ה. אהרן און משה צוזאמען, און דאס איז דער ענין אז אהרן איז געקומען צו משה - אז בא תפלה זאל אויך זיין דער ענין התורה, און דערנאך "נכנס משה עמו ובקשו רחמים", אז אויך בא משה, תורה, זאל זיין דער ענין התפלה.

וואס דאס איז בדוגמא ווי עס שטייט אין מדרש[258] עה"פ[259] "אלה מסעי בני ישראל גו' ביד משה ואהרן", אז דאס איז וואס עס שטייט[260] "נחית כצאן עמך ביד משה ואהרן", ווי גערעדט אין דעם פריערדיקן מאמר[261] אז אמאל שטייט אהרן קודם למשה, כמ"ש[262] "הוא אהרן ומשה", וואס דאס איז אז תפלה איז קודם לתורה, און אמאל שטייט משה קודם לאהרן, כמ"ש[263] "הוא משה ואהרן", וואס דאס איז אז תורה איז קודם לתפלה[264],

אבער כל זמן אז איינער איז קודם צו דעם צווייטן איז דאס א מעמד ומצב פון שאקלען זיך, היפך דער ענין פון "העולם עומד", ווארום מ'שטייט ניט בתוקף אין איין אופן, אן שינויים;

בשעת אבער אז ביידע עבודות, תורה און תפלה, קומען צוזאמען - ווערט אויפגעטאן דער "העולם עומד", וואס דאס איז דער תכלית השלימות פון עבודה.

וואס דאס איז דער ענין פון "נחית כצאן עמך ביד משה ואהרן", פארבונדן מיט "אלה מסעי בני ישראל גו' ביד משה ואהרן" - אז מ'האט ביידע עינינים, משה און אהרן, צוזאמען.

סח. און פון "אלה מסעי גו' ביד משה ואהרן" קומט מען דערנאך צו אלע מ"ב מסעות, ביז מ'קומט צו "ירדן ירחו", וואס דאס איז דער ענין פון משיח וואס ער וועט זיין "מורח ודאין"[265]: "ירחו" איז בחי' ריח וואס וועט נתגלה ווערן לע"ל, כמ"ש[266] "והריחו ביראת ה'" - דער ענין פון "מורח",

- און -

---

258) במדב"ר פכ"ג, ב. הובא בלקו"ת ר"פ מסעי. 259) ר"פ מסעי. 260) תהלים עז, כא. 261) ד"ה כימי צאתך דאחש"פ. 262) וארא ו, כו. 263) שם, כז. 264) ראה לקו"ת שם פח, ב-ג. וראה ספר הערכים-חב"ד ע' אהרן - ביחס למשה ס"ז סק"ב. סי"א סק"ד. וש"נ. 265) סנהדרין צג, ב. 266) ישעי' יא, ג. וראה לקו"ת שם פט, ב.

און "ירדן" איז דער ענין פון "דאין".

און משיח, וואס "מודח ודאין", וועט זיין "ילמד תורה את כל העם כולו"[267], סיי נגלה דתורה און סיי פנימיות התורה,

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך מעשינו ועבודתינו איצטער, דורך לערנען נגלה דתורה און פנימיות התורה,

וואס נגלה דתורה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון אכו"ש, משא"כ פנימיות התורה (בזמן הזה) איז נאר בבחי' ריח, "ריחות היו"[268], ווארום בזמן הזה איז פנימיות התורה נאר ידיעת המציאות, "ריחות היו", און ניט השגת המהות, כמבואר אין די קונטרסים פון תורה החסידות און לימוד החסידות.

און "תלמוד גדול שמביא לידי מעשה"[269] - דער לימוד פון נגלה דתורה און פנימיות התורה ברענגט צו קיום המצוות בהידור.

ביז אז די עבודה בגלות זה פארברענט די לעצטע שיריים פון גלוה, און עס ווערט "והי' לך ה' לאור עולם"[270],

במהרה בימינו ממש.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

— * —

---

267) ראה לקו"ת צו יז, א. שער האמונה פנ"ו. 268) לשון המדרש - שהש"ר פ"א, ג. 269) קידושין מ, ב. 270) ישעי' ס, יט.

 הנחת הת' בלתי מוגה

# השמטות ותיקונים

### לשיחת ש"פ תצוה, פ' זכור

| ע' | שו"ה | נדפס | וצ"ל: |
|---|---|---|---|
| ה | וועט | זייך | זיין |
| " | רכב). | טז, יז | יז, טז |
| מה | התורה | הי' | מיותר |

### לשיחת ש"פ ויק"פ, פ' החודש

| | | | |
|---|---|---|---|
| ב | שו"ע | במדבר | לקו"ת במדבר |
| ו | גמרא | חמוה | תמוהה |
| לד | 135) | 37) | 137) |

### לשיחת ש"פ ויקרא

| | | | |
|---|---|---|---|
| ד | שני | אחרי תיבת עה"פ. | צ"ל: אסתר שם. |
| כב | ספר | נח: | נח*118): ובמ"מ צ"ל: *118) בהבא לקמן - ראה זבחים קטו, ב ואילך. |
| " | 122) | אחרי תיבת ראה | צ"ל: זבחים שם קטז, א ובפרש"י שם - ד"ה מי. |
| " | השל"ו | אחרי המ"מ 125) | צ"ל: וראה חדא"ג מהרש"א לזבחים שם. |
| לח | ע' | 96. | 69. |

### לשיחת ש"פ צו, שבת הגדול

| | | | |
|---|---|---|---|
| ט | שלימות. | דער | די |
| יז | נאר | פירוש אין דעם | מיותר |
| ל | גאנצן | א | אן |
| מג | כו' | בראשית"194, | בראשית194)", |
| מז | מאמר | בכ"מ | בכ"מ*213 ובמ"מ צ"ל: *213) קונטרס מאמר קדמות ספר הזהר (להרד"ל) ענף שני. ביאור הרד"ל לפרדר"א פכ"ט ס"ק מא. |
| נב | בההתחלת העבוד | | צ"ל: אחד |

### לשיחת אחש"פ

| | | | |
|---|---|---|---|
| ג | 26) | רשב"א | שו"ת הרשב"א |
| מד | אחרי קטע ד"ה וואס | | צ"ל: און וויבאלד אז מ'איז ערשט געבארן געווארן, איז דאס מזרז אז עס דארף זיין דער ענין החינוך, היפך פון "כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו", רח"ל. |

| ע׳ | שו"ה | נדפס | וצ"ל: |
| --- | --- | --- | --- |
| ע | און | ביניהו", | בגווייהו"*368, ובמ"מ צ"ל: *368) זח"ג קלח, א. ובכ"מ. |
| עח | לי׳ | לי׳*418. | לי׳"*418. |
| פ | און | ,23 | ,423 |
| | | לשיחת אחש"פ (קטע) | |
| ט | אז | אחרי חיבת עולים: | צ"ל: ס׳איז כדאי צו מזיק׳ן א"י! |

## שיחת כ״ק אדמו״ר שליט״א להת׳ השלוחים שיחיו הנוסעים לישיבה גדולה דבוענאס איירעס, ארגענטינא, וישיבה גדולה דקאראקאס, ווענעזועלא – אור ליום ג׳, ערב ר״ח אייר ה׳תש״מ

א. דער אויבערשטער זאָל אייך בענטשן און מצליח זיין, יעדערן פון די שלוחים הנוסעים שיחיו, און אַלעמען צוזאַמען, בהצלחה מופלגה אין מילוי השליחות.

וואָס די נקודה הפנימית פון דער שליחות איז (ווי אַלע ענינים פון אַ אידן) — „לשמש את קוני"[1], לעשות לו ית׳ דירה בתחתונים.

ובפרט אַז אייער שליחות איז בנוגע צו לימוד התורה בהתמדה ובשקידה, סיי נגלה און סיי חסידות,

און אויך — אויף מפיץ זיין לימוד התורה, משפיע זיין אויף דער גאַנצער סביבה, די גאַנצע שטאָט און די גאַנצע מדינה צו וועלכע איר פאָרט — אַז אויך דאָרטן זאָל פאַרשפּרייט ווערן, פאַרשטאַרקט ווערן, און נאָכמער נתבסס ווערן לימוד התורה, סיי נגלה און סיי חסידות.

און דער לימוד התורה זאָל זיין אין אַן אופן פון לימוד המביא לידי מעשה[2] — קיום המצוות בהידור.

ב. דער ענין התורה (וואָס דערמיט איז במיוחד פאַרבונדן אייער שליחות) האָט אַ הוראה ושייכות מיוחדת לתקופה זו:

מ׳געפינט זיך דאָך אין אַ תקופה וואָס מ׳דאַרף באַוואָרענען און פאַרהיטן און שולל זיין לגמרי דעם ענין פון „שאַקלען זיך"[3],

וואָס דאָס טוט אויף דער ענין התורה, וואָרום תורה איז דאָך עניָנה „הלא כה דברי כאש"[4] — פונקט ווי זי איז למעלה אַזוי איז זי למטה, אָן קיינע שינויים[5].

און ווי ער זאָגט אין ספר תניא קדישא[6], אַז אע״פ וואָס די תורה האָט יורד געווען מלמעלה למטה און זי האָט זיך אַנגעטאָן „בדיו על הספר", ביז אין טענות של שקר — בלייבט זי אָבער אין אַן אופן פון „אורייתא וקוב״ה כולא חד".

ג. דער ענין אַז תורה איז העכער פאַר שינויים — קומט אַרויס בגלוי אויך אין אייער שליחות:

איר פאָרט דאָך אַהינצו לערנען תורה, סיי נגלה און סיי חסידות — דאַרף דער לימוד התורה דאָרטן זיין פונקט ווי איר האָט דאָס געלערנט דאָ, און פונקט ווי מ׳האָט דאָס געלערנט אין ליובאַוויטש, וואָס דאָס קומט בהמשך צו — ווי מ׳האָט דאָס געלערנט גלייך נאָך מ״ת, ביים באַרג סיני.

משא״כ אין שאר הענינים (ניט לימוד התורה) — איז וויבאַלד אַז מ׳געפינט זיך אין באַזונדערע מדינות, איז דאָ אַ חילוק בין מדינה למדינה ווי מ׳דאַרף זיך פירן.

---

1) ראה קידושין בסופה.

2) ראה קידושין מ, ב.

3) ראה שיחות שנה זו: י״ג (אור לי״ד) ניסן, יום ד׳ דחוהמ״פ, שק״מ אייר (בבי׳ מ״ב דפ״א דאבות „. . העולם עומד על התורה. .") — לעיל ע׳ 203 ואילך. ע׳ 212 ואילך.

4) ירמי׳ כג, כט.

5) ראה ברכות כב, א.

6) פ״ד ורפ״ה.

ד. ענין הנ״ל (דער אויפטו פון תורה, אַז אין איר איז ניטאָ קיינע שינויים בין מדינה למדינה) איז נאָכמער מודגש אין דער מדינה צו וועלכע איר פאַרט:

די מדינה צו וועלכע איר פאַרט איז ניט בחצי כדור זה, נאָר אין דעם חצי הכדור וואָס איז אין דעם צווייטן זייט פון דעם קו השוה.

וואָס בשעת אין דעם חצי הכדור איז קיץ (ווי עס הויבט זיך איצטער אָן), איז אין יענעם חצי הכדור — חורף.

וואָס דער חילוק פון קיץ און חורף דריקט זיך אויס אויך אין עבודת האדם „לשמש את קוני"[7], וואָרום עס דאַרף דאָך זיין „כל מעשיך יהיו לשם שמים" און „בכל דרכיך דעהו"[8] — און ס'איז דאָך פאַרשטאַנדיק אַז די „מעשיך" און „דרכיך" (עניני הרשות) זיינען ניט גלייך בימות הקיץ ובימות החורף.

ביז אַז אפילו אין דעם ענין התפלה זיינען דאָ שינויים לפי מצב המדינות, ובכללות — דער חילוק צווישן חצי כדור זה און חצי כדור השני (וואָס בשעת דאָ איז קיץ איז דאָרטן חורף):

עס איז דאָ אַ שקו״ט אין אחרונים, ביז להלכה בפועל[9] — אַז וויבאַלד אַז בשעת אין חצי כדור זה איז קיץ איז אין חצי כדור ההוא חורף, ובמילא איז דאָרטן ימות הגשמים פון חודש ניסן ביז חודש תשרי, און ימות החמה פון חודש תשרי ביז חודש ניסן — זאָל מען מאַכן שינויים בנוגע צו שאלת ותן טל ומטר לברכה (און לדעת רוב האחרונים אויך בנוגע צו הזכרת משיב הרוח ומוריד הגשם).

משא״כ בנוגע צו לימוד התורה — אין „התורה היא נצחית"[10], לימוד התורה בתקפה כל השנה כולה (כולל אַלע אירע תקופות), אַן שינויים, איז פאַרשטאַנדיק, אַז עס איז קיין נפק״מ ניט צי לימוד התורה איז אין דער מדינה אין חצי כדור הזה (ווען ס'איז קיץ), אָדער אין יענער מדינה אין חצי כדור ההוא (ווען ס'איז חורף)[11].

ה. האמור לעיל (בנוגע צו שינויים אין שאלת ותן טל ומטר פון חצי כדור זה לגבי חצי כדור ההוא) האָט קיין שייכות ניט מיט דער קביעות פון ר״ח (און פון היינט — ערב ר״ח) און ימים טובים — וואָס די ענינים זיינען בכל המדינות בשוה. והטעם:

קביעות החדשים איז פאַרבונדן מיט ביד ואה״ק ובפרט מיט ירושלים[12], וואָרום · בשעת מ'פלעגט מקדש זיין החודש ע״פ הראי׳ — פלעגט מען

---

7) ולהעיר ש„בקיץ העבודה בקל יותר מבחורף" (סד״ה ביוהשמע״צ תרל״ב, עזר״ת (הב׳ — סה״מ עזר״ת ע׳ לח). לקו״ש ח״א ע׳ 4).

8) אבות פ״ב מי״ב. משלי ג, ו. וראה רמב״ם הל׳ דעות ספ״ג. טושו״ע או״ח סרל״א. שו״ע אדה״ז או״ח סקנ״ו ס״ב.

9) שו״ת תורת חיים (למהרח״ש) ח״ג ס״ג. בית אברהם ע׳ 34 ואילך. משפטי עוזיאל מהדו״ת ס״י. הר צבי או״ח סנ״ז (וכנראה לא ראה ס׳ הנ״ל מדאינו מזכירם כלל). שבט הלוי או״ח סכ״א. — רובם צויינו בשערים מצויינים בהלכה לקיצור שו״ע סי״ט סק״ג. „נועם" ח״א ע׳ צג־צה (בהערה).

10) תניא רפי״ז ובכ״מ.

11) אף שנתפשט המנהג בכל תפוצות ישראל לשנות סדר הלימודים בת״ת וישיבות בסוף הקיץ דכל מדינה — הי׳ מטעמי בריאות וכיו״ב ובדומה לשינוי הסדר כשהתלמיד חלוש וכו׳.

12) שהרי רק באם לא הניח כמותו באה״ק מקדשין בחו״ל (רמב״ם הל׳ קדה״ח ספ״א), ומקום „סנהדרין שבארץ ישראל" שהם היו מקדשין את החודש (רמב״ם שבהערה הבאה) — הוא „אצל המזבח" (ירושלמי מכות פ״ב ה״ו. מכילתא ס״פ יתרו. משפטים כא, יד. פרש״י ר״פ משפטים).

מקדש זיין ע״פ ראיית הלבנה באה״ק (און ניט בכל מדינה בפ״ע)[13].

ועד״ז אויך איצטער וואס קביעות החדשים איז ע״פ החשבון — איז „אין אנו סומכין אלא על בני ארץ ישראל וקביעתם כו׳״[14].

ובמילא איז פארשטאנדיק בנוגע צו קביעות המועדים פון חג המצות און חג הסוכות[15] וועלכע איז ביום החמשה עשר בחודש,

וגם בנוגע צו חגה״ש, וואס חגה״ש איז פארבונדן מיט מנין האדם[16] — איז התחלתו פון מנין האדם אויך פארבונדן מיט חמשה עשר בניסן (פסח).

אבער בנוגע צו דעם זמן ביום, איז ר״ח און די ימים טובים בכל מדינה ומדינה „לפי הזמן הימים והלילות שלה״[17],

און ווי תיקון חצות (וואס איז פארבונדן מיט דער רגע פון חצות), וואס איז בכל מדינה ומדינה לפי זמנה —

דאס האט אבער קיין שייכות ניט לענינינו — ווי דער אלטער רבי איז מאריך אין שו״ע וכו׳[18], און נאכמער בארוכה — דער מיטעלער רבי[19], וכמדובר כמ״פ.

• • •

ו. ויה״ר אז אייער נסיעה זאל זיין בהצלחה רבה ומופלגה למעלה מהמדידה פון זמן ומקום.

ובפרט אז אייער נסיעה איז פאר־בונדן מיט לימוד התורה, וואס תורה איז אויך למעלה מזמן ומקום, „חיי עולם״[20], וכידוע דער חילוק צווישן תורה און תפלה, אז תורה איז „חיי עולם״ און תפלה איז „חיי שעה״[20], ובארוכה מבואר אין חסידות[21], און ווי ס׳איז פאר־שטאנדיק אויך בפשטות, וואס אין ענין יוצא מידי פשוטו.

און דער לימוד התורה, וואס איז „חיי עולם״, זאל דערנאך נמשך ווערן אין אייער הנהגה, און אין דער הנהגה פון דעם גאנצן ארום — אז מ׳זאל איבער־מאכן, אז אויך „חיי שעה״ זאלן ווערן „חיי עולם״.

• • •

ז. בכדי צו מקשר זיין דאס מיט מעשה בפועל — וועט מען געבן יעדערן פון אייך:

אן ענין פון „ציון במשפט תפדה״[22], תורה[23] — געבראכט אין די מכתבים כלליים וועלכע זיינען געשריבן געווארן בקשר מיט חג הפסח, אבער (ווי געשריבן דארטן גופא) — על מנת צו ממשיך זיין די ענינים בכל השנה כולה,

---

13) רמב״ם הל׳ קידוש החודש פ״ה. ספ״ח.

14) שם ספ״ה.

15) ובתר״ח דלקמן הערה 19: „עד שיוכל להיות שבאותו יום שחג הפסח אצלינו אז הוא חג סוכות באקלי״ם שתחתינו וכיוצא בזה מצפון לדרום וכו׳״. וכנראה הכוונה לתקופת חג הפסח (אביב) ולתקופת חג הסוכות (אסיף) — וראה אוה״ת (משפטים ע׳ איקעח ואילך. פינחס ס״ע אריב ואילך. ועוד) הבי׳ דשייכות המועדים לתבואת הארץ דוקא.

16) ראה שו״ע אדה״ז או״ח רסתצ״ד. ולהעיר מלקו״ש ח״ז ע׳ 285 ואילך.

17) לשון אדה״ז בשו״ע שבהערה הבאה.

18) שו״ע או״ח מהדו״ב ס״א ס״ח. סה״מ תקס״ו ע׳ מג ואילך.

19) תו״ח שמות שמט, ב ואילך.

20) שבת י, א ושי״נ.

21) סידור עה, א ואילך. אוה״ת ואתחנן ע׳ קנ ואילך. ובכ״מ.

22) ישעי׳ א, כז.

23) לקו״ת דברים א, סע״ב.

און אן ענין פון „ושבי׳ בצדקה״[33] — אויף געבן לצדקה דאָ קודם הנסיעה, און אויף געבן לצדקה גלייך ווי איר וועט אנקומען דאָרטן על אתר.

און דאָס זאָל אויך זיין אַ התחלה טובה אויף דער הצלחה רבה פון די אַלע פעולות דאָרטן,

און אַ הכנה קרובה צו „ציון במשפט תפדה ושבי׳ בצדקה״ — גאולה האמיתית והשלימה ע״י משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

• • •

[נתן לכאו״א מהשלוחים שיחיו: לקו״ש מכתבים כלליים לחגה״פ ש.ז. ושני שטרות של דולר.

להרב מ. פ. שיחי׳ מנהל המוסדות ד„קאראקאס״ — כנ״ל להשלוחים שיחיו, ועוד שני דולר.

אח״כ אמר להורים ולהסבים וסבתות שיחיו שנכחו:

אַ גרויסן יישר־כח פאַרן אויפהאָדעוועןן אזוינע קינדער.

איר זאָלט זען פון זיי אַ סאַך אידישן און חסידישן נחת, און מיטנעמען דעם נחת לאורך ימים ושנים טובות, טובות בגשמיות וברוחניות.

אויף פאַרבינדן דאָס מיט אַן ענין של פועל — וועט מען אייך געבן (ווי מ׳האָט געגעבן אייערע קינדער) געלט על מנת צו אָפּגעבן אויף צדקה: איין דולר לזכות עצמו, און דעם צווייטן — לזכות פון די שלוחים שיחיו,

און איר זאָלט מרבה זיין בתורה ומצוותי׳, ומתוך שמחה וטוב לבב.

נתן לכאו״א מהנ״ל שני שטרות של דולר].

## בס"ד. ברכת כ"ק אדמו"ר שליט"א להת' השלוחים שיחיו
## הנוסעים לישיבה גדולה דסיאטל
## – יום ג', ערב ר"ח אייר ה'תש"מ.

פארט געזונטערהייט, און עס זאל זיין בהצלחה רבה.

[נתן לכאו"א מהשלוחים שיחיו שיחת יום ד' דחוהמ"פ, ערב ימים האחרונים דחגה"פ שנה זו, ואמר]:

אזוי ווי עס רעדט זיך אין דער שיחה וועגן פסח שני — זאל מען דאס ממשיך זיין בכל השנה כולה.

און מסתמא וועט מען זיך משתדל זיין אין דעם, וועט זיין „יגעתי ומצאתי"*.

פארט געזונטערהייט, און מ'זאל הערן פון אייך בשורות טובות.

---

*) מגילה ו, ב.

בס"ד. שיחת י"ד אייר, פסח שני ה'תש"מ. הנחה פרטית בלתי מוגה

א. דער ענין פון פסח שני, וואס דאס איז דאך דער המשך אויף פסח ראשון, ווארום ער איז דאך בדוגמא פון פסח ראשון וואס די שחיטת הפסח איז דאס געווען בין הערביים בארבעה עשר בניסן, און דערנאך איז געווען דער אכילת הפסח די לילה שלאח"ז.

און אזוי איז אויכעט נמשך אז אזוי איז געווען ביי פ"ש, אז שחיטתו איז געווען בארבעה עשר באייר בין הערביים, און אכילתו איז געווען בלילה שלאח"ז, וואס דאס איז בדוגמא פון איצטער.

און אכילתו (בנוגע צו פסח) האט א ספעציעלע וויכטיקייט, וואס בשעת מ'איז שוחט את הפסח דארף מען שוין האבן די מנויים על הפסח בנוגע לאכילתו, און א תנאי אז ווער קען זיין מנוי על הפסח, איז דאס דוקא אזא וואס איז ראוי לאכילה, מיט אלע פרטים וואס זיינען דערמיט פארבונדן.

ביז וואנעט אז מ'זאגט אז אכילת הפסח ווערט א באזונדערע מצוה, ניט ווי בא אנדערע קרבנות, אז אכילת הקרבן (ביי קרבנות הנאכלין) מיט הקרבת הקרבן איז גערעכנט במנין המצוות ווי איין זאך, לדעת כו"כ איז בנוגע צו פסח איז דאס צוויי באזונדערע מצוות און ציוויים.

וואס דאס איז נאכמער מדגיש דער גודל העילוי פון אכילת הפסח, ובפרט כמבואר בארוכה אין די וואס זיינען מבאר די גדרים פון קרבנות.

וואס דאס איז נאכמער מדגיש דער ענין פון דער לילה הבאה לאחרי ארבעה עשר בניסן, און דערפון ווערט דערנאך אזוי נמשך אין פ"ש, צו דער לילה וואס קומט לאחרי היום פון י"ד באייר.

וואס דאס איז בזמן שביהמ"ק הי' קיים, עאכו"כ אז דאס איז אזוי לאחרי וואס אין ביהמ"ק, וואס דעמאלט במקום שחיטת הפסח קומט א ענין רוחני וואס ער לערנט די הלכות אדער ער זאגט תפלות,

וואס בדוגמא ווי תפילות במקום קרבנות תקנום, עד"ז איז דאך אויכעט זכר לפסח, עד"ז זכר לפ"ש איז א מנהג, וואס מנהג ישראל תורה הוא בכמה מקומות, אז מ'זאל עסן מצה בפ"ש וואס דעמאלט איז דאך פשט המנהג אז ווען איז די אכילת מצה, בדוגמא ווי ס'איז געווען די אכילת הפסח, בלילה וואס לאחרי י"ד באייר.

וואס דער חילוק אין דערויף, אז דער זכר און די דוגמא אויף די הקרבת הפסח איז ניט אין א ענין של עשי', ע"ד ווי ס'איז געווען אין די הקרבה נאר א ענין אין דיבור אדער מחשבה.

וואס אמת טאקע ביי א קרבן איז לשם שישה דברים הקרבן נשחט, ס'איז דער ענין המחשבה א ענין עיקרי, אעפ"כ איז בפועל מוז דאך זיין די עשי', און בנוגע צו מחשבה קען מען זיך פארלאזן אויף לב בי"ד מתנה אליין כמדובר ומבואר בכ"מ,

משא"כ דער זכר וואס מ'מאכט לזה, איז צו די שחיטה און די הקרבה מאכט מען ניט אין דעם זעלבן סוג וגדר פון עשי', נאר מ'מאכט דאס אין דעם סוג וגדר פון דיבור ומחשבה.

משא"כ בנוגע לאכילת הפסח, סיי פ"ר און סיי פ"ש, אין דערויף איז דער זכר אויכעט אין א ענין של אכילה בפועל.

ווי מ'זאגט בנוגע לפ"ר אז "זכר למקדש" - "כן עשה הלל", איז דעמאלט איז דערנאך דער ענין האכילה, עד"ז איז אויכעט נאך כמה ענינים וואס זיי זיינען פארבונדן מיט אכילת הפסח קומען זיי דערנאך אין מנהגי ישראל, עד"ז אויכעט בנוגע לפ"ש.

דערפון איז אויכעט פארשטאנדיק בנוגע צו ענינים וואס מ'דארף אפלערנען, וואס התורה היא ניצחית, איז די הוראה בזה ניצחית, איז דאך אויכעט דא די הוראה פון פ"ש, כמבואר און געהייסן דאס מפרסם זיין און אפדרוקן פון נשיא דורנו דער רבי דער שווער, אז דער ענין פון פ"ש איז אז "ס'איז ניטא קיין פארפאלן", און אלעמאל קען מען פאריכטן און מתקן זיין, ביז אפי' אויב דאס איז געווען (ווי שוין געדרוקט) א "טמא" אדער "בדרך רחוקה", און אפי' אז דאס איז געווען "לכם" - מרצונו אעפ"כ איז ניט שפעט און מ'קען דאס דערנאך מתקן זיין.

איז אויכעט דערפון פארשטאנדיק אז אע"פ ווי אין דרך הישר פון יעדער אידן, איז דארף דאך זיין אידער ער טוט א זאך, דארף זיין ווי דאס גייט אדורך בא אים אין מחשבה כדי ער זאל טאן די זאך בשלימותה, און דערנאך איז פון מח' ביז מעשה איז דאך דא דער ענין פון דיבור, און אעפ"כ איז המעשה הוא העיקר.

עד"ז אויכעט בנוגע צו כללות הענין פון מתקן זיין, וואס דאס איז דאך דער ענין התשובה איז דאך לכאו' עיקר התשובה (ווי ער ברייננגט אראפ אין תניא) איז בלב.

און ווי אויכעט דער פס"ד מפורש אין די גמ' אין קידושין, אז הרהר תשובה איז אין וואס פאר א מעמד ומצב ער איז געווען אין א רגע לפנ"ז, איז הרהר תשובה - א ענין שבמחשבה ווערט דאס א ענין מן הקצה אל הקצה - א צדיק, און ווי דער אלטער רבי ברייננגט אראפ די גירסא צדיק גמור.

איז דאך לכאו' שוין די גאנצע זאך אפגעטאן, איז אעפ"כ זאגט מען אז מ'דארף דערנאך האבן (בל' הקבלה) די כלי וואס דערפאר מוז דאס אראפקומען פון מח', פון דער הרהר אין דיבור און מעשה וואס המעשה הוא העיקר.

ביז וואנעט ווי דער אלטער רבי ברייננגט אראפ אין אגה"ת, אז דעמאלט דארף דאך זיין א מעשה אין א אופן אז אויב הי' רגיל לקרוא פ"א אדער לקרות פסוק א' דארף דערנאך זיין כפליים להושי' ב' פסוקים און ב' ענינים אין תושבע"פ, אז ס'דארף נאך זיין די מעשה א מעשה בכפליים.

און אט דעמאלט האט מען אויך די הבטחה, ווי ער ברייננגט אראפ אין מדרש און חסידות איז דאס מבואר בארוכה, אז וויבאלד אז די תשובה איז בכפליים איז דערנאך אויכעט פארשטאנדיק אז די נחמה איז בכפליים, וואס דער שכרו של הקב"ה איז אויכעט בכפליים.

וואס דאס איז דער כללות הענין וואס במקום שבע"ת עומדים איז אפי' צ"ג אינם יכולים לעמוד שם:

בא א צ"ג ובפרט נאך ווי ער קומט צו דעם מעמד פון א בע"ת, איז דאך פארשטאנדיק אז וואס הייסט בא אים שכר, אז ער קען דערנאך לערנען תורה און מקיים זיין מצוות בתכלית השלימות, און וויבאלד אז מ'זאגט אז דער שכר איז בכפליים איז דאס בא אים נאך בתכלית השלימות מיט א גרעסערע שלימות אין עשי' בפועל, ווי ס'איז געווען זיין הנהגה צוזאמען מיט דער שכר וואס מ'האט אים אין דערויף געגעבן בשעת ער איז געווען אין דער דרגא פון א צ"ג.

וואס דערפון קומט ארויס די הוראה לפועל, פון פ"ש אין דעם מאמר פון נשיא דורנו, אז ס'איז דער אפלערנען אז ס'איז ניטא קיין פארפאלן און מ'קען אלעמאל מתקן זיין:

אז דער תיקון איז ניט נאר אין דער מדה ווי ס'איז געווען פריער ווען ער וואלט געווען א הולך ישר ווי פ"ש, נאר דער תיקון איז אין א אופן פון כפליים - צוויי מאל אזוי פיל,

וכמדובר כמ"פ אז דא איז ניט דער סייטש כפליים - צוויי מאל אזויפיל אין כמות, נאר דאס איז כפליים - צוויי מאל אזויפיל אז דאס איז צווייענדיקע עבודות סיי אתכפיא און סיי אתהפכא מיט אלע ביאורים שבדבר.

וואס וויבאלד אז דאס איז צוויי דרגות אין עבודה ווערט דאס אנגערופן בשם כפליים, אבער אין די דרגות גופא איז דאך סיי די כמות און סיי די איכות שלא בערך, ווארום דאס איז דאך אין א אופן פון פסח ודלג - אין א אופן פון איבערשפרינגען - ניט ער גייט מדרגא לדרגא, נאר ער שפרינגט אריבער למעלה ממדידה והגבלה אפי' פון מדידה והגבלה דקדושה, איז דאס סיי בכמות און סיי באיכות.

וואס דערפון איז אויכעט פארשטאנדיק בנוגע צו דער הוראה וואס מ'נעמט פון פ"ש בנוגע צו זיך און בנוגע צו א צווייטן אידן, אז ס'איז ניטא קיין פארפאלן מ'קען אלעמאל מתקן זיין אפי' אזא זאך וואס איז געווען "לכם" מאיזה סיבה שתהי', און מתקן זיין דאס נאך אין אזא מין אופן אז ס'ווערט כפליים, און אין די כפליים ווערט דאס לתושי', וואס דאס באווייזט דאך אויף א ענין שלא בערך.

און בפועל, והמעשה הוא העיקר, אז ער קען אויפטאן כמה פעמים ככה, סיי בכמות און סיי באיכות, וויבאלד אז מ'האט דעם סיוע פון דעם יום זכאי פון פ"ש.

וכמדובר כמ"פ בנוגע צו די ענינים וואס ע"פ תורה זיינען זיי אחת בשנה, איז ווי פארשטאנדיק אין לקו"ת פ' ברכה, איז די כוונה בזה אז די המשכה ווערט דערנאך נמשך על כל השנה כולה ביז מ'וועט האבן דעם פ"ש אין תשמ"א,

אז במשך כל ימים אלו קען מען טאן אין כפליים לתושי' אין די אלע ענינים וואס מ'דארף משלים זיין אויכעט אין דער אפטייטש אין "משלים זיין" - ניט נאר באצאלן א חוב נאר אויך פון ל' שלימות, ובל' הרגיל ניט נאר "די מחסורו אשר יחסר לו" נאר אויכעט אתה מחוייב לעשרו אין א אופן של עשירות, ביז צו דער עשירות אמיתית וואס דאס איז פארבונדן און וועט זיין אין דער גאולה האמיתית והשלימה.

וואס דא איז דאך אויכעט דער אפטייטש פון שלימה ביידע אופנים, מתחילה אז דאס איז משלים את החסר, און דערנאך איז אויכעט שלימה פון ל' שלימות.

בקרוב ממש במהרה בימינו בביאת מ"צ, וואס דעמאלט וועט מען דאך זיין אין שלימות פון תורה, במילא איז דאס פארבונדן וואס דאס ברייגנט אראפ שלימות אין עם ישראל פאר יעדער אידן און בא אלע אידן, ברייגנט דאס אראפ בגלוי אויכעט שלימות ארצנו הק', "ארץ גו' אשר תמיד עיני ה"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה", במהרה בימינו ממש.

* * *

ב. וואס לכאו' אויף דעם ביאור אז פסח שני איז ענינו אז ס'איז ניטא קיין פארפאלן און מ'קען אלעמאל מתקן זיין, איז דאס דאך לויט דער דיעה בנוגע צו פסק הלכה אז פ"ש איז ענינו מערניט ווי תשלומין.

אז דער וואס איז געווען ווי ער זאגט מי גו' טמא או בדרך רחוקה לכם, איז דעמאלט איז "ועשה פסח" בחודש השני.

משא"כ דא ווערט אבער די שאלה, דער רמב"ם פסק'נט דאך דער דין אז קטן שנתגדל בין פ"ר לפ"ש איז ער מחוייב אויף ברייגנען א פ"ש, וואס דעמאלט איז דא,

ניט שייך צו זאגן אז דאס איז תשלומין, ווארום א קטן איז דאך ניט מחוייב במצוות?

אויף דערויף וואלט מען געקענט פארענטפערן, אז ס'איז דא דער אויסנאם בנוגע צו פ"ר וואס "אינו נאכל אלא למנוייו", און אעפ"כ איז דאך אויכעט "שה לבית" - אז ער איז מונה בנו ובתו הקטנים -

ביז ווי דער רמב"ם פסק'נט דער דין אז א קטן וואס מ'האט פאר אים געבראכט דער ק"פ - פ"ר, איז ער פטור פון פ"ש, אע"פ וואס דעמאלט איז ער געווען א קטן.

איז דאס אויכעט א ענין וואס דאס איז תשלומין, ווארום מ'וואלט געקענט ברייגגען אויף אים פ"ר בניסן, וואלט ער דעמאלט ניט געדארפט ברייגגען דער פ"ש באייר.

די קשיא ווערט אבער פון גר שנתגייר בין פ"ר לפ"ש:

וואס דעמלאט איז דאך ניט שייך צו זאגן אז ס'איז געווען אויף אים עפעס א חיוב בניסן בפ"ר, אז ער האט זיך מגייר געווען בין פ"ר לפ"ש!

און דער רמב"ם פסק'נט אין דער זעלבער הלכה אז ער דארף ברייגגען א פ"ש!

קען מען דאך אויף דערויף ניט זאגן דעם ענין פון תשלומין אפי' ניט אויף דעם אופן ווי דאס איז בא א קטן.

וואס אע"פ וואס אין פנימיות הענינים, וואלט מען דאס געקענט פארענטפערן לויט דער דיוק וואס דער חיד"א ברייגגט אראפ, וואס דער ל' איז קטן שנתגדל, עד"ז עבד שנשתחרר אדער שפחה שנשתחררה, משא"כ בא א גר איז ניט מ'זאגט נכרי שנתגייר אדער אינו יהודי שנתגייר נאר גר שנתגייר.

און ער איז מבאר אז וויבאלד אז דאס איז מתאים ווי ער זאגט אין פדר"א אז די נשמות פון די גרים זיינען אויכעט געשטאנען במעמד הר סיני, און מ'האט זיי אויכעט געגעבן די תורה, נאר וואדען, ס'ווערט נתגלה אז ער איז א גר בשעת ער איז נתגייר געווארן, אבער דעמאלט ווייס מען אז מלכתחילה איז ער געווען א גר.

וואס אפי' מ'זאל דאס וועלן זאגן בדוחק און ע"פ פנימיות הענינים, האט דאס אבער קיין ארט ניט צו זאגן אז דאס איז תשלומין בנוגע אין נגלה און אין פס"ד ביז אין הלכה.

וואס אט דא קומט אריין נאך א ביאור:

[וואס דאס איז אויכעט מיוסד אויפן כלל פון נגלה דתורה אז וויפל מ'קען ממעט זיין במחלוקת דארף מען ממעט זיין, דערפאר אז מ'געפינט א פלוגתא, איז מען זיך משתדל ומתייגע ביז אפי' צו זאגן און פארענטפערן בדוחק, אבי ס'זאל ניט זיין קיין סברות הפכיות, אפי' ניט קיין סברות קיצוניות, נאר אויף וויפל מ'קען מקרב זיי די דיעות ביניהם].

וואס דאס איז ע"פ האמור לעיל אז תשלומין האט אין זיך צוויי אפטייטשן: דער אופן הפשוט אין תשלומין אז ער באצאלט א דבר שנתחייב בו, בדוגמא פון א תשלום פון א הלוואה וואס ער האט געליען, הפנקס פתוח והיד כותבת, ווי מ'זאגט דאס בנוגע לכל עניני והנהגת האדם, וואס דאס איז במובן המצומצם אין דעם אפטייטש פון תשלומין, אז ס'איז דא א חיוב און ער איז מסלק דער חיוב עכ"פ מיט א צייט שפעטער מיט א חודש שפעטער.

תשלומין האט אבער אין זיך אויך דער אפטייטש מל' שלימות, וואס אע"פ וואס דאס איז ניט א חוב כפשוטו, ס'פעלט אבער בשלימותו.

וואס דאס איז דער צד השוה: ס'קען פעלן אין שלימות אויף צוויי אופנים, אדער דאס איז א ענין וואס עס פעלט דערפאר וואס ער איז געווען **מוכרח** דאס טאן און ער האט דאס ניט געטאן, אדער דאס איז א ענין וואס אע"פ אז מ'קען אים ניט מכריח זיין אבער אים פעלט אין שלימות, און דורך וואס איז ער משלים די שלימות - דורך דערויף וואס ער טוט נאך א דבר נוסף.

ביז אז דאס האט אויכעס א נקודה משותפת [ווי דערמאנט אויכעט אין א פריערדיקע התוועדות] אז ס'איז דא אין עבודה שבמקדש - וואס בדוגמת זה איז עבודת כל אדם אני נבראתי לשמש את קוני, איז דאך דאס בדוגמא פון עבודת הכהן אין ביהמ"ק וואס דארטן איז אויך געווען עבודתו אלס א בא-כח פון יעדער אידן און אלע אידן "נתונים נתונים המה לה' מבנ"י", אפי' לויט דער דיעה וואס כהני שלוחי דרחמנא אנן, וואס איז כאן המקום להאריך בזה.

איז אין דערויף אויכעט דא די ביידע אופנים, אז ס'איז דא אן עבודה וואס ער טוט איר אפ אלס וואס מ'דארף טאן אין דער עבודה, פונדעסטוועגן זאגט מען אז די עבודה ווערט ניט אנגערופן בשם עבודה תמה.

און דאס איז א נפק"מ אויכעט לדין בפועל, ניט דערפאר וואס אים פעלט עפעס אין דער עבודה נאר נאך דער עבודה דארף קומען נאך א עבודה, וואס אע"פ וואס זי איז אן עבודה בפ"ע איז זי משלים די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט די עבודה שלפנ"ז.

ווי מ'זאגט דארטן בנוגע צו קבלת הדם, וואס "מקבלה ואילך" איז דאך "מצוה בכהן", אבער קבלה איז ניט קיין עבודה תמה, ווארום ווען ווערט זי בשלימות ווען ער איז זורק את הדם ע"ג המזבח, אע"פ וואס קבלת הדם האט ער אפגעטאן בשלימותו, איז אבער דא אין דערויף אויכעט א ענין, אז דאס ווערט ניט נאר שלם נאר אויכעט עבודה תמה, וואס דאס איז דורך א ענין וואס ס'קומט דערנאך צו זריקת הדם ע"ג המזבח.

וואס עד"ז איז אויכעט אין תשלומין, די ביידע ענינים בדוגמא ווי דערמאנט פריער, אז "די מחסורו אשר יחסר לו" ס'פעלט בפועל אין אים גופא "יחסר **לו**", דערנאך איז דא א ענין "לעשרו" - וואס דעמאלט ווערט בא אים דער ענין בשלימות.

וואס דאס גופא - ווייבאלד אז ביידע פשטים זיינען דא אין דעם זעלבן ווארט איז פארשטאנדיק אז זיי האבן צווישן זיך א שייכות, ווארום בדוגמא ווען ער באקומט עשירות, איז אפי' אז פריער האט ער געהאט אינגאנצן דער "די מחסורו אשר יחסר לו" באטראכט ער דאס ניט אז ער איז דעמאלט געווען ווי ס'דארף צו זיין נאך דערויף וואס ער ווערט א עשיר.

עד"ז איז אויכעט בנוגע צו דעם ענין ווי דאס איז אין עבודה, ווי דאס איז בכל הענינים - אז אמת טאקע במעמדו ומצבו עתה האט ער באצאלט אלע זיינע חובות.

בשעת ער באטראכט זיך בערך ווי ער וועט זיין מארגן אדער לאחרי זמן אדער לאחרי העבודה שלאח"ז, איז אט דעמאלט ווערט בא אים דער געפיל אז דאס איז "מחסורו אשר יחסר לו" -

ביז ווי דאס קומט אראפ בפועל, אין דעם דין פון "די מחסורו" און "א"א מחוייב לעשרו", פסק'נט אפ די גמ' אז דער דין איז אז אויב "הי' רגילי" אז ס'זאל זיין חמישים איש רצים לפניו, דארף מען אים צושטעלן חמישים איש רצים לפניו, ווייבאלד אז דאס איז זיין רגילות.

וואס דערפון איז אויכעט פארשטאנדיק אז אויב אז מחשבתו של אדם שם הוא נמצא ווערט דאס זיין רגילות, איז נאך פון פריער איז דער חמישים איש רצים לפניו איז דאס א ענין וואס דאס איז שלימות ניט נאר לויטן צווייטן אפטייטש נאר אויכעט שלימות נאכן ערשטן אפטייטש - מל' תשלומין.

פון וואנעט ווייס מען אבער אז ער איז רגיל אין חמישים איש רצים לפניו און דאס איז "די מחסורו"?

אט דא קומט אריין דער אפטייטש פון "גר שנתגייר":

לאחרי אז ער האט זיך מגייר געווען איז דאך דעמאלט נתגלה געווארן אז מצד זיין נשמה [וואס הנשמה עיקר והגוף טפל] איז ער אזא מין וואס איז מחוייב אין מצוות התורה.

ווי מ'זאגט במיוחד אין די פרשה פון פ"ש, און דארטן איז מען מ...ש אז א גר שנתגייר - "האזרח", דארף זיך אויך פירן ווי האזרח אשר לכם.

וואס בשעת ער איז זיך מתגייר ווערט נתגלה אז ער איז א גר שנתגייר, במילא האט ער שוין אויך געהאט מצד נשמתו א שייכות צו דעם ענין פון פ"ר, במילא ווערט דאס אויכעט א ענין אז ס'איז ניטא קיין פארפאלן, אז אע"פ וואס דעמאלט האט ער זיך נאך ניט מגייר געווען, און וואס נאכמער בזה: א גיור הייגנגט ניט אפ אין אים, ווי די גמ' איז מחלק צווישן א קטן שנתגדל און א שפחה שנשתחררה, א שפחה שנשתחררה איז דאס ניט תלוי בה, א גר שנתגייר איז אויך ניט אינגאנצן תלוי בו ווארום ער דארף אנקומען צו א בי"ד מישראל, וואס דוקא דורך דערויף קען ער ווערן א גר שנתגייר.

- ער מעג האבן דעם רצון און מעג זיך טובל זיין אין מקוה, און מעג זיך אליין מל זיין, און טאן כל הענינים, ס'דארף אבער זיין א ענין של משפט - ס'מוז זיין אז נאך דריי אידן זאלן מסכים זיין און זיי זאלן זיך אין דערויף משתתף זיין און מקבל זיין די גירות שלו.

און אעפ"כ זאגט מען אז ס'ווערט נתגלה למפרע, איז במילא האט אים געפעלט מצד הנשמה דעם ענין פון פ"ר.

וואס דאס איז דער צד השוה אין ביידע אפטייטשן פון "תשלומין".

און דאס איז אויכעט די הסברה, נוסף אז אע"פ אז מ'דארף לכאו' גאר ניט אנקומען צו די גאנצע הסברה, אפי' אז מ'זאל זאגן אז דער ענין פון "גר שנתגייר" האט אין זיך גארניט דער ענין פון תשלומין, איז דאס אויך ניט קיין סתירה צו דער מאמר רבינו נשיאנו אין דעם ענין פון פ"ש, אז דער ענין איז אז ס'איז ניטא קיין פארפאלן, ווארום ווי קומט דער דין אז "גר שנתגייר" איז מחוייב בפ"ש, דורך דערויף וואס ס'איז געווען די טענה פון "למה נגרע",

- וואס למה נגרע איז דאס א ענין פון גרעון, און זיי האבן געמאנט אז זיי ווילן האבן אט דאס וואס איז חסר און נגרע מהם, וואס דאס איז געווען די סיבה.

דערנאך איז דער מסובב - ווי גערעדט פריער, קען זיין כמה אופנים אז א מסובב זאל ווערן גרעסער פון דער סיבה, אויכעט בענין מה"ת, ווי מ'געפינט אז מה"ת איז א גר שנתגייר דארף ברענגען א פ"ש אע"פ וואס די סיבה ראשונה איז געווען דער ענין פון פ"ש און דער טענה פון "למה נגרע".

ס'קומט אבער צו אין דערויף נאך מער הסברה, אז מ'דארף ניט מכריח זיין נאר דא איז דער מסובב העכער פון די סיבה, און דאס איז אויכעט מתאים מיט דער לשון "תשלומין" - אז דאס ברענגט אריין שלימות, און אזא מין שלימות וואס במעמדו

ומצבו האט דאס א צד השוה מיט א תשלום א דבר החסר, וויבאלד אז ער איז א גר שנתגייר אדער א קטן שנתגדל וכו'.

וואס אט דא קומט צו נאך א הוראה נוספת אין דעם ענין פון פ"ש בנוגע צו דער עבודה:

וואס ווי דערמאנט פריער אז די הוראה בזה איז אז מ'דארף טאן מיט זיך, מ'דארף טאן אויכעט מיט דער זולת פון יעדער אידן צו וועלכן ער קען דערגרייכן ביז אין אן אופן פון כפליים לתושי'.

איז וויבאלד אז מ'זאגט בנוגע גר שנתגייר אז גליא מילתא למפרע אז ער האט געקענט און געהאט א שייכות צו פ"ר, אע"פ וואס דעמאלט האט ער ניט געטארט ברייינגען קיין פ"ר, ווי די מעשה הידועה אין מס' פסחים, וואס ער האט זיך געזאגט אז ער האט זיך פארשטעלט און געקומען צו ריב"ב און ס'איז געווארן דערפון היפך החיים שלו - היפך פון זיין קיום.

אבער מצד נשמתו האט ער געהאט א שייכות צו פ"ר.

וואס דערפון קומט ארויס די הוראה אויך בנוגע לפועל:

אז בשעת ער גייט און טוט כפליים לתושי', איז באמיתית הענין איז מששת ימי בראשית איז געווען איינגעשטעלט דער סדר אז פב"פ זאל אויפטאן אט דעם און דעם ענין.

און דאס איז בכל' פון רבינו נשיא דורנו "געשטאנען אין מחשבה דא"ק" (- אדם קדמון).

וואס דערפון איז אויכעט פארשטאנדיק אז אויב ח"ו ער וואלט ניט געטאן, איז דאס ניט אים וואלט געפעלט אין א הידור מצוה אדער אין עבירות וכיו"ב, דאס איז שליחותו בעלמא דין וואס ער זאל דאס ארויסברייינגען מן הכח אל הפועל.

ווערט דא די שאלה: ווי אזוי קען ער וויסן וואס ער דארף טאן, און וואס איז חסרונו אשר יחסר לו, ביז א ענין פון חמישים איש רצים לפניו?

איז דאס גופא איז דער בירור: וויבאלד אז נשיא דורנו, וואס דאס איז דאך בשליחותו פון שו"ע האט איבערגעגעבן אז ס'דארף זיין "חטוף ואכול חטוף ושתי" בכל עניני תורה ומצותי' ביז אין א אופן פון חטוף, איז דאס גופא א הוכחה אז דאס אלץ וואס ער קען ארייינכאפן, איז אפי' אז ער וועט מצמצם זיין און מדייק זיין און וועלן זיך דינגען אז ער וועט זיך אפשר קענען אויסדינגען: אז ביי אים איז דאס אפשר ניט קיין חיוב, ס'איז מערניט ווי א הידור אדער מהדרין מן המהדרין, אדער נאכמערער: מערניט וואס ער פאלגט דעם רבי'ן דער שווער וואס ער האט געזאגט אז יעדער איז "אין נקי", דארף ער זיך פארנעמען מיט הפצת התורה והיהדות אויכעט הפצת המעיינות און ביז אין א אופן פון דערגרייכן דאס צו חוצה.

איז באמיתית הענינים איז דאס איז תכלית שליחותו בעלמא דין.

וואס דאס איז דאך אויכעט די נקודה פון די תורה פון בעש"ט, וואס דער רבי נשיא דורנו האט דאס איבערגע'חזר'ט כמ"פ, אז א נשמה קומט אראפ דא למטה אויף זיבעציק אכציק יאר כדי צו טאן איין טובה איין מאל א אידן, איז דאס אליין איז שוין דער ענין פון זיבעציק אכציק יאר ירידת הנשמה מאיגרא רמה לבירא עמיקתא, און דא שטייט ניט דער דיוק ער זאל באצאלן א חוב, דא שטייט דער לשון "אויף טאן א טובה א אידן"!

וכאמור - "בהדי כבשא דרחמנא למה לך" אין אתנו יודע עד מה, דארף מען דאך וויסן אז כדי לדעת המעשה אשר יעשון - וואס שטייט אין שו"ע, שטייט אין שו"ע אז "לא תסור מן הדבר אשר יאמרו לך ימין ושמאל", וואס דאס גייט דאך אויף גדולי ישראל און נשיאי ישראל בכל דור ודור.

איז בשעת דער נשיא הדור דער רבי דער שווער זאגט אן יעדערן און יעדערע אז ס'דארף זיין "חטוף ואכול חטוף ושתי", ווי אויכעט געשריבן אין דער מכתב פון דער פאטער זיינער [וואס ער איז געווען זיין ממלא מקומו] בארוכה, אז דערפאר איז איצטער ניטא דער סדר וואס איז קדום און וואס ס'קומט לאח"ז, נאר ס'דארף זיין חטוף ואכול חטוף ושתי, ווערט דאס א דין לויט דער רמב"ם סיי א מ"ע און סיי א מל"ת, וויבאלד אז ס'קומט די הוראה פון נשיא הדור, ביז אז דאס דארף אראפקומען אין א מעשה בפועל.

און דעמאלט - כאמור, איז דאס א ענין וואס קען זיין אז דאס איז דאס אט דער ענין פון טאן א טובה א אידן, וןאס צוליב דערויף האט ער זייבנע זיבעציק אכציק יאר בעלמא דין, ביז "והיו ימיו מאה ועשרים שנה".

וואס דערפון איז אויכעט פארשטאנדיק, די שמחה און נאכמער דער ל' וואס ס'שטייט בנוגע צו ל"ג בעומר די שמחה גדולה, אז ס'דארף זיין אין יעדער פעולה, ווארום ס'קען זיין אז דאס איז אט די פעולה וואס מארגן אינדערפרי אדער היינט ביינאכט וועט ער טרעפן א אידן אדער זוכן א אידן, און געפינען א אידן און אין אים מוסיף זיין א ענין של יהדות תורה ומצוותי', איז קען זיין אז דאס איז אט דער ענין צוליב וועלכע ס'איז געווען זיין גאנצע ירידה פון נשמה בגוף ביז מאה ועשרים שנה!

זעלבסטפארשטענדליך איז ער מחוייב אין הנחת תפילין בכל יום, והוקשה כל התורה כולה לתפילין, ועד"ז כל התורה ומצוותי', אבער די מצוה דהוי זהיר בה טפי, ועד"ז אט די פעולה צוליב וועלכע ס'איז ירדה נשמתו למטה, איז קען זיין אז דאס איז אט די פעולה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די שמחה גדולה וואס ס'דארף בא אים זיין אפי' אז דאס איז א ספק, איז על הספק אויף אזא מין ענין הכי גדול אין חייו, און באכמערער דאס איז **כל** ימי חייו פון מוע"ש עלי אדמות - איז דאך פארשטאנדיק אז אפי' אז דאס איז בא אים באופן של ספק, שטייט דאס בא אים אויכעט אין א שמחה גדולה ביותר.

און דעמאלט האט מען אויכעט דעם ענין אז שמחה איז פורץ גדר, איז ער מצליח אין זיין פעולה למעלה ממדידה והגבלה.

ובפרט נאך אז דאס איז אויכעט פארבונדן ניט נאר וואס דאס איז א ענין של דרוש בעלמא, נאר דאס איז דאך מיוסד אויף דעם פס"ד פון רמב"ם אז דורך א מעשה א' איז חייב אדם לראות עצמו שקול וכל העולם כולו שקול און דורך דער איין און איינציקער מעשה דיבור אדער מחשבה איז מכריע עצמו וכל העולם און מביא ישועה והצלה.

וואס אין פנימיות און תוכן הענינים, איז דאס איז דער מאמר אז צוליב איין פעולה, טאן א טובה א אידן, וואס אין דערויף איז דאך אויכעט נכלל ער אליין, איז רעכט אז דאס איז ירידת נשמתו מאיגרא רמה לבירא עמיקתא אויף זיבעציק אכציק - הונדערט און צוואנציק יאר.

וכמדובר כמ"פ בנוגע צו המעשה הוא העיקר, אז דאס מיינט מען די הוראה בנוגע לפועל בפ"ש,

און פון פ"ש מ'חנעמען על כל ימי השנה כולה, אז ס'זאל זיין א שנה פון עבודה רבה און מתוך מנוחה ותענוג, דערפאר וואס דאס איז "שנה השביעית שבת לה'", וואס ענינה איז דאך דער ענין התענוג ווי גרעדט כמ"פ במשך השנה.

וואס דעמאלט וועט דאס אויכעט זיין בהצלחה רבה ומופלגה, און ס'וועט אויכעט אראפברייינגען די גאולה האמיתית והשלימה אין דעם אפטייטש איןביידע ענינים, אז פריער איז מען משלים החסר, און דערנאך ווערט דער ענין פון מחוייב לעשרו דורך א תפלת עשיר, ובמהרה בימינו ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

ג. דאס איז דער לימוד פון פ"ש בכל שנה ושנה, מיט דער הוספה - כאמור לעיל, וויבאלד אז דאס קומט אויס אין "שנה השביעית" וואס זי איז "שבת לה'", וואס "וקראת לשבת עונג" אז ענינו פון שבת איז דאס ענין העונג ווארום "כל מלאכתך עשוי'",

איז דאס ["כל מלאכך עשוי'"] דאך אויכעט בדוגמא צו "די מחסורו אשר יחסר לו", דערנאך קומט צו ענינים פון עונג אויף שבת, עד"ז אין דעם ענין פון "די מחסורו" קומט צו אויכעט דעם ענין פון "אתה מחוייב לעשרו", וויבאלד אז דאס איז א ענין פון שבת.

וואס דאס איז דאך אויכעט דער קשר מיט רשב"י און דער ענין פון ל"ג בעומר מיט פ"ש, וואס אויף רשב"י, און בכלל אויף א ת"ח, עאכו"כ בנוגע צו תורתו אומנתו וואס לכו"ע בשבת ניתנה תורה, איז ענינו איז וואס מ'האט אים אנגערופן בשם "שבת", וואס דעמאלט ווערט דאס א ענין פון תענוג, אז מ'טוט די אלע ענינים מיט תענוג.

אע"פ וואס ס'דארף דאך זיין הקדמת נעשה לנשמע, וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט קב"ע, וואס קב"ע בכלל איז דאך א ענין וואס איז מצמצם און מגביל און איז היפך ענין ההרחבה.

איז דאך - ווי ער איז מבאר בארוכה אין המשך פון ס"ו, אז אויב ער איז אן עבד כדבעי, איז אט דעמאלט האט ער דער תענוג און נאכמערער ווי ער וואלט געקענט האבן דער תענוג מצ"ע ווען ער איז ניט קיין עבד, און ער האט דעם תענוג אין תענוג האדון.

וואס דאס איז דאך - בנדון זה "אני נבראתי לשמש את קוני" איז דאס איז תענוג גופא למעלה מכל מדידה והגבלה ווארום דאס איז דער תענוג פון דעם וואס האט אים מצוה געווען די תורה ומצוותי'.

וואס דאס איז דאך אויכעט פארבונדן ווי געזאגט פריער בנוגע רשב"י, זאגט ער אין משנת חסידים דער ל' אויף דערויף "שמחה גדולה", און זאגט דאס אז דאס דארף זיין אזוי בימינו אלו, בכל מקום ובכל זמן, אז ס'קומט דער יום שמחתו פון רשב"י, וואס ער האט דאך מקיים געווען דער "עבדו את ה' בשמחה" בכל משך ימי חייו, וואס דערפון איז פארשטאנדיק וואס פאר אן אופן של שמחה איז דאס געווען ביום ההסתלקות ויום ההילולא שלו, וואס דעמאלט איז דאך ווי דער אלטער רבי שרייבט אין דער אגרת הידועה שלו, אז כל עבודתו אשר עבד במשך ימי חייו שטייט דאס בא אים בגלוי.

בפרט נאך ווי מבואר בארוכה אין די דרושים פון לג"ב, אין סידור פון דעם מיטעלן רבי'ן, ועד"ז דערנאך אויכעט אין די דרושים פון צ"צ און נשיאים ממלאי מקומו ביז נשיא דורנו דער רבי דער שווער.

און דאס זאגט ער, און ס'ווערט דערנאך אראפגעבראכט אויכעט אין פוסקים, אע"פ וואס משנת חסידים איז לכאו' א ספר פון קבלה, ווערט דאך דאס אראפגעבראכט אין פוסקים אחרונים אז אזוי דארף זיין בכל אחד ובכל אחת דעם טאג פון לג"ב.

און וויבאלד אז דאס איז דער אחת בשנה, איז מען דאס אזוי ממשיך, על כל השנה כולה.

דערנאך קומט נאך צו דער לימוד וואס איז פארבונדן מיט דער יום בשבוע:

וואס דאס איז דאך אויכעט משתנה מזמן לזמן משנה לשנה, וואס בש.ז. איז דאס אין פ' אמור, און אין פ' אמור אין פ' רביעי.

וואס אט דא זעט מען גלייך אויבנאויפיג דאס וואס דער אלטער רבי זאגט אן אויף לעבן מיט דער צייט - מיט דער שיעור פון חומש וואס איז פארבונדן מיט דעם טאג.

וואס דער שיעור פון יום רביעי פון פ' אמור, אז ס'הויבט זיך אן מיט "אלה מועדי ה'", וואס דאס איז דאך כולל כל המועדים וואס איז דא בא אידן, און דערנאך איז ער מפרש בפירוש אז ס'דארף זיין דער ענין פון פסח חהמ"צ, און אויכעט דער "וספרתם לכם ממחרת השבת" דער ענין פון ספירה.

וואס וואו איז דא "מועדי ה'" אין ימי הספירה - לכאו' ימי הספירה איז גאר ענינים וואס איז פארבונדן מיט היפך ענין המועדים?

איז די "מועדי ה'" אין ימי הספירה איז דאס איז ל"ג בעומר.

וואס אע"פ וואס לכאו' איז ל"ג בעומר נתחדש געווארן, בשעת ס'איז געווען די הסתלקות הילולא פון רשב"י און תושב"כ איז געגעבן געווארן און געשטאנען בגלוי, און מ'האט איר געלערנט טויזנטער יארן לפנ"ז -

איז דאך די זעלבע זאך בכל ענינ' תורה ומצוותי', האט מען דעם כלל אז כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש איז ניתן למשה מסיני.

און ווי מ'געפינט דאס בכמה ענינים, אויכעט ענינים פון נגלה כמדובר כמ"פ אין די ימים שלפנ"ז.

וואס דאס איז כאמור דער לעבן מיט דער צייט, מיט דער שיעור אין חומש פון יום זה, האט מען דער שיעור אין חומש, אז דאס איז פארבונדן מיט "מועדי ה'" וואס דאס איז א דבר הפשוט אז דאס איז פ"ש בכלל זה, דאס איז דאך א מועד ע"פ תורה שבכתב, ווי מבואר בארוכה אין פ' בהעלותך את הנרות, און דארט שטייט אויכעט דער לשון "במועדו", אע"פ וואס דארט איז דער טייטש פון "במועדו" וועגן ק"פ - דאס איז דאך אבער אויכעט פון דעם זעלבן תוכן און פארבונד מיט "אלה מועדי ה'", בימים המיועדים בשנה ע"ד ווי דער יום המיועד להקרבת קרבן זה.

און אין דערויף גופא זאגט מען "וספרתם לכם", בדוגמא ווי רש"י ברייננט אראפ די שאלה, אז וויבאלד מ'רעדט "אלה מועדי ה'" איז ווי קומט דערנאך גלייך אריין דער ענין פון שבת, און מ'לערנט דערפון אפ אז דאס איז טאקע פארבונדן מיט שבת, און שבת איז פארבונדן מיט מועדים און ימים טובים.

דערפון איז אויכעט פארשטאנדיק אז מ'זאגט דערנאך "וספרתם לכם", וואס לכאו' איז דאס א מצוה בפ"ע, און אזוי איז דאס טאקע א מצוה בפ"ע נוסף אויפן ענין אז דאס איז נוגע צום קביעות פון דער מועד פון חגה"ש, דארף מען ניט אנקומען צו דער דוחק, אז פארוואס איז דאס אין דעם כלל פון "אלה מועדי ה'" דערפאר וואס דאס איז

קובע דער מועד פון חגה"ש, נאר ס'איז אויכעט דא אין דערויף דער "אלה מועדי ה'" אין דעם "וספרתם".

וואס וואס איז דאס - דער ענין פון ל"ג בעומר.

וואס דעמאלט איז דאס אויכעט א שמחה גדולה, ווארום די שמחה איז דער ענין פון מועדים - מועדים לשמחה,

און נאכמערער: דאס איז א שמחה און א שמחה גדולה, ביז אז דאס איז מבטל דעם אמירת נחם, וואס ר' אברהם הלוי האט דאס גע׳זאגט במשך כל השנה כולה, משא"כ ווען ס'איז געקומען ל"ג בעומר, ווי מסופר אין כתבי האריז"ל קבלה און אראפגעבראכט דערנאך אויכעט אין אחרונים.

וואס דאס איז אויכעט די שייכות פון דעם שיעור פון פ"ש ש.ז. צו לג"ב, וואס בכל שנה ושנה איז אויך דא די שייכות בגלוי, אז מ'זאגט דאך פארוואס איז דער ענין פון לג"ב - דערפאר וואס דאס איז פארבונדן מיט הוד שבהוד, ווי ער איז מבאר אז דעמאלט איז דאס דער שלימות העבודה, אז ער האט אויך דעם ענין ההודאה, וואס דאס איז די פינפטע ספירה און אין די פינפטע ספירה גופא אז ער האט הוד שבהוד איז דאס בדוגמא וואס ער האט די גאנצע ספירה הוד שבהוד.

וואס די התחלה וואס מ'גייט ארײַן אין דער שבוע פון ספירת ההוד הויבט זיך אן פון פ"ש, די ספירה פון פ"ש איז חסד שבהוד, א התחלה פון ספירת ההוד.

וואס חסד אזיל עם כולהו יומין - אט דאס ווערט די התחלה און דער אנהויבס און דער כלי לכל הימים וואס זיינען פארבונדן מיט ספירת ההוד, עאכו"כ דער יום העיקרי שבו וואס דאס איז דער הוד שבהוד.

וואס דא איז אויכעט יש לקשר וואס מ'געפינט א אויפטו אין רשב"י בנוגע צו פ"ש:

[וואס דאס איז אויכעט מתאים מיט דעם ענין פון רשב"י פון מתקן זיין און ממלא זיין ענינים פון אידן.

ביז וואנעט אז ער זאגט אין ב"ר אז רשב"י האט געזאגט אז "יכולני לפטור את כל העולם כולו מן הדין", ביז וואנעט ער האט דאס געטאן בפועל, און דאס איז געווארן א טייל פון הושבע"פ, וואס דאס באווייזט דאך אויף ענינו און תוכן עבודתו ביז אויף מכריז זיין און מאכן דערפון א הוראה לכל הדורות כולם אז "יכולני לפטור את כל העולם כולו מן הדין".

- ניט ער זאגט אז דער עולם האט פריער תשובה געטאן און ער האט זיי מעורר געווען אויף דער תשובה, וואס דאס איז נאך אן עבודה, דער אויפטו פון רשב"י איז, אז ווי דער עולם איז - שטעלט ער איין זיך אליין מיט זיין זכות וכל ענייניו אז ער באפרייט זיי פון דער "דין" וואס זיי האבן אויף זיך. בדוגמא ווי דער ענין הקשת [וואס דאס ברייננגט זיך אין ב"ר בקשר צום קשת].

וואס דער קשת איז דאך געווען ענינו, אז דערמאנען דעם אויבערשטן אז ער זאל ניט קוקן ווי דער וועלט שטייט במילא קען דאך זיין דער היפך פון "לא אוסיף" - קומט צוגיין דער קשת און דערמאנט דעם אויבערשטן, כביכול, לזכור דעם ברית עולם, אז דער עולם בלייבט בקיומו אע"פ וואס קודם שעשה תשובה.

און אויף דערויף זאגט מען אז "לדורותם" חסר כתיב, אז דער דורו פון רשב"י ועד"ז פון חזקי' דארף ניט אנקומען צו דער קשת דערפאר וואס רשב"י האט דערמאנט אז יכולני לפטור את כל העולם כולו מן הדין.

וואס דאס איז אויכעט דער קשר כאמור, מיט א פלוגתא וואס איז דא בנוגע פ"ש, און די דעת רשב"י בזה].

וואס דאס איז וואס ביי פ"ש שטייט אז "איש איש אשר הי' טמא או בדרך רחוקה וגו'", איז דא אין דערויף די צוויי אפטייטשן וואס מ'לערנט אפ פון "איש איש": זאגט ר"י [וואס דאס איז דער בר פלוגתא פון רשב"י] אז א ציבור קען אויכעט זיין עושין פ"ש, רשב"י זאגט אז שטייט "איש" - איש" נדחה לפ"ש ואין ציבור נדחה לפ"ש - ס'איז בכלל קיין מציאות אז א ציבור זאל נדחה זיין לפ"ש.

וואס וואס איז דאס אין פנימיות הענינים?

רשב"י קען ניט צולאזן אז א גאנצער ציבור זאל שטייען אין אזא מין מעמד ומצב אז מ'זאל אים דוחה זיין אויף א חודש צייט.

- ס'קען טרעפן מיט א יחיד, ס'קען טרעפן מיט כמה יחידים, מיט אסאך יחידים - אבער דאס קען ניט זיין מיט רובם של ישראל, וואס דאס איז דער ענין פון ציבור. [ציבור דארט איז ניט דער טייטש אלע אידן ואין יוצא, ציבור איז דארט דער טייטש - רובם, רובם פון די וואס זיינען מחוייב אין פ"ר, אע"פ וואס ס'איז דא קטנים וטף וכו' וכו' ווי דער דין איז בנוגע לפועל].

פסק'נט אפ רשב"י אז אין צבור נדחה לפ"ש!

וואס דאס איז פארבונדן מיט זיין לימוד זכות אויף אידן אז יכולני לפטור מן הדין.

און אט דא קומט צו די הוספה: וויבאלד אז כמדובר בדוגמא ווי מ'האט געזאגט אז בפ"ש זאגט מען ניט קיין תחנון,

וואס דעמאלט שטעלט זיך דאך די שאלה כמדובר כמ"פ: אז מ'וועט פרעגן בא א איד [וואס כל ישראל בחזקת כשרות] אזוי ווי ער קען זאגן אשמנו בגדנו, און תפלה איז מתקבלת ווארום ער איז דאך מתפלל "דע לפני מי אתה עומד", וועט דער אויבערשטער אים מכפר זיין אויף זיינע עוונות ופשעים.

דערנאך זאגט מען אז מ'טוט אים א טובה - וויבאלד אז דאס איז א גוטער טאג און א יום זכאי וכו', און מ'באפרייט אים פון זאגן אשמנו בגדנו.

- אויב ח"ו מ'באפרייט אים פון זאגן און ס'פעלט די פעולה אויף כפרה וסליחה ומחילה וואס דער זאגן טוט אויף, איז דאך פארשטאנדיק אז יעדער נארמאלער מענטש, עאכו"כ יעדער נארמאלער איד וועט בעסער וועלן זאגן אשמנו בגדנו און מ'זאל אים מוחל וסולח זיין און מכפר זיין על כל הענינים בלתי רצויים!

וויבאלד אבער אז מ'זאגט אז וויבאלד אז ס'קומט שבת און ס'קומט יו"ט און ס'קומט פ"ש דארף מען ניט זאגן און טאר מען ניט זאגן דעם תחנון דערפאר וואס דאס איז א יום טוב - מועדי ה', איז דאס גופא די הוכחה אז די פעולה וואס ער וואלט אויפגעפטאן ע"י אמירתו וועט ער זיכער האבן.

נאר וואדען מ'זאגט אז ער דארף גאר ניט אנקומען צו אמירתו, דאס טוט זיך אפ מצד דעם זכות היום.

וואס עד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע וואס רשב"י זאגט אז "אין ציבור נדחה" צו פ"ש:

אויב מ'זאל זאגן אז זיי בלייבן אן מקירב זיין ניט פ"ר און ניט פ"ש, איז ווייס מען ניט וואס פאר א ציבור פון אידן וועט דאס באטראכטן פאר א טובה!

הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס האט אויפגעטאן אז ס'איז ניט געווען קיין מציאות אז ס'זאל זיין א ציבור אין אזא מין אופן אז דאס זאל דארפן אנקומען צו פ"ש.

וואס דאס איז דאך ווי בנוגע לפועל, אט דאס וואס פ"ר איז דוחה אויב דער ציבור איז געווען טמא, איז דאס מערניט בנוגע צו א טמא מת, משא"כ אויב דאס איז א ענין פון אנדערע טומאות, קען מען ניט ברענגען קיין ק"פ.

ווערט דאך דעמאלט די שאלה: אויב ס'איז געווען רוב ישראל המחוייבים בפסח זיינען געווען טמא ניט קיין טמא מת נאר אין אנדערע טומאות, קומט דאך אויס לכאו' לויט דעת רשב"י אז זיי האבן ניט מקריב געווען ניט קיין פ"ר און ניט קיין פ"ש, משא"כ לר"י האבן זיי מקריב געווען פ"ש,

- ווארום דאס איז אויכעט לדעת ר"י אויב דער ציבור איז געווען טמא מת איז לכל הדיעות איז מען מקריב פ"ר און ניט פ"ש,

די פלוגתא איז אויב דאס איז אזא מין טומאה וואס פ"ר איז דאס ניט דוחה, במילא דעמאלט קען ער דאס ניט מקריב זיין, און דאס איז געווען רוב ישראל, זאגט ר"י אז דעמאלט זיינען זיי מקריב פ"ש, זאגט רשב"י לא!!! אין ציבור נדחה לפ"ש!

איז ניט ח"ו אז דעמאלט וועט אויסקומען אז דער ציבור וועט בלייבן אן א פ"ר און אן א פ"ש - ס'איז דאך דעמאלט דער געוואלד וואס ער זאגט אין חומש "למה נגרע"?!

און ווי שטימט דאס מיט דאס וואס רשב"י האט געזאגט אז יכולני לפטור את כל העולם כולו מן הדין?!

נאר דאס האט אויפגעטאן אז ס'איז ניט געווען קיין מציאות בפועל אז ס'זאל זיין א ציבור וואס זיי זיינען אין אזא מין טומאה וואס פ"ר איז דאס ניט דוחה, במילא וועלן זיי ניט האבןביידע זאכן - אזא מין מציאות איז ניט געווען, דורך דערויף וואס רשב"י האט אזוי גע'פסק'נט.

ווערט דאך אבער די שאלה: אויב אזוי איז אין וואס איז די פלוגתא? ס'איז דאך א דבר שאינו במציאות?

זאגט די גמ' אין סנהדרין אז ס'איז דא כו"כ ענינים אזעלכע, א בן סורר ומורה איז לא הי' ולא נברא, און ס'איז דא א גאנצע פ' בתורה.

עיר הנדחת לא הי' ולא נברא, און ס'איז דא א גאנצע פ' בתורה.

עאכו"כ בנוגע לעניננו:

[וואס דאס איז אויכעט א מאמר המוסגר, אויף דעם קשר וואס ס'איז דא צווישן פ"ש - וואס אין פ"ש איז בנוגע דער ענין אז ס'איז ניט שייכות קיין פארפאלן און מ'קען אלעמאל מתקן זיין - צו ווען מען דארף דאס באווארענען, זאגט רשב"י - מיט רובם של ישראל קען דאס ניט זיין.

ס'קען זיין אז חטא ופגם ועבר את הדרך יחיד, איז א יחיד האט דעמאלט די עצה אז ער וועט אנקומען צו פ"ש, צו א ציבור קען די גאנצע מציאות ניט זיין, "הן א-ל כביר לא ימאס" ווערט א דין אין שו"ע אז א תפלה של ציבור איז "לא ימאס", איז "לא ימאס" די תפלה של יחיד ווען ער איז זיך מצטרף בתפלתו אל הצבור, און ער בעט דערנאך אויף זיינע צרכים הפרטיים.

דא רעדט זיך ניט וועגן די תפלות וואס ער בעט אויף עניני ציבור, דאס רעדט זיך אויף די תפלה פון שמו"ע וואס ער בעט "אתה חונן לאדם דעת" - ער זאל האבן "חכמה בינה ודעת", ועד"ז אין די אלע י"ב אמצעיות.

וויבאלד אבער ער איז דאס מתפלל אויף צרכי יחיד - אלס א טייל פון א ציבור, איז "הן א-ל כביר לא ימאס", פסק'נט אפ דער שו"ע אז ס'ווערט נתקבל תפלתו].

עד"ז בנוגע לעניננו: דאס וואס פ"ש לערנט אפ פון יום רביעי פון פ' אמור, וואס דעמאלט זאגט מען "וספרתם לכם", און דאס ווערט נכלל א טייל פון פ' המועדות, וואס בגלוי שטייט דאס אין לג"ב, וואס לג"ב איז דאס יום שמחתו של רשב"י, און אזוי איז דאס געגעבן געווארן למשה מסיני אע"פ וואס דער תלמיד ותיק האט דאס מחדש געווען לאחרי כו"כ דורות, איז דאס דעמאלט נתגלה געווארן, נאר וואס ס'איז שוין געווען למשה בסיני.

שטייט דאס בגלוי דער קשר - כמדובר, נוסף אויף דער קשר שבכל שנה ושנה אין ספירת ההוד שהוא החמישי הויבט זיך אן מיט פ"ש, און דאס איז אין זיך דערנאך דער המשך הוד שבהוד - פון לג"ב - שטייט דאס דא נאכמער בגלוי, אז מ'זאגט אז "אלה מועדי ה'", און מ'איז אויכעט מבטיח אז בשעת ער איז "עוסק בתורת עולה" איז "כאילו הקריב עולה", און פון דעם כאילו מיט א כ"ף הדמיון, איז דאס דערנאך מזרז און ממהר ביז אין דעם אחישנה אין דעם אחישנה, די הקרבת "שם נעשה לפניך כמצות רצונך".

אז דורך די הפצת המעיינות חוצה פון רזין דרזין, וואס דאס איז דאך דער ענין וואס האט זיך אנגעהויבן דער גילוי שבזה ביז אין א אופן פון הפצה, ווי ס'איז .געווען בדורו של רשב"י ע"י הלימוד שלו, איז אפי' רביין - די קטנים שבדורו, האבן געלערנט און האבן מגלה געווען סתרי תורה, ווי ער זאגט אין זהר, און מבאר בארוכה אין קדושת לוי - דער מליץ אויף כלל ישראל - פון ר' לוי"צ בארדיטשעווער.

וואס דאס איז דאך פארבונדן אויכעט מיט לג"ב, ביז וואנעט כמסופר פון נשיא דורנו, אז לג"ב איז געווען א הנהגה מיוחדת פון דעם מיטעלען רבי'ן, וואס מ'פלעגט ארויספארן אין פעלד, וואס דאס איז א ענין של חוצה, און אע"פ וואס ער פלעגט זיך ניט וואשן, פלעגט ער נעמען א סאך משקה וואס דאס איז געווען היפך פון הנהגת הבריאות שלו, ווי דערציילט אין דעם סיפור, און דעמאלט האט מען געזען מופתים, און די מופתים - איז ער מסיים - איז געווען דער עיקר בנוגע צו קינדער.

און דערנאך איז ער אויך מסיים אז מ'האט געווארט א גאנצן יאר אויף לג"ב באקומען דעמאלט אט די ברכה ביז ווי דאס פלעגט דערנאך אראפקומען אין א מופת בנוגע צו זרעא חיא וקימא.

דערנאך דערציילט מען דאס און מ'הייסט דאס אפדרוקן און פארשפרייטן דאס בכל מקום ובכל אתר ולכל אחד ואחת, כדי צו וויסן וואס איז ענינו פון רשב"י.

און ניט ח"ו אז דאס איז א ענין למפרע, דאס ווערט דערפון א ענין בכל שנה ושנה, ס'דארף נאר זיין "הימים האלה נזכרים", ווערט דאס אויכעט "ונעשים".

ביז אז דאס טוט אויף אז תכלה נשמה שבגוף, וואס דאס איז דורך דערויף וואס מ'שטעלט אויף קינדער, אינגעלאך און מיידעלאך, וואס "שמרו דרך ה' לעשות צדקה ומשפט" - אז זיי גייען בדרך ה' ביז אז זיי שטערבן און במקום שרצונו של אדם שם הוא נמצא.

ע"ד ווי ס'איז געווען סדורו של רשב"י אז רביין - קטנים האבן געלערנט און מגלה געווען ענינים אין רזין דרזין, אזוי אויכעט "בהאי ספרא דילך" איז "יפקון בנ"י מבי גלותא", און ווי ער איז מוסיף נאך "ברחמין".

אז דאס ברייגנגט די הפצת המעיינות חוצה, "בהאי ספרא דילך" וואס "יתפרנסון מיני'", ווי ער טייטשט אפ אין מקדש מלך אז דאס איז דורך דעם אופן הלימוד פון "יתפרנסון" - אז דורך הבנה והשגה, איז "יפקון מבי גלותא ברחמין",

במהרה בימינו ממש, בנערינו בבננו בבנותינו צוזאמען מיט זקננו, ובקרוב ממש.

* * *

ד. וואס דאס איז אויכעט די שייכות כמדובר כמ"פ, בנוגע לג"ב וואס דאס איז יום שמחתו פון רשב"י, און ער האט דערנאך געוואלט און האט אנגעזאגט - ביז וואנעט ס'איז דערנאך אראפ די הוראה לכל הדורות, אז ס'זאל זיין אויכעט א יום שמחה של כל בני ובנות ישראל בכל הדורות,

איז דאס אויכעט פארבונדן - ווי מ'זעט דאס אין מנהג ישראל תורה הוא, אז מ'פארבינדט דאס מיט אידישע קינדער,

בדוגמא ווי דערמאנט אויכעט אין דער סיפור בנוגע צו דעם מיטעלן רבי'ן אז די מופתים זיינען געווען בנוגע צו קינדער, און ס'איז דאך פארשטאנדיק אז וויבאלד אז ס'איז געבארן געווארן א קינד דורך א מופת פון דעם מיטעלן רבי'ן איז דערנאך געווען דער קינד אויך אין א אופן אז ער איז געווען לאות ולמופת.

בודגמא ווי ישעי' הנביא האט געזאגט בנוגע ווען ס'איז געווען מלחמת סנחריב, וואס די גמ' זאגט אין סנהדרין אז רצה הקב"ה לעשות חזקי' משיח, און די מלחמת סנחריב איז געווען בדוגמא צו מלחמת גוג ומגוג בזמננו זה, זאגט ישעי' אז הילדים האלו וואס דער אויבערשטער האט אים געגעבן איז זיי וועלן ברייננגען דעם ענין הגאולה פון דער מלחמה.

און דערנאך זאגט ער אויכעט די נעמען פון די ילדים, וואס דאס ווערט דערמאנט דריי ילדים, און ס'איז דא דער חילוק אין מפרשי התנ"ך צי מיינט צוויי פון זיי, די צוויי אדער די צוויי אדער אלע דריי וכו', און מ'ווייס דאך אז דער נאמען - איז ר"מ דריש בשמא - איז דאס א ענין וואס דאס גיט ארויס דער תוכן -

ובפרט, אז אין דער נבואה גופא שטייט דער תוכן און טעם פארוואס מ'האט זיי אזוי א נאמען געגעבן, וואס איין נאמען (איין קינד האט געהייסן) שאר ישוב, א צווייטער קינד וואס האט געהייסן מהר שלל חש בז, און א דריטער קינד וואס האט געהייסן עמנוא-ל,

און דארטן שטייט אויך דער טעם: אז עמנוא-ל איז דאס ווייל עמנו א-ל, און מהר שלל חש בז דערפאר וואס ס'איז מהר שלל און חש בז, ניט נאר אז מ'האט דער שלל און בז (די ביזה), נאר אויך דאס איז אין א אופן פון "מהר" און "חש", און דאס איז א ענין פון שאר ישוב - בדוגמא ווי מ'זאגט אין די הפטורה פון אחש"פ "ויצא חוטר מגזע ישי" און דערנאך "שאר ישוב עמו" - וואס דאס איז דער ענין פון מלחמת משיח יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, בקרוב ממש,

און מ'זאגט אז דאס איז פארבונדן מיט הילדים האלו אשר נתן לי - וואס דער אויבערשטער האט אים געגעבן, אע"פ וואס ס'איז געווען שאר ישוב -

פונדעסטוועגען טוען זיי אויף אז דערנאך ווערט די גאולה פון כל אחד ואחת מישראל, ווי רצה הקב"ה לעשות חזקי' משיח און סנחריב דער היפך פון משיח

און אס דעמאלט האט מען דעם גאנצן דעם גאנצן בז, און נאכמערער: מ'האט דאס אין א אופן פון "מהר" און "חש" - אחישנה, וויבאלד אז דאס ווערט געבוילט אויף דעם ענין פון עמנואל.

וואס דאס אויכעט יש לקשר כמדובר, מיטן ענין וואס לג"ב - וואס דאס איז פארבונדן מיט א שמחה גדולה, וואס ווען וועט זיין "ימלא שחוק פינו", דאס באווייזט אויף א שמחה גדולה - איז אז "ימלא שחוק פינו" ווען "בשוב ה' את שיבת ציון", וואס וועט זיין בקרוב ממש ווען קץ שם לחושך הגלות, און ס'וועט זיין די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס ער וועט אויכעט מאכן דער קץ שם לחושך - ערשט דעמאלט ענדיקט זיך דער גלות און ס'ווערט דעמאלט די אתחלתא דגאולה, ביז די גאולה שלימה בבת אחת, וכל' הרמב"ם נגאלין מיד, כמדובר כמ"פ.

און דאס איז פארבונדן מיט אויפשטעלן קינדער וואס זיי וועלן וויסן און ניט שעמען זיך וואס זיי זיינען "שאר" און זיינען מערניט ווי א מיעוט לגבי עמי הארץ, ביז אפי' קען גאר זיין א מיעוט צו די אין דער שכונה, אפי' צווישן אידן אין דער שכונה אין וועלכן ער לעבט.

איז "שאר" שטייט אין א מעמד ומצב פון "ישוב"!

און פארוואס קען ער דאס דורכפירן, און דורכפירן דאס אין א אופן פון שמחה גדולה - דערפאר וואס עמנו א-ל.

און אט דעמאלט האט ער דער "מהר שלל חש בז", אז ס'בלייבט ניט קיין איין און אייניציקער קינד וואס ווערט ניט נשלל און נבזז - ארייננעצויגן דורך אט די קינדער אין מחנה פון צבאות ה' אז זיי זאלן אויכעט וועלן און שרייען אז עמנו א-ל.

וואס דאס איז בקשר ובהמשך להמדובר אז קינדער קענען אויפטאן בפרט בזמננו זה - בדוגמא ווי רשב"י האט אויפגעטאן אז רבינו האבן מגלה געווען מעיינותיך חוצה, עד"ז בזמננו זה וואס ווי ס'שטייט אין זהר ובכ"מ אין כתבי הקבלה, אז דער דרגא דעקבתא איז דאס דער גלגול ובדוגמא פון. דורו של רשב"י.

אז ס'וועט ניט זיין קיין דורו דילי' ביז עקבתא דמשיחא.

- והם הכירוהו תחלה, דורך דערויף וואס אלה הילדים וואס מ'וועט זיך מיט זיי מתעסק זיין, און מ'וועט מיט זיי ריידן - כמדובר בארוכה אין די התוועדות שלפנ"ז, אז זיי זאלן פועל זיין אויף זייערע חברים, און מיידעלאך אויף זייערע חברתות.

און מסביר זיין זיי, אז אע"פ אז דאס איז "שאר" - "אתם המעט מכל העמים", זאל מען וויסן זיין אז "ישוב" - מ'קערט זיך אום און מ'וועט זיך אומקערן און מ'האט א הבטחה אז ס'איז א זיכערע זאך אזוי.

און מ'זאל זיך ניט נתפעל ווערן, הילחכן - ווי אזוי קען מען זיך שטעלן אנטקעגן אזויפיל אנדערע קינדער, האט ער דער "עמנו א-ל", במילא איז "עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום".

און ס'איז ניטא קיין גרעסערער שלל בא א אידישן קינד, עאכו"כ בא גדולים בדעת, ווי אט דאס וואס ער באקומט אלס זיין שלל א צווייטן אידישן קינד, א דריטן אידישן קינד, ביז וואנעט אז אלע אידישע קינדער וואס זיינען בשכונתו ציט ער זיי אריין אין די מחנות פון צבאות ה', און שטעלט זיי אוועק אין א מעמד ומצב פון הם הכירוהו תחלה.

ער דארף דאך אבער האבן דעם סיוע, וואס ער דארף באקומען פון זיינע מורים און מורות און מדריכים און מדריכות, עאכו"כ פון די עלטערן ביט וועלכע ער געפינט זיך רוב היום [אין בי"ס איז ער מערניט ווי שעות ספורות, אבער אכילתו ושתייתו ושינתו וטיולו איז דאס איז פארבונדן מיט די עלטערן], איז אט רעדט מען מיט אים גלייך וועגן והשיב לב אבות על בנים, ועד"ז ע"י בנות.

וואס דאס טוט מען בהמשך צו די פעולות פון פסח וואס הם הכירוהו תחלה.

און ווי ס'שטייט א דבר פלא אין זהר בנוגע צו פ"ש:

שטייט דארטן אז די שכינתא וואס ווערט נתגלה בי"ד בט"ו בניסן שטייט זי דעמאלט בגלוי שלשים יום ביז פ"ש, און בפ"ש גייט ארויס א כרוז אז מ'זאל וויסן זיין אז די גאנצע וואך - שבעה ימים, איז תרעין פהיחין, און מ'קען גיין זען גילוי שכינה.

ביז וואנעט אז ס'איז גאר דא אחרונים אז זיי האבן דערפון געוואלט ארויסברייננגען אז מ'זאל ניט זאגן תחנון די גאנצע וואך - די גאנצע שבעת ימים וואס זיינען פארבונדן מיט פ"ש.

און מ'האט זיך אפגעבעטן אז ס'קען ניט זיין, ווייל אויב אזוי וואלט מען ניט געדארפט זאגן תחנון די גאנצע שלשים יום שבין פ"ר לפ"ש, אבער אנו אין לנו אלא תורה פון דעם אלטן רבי'ן, וואס זאגט אונז בפירוש אין סידור וואס דאס איז א דבר השוה לכל נפש כולל אויכעט ווי דאס איז ע"פ קבלה, אז אין אומרים תחנון איז דאס מערניט ווי אין פ"ש אליין, אין ניט די שבעה ימים שלאח"ז אפי' ניט במנחה שלפנ"ז עאכו"כ ניט אין די ימי פון חודש אייר ימי החול, אע"פ וואס דאס איז בין פ"ר לפ"ש.

- איי ס'שטייט אזוי אין זהר - איז דאס ענינים פון גילוי שכינה און דאס איז ניט פארבונדן צו די ענינים וואס טוט זיך אויף ע"י אמירת תחנון.

אבער עכ"פ באווייזט דאס דאך אז אע"פ אז בתוקף איז "אלה מועדי ה'" אין ימי הספירה איז דאס לג"ב - איז דאך אבער דא דער יום פון פ"ש, און לויט דעם ענין וואס ער זאגט אין זהר - בהאי חיבורא דילי' - איז דאס אין אלע שלשים יום פון פ"ר ביז פ"ש, און דערנאך אויכעט די שבעה שלאח"ז, די גאנצע וואך פון ספירת ההוד, עאכו"כ דעם יום פון לג"ב, וואס האט נאכמערער פון פ"ש וואס דעמאלט זאגט מען ניט קיין תחנון אפי' אין די מנחה שלפניו, ווי דער אלטער רבי זאגט בסידורו.

און האט דאס ארייננגעשטעלט בסידורו פאר דער "למנצח יענך ה'" און "ה' הושיעה ... ביום קראנו", און דערנאך גלייך "ובא לציון גואל".

און פאר דערויף זאגט ער דער מנהג ספרדים בנוגע צו שלילת אמירת תחנון, כמבואר דארטן בארוכה.

וואס דאס איז בנוגע לענינגו, ווי געזאגט פריער - אז אלו הילדים, און די ילדים - טייטש ער אפ בפירוש אז זיי ווערן אנגערופן, במילא אז מ'דערמאנט זיך אויף דער ילד, דערמאנט מען זיך אויף זיין פנימיות אז "עמנו א-ל", במילא איז דער "שאר" ווערט "ישוב", און דער "שאר" האט דערנאך דער "שלל" און דעם "בז" בסתם, עאכו"כ דער "שלל" און "בז" העיקרי, וואס דאס איז לוקח נפשות איז דאס דער בעסטער "שלל" און דער בעסטער "בז" וואס ס'איז דא פאר א אידן, אז ער איז רוכש נאך א נפש, און ברייננגט ארייין אין די קינדער וואס אלו הילדים וואס ישעי' האט געזאגט אז זיי ברייננגען אז "וחבל עול מפני שמן" ווי די גמ' זאגט אין סנהדרין אז בדקו מדן ועד באר שבע האט מען ניט געפונען קיין תינוק ותינוקת וואס זיי זיינען ניט געווען בקי אין די הלכות חמורות שבתורה.

וואס דאס איז דער "ותבל עול" - דאס האט מבטל געווען דער עולו של סנחריב, וואס דאס איז בדוגמא פון משיח און מלחמת גוג ומגוג.

און אט דא קומט צו נאך א ענין וואס איז פארבונדן מיט רשב"י, און וואס תושבע"פ האט דאס אריינגעשטעלט אין אנפאנג פון תושבע"פ, אין מס' ברכות, אין פרק ראשון, אז אמר ר' יוחנן בשם רשב"י, אז ס'איז דא דער ענין פון מלחמת גוג ומגוג, וואס לכאו' איז דאס א געוואלדיקע צרה לישראל, ווי ער זאגט אין סנהדרין ובכ"מ,

דערנאך זאגט רשב"י אז ס'איז דא ר"ל א ערגערע זאך און וואס איז דאס - תרבות רעה בביתו של אדם.

און ברענגט אויף דערויף די ראי' פון ספר התהלים אויכעס בתחלתו.

וואס דער תהלים הויבט זיך אן פון "אשרי האיש" און דערנאך "למה רגשו גוים" - ווי די גמ' זאגט אין ברכות אז דאס איז איין פרק - איין קאפיטל, און דערנאך זאגט ער אז "מזמור לדוד בברחו מפני אבשלום בנו".

זאגט רשב"י אז "בברחו מפני אבשלום בנו" האט ער געזאגט "מה רבו צרי",

משא"כ בא "למה רגשו גוים ולאומים יהגו ריק", זאגט ער ניט "מה רבו צרי", און זאגט אדרבה: אז דאס איז גאר "יהגו ריק", און ווי רש"י טייטשט דאס אפ (און מפרשי הש"ס) אז אין דערויף זאגט ער ניט "מה רבו צרי", דאס איז א ענין פון ריק והבל, ס'האט קיין ממשות לגבי אידן!

ס'טלאגן זיך גוים צווישן זיך, "רגשו גוים ולאומים יהגו" דאס איז אבער "ריק" - פארוואס? ווייל ס'איז "יושב בשמים ישחק ה' ילעג למו", "סכסכתי מצרים במצרים", און גוים צווישן זיך און לאומים צווישן זיך,

בשעת ס'קומט אבער ווי קוקט אויף דערויף א איד, האט ער דעם פס"ד אין תורה אז דאס איז "רגשו גוים ולאומים יהגו" איז אבער לגבי אידן איז דאס "ריק" - ניט ח"ו "כחי ועוצם ידי" נאר דאס איז דערפאר וואס "יושב בשמים ישחק ה' ילעג למו" במילא רירט דאס ניט אן אידן,

זאגן נאך "מה רבו צרי" - ח"ו! דאס איז ניט קיין "צרי", זיי ריידן זיך איין ענינים, וואס איז ריק והבל, ס'האט קיין ממשות ניט בפועל, פארוואס? דערפאר וואס "עמנו א-ל".

וואס דארף מען יע באווארענען דער "רבו צרי" - די תרבות בביתו של אדם. אז ס'זאל ניט ח"ו "אבשלום בנו".

וואס וואס איז געווען דער ענין - אז לא עצבו אביו מימיו, וואס דערנאך איז געגאנגען אדני' ווי ער איז מפרש אין מלכים, דערפאר וואס לא עצבו אביו מימיו, מ'האט אים געדארפט מחנך זיין אין א אופן אז לא עצבו אביו, און בשעת מ'גיט אים נאך איז דערנאך ווערט ר"ל א מקום אז ס'זאל זיין "רבו צרי",

און מ'פארבינדט דאס - לכאו' ס'איז דאך א ציווי בפ"ע, וואס איז דא דער קשר מיט מלחמת גוג ומגוג? פארבינדט מען איין זאך מיט דער צווייטע - און ווער פארבינדט דאס - רשב"י.

און וואו שטעלט ער דאס - אין אנהויבס פון תושבע"פ, און די מסכת ווערט אנגערופן בשם "ברכות", און דאס איז דער פרק ראשון אין ברכות!

וואס דאס איז דער האמור לעיל מיטן גאנצן שטורעם בנוגע צו חינוך.

אט דאס וואס ס'איז דא "רגשו גוים ולאומים יהגו", ווייסן אידן אז דאס איז "ריק", דערפאר וואס "יושב בשמים ישחק ה' ילעג למו" - ניט נאר ער איז דאס מבטל נאר ער שטייט נאך אין א אופן פון לעג און שחוק ווי מ'איז לועג פון א נארישקייט אז היתכן מ'טוט גאר אזא מין זאך.

הנוגע בהם כנוגע בבבת עינו.

וואס אט דאס וואס רשב"י זאגט אז בשביעית, ער רעכנט אויס די זיבן יאר וואס בסופן קומט משיח צדקנו, זאגט ער אז בשנה השביעית איז מלחמות און במוצאי שביעית איז בא משיח.

וואס איז דא די נחמה פון מלחמות - דאס איז די מלחמות וואס "רגשו גוים ולאומים יהגו", "סכסכתי מצרים במצרים", א מעשה אפגאניסטאן, א מעשה דאס, א מעשה דער פלפול מיט יענע הוראות, דער רגש און מיט יענעם'ס רגש, אבער בנוגע צו אידן איז "לא ינום ולא יישן שומר ישראל", פארוואס? - דערפאר וואס א איד - ישראל פארבינדט זיך מיטן "שומר ישראל".

און אט דעמאלט זעט ער בגלוי אז "יושב בשמים ישחק ה' ילעג למו".

און אט דאס וואס מ'זאגט "נבתקה" מיטן גאנצן ענין - איז ווי ער איז מסיים אז "חסו בו".

און די הקדמה לזה פארוואס איז דאס - דערפאר וואס מ'האט שולל געווען, ווי רשב"י האט באווארנט אז "בברחו מפני אבשלום בנו" - ס'איז ניטא אזויגע קינדער צווישן אידן!

ס'איז געווען אמאל, בדוגמא ווי מ'זאגט אויף דוד'ן אז לא הי' ראוי לאותו מעשה, נאר וואדען ס'האט געדארפט זיין הקים עולה של תשובה, איז כדי א איד זאל וויסן אז ער קען תשובה טאן, און דאס גיט אים כח ער זאל תשובה טאן, במילא אז ער קען איז סוכ"ס איז לא ידח ממנו נידח, א זיכערע זאך אז ער טוט תשובה, דורך דערויף וואס ס'איז געווען "בברחו מפני אבשלום בנו", במילא איז דערנאך האט ער מנצח געווען און האט געזאגט אט דעם מזמור,

און דערנאך איז געקומען רשב"י און האט מפרש געווען וואס דער מזמור לערנט אויף וויפל ס'איז נוגע דער חינוך פון א אידישן קינד.

און פארבינדט דאס און זאגט דאס אז דאס איז פארבונדן דערמיט וואס מלחמת גוג ומגוג רירט ניט אן אידן.

ס'שלאגט זיך גוג ומגוג, און מ'פרעגט די שאלה היתכן - ס'שטייט דאך אין תנ"ך אז דאס וועט זיין פארבונדן מיט ירושלים? - און ס'איז בפירוש אין יחזקאל?

- אבער דאס רירט ניט אן ניט די אידישקייט פון ירושלים, און ניט ירושלים כפשוטו, דאס איז סביב ירושלים, אז א איד שטעלט זיך בתוקף אז ירושלים איז דאס עיר בה חנה דוד, און שמה אשר יקראו לה בלה"ק דאס איז א שטאט וואס זי איז יראת ה' בשלימות,

און יראה וואס איז בשלימות קומט דאס אראפ אין מעשה בפועל, ווארום אז ניט איז דאס ניט קיין יראה, א יראה איז א יראה ווען דאס פועל'ס בנוגע למעשה בפועל, במילא איז די מעשה אויכעט בשלימות.

האט מען ירושלים בשלימות, און דאס וואס ס'איז געווען דער "עוצו עצה ודברו דבר" - איז וויבאלד אז מ'האט קינדער וואס זיי פירן זיך אין א אופן פון "עמנו

א-ל", איז "עמנו א-ל" איז דעמאלט "ותופר" און "לא יקום" און ס'וועט זיין "עד זקנה ועד שיבה" מיט אלע פרטים וואס ער רעכנט בהמשך לזה.

וואס דאס איז כאמור - התורה היא נצחית, דאס איז א הוראה בכל מקום ובכל זמן, אין די טעג וואס מ'שטייט בסמיכות צו לג"ב שטייט דאס מער בגלוי, ווארום דאס איז יומין זכאין במיוחד אין אט די ענינים.

דאס גיט אבער אויך א הוראה ווי אזוי צו אויסצונוצן און אויף וואס אויסצונוצן די טעג.

און כאמור - ביתר שאת ויתר עוז בהתחלת פון דעם טאג פון פ"ש, וואס דאס מאכט דער ענין און פאריכט און ממלא און משלים, און אויכעט משלים מל' שלימות, ביז אויכעט דעם ענין פון גר שנתגייר,

ווי דער מיטעלער רבי טייטשט דאס אין ביאורי הזהר, אויפן מארז"ל אז לא גלו ישראל אלא להרבות עליהם גרים, אז ס'איז ניטא אזויפיל גרים אז צוליב דערויף דארף מען האלטן אידן קארגע צוויי טויזנט יאר אין גלות!

איז ער מסביר אז יעדער ניצוץ קדושה וואס מ'נעמט אים ארויס פון דעם מקום ההפכי, איז דאס א גר שנתגייר.

- ער איז געווען אין דער מקום ההפכי פון אידישקייט און קדושה און מ'האט אים פון דארט ארויסגענומען דורך תורה און קיום המצוות דורך "כל דרכיך דעהו" אפי' דורך "כל מעשיך לש"ש".

און אט דעמאלט איז עושין פ"ש, איז מען משלים אויך מל' שלימות, און מ'גייט מקבל זיין פני מ"צ, והם הכירוהו תחלה די ילדים און גידולים שגדלתם גייען בראשם, און נאך זיי גייען נאך די עלטערן וואס זיי (די קינדער) האבן אויפגעטאן אז "והשיב לב אבות על ידי בנים".

און מ'גייט אלע צוזאמען "ולב בנים על אבותם", ובשמחה גדולה לקבל פני משיח צדקנו, ושמחת עולם על ראשם,

ובמהרה בימינו ממש.

* * *

ה. מ'האט דערמאנט פריער בנוגע צו הם הכירוהו תחלה,

איז אויכעט כאן המקום להשלים אט דאס וואס מ'האט געפרעגט אויף דערויף, פארוואס זאגט מען אז דוקא הם הכירוהו תחלה, ס'איז דאך אויך געווען נדב ואביהוא און די זקני ישראל וכו', עאכו"כ משה רבינו אליין,

איז דאס מלכתחלה קיין קשיא ניט, ווארום הם הכירוהו תחלה איז כמדובר ומבואר אין ספרי און אין מדרשים, אז פארוואס זאגט מען אויף דערויף דער לשון הכירוהו - דערפאר וואס זיי האבן אים געזען פריער און מ'האט אים דערקענט אז דאס איז דער זעלבער.

זאגט ער וואס איז דער זעלבער - אזוי ווי ס'איז געווען "ויניקהו דבש מסלע ושמן מחלמיש צור", וואס דאס האט געטאן דער אויבערשטער אליין, און פארוואס איז דאס געווען - דערפאר וואס "היו יולדות בשדה", און דערנאך מפני הסכנה האט מען געמוזט לאזן די תינוקות בשדה מפני גזירות פרעה, אויב מ'וואלט זיי געבראכט צוריק אין שטאט וואלט דעמאלט געווען גזירת פרעה "כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו", האט מען זיי געמוזט לאזן בשדה.

האט זיך דער אויבערשטער אליין פארנומען - "ויניקהו דבש מסלע ושמן מחלמיש צור".

איז דערנאך אז מ'האט אים דערזען בא קרי"ס איז "הכירוהו" אז דאס איז דער זעלבער וואס "ויניקהו".

עד"ז בנוגע צו נדב ואביהוא וזקני ישראל, ווי פארשטאנדיק פון די מנויים וואס זיינען געווען דעמאלט איז געווען "מבן עשרים.. ועד שישים".

ער זאגט אבער איך מדרש אז משנולד משה, זיינען געקומען אצטגניני פרעה און האבן געזאגט פרעה'ן אז איצטער קען ער מבטל זיין די גזירה, דערפאר וואס אט דער פארוואס מ'האט געמאכט די גזירה, דערפאר וואס ראו באיצטגנינות אז נולד מושיען של ישראל, און ער וועט לוקה זיין במים, ווי ס'איז דערנאך געווען במי מריבה, במילא דערפאר איז געווען די גזירה פון היאורה תשליכוהו, דערפאר וואס מ'האט ניט געוואוסט ווי אזוי מ'קען פון אים באפרייט ווערן, האט מען גערעכנט אז דאס איז פארבונדן מיט מי נילוס, און בשעת ער איז נולד איז דעמאלט זיינען בטל געווארן די גזירות.

- נדב ואביהוא זיינען געווען קינדער פון אהרן הכהן, אהרן הכהן איז געווען דריי יאר אלט ווען משה רבינו איז געבארן געווארן, ד.ה. אז די גזירה איז בטל געווארן ווען אהרן הכהן איז געווען דריי יאר אלט, זיינען דאך נדב ואביהוא געבארן געווארן ווען די גזירה איז ניט געווען! איז פארשטאנדיק אז מ'האט זיי ניט געלאזט בשדה נאר מ'האט זיי געהאלטן אין הויז.

עד"ז די זקני ישראל, מ'איז ארויס פון מצרים ווען משה איז געווען אלט "בן שמונים שנה", במילא איז אט די אלע וואס "ויניקהו דבש מסלע" זיינען שוין געווען עלטער פון אכציק יאר, עכ"פ אכציק יאר.

אבער מבן עשרים ועד שישים, ועד שבעים, ועד שמונים - ביי זיי איז ניט געווען שייכות זאגן אז הכירוהו, דערפאר וואס זיי זיינען ניט געווען אין דער מעמד ומצב פון "ויניקהו".

עד"ז אויכעט אויף משלים זיין אויך דאס וואס ס'האט זיך גערעדט בנוגע צו הזהיר במשהו חמץ בפסח איז מובטח לו, ווי ס'ווערט געבראכט אין כתהארז"ל, במשך כל השנה וועט ער ניט נכשל ווערן,

און מ'האט געפרעגט אויף דערויף די שאלה: אויב אזוי ווי קען זיין לשיטת התוס' אז בנוגע לצדיקים איז אין הקב"ה מביא תקלה במילי דאכילה, איז במילא וועט א צדיק ניט נכשל ווערן אין משהו חמץ, במילא ווי קען זיין אז דערנאך איז ר' ישמעאל היטה, און האט געזאגט כשיבנה ביהמ"ק אביא קרבן שמינה.

און מ'האט געפונען דערנאך אז די שאלה ברייננגט דער מונקאטשער אין זיין ספר "חידושי תורה", און ברייננגט דאס אין דער נאמען פון זיין באבע, אז זי האט דאס געפרעגט,

און ער ענטפערט אויף דערויף אז דאס וואס א נזהר ממשהו חמץ - שטייט ניט דער דיוק **מאכילת** משהו חמץ, און א איסור של חמץ איז סיי באכילה און סיי בהנאה, במילא איז טאקע איז ער ניט נכשל געווארן אין אכילת משהו חמץ, ער איז נכשל געווארן אין **הנאת** חמץ -

במילא פאלט אפ די קשיא בנוגע להאמור - בנוגע ווי ס'איז דערנאך געווארן רער "היטה", און כתב על פנקסו כשיבנה ביהמ"ק אביא חטאת שמינה.

מ'ברענגט דאס אבער אראפ די אחרונים אין שו"ע, דארט וואו ס'רעדט זיך וועגן אכילת חמץ.

וואס דערפאר איז אויכעט דאס וואס ס'האט זיך גערעדט אין די פריערדיקע התוועדות דער ביאור בזה אויף כמה אופנים, וואס יש להוסיף נאך א ביאור:

און דאס איז, אז מ'זאגט אז כל השנה איז דא אין דערויף צוויי פירושים: א) דער יאר וואס איז שייך צו דער פסח, וואס אט דעמאלט איז דאס ביז חודש תשרי. ב) דערנאך איז דא דער צווייטער אפטייטש וואס קען זיין אין כל השנה, ביז דעם פסח שיבוא לאח"ז.

וואס אט דעמאלט, אויב ווי ס'איז דער ערשטער טייטש, איז אט דעמאלט איז קיין קשיא ניט וואס טרעפט זיך צווישן תשרי און ניסן.

דאס איז אבער א דוחק צו זאגן אזוי, ווארום לכאו' לויט־דעם כלל (ווי דערמאנט פריער) גענומען פון לקו"ת אז די ענינים וואס זיינען "אחת בשנה", און ס'איז נוגע אין עבודת האדם לבוראו איז דאס גופא מכריח צו זאגן אז זיי פועל'ן ביז ס'וועט קומען בשנה הבאה דער זעלבער טאג, עד"ז בנוגע צו "הנזהר ממשהו חמץ בימי הפסח".

איז אבער אפי' אז מ'וועט טייטשן "כל השנה" - ביז ס'וועט קומען דער ימי הפסח שלאח"ז - ענדיקט זיך אבער די שנה אין דער רגע הראשונה פון די שבעה ימי הפסח, דערנאך הויבט זיך אן דער ענין וואס ער דארף זיין זהיר אט די שבעה ימים, וואס אויף דערויף איז ניט חל די הבטחה פון די זהירות פון חמץ פון דעם פריערדיקן פסח, דערפאר וואס איצטער הויבט זיך אן א שנה חדשה אין דער זהירות פון חמץ, במילא האט ער דעמאלט ניט די הבטחה פון כתהאריז"ל "מובטח שלא יכשל".

קען זיין ער זאל נכשל ווערן אין משהו חמץ בשוגג וכיו"ב, אדער מפני כמה סיבות, אדער ווי דערמאנט פריער אז נכשל לרגע און הרהר ועשה תשובה איז נעשה צדיק גמור, אז די אלע שבעת ימי הפסח זיינען ווען ס'ענדיקט זיך די הבטחה פון די זהירות ממשהו חמץ בפסח שלפנ"ז, און אט דעמאלט דארף זיך אנהויבן א נייע הבטחה, אבער די זיבן ימים שטייען אין א מעמד "שבין ובין", וואס אט דעמאלט פאלט אפ די שאלה מלכתחלה.

און דא איז אויכעט די שייכות און דער קשר פון פ"ש (כמדובר לעיל, אין א פריערדיקע התוועדות):

אז מ'זאגט אין זהר, און בפרט אין דער דרוש פון צ"צ, אז להבין ענין פון פ"ש, ווי ס'איז שוין אפגעדרוקט אין אוה"ת בהעלותך, וואס דארט איז ער אלץ מבאר ווי אזוי דער פסח איז א "שני". וואס א "שני" קומט נאך א "ראשון".

וואס פ"ש האט דאך אויכעט א צווייטן נאמען, ער ווערט אויכעט אנגערופן "פסח זעירא".

וואס דאס איז צוויי נעמען וואס זיי זיינען א היפך זה מזה.

בשעת מ'זאגט "שני", און דאס רעדט זיך דאך וועגן ענינים פון טוב וקדושה, איז אין א "שני" איז דא מערער וויפל ס'איז דא אין א ראשון; ווארום ס'איז "מעלין בקודש".

בשעת מ'זאגט "פסח זעירא" לגבי "פסח רבה", איז דאס א ענין וואס דאס איז וויינציקער.

וואס דאס איז דאך אויכעט א באמען וואס די גמ' זאגט אין הולין אז "איתא במגילת תענית" אז "בפסחא זעירא" איז דעמאלט איז ניט שייכות אין דערויף קיינע ענינים בלתי רצויים פון תענית וכיו"ב, און דער לשון איז "פסח זעירא".

ביז אז דאס איז אויכעט נוגע אין הלכה בפועל, אין מגילת תענית לערנט ער דערפון א דין פון א חילוק פון א קטן וגדול בנוגע צו זכיין לקטן און זכין לגדול, וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

עכ"פ דער דרוש פון צ"צ און דער געדרוקטער איז ער אלץ מבאר ווי אזוי פ"ש איז א "שני" ועליון במעלה לגבי פסח ראשון.

ווי דאס איז אין עבודת ה', אז בפסח ראשון איז געווען "כי ברח העם" - אז ס'איז געווען די עבודה פון אתכפיא במילא האט מען געדארפט אנטלויפן, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא, אז מ'האט מורא געהאט אויב מ'וועט זיך מתמהמה זיין, איז ווער ווייס אויב מ'וועט לויפן ווארום דער יצה"ר איז געווען בתקפו, ט'איז מערניט וואס ס'איז געווען דער ענין פון אתכפיא ביי אים.

עד"ז אויכעט איז די עבודה פון הודש ניסן (ווי ער איז דארט מבאר) איז דאס די עבודה אויף ארויסנעמען פון טומאת מצרים - פון גקה"ט לגמרי.

און דערנאך קומט הודש אייר - בחודש השני, קומט די עבודה שני' אויף ארויסנעמען אויך פון ק"נ, אדער אין דער עבודה: אז פון אתכפיא קומט ער צו אתהפכא.

און דאס ברייגנגט דערנאך צו חודש השלישי, וואס דאס איז "בחודש הזה (בר"ח) באו מדבר סיני", וואס דאס איז "קבל תורה מסיני" - דער ענין פון מ"ת - תכלית השלימות.

וואס דאס איז איז אויכעט דער קשר ווי דאס איז בנוגע צו חמץ: אין חודש הראשון - איז פ"ר, איז אט דעמאלט איז דער סדר פון חמץ (ווי גערעדט פריער) אז ס'דארף זיין א זהירות אפי' במשהו חמץ. און א זהירות אפי' בנוגע להנאה.

דערנאך אז ס'קומט חודש השני, וואס בחודש השני איז דער ענין פון פ"ש, איז אט דעמאלט איז ענינו איז הכנה צו מצה עמו בבית, נאר וואדען ס'איז מערניט דער איסור באכילתו, צוזאמען מיטן פסח טאר ער דאס ניט עסן.

און נאך א ענין: אז דעמאלט איז מערניט וואס עמו בבית, א ענין של רשות.

אז ס'קומט צו חודש השלישי, אט דעמאלט איז חמץ - איז כל המנחות באות מצה **חוץ** מלחמי תודה און שתי הלחם.

וואס וואס איז דער ענין פון שתי הלחם - מנחה חדשה, וואס מ'ברייגנגט אין זמן מתן תורה, וואס דעמאלט ברייגנגט מען דאס אין ביהמ"ק און דאס ווערט א ענין של קדושה און של קרבן.

און ווי חסידות איז דאס מבאר אז ניט נאר וואס חמץ ווערט דאס א דבר של רשות, ניט ח"ו א ענין פון גקה"ט לגמרי עכ"פ אין א אופן פון איסור גברא כמדובר כמ"פ, נאר דאס ווערט נאך א ענין של קרבן, און דאס גייט מן הקל אל הכבד:

פריער איז דער ענין פון חמץ, איז מען אים מברר ע"י דחייתו, דורך דערויף וואס מ'אסר'ט אים.

ביז אפי' א משהו און אפי' בהנאה, דערנאך איז מען אים מעלה דורך דער דחי', ווערט ער אויפגעהויבן, ס'ווערט תקומו אין א מעמד ומצב אז ער קען שטיין אין א אופן פון עמו בבית - אין א בית של ישראל.

ער קען דערפון אויכעט אין אלע ענינים רשות מאכן דערפון לחם משנה, ווערט דאס א ענין של מצוה, אבער ניט א חיוב והכרח בדבר.

ס'קומט אבער חודש השלישי לאח"ז ווערט א ציווי און חיוב און א הכרח און נתינת כח אז "ממושבותיכם תביאו מנחה חדשה" - אז מ'ווערט פון "מושבותיכם" מאכט די שתי הלחם במקדש, און דערנאך איז דאס מתיר דער ענין הלחם בכל המדינות - "בכל מושבותיכם".

וואס דאס איז בנוגע לענינננו: אז אע"פ וואס לכאו' איז פ"ש איז דאך ווי די גמ' זאגט א "פסחא זעירא" - איז דא אבער אין דערויף דער ענין אויכעט אז ס'ווערט אנגערופן פ"ש, ואדרבה: פסח זעירא. ווערט ער אנגערופן אין מגילת תענית, אין א ארט אין חולין וכו'.

אט דאס וואס שטייט אין פוסקים און בכל המקומות ברובא דרובא, ביז ווי דער אלטער רבי ברייננגט דאס אראפ בסידורו, רופט ער דאס אן "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" העיקרי, ווערט דאס אנגערופן פ"ש, אז ער קומט ע"י ההעלאה בקודש, און עולה פון דער דרגא פון פ"ר, ביז צו דער דרגא פון פ"ש.

און ווי ער טייטשט אפ אין זהר אין בהעלותך, און אויכעט אזוי פארשטאנדיק איז דער דרוש פון צ"צ, איז אויכעט דעמאלט דער אפטייטש אז "פסח" - פסח ודלג אז דאס איז אן עבודה אין אן אופן פון דילוג למע' ממדידה והגבלה, און ער איז דולג צוזאמען מיט דער חמץ וואס עמו בביה.

און דורך דעריף קען ער דערנאך דולג זיין, און מבטל זיין די גזירה שבין עליונים ותחתונים, אז עליונים לא ירדו למטה און תחתונים לא יעלו למעלה, ווערט דאס בטל אין דעם חודש השלישי בשעת מ"ת.

וואס איז דאס בנוגע לענינננו?

במכ"ט וק"ו, אז ניט ווי מ'טראכט ביי זיך אז וויבאלד אז פסח האט אין זיך די אלע סימנים פון א יו"ט שלם, אז מ'זאגט הלל און דאס איז א גאנצע וואך, און אין חו"ל איז דאס שמונה ימים מיטן גאנצן שטורעם און דער סדר, און אמירת ההלל און התחלת ספה"ע און שהחיינו און דערנאך סעודת משיח וכו' - ווי קען מען זיך פארגלייכן די התעוררות העבודה וואס מ'נעמט פ"ר צו דער התעוררות וואס ער וועט נעמען פ"ש,

איז אויב ער זאגט אזוי איז דאס בסתירה צו דעם פס"ד פשוט אז "מעלין בקדש" עאכו"כ אז "לא מורידין".

און מען זאגט אז אין פ"ש טוט ער אויף אין א אופן אז דאס איז ממלא און מטלים און די תשלומין פון גאנץ פ"ר, און האט אין זיך אויכעט דער אפטייטש פון תשלומין פון ל' שלימות כמדובר לעיל בארוכה, וואס דערפאר א גר שנתגייר בין פ"ר לפ"ש איז מקריב פ"ש, וואס דאס איז וואס ער כאפט זיך אז דעמאלט האט אים געפעלט אין די שלימות - ער קען ניט זאגן שלא עשני גוי, וואס דאס איז דער ענין בפשטות.

- אילדער ער האט זיך מגייר געווען האט אים לכאו' קיין זאך ניט געפעלט, ער האט מקיים געווען שבע מצוות ב"נ, און מער פארלאנגט זיך ניט פון אים,

בשעת אבער ער איז זיך "מתגייר" - אט דעמאלט דערפילט ער אז ער האט געקענט האבן די שלימות שוין דעמאלט, אז ס'זאל שטייען און קענען מאכן די ברכה "שלא עשני גוי",

וואס דאס איז דאך א שלימות וואס א איד מאכט אויף דערויף א ברכה.

לכאו' אז עשני גוי ר"ל, און ער איז מקיים שבע מצוות ב"נ, איז א גוי וואס ער איז עוסק בתורה איז ער העכער פון א כהן גדול, ווי די גמ' פסק'נט לדינא?!

דאס איז אבער אלץ בד"א אויב ער איז זיך ניט מתגייר, בשעת ער איז זיך מתגייר אט דעמאלט דערפילט ער און מאכט אויף דערויף א ברכה שלא עשני גוי;

וואס עד"ז איז דאס ביי יעדער אידן: וואס יעדער איד בשעת ער כאפט זיך אויף אינדערפרי, מאכט ער נאך אמאל די ברכה מחדש "שלא עשני גוי",

וכמדובר כמ"פ בארוכה וואס לכאו' איז דאס ניט פארשטאנדיק: אט די אלע דריי ברכות, שלא עשני גוי מיט די ברכות שלאח"ז דארף מען זיי מאכן די ערשטע מאל ווען ער מאכט די ברכות, אבער דערנאך איז בדרך ממילא איז ישראל אע"פ שחטא איז ישראל הוא, במילא דארף ער ניט שולל זיין דער שלא עשני גוי וכו',

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אין פשטות הענינים, אז א איד הייסט טאקע -אע"פ שחטא ישראל הוא, אבער ווען איז ער א איד ווי א איד דארף זיין, אז ער פירט זיך ווי א איד.

און בשעת ער כאפט זיך אויף אינדערפרי, און זאגט מודה אני, און די ברכות לפני דער ברכה (שלא עשני גוי), און מ'זעט אז ער פירט זיך ווי א איד מאכט ער די ברכה פון דאס ביי - שלא עשני גוי.

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בכל רגע ורגע.

ובפרט נאך ע"פ הורת הבעש"ט, אז בכל רגע ורגע ווערט די בריאה מחדש, ווי דער אלטער רבי איז מאריך בשהיוה"א בתחלתו, אז ס'ווערט נתהווה מאין ליש איז בכל רגע ורגע זאגט ער שלא עשני גוי, נאר וואדען דאס איז א פעולה נמשכת פון ברכות השחר, ווי די פעולה נמשכת על כל רגע ורגע,

איז די פעולה נמשכת איז ניט דער פשט אז מ'דארף דעמאלט קיין ברכה ניט מאכן - מ'דארף דעמאלט די ברכה אויך מאכן, מ'האט דאס שוין געמאכט אינדערפרי אין אזא מין אופן אז די פעולה פון דער ברכה איז נמשכת בכל רגע ורגע.

במילא אז ס'קומט א רגע חדש בחייו, צי דאס איז אין מיטן נאכט צי דאס איז אין מיטן טאג, גיט מען אים הרשות והיכולת נתונה לכל אדם ער זאל זיך פירן ווי א איד, אדער ר"ל ווי פארקערט,

און אז ער פירט זיך ווי א איד, איז אט דעמאלט ווערט נתגלה די פעולה פון דער ברכה וואס ער האט געמאכט אינדערפרי שלא עשני גוי, און זאגט אויף דערויף דער "ברוך", און זאגט דערביי "מלך העולם" - אז דאס האט דערנאך א פעולה אויף חלקו בעולם.

וואס דא איז אויכעט דער קשר צו פ"ש:

פ"ש קומט (ווי ער זאגט אין פסוק) אויף שני ענינים: א) טמא, ב) בדרך רחוקה.

וואס לכאו' וואלט געווען גענוג ווען ס'וואלט געשטאנען "רחוקה", וואס "רחוקה" טייטשט מען דאך אפ אז ער איז מחוץ לעזרה, אדער מחוץ לירושלים, א טמא לנפש מוז זיין חוץ לעזרה!

און אט דאס וואס מ'זאגט אז ס'דארף זיין מחוץ לירושלים אזויפיל און אזויפיל מיל, ט"ו מילין, איז דער טעם בזה, דערפאר וואס ער קען ניט אריינקומען אין דער עזרה בזמן השחיטה אדער בזמן האכילה, ווי די צוויי דיעות בזה.

אבער די נקודה בזה איז אריינגיין אין דער עזרה, איז לכאו' זיינען ביידע ענינים נכלל אין דעם "דרך רחוקה"?

און דערנאך איז דא א "קלאץ קשיא" וואס קיינער שטעלט זיך ניט אויף דערויף:

ס'איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק וואס איז דא דער לשון "דרך רחוקה" - ס'האט געדארפט שטיין במקום רחוק? בדוגמא ווי 'מזאגט בא מע"ש "כי ירחק ממך הדרך", וואס דאס לערנט מען אפ דערפון, און דערנאך זאגט מען אז דאס איז א ריחוק מקום און ניט אז ער געפינט זיך בדרך, ער לעבט אין קצה א"י, וואס דארטן איז אויכעט די זעלבע שאלה: וואס איז כי ירחק הדרך?

איז דארט איז לכה"פ פארשטאנדיק אז ער דארף גיין בדרך, דא איז נוגע אז ניט ער געפינט זיך בדרך, נניח אז ער געפינט זיך "יושב תחת גפנו ותחת תאינתו", איז אויב דער גפנו ותאינתו איז לעבן ירושלים איז דאס ניט קיין מקום רחוק, וואס איז דא דער ענין פון "בדרך"?

איז כמבואר במקום אחר בארוכה: בכלל איז דאס די צוויי ענינים וואס קענען זיין א עיכוב, וואס מ'קען ניט ברייגנען קיין פסח לה',

איין ענין מצד מצבו ומעמדו פון דעם אידן, אדער דער ענין מצד חלקו בעולם.

וואס דער איד האט דאך נפש השנית בישראל היא חלק אלוקה ממעל ממש, און זי איז דאך מלובש אין דעם נפה"ב ביז וואנעט אז זיי האבן א שייכות צווישן זיך אז זיי ווערן ניט נאר נתקשר נאר אויכעט נתאחד, איז דעמאלט דארף ער ברייגנען א פסח.

ס'קען אבער זיין אז מסיבות שונות ומשונות "נורא עלילה על בני אדם", ווערט ער טמא לנפש - ער האט זיך אנגערירט אין א דבר וואס איז בלתי רצוי, אדער ווי דער פשט בפשטות: אז טמא לנפש - ער איז טמא געווארן מצד מעמדו ומצבו.

דערנאך איז דא מצד חלקו בעולם - וואס מ'האט דאך אים געשיקט אין וועלט אז ס'זאל זיין, ושמרו דרך ה' לעשות צדקה ומשפט", גייט ער מאיגרא רמה לבירא עמיקתא, כדי דערנאך זאל ער גיין צוריק מבירא עמיקתא לאיגרא רמה, דורך דערויף וואס ער וועט גיין בדרכי ה', ווי ער איז מבאר בארוכה אין ביאוה"ז וישלח, און אויכעט ווי געזאגט אין פסוק "ושמרו דרך ה' לעשות צדקה ומשפט".

וואס אט די "דרך" דארף זיין א דרך קרובה כמדובר לעיל, אפי' ווי ס'זאל ניט זיין זיין מעמד ומצב, איז דער רגע כמימרא הרהר תשובה נעשה צ"ג. דאס איז א "דרך קרובה".

ס'איז אבער דא אמאל אז מצד חלקו בעולם איז די דרך א שווערע און זי איז א דרך "רחוקה" - וואס דאס איז די צוויי ענינים: א) מצד מצבו בעצמו, ב) און דאס איז מצד חלקו בעולם.

וואס ס'איז דא א חלק בעולם, וואס דער אויבערשטער גיט איזמיצען א חלק מצד השגח"פ אז ס'זאל זיין דוקא א דרך רחוק, כמובן אויכעט פון ביאור הענין אין המשך פון ס"ו, אז ער שיקט אוועק א בן מלך אין א מדינה רחוקה כדי דארטן זאל ער קענען באווייזן אז ער שטייט ביי די אלע נסיונות, און קומט דערנאך לבית אביו המלך בכל עניניו, ביז כל הניצוצי קדושה - ממונם של ישראל וואס האבן צו אים א שייכות.

- זאגן אז דאס איז זיין מקום - דאס איז ניט זיין מקום - א מקומו פון א בן מלך איז צוזאמען מיט אביו המלך, נאר דער אביו המלך שיקט אים למקום הרחוק דוקא אהינצו, כדי ס'זאל זיין עולים ויורדים בו - כדי דערנאך זאל זיין די העלאה מלמטלמ"ע ע"י דרך המלך - מלכו של עולם - דרך ה'.

און אויף דערויף זאגט מען אז ס'איז ניטא קיין "פארפאלן", ווארום ס'איז א דבר בטוח אז בל ידח ממנו נידח, און הבטיחה תורה אז ישראל עושין תשובה, ובפרט נאך אז מ'קומט אין סוף ימי הגלות, ווי דער לשון הרמב"ם אז הבטיחה תורה אז בסוף הגלות איז ישראל עושין תשובה און מיד הן נגאלין.

וואס דער ענין פון פסח - דילוג, און פ"ש, אפי' פאר דעם וואס איז געווען טמא ובדרך רחוקה, וואס דערפאר האט ער ניט געמאכט דער פ"ר.

און אט דעמאלט ווערט דאס פ"ש - דאס איז נאך למעלה במקום שבע"ת עומדים איז אפי' צדיקים גמורים אינם יכולים לעמוד שם, און דאס איז די וועג און דאס נעמט תורתו של משיח, וואס דאס איז בדוגמא ווי בחודש השלישי.

און ווי ער איז מבאר אין די דרושים אין תו"א אין דרושי הגאולה גלייך אין אנהויבס פון ספר שמות אויף "אנכי אעלך גם עלה", אז פונקט ווי בא "אעלך" בפעם הראשונה "כימי צאתך מאמ"צ" - איז דאס געווען ע"י גלות מצרים, איז דערנאך געווען בחודש הראשון - בניסן, איז דעמאלט געווען ווי געערעדט פריער די עבודה פון חודש ניסן דער כללות הענין פון אתכפיא.

דערנאך איז געקומען בחודש השני, וואס דאס איז געווען נאכן "צאתך מאמ"צ", ס'איז אבער נכלל אין "ימי" ל' רבים, אז כל זמן מ'קומט ניט צו ירדן יריחו איז נאך אלץ א ענין פון יצי"מ בכל יום ויום, כמבואר ומדובר אין די התוועדות שלפנ"ז בארוכה.

און פונקט ווי בימי צאתך מאמ"צ איז דערנאך געקומען קבלת התורה ביי מ"ת, פון גואל ראשון הוא משה, וואס ער איז אויכעט דער גואל אחרון.

אזוי ע"י גלות המר הזה, אין דעם חושך כפול ומכופל הזה, דורך דערויף וואס מ'וועט האבן דער "בחומר - דא ק"ו" - ווי ער טייטשט אפ אין זהר, "ובלבנים - דא ליבון הילכתא" מיט די אלע פרטים ווי ער איז דערנאך מבאר אין תו"א און תורת חיים און אוה"ת בדרושים אלו,

איז מען מקבל און מ'לערנט תורה מפיו של משיח.

וואס תורת עוה"ז איז הבל לגבי תורתו של משיח, שילמד תורה את כל העם כולו, און ווי ער זאגט אין לקו"ת און שער האמונה בארוכה אז ילמד תורה, אויכעט משה'ן און די אבות און תנאים ואמוראים, און במהרה בימינו ממש.

* * *

ו. מ'האט דאך פריער גערעדט וועגן "עוצו עצה ותופר", וואס דאס איז לכל לראש נוגע און באצינט זיך אויפן א-ל זר אשר בקרבך - אויפן יצה"ר, וואס ער איז דאך כך היא אומנתו היום אומר לו כך וכו', ווי די גמ' איז מבאר בארוכה אין שבת.

דערנאך ווערט דאס אזוי במשך אין חלקו בעולם,

וואס כל העולם כולו איז דאך "בראשית" בשביל ישראל שנקראו ראשית, וואס דארטן טוט מען אויכעט אויף דער "עוצו עצה ותופר" און "דברו דבר ולא יקום", דערפאר וואס "עמנו א-ל", ניט "כוחי ועוצם ידי" ח"ו נאר וואדען דאס איז "יושב בשמים ישחק ה' ילעג למו".

וואס דאס איז אויכעט בפשטות - ס'איז דאך געווארן דער שינוי פון "עוצו עצה ותופר", אז מ'האט זיך אפגעשטעלט אויף אויפהערן ווייטער נאכגעבן און "תחילת נפילה ניסה", ווי מ'האט אפגעגעבן במשך פון די מלחמה הידועה הלך ומדרדר ממעלה למטה - אפגעגעבן נאך און נאך און נאך, און מבטיח געווען אויך ווייטער וכו'.

און מיטאמאל האט מען זיך אפגעשטעלט, וואס איז אינגאנצן ניט מובן בפשטות וואס האט דאס גורם געווען, די איינציקע זאך מיט וועלכע מ'קען דאס ערקלערן, אז ס'האבן ארייננגעמישט דער "פי עוללים ויונקים יסדת עוז", וואס דאס האט אויפגעטאן "להשבית אויב ומתנקם", אז אידישע קינדער האבן געשריען "עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום" און גלייך ממשיך געווען אז דאס איז דערפאר "כי עמנו א-ל" - אז דאס איז דערפאר וואס דער אויבערשטער טוט דאס, און "יד ה' עשתה זאת" ווי מ'האט דאס דעמאלט געזאגט בגלוי.

און דערנאך האט מען זיך דערפון מתחמק געווען, און אנגעהויבן אוועקגעבן צוריק אט דאס וואס דער אויבערשטער האט געגעבן מתנת חינם, און האט דאס אבער געגעבן און נתגלה געווארן דער נחלת עולם צו עם עולם אין אה"ק און דורך אה"ק,

- האט זיך דאס אפגעשטעלט אויף ווייטער ניט; ס'איז נאך אבער ניט דער תכלית המכוון, ס'דארף זיין "ותופר" - וואס "ותופר" איז ווי אפגעטייטשט אין הלכה, איז הפרה איז עוקר הדבר מעיקרו.

- אז די נארישקייט וואס מ'האט אפגעטאן נגד התורה, נגד השו"ע, נגד השכל הפשוט, אפי' פון או"ה וואס האבן זיך געוואונדערט ווי קומט דאס אז מ'גיט אפ ענינים וואס האט קיין ארט ניט אין שכל הגשמי אז מ'זאל דאס טאן אין שכל פון או"ה!

מסיבות שונות ומשונות, און דער עיקר סיבה וואס "ונהי בעינינו כחגבים", ס'איז נפל ר"ל דער פחד הגוים עליהם - היפך ווי מ'ווייס אז ס'דארף זיין "וראו כל עמי הארץ כי שם ה' נקרא עליך ויראו ממך", ווארום אנחנו "בשם ה' אלקינו נדגול" און "נזכיר" און דעמאלט איז "ה' הושיעה המלך יעננו ביום קראנו" - ממש אין דעם זעלבן טאג -

האט מען ר"ל אפגעטאן ענינים וואס הכל מודים אז ס'איז געווען א טפשות שאין כמוה אפי' לויט שכל הפשוט פון א אינו יהודי וואס האט קיין פארבונד ניט מיט נפש השנית בישראל היא חלק אלוקה ממעל ממש, וואס נפשם עיקר און גופם טפל!

האבן אידישע קינדער אויכעט בכח, אויף אויפטאן דער "ותופר" במילואו, אז מ'וועט אנהויבן צוריק באקומען די זאכן וואס געהערן צו יעדער אידן און צו אלע אידן, און קיינער קען אויף דערויף ניט מוותר זיין, דערפאר וואס קיינער איז אויף דערויף קיין בעה"ב ניט, דער בעה"ב איז כלל ישראל.

וואס יעדער איד האט אין דערויף א דיעה ווי אלע איבעריקע אידן, קבוע לא בטל, ובפרט נאך אז כלל ישראל איז פארבונדן און פירט זיך, און דאס איז רצוננו האמיתי טאן ווי ס'שטייט דער פס"ד אין תורה.

וואס דער פס"ד אין תורה איז א דבר ברור, אז דאס איז נחלת עולם צו עם עולם, געגעבן געווארן פון אלקי עולם - פון דעם אויבערשטן וואס ברצונו נתנה להם - צו יעדער אידן און אלע אידן, וואס "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים",

וואס דערפאר איז זיכער אז אידישע קינדער וועלן ממשיך זיין אין דעם זאגן און פילן און פועל זיין אין דעם אויר העולם, און עאכו"כ אז "לב אבות ע"י בנים" אויף זייערע עלטערן, און "לבניך אלו התלמידים" - ווי רש"י טייטשט אפ אז מכאן אז הרב נקרא אב -

פועל זיין אויף זייערע מורים און מורות, מדריכים און מדריכות, אז מ'זאל זיי נאכמער מדריך זיין אין דעם "הם הכירוהו תחלה".

וביחד וועט מען זאגן, און נאכמער - מ'וועט דאס זינגען אין א אופן וואס איז א ניגון, וואס באווייזט אויף א ענין של שמחה, וואס שמחה איז פורץ גדר,

וכידוע דער ביאור פון נשיא דורנו דער רבי דער שווער, אז בשעת מ'גייט ארויס למלחמה גייט מען ארויס לכתחלה מיט א ניגון של נצחון דערפאר וואס דאס געהערט צו תכסיסי המלחמה, אויף זיכער מאכן אז ס'וועט זיכער זיין דער נצחון.

און אין נצחון איז דא בדוגמא ווי ער זאגט אין שו"ע, אין סשכ"ט, אז מ'דארף מערניט ווי אוועקשטעלן זיך מיט דער נשק, וואס אמת טאקע דער אמת'ער נשק איז "לא ינום ולא יישן שומר ישראל" און דערנאך איז דא "בחרבי ובקשתי" - תורה ותפלה ומצוותי'.

דער אויבערשטער אבער וויל אויכעט אז מ'זאל דאס אנטאן אין דרכי הטבע, דאס האט אבער ניט קיין שייכות צו אידישע קינדער, ניט זיי דארפן טאן די ענינים,

זייער ענין איז זינגען "עוצו עצה" און "דברו דבר", באווייזן אז "עמנו א-ל", דורך דערויף וואס זיי פירן זיך ארויין און זיי לאזן ניט רוען אז זיי זאלן זיי ארויסהעלפן אין דעם, אויף באקומען דער חינוך הכשר און דער חינוך על טהרת הקודש, כדי זיי זאלן גיין מחיל אל חיל, וואס דאס איז דאך אויכעט דער אפטייטש מחיל אל חיל - פון דעם לשון חיילים, חיילי בית דוד - צבאות ה', וואס "הם הכירוהו תחלה".

און אז מ'וועט מוסיף זיין ביתר שאת ויתר עז אין די אלע ענינים, אנהויבנדיק פון מכריז זיין און אין א אופן של שמחה בנצחון לפני כל עדם ועדה און לפני כל עמי הארץ - אז "עמנו א-ל".

און מ'גייט "שמרו דרך ה' לעשות צדקה ומשפט", וואו א איד גייט איז "ה' אלקיו עמו", במילא ווערט "ותרועת מלך בו", אויכעט דער אפטייטש "תרועת" - דער לשון צוברעכן, אז ס'ווערן צובראכן אלע ענינים בלתי רצויים,

איז בלי שום ספק אז פונקט אזוי ווי מ'האט אפגעשטעלט לע"ע אז מ'זאל ווייטער ניט נאכגעבן ר"ל וועט אויכעט זיין דער "ותופר" - עוקר די ענינים מעיקרן, אז מ'וועט אנהויבן צוריק באקומען, ובדרכי נועם ובדרכי שלום.

און טאמער דארף זיין א ענין פון "וסכסכתי", איז דא "וסכסכתי" ווי געזאגט פריער אז "רגשו גוים ולאומים יהגו", דאס איז אבער אלץ רירט ניט אן קיין אידן, דאס איז אלץ עמי הארץ צווישן זיך איינער מיטן צווייטן, און דארט אויכעט מערניט ווי א מידה הכי מועטת, וואָרום התפלל אל שלום העיר און בשלומה של מלכות מיט אלע אריכות ביז דער פס"ד בזה.

און אט דעמאלט ווערט יעדער איד, בפרט נאך דורך די התעוררות פון די בנים ובנות, מוסיף זיין אין לימוד התורה און קיום מצוותי', במיוחד אין לימוד פנימיות התורה, במיוחד אין הפצת המעיינות חוצה.

און דאס וועט נאכמער צוהיילן דער קאתי מר דא מלכא משיחא, ובפרט נאך אז ס'וועט זיין אין א אופן פון "אמור ואמרת - להזהיר גדולים על הקטנים", און מ'וועט זיך ניט פארלאזן אויף דערויף וואס די קטנים וועלן משיב זיין לב אבות, נאר די אבות וועלן צוהעלפן די קטנים אז זיי וועלן זיי צוריק מעורר זיין.

וואס דאס איז אויכעט דער צווייטער אפטייטש אין "להזהיר גדולים על הקטנים", מזהיר זיין זיי אז זיי זאלן מחנך זיין די קטנים ווי ס'דארף צו זיין.

און דורך דערויף ווערן די גדולים אין א אופן פון "המשכילים יזהירו כזהר הרקיע" ווי ער הויבט אן דערמיט אין דער ספר פון רשב"י, להזהיר - מל' זהר הרקיע.

וואס אט דעמאלט איז בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו, כספם וזהבם אתם, וועט מען גיין בקרוב ממש לקבל פני משיח צדקנו, וואס דעמאלט וועט זיין דער "ישקני מנשיקות פיהו" - ווי רש"י טייטשט אפ רזי תורה ונסתרי', ביז אויכעט כולל רזי דרזין, וואס דאס איז תורתו של משיח,

און במהרה בימינו ובעגלא דידן ממש.

אפשר די קינדער וואס זיינען דא וועלן זאגן לחיים, און זינגען "עוצו עצה ותופר", און די כל הגדולים וועט דאס פועל זיין אויכעט אויף זיי אז ס'זאל זיין הושיב לב אבות וגדולים על ידי הבנים והקטנים.

אח"כ צוה לנגן הושיעה את עמיך.

* * *

ו. ס'איז דאך דא די גרויסע פאליטיקער אדער קליינע פאליטיקער וואס פרעגן די שאלה היתכן, ווי אזוי קען מען בעטן צוריק, פארלייגנען צוריק עאכו"כ לוחץ זיין אויף צוריק.

איז ערשטנס איז לכתחלה געווען א מקח טעות; כמדובר מ'האט לכתחלה אפגעגעבן א ענין וואס מ'איז ניט געווען אויף דערויף בעה"ב'ים, און ס'איז געווען נוגע אין בטחון ישראל, אפי' פקו"נ פון איין איד איז גענוג, עאכו"כ כו"כ אידן,

און דער וואס גיט אפ א זאך וואס געהערט ניט צו אים, איז דאס מלכתחלה דער אפגעבן קיין אפגעבן ניט.

און דאס איז א זאך - אז מ'וועט דאס מסביר זיין אין איינפאכע אותיות, אבער אן פחדים, אפי' צו עמי הארץ, וועלן זיי אליין פארשטיין אז ס'איז געווען אזא מין מעמד ומצב, איז געווען אין אזא מין אופן, אפי' אז מ'וועט ניט דארפן צוניצן אז מ'האט זיי אויסגענארט.

בפרט נאך אז מ'האט דאס לכתחלה אפגעגעבן על תנאי, און ניט על תנאי אחד נאר ע"פ כו"כ תנאים, און מ'האט ניט מקיים געווען די תנאים, און מ'האט בפירוש איצטער מגלה געווען אז מ'האלט גארניט ביי מקיים זיין די תנאים, ניט בנוגע צו נפט, און ניט בנוגע צו בטחון, וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

וואס דאס איז די טענה נוספת.

און די טענה שלישית, ניט נאר מ'האט ניט מקיים געווען די תנאים בעבר, מ'איז זיי ניט מקיים בהווה, דער צד השוה און וואס נאכמערער: ער זאגט בפירוש אז מ'וועט זיי ניט מקיים זיין בעתיד!

וואס דאס איז מלכתחלה א מקח טעות, אפי' ניט דער וואס וויל טראכטן אז ער איז דער בעה"ב על כל ישראל און ער קען אפגעבן בשם כל ישראל, וואס ער אליין האט דאס אויך ניט געטראכט, נאר מ'האט דאס אזוי גערדארפט זאגן מאיזה טעם שיהי' אז ער גיט אפ א זאך וואס דאס איז ברשותו, ווייסנדיק בשעת מעשה אז דאס איז ניט ברשותו, דאס איז ברשות פון כל עם ישראל,

און ברשות כל עם ישראל ניט נאר פון די וואס געפינען זיך נשמות בגופים בדורנו זה, נאר דאס איז אין רשות פון יעדער אידן און אלע אידן זינט ברית בין הבתרים עאכו"כ זינט מ"ת, עאכו"כ זינט כיבוש א"י בפעם הראשונה ע"י יהושע בן נון וואס ער איז געווען משרת משה עבד ה',

איז דאס געווארן יעדער איד פון אלע דורות זינט דעמאלט עד סוף כל הדורות א בעה"ב און זאגן א דיעה און אויספירן בנוגע צו א"י, בפרט נאך אז דאס איז א פס"ד ברור בתורתנו תורת אמת, וואס זי איז אויכעט תורת חיים - הוראה בחיים, און א פס"ד לכל העולם כולו, כמדובר כמ"פ אז א פס"ד אין תורה איז משנה די מציאות - "לא-ל גומר עלי".

ובפרט נאך אז בנדו"ז דארף מען ניט משנה זיין די מציאות, מ'ריכט זיך אז מ'וועט פארלייגנען און מ'איז גרייט ביסלעכווייס אפגעבן צוריק אט דאס וואס ע"פ טעות האט מען אפגעגעבן, עאכו"כ צו מותר זיין אויף דאס וואס מה יאמרו הבריות, דארף מען פארלאנגען נאכמערער וויפל מ'האט באקומען.

די איינציקע זאך וואס מ'דארף באווארענען (כמדובר כמ"פ), אז מס"נ העלפט אויף שפרינגען פון דעם דאך אראפ, מס"נ העלפט ניט אויף שפרינגען מלמטה למעלה, דערפאר וואס אט די כוחות האט דער אויבערשטער ניט געגעבן;

דער אויבערשטער האט מוסיף געווען אז בשעת מ'געפינט זיך אין גלות, דעמאלט קומט ארויס אין בעל הנס מכיר בניסו, ווארום דער נס איז מלובש בדרכי הטבע, איז דערפאר דארף מען האבן אז מ'זאל ריידן דברים בתוקף, און מ'זאל זיך אליין אוועקשטעלן אין א מעמד ומצב אז מ'זאל זעען אז מ'מיינט דאס מיט אן אמת.

וואס דורך וואס קען דאס זיין? - מ'האט דאך שוין געזאגט כמ"פ בתוקף, און דערנאך האט מען חרטה געהאט, די איינציקע וועג לזה - כמדובר כמ"פ - מ'זאל אפטאן **מעשה** בפועל וואס דעמאלט וועט מען זען אז דאס מיינט מען מיט אן אמת.

ועוד והוא העיקר: אפי' אז מ'וועט וועלן וועט מען אויך ניט קענען חרטה האבן, ווארום ס'איז אזא מין מעשה וואס מ'קען אין דערויף ניט חרטה האבן.

וואס דאס איז די איינציקע זאך, ניט נאר מ'דארף זיך באגנוגענען מ'וועט אנגעמען החלטות, מאכן הצהרות וכו', נאר נוסף לזה ואדרבה, זהו העיקר: מ'מוז באזעצן אידן על כל הגבולות, און אין אזא מין אופן דער באזעצן: ניט אין אן אופן עראי, אבער ניט פארבינדן זיך מיט תכניות מיט פלענער, ס'דארף נעמען אזויפיל און אזויפיל חדשים, עאכו"כ אזויפיל און אזויפיל יארן.

- נאר באזעצן טאקע אין א אופן פון קבע, הם ונשיהם ובניהם ובנותיהם, אבער על הגבולות, וביחד מיט אלע זייערע ענינים, און על **כל** הגבולות.

וועט מען דעמאלט זען - די עמי הארץ - אז דאס איז א זאך וואס מ'קען קיין חרטה ניט האבן.

בשעת מ'וועט האבן אט די אלע וואס מ'האט באזעצט על הגבולות, וועט דאס ניט צולאזן, מ'האט דאס געקענט אויספירן אין איין ארט דורך מעשים בלתי שונים ומשונים.

בשעת מ'וועט באזעצן א מספר מועט בכמות, ס'וועט אבער זיין הם ונשיהם ובניהם ובנותיהם, און לכתחלה - בתחלה זיי אליין ביחד עם נשק, און זאגן אז דאס באזעצט מען מטעמי בטחון, און מ'טוט דאס דערפאר וואס אזוי האט דער אויבערשטער אפגע'פסק'נט אין שו"ע אורח חיים אין הל' שבת - פארבונדן מיט שנה השביעית שבת לה', אין סימן שכ"ט, אז מ'שטעלט על הגבולות אין א אופן קבוע און מיט נשק גשמי כפשוטו, איז אט דעמאלט אז דאס וועט אפגעטאן ווערן מיט א מספר רב פון אנשי צבא, און מ'וועט זיי זאגן אז מ'טוט דאס בקביעות, כל זמן ס'איז דא דער מעמד ומצב עכ"פ,

אט דעמאלט האט מען קיין ברירה ניט - מ'וועט ניט קענען חרטה האבן, בדוגמא ווי מ'האט חרטה געהאט אויף ענינים של דיבור בעלמא, אפי' אויף א ישוב וואס איז געווען מערניט ווי במקום אחד ובשתי מקומות.

בשעת ס'וועט זיין על כל אורך הגבול, און ס'וועט זיין צוזאמען דערמיט א הצהרה אז דאס איז מפני טעמי בטחון, ווערט דאס א פס"ד בתורה, ניט פארבונדן מיט די ג' שבועות, ניט פארבונדן מיט דעם ענין פון "לא תחנם" - א ענין של לאו, נאר א ענין פון פקו"נ ממש,

וואס דעמאלט אז א איד שטייט בתוקף, און דער תוקף איז געבויט אויף א פס"ד בתורה, איז דאס משנה די מציאות, אויך די מציאות פון או"ה, אז זיי וועלן אויף דערויף מסכים זיין, ווי זיי וועט זיך אויסוויזן אז דאס איז בעל כרחם, ס'איז אבער א ענין וואס דאס איז אויכעט לטובתם, דערפאר וואס "דבר אלקינו יקום לעד", דער אויבערשטער וועט אויספירן דער פס"ד דער "דבר ה' זו הלכה", וואס ער האט אפגע'פסק'נט אין שו"ע אין הל' שבת אין סשכ"ט.

און וועט דאס אויספירן בדרכי התורה, וואס "דרכי' דרכי נועם וכל נתיבותי' שלום", מ'וועט ניט דארפן אנקומען צו ענינים היפך השלום, ס'וועט זיין גענוג די הפחדה וואס "ראו כל עמי הארץ כי שם ה' נקרא'עליך", מ'גייט מיט א פס"ד בתורה, וואס דער פס"ד איז אז פקו"נ איז דוחה כל הענינים, און אין דערויף איז ניט שייך קיין חרטה ר"ל.

און מ'האט אפגעטאן א מעשה בפועל, מ'האט באזעצט עטליכע טויזנט מענטשן, און מ'האט זיי געזאגט בפועל אז דאס איז דאס איז די כוונה, און כן יקום לעד ולעולמי עולמים, און במילא וועט מען אליין וויסן אז מ'קען קיין חרטה ניט האבן,

- מה-דאך ווי געזאגט, אז מס"נ פאר א דבר טוב, העלפט ניט אויף צו שפרינגען פון מטה ביז אין א קומה גבוהה, תחתילם שנילים שלישים רביעים וחמשים, ווי נשיא דורנו איז דאס מבאר בשיחתו הידועה, אז דאס איז כנגד פון חמשה שמות נקראו לה ביז יחידה שבנפש, עאכו"כ אז די מס"נ פון געפעלן ר"ל א גוי, וועט ניט קענען פועל זיין אז מ'זאל דערנאך טאן א דבר וואס איז אי אפשרי במציאות, נאכן באזעצן דארטן די אנשי צבא בריבוי גדול לפ"ע, על כל הגבול כולו, צוזאמען מיט דער ביאור בפשטות אז דאס איז א ענין פון פקו"נ און מ'קען אויף דערויף ניט מוותר זיין, און ניט שרעקן זיך.

וועט מען דעמאלט וויסן ביי זיך אז מ'מיינט דאס מיט אן אמת, ווייל דאס איז דער אמת, און דאס וועט פועל זיין אז "ויראו ממך", דערפאר וואס "שם ה' נקרא עליך".

און וואס באכמערער: דאס איז דער איינציקער און קלארער און זיכערער וועג צו "נתיבותי' שלום" - אז ס'זאל זיין א שלום בן קיימא א שלום אמיתי,

און דאס איז די הכנה קרובה, צו דעם קיום ההבטחה אז "בחוקותי תלכו ואת מצוותי תשמרו ועשיתם אותם", "ונתתי גשמיכם בעתם" - וואס דאס איז פארבונדן מיט רשב"י און לג"ב מיט ירידת גשמים.

"ונתנה הארץ יבולה ועץ השדה יתן פריו", אפי' אילני סרק וואס ביז איצטער האבן זיי ניט געהאט קיין שייכות מצד סיבות שונות ומשונות צו פירותיהם של צדיקים - אלו מע"ס, וועלן זיי אויכעט געבן "עץ השדה יתן פריו".

"ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד... והייתי לכם לאלקים... ואולך אתכם קוממיות" - "בקומה זקופה" אין די לעצטע טעג פון גלות.

און דאס וועט ברייגען דער "קץ שם לחושך" בעגלא דידן, צו דער חושך כפול ומכופל פון גלות, וואס דער חושך איז בחוץ - "החושך יכסה ארץ", אבער "לכל בנ"י הי' אור במושבותם", דורך דערויף וואס מ'האט דארטן אין "מושבותם" דער "נר מצוה ותורה אור",

און דאס וועט ברייגען גלייך נאך דער "קץ שם לחושך", דעם גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

צוה לנגן: פרזות. ופרצת. ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי. עוצו עצה.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן עוצו עצה וגו'.

* * *

א. ס'איז דאך איצטער מנחת שבת ערב ל"ג בעומר.

וואס בנוגע צו מנחה בערב ל"ג בעומר שרייבט דער אלטער רבי בסידורו [וואס די איז א סידור השוה לכל נפש], פאר "ובא לציון גואל", און "ה' הושיעה המלך יעננו ביום קראנו" [און ווי עס ווייזט זיך אויס - איז אזוי אויך געשטאנען אין דעם סידור וואס איז געדרוקט געווארן בחייו פון דעם אלטן רבי'ן], אז דעמולט זאגט מען ניט קיין תחנון (משא"כ צו מנחה בערב פסח שני).

און בשעת ערב ל"ג בעומר איז ביום השבת (כבשנה זו), דריקט זיך דאס אויס אין דעם וואס מ'זאגט ניט "צדקתך צדק" צו מנחה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער ענין פון ל"ג בעומר הויבט זיך שוין אן אין ערב ל"ג בעומר.

ונוסף לזה, איז אויך דא די שייכות פון דעם שבת צו ל"ג בעומר, וואס דאס איז דער שבת פאר ל"ג בעומר:

אין דעם שבת פאר ל"ג בעומר צו מנחה לייענט מען בתורה די פרשה בתורה וואס איז שייך צו דעם טאג פון ל"ג בעומר, און ע"פ תורת אדה"ז, אז מ'דארף לעבן מיט דער צייט - מיט דער פרשה אין תורה וואס מ'לייענט אין דער צייט - קומט אויס אז אין דעם שבת פאר ל"ג בעומר האט מען שוין דער "לעבן מיט דער צייט", פון ל"ג בעומר, דערפאר וואס מ'לייענט דעמולט די פרשה פון ל"ג בעומר.

דאס איז אבער דא אין דעם שבת פאר ל"ג בעומר בכל שנה, אפילו ווען שבת איז ניט ערב ל"ג בעומר; משא"כ דאס וואס מ'זאגט ניט קיין "צדקתך צדק" צו מנחה בשבת איז דוקא ווען שבת איז ערב ל"ג בעומר.

ב. דער ענין פון ל"ג בעומר איז במיוחד פארבונדן מיט רשב"י.

וואס אע"פ אז רשב"י האט א שייכות מיט כל ימי חודש אייר, איז אבער ימי חודש אייר האט אויך א שייכות מיט אלע תלמידי רבי עקיבא, וואס זיי זיינען געשטאנען אין א דרגא נעלית ביותר.

והביאור בזה:

די גמרא (יבמות סב, ב) דערציילט אז ר' עקיבא האט געהאט כ"ד אלף תלמידים, און זיי זיינען געשטארבן בספיה"ע (ביז ל"ג בעומר) "מפני שלא נהגו כבוד זה לזה".

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק:

ס'איז דאך "לא דברה תורה אפילו בגנאי של בהמה", איז ווי דערציילט די גמרא בגנאי פון תלמידי ר' עקיבא?!

ובפרט אז די גמרא איז מדגיש אז דאס זיינען געווען תלמידי ר' עקיבא - איז דאך פארשטאנדיק אין וואס פאר א דרגא זיי זיינען געווען!

איז דער ביאור אין דעם:

יעדער איינער פון תלמידי ר' עקיבא האבן געהאלטן בא שלימות העבודה פרטית שלו, וואס במסילתו יעלה, וואס די עבודה האבן תלמידי ר' עקיבא מקבל געווען פון ר' עקיבא, במכ"ש דערפון וואס זיי האבן פון אים מקבל געווען נגלה דתורה, האבן זיי דאך זיכער מקבל געווען פון אים דער פנימיות דערפון, וואס דאס איז דער "ויצונו ה' לעשות את כל החוקים האלה ליראה את ה' אלקינו" - דער תכלית ההתקשרות למעלה,

"בחד קטירא אתקטרנא בי' בקוב"ה כו' בי' אחידא בי' להיסא בי' אתדבקת", און יעדער איינער פון די תלמידים האבן פון ר' עקיבא מקבל געווען זיין סדר עבודה פרטית שלו,

און מצד דעם וואס אין עבודה פרטית וואס במסילתו יעלה, איז געווען זיין גאנצער פארקאכטקייט און צוגעבונדענקייט, ביז אז דאס איז געווארן כל מציאותו - איז ניט געווען קיין שום ארט פאר א צווייטער אופן העבודה, און דערפאר איז "לא נהגו כבוד לזה".

ובדוגמא ווי מ'זאגט בשבחם פון די שבטים, אז דאס וואס "לא יכלו דברו לשלום", מיט יוסף'ן, איז "מתוך גנותם למדנו שבחם, שלא דברו אחת בפה ואחת בלב" - ווארום וויבאלד אז אחי יוסף האבן געהאט אן אנדער קו העבודה פון יוסף'ן, דערפאר "לא יכלו לדבר לשלום".

ועד"ז בנוגע צו תלמידי ר' עקיבא: דאס וואס בא זיי איז געווען "לא נהגו כבוד זה לזה", איז געווען בשבחם - ווארום וויבאלד אז יעדער איינער פון זיי האט געהאט זיין סדר העבודה וואס אין איר איז ער געווען פארקאכט בכל מציאותו - האט דאס ניט געלאזט קיין ארט פאר א צווייטער עבודה.

ג. וע"ד ווי די עבודה פון נדב ואביהוא, וואס בא זיי איז געווען "ויקריבו לפני ה'", ביז אז זיי זיינען געווארן אויס מציאות לגמרי פון זייער עבודה נעלית.

וואס די שלימות פון די עבודה איז פארשטאנדיק דערפון וואס משה, וואס מדתו איז אמת, האט געזאגט אויף זיי (ווי רש"י ברענגט), אז "רואה אני שהם (נדב ואביהוא) גדולים ממני וממך (אהרן)".

וכמבואר בארוכה אין ד"ה אחרי מות תרמ"ט (כמדובר כמ"פ) דער עילוי פון עבודת נדב ואביהוא, און ווי ער ברענגט דארטן די לשונות פון אוה"ח הקדוש, אז בא זיי איז געווען "חשיקה ואהבה ותשוקה", מיט די אלע לשונות בזה, ביז צו כלות הנפש כפשוטו צו אלקות, וואס דאס איז דאך דער תכלית העילוי פון עבודה צו נתעלה ווערן אזוי הויך.

ועד"ז איז געווען די עבודה פון תלמידי ר' עקיבא, אז זיי האבן דערגרייכט צו תכלית העלי' אין עבודה.

ד. מ'דארף דאך אבער אויפטאן אין עוה"ז הגשמי, ביז אין עוה"ז החומרי, וואס דאס האבן די תלמידי ר' עקיבא ניט אויפגעטאן ע"י עבודתם, ווי די גמרא זאגט דארטן "והי' העולם שמם" -

דערפאר איז ווי הויך די עבודה פון תלמידי ר' עקיבא איז געווען, קומט אבער דערנאך צו נאך א העכערע שלימות אין עבודה - פון די תלמידים השניים פון ר' עקיבא, וואס זיי האבן אויפגעטאן אז עס זאל ווערן אויס "עולם שמם", וואס דאס איז דער סדר העבודה פון "נכנס בשלום ויצא בשלום", כדלקמן.

און דאס איז דער אויפטו פון ל"ג בעומר לגבי די ימי העומר ביז דעמולט: ל"ג בעומר האבן די תלמידים הראשונים פון ר' עקיבא אויפגעהערט שטארבן, צוליב דערויף וואס "לא נהגו כבוד זה לזה" און זיי האבן ניט אויפגעטאן אין וועלט;

בל"ג בעומר האט זיך אנגעהויבן דער צווייטער עבודה, פון די תלמידים השניים פון ר' עקיבא, וואס זיי האבן אויפגעטאן מיט וועלט.

וואס איינער פון די תלמידים השניים פון ר' עקיבא איז געווען רשב"י, און דאס איז אויך די שייכות פון ל"ג בעומר, וואס דעמולט איז יום ההילולא פון רשב"י

מיט די עבודה פון די תלמידים השניים פון ר' עקיבא, וואס האבן ממשיך געווען אין וועלט.

וואס דער ענין פון ממשיך זיין אין וועלט געפינט מען במיוחד בא רשב"י:

די גמרא אין שבת (לג, ב) דערציילט, אז ארויסגייענדיק פון מערה נאכן זיין דארטן י"ב שנה, און נאך א דרייצענטן יאר - "כל היכא דהוה מחי ר"א הוי מסי ר"ש".

וואס דער עילוי פון ר"א בנו יחידו פון רשב"י, איז פארשטאנדיק וואס רשב"י האט געזאגט (סוכה מה, ב) "ראיתי בני עלי' והן מועטין ... אם שנים הם אני ובני", בפשטות, ובפרט נאך דערויף וואס ער איז געווען מיט רשב"י אין מערה י"ב שנה, און דערנאך נאך א יאר,

ביז אז רשב"י האט געזאגט ( ב"ר פל"ה, ב, וש"נ), "אין העולם יכול לעמוד בפחות משלשים צדיקים ... ואם תרין אינון אנא וברי הן, ואם חד הוא אנא הוא", וואס דערפון איז מובן די דרגא פון ר"א, אבער לאידך איז פארשטאנדיק אז רשב"י איז נאך העכער, און דערפאר האט ער געקענט אויפטאן "כל היכא דהוה מחי ר"א, הוי מסי ר"ש".

ה. אין דעם ענין איז לכאורה ניט פארשטאנדיק:

ווי איז שייך זאגן אז ס'איז א ספק "אם תרין אינון וכו', ואם חד הוא כו'" - כלפי שמיא איז דאך ניטא קיינע ספיקות?!

אמת טאקע אזביידע ענינים ("אם תרין אינון אנן וברי הן, ואם חד הוא אנא הוא") זיינען זיכער אמת, "אלו ואלו דברי אלקים חיים", ובפרט אז רשב"י האט זיי ביידע געזאגט אין דעם זעלבן מאמר - איז אבער ניט פארשטאנדיק ווי איז שייך א ספק בדבר?

איז דער ביאור אין דעם ע"ד ווי גערעדט כמ"פ אז דער טאטע שרייבט, אז אין ע"ח שטייט אז עס זיינען דא כמה ספיקות אין עתיקא.

וואס לכאורה איז דא אויך ניט פארשטאנדיק: ס'איז דאך א פס"ד ברור אז עס זיינען ניטא קיינע ספיקות כלפי שמיא - איז ווי קען מען זאגן אז אין עתיקא זיינען דא ספיקות?

ו. הביאור בזה בדא"פ:

חז"ל (שבת קיט, ב. וראה שם י, א) זאגן אז דורך עבודת האדם "נעשה שותף להקב"ה במעשה בראשית".

וואס דאס איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

מעשה בראשית איז א התהוות יש מאין, וואס דאס קען נאר דער אויבערשטער טאן, ווי דער אלטער רבי זאגט אין אגה"ק ס"כ (קל, ב): "הוא לבדו בכחו ויכלתו לברוא יש מאין ואפס המוחלט ממש בלי שום עילה וסיבה אחרת קודמת ליש הזה", און ער איז מוסיף דערביי אויך א טעם: "שמציאותו הוא מעצמותו ואינו עלול מאיזה עילה שקדמה לו ח"ו ולכן הוא לבדו בכחו ויכלתו כו'",

ובלשון החוקרים: בריאה יש מאין איז נאר בחיק הבורא און ניט בחיק הנבראים -

איז ווי קען מען זאגן אז א איד "נעשה שותף להקב"ה במעשה בראשית"?!

הנחה פרטית בלתי מוגה

און די גמרא זאגט ניט אז ער איז "כשותף", מיט א כ"ף הדמיון, נאר "שותף", א שותף ממש, און ניט א שותף אין אן ענין טפל - נאר תורת אמת זאגט אז ער איז א שותף אין מעשה בראשית!

איז דער ביאור איך דעם:

מ'געפינט כמה ענינים וואס זיינען מוסיף א שלימות אין מעשה בראשית.

ועי"ד ווי מ'געפינט כמה ענינים וואס למעלה זיינען זיי בספק, און דוקא דורך א פס"ד דא למטה ווערט פותר דער ספק,

ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק, אז ווען ס'איז דא א ספק אין מתיבתא דילי', און אין מתיבתא דקוב"ה, און אין אלע מתיבתות - איז דוקא דורך דערויף וואס א איד א "תלמיד ותיק" וואס געפינט זיך למטה א נשמה בגוף לערנט דעם ענין, און איז דאס מברר, און מאכט א קלארקייט אין דעם, ביז ער קומט צו א פס"ד בפועל - ווערט אזוי דער ענין אין אלע עולמות ביז צו די העכסטע עולמות.

ז. יעדער ענין וויל מען האבן ברמז אדער בגלוי אין נגלה דתורה:

די גמרא (ב"ב כח, ריש ע"ב) זאגט אז די וועלט איז באשאפן געווארן אין אן אופן וואס "רוח צפונית אינה מסובבת", און דער טעם אויף דערויף: טאמער וועט איינער קומען און זאגן "הוא אלקה", איז אז "לי יאורי ואני עשיתני", וועט מען אים ענטפערן - אדרבה, ס'איז געבליבן א רוח צפונית וואס אינה מסובבת, זאל ער איר מסבב זיין!

דערפון איז אבער לכאורה פארשטאנדיק אז מ'קען דאס ניט טאן; זאגט מען אבער אז א איד ע"י עבודתו קען אויך משלים זיין דער ענין פון מע"ב וואס רוח צפונית אינה מסובבת. והביאור בזה:

לגבי משיח שטייט "לםרבה המשרה", "לםרבה" מיט א מ"ם סתומה.

וואס דער חילוק צווישן א מ"ם פתוחה מיט א מ"ם סתומה איז: אן אות וואס האט אין זיך א פתח, באווייזט אז אין דערויף איז דא א פרצה, ס'איז ניט בשלימות.

ועד"ז בנוגע צו א מ"ם פתוחה, וואס זי האט א פתח עכ"פ למטה - באווייזט דאס אז דאס איז נאך ניט אינגאנצן בשלימות; משא"כ א מ"ם סתומה איז סתום מכל הצדדים, וואס דאס באווייזט אויף שלימות.

וואס דערפאר שטייט בא משיח'ן "לםרבה המשרה", מיט א מ"ם סתומה - ווארום לע"ל וועט ניט זיין קיין ענין פון א פירצה, נאר אלע ענינים וועלן זיין בתכלית השלימות, סתום מכל הצדדים.

וואס דא רעדט מען ניט וועגן א מ"ם בסוף התיבה - וואס דאס וועט זיכער זיין א מ"ם סתומה, ווארום אין איר איז ניט שייך קיין פירצה; נאר דער חידוש פון משיח וועט זיין אז אפילו א מ"ם באמצע התיבה, "לםרבה", וואס מצד התורה איז יש מקום אז אין דערויף זאל זיין א פירצה, און אעפ"כ וועט זיין א מ"ם סתומה, "לםרבה המשרה".

און וויבאלד אז אלע ענינים פון משיח לע"ל איז תלוי אין מעשינו ועבודתינו איצטער - איז פארשטאנדיק אז אויך דער ענין וואס משיח וועט מקבל זיין דער ענין פון "משרה", און אין אופן פון "לםרבה", איז תלוי אין די עבודה פון א איד איצטער,

וואס די עבודה באשטייט אין מאכן פון דעם מ"ם פתוחה, א מ"ם סתומה, וואס

דאס איז ע"ד דער ענין פון מאכן אז דער רוח צפונית וואס אינה מסובבת, און זי איז פתוח - זאל אויך זיין סתום.

ח. וואס דערפון זעט מען ווי א איד ע"י עבודתו טוט אויף א שלימות אין מעשה בראשית, וואס איז אין איר ניט געווען בשעת בריאתו, אז כאטש רוח צפונית אינה מסובבת, מצד הבריאה, און ע"פ תורה איז שייך דער ענין הפירצה אין א מ"ם באמצע התיבה - מאכט דאס אבער איבער א איד, אז עס זאל זיין א מ"ם סתומה מכל צדדיו.

וואס דאס איז דער כללות העבודה פון א אידן, ווי ער זאגט אין מדרש "אשר ברא אלקים לעשות - לתקן": פריער איז דא די בריאה ווי דאס איז מצד הקב"ה; דערנאך דארף אבער א איד קומען אין דער וועלט און ע"י עבודתו מתקן זיין, און משלים זיין די בריאה.

וואס דאס איז גלייך געווען אריינגעשטעלט אין דעם "אשר ברא אלקים לעשות", אז די כוונה פון דעם "לעשות" איז - "לתקן", ובפרטיות קומט דאס ארויס נאכדעם "ויניחהו בג"ע לעבדה ולשמרה",

און בפרט נאך דער חטא עה"ד, וואס דעמולט האט זיך אנגעהויבן דער עיקר העבודה, דער עבודה פון תשובה [וואס דאס האט א שייכות להאמור לעיל בנוגע צו "לםרבה המשרה", וואס וועט זיין בא משיח, ווארום משיח איז "אתא לאתבא צדיקייא בתיובתא"].

ובכללות - איז דער גאנצער ענין פון עבודה, דער ענין התשובה - ווארום עבודה איז ענינה השבת הניצוצות וואס געפינען זיך ניט במקומם לשרשם ומקורם.

ט. ועפ"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו די עבודה פון תלמידים הראשונים דר' עקיבא, וואס איז געווען בדוגמא צו די עבודה פון נדב ואביהוא - די תנועה פון רצוא, און תשובה, אומקערן זיך למקורם למעלה,

וואס דאס איז דער תכלית השלימות פון עבודה, ווארום דער עבודה פון תשובה איז דער ענין פון "לעשות ולתקן".

דערנאך איז אבער דא תכלית דתכלית השלימות פון עבודה - דער ענין פון המשכה מלמעלמ"ט, וואס דאס איז געווען די עבודה פון די תלמידים השניים דר' עקיבא, ובמיוחד פון רשב"י.

והביאור בזה:

די צוויי אופני עבודות איז ע"ד דער חילוק צווישן תפלה און תורה:

תפלה איז העלאה מלמטלמ"ע, אויסגיין פון זיך, און אומקערן זיך לשרשו ומקורו, ע"ד ווי די עבודה פון די הלמידים הראשונים פון ר' עקיבא.

תורה איז המשכה מלמעלמ"ט, ממשיך זיין אין וועלט, וואס דאס איז געווען דער אויפטו פון די תלמידים השניים פון ר' עקיבא, ובפרט פון רשב"י.

און די שלימות העבודה פון תורה, המשכה מלמעלמ"ט, איז נאך א העכערע שלימות פון די עבודה פון תפלה, העלאה מלמטלמ"ע,

און לפי ערך די שלימות פון עבודת התורה, המשכה, איז עבודת התפלה העלאה, בדוגמא ווי דער "לעשות" פון מע"ב לגבי דער "לעשות ולתקן".

וע"ד המבואר בנוגע צו לימוד התורה אחר התפלה, אז דאס איז א העכערע דרגא פון תפלה.

הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק:

דער ענין פון תפלה איז דער אויסגיין פון דעם נפש צו אלקות, כידוע אז תפלה איז מלשון "תופל", ער פארבינדט זיך מיט למעלה, ביז ווי ער זאגט אין צוואת הריב"ש, אז ס'איז גאר א פלא ווי איז א איד א מציאות חי נאך דערויף וואס ער האט מתפלל געווען, ווארום מצד דער ענין התפלה האט דער איד לכאורה געדארפט ווערן אינגאנצן אויס מציאות -

איז וויבאלד אז יעדער איד איז בחזקת כשרות, האט ער דאך זיכער געדאוונט כדבעי, ווי מ'דארף דאווגען - איז ווי קען מען זאגן אז נאך דער ענין התפלה קומט דער ענין התורה, וואס איז נאך העכער פאר די תפלה?!

איז דער ביאור בזה, אז וויבאלד ס'איז דא א צווי פון "מעלין בקודש" - איז נאך דערויף וואס ער האט אפגעדאווגט און ער האלט בא גאר א הויכע מדריגה, כנ"ל, איז ערשט דעמולט לפי ערך זיין דרגא דארף ער נאכמער נתעלה ווערן, וואס דאס איז דער ענין התורה וואס איז ביי אים דא נאך די תפלה.

י. ועד"ז בנדו"ד בנוגע צו תלמידי הראשונים והשניים דר' עקיבא:

עניגו פון ר' עקיבא איז געווען די עבודה פון רצוא מלמטלמ"ע, ווי ער האט געזאגט כל ימיו "מתי יבוא לידי ואקיימנה" דער ענין פון מס"נ, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז כל ימיו איז געווען זיין תשוקה צו גיין אויף מס"נ.

און דער דרך העבודה פון ר' עקיבא האבן תלמידיו הראשונים מקבל געווען, וואס דערפאר איז בא זיי געווען די עבודה אין דעם קו פון רצוא, ביז אין תכלית השלימות פון העלאה.

בא ר' עקיבא איז אבער דערנאך אויך געווען דער שלימות פון דער צווייטער קו, קו התורה, דער ענין פון המשכה מלמעלמ"ט, כידוע אז ר' עקיבא "נכנס בשלום, ויצא בשלום", וואס דער פירוש אין דעם איז אז סיי דער "נכנס" איז געווען ביי אים "בשלום", ד.ה. אז דער ענין ההעלאה און תפלה איז ביי אים געווען בתכלית השלימות, (וואס דאס האבן מקבל געווען די תלמידים הראשונים זיינע), און סיי דער "ויצא" איז געווען "בשלום", ד.ה. אז דער ענין ההמשכה, און תורה איז ביי אים אויך געווען בתכלית השלימות.

משא"כ בא די אנדערע וואס "נכנסו לפרדס", איז בא זיי ניט געווען דער ענין פון "נכנס בשלום", און "ויצא בשלום", כאטש אז זיי זיינען אויך געווען ראוין ליכנס לפרדס.

און דער צווייטער קו וואס איז געווען בא ר' עקיבא, דער קו פון תורה, און המשכה - האבן מקבל געווען זיינע ה' (אדער ז' (ווי די צוויי גירסאות בזה)) תלמידים השניים,

און דערפאר איז בא זיי געווען דער סדר העבודה פון "ויצא בשלום", צו ממשיך זיין אין וועלט דער ענין פון שלום,

וואס דאס טוט מען אויף דורך דער ענין התורה, ווי דער רמב"ם זאגט אין סיום פון הלכות חנוכה, אז "כל התורה ניתנה לעשות שלום בעולם", ד.ה. ניט נאר "עושה שלום במרומיו", וואס דאס איז א שלום למעלה, בדוגמא ווי "נכנס בשלום" - נאר "ויצא בשלום", א המשכה פון שלום בעולם.

און דער שלום וואס ווערט אויך אויפגעטאן דורך תורה גופא, וואס "דרכי' דרכי נועם", ביז אז "כל נתיבותי' שלום" - אפילו א דרך טפל, "נתיב", פון תורה איז אויך עניגה שלום.

יא. ועד"ז איז אויך דער חילוק צווישן רשב"י ווי ער איז געווען אין מערה, און ווי ער איז דערנאך געווען לאחר יציאתו פון מערה:

דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת, אז זייענדיק אין מערה האט רשב"י ניט געקענט מקיים זיין כמה מצוות גשמיים, ווי אכילת מצה; אבער מ'קען ניט זאגן אז ער האט ניט מקיים געווען די מצוה פון אכילת מצה - איז ער מבאר אז רשב"י האט מקיים געווען אכילת מצה ברוחניות.

וואס ס'איז פארשטאנדיק אז ווי הויך די מעלה זאל נאר זיין אין מקיים זיין מצות אכילת מצה ברוחניות - קומט דאס אבער ניט צו דער תכלית השלימות פון מקיים זיין די מצוה בפועל בגשמיות העולם.

און דער עילוי איז רשב"י צוגעקומען דוקא נאך דערויף וואס ר"א איז ארויס פון מערה,

ביז ווי רער ירושלמי זאגט, אז כאטש רשב"י איז געווען "תורתו אומנתו" - האט ער זיך אבער עוסק געווען אין עשיית לולב, און עשיית סוכה, וואס דאס איז אפילו ניט דער מצוה אליין, מערניט ווי א הכנה צו דער מצוה - אבער מצד די מעלה וואס רשב"י איז צוגעקומען נאכן מערה, אויף אויך ממשיך זיין אין גשמיות העולם - האט ער אויך געטאן די עשיות.

יב. המבואר לעיל איז בכללות דער חילוק צווישן ערב ל"ג בעומר, און ל"ג בעומר: ערב ל"ג בעומר איז בכללות פארבונדן מיט די עבודה פון רצוא און העלאה, די עבודה פון די תלמידים הראשונים דר' עקיבא.

ל"ג בעומר האט זיך אויפגעטאן די עבודה פון המשכה, עבודת הרשב"י און תלמידים השניים דר' עקיבא.

יעדער זאך איז דאך בהשגח"פ ובתכלית הדיוק - איז עד"ז בנוגע צו ערב ל"ג בעומר און ל"ג בעומר:

ערב ל"ג בעומר קומט אויס אלעמאל בי"ז אייר, און ל"ג בעומר - בי"ח אייר, איז דאס אויך בהשגח"פ ובדיוק, ובמילא דארף דאס אויך זיין מתאים מיט דער כללות החילוק צווישן ערב ל"ג בעומר, און ל"ג בעומר. והביאור בזה:

י"ח אייר קען מען מבאר זיין ע"ד ווי די ביאורים פון רבותינו נשיאינו בנוגע צו ח"י אלול - אז ח"י אלול טראגט אריין חיות אין עניני אלול,

ועד"ז בנוגע צו י"ח אייר - אז דער טאג טראגט אריין חיות אין עניני אייר.

עניני פון חודש אייר - אז דאס איז דער חודש השני, און דער צ"צ איז מבאר, אז דאס איז ניט קיין שני וטפל לגבי דער "ראשון", נאר דאס איז העכער פאר דעם ראשון, ווארום עס דארף זיין "מעלין בקודש", [ע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו פסח שני, אז דאס ווערט אנגערופן פסח <u>שני</u>, און ניט פסח <u>זעירא</u>, וואס באדייט אז דאס איז קלענער ווי דער ראשון].

ובלשון ווי חסידות איז דאס מבאר - אז אין חודש השני, חודש אייר, איז די מעלה פון עבודת אהפכא, משא"כ אין חודש ראשון איז נאר עבודת אתכפיא.

וואס דאס איז עניני פון חודש אייר, ווי דאס איז מצ"ע, ביז מ'קומט צו דער שלימות פון חודש אייר בי"ז אייר, וואס י"ז איז בגימטריא טו"ב, ד.ה. ווי אלע עניני פון חודש אייר שטייען אין אן אופן פון טוב,

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

ע"ד ווי דאס איז געווען אין דער בריאה מצ"ע, אז דער "אשר ברא אלקים לעשות", איז געווען אין אן אופן פון טוב, ווי דער אויבערשטער האט געזאגט נאך יעדן טאג פון מע"ב.

דערנאך דארף אבער זיין דער "לעשות - לתקן", וואס דאס איז דער ענין פון ח"י אייר, וואס ברענגט אריין א חיות אין אייר.

יג. ועד"ז דריקט זיך אויס אין עבודה, אז די תלמידים השניים פון ר' עקיבא (וואס זיי זיינען פארבונדן מיט ח"י אייר, ל"ג בעומר) האבן אריינגעבראכט א חיות און א שלימות אין די עבודה פון די תלמידים הראשונים פון ר' עקיבא (וואס זיי זיינען פארבונדן מיט חודש אייר, ביז מיט דער שלימות שבזה - י"ז אייר).

והביאור בזה:

ווי גערעדט פריער האט ר' עקיבא כולל געווען אין זיך דיביידע עבודות פון "נכנס בשלום", העלאה, און "יצא בשלום", המשכה.

און ע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו הלל ושמאי אז "קבלו מהם" פון שמעי' ואבטליון אז כאטש זיי האבן ביידע מקבל געווען פון די זעלבע רביים, האט הלל מקבל געווען פון זיי אין איין אופן, און שמאי האט מקבל געווען פון זיי באופן אחר -

עד"ז זיינען געווען תלמידים פון ר' עקיבא וואס האבן מקבל געווען פון אים נאר דער סדר העבודה פון "נכנס בשלום", העלאה, ע"ד ווי ענינו פון שמאי, מלשון "השם אורחותיו" - זיין גאנצע עבודה באשטייט אין אפשאצן איין קו עבודה, און בשעת ער שאצט אפ אז די עבודה דארף זיין אין דער קו פון רצוא, און ארויסגייענדיק פון וועלט - לאזט ער ניט קיין ארט אויף א צווייטער קו בעבודה, ע"ד ווי די ספירות פון עולם התהו.

משא"כ די תלמידים השניים פון ר' עקיבא האבן פון אים מקבל געווען אויך דער עבודה פון "יצא בשלום", המשכה, וואס דאס איז דער פנימיות הכוונה פון "נכנס בשלום", און דערפאר ברענגט דאס אריין א חיות און א שלימות אין דער "נכנס בשלום".

ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס דוקא בא ר' עקיבא שטייט "נכנס בשלום, ויצא בשלום", וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק:

אלע ד' שנכנסו לפרדס זיינען געווען ראוי אהינצו אריינגיין, איז דאך בא זיי אלע לכאורה געווען "נכנס בשלום"?

נאכמער: בא זיי איז דאך געווען דער תכלית השלימות פון רצוא און העלאה, בדוגמא ווי בא נדב ואביהוא איז געווען "בקריבו לפני ה'" - איז ווי קען מען זאגן אז בא זיי איז ניט געווען "נכנס בשלום"?!

איז דער ביאור בזה:

די תכלית הכוונה איז - בירור העולם, וואס דערפאר איז אע"פ וואס מ'האט דער תכלית העילוי פון רצוא, און העלאה - איז אבער אויב דאס קומט ניט אראפ אין וועלט, איז א ראי' אז עס פעלט אין דער שלימות פון דער העלאה;

דוקא ווען ס'איז דא דער "יצא בשלום", אז ער איז ממשיך די שלום אין וועלט - איז פארשטאנדיק אז דער "נכנס בשלום" איז געווען בתכלית השלימות.

וואס דערפאר איז צוזאמען דערמיט וואס ענינו פון ר' עקיבא איז געווען אין וועלט - איז בא אים אויך געווען די עבודה מיט וועלט.

און דאס האבן פון אים מקבל געווען זיינע תלמידים השניים, אז צוזאמען מיט דער ענין פון "נכנס בשלום" איז בא זיי אויך געווען דער "יצא בשלום",

ואדרבה - דאס באווייזט אז דוקא זיי האבן מקבל געווען דער שלימות און פנימיות פון ר' עקיבא, ווארום בא זיי איז דאס אראפגעקומען אין "יצא בשלום", איז דערפון מוכח אז די העלאה איז בא זיי געווען בתכלית השלימות, נאך העכער ווי בא די תלמידים הראשונים, ביז אז לגבי די עבודה פון די תלמידים השניים איז די עבודה פון די תלמידים הראשונים - אזוי ווי דער ענין פון "אשר ברא אלקים לעשות" לגבי דער "לתקן".

ד.ה. אז דער תכלית השלימות איז צו ממשיך זיין פון "עושה שלום במרומיו" אין שלום בעולם, און דוקא אז דאס ווערט נמשך אין שלום בעולם - איז פארשטאנדיק אז דאס איז געקומען פון שלום במרומיו.

יד. ועפ"ז איז פארשטאנדיק די שלימות און חיות וואס די תלמידים השניים פון ר' עקיבא (פארבונדן מיט ח"י אייר) האבן אויפגעטאן אין די עבודה פון די תלמידים האחרונים (פארבונדן מיט י"ז אייר).

אבער צווישן די תלמידים השניים גופא איז דאס במיוחד פארבונדן מיט רשב"י, וואס דוקא ער האט א שייכות מיט ל"ג בעומר, וואס קומט אלעמאל אויס בח"י אייר.

ואע"פ אז ניט נאר רשב"י איז געווען פון די תלמידים השניים פון ר' עקיבא, נאר עס זיינען געווען ה' (אדער ז') תלמידים -

אבער דוקא בא רשב"י געפינט מען בהדגשה יתירה דער ענין הנ"ל, אז ביי אים איז געווען דער ענין פון "יצא בשלום" בתכלית השלימות, וואס דאס באווייזט אז ער האט ממשיך געווען פון גבוה גבוה, כנ"ל:

רשב"י איז פארבונדן מיט פנימיות הכתר, וואס דאס איז דער ענין פון "בחד קטירא אתקטרנא", און פון נסתר דתורה האט רשב"י ממשיך געווען אין נגלה דתורה, און פון נגלה דתורה - אין וועלט, ביז אז רשב"י האט ממשיך געווען נסתר דתורה צו "רביי דעלמא".

וואס דאס איז דער ענין הנ"ל, פון "נכנס בשלום, ויצא בשלום" - ממשיך זיין פון די העכסטע דרגא ביז למטה מטה, און דוקא אז דאס קומט ארויס אין "יצא בשלום" באווייזט דאס אז דער "נכנס בשלום", דער עלי' איז אין די העכסטע מדריגות.

טו. וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק די הוראה פון דעם טאג, ערב ל"ג בעומר:

אין ערב ל"ג בעומר איז דא דער פארבונד פון די ביידע ענינים, "נכנס בשלום", און "יצא בשלום", ערב ל"ג בעומר איז פארבונדן סיי מיט די עבודה פון "נכנס בשלום", די עבודה פון די תלמידים הראשונים פון ר' עקיבא פאר ל"ג בעומר, ביז אין דער שלימות דערפון בי"ז אייר, און סיי מיט די עבודה פון "יצא בשלום", בל"ג בעומר, בח"י אייר, כנ"ל, אז שוין אין ערב ל"ג בעומר זיינען דא די השפעות פון ל"ג בעומר (וואס דערפאר זאגט מען ניט קיין תחנון, און "צדקתך צדק").

וואס די הוראה דערפון איז - אז דער תכלית השלימות פון עבודה איז דוקא ווען מ'האט ביידע זאכן, סיי "נכנס בשלום", און סיי "יצא בשלום", ואדרבה - דוקא ווען דער "נכנס בשלום" איז בשלימות, ד.ה. אז דער העלאה איז בתכלית העילוי, האט מען דעמולט אויך דער "יצא בשלום" בתכלית השלימות, אז מ'איז ממשיך פון שלום במרומיו אין שלום בעולם;

ועד"ז לאידך - דוקא ווען דער "יצא בשלום" איז בשלימות, אז מ'האט צו טאן

מיט בירור העולם, באווייזט דאס אז דער "נכנס בשלום" איז געווען בשלימות, אז מ'האט דערגרייכט אין גבוה גבוה.

טז. און די הוראה האט מען במיוחד פון רשב"י, וואס ביי אים זיינען געווען די ביידע קוים בתכלית השלימות, כנ"ל, וואס זיין יום ההילולא איז בל"ג בעומר,

אז ער האט ממשיך געווען פון גאר הויך, ווי ס'איז פארשטאנדיק אויך דערפון וואס רשב"י האט געזאגט אז ער וויל אז זיין יום ההילולא זאל זיין א שמחה בא אידן, ביז ווי דער לשון אין ספר משנת חסידים - "שמחה גדולה",

און ווי עס ברענגט זיך בנוגע צו רבי אברהם הלוי, וואס תורה רופט אים אן "רבי", איז פארשטאנדיק דער עילוי זיינער - אז ער פלעגט זאגן נחם א גאנץ יאר, און ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם פשטות הסיפור, אז ער פלעגט דאס זאגן אויך בשבתות ויו"ט; משא"כ אבער ל"ג בעומר, וואס דעמולט איז דער שמחה גדולה פון רשב"י האט ער דאס ניט געזאגט, בכדי ניט שטערן די שמחה.

ויש לקשר זה מיט דעם מאמר הידוע, אז בא רשב"י איז ניט געווען דער חורבן - וואס דערפאר אז עס קומט ל"ג בעומר, דער יום השמחה פון רשב"י, זאגט מען ניט נחם, וואס איז פארבונדן מיטן חורבן.

ועד"ז האט רשב"י ממשיך געווען אין וועלט, דער ענין פון "יצא בשלום" - ווי געערעדט פריער, אז "כל היכא דהוה מחי ר"א הוי מסי ר"ש", אז אין אן ארט וואו ר"א "מחי", ד.ה. אז ר"א האט אויך גע'פועל'ט אין וועלט, אבער אין אן אופן פון יסורים - איז אין אזא ארט איז ר"ש "מסי", ער האט גע'פועל'ט דער ענין פון חיות, און בריאות,

[וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט האמור לעיל, אז ל"ג בעומר, יום הילולא דרשב"י, איז בח"י אייר - וואס ח"י אייר ברענגט ארייין חיות אין חודש אייר], וואס דאס באווייזט אויף המשכה אין וועלט בתכלית השלימות, אז עבודה אין וועלט דארף זיין מתוך בריאות,

וואס דאס איז נוגע אין שלימות העבודה, ווי דער רמב"ם זאגט, אז "היות הגוף בריא ושלם מדרכי ה' הוא".

און די המשכה פון רשב"י אז אין אן ארט וואס ר"א "מחי", האט ער געמאכט "מסי" - איז נאך מערער ווי דער ענין פון הפרה מעיקרא - ווארום דא איז ער ממשיך אין אן ארט וואס דארף זיין "מחי" דער ענין פון "מסי".

יז. ויה"ר אז דאס זאל בקרוב ממש ברענגען דעם "מחצתי ואני ארפא", בביאת משיח צדקנו, אז עס זאל זיין תכלית השלימות אין אלע ענינים, כולל אויך אין בריאות הגוף, כפשוטו,

ביז צו "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים", בגאולה האמיתית והשלימה, ובעגלא דידן.

* * *

יח. האמור לעיל איז שייך צו ערב ל"ג בעומר בכל שנה ושנה.

בקביעות שנה זו קומט צו נאך אן ענין, אז ערב ל"ג בעומר איז ביום השבת. וואס בכלל קען דאך דער שבת וואס "מיני' מתברכין" דער טאג פון ל"ג בעומר זיין א הפסק פון כמה ימים צווישן עם מיט ל"ג בעומר; משא"כ בקביעות ש.ז. וואס שבת איז ערב ל"ג בעומר, קומט ל"ג בעומר בסמיכות צו שבת.

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

וואס בכלל איז דאך דא דער כלל אז "אין שבת מכין לחול", אבער בשעת עס רעדט זיך וועגן אן ענין פון צרכי ציבור - איז "מפקחין על צרכי ציבור בשבת", וואס דאס איז אפילו בנוגע צו צרכי ציבור באמצע ימות השבוע, עאכו"כ בנוגע צו צרכי ציבור ביום ראשון בשבוע, וואס קומט בסמיכות צו שבת, ווארום דעמולט איז ניטא קיין ברירה.

און "מפקחין על צרכי ציבור בשבת", איז ניט דער פירוש אז דאס איז עפעס א חלישות אין קדושת שבת - נאר אדרבה - אין דעם באשטייט דער שלימות פון שבת,

וע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו "שבת מיני' מתברכין כולהו יומין" - אז דאס איז ניט קיין חלישות אין שבת וואס זי איז מברך די ימות השבוע, נאר אדרבה - דאס באווייזט אויף דער שלימות פון קדושת וברכת שבת, דער ענין פון "ויברך ויקדש".

יט. דער לימוד וואס מ'נעמט ארויס דערפון וואס דער "מפקחין על צרכי ציבור בשבת" קומט בסמיכות צו ל"ג בעומר:

ס'איז אינו דומה די פעולה פון א זאך בשעת איינער דארף זיך מכין זיין צו נאך ענינים חוץ פון דער ענין, וואס במילא קומט אויס אז צווישן די הכנה צו דער זאך מיט דער עצם פעולה איז דא א הפסק פון אנדערע ענינים; משא"כ אויב די הכנה איז גלייך בסמיכות צו דער פעולה, וואס דעמולט איז די פעולה מיט א גרעסערן תוקף.

ווי מ'געפינט דאס אויך אין הלכה, בנוגע צו מצות הצדקה (וואס זי איז כללות כל המצוות):

דער דין איז, אז בשעת מ'גיט צדקה איז "עניי עירך קודמין".

וואס לכאורה - אויב צוויי עניים קומען צו אים, און איינער איז פון עירך, און דער צווייטער ניט, איז למאי נפק"מ בנוגע צו נתינת הצדקה - זיי זיינען דאך ביידע עניים?!

נאר דערפון גופא איז פארשטאנדיק אז אן עבודה וואס איז בסמיכות צו דעם מענטשן, "עניי עירך" - איז דאס "קודמין" פאר א צווייטער עבודה.

און ווי מ'זעט דאס בפועל, ב"מעשה רב" - אז בשעת ס'איז דא א הפסק צווישן די הכנה מיט די עבודה בפועל, פועל'ט דאס א חלישות אין די עבודה, משא"כ ווען דאס קומט בסמיכות - איז די פעולה אין א סאך א גרעסערן און שטארקערן אופן.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנדו"ד:

וויבאלד אז דער שבת קומט בסמיכות צו ל"ג בעומר - פועל'ן די הכנות פון דעם "מפקחין על צרכי ציבור" אין דעם שבת אין א סאך א שטארקערן אופן, ווי אויב דאס וואלט געווען מיט א הפסק ימים בינתיים.

וואס דערפאר דארף מען מיטנעמען בכל התוקף פון דעם שבת אין ל"ג בעומר אריין, אז די פעולות דעמולט זאלן זיין נאכמער בשלימות.

כ. אין דערויף קומט צו נאך א נקודה:

מ'זאגט ניט קיין תחנון ביום השבת, ועד"ז בל"ג בעומר (כנ"ל, בנוגע צו אמירת נחם).

וכמדובר כמ"פ, אז בשעת מ'זאגט ניט קיין תחנון איז ניט דער פירוש אז דעמולט טוען זיך ניט אפ די ענינים וואס תחנון דארף אויפטאן - נאר דער פירוש איז, אז

דער זמן אליין (פון שבת, וכיו"ב) טוט אויף וואס אמירת תחנון טוט אויף בשאר הזמנים, ע"ד ווי "עיצומו של יום מכפר".

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו העדר אמירת תחנון, און נחם בל"ג בעומר, אז דאס וואס ר' אברהם הלוי האט ניט געזאגט נחם בל"ג בעומר, איז דערפאר וואס בל"ג בעומר טוען זיך אויף די ענינים פון אמירת נחם מצד דער יום עצמו.

איז בשעת מ'גייט גלייך אריין פון שבת אין ל"ג בעומר - האט מען דער ענין וואס דער זמן טוט אויף מצ"ע בתוקף יותר,

ובמילא גיט דאס א שטארקערער נתינת כח אין די עבודה פון ל"ג בעומר.

[וואס דער קשר צווישן שבת מיט ל"ג בעומר אז מ'זאגט אין ביידע פון זיי ניט קיין תחנון - איז נוסף להאמור לעיל אז במנחה בשבת לייענט מען די פרשה בתורה פון ל"ג בעומר].

כא. עד"ז דארף אויך זיין א הוראה דערפון וואס בקביעות שנה זו איז ערב ל"ג בעומר אין שבת פרשת אמור.

וואס פרשת אמור האט אויך א שייכות מיוחדת מיט קינדער - ווי רז"ל זאגן אויפן פסוק "אמור אל הכהנים גו' ואמרת אליהם" - אז "אמור ואמרת להזהיר גדולים על הקטנים".

דער קישור פון פרשת אמור מיט ל"ג בעומר דארף מען ניט זוכן ברמז אין דער פרשה - נאר דאס איז דא אין דער פרשה בפשטות, ובגלוי:

עס שטייט אין זהר, געבראכט אין חסידות (סה"מ עטר"ת ע' תיט) אז רשב"י האט געזאגט אויף זיך: "אנא חמי השתא מה דלא חמי ב"נ מיומא דסליק משה זמנא תניינא לטורא דסיני (והיינו מ"ם יום השלישים לקבל לוחות שניות (סה"מ שם))".

וואס דער ענין פון לוחות שניות איז בפשטות פארבונדן מיט יוהכ"פ, וואס דעמולט האט משה מקבל געווען די לוחות שניות, וואס וועגן דערויף רעדט זיך אין פ' אמור - "בעשור לחודש השביעי הזה יום הכיפורים הוא גו'",

וואס אע"פ אז עס ווערט דערציילט וועגן די לוחות שניות אין פ' ואתחנן, און אין פ' כי תשא - ווערט אבער דארטן דערציילט נאר וועגן דעם <u>ענין</u> פון די לוחות שניות, אבער ניט וועגן דער <u>זמן</u> ווען דאס איז בפועל געווען; משא"כ אין פ' אמור ווערט דערציילט וועגן דער זמן וואס ב"ד האט מקדש געווען, און באשטימט אלס יום הכיפורים - "בעשור לחודש השביעי גו'".

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק דער קישור פון רשב"י און ל"ג בעומר, מיט פ' אמור, ווארום מעלת רשב"י איז באשטאנען אין דעם וואס ער איז געווען ווי משה בא די לוחות שניות, ביוהכ"פ, וואס וועגן דערויף רעדט זיך אין פ' אמור.

און וויבאלד אז ענינו פון רשב"י איז געווען גילוי, אז אלע ענינים זאלן ארויס בגילוי - איז דאך דער גילוי און דער שמחה פון קבלת לוחות שניות ביוהכ"פ, געווען בשמע"צ ושמח"ת, וכמבואר אין די דרושים דער טעם פארוואס דער שמחה פון קבלת לוחות שניות איז בשמח"ת און ניט בחגה"ש,

וואס וועגן דער ענין פון שמע"צ ושמח"ת ווערט אויך דערציילט בפרשתנו, פ' אמור - "ביום השמיני גו' עצרת היא גו'".

כב. די הוראה דערפון:

ווי דערמאנט פריער איז דער ענין פון "אמור" - "אמור ואמרת להזהיר גדולים על הקטנים".

וואס וויבאלד אז דער ענין פון "להזהיר גדולים על הקטנים" איז נרמז אין שמו פון דער גאנצער סדרה, אמור - איז פארשטאנדיק אז דאס איז דער תוכן פון דער גאנצער סדרה,

און אע"פ אז דער לימוד פון "להזהיר גדולים על הקטנים" איז פון דעם ווארט "ואמרת" - איז אבער דער פעולה פון "להזהיר גדולים על הקטנים" דער ענין פון "אמור".

וואס דערפון האט מען די הוראה אז מ'דארף טאן אין דעם "להזהיר גדולים על הקטנים" אין אלע ענינים פון תומ"צ.

ובפרט אין די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט ל"ג בעומר, און מיט רשב"י, ווארום וועגן דעם ווערט אויך דערציילט אין דער סדרה, כנ"ל אז רשב"י האט א שייכות מיט יוהכ"פ און מיט שמע"צ - איז וויבאלד אז דאס ווערט דערציילט אין דער סדרה וואס שמו איז "אמור" - דארפן די ענינים פון רשב"י אראפקומען אין אן אופן פון "אמור ואמרת להזהיר גדולים על הקטנים".

ד.ה.: עס דארף זיין דער השתדלות פון "להזהיר גדולים על הקטנים", במיוחד אין די ענינים פון פנימיות התורה, וואס דאס איז ענינו פון רשב"י.

און דאס וועט ברענגען צו "מתלמידי יותר מכולם", צו דעם צווייטן פירוש אין "להזהיר גדולים על הקטנים" - דער ענין פון "והמשכילים יזהירו כזהר הרקיע", און אין אן אופן פון הולך ומוסיף ואור,

ביז (ווי ער איז ממשיך) אז "בהאי חיבורא דילך דאיהו ספר הזהר כו' יפקון בי' מן גלותא ברחמי",

במהרה בימינו ממש.

* * *

כג. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה להבין ענין הילולא דרשב"י.

* * *

כד. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען א פסוק מיט פירש"י בפרשת השבוע, א הערה פון טאטן אין זוהר, און א משנה אין פרקי אבות (אין די שבתות וואס מ'איז נוהג צו לערנען פרקי אבות - און בהמשך להאמור לעיל, וועט מען זיך אפשטעלן אויף ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט ל"ג בעומר, ועכ"פ - מיט א מאמר פון רשב"י.)

מ'האט גערעדט פריער וועגן דעם קשר פון ל"ג בעומר מיט יום כיפור, יום נתינת לוחות האחרונות, און בעיקר מיטן סיום פון דעם ענין - "ביום השמיני עצרת תהי' לכם" -

איז בהמשך לזה וועט מען זיך אפשטעלן אויף א פירש"י בנוגע צו שמע"צ:

אין קאפיטל כג פסוק לו שטייט: "ביום השמיני מקרא קודש יהי' לכם והקרבתם אשה לה' עצרת היא כל מלאכת עבודה לא תעשו".

שטעלט זיך רש"י אויף "עצרת היא", און זאגט: "עצרתי אתכם אצלי, כמלך שזימן

הנחה פרטית בלתי מוגה

את בניו לסעודה לכך וכך ימים, כיון שהגיע זמנן להפטר, אמר: בבקשה מכם, עכבו עמי עוד יום אחד, קשה עלי פרידתכם".

כה. דארף מען פארשטיין:

א) וואס איז דא שווער אין פסוק, וואס רש"י דארף מפרש זיין אז "עצרת" איז מלשון "עצרתי אתכם אצלי"; לכאורה איז דער פירוש הפשוט פון "עצרת", ווי ס'שטייט גלייך נאכדעם אין פסוק - "כל מלאכת עבודה לא תעשו", ד.ה. עצירה מעשיית מלאכה?

נאכמער: אין פ' פנחס (כט, לה) ברענגט טאקע רש"י צוויי פירושים אויף "ביום השמיני עצרת תהי' לכם", און דער ערשטער פון זיי איז - "עצורים בעשית מלאכה"; היינט פארוואס לערנט ניט רש"י אזוי בפרשתנו?

[און רש"י האט שוין פריער (כג, כה) מרמז געווען וועגן דער פרשה (פנחס) - אז דארטן זיינען מפורט די אלע מוספים פון די ימים טובים וכו'].

נאכמער: אין אונזער פרשה גופא, מיט אפאר פסוקים פריער (כג, כב) זאגט רש"י, אז תורה האט געשריבן דעם ענין פון "ובקוצרכם את קציר ארצכם לא תכלה גו'" - "באמצע הרגלים, פסח ועצרת מכאן, ור"ה ויוהכ"פ וחג מכאן"; קען דאך לכאורה דער בן חמש למקרא פרעגן: וואס מיינט "עצרת"?

- ער ווייס פון דעם נאמען "שבועות", ווייל דער יו"ט איז נאך ספירת שבעה שבועות; ער ווייס דעם נאמען "ביכורים", ווייל דעמולט איז זמן הבאת הביכורים, ועד"ז "חג הקציר" - אבער פארוואס הייסט דער יו"ט "עצרת"?

מוז מען זאגן אז דאס איז א דבר הפשוט וואס ער פארשטייט אליין - אז דאס איז א טאג וואס איז אסור בעשיית מלאכה, במילא ווערט נאך שטארקער די שאלה: פארוואס לערנט ניט אזוי רש"י אין אונזער פסוק?

ב) א קלאץ קשיא וואס קיינער שטעלט זיך ניט אויף איר:

וויבאלד אז "קשה עלי פרידתכם", ובמילא בעט דער אויבערשטער (נאכדעם וואס מ'איז געווען צוזאמען "כך וכך ימים") "עכבו עמי עוד יום אחד" - ווערט דאך שווער בנוגע צו פסח: פריער אין דער פרשה (כג, ו-ח) ווערט דערציילט וועגן די "שבעת ימים" פון חג הפסח - און ס'איז דארטן ניטא קיין אכטער טאג אלס "עצרת"?

- אין חסידות איז מבואר, אז ע"ד ווי שמע"צ איז די "עצרת" פון סוכות, אזוי איז שבועות די "עצרת" פון פסח - אבער רש"י ברענגט ניט דעם גאנצן ענין אפילו ברמז (ניט נאר בגלוי), און בכלל קען מען לכאורה אזוי ניט לערנען ע"ד הפשט.

ג) אין פ' פנחס (אין צווייטן פירוש) זאגט רש"י "לפי שכל ימות הרגל הקריבו כנגד ע' אומות, וכשבאין ללכת, אמר להם המקום: בבקשה מכם, עשו לי סעודה קטנה כדי שאהנה מכם".

דארף מען פארשטיין די שינויים פון דעם לשון פון רש"י דארט מיט זיין לשון בפרשתנו: דארט ברענגט רש"י אז די פריערדיקע טעג זיינען געווען "ע' אומות"; משא"כ דא קומט אויס אז אויך די ז' ימים הראשונים זיינען געווען "בניו", און ביום השמיני איז בלויז צוגעקומען נאך א טאג ....(?)

דאס איז אבער א שאלה אין פ' פנחס - משא"כ די שאלות הנ"ל דארף מען פארשטיין בפרשתנו, ווייל דאס זיינען שאלות על אתר, וכפי שיתבאר לקמן.

כו. אין די הערות אויף זוהר ריש פרשתנו (ע' שטו) שטעלט ער זיך אויף א מאמר פון ר' אבא בזוהר פרשתנו (פט, א) -

וואס ר' אבא האט א שייכות מיוחדת צו ל"ג בעומר, ווארום אויף אים האט רשב"י געזאגט אין דער אידרא (זח"ג רפז, ב) "רבי אבא יכתוב", אז ר' אבא וועט זיין דער וואס וועט פארשרייבן תורתו של רשב"י -

וזה לשונו: "ר' אבא פתח וכו' מי זה בא מאדום, זמין קב"ה ללבשא לבושי' נקמא על אדום וכו' ולמקרי לכל עופא דשמיא עלייהו וכל חיות ברא יתזנון מנייהו תריסר ירחי ועופא דשמייא שבע שנין וכו' הה"ד כי זבח לה' בבצרה וטבח גדול בארץ אדום".

איז ער מבאר אין דער הערה: "מדה כנגד מדה, הם נתנו את נבלת עבדיך מאכל לעוף השמים בשר חסידיך לחיתו ארץ" - ווי עס שטייט אין תהלים אין קאפיטל ע"ט - "לכן ינתנו הם למאכל לעוף השמים ולכל חיות ברא".

און איז ממשיך ומבאר דעם קשר פון "עוף השמים" מיט "שבע שנין" און "חיתו ארץ" מיט "תריסר ירחי":

"עוף השמים שרשם מז"א כי שמים רומז על ז"א, וחיות ברא שרשם ממל' ... והנה בז"א הוא בחי' שנה, כי שנה הוא בשמש הוי' דז"א, וחדש הוא במל', כי חדש הוא בלבנה דמל', ובז"א יש ז' מדות ... ובחודש דמל' יש י"ב חדשים ... זה שעוף השמים יתזנו ז' שנים, וחיות ברא י"ב חדשים".

כז. לפי ביאור זה דארף מען אבער פארשטיין דעם פסוק הנ"ל:

וואס איז דער קשר פון "עבדיך" צו "עוף השמים", און פון "חסידיך", צו "חיתו ארץ"; דלכאורה דארף זיין פארקערט:

"ארץ", בחי' המלכות, "שרצתה לעשות רצון קונה", איז פארבונדן מיט "עבדיך", מיט ענין העבדות וקבלת עול; און "חסידיך" ל' חסד, וואס איז דער "יומא דאזיל עם כולהו יומין", איז פארבונדן מיט ז' מדות דז"א, "שמים"?

ובפרט ע"פ המבואר אין לקו"ת ד"ה וידעת (ואתחנן ה, א. וראה לקו"ש חט"ו ע' 119 ובהנסמן שם), אז די יניקת המדות דלעו"ז פון די מדות דקדושה איז - יעדער מדה דלעו"ז פון דער מדה שכנגדה אין קדושה; דערפאר איז פון אברהם, חסד דקדושה, יצא ממנו ישמעאל, חסד דלעו"ז [וכמבואר אויך אין אגה"ק וואס "כתב בבואו מפ"ב", וואס איז פארבונדן מיט ל"ג בעומר (כנ"ל בהמאמר)]; און יצחק, גבורה דקדושה, יצא ממנו עשו, גבורה דלעו"ז -

וואס לפי"ז איז לכאורה נאך מער דרוש ביאור ווי קומט עס אז די ענינים פון "עוף השמים", און "חיתו ארץ" אין לעו"ז - זיינען יונק פון "עבדיך", און "חסידיך", די בחי' אין קדושה וואס זיינען הפכם?

וכפי שיתבאר לקמן, מיוסד על המבואר בההערה.

כח. אין דעם פרק אין פרקי אבות וואס מען לערנט היינטיקן שבת - געפינט מען א מאמר פון ר' שמעון, וואס סתם ר"ש איז רשב"י:

"ר' שמעון אומר: שלשה כתרים הם: כתר תורה כתר כהונה וכתר מלכות; וכתר שם טוב עולה על גביהן".

איז דאך ידוע דער דיוק, וואס ברענגט זיך שוין אין פירוש המיוחס לרש"י: "ארבעה כתרים הם מיבעי לי"?

דעריבער לערנט טאקע רש"י אז "כתר ש"ט עולה על גביהן", מיינט "על ידיהן", ד.ה. אז דורך די שלשה כתרים קומט מען צו כתר ש"ט.

אבער דאס איז לכאורה א פירוש דחוק, וואָרום דער פירוש הפשוט פון "על גביהן" איז - "על כולם", אז דער כש"ט איז העכער פון די ג' כתרים, און ניט אז ער איז עולה על ידיהן.

אויך דארף מען פארשטיין - בלשון הש"ס - "מנינא למה לי": צוליב וואס איז ער מקדים אז ס'זיינען דא שלשה כתרים; ער האט געקענט גלייך אויסרעכענען די כתרים - און מ'קען זיי אליין איבערציילן?

כט. מ'קען לערנען אז די ווערטער "כתר תורה כתר כהונה וכתר מלכות", זיינען א מאמר המוסגר; ר"ש וויל זאגן אז עס זיינען דא ג' כתרים הידועים (און אלס מאמר המוסגר טייטשט ער אויס וואס זיי זיינען), און זיין חידוש איז אז "כתר שם טוב עולה על גביהן".

לפי"ז איז נאך אבער אלץ דורש ביאור פארוואס ער זאגט ניט לכתחלה "ארבעה כתרים הם" - און כש"ט איז העכער פון די ערשטע דריי.

ל. דער ענין (פון "שלשה כתרים") ברענגט זיך אראפ אויך להלכה אין רמב"ם:

אין הלכות ת"ת (רפ"ג) שרייבט דער רמב"ם: "בשלשה כתרים נכתרו ישראל, כתר תורה, וכתר כהונה, וכתר מלכות ... שמא תאמר שאותם הכתרים גדולים מכתר תורה, הרי הוא אומר בי מלכים ימלוכו ורוזנים יחוקקו צדק בי שרים ישורו, הא למדת שכתר תורה גדול משניהם".

דער אלטער רבי ברענגט אויך אראפ דעם דין אין זיינע הלכות ת"ת (רפ"ד), און צייכנט אליין אן דעם מ"מ פון וואנעט דער רמב"ם האט דאס גענומען, "מהגמ' יומא ע"ב" [וואס די מ"מ אין הל' ת"ת האט דאך דער אלטער רבי אליין געשריבן אין פנים פון די הלכות, און זיי זיינען געווען געדרוקט בחייו (בהעלם שמו)].

דארף מען פארשטיין: פארוואס ברענגען זיי ניט אראפ דעם פערטן כתר - כתר שם טוב - וואס שטייט דא אין אבות? און דער אלטער רבי שטעלט זיך ניט אויף דער סתירה צווישן די משנה אין אבות מיט דער גמ' אין יומא, שלא כדרכו להוסיף ביאור אין די הלכות וואס ער שרייבט איבער פון רמב"ם, וכו'.

לא. נאכמער: דער צ"צ - ממלא מקומו פון אלטן רבי'ן - אין לקו"ת איז מאריך ומבאר דעם ענין פון כתר שם טוב, אז דאס איז דער ענין פון "מעשים טובים"; ביז ס'איז אויך ידוע די שיחה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר אז דער ענין פון כש"ט איז פארבונדן מיט די ריקודים פון די הקפות שמח"ת (וואס דאס האט דאך אויך א שייכות צו ל"ג בעומר - כנ"ל) - און פונדעסטוועגן ברענגט זיך ניט אראפ דער ענין אין הל' ת"ת פון ?ילויר רבי'ן?

לב. וכאמור לעיל, עיקר השאלה איז - "ארבעה כתרים הם מיבעי לי'", און דער פירוש אז "על גביהן" מיינט על ידיהן, איז א דוחק. און ס'שטימט ניט מיטן ל' המשנה.

ובפרט אז דער רמב"ם און דער אלטער רבי ברענגען טאקע אראפ נאר ג' כתרים - און דער צ"צ, ממלא מקומו פון אלטן רבי'ן איז מבאר אויך דעם פערטן כתר, כתר שם טוב;

וכפי שיתבאר לקמן.

לג. אזוי ווי מ'רעדט דאך וועגן "המעשה הוא העיקר", "כתר שם טוב", און וועגן רשב"י ("ר"ש אומר כו'") - איז דאך ענינו און עבודתו פון רשב"י געווען סיי אין "טוב לשמים", און סיי אין "טוב לבריות",

ביז אז ער האט פארשפרייט פנימיות התורה אין אן אופן אז דאס זאל דערגרייכן אויך צו "ינוקי", צו גאר קליינע קינדער,

וואס דאס איז געווען א הכנה צו דער מעמד ומצב וואס וועט זיין קודם ביאת המשיח , דעמולט וועט זיין "נבקעו כל מעיינות תהום רבה, וארובות השמים נפתחו" - די "מים רבים" פון פנימיות התורה וועט פארפלייצן די גאנצע וועלט, סיי פון מי הארץ, "מעיינות תהום רבה", און סיי פון מי השמים, "ארובות השמים", ביז אז דאס וועט דערגרייכן צו קינדער, "כד יהא קריב ליומי משיחא אפילו רביי דעלמא זמינין לאשכחא טמירין דחכמתא כו'".

וואס דאס איז אויך דער טעם וואס לאחרונה טומלט מען אז מ'זאל זיך מתעסק זיין מיט קינדער, און ניט נאר מיט קינדער וואס געפינען זיך אין א מוסד חינוך על טהרת הקודש, אדער אפילו אין א חינוך הכשר - נאר אויך מיט "רביי דעלמא", מיט וועלטישע קינדער, וואס געפינען זיך אין "גאס".

וואס דאס איז דער חידוש "רביי דעלמא" - ניט אז די קינדער פון יחידי סגולה וועלן פארשטיין פנימיות התורה, נאר אפילו "רביי דעלמא", וועלטישע קינדער, "זמינין לשאכחא טמירין דחכמתא כו'".

און אזוי ווי דאס איז געווען באם סדר-טיש אז ס'איז ניט מספיק אז דארטן זאל זיין דער "בן חכם", נאר עס דארף דארטן אויך זיין דער "בן" וואס איז היפך החכם, און אויך דער "תם", און "שאינו יודע לשאול", און אויך - דער "בן חכם", וואס כנגדו איז אויך "דברה התורה",

און תורה האט אזוי אנגעזאגט מ'זאל טאן בא דעם סדר-טיש על סמך אז דערנאך זאל מען דאס ממשיך זיין אין די התשדלות מיט קינדער בכל השנה כולה.

לד. די התעסקות מיט "רביי דעלמא" דוקא, מיט וועלטישע קינדער, איז אויך פארבונדן דערמיט וואס די גמרא (ב"מ פה, א) זאגט אז "כל המלמד את בן עם הארץ תורה", איז דאס נאך העכער ווי המלמד את בנו, אדער המלמד את בן חבירו תורה וואס דעמולט איז "אפילו הקב"ה גוזר גזירה מבטלה בשבילו, שנאמר ואם תוציא יקר מזולל כפי תהי'", און דורך דערויף ווערט אויך "צדיק גוזר והקב"ה מקיים", ווי עס שטייט (איוב כח, כח. וראה שבת נט, ב) "תגזור אומר ויקם לך".

וואס יעדער איינער וויל דאך האבן אלע ענינים משאלות לבבו, סיי ענינים פרטיים און סיי ענינים כלליים - זאגט מען אז אויב ער וועט זיך מתעסק זיין אין מלמד זיין בן עם הארץ תורה, פועל'ט ער אז "צדיק גוזר והקב"ה מקיים", אז דער אויבערשטער זאל אים נאכגעבן אלץ וואס ער וויל.

ועד"ז לאידך - אויב עס איז דא ח"ו א גזירה אויף א אידן, יסורים, וכיו"ב, עכ"פ יסורים וואס וועלן זיין בחבלי משיח, אז א איד וועט ארייגלייגן זיין האנט אין קעשענע און וויל ארויסנעמען איין מטבע, און ער וועט ארויסנעמען אן אנדער מטבע - איז דאס אויך יסורים, און א איד קען זיך פארגינען ניט האבן אפילו אזעלכע יסורים, ועאכו"כ ניט מער פאר דעם -

זאגט מען אז "כל המלמד את בן עם הארץ תורה אפילו הקב"ה גוזר גזירה מבטלה בשבילו".

וואס דערפאר דארף זיין די התעסקות און די השתדלות מיט "רביי דעלמא" בכל העולם כולו.

די הדגשה אויף דערויף איז נאכמערער איצטער, ווארום מ'שטייט דאך אין דרא דעקבתא דמשיחא, וואס דעמולט דארף זיין דער "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים", ועד"ז בנוגע צו בנות.

הנחה פרטית בלתי מוגה

לה. וואס דערפאר וועט זיכער יעדער איינער זיך משתדל זיין אין די התעסקות מיט קינדער, ובפרט מיט "רביי דעלמא", די קינדער וואס מאיזה סיבה שתהי' האבן ניט באקומען א אידישן חינוך ווי עס דארף צו זיין, וואס זיי זיינען אין דער דרגא פון א בן עם הארץ.

און וויבאלד אז כל ישראל זיינען בחזקת כשרות - האט יעדער איינער זיכער געטאן אין דערויף ביז איצטער, און זיכער זיינען ניטא אזוינע וואס זיצן אנגעבלאזן און טוען גארניט, און ווען א צווייטער טוט זאגן זיי אז דאס איז ניט גוט, און יענץ איז ניט גוט, און אויב מ'וואלט בא אים געפרעגט אן עצה ווי צו טאן, וועט דאס געטאן ווערן ווי עס דארף צו זיין,

אבער וואס טוט ער בפועל - זיצט ער בא זיך אנגעבלאזן, ווארום ער איז א זקן וואס איננו לפי כבודו צו אראפלאזן זיך טאן מיט קינדער בפועל ממש, במילא זיצט ער בא זיך אין שטוב פארשפארט,

און נאך דערויף וואס ער רוט זיך אפ, און ער שלאפט זיך אויס, און ערשט דעמולט ווען ער האט ניט וואס צו טאן - עפנט ער אויף די טיר פון שטוב, און זאגט אז אויב מ'וויל איצטער הערן פון אים אן עצה וואס א צווייטער זאל חלום'ען וואס א דריטער זאל טאן, וועט ער ארייגלאזן צו אים אין שטוב מ'זאל הערן זיינע הצעות!

וואס אין די ד' אמות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר געפינען זיך זיכער ניט אזוינע מענטשן - ווארום כ"ק מו"ח אדמו"ר האט זיך מוסר נפש געווען צו מחנך זיין יעדערן אין זיינע ד' אמות אז מ'זאל טאן בפועל ממש, און ניט זוכן כבוד, וכו' - איז אויב איינער באופן האמור, איז ער זיכער ניט אין די ד' אמות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר.

נאר וואס: לרגע קען זיין "נכנס בו רוח שטות", און איינער זאל ארויסטאנצן פון די ד' אמות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, און אויף יענער רגע ווייס ער ניט וואו ער געפינט זיך, במילא ווייס ער ניט וואו דער רבי געפינט זיך, פירט ער זיך ניט ווי דער רבי האט געמאנט [דער ענין פון "לכבוש את המלכה עמי בבית", איז נאר געווען שייך בא המן, אבער ניט ביי א אידן].

אבער וויבאלד אז יעדער איד איז בחזקת כשרות - איז א זיכערע זאך אז אין איין רגע, און אין איין שעה, און אין איין "קער", וועט ער צוריק שפרינגען אין די ד' אמות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, און ער וועט טאן ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר מאנט.

לו. און די וואס האבן ביז איצטער געטאן בפועל ממש מיט קינדער, ובפרט אין די פעולות בנוגע צו די השתתפות פון אינגעלאך, און מיידעלאך אין דער תהלוכה לכבוד שמחת רשב"י - זאלן נאכמער מוסיף זיין אין דעם, אזדאס זאל זיין בהצלחה יותר.

וואס אע"פ אז עס זיינען געבליבן מערניט ווי עטלעכע שעה ביז ל"ג בעומר - איז דאך אבער אין ענינים פון "חטוף ואכול, וחטוף ושתי", און אין ענינים פון תשובה, און ענינים פארבונדן מיט עקבתא דמשיחא - האט מען אראפגענומען אלע הגבלות פון זמן, ובמילא קען זיין "קונה עולמו בשעה אחת", וואס דא מיינט מען לאו דוקא א שעה, נאר אפילו אין איין רגע, מיט איין "קער" - קען מען קונה זיין א גאנצע וועלט!

לז. בנוגע צו דער תהלוכה וואס וועט זיין מארגן ל"ג בעומר - איז אזוי ווי אלע ענינים פון אידישקייט דארפן זיין פארבונדן מיט די ג' קוים, וואס אויף זיי איז "העולם עומד" - תורה, עבודה, וגמילות חסדים, ווי שמעון הצדיק זאגט אין פרקי אבות (פ"א מ"ב) [ע"ד ווי ר' <u>שמעון</u> זאגט "על שלשה דברים העולם קיים: על הדין ועל האמת, ועל השלום", נאר דאס איז ר' שמעון בן גמליאל, וע"ד ווי ר' <u>שמעון</u> זאגט (אין דער משנה וואס מ'האט פריער גערעדט), "שלשה כתרים הן כתר תורה, וכתר כהונה, וכתר מלכות כו'", וואס דאס גייט אויף רשב"י, ווארום ר' שמעון סתם איז ר' שמעון בן יוחאי] -

זאל מען אויך פארבינדן דער תהלוכה מיט די דריי קוים: מיט אן ענין אין תורה, מיט אן ענין פון תפלה, וואס דאס קען אויך זיין מיט אמירת ברכה, און מיט אן ענין פון צדקה, אז די קינדער זאלן אלע געבן צדקה,

ועכ"פ - זאל מען דאס פארבינדן מיט די צוויי קוים פון "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה" - מיט תורה און צדקה.

לח. אזוי ווי מ'וויל דאך אז די פעולות מיט די קינדער זאל זיין אין אן אופן פון "חנוך לנער ע"פ דרכו", און ווי דער רמב"ם איז מאריך אין פירוש המשניות, אז מ'דארף געבן קינדער ממון, און ממתקים, וכיו"ב, בכדי עס זאל זיין ע"פ דרכו -

זאל מען פארבינדן דער תהלוכה מיט אן ענין פון "קנאת סופרים תרבה חכמה": מ'זאל זאגן די קינדער אז נאכן תהלוכה זאלן זיי פארשרייבן דער רושם, און דער איבערלעבונג זייערער פון דער תהלוכה פון ל"ג בעומר (כולל אויך דער ענין התורה, און צדקה וואס וועט זיין בא דער תהלוכה),

און די מצטיינים אין די באשרייבונגען, וועלן באקומען פרייזען.

אזוי ווי ס'איז דאך אין לדבר סוף, מ'האט אסאך קינדער - איז אזוי ווי דער מנהג איז אין דער מדינה, זאל מען מסדר זיין אז יעדער בית ספר זאל אויסקלייבן די מצטיינים אין דעם ענין, אין יעדער כתה, און פון דארטן דאס צושיקן אין א מקום מרכזי, וואו מ'וועט אויסקלייבן די בעסטע באשרייבונגען.

ועד"ז זאל מען טאן בכל מקום וואו עס זיינען פאראן תהלוכות, אדער אסיפות בל"ג בעומר, אז אין יעדער ארט זאל מען טיילן פרייזן צו די מצטיינים אין באשרייבן זייער איבערלעבניש, און רושם פון דער תהלוכה (אדער אסיפה) בל"ג בעומר.

און דאס זאל מען טאן ניט נאר מיט אינגעלאך, "בני ישראל", נאר אויך מיט מיידעלאך, "בית יעקב - אלו הנשים", און מ'זאל געבן די זעלבע סכום פרייזען צו די מיידעלאך ווי מ'גיט די אינגעלאך (איין, צוויי, דריי, אדער פיר וכו', פרייזען וואס מ'וועט געבן).

לט. און אזוי ווי מ'וויל אז יעדער זאך זאל האבן א המשך - זאל מען אפדרוקן די אלע באשרייבונגען אין א ביכל, מ'קען אפדרוקן מערער באשרייבונגען ווי די וואס מ'טיילט אויף זיי פרייזען,

און מ'זאל דאס אפדרוקן ניט אין א קונטרס וואס מ'קען ארויסווארפן, נאר אין א ספר וואס וועט בלייבן לדורות,

און א ספר וואס זאל אויך האבן א שיינעם כריכה, און שיין בכל הפרטים, ווארום עס דארף דאך זיין "זה א-לי ואנוהו", וואס דאס וועט נאך צוהעלפן אין קענען מפרסם זיין דאס בכל העולם כולו.

און בשעת מ'וועט זאגן די קינדער אז מ'גייט אפדרוקן זייערע באשרייבונגען, און מפרסם זיין דאס בכל העולם כולו - וועט דאס זיי נאך מערער צוגעבן מרץ דאס צו טאן.

מ. וויבאלד אז מ'ווארט, און מ'דארף זיך צוגרייטן צו קיבוץ גליות, וואס וועט זיין נאך דער בנין ביהמ"ק (ווי דער רמב"ם פסק'נט) - זאל מען מסדר זיין אז קינדער זאלן שרייבן די באשרייבונגען אין אלע שפראכן, וואס בשעת קינדער וועלן דאס שרייבן אין זייער שפראך וועלן זיי גרינגער און בעסער קענען ארויסגעבן זייער רושם און איבערלעבונג.

הנחה פרטית בלתי מוגה

און דערנאך זאל מען אפדרוקן אין דער ביכל די באשרייבונגען אין אלע שפראכן: לכל לראש, כמובן, אין לשון הקודש,

און דערנאך אין רוסיש, וואס דאס איז דער שפראך פון רוסלאנד, וואס דארטן איז געבארן געווארן, און אויסגעוואקסן תורת החסידות, און אין רוסלאנד (וואס דאס האט אויך כולל געווען פוילן און רומעניא) האבן זיך געפונען רוב מנין, ורוב בנין פון אידן אין די שנים האחרונים פון גלות

[אין זמן פון רש"י אדן תוספות איז רוב מנין ובנין פון אידן געווען אין צרפת, און אין אשכנז, אבער אין שנים האחרונים - איז דאס געווען אין רוסלאנד].

און דערנאך אין אנגלית, וואס מסיבות שונות קען מען איצטער נעמען און צוקומען צו רוב אידישע קינדער מיט דער שפראך פון אנגלית.

וואס דער סדר וועלכע שפראך זאל מען דרוקן פריער, וועלן די רבנים שוין מחליט זיין,

וואס זיכער דארף לה"ק קומען ערשט, און דערנאך אנגלית, וואס מיט איר קען מען צוקומען צו רוב אידישע קינדער, און דערנאך אין רוסיש, און אויך אין לשון פרסי, וואס דארטן דארפן זיי אנקומען צו א ישועה מיוחדת, און עד"ז אין אלע שפראכן וואו עס געפינען זיך אידישע קינדער, וואס דאס וועט מען שוין אליין מסדר זיין, וועלכע שפראכן דאס זיינען.

מא. און דורך דערויף וועט מען אויפטאן אז ניט נאר וואס קיין איין און איינציקער איד וועט ניט בלייבן אין גלות - נאר עס וועט אויך זיין "קהל גדול ישובו הנה": אלע אידן וועלן זיין א "קהל", א מציאות אחת, דורך דערויף וואס ס'איז דא דער ענין פון אהבת ישראל; און "קהל גדול", וואס דאס איז פארבונדן מיט "גדול ה' ומהולל מאד", וואס דאס איז אמיתית ענין פון גדלות, ווארום אין גדול פון דעם אויבערשטן; און דאס וועט זיין "ישובו הנה" - אין ארצנו הקדושה, "ארץ אשר תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה, ועד אחרית שנה",

דורך משיח צדקנו, וואס ער שטייט אוןווארט אז מ'זאל פארענדיקן צופוצן די קנעפלאך, ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר זאגט, און האט געזאגט,

און אין אן אופן וואס "הם הכירוהו תחלה", ווארום ס'איז דא דער "והשיב לב אבות על בנים", וואס וועט זיין אין דעם "יום ה' הגדול והנורא",

במהרה בימינו ממש.

*　　　　*　　　　*

מב. דער ביאור אין פירוש רש"י:

רש"י קען דא ניט טייטשן אז "עצרת" מיינט אפהאלטן זיך פון טאן מלאכה, "כל מלאכה עבודה לא תעשו" - ווארום אין דער פסוק שלפנ"ז שטייט (בנוגע צו חג הסוכות) "ביום הראשון מקרא קודש כל מלאכת עבודה לא תעשו", ועד"ז שטייט אין כמה פסוקים שלפנ"ז אז מ'טאר ניט טאן קיין מלאכה (בנוגע צו ר"ה, יוהכ"פ, ועוד) און אעפ"כ רופט דאס דער פסוק ניט אן "עצרת", איז אויב "עצרת" מיינט אפהאלטן זיך פון טאן מלאכה - האט דער פסוק דאס שוין געדארפט זאגן פריער וואו עס שטייט אז מ'טאר ניט טאן קיין מלאכה.

דאס וואס רש"י האט פריער אנגערופן שבועות בשם "עצרת", איז דערפאר וואס שבועות דארף מען זיך אפהאלטן פון טאן מלאכה, און ס'איז קיין שאלה ניט לפי"ז

פארוואס פסח רופט ניט אן רש"י "עצרת", כאטש אז דעמולט איז אויך אסור צו טאן מלאכה - ווארום דער בן חמש למקרא ווייס אז אין פסח איז אויך דא חול המועד, וואס דעמולט איז מען מותר במלאכה, משא"כ בחג השבועות;

משא"כ אין אונזער פאל קען רש"י אַזוי ניט טייטשן "עצרת" - ווארום כאמור, אין דער פסוק שלפנ"ז שטייט "ביום הראשון גו' כל מלאכת עבודה לא תעשו", און דער פסוק רופט עס ניט אן "עצרת".

וואס דערפאר איז רש"י מפרש אז דאס ווערט דא אנגערופן "עצרת", דערפאר וואס "עצרתי אתכם אצלי".

און בכדי צו פארשטיין וואס דאס מיינט, גיט רש"י א משל: "כמלך שזימן את בניו לסעודה לכך וכך ימים, כיון שהגיע זמנן להפטר אמר בני בבקשה מכם עכבו עוד יום אחד, קשה עלי פרידתכם".

מג. דער ביאור אין דעם וואס רש"י זאגט "כמלך שזימן את בניו לסעודה <u>לכך וכך</u> ימים", און זאגט ניט דער מספר הימים ווי דאס איז אין נמשל, ז' ימים - איז:

אויב רש"י וואלט געשריבן "כמלך שזימן את בניו לסעודה לז' ימים", און דערנאך "כיון שהגיע זמנן להפטר, אמר בני בבקשה מכם עכבו עוד יום אחד" - וואלט געווארן א שאלה:

ממה נפשך: אויב דער מלך וויל זיין מיט בניו מער זמן, האט ער זיי לכתחילה געדארפט איינלאדענען ניט אויף זיבן טעג, נאר אויף אכט טעג?!

דערפאר זאגט רש"י "כמלך שזימן את בניו לסעודה לכך וכך ימים כו'": אין פשש"מ איז טאקע ניט נוגע צי דאס איז זיבן טעג, צי ניט, ס'איז נאר נוגע אז ער האט זיי איינגעלאדנן לכמה ימים, און דערנאך "כיון שהגיע זמנן להפטר אמר בני בבקשה מכם עכבו עוד יום אחד", ווארום וויבאלד אז ס'איז "קשה עלי פרידתכם", וויל ער מיט זיי ארייננכאפן נאך איין טאג.

לפי"ז ווערט אבער די שאלה: פארוואס איז דער יו"ט טאקע ז' ימים, און ניט קיין אנדער מספר ימים?

איז דער ביאור אין דעם:

א) אין דרך הפשט דארף ניט זיין קיין טעם אויף יעדער זאך.

ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו מצוות בכלל - אז אויב ס'איז דא א טעם ע"ד הפשט, איז מען דאס מבאר, און אויב מ'האט ניט קיין טעם ע"ד הפשט, זאגט מען דאס ניט, ע"ד דער מצוה פון "אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים", זאגט רש"י דער טעם אויף דערויף, אז "כדאי היא ההוצאה שתהיו משועבדים לי", משא"כ בא דער מצוה פון "לא תרצח" (לדוגמא) זאגט רש"י ניט קיין טעם,

ווארום דער בן חמש למקרא ווייס אז עס זיינען דא מצוות, און משפטים, און חוקים, עס זיינען דא מצוות מיט א טעם, און מצוות אן א טעם, און מצוות וואס לא נתגלה הטעם.

ב) ס'איז אויך פארשטאנדיק ע"פ שכל פארוואס דער אויבערשטער האט געמאכט דער יו"ט לז' ימים:

דער בן חמש למקרא ווייס אז די וועלט איז באשאפן געווארן אין זיבן טעג, ווארום ביום השבת איז געווען "וינפש", און דעמולט איז נשלם געווארן, און צוגעקומען דער ענין פון מנוחה אין דער בריאה, "מה הי' העולם חסר מנוחה, באה שבת, באה מנוחה",

וואס דערפון פארשטייט ער אז דער שלימות פון א זאך איז אין ז' ימים, וואס דאס איז ניט ע"פ דרוש און ע"פ חסידות, נאר ס'איז פארשטאנדיק ע"ד הפשט.

און דערפאר פארשטייט דער בן חמש למקרא אויך בענינינו, אז ווען דער אויבערשטער וויל מאכן א גרויסער יו"ט - מאכט ער דאס לז' ימים, וואס דאס איז דער שלימות הימים.

מד. אבער, כאמור לעיל, ע"ד הפשט איז ניט נוגע אין אונזער רש"י צו זאגן וויפל טעג דער "מלך" האט מזמין געווען בניו, ס'איז נאר נוגע אז דאס איז געווען "לכך וכך ימים", ד.ה. מערער פאר איין טאג, און אז דערנאך האט ער זיי געבעטן בלייבן נאך א טאג.

והביאור בזה:

בשעת דער מלך לאדט איין בניו נאר פאר איין טאג, בכדי אז זיי זאלן עסן צוזאמען מיט אים א סעודה, איז פארשטאנדיק אז דאס איז נאר צוליב עסן א סעודה צוזאמען, אבער אין דערויף איז ניטא קיין חביבות יתירה,

ווארום ווייניקער ווי איין טאג קען ער זיי ניט איינלאדן, איז בשעת ער וויל עסן מיט זיי א סעודה, דארף ער זיי איינלאדן פאר לכה"פ איין טאג;

משא"כ אבער ווען דער מלך לאדט זיי איין פאר כמה ימים, איז פארשטאנדיק אז דאס איז ניט נאר צוליב עסן א סעודה, נאר אויך צוליב דעם וואס ער וויל מיט זיי זיין צוזאמען מצד זייער חביבות,

איז איינלאדן זיי פאר א גאנצן יאר - קען ער ניט, אבער איינלאדן זיי פאר כמה ימים צו זיין צוזאמען מיט זיי די ימים - דאס קען ער, און דאס טוט ער, "זימן את בניו לסעודה לכך וכך ימים".

וואס דערפאר בשעת עס קומט צו דעם טאג ווען בניו דארפן פון אים אוועקגיין - זאגט ער "קשה עלי פרידתכם", מצד זייער חביבות וויל ער זיך ניט אפשיידן מיט זיי, און דערפאר בעט ער "בני בבקשה מכם עכבו עוד יום אחד".

מה. עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס ס'איז ניטא דער ענין פון "קשה עלי פרידתכם" בר"ה, אדער ביוהכ"פ:

ר"ה און יוהכ"פ זיינען יו"ט נאר איין טאג, איז פארשטאנדיק אז דאס איז נאר צוליב "עסן א סעודה צוזאמען", און ניט צוליב די חביבות פון אידן בא דעם אויבערשטן, ווארום ווייניקער ווי איין טאג קען דאך ניט זיין קיין יו"ט,

איז דערפאר ניטא אין דערויף דער ענין פון "קשה עלי פרידתכם", וואס קומט מצד די חביבות פון אידן בא דעם אויבערשטן.

משא"כ אבער בחג הסוכות, וואס דער אויבערשטער מאכט א יו"ט פאר זיבן טעג, איז פארשטאנדיק אז דאס איז דערפאר וואס ער וויל זיין מיט אידן צוזאמען - איז בשעת עס ענדיקט זיך די זיבן טעג, זאגט ער "קשה עלי פרידתכם".

עפ"ז ווערט אבער די שאלה בנוגע צו חג הפסח וואס איז אויך ז' ימים, און אעפ"כ געפינט מען ניט דער ענין פון "קשה עלי פרידתכם", אז דער אויבערשטער זאל בעטן אז אידן זאלן בלייבן נאך א טאג?

איז דער ביאור בזה:

דער בן חמש למקרא האט ערשט געלערנט "וספרתכם לכם ממחרת השבת מיום הביאכם

את עומר התנופה גו' תספרו חמישים יום והקרבתם מנחה חדשה לה' גו' וקראתם בעצם היום הזה מקרא קודש יהי' לכם וגו'".

וואס דערפון פארשטייט דער בן חמש למקרא אז ווען חג הפסח ענדיקט זיך קען דער אויבערשטער ניט זאגן "קשה עלי פרידתכם" -

ווארום שוין ביום שני פון פסח האט מען אנגעהויבן ציילן ספירה, און דאס ציס זיך "שבע שבתות תמימות, חמישים יום", ביז צו חגה"ש - איז דאך נאך פסח ניטא דער ענין פון "פרידתכם", מ'איז ניט אוועק פון דעם אויבערשטן;

ס'איז טאקע דעמולט ניטא קיין סעודה, ווארום ימי הספירה זיינען ימות החול - אבער קענען זאגן "קשה עלי פרידתכם" קען מען אויך ניט, דערפאר וואס מ'ציילט יעדער טאג ספירה.

מו. עפ"ז ווערט די קשיא לאידך גיסא:

אויב דער דיוק אין אונזער רש"י איז דער ענין פון "קשה עלי פרידתכם", אז מ'זאל ניט אוועקגיין פון דעם אויבערשטן (און ניט פארבונדן מיט דער ענין הסעודה) - האט רש"י געדארפט אויך שרייבן בתחילת פירושו, אין צד החיוב, "כמלך שזימן את בניו אצלו" און ניט "כמלך שזימן את בניו לסעודה"?

מז. וכפי שיתבאר לקמן.

דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר:

דער דיוק אין "נתנו את נבלת עבדיך מאכל לעוף השמים, בשר חסידך לחיתו ארץ", איז - אז דאס איז "נבלת עבדיך", און "בשר חסידיך", ד.ה. בקיצור - ניט דער עצם הדבר, נאר א טפל.

וואס דאס איז א הכרח צו זאגן אז "נתנו" איז נאר א טפל פון דער "עבדיך", און "חסידיך", און ניט דער עיקר ח"ו - ווארום אויב זיי וואלטן אפגעגעבן די גאנצע זאך ח"ו, דארף מען וויסן ווי מ'וועט דאס קענען-ביישטיין, און מ'וועט אויך דארפן פארשטיין די קשיות האמורות לעיל אין דער הערה אויפן זהר;

משא"כ בשעת מ'זאגט אז זיי האבן אפגעגעבן נאר א טפל פון דער זאך ("נבלת", און "בשר") איז פארשטאנדיק אז מ'וועט דאס קענען ביישטיין, און ס'איז אויך פארשטאנדיק דאס וואס מ'האט פריער געפרעגט.

והביאור בזה בעבודה:

דער יצה"ר איז דאך א-"חכם", איז זיין צוגאנג צו א מענטשן "היום אומר לו עשה כך ולמחר אומר לו עשה כך" (שבת קה, ב) - במילא קומט ער ניט צו א מענטשן בנוגע צו אן ענין וואס דער מענטש איז אין איר "זהיר בי' טפי", וואס דער ענין איז דער צנור דורך וואס אלע אנדערע ענינים פון דעם מענטשן זיינען עולה בשער השמים -

נאר דער יצה"ר קומט צו אים בנוגע צו אן ענין טפל בעבודתו, וואס נאר מצד שלימות העבודה דארף דער מענטש דאס אויך טאן, אבער דאס איז ניט זיין עיקר העבודה, און דוקא אויף דער ענין שטעלט זיך דער יצה"ר און איז דערפון יונק.

וואס דערפאר איז "נתנו נבלת עבדיך" דוקא "לעוף השמים", און "בשר חסידיך" דוקא "לחיתו ארץ":

הנחה פרטית בלתי מוגה

אין די דרגא פון "עוף השמים", ז"א, איז דער עיקר דער ענין החסד, "חסידיך", און ז'ער טפל - דער ענין פון "עבדיך" (דער ענין פון מלכות און קבלת עול (כנ"ל)), ד.ה. אז "עבדיך" איז דארטן אין אן אופן פון "נבלת עבדיך", וואס "נבלת" באווייזט אויף אן ענין טפל, כנ"ל.

איז בשעת ס'איז דא א יניקה פון לעו"ז פון ז"א - קען דאס ניט זיין פון דער עיקר אין ז"א, "חסידיך", נאר עס איז פון דער טפל אין ז"א - "נבלת עבדיך", וואס דערפאר איז "נתנו נבלת עבדיך לעוף השמים".

ועד"ז אין די דרגא פון "חיתו ארץ", מלכות, איז דער עיקר דער ענין פון "עבדיך", און דער טפל - "חסידיך", ד.ה. אז דארטן איז "חסידיך" אין אן אופן פון "בשר חסידיך".

איז בשעת ס'איז דא א יניקה פון לעו"ז פון מלכות - איז דאס פון דער טפל אין מלכות - "בשר חסידיך", וואס דערפאר איז "נתנו ... בשר חסידיך לחיתו ארץ".

מח. דער ביאור אין דער משנה אין פרקי אבות פארוואס עס שטייט "שלשה כתרים הן", בשעת עס זיינען דא פיר כתרים - וועט מען דאס פארשטיין ע"פ א דיוק וואס דער רמב"ם גיט צו אין הל' תלמוד תורה בשעת ער ברענגט אראפ דער ענין (כנ"ל),

[וואס מפרשי הרמב"ם שטעלן זיך ניט אויף דעם דיוק, פארלאזנדיק זיך מסתמא, אז מצד פשטות הענין וועט מען זיך אליין כאפן אויף דעם]:

דער רמב"ם שרייבט: "בשלשה כתרים נכתרו ישראל, כתר תורה, וכתר כהונה וכתר מלכות כו'", ער גיט צו די ווערטער "נכתרו ישראל".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דוקא די ג' כתרים, כתר תורה, כתר כהונה, און כתר מלכות, זיינען געגעבן געווארן צו אידן, וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס אין משנה זאגט ער "שלשה כתרים הן", כאטש אז עס איז אויך דא דער כתר שם טוב - ווארום כתר כהונה כתר מלכות און כתר תורה זיינען ג' כתרים אין איין סוג - די כתרים וואס "נכתרו ישראל"; משא"כ כתר שם טוב איז ניט נאר שייך צו אידן, נאר אויך צו גויים.

והביאור בזה:

דער ענין פון כתר תורה, איז שייך נאר צו אידן, משא"כ גויים האבן דערצו קיין שייכות ניט, ווי דער רמב"ם ברענגט דער פסוק בנוגע צו דעם כתר תורה - "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב", וואס "מורשה" איז דער ענין פון ירושה, און אויך "מורשה - מאורסה", ד.ה. אז גויים וואס האבן צו טאן מיט די תורה, זיינען עובר אויף די ירושה פון אידן, און אויך אויף דער ענין פון גילוי עריות.

וואס אע"פ אז "נכרי ועוסק בתורה, הרי הוא ככהן גדול" - איז דאס אבער נאר "בשבע מצוות דידהו", וואס דערפאר האט ער קיין שייכות ניט צו כתר תורה:

וועז קען מען זאגן אז מ'האט דעם כתר תורה - דוקא נאך דערויף וואס מ'האט בשלימות דער ענין פון תורה, איז דערנאך קען מען האבן דער ענין פון כתר תורה - א כתר ומקיף על הראש, אבער אויב עס פעלט אין דער שלימות התורה, אין דער "ראש" - קען ניט זיין אז מ'זאל האבן דעם כתר תורה.

וואס דערפאר איז וויבאלד אז בא גויים איז דער לימוד התורה נאר אין "שבע מצוות דידהו", ד.ה. אז עס פעלט אין דער שלימות התורה - איז בא זיי ניט שייך צו זיין דער כתר תורה.

ועד"ז בנוגע צו כתר כהונה; וואס "זכה בו אהרן" (רמב"ם שם), משא"כ גויים האבן דערצו קיין שייכות ניט.

ועד"ז און נאכמער בנוגע צו כתר מלכות, וואס איז שייך נאר צו שבט יהודה, און צווישן זיי גופא צו דוד, "זכה בו דוד", (רמב"ם שם).

וואס דאס איז קיין סתירה ניט דערצו וואס מ'געפינט דער ענין פון מלוכה בא מלכי ישראל (וואס זיינען ניט געווען פון שבט יהודה), ביז אז אויב זיי האבן זיך אויפגעפירט ווי עס ראַרף צו זיין איז בא זיי געווען הצלחה אין זייער מלכות, ביז ווי עס שטייט אין פסוק אז אלי' האט אפגעגעבן כבוד מלכות צו אחאב -

ווארום: בא מלכי ישראל איז ניט געווען דער ענין פון מלכות נצחית, משא"כ בא בית דוד איז דאס א מלכות נצחית, ווי דער רמב"ם זאגט, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז כתר מלכות איז במיוחד שייך צו דוד.

עכ"פ - ווי עס זאל נאר זיין בנוגע צו מלכות ישראל - איז אבער דער ענין פון כתר מלכות זיכער ניט שייך בא גויים, ווי עס שטייט "שום תשים עליך מלך גו' מקרב אחיך תשים עליך מלך".

מט. דער ענין פון כתר שם טוב אבער, האט אויך א שייכות צו גויים:

דער ענין פון כתר שם טוב, איז ווי גערעדט פריער - דער ענין פון מעשים טובים,

וואס דאס איז דא אויך בא גויים, ביז אז דער רמב"ם פסק'נט אז "חסידי אומות העולם יש להם חלק לעוה"ב".

און זיי האבן ניט א שייכות צו "שם טוב" סתם, נאר אויך צום כתר שם טוב:

ווי דערמאנט פריער איז "נכרי ועוסק בתורה הרי הוא ככהן גדול", און תוספות טייטשט דאס אז "להכי נקט כה"ג משום דכתיב יקרה היא מפנינים ודרשי' מכה"ג הנכנס לפני ולפנים", ד.ה. אזוי ווי דער כה"ג אין קדה"ק,

וואס אין ספירות איז דער דרגא פון קודש - חו"ב, און קדה"ק - כתר.

איז פארשטאנדיק, אז דער "נכרי ועוסק בתורה" וואס איז "ככה"ג הנכנס לפני ולפנים" אין קדה"ק - איז שייך צו די דרגא פון כתר,

און וויבאלד אז ביי אים איז אויך דא דער ענין פון "שם טוב" - מעשים טובים - האט ער דעם ענין פון כתר שם טוב.

נ. עפ"ז ווערט אבער א שאלה:

ע"פ הנ"ל קומט אויס אז דער חילוק צווישן אידן און גויים באשטייט נאר אין אן ענין פון כמות: אידן האבן ד' כתרים, כתר תורה, כתר כהונה, כתר מלכות, און כתר שם טוב, און גויים האבן מערניט ווי איין כתר, כתר שם טוב - איז וואו איז דא דער ענין פון "ונפלינו אני ועמך מכל העם אשר על פני האדמה"?!

אויף דערויף איז ר' שמעון ממשיך אין דער משנה (נאך דערויף וואס ער זאגט "שלשה כתרים הן, כתר תורה, כתר כהונה וכתר מלכות"): "וכתר שם טוב עולה על גביהן":

ס'איז פארשטאנדיק אז דער כתר שם טוב איז א סאך א העכערער בשעת דאס איז "עולה על גביהן" פון די אנדערע ג' כתרים, ווי בשעת דאס איז כתר שם טוב בפ"ע, (ניט "עולה על גביהן" אויף די אנדערע כתרים).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז די מעלה פון אידן אויף גויים איז ניט נאר אין כמות, אז בא זיי זיינען נאך ג' כתרים - נאר אויך אין איכות: דער כתר שם טוב וואס איז דא בא אידן איז "עולה על גביהן" פון די ג' כתרים, וואס אידן האבן בשלימותו; משא"כ בא גוים איז נאר דא דער כתר שם טוב ווי דאס איז בפ"ע.

נא. וואס ע"פ המבואר לעיל איז פארשטאנדיק די שאלות וואס מ'האט געפרעגט:

ס'איז פארשטאנדיק אז ס'איז קיין סתירה ניט צווישן דעם רמב"ם, און די גמרא אין יומא, וואס דארטן שטייט אז עס זיינען דא נאר ג' כתרים, מיט די משנה אין אבות אז ס'איז אויך דא דער כתר שם טוב, ועד"ז איז פארשטאנדיק פארוואס די משנה זאגט "שלשה כתרים הן" כאטש אז עס זיינען דא ד' כתרים -

ווארום די ג' כתרים זיינען אין א באזונדער סוג ווי דער כתר שם טוב: די ג' כתרים זיינען שייך נאר בא אידן, משא"כ כתר שם טוב איז אויך דא בא גויים.

ולאידך אבער - האבן אידן א מעלה אין זייער כתר שם טוב לגבי דער כתר שם טוב פון גויים - וואס בא אידן איז דאס "כתר שם טוב" וואס איז "עולה על גביהן" פון די ג' כתרים.

נב. מ'דארף נאך אבער פארשטיין מניינא למה לי: פארוואס ר' שמעון איז מקדים "שלשה כתרים הן"?

הביאור בזה ובהקדם:

דער ענין פון מקדים זיין א מנין, און אויך דער מנין שלישי - געפינט מען אויך פריער אין פרקי אבות, און דאס איז אויך א ר' שמעון:

אין סוף וסיום וחותם פון פרק ראשון (מי"ח): "רבן שמעון בן גמליאל אומר: על שלשה דברים העולם קיים, על הדין ועל האמת ועל השלום כו'".

ועד"ז אין תחילת הפרק (מ"ב): "שמעון הצדיק ... הי' אומר: על שלשה דברים העולם עומד, על התורה ועל העבודה ועל גמילות חסדים".

וואס דערפון זעט מען אז וואו עס שטייט נאר א ר' שמעון, שטייט אויך אז ער האט מקדים געווען דער מנין פון שלישי ("על שלשה דברים העולם עומד", "על שלשה דברים העולם קיים", "שלשה כתרים הן") - איז דערפון פארשטאנדיק אז דער נאמען "שמעון" האט א שייכות מיט דער ענין (הקדמה) פון שלישי.

נג. הביאור בזה:

"שמעון" איז על שם "כי שמע ה'" - דער ענין השמיעה, משא"כ ראובן איז על שם "כי ראה ה'" - דער ענין הראי'.

דער חילוק צווישן ראי' מיט שמיעה איז פארשטאנדיק פון דעם וואס דער רמב"ם זאגט (הל' יסוה"ת פ"ח) בנוגע צו נצחיות התורה און "התורה זו לא תהא מוחלפת", אז "משה רבינו לא האמינו בו ישראל מפני האותות שעשה", נאר דערפאר וואס "עינינו ראו ולא זר ואזנינו שמעו ולא אחר", וואס דערפאר איז "אם עמד הנביא ועשה אותות ומופתים גדולים ובקש להכחיש נבואתו של משה רבינו אין שומעין לו כו' לפי שנבואת משה רבינו אינה על פי האותות כו' אלא בעינינו ראינוה ובאזנינו שמענוה כו' לפיכך אמרה תורה שאם בא האות והמופת לא תשמע אל דברי הנביא ההוא, שהרי זה בא אליך באות ומופת להכחיש מה <u>שראית בעיניך</u>".

ד.ה. אז אן ענין פון ראי' וואס מ'האט אליין געזען מיט די אייגענע אויגן, קען מען ניט מחליש זיין, ועאכו"כ ניט משנה זיין.

און ווי ס'איז פארשטאנדיק אויך פון דעם דין "אין עד נעשה דיין" (ר"ה כו, רע"א), וואס דער טעם אויף דערויף איז די גמרא מסביר: "רחמנא אמר (מסעי לה, כד-כה) ושפטו העדה והצילו העדה, וכיון דחזיוהו כו' לא מצו חזו לי' זכותא".

ד.ה. אז אפילו אויב א ב"ד כשר האט געהערט א זאך פון מאה עדים כשרים, קענען זיי נאך בלייבן דיינים, ווארום מצד דער ענין פון שמיעה איז דער זאך ניט אזוי נתאמת געווארן בא דער שומע, אז דאס זאל אים שטערן אין קענען געפינען א זכות אויף דעם מענטשן, כאטש ער האט געהערט אנדערש פון מאה עדים כשרים;

משא"כ אבער אויב א דיין האט דאס געזען מיט זיינע אייגענע אויגן, איז "אין עד נעשה דיין", ווארום ווייבאלד אז ער האט דאס געזען, איז דאס אזוי נתאמת געווארן ביי אים אז ער וועט שוין ניט קענען געפינען א זכות בא דעם מענטשן.

וכלשון הידוע "איננו דומה שמיעה לראי'", וכמבואר אין די דרושים (המשך וככה), און אויך פארבונדן מיטן פסוק "הראיני מראיך השמיעני את קולך".

נד. עפ"ז וועט מען פארשטיין פארוואס דוקא א "שמעון" האט געזאגט "על שלשה דברים העולם עומד", און "על שלשה דברים העולם קיים":

דער אלטער רבי טייטשט אין תניא (פמ"ג) דעם מארז"ל "איזהו חכם הרואה את הנולד": "פי' שרואה כל דבר איך נולד ונתהווה מאין ליש בדבר ה' וברוח פיו יתב' כו' ואל לזאת הרי השמים והארץ וכל צבאם בטלים במציאות ממש בדבר ה' וברוח פיו כו'".

ד.ה. אז ווען ער קוקט אויף די וועלט זעט ער ניט קיין עולם, נאר ער זעט דעם דבר ה' וואס איז דאס מחי' בכל רגע ורגע.

וואס ווייבאלד אז דאס איז אין אופן פון ראי', "הרואה את הנולד", איז פארשטאנדיק ע"פ המבואר לעיל אז דאס איז אזוי נתאמת בא דעם אדם אז קיינער קען דאס בא עם ניט מחליש זיין, ועאכו"כ ניט משנה זיין.

איז בשעת מ'זאגט אים אז ס'איז דא אן עולם, און דער עולם דארף מען מעמיד זיין ("העולם עומד") און מקיים זיין ("העולם קיים") - ווייס ער ניט וואס דאס איז.

ער ווייס אז ער דארף מקיים זיין מצות תפילין מיט א רבר מיוחד, ועד"ז בנוגע צו שאר תומ"צ - אבער אז ס'איז דא א וועלט ווייס ער ניט, ער זעט דעם דבר ה',

און ביז ער גיט זיך נאר א ביסל א טראכט אויב ס'איז דא א וועלט אדער ניט - ווערט אויס וועלט און מ'דארף שוין באשאפן דער וועלט פון דאסניי.

איז מיט אזא מענטשן ניט שייך רעדן וועגן "העולם עומד", און "העולם קיים", ווארום ער ווייס ניט וואס "עולם" איז.

משא"כ איינער וואס האלט נאר בא די דרגא פון שמיעה, איז אפילו אז ער הערט אז די דבר ה' איז מחי' די וועלט בכל רגע ורגע, און ער פארשטייט דאס, אבער ווייבאלד אז ער זעט דאס ניט - איז דאס ביי אים ניט אין אן אופן וואס ער זעט ניט קיין וועלט, און ער זעט מערניט ווי דער דבר ה' - נאר ער זעט א וועלט,

ובמילא איז מיט אים שייך צו רעדן אז מ'דארף מעמיד זיין און מקיים זיין די וועלט,

וואס דערפאר איז דוקא א "שמעון" דער וואס זאגט "על שלשה דברים העולם עומד",

און "על שלשה דברים העולם קיים" - ווארום "שמעון" איז די דרגא פון שמיעה וואס לגבי די דרגא איז דא דער מציאות העולם וואס מ'דארף מעמיד זיין, און מקיים זיין.

נה. דערמיט וועט מען אויך פארשטיין פארוואס "שמעון" זאגט (און איז מקדים), דער מנין פון שלשה (אין אלע דריי ערטער):

וויבאלד אז מצד די דרגא פון "שמעון" איז דא א וועלט וואס מ'דארף פון איר מאכן אן "עולם עומד" און אן "עולם קיים" - איז בכדי דאס אויפצוטאן דארף זיין דער ענין און מושג פון "שלשה":

עס איז דא דער איד, מיט דער אויבערשטער, מיט אידישקייט, און פון צווייטער זייט איז דא דער וועלט, און דער עבודה פון דעם אידן איז - צו אריינטראגן דעם אויבערשטן מיט אידישקייט אין וועלט, וואס דאס איז דער דריטער זאך - דער חיבור פון דעם אידן, און דער אויבערשטער, און אידישקייט, מיט דער וועלט.

וואס דערפאר איז דער הקדמה פאר יעדער ענין אין עבודה - דער ענין פון "שלשה", ווארום עס דארף זיין ג' קוים בכדי מ'זאל קענען אויפטאן מיט וועלט: דער וועלט, דער אדם העובד מיט אידישקייט מיט דעם אויבערשטן, און דער חיבור פון די בידע ענינים,

און דוקא אז עס זיינען דא ג' קוין איז דער ענין בשלימות - עולם התיקון, משא"כ אין עולם התהו זיינען דא נאר ב' קוים, אין אן אופן פון "ענפין מתפרדין".

און אין א העכערע דרגא זיינען די דריי ענינים: ישראל, אורייתא, און קוב"ה, און די כוונה איז אז זיי זאלן ווערן כולא חד.

נו. וואס דאס איז דער כללות ההקדמה פון "שמעון" פאר דעם ענין העבודה בפועל אז עס דארף זיין "שלשה דברים", "על שלשה דברים העולם עומד", "על שלשה דברים העולם קיים", און "שלשה כתרים הן" -

אבער דערנאך דארף דאס אראפקומען אין די דריי קוין אין עבודה בפועל, אנהויבנדיק פון דער ענין התורה, און דערנאך אין די אנדערע צוויי קוין, ועד"ז בנוגע צו "אמת דין ושלום", און בנוגע צו "כתר תורה, וכתר כהונה, וכתר מלכות",

וכמבואר בארוכה אין קונטרס העבודה, און אין שער היחוד (פון דעם מיטעלן רבי'ן), אז עס דארף זיין דער עבודה פרטית,

וואס דערפאר איז מען מפרש אין יעדער פון די דריי משנות די דריי קוין בפרטיות וואס דארפן זיין אין עבודת האדם, און זיך ניט מסתפק מיט די הקדמה אז עס זיינען דא דריי ענינים, "שלשה דברים", "שלשה כתרים".

נז. עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק (נוסף להאמור לעיל) פארוואס אין אונזער משנה איז ר' שמעון מקדים "שלשה כתרים הן", כאטש עס איז אויך דא דער כתר שם טוב:

ווארום סדר העבודה איז אויסגעשטעלט אין ג' קוין, ווי דאס איז אין עולם התיקון, (ניט ווי אין עולם התהו - ב' קוין),

און דערפאר זיינען אויך אין די כתרים "שלשה כתרים הן", וע"ד ווי עס שטייט אין מדרש בנוגע צו חג השבועות [וואס איצטער שטייט מען אין ימי הספירה, אין גרייטונג צו חגה"ש], אז "משל לבני מדינה שעשו ג' עטרות למלך, מה עשה המלך נתן בראשו אחת ושתים בראשם של בניו".

און דאס וואס דער משנה זאגט דערנאך אז עס איז דא דער "כתר שם טוב" - איז

דאס ניט אין דער סדר העבודה - נאר "עולה על גביהן", דאס איז העכער פאר דער סדר העבודה, און דאס איז א שלימות נוספת וואס איז "עולה" אויף די ג' קוין בעבודה.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק אז ס'איז קיין סתירה ניט פון דעם וואס דער צ"צ זאגט אז עס זיינען דא ד' כתרים, און כתר שם טוב איז דער ענין פון מעשה המצוות, מיט דעם וואס דער רמב"ם און דער אלטער רבי זאגן אז עס זיינען נאר דא ג' כתרים - ווארום דער צ"צ רעדט וועגן אלע ענינים, כולל אויך דאס וואס איז ניט אין סדר העבודה הרגילה, וואס דאס איז אויך כולל דער כתר שם טוב, משא"כ דער רמב"ם און דער אלטער רבי רעדן וועגן דער שלימות פון סדר העבודה, וואס דאס טיילט זיך אין דריי ענינים, און קוין, כנ"ל.

נח. ע"פ המבואר לעיל (בנוגע צו "שמעון") וועט מען פארשטיין נאך א זאך אין אונזער משנה:

ר' שמעון בן יוחאי (דער תנא פון אונזער משנה, ווארום ר"ש סתנ איז דאס רשב"י, כנ"ל) איז דאך געווען "תורתו אומנתו", ד.ה. אז זיין אומנות און זיין גאנצע מציאות איז געווען תורה - איז ווי האט ער געזאגט אז "כתר שם טוב עולה על גביהן" - נאך העכער פון "כתר תורה"?

ובפרט אז עס דארף דאך עפעס זיין א שייכות צווישן דעם מאמר מיט דעם בעל המאמר.

איז דער ביאור אין דעם:

"שמעון" איז כולל אין זיך (און איז מלשון) דער ווארט "שם", ביז ווי דאס קומט אפ אין א דין, אז "שם משמעון", ד.ה. אז "שמעון" איז כולל אין זיך א צווייטער ווארט, "שם".

דער ענין פון א שם באשטייט פון צוויי קצוות:

פון איין זייט איז דאס א דבר חיצוני וואס איז אינגאנצן מחוץ להאדם: דאס איז ניט זיין שכל, ניט זיין רגש, ניט זיין מחשבה, ניט זיין דיבור, און אפילו ניט זיין מעשה; דאס איז מערניט צוליב א זולת, אז א זולת זאל אים קענען רופן.

לאידך גיסא איז דער שם פארבונדן מיט דער חיות פון דער זאך, ווי דער אלטער רבי ברענגט פון דעם בעש"ט אין שעהיוה"א (פ"א), און ווי דער מגיד איז דאס מבאר אויפן פסוק "נפש חי' הוא שמו",

ביז אז דער שם איז דאס וואס איז מחבר דער נשמה מיט דעם גוף, און בשעת מ'איז קורא איינעם בשמו איז דאס ביי אים מעורר זיין חיות, און דורך דערויף קען מען אים אויפוועקן פון חלישות,

ביז ווי עס שטייט אין כתבי האריז"ל אז מ'גיט די עלטערן פון א קינד רוה"ק בכדי זיי זאלן געבן דעם קינד דעם ריכטיקן נאמען וואס איז צוגעפאסט צו שרש החיות שלו.

ד.ה. אז אין א שם זיינען דא צוויי קצוות: פון איין זייט איז דאס א נידעריקער דרגא, וואס איז א טפל צו דער עצם האדם, לאידך דערגרייכט דאס אין עצם האדם,

ובאמת איז הא בהא תליא: דאס גופא אז דאס איז בטל לגמרי לגבי דעם אדם, איז דער טעם פארוואס דאס דערגרייכט אין עצם האדם.

נט. מ'געפינט אז ר' שמעון בר יוחאי איז געווען בדוגמא צו א שם, וואס דער ענין

פון "שם" איז פארבונדן מיט "שמעון", "שם משמעון", כנ"ל:

רשב"י האט אויף זיך געזאגט "אנא סימנא בעלמא", ד.ה. בדוגמא ווי א שם ללמעלה.

ובמילא זיינען אויך דא די ביידע קצוות וואס זיינען דא אין א שם בא רשב"י:

פון איין זייט איז בא רשב"י געווען "תורתו אומנתו", ער האט געהאט דער שלימות ענין התורה, ביז צו "כתר תורה", און אויך דער שלימות פון "כתר כהונה", און "כתר מלכות".

לאידך גיסא איז דאס אלץ ביי אים געווען גארניט, ווארום ביי אים איז געווען "בחד קטירא אתקטרנא בי' בקוב"ה כו' בי' אחידא בי' להיטא בי' אתדבקת" - ער האט עולה געווען למעלה און געווען אינגאנצן בטל במציאות,

וואס דאס איז דער ענין פון "כתר שם טוב עולה על גביהן": כאטש אז ער האט די אלע שלימות'ן פון כתר תורה, כתר כהונה, און כתר מלכות - ווערט ער אבער נתעלה נאך העכער, "כתר שם טוב עולה על גביהן", ביז אין פנימיות הכתר, די דרגא וואו "בחד קטירא אתקטרנא", ביז אז די אלע ג' כתרים זיינען ביי אים טפל, און קיין מציאות ניט.

און די צוויי קצוות זיינען תלוי בזה בזה (כנ"ל בנוגע צו א שם): דאס גופא וואס רשב"י האט געהאט די שלימות פון אלע ג' כתרים איז דערפאר וואס ער איז געווען "סימנא בעלמא", בטל לגמרי לגבי למעלה.

ס. דער ביאור אין דעם וועט מען קלערער פארשטיין ע"פ דער שייכות דערפון צו דער נאמען "שמעון" מלשון שמיעה - ובהקדם:

ע"פ המבואר לעיל די מעלה פון ראי' אויף שמיעה איז לכאורה ניט פארשטאנדיק:

וויבאלד אז בא מ"ת איז געווען דער ענין פון "עינינו ראו ולא זר", די מעלה פון ראי', התאמתות אמיתית בהדבר - איז פארוואס האט אויך געדארפט זיין דער ענין פון "אזנינו שמעו ולא אחר", דער ענין השמיעה?

ועד"ז וויבאלד אז ס'איז געווען "קוראין את הנשמע" - איז פארוואס האט געדארפט זיין "שומעין את הנראה" (ווי גערעדט אמאל בארוכה)?

איז דער ביאור אין דעם ע"ד המבואר בלקו"ת ד"ה וידעת בנוגע צו השגה און אמונה, וואס בכללות איז השגה דער ענין הראי', אמונה דער ענין השמיעה -

אז אמונה איז אלעמאל אין דער דרגא העכער פאר השגה, און בשעת עס קומט מער השגה, ביז אז דאס וואס איז פריער געווען אמונה ווערט ביי אים איצטער בהשגה - איז דעמולט ווערט נתגלה נאך א העכערע דרגא אין אמונה, איז אלעמאל דא די אמונה אין א דרגא וואס איז נאך העכער,

[וע"ד המבואר אין סידור דער חג המצות, אז דאס וואס בא גוים איז אין אמונה, דער ענין פון השגח"פ וכו' - איז בא אידן אין אן אופן פון השגה וראי' - "שאו מרום עיניכם וראו מי ברא אלה"].

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו ראי' און שמיעה:

ווי הויך מ'קומט נאר אן אין ראי', איז אלעמאל דא דער ענין השמיעה אין א העכערער דרגא,

וואס דערפאר איז אע"פ וואס בא מ"ת איז געווען "עינינו ראו ולא זר", און "רואין את הנשמע" - איז דעמולט אויך געווען דער ענין השמיעה, "אזנינו שמעו ולא אחר", "שומעין את הנראה" אין א העכערע דרגא, אין די דרגא פון הוי' דלעילא, וואס דאס איז דעמולט ניט געווען אין אן אופן פון ראי'.

סא. ועפ"ז וועט מען פארשטיין די שייכות פון "שמעון" מלשון שמיעה צו האמור לעיל בנוגע צו די צוויי קצוות אין רשב"י (ע"ד די צוויי קצוות אין א שם):

רשב"י איז כסדר געשטאנען אין עלי' מדרגא לדרגא, וואס דערפאר איז ביי אים אין יעדער דרגא געווען סיי דער ענין הראי' און סיי דער ענין השמיעה:

פון איין זייט איז רשב"י געווען "תורתו אומנתו" ביז אין דער תכלית השלימות פון השגה אין תורה, אין אן אופן פון ראי';

אבער צוזאמען דערמיט האט רשב"י געזאגט "אנא סימנא בעלמא", ווארום ביי אים איז געווען "בחד קטירא אתקטרנא" - ער האט מרגיש געווען אז ס'איז דא נאך א העכערע דרגא, וואס לגבי יענער דרגא איז ביי אים דער וויילע נאר דער ענין השמיעה.

ועד"ז אין יעדער דרגא וואו רשב"י איז צוגעקומען זיינען ביי אים געווען די בײדע תנועות: פון איין זייט האט ער געוואוסט אז ער האלט בא תכלית השלימות פון די דרגא וואו ער האלט - אין אן אופן פון ראי', צוזאמען דערמיט האט ער געוואוסט אז די אלע שלימות איז נאר ווי א שם, בטל וטפל לגבי המדה, ווארום ס'איז נאך דא נאך א העכערע דרגא וואס דערווייילע איז ביי אים דארטן דא נאר דער ענין השמיעה.

ועד"ז אין אונזער משנה:

רשב"י האט געהאט די שלימות פון כתר תורה, און כתר כהונה, און כתר מלכות, ביז אין אן אופן פון ראי', אבער ביי אים איז געווען "בחד קטירא אתקטרנא", און "אנא סימנא בעלמא" - ביטול לגמרי צו אלקות, האט ער מרגיש געווען אז ווי הויך די שלימות וואס ער האט זאל נאר זיין, איז דאס אבער נאר ווי א שם, ווארום ס'איז דא נאך א העכערע דרגא - דער "כתר שם טוב העולה על גביהן", וואס ביי אים איז דאס נאך אין אן אופן פון שמיעה.

און דורך דערויף גופא וואס רשב"י האט מרגיש געווען אז די שלימות וואס ער האט, האט ער ניט מצ"ע, נאר ער האט דאס דערפאר וואס ער איז "אנא סימנא בעלמא" - און דורך דערויף גופא נעמט ער דעם "כתר שם טוב העולה על גביהן".

סב. דערפון האט מען די הוראה אין עבודת האדם:

פריער דארף מען אנהויבן פון האבן די שלשה כתרים - כתר תורה, און כתר כהונה, און כתר מלכות, דערנאך דארף מען אבער וויסן אז דאס איז אלץ ווי א שם וואס איז בטל וטפל לגבי האדם, און דורך דערויף גופא ווערט "וכתר שם טוב עולה על גביהן".

בדוגמא ווי די מעלה פון רשב"י, אז ער ווערט אנגערופן בשם הוי', וואס דאס איז דער שם העצם, שם המפורש, און שם המיוחד - דערפאר וואס ער איז בטל לגמרי צו דעם אויבערשטן, "אנא סימנא בעלמא",

איז דורך די ביטול גופא ווערט ער אנגערופן בשם הוי', ביז ער דערגרייכט צו "הי' הוא ושמו בלבד", ביז צו "אנא ומלכא בלחודוהי", וואס איז דא בשמע"צ, וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט רשב"י, כנ"ל בארוכה.

ועד"ז דורך מעשינו ועבודתינו במשך זמן הגלות אין אן אופן פון ביטול - נעמט

'מען די גילויים דלע"ל, וואס דעמולט וועט זיין בגילוי דער "הוי' הוא ושמו בלבד", "כשם שאני נכתב אני נקרא".

און דער גילוי וועט זיין אין אופן פון "כתר שם טוב עולה על גביהן" - ווארום מ'וועט אויך האבן די שלימות פון כתר תורה - וואס משיח וועט מגלה זיין טעמי תורה, "ישקני מנשיקות פיהו", און שלימות פון כתר כהונה - "אהרן ומשה עמהם", און שלימות פון כתר מלכות - דוד מלכא משיחא.

און עס וועט זיין שלימות התורה, און שלימות העם, און שלימות הארץ, און אלע ג' קוין שעליהם העולם עומד, און עליהם העולם קיים - וועלן זיין בשלימות, במילא וועט זיין היפך פון "שאקלען זיך".

און וויבאלד אז מ'האט די ג' כתרים בשלימות, ווערט דערנאך "כתר שם טוב עולה על גביהן" - עס ווערט נתגלה פנימיות עתיק דא למטה.

* * *

סג. דער ביאור אין דעם וואס רש"י זאגט "כמלך שזימן את בניו <u>לסעודה</u>":

רש"י קען ניט זאגן בנוגע צו דעם וואס דער אויבערשטער לאדט איין אידן ביו"ט "כמלך שזימן את בניו להיות <u>אצלו</u>" - ווארום דער בן חמש למקרא פארשטייט בפשטות (ועאכו"כ אז א גדול פארשטייט אזוי) אז דער אויבערשטער געפינט זיך מיט אידן במשך כל השנה כולה, אויך אין ימי החול.

אבער דעמולט געפינט ער זיך מיט אידן אין א וועלט וואס דארטן זיינען דא גוים, און מ'דארף באווארענען "ונפלינו אני ועמך מכל העם אשר על פני האדמה", דורך דערויף וואס אידן זיינען מקיים תומ"צ.

בשעת עס קומט אבער יו"ט, וואס דעמולט שטייט די וועלט אין אן אנדער מעמד ומצב - בשבת איז "ויכולו השמים והארץ וכל צבאם", און יום טוב - איז א יום <u>טוב</u> מערער טוב ווי דער "טוב מאד" וואס דער אויבערשטער האט געזאגט במעשה בראשית -

וויל דער אויבערשטער זיין פארבונדן מיט אידן באופן מיוחד, מערער פאר כל השנה - איז דערפאר פארבינדט ער דאס מיט א סעודה, "כמלך שזימן את בניו לסעודה":

א סעודה פועל'ט אמיתית ענין האחדות צווישן די וואס עסן די סעודה, ווי עס שטייט בא יוסף ואחיו (מקץ מג, לד) "וישתו וישכרו עמו", וואס דאס באווייזט אויף אמיתית ענין האחדות, ביז אז דאס ברענגט "וישכרו עמו", וואס שכרות איז דער ענין פון למעלה ממדוה"ג, בלשון החסידות.

וכמארז"ל (סנה' קג, סע"ב) "גדולה לגימה (אכילה שמאכילין אורחים (רש"י שם ד"ה לגימה)) ... מקרבת את הרחוקים כו'", ווארום דוקא א סעודה גשמית, וואס איז פארבונדן מיט אכילה גשמית, פועל'ט דער אמיתית ענין הקירוב,

משא"כ דער ענין הדיבור, אז ער איז יענעם מפייס ובסבר פנים יפות, און מ'קען אויך האבן דער ענין פון ראי' - איז דאס אבער ניט דער שלימות התענוג און קירוב וואס פארבינדט אלעמען צוזאמען; דוקא אז מ'פארבינדט דאס מיט א מאכל גשמי, וואס ווערט דם ובשר כבשרו פון דעם אדם האוכל - פארבינדט דאס אלע וואס עסן פון דער סעודה אז זיי ווערן איין מציאות, ווארום זייער דם ובשר איז געווארן פון דעם זעלבן מאכל, און דערפאר איז דוקא אז מ'פארבינדט דאס מיט א סעודה ווערט דער שלימות התענוג פון זיין צוזאמען.

און דאס איז קיין סתירה ניט דערצו וואס חסידות איז מבאר אז דוקא אין דעם

זמן פון רעוא דרעוין ביום השבת, וואס דעמולט איז דער סעודה שלישית מעין דער ענין פון "עוה"ב אין בו לא אכילה ולא שתי'" - איז דאס דער ענין פון תענוג הפשוט;

משא"כ די ב' סעודות ראשונות בשבת, וואס זיינען פארבונדן מיט אכילה ושתי' - זיינען נאר תענוג המורכב -

וואָרום: אדרבה, דוקא דורך דערויף וואס ס'איז פריער דא די הקדמה פון די ב' סעודות ראשונות, פון תענוג המורכב, וואס איז פארבונדן מיט אכילה ושתי' - קען מען ערשט צוקומען צו סעודתא דעתיקא, סעודה השלישית, תענוג הפשוט, וואס איז העכער פאר אכילה ושתי'.

און ס'איז אי אפשר באופן אחר - וואָרום דער סדר העבודה איז דוקא דורך דער תענוג וואס מ'באקומט דורך אכילה ושתי', משא"כ דער תענוג (הפשוט) פון עוה"ב (וואס מעין זה איז דא בסעודה השלישית), "אין בו לא אכילה ולא שתי'" - ווערט ערשט נתגלה נאך די עבודה.

סד. איז בשעת דער אויבערשטער וויל זיין צוזאמען באחדות מיט אידן ביום טוב (מערער פאר כל השנה) פארבינדט ער דאס מיט א סעודה, אז מ'זאל עסן א סעודה צוזאמען, "וישתו וישכרו עמו", וואס דאס פועל'ט דער אמיתית ענין האחדות צווישן די משתתפים בסעודה, ביז אז דאס פועל'ט אויך דערנאך, ווען מ'גייט אוועק פון דער סעודה זאל בלייבן א רשימה פון די אחדות בא די סעודה.

וואו געפינט מען דער ענין צוזאמען א סעודה ביו"ט? אז דער אויבערשטער און אידן עסן,

איז דאס בפשטות, ווי ער זאגט אין דעם פסוק גופא: "והקרבתם אשה לה'", וואס דאס איז בפשטות דער ענין פון א סעודה, וואָרום א קרבן שלמים איז חלקו עולה למעלה, אויפן "מזבח לה'", און חלקו איז נאכל לבעלים;

און אפילו בנוגע צו א קרבן עולה וואס איז כולו לה', ווערט דאס אויך אנגערופן "לחמי לאשי", און דאס איז "מזבח לה'".

און דערנאך, נאך דערויף וואס די זיבן טעג פון יו"ט ענדיקן זיך, וויל דער אויבערשטער זיך ניט אפשיידן מיט די אידן - איז מאכן אז עס זאל זיין א סעודה בכל יום ויום, קען מען ניט - זאגט דער אויבערשטער, אז עכ"פ "קשה עלי פרידתכם": דאס איז ניט דער ענין פון א סעודה, אבער לאידך איז דאס אויך ניט דער ענין פון פרידה, דאס איז א מדה ממוצעת צווישן דער מעמד ומצב וואס איז געווען ביו"ט מיט דער מעמד ומצב ווי דאס איז נאך יו"ט.

סה. די הוראה דערפון בנוגע לפועל:

בשעת מ'גייט מקרב זיין אידן, קען דאך זיין א מ_יאות אז מ'זאל מיט דעם אידן אפזיצן "זיבן טעג", וואס ז' ימים זיינען כולל כל הזמן כולו במשך כל השנה, און פארברייגנען, און עסן און טרינקען צוזאמען, אבער דערנאך אז עס ענדיקן זיך די "זיבן טעג" - טראכט ער אז דאס איז געוווג אפגעזעצן מיט יענעם, און איצטער זאל זיך יענער גיין זיין וועג, און ער וועט גיין אויף זיין וועג, און מערער וועלן זיי זיך שוין ניט זען.

זאגט מען: "מה הוא חנון אף אתה חנון, מה הוא רחום אף אתה רחום": אזוי ווי דער אויבערשטער פירט זיך נאך זיבן טעג יו"ט, אז ער זאגט "קשה עלי פרידתכם" - אזוי דארפסטו זיך אויך פירן, ד.ה. ניט יענעם אפלאזן גיין אויף זיין וועג - נאר פועל'ן אז עס זאל זיין "קשה עלי פרידתכם", אויף וויפל מ'קען פועל'ן דער העדר הפרידה.

סו. וואס דערפון האט מען אויך די הוראה בנוגע צו די קינדער אין דעם תהלוכה מארגן, ל"ג בעומר:

די תהלוכה זאל ניט זיין אין אן אופן וואס מ'וועט צוזאמען עסן א סעודה, און טאן כמה ענינים, און מיט דעם וועט זיך דאס ענדיקן -

נאר מ'זאל מאכן אז דער תהלוכה זאל האבן א המשך אויך דערנאך, דורך דערויף וואס מ'וועט געבן די קינדער א זאך פארבונדן מיט תומ"צ, וביחד עם זה א זאך וואס איז "ע"פ דרכו", מיט וואס זיי וועלן אוועקגיין פון דער תהלוכה, און האבן אלס א זכרון אין דער תהלוכה.

סז. ונוסף לזה אלס המשך צו דער תהלוכה - זאל מען אויך מאכן דאס וואס מ'האט פריער גערעדט בארוכה, אז די קינדער זאלן באשרייבן זייער רושם און איבערלעבונג בא דעם תהלוכה.

וכמובן מעצמו אז דאס זאלן בעיקר שרייבן קינדער, עכ"פ ביז י"ח אדער כ' שנה, משא"כ די וואס זיינען שוין בן עשרים לכח, און עלטער,

און נאך בעסער איז - בכדי אז עס זאל קיינעם ניט פוגע זיין פארוואס ער קען ניט שרייבן - זאל מען מאכן א הגבלה אז נאר די ביז בר מצוה און בת מצוה זאלן שרייבן.

און דערנאך זאל מען אפדרוקן די באשרייבונגען אין א ביכל וואס וועט זיין לדורות ומפורסם בכל העולם כולו, און אין די אלע שפראכן, ווי גערעדט פריער בארוכה.

סח. נוסף צו די באשרייבונגען פון די קינדער וואס מ'וועט אפדרוקן אין דעם ביכל - זאל מען אויך אפדרוקן אין דעם ביכל בילדער פון די קינדער ווי זיי געפינען זיך באם תהלוכה, וואס מ'וועט נעמען בשעת דעם תהלוכה,

און די בילדער זאלן זיין אין א אופן אז מ'זאל זען די קינדער ווי זיי געפינען זיך צווישן דעם גאנצן עולם באם תהלוכה, אבער ביחד עם זה זאל מען אין די בילדער אויך קענען זען יעדער קינד בפרטיות,

וואס דעמולט - אז מ'וועט זאגן די קינדער אז מ'גייט אפדרוקן זייערע בילדער אין א ביכל וואס מ'וועט מפרסם זיין בכל העולם כולו, און אין די בילדער וועט מען זען יעדער קינד בפרטיות - וועט דאס זיכער מוסיף זיין נאכמער מרץ בא דעם קינד אין די ענינים, ובמילא וועט דאס אלץ זיין מיט מערער הצלחה.

וואס אפילו בשעת מ'זאגט א גדול בשנים, אז מ'וועט אפדרוקן זיין באשרייבונג ובפרט מיט זיין בילד אין א "פייפער" ובפרט אין א צייטונג, און מ'וועט דאס מפרסם זיין בכל העולם כולו -

איז צי ס'איז גוט, צי ס'איז ניט גוט - זעט מען אז דאס פועל'ט אויף אים, ביז אז דאס ברענגט צו מעשה בפועל, ווארום ער האט הנאה דערפון וואס די וועלט זעט צר קלסתר פניו, און ציור פניו, און דער "צלם אלקים" וואס געפינט זיך אויף זיין פנים!

ובפרט נאך אויב מ'שרייבט אויך אן עטלעכע שורות וועגן אים אין צייטונג, ובפרט אז מ'שרייבט אז ער איז פון דער כתה פון ענווים, און מ'שרייבט אז דאס וואס מ'שרייבט איז נאר "שמינית שבשמינית" פון זיין אמת'ע גדלות, און מ'שרייבט אויך אז ער איז אזא גרויסער עניו אז ער האט געבעטן מ'זאל ניט באשרייבן זיין גאנצע גדלות - וואס דערפון וועלן די לייענער פארשטיין אז וויפל נאר דא שטייט וועגן אים, איז ער נאך 64 מאל אזויפיל (דער חשבון ע"פ זה וואס מ'האט נאר געשריבן

"שמינית שבשמינית"), וואס דאס איז בכמות, ועאכו"כ באיכות.

וואס כ"ז איז א מאמר המוסגר שאין כאן המקום להאריך בזה.

סט. והעיקר הוא: מ'זאל אפדרוקן אין דעם ביכל בילדער פון אלע קינדער וואס וועלן זיין בא דעם תהלוכה, און בילדער וואס דער קינד זאל זיך אליין קענען זען דארטן,

און ער זאל קענען דערנאך באווייזן אז ער איז געשטאנען אין דעם און דעם ארט, און אין דעם זמן פון שמחת רשב"י, וואס ער האט געזאגט אויף זיך "מדותי תרומות מתרומות מדותיו של ר' עקיבא", וואס ר' עקיבא איז דער יסוד פון גאנץ תושבע"פ, און רשב"י איז דער וואס האט געזאגט אויף זיך "יכול אני לפטור את כל העולם כולו מן הדין", וואס דאס איז אויך פוטר דעם קינד מיט זיין פאטער און מוטער, מיט זיינע ברידער און שוועסטער, מיט אלע אידן מן הדין.

און דערנאך אז דער קינד וועט אויפוואקסן, וועט ער קענען באווייזן זיינע אייניקלאך, און וויבאלד אז ער וועט מאריך ימים זיין - אויך זיינע אור-אייניקלאך זיין בילד אין דער ביכל, און ער וועט זיי דערציילן אז ווען ער איז געווען א קינד האט ער זיך צוזאמענגעקליבן מיט נאך אידישע קינדער לכבוד שמחת רשב"י, און ער וועט זיי מסביר זיין ווער רשב"י איז געווען,

ואדרבה, וויבאלד אז ער וועט זיי מחנך זיין מיט א ריכטיקן אידישן חינוך - וועט ער זיי גאר ניט דארפן מסביר זיין ווער רשב"י איז געווען, ואדרבה, זיי וועלן נאך וויסן מער פאר אים וועגן רשב"י!

ע. וואס דערפאר איז דאס א דבר נכון במאד צו אפדרוקן די בילדער וואס מ'וועט נעמען בעת דעם תהלוכה אין א ביכל וואס מ'וועט דערנאך מפרסם זיין בכל העולם כולו,

והלואי אז עס זאלן צוקומען וואס מער בילדער, ובמילא וואס מער בלעטער אין דעם ספר, ביז אז דאס וועט זיין א ספר גדול במאד, והלואי נאכמער און נאכמער בילדער, ביז אז מ'וועט האבן בילדער פון אלע בני ובנות ישראל אין דעם ביכל, ווארום זיי האבן זיך אלע משתתף געווען אין דער תהלוכה.

עס זיינען אבער דא אזוינע וואס זיינען מרה-שחורה'ניקעס - איז ווען זיי הערן דאס - פאלן זיי גלייך אריין אין מרה שחורה און פרעגן, ווי עס שטייט בפרשתנו: "אם תאמר מה נאכל": פון וואנעט וועט מען נעמען געלט צו באצאלן פאר די אלע צוגעקומענע ענינים (אזא גרויסן ספר וכו')?!

אויף דעם איז דאך ידוע דער ווארט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, אז "ציבור לאנענה":

וויבאלד אז מ'געפינט זיך דא צווישן א ציבור אידן, וועט זיכער יעדערער פון זיי ארויסהעלפן מיט געלט אין דעם ענין,

מ'דארף נאר האבן א השתדלות צו גיין און בעטן בא דעם ציבור אז זיי זאלן העלפן דערצו.

און זיכער וועט מען האבן די כחות דערצו, ווי מ'טייטשט דעם פסוק "וקוי ה' יחליפו כח" ע"ד הצחות: מ'פארבייט די אייגענע כחות מיט דעם אויבערשטן'ס כחות - מ'גיט אפ דעם אויבערשטן די אייגענע פארמאטערטע כחות, און מ'נעמט פון דעם אויבערשטן זיינע כחות א"ס.

עא. און וויבאלד אז דאס איז אויך פארבונדן מיט ל"ג בעומר, יום שמחת רשב"י - איז ער "כדאי הוא ר' שמעון לסמוך עליו בשעת הדחק", כולל אויך דער דחק פון גלות,

און אזוי ווי ל"ג בעומר, איז דאך דער יום ההילולא פון רשב"י, וואס ער האט געבעטן אז מ'זאל דעמולט משמח זיין, און ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם מאמר להבין ענין הילולא דרשב"י פון שנת עטר"ת [וואס אויף איר איז געבויט דער מאמר וועלכע מ'האט פריער גע'חזר'ט] - אז דאס איז פארבונדן מיט דער הילולא הב', דער ענין פון שמחת חתן וכלה -

איז דאך "מעבירין כו' מלפני הכלה", ווארום שמחת כלה איז דוחה אלע ענינים בלתי רצויים.

וואס דערפאר אפילו אויב מ'ווייס אן ענין בלתי רצוי וואס . .(חסר)

במילא זאל יעדער איינער כאפן זיך אויף אייגענע נייע הצעות און סברות, און דער עיקר - אז עס זאל זיין "מיני ומיני' יתקלס עילאה" (סוטה מ, א) - עס זאל זיין א קידוש השם, און קידוש עם ישראל, און קידוש התורה,

און גיין מיט די קינדער מקבל זיין פני משיח צדקנו, אלס נשמות בגופים, ורשב"י בתוכם - רשב"י וועט פירן די קינדער מקבל זיין משיח צדקנו, ווארום בזכותו האבן זיך די קינדער צוזאמענגעקליבן,

ובמהרה בימינו ממש.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

צוה למארגני התהלוכה (ר' י.י.ה. וסגן - ר' ש.ד.ב.) שיאמרו לחיים, ונתן המזונות עבור התהלוכה.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן והרקותי לכם ברכה.

* * *

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

